# מענדעלע מוכר-ספרים

# געקליבענע ווערק



ISBN:0-657-10686-0





אוקרמעלוכנאצמינדפארלאג

מענדעלע מויכער־ספֿאָרים

# געקליבענע ווערק

## אין איין באנד

די טאקסע * מאסאָעס בינימין האשלישי *
פישקע דער קרומער * דאָס ווינטשפינגערל *
שלוימע רעבֿ כאימס.

מיט אן ארײַנפיר פון א. ר אָ ז נ צ װ ײַ ג.
די טעקסטן צוגעגרייט צום דרוק און קאָמענטארן פון ל. ש ע כ ט ע ר.




מעלוכע־פארלאג פאר די נאציאָנאלע מינדערהייטן אין אוסר״ר
קיעוו 1936 כארקאָוו



**מענדעלע מויכער־ספאָרים**

פאָרטרעט פון קינסטלער כ א ו ק י נ

(פון די מאטעריאלן פונעם מוזיי פאר יידישער קולטור אין אָדעס)

דאָס בוך „מענדעלע אינ איינ באנד״ איז באשטימט פארנ ברייטערנ קרײַז לייענער. אינעם בוך זענענ אײַנגעשלאָסנ די גרונטיקסטע ווערק מענדעלעס, וואָס קענענ געבנ דעם לייענער א גענויע פאָרשטעלונג וועגנ זײַנ ליטעראַרישער שאפונג אינ פארשיידענע פעריאָדנ אונ וועגנ זײַנ אידייִש־קינסטלערישנ וועג. אזוי אנטהאלט דער באנד: „די טאקסע״ (60־ער יאָרנ פונעם XIX־טנ י. ה.), „מאסאָעס בינימינ השלישי״ (70־ער יאָרנ), „פישקע דער קרומער״, „ווינטשפינגערל״ (80־ער יאָרנ) אונ „שלוימע רעב כאיִמס״ (90־ער יאָרנ). פונ „ווינטשפינגערל״ אונ „שלוימע רעב כאיִמס״ זענענ געגעבנ בלויז די ערשטע טײלנ, וועלכע שטעלנ מיט זיך פאָר פאקטיש פארגאנצטע ווערק; גלײַכצײַטיק זענענ די ערשטע טײלנ דאָס בעסטע, וואָס איז פאראנ אינ די דאָזיקע ווערק. פונ „שלוימע רעב כאיִמס״ האָבנ מיר ארויסגענומענ אויך די „האקדאָמע״. צום אונטערשייד פונ „אָמאר מענדעלע״ צו דער „טאקסע״ אונ פונ „האקדאָמאס מענדעלע״ צו „מאסאָעס״, האָט די דאָזיקע „האקדאָמע״ א קנאפע שײַכעס צום ווערק גופע; דערצו איז זי געשריבנ מיט א צײַט שפּעטער, ווי דאָס ווערק, אונ איז ביקלאל ניט כאראקטעריסטיש פאר מענדעלע דעם קינסטלער אונ קלאסיקער פונ דער יִדישער ליטעראַטור.

ליידער איז איבער מאנגל אינ אָרט ניט געווענ קיינ מעגלעכקײַט אײַנצושליסנ אויך „דאָס קליינע מענטשעלע״, „די קליאטשע״, „דער פריזיוו״ אונ אייניקע פונ די קלענערע ווערק.

די מענדעלע־טעקסטאָלאָגיע איז נאָך ענדגילטיק ניט פאנאנדערגעארבעט, אלנפאלס איז נאָך ביז איצט וועגנ דעם פארעפנטלעכט געוואָרנ גאָר ווייניק. דערמיט פארנעמט זיך איצט א גרופּע ליטעראַטנ אונ ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס גרייטנ א פולע וויסנשאפטלעכע מענדעלע־אויסגאבע. פאר דער מאסנ־אויסגאבע האָט מענ הײַנט צו טאָג, נאטירלעך, געמוזט געבנ אלע טעקסטנ לויט דער יובילײ־אויסגאבע, אויספאריכטנדיק, אפ וויפל עס איז נאָר מעגלעך געווענ, די שרײַענדיקע דרוק־פעלערנ, וועלכע זענענ אינ דער יובילײ־אויסגאבע דערלאָזט געוואָרנ.

אלס אנ ארײַנפיר איז געגעבנ געוואָרנ די ארבעט פונעם פארשטאָרבענעם א. ראָזנצווײַג וועגנ מענדעלענ אינ דעם בוך „די יִדישע ליטעראַטור אינ XIX־טנ יאָרהונדערט״ — מ. עריק אונ א. ראָזנצווײַג, וואָס איז אָקאָרשט דערשינענ. געשריבנ אינ א פּאָפּולערער פאָרם, ביאָגראפיש־כראָנאָלאָגיש געבויט, מיט א ברייטערנ ליטעראַרישנ אנאליז, אנטשפּרעכט אמבעסטנ די דאָזיקע ארבעט פאר דער מאסנ־אויסגאבע. פונעם ארײַנפיר וועט דער לייענער קענענ באקומענ א פאָרשטעלונג אינ אלגעמיינע שטריכנ אויך וועגנ די ווערק, וואָס זײַנענ ניט אײַנגעשלאָסנ געוואָרנ אינ דעם דאָזיקנ באנד. די ארבעט איז באַרײַטנדיק געקירצט (הויפּטזאכלעך אפנ כעזשבנ פונ ארויסנעמענ די אויסצוגנ פונ די ווערק, וועלכע ווערנ דאָ געגעבנ; דערבײַ זענענ אינ אייניקע ערטער ארײַנגעטראָגנ געוואָרנ אומבאַרײַטנדיקע ענדערונגענ, וואָס עס האָט זיך געפאָדערט לויטנ כאראקטער פונ דער פאָרליגנדיקער אויסגאבע).

די פאָדערונגענ אונ אינטערעסנ פונעם לייענער זענענ גענומענ געוואָרנ אינ אכט אויך באם צונויפשטעלנ די קאָמענטארנ. די עפּאָכע, וואָס ווערט געשילדערט אינ מענדעלעס ווערק, איז שוינ אָפּגעטיילט פונ אונדז מיט קימאט א גאנצנ יאָרהונדערט. אָט דער צײַט־אָפּשניט האָט פארווישט אסאך בלעטלעך פונעם שטייגער פונ יענער עפּאָכע, וואָס איז שוינ איצט לויטער געשיכטע. די 18 יאָר ראטנמאכט האָבנ אויסגעוואָרצלט ביז צום גרונט יעטווידנ רעשט פונ די סאָציאַלע פארהעלטענישנ אונ פונעם לעבנ־שטייגער, וואָס ווערנ געשילדערט אינ מענדעלעס ווערק, אונ דעם יונגנ סאָוועטישנ לייענער איז שוינ ניט אויסגעקומענ צונויפצושטויסנ זיך אפילע מיט מינדסטע שפורנ פונ אלדעם. דער אייגנארטיקער סטיל מענדעלעס, וואָס איז ענג פארבונדנ מיטנ אינהאלט, איז פארנ הײַנטצײַטיקנ לייענער גאָר ניט אזוי צוגענגלעך. דערצו איז בא מענדעלענ דער סטיל גאנצ אָפט א מיטל אויסצודריקנ — אָט א סארקאסטישע פאראָדיע אפ דער רעליגיִעזער כאלוימעס־קולטור אונ מיטלאלטערלעכנ שטייגער, אָט א פארבאהאלטענעם מיינ אונ א ווינקעניש אפ סאָציאַלע דערשײַנונגענ אונ היסטאָרישע געשעענישנ, — דאָס אלצ, וואָס איז דעם הײַנטצײַטיקנ לייענער אָפט ניט באוווסט.

קעדיי מענדעלעס קלאסישע ווערק זאָלנ זײַנ צוטריטלעך פארנ ברייטנ קרײַז סאָוועטישע לייענער, איז אויסגעקומענ בויענ די קאָמענטארנ אזוי, אז זיי זאָלנ דערקלערנ ניט בלויז דעם אייגנטלעכנ באטײַט פונ דעם אָדער יענעם וואָרט, פונ דעם אָדער יענעם לעקסישנ אויסדרוק, נאָר, הויפּטזאכלעך, די אָנווענדונג פונעם וואָרט אונ אויסדרוק אינ דער געגעבענער שטעל, זיי זאָלנ דערקלערנ דעם לייענער אפ א מאקסימאל־געפּרעסטנ אויפנ די אנטשפּרעכיקע היסטאָרישע סיטואציע אונ העלפנ באנעמענ די אייגנארטיקײַט פונעם מענדעלע־סטיל — אופדעקנ דעם באהאלטענעם מיינ אינ דער פאראָדיע, איראָניע א. אז. וו. ערטערווײַז זענענ דערקלערט געוואָרנ באזונדערע אייניצלהײַטנ פונעם רעליגיִעזנ שטייגער אונ פונ די אנאכראָניזמענ, וואָס שטאמענ פונ דער רעליגיִעזער ליטעראַטור, קעדיי דעם לייענער זאָל קלאָר ווערנ די איראָניע אפנ דאָזיקנ שטייגער אונ אפנ סטיל פונ דער דאָזיקער ליטעראַטור אינ מענדעלעס בעסערע ווערק, וואָס האָבנ אָפּגעשפּילט א געוויסע ראָליע אינעם ארונטערײַסנ דעם אלטנ שטייגער אונ קענענ צומאָל אויך איצט דינענ אלס געווער אינעם אנטירעליגיִעזנ קאמפּ.

דאָס אלצ האָט מענ, אינ העסקעמ מיטנ כאראקטער פונ דער אויסגאבע, געמוזט געבנ, אפ וויפל עס איז נאָר מעגלעך געווענ, אינ א פּאָפּולערער פאָרם אונ געפּרעסט — אפ אזא אויפנ, עס זאָל ניט אָפּציִענ דעם לייענערס אופמערקזאמ־

קייט פונעם טעקסט. געוויס האָט זיך ניט שטענדיק איינגעגעבנ ביייצוקומענ די שוועריקייטנ, וואָס זיינענ פארבונדנ מיט אָט די אלע געשטעלטע צילנ.

די אויסטייטשונגענ און דערקלערונגענ זענענ געגעבנ לויט דער אָרדענונג פונ די אנטשפרעכיקע שטעלנ אינעם טעקסט, נומערירט פאר יעדנ ווערק באזונדער (לויט אקטנ אָדער קאפיטלעכ). די ווערטער און אויסדרוקנ, וואָס כאזערנ זיכ איבער אינ די וייטערדיקע ווערק, זענענ דערקלערט געוואָרנ שוינ קירצער, אָפט מיט אָנווייזונגענ אפ דער דערקלערונג אינעם פריערדיקנ ווערק.

דער אויפלייג איז געגעבנ דער אָנגענומענער אינעם סאָוועטישנ יידיש אויסטום, איינגעשלאָסנ אויכ די העברייישע אינ אנדערע ארכאיזמענ, וועלכע זיינענ ניט איינגעבירגערט געוואָרנ אינ דער יידישער שפראכ, אָדער וואָס די סאָוועטישע יידישע שפראכ האָט זיכ פונ זיי מיט דערפאָלג באפרייט. מיר מיינענ, אז בא די קלאסיקער פונ דער יידישער ליטעראטור, ווי די ראיקע אנאכראָניזמענ זענענ ניט קיינ קוואל־אָנווייזונגענ, נאָר א מיטל צו שילדערנ דעמ שטייגער (טאקע אנ אָפגע־שטאָרבענעמ שטייגער), דארפ מענ ביכלאל געבנ אלצ אינעמ איצטיקנ סאָוועטישנ אויסלייג, אלנפאלס פאר א מאסנ־אויסגאבע רופט עס ניט ארויס קיינ שומ ספייקעס.

רעדאקציע.

קיעוו, אויגוסט, 1935.

א. ראָזנצווײַג

# מענדעלע מויכער־ספאָרימ

## (שאָלעמ־יאנקעוו אבראמאָוויטש).

(1917—1836)

### 1

מענדעלע מויכער־ספאָרימ (שאָלעמ־יאנקעוו אבראמאָוויטש) איז געבוירנ געוואָרנ אינ יאָר 1836 אינעמ שטעטל קאפוליע, ווײַסרוסלאנד. לויט זײַנ אָפשטאמונג האָט ער געהערט צומ פארמעגלעכנ בירגערטומ.

ווי אלע באלעבאטישע קינדער אינ יענע יאָרנ, האָט דער קליינער שאָלעמקע באקומענ א דערציִונג, וואָס האָט אימ אָפגעריסנ פונעמ ארומיקנ לעבנ, פונ דער ווירקלעכקײַט אונ געהאלטנ אימ אינ א וועלט פונ אבערגלויבעריש־פאנטאסטישע ספאָרימ־קולטור אונ לעבנ־שטייגער.

אפ מענדעלעס קינדהײַט זענענ אויכ אויסגעפאלנ די סאמע שווערסטע יאָרנ פונ דער צארישער דעספאָטיע פונ ניקאָלײַ I, פונ דער רעקרוטשינע אונ כאפערײַ, כאָטש ער, אלס א באלעבאטיש קינד, האָט דירעקט ניט געליטנ דערפונ. שפעטער האָט ער דאָס געשילדערט אינ „מאסאָעס" אונ אינ „ווינטשפינגערל".

צומ סאָפ פונ די 40־ער יאָרנ האָט דאָס שטעטל קאפוליע איבערגעלעבט א קריזיס, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר די יאָרנ, ווענ דער קאפיטאליזמ האָט אָנגעהויבנ ברעכנ די פעאָדאלע ווירטשאפטלעכע פארהעלטענישנ. דער קריזיס האָט זיכ שלעכט אָפגערופנ אויכ אפ מענדעלעס עלטערנ. די פאמיליע איז פאראָרעמט געוואָרנ, מענדעלעס פאָטער איז פונ הארצווייטעק קראנק געוואָרנ, אונ אינ עלטער פונ עטלעכע אונ פערציק יאָר איז ער געשטאָרבנ, איבערגעלאָזט אנ אלמאָנע מיט עטלעכע קינדער אָנ שומ לעבנס־מיטלענ. פארנ קליינעמ שאָלעמ־יאנקעוו האָט זיכ אָנגעהויבנ א סעריע יאָרנ פונ וואָגל אונ פײַנ. ער איז אוועק אינ דער פרעמד, געוואָרנ א יעשיווע־באָכער, האָט פארזוכט דעמ טאמ פונ שלאָפנ אינ בעסמעדרעש אפ א הארטער באנק אונ פונ „עסנ טעג" בא באלעבאטימ (עסנ יעדנ טאָג אינ וואָכ בא אנ אנדער באלעבאָס).

נאָכ צוויי יאָר ארומשלעפנ זיכ איבער יעשיוועס, נאָכ א לעבנ אינ שווערער אויסקומעניש האָט זיכ דער 15 — 16־יאָריקער שאָלעמ אומגעקערט צוריק אינ זײַנ שטעטל. זײַנ מוטער האָט שוינ דאנ כאסענע געהאט פאר א צווייטנ מאנ אינעמ נאָענטנ דאָרפ מעלניקי. עלנט האָט זיכ דער יונגער שאָלעמ ארומגעבלאָנקעט אינ זײַנ געבורט־שטאָט, פארוואָגלט, שטענדיק פארזאָרגט, דערשלאָגנ אונ געפאלנ בא זיכ. זײַנ שטיפ־פאָטער האָט אימ דעמלט גערופנ צו זיכ אינ דערפל לערנענ מיט זײַנע קינדער. אינ מעלניקי האָט ער זיכ אָפגעפרישט אונ דערמונטערט. די נאָענטקײַט פונ דער נאטור האָט אימ דערהויבנ. דער יונגער שאָלעמ־יאנקעוו האָט דערפילט אינ זיכ דעמ דיכטער. ער האָט אָנגעהויבנ צו שרײַבנ, ווי געוויינלעכ פאר יענער צײַט אונ פאר זײַנ סוויווע, אפ העברייִש.

לאנג אײַנזיצנ אינ דאָרפ האָט שאָלעמ־יאנקעוו אָבער שוינ ניט געקענט. די טאכלעס־פראגע האָט אימ געטריבנ צוריק אינ שטעטל. דעמלט איז פאָרגעקומענ אינ זײַנ לעבנ אנ אויסטערלישע פאסירונג. אינ קאפוליע איז אינ יענער צײַט אָנגעקומענ א דאָרטיקער אײַנוווינער אוורעמל דער הינקענדיקער נאָכדעמ, ווי ער האָט לאנג ארומגעוואנדערט אינ ווײַטע ערטער. אוורעמל דער הינקענדיקער האָט דערציילט וווּנדערלעכע מײַסעס וועגנ וואָלינ, וועגנ דעמ רײַכנ לעבנ דאָרטנ,

אייניקע פון קאפּוליער אײַנוווינער, וואָס זענען געווען דערשלאָגן פונעם קריזיס, האָבן זיך אוועק־געלאָזט אהין, אינעם גליקלעכן וואָלינער קאנט. אוורעמל דער הינקענדיקער האָט אײַנגערעדט אויך שאָלעם־יאנקעווס א מומע, וואָס איז געבליבן אן אגונע מיט א קליין קינד, אז זי זאָל זיך לאָזן מיט אים זוכן איר מאַן און מיטנעמען מיט זיך זאָל זי איר שוועסטערס געראָטענעם זון שאָלעם־יאנקעוון, ווײַל דאָרט וועט ער ווערן א מענטש. אוורעמל דער הינקענדיקער איז געווען אן אפּעריסט א שנאָרער; ער האָט עקספּלואַטירט די אגונע מיטן 17־יאָריקן שאָלעם־יאנקעוון אפן מיִעסטן אויפן. צוזאמען מיט א כאליאסטרע קאפּצאָנים האָט ער געוואנדערט מיט שאָלעם יאנקעוון און מיט זײַן מומען פון שטעטל צו שטעטל, קלײַבנדיק אומעטום געלט פאר אן אָרעמער אגונע. שאָלעם־יאנקעוון האָט ער אין יעדן שטעטל געוואָלט פאַרקנאַסן, אָבער שאָלעם־יאנקעוו האָט זיך קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט. בא א האלב יאָר האָט געדויערט די שווידערלעכע רײַזע מיט די קאפּ־צאָנים פון שטעטל צו שטעטל, פון העקדעש צו העקדעש, דורכן ליטע און דעם גאנצן מײַרעוו־דיקן קאנט פון רוסלאנד, איבער וואָלין און פּאָדאָליע. די מאָדנע רײַזע האָט זיך געענדיקט לעבן קאמענעץ־פּאָדאָלסק, ווי ש. י. אבראמאָוויטש האָט זיך צופעליק באגעגנט מיט זײַנעם א כאווער, און יענער האָט אים באפרײַט פון דעם הינקענדיקנס הענט.

אין קאמענעץ האָט זיך דער יונגער אבראמאָוויטש באקענט מיט דעם דיכטער אווראָם־בער גאָטלאָבער, וועלכער האָט דאָרטן געוווינט. גאָטלאָבער האָט ארופגעפירט אבראמאָוויטשן אפן וועג פוּן האסקאָלע (אופקלערונג); גאָטלאָבערס טאָכטער האָט אים געלערנט רוסיש, דײַטש און מאטע־מאטיק. אינעם יאָר 1856 האָט דער 20־יאָריקער אבראמאָוויטש אָפּגעגעבן עקזאמען אפ לערער און איז באשטימט געוואָרן פאר א לערער אין דער קאמענעצער יִידישער רעגירונג־שול. מיט א יאָר שפּעטער — אין 1857 — האָט גאָטלאָבער אָפּגעדרוקט מענדעלעס ערשטע ליטעראַרישע אר־בעט (אָן זײַן וויסן), „מיכטאָוו אל דוואר האכינוך" (א בריוו וועגן דערציִונג) אין דער דעמל־טיקער העברייִישער צײַטונג „האמאגיד". אבראמאָוויטש איז, אזויארום, געוואָרן א שרײַבער.

„זינט איך בין פארבלאָנדזעט געוואָרן פון מײַן שטיף־פאָטערס הויז, — שרײַבט מענדעלע צום סאָף פון זײַן אווטאָביִאָגראפיע, — הייבט זיך אָן א נײַ קאפּיטל אינעם בוך פון מײַן לעבן, א קאפּיטל פון וואָגלעניש, ניסיוינעס און גרויסע ליידן... דער ווינט האָט מיך א טראָג געטאָן, האָט מיך שטארק געטרייסלט און געטראָגן אפ די שטאפּלען פון לעבן... ער האָט מיך אראָפּגע־נידערט אונטן, צו מײַנע לײַדנדיקע ברידער פון דער נידעריקסטער מאדרייגע, איך זאָל מיט זיי לעבן א לעבן פון צאר און פילן זייערע ווייטעקן, און פון זייער פײַן האָב איך באקומען א טאָפּלטע פּאָרציע. צײַטנווײַז האָט עס מיך ארופגעבראכט גאָר אין דער הייך פון לעבן און מיר געמאכט אן אָרט צווישן אונדזערע גווירים, די שטענדיק רוּיִקע און צופרידענע, די עלטסטע לײַט פון די יִידן, קעדיי צו זען זייערע פּי־רעכצן און זייערע טועכצן, זייער האנדלען און וואנדלען — צו זען נאָר און ניט האנען צו האָבן פון זייער גוסס:

אָט די דאָזיקע גלענצנדיקע זעלבסט־כאראקטעריסטיק פון מענדעלען העלפט פארשטיין די זיגזאגארטיקע טענדענצן פון זײַן אידייִיש־געזעלשאפטלעכן וועג.

2

אינעם יאָר 1858 האָט מענדעלע כאסענע געהאט אין בערדיטשעוו און האָט זיך דאָרט בא־זעצט אפ א לענגערער צײַט.

אין פארבינדונג מיט דער אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם און מיטן אופקום פון נײַע קאפּיטאליסטישע צענטערס — וואַרשע, קיִעוו און אָדעס — האָבן אזוינע שטעט, ווי בערדיטשעוו, אין די 60־ער יאָרן איבערגעלעבט אן עקאָנאָמישע יערידע. אין די 60־ער יאָרן איז בערדיטשעוו נאָך אלץ געווען א נעסט פון צאדיקים, וועלכע האָבן צוזאמען מיט די שטאָט־גווירים שווידערלעך עקספּלואַטירט די ברייטע מאסן אָרעמשאפט און זיי געהאלטן אין די לאפּעס פון זייער עקאָנאָ־מישער און גײַסטיקער הערשאפט. צו יענער צײַט האָט אין בערדיטשעוו שוין אויך עקזיסטירט אן אופגעקלערטע ליבעראל־בורזשואזע גרופּע — די „פּאָרשריט־פּארטיי" (ווי דער מעמואַריסט צעדערבוים רופט אָן די דאָזיקע גרופּע). די גרופּע איז אָבער געווען א קליינע אין צאָל און האָט געהאט א קלענערן אײַנפלוס אפ די מאסן, איידער די צאדיקים מיט זייערע כסידים.



**די שטוב אין קאפוליע, ווו מענדעלע איז געבוירן געוואָרן**

פאַרצייכנט פונעם קינסטלער א י ז ר א י ל ס ק י אין 1928 יאָר

(פון די מאַטעריאַלן פונעם מוזיי פאַר יידישער קולטור אין אָדעס).

דער אופגעקלערטער אבראמאָוויטש האָט זיכ נאטירלעכ אָנגעשלאָסנ אָנ דער ליבעראל־בורזשואזער „פּראָגרעסיוו־פּארטיי" סײַ אינ זײַנ געזעלשאפטלעכער טעטיקײַט אונ סײַ אינ זײַנ ליטעראַרישער שאפונג, וואָס ער האָט פאנאנדערגעוויקלט אינ בערדיטשעוו מיט גרויס ענערגיע.

אינ 1860 האָט מענדעלע אָפּגעדרוקט זײַנ ערשט ביכל „מישפּעט שאָלעמ" (דאָס האָט באטײַט סײַ א גערעכטיקער מישפּעט, סײַ שאָלעמס מישפּעט — אפנ נאָמענ פונעמ אווטער) — א שארפע קריטיק אפ דער ראָמאנטיש־באטלאָנישער העברעיִשער פּאָעזיע.

באזונדערס שארפ האָט מענדעלע פּאָרמולירט זײַנע ליטעראַרישע אָנשויונגענ אינ א צווייט ביכל זײַנעמ מיטנ נאָמענ „איינ מישפּעט" („א קריטישער קוק", 1881, פריִער געדרוקט אינ „האַמײליץ", 1865 — 1866). וועגנ דער העברעיִשער ליטעראטור פונ יענער צײַט האָט אבראמאָוויטש געשריבנ: „דאָס לעבנ פונ אונדזער איצטיקער ליטעראטור איז קיינ לעבנ ניט. דער גײַסט פונ דער לעבעדיקער צײַט דרינגט זי ניט דורכ... מיט וואָס זאָל זי צוציִענ דאָס הארצ פונעמ פאָלק? מיט איר מעליצע, מיט איר לאָשנ?... יעדע ליטעראטור, וואָס גייט ארויס פונ די קוואלנ פונעמ לעבנ אונ פונ זײַנע פּאסירונגענ, קערט זיכ אומ דערנאָכ צוריק צו ווירקנ אפ זײַנ לעבנ; זײַענדיק א רעזולטאט, ווערט זי דערנאָכדעמ א ווירקנדיקער פאקטער... אָבער א ליטעראטור, וואָס האָט קיינ שום שײַכעס ניט צומ פאָלק אונ זײַנע נויטנ אונ ווערט פונ אימ ניט באווירקט, קענ אויכ ניט זײַנ קיינ ווירקנדיקער פאקטער. דאָס פאָלק האָט מיט איר ניט קיינ געשעפטנ, אונ זי איז בלויז איבעריק אפ דער לעבעדיקער ערד".

„כ'האָב געוואָלט — האָט שפּעטער געשריבנ מענדעלע אינ זײַנ אווטאָביִאָגראפיע — אז די שרײַבער זאָלנ זיכ אראָפּלאָזנ אפ דער ערד, זיכ צוקוקנ צומ לעבנ פונ פאָלק, צו אלצ, וואָס עס טוט זיכ בא אימ אינ שטוב אונ אינ קאָהאָל אונ דאָס אלצ אימ באווײַזנ, זיי זאָלנ אויסבעסערנ זײַנ געשמאק מיט א ריינער, שיינער אונ לאָגישער שפּראכ, זיי זאָלנ אימ אויכ געבנ גוטע אונ קלוגע לעקציעס, קעדיי אימ צו מאכנ פארשטאנדיק".

דאָס אלצ דערמאָנט אָנ ענלעכע געדאנקענ, וואָס עס האָט ארויסגעזאָגט אינ דער זעלביקער צײַט דער ניהיליסט אונ אָנהענגער פונ פּיסאריעוונ, אוריע־צווי קאָוונער. דערפונ איז צו זענ, אז די ראדיקאל־דעמאָקראטישע אידייענ פונ די 60־ער יאָרנ האָבנ, אָנ סאָפעק, געהאט א ווירקונג אפ מענדעלענ. מענדעלע האָט אָבער ניט געקענט נאָכפאָלגנ די דאָזיקע געדאנקענ ביז זייער לאָגישנ סאָפ. ער האָט געמאכט איינ טריט פאָרויס (נעענטער צו קאָוונערנ) אונ א טריט אפ צוריק, דערנעענטערנדיק זיכ צומ ליבעראל־בורזשואזנ אופקלערער צעדערבוימ.

אבראמאָוויטשעס פּאָליטישע באגרענעצטקײַט איז צו זענ אויכ אינ דער פּאָזיטיווער פּראָגראם, וואָס ער האָט ארויסגעשטעלט אינ דעמ זעלביקנ „איינ מישפּעט". פאר די ייִדישע שולנ האָט אבראמאָוויטש געשטעלט אנ אופגאבע „דערציִענ די יוגנט אינ רעליגיִעזנ גײַסט אונ לערנענ זיי וועלטלעכע קענטענישנ". „דאָס וויכטיקסטע פאר דער מעדינע איז די מוירע פאר גאָט". מיר האָבנ דאָ דעמ באוווסטנ „סינטעז" פונ „טוירע, כאָכמע אונ מאָנארכיזמ", וואָס איז פאראנ באמ ליבעראל־בורזשואזנ מאסקיל צעדערבוימענ. דעמ דאָזיקנ „סינטעז" האָט מענדעלע דורכגעפירט אויכ אינ זײַנ „טוילדויס האטעווא" (נאטור־געשיכטע אינ 3 בענדער), וואָס ער האָט ארויסגעלאָזט אינ די 60־ער יאָרנ.

דאָס וואקלענ זיכ צווישנ דעמ ליבעראלנ בורזשוא צעדערבוימ אונ דעמ ראדיקאלנ ראזנאָטשינעצ קאָוונער, וואָס כאראקטעריזירט מענדעלעס פּובליציסטישע ארויסטרעטונגענ פונ די 60־ער יאָרנ, לאָזט זיכ פילנ אויכ אינ זײַנ קינסטלערישער שאפונג פינ די זעלביקע יאָרנ.

זײַנ קינסטלעריש שאפנ האָט מענדעלע אָנגעהויבנ אינ העברעיִש מיט א ראָמאנ „לימדו הייטייוו" (לערנט זיכ גוט, 1862), וועלכנ ער האָט שפּעטער ארויסגעלאָזט אינ א געענדערטער אונ פארגרעסערטער פאָרמ מיטנ נאָמענ „האָאָוויס וועהאבאָנימ" (עלטערנ אונ קינדער, 1868).

אינעמ דאָזיקנ ראָמאנ האָט מענדעלע געוואָלט פארקערפּערנ אינ קינסטלערישע געשטאלטנ די מאסקילישע געדאנקענ, וועלכע ער האָט ארויסגעזאָגט אינ „איינ מישפּעט". דער אינהאלט פונעמ ראָמאנ איז אזוי: דער גלופּסקער גוויר עפראיִמ, א מוירעדיקער כסידיש־פאנאטישער טיפּ, א הייסער כאָסיד פונעמ קאָזעווער רעבנ (קאָזעוו באטײַט ליגנ) דערציט זײַנע קינדער שימענ אונ ראָכל אינ דער זעלביקער ריכטונג. אדאנק די מאסקילימ, וואָס זײַנענ פאראנ אינ גלופּסק, דרינגט ארײַנ די האסקאָלע אינ עפראיִמס שטוב. דער מאסקיל דאָוויד פירט א ליבע מיט

עפראִימס טאָכטער ראָכל. שימען אנטלויפט פונעם פאָטערס שטוב און פאַלט אַרײַן צו א באנדע רויבער. דער באנדע־אָנפירער אריע איז ניט קיין געוויינלעכער רויבער. ער האָט זיך גוואלדיק אָנגעליטן פון די פינצטערע קויכעס פונעם ייִדישן מיטלאַלטער, האָט באשלאָסן צו נעמען נעקאָמע פון זײַנע באַטריבער און צוליב דעם געגרינדעט די באנדע. די באנדע שטעלט פאר זיך אלס אויפגאבע ראבעווען בלויז די צוואקעס, וואָס זאמלען אָן רײַכקײַט דורך אומרעכט, אראָפרײַסן פון זיי די מאסקע, זיי זאָלן גיט קענען טון קיין שלעכטס, און אף די אָנגעראבעוועטע מיטלען אויסהאלטן פארוואָרלאָזטע קינדער, שיקן זיי אין די שולן „לערנען טוירע און מעלאָכע". מיטן אָנטייל פונעם קאָזעוער צאדיק ווערט עפראִים בארויבט דורך זײַנע אייגענעם אגענט. די רויבער־באנדע העלפט עפראִימס טאָכטער זיך צונויפגיין מיט איר געליבטן דאָווידן. עפראִים אנטוישט זיך אינעם צאדיק. אריע דער רויבער לעבט איבער געוויסן־פּײַן און שטארבט מיט דער האָפענונג, אז דער נײַער דאָר וועט שוין ניט דארפן פירן אזא לעבן, ווי ער.

פונעם קינסטלערישן שטאנדפונקט האָט דער ראָמאן א קנאפן ווערט (די איינציקע לעבעדיקע געשטאלט אין אים איז עפראִימס ווײַב). די קאָמפּאָזיציע איז אַן אוואנטיוריסטישע, די שפראך א ביבליש־מעליצעדיקע. דער ראָמאן איז א מוסטער — א פארקערטער פון יענע ליטעראריש־רעאליסטישע אופגאבעס, וועגן וועלכע עס רעדט אבראמאָוויטש אין „איין מישפּעט" און וואָס די צענטראלע פיגור פונעם ראָמאן דאָוויד רעדט וועגן זיי קעסיידער אינעם ראָמאן גופא. דער ראָמאן האָט אָבער א ווערט דערמיט, וואָס ער אנטפלעקט אונדז בוילעט דאָס אידעאָלאָגישע פּאָנעם פון מענדעלען אין די 60־ער יאָרן. דאָוויד איז א פאָרשטייער פון יענע טיילן פון דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ, וואָס האָבן זיך אין די 60־ער יאָרן אָריענטירט אף דער ליבעראלער בורזשואזיע און האָבן אָריענטירט אף איר אויך די מאסן.

אין דער דאָוויד־געשטאלט האָט מענדעלע אנטפלעקט זײַן אָנמעכטיקײַט, די אָנמעכטיקײַט פון זײַן סאָציאַלער גרופּע. די דאָזיקע אָנמעכטיקײַט האָט אויך באדינגט די ראָמאנטיש־אוואנטיוריסטישע קאָמפּאָזיציע פונעם ראָמאן. פונדאנען נעמט זיך אויך די ראָמאנטישע אידעאליזאציע פונעם פארעלטערטן שטייגער (די אידעאליסטיש־ראָמאנטישע בילדער פון שאבעס און יאָנטעוו); דערפון אויך די וואקלעניש צווישן ראָמאנטיזם און רעאליזם.

אינעם ראָמאן איז מענדעלע, אָן ספק, געווען באַווירקט פון די אייראָפּייִשע רויבער־ראָמאנען און דראמעס, וואָס זענען אופגעקומען בא אנאלאָגישע סאָציאַל־פּאָליטישע באדינגונגען, באזונדערס פון שילערס „רויבער". ענלעך ווי בא שילערן, ענדיקט אויך בא מענדעלען דער רויבער־אָנפירער מיט כאראָטע און געוויסן־פּײַן. אבראמאָוויטש האָט אָבער ניט דערהויבן דאָווידן צו א סאָציאַל־קעמפערישער געשטאלט, ווי דאָס איז קארל מאָר בא שילערן.

מענדעלע האָט זיך געריסן פון די ראָמאנטישע פּענטעס פון דער העברעייִשער ליטעראטור. ארויסגעריסן האָט ער זיך פון זיי, ווען ער האָט פאר זײַן בורזשואז־מאסקילישער פּראָגראם אָנגעהויבן צו זוכן א שטיצפּונקט אין די מאסן. דעמלט האָט ער דערפילט אין זיך מער קראפט און זיכערקײַט.

3

דאָס יאָר 1864 איז א וויכטיקע דאטע אין מענדעלעס שאפונג־געשיכטע. אין אָט דעם יאָר האָט ער אָפּגעדרוקט זײַן ערשטע ייִדישע דערציילונג „דאָס קליינע מענטשעלע, אָדער די לעבן־באשרײַבונג פון ייִצכאָק־אווראָם טאקיפ" אונטערן אויטער־פּסעוודאָנים אי"ש (אָנפאנג־בוכשטאבן פון שאָלעם־יאנקעוו אבראמאָוויטש).

מענדעלעס אריבערגאנג צו ייִדיש איז, אָן ספק, געווען א לאָגישער אויספיר פון זײַן גאנצן געדאנקענגאנג אין די 60־ער יאָרן. וועגן דעם ווידערשפּרוך צווישן די נויטן פון די פאָלקס־מאסן און דער העברעייִשער שפּראך פון דער דעמלטיקער־ליטעראטור, וואָס די מאסן פארשטייען ניט, האָט מענדעלע שפּעטער געשריבן אין זײַן אויטאָביאָגראפיע: „...די מערהײַט אָבער פארשטייט דאָך ניט די דאָזיקע שפראך, איז וואָס קומט ארויס דעם שרײַבער פון זײַן גאנצער מי, אויב זי ברענגט ניט קיין נוצן?... די ליבשאפט צום נוצלעכן האָט אין מיר גיוועלט געווען.. אויך אייניקע פון מײַנע גוטע פרײַנט (געמיינט אויך דעם באוווּסטן פּובליציסט און פילאָלאָג י. מ. ליפשיץ, וואָס האָט געלעבט אין בערדיטשעוו און האָט געהאט אף מענדעלען א גרויסן

אײַנפלוס). זײַנען צו מיר צוגעשטאַנען, און צוזאַמען האָבן מיר באַשלאָסן צו ווירקן אַפּן רעדאַקטער פון „האַמיילּיץ", ער זאָל אַרויסגעבן אַ צײַטונג אַף דער שפּראַך פונעם פאָלק — דעם „קאָל־מעוואַסער", און איך בין געוואָרן באַגײַסטערט און אָנגעשריבן מײַן ערשטע דערציילונג „דאָס קליינע מענטשעלע".

אין דעם דאָזיקן באַשלוס מענדעלעס זעען מיר אַן אויסדרוק פון דער אויפגעקלערטער בורזשואַזיע און פון דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ, וואָס איז מיט איר געגאַנגען, צו באַווירקן די מאַסן אינעם גײַסט פון זייער אידעאָלאָגיע.

אינעם דאָזיקן אַריבערגאַנג האָט, נאַטירלעך, געשפּילט אַ געוויסע ראָליע די קלאָגעדיקע לאַגע פונעם העברעיִשן שרײַבער אין די 60־ער יאָרן, מענדעלעס פּערזענלעכע שלעכטע מאַטעריִעלע לאַגע און דער מאַטעריִעלער און מאָראַלישער דערפאָלג פונעם „קאָל־מעוואַסער". דער וויכטיקסטער און דאָמינירנדיקער פאַקטער איז אָבער געווען דאָס שטרעבן צו באַווירקן די מאַסן, צו געפינען אין זיי אַ שטיצפּונקט אין קאַמף קעגן די פעאָדאַלע רעשטן אין דער ייִדישער סוויווע. דאָס האָט געבראַכט צו אַ באַשטימטער ענדערונג אויך אינעם טאָך פון אַבראַמאָוויטשעס שאַפן.

אין „דאָס קליינע מענטשעלע" האָט מענדעלע פונדאָסנײַ איבערגעאַרבעט זײַן רויבער־טעמע פון „לימדו הייטייוו", אָבער שוין אַף אַן אויסגעשפּראָכן רעאַליסטישן אויפן. דער אינהאַלט פון „דאָס קליינע מענטשעלע" (ערשטער וואַריִאַנט, געדרוקט אין „קאָל־מעוואַסער", 1864 — 1865) איז אין קורצן אַזאַ: ייִצכאָק־אַווראָם, אַ דערשלאָגענער יאָסעם, אַן אָרעמאַנס אַ קינד, אַ גוטער שילער אין טאַלמעטוירע, „איז איטלעכן גרויס אין די אויגן", כאַפּט פון יעדן קלעפּ און לײַדט יעסורים און פּײַן. ער אַנטלויפט פון טאַלמעטוירע, וואַנדערט פון איין באַלמעלאָכע צום צווייטן. אָבער אומעטום פּײַניקט מען אים, מע גיט אים ניט קיין עסן, די מעלאָכע לערנט מען אים ניט, מע צווינגט אים צו טון אַלע אַרבעטן אין שטוב. ער קומט אָן צו אַ וואַנדערנדיקן כאַזן פאַר אַ זינגערל, אויך דאָ גייט אים שלעכט איבער זײַן אָרנטלעכקײַט. ער קומט ווײַטער אָן פאַר אַ שיקייִנגל צו גוטמאַנען דעם מאַסקיל. באַם מאַסקיל הערט ער אונטער אַ שמועס וועגן דעם דאָקטער שטיינהאַרץ און איסער וואַרגער, אַז זיי זײַנען „קליינע מענטשעלעך" און דעריבער רײַך. ער באַשליסט איבערצוגיין צו שטיינהאַרצן, קעדיי זיך אויסלערנען די מעלאָכע פון „קליינע מענטשעלעך". באַ שטיינהאַרצן דערוויסט ער זיך וועגן די שווינדלערישע מאַכינאַציעס פונעם דאָקטער מיטן רויפע. „אומעטום עגאָיִזם, שטיינהאַרציקײַט, בלוט־צאַפּעניש". די עמעסע טוירע פון „קליינמענטשלדיקײַט" לערנט ער זיך אויס ערשט באַ איסער וואַרגערן, איינעם פון די גרעסטע באַלעבאַטים אין צוואַטשיץ, וואָס „אַלע האָבן פאַר אים געהאַט דאָס נײַניאָריקע". וואַרגערס פילאָזאָפיע, וואָס ווערט שפּעטער אויך די פילאָזאָפיע פון ייִצכאָק־אַווראָמס טעטיקײַט איז: „מיט אַרבעט וועסטו קיין סאַך ניט פאַרדינען... כאָכמע טויג קלאָל ניט, כיטרע נאָר דאַרף מען זײַן. מע דאַרף קענען כאַנפענען, אַמאָל זאָגן ליגן, אַמאָל צוואַטשען, האָסטו געלט — האָסטו די וועלט. נאָר אָבער האָבן באַ דער צײַט געלט הייסט — זײַן אַ „קליין מענטשעלע". ייִצכאָק־אַווראָם ווערט אַליין אַ „קליין מענטשעלע", ער פאָרט אַריבער קיין גלופּסק, ווו ער ווערט אַ „וואַרגער", אָבער נאָך אין אַ גרעסערן פאַרנעם. ער ווערט ייִצכאָק־אַווראָם טאַקיפ און פירט אַ טעטיקײַט פון גאַזלען און רויבן. ערשט אַף דער עלטער דערוואַכט אין אים זײַן געוויסן, זײַן נאַטירלעכע גוטסקײַט, וואָס איז דערשלאָגן געוואָרן. ער האָט כאַראָטע אַף זײַנע טאַטן און לאָזט אַ צאַוואָע, אַז דער ראָוו צוזאַמען מיט גוטמאַנען זאָלן רעפאָרמירן די טאַלמעטוירע און מאַכן אַ שול פאַר באַלמעלאָכעס — אַלץ פאַר זײַן געלט. אין זײַן ווידע דעקט ער אויף די אומרעכטן, וואָס עס טוען אָפּ די ייִדישע גווירים, ווי זיי באַראַבעווען יעסוימים און אַלמאָנעס, ווי זיי זויגן אויס דאָס בלוט פונעם פאָלק דורך דער טאַקסע א. אַז. וו.

מענדעלעס אַריבערגאַנג צו ייִדיש איז, אַזוי־אַרום, גלײַכצײַטיק געווען אַ גרינטלעכער קער צו ר ע א ל י ז ם. דער „רויבער" ייִצכאָק־אַווראָם טאַקיפ איז ניט קיין ראָמאַנטישע פיגור, נאָר אַ טיפּישער קאָהאָל־מאַן, וועלכער טוט דאָס זעלביקע, וואָס עס האָבן געטאָן אַלע טאַקיפים אין יענער צײַט. מענדעלע דעמאַסקירט די פּאַראַזיטיש־נעגידישע שיכט אין די אונטערגאַנג־יאָרן פונעם פעאָדאַליזם.

עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן דער פאַקט, וואָס אין „דאָס קליינע מענטשעלע" האָט מענדעלע געמאַכט די ערשטע טריט צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די פאַראָרעמטע מאַסן.

מענדעלע האָט דער ערשטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור געשילדערט בילדער פֿון עקספּלואַטאַציע פֿון די אַרבעטנדיקע, פֿונעם לערן־ייִנגל, פֿונעם דינער. די „קליינמענטשלדיקײַט“ איז בײַ מענדעלען אַ סינטעטישע אידיי, אַ סיסטעם פֿון לעבן־באַציִונגען, וואָס איז געבויט אויף עקספּלואַטאַציע און צוועס, אויף כניפֿע און עגאָיִזם. די דאָזיקע סיסטעם ווײַזט זיך אַרויס בײַ אַלע באַלע־באַטישע פּערסאָנאַזשן פֿונעם ווערק, אָנגעהויבן פֿון לייזער דעם שנײַדער־מײַסטער ביז צו איסער וואַרגער, ייִצחאָק־אַווראָם טאַקיפֿ.

אַלזאָ, שוין מיטן ערשטן ווערק זײַנעם אין ייִדיש האָט מענדעלע אַרײַנגעטראָגן אַ היפּשן דעמאָקראַטישן ניואַנס אין דעם בורזשואַזן מאַסקיליזם. אָבער אויך דאָ מאַכט מענדעלע איין טריט פֿאָרויס און באַלד אַ טריט אויף צוריק. דער פּאָזיטיווער אידעאַל מענדעלעס איז נאָך אַלץ דאָס פֿאַרייניקן טוירע מיט האַסקאָלע. די „קליינמענטשלדיקײַט“־פּראָבלעם, וואָס מענדעלע באַווײַזט ווי אַ ברייטע סאָציִאַלע דערשײַנונג, ווי אַ געזעלשאַפֿטלעכע קרענק, וויל ער היילן דורך דער פֿאַרייניקונג פֿונעם ראָוו מיטן מאַסקיל, דורך אַפּעלירן צום יושער־געפֿיל פֿון די רײַכע, דורך אויפֿקלערערישער גווירישער צדאָקע, דורך אָרגאַניזירן האַנטווערקער־שולן, וווּ מע זאָל דערציִען די אָרעמע קינדער אין גײַסט פֿון טוירע און כאָכמע.

„דאָס קליינע מענטשעלע“ איז געבויט אַווטאָבִיאָגראַפֿיש, עפּיזאָדיש און אָנפֿאַבלדיק. עס הייבט זיך אָן מיט אַ ראַם־נאָוועלע (אַ נאָוועלע, וואָס דינט אַלס ראַם פֿאַר אַרײַנגעשטעלטע עפּיזאָדן און דערציילונגען).

אין דער דאָזיקער ראַם־נאָוועלע האָט אַבראַמאָוויטש צום ערשטן מאָל אַרויסגעפֿירט זײַן ליטעראַרישן פּערסאָנאַזש מענדעלע מויכער־ספֿאָרים (דער ספֿאָרים־הענדלער, דער פֿאַנקנטרעגער), וואָס פֿאָרט אַרום איבער שטעט און שטעטלעך און וואָס שטעלט קלוימערשט צו דעם אַווטער אַבראַמאָוויטשן אַלע מײַסעס צום דרוקן. אין דער ראַם־נאָוועלע דערציילט מענדעלע מויכער־ספֿאָרים, ווי ער קומט אָן קיין גלופּסק אויף שול־הויף און הערט וועגן דעם טאַקיפֿס טויט. באַלד רופֿט אים דער שאַמעס אַרײַן צום ראָוו, בײַ וועמען עס זיצן שוין פֿאַרזאַמלט אַלע נעגידים. און מע הייבט אָן פֿאָרצײלייענען דעם טאַקיפֿס צוואָע. מענדעלע לאָזט שוין רעדן די צוואָע, ד. ה., יצחאָק־אַווראָמען, וואָס דערציילט זײַן לעבן־געשיכטע „פֿון געבוירן ביז פֿאַרלוירן“. דאָס ווערק פֿאַרענדיקט זיך ווידער מיט דער ראַם־נאָוועלע. נאָכן לייענען זענען די נעגידים אין כאַס: אין דער פֿיגור פֿונעם טאַקיפֿ דערזעען זיי זיך זעלבסט. דער ראָוו פֿרעגט זיך נאָך בײַ מענדעלען אויף גוטמאַנען דעם מאַסקיל, מענדעלע פֿאַרענדיקט זײַן דערציילונג מיט אַ מוידאָע (מעלדונג), אַז דער מאַסקיל גוטמאַן זאָל וואָס גיכער קומען קיין צוואַטשיץ, כּדי צוזאַמען מיטן ראָוו אויספֿירן די צוואָע.

די פֿונקציע פֿון דער ראַם־נאָוועלע איז אַ קלאָרע: מענדעלע האָט אין איר אַרײַנגעפֿירט דעם אַדרעסאַט, וואָס צו אים איז געווענדעט די צוואָע — נעגידים. די דעמאַסקירנדיקע אויפֿגאַבע פֿון דעם דאָזיקן קאָמפּאָזיציע־מיטל ווערט נאָך בולטער אינעם וואַריִאַנט פֿון די 70־ער יאָרן, ווו די ראַם-נאָוועלע ווערט פֿאַרברייטערט. עס ווערט איבערגעריסן דאָס לייענען און אַרײַנגעפֿירט אַ ריי כאַראַקטעריסטישע עפּיזאָדן און געשפּרעכן (בוני דעם וואַסערטרעגערס סאַטירישער מאָנאָלאָג וועגן ייִצחאָק־אַווראָמס טויט, דאָס קלאָגן זיך פֿון אַ פֿרוי אויף איר מאַן, וואָס לויפֿט צום רעבן, לאָזנדיק זײַן פֿרוי אויף צאָרעס, די אויפֿרודערנדיקע געשפּרעכן צווישן די נעגידים). דאָס דאָזיקע קאָמפּאָזיציע־מיטל האָט מענדעלע געברויכט אויך אין „פֿישקע דער קרומער“.

שוין אין „דאָס קליינע מענטשעלע“ האָט מענדעלע אַרויסגעוויזן באַדײַטנדיקע סימאָנים פֿון זײַן גרויסן קינסטלערישן טאַלאַנט. שוין דאָ האָבן מיר די שפּראָצונגען פֿון מענדעלעס שפּעטערדיקע אויפֿאַנים פֿון שילדערן מענטשן, פֿון אויפֿדעקן זייער סאָציִאַלע פּסיכאָלאָגיע, פֿון דעמאַסקירן די אָנשטעלן, די הינטנאַרומיקע „דריידלעך“ און „קנייטשן“ פֿונעם ייִדישן מיטלבירגער און קאָהאָל־טוער (וואַרגער מאַכט אַן אָנשטעל פֿון אַ באַלטויווע, לייזער — פֿון אַ גרויסן קוואַליפֿיצירטן שנײַדער אַ. אַז. וו.). מענדעלע באַווײַזט מוסטערהאַפֿטיק זייערע ווירקלעכע מײַסים, ער גיט איבער דעם אויפֿן פֿון זייער ריידן, דיפֿערענצירנדיק די שפּראַך פֿון יעדן איינצלנעם.

„דאָס קליינע מענטשעלע“ איז אויסגעשפּראָכן סאַטיריש, דעמאַסקירנדיק, אויסלאַכעריש און אָפּשפּעטעריש. אָנשטאָט די ביבליש־ראָמאַנטישע נעמען פֿון „האָאָוויוס וועהאַבאָנים“ קומען די האָזעדיק־דעמאַסקירנדיקע נעמען: שטיינהאַרץ, וואַרגער, טאַקיפֿ; נעמען פֿון שטעט: צוואַטשיץ, גלופּסק (גלופּסק — באַטײַט בערדיטשעוו, געגומען ווײַזט אויס, פֿון שטשעדרינס „Глупово“).

אין 1866 יאָר האָט מענדעלע מוּיכער־ספאָרים (נאָך אלץ אונטערן פסעוודאָנים „אי״ש״) אָפּגע־דרוקט א קליינע דערציילונג מיטן נאָמען „דאָס ווינטשפינגערל", וואָס מיט דעם קען איטלעכער מענטש דערגרייכן אלץ, וואָס זיין הארץ ווינטשט און באגערט און קען דורך דעם נוצלעך זיין זיך און דער וועלט" (אויסגאבע פון 1866, 44 ז.). דאָס „ווינטשפינגערל" האָט מענדעלע אָנגעשריבן לויטן מוסטער פון „דאָס קליינע מענטשעלע". אינעם ערשטן טייל „א מייסע איבער א מייסע" דערציילט מענדעלע, ווי פאַרנדיק מיט זיין ביידל סכוירע פון קאפּצאנסק קיין גלופּסק, איז ער אפּן וועג אנדרעמלט געוואָרן, און זיין ביידל האָט זיך פארטשעפּעט מיט אן אנדער ביידל, וואָס איז אָנגעפּאָרן אנטקעגן. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס אָנגעפּאָרענע ביידל געהערט צו א צווייטן מויכער־ספאָרים סענדערל. סענדערל פארהאנדלט מענדעלען א מייסע, געשריבן אין דייטש, און מענדעלע פירט אוועק די מייסע קיין גלופּסק, קעדיי איבערצוגעבן א מאסקיל צום איבערזעצן. אינעם צווייטן טייל קומט שוין די קלוימערשטע איבערזעצונג פון דער דייטשישער מייסע („די מייסע גופע"). אין דער מייסע דערציילט דער מאסקיל הירש ראָטמאַן זיין לעבן־געשיכטע. אין קאפּצאנסק, ניט ווייט פון גלופּסק איז פאראן בלויז איינע נאָגיד רעב יידל קאפּצאנסקער, „א פיינע בריע" (וואָס טוט קלוימערשט טויוועס דעם קאָהאָל און אינדערעמעסן באראַבעוועט ער דאָס שטעטל). די איבעריקע איינוווינער זיינען אלע קאפּצאָנים. לעבנדיק אין נויט, טרייסטן זיך די קאפּצאנסקער מיט וווּנדער־מייסעס וועגן גווירים, צאדיקים, ווינטשפינגערלעך, וואָס מע קען בא זיי בעטן פון אלדאָס גוטס א. אז. וו. הערשעלע, א קינד פון א קאפּצאנסקער איינוווינער, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין אזא שרעקלעך אָרעמער כסידיש־באטלאָנישער סוויווע, איז ארומגעגאַנ־גען פארטרוימט און האָט געזוכט דאָס ווינטשפינגערל. שפּעטער ווערט ער א יעשיווע־באָכער אין גלופּסק, שטודירט קאבאָלע, קעדיי צו דערגיין די קונסט פון פארוואנדלען זיך אין א „רויע וועיינו נירע" (ער זעט אלעמען, און אים זעט קיינער ניט). הערשעלע טרעפט זיך מיט א ליטוואק א מאסקיל, וואָס האָט אים באוויזן דאָס עמעסע ווינטשפינגערל — בילדונג, אופקלערונג. דער מאסקיל לערנט מיט אים דייטש, נעמט אים מיט קיין לייפּציק און גיט אים ארייַן אין אוניווערסיטעט. הערשעלע איז געוואָרן דער געבילדעטער הירש ראָטמאַן. ער האָט אָנגעשריבן זיין לעבן־געשיכטע, קעדיי צו ראַטעווען אויך אנדערע פון ווינטשפינגערל־כאלוימעס, און האָט אויך פאַרגענומען צו „באשרייבן פּראָסט אין א גרינגער שפּראך אלע כאָכמעס און וויסנשאפטן", וואָס דורך זיי קען מען דערגרייכן צום נאטירלעכן ווינטשפינגערל.

דאָס „ווינטשפינגערל" פונעם יאָר 1866 ענדיקט זיך מיט א קאַפּיטל „זיד (זשיד) דאוויַ גראָשי" (ייִד, גיב געלט). מענדעלע, הייסט עס, ווענדעט זיך צו ייִדן, זיי זאָלן ארייַנשיקן געלט אפּ צו דרוקן די פּאָרזעצונג פון דער איבערזעצונג, ווו עס זיינען באשריבן אלע וויסנשאפטן.

ציִ האָט מענדעלע געהאט בעדייע ארויסצוגעבן אפּ ייִדיש א בוך וועגן נאטורוויסנשאפט, ווי ער האָט עס געטאָן אפּ העברעייש ? דאָס איז שווער צו דערגיין. וויכטיק איז פעסטצושטעלן, אז מענדעלע איז אין דער צייַט נאָך געוועזן פארשיקערט פון די מאסקילישע אילוזיעס וועגן בילדונג־ווינטשפינגערל אלס רעפוע צו אלע צאָרעס. די פּראָבלעמ פון באָדנלאָזיקייט פון דער קאפּצאנסקער באפעלקערונג, פון אונטערגעדריקטקייט אין די לאָפּעס פונעם צאריזם, פּאָרעץ, גוויר, צאדיק און קאָהאָל האָט מענדעלע אין יענער צייט געוואָלט לייזן מיט דער הילף פון א בוך וועגן נאטור־וויסנשאפט. דאָס איז אויך געווען א מין... ווינטשפינגערל.

די ווינטשפינגערל־אידעאָלאָגיע וואקסט אויס, לויט מענדעלען, אפּן עקאָנאָמישן באָדן פון קאפּצאנסק. אויך גלופּסק איז פאר דער דאָזיקער אידעאָלאָגיע א פרוכטבארע סוויווע. ווי־ושע זאָל מען ענדערן די סוויווע ? אפּ דעם ענטפערט מענדעלע : בילדונג, וויסנשאפט. אז אין דער סוויווע וואקסן אויס נייַע קלאסן־קויכעס, וואָס מוזן פירן א קאמפּ קעדיי צו ענדערן די דאָזיקע סוויווע, אויסנוצנדיק טאקע די וויסנשאפט אלס געוועהר אין רעוואָליוציאָנערן קאמפּ, צו דעם האָט מענ־דעלען זיין בורזשואזע באגרענעצטקייט ניט דערלאָזט.

אין 1869 י. האָט מענדעלע אָפּגעדרוקט א צווייטע קליינע דערציילונג (44 ז. ז.) מיטן נאָמען „פישקע דער קרומער, א מייסע פון ייִדישע אָרעמלייט, געדרוקט בעהישטאדלעס מענדעלע מויכער־ספאָרים". אין „פישקע דער קרומער" איז שוין ניטאָ מער מענדעלעס אוומער־פסעוודאָנים אי״ש. דאָס געבוי פון „פישקע" איז אויך א מייסע אין א מייסע. אינעם דאָזיקן ווערק גייט דורך א גאנצע גאלעריי פערזאָנען פון דער סאמע אָפּגעשטאנענער, פארקריפּלטער, צעטראָטענער אָרעמ־

שאפט, וועלכע זענען געשילדערט מיט א קאָלאָסאַלער קינסטלעריש־רעאַליסטישער קראַפט. אין דער דאָזיקער דערציילונג גייט אדורך ווי א רויטער פאָדעם די אַנטיגווירישע טענדענץ פונעם ערשטנ זײַטל ביזן לעצטן. אין אונטערגרונט פון דער געזעלשאַפט זוכט מענדעלע און געפינט לײַדנדיקע און ליבנדיקע הערצער, וועלכע ער שילדערט מיט גרויס ליבשאַפט. מענדעלע איז דאָ, אָן ספק, געווען אונטער דער ווירקונג פון דער רוסישער ראַדיקאַלער ליטעראַטור.

די קאָמפּאָזיציע פון „פישקע" האָט די זעלביקע אופגאַבע, וואָס די קאָמפּאָזיציע פון „דאָס קליינע מענטשעלע" — אָנצוווײַזן דעם אַדרעסאַט, צו וועלכן ס'איז געווענדעט די טענדענץ פונעם ווערק (רעב אַלטערן — דעם שולדיקן אין די לײַדן פון זײַן האַרבאַטער טאָכטער). אין דער קאָמפּאָזיציע פון „פישקע" איז פאַראַן א ריי ראָמאַנטיש־וואַנטיוריסטישע מאָמענטן (די באַגעגעניש מיט פישקען, אַלטער און די האָרבאַטע). ניט געקוקט אָבער אף דעם, האָט „פישקע דער קרומער" באַוויזן א גוואַלדיקן ווּקס פון מענדעלען אַלס קינסטלער. שוין אין אָט דעם ערשטן וואַריאַנט פון „פישקע" האָט מענדעלע געגעבן גלענצנדיקע זומער־פּייזאַזשן (זומער באַטאָג און זומער פאַרנאַכט). עס איז אויך באַלעבטער געוואָרן די געשטאַלט פון מענדעלע מויכער־ספרים. אין „פישקע" זעען מיר אים שוין מיט זײַן כיטרע־גוטמוטיקן שמייכל, מיט זײַן לעבן־לוסטיקײַט און ליבשאַפט צו דער נאַטור. מענדעלען איז אויך געלונגען די געשטאַלט פון רעב אַלטערן — אָט דעם ערשטן מענאַכעם־מענדל אין דער ייִדישער ליטעראַטור (דער שלימאַזל אַלטער פירט צונויפ א שידעך פון צוויי באָכערים) מיט זײַן אַרט ריידן און דענקען, מיט זײַן אויפן פון פירן געשעפטן. ניט געקוקט אף דעם, וואָס אַלטער און מענדעלע זענען פון איין שיכט, אפילע פון איין באַשעפטיקונג, זענען זיי דאָך קינסטלעריש דיפערענצירט.

4

אין דעם זעלביקן 1869 יאָר האָט מענדעלע אָפגעדרוקט דאָס פּאָפּולערסטע ווערק זײַנס פון די 60־ער יאָרן — „די טאַקסע". אין דער „טאַקסע" איז מענדעלע צוגעגאַנגען האַרט צו דער סאַמע צענטראַלסטער פּראָבלעם פון דער קליינבירגערלעכער אופקלערונג — צו דער פּראָבלעם פון דער גרויזאַמער אונטערדריקונג פון די מאַסן דורך די הערשנדיקע פּריציש־בורזשואַזע שיכטן און קאָנקרעט — צו אזא ספּעציפישער פאָרם פון עקספּלואַטאַציע, ווי די טאַקסע. די טאַקסע — די קאָראָבקע (קעסטעלע) — דאָס איז א ספּעציפישער שטײַער אף פלייש, ליכט און אַנדערע פּראָדוקטן פונעם ערשטן געברויך, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט אַרופגעלייגט אף ייִדן קלוימערשט אף צו באַפרידיקן די געזעלשאַפטלעכע נויטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. אינדערעמעסן האָט אָבער דער דאָזיקער שטײַער רײַך געמאַכט די קעשענעס פון די קאָהאָלשע רעדלפירערס, נעגידישע באַלטויוועס, וועלכע האָבן שוידערלעך עקספּלואַטירט דורך דער טאַקסע די ברייטע שיכטן פון דער אָרעמשאַפט. אין דער „טאַקסע" איז פאַר מענדעלען געשטאַנען די אופגאַבע צו באַווײַזן די קויכעס־פאַרהעלטענישן אין דער ייִדישער סוויווע פון זײַן צײַט און צו געבן דעם לייענער א באַשטימטע אָריענטאַציע בענעגייע צו פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען, צו געבן די מאַסן א באַשטימטן לאָזונג. איז דאָ טאַקע, באַם אויספילן אָט די דאָזיקע העכסט־וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע אופגאַבע, האָט מענדעלע אַרויסגעוויזן זײַן גאַנצע ווידערשפּרעכיקײַט און באַגרענעצטקײַט.

א גרופּע גלופּסקער קאָהאָלס־לײַט, „באַלטויוועס" (נעגידים, וואָס טײַנען, אַז זיי טוען דער שטאָט נאָר טויוועס), ספּאָדעק, טאַמ און אַנד., געשטיצט פון די קלייקוידעש, פון די דאַיאָנים, מיטן אָנטייל פונעם „געכאַפּטן אין דער מײַסע" (אופגעקלערטן) שטאַנדהאַפט — האָט פאַרכאַפּט די טאַקסע אין זייערע הענט און עקספּלואַטירט די אָרעמשאַפט אָפן סאַמע שוידערלעכסטן אויפן. אַרום די גרויסע „באַלטויוועס" רײַבן זיך אַסאַך קלענערע „באַלטויוועלעך".

אָבער, ווי ספּאָדעק קלאָגט זיך, די צײַט, ווען די אַמעקאָצים האָבן ניט געטאָרט אופהייבן דעם קאָפּ, איז שוין אַוועק. די האָרעפּאַשנע אָרעמשאַפט איז אומצופרידן. די באַלמעלאָכעס קומען צו קאָהאָל זיך קלאָגן אף זייער ביטערן גורל... א צווייט מאָל קומען זיי פאָדערן כעזשבן פון די קאָהאָלשע געלטן. צוויי אַנדערע רעדלפירערס, וואָס וואָלטן אויך וועלן כײַלעק אין דער טאַקסע, נוצן אויס די אומצופרידנקײַט פון דער מאַסע און גונטעווען דעם אוילעם קעגן די באַלטאַקסעס. באַקומען פון די באַלטויוועס אַ פעטן ביסן, גיבן זיי גלײַך אָפּ די פּאָזיציעס. דאַן טרעט אַרויס

פונ דער מאסע אנ אייגענער בונטאר אײַזיק זאיִקע, וואָס דעקט אופ מיט א גוואלדיקער פארשארפטקײַט די ראָליע פונ די קלייקוידעש אונ איז אײַגעשפארט אינ זײַנ פראָטעסט. צו דער אומצופרידענער מאסע שטייט צו אויכ דער אופגעקלערטער אָרעמער אינטעליגענט שלוימע וועקער, וואָס וועקט די מאסע צומ קאמפ קעגנ די באלטויוועס. קעגנ אײַזיקנ שטעלט מענ אָבער ארויס א פאלשנ וועקסל אונ מע זעצט אימ ארײַנ אינ טורמע. אפ וועקרנ לאָזט מענ ארויס דעמ שטאָט־שייגעצ, וואָס רייצט אָנ אפ אימ די מאסע, אונ ער איז געצווונגענ צו אנטלויפנ פונ גלופסק.

מענדעלע האָט, אלזאָ, געגעבנ אינ דער „טאקסע״ א ברייט בילד פונ די קויכעס־פארהעלטענישנ צווישנ דער ייִדישער באפעלקערונג, פונ די סאָציאלע שטרײַטנ, וואָס האָבנ זיכ אָנגעהויבנ פאנאנדערוויקלענ צווישנ די הערשנדיקע פאראזיטישע שיכטנ, פונ איינ זײַט, אונ דער אונטערדריקטער האָרעפּאשנער מאסע, פונ דער צווייטער. מענדעלע האָט געגעבנ א ריכטיקע שילדערונג פונ דער קאָפּטע באלטויוועס, פונ דער פּאָזיציע פונ די קלייקוידעש, פונ דער אָריענטאציע פונ די נעגידימ, פונ די קלוימערשט אופגעקלערטע שטאנדהאפטס, פונ די נײַע יוירנדיק־בונטארישע קרעפטנ אינ דער מאסע. מיר זעענ דאָ ערשטע סימאָנימ פונ מענדעלעס באפרײַענ זיכ פונ די איליוזיעס פונ דער בורזשואזער האסקאָלע. דער עצעמ פּראָטעסט קעגנ דער באנדע שטאָט־באלטויוועס ווערט געגעבנ מיט אזא פלעבייִשער פארשארפטקײַט, וואָס האָט צו זיכ קיינ גלײַכנ ניט אינ דער גאנצער געשיכטע פונ דער האסקאָלע־ליטעראטור. מענדעלע האָט גלענצנדיק אופגעדעקט דעמ ברייטנ קלאסנ־אינטערעס פונ די באלטויוועס אינ דער טאקסע. זיי גייט אָנ ניט בלויז דער געלט־אינטערעס, ס׳איז בא זיי א פראגע פונ קלאסנ־הערשאפט. כפאָדעק דארפ האָבנ, ווי ער דריקט זיכ אליינ אויס, די „אויבערהאנט איבער די שקאָצימ פונ דער הײַנטיקער וועלט״, „האלטנ אינ דער מוירע א באלמעלאָכע, א פארכ, א קאפצנ, זיי זאָלנ האָבנ דערעכערעצ״. מענדעלע האָט אויכ אופגעדעקט דעמ מאטעריעלנ קלאסנ־אינטערעס פונעמ צאצקענ זיכ מיט ייִדישקײַט בא די עקספּלואטאטורישע שיכטנ. איינער פונ די באלטויוועס זאָגט: „מע מוז ווערנ גאָטס סטראפּטשעס. אינ עקאָנאָמיע דארפ פרומקײַט אויכ עפּעס ארײַנטראָגנ״. דאָס זענענ געווענ פאר יענער צײַט אומגעהערט־שארפע דעמאסקירונגענ. גאָר ניט לאנג פאר דעמ האָט זיכ מענדעלע אליינ נאָכ געצאצקעט מיטנ ראָוו („דאָס קליינע מענטשעלע״) אונ געשריבנ פרומע האקדאָמעס צו זײַנ „טוילדויס האטעווא״. ווי מיר זעענ, האָט זיכ אונטער דער ווירקונג פונ די ראדיקאלע אידייענ פונ די 60־ער יאָרנ מענדעלעס אידעאָלאָגיע פאמעלעכ געררוקט אפ לינקס. קיינ איבערבראָכ אָבער איז נאָכ אלץ ניט פאָרגעקומענ.

אינ דער „טאקסע״ איז מענדעלע נאָכ אלץ אינ דער מאכט פונ דער בורזשואז־מאסקילישער איליוזיע וועגנ דעמ „סינטעז״ פונ ייִדישקײַט, מענטשלעכקײַט אונ מאָנארכיזמ, אינ וועלכנ (סינטעז) ער זעט א רעפּוע צו אלע צאָרעס. מענדעלע פארשטייט נאָכ ניט, אז די באלטויוועס אונ די צארישע רעגירונג זענענ איינ קנופּיע. מענדעלע פארבינדט ניט דעמ קאמפ קעגנ דער טאקסע מיטנ קאמפ קעגנ דעמ צאריזמ ביקלאל. די בורזשואז־מאסקילישע איליוזיעס ברענגענ מענדעלענ סאָפּקאָלסאָפּ צו פארטיידיקנ שטאנדהאפטנ, וועלכער פארמאָגט „גילדענע פייִקײַטנ, טײַערע מײַלעס, נאָר שלעכטע מענטשנ האָבנ אימ פארפירט״.

די דאָזיקע בורזשואז־מאסקילישע איליוזיעס דערלאָזנ ניט מענדעלענ צו זענ אונ אויסצוגעפינענ אינ דער מאסע געזונטע שעפערישע קויכעס, וואָס זענענ פייִק צו פירנ א קאמפ פאר זייער באפרײַונג. וועקער אנטלויפט פונ גלופסק, אונ זײַנ לעצט וואָרט איז: „גאָט זאָל געבנ אינ הארצנ פונ דער גוטער אונ פרומער אונ בארעמהערציקער רעגירונג, אז זי זאָל אפ דיר א בליק טונ מיט כעסער אונ מיט ראכמאָנעס״...

די „טאקסע״ האָט טאקע מענדעלע געווידמעט דער צארישער רעגירונג אינ דער פּערזאָנ פונעמ אָדעסער שטאָט־גאָלאָווא (הויפּט פונ דער שטאָט־פארוואלטונג) נאָוואָסעלסקי...

אז מענדעלע האָט זיכ אינ דער „טאקסע״ א רוק געטאָנ פאָרויס, ווערט באזונדערס בולעט, ווענ מע פארגלײַכט זײַנ פּאָזיציע אינ דער „טאקסע״ מיט צעדערבוימס פּאָזיציע. אויכ צעדערבוימ האָט אינ יענער צײַט געשריבנ וועגנ דער טאקסע, ער באשרײַבט אפילע דעמ קאָנקרעטנ פאקט, וואָס האָט געדינט אלס סיוזשעט פאר מענדעלענ (די מײַסע מיט די „גאלאגאנסקע״ הינער, זאיִקעס בונט, זײַנ ארעסט). צעדערבוימ שטייט אָבער אינגאנצנ אפ דער זײַט פונ די נעגידימ. זאיִקענ (ער רופט אימ אלטער, בא מענדעלענ הייסט ער אײַזיק) סטארעט ער זיכ צו דעמאסקירנ אלס א שנאָרער,

וואָס זאָל וועלן אויספּרעסן בא קאָהאָל געלט. ס'איז קלאָר, אז צעדערבוים איז נעענטער צו די ספּאָדעקס, איידער צו די זאַיקעס.

נאָר אויב מענדעלע האָט זיך איגנאָנצן באפרײַט פון צעדערבוימס באציִונג צו די ספּאָדעקס, פון איין זײַט, און צו די זאַיקעס, פון דער צווייטער, האָט ער אָבער זיך נאָך ניט באפרײַט פון צעדערבוימס באציִונג צו די נאָוואָסעלסקעס, ער האָט זיך ניט באפרײַט פון די איליוזיעס בענוגייע צום צאריזם. דאָס איז טיילווײַז פאָרגעקומען ערשט אין די 70־ער יאָרן.

„די טאקסע" באשטייט פון סצענעס, וואָס זענען פארבונדן צווישן זיך בלויז דורך אן איינהײַטלעכער אידיי — די דעמאסקירונג פון די באלטויוועס, אָבער ניט דורך אן איינהײַטלעכן סיוזשעט. איבער דעם איז נאקע שווער צו שטעלן דאָס ווערק אפ דער סצענע. אין אָט דעם הינזיכט פארשווערינט אויך דער איבערפלוס פון רייד איבער האנדלונג. די לעבעדיקסטע אקטן פון סצענישן שטאנדפּונקט זענען דער ערשטער, דער צווייטער און טיילווײַז דער פינפטער. פון די פיגורן זענען די סאמע לעבעדיקסטע די באלטויוועס. די פּאָזיטיווע פיגורן זענען בלויז אָרעם און סכעמאטיש. ס'איז דאָ א גרונט צו רעכענען, או מענדעלע האָט אָנגעשריבן די „טאקסע" אונטער דער ווירקונג פון גאָגאָלס „רעוויזאָר" (אין דער „טאקסע" איז פאראן אויך דער רעוויזאָר־מאָטיוו). מענדעלע האָט אָבער ניט דערהויבן די פיגורן צו דער קינסטלעריש־פּסיכאָלאָגישער הייך פון גאָגאָלס טיפּאוש.

„די טאקסע" איז ארײַנגעפאלן אין גלופּסקער וועלט, ווי א באָמבע. די בערדיטשעווער באלטויוועס האָבן זיך דערקענט און זענען מוירעדיק אופגעבראכט געוואָרן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א מוירעדיקע העצע קעגן מענדעלען מיט מעסירעס און דראָונגען. אינעם יאָר 1869 איז מענדעלע געוועזן געצוווּנגען צו אנטלויפן מיט זײַן פאמיליע פון בערדיטשעוו און ער האָט זיך באזעצט אין זשיטאָמיר.

## 5

זשיטאָמיר, וווּהין מענדעלע איז אריבערגעפאָרן אינעם יאָר 1869, איז נאָך אָדעס געווען דער וויכטיקסטער האסקאָלע־צענטער אין אוקראַינע. צו יענער צײַט איז זשיטאָמיר געווען אן עקאָנאָמיש אנטוויקלטע שטאָט, וואָס האָט פארמאָגט בא א דרײַ צענדליק טויזנט אײַנוווינער, צווישן זיי העכער 15 טויזנט ייִדן. פון 1837 יאָר אָן האָט אין זשיטאָמיר עקזיסטירט א גרויסע ייִדישע דרוקערײַ (די געוועזענע בארימטע סלאַוויטער ייִדישע דרוקערײַ), וווּ פיל מאסקילים האָבן געדרוקט זייערע ווערק. פון 1848 יאָר אָן האָט זשיטאָמיר אויך פארמאָגט א ראבינער־שול, וווּ ס'האָבן אין די 60־ער יאָרן זיך געלערנט העכער 200 מאן. צווישן די לערער פון דער ראבינער־שול זענען געווען אזעלכע פּאָפּולערע מאסקילישע שרײַבער פון יענער צײַט, ווי כאַימזעליק סלאָנימסקי, עליעזער צווייפל, אווראָם־בער גאָטלאָבער א. אנד. אין יאָר 1862 האָט זיך אין זשיטאָמיר געגרינדעט א האנטווערקער־שול, וואָס איז געווען באוווּסט אין דער גאנצער געגנט.

מענדעלעס ווײַטערדיקע ליטערארישע אנטוויקלונג איז פאָרגעקומען אין די באדינגונגען פון די 70־ער יאָרן. אין די 70־ער יאָרן איז דער דרוק פון דער צאריש־פּריצישער רעאקציע געוואָרן אלץ אימדערטרעגלעכער. די לאגע פון די ברייטע מאסן אין שטאָט און אין דאָרף איז געוואָרן אלץ ערגער. די ראזנאָטשינישע אינטעליגענץ האָט זיך דיפערענצירט. טיילן זענען אוועק מיטן רעאקציאָנער־שאָוויניסטישן שטראָם. אנדערע ווידער האָבן זיך פארכאפּט מיט דער באוועגונג פון „גיין אין פאָלק" און זענען ארײַנגעצויגן געוואָרן אין רעוואָלוציאָנערן קאמף קעגן דעם צאריזם. אין קלעם פון דער צאריש־פּריצישער רעאקציע (אין 1870 יאָר האָט שוין די צארישע רעגירונג געמאכט איר ערשטע פּאָגראָם־רעפּעטיציע אפ די ייִדישע מאסן, ווי א מיטל קעגן דער שטײַגנדיקער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג) און פונעם וואקסנדיקן קאפּיטאליזם האָט זיך דיפערענצירט אויך די ייִדישע אינטעליגענץ.

מענדעלע, וואָס האָט שוין אין די 60־ער יאָרן באוויזן אזויפיל פלעבייִשן מוט אין דער „טאקסע", איז אין די 70 ער יאָרן אוועק לינקס אפ מער ראדיקאלע פּאָזיציעס. דערצו האָט אים אויך מיטגעהאָלפן זײַן פּערזענלעכע דערפארונג.

מענדעלעס מאטעריעלע לאגע איז אין זשיטאָמיר ניט געווען בעסער, ווי אין בערדיטשעוו. אינעם יאָר 1871 האָט ער זיך געפּרוּווט מישטאדל זײַן וועגן ארויסגעבן צוזאמען מיט ל. בינ־

שטאָקנ (מענדעלעס נאָענטער פרײַנט אונ זײַנ שפּעטערדיקער ביאָגראַפ, האָט אויכ געוווינט אינ זשיטאָמיר) א צײַטונג אפ יידיש (די פּראָגראַמ פונ דער געפּלאַנטער צײַטונג האָט געזאָלט זײַנ א ליבעראַלע בורזשואַז־מאַסקילישע). די צאַרישע רעגירונג האָט אָבער ניט געגעבנ קיינ דערלויבעניש אפ דער צײַטונג. דעמלט האָט מענדעלע באַשלאָסנ אָפּצוגעבנ עקזאַמענ אינ דער ראַבינער־שול, קעדיי צו באַקומענ א שטעלע אַלס קאַזיאָנער ראַבינער. ער האָט זיכ אוועקגעזעצט פלײַסיק לערנענ אונ איז אַרויס פונ אַלע עקזאַמענעס מיט גוטע באַלנ. לויט דער דעמלטיקער אָרדענונג האָט מענדעלע פאַרנ באַקומענ דעמ אַטעסטאַט געדאַרפט אַרויסטרעטנ אינ דער סינאַגאָגע פונ דער ראַבינער־שול מיט א שאַבעסדיקער דראָשע אפ רוסיש. מענדעלעס דראָשע האָט זיכ אָבער פאַרוואַנדלט אינ א שאַרפער אָנקלאָג־רעדע קעגנ די טאַקיפימ אונ רעדלפירערס, אונ מענדעלע האָט שוינ, נאַטירלעכ, קיינ אַטעסטאַט ניט באַקומענ. די דאָזיקע אונ צענדליקער אַנדערע פאַקטנ פונ צאַרישנ דרוק, וואָס מענדעלע האָט זיכ געקענט אָנזענ אינ זײַנ סוויווע, האָבנ בא אימ ביסלעכווײַז צעווייעט די בורזשואַז־מאַסקילישע איליוזיעס וועגנ דער „באַרעמהאַרציקער" רעגירונג אונ וועגנ אירע גענאָדנ... מענדעלע האָט זיכ דערווײַטערט פונ צעדערבוימענ, וועמענ ער רופט אָנ אינ זײַנע בריוו אינ די 70־ער יאָרנ אַמאָרעצ אונ כלעסטאַקאָוו... מענדעלע איז, אַזויאַרומ, געקומענ צו דער „קליאַטשע" (1873).

דער טאָכ פונ דער „קליאַטשע" איז — די פאַרטיידיקונג פונ די געיאָגטע אונ געפּלאָגטע אָרעמע יידישע מאַסנ קעגנ זייערע באַלטויוועס אונ באַדריקער אי פונ אינעווייניק, אי פונ אויסנווייניק. אויכ אינ „קליינ מענטשעלע" אונ אינ דער „טאַקסע" האָט זיכ שוינ מענדעלע אײַנגעשטעלט פאַר די געדריקטע מאַסנ, אָבער אינ יענע ווערק האָט נאָכ מענדעלע געגלויבט אינ דער אַלמעכטיקער האַסקאָלע אונ אינ דער „באַרעמהאַרציקער" רעגירונג. איצט, אינ די 70־ער יאָרנ, האָט זיכ מענדעלע גענומענ באַפרײַענ פונ די דאָזיקע איליוזיעס.

ווי דער שטייגער זײַנער איז, האָט מענדעלע אויכ די „קליאַטשע" אָנגעהויבנ מיט א סאַטיריש־קינסטלערישנ אָנשטעל, אַז די „קליאַטשע" האָט קלוימערשט ניט ער פאַרפאַסט, נאָר ייִסראָליק דער מעשוגענער מאַסקיל. צווישנ זײַנע קסאָווימ האָט עס איינער געפונענ אונ איבערגעגעבנ אימ, מענדעלענ, אפ אָפּצודרוקנ (די פאָדערבלאַט פונ דער ערשטער אויסגאַבע פונ דער „קליאַטשע" איז טאַקע אַזאַ: „די קליאַטשע, אָדער צאַר־באַלעכאַיִמ, א מײַסע, וואָס האָט זיכ פאַרוואַלגערט צווישנ די קסאָווימ פונ ייִסראָליק דעמ מעשוגענעמ, געדרוקט בעהישטאַדלעס מענדעלע מויכער־ספאָרימ").

אינ דער מײַסע גופע דערציילט ייִסראָליק וועגנ די פּאַסירונגענ פונ זײַנ לעבנ. ייִסראָליק, א פאַרכאַפּטער פונ די האַסקאָלע־אידייענ, האָט באַשלאָסנ אָפּצוגעבנ עקזאַמענ אונ אַרײַנטרעטנ אינ אוניווערסיטעט צו שטודירנ דאָרטנ מעדיצינ, קעדיי ער „זאָל דערמיט נוצלעכ זײַנ אי זיכ, אי דער וועלט". ער איז אַוועק אפנ וועג, אפ וועלכנ מענדעלע האָט גערופנ אינ זײַנ „ווינטשפינגערל": זוכנ דאָס ווינטשפינגערל, דאָס גליק אינ בילדונג. ער האָט זיכ גענומענ פלײַסיק פאַרנ לערנענ. באַלד האָט ער אָבער דערפילט דאָס רעאַלע פּאָנעמ פונ דער צאַריש־קאַזיאָנער בילדונג. די „היסטאָריע" איז פול געוועזנ מיט ווילדע מײַסעס וועגנ קייסאָרימ אונ מילכאָמעס, די „סלאָוועסנאָסט"—ליטעראַטור־געשיכטע — מיט מײַסעס וועגנ דער באַבע־יאַגאַ, מעכאַשייפימ אונ מאַכשייפעס, גילגולימ, גאַזלאָנימ. פונ דער „היסטאָריע" מיט דער „סלאָוועסנאָסט" איז ייִסראָליק פאַרשלאָפט געוואָרנ, אונ דאָקטוירימ האָבנ אימ געהייסנ שפּאַצירנ הינטער דער שטאָט. איינמאָל ליגנדיק הינטער דער שטאָט, האָט ער דערזענ, ווי קונדייסימ (שטיפערס) איזדיעקעווענ זיכ איבער א מאָגערער, פאַרפּײַניקטער קליאַטשע... ייִסראָליק שטעלט זיכ אײַנ פאַר איר. די קליאַטשע דערציילט אימ איר לעבנ־געשיכטע. זי איז אַמאָל א פּרינצ געווענ, נאָר שוינ טויזנטער יאָרנ, אַז זי וואַנדערט אומ איבער דער וועלט אינ געשטאַלט פונ אַנ „אייביקער קליאַטשע", וואָס אַלע איזדיעקעווענ זיכ איבער איר. די דאָזיקע וווּנדערלעכע באַגעגעניש מיט דער קליאַטשע איז דורכ מענדעלענ געשילדערט געוואָרנ אינ פּלאַנ פונ ייִסראָליקס קראַנקהאַפטיקע זעענישנ פונ א צעהיצטנ מויעכ... ווענ ייִסראָליק איז געזונט געוואָרנ, איז ער אוועקגעפאָרנ קיינ דניעפּראָווע האַלטנ עקזאַמענ. איבער דער פּאָליצייִשער באַציִונג פונ די עקזאַמענאַטערס, איז ער דורכגעפאַלנ. אַרומגעבלאָנדזענדיק איבער דער שטאָט, האָט ער דערזענ, ווי די פּאָליציי פירט זײַנ קליאַטשע אונ שלאָגט זי טויט־שלעג. ער האָט זיכ ווידער אײַנגעשטעלט פאַר איר, געגעבנ דער פּאָליציי אינ

האנט אַרײַן, אָפּגענומענ באַ איר די קליאַטשע און אַוועק מיט איר פון שטאָט. נאָכ אַ שטורעם, וואָס האָט זיכ פּלוצלינג אויפגעהייבנ אינ וואַלד אפנ וועג, פרעגט ייִסראָליק באַ דער קליאַטשע, ביזוואַנענ וועט זי אַלצ אַזוי אָפּקומענ. די קליאַטשע ענטפערט: „ביזוואַנענ מענטשנ וועלנ ווערנ בעסער און קליגער, און עמעס אונ גערעכטיקײַט וועלנ הערשנ אפ דער וועלט". „דער שטורעם, אינ וועלכנ די גערעכטיקײַט וועט זיכ באַווײַזנ. וועט זײַנ אַ שטאַרקערער פונ דעמ, וואָס איז געוועזנ ערשט ניט לאַנג" פאַרענדיקט ייִסראָליק דעמ געדאַנק פונ דער קליאַטשע.

אונטערנ אַקאָמפּאַנימענט פונ דער טרויעריקער מעלאָדיע פונעמ סאָלאָווײ אינ וואַלד באַטראַכט ייִסראָליק די וועלט. פאַר זײַנע אויגנ גייענ פאַרבײַ בילדער פונ אומגעהייערער אָרעמקײַט, פונ קאַהאַלשע אַכזיפעס, פונ באַלטעיוועס אינ באַלבאַקסעס, פונ פּאַראַזיטישע שנאָרער־שיכטנ. די קליאַטשע דערציילט וועגנ דעמ באַלטויווע, וועגנ די ספּאָרעקס און וועגנ דעמ געהויבענעמ באַל־שעמ (אָפּשפּרעכער), וואָס לעבנ אפנ כעזשבנ פונ קאָהאָל, און זי האָט פאַר זיי אַלעמענ שווער געהאָרעוועט. ייִסראָליק דער מאַסקיל ווערט דורכגעדרונגענ מיט ראַכמאָנעס צו דער קליאַטשע. ער ווענדעט זיכ צום קאָמיטעט פונ דער כעװרע „צאַר־באַלעכאַימ" (געזעלשאַפט צו שיצנ לעבעדי־קע באַשעפענישנ, בוכשטעבלעכ: געזעלשאַפט פינ מענטשנ, וואָס קענענ ניט צוזענ דעמ צאַר פונ באַלעכאַימ), און ער איז באַגײַסטערט פונ קאָמיטעטס ענטפער, אַז די קליאַטשע „זאָל זיכ צוערשט בילדנ, דענסטמאָל וועט די כעוורע איר בײַשטיינ". ער לייגט אַוועק דער קליאַטשע אַ רעדע וועגנ דער גרויסקײַט פונ בילדונג (לעפּיערעכ מיט די ווערטער, וואָס מענדעלע אַליינ האָט באַנוצט אינ „ווינטשפינגערל"). די קליאַטשע איז אָבער ניט בלויז ניט אַנטציקט געוואָרנ, זי האָט אויכ געעפנט איר מויל און געענטפערט אַזוינס, פונ וואָס דעמ מאַסקיל האָבנ זיכ געשטעלט די האָר קאַפויר: „איכ וויל גאָר ניט הערנ קיינ ראַכמאָנעס, קיינ נוצנ, איכ בינ, ווי אַלע אַנדערע, אַ לעבעדיק באַשעפעניש און האָב, ווי זיי, פראַויע, אַ רעכט צו לעבנ. אַז איר וועט מיט מיר זיכ באַנעמענ מיט גערעכטיקײַט, דענסטמאָל, זעסטו, וועלנ מיר שמועסנ וועגנ קונצנ".

אינ דער מינוט האָט זיכ באַוויזנ דער אַשמעדײַ, דער מײלעכ פונ די רוכעס. ער האָט זיכ רעקאָמענדירט ייִסראָליקנ פאַרנ אַ־ניציאַטער פונ אַלדאָס בייז אינ דער וועלט. ער האָט באַשטעט־טיקט דער קליאַטשעס רייד. דער אַשמעדײַ האָט זיכ אויפגעהויבנ מיט ייִסראָליקנ גאַנצ הויכ און איז געפלויגנ איבער דער וועלט. ער האָט באַוויזנ ייִסראָליקנ זײַנע אַשמעדײַישע אויפטוענ: אַ פּאָגראָמירטע שטאָט אינ רומעניע (איבער צענזור־טײַמימ פלעגנ די שרײַבער אינ יענע יאָרנ באַ־נוצנ „רומעניע" אָנשטאָט רוסלאַנד). ווײַטער באַווײַזט ער אימ אַנ אַכזאָריעסדיקנ פּאָרעצ, וואָס לערנט זיכ געיעג אפ ייִדנ, דעמ צארישנ געריכט. דער אַשמעדײַ פירט אימ אויכ אַרײַנ אינ דער אַשמעדײַישער קאַנצעליאַריע. דער סעקרעטאַר לוציפער גיט אָפּ דעמ אַשמעדײַ אַ ראַפּאָרט: „אײַער אַשמעדײַסקע פּינצטערניש, מײלעכ פינ אַלע רוכעס און מעכאַבלימ, פּרינצ פונ אַלדי שוואַר־צע יאָר, הערצאָג פינ שיווע מעדורע גענעמ (זיבנ אָפּטײלונגענ פונ גענעמ), גראַף פונ סדאָמ און אַמוירע" א. אז. וו., וואָס דאָס איז אַ בייזע סאַטירע אפ דעמ צארישנ טיטל אינ די „מאַ־ניפעסטנ". אינמיטנ דערינענ קומט אָנ אינ אַשמעדײַס מעלוכע אַ יעדיִע, אַז ס'איז געשטאָרבנ אַ גרויסער באַלטויווע. דער אַשמעדײַ קרוינט ייִסראָליקנ פאַר אַ באַלטויווע און גיט אימ אויכ אַ לעקציע וועגנ באַלטויוועריי: געמאַכטע פרומקײַט, געמאַכטע גוטסקײַט, יאַדאַכעס מיטנ באַלטאַקסע, פאַרוויגנ דעמ אוילעמ מיטנ טוירע־לירל, ער זאָל שטענדיק שלאָפנ. ייִסראָליק וויל ניט די שטעלע, ער וויל ניט רײַטנ אפ דער קליאַטשע, נאָר מע זעצט אימ אַרויפ מיט גוואַלד און מע לאָזט אימ אַראָפּ אפ דער ערד: ייִסראָליק האָט זיכ אויפגעכאַפּט באַ זיכ אינ צימער. לעבנ אימ — דער באַל־שעמ און נאָכ אַנ אָפּשפּרעכערקע. די מאַמע האָט אימ דערציילט, וואָס מיט אימ האָט זיכ פאַסירט, זינט מע האָט אימ נאָכנ עקזאַמענ געפונענ אינ דניעפּראָוועצ אַ האַלב טויטנ.

„די קליאַטשע" איז אַ האַלב קינסטלעריש־רעאַליסטיש, אַ האַלב פּובליציסטיש־אַלעגאָריש ווערק (די אַלעגאָרישע פאָרמ איז אינ אַ געוויסער מאָס באַדינגט געוועזנ פינ דער פּאָליטישער שאַרפקײַט פינ דער טעמע), וואָס באַווײַזט אונדז מענדעלענ אינ אַ גאַנצ נײַער שײַנ. דאָס נײַע אינ דער „קליאַטשע" קאָנ מענ פאָרמולירנ אינ פאָלגנדיקע פּונקטנ:

1. די פעאָדאַלע רעשטנ אינ דער ייִדישער סוויווע בילדנ שוינ איצט, לויט מענדעלענ, איינ קנופּ מיט די פעאָדאַלע רעשטנ אינ רוסלאַנד ביקלאַל, דאָס הייסט, מיטנ גאַנצנ צאַריש־פּריצישנ רעזשימ.

2. דער האסקאָלע־אידעאַל אינעם פארשטייַן פון דער ליבעראַלער בורזשואזיע (די כעווּרע „צאר־באַלעכאַימ״) ווערט דערקלערט אַלס איינע פון די שעדלעכסטע „ווינטשפינגערל״־אילוזיעס, וואָס דאַרפן ארונטערגעריסן ווערן.

3. די טרויעריקע לאַגע פון די ברייטע ייִדישע מאסן ווערט צום ערשטן מאָל אין דער ייִדי־שער ליטעראַטור דערקלערט אַלס פּראָדוקט פון זייער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און פארשקלאַפונג.

4. פונעם ליבעראַל־בורזשואזן מאסקיל ווערט ארונטערגעריסן דער שלייער פון א פאָלקס־פרייַנט. דער מאסקיל ווערט סאָפּקאָלסאָפּ איינער פון די „רייַטער״ אפ דער קליאַטשע.

5. דער ליבעראַל־מאסקילישער „סינטעז״ פון טוירע־כאָכמע־מאָנארכיזם ווערט שארף קריטי־קירט. יעדער גליד פונעם דאָזיקן סינטעז ווערט דעמאסקירט אַלס א געוועזן אין די הענט פון די רויבערישע קלאַסן.

קריטיקירנדיק שארף די ליבעראַל-בורזשואזע האסקאָלע מיט אירע אילוזיעס, טרעט אָבער מענדעלע ארויס אין דער „קליאַטשע״ ניט קעגן דעם קאפּיטאַליזם ביכלאַל, נאָר בלויז קעגן די אזיאַ־טישע פאָרמעס פונעם קאפּיטאַליזם. די פארניכטונג פון די אזיאַטישע פאָרמעס פונעם קאפּיטא־ליזם מאָלט זיך אים אַלס דאָס העכסטע גליק פון דער מענטשהייַט. ער שטעלט זיך אויך פאָר, אז דאָס „עפענען א וועלט״, ד. ה. — דאָס אָפּשאפן דעם „טכום״, דאָס דערלויבן ייִדן צו וווינען אומעטום, וועט ראטעווען די ייִדישע אָרעמשאפט פון אַלע צאָרעס.

ערשט אין דעם נייַעם ווארִיאַנט פון דער „קליאַטשע״, געמאכט אין די לעצטע 90־ער יאָרן, זענען צוגעקומען אויך אנטיקאפּיטאַליסטישע טענדענצן. די דאָזיקע אנטיקאפּיטאַליסטישע טענ־דענצן זייַנען שוין אָבער בא מענדעלען דעמלט, סאָף 90־ער יאָרן, פארבונדן געווען מיט א גע־וויסער ראָמאַנטישער אידעאַליזאַציע פון דער פּאַטריאַרכאַלער פויערים־ווירטשאפט, וואָס ווערט אנטקעגנגעשטעלט דער שטאָט. אין דער ערשטער אויסגאַבע פון דער „קליאַטשע״ זענען די דאָזיקע ביידע מאָמענטן ניטאָ.

אין דער „קליאַטשע״ הערשט אין א געוויסער מאָס א געדריקטע מינאָרע שטימונג. ייִסראָ־ליק דער מאסקיל, צום אונטערשייד פון די מאסקילישע פּערסאָנאַזשן בא די פריִערדיקע שרייַבער, האָט שוין פארזוכט דעם טאַם פונעם שווערן קאַמפּ פארן לעבן אין די באַדינגונגען פונעם שטייַגנ־דיקן קאפּיטאַליזם, וואָס האָט זיך מיט זייַן שווערער לאַסט געלייגט אויך אפ די פּלייצעס פונעם קליינבירגער.

עס טרעט דאָ ארויס בא מענדעלען דער אינעווייניקסטער ריס, וואָס איז כאראַקטע־ריסטיש פאַר אַלע זייַנע ווערק פון די 60—70־ער יאָרן. מיט דעם זענען פארבונדן אויך די נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן, וואָס זענען אין א היפּשער מאָס פאראַן אין דעם ווערק און אי־נעם באַגריף „קליאַטשע״ ביכלאַל: די פּרינצ־לעגענדע און די בענקשאפט נאָך דער אמאָליקער קלוי־מערשטער נאַציאָנאַלער גרויסקייַט.

אין די 70־ער יאָרן האָט די „קליאַטשע״ אָפּגעשפּיגלט די ראַדיקאַליזירונג פון גרויסע טיילן פון דער ייִדישער אינטעליגענץ, איר באַפרייַען זיך פון די ליבעראַל־מאסקילישע אילוזיעס. פון דער אַנדערער זייַט, האָט די „קליאַטשע״ געדינט אַלס געווער אין די הענט פון דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ צו פארשטאַרקן איר אייַנפלוס אפ די מאסן. אין 1891 יאָר האָט דער זשורנאַל „וואָס־כאָד״ אָנגעהויבן דרוקן א רוסישע איבערזעצונג פון דער „קליאַטשע״ מיטן טיטל „זאַפּיסקי איז־ראַיִליאַ״ און איז דערפאַר אָפּגעשטעלט געוואָרן אפ 6 כאָדאָשים. די דאָזיקע ביידע פאקטן באשטע־טיקן דעם היסטאָריש־פּראָגרעסיוון באַטייַט פון דער „קליאַטשע״.

### 6

ערשט איצט, נאָכדעם, ווי ער האָט זיך באפרייַט פון א ריי ליבעראַל־מאסקילישע פאָרורטיילן און אילוזיעס, איז מענדעלע פייִיק געוואָרן צו באשאפן דאָס גרעסטע ווערק פון דער האסקאָ־לע־ליטעראַטור. אין 1875 יאָר (אין א באַזונדער אויסגאַבע דערשינען אין 1878) האָט מענדעלע אָנגעהויבן דרוקן זייַן גרויסאַרטיקע סאַטירע „מאסאָעס ביניאָמין האשלישי״, וואָס האָט געגעבן א מעכטיקן קלאַפּ איבער דעם וועקגייענדיקן און אונטערגייענדיקן מיטלאַלטער.

מענדעלע האָט איצט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, אַז די אַנטוויקלונג פונעם נײַעם לעבן, פון א בורזשואַ־דעמאָקראַטישער אָרדענונג באַגעגנט טאָרמאָזן ניט בלויז מיצאַד דעם צאַריזם, קאָהאָל און טאַקסע, נאָר אויך מיצאַד דער מיטלאַלטערלעכער ירושה פון אָפּגעריסנקייט פון לעבן, פון באַטלאָנעס, פון פאַרזונקן זײַן אין אַן אָפּגעשטאָרבענער קולטור פון שיימעס און שאַטנס, פון באָרנלאָזיקע און פּוסטע מאָשיעך־טרוימערײַען און האָפענונגען. נאָך מער, אין די 70־ער יאָרן האָט מענדעלע שוין געקענט זען, ווי ס'באַוויַיזן זיך פאַרשוינען, וועלכע נוצן אויס די שווערקײַטן, וואָס די קליינבירגערלעכע מאַסן האָבן איבערגעלעבט אין די באַדינגונגען פונעם שטײַגנדיקן קאַפּיטאַליזם און פונעם צאַרישן דרוק, און ווילן פירן די דאָזיקע מאַסן צוריק צום מיטלאַלטער. אין די 70־ער יאָרן האָט זיך שוין באַוויזן די פאַנטאַסטישע און רעאַקציאָנערע אידייען וועגן באַנײַען די יידישע מלוכע אין דער ווײַטער פּאַלעסטינע, וואָס איז דורכויס באַזעצט מיט אַראַבער. ס'האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן אָנצאָליקע לעגענדעס וועגן די פאַרפאַלענע צען שוואָטים, וועגן די רויטע יידעלעך, וואָס האָבן אין פאַרוואָרפענע קאַנטן אַן אייגענע זעלבשטענדיקע מלוכע. זיי וואַרטן נאָר אויף אַ צייכן, און זיי וועלן זיך אופהייבן און וועלן אַוועקמאַרשירן אויף אַ מילכאָמע מיטן טויגער (טערק), אָפּנעמען בײַ אים פּאַלעסטינע און באַנײַען די יידישע מלוכע.

מיט דער גאַנצער קראַפט האָט זיך מענדעלע איצט פאַרמאָסטן אין „מאַסאָעס“ אויף דער דאָזיקער פּסיכאָ־אידעאָלאָגישער ירושה פונעם פינצטערן מיטלאַלטער, וואָס נײַע וואוּנטיוריסטן האָבן זיך גענומען אויסנוצן אויף צו פאַרפירן די ברייטע יידישע מאַסן. דעמאַסקירט אין דער האַקדאָמע די יידישע נאַציאָנאַליסטישע קלוימערשט אופגעקלערטע פּרעסע, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן די דאָזיקע שווינדלערײַען, האָט מענדעלע זיך געלאָזט אין אָנגרײַף אויף די ביניאָמינס גופע. מיט דער הילף פון פאַרניכטנדיקער פּאַראָדיע האָט מענדעלע אופגעדעקט דאָס נישטיקע פּאָנעם פון אַלע „נויסים“ (רײַזנדע), וואָס פאַרפירן די דערשלאָגענע מאַסן. ווער־זשע איז אַזוינס ביניאָמין דער דריטער, דער גרויסער רײַזנדער? אויף דעם ענטפערט מענדעלע קורץ און שאַרף: ער איז אַ טונעיאַדעווקער. ביניאָמין איז אויסגעוואַקסן אויף באָדן פון דער מיטלאַלטערלעכער טונעיאַדעווקע מיט איר אָפּגעריסנקײַט פון דער וועלט, מיט איר מאַטעריעלער באָרנלאָזיקײַט, באַגרענעצטקײַט, מיט אירע גלויבענישן און אַבערגלויבענישן, פאַנטאַזיעס און איליוזיעס.

געגעבן אינעם ערשטן קאַפּיטל אַ גלענצנדיקע קינסטלערישע כאַראַקטעריסטיק פון טונעיאַדעווקע, האָט מענדעלע אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלעך באַוויזן די ביניאָמין־פיגור, וואָס איז אויסגעוואַקסן אויף איר באָדן. ביניאָמין איז אַ ליידיקגייער, אַ וויסטער באַלביטאָכן, ער איז אַ שויטע — און האַלט זיך פאַר דעם גרעסטן כאָכעם און פאַר דעם גרעסטן „באַל־אייצע“. ער איז אַ מוירעדיקער פּאַכדן — און טראַכט וועגן זיך, ווי וועגן דעם גרעסטן גיבער און העלד. דערצו איז ער דורכגעדרונגען מיט דער ספּעציפישער באַלעבאַטיש־נאַציאָנאַליסטישער יידן־גײַווע. ער איז געניוויגט צו היספּײַלעס, פאַרטראָגנקײַט, טרוימערײַ. ער האָט זיך אָנגעלייענט מיט מיטלאַלטערלעכפאַנטאַסטישע ספאָרים וועגן פעלקער און לענדער, וועגן די רויטע יידעלעך, ער גלייבט, אַז אַלץ, וואָס דאָרט איז אָנגעשריבן, איז עמעס, — און ער האָט באַשלאָסן אופצוזוכן די רויטע יידעלעך, קעדיי מיט זייער הילף אויסצולייזן דאָס יידישע פאָלק פון גאָלעס.

מענדעלע האָט גלענצנדיק אופגעדעקט די עקאָנאָמיש־פּאָליטישע וואָרצלען פון ביניאָמינס רײַזע: די אָרעמקײַט, פון איין זײַט, דער צאַרישער דעספּאָטיזם, פון דער צווייטער, האָבן געשאַפן אַ באָדן פאַר די וואוּנטיוריעס פון די ביניאָמינס. מענדעלע האָט ניט באַוויזן ביניאָמינען, ווי אַ באַוווסטזיניקן שאַרלאַטאַן. ביניאָמין אַליין איז אַ קאָרבן פון דער מיטלאַלטערלעכער דערציִונג און סוויווע. ער איז אַליין אַ פאַרפירטער, אָבער אויך אומבאַוווסטזיניק אַ פאַרפירער. אין דער געשטאַלט פון סענדערלען האָט מענדעלע באַוויזן די פאַרפירטע — די מאַסן, וואָס זענען ניט ווייניקער, ווי ביניאָמין, אין דער מאַכט פון די מיטלאַלטערלעכע איליוזיעס. סענדערל פאַרמאָגט נאַטירלעכן סייכל, ער איז אָבער דערשלאָגן, ווילנלאָזיק. ער איז פּראַקטישער פון ביניאָמינען, זײַן פּראַקטישקײַט אָבער איז אַ קאַפּצאָנישע, אַ טאָרבע־פּראַקטישקײַט. אין טאָך איז ער דער זעלביקער פּראָדוקט פון דער מיטלאַלטערלעכער כאַלוימעס־קולטור, ווי ביניאָמין. אים, סענדערלען, האָט עס ביניאָמין אויסגעקליבן פאַר זײַן מיטגייער.

ביניאָמין און סענדערל האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער רײַזע צו די רויטע יידעלעך. טעטערעווקע און גלופּסק, דורך וועלכע זייער וועג איז דורכגעגאַנגען, זענען אין טאָך די זעלביקע

טונעיאַדעווקע. פֿון דעם קרעטשמער אַפֿן וועג ביז צו די צוויי גלופּסקער ייִדענעס טאָלצע און טרײַנע, וואָס גייען ארויס באַגעגענען אונדזערע רײַזנדע, זענען זיי אַלע פּאַרזונקען אין דער טונעיאַדעווקער פאָרשטעלונג־וועלט, און זיי באַגריסן ביניאָמינען און סענדערלען ווי זייערע העלדן. מענדעלע האָט, אַזויאַרום, באַוויזן אין דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן באָדן, וואָס אין אים זענען אויסגעוואַקסן די ביניאָמינס מיט זייערע אילוזיעס, אין די אַטמאָספער, אין וועלכער זיי האָבן זיך געמערט און געפּרוכפּערט.

„מאַסאָעס בינימין השלישי" איז אַן אויסגעשפּראָכן סאַטיריש ווערק. צו דעם סאַטירישן אין „מאַסאָעס" דערגרייכט מענדעלע אַף צווייערליי אופֿאַנים:

1. דורך אַנטפּלעקן ביזן סאָף דאָס קאָמישע אין ביניאָמינען. ביניאָמין איז קאָמיש דערפֿאַר, ווײַל ער נעמט אויף דיווירקלעכקײַט לויט פֿאָרשטעלונגען און באַגריפֿן, וואָס ער האָט באַקומען פֿון אַן אָפּגעשטאָרבענער רעליגיִעזער קולטור, פֿון לעגענדאַרע באָבע־מײַסעס. ניט בלויז אין כאַ־לעם נעמט אויף ביניאָמין דאָס קעלבל פֿאַר אַ ראָוו, נאָר אויך אַפֿן וואָר נעמט ער אויף דעם פּויער פֿאַר אַ גאַזלען, דעם צוויט אַף דעם טײַך פּיאַטאָגנילעווקע — פֿאַר אַ מעשונע גרויסן יאַם־פֿיש, וועגן וועלכן ס׳איז פֿאַראַן אַ שײַנער שמועס אין דעם ספֿר „צייל אוילעם", די שאָטנס פֿון די וועשערנס אין וואַסער — פֿאַר יאַם־ווײַבער, זיך אַליין — פֿאַר אַלעקסאַנדער מוקדן פֿון זײַן צײַט. צו אַזוינע פֿיגורן, ווי די ביניאָמינס, קען זײַן אַ צווייערלייִקע באַציִונג. אַ רעאַקציִאָנער ראָ־מאַנטישער דיכטער קען אָט די געשטאַלטן אידעאַליזירן, ער קאָן אויסמאָלן זייער אָפּגעשטאַנענ־קײַט אין פֿאַרבן פֿון אידעאַליסטישן מעסירעסנעפֿעש. אַזוי האָט עס טאַקע געטאָן שפּעטער פּערעץ אין זײַנע רעאַקציִאָנערע פּעריִאָד. ער האָט די אַלע פֿיגורן אידעאַליזירט אין דער געשטאַלט פֿון פֿאַרשיידענע סאַטיעס און אוורעמל באַסן, שלוימעס און שמערל וואַסערטרעגערס. זיי וועלן ווערן בײַ אים דער סימוואָל פֿונעם פֿינטעלע ייִד. מענדעלעס שעפֿערישער מעטאָד איז פּראָגרע־סיווער. ער דעקט אויף דאָס קאָמישע אין די ביניאָמינס, טאָלצעס און טרײַנעס אין אויפֿדעקנדיק דאָס אַף אַ סאַטירישן אופֿן, דעקט ער אויף זייער טאָכ. מענדעלעס שעפֿערישער מעטאָד פֿאַרקריפּלט ניט די ווירקלעכקײַט, פֿאַרקערט, ער אַנטבלויזט זי ביזן גרונט. מענדעלע באַווײַזט, ווי דער קעגנ־זאַץ צווישן מיטלאַלטער, אין וועלכן עס שטעקן אָט די ביניאָמינס, מיט דער נײַער צײַט, מיט דער נײַער ווירקלעכקײַט, איז דער קוואַל פֿון ליידן פֿאַר די ביניאָמינס און סענדערלעך; ער באַווײַזט, ווי פֿאַר זייער אָפּגעריסנקײַט פֿונעם לעבן, פֿאַר זייער אָפּגעשטאַנענקײַט ווערן זיי באַשטראָפֿט אַף יעדן טריט און שריט, ביז זיי פֿאַלן אַרײַן אין די הענט פֿון די צוויי כאַפּערס, וועלכע זיי נעמען אויף פֿאַר שײַנע קאָשערע ייִדן.

2. דורך פּאַראָדיע. די פּאַראָדיע איז אין „מאַסאָעס" אַ צווייערלייִקע: אַ אינהאַלטלעכע און אַ שפּראַכלעכע. די העלדן, וואָס טרוימען וועגן גרויסע מײַסים, וועגן אויסלייזן די ייִדן, — גייען אין דער ווירקלעכקײַט אַרום איבער די הײַזער, ציטערן פֿאַר זייערע ווײַבער, פֿרעגן בײַ אַ פּויער „קודי דאָראָגאַ אַף ערעץ־ייִסראָעל", ווערן אַנטציקט פֿון דער פּיאַטאָגנילעווקע, פֿירן זיך אויף אין דער גרויסער שטאָט ווי סאַמע קליינשטעטלדיקע באַטלאָנים. די דאָזיקע אינהאַלטלעכע פּאַראָדיע (דער „הויכער גאַנג", די הויכע פּאַטעטישע העראָיִק ווערט פֿאַרוואַנדלט אין איר קעגנזאַץ) ווערט פֿאַרשטאַרקט דורך גלענצנדיקע שפּראַכלעכע פּאַראָדיעס. די פּאַראָדיע הייבט זיך אָן גלײַך אין דער האַקדאָמע און ציט זיך איבערן גאַנצן ווערק.

מענדעלע הייבט אָן ביניאָמינס וועג מיט אַ פּאַטעטישער נאַטור־שילדערונג און גייט גלײַך אַריבער אַף פּאַראָדיע. די פּאַראָדיע ווערט דאָ דערגרייכט ניט בלויז דורך קעגנשטעלן ביניאָמינס ווירקלעכקײַט צו דעם שיינעם באַגינען, נאָר אויך דורך באַנוצן אַרכאַיִש־פּײַערלעכע ביבלישע פֿראַזעס, וואָס רופֿן אַרויס קאָמיזם מיט זייער אָנווענדונג צו אונדזערע נישטיקע פֿאַרשווינען. דער פּאַראָדירטער ביבלישער סטיל מיט דער לעקסיק פֿון ראַבאָנישע ספֿאָרים און באַטלאָנישע פֿאַרטײַטשונגען איז איינער פֿון די פֿאַרשפּרייטסטע סאַטירישע מיטלען אין „מאַסאָעס". מיטן דאָזיקן סטיל האָט ער געשטעלט פֿאַר זיך אַ ציל ניט בלויז אויפֿצורײַסן די אַרכאַיִשע ביניאָמינס, נאָר אויך דעם אַרכאַיִשן סטיל פֿון דער ייִדישער רעליגיִעזער ליטעראַטור און פֿון די שריפֿטן פֿון דער העברעיִישער האַסקאָלע. דעם פּאַראָדיע־ציל דערגרייכט מענדעלע אויך דורך פֿאַרגלײַכנדיקע אײַנפֿאַלן און באַנוצן ציטאַטן פֿון ביניאָמינס סייפֿער מיט זייער ספּעציפֿישער טערמינאָלאָגיע און אַרכאַיִשע ווערטלעך „פּיפּערנאָטער" „לינדנוואָרעם" א. אַז. וו. די נעמען פֿון די קאַפּיטלעך („הורא,

רויטע יידעלעכ", „כידושימ וועניפלאָעס אפ דער פיאטאָגנילעווקע") זענענ אנ אָרגאנישער טייל פונ דער מערקווירדיקער פאראָדיע אפנ אָפגייענדיקנ אונ אונטערגייענדיקנ מיטלאלטער, פונ דער פאראָדיע, וואָס האָט אזוי אָנראכמאָנעסדיק פארמישפעט אי דעמ טונעיאדעווקער־גלופסקער לעבנסיידער אי זייער ראבאָנישע ספאָרימ־קולטור.

„מאסאָעס" האָט מענדעלע אָנגעשריבנ, אָנ שומ סאָפעק, אונטער דער ווירקונג פונעמ שפאנישנ שרייבער סערוואנטעסעס „דאָנ־קיכאָט". אינ „דאָנ־קיכאָט" איז פאראנ דאָס פאָרל דאָנ־קיכאָט אונ סאנטשאָ פאנסא, וואָס לאָזט זיכ אויכ אוועק אינ דער וועלט זוכנ זייערע כאלוימעס. אויכ דאָנ־קיכאָט נעמט אופ די וועלט לויט די פאָרשטעלונגענ אונ באגריפנ, וואָס ער האָט באקומענ פונ אנ אָפגעשטאָרבענער לעגענדארישער ספאָרימ־קולטור, פונ די אָנצאָליקע ריטער־ראָמאנענ מיט זייערע ווילדע מייסעס אונ אוואנטיורעס. אויכ ער באקומט איבער דעמ א מאפּאָלע נאָכ א מאפּאָלע.

די ווירקונג פונ סערוואנטעסנ אפ מענדעלענ, וואָס איז אָפגעטיילט פונ אימ מיט א היפשנ צייט־אָפשטאנד („דאָנ־קיכאָט" איז דערשינענ אינ 1603־טנ יאָר, „מאסאָעס" — אינ 1878) איז א גאנצ געזעצלעכע. זי איז באדינגט דורכ דער ענלעכקייט פונ דער היסטאָרישער סיטואציע אונ פונ די פּאָליטישע אופגאבעס, וואָס זיינענ געשטאנענ פאר ביידע שרייבער. סערוואנטעס האָט געשריבנ זיינ ראָמאנ אפ דער גרענעצ פונ צוויי עפּאָכעס, אפ דער גרענעצ פונ פעאָדאליזמ אונ קאפּיטאליזמ. אינ לעצטנ סאכאקל איז סערוואנטעס געווענ דער פּראָגרעסיווער שרייבער פונ די נייע אופקומענדיקע בורזשואזע שיכטנ. זיינ סאטירע האָט בייז אויסגעלאכט די מענטשלעכע רעשטנ פונ דער פעאָדאלער פאָרמאציע, וואָס לעבנ נאָכ מיט אלטע באגריפנ אונ פאָרשטעלונגענ אונ ווילנ מיט גוואלד זיי אייַנהאלטנ אונ נאָכ באנייענ. סערוואנטעס האָט אופגעדעקט זייער גאנצע פארמישפּעטקייט אונ לעכערלעכקייט, אונ דערמיט געהאָלפנ צו רויִנירנ די פארהאסטע, אָפגייענדיקע וועלט, ער האָט גערופנ צו רעאליזמ אונ ניכטערקייט. דאָנקיכאָט איז געוואָרנ א פאראלגעמיינערונג פונ א מענטשנ, וואָס האנדלט, ניט רעכענענדיק זיכ מיט דער ווירקלעכקייט, וואָס וויל דרייענ אפ צוריק די ראָד פונ דער געשיכטע אונ איז פארוויגט אינ רעאקציאָנערע אוטאָפּיעס.

סערוואנטעסעס פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכע טענדענצ האָט נאָכ אינ XIX יאָרהונדערט געקאָנט זיינ אקטועל אינ רוסלאנד, ווו דער מיטלאלטער האָט זיכ לענגער געהאלטנ, איידער אינ מייַרעוו־אייראָפּע. פונקט, ווי פאר סערוואנטעסנ, אזוי איז אויכ פאר מענדעלענ געשטאנענ די אופגאבע אונטערצורייסנ דעמ פעאָדאלנ שטייגער אינ דער יידישער סוויווע. אפ אָט דעמ באָדנ איז פאָרגעקומענ די ליטערארישע באווירקונג פונ מענדעלענ דורכ סערוואנטעסנ, וועלכע באשטעטיקט די געזעצמעסיקייט, וואָס הערשט אינעמ גאנג פונ ליטערארישע אייַנפלוסנ אונ ווירקונגענ. דער קער צו דער דאָנ־קיכאָט־געשטאלט אינ דער יידישע ליטעראטור איז ענג פארבונדנ מיט דער דעמלטיקער אָפגעשטאנענקייט פונ דער יידישער סוויווע, וואָס האָט איבער א גאנצער ריי אומשטאנדנ ארויסגעגעבנ פונ זיכ אָנ א שיר פאקטישע דאָנ־קיכאָטנ, אלערליי אויסלייזער, פאלשע מעשיכימ.

צוזאמענ מיט די אָנגעוויזענע ענלעכקייטנ זיינענ אָבער צווישנ „דאָנ־קיכאָט" אינ „מאסאָעס" פאראנ אויכ וועזנטלעכע אונטערשיידנ. דער גרעסטער אונטערשייד באשטייט אינ דעמ, וואָס מענדעלע האָט ניט באשאפנ קיינ סאנטשאָ־פאנסא־געשטאלט. סאנטשאָ־פאנסא געהערט צו אנ אנדער קלאס, ווי דאָנ־קיכאָט — צומ אופקומענדיקנ „דריטנ שטאנד", אונ ער איז בא סערוואנטעסנ טאקע קעגנגעשטעלט צו דאָנ־קיכאָטנ מיט זיינ (סאנטשאָ־פאנסעס) רעאליזמ, ניכטערקייט, אופנעמענ דערשיינונגענ אינ זייער ווירקלעכער געשטאלט. סענדערל איז אָבער אינ מענדעלעס שילדערונג אויכ א מינ ביניאָמינ, ער פארמאָגט אינ „מאסאָעס" די זעלביקע לעבנ־דערפארונג אונ לעבנ־פּראקטיק, ער איז בלויז „א מענטש אָנ כאָכמעס", וואָס ווייסט ווייניקער אינ די שווארצע פינטעלעכ, ווי ביניאָמינ.

דער דאָזיקער וועזנטלעכער אונטערשייד איז צו דערקלערנ מיט דער זעלביקער סיבע, וואָס האָט ארויסגערופנ דעמ עלעגישנ טאָנ, דעמ פעסימיזמ אינ דער „קליאטשע". מענדעלע האָט שוינ ניט געקענט האָבנ די זעלביקע סאָציאַלע מונטערקייט, וואָס סערוואנטעס. מענדעלענ איז דאָכ אויסגעקומענ צו פירנ א קאמפ קעגנ פארצויגענעמ מיטלאלטער, בעשאס די קאפּיטאליסטישע אָרדענונג אינ וועלט־מאסשטאב האָט שוינ אנטבלויזט אלע אירע אינערלעכע אונ אויסערלעכע ווידערשפּרוכנ, בעשאס גרויסע מאסנ פונעמ קליינבירגערטומ אינ רוסלאנד האָבנ גענומענ פילנ אפ זייער אייגענער הויט דעמ עמעסנ באטייט פונ די גליקנ פונעמ קאפּיטאליזמ. מענדעלע האָט שוינ ניט

גועקענט באשאפן זײַנע פּאָזיטיווע סאַנטשאָ־פּאַנסאַ, ער האָט דעריבער ניט פאַרענדיקט די לעבנ־גע־שיכטע פון זײַן דאָנ־קיכאָט, ער האָט זי געלאָזן אינמיטן. מענדעלע האָט ניט געבראַכט ביניאָמינען צו כאַראָטע, פאַרקערט, ער האָט אפילע פאַרגעשטעלט זײַן דאָנ־קיכאָט מיט א געוויסער צעצווייט־קײַט. פון איין זײַט, איז ער בא אים די פאַרקערפּערונג פון אַן אנאכראָנישער אָפּגעלעבטער קול־טור, פון דער צווייטער זײַט, איז ער דער איינציקער בונטאַר, אומצופרידענער אין די פאַרשלאָ־פענע טונעיאַדעווקעס. אינעם ווערק גייט דורכ א דינער — עמעס ביז׳ גאָר דינער און ווייניק דורכזיכטיקער — הויכ פון פאָלקיסטישער מיטלייד און סימפּאַטיע צו ביניאָמינען און סענדערלען. באַזונדערס זעען מיר עס אין די לעצטע קאַפּיטלען, ווו מענדעלעס פײַנטשאַפט טראָגט זיכ אַרי־בער אינגאַנצן אַפ די „שיינע ייִדן“.

די „מאַסאָעס“־סאַטירע איז, אַזויאַרום, געבליבן אויסזיכטלאָזיק, אָן א פּאָזיטיווער פּראָגראַם. דאָס פאַרמינערט אָבער ניט דעם ווערט פון „מאַסאָעס“, וואָס איז אין גרונט דאָס שאַרפסטע אַנטיפעאָ־דאַלע ווערק, וואָס איז פאַראַן אין דער ייִדישער קלאַסישער ליטעראַטור.

מענדעלעס וואַקלדיקײַט אפילע אינעם סאַמע ראַדיקאַלסטן פּעריאָד פון זײַן שאַפן איז צו זען אויכ אין דעם פאַקט, וואָס אין דער זעלביקער צײַט, וואָס ער האָט געשריבן און געדרוקט זײַנע „קליאַטשע“ און „מאַסאָעס“, האָט ער אויכ אָפּגעדרוקט אַזוינע אויסגעשפּראָכן רעליגיִעזע ווערק, ווי די איבערזעצונג פון די רעליגיִעזע שאַבעסדיקע „זמירעס“ און פון דעם רעליגיִעזן „פּיירעק שירע“. דער זעלביקער מענדעלע, וואָס האָט אין זײַנע גרונט־ווערק פון די 60 — 70־ער יאָרן אָנראַכמאָנעסדיק אַרונטערגעריסן די פּאַראַזיטישע שיכטן מיט זייער ייִדישקײַט, האָט מיט זײַנע איבערזעצונגען אַליין מיטגעהאָלפן צו פאַרשפּרייטן אין די מאַסן אָט די ייִדישקײַט, און דאָס איז געווען נאָכ געפערלעכער דערמיט, וואָס די דאָזיקע ייִדישקײַט איז בא אים צוגעפּראַוועט קלוימערשט מיט כאָכמע און נאַטורוויסנשאַפט. כוץ דעם זענען די איבערזעצונגען אָנגעשפּיקע־וועט מיט עכטן קלעריקאַליזם, נאַציאָנאַליזם און מאָנאַרכיזם.

## 7

אין די יאָרן 1879 — 1880 האָט זיכ מענדעלעס מאַטעריעלע לאַגע אַפ אַזויפיל פאַרערגערט, אַז ער האָט געמוזט אָנקומען צו שטיצע פון א ב׳רושוואַזן מעצענאַט (דער באַראָן האָראַצי גינז־בורג פלעגט אים אַרײַנשיקן אַלע כוידעש א געוויסע סומע געלט). אין מעשעכ פון די לעצטע 70־ער יאָרן האָט מענדעלע נאָכ עטלעכע מאָל געמאַכט פּרוּוון צו באַקומען א דערלויבעניש פון דער צאַרישער רעגירונג אַפ אַרויסצוגעבן א צײַטונג אַפ ייִדיש, אָבער אָן דערפאָלג. אין יאָר 1881 האָט מענדעלע פאַרלאָזט זשיטאָמיר און זיכ באַזעצט אין אָדעס, ווו ער האָט געקריגן די שטעלע פון א פאַרוואַלטער אין דער רעפאָרמירטער טאַלמעטוירע. אין אָדעס איז שוין מענדע־לע פאַרבליבן ביזן סאָפ פון זײַן לעבן.

אָדעס איז, ווי באַוווּסט, געווען אַן ערשטגראַדיקער עקאָנאָמישער און קולטורעלער צענטער פון דער נײַ־אויפגעקומענער ייִדישער בורזשואַזיע און פון דער בורזשואַזער האַסקאָלע. אין מע־שעכ פון די 60־ער יאָרן איז אין אָדעס אַרויסגעגאַנגען א ריי זשורנאַלן אַפ רוסיש, העברעיִש, ייִדיש, אין וועלכע די נײַ־אויפגעקומענע בורזשואַזיע האָט פאַרשפּרייט אירע אידייען (די רוסישע: „ראַסוועט“ (1860—61), „סיאָן“ (1861—62), „דיען“ (1869—1871), דער העברעיִשער „האַמייליץ“ (אָנגעהויבן פון 1860), דער ייִדישער „קאָל־מעוואַסער“ (1862—1872). קיין אָדעס איז געלאָפן יעדער איינער, וואָס האָט געשטרעבט צו בילדונג. בא די פּראָווינציעלע מאַסקילישע בונטאַרן האָט אָדעס געשעמט ווי א צענטער פון בילדונג, פון אויפקלערונג, פון מענטשלעכקײַט. פאַרקערט, בא די אָפּגעשטאַ־נענע קאָנסערוואַטיווע שיכטן איז געווען פאַרשפּרייט א שפּריכוואָרט: „פּערציק ווערסט אַרום אָדעס ברענגט דער גענעם“. ניט זעלטן אָבער פלעגט א פאַרצווייפלטער קליינבירגערלעכער מאַסקיל, וואָס איז געקומען א באַגײַסטערטער קיין אָדעס, דערפילן דעם ביטערן טאַם פון קאַמף פאַרן לעבן אין דער רוישיקער קאַפּיטאַליסטישער שטאָט און פלעגט פאַרשעלטן די דאָזיקע שטאָט (לינעצקי).

דער אָדעסער פּעריאָד פון מענדעלעס שאַפן פאַלט צונויפ מיטן פינצטערן פּעריאָד פון דער צאַריש־פּאָליציייִשער רעאַקציע, וואָס האָט זיכ פאַרשטאַרקט אין רוסלאַנד אין די 80־ער יאָרן,

אין די יאָרן, ווען גרויסע טיילן פון דער ראַדיקאַלער בורזשואַזער און קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון די אידייען פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע, האָבן זיך אַרײַנגעלאָזט אין ייִעש און אַפּאַטיע אָדער אין קאַריעריזם. אין די צווישנ־נאַציִאָנאַלע באַציִונגען האָט זיך די פּאָליטישע רעאַקציע אויסגעדריקט אין דער אומגעהײַער פאַרשטאַרקטער אונטערדריקונג מיצאַד דעם צאַריזם בענוגייע צו די ניט־רוסישע נאַציעס (אוקראַיִנער, ווײַסרוסן, ייִדן א. אַנד.), ספּעציעל אין דער פאַרשטאַרקונג פונעם אַנטיסעמיטיזם, אין דער אָרגאַניזאַציע פון ייִדישע פּאָגראָמען (אין די ערשטע 80־ער יאָרן זענען אין אַסאַך שטעט און שטעטלעך פון אוקראַיִנע פּאָרגעקומען פּאָגראָמען אף ייִדן). אָנשטאָט צו פירן א קאַמף קעגן דער אונטערדריקונג־פּאָליטיק פונעם צאַריזם, איז די בורזשואַזיע פון די אונטערדריקטע פעלקער געגאַנגען אף האַנאָכעס בענוגייע צו אים, אף שקלאַפערישער אונטערלעקערײַ. אין דער ייִדישער סוויווע האָט עס זיך אויסגעדריקט, צווישן איבעריקן, אויך אינעם אויפקום פון דער בורזשואַז־נאַציִאָנאַליסטישער „כיבעס־ציִען“־אידייע — דער אידייע צו גרינדן אין פּאַלעסטינע באַלעגופישע קאָלאָניעס מיטן ציל אָפּצוציִען די מאַסן פונעם קאַמף קעגן דעם צאַריזם. אייניקע קליינבירגערלעכע שיכטן האָבן זיך געלאָזט אף דער כיבעס־ציִען־וועגטקע. קליינבירגערלעכע מאַסקילים זײַנען געוואָרן פאַרברענטע נאַציִאָנאַליסטן און כוּוועוו־ציִען. אין אָדעס איז געווען דער שטאַב פון דער כיבעס־ציִען־באַוועגונג אין דער שפּיץ מיט איר פירער דר. לעאָ פּינסקער. קיין אָדעס פלעגן שוין איצט, ווי פריִער מאַסקילים, זיך לאָזן צענדליקער און הונדערטער פּראָווינציעלע קליינבירגער אפן וועג פון זוכן א נאַכלע אין פּאַלעסטינע.

ווי איז געווען מענדעלעס פּאָזיציע אין דער דאָזיקער צײַט פון בראָך און איבערבראָך בא א גרויסן טייל בורזשואַזער און קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ?

אָן דער כיבעס־ציִען־באַוועגונג האָט זיך מענדעלע ניט אָנגעשלאָסן. אין אַן אויסגעצייכנטער סאַטירע האָט שפּעטער דער אָוטער פון „מאַסאָעס“ אויפגעדעקט דאָס טראַגיקאָמישע פּאָנעם פון די נײַע כיבעסציִענדיקע ביניאָמינס. אין דער נאָוועלע „אין א שטורעמצײַט“ האָט מענדעלע געשילדערט, ווי לייב דער מעלאַמעד און מענדעלע מויכער־ספאָרימניק, בא וועמען די פּאַרנאָסעס זענען אין די 80־ער יאָרן געוואָרן מוירעדיק געשלאָגן, האָבן זיך געלאָזט קיין אָדעס בעטן א נאַכלע אין ערעץ־ייסראָעל און אָנהייבן דאָרטן „צו לעבן אין אוישער און אין קאָוועד“. מיט אַנטוישונג האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין גלופּסק, צוריק צו די אַלטע פּאַרנאָסעס.

די נאַציִאָנאַלע פּראָבלעם האָט אָבער מענדעלען באַשעפטיקט, און ער ווײַזט אַרויס איך דעם געביט וואַקלענישן צווישן די צוויי פליגלען פון דער בורזשואַזיע: צווישן דעם ליבעראַל־בורזשואַזן רוסיפיקאַטערישן פליגל און דעם ייִדישן־נאַציִאָנאַליסטישן פליגל. ער אַרבעט איבער אף ייִדיש לעאָ פּינסקערס „אַווטאָעמאַנסיפּאַציע“ (א בראָשור, וווּ פּינסקער האָט אַרויסגעשטעלט דעם געדאַנק, אַז דער איינציקער אויסוועג צו לייזן די ייִדן־פּראַגע איז אַן אייגן לאַנד) און עס א נאָמען געגעבן „א סגולע צו ייִדישע צאָרעס“. אין דער זעלביקער צײַט דריקט ער אויס אויך אַנדערע ליבעראַל־בורזשואַזע שטימונגען, אַז „דאָס לאַנד (רוסלאַנד), אין וועלכן מיר זענען געבוירן, אַרבעטן און וועלן שטאַרבן, איז אונדזער פאָטערלאַנד“. מענדעלעס וואַקלונגען שפּיגלען זיך אָפּ אפילע אין דער באַציִונג צו העברייִש. אין די 80־ער יאָרן קערט זיך אום מענדעלע נאָך א לאַנגן איבעררײַס צוריק צו העברייִש, פּאָרזעצנדיק גלײַכצײַטיק צו שרײַבן אין ייִדיש.

אַן אַנדערס מאָל פאַלט ער אַרײַן אין שטימונגען פון וועלן אַנטלויפן פון דער ציוויליזאַציע. אין א בריוו צו בינשטאָקן פון 1882 יאָר שרײַבט ער: „איך בין איצט פולקום אייניק מיט רוסאָ, וואָס האָט גערופן די מענטשן אַוועקצוואַרפן צום טײַוול זייער נאַרישע ציוויליזאַציע און צוריק אומקערן זיך אין די וועלדער“. מיר הערן דאָ די געבראָכענע שטים פונעם קליינבירגער, וואָס געפינט זיך אינעם שוידערלעכן קלעם צווישן דעם צאַרישן דרוק און דעם דרוק פונעם קאַפּיטאַליזם, און אין זײַן בורזשואַזער באַגרענעצטקײַט זעט ער ניט קיין אויסוועג פון דער דאָזיקער לאַגע.

די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע שטימונגען מענדעלעס פאַלן צונויף מיט זײַנע פּערזענלעכע שטימונגען. אין אָדעס איז מענדעלע שוין געווען ווי ס'ניט איז מאַטעריעל באַזאָרגט, דערפאַר אָבער איז ער געוואָרן א שקלאַף בא די אָדעסער מאָדערנע בורזשואַזע גאַבאָיִם. אַלס פאַרוואַלטער פון דער טאַלמעטוירע האָט ער געהאַט צו טון מיט די דאָזיקע מאָדערניזירטע „אויפגעקלערטע“ פּײַנע

בריעס, וואָס פלעגן קומען מיט אַ ברייטער דייַע, זיך האַלטן פאַר גרויסע מעווינים, און אַריינ־מישן זיך אין יעטווידער קליייניקייט.

ניט אומזיסט האָט אים אָנגעהויבן ציִען קיין „באַרדיטשעוו". אין אַ בריוו פון 1886 יאָר שרייַבט מענדעלע: מייַן מוזע געפינט זיך ניט אין אָדעס, נאָר דאָרט, אַף די ברעגעס פון גני־לאָפּיאַטקע (בערדיטשעוו) און טעטערעוו (זשיטאָמיר). אַ העלפט פון מייַן רייַכטום פאַר אייַנ באַרדיטשעווער ייִדן!" אַף זייַן שאַפן הייבט ער אָן קוקן, ווי אַף אַ מין שיקרעס, וואָס העלפט אים צו פאַרגעסן זיך אין דער ווירקלעכקייט. די דאָזיקע פאַרלווירנקייט מענדעלעס, זייַן וואַקלע־ניש האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זייַן שאַפן פון די 80־ער יאָרן.

אויך אין זייַן שאַפן פון די 80־ער יאָרן פאַרבלייַבט מענדעלע אין אַ גרויסער מאָס אַף די פּאָזיציעס פון דער קלייינבירגערלעך־מאַסקילישער אידעאָלאָגיע מיט אַלע אירע פּראָגרעסיווע און רעאַקציאָנערע טענדענצן. די דראַמע „דער פּריזיוו", וואָס מענדעלע האָט דאַן אָנגעשריבן נאָך אַ לאַנגן איבעררייַס, איז אין גרונט אַ מאַסקילישע אַנטיפּעאָדאַלע דראַמע, אַ מין וואַריאַנט פון דער „טאַקסע". ווידעראַמאָל האָבן מיר דאָ די נעגידים־באַלטויוועס, וואָס רייַבן זיך אַרום דער טאַקסע, די אומגערעכטיקייט מיצאַד דעם קאָהאָל באַם פּריזיוו, דעם קלייינבירגערלעכן מאַסקיל אַלעקסאַנדער, וואָס קלייַבט זיך באַגליקן דאָס פאָלק ייִסראָעל מיט זייַנע אופּטועכצן אַלס קאַזיאָנע ראָוו, דעם פאָלקמענטש זאַלמען קריסטאַל, אַ מין וואַריאַנט פון אייַזיק זאַיִקע, וואָס קריטיקירט די קאָהאָלשע מייַסים, די קינדער פון דער אָרעמשאַפט, אַלעקסאַנדער און הערשעלע, וואָס אין רע־זולטאַט פון די קאָהאָלשע מאַכינאַציעס ווערן זיי אָפּגעגעבן אין סאָלדאַטן (אין דער צייַט, ווען יויכנצע דעם קאָהאָל־מענטשס זון ווערט באַפרייַט), און עס ווערט צעשטערט די יונגע ליבע צווישן אַלעקסאַנדערן מיט ראָכעלען.

דערפאַר טאַקע, וואָס מענדעלע איז „אין פּריזיוו" פאַרבליבן אין אַ גרויסער מאָס אַף זייַנע אַנטיפעאָדאַלע פּאָזיציעס, האָבן מיר אין אָט דעם ווערק אַ ריי קרעפטיק געשילדערטע וואָר־האַפטיקע געשטאַלטן פון דער פּאַראַזיטיש־מיטלאַלטערלעכער שיכט און פון אירע באַדינער, ווי רעב יויכנצע דער ראָוו, זייַן זון כאַצקעלע, עפּעס אַ מאַכער אין קאָהאָל, פייַוויש דער שאַרכן, די קאָלעקטיווע נעגידים־געשטאַלט. פאַרקערט, די פּאָזיטיווע געשטאַלטן זייַנען איבער אַ ריי לי־בעראַל־מאַסקילישע אילוזיעס, וואָס מענדעלע האָט זיך ניט געקענט באַפרייַען פון זיי, אַרויסגע־קומען זיסלעך־פּריקרע. מענדעלע האָט ניט געזען די רעוואָלוציאָנערע קרעפטן, וואָס קענען אופּ־הייבן דעם קאַמף קעגן דער קאָהאָל־באַנדע. אַפן „פּריזיוו" לויערט דערום מאַכטלאָזיקייט און אויס־זיכטלאָזיקייט.

די רעאַקציאָנערע ווירקונג פון די 80־ער יאָרן איז צו זען אין דער רעאַביליטאַציע פון „באַלטאַקסע". אינעם „פּריזיוו" האָט מענדעלע דורכגעפירט די אידיי, אַז ניט דער באַלטאַקסע איז שולדיק, נאָר אויסשליסלעך די נעגידים־באַלטויוועס, וואָס מאַכן אַף אים אַ דרוק. דער „באַלטאַקסע" און זייַן מישפּאָכע ווערן אין „פּריזיוו" אידעאַליזירט.

## 8

די פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע זייַטן פון מענדעלעס אידעאָלאָגיע אין די 80־ער יאָרן זענען באַזונדער שאַרף געקומען צום אויסדרוק אין דעם איבערגעאַרבעטן און פאַרגרעסערטן וואַריאַנט פון „פישקע דער קרומער" (1888), וואָס געהערט — צוזאַמען מיט „מאַסאָעס" — צו די קינסטלעריש רייַפסטע ווערק מענדעלעס.

מענדעלע (דער אויטער) זאָגט וועגן זיך אין דער ווידמונג צו מענאַשע מאַרגוליס, אַז זייַן קינסטלערישער אָביעקט איז די טאָרבע, די פאַרשיידענע מינים טאָרבעס, טאָרבעס פּאַראַזיטישע פון נידעריקע מענטשעלעך און טאָרבעס אומגליקלעכע פון עוויונים, קאַפּצאָנים. די טאָרבע — דאָס איז די פּראָבלעם פונעם פאַרקריפּלטן סאָציאַל־עקאָנאָמישן זייַן פון דער ייִדישער מאַסע אין קלעם פון דער צאַריש־פּאָליציייִשער מעלוכע און פון אירע אַגענטן צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין געשטאַלט פון פאַרשיידענע — סייַ אופגעקלערטע, סייַ ניט אופגעקלערטע באַלטויוועס; די טאָרבע — דאָס איז אַלטער און מענדעלע מיט זייערע גלופּסקער געשעפטן, בייַ־טענישן, שידוכים; דער צעבראָכענער געמיט פונעם קלייינבירגער אין די פינצטערע 80־ער יאָרן

קומט צום אויסדרוק אין מענדעלעס איבערלעבענישן אין דער נאכט, ווען מע האָט אים אָפּגעשווירן די פּייע; די טאָרבע — דאָס זענען די עכטע רעאַל־קינסטלערישע פּישקע דער קרומער און די האָרבאַטע יעסוימע מיט זייערע יעסורים און פּיין, וואָס זיי שטייען אויס פונעם רויטן מאַמזער פּייוויש. אָט די דאָזיקע טאָרבע, וואָס מענדעלע האָט מיט איר אָנגעהויבן זיין קינסטלערישן שאַפן אין די 60־ער יאָרן (אין „קליינע מענטשעלע" און אין „טאַקסע") און האָט זי דערנאָך אין די 70־ער יאָרן (אין „די קליאַטשע" און „מאַסאָעס") אויסגעלייטערט אונטער דער ווירקונג פון די ראַדיקאַלע אידייען, האָט ער איצט אין „פּישקע" אויסגעדריקט אין בלוטפולע רעאַל־קינסטלערישע געשטאַלטן.

די קאָמפּאָזיציאָנעלע פאָרם פון „ניי־פּישקע" איז געבליבן די זעלביקע, ווי אין „אַלט־פּישקע", נעמלעך, באַהעפטונג פון דער ראַם־נאָוועלע (מענדעלע און אַלטער) מיט דער מייסע־נאָוועלע (פּישקעס געשיכטע); די פונקציעס פון דער ראַם־נאָוועלע זענען שוין אָבער איצט פאַרברייטערט געוואָרן. אויסער דער שטרעבונג צו געבן דעם אַדרעסאַט — די גרופּע, אויף וועלכער דער שרייבער וויל דירעקט ווירקן (מענדעלע איז דער אַגיטאַטער בענעגייע צו דער אַלטער־שיכט, איר וועקער און אויפרודערער) איז דאָ די פונקציע פון דער באַראַמונג צו געבן פאַר דער שמאָלער טאָרבע־מייסע — אַ פאַרברייטערטן טאָרבע־פּאָן. דאָס דערגרייכט מענדעלע מיט זיינע אַריינשטעלונגען אין קריטיש־פּובליציסטישע אָפּוועגדונגען.

וויאַזוי האָט אָבער מענדעלע געוואָלט לייזן די טאָרבע־פּראָבלעם? דאָ זעען מיר זיין גאַנצע אומבאַהאָלפנקייט, די גאַנצע פאַרלוירנקייט זיינע, וואָס מיר האָבן שוין פריער אָפּגעמערקט. קיין נייע אויפריכטנדיקע קרעפטן זעט ניט מענדעלע. דאָ איז ער „אימשטאַנד בלויז, אַזויווי ירמיעיאָהו צו באַוויינען די ליידן, אונטערטעניק אָננעמען דעם כיילעק צאָרעס פון זיין פאָלק". דאָ ווערט מענדעלע, ווי ער זאָגט אין דער ווידמונג, אַן אויסזיכטלאָזיקער מאָרעשכוירעניק, וואָרעם די האָפענונגען, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט אויף דער בורזשואַ ער „ווערסנע", זענען שוין לאַנג אַוועק — די מאַסקילישע אילוזיעס זיינען שוין לאַנג אויסגערונען, די געשעענישן אין די 80־ער יאָרן האָבן זיי ענדגילטיק פאַרניכטעט. די בורזשואַזע ציוויליזאַציע האָט אים שוין באַוויזן איר אויפגעדעקט מיעס פּאָנעם, און די רעוואָלוציאָנערע קויכעס, וואָס האָבן שוין אָנגעהויבן יווירן אין די טיפענישן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין די 80־ער יאָרן, זעט ניט מענדעלע. פון פאַרלוירנקייט און אויסזיכטלאָזיקייט שטאַמט אויך די ראָמאַנטיש־אַוואַנטיוריסטישע קאָמפּאָזיציע פון „פּישקע" (דאָס טרעפן זיך אין טינטערל מיט אַלטערן, מענדעלעס אַריינפאַלן אין פּאָליציי, די באַגעגעניש מיטן מאַמזער אויפן שפּאַציר, דאָס טרעפן די כאַליאַסטרע אין וואַלד, אַלטערס קרוּוועשאַפט מיט דער האָרבאַטער און אַ גאַנצע ריי אַנדערע מאָמענטן).

די ראָמאַנטישע עלעמענטן זענען אָבער ניט די באַשטימענדיקע אין „פּישקע". מענדעלע דריקט דאָ אויס דעם שטאַרקסטן ווידערגעפיל צו גלופּסק, פונוואַנען ער איז אַוועק מיט אַזויפיל פאַרביטערטקייט. אַדעס האָט ניט בא מענדעלען קיין דעפינירנדיק־פיינטלעכן נאָמען, גלופּסק יאָ. גלופּסק איז טאַקע היימיש, טייער און ליב, גלופּסק איז אָבער שעדלעך — און מענדעלע רייסט אויף אין „פּישקע" מיט אַ גרויסער קינסטלערישער קראַפט די גלופּסק־געשטאַלט. עמעס, די האַנדלונג פונעם ראָמאַן קומט פאָר ניט אין גלופּסק, גלופּסק אָבער פיגורירט אין גאַנצן ראָמאַן, ווי אַ קוואַל פון דער „טאָרבע". מיר זעען און פילן גלופּסק מיט אירע קאַפּצאָנים און פּאַראַזיטן, אָרעמלייט און באַלטויוועס, קליי־קוידעש און קאָהאָלס־לייט, מיט איר גאַנצן דאַלעס און פאַרומערט לעבן. אין „פּישקע" האָט מענדעלע אָפּגעלייקנט די מיטלאַלטערלעכע גלופּסק אין עקאָנאָמיק, שטייגער און קולטור.

ווי אין „מאַסאָעס", אַזוי ווערט אויך אין „פּישקע" גלופּסק אָפּגעלייקנט דורך אַ סיסטעם פּאַראָדיעס, היפּערבאָליש־קאַריקאַטורישע סצענעס, דורך פּובליציסטישע אַרויסזאָגונגען און שטעכווערטלעך, דורך צוויידייטיקע ווונקען, באַזונדערס אין די טיילן, ווו מענדעלע רעדט וועגן זיך. דאָס דאָמינירנדיקע אין „פּישקע" איז סאָפּקאָלסאָף דאָס אַנטיפּעאָדאַלע, און דאָס האָט באַדינגט דעם סאַטיריש־רעאַליסטישן מעטאָד באַם שילדערן געשטאַלטן, סוויוועס, באַציונגען.

די פיגורן מענדעלע און אַלטער פאַרנעמען אַ בעקאָוועדיק אָרט אין דעם געשטאַלטן־אויצער פון דער קלאַסישער יידישער ליטעראַטור, באַזונדערס אין דער געשיכטע פון די מענאַכעם־מענדל־געשטאַלטן. מענדעלע און אַלטער געהערן צו איין סאָציאַלער שיכט. זייער סאָציאַלע פּסיכאָלאָגיע

איז דערום ענלעך. זיי האָבן ענלעכע גענגעלעך אין „געשעפט“ (הענדעם־פענדעם־אסאָקים, קאָמביניציעס, בוידעמס, האנדל־יעיצערהאָרע און געשעפט צוליב געשעפט), אַן ענלעכע פאראכטנדיקע באַציִונג צו פיזישער ארבעט; ביידע זענען זיי אָנגעשטעקט מיט דער ספּעציפישער „אטאָבעכאַרטאָנו“־גײַווע בענעגייע צו אַנדערע פעלקער; ביידע שלעפּן זיי דעם יאָך פון אַן אָפּגעלעבטער קולטור, וואָס האלט זיי אָפּגעריסן פון דער נאטור, דערשטיקט אין זיי די נאטירלעכע מענטשלעכע געפילן און באַדערפענישן; ביידע זענען אויסגעפאָרמירט געוואָרן דורך דער דוירעסדיקער פעאָדאַל־סאָכרישער, ראַבּאָנישער קולטור פונעם מיטלאַלטער. די ענלעכקייט זעט מען אפילע אין זייער ארט ריידן, זשעסטיקולירן (די סצענע בייסן צונויפשטויסן זיך אינעם „טיגנטערל“). ביידע האָבן זיי איינע־און־די זעלבע לעבן־כאָכמע אין דער באַציִונג איינער צום אנדערן, באַם דערגיין עפּעס איינער באַם אנדערן, ביידע רעדן בעסמעדרעשדיק מיט פסוקים.

די דאָזיקע צוויי געשטאַלטן אונטערשיידן זיך אָבער אויך אין פיל הינזיכטן. מיט איין פּאָנעם שטעלט מענדעלע פאַר דעם זעלביקן הענדלערישן קליינבירגער אַלטערן — דאָס איז דער מענדעלע, וואָס איז אינגאנצן אײַנגעוועבט אין דער מיטלאַלטערלעכער פעאָדאַל־סאָכרישער קולטור. מיר האָבן אָבער אויך א צווייט מענדעלע־פּאָנעם, א צווייטן מענדעלע, וואָס איז פול מיט אידעאָלאָגישער יוירונג, פאַרמאָגט אַן איראָניש־קריטישע באַציִונג אי צו אַלטערן אי צו זײַן אייגענעם אַלטער־פּאַרצעף, א מענדעלע, וואָס פאַרטראַכט זיך וועגן דעם סאָכריש־ראַבּאָנישן ייִדנטום, זײַנע פּאָראָנדקעס, זײַנע זיטן און אופירונגען, זײַנע פּירערס און באַלטויוועס, זײַנע פאַרזאָרגער און פּאַראַזיטן. דער צווייטער מענדעלע לעבט שוין איבער א גרענעצ צווישן זײַן „ייִדישקייט“ (ד. ה. דעם סכום סאָכריש־ראַבּאָנישע באַגריפן און טראַדיציעס) און „מענטשלעכקייט“ (בורזשואַזדעמאָקראַטישע אָנשויונגען און שטייגער־פאָרמעס), האָט ליב די נאטור, דאָס לעבן ביקלאַל, ער פאַרמאָגט א שטענדיק געלעכטערל, וואָס גראַבלט באַם הארצן, א סאַטיריש־דעכאַסקירנדיקע שפּראַך, געווירצט מיטן „נישט דאָס בין איך אויסן“, סאַרקאַסטישע פאַרשפּיצטע מיינען, לאָמדיש־כאַריפעסדיקע ווערטלעך. מענדעלע און אַלטער אונטערשיידן זיך אויך אויסערלעך. מענדעלע האָט א מער לאַמדאָנישן אויסזען, ער איז רויִקער, מעיושעוודיקער, פּראַקטישער, געדאַנקלעכער, אַלטער איז כּול מיט האַמעטנעם אימפּעט, איז מעוווּלוולדיק, ער איז פיזיש שטאַרקער, ער „קען אַרײַן אין רעציכע און געבן א רעכטן קלאַפּ“. די דאָזיקע צוויי געשטאַלטן האָט אַבּראַמאָוויטש אי פאַררייניקט, אי צעטיילט. מענדעלע ליגט אויך אין דעם זעלביקן איי, ווי אַלטער, אָבער ער פּיקט זיך שוין אויס פון דעם איי. מענדעלע איז די קינסטלערישע פאַרקערפּערונג פונעם אומרו, וואָס האָט אָנגעהויבן יוירן אין דער אומדיפערענצירטער ייִדישער מאַסע בײַסן אַרײַנדרינגען פונעם קאַפּיטאַליזם.

אינעם ארויסברענגען דאָס דאָזיקע גלענצנדיקע פּאָרל איז צו זען אויך די פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין מענדעלע־אַבּראַמאָוויטשעס וועלטאָנשויונג, די פּראָגרעסיווע טענדענצן, וואָס האָבן זיך באַ אים פאַרהיט אין א גרויסער מאָס אויך אין די 80־ער יאָרן. אַבּראַמאָוויטשעס סאָציִאַל־אידעאָלאָגישע באַגרענעצטקייט איז אָבער אויך שולדיק אין דעם, וואָס די מענדעלע־געשטאַלט איז ניט שטאַרק דערווײַטערט פון דער אַלטער־געשטאַלט, וואָס זי פאַרמאָגט ניט קיין ברייטע סאָציִאַלע האָריזאָנטן, קיין פּערספּעקטיוון און אויסוועגן. אפ מענדעלען לויערט טאָמיד די געפאַר צונויפצוגיסן זיך צוריק מיט אַלטערן: ער לאַכט פון דאַוונען — און דאַוונט, ער לאַכט פון פאַסטן — און פאַסט.

ווידערשפּרעכלעך איז אין „פישקע דער קרומער“ אויך דאָס געשטאַלטן־פּאָרל פישקע דער קרומער מיט בײַלע דער האָרבאַטער. דער ראָמאַן צווישן זיי געהערט ביז איצט נאָך צום בעסטן, וואָס איז פאַראַן אין דער ייִדישער ליטעראַטור אפ דער טעמע ליבע, אויך דאָס דאָזיקע געשטאַלטן־פּאָרל איז א פּראָדוקט פון דעם, וואָס מענדעלע איז געווען באַווירקט פון עלעמענטן פון דער פאָלקיסטישער אידעאָלאָגיע, וועלכע האָבן אים געשטויסן צו זוכן אין די פיגורן פונעם געזעלשאַפטלעכן אונטערגרונט שיינע מענטשלעכע געפילן, אשטייגער, טרײַשאַפט, איבערגעגעבנקייט, עמעסע ליבע, וואָס דערהייבט, — דאָס אַלץ, וואָס ער האָט ניט געפונען באַ די פּאַראַזיטישע שיכטן. די פּסיכאָלאָגישע ליניע פון פישקעס איבערלעבונגען אין דער באַציִונג צו זײַן ווײַב און צו דער האָרבאַטער איז פאַנאַנדערגעוויקלט מערקווירדיק איבערצײַגנדיק און מאָטיווירט. צוזאַמען דערמיט גייט אָבער באַ מענדעלען דאָס אידעאַליזירן און לאַקירן די דאָזיקע געשטאַלטן מיט זייער גאַנצער האכנאָעדיקייט און פּאַסיווקייט, דאָס צופּוצן דעם קליינבירגערלעכן עלנט. כאַראַקטעריסטיש

זענען אויך: די בלינדע מיט איר געמאכטער צניעס, פאלשקייט, שלעכטקייט, פייווישקע דער רויסער מאמזער מיט זיין ביטערקייט, בניפעדיקייט, אָנראכמאָנעסדיקער שלעכטקייט. ביז גאָר טיפיש איז געשילדערט געוואָרן דאָס פּאָרל כאים־כאָנע און זיין ווייב כייע־טריינע, וואָס איז א וואריאנט פון סענדערל די יידענע און פון זיין ווייב.

אין „פישקע דער קרומער" האָט מענדעלע געגעבן א ריי גלענצנדיקע סאטיריש־רעאליסטישע שילדערונגען, וואָס זענען אין דער ביזאָקטיאבערדיקער יידישער ליטעראטור ניט אריבערגעשטיגן געוואָרן, צום ביישפּיל, די שילדערונג פון דער באָד, פון דער קרעטשמע, פונעם העקדעש א. ד. גל. מענדעלעס נויגונג צו שילדערן אָט די סוויווע־פּייזאזשן שטאמט, פון אייג זייט, פון זיין ווענן סאטיריש ארונטעררייסן אָט דעם לעבנשטייגער און, פון דער אנדערער זייט, פון זיין דראנג צו פארצייכענען פאר דורעס דאָס געוועזענע לעבן, וואָס פארשווינדט, וואָס איז פארהאסט און עס פארבלייבט דאָך מענדעלען צייטנווייז טייער. מענדעלעס סוויווע־פּייזאזשן זיינען מאסנארטיק, אָנגעזעטיקט מיט סאָציאלער פּסיכאָלאָגיע, שטימען מיט די סארקאסטישע, אָפּט פארשפּיצטע ווינקעגישן פון דער מענדעלע־פיגור אפ פארשיידענע סאָציאלע דערשיינונגען אינעם לעבן פון די יידישע מאסן (דאָס בילד בא דער קרעטשמע, אין דער קרעטשמע גופע, אין באָד). מענדעלע קארגט ניט קיין דעטאלן, אָבער די דעטאליזירונג איז ניט קיין פּראָטאָקאָלישע. די שילדערונג פון דער קרעטשמע אין „פישקע" איז א זעלטן פּלאסטיש בילד, געגעבן אין א מערקווירדיקער פּערספּעקטיוו, דערווארעמט מיטן דערציילערס הומאָריסטישער באציונג.

„פישקע דער קרומער" איז אויך רייך מיטן נאטור־פּייזאזשן — זומערדיקע פעלדער, זומער־באטאָג, זומער־באנאכט, אין וואלד באנאכט. מענדעלעס נאטור־פּייזאזש איז אן אויסגעשפּראָכן רעאליסטישער, און דערביי מאכט ער כויזעק איבער די מאסקיליש־אידילישע נאטור־שילדערונגען. אין דער שילדערונג פונעם זומער־באטאָג איז די היץ אזוי מאמאָשעסדיקע, אז מע' קען זי' מאמעש אָנטאפּן מיט די הענט. דערגרייכט האָט צו דעם מענדעלע מיטן שילדערן דעם זעלבסטגעפיל פון אלערליי לעבעדיקע באשעפענישן אין דעם דאָזיקן זומער־באטאָג — בעהיימעס, פויגלען, מענטשן. אין איין אויסטערליש ריטמיש־הארמאָניש בילד פון מידער פארשמאכטקייט זענען דאָ צונויפגעגאָסן געוויקסן, באלעכאיִמ, מענטשן, און דאָס פארקריצט זיך טיף אין אונדזער זיקאָרן. דאָס זעלבע ריטמיש־הארמאָנישע בילד, נאָר פון אן אנדער שניט, איז די שילדערונג פונעם פארנאכט. געוויקסן, באלעכאיִמ, מענטשן גיסן זיך צונויף אין איין הארמאָנישן דראנג צו געניסן פונעם לעבן. מענדעלעס ליבשאפט צו שילדערן דעם נאטור־פּייזאזש שטאמט פון זיין ווידערגעפיל אי צו „גלופסק", אי צו „אָדעס" — אי צום פעאָדאליזם, איז צום קאפּיטאליזם. אין דער נאטור זוכט ער א טרייסט פאר זיין פארביטערט הארץ. די נאטור האָט אלעמאָל בא מענדעלען א יאָנטעוודיק־פייערלעך אויסזען. פונקט ווי די סוויווע־שילדערונגען, זענען אָבער אויך די נאטור־פּייזאזשן אין „פישקע" צוגעפאסט צום געדאנקענגאנג פון מענדעלען דעם פערסאָנאזש מיט די ווינקענישן אין אָנצוהערענישן. די שפּילפייגלען זינגען זמירעס, די בושלעס די גווארדייצעס פארייסן די קעפּ, דיביימער שאָקלען זיך פרומלעך, איין פויגל טרייבט דעם צווייטן און דער זשוק דער שייגעץ כאפּט... גלייך ווי די נאטור פערסאָניפיצירט די מענטשן־סוויווע, ווי ער שטעלט זיך זי פאָר. די נאטור־עמפינדונג איז דעריבער בא מענדעלען א פאסיוו באוווירקטע, פּונקט ווי די פערסאָנאזשן זיינע גופע.

אין „פישקע" האָט מענדעלע געבראכט צו פולקומקייט זיינע מעטאָדן פון שילדערן פערסאָנאזשן: דאָס סקולפּטוריש־פּלאסטישע שילדערן דאָס אויסערלעכע אויסזען (כאיִמ־כאָנע, כייע־טריינע, די מויד), די כאראקטעריסטישע טעטיקייט פון דעם אָדער יענעם גליד (אלטערס באזונדער מין ניסן, כאיִמ־כאָנעס קייען מיט דער צונג א. אז. וו.), דער אויפן פון באוועגן זיך און האנדלען, טיפּישע מאלבושימ, די ארט ריידן (אלטערס אימפּעטיקער פרעג־ענטפער־נוסעך, זיין קעסיידערדיקע נישטמער־גאָרניט, כאיִמ־כאָנעס אומגעלומפּערטע איבערכאזערונגען, כייע־טריינעס אלעווייליקן „העט אביסל" א. אז. וו.), די ארט פילן, דענקען און באזונדערס בא די געשטאלטן פישקע — די האָרבאטע. פישקע רעדט מיט מענדעלעס שפּראך, מיר באמערקן עס אָבער קימאט ניט, ווייל מיר זיינען פארנומען מיט זיינע איבערלעבונגען.

אין „פישקע דער קרומער" זעען מיר מענדעלען אין פולן גלאנץ אלס מייסטער פונעם פּאָעטישן פארגלייכן: „אין א ווינקל שטייט אן איבערגעבליבענע שטיקל גלאָז, ווי דער איינ־און־איינציקער צאָן בא א זקיינע"; „א דעכל, מישטיינסגעזאָגט, ווי א צעקנייטשטט

קאפּעליושל" א. אז. וו. אינגאנצן גענומען איז „פּישקע" אויסגעהאַלטן אין א סאטיריש־פּאַראָדישן סטיל, באזונדערס אין דעם טייל, וווּ מענדעלע דערציילט אליין אָדער ווו ער מישט זיך אַרײַן אין פּישקעס דערציילונג. אין „פּישקע" שפּיגלען זיך אָפּ, ווי אין א בּרענגלאָז, די בּעסטע זײַטן פון מענדעלעס קינסטלערישן טאלאַנט.

די נאציאָנאַליסטן פון די 80־ער יאָרן זענען געווען אומצופרידן מיט „פּישקע". אין א זאמל־בּוך דער „קליינער וועקער" (1890) האָט דער נאציאָנאַליסטישער רעצענזענט געפאָדערט פון מענדעלען, אָנשטאָט דעם קריטישן צוגאנג צו דעם טאָרבּע־שטייגער, אַן אידעאַליזירנדיק־ראָמאנטישן אָפּיום אַף צו שטארקן דאָס פארכלינעטע הארץ פונעם צעבּראָכענעם קליינבּירגער.

ליידער האָט זיך מענדעלע צוגעהערט צו דער דאָזיקער רעצענזיע. בּאַלד נאָך „פּישקע" האָט מענדעלע איבּערגעארבּעט זײַן אַלט „ווינטשפינגערל" און האָט דערמיט אין א גרויסער מאָס בּאפרידיקט די סאָציאַלע בּאשטעלונג פונעם נאציאָנאַליסטישן „קליינעם וועקער" אַף ראָמאנטיק און אידעאַליזאציע.

9

אינעם זעלבּיקן יאָר (1888) האָט מענדעלע אָנגעהויבּן איבּערארבּעטן אויך זײַן צווייטע קליינע נאָוועלע פון די 60־ער יאָרן — „דאָס ווינטשפינגערל" (פארענדיקט 1904).

מיטן איבּערגעארבּעטן „ווינטשפינגערל" האָט זיך מענדעלע געשטעלט גרויסע אויפגאבּעס. וועגן זיי האָט ער געשריבּן אין א בּריוו צו שאָלעם־אַליי‍כעמען: „אונטער דעם נאָמען פון מײַנס א גאנצ אַלט קליין סייפערל פון עטלעכע בּלעטלעך האָבּ איך אָנגעהויבּן צו שרײַבּן א שפּאָגל נײַעם סייפער, אין וועלכן איך וויל ארויסשטעלן דאָס יִידישע לעבּן און די וויכטיקסטע איניאָנים, וואָס קומען היײַנט בּא אונדז פאָר. איך וויל שארף דערקלערן די יִידישע לאגע און אָנווײַזן, וואָס מע האָט צו טון, די יִידישע לאגע צו פארבּעסערן". מענדעלע האָט אָבּער די גרויסע אויפגאבּעס, וואָס ער האָט פאר זיך געשטעלט, ניט געלייזט. מענדעלע איז אידייִש ניט בּלויז ניט געגאנגען פאָרויס, נאָר ער האָט אפילע אין א היפּשער מאָס דעגראדירט אין פארגלײַך מיט די 70־ער יאָרן.

אָנשטאָט הירש ראָטמאן, וואָס האָט אין ערשטן וואריאַנט גערופן צו ווינטשפינגערל־בּילדונג, טרעט איצט ארויס אינעם 2־טן טייל, וואָס מענדעלע האָט איצט אָנגעשריבּן אונטערן טיטל „בּעיימעק האבּאָכע" הענריך קאהאן, וואָס איז געקומען אויספאָרשן דאָס יִידישע לעבּן. מענדעלע בּאגריסט (מיט א צומיש פון א געוויסער לײַכטער קוים־קוים בּאמערקבּארער איראָניע) דעם קלערִיקאַל־נאציאָנאַליסטישן בּאַלטשוווע, וואָס האָט זיך בּאוויזן צווישן דער יִידישער קליינבּירגער־לעכער אינטעליגענץ אין די 80־ער יאָרן. פון די מאסקיליש־ראדיקאלע פּאָזיציעס איז מענדעלע אראָפּ אַף נאציאָנאַל־דעמאָקראטישע פּאָזיציעס. מיט הענריכס קאהאנס מויל האָט שוין איצט מענדעלע ארויסגעזאָגט זײַן נאציאָנאַליסטיש־בּאַפליגלטע פראזע „איך בּין א פּעדעמל אײַנגעוועבּט אין דעם גרויסן שטיק מאטעריע, וואָס גייט אין דער וועלט פון אייבּיקע צײַטן אונטער דעם נאָמען יִיד".

דער נאציאָנאַליזם האָט אים געשטערט צו זען און צו פארשטיין ווי געהעריק די נײַע פּראָצעסן, וואָס זײַנען אין די 80־ער יאָרן פאָרגעקומען אין רוסלאנד בּיכלאַל און אין דער יִידישער סוויווע בּיפּראט, די נײַע אויפקומענדיקע קלאסן־קויכעס און קלאסן־פארהעלטענישן. מענדעלע האָט זיך ניט אָריענטירט אין דער נײַער סיטואציע, ער האָט ניט בּאנומען, ווער און וויאַזוי עס פירט שוין איצט דאָס לעבּן פון די האָרעפּאשנע מאסן פאָרויס צו נײַע דערגרייכונגען, ער האָט לאכלוטן פארזען דעם אויפקומענדיקן ארבּעטער־קלאס, זײַן רעוואָליוציאָנערע בּאוועגונג, וואָס נאָר זי איז געווען בּעקויעך צו לייזן אַלע אָנגעווייטעקטע פּראָבּלעמעס אינעם לעבּן פון די ארבּעטנדיקע פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער אינעם אַלטן צארישן רוסלאנד, צווישן זיי אויך די לעבּן־פּראָבּלעמעס פון די בּרייטע האָרעפּאשנע און אָרעמשאפטלעכע יִידישע מאסן.

דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַף דער גאנצער אידעאָלאָגיש־קינסטלערישער אויספאָרמירונג פונעם „ווינטשפינגערל", וואָס האָט געזאָלט זײַן א גרויסע עפּאָפּייע פונעם יִידישן לעבּן. „דאָס ווינטשפינגערל" איז אָבּער אזוינס ניט געוואָרן מאכמעס דער אידעאָלאָגישער אומבּאהאָלפנקײַט פונעם אווטער.

געענדערט איז אויכ דער אינהאלט פונעמ „ווינטשפינגערל“. הערשעלע האָט זיכ געהאָדעוועט אינ קאפצאנסק, פארזונקענ אינ דער מיטלאלטערלעכער קולטור פונ לעגענדעס, מײַסעס אינ ווינטש־פינגערלעכ. אז ער איז עלטער געוואָרנ, האָט אימ זײַנ טאטע, דער קאפצאנסקער כאזנ לייזער־יאנקל, אוועקגעפירט קיינ גלופסק, געמאכט פאר א יעשיווע־באָכער.

אינ דער זעלביקער צײַט האָט קאפצאנסק אויכ אריבערגעטראנספאָרטירט קיינ גלופסק בענציִענ דעמ גלעזערס מיידל ביילע, צו וועלכער הערשעלע האָט פארבאָרגענע סימפאטיעס פונ קינד־ווײַז אָנ.

הערשעלע לערנט אינ בעסמעדרעש מיט זײַנ כאווער מוישעלע, שמוליק דעמ אָרעמענ גאסנ־הענדלערס א זונ. מוישעלע פאלט ארײַנ אינ די הענט פונ די כאפערס (רעקרוטנ־כאפערס; די האנדלונג קומט פאָר נאָכ אינ די צײַטנ פונ ניקאָלײַ דעמ ערשטנ).

ביילע פאלט ארײַנ אינ די הענט פונ א פרויענ־הענדלערנ. אינעמ 2־טנ טייל באקאנט זיכ הערשעלע מיט מאסקילימ, אונ די לעצטע ראטעווענ סײַ מוישעלענ סײַ ביילענ. דער מאסקיל רעפאָעל פירט אוועק הערשעלענ קיינ אייסלאנד שטודירנ. מוישעלע קומט אָנ אינ ראבינער־שול. זײַנ אָרעמער טאטע ווערט דערהויבנ: ער ווערט אנ אקציזניק. אינ יאָרנ ארומ, שוינ אינ די 40־ער יאָרנ, נאָכ די פאָגראָמענ, קומט הערשעלע צוריק, שוינ א בארימ־טער געלערנטער, אויסצופאָרשנ די שטאָט קאפצאנסק אונ זוכנ מיטלענ, וויִאזוי צו ראטע־ווענ זי.

דער בעסטער טייל פונעמ „ווינטשפינגערל“ איז דער, ווו עס ווערט געשילדערט קאפצאנסק: דאָ האָט מענדעלע געגעבנ א נײַעמ וואריִאנט פונ טונעיאדעווקע, פונ איר עקאָנאָמיק אונ קולטור.

די קאפצאנסקער זײַנענ באלאָדנ מיט גרויסע מישפאָכעס, פונוואנענ צו לעבנ האָבנ זיי אָבער ניט. מע דערציילט צווישנ זיכ מײַסעס וועגנ צאדיקימ אונ גווירימ, מע ציילט די שטערנ אונ מע ווינ־טשעוועט זיכ, אונ לעבנ לעבט מענ מיט ביטאָכנ.

אינ דעמ טייל זעענ מיר דעמ זעלביקנ מענדעלענ, וואָס אינ „מאסאָעס“, דעמ מענדעלענ, וואָס ווייסט דעמ סאָד, אז פסיכאָ־אידעאָלאָגישע דערשײַנונגענ זענענ ענג פארבונדנ מיט געוויסע סאָציִאל־עקאָנאָמישע פארהעלטענישנ. מענדעלע האָט דאָ ניט סטיליזירט די פאָלקסטימלעכע ביטאָכנ־געשיכטע, ווי דאָס האָט געטאָנ שפעטער פערעצ אינ זײַנ רעאקציִאָנערנ פעריִאָד. פארקערט, מענדעלע האָט זי דעמאסקירט צוגלײַכ מיט דער גאנצער קאפצאנסקער פסיכאָ־אידעאָלאָגיע.

אוויארומ זעענ מיר, אז נאָכ אויכ איצט האָט זיכ מענדעלע באצויגנ נעגאטיוו צומ פעאָדאלנ קאפצאנסק. ער קריטיקירט דעמ קאפצאנסקער שטייגער פונ קינדער־דערציִונג (מע רײַסט אָפ קינ־דער פונעמ לעבנ, מע פארוואנדלט זיי אינ קליינע ייִדעלעכ), דעמ שידוכימ־שטייגער, די באציִונג צווישנ מאנ אונ ווײַב, די קאפצאנסקער ליידיקגייערײַ, די קאפצאנסקער „טאָרבע“. דאָ איז מענ־דעלעס סטיל סאטיריש־אקטיוו אונ דעמאסקירנדיק. אָבער אינ דער זעלביקער צײַט זוכט שוינ מענדעלע אינ געפינט אינ קאפצאנסקער בלאָטע אויכ ראָמאנטיש „גאָלד“: די „ריינע ייִדישע מישפאָכע“, דער ייִדישער פייסעכ, די ייִדישע רעליגיִעזע טפילע. אינ די דאָזיקע מאָמענטנ ווערט מענדעלעס סאטירישער סטיל פארוואנדלט אינ א ראָמאנטיש־פאטעטישנ.

די זעלביקע צעצווייטקײַט זעענ מיר אויכ אינ מענדעלעס באציִונג צו גלופסק, וואָס האָט זיכ שוינ אביסל צוגעפאסט צומ אופקומענדיקנ קאפיטאליזמ, אָבער זינקט נאָכ אינעמ פעאָדאלנ מיטלאלטער. עס גייט נאָכ א שטארקער קריטיש־דעמאסקירנדיקער שטראָמ דורכ מענדעלעס גלופסק־שילדערונג. די גלופס־קער עקאָנאָמיק איז פארקערפערט אינ רעב אָשערנ דעמ מעקלער מיט זײַנ שטענדיק שוויצעניש אונ הינהאר־געשטופטנ — שוינ קימאט א פארטיקער מענאכעמ־מענדל, די גלופסקער קולטור — אינ לייב־צע דעמ רויטנס אײַדעמל בענציִעלע מיט זײַנ גאנצער באטלאָנישער ווילדקײַט, פארקריפלטנ ארט דערינענ אינ פארקריפלטע דראָשעס לייבצע דער רויטער, דאָס שײַנדל פונ גלופסק, געהערט צומ בינטער גלופסקער רעדלפירער, וואָס ווערנ רײַכ פונ אכזאָריעסדיקנ באראבעווענ די אָרעמע מאסנ.

אָבער אויכ אינ דער גלופסקער בלאָטע זוכט שוינ מענדעלע איצט „גאָלד“. יענער מיטל־אלטערלעכער באטלענ אינ שויטע, וועלכער לאָזט זיכ אוועק אינ דער ווײַטער נעסיִע זוכנ די

רויטע יִדעלעך, וואָס אין „מאסאָעס" האָט ער בא מענדעלען געהייסן בּיניאָמין דער דריטער, דער וויסטער מעקאבל, וואָס מענדעלע האָט פריִער פון אים אזוי סארקאסטיש אָפּגעשפּעט,—איז שוין איצט דער שיינער ליכטיקער בעסמעדרעש־יִיד און „געהויבענער מעקאבל" רעב אווראָם. דעם „זויהער" גופע, וואָס איז פול מיט ווילדסטע מייַסעס און לעגענדעס, מיט די סאמע פאר־קריפּלטע פאַרשטעלונגען וועגן דער וועלט — זינגט שוין איצט מענדעלע א פּאטעטישע אָדע. אין פּאטעטישע טענער ווערט גערעדט וועגן „כומעשל", וועגן כאסידיזם, וועגן רעליגיִעזקייַט, וועגן די טאלמודישע לעגענדעס. וועגן הערשעלען גופע, וואָס איז פארזונקען אין דער לעגענדע־ליטע־ראטור, ווערט שוין איצט דערציילט מיט ליריש־הארציקע טענער. אין אידעאליזירנדיקע ראָמאנ־טישע טענער ווערט געשילדערט דער שאבּעס בּא שמוליק דעם טאנדעטניק. אָנשטאָט אופצודעקן, וויִאזוי אָט די גאנצע שאבּעס־און לעגענדע־קולטור האָט פארשלעפּערט דעם באוווסטזייַן בא די אונטערדריקטע מאסן, וויִאזוי זי האָט פארלייַכטערט די הערשנדיקע שיכטן צו גע־וועלטיקן איבּער זיי, איז מענדעלע אליין פארכאפּט געוואָרן פון דער פּארשלעפערנדיקער ווירקונג פון אָט דער קולטור..

מיט די דאָזיקע שילדערונגען האָט זיך מענדעלע אָנגעשלאָסן אין דער בורזשואזער נאציִאָ־נאליסטישער אינטעליגענץ — „דייַטש אונטערגעשלאָגן מיט כאָסיד". אפילע די נאטור האָט שוין איצט מענדעלע פארקלעריקאליזירט: „עס שטייט פאר דיר דאָרט א וואלד, ביימער סאָסנעס. אָנקוקנדיק עס, דאכט זיך דיר עפּעס גאָר טאקע א בייס-האמיקדעש, די שייַנענדיקע סמאָלע פון די ביימער—דאָס איז קטוירעס (ווייַרעך), דאָס שפּילן פון די פייגעלעך אף די צווייַגן— דאָס איז דער געזאנג פון די לעוויִים" (גייַסטלעכע אין בייסהאמיקדעש).

דער נאציִאָנאליסטישער צוגאנג האָט געשטערט מענדעלען אין „ווינטשפינגערל" צו באלויכטן ווי געהעריק דעם טאָכ פון דער רעקרוטשינע פון ניקאָלייַס צייַטן. מענדעלע האָט דעם דאָזיקן טאָכ פארשלייערט, ער האָט ארויסגעשטעלט אין פאָדערגרונט דעם כאפּער, און, דעריקער, ער האָט באלויכטן די פראגע פונעם נאציִאָנאליסטישן שטאנדפּונקט, אז שלעכט איז, וואָס א יִיד א יִידן טוט שלעכטס.

מענדעלע האָט אויך פארקריפּלט באלויכטן די האסקאָלע־באוועגונג. ער האָט אידעאליזירט די סאמע אָפּגעשטאנענע שיכטן פון די ליבּעראל־בורזשואזע מאסקילים: רעפאָעל ליובלינסקי, בא וועלכן אין הארצן האָט געגליט „דאָס יִדישע פּינטעלע", מיכאָעל סאפיר—וידעראמאָל „א גוטער און פרומער מאסקיל", מיט א „יִדישער" פירונג אין שטוב.

די דאָזיקע מאסקילים האָט מענדעלע צוגעשריבן די הויפּט־ראָליע אינעם לעבּן, זיי שטייען אינעם צענטער פון דער „ווינטשפינגערל"־סיוזשעטיק, זיי לייזן אויס פון פייַן אלע אומגליקלעכע און נויטבאדערפטיקע, זיי לייזן אלע שוירעדלעכסטע לעבּנ־פּראָבּלעמעס: ראטעווען מוישעלען פון רעקרוטן, ביילען פון פּראָסטיטוציע, שמוליקן דעם טאנדעטניק פון נויט און פייַן. אנטקעגן זיי האָט מענדעלע אוועקגעשטעלט די מער לינקע מאסקילים, אָט די, פון וועלכע עס זייַנען ארויס די קאָווונערס.

דאָס אלץ האָט געשריבּן מענדעלע, דער אווטער פון דער „טאקסע", פון „קליאטשע", פון „מאסאָעס", וועלכער האָט ניט ווייניק צעשטערט און צעבּראָכן אין דעם מיטלאלטערלעכן געטאָ־מויעך. אויסמייַדנדיק זייַן אייגענעם „קליאטשע"־„מאסאָעס"־פּעריִאָד, האָט זיך מענדעלע איצט אומ־געקערט צום מאסקיל פון „האָאָוועס ועהאבאָנים".

מענדעלע האָט אינעם „ווינטשפינגערל" ביקלאל אויסגעמיטן צו שילדערן קלאסנקאמף אין גלופּסק.

דער אווטער פון דער „טאקסע" און „קליאטשע" איז שוין איצט קעגן קלאסנקאמף. מענדעלע איז קעגן די, וואָס רייצן אוף די מאסן, די אָרעמשאפט; ער האָט שוין איצט מוירע פאר „אונטערהעצן מענטשן קעגן מענטשן", אין די 90־ער יאָרן האָט זיך שוין אָנגעהויבּן ארויסווייַזן, אז דער וואקסנדיקער קלאסנקאמף דראָט מיט געפאר דער בורזשואזער געזעלשאפט. מענדעלע וואָלט וועלן אויסמייַדן די שטרייַטן, ער וואָלט וועלן שאָלעם אף דער וועלט. וויִאזוי אָבּער דערהאלט מען דעם שאָלעם? אף דעם ענטפערט מענדעלע: „צו דערהאלטן דעם שאָלעם אין דער וועלט, צופרידנקייַט צווישן אונדז זינדיקע מענטשן, מיט אזויפיל באדערפעניש צום לעבּן, איז קימאט דאָס אייניציקע מיטל — פארנאָסע".

ווי נעמט מען אָבער פּאַרנאָסע?

רעפאָעל דעם מאַסקילס אידייע וועגן דעם, אַז דער האַנדל דאַרף זײַן „געשטעלט אויף פאַרשטאַנד, אויף עמעס", וועלכע מענדעלע גיט איבער אַזוי סימפּאַטיזירנדיק, האָט אויך געפּלאַצט. רעפאָעל איז געווען אין גלופּסק אַ קאָמיסיאָנער פון אַ לאָדזשער פאַבריק, פאַרבונדן, אַזוי־אַרום, מיטן מאָדערנעם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל. ער טרוימט וועגן אַ קאַפּיטאַליזם, וואָס זאָל זײַן געבויט אויף „פאַרשטאַנד, עס זאָל נישט זײַן מער פאַבריקן, קלייטן, וויפל עס ווערט געברויכט אין דער וועלט סכוירע". דער קאַפּיטאַליזם האָט אים אָבער אַליין גלײַך אַ קלאַפּ געטאָן. אין איינע שיינעם פרימאָרגן האָט ער באַקומען אַ בריוו, אַז די לאָדזשער פאַבריק, פון וועלכער ער לעבט און ציט די פּאַרנאָסע, שטייט אין געפאַר פון באַנקראָט. די גאַנצע געבײַדע האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, און רעפאָעל לעבט איבער אַן אומרויִקע נאַכט. צוזאַמען מיט רעפאָעלן איז אויך דערשלאָגן געוואָרן רעב אָשער — דער מענאַכעם־מענדל, וואָס הייבט זיך אָן צופּאַסן צום קאַפּיטאַליזם.

רעב אָשערס יערידע האָט געשלעפּט די יערידע פון נאָך צענדליקער, הונדערטער אַנדערע.

וואָס וועט ווײַטער זײַן?

מענדעלע האָט טאַקע ניט געוווּסט, וואָס ווײַטער וועט זײַן. רעפאָעל פאָרט אַוועק קיין אויסלאַנד, מיטנעמענדיק מיט זיך הערשעלען, און דאָ רײַסט זיך איבער די מײַסע אויף אַ פאָר צענדליק יאָר.

עס זענען געקומען די 70־קער יאָרן, די יאָרן פון אויפקומענדיקן רעוואָליוציאָנערן קאַמף. נאָר מענדעלע מײַדט דאָס אָבער אַלץ אויס. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ זײַן אויסגאַנגפּונקט: בײַ דעם פרום־הומאַניסטישן ליבעראַל־בורזשואַזן מאַסקיל. ער האָט אַפילע פון זײַן אייגענער געשיכטע אויסגעשניטן די לעבעדיקסטע קאַפּיטלעך. ווי איז דער מאַסקיל, וואָס האָט געקעמפּט קעגן דער טאַקסע, קעגן דער כעווראַ צאַרבאַלעכאַים, קעגן דער „בינימינס האַשלישי"־קולטור? ער איז ניטאָ. ס'זענען אויך ניטאָ די אומרויִק־געוואָרענע און יווירנדיקע מאַסן. שמוליק דער טאַנדעטניק איז געוואָרן אַן אַקציזניק און מוישעלע — אַ ראַבינער, וואָס איז געטרײַ דעם יידישן גאָט און דעם רוסישן צאַר און פאַרן פּאָלק פאַרמאָגט ער בלויז... אַ זיפץ.

די מײַסע באַנײַט זיך ערשט אין די 80־ער יאָרן נאָך די פּאָגראָמען. הערשעלע, איצט שוין דער געלערנטער העניִך קאַהאַן, קומט קיין קאַפּצאַנסק צו באַקענען זיך מיט איר לאַגע. קאַפּצאַנסק איז נאָך אַלע גליקן פון עם קאַפּיטאַליזם געבליבן קאַפּצאַנסק, פאַרקערט, די לאַגע איז נאָך ערגער געוואָרן. די פּאָגראָמען האָבן צערויִנירט קאַפּצאַנסק. מענדעלע ווייסט ניט, וויאַזוי צו לייזן די קאַפּצאַנסק־פּראָבלעם.

מענדעלע דערציילט, אַז העניך קאַהאַן לייגט פאָר פּלענער, וויאַזוי און מיט וואָס צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די ייִדן. אָבער וואָס זענען עס פאַר פּלענער, ווייסן מיר ניט. עפּעס רעדט העניך קאַהאַן וועגן אַ געוויסער וויכטיקער זאַך, וואָס „האָט אָנגעהויבן פון איצטיקן מיש־מאַש, פון עם טויהו־וואָוואָהו פאַר אונדז צו שאַרײַען אין אונדזער יידיש וועלטל, און איז לעסאַטע נאָר ווי די רויטקײַט בײַם ברעכן אויפן טאָג פאַרן זון־אויפגאַנג אין מיזרעכזײַט".

וואָס האָט דאָ געמיינט קאַהאַן־מענדעלע איז שווער צו זאָגן. ציוניזם? ס'איז אַ נעפּלדיקע פראַזע, וואָס לאָזט זיך קנעטן אין אַלערליי ריכטונגען און איז שוין מיט איר מעטושטעשקײַט אויך כאַראַקטעריסטיש.

לויט מענדעלעס אַ בריוו פון 1891 צו בינשטאָקן, איז עס געמיינט דעם באַראָן הירשס פּראָיעקט וועגן קאָלאָניזירן אַרגענטינע.

מענדעלע האָט, אַלזאָ, די גרויסע פּראָבלעמעס, וואָס ער האָט פאַר זיך געשטעלט, ניט געלייזט, מענדעלע האָט זיך לאַכלוטן ניט אָריענטירט אין די נײַע געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן. וועגן דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג האָט ער געהאַט אַ נעפּלדיקע פאָרשטעלונג. דאָס האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אויף דער קינסטלערישער אויספאָרמירונג פון עם ווערק. דער בעסטער טייל אין פון עם אידעאָלאָגישן אין פון עם קינסטלערישן שטאַנדפּונקט איז, ווי געזאָגט, דער קאַפּצאַנסק־טייל, דאָרט, ווו מענדעלען האָט נאָך באַלויכטן דעם וועג זײַן „מאַסאָעס"־שטערן; די איבעריקע טיילן זײַנען אויסגעמוטשעטע מיט אַן אַ שיר סענטימענטאַליזם און האַרץ־אויסגיסעניש.

מיר האָבנ געזוענ, אז אינ „ווינטשפינגערל" האָט זיכ מענדעלע לאכלוטנ ניט אָריִענטירט אינ די פראָצעסנ, וואָס זענענ פאָרגעקומענ אינ רוסלאנד אינ די 80 — 90־ער יאָרנ. נאָכ ווייניקער האָט זיכ מענדעלע אָריִענטירט אינ די גרויסע געשעענישנ, וואָס זענענ אָנגעקומענ אינ רוסלאנד צומ סאָפ פונ די 90־ער יאָרנ אונ אינ די ערשטע יאָרנ פונעמ 20־טנ יאָרהונדערט. פאר דעמ מעכטיק אופגעברויזטנ יאמ פונ קעמפנדיקע קלאסנ, ערעוו דער רעוואָליוציע פונ 1905 יאָר איז מענדעלע געשטאנענ א צעטומלטער אונ האָט געבענקט נאָכ רו. וואָס שטארקער עס האָבנ געברויזט די געשעענישנ ארומ, אלצ מער איז מענדעלע באהערשט געוואָרנ פונ ראָמאנטישע שטימונגענ, פונ בענקשאפט נאָכ פאטריִארכאלע לעבנ־פאָרמעס, נאָכ א רויִק דאָרפישער אידיליע. „עס טראכט זיכ מיר, — שרייַבט דאנ מענדעלע, — א לעבנ אינ דאָרפ, א טמימעסדיק פראָסט, אָנ כאָכמעס, פויערימ געזונטע אקערנ, זייענ, שנייַדנ, טראָגנ מיט געזאנג די גארבנ, ארבעטנ אונ געניסנ די פרוכט פונ זייער ארבעט, זיצנדיק רויִק אינ זייערע הייַזלעכ, אינ קארשנ־, ווייַנשל־ אונ עפלביימער אייַנגעטונקטע, פול מיט טוווּעס זענענ די שייַערס, מיט גאָרטנווארג די קעלערס". דעמ דאָזיקנ עכט־באלעגופישנ אידעאל שטעלט מענדעלע אנטקעגנ דער שטאָט מיט איר קאפיטאליסטישנ הו־הא.

פונ די קאפיטאליסטישע ווידערשפרוכנ האָט זיכ מענדעלע געוואָלט אויסבאהאלטנ אינעמ שויס פונ דער דאָרפיש־באלעגופישער אידיליע, לאכלוטנ ניט באנעמענדיק די פראָצעסנ, וואָס קומענ פאָר אינ קאפיטאליסטישנ דאָרפ, ניט זעענדיק, אז אויכ דאָרטנ באָדנ זיכ די באלעגופישע שיכטנ אינ רייַכקייַט אפנ כעזשבנ פונ דער גרויסער מאסע אָרעמשאפט.

האנט בא האנט מיט דער ראָמאנטיק פונעמ „פאטריִארכאלנ" דאָרפ־שטייגער איז געגאנגענ אויכ די ראָמאנטיק פונ „פאטריִארכאלנ" שטעטל־שטייגער. מענדעלע איז וואָס ווייַטער אלצ ווייַכער געוואָרנ צו דער פעאָדאלער קולטור, וועלכע ער האָט אמאָל אזוי פארהאסט. פונ אזוינע אידעאָלאָגישע פאָזיציעס האָט מענדעלע איצט איבערגעארבעט די „קליאטשע". באזונדערס האָט מענדעלע געענדערט די קאפיטלעכ: „ייִסראָליק באקלערט די וועלט", „ייִסראָליק פליט", „וואָס אנ אשמעדיַי קענ".

פונ די זעלביקע ראָמאנטיש־רעאקציָאָנערע אידעאָלאָגישע פאָזיציעס האָט מענדעלע אויכ אָנגעשריבנ זייַנ לעצט גרעסער קינסטלעריש ווערק „שלוימע רעב כאיִמס", וואָס איז אָנגעשריבנ מיט אסאכ יאָרנ שפעטער.

אינ דער האקדאָמע צו „שלוימע רעב כאיִמס", וואָס איז מענדעלעס קינסטלערישע אווטאָביִאָגראפיִע, דערציילט דער קלוימערשטער אווטער פונעמ ווערק, דער אלטער רעב שלוימע, אז „איכ האָב מיכ אומגעקערט צו מייַנ וועלטל וואָס אמאָל". אומגעקערט האָט זיכ אָבער מענדעלע צומ אמאָל מיט א געענדערטער באציִונג צו דעמ דאָזיקנ אמאָל, מיט א באציִונג א ראָמאנטישער, מיט וועלכער ס'איז טאקע דורכגעדרונגענ דאָס גאנצע ווערק „שלוימע רעב כאיִמס".

עמעס, מיר הערנ אויכ דאָ ווייַטע אָפהילכנ פונ מענדעלעס אמאָליקע אנטיפעאָדאלע שלאכטנ. אויכ דאָ קריטיקירט מענדעלע די אמאָליקע דערציִונג, וואָס האָט געהאלטנ דאָס קינד אינ א פארגאנגענער אָפגעשטאָרבענער וועלט.

צוזאמענ מיט דער אידעאָלאָגישער דעגראדאציע איז אויכ געקומענ די קינסטלערישע דעגראדאציע; אָנשטאָט דעמ פריִערדיקנ סענטימענטאלנ ליריזמ, קומט איצט אינ „שלוימע רעב כאיִמס" די פאטעטישע מעליצע.

18 יאָר איז שוינ פאָריבער זינט מענדעלעס טויט (געשטאָרבנ דעמ 8־טנ אפרעל 1917 אינ אָדעס), די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט אפנ גרונטיקסטנ אויפנ געלייזט פארבייַגייענדיק די בורזשואז־דעמאָקראטישע אופגאבעס, וואָס די בורזשואזיע האָט ניט געקאָנט לייזנ. די פראָבלעמעס פונ דער „טאקסע", פונ דער „קליאטשע", פונ „מאסאָעס", פונ „פישקע דער קרומער" זענענ שוינ פאר אונדז לאנג געוואָרנ אויס פראָבלעמעס. מיר דערמאָנענ אָבער מיט דאנקבארקייַט דעמ נאָמענ פונ דעמ, וואָס האָט מער ווי 50 יאָר ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע געהאָלפנ פאר־

טרײַבן די שאָטנס פֿון דעם מיטלאַלטער, וואָס האָט אויסגעדריקט אין העלע קינסטלערישע בילדער דעם בונט פֿון די ייִדישע מאסן קעגן דעם פעאָדאַליזם און זייער אַנטוישונג אין עם קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט געלייגט די ערשטע גרונטשטיינער פֿון אַ געשליפֿענער, רײַכער, אָפּגעקליבענער ליטעראַרישער ייִדישער שפּראַך.

דער פּראָלעטאַריאַט, דער גרויסער יורש פֿון די מאַטעריעלע און גײַסטיקע רײַכטימער פֿון די פֿריערדיקע קלאַסן, יאַרשנט אויך מענדעלעס קינסטלערישע אוצרות און, קריטיש אויסלײַטערנדיק זיי, נעמט ער אַרײַן די דאָזיקע ירושה אין עם אײַזערנעם פֿאָנד פֿון זײַן קולטור.

---

אָמאר מענדעלע מויכער־ספאָרים — זאָגט מענדעלע מויכער־ספאָרים: געלויבט איז דער בוירע, וואָס האָט באשאפן גרויסע יאמים, זייער פיל טײַכן: דעם נילוס, דעם טעטערעוו און דעם בארימטן טײַך גנילאָפּיאטקע, וואָס האָט באשאפן די האָרייכווישעכ, די מידבאָריעס, פוסטיניעכ, אסאך ווילדע מעקוימעס און די גרויסע ייִדישע שטאָט גלופּסק; געלויבט איז זײַן ליבער נאָמען, וואָס האָט אונדז ייִדן אויסגעוויילט פון אלע אומעס און האָט אונדז געלײַטזעליגט מיט א טאקסע — מיט א קעסטעלע, מיט פּאָפּעטשיטעליעס, מיט גאבאָיִם, מיט קאָהאָלס־לײַט, מיט פּאָווערענעס, מיט בוירערים, יאשראָנים, שטאדלאָנים און מיט זייער פיל באטלאָנים; געלויבט איז דער בוירע פאר אלצדינג, וואָס ער באשאפט: געלויבט איז ער פאר די ווילדע כײַעס, לייבן, לעמפּערטן, וועלף, בערן און פאר די באלטאקסעס; געלויבט איז ער פאר די בעהיימעס, פאר די אָקסן, פאר די פערד, פאר די אייזלען, פאר די גלופּסקער פּײַנע בריִעס און פאר דער גאנצער כאָפּטע באלטויוועס... נישט דאָס אָבער בין איך אויסן. איך דאנק און לויב גאָט, וואָס ער האָט מיך באהארצט און מיר געהאָלפן אָפּצודרוקן די דאָזיקע שרעקלעכ־שיינע מײַסע. איך האָב ניט געזשאלעוועט קיין מי, ניט קיין געלט און האָב ניט געקוקט דערוף, וואָס א טייל וועלן אף מיר שטארק בארויגעז זײַן. די מײַסע איז, כלעבן, עמעס. איך האָב דאָ, אָסער, ניט אויסגעטראכט פון דעם קאָפּ. הערט נאָר, ייִדן, הערט נאָר, וואָס עס איז געשען:

מײַסע שעהאָיאָ קאכ האָיאָ. הײַנטיקן טאָג, נאָכ סוקעס, האָב איך מעקאבל געווען א פּאָסילקע, וואָס איז אָנגעקומען דורכ דער פּאָטשט גלײַכ צו מיר אף מײַן אדרעס. איך האָב טכילעס געמיינט, אז דאָס מוז זײַן פּעקלעכ ציצעס, אָדער קינדערשע בליטשקענע יארמעלקעלעכ אוכדוימע אזעלכע זאכן, נאָר אז איך האָב עס אופגעעפנט, האָב איך ארויסגענומען א גאנצן פּאק פּאפּירן, פארשריבן פון אלע זײַטן, און צווישן זיי איז געלעגן א בריוול, וואָס אין אים איז געשטאנען געשריבן די דאָזיקע ווערטער:

„לעהאָראבאָני האנאָגיד האמפורעמס מוה״רר [מעהערער] מענדעלע נ״י [ניירוי־יאָיִר]. היניי אזויווי איר האָט א שעם אין דעם היגן ווינקל פאר אן ערלעכן מאן, אזויווי מיר וייסן, אז איר פּאָרט טאָמיד ארום אין אלע ייִדישע מעקוימעס מיט ספאָרים און איר זײַט אמאָל א באלנ אָפּצודרוקן מײַסעס אף אײַערע הויצאָעס, בעכיינ שיקן מיר אײַכ דאָ ארײַן א שרעקלעכע מײַסע, וואָס איז פארלאָפן אין אונדזער שטאָט, און בעטן אײַכ, אז איר זאָלט מויכל זײַן אָפּדרוקן, ווער איר אײַכ פּאָשעט קוינע זײַן אוילעמהאבע. דאָ שטייט באשריבן די שטוטשקעס פון אונדזערע גלופּסקער באלטויוועס, וואָס האָבן זיכ אליין אָנגעוואָרפן אף דער אומגליקלעכער שטאָט, נעבעכ, מיט זייערע טויוועס און פירן איטלעכן בא דער נאָז. זיי האָבן שוין בא אונדז ארויסגעצויגן די קליי פון די ביינער, מיר לײַדן, מיר ווערן פארשווארצט, מיר עסן ניט קיין פליש, מיר האָבן שוין א פּאָנעם, ווי די רוכעס, און קענען שוין מער ניט אויסהאלטן פון די טויוועס. מע האָט שוין אפילע געפּרווט שרײַען, שרײַבן פּראָשעניעס, נאָר וואָס הערן זיי א וועלט? זיי זענען רײַכ, זענען גאבאָיִם, פּאָפּעטשיטעליעס — און די גאנצע שטאָט איז בא זיי אין די הענט. זיי האָבן פּאָווע־

רענעס, זיי האָבן שטאַדלאָנים, וואָס נעמען גרויסע זשאַלאָוואַניעס פון אונדזער בלוט, פון אונדזער געלט, און באַגראָבן אונדז נאָך צען איילן אין דער ערד, — אקלאל, דער מאלכאמאָוועס שעכט און בלייַבט גערעכט. מיר ווען זייער גוט אַרויס, אַז מיט שרייַען, מיט פּראָשעניעס וועלן מיר גאָרניט מאכן, די באַלמויוועס וועלן זיך אומעטום קענען פארענטפערן, און זייער פארענטפערן זיך וועט נאָך אונדז קאָסטן געלט, עס וועט אַלצדינג אויסגיין צו אונדזער קאָפּ... מיר ווילן נאָך פּרוּוון איין מיטל: אָפּדרוקן די דאָזיקע מייַסע, וואָס איינער פון אונדזערע שטאָט־לייַט האָט זי אָנגעשריבן, זייַן נאָמען וויל ער דערווייַל ניט מעגאַלע זייַן מאכמעס קאמע טייַמים. מיר פארזיכערן אייַך, אַז אַלצדינג, וואָס דאָ שטייט, איז עמעס, מיר קענען אפילע שווערן אין טאַלעס און אין קיטל, פארקערט, דאָ פעלט נאָך זייער פיל זאכן, מיר בעטן אייַך, ר"[רעב] מענדעלע. טוט א מיצווע און דרוקט אָפּ די מייַסע. אונדזערע נעמען קענען מיר אייַך איצט ניט אויסשרייַבן, נאָר איר זאָלט וויסן, אַז אין אונדזער בריוו שרייַט צו אייַך א קאָל פון אסאך צעבראָכענע הערצער, פון אסאך אומגליקלעכע ייִדן; דאָס איז א קאָל פון אָרעמעלייַט, פון נויטבאדערפטיקע, פון באַלמעלאָכעס און פון דערשלאָגענע מענטשן, וואָס מען דושעט זיי, ווי קעץ, און מען לאָזט זיי ניט קיין קאָפּ אויפהייבן; דאָס איז א קאָל פון פארוויסטע ווייַבער און קינדער, וואָס מע האָט זייערע מאנען, זייערע טאַטעס, נעבעך, פארשיקט און אייַנגעזעצט אין די טורמעס; דאָס איז א קאָל פון אסאך דערשלאָגענע, פארוואָגלטע ייִדישע קינדער. הערט, רעב מענדעלע, דאָס קאָל, פּאָלגט און דרוקט אָפּ די מייַסע, טאָמער וועט דורך דעם ניצמאך ווערן א טויווע, ייִדן, כלעבן, וועלן די דאָזיקע מייַסע קויפן, וואָרעם עס קען זייַן, אַז זי פארלויפט זיך ניט נאָר אין גלופּסק אליין, עפשער טאקע אויך אין אנדערע ייִדישע שטעט"...

אָט דאָס איז אין קורצן דער בריוו, וואָס איך האָב מעקאַבל געווען. איך האָב איבערגעלייענט די מייַסע און האָב מיר פאָרגענומען זי אָפּצודרוקן. ניט אַזוי גיך טוט זיך אָבער, ווי עס רעדט זיך, איך האָב גענוג געהאַט צו זינגען און צו זאָגן, ביז איך האָב דערלעבט צו זען א געדרוקט בלעטל: דער קסאוויאד איז ניט געווען ריין געשריבן, ערטערווייַז פארפלעקט מיט טינט, פיל סצענעס זענען געווען פארווענדט, נישט געשטאנענע קעסיידער, הייַנט אין א פּאָר ערטער האָט געפעלט עטלעכע בלעטלעך, דער שרייַבער האָט זיך אָפּאָנעם געייַלט. אקלאל, עס איז מיר גענוג די אויגן ארויסגעקראָכן, ביז איך האָב אַלצדינג צונויפגעשטעלט. איך האָב מיך ניט געקענט אייַנהאַלטן און ערטערווייַז ארייַנגעמישט מייַנע א פּאָר ווערטער פון דעם, וואָס איך האָב געזען — געהערט אָפּ מייַנע נעסיִעס. אכוץ דעם, האָב איך געמאכט א באַזונדער צעטל פון די אַלע פערזאָנען, וואָס קומען פאָר אין דער מייַסע, קעדיי זיי זאָלן אַלע שטיין פאר די אויגן, און מע זאָל טאָמיד געדענקען. אָט קוקט זיי, זייַט מויכל, אָן, דאָס זייַנען די פּאַרשוינען:

| | |
|---|---|
| רעב איציק־וואָלף ספּאָדעק<br>רעב שמייַע טאַם<br>רעב מוישע באַלטאכלעס<br>רעב יויסעף מאַכטייסע<br>רעב ייִדעלע שטאַנדהאַפּט | דאָס זענען די טוּוויי־האָיִר, פּאָפּעטשיטעליעס פון דער טאקסע, אַלע זייַנען באַלצדאָקעס, אָבער נאָר איבער א פרעמדער קעשענע. אַלע זייַנען גאָטס סטראַפּטשעס, פרומע, קאָשערע ייִדן, כוץ שטאַנדהאַפּט, וואָס מע מומלט אָפּ אים, אַז ער איז געכאַפּט אין דער מייַסע. |
| רעב יאָסעלע שינדער . . . . | געוועזענער נעמען אין פּראָעקט, הייַנט לעפּאָנעם דער באַלטאקסע. |
| רעב נאָסן שיפּרעס . . . . . | אויך קלוימערשט א באַלטאקסע, א ווילדער באַל־אייצע און שטאָט־בוירער. |

רעב רווּנ פּיאוּקינ . . . . . דער שטאָט־פּאָווערענע, הײַנט אויך גלאָסנע.

רעב ארנ קנעכטבּארג . . . . גלאט א שיינער ייִד, א קאָכלעפל, וויל אלץ אײַנבּרענגענ דער שטאָט. מאכט אמאָל אינ דער שטיל א כּיירעמל.

רעב נאָסנ פּרעכמאנ . . . . . האלט זיך פּאר א בּעריע, האלט הײַנט שטאנדהאפּטנ אפ דער ארענדע אונ איז קאָהאָלס שטאדלענ.

רעב מענדעלע דער געלער . . א שטאָט־שייגעצ, א בּילער, סלוזשעט בּא די בּאל־טויוועס אונ פּאלט אָנ, אפ וועמענ מענ הייסט.

רעב בּערל לאָקשעוויטש } צוויי רעדלפירער, מיסנאגדים פונ די בּאלטויוועס.
רעב פרידל דער קליינער

רעב אוּרעמל גרינפּאָנ . . . א נײַער טאָרגאָווי דעפּוטאט.

רעב שלוימע וועקער . . . . איינער פונ דער הײַנטיקער וועלט.

בּאסיע . . . . . . . . . . זײַנ ווײַבּ.

רעב געדאליע פיקהאָלצ . . . זײַנ פרײַנט.

רעב אײַזיק זאיִקע . . . . . . א קאָרבּנ פּאר זײַנ ערלעכקײַט.

טויבּע־לייע . . . . . . . . זײַנ ווײַבּ.

אנ אָרעמער ייִד, אנ אָרעמע ייִדענע, גלאָסנעס, דאיאָנים, שאָכטים, ווײַבּער, גענדז, הינער אינדיקעס, קאטשקעס אונ א נאראָד פונ פּופּציק טויזנט צוינ־קאָדאָשים, וואָס מענ שערט זיי, ווי די שאָפ.

דאכט זיך, אז איך האָבּ גענוג יויצע געוועזנ אונ געטאָנ מײַנ זאך בּישליימעס, דאָס בּיכל האָט מיר געקאָסט גענוג מי אונ הויצאָעס, נאָר איך בּינ דאָס אָבּער ניט אויסנ. האלעווײַ מײַנ מי זאָל ניט זײַנ אומזיסט, גאָט זאָל נאָר וועלנ ראכמאָנעס האָבּנ אונ ווײַזנ בּאלד טאקע אינ אונדזוערע טעג א נעס בּעפּויעל, אז ייִדנ, נעבּעכ, זאָלנ אינ אלע שטעט זייערע בּאלטויוועס פּאָטער ווערנ אד בּיִאס האגויעל.

---

# ערשטער אקט

דאָ ווערט פאָרגעשטעלט, וויזוי אין גלופסק שפרינגען אַרויס פירער, מיט אַ יאָר זעכצן צוריק, פּאָפּעטשיטעליעס פון דער טאַקסע.

## ערשטע סצענע

ספּאָדעק (אַליין אין זײַן כיידער. זיצט שטאַרק פאַרטראַכט נעבן דעם טיש זייגער צען אינדערפרי און שאָקלט זיך איבער אַ מישנײַעס, קנייטשט דעם שטערן, קוקט אַף דער וואַנט, דערנאָך טוט ער ווידער אַ קוק אין מישנײַעס און לערנט מיט אַ ניגן). אָמאַר רעב טאַרפן... האָט רעב מייער געזאָגט... האַ? נאָך אַמאָל (ער פאַרטראַכט זיך אַף דער וואַנט און רעדט צו זיך אַליין) ער האָט געזאָגט, אַז נאָך שאַבעס איז דער טערמין, האָט ער געזאָגט... מע וועט דאַרפן סילעקן. דער קאָפּ, כלעבן, שפּאַלט זיך מיר. אַך, שלעכט, שלעכט, נישטאָ קיין געלט! איך האָב מוירע מע זאָל, כאָלילע, באַלד ניט אָנשטויסן. די קאַסע איז פּוסט, אויסגעטריקנט, די רעדער וועלן זיך אופהערן צו דרייען בעזים עס וועט, כאָלילע, ניט צוקומען קיין וואַסער, געלט מיין איך. אַך, זייער אַ שלעכטע צײַט (ער שטייט אוף און גייט אַרום איבער דעם כיידער). יאָ, זייער אַ ביטערע צײַט, עפּעס ווי אַף צעזעצעניש האָט מען נאָך הײַנט אופגעהערט כאַסענע צו האָבן. שוין אַ לאַנגע צײַט איז מיר ניט אַרײַנגעפאַלן קיין שלישים־געלט, ניט פון הי, ניט פון דער סוויווע. אַ קאַטאָוועס עפּעס שלישים־געלט! דאָס פלעגט אויסמאַכן אַ יאָר זייער פיל... אַ נעס, כלעבן, וואָס דרייט זיך נאָך אַביסל כעוורישגעלט, אײַ וואָס?.. עט, נאַרישקײַט, ווער איז עס מעכוייעוו צו וויסן? ווען גייט עס אָן? נאָר עס איז מיט דעם אַפילע אויך ניט גוט, בע, גאָר ניט גוט!... עס הערט זיך ווידער נײַע גזיירעס, נײַע פינצטערע פּאָראַדקעס מיט קאָל האַצאָרעס. וואָס טויג עס? נאָך דאָס גייט אָפּ — מאַכן נײַע פּאָראַדקעס! מיר טויג עס קלאָל ניט. מען דאַרף האָבן געלט, גאָר פריש געלט... (אַביסל מיט גאַל) האָט כאַסענע, ייִדן, און לייגט אײַן געלט! שטאַרבט, ייִדן, און זאָגט אָפּ אַף אוילעמעס! קויפט זיך אײַן אין כעווערעס און גיט געלט! אַקלאַל, מע דאַרף האָבן געלט, מע דאַרף האָבן געלט, געלט, געלט, געלט! טאַקע פון אײַער טויווע וועגן, ייִדישע קינדער, מע דאַרף זיך פאַר אײַך סטאַרען, מע דאַרף פאַרזאָרגן אײַער טאַכלעס, איר זאָלט זײַן גוט און פרום און טאַקע בלײַבן דאָס, וואָס איר זײַט... (ער הערט זיך צו צו דער טיר) האַ? דאַכט זיך עמעצער גייט? עפּשער אַ מעכיטן מיט געלט (ער לויפט צו געשווינד צום טיש זעצט זיך אַוועק און שאָקלט זיך ווידער איבער דעם מישנײַעס).

## צווייטע סצענע

ספּאָדעק און פּיאַווקין

ספּאָדעק (ליינט מיט אַ ניגן). אָמאַר רעב טאַרפן. ניין, ווײַטער, ווײַטער אַביסל... יאָ, אָט־אָ דאָ! סימכעס אוימייר יאַכלויקו — מע דאַרף זיך מיט דעם געלט צעטיילן, יאָ, טאַקע צעטיילן, וואָס?...

פּיאַווקין (קומט אַרײַן מיט דערעכערעץ). גוט־מאָרגן, רעב איצע־וואָלף!

ספּאָדעק (מאַכט זיך שטאַרק ניט הערנדיק, אַזוי ווי שטאַרק פאַרטיפט אין לערנען). אײַ וואָס, אויב יאַכלויקו, דאַרף מען דאָך מוירע האָבן?.. נו, עט... בע...

פּיאווקין (צו זיך אַליין שטילערהייט). ער האַלט באַ יאַכלויקי, דאָס איז אַ גוטער סימען, עס וועט, אימירצעשעם, זיַין גוט... (ער גייט צו אביסל נעענטער). גוט־מאָרגן, רעב איצע־וואָלף! עפּשער בין איך מעוואַלוול, וועל איך מיר אַוועקגיין.

ספּאָדעק (צו זיך אַליין מיט פאַרדראָס, אַז ער דערזעט פּיאַווקינען). נאָט איַיך דעם שיינעם מעכוטן! דער רועך האָט אים געבראַכט צו טראָגן (פּיאַווקינען מיט אַ קרום פּענעמל) וואָס איז עפּעס ניַיס, רעב רוווּן?

פּיאַווקין. בע... איך האָב איַיך געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר איך וויל איַיך איצט ניט שטערן פון דעם לערנען. אכוץ דעם זיַיט איר, דאַכט זיך, עפּעס ניט געזונט, איר זעט אויס גרין און געל, דאָס פּאָנעם איז דער בעסטער שפּיגל.

ספּאָדעק (מיט אַ קרעכץ). איך האָב אַלץ, לויאַלייכעם, צו טון מיט מיַינע מערידן. איך האָב געמוזט היַינט דאַווענען בעיעכידעס און לערנען מיַין שיִער מישנייַעס אינדערהיים. נאָר פונדעסט־וועגן זעצט איַיך, רעב רוווּן, אַז איר זיַינט שוין דאָ. וואָס הערט זיך עפּעס באַ איַיך?

פּיאַווקין (זעצט זיך). מע האָרעוועט, מע ווערט פאַרשוואַרצט, אַ קאַטאָוועס עפּעס צו זיַין אַ פּאָווערענע באַ אַזאַ איידע ייִדן, זאָלן זיך מערן.

ספּאָדעק. ביזכוס זע וועט איַיך גאָט העלפן. יעהי כעלקי אימאָך.

פּיאַווקין (שטילערהייט צו זיך אַליין). עס איז אים קאַרג די וועלט. ער וואָלט געוואָלט באַ מיר אויך נעמען כיילעק. (צו ספּאָדעקן) ווען גאָט זאָל מיר ניט העלפן, ווו וואָלט איך שוין ביז איצט געווען מיט מיַין וויַיב און מיט מיַינע קינדער...

ספּאָדעק (מיט אַ שמייכעלע). זינדיקט ניט, רעב רוווּן, און זיַיט טאַקע אַ באַל־ביטאָכן, וועט איַיך, אימירצעשעם, טאָמיד זיַין גוט. נו, וואָס הערט זיך עפּעס אין דער שטאָט?

פּיאַווקין. בע. וואָס זאָל זיך הערן? דער באַלטאַקסע וויל אַרופּציִען אַ קאָפּעקע אַף דער אָקע פלייש. אַזוי וויל ער, דער שיינער באַלטאַקסע, ער זאָגט, עס איז היַינט אַ שלעכטע ציַיט.

ספּאָדעק (כאַפּט זיך באַם קאָפּ). וואָס הייסט ער וויל? מע וועט אים שוויַיגן, עפּעס אַ קאַטאָ־וועס נאָך אַ קאָפּעקע אַף דער אָקע! ער נעמט שוין, באָרעכאַשעם, אָן דעם אויך גענוג — פופצן קאָפּעקעס אַן אָקע! סטיַיטש, סטיַיטש, נאָך אַ קאָפּעקע, אַ ייִדישע קאָפּעקע! וואָס וועלן, נעבעך, טון די אָרעמעלייַט, די אָרעמע ייִדן, נעבעך? (ער קרעכצט און זיפצט).

פּיאַווקין. עס וואָלט אַ מיצווע געווען אָנצולערנען אַזאַ באָכער, ער זאָל וויסן, ווער עלטער איז.

ספּאָדעק. איך זאָג איַיך, מען קען שוין מער ניט אויסשטיין פון די באַלטאַקסעס, פון די גראַביטעלעס, מען איז צו זיי עפּעס ווי פאַרקויפט. סטיַיטש, נאָך אַ קאָפּעקע אַף דער אָקע! דאָס וועט דאָך אויסמאַכן גאָר אַ גרויסע סומע! אַ ראַכמאָנעס, כלעבן, אַף די אָרעמעליַיט. וואָס וועלן טון די אָרעמע ייִדן, נעבעך? אדראַבע, רעב רוווּן, זאָגט, וויִאַזוי לערנט מען אָן דעם שיינעם באַלטאַקסע, וואָס האָט ניט קיין גאָט אין האַרצן?

פּיאַווקין. איך וואָלט געזאָגט מיַין אייצע, מע זאָל אָפּנעמען די טאַקסע פאַר דער שטאָט. פאַרשטייט איר? איצט איז טאַקע די ציַיט, און איר, רעב איצע־וואָלף, מיט רעב מוישען מיט רעב שמיַיען אוכדוימע זאָלט זיַין פּאָפּעטשיטעליעס, דאָס הייסט, איר, נעבעך, זאָלט זיך כלאָ־פּאָטשען, אכטונג געבן און דאָס פאַרדינסט זאָל גיין אַף דער שטאָט. דאַכט זיך, דאָס איז אַ גרויסע טויווע, אַ גרויסע מיצווע, און וויַיטער... פאַרשטייט איר? כלעבן, אַזוי וועט זיַין גוט, טאַקע בעכאָל האָויפּאַנים גוט, פאַרשטייט איר? ראַזבערייַעט עס נאָר אביסל, רעב איצע־וואָלף, מיט אייַער געמאָרע־קעפּל.

ספּאָדעק. אַוואַדע איז דאָס אַ גרויסע מיצווע, אַ גרויסע טויווע, נאָר ווי קען איך... ווי קען אַזאַ צעבראָכענער ייִד, ווי איך, אַף מיר נעמען אַזאַ טירכע?

פּיאַווקין. נישקאָשע, גאָט וועט איַיך העלפן, סטיַיטש, ווער דען־זשע וועט זיך זאָרגן פאַר דער שטאָט, ווען ניט איר? ווער דען וועט אין זינען האָבן די אָרעמעליַיט, נעבעך, אַז ניט פריִער גאָט און דערנאָך איר? באַרעכנט זיך נאָר גוט, רעב איצע־וואָלף, וועט איר זען, אַז איר טאָרט זיך גאָרניט דערפון אָפּזאָגן. פאַרשטייט איר?..

ספּאָדעק (מיט אַ ייִרעשאָמאַיִם־פּענעמל). ווייניק איז פאַר מיר די כעוורעס מיט נאָך אַנדערע שטאָט־זאַכן? סטיַיטש, וואָס האָט מען זיך אַף מיר אָנגעזעצט? וואָס וויל מען, נעבעך, האָבן פון מיר, אַלץ פון מיר? ווייניק פאַר מיר די אַלע כעוורעס?...

**פיאווקין** (מיט א שמייכעלע). וואָס מיינט איר? רעב איצע־וואָלף, טאקע וויניק, פאר אזא ייִדן ווי איר, איז טאקע וויניק... איך זאָג אײַך נאָכאמאָל, ראזובערײַעט מײַן פלאן גאנץ גוט, וועט איר זען, אז איר קענט זיך בעשומויפן ניט אָפזאָגן, אונ ווײַטער — ווי איר פארשטייט...

**ספאָדעק** (מיט א זיפץ). אוואדע איז דאָס פאר אזא צעבראָכענעם ייִדן, ווי איך, א גרויסע טירכע, טאקע א טײַכע גדוילע, נאָר א טויווע פונ אָרעמעלײַטס וועגן, נעבעך. פונ א שטאָט ייִדן וועגן...

**פיאווקין** (מיט א גנייווע־שמייכעלע). מיט אײַך, רעב איצע־וואָלף, ווי איך זע, בינ איך שוינ, אפאָנעם, פארטיק. איצט מוז איך גיינ צו דעם איבעריקן אוילעם איבערשמועסן מיקויעך דעם אייסעק, וואָס מען האָט דאָ צו טונ. עס איז נאָך דאָ גענוג ארבעט. אקלאָל מיר איז שוינ באשערט טאָמיד ארבעטנ, פראצעווענ אונ זאָרגנ זיך פאר דער שטאָט, מיסטאמע וועט מיר גאָט העלפנ... זײַט געזונט, רעב איצע־וואָלף, אײַער געזונט איז איצט נייטיק, איר דארפט טויוועס טונ דער שטאָט...

**ספאָדעק** (פארפרומט מיט די אויסגעגלאָצטע אויגנ). בִיזכוס זע זאָל מיר האשעם־ייִסבאָרעך טאקע געבנ קויעך, אוואדע איז דאָס, נעבעך, פאר אזא צעבראָכענעם ייִדן, ווי איך, א גרויסע טירכע.

**פיאווקין**. לאָזט זיך נאָר ניט אָפ, רעב איצע־וואָלף, נישקאָשע, איר וועט אימירצעשעם קומענ צו די קרעפטנ... א גוטנ טאָג (ער גייט ארויס).

**ספאָדעק** (רײַבט די אויגנ). א, עס איז מיר ליכטיק געוואָרנ אינ די אויגנ! געלויבט איז גאָט, עס איז מיר אראָפ א שטיינ פונ דעם הארצנ. עס וועט אימירצעשעם זײַנ גוט. מײַנ מאכשאָווע איז, כלעבנ, א גוטע. איך וויל, ייִדנ זאָלנ בלײַבנ טאקע ייִדנ, ייִדנ זאָלנ טאקע בלײַבנ דאָס, וואָס זיי זענענ, אונ באהיט ווערנ פונ גזיירעס ראָעס, איך וועל מיך אוואדע סטארענ מיט קאָל הא־מעגלעכקײַטנ, נו אונ דערפאר מעג איך בא זיי עפעס נעמענ אפילע אלפי דינ. גאָט אליינ וועט מיר אויך ניט הייסנ, איך זאָל זײַנ בא זײַנע ייִדעלעך א שוימער כינעם, איך בינ דאָך א באָסער־ווערדאָם, איך דארפ האָבנ ברויט אונ צום ברויט, פונוואנענ־זשע וועל איך דאָס אלצדינג נעמענ?.. ווי די מײַסע וועט שוינ זײַנ, צי וועל איך נעמענ עפעס מער אָדער ווייניקער, דאָס איז קלייני־קײַטנ, א רענדל ארופ, א רענדל אראָפ, ייִדנ וועלנ דורכ דעמ, כאָלילע, ניט בעדאלעס ווערנ, נאָר דערפאר אָבער וועלנ זיי פונ כשאש טארפעס שוינ זיכער באוואָרנט זײַנ, זיי מעגנ גאנצ רויִק זײַנ, איך וועל זיי אָפהיטנ אונ אליינ אכטונג געבנ, עס זאָלנ זײַנ גוטע שאָכטים. **דעריקער איז פאר ייִדנ גוטע שאָכטים**... וואָס מאכט עס אויס — א שטיקל פלייש מער אָדער א שטיקל פלייש וויי־ניקער? א ייִד דארפ ניט קוקנ אפ אזעלכע זאכנ. א שויכעט א גוטנ, א פרומנ שויכעט, אָט דאָס דארפנ ייִדנ האָבנ, אונ מיקויעך דעמ מעגנ זיי זיך שוינ אפ מיר פארלאָזנ, זיי וועלנ שוינ מיט גאָטס הילפ האָבנ גוטע שאָכטים... (ער בלײַבט שטיינ אביסל שטיל, גיט זיך דערנאָך א פאטש אינ שטערנ). אכ, איך האָב גאָר פארגעסנ, אז איך בינ הײַנט מיט סאנדעקאָעס אפ צוויי בריסנ. גוט, כלעבנ, וואָס הײַנט נאָר צוויי, איך וועל הײַנט האָבנ וואָס צו טונ. איך וועל מיר גיינ אָנטאָנ, מע מוז שוינ אפ מיר ווארטנ, עס איז צײַט צו גיינ (ער גייט ארײַנ אינ אנ אנדער כיידער אונ מאכט צו די טיר).

## דריטע סצענע

רעב־מוישע באלטאכלעס, דערנאָך ספאָדעק.

**מוישע באלטאכלעס** (לויפט ארײַנ ווי א פא־סאמטע מויז גאָר אָנ אָטעמ). גוט־מאָרגנ, רעב איצע־וואָלפ! איך דארפ מיט אײַך איבערשמועסן מיקויעך אנ איניענ, מיקויעך א טאכלעס־זאכ... (ער קוקט זיך ארומ). א, ער איז שוינ ניטאָ? ער איז שוינ ניטאָ! ער איז, אפאָנעם, אליינ אוועקגעגאנגענ מיקויעך דעמ איניענ. איך קענ אימ, ער איז א זאָריז, וויבאלד ער שמעקט אָנ א טאכלעס־זאכ. ע... עס איז דאָך עפעס גאָר קיינ טאכלעס ניט. ער קענ דאָך דערווײַל מיט די איבעריקע אָפּאר־בעטנ דעמ אייסעק, אונ איך וועל, כאָלילע, בלײַבנ פונדרויסנ (ער קוקט זיך נאָכאמאָל ארומ אינ אלע זײַטנ אינ ווערט פריילעך). אכ, געלויבט איז גאָט, ער איז נאָך ניט אוועקגעגאנגענ. זײַנ ספאָדעק ליגט אפ דעמ טיש, ער האָט געמוזט נאָר אפ א מינוט ארויסגיינ, איך וועל ווארטנ ביז ער וועט קו־מענ. איך וועל אימ שוינ הײַנט ניט אָפלאָזנ, דעריקער איז דאָך ער, איך וועל מיך הײַנט אָנ אימ

האלטן, ווי א קינד אָן דער מאמעס פארטעכ (ער גייט צו צום טיש, כאפט פאר טימכע דעם ספּאָדעק און באטראכט אים פון אלע זײַטן). אכ, זייער א גוטער, זייער א פײַנער ספּאָדעק, טאקע אינ טאכלעס ארײַנ א גוטער ספּאָדעק! (ער קלאפט אפ אימ מיט א פינגער). אָ, ספּאָדעק, א כיטרע קעפּעלע ליגט אינ דיר, ספּאָדעק! א געמאָרע־קעפּעלע מיט אלע דריידעלעכ. איכ וועל דיכ היטנ פונ דעם אויג ניט אָפּלאָזנ, מע זאָל, כאָלילע, ניט אָפּמאכנ אָנ מיר די גאנצע כאסענע. כלעבנ, מיר קומט עס בע־עמעס פאָר, ווי א כאסענע: פּיאווקינ איז דער שאדכנ, ער רעדט אונדז א שידעכ, מיר זאָלנ נעמענ די טאקסע, זייער א רײַכע קאלע! מיר זענענ — די מעיוכאָסימ און זי די רײַכע, זי גיט אינ נאדנ ארײַנ א גאנצע שטאָט מענטשנ, אנטקעגנ א 60 טויזנט פּאָדאנעס, האשעמ־ייִסבאָרעכ זאָל נאָר געבנ קויעכ, מע קענ מיט איר וויסנ פונ א לעבנ. (ער ווערט נאָכ פרייליכער). אכ, קעסטעלע, קעסטעלע, הארײ אט מעקודעשעס לי! הארײ אט מעקודעשעס לי, קעסטעלע, קעדאס רעב איצע־וואָלפ ספּאָדעק אושטאנדהאפט! זײַ ביידע פארשטייענ אנ אייסעק, קוקנ אינ טאכלעס ארײַנ. טויג אונדז שטאנדהאפט זייער גוט אינ שוטפעס. שטאנדהאפט איז אפילע א דײַטש, געכאפּט אינ דער מײַסע, און קוקנדיק אפ אונדז, זענענ מיר אינ פלוג איינער פונ דעם אנדערנ פארשיידנ. נאָר מאכט עס אויס? אבי אונדזער קאוואָנע איז גלײַכ, אבי מיר האָבנ איינ מאכשאָווע. וואָס מיינט דענ א ייִד היינטיקע צײַטנ? — א שטיקעלע פארנאָסע, און וואָס טוט מענ, נעבעכ, ניט פאר דער פארנאָסע? שטאנדהאפט, נעבעכ, פּרוווט זיכ אינ דער טומע, מאכט זיכ פאר א דײַטש, טאָמער וועט דאָ ארום גיינ, ספּאָדעק, אשטייגער, מוטשעט זיכ, נעבעכ, אינ דער קעדושע... נישקאָשע, מיר וועלנ זײַנ כאוועր, מיר וועלנ אלע, אימירצעשעמ, קוקנ אינ טאכלעס ארײַנ און טונ טויוועס. נאָר ווי דערלעב איכ שוינ דאָס אָבער! (ספּאָדעק קומט ארײַנ אָנגעטאָנ אינ א טיזלעק מיט א שטעקנ אינ דער האנט. מוישע באלטאכלעס לויפט אים אנטקעגנ). וואָס איז, רעב איצע־וואָלפ, איר גייט שוינ?

ספּאָדעק. א, יאָ, שוינ צײַט, מע מוז שוינ אפ מיר ווארטנ.

באלטאכלעס. איכ בינ געקומענ גיינ טאקע מיט אײַכ אינאיינעמ.

ספּאָדעק. וואָס איז, איר האָט אויכ א קיבעד?

באלטאכלעס (מיט פײַער). א שײַלע אביסל, אויב איכ האָב א קיבעד? איכ האָב אינ דער זאכ א גרויסנ כיילעק.

ספּאָדעק (פארוווּנדערט). וואָס הייסט, איר האָט דערינענ א כיילעק?!

באל־טאכלעס (נאָכ מיט מער פײַער). סטײַטש, איכ האָב דערינענ געארבעט!

ספּאָדעק. וואָס זאָגט איר, רעב מוישע, סטײַטש, וואָס זאָגט איר?

באלטאכלעס. סטײַטש, וואָס זאָג איכ? איר ווייסט דענ ניט, רעב איצע־וואָלפ, וואָס איכ זאָג?!

ספּאָדעק. ניינ! בא מײַנ ייִדישקײַט, איכ ווייס ניט! זאָגט, וואָס מיינט איר?

באלטאכלעס. סטײַטש, דאָס קעסטעלע, מיינ איכ! פּיאווקינ האָט דאָכ אײַכ ערשט געזאָגט, ער זאָגט, אז איר זײַט מאסקימ.

ספּאָדעק (ווי פונ שלאָפ). אָ, די טאקסע, מיינט איר! כלעבנ, דאָס איז פאר מיר א טירכע, איכ בינ, לוי־אלייכעמ, א צעבראָכענער ייִד, ווי קענ איכ אפ מיר נעמענ אזא טירכע?

באלטאכלעס. מע מוז דאָכ אָבער זאָרגנ פאר דעם טאכלעס, מע מוז דאָכ אמאָל זאָרגנ פאר קאָהאָלס טאכלעס, סטײַטש, ווער דענ־זשע, ווער דענ־זשע, רעב איצע־וואָלפ?

ספּאָדעק. לאָמיר דאָס אָפּלייגנ אפ אנ אנדער צײַט, מיר וועלנ זיכ נאָכ מעיאשעוו זײַנ, איצט איז מיר שוינ צײַט צו גיינ אפ דעם בריס.

באלטאכלעס (שטילערהייט צו זיכ). ער וויל זיכ פונ מיר אויסדרייענ, איכ קענ נאָכ, כאָלילע, בלײַבנ פונדרויסנ, מע דארפ אימ ניט אָפּלאָזנ. (צו ספּאָדעקנ). איכ וועל מיט אײַכ אויכ גיינ, דער באל־בריס איז מײַנער א שטיקל מעכותנ.

ספּאָדעק. נו, גיט־זשע מיר, זײַט מויכל, מײַנ ספּאָדעק. וואָס איז, רעב מוישע, וואָס קוקט איר אזוי אפ מײַנ ספּאָדעק? ער געפעלט אײַכ אזוי?

באלטאכלעס (שאָקלט מיט דעמ קאָפּ). אויב ער געפעלט מיר! ער איז טאקע אינ טאכלעס ארײַנ א גוטער ספּאָדעק, איכ וועל מיר בעלי־ניידער אויכ מאכנ אזא ספּאָדעק (רעב איצע־וואָלפ נעמט און טוט אָנ דעמ ספּאָדעק און גייט אוועק מיט רעב מוישע באלטאכלעס).

# פערטע סצענע [1]

אלץ בא ספאָדעקן אין כיידער.

שלוימע וועקער, דערנאָך גערדאליע פיקהאָלץ.

וועקער (אריַינגײ־ענדיק). ער איז ווידער ניטאָ! נעכטן האָט ער מיך באשטעלט, איך זאָל הײַנט אין דער צײַט קומען אים שרײַבן די פאָטשט, און ער אליין איז ניטאָ, ער איז אפ א בריס! אלע טאָג איז ער אפ בריסן, אלע טאָג אפ סימכעס. א שיינער סויכער, כלעבן! אָט וואָס הייסט א סויכער! ניט קענען איבערלייענען א בריוו, ניט קענען אָנשרײַבן אן אדרעס, און נישט אויסלאָזן ניט איין בריס, ניט איין בארמיצווע, און נאָך אזעלכע סימכעס! איך פארשטיי, אָסער, ניט, ווי אזא סויכער קען זיך האלטן אפילע א טאָג! פונדעסטוועגן איז ער דאָך רײַך... מערקווירדיק! ניט אנדערש טאקע, אז רוכעס ארבעטן פאר אזעלכע סאָכרים, אז מאלאָכים היטן זיי אָפ, אז א מאלעך ווארפט זיי אראָפ א גראָשן. (ער זעצט זיך א נידער און נעמט ארויס פון דער קעשענע א יִידיש ביכל). וואָס זאָל איך טון? איך מוז שוין אפ אים ווארטן. נאָך גוט, וואָס איך האָב מיט זיך דאָס ביכל, וועל איך מיר דערווײַל ארײַנקוקן, איך וועל טאקע איבערלייענען דאָס ביכל שירים גאָר פון א נײַעם מעכאבער (ער קוקט ארײַן אין דעם ביכל. די טיר עפנט זיך שטילערהייט אוף, און פיקהאָלץ גייט ארײַן).

פיקהאָלץ (צוגייענדיק צו וועקערן גאנץ שטיל). וואָס האָסטו זיך אזוי פארטיפט אין לערנען, שלוימע?

וועקער (גיט זיך א כאפ גאנץ אויסער זיך). וואָס זע איך? דו ביסט עס, גערדאליע? פונוואנען האָסטו זיך דאָ פלוצים גענומען, מײַן גוטער, מײַן טײַערער גערדאליע? ווען ביסטו געקומען? (ער קושט אים).

פיקהאָלץ (גאנץ רויִק). איך בין געקומען טאקע הײַנט.

וועקער. אכ, גערדאליע! ווי פאלסטו אויס צו קומען אהער?

פיקהאָלץ. שא, וווּנדער זיך ניט אזוי, שלוימע! עס איז גאנץ פראָסט, איך בין שוין געווען בא דיר אינדערהיים, האָט מיר דײַן ווײַב געזאָגט, אז דו דארפסט זײַן דאָ (ער זעצט זיך אפ א בענקל).

וועקער (רוקט צו זײַן בענקל צו פיקהאָלצן). נו, איצט דערצייל מיר, וואָס מאכסטו? וואָס הערט זיך אין דײַן טונעיאדעווקע?

פיקהאָלץ (גיט א מאך מיט דער האנט). אין דײַן טונעיאדעווקע?

וועקער. נו זאָל זײַן אין מײַן טונעיאדעווקע. וואָס מאכט דאָרט אונדזער גוויר? איז ער נאָך, אימשטיינסגעזאָגט, אלץ מעוווּלוול אָן א פיצל כאראקטער? מאכט ער נאָך טאקע אלץ פון זײַן מויל א כאָליעווע און בײַט צען פרײַנט א טאָג? יאַ, סטײַטש, דער ארענדאר, ווי הייסט ער, צום טײַוול... איך האָב שוין פארגעסן, ווי ער הייסט, אָט דער הויכער ארענדאר מיט א געגאָלטן האלדז, ווי בא א סטאראָסטע. וואָס מאכט ער?

פיקהאָלץ. איך וויים, וועמען דו מיינסט, ער איז הײַנט א קאפצן און האלט שוין מער ניט דעם גוויר אפ דער ארענדע.

וועקער. א ראכמאָנעס, כלעבן, וואָס טויג, נעבעכ, אזא פראָסט מענטשל, ווי ער, אָן געלט? כלעבן, א ראכמאָנעס! ווער דען־זשע, זאָג מיר, האלט הײַנט דאָרטן דעם גוויר אפ דער ארענדע?

פיקהאָלץ. דער גוויר האָט זיך ניט לאנג אָפגעגעבן אין דער ארענדע מיקאמע טײַמים צו רעב גערשן כײַקעס. ער טראָגט אים אײַן עפשער פיר טויזנט רובל א יאָר. ער האָט צו זאָגן איבער דעם קאָהאָל־שטיבל, איבער אלע טשלענעס און איבער איטלעכן אין דער שטאָט. מע זאָגט, ער האָט צו פארדאנקען די ארענדע רעב נאָסן פייגלס, דעם שטאָט־בוירער.

---

1) אָמאר רעב מענדעלע: אין דעם קסאוויאר פעלן דאָ עטלעכע בלעטלעך, און די ווײַטערדיקע סצענע הייסט דאָרטן די זעקסטע. מע זעט ארויס, אז זי איז געשען מיט עטלעכע יאָר שפעטער, נאָך דער גזיירע, אז יִידן זאָלן מאכן געשטודירטע ראבאָנים. פאר די, וואָס לייענען, מאכט דאָס אָבער גאָרניט אויס, זיי קאָנען לייענען גלײַך און זאָלן אפילע ניט וויסן, אויב עס גייט עפעס אָפ.

**וועקער**. רעב נאָסנ איז, כלעבנ, א קלוגעטשקער, וואָס מאכט ער? איז ער, נעבעכ, נאָכ אי הײַנט א קאפצנ? ער האָט שוינ אינ זײַנ לעבנ אסאכ מאָל אָנגעזועצט אונ פּאָרט נעבעכ א קאפצנ.

**פיקהאָלצ**. וואָס קאפצנ! ער איז זיכ הײַנט מעפארנעס גאנצ שיינ פונ אוראָקנ, וואָס ער גיט אפ דער עלטער שפּאָגל־נײַע אָנזועצערס, וויאזוי זיי זאָלנ ענטפערנ קוימעמיעס, אכוצ דעמ קנעלט ער עפּעס מיט דעמ גוויר. ער מוטשעט זיכ, נעבעכ, מיט אימ, וויאזוי מע מאכט פאטשער־קעס, וויאזוי מע צאפּט פונ דער וואנט געלט, וויאזוי מע ציט ארויס פונ די ביינער קליי, וויאזוי מע מאכט פונ שנײ גאָמעלקעס, וויאזוי מע מאכט מיט דער רייפ, וויאזוי מע פארבלענדט די אויגנ, וויאזוי מע כאפּט פיש פאר דער נעצ אוכדוימע נאָכ אזעלכע קונצנ.

**וועקער** (טוט א שפּײַ). פו זאָל עס ווערנ! עס איז דאָכ א שרעק, וואָס בא אײַכ אינ טונע־יאדעוואָקע גייט פאָר.

**פיקהאָלצ** (קוקט שארפ אָנ וועקערנ). בא אײַכ אינ טונעיאדעוואָקע, זאָגסטו. אונ בא אײַכ אינ גלופּסק איז דענ בעסערע פּאָראדקעס? איכ מיינ, כלעבנ, ניט! קוק זיכ נאָר גוט צו, וועסטו זענ, ווי בא אײַכ טאקע אונ נאָכ אינ אנדערע ייִדישע שטעט ליגנ די אָרעמע, נעבעכ, צענ איילנ אינ דער ערד. עס זענענ שוינ דאָ אזעלכע גוטע אונ פרומע מענטשעלעכ, וואָס פאר פרומקײַט, פאר גוטסקײַט לייגנ זיי אוועק אלע געשעפטנ אונ גיבנ זיכ אָפּ נאָר מיט שטאָטישע זאכנ אונ זאָרגנ זיכ נאָר לעטויוועס האקלאל. איינער איז א באלטאקסע, איינער איז א פּאָווערענע, איינער איז אנ ארענדאר, איינער איז א גאבע, איינער איז א באל־אייצע, איינער א טאקיפ, איינער דעמ ראָווס קאָרעוו, איינער דעמ גווירס בענ־באיס, איינער מאכט באָמ, איינער איז א מעיוכעס, איינער—אנ אייניקל, איינער האָט א באבע אינ ערעצ־ייִסראָעל, איינער טאנצט אפ אלע כאסענעס, איינער איז א שטאָט־פעטער, איינער—קאָהאָלס יוירעש אונ איינער—גלאט א שיינער ייִד. נו, געפינט זיכ נאָכ ערגעצ אינ דער וועלט, אונטער אלע אומעס אזויפיל גוטע מענטשנ, וואָס זאָרגנ זיכ פאר דעמ קלאל, ווי בא אונדז ייִדנ, ראכמאָנימ בנײ ראכמאָנימ? בא די אומעס, אשטייגער, איז א גוויר אָדער א פּאָמעשטשיק, אָדער א סויכער, א פאבריקאנט אוכדוימע, בא אונדז, אנטקעגנ, איז א מינדסטער גווירל אינ א שטעטל דאָס ראָוו א באלטאקסע, א גאבע, אנ אסקנ בעמיצוועס, ער איז א סויכער נאָר לעפּאָנעמ, בעעמעס טראָגט ער אפ דעמ קאָפּ די גאנצע שטאָט ייִדנ, נעבעכ, אוביזכוס זע האָט ער מיט אלע באלטויוועס די בראָכע, וווהינ זיי קערנ זיכ אונ ווענדנ זיכ... זיי זאָרגנ, נעבעכ, זיי זאָרגנ, ביז זיי נעמענ אפ זיכ לײַב אונ ווערנ אָנ איינאָרע דיק, פעט, לויטער, מיט שיינע בײַכלעכ, אונ זיי זענענ, זייערע סאָנימ אפ צעשפּרינגעניש, אומעטומ נויסעכיינ... די אָרעמע גייט דאָס אָבער ניט אינ נוצנ. פונ די פיל טויוועס, וואָס מע טוט זיי, הערנ זיי אופ, וואָס א טאָג ווײַטער, צו עסנ, זיי קרענקענ, זיי ווערנ אויסגעדארט, אקוראט, ווי א בעניאָכיד בא א טאטנ א נאָגיד, וואָס מע דושעט אימ, מע היט אימ אָפּ, פאר גרויס ליבע אונ געטרײַ־שאפט, פונ עסנ, אונ מע גיט אימ איבער אינ די הענט פונ אסאכ ניאנקעס זיי זאָלנ אימ, לעמאַ־נעשעמ, אָפּהיטנ, ער זאָל ניט כאפּנ קיינ איבעריקנ ביסנ. האָט דענ ניט בעעמעס טאקע איטלעכער אָרעמער ייִד אינ א שטעטל אפ זײַנ כיילעק צוויי־דרײַ באלטויוועס, וואָס דורכ זייער האשגאָכע קענ ער שוינ קיינ איבעריקנ ביסנ ניט כאפּנ? וואָס עסט דענ א ייִד, אנ אָרעמאנ? קרענק, מאקעס מיט יעסורימ, א שטיקל טרוקנ ברויט מיט פּיסנעמ קוליש, פונ פלייש ווייסט ער ניט וואָס צו זאָגנ, כוצ א שאבעס עפּשער מאכט ער זיכ אביסל פליישיק מיט א ביינ, מיט א שטיקל לונג־אונ־לעבער. דערפאר פאלט אימ אָפּ א שטיק פלייש, אונ ווי מייסימ עסנ, אזא פּאָנעמ האָבנ זיי. נישט גוט, שלוימע, נישט גוט, כלעבנ, וואָס מיר ייִדנ זענענ אזעלכע ראכמאָנימ, נישט גוט, כלעבנ, וואָס בא אונדז אינ די שטעטלעכ זענענ זייער פיל באלטויוועס! ניט גוט, ניט גוט, כלעבנ, וואָס אסאכ מענטשנ בא אונדז זאָרגנ זיכ ניט בעסער פאר זיכ, זיכ אויסלערנענ עטוואָס אָדער זיכ צו באשעפטיקנ מיט עפּעס א מעלאָכע אונ ווילנ אלצ זאָרגנ פאר אנדערע. נישט גוט, כלעבנ, וואָס איטלעכער ליאדע לײדיקגייער, וואָס איטלעכער דראבּ, איטלעכער אזעספּאָנעמ, איט־לעכער צוויאק ווערט פלוצימ פונ דער העלער הויט א שטאָט־מענטש, א פײַנע בריע אונ א באלטויווע, ניט גוט, כלעבנ, טאקע זייער ניט גוט!..

**וועקער**. עפּעס ביסטו הײַנט זייער אינ קאס, מײַנ ליבער געדאליע, עפּעס רעדסטו מיר זייער שטארק מיט הארצ! הא?!

פּיקהאָלץ. יאָ, איך קען מיך שוין ניט אײַנהאַלטן, איך מוז שוין אויסרעדן דאָס האַרץ, צווישן אונדז יאָל עס בלײַבן, ניט מיט מײַן מויל גערעדט. אָט דאָס זענען אונדזערע שטאָטמענטשן. אָט נעם, אַשטייגער, בא אונדז אין טונעיאַדעווקע די גאַנצע כאַפּטע פּאַרשוינען, וואָס דו האָסט זיך ערשט אָפּ זיי נאָכגעפרעגט. דו מעגסט צו זיי צורעכענען מוישע לאָפּ, טרײַטל כאַפּ, יאָסל צאַפּ — ניט זיי מיין איך, די וואַנט מיינ איך — ווער זענען זיי? וואָס קענען זיי? דער האָט זיך אויסגעלערנט אַן אַדרעס אופּשרײַבן — איז ער שוין קאַהאַלס פּאָווערענע; יענער האָט זיך ערגעץ אין אַן אײַנפאָר־הויז אויסגעלערנט עטלעכע ווערטער רוסיש מיט גרײַזן — איז ער אַ שטאָדלען, אַ גאַנצער כאָדאַטײַ; דער האָט מעריידן, אַ בלייך אויסגעוויקט פּענימל — איז ער אַן ערעץ־ייִסראָעל גאַבע, אַ קאָשערער ייִד, אַ שיינער ייִד; יענער איז אַן אָזעספּאָנעם — נעמט ער כיילעק אין דער טאַקסע. דער אַזוי, יענער אַזוי. מע שרײַט אַלץ אָפּ דעם נאַראָד ייִדן, נעבעך, זיי זענען פּויל, זיי זענען ניט געזונט, זיי זענען אַקשאָנים, זיי ווילן זיך ניט בילדן אוכדוימע נאָך אַזעלכע פאַרברעכן. גוואַלד! וועל איך שרײַען. וואָס זענען זיי, נעבעך, שולדיק, וואָס זאָלן זיי, נעבעך, טון, אַז זיי זענען אונטער אַזאַ פּינצטערער אָפּעקע? אַז מע ציט בא זיי אַרויס די קליי פון די ביינער, אַז איין ייִדל, נעבעך, האָט אָפּ זײַן כיילעק דרײַ באַלטויוועס, וואָס נאָגן אים אויס דעם מאַרך, פאַרשלאָגן אים דעם קאָפּ, האַלטן אים אין דער מוירע, דערטאַפּן בא אים אַרויס דעם לעצטן גראָשן, פאַרבלענדן אים די אויגן און פאַרמוטשען אים מיט זייערע טויוועס?! ייִדן זענען, כלעבן, ניט שולדיק, זיי האָבן גוטע הערצער, זיי האָבן בעסטע סייכל און געפיל, זיי פאַרשטייען אַן אייסעק, זיי זענען ניכנאָים און קענען זייער פיל אַראָפּשלינגען, נאָר וואָס העלפט עס, אַז זיי האָבן, נעבעך, ניט קיין מאַזל, אַז זיי זענען, נעבעך, אומגליקלעך, אַז פון קאַמע שאָנים שטיקט מען צונויף אַלע אײַנגיינעם אין איין אָרט, ווי די שאָפּ, אַז זיי זעען פאַר זיך ניט קיין וועלט און קאָנען ניט אָטעמען קיין פרײַע לופט. אַ מענטש מוז דאָך אָבער עסן, מוז דאָך זיך דערנערן און אונטערהאַלטן זײַן לעבן קאָלזמאַן ער זשיפּעט, קאָלזמאַן עס שלאָגט זיך אין אים אַן אָדער, דעריבער זוכן זיי שעפּע איינער פון דעם אַנדערן. דער שטאַרקער וויל דערקוועטשן דעם שלאַפערן, מע טראַכט אויס קאָל האַמינע טאַכבולעס, וויאַזוי צו דערטאַפּן אַ שטיקל ברויט, וויאַזוי צו דערהאַלטן די נעשאָמע. די נאַטור איז שטאַרק, זי פאָדערט אירס, זי סטאַרעט זיך, זי זוכט קאָל האַמיטל זיך צו דערהאַלטן. אָט דעריבער זענען דאָ בא אונדז אין טונעיאַדעווקע די גאַנצע כאַפּטע פּאַרשוינען, וואָס מיר האָבן פון זיי גערעדט, אָט דעריבער זענען דאָ בא אונדז אַזעלכע מינע מענטשלעך, דערצו נאָך זייער אַסאַך זײַדענע ייִדן, גאַנצע פאָלקן שאַדכאָנים, מעלאַמדים, גאָטס סטראַפּטשעס אוכדוימע נאָך אַזעלכע טשינאָווניקעס, זיי אַלע ווילן עסן, זיי אַלע האָבן אַ נעשאָמע און סטאַרען זיך זי צו דערהאַלטן. זיי האָבן אַלע כושים, אַ טעווע פון מענטשן, זיי ווילן לעבן. אַנטקעגן דער טעווע העלפט זיך ניט צו באָרען, אַנטקעגן איר העלפט ניט קיין אייצעס, קיין כאָכמעס, זי איז אַלצדינג גוויווער! אַך, ניט גוט, שלוימע! אַ ראַכמאָנעס, כלעבן, אָפּ אונדזערע ייִדעלעך. עס וואָלט שוין צײַט געווען, מע זאָל זיי לאָזן אַביסל אָטעמען, אַביסל דיכען!

וועקער. ניין, געדאַליע, עס איז עפּעס ניט גלאַט, עס מוז עפּעס זײַן, וואָס דו רעדסט אַזויפיל מיט פײַער. סטײַטש, דו קאַלטער געדאַליע, דו שטילער, דו גוטער, דו ליבער געדאַליע, זאָלסט רעדן מיט אַזויפיל האַרץ! ניין, ניין! זאָג דיר וואָס דו ווילסט, עס איז עפּעס ניט גלאַט. (ער לייגט אַרויף זײַן האַנט אָפּ פּיקהאָלצס אַקסל) איך בעט דיך, געדאַליע, דו בלײַבסט הי אָפּ לאַנג?

פּיקהאָלץ. ניין, איך וועל נאָך הײַנט אַוועקפאָרן.

וועקער. וואָס אײַלסטו זיך אַזוי אין דײַן טונעיאַדעווקע?

פּיקהאָלץ. זאָג ניט מער, איך בעט דיך, „דײַן טונעיאַדעווקע“, איך בין שוין ניט מער קיין טונעיאַדעווקער.

וועקער (פאַרווונדערט). וואָס הייסט? דו ביסט שוין דאָרט ניט מער קיין ראָוו? סטײַטש, ווי קומט עס? פאַרוואָס?

פּיקהאָלץ. דו פרעגסט, פאַרוואָס? פאַר דעם! פאַר דעם, וואָס בא אונדז זענען דאָ באַלטויוועס, וואָס קיינער פון דער אָבשטשעסטווע האָט ניט קיין דייע, וואָס מע הערט זיי, ווי דאָס מילכיקע קלינגל, וואָס איטלעכער ציטערט צו זאָגן אַ וואָרט; רעב טרײַטל, זאָל לעבן, הייסט די שטאָט, וואָס ער מיט זײַן קנופּיע האַלטן אין זייערע הענט אַלצדינג: די טאַקסע, די אַרענדע,

דאָס קאָהאָל־שטיבל, אַלע צדאָקעס־און אוילעמעס־געלט, וואָס זיי מאַכן טשלענעס, וועלכע זיי טויג, און נעמען בלאַנקע וועקסלען בא דעם גאָלאָווא, בא דעם ראָוו אוכדוימע, קעדייִ אין פאַל, אַז זיי וועלן ניט טון דאָס, וואָס רעב טרײַטל מיט זײַן קנופיע ווילן, וועט מען אף זיי אויספילן די וועקסלען [1]. הײַנט פאַרשטייסטו, פאַרוואָס איך בין שוין דאָרטן מער ניט קיין ראָוו? איך קען מיך ניט פאַרקויפן, איך קען ניט האַלטן בלאַט מיט פאַלשע מענטשן און באַרײַסן אַ שטאָט אָרעמעלײַט, נעבעך, איך קען ניט זײַן געבונדן און טון נאָר דאָס, וואָס יענער וויל, וואָס יענער הייסט און וואָס יענעם טויג... איך בין נאָך פאַר די וויבאָרעס אַוועקגעפאָרן. זאָל זיך דאָרט זײַן אַן אַנדער ראָוו.

וו ע ק ע ר (מיט אַ ביטער האַרץ). וואָס הייסט, און מע שווײַגט זיי, אָטאָ דער גאַנצער קנופיע? עפּעס העפקער אַ וועלט?

פּ י ק ה אָ ל צ (מיט אַ זיפץ). ייִדן זענען, נעבעך, דערשלאָגן, זיי מיינען, אַז אַזוי דאַרף טאַקע זײַן. ווער אונטער אַלע אומעס קען נאָך אַזוי לײַדן און שווײַגן, ווי ייִדן?.. און, איבעריקנס, אַז מע שרײַט שוין יאָ אף רעב טרײַטלס שטוטשקעס, אף זײַנע גנייוועס, הייסט עס נאָך, מע איז דאָנאָשטשיקעס. אַ גאַנצע שטאָט מענטשן, טויזנטער באַלעבאַטים און באַלמעלאָכעס זײַנען דאָנאָשטשיקעס, די שטאָט, דאָס הייסט רעב טרײַטל מיט דער קנופיע, איז באַרויִגעז, פאַרוואָס מע בעזפּאָקויעט זיי. מע קאָן נאָך טאַקע כאַפּן אַ פּסאַק, רעב טרײַטל שרײַבט, וווהין מע דאַרף, אין דעם נאָמען פון דער שטאָט... מיט כסימעס האָט ער קיינמאָל ניט וואָס צו זאָרגן, זיי ליגן בא אים טאָמיד פאַרטיק אָנגעגרייט, הײַנט האָט ער דאָך עפּעס נאָך וועקסלען אויך [2]...

וו ע ק ע ר (קנייטשט דאָס ביכל אין דער האַנט, זייער שטאַרק אויפגעבראַכט). געדאַליע, בלײַב הי, געדאַליע!

פּ י ק ה אָ ל צ. דאָ איז ניט מײַן אָרט.

וו ע ק ע ר (נאָך שטאַרקער אויפגעבראַכט). פאַרקערט, דאָ איז דײַן אָרט (ער שטייט אויף און רײַסט דאָס ביכל פאַר גרויס אַגמעסנעפּעש).

פּ י ק ה אָ ל צ (קוקט אָן וועקערן פאַרוווּנדערט). וואָס טוסטו, שלוימע?

וו ע ק ע ר (מיט אַ ריירנדע שטימע). איך טו דאָס, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געטאָן אַמאָל בעשאַס כורבן דאָרטן אף די טײַכן באָוולס. אף די ווערבעס דאָרטן האָבן די מעשוירערים אויפגעהאַנגען זייערע פידלען, זיי האָבן מער ניט געוואָלט זינגען, שפּילן, נאָר קלאָגן, יאָמערן און טרויערן. געגנוג זינגען, געדאַליע, געגנוג שרײַבן שירים, מעליצעס. בעשאַס אונדזער פאָלק, אונדזער אָרעם פאָלק לײַדט אף דער טײַך גנילאָפּיאַטקע, צערײַס איך די סטרונעס פון דער ייִדישער פידל (ער רײַסט מיט אימפּעט). ייִדן זײַנען ניט געבאָרן געוואָרן צו זינגען, צו שפּילן... מע מוז אינזינען האָבן ערנסטע זאַכן. בלײַב הי, געדאַליע. מיר וועלן פּרוּוון ביידע הי עפּעס טון, עפּעס ווירקן פאַר אונדזערע אָרעמע ייִדן. דאָ, געדאַליע, דאָ איז דאָס אָרט צו ווירקן.

---

1) אָמאַר רעב מענדעלע: אף מײַן נעסיִע אין בעסאַראַביע האָב איך באַגעגנט אַזאַ מין טרײַטל אין אַ שטעטל אף דעם דניעסטער, עטלעכע ווערסט פון יאַמפּעלע. איך האָב זיך דאָרטן היבער אים אָנגעהערט זייער שרעקלעכע זאַכן, ער איז אַ מאַזיק אין אַ לאַנגן טאַלעסקאָטן, מע האָט פון אים געגנוג צאָרעס אויסצושטיין, האַשעם־ייִסבאָרעך זאָל שוימער אומאַצל זײַן אַלע ייִדעלעך פון אַזעלכע רעב טרײַטלעך.

2) אָמאַר רעב מענדעלע: איך האָב נאָך אַ טערעץ אף וועקערס שאַלע, ער פרעגט, פאַרוואָס מע שווײַגט רעב טרײַטלען אוכדוימע. ווי איך זע, קען ער אפּאָנעם ניט, ער זאָל מיר מויכל זײַן, די פּוילישע ייִדן. אַ פּוילישער ייִד איז אף אַלץ אַ בעריע בא זיך אין שטוב, אין בעסמעדרעש אונטער דעם אוייוון, דאָרטן סמאַלעט ער די וועלט, ער קען ניט צוזען די אוולעס, דעם גראַבעזש, וואָס עס גייט פאָר אין דער שטאָט, ער ליאַרעמט, ער פּילדערט, ער גיט אייצעס, מע זאָל שרײַבן אף דער נײַער צײַטונג, מע זאָל אַלע שטוטשקעלעך אַרויספירן, ווי בוימל אף דעם וואַסער, מע זאָל טאַקע איינמאָל אָנלערנען די פאַלשע מענטשן, מע זאָל אויסמאַכן דעם, מע זאָל אויסמאַכן יענעם. נאָכדעם זאָלט איר זען, אַז עס קומט צו עפּעס, איז ניטאָ קיינער אינדערהיים, ער באַהאַלט זיך אין אַ מויזנלאָך פאַר אַ רויטן קאָלנער, ער ווערט אַ קעצעלע, אַ טאַמע. ער גיט נאָך אַ שיינעם גוטמאָרגן דעם דאָזיקן, וואָס ער האָט אויסגעמאַכט מיט דער צונג, פאַרקערט, ער דרינגט אים, אַז אומעטום אין אַלע שולן שרײַט ער און וועט שרײַען, אַז קיין ערלעכער, כוץ אים, איז טאַקע ניטאָ, מאַלע וואָס סאָנימ זאָגן. נאָר פונדעסטוועגן וועל איך מוידע זײַן, אַז פּיקהאָלצס טערעץ איז זייער אַן עמעסער. אונדזערע ייִדן, נעבעך, זענען זייער דערשלאָגן. אַכוץ דעם האָבן זיי מוירע זיך צו קלאָגן אף שלעכטע מענטשן און אַרויסשרײַבן זייער פאַלשקײַט נאָך מאַכמעס דעם טאַמ אויך, ווײַל זיי ווייסן, אַז די אומעס־האָוילעם באַשולדיקן דעם קלאַל־ייִסראָעל פאַר אַ פּראַט און לייגן אַרויף דעם כעט פון איינעם אף אַלע ייִדן. דעריבער איז זיי בעסער ניכע צו לײַדן שטילערהייט, איידער שרײַען און עס זאָל, כאַסוועשאָלעם, אַרויסקומען אַ כילעל־האַשעם.

פיקהאָלץ (מיט א ביטערן לאכן). איי, שלוימע, בא יידן ווילסטו ווירקן! פאר די, וואָס דו ווערסט זיך אָנעמען, טאקע די אליינ וועלן דיר זיין סאָנים. דער וואָס טרינקט זיך, וויל טאָמיד אריינשלעפן אינ וואסער דעמ דאָזיקן, וואָס ראטעוועט אימ. קראנקע האָבן קימאט אלע פיינט דעמ דאָקטער, דאָס ליגט שוינ אינ דער נאטור. דו ווערסט זיך סטארען עפּעס צו טון. עפּעס צו פארבעסערן, פּלוצימ וועט קומען איינער אונ וועט אָפּזאָגן א סליכע, אז דו ביסט אנ אפּיקוירעס, אז עס פעלט בא דיר א האָר אינ באָרד, נו דאָ הערט שוינ אופ אלצדינג, מע מאכט דיך מיט דער בלאָטע גלייך אונ מע לאָזט זיך נאָך בעסער צו צו די באלטויוועס, אקוראט ווי דאָס אומגליקלעכע כייעלע, נעבעך, לויפט צו אליינ צו דעמ שרעקלעכנ שלאנג, וואָס באצויבערט אונ שלעפּט דאָס מיט די אויגנ... ניינ, שלוימע, דו ביסט צו הייס, ניינ, זאָג איך דיר, שלוימע, ניינ איך וויל ניט ווירקן.

וועקער (גאראטשעט זיך). דו בלייבסט, געדאליע! דו ווערסט זיין ראָוו, איך בינ גוט באקאנט מיט שטאנדהאפּטן, ער איז דאָ דער גוויר, דער גאנצער פירער, איך וועל אימ בעטן, ער זאָל דיך מאכנ הי פאר ראָוו, ער לעבט מיט מיר זייער גוט.

פיקהאָלץ. איי, שלוימע, דו ביסט נאָך ניט דערפארן, דו קענסט ניט קיינ גוויר, דו קענסט ניט שטאנדהאפּטן. בא אימ איז ניטאָ קיינ פריינטשאפט, קיינ געוויסן, ער ליבט נאָר זיך, ער זוכט נאָר זיין נוצן, איי, היט זיך, שלוימע, היט זיך פאר אימ.

וועקער. נישקאָשע, דאָס איז מיינ זאך, שטאנדהאפּט, זאָג איך, וועט דיך מאכנ פאר א ראָוו.

פיקהאָלץ. איך דאנק דיר, שלוימע, פאר דער טויווע! פע, אזא ראבאָנעס, וואָס שטאנדהאפּט גיט זי. פע אזא ראבאָנעס, וואָס פאר איר דארפ מענ זיך פארקויפן דעמ טייוול, וואָס פאר איר דארפ מענ זיין א ניכנע, אנ עוועד קנאני, וואָס פאר איר מוז מענ הערן, זענ אונ שווייגן! פע, פע, פע אזא ראבאָנעס. דענסטמאָל וועל איך זיין א ראָוו, ווענ דאָס פאָלק וועט מיך וועלן, ווענ אלע, אָרעמ אונ רייך גלייך, וועלן מיך מאכנ אונ מיר שענקענ זייער צוטרוי, ווענ איטלעכער, אפילע דער אָרעמער, נעבעך, וועט מיך געפינען פאר ווערט צו פארטרעטן די שטעלע. נאָר עס איז נאָך דערצו אָבער זייער ווייט צו ווארטנ! זיי מיר געזונט, שלוימע! איך מוז פאָרן, לאָמיר איינער דעמ אנדערנ ניט מער שטערנ! (ער וויל גיינ).

וועקער. אך, געדאליע! ווארט נאָך אביסל, געדאליע!

פיקהאָלץ. ניינ, איך מוז פאָרן, זיי געזונט, געניט אונ דערפארן, היט זיך פאר שטאנדהאפּטן אונ רעד זיך ניט איינ צו ווירקן בא יידן, אדיע! (ער צעקושט זיך מיט וועקערן אונ גייט אוועק).

וועקער (נאָך דעמ ווי ער איז אביסל געשטאנען פארטראכט). אך, געדאליע, דו האָסט מיר געעפנט די אויגנ. איצט הייב איך אָנ צו זענ, ווי אזא סויכער, ווי מיינ ספּאָדעק, קענ זיך האלטנ אונ זיין רייך. א מאלעך, ווי איך זע, ווארפט ניט קיינ גראָשנ, אונ, אפּאָנעמ, אז מע נעמט ניט אליינ אפ דער וועלט, האָט מענ טאקע ניט... נאָר ניט גוט אָבער צו האָבנ אָפענע אויגנ, ניט גוט צו זענ אסאך אפ דער וועלט, עס קאָכט אינ מיר דאָס בלוט, עס קלאפּט מיר דאָס הארצ, איך פיל, אז דאָס גאנצע פּאָנעמ פלאמט מיר. עס איז פאר מיר דאָ דושנע, איך קאָנ דאָ ניט אָטעמענ די לופט, איך מוז פונדאנענ ארויס אונ שוינ טאקע אהער מער ניט קומענ. אך, געדאליע, דו האָסט מיר געעפנט די אויגנ! (ער גייט געשווינד ארויס אונ גיט א קלאפּ מיט דער טיר).

---

# צווייטער אקט

דאָ ווערט פאָרגעשטעלט, וויאַזוי די פּאָפּעטשיטעליעס פון דער טאקסע אַרבעטן מייַסים און פירן א וועלט.

## ערשטע סצענע

א מעלאוועמאלקע בא רעב מוישע באלטאכלעס. די קנופיע פּאָפּעטשיטעליעס זיצן ארום טיש. אפ אים שטייען פלעשלעך בראָנפן און וויַין, א גרויסער פּאָלומעסיק פיש, א געבּ־ראָטעוע גאנדז און א טעלער מיט אייַטערלעך.

ספּאָדעק (האלט א קאָס אין דער האנט). לעכאיִם, ייִדישע קינדער. גאָט זאָל געבן עפּעס יעשועס ווענעכאָמעס אפ ייִדן, און טאקע דערבייַ א שנאס פּארנאָסע. (ער פארגלאָצט די אויגן צו דער סטעליע) ייִסראָעל אמכאָ צעריכים פּארנאָסע! עס איז הייַנט זייער א שלעכטע צייַט! (ער קרעכצט און טרינקט אויס דעם קאָס).

די קנופּיע (קרעכצט אויך מיט די קויסעס אין די הענט). עס איז הייַנט זייער א שלעכטע צייַט, האַ־שעם־ייִסבאָרעך זאָל ראכמאָנעס האָבן. לעכאיִם, רעב איצע־וואָלף, לעכאיִם! זאָל טאקע זייַן זאַריי־נו ווענאספיינו יארבע קאַכויל (אלע טרינקען און פארבייַסן).

מוישע באלטאכלעס (האלט א פולקע אין דער האנט). עס איז, כלעבן, גאָר קיין טאכלעס ניט צו לייזן 25 קאָפּעקעס פאר אן אָקע פלייש אין אזא שלעכטער צייַט, געווג וואָס מיר כלאָ־פּאָטשען זיך, נעבעך, מיט דער טאקסע לעטויִוועס האקלאָל. פארוואָס זאָלן מיר דערלייגן פון אונדזער קעשענע?

טאם. פארוואָס, נעבעך, זאָלן מיר דערלייגן?

שטאנדהאפּט. דערלייגן זייַנען מיר אוואדע ניט מעכוייעוו, יענער זאָל זיך עסן פלייש, און מיר זאָלן פאר אים דערלייגן! פּאָשעט איז פּאָשעט, מע דארף פארגרעסערן דעם מעקעך פון פלייש.

רעב יוסעף. מאכטייסע! הא! מע מעג טאקע פארגרעסערן.

ספּאָדעק (זיפצט). אוואדע איז א ראכמאָנעס, כלעבן, אפ די אָרעמע ייִדן, נעבעך, נאָר וואָס אָבער זאָל מען טון? גאָט קאָן אוואדע העלפן. דערווייַל, מיין איך, וועט ניט קיין סאך זייַן ארופציִען א פּאָר קאָפּעקעס אפ דער אָקע.

רעב יוסעף. מאכטייסע, וואָס קאָן עס שאטן, הא?

טאם. פארוואָס ניט דרייַ?

שטאנדהאפּט. פארוואָס טאקע ניט פיר, פיר איז דען אסאך? וואָס איז, די שטאָט דארף דען ווייניק האָבן? פונוואנען וועט מען עס נעמען אפ אלע היצטארכעס?

ספּאָדעק (פארגלאָצט די אויגן און קרעכצט). אוואדע איז צאָרכיי אמיינו מערובים... ייִדן, נעבעך, דארפן זייער פיל האָבן, נו, זאָל שוין זייַן, אויב יאָ אזוי, טאקע פינף, איין מאָל איז ניט רעכט קיין זוגעס און צווייטנס — צו א גלייַכן מיספּער דרייַסיק.

רעב יוסעף. מאכטייסע. דרייַסיק — זאָל זייַן דרייַסיק.

מוישע באלטאכלעס. און איך זאָג אייַך, אז דאָס איז, כלעבן, אויך קיין טאכלעס ניט, באַרעכנט זיך נאָר גוט, וואָס איז דרייַסיק קאָפּעקעס אין אזא צייַט? פּאָלגט מיך, כלעבן, לאָזט מיך אויך עפּעס פריבאוועןָ.

רעב יויסעפ. מאכטייסע, כלעבנ, זאָל ער עפּעס אויכ פּריבאווענ, ער איז דאָכ אויכ א פּאָפּעטשיטיעל...

שטאנדהאפּט. כאפּט זיכ ניט אווי צו, מײַנ ליבער רעב מוישע! עמעס טאקע, איר האָט רעכט, איר האָט אויכ א דייע, מע קאָנ אָבער ניט אלצ אפּ איינ מאָל, לעסאטע דארפּט איר האָבנ אזא רעכענונג: אינ גלופּסק גייט אוועק לעערעכ פּונ 17 ביז 18 טויזנט אָקעס פּלייש א וואָכ, כוצ אויפּעס. הײַנט אז מע ציט ארופּ נאָכ 5 קאָפּעקעס אפּ דער אָקע, מאכט שוינ דאָס ביסל אליינ אויס לעערעכ 900 רובל א וואָכ. אינ א יאָר איז 52 וואָכנ, קענט איר אײַכ שוינ אליינ צונויפּרעכענענ די סומע. דערווײַל מוזנ מיר זיכ באנוגענענ מיט דער קליינער סומע, אונ ווײַטער וועלנ מיר זענ. מע קאָנ ניט אלצ אפּ איינ מאָל.

ספּאָדעק. לאָמיר זיכ, רעב מוישע, נויהעג זײַנ, ווי אונדזערע הייליקע כאכאָמימ האָבנ געזאָגט „מאָפּאסטאָ מועט טאָפּאסטאָ״, לאָמיר זיכ לעסאטע באנוגענענ מיט דער קליינער סומע, א ראכמאָנעס, כלעבנ, אפּ די אָרעמעלײַט, זאָלנ זיי לעכאָלאפּאָכעס, נעבעכ, פּיסלעכווײַז גע־ווינט ווערנ.

טאמ. פּארוואָס זאָלנ מיר, נעבעכ, לײַדנ?

ספּאָדעק. (טרייסט טאמענ). שא, כלעבנ, רעב שמײַע, נו וואָס קענ מענ מאכנ? כלעבנ, נישקאָ־שע, האשעמ־ייִסבאָרעכ וועט אונדז דערפּאר העלפנ, ביזכוס זע טאקע, וואָס מיר טוענ פּאר די אָרעמעלײַט, וועט אונדז האשעמ־ייִסבאָרעכ העלפנ. לעסאטע זאָל אונדזערע איבערגיינ, דערנאָכ, ווי זאָגט שטאנדהאפּט, וועלנ מיר זענ, מע קענ ניט אפּ איינ מאָל איבערציִענ דעמ בויגנ. גע־דענקט איר, ווי מע האָט זיכ נויהעג געווענ טכילעס, ביז מע האָט געשטעלט אפּ 25 קאָפּעקעס? א ראכמאָנעס, כלעבנ, אפּ די אָרעמעלײַט, מע קאָנ ניט אלצ אפּ איינ מאָל.

שטאנדהאפּט. דער אוילעמ זאָגט, א גוייִש שפּריכוואָרט איז, לעהאוודל, ווי א געמאָרע. טישע יעדיעש — דאלשע בודיעש, דאָס הייסט, רעב איצע־וואָלפּ, אפּ ייִדיש, אז מע פּאָרט פּאמע־לעכ, פּאָרט מענ ווײַטער אײַנ.

ספּאָדעק. ווי קומט צו זיי אזא גלײַכווערטל? זיי האָבנ דאָס אוודע גענאשט בא ייִדנ... דער עמעס איז טאקע, מע טאָר זיכ ניט אײַלנ, מע דארפּ ניט אפּ איינ מאָל איבערציִענ דעמ בויגנ, פּארשטייט איר?

די קנופּיע. מיר פּארשטייענ, פּארוואָס זאָלנ מיר עס ניט פּארשטיינ?!

## צווייטע סצענע

די זעלבע קנופּיע. פּיאווקינ קומט ארײַנ שטארק פּריילעכ.

פּיאווקינ. א גוטע־וואָכ! פּאָזדראוולֹיאיו אפּ א פולער וואָכ! גאָט האָט געהאָלפּנ, עס איז אָנגעקומענ!.. איצט, זעט איר, קומט א גלעזל ווײַנ (ער גיסט זיכ אָנ א גלעזל ווײַנ, טרינקט אויס אונ פּארבײַסט מיט אײַטערלעכ).

די קנופּיע (שטארק פּארווּנדערט). וואָס אָנגעקומענ? הא, וואָס אָנגעקומענ, וואָס?

פּיאווקינ. דאָס געלט! די אָבשטשעסטווענע הונדערט טויזנט קערבלעכ אָנגעקומענ.

די קנופּיע (אינ איינ קאָל). וואָס זאָגט איר?

פּיאווקינ. דאָס, וואָס איר הערט.

ספּאָדעק (פּארגלאָצט די אייגנ). איכ דאנק דיר אונ לויב דיר, גאָט. (צו טאמענ). נו, רעב שמײַע, הײַנט זעט איר, ווי האשעמ־ייִסבאָרעכ העלפּט פּאר ערלעכקײַט, הא, וואָס האָב איכ אײַכ געזאָגט, ערשט ניט לאנג געזאָגט? אָט האָט איר א מויפּעס!

באלטאכלעס. הײַנט זעט איר, אז איגגאנצנ איכ! איכ טאקע האָב אלצ געזאָגט: וואָס וועט זײַנ דער טאכלעס פּונ אזויפיל געלט, וואָס האָט זיכ פּונ דער טאקסע אָנגעזאמלט בא דער קאזנא נאָכ פּונ גאנצ לאנג? טאקע סאמע פּונ דער הייסער מינוט, וואָס מיר זענענ געוואָרנ פּאָ־פּעטשיטעליעס, קימאט פּונ דער ערשטער רעגע האָב איכ אלצ געשריִענ, וואָס וועט זײַנ דער טאכלעס פּונ אזויפיל געלט, פּונ אזא סומע געלט? לאָמיר ארויסנעמענ דאָס געלט!

ספּאָדעק. זעט איר, איכ האָב טאקע גוט געראָטנ, מע זאָל שרײַבנ, אז מע דארפּ דאָס געלט אפּ א ביקער־כוילימ, דאָס האָט אסאכ געהאָלפּנ.

פיאווקינ (מיט כניפע). יאָ, זיי טאקע האָבנ געזאָגט; א ביקער־כוילים, האָט רעב איצע־וואָלף געזאָגט.

באלטאכלעס. א גרויסע כאָכמע, ער האָט געזאָגט! וואָס איז דאָס פאר א טאכלעס? מע האָט געדארפט, פּאָשעט איז פּאָשעט, ארויסנעמענ דאָס געלט סטאם, אזוי וואָלט געווען אסאך בעסער. בעכאָל האָויפּאנים בעסער!

רעב יויסעפ. מאכטייסע, אזוי וואָלט טאקע געווען בעסער, סטאם איז אוודע בעסער!..

טאמ. ווער האָט עס געדארפט ויסנ, וואָס מיר וועלנ מיט דעמ געלט טונ? ווער האָט זיך צו מישנ אינ אונדזערע אייסאָקימ? מיר זײַנען דאָך פּאָפּעטשיטעליעס!

שטאנדהאפט. מע האָט דאָך געמוזט ווײַזן דער קאזנא, אפ וואָס מע פארברויכט דאָס געלט. דעמ כעזשבנ מאכנ, דאָס איז שוינ אונדזער זאך.

ספּאָדעק (טרייסט טאמען). כלעבנ, זאָרגט ניט, רעב שמײַע, האשעמ־ייִסבאָרעך וועט העלפנ. נישקאָשע, כלעבנ, אזוי איז בעסער, פארשטייט איר?

די קנופיע, מיר פארשטייענ, מיר פארשטייענ, פארוואָס זאָלנ מיר עס ניט פארשטיינ?

פיאווקינ (מיט א גנייווע־שמייכעלע צו רעב מוישע באלטאכלעס). גלייבט מיר, רעב מוישע, איך פאר־שטיי אויך א טאכלעס־זאך, וואָס עס נוצט פאר דער שטאָט. עס וועט אויסקומענ, אימירצעשעמ, ווי מע זאָגט, אָגיל וועסמאך, קײַלעכדיק אונ שפּיציק!..

שטאנדהאפט. איצט, ראבויסימ, דארפ מענ זיך באטראכטנ, וואָס מיר האָבנ מיט די אי־בעריקע געלט צו טונ. פארשטייט איר?

באלטאכלעס (מיט א זיס שמייכעלע). איך האָב געוואָלט בעטנ דערפונ א גמילעסכעסעד.

רעב יויסעפ. מאכטייסע, מיר אויך א גמילעסכעסעד.

פיאווקינ (צו רעב מוישע באלטאכלעס). נו, א גמילעסכעסעד. דאָס איז דאָך א מיצווע, א ייִדי־שע זאך. דאָס איז דאָך איינס פונ די דוואָרימ שעיינ לאָהעמ שיִור. (צו זיך אליינ אינ דער זײַט מיט א שמייכעלע) דערפאר וועט די שטאָט האָבנ אוילעמהאבע...

ספּאָדעק. איך וואָלט געוואָלט בעטנ א זעקס זיבנ טויזנט קערבלעך אפ קאפּצינסקעס א טראטע.

שטאנדהאפט. מײַנ דייע וואָלט געווען, אז מע זאָל דערווײַל די געלט אײַנלייגנ.

רעב יויסעפ. מאכטייסע, לייגט עס אײַנ בא מיר.

באלטאכלעס. בא אײַך, רעב יויסעפ, איז קיינ טאכלעס ניט. איך קענ בעסער פארטאָנ געלט, איך האָב גראָד איצט א פּלאנ.

שטאנדהאפט. א פּלאנ האָב איך א בעסערנ, איך נעמ די געלט אפ מיר.

די קנופיע (אינ איינ קאָל). ניינ, ניינ, אזוי איז ניט גוט, זאָל בעסער זײַנ, ווי פריִער.

טאמ. מיר קומט פונ דער שטאָט געלט. וואָס האָט מענ, נעבעך, צו מיר?

ספּאָדעק. אונ מיר קומט אויך פונ דער שטאָט געלט, פארשטייט איר?

די קנופיע. מיר פארשטייענ, פארוואָס זאָלנ מיר עס ניט פארשטיינ? אונדז קומט אויך געלט פונ דער שטאָט...

פיאווקינ (דערווײַל צו זיך אליינ אָנ דער זײַט). איך פארשטיי, איך פארשטיי, עס קומט זיי ניט פונ א יאָכיד, אשטייגער פונ דעמ, יענעמ, נאָר סטאם גלאט פונ דער שטאָט. דאָס איז א גרוי־סער כילעק. (צו דער קנופיע מיט כניפע) עס פארשטייט זיך, עס קומט אײַך פונ דער שטאָט. איך בינ אנ איידעס, עס קומט אײַך.

באלטאכלעס. נו, וואָס וועט זײַנ דער טאכלעס פונ דעמ ווײַנ, בראָנפנ, גאנדז, אײַטער־לעך? מע דארפ עס אויסטרינקענ, אופעסנ, איך בעט אײַך, טוט עפּעס, לאָזט זיך ניט בעטנ.

רעב יויסעפ. מאכטייסע, עס כאלעשט מיר טאקע דאָס הארצ (ער נעמט א קאָס אינ דער האנט). לעכאיִמ, מיט אלע פּיירושימ לעכאיִמ! מאכטייסע, ייִדנ זאָלנ נעבעך אופגעריכט ווערנ, מאכטייסע, רעב איצע־וואָלף, זאָל זײַנ אזוי, ווי איר זאָגט, ייִדנ זאָלנ בלײַבנ דאָס, וואָס זיי זענענ, מאכ־טייסע, אזוי, איז אוודע בעסער!

די קנופיע. לעכאיִמ, לעכאיִמ! ייִדנ זאָלנ טאקע בלײַבנ דאָס, וואָס זיי זענענ, האשעמ־ייִסבאָרעך זאָל אפ אונדז ראכמאָנעס האָבנ (מע טרינקט אונ מע עסט).

# דריטע סצענע

די קנופיע איז אביסל פארלעקט, זינגען עליִאָהוס גאנץ פריילעך. שטאנדהאפט זיצט אינ ווינקעלע, רויכערט א ציגאר אונ סוידעט זיך מיט פיאווקינען. די גלאסנעס קומען אריַינ אינ פאָר־כיירער.

גלאסנעס (פארוואונדערט איינער פונ איינ זיַיט, דער אנדערער פונ דער אנדערער זיַיט טיר). מע טרינקט, מע עסט, מע איז פריילעך! איז דאָס גלאט א מעלאווע־מאלקע, אָדער עפשער עפעס טאקע א סימכע?

איינ גלאסנע. אָנ איז פיאווקינ! מע דארפ אימ א וועק טונ אונ אימ פרעגנ.

צווייטער גלאסנע. א! איך ווייס שוינ, ס'איז א כאסענע! עס איז א גוטע כאסענע! איך קאָנ די קאלע, זייער א שיינע!

ערשטער גלאסנע (נאָך מער פארוואונדערט). ווער כאסענע, ווער קאלע?..

צווייטער גלאסנע (מיט א שמייכעלע). די קאץ! מע מאכט כאסענע די קאץ!

דער ערשטער גלאסנע. דו ביסט מעשוגע!

צווייטער גלאסנע. דו ביסט כאָסער־דייע! דו קענסט זיך ניט אָנשטויסנ, דו האָסט ניט קיינ סייכל פאר א קאץ. איך זאָג דיר טאקע נאָכאמאָל: מע מאכט כאסענע די קאץ, די קאץ, וואָס איז היַינט אָנגעקומענ די פאָפעטשיטעליעס, די שיינע אָבשטשעסטווענע קאץ. היַינט פארשטייסטו שוינ? יאָ, א שיינע קאלע, זיי מעגנ זיך פרייענ.

ערשטער גלאסנע. א־א! אָט איצט פארשטיי איך. דער קאָפ איז מיר היַינט אזוי פאר־לאָזנ, אז איך ווייס, אָסער, ניט, אפ וועלכער וועלט איך בינ. א קאטאָוועס עפעס? מיר קאָנענ, כאָלילע, פארפוילט ווערנ אינ אָסטראָג!

צווייטער גלאסנע. אונ דאָ טאָר מענ נאָך ניט זאָגנ די פאָפעטשיטעליעס א גראָב וואָרט! ווער האָט דענ אונדז געמאכט אונ ווער קענ דענ אונדז ווידער אויסמאכנ, ווענ ניט טאקע זיי?.. ביפראט נאָך איצט, אז עס איז די ציַיט פונ די וויבאָרעס. גוט איז טאקע נאָר פיאווקינען. ער ווייסט ניט דעמ טאמ פונ וויבאָרעס, ער פארלעבט קאָהאָלס געלט, וויפל ער וויל, אונ טאנצט אפ אלע כאסענעס. ער וועט, נישקאָשע, פונ דער כאסענע אויך אראָפנעמענ א גוטנ רעכאש!

ערשטער גלאסנע. וואָס וועלנ מיר דאָ שטיינ? דער גאָלאָווא ווארט אפ אונדז אינ איינע צאָרעס. עס ציטערט נעבעך אפ אימ די הויט (זיי גייענ אריַינ אינ כיידער צו די פאָפעטשיטעליעס).

די קנופיע (צו די גלאסנעס). א! ברוכימ האבאָימ! זיצט, מאכט בראָכע, כאפט עפעס!

די גלאסנעס. א שיינעמ דאנק. עס איז איצט אונדז ניט אינ קאָפ. דער רעוויזאָר איז געקומענ.

שטאנדהאפט (א ביסל דערשראָקנ). וואָס, א רעוויזאָר? א רעוויזאָר איז געקומענ?

פיאווקינ (גיט א מאך מיט דער האנט). א וואזשנע זאך! וואָס איז דאָ אזוינס, אז ער איז געקומענ?

ספאָדעק (קרעכצט). אך, אך, זייער א שווערער גאָלעס! אָט האָט איר א רעוויזאָר! מיר זענענ בעאווינוויסיינו האָראבימ אינ גאָלעס, האשעמ ייִסבאָרעך זאָל ראכמאָנעס האָבנ.

רעב יויסעפ. מאכטייסע, אוואדע וואָלט בעסער געווענ, מיר זאָלנ ניט זיַינ אינ גאָלעס.

טאמ. נאט איַיך א רעוויזאָר אפ אונדער קאָפ! פארוואָס זאָלנ מיר, נעבעך, מער פונ אלע־מענ ליַידנ גאָלעס?

באלטאכלעס. א שיינער טאכלעס, כלעבנ! נו מיילע, אז ער איז געקומענ, ווענ גייט עס אָנ?

די גלאסנעס. סטיַיטש, ער וועט מאָרגנ רעוועדירנ די ביכער אינ דומע! דאָרטנ וועט ער געפינענ די פראָבעלענ, מאכמעס איר האָט שוינ אזא לאנגע ציַיט ניט אריַינגעטראָגנ, ווי עס געהער צו זיַינ, די ראטע פונ דער טאקסע, אונ אינ דער קאסע פעלט געלט. האָט אפ אונדז ניט קיינ פאריבל, וואָס מיר זאָגנ איַיך, דער גאָלאָווא גייט ארומ אָנ א קאָפ, מיר ווערנ אויך שיר ניט מעשוגע פאר פאכעד. איר ווייסט, מיט וואָס דאָס שמעקט? דאָס שמעקט מיט סיביר, שמעקט עס!

פיאווקינ. אז איר האָט מוירע, לייענט קרישמע. גייט, זאָג איך איַיך, זאָגט דעמ גאָלאָווא, ער זאָל, דער נאר, קיינ מוירע ניט האָבנ!

ספּאָדעק. עס וועט מיסטאמע מיט גאָטס הילף זײַן רעכט, פֿאַרשטייט איר?
די קנופּיע. מיר פֿאַרשטייען, מיר פֿאַרשטייען, פֿאַרוואָס זאָלן מיר עס ניט פֿאַרשטיין?
מע דאַרף זיך נאָר מיקויעך דעם אַביסל מעיאַשעוו זײַן (זיי אַלע, כוץ די גלאָסנעס, גייען אַרײַן אין אַן אַנדער כיידער).

## פֿערטע סצענע

די גלאָסנעס אַליין, דערנאָך די גאַנצע קנופּיע.

ערשטער גלאָסנע (קוקט אָפּ דעם טיש). זיי האָבן זיך דאָ, אָפּנעם, גוט מעסאַמייעך געוועזן: זע־נאָר, זע, וואָס איז אָנגעשטעלט אָפּ דעם טיש.
צווייטער גלאָסנע. זיי מעגן זיך פֿרייען, זיי האָבן גוטע יאָרן, אַ קלײניקײַט, זיי האָבן אַן אָרענדע אָן אַ ראַטע! וואָס אַ טאָג פֿאַרגרעסערט מען דעם מעקעך פֿון פֿלייש, אָרעמעלײַט ווערן פֿאַרשוואַרצט, עסן ביינער, קאַדאָכעס רעוויִיִם. זיי האָבן, נישקאָשע, אין די עטלעכע יאָרן, וואָס זיי זײַנען פּאָפּעטשיטעליעס, אָנגעשאָטן פּעסער מיט גאָלד!
ערשטער גלאָסנע (מיט אַ ביטער שמייכעלע). זיי האָבן דאָך געגומענע די טאַקסע פֿאַר דער שטאָט, זיי האָבן דאָך אַ טויווע געטאָן דער שטאָט.
צווייטער גלאָסנע. אַ שיינע טויווע, כלעבן! זיי ווערן ניסאַשער אונ אָפּ דער שטאָט וואַקסט ביסלעכווײַז אַ נעדאָיִעם. מע קען שטאַרבן פֿון אַזעלכע טויוועס.
ערשטער גלאָסנע. איך מיין, די באַלטויוועס וועלן זיך מאָרגן אָפּשאָקלען מיט אַ היפּשן גראָשן!
צווייטער גלאָסנע. זיי וועלן, נישקאָשע, ניט דערלייגן פֿון זייער קעשענע. איך מיין, מאָרגן וועט טײַערער ווערן דער מעקעך פֿון פֿלייש, אַוואַדע מער מיט עטלעכע קאָפּיקעס אָפּ דער אָקע. פֿון זייער הײַנטיקער אַסיפֿע, מיין איך, וועט דער שטאָט קיין גוטס ניט אַרויסקומען.
ערשטער גלאָסנע. וואָס זאָגסטו! עס איז שוין אָן דעם אויך זייער טײַער דער מעקעך פֿון פֿלייש. איך האָב מוירע, מע וועט שרײַען.
צווייטער גלאָסנע. ווער וועט שרײַען?! מישטיינסגעזאָגט, ווער וועט זיך אָנרופֿן אַ וואָרט? דו קענסט ניט די היגע מענטשן, זיי זענען טרוסן, האָבן מוירע פֿאַר אַ פֿליג, מע מעג זיי אָפּילע דעם קאָפּ אַראָפּדרייען, וועלן זיי ניט ריידן קיין וואָרט.
ערשטער גלאָסנע. כלעבן, אַ ראַכמאָנעס, וואָס זאָלן זיי נעבעך טון? מיר אַליין האָבן דען ניט מוירע? צווישן אונדז גערעדט, פֿאַרוואָס זענען מיר צו די אוולעס אונ שווײַגן? פֿאַרוואָס קוקן מיר אַוועק אין דער זײַט אונ זאָגן אָמיין אָפּ אַלצדינג, וואָס זיי טוען? וואָרעם מיר האָבן טאַקע פֿאַר זיי מוירע, זיי קאָנען אונדז אויסמאַכן; וואָרעם מיר ווילן ניט בלײַבן אָן ברויט, אונדזערע ווײַבער אונ קינדער זאָלן כאָלילע לײַדן. פּאָדליעצעס וועלן מיר זײַן סײַוויסײַ. האַלטן מיר מיט זיי, האָט מען דאָך ניט צו רעדן, אַז מיר זײַנען פּאָדליעצעס. אונ ווען מיר זאָלן אַרויסטרעטן אַנטקעגן זיי, וועלן זיי אַזוי לאַנג דרייען, ווי מע דאַרף, אונ אונדז מאַכן פֿאַר פּאָדליעצעס. זיי זענען טאַקיפֿים, זיי האָבן אַלע מיטל, זיי וועלן בלײַבן גערעכט אונ אונדז וועט מען אָפּגעבן פּאָד־סוד. איז דאָך גלײַכער טאַקע דער ערשטער פֿאַל, ווייניקסטנס, האָבן מיר ברויט אונ הייסן פֿאַר דער וועלט ערלעכע לײַט. אין צווייטן פֿאַל, וועלן מיר שטאַרבן פֿאַר הונגער, מיר וועלן נאָך הייסן פֿאַר דער וועלט פּאָדלע מענטשן אונ זײַן פּאָד סוד. די אָבסטאָיאַטעלסטוועס זענען אין דער וועלט אַזוי פֿאַרדרייט, אַזוי פֿאַרפּלוטעט, אַז מע קען ניט זײַן קיין ערלעכע לײַט, ווי שטאַרק אָפּילע מע זאָל ניט וועלן. אויב מע וויל העלפֿן די מענטשן אונ אַרופֿירן זיי אָפּ דעם רעכטן וועג, איז קיין אַנדער מיטל ניטאָ, נאָר אויפֿפּלאָנטערן דאָס קניפּל אונ אויקער זײַן דאָס שלעכטס מינהאַשוירעש. דאָס קניפּל אָבער אויפֿפּלאָנטערן קאָן נאָר דער, וואָס האָט אין זײַן האַנט אַ גרויסן קויעך, דערצו נאָך אַ גוטע רײִע, אַ ריכטיקן אונ אַן עמעסן בליק...
צווייטער גלאָסנע. אײַ, עפּעס רעדסטו איצט, ווי אַ גאַנצער פֿילאָסאָף! איך האָב דיך, אָסער, קיינמאָל ניט געהאַלטן פֿאַר אַזאַ פֿילאָסאָף.
ערשטער גלאָסנע. נאַרעלע, די אומשטענדן מאַכן דעם מענטשן פֿאַר אַלצדינג! איך רעד דאָס, וואָס איך פֿיל באַ מיר, אַז איך וויל מיט דעם גאַנצן האַרצן זײַן אַן ערלעכער מאַן, נאָר איך קאָן ניט, מע ציט מיך מיט גוואַלד אַרײַן אין דער גזעץ. דאָס קניפּל — דו ווייסט דאָך

ווען מע איך מיינ — פארפוטעט מיך מיט גוואלד. איך וויל לעבנ אפ דער וועלט, איך האָב ליב מייַנ ווייַב אונ קינדער, אונ וויל ניט, זיי זאָלנ לייַדנ דאכקעס, איך וויל זיי ניט פארשווארצנ דאָס פּאָנעמ אונ וויל הייכנ פאר דער וועלט א שטילער מענטש, אנ ערלעכער מאנ, דעריבער מוז איך מיך האלטנ אינ דעמ שטארקנ קניפּל אונ זייַנ א פּאָדליעצ... לאכ ניט פונ מיר, מוישע, איך בינ, אָסער, ניט קיינ פילאָסאָפ, נאָר א פראָסט מענטשל, איך זאָג דאָ ניט קיינ גרויסע כאָכ־מעס, נאָר דאָס, וואָס איך זע אונ פיל. אדעראבע, זייַ זיך מוידע, די זאָגסט ניט דאָס זעלביקע, וואָס איך?

צווייטער גלאסנע. הערסטו בעסער, וואָס איך וועל דיר זאָגנ; אז וויַיטער דארפנ מיר שוינ קיינ נארנ ניט זייַנ. מיר ווייסנ דאָכ יאָ אלע זייערע שטוטשקעס, נו דארפ מענ זיי האלטנ פאר דעמ קאָפּ, אז וויינ־קסטנ פאר גלאסנעס מוזנ זיי אונדז ווייִלנ.

ערשטער גלאסנע. עפּעס מאכנ זיי צופיל שיִעס. עפּעס זענענ זיי זיך דאָרטנ צופיל מע־יאשעוו. דער גאָלאָווא, נעבעכ, זיצט דערווייַל אינ געהאקטע ווונדנ.

צווייטער גלאסנע. שא, מע הערט שוינ א קאָל. אָט, דאכט זיך, גייענ זיי!

(די קנופּיע קומט אריַינ)

ספּאָדעק (צי די גלאסנעס). נו, גייט רויִק אהיימ! פּיאווקינ פּאָרט הייַנט אריבער צומ רע־וויזאָר...

די גלאסנעס. אויב אזוי, גייענ מיר, אונ האָט אייַך א גוטע נאכט.

פּיאווקינ. ווארט, ווארט, אָט גיי איך אויכ, איך וועל מיך אופּזעצנ פּאָרנ טאקע פאר אייַערע אויגנ (עס זעגנט זיך מיט דער קנופּיע אונ גייט אוועק מיט די גלאסנעס).

## פינפטע סצענע

די קנופּיע קלייַבט זיך אוועקצוגיינ, פּלוצלינג קומט אריַינ א כאליאסטרע באלמעלאָכעס, אָרעמעלייַט.

די כאליאסטרע (אינ איינ קאָל). מיר בעטנ אייַכ מעכילע, ראבויסימ, וואָס מיר זייַנענ אייַכ מאטריִעכ, מיר זייַנענ דאָכ ניט מער ווי פּראָסטע מענטשעלעכ.

די קנופּיע (קיקט אָנ די כאליאסטרע א פאר־ווינדערטע, זאָגט געשווינד). וואָס ווילט איר, וואָס ווילט איר?

די כאליאסטרע. וואָס זאָלנ מיר וועלנ? עט, דערלעבט מאָשיִעכנ. מא נוימאר אומא נעדאבער. מיר זייַנענ, כלעבנ, פּראָסטע מענטשעלעכ, זייַט אונדז מויכל, ראבויסימ, אָט האָט איר! וואָס אפ דער לונג — דאָס אפ דער צונג...

די קנופּיע. מיר ווייסנ ניט, וואָס איר ווילט, זאָל איינער רעדנ!

א שנייַדערל. טאקע ווי טוירע, דאָרטנ איז כאָכמע. לאָזט מיך, איך וועל רעדנ. לעוו יוידייע מאָראס גיטל. רעב איצע־וואָלפּ, נישקאָשע, קאָנ מיך, איך האָב זיי אמאָל פארלאטעט דעמ הינטערכיילעק... פּראָסטע איז מאָסטע, ראבויסימ, מע זעט ניט די וועלט..

א שוסטערל. שא, איך וועל רעדנ! קיינער ווייסט ניט, ווען דער שוכ קוועטשט, ראבוי־סימ! נאט זעט, ווי איך האָב מיר צעשטאָכנ די הענט מיט דעמ נאָל. זייַט אייַכ מעשאער, איינ ליכטל אפ דער גאנצער שטוב, אינ איינ ווינקל איך מיט די פּויעלימ, אינ דעמ אנדערנ פליקט מייַנ ווייַב פעדערנ, מיר מוטשענ זיך, ראבויסימ, אפ דעמ שטיקל ברויט, טאקע פּאָשעט בענאפּ־שוי יאָווי לאכמוי, מיר עסנ ווערעמ. מע זיצט אינ נעצ אונ קעלט, דאָס ליכטל ברענט פינצטער, שפּריצט, שמעלצט זיכ...

א קירזשנערל (איינ אויג פארהאנגענ מיט א שטיקל בלאָען צוקער־פּאפּיר). זעט, זעט, ראבויסימ, מיר האָבנ שוינ די ליכטלעכ איינ אויג ארויסגענומענ! עפּעס ברענענ זיי מיט א רויטנ פלאמ, אז עס שטעכט פּאָשעט די אויגנ, ווי מיט א מעסער, אונ דערפאר צאָלנ מיר דאָכ אזוי טייַער!

די קנופּיע. נו, מיילע, וואָס־זשע ווילט איר? וואָס ווילט איר פונ אונדז האָבנ?

די כאליאסטרע (אינ איינ קאָל, קימאט מיט א געוויינ). האָט ראכמאָנעס אפ אונדז, אָרעמעלייַט, טאקע פּריִער גאָט, דערנאָכ איר! מיר האָבנ שוינ מער קיינ קויעכ ניט אויסצוהאלטנ. דער ארענ־דאר פונ די ליכט טוט אונדז אָנ צאָרעס, געבראָטענע לייד.

ספּאָדעק. שאַ, מע קען טויב ווערן פון אײַער געשריי! זאָל כאָטש איינער רעדן.

דער שנײַדערל. שאַ, שטילער, אוילעם! רעב איצע־וואָלף זאָגט דאָך טאקע, ווי א ייִד א לאמדן, שאַ, לאָזט מיך, איך וועל רעדן (צו ספּאָדעקן). מע דערלעבט קוים דעם שאבעס אביסל אָפּדיכעגן און זיצן נא ראספּאשקו באם טיש מיט ווײַב און קינדערלעך. קוים אָבער האָב איך זיך נעכטן געזעצט צום טיש און האָב אָנגעהויבן „קאָל מעקאדעש“, האָבן די ליכט אָנגעהויבן זיך צו שמעלצן און צו שפּריצן. מײַנער כאפּט א קוילעטש, לייגט אנטקעגן די ליכט פון איין זײַט און פון דער אנדערער זײַט, עס העלפט ניט, די ליכט קאַפּ, קאַפּ...

דער שוסטערל. שאַ! אן אָקס האָט א לאנגן צונג און קאָן קיין שויפער ניט בלאָזן. שאַ, לאָז מיך רעדן. (צו ספּאָדעקן) מע אָני, מע כאיי, איך בין א גרויסער אָני. א גאנצע וואָך ווי מע לעבט, לעבט מען, שאבעס פארזוצט מען א מאשקן, כאָטש זיך פליישיק מאכן, כאָטש פארזוכן אביסל געקעכצ. מיט וואָס פאר א סימכע קוקן די קינדערלעך, נעבעך, ארויס אַפּ דעם פרײַטיק־צונאכט, עפּעס א לעק טון, עפּעס א כאַפּ טון... נו זאָלט איר געוועזן זען, ווי מײַן ווײַב האָט נאָר אופגעהויבן נעכטן די שיסל צום טיש, האָט זיך צעפלאָכטן דער קנויט פון די ליכט און אויסגעפלאקערט אין איין מינוט, אז מיר האָבן געמוזט דאָס ביסל לאָקשן אינדערפינצטער אויסזופּן...

די קנופּיע. וואָס־זשע זענען מיר שולדיק? וואָס ווילט איר פון אונדז האָבן?

די כאליאסטרע. מיר בעטן אײַך מעכילע, ראבויסים. דער ארענדאר פון די ליכט פאר־ענטפערט זיך אלץ, וואָס איז, איר נעמט בא אים 1200 קערבלעך א יאָר!

די קנופּיע (אופגעבראכט). מיר נעמען דאָך דאָס געלט טאקע פאר אײַך, טאקע לעטויווע פאר די אָרעמעלײַט!

איינער פון דער כאליאסטרע. אַפּ דעם סמאכ מישט ער כאזער אין די ליכט, און לייזט מיט עטלעכע גראָשן טײַערער פאר אן אָקע. דאָס טראָגט אים א יאָר אײַן נאָך אסאך געלט!

נאָך איינער. און אינגאנצן ווער לײַדט? מיר. טאקע מיר אָרעמעלײַט. בא די נגידים ברענען לאָמפּן, אָדער שטערנליכט, זיי קערן זיך גאָרניט אָן מיטן ארענדאר. פון אונדז, נעבעך, לופּעט ער די הויט...

די כאליאסטרע (אין איינ קאָל). גוואלד, האָט ראכמאָנעס, פארקויפט אונדז ניט צום ארענדאר.

די קנופּיע. סטײַטש, מיר נעמען דאָך בא אים דאָס געלט פון אײַער טויווע וועגן.

די כאליאסטרע. די טויווע קאָסט אונדז זייער טײַער!... מיר בעטן אײַך, נעמט ניט באם ארענדאר דאָס געלט, זאָל ער ניט האָבן קיין טערעצ. האָט ראכמאָנעס, טוט אונדז ניט די טויווע און נעמט בא אים ניט דאָס געלט!..

ספּאָדעק. א האָזע אביסל פון אמעראצים, זיי קומען אונדז זאָגן א דייע!!!

טאם. אָט האָט איר ייִדן, גיי טו זיי טויוועס!..

באלטאכלעס. א שיינער טאכלעס, כלעבן. ניט נעמען בא דעם ארענדאר קיין געלט!..

רעב יוסעף. מאכטייסע, וואָס ארט עס זיי?

שטאנדהאפּט. וואָס האָט איר זיך דאָ געשטעלט מיט זיי טײַנען? מיט ייִדן ווילט איר אויסקומען!

דער שוסטערל (נעמט ארויס פון אונטער דער פּאָלע א ליכט). נאט, זעט מיט אײַערע אויגן, אָט האָב איך אײַך געבראכט אַפּ א ציקאַוועשצ א ליכט.

ספּאָדעק. הולטײַ, וואָס האלטסטו א כיילעוונע ליכט אין די הענט! אוועק, טרייפניאק! אוועק פון מײַנע אויגן!

די קנופּיע (אַפּ א קאָל צו דער כאליאסטרע). גייט אײַך, זײַט מויכל, גייט אײַך, מע דארף ניט אײַער דייע, לערנט אונדז ניט קיין סייכל. מיסטאמע ווייסן מיר, וואָס מיר טוען!

די כאליאסטרע. אז אָך און וויי איז אונדז (איינער ברעכט די הענט, דער אנדערער שלאָגט מיט א קולעק זיך אין הארצן, און דער דריטער אין קאָפּ, אלע גיבן א קרעכצ אין איין קאָל און גייען ארויס).

די קנופּיע. געלויבט איז גאָט, מע איז זיי פּאָטער געוואָרן!

ספּאָדעק. מיר איז שוין צײַט צו גיין. מאָרגן דארף איך פרי אופשטיין, איך האָב א פּאָר בריסלעך. פונדאָרטן דארף איך גיין אַפּ א בארמיצווע, און פארנאכט בין איך מיט מעסאדער קודושן.

ד י  ק נ ו פ י ע. אונדז איז שוין אויך צײַט צו גיין. א גוטע נאכט, רעב מוישע, פארגעסט ניט, און זאָגט איר טאקע, זײַט מויכל, אָן מאָרגן גאנץ פרי שינדערן מיקויעך דעם, מיקויעך אכאס וועכאָמייש.

ב א ל ט א כ ל ע ס. פאָלגט מיך, איך בעט אײַך, זאָל זײַן כאָטש אכאס וואָשייש.

ד י  ק נ ו פ י ע (צו ספּאָדעקן). טוט אים שוין, רעב איצע־וואָלף, צוליב. מאָרגן דארף ער אבלויז פאר יענעם האָבן געלט...

ס פ א ָ ד ע ק (קווענקלט זיך). כלעבן, עס טוט מיר ווי דאָס הארץ, א ראכמאָנעס, כלעבן, אף די אָרעמעלײַט, אף די אָרעמע יידן, נעבעך! וועכוץ לאָזע, איז טאקע ניט רעכט קיין זוגעס, איר ווייסט דאָך, איך האָב פײַנט זוגעס.

ב א ל ט א כ ל ע ס. נו, זאָל־זשע זײַן אכאס וואָשעווא.

ס פ א ָ ד ע ק (קנייטשט דעם שטערן, גיט א מאך מיט די אקסלען). טא!

ד י  ק נ ו פ י ע. נו, זאָל שוין בלײַבן אכאס וואָשעווא, אכאס וואָשעווא.

---

# דריטער אקט

דאָ ווערט פאָרגעשטעלט, ווי מע האָט עטלעכע יאָר נאָך דעם געפּרווט
ארויסשטעלן זיך אנטקעגן די פּאָפּעטשיטעליעס פון דער טאקסע.

## ערשטע סצענע

שינדער און קנעכטבארג אין דעם פּראָיעקט.

קנעכטבארג. איך זאָג אייַך, מייַן ליבער רעב יאָסל, אז עס איז ניטאָ קיין מאזל, העלפט גאָרניט קיין כאָכמעס. אז דאָס פּיצעלע מאזל איז ניטאָ, העלפט ניט אלע האסבאָרעס. אונדזערע הייליקע כאכאָמימ האָבּן טאקע רעכט, וואָס זיי האָבּן געזאָגט: מאזל מאכקימ מאזל מעאשער, דאָס הייסט — דאָס מאזל מאכט קלוג, דאָס מאזל מאכט רייַך. מע זעט עס ארויס טאקע בעכוש.

שינדער. גאנץ ריכטיק, רעבּ ארנ! נאָר אנטקעגן וואָס זאָגט איר עס?

קנעכטבארג. איטלעכער וואָרומ האָט א דארומ. איך זאָג אייַך אנטקעגן אונדזביידנ. מיר קאָנענ זיך, באָרעכאשעמ, פון א גאנץ לאנגער צייַט, אז איר זייַט נאָך געזעסנ אינ אייַער שטעטל. איר וועט מוידע זייַנ, אז איך פארשטיי אנ אייסעק ניט ערגער פון אייַך. איך קאָנ אופּטונ אמאָל אנ אויבערהאסבאָרע, פּאלנ אפ אנ אייצעלע, מאכנ א פּלאנ, אנ אָפּשניצעלע און געפינענ א קנייטשעלע. פונדעסטוועגנ גייט עס מיר, שלימאזל, טאָמיד מיט דער פּוטער אראָפּ, און אייַך, רעבּ יאָסל, גייט עס אָנ איינאָרע גאנץ גוט.

שינדער. כלעבּנ, רעבּ ארנ, עס איז ניט אזוי די מייַסע. וואָס איז מיר דאָ אזוי גוט? כלעבּנ, עס האָט מיר געמעגט בעסער זייַנ.

קנעכטבארג. אי, פּע, זינדיקט ניט, כלעבּנ, רעבּ יאָסל! איך האָבּ דאָך ליבּ דעמ עמעס. אהער זייַנט איר אָנגעקומענ א קליינשטעטלדיק יידל, אָנ א העלער. עס האָט אייַך טאָמעד גע־פעלט אפ שאבּעס, די ערד איז פּאָשעט אפ אייַך געלעגנ, גליקלעך וואָלט איר אייַך געשעצט צו געמענ ערגעץ אכט גילדנ א וואָכ סכירעס, אזוי אָרעמ זייַט איר, נעבּעך, געווען — וואָס איז, דאָס איז דענ א כארפּע? אָרעמ איז ניט קיינ שאנד — און הייַנט באָרעכאשעמ, אויסער אייַער שאָדנ, אפ מיר, אפ אלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרנ! איר האָט זיך, נישקאָשע, גוט ארייַנגעכאפּט אינ דער טאקסע, איר זייַנט באנייט און באקליידט, לעבּט אינ גרויס ווילטיק, עסט פליש, דארע קישקעס, לעדוועצעס, אייַטערלעכ און טרינקט זייער אָפּט א גוט גלעזעלע וויַינ. וואָס פעלט אייַך? איר זייַט אָנ איינאָרע געזונט, פעט, לויטער מיט א האדראס־פּאָנעמ און האָט זייער א גוטע עלטער. איר האָט, צווישנ אונדז גערעדט, קיינמאָל אייַך אזוי ניט געוווּנטשנ.

שינדער. מ־מע! איך האָבּ, כאָלילע, צו גאָט קיינ פּרעטענזיעס ניט, נאָר, פונדעסטוועגנ, גלייבּט מיר, רעבּ ארנ, איז פאָרט ניט אזוי די מייַסע, ווי סאָנימ זאָגנ.

קנעכטבארג. איך בּינ אייַך, אָסער, ניט קיינ סוינע, פארקערט, וואָס איך ווינטש אייַך, זאָל עס טאקע אייַך זייַנ... אָט האָט איר דעמ בעסטנ סימענ. נאָר אז עס איז געקומענ צו רייד, זאָג איך אייַך דעמ עמעס, אז זינט איר האָט זיך ארייַנגעכאפּט אינ פּראָיעקט, לעבּט איר, ווי א סראָרע, און האָט נאָך דערצו א שיינע עטלעכע טויזנט אייגנס. וואָס האָט איר זיך דערמיט צו שעמענ? פארקערט, אדעראבּע... די גאנצע וועלט ווייסט, ווי טרייַ איר דינט די פּאָפּעטשיטע־ליעס, איר בּרענגט זיי אייַנ א יאָר הרודעס גאָלד, איר טויגט, איר קענט זיך אָפּרעכענענ

מיט דעמ היגנ אוילעמ אונ האלטנ זיי אונטער דעמ פראלניק. מע קענ אייערס, כאָלילע, אייכ ניט אוועקנעמענ, איר האָט זיכ קלאל דערמיט ניט וואָס צו שעמענ, פארקערט, אדעראבע... מיר, אנטקעגנ, גייט עס ניט, כאָטש צערייס זיכ! איכ האָב שוינ געפרווט אופגעבנ דער שטאָט, די פּאָפעטשיטעליעס מיינ איכ, גאנצ שיינע פּראָיעקטנ, ווי עס קענ ווערנ א קערבל, איכ האָב מיכ געוואָרפנ אהינ אונ אהער, אומזיסט! עס גייט ניט. כאָטש טו זיכ, סאָנע-ציִענ, א מייסע אָנ, איכ זאָג אייכ טאקע נאָכ אמאָל בעפייִרעש, אז עס פעלט דאָס פיצעלע מאזל, דאָס פיצעלע גליק, העלפט גאָרניט קיינ כאָכמעס!

שינדער (גיט א קוק אינ פענצטער אונ ווערט בלייכ). זעט נאָר, זעט! עפּעס גייט אהער א גאנצער נאראָד מענטשנ, זיי זענענ עפּעס שטארק אינ קאס אונ שרייענ.

קנעכטבארג (גיט אויכ א קוק אינ פענצטער). אונ בעראָש גייט דאָרטנ לאָקשעוויטש אונ פרידל דער קליינער. זיי זענענ שוינ נאָענט, אָט, אָט זיינענ זיי!

## צווייטע סצענע

די פריִערדיקע. די טיר פונ פּראָיעקט עפנט זיכ מיט אימפּעט אונ דער אוילעמ שטויסט זיכ אריינ.

לאָקשעוויטש (אפ א קאָל צומ אוילעמ). שרייט, צוינ-קאָדאָשימ! דאָ איז דאָס אָרט, וואָס מע שערט אייכ, וואָס מע לופּעט אייכ!... דאָ איז דאָס אָרט, וואָס די באלטויוועס געוועלטיקנ אונ גיבנ ארויס גזיירעס-ראָעס, וויִאזוי מע זאָל בא אייכ דאָס לעצטע ארויסדראפּענ!

פרידל (צומ אוילעמ). שרייט, וויינט, פּילדערט, ייִדנ! פארוואָס זייט איר פלוצימ געבליבנ שטיל? פאר וועמענ האָט איר מוירע?

א קאָל אינ דעמ אוילעמ. טאקע בעעמעס, פארוואָס זאָלנ מיר זיינ ווי שאָפ, וואָס מע שערט זיי, אונ זיי שווייגנ? טאקע, וואָס האָבנ מיר מוירע פאר די באלטויוועס?

א שנייַדער. מיר זענענ שוינ קראנק פונ די טויוועס! מיר וועלנ, כאָלילע, שטארבנ פונ זייערע טויוועס.

א שוסטערל. ווו איז אהינגעקומענ אזויפיל געלט? אזויפיל ייִדיש בלוט?

א קאָל פונ דעמ אוילעמ. א גוזמע, מער ווי זעקס הונדערט טויזנט קערבלעכ!..

א באָנדער. זאָלנ זיי אָפּגעבנ כעזשבנ! פארוואָס זאָלנ זיי ניט אָפּגעבנ קיינ כעזשבנ?

א סטאָליער. א מעלוכע אפילע גיט דאָכ אויכ אָפּ כעזשבנ! סטייטש, ווו זענענ די פּאָרמענע ביכער? זאָלנ זיי ווייזנ די ביכער!

א מוליער. ספּאָדעק, טוט אויס די קאפּאָטע! דאָס איז מיינ קאפּאָטע!

קירזשנער (ווייזט מיט דער האנט אפ שינדערנ). אָט איז דער שינדער, דער בלוטזויגער! קוקט אימ נאָר אָנ, דעמ גרויסנ יאָלד מיט די וואָנצעס, ער האָט א פּאָנעמ, ווי א וואָלף!

איינער פונ דעמ אוילעמ. ניינ, ער האָט א פּאָנעמ, ווי א קאצ!

א צווייטער. ווי א צאפ!

א דריטער. גיט אימ א טאפּ!

א פערטער. אנו, גיט אימ א כאפּ!

א פינפטער. אָ דו, אלטער סקראב!..

א זעקסטער. ווו איז דער דראב? (שינדער באהאלט זיכ הינטער קנעכטבארגס פּלייצעס).

לאָקשעוויטש. וואָס טויג ער אייכ! שינדער איז דאָכ ניט מער ווי א הונט, ווי א געטרייער הונט! זאָג, שינדער, האָב איכ רעכט? זאָג, זאָג, וואָרעמ ווענ ניט...

קנעכטבארג (צו שינדערנ). וואָס קאָנ מענ מאכנ? זאָגט אימ שוינ, רעב יאָסל, מע קאָנ אייכ נאָכ, כאָלילע, ברעכנ די ביינער. זאָגט — יאָ, אונ ווערט פּאָטער.

שינדער (מיט א ציטערדיק קאָל). יאָ... איכ טו, וואָס מע הייסט מיר...

פרידל. קומט, אוילעמ! צו זייער טרייפ גליק זענענ דאָ ניטאָ די באלטויוועס.

א קאָל פונ דעמ אוילעמ. האלעוויי זאָלנ זיי שוינ טאקע מער ניט זיינ! (דער אוילעמ גייט ארויס).

# דריטע סצענע

שינדער און קנעכטבארג.

קנעכטבארג. וואָס זאָגט איר, רעב יאָסל, צו דעם שייגעץ, צו לאָקשעוויטשן? עס איז א האָזע, מע זאָל אזוי באַליידיקן, אזוי מעוואזע זײַן! ער איז דאָך ווערט, מע זאָל אים אַרײַנלייגן אין דער כּעס!

שינדער (מיט א ראַכמאָנעס-פּאָנעם). אדעראבּע, וואָס זאָגט איר? הא, וואָס זאָגט איר? מע זאָל אזוי באַליידיקן!

קנעכטבארג. פונדעסטוועגן פאַלט בא אײַך ניט אראָפּ, רעב יאָסל, ווי זאָגט עפּעס שטאנדהאפּט? נעכײַ ליודי מאָוו, א יא זדראָוו. דאָס איז זייער א גלײַך ווערטל. (נאָכדעם אז ער טראַכט אַביסל) אָט איצט, רעב יאָסל, קענט איר מיר טון א טויווע, טאקע א גרויסע טויווע, ווי איך בין א ייִד.

שינדער. אָ, פון אײַערטוועגן, רעב ארן, וואָס נאָר מעגלעך.

קנעכטבארג. טאקע פון אײַערטוועגן אויך אביסל. עס וועט אײַך ארויסקומען א טויווע, בעהען שעלי.

שינדער. נו זאָגט-זשע שוין, רעב ארן, וואָס איז דאָרט אַזוינס?

קנעכטבארג. איך האָב, באָרעכאָשעם, א גוטן פּלאַן, איך בין, מיט גאָטס הילף, דאָ זיצנדיק, געפאַלן אפּ א גוטער האמצאָע, וויאזוי מע זאָל דעם שייגעץ קאַנסענען, וויאזוי מע זאָל האָבּן א קערבל און וויאזוי דאָס זאָל נאָך הייסן א מיצווע! איר ווייסט דאָך, אז אָן א מיצווע הייבט זיך בא מיר קיין שום פּלאַן ניט אָן, נאָר אביסל איז דאָ געווענדט אין אײַך, רעב יאָסל!

שינדער. נו, זאָגט-זשע, רעב ארן, אײַער פּלאַן, איך בין ציקאַווע צו וויסן.

קנעכטבארג. מײַן פּלאַן איז, מע זאָל אָנהייבן מאכן, דאָס הייסט שטאָט זאָל מאכן, פונקט אזעלכע לאָקשן (מאקאראָנעס), ווי בא לאָקשעוויטשן אין דער פאבריקע. דאָס פארדינסט, פארשטייט איר, זאָל הייסן, גייט אפּ דער טאַלמעטוירע, אפּ די אָרעמע קינדער, נעבעך, איך זאָל זײַן דער מיסאסעק אין דער מיצווע. דער שייגעץ וועט שוין אראָפּלאָזן די נאָז און וועט ניט מער בעזפּאָקאָיען די שטאָט, פארשטייט איר די האמצאָע?

שינדער. וואָס זאָל איך זאָגן, עס איז אוואדע א גוטע האמצאָע, איך פארשטיי דעם שפּיץ פון דער האמצאָע. נאָר די שײַלע איז אָבער, ווו נעמט מען די קלינגערס אפּ דער האמצאָע?

קנעכטבארג. אָט דאָס, מיין איך, ווענדט זיך אביסל אין אײַך. איר זאָלט פּאָרוואָרפן פאר מיר א גוט וואָרט פאר די פּאָפּעטשיטעליעס, זיי זאָלן נאָר מערוצע ווערן, זיי זאָלן מיך נאָר מאכן פאר דעם מיסאסעק. מיט געלט וואָלט איך שוין ניט געהאט וואָס צו זאָרגן. די שטאָט איז, באָרעכהאשעם, גרויס, מע קען מאכן א קערבל, ביפראט אפּ אזא מיצווע, אפּ אזא שטאָטזאך! די שטאָט, וועט עס דאָך הייסן, גייט צונויפנעמען געלט טאקע פאר דער שטאָטס טויווע וועגן. נו, פרעג איך אײַך, ווער וועט ניט געבן קיין געלט? איך וואָלט נאָך אי הײַנט אָנגעהויבן ארומצוגיין מאכן געלט, אן אווײַרע, כּלעבן, די צײַט! אָט איצט, רעב יאָסל, קענט איר מיר א טויווע טון. איר זײַט, באָרעכאשעם, א מאָזלדיקער, א מוצלעך, שטארק אָנגעזען בא דער שטאָט, בא די פּאָפּעטשיטעליעס, מיין איך, איר פירט באָרעכאשעם אויס אַלצדינג, וואָס איר ווילט! איך בעט אײַך, טוט עס פון מײַנעטוועגן, פון א גוטן-ברודערס וועגן, טוט עס, נעבעכ, פון מײַנע ווײַבּ און קינדערס-וועגן און טאקע אויך פון אײַערטוועגן, עס וועט אײַך, מיסטאמע, אויך דערפון ארויסקומען, ווי איך בין א ייִד!

שינדער. מיר וועלן זען, מיר וועלן זען! איך האָפּ צו גאָט, איך וועל אײַך פּויעלן אײַער באקאָשע, לאָזט מיך נאָר צורו א פּאָר שאָ.

קנעכטבארג. יאשער-קויעך, רעב יאָסל, פאר דער האפטאָכע! האָט אײַך א גוטן טאָג. ער עפנט די טיר און קערט זיך ווידער צוריק). די פּאָפּעטשיטעליעס גייען אהער! איך בעט אײַך, טוט א טויווע א גוטן ברודער! (ער גייט געשווינד ארויס).

# פערטע סצענע[1]

אנ אסיפע פונ דער קנופיע פּאָפּעטשיטעליעס אינ פּראָיעקט.
שײנדעלע זיצט אינ א ווינקל אונ שרײַבט סטשאָטעס.

באלטאכלעס. עס איז א טאראראם, א געררודער צווישנ דעמ עולעמ. מע שרײַט איינ קאָל: כעזשבנ! א שיינער טאכלעס, כלעבנ!

רעב יויסעפ. מאכטייסע, וואָס ארט עס זיי?

טאמ. איכ ווייס ניט, וואָס כעזשבנ? מיר מוטשענ זיכ, מיר כלאָפּאָטשענ, מיר מוטשענ זיכ, נעבעכ, היפּשע עטלעכע יאָר אלצ לעטויוועס האקלאל, לעטויוועס האקלאל, אונ הײַנט נאט אײַכ דעמ דאנק, דעמ יאשער קויעכ, גיב זיי כעזשבנ!

שטאנדהאפט. ווער זיי?! ווער זענענ זיי?! לאָקשעוויטש, פרידל דער קליינער מיט עטלעכע פּערכלעכ קאפּצאָנימ, באלמעלאָכעס! אויכ מיר מענטשנ!

ספּאָדעק. אָט ווער הערט זיי, די הילטײַעס, די לײדיקגייער, די אמעראצימ! איכ פרעג אײַכ, ווער איז די שטאָט? מיר אָדער די קאפּצאָנימ, די באלמעלאָכעס? הא, ווער איז די שטאָט, ווער איז די שטאָט, פרעג איכ.

באלטאכלעס. נאָכ שענער. זיי שרײַענ—ביכער! ווו זענענ די פּאָרמענע ביכער? א שיינער טאכלעס, גיב זיי ביכער!

רעב יויסעפ. מאכטייסע, וואָס ארט עס זיי?

טאמ. איכ ווייס ניט, וואָס הייסט ביכער?! אָט האָט איר דעמ דאנק. גיי מוטשע זיכ פאר יידנ, טו יידנ טויוועס!

ספּאָדעק. וואָס מיר ביכער! ווער מיר ביכער! נישטאָ קיינ ביכער, פארברענט געוואָרנ די ביכער! פארשטייט איר?

די קנופיע. מיר פארשטייענ, מיר פארשטייענ, פארוואָס זאָלנ מיר עס ניט פארשטיינ?

שטאנדהאפט (אביסל מיט מוירע). פונדעסטוועגנ וואָלט מײַנ אייצע געווענ, מע זאָל לאָקשעוויטשנ פארשטאָפּנ דאָס מויל, זאָל ער ניט בילנ.

באלטאכלעס. א שיינער טאכלעס, כלעבנ, איטלעכנ פארשטאָפּנ! וויניק מײַלער דארפנ מיר ,נעבעכ, אָנ דעמ פארשטאָפּנ?! נישקאָשע, עפּשער, א זיבנ, אכט, נײַנ, צענ אלטשטעטיקע לײַטישע יידנ מוזנ מיר נעבעכ פארשטאָפּנ די מײַלער!.. סטײַטש, פונוואנענ לעבנ זיי, אז ניט פונ אונדז?!

טאמ. פארוואָס, נעבעכ, זאָלנ מיר לײַדנ? פארוואָס זאָלנ מיר איטלעכנ פארשטאָפּנ?! פארוואָס זאָלנ מיר, נעבעכ, אימ דאָס מויל פארשטאָפּנ? -

ספּאָדעק. מאקעס אימ! די שטאָט האָט פאר אימ קיינ מוירע ניט! וואָס הערט אזעלכנ א שטאָט! די שטאָט האָט, באָרעכאשעמ, ווי אהינצוטונ געלט! אוואדע איז אימ א ראכמאָנעס, כלעבנ, אפ די אָרעמעלײַט! דערווײַל בעזופּאָקאָיעט ער זיי, נעבעכ, דער גאזלענ, דער רעצייעכ!...

טאמ. וואָס האָט ער זיכ צו מישנ אינ אונדזערע געשעפטנ? מיר מישנ זיכ אינ זײַנע אסאָקימ? מיר זאָגנ אימ דענ א דייע? אונדז גייענ אָנ זײַנע אסאָקימ?

שטאנדהאפט (ליטווערישט מיט שטארקײַט). ניכײַ ליודי מאָוו, א יא זדראָוו! (אביסל מיט מוירע) זיי ארבעטנ מײַסימ, מע זאָל די טאקסע איבערגעבנ אינ אנדערע הענט.

שינדער (צוגייענדיק בעהאכנאָע פונ דעמ ווינקל). דאָס, רעב יידל, האָב איכ שוינ פריִער באוואָרנט, א כידעש, כלעבנ, וואָס איר זאָלט ניט וויסנ?

שטאנדהאפט (פארווינדערט צו דער קנופיע) הא! עס איז פאר מיר א סאָד?

ספּאָדעק. כאָלילע! רעב יאָסל איז געפאלנ זייער אפ א גוטער אייצע. הײַנע, מע זאָל זיי שיקנ זאָגנ: באשער, אזויווי מיר האָבנ שוינ אָנגעגרייט פאר דער שטאָט א יאמ אָקסנ, פאר א גוזמע אָקסנ, אונ האָבנ זייער מארבע-בעהויצאָע געוועזנ, בעכיינ זאָל מענ אונדז טאקע באלד אימקערנ א גרויסע סימע געלט מיט אלע אונדזערע אוביטקעס, נעבעכ, עלע ניט זאָלנ מיר בלײַבנ אפ ווײַטער, ביז מיר וועלנ אויסשעכטנ די מאכנע אָקסנ, פארשטייט איר?

1) אַמאָר רעב מענדעלע: אינ דעמ קסאוויאר איז באשריבנ ביז דער סצענע נאָכ צווי. נאָד אזויווי זיי זענענ ערטערווײַז פארפּיקעט מיט טינט, אינ, אביצ דעמ; קאָנ מענ זיכ אָנ זיי אויכ באגיינ, האָב איכ זיי איבערגעהיפּס אונ אָנגעהויבנ גלײַכ פונ דער דאָזיקער סצענע, וואָס זי איז געשענ אינ עטלעכע טעג ארומ. גלייבט מיר, יידנ, אזוי איז אסאכ גלײַכער.

שטאנדהאפט (מיט א שמייכעלע). איך פארשטיי, איך פארשטיי זייער גוט! נו, האָט מען געשיקט זאָגן?

ספּאָדעק. א שײַלע אביסל! פּיאווקין איז נאָך אינדערפרי געגאנגען זיי זאָגן. די הולטײַעס, די באַלמעלאָכעס, די אמעראצים האָבן אויך געמאכט אַן אסיפע!! כאַ־כאַ־כאַ! די גראָבע יונגען, די פּראָסטע מענטשעלעך מאכן אויך אסיפעס!.. אז אָך און וויי טאקע היינטיקע צײַטן צו הײַנטיקער וועלט. עס איז בעאווינוויסיינו האָראבים געוואָרן א שיינע וועלט... (ער זיפצט און קרעכצט).

די קנופּיע (קרעכצט אויך). ניטאָ די אמאָליקע צײַטן! עס איז היינט גאָרניט די וועלט, וואָס פארצײַטן!...

באַלטאכלעס. פריִער איז טאקע אין טאכלעס ארײַן געווען גוטע צײַטן. ייִדן זײַנען געווען פײַן, שטיל, בעהאכנאָעדיק און די בראָכע האָט עפּעס בעסער שוירע געווען...

שינדער. פונדעסטוועגן קאָן נאָך גאָט העלפן, עס זאָל זיך נאָך אומקערן פריִערדיקע יאָרן, אמאָליקע צײַטן... (ער גיט א קוק אין פענצטער) אָט וועלן מיר שוין וויסן, פּיאווקין גייט.

# פינפטע סצענע

די פריִערדיקע. פּיאווקין קומט ארײַן מיט א פּאפּיר אין דער האנט.

די קנופּיע (אומגעדולדיק). נו, וואָס איז, רעב רוּוון? וואָס האָט איר דאָרטן אזוי לאנג שיִעס געמאכט?

פּיאווקין (ווישט אָפּ מיט דער האנט ראָס פּאָנעם). א ניכײַ איך... איך האָב דאָרטן געהאט א גוט שטיקל ארבעט, נישקאָשע! עס איז מיר ארויס די נעשאָמע, ביזוואנען איך האָב ארויסגעטאפּט אָט אָ דאָס (ער ווײַזט אָפּ דעם פּאפּיר אין זײַן האנט).

שינדער (צו פּיאווקינען). נו וואָס, איר האָט געזאָגט? איר האָט זיי דאָס געזאָגט?

פּיאווקין. א כידעש אפילע, אויב איך האָב געזאָגט! וואָס דען? איך בין גלאט געגאנגען בעסעדעווען מיט די מאמזיירים? עס איז מיר אוואדע ניכע געווען דאָס לעבן צו צוהערן זייערע שטעכווערטער אָפּ מיר, אָפּ אײַך און אָפּ איטלעכן פון אונדז.

שטאנדהאפט (מיט שטארקײַט קלוימערשט). ניכײַ ליודי מאָוו, א יא זדראָוו.

די קנופּיע. נו מיילע, מיילע, האָבן זיי געזאָגט... וואָס איז בעסער געבליבן, וואָס איז דער סאָף?

פּיאווקין. דער סאָף איז געבליבן — איין ברייִרע, איר זאָלט ווײַטער, ווײַטער בלײַבן באָזוע האָויפן, אז מע זאָל צו אײַך צווזעצן א פּאָר נײַע.

באַלטאכלעס. א שיינער טאכלעס, כלעבן, א פּאָר נײַע פארשוינען נאט אײַך אָפּ אונדזער קאָפּ, א נײַע פּאָר!

טאמ. פארוואָס, נעבעך, אלץ אָפּ אונדזער קאָפּ? פארוואָס זאָלן מיר אלץ לײַדן?

פּיאווקין. דאָס איז נאָך ניט, כלעבן, אזא גרויס אומגליק, די צוויי נײַע זענען פון די דאָזיקע פײַנע בריִעס, וואָס מע פארשטאָפּט זיי אבלייז שטילערהייט די מײַלער... עס איז דאָ נאָך א טנײַ, נאָך אַן יעזשעליע, נאט אײַך דעם פּריגאָוואָר, און לייענט! (ער גיט דעם גרויסן פּריגאָוואָר, אָפּ עטלעכע בויגן הערבאָווע פּאפּיר מיט אסאך כסימעס, ספּאָדעקן אין דער האנט).

ספּאָדעק (קוקט אין פּאפּיר ווי א האָן אין בני־אָרעם און מאכט מיט די אקסלען). מאָ־מע... בע, בע... נאט לייענט איר, זײַט מויכל, רעב מוישע!

באַלטאכלעס (פּרוּווט זיך לייענען). בע. הא? וואָרט, וואָרט אביסל... עס איז, דאכט זיך א־בוקי.

רעב יויסעף (קוקט ארײַן פון דער זײַט). יאָ טאקע, כלעבן, דאכט זיך, א־בוקי!

באַלטאכלעס (שטופּט ארײַן געשווינד דעם פּריגאָוואָר רעב יויסעפן). אדעראבע, כלעבן, לייענט איר, רעב יויסעף! לעמײַ זאָלט איר זיך, נעבעך, מוטשען ארײַנקוקן פון דער זײַט? איר וועט נאָך, כאָלילע, קאליע מאכן די ריִע.

רעב יויסעפ (שטופט אויך געשווינד אוינג דעם פריגאָוואָר טאמען). מאכטייסע, רעב שמײַע, לייענט איר, מאכטייסע, איר זײַט דאָך עפעס פאָרט עלטער, איר האָט מיט א צען יאָר פריִער פאר מיר כאסענע געהאט.

טאם (זייער טאמעוואטע). איך בינ אײַך, שטאנדהאפט, מעכאבעד מיט קריִאס האפריגאָוואָר! איר זײַט דאָך א געלערנטער.

שטאנדהאפט (קוועטשט זיך אביסל). בערד... בערדיט... בערדיטש... אך, ניכאי יעהאָ מאמא מאָרדויע! וואָס פאר א מינ האנט דאָס איז. וואָס איז דאָס פאר א צוויי אויסיעס צו סאָף פונ דעם דאָזיקנ וואָרט? דאכט זיך ע, ווע, און דערנאָך טוויאָרדע זנאק, מאכט עס צום סאָף עוו... אך, נעכיי יעהאָ... ווער וועט זיך שטעלנ לייענע אזא קסאוו, זאָגט פאָשעט, רעב רוונ, זאָגט, וואָס איז דאָ נאָך פאר א טנײַ (ער גיט אָפּ פיאווקינען דעם פריגאָוואָר).

פיאווקינ מע האָט דאָ ארויסגעוואָרפנ צוויי פונ די אלטע פאָפעטשיטעליעס.

די קנופיע. וואָס הייסט ארויסגעוואָרפנ? לעמײַ האָט איר גענומענ אזא פריגאָוואָר?

פיאווקינ (געלאסנ). נישקאָשע, פארלאָזט זיך אפ מיר, איך פארשטיי אנ אייסעק.

די קנופיע. הא, וועמענ ארויסגעוואָרפנ, וועמענ?

פיאווקינ. רעב מוישענ און רעב שמײַענ.

באלטאכלעס. מיך? פאר מײַנ מי, פאר מײַנ פראצע.

טאם (מיט א ראכמאָנעס־פּאָנעם). פארוואָס גראָד מיך, נעבעך, מיך?

פיאווקינ. שא, כלעבנ, נישקאָשע! הער הערט זיי, די שקאָצים? מיט גאָטס הילפ, איך וועל זיי פירנ אינ באָד ארײַנ, איך האָב א גלײַכע אייצע, ווי ארײַנצונארנ זיי אינ זאק.

די קנופיע: גיכער, רעב רוונ, זאָגט, וואָס האָט איר פאר אנ אייצע?

פיאווקינ. גאָר א פראָסטע אייצע. הײַנע, מע זאָל איצט נאָר פאמעלעך אראָפּנעמענ דעם ערשטנ בויגנ פאפיר פונ דעם אָפּגעכאסמעטנ פריגאָוואָר, צולייגנ, אָנשטאָט דעם, אנ אנדער בויגנ און דאָרט ארײַנשטעלנ אלע אלטע געוועזענע פאָפעטשיטעליעס, ווי פריִער, דערצו נאָך זאָל מענ בעפיירעש פריבאוועג, אז די אָבשטשעסטווע ווילט זיי אויס באָזע האלאָשנ: אזוי און אזויווי מע ווייסט זיכער, אז זיי, די פאָפעטשיטעליעס, אזעלכע און אזעלכע, זענענ ערלעכע לײַט, בעזקאָ־ריסטנע, זאָרגנ טאָמיד לעטויוועס־האקלאל, כלאָפּאָטשענ זיך...

ספאָדעק (פאלט ארײַנ אינ די רייד). פריבאוועט טאקע נאָך אויך „מוטשענ זיך”, אזוי וועט זײַג שטארקער.

באלטאכלעס. פריבאוועט אויך „זיי קוקנ אינ טאכלעס ארײַנ”, דאָס וועט בעסער נעמענ.

פיאווקינ (יעצט פאָר). כלאָפּאָטשענ זיך, מוטשענ זיך, נעבעך, קוקנ אינ טאכלעס ארײַנ און ברענגענ אײַנ זייער פיל דער שטאָט מיט זייערע טאכבולעס, מיט זייער גוטסקײַט, מיט זייער פרומקײַט און ערלעכקײַט.

שטאנדהאפט (שלאָגט איבער די רייד). פריבאוועט טאקע אויך „מיט זייער בילדונג, מיט זייער אופקלערונג”, דאָס וועט אסאך העלפנ, איך ווייס, מיט וואָס צו נעמענ.

פיאווקינ (הייבט אָנ נאָכאמאָל). מיט זייער גוטסקײַט, מיט זייער בילדונג, מיט זייער אופקלע־רונג, מיט זייער פרומקײַט און ערלעכקייט, לאָכיינ, ווילט מענ זיי ווידער פאר פירער און מע באפרײַט זיי פונ כעזשבוינעס. מע פארלאָזט זיך פריִער אפ גאָט, דערנאָך טאקע אפ זיי, אי פראָ־טשע, אי פראָטשע...

די קנופיע (פרײלעך). אך, זייער גוט, רעב רוונ! אָט וואָס הייסט לערנענ אינ כיידער!

ספאָדעק. גאנצ גלײַך, וואָס איר האָט ארײַנגעשטעלט „מע באפרײַט זיי פונ כעזשבנ”, פאר־שטייט איר?

די קנופיע. מיר פארשטייענ, פארוואָס זאָלנ מיר עס ניט פארשטיינ, פארוואָס זאָלנ מיר עס ניט פארשטיינ?

פיאווקינ. הערט אָבער דעם שפיצ. אים־קיינ קענ שוינ דאָך דער פריגאָוואָר אײַך דינענ פאר א קוויט, אז איר האָט, כאָלילע, ניט נעהענע געוועזנ פונ אָרעם געלט, און איר האָט שוינ ניט פאר דער האנט לעסאטע וואָס מער מוירע צו האָבנ. איצט פארשטייט איר, לעמײַ איך האָב זיי גענומענ א פריגאָוואָר? נישקאָשע, איך האָב זיי מיט גאָטס הילפ אָפּגעטאָנ אפ טערקיש!

די קנופיע. אוואדע, רעב רוונ, האָט איר זיי געפירט אינ באָד ארײַנ! אוואדע האָט איר

זיי געשטעלט א כופע! איצט, זעט איר, וואָלט מען זיך געדאַרפט נעמען צו לאָקשעוויטשן, צו דעם פּראָצענטניק, מע זאָל אים א פּיק טון שטילערהייט, ווו מע דאַרף, זאָל ער האָבן זיך צו קראַצן, זאָל ער ווײַטער וויסן, ווי זיך צו טשעפּען מיט א שטאָט!...

שטאַנדהאַפּט (מיט א ווונק צו פּיאַווקינען). נו, וואָס הערט זיך מיקויעך דעם, וואָס איך האָב אײַך געזאָגט? האָט איר אים שוין פאַרזאָרגט?

פּיאַווקין. וואָס קלערט איר דאָ? מיסטאַמע האָב איך אים שוין גוט פאַרטראַכט. מע האָט שוין איבערגעשריבן... ער וועט אָפּ זיך האָבן א גוט פּעקל! טרוקן וועט שוין דער פּראָצענטניק ניט אַרויס, ער וועט זיך, נישקאָשע, מוזן אָפּשאָקלען מיט א שיינעם גראָשן!

שטאַנדהאַפּט. א שיינע ריינע קאַפּאָרע! ער וועט שוין פאַרזאָגן דעם צענטן.

די קנופּיע. מיר שטויסן זיך אָן, וואָס איר רעדט. מיר פאַרשטייען, מיר פאַרשטייען, וואָס איר מיינט. קיין פינגער אין מויל דאַרף מען אונדז, באָרעכאָשעם, ניט אַרײַנלייגן.

ספּאָדעק (מיט א יִרעשאַמאָיִם־פּענעמל). און איך, זעט איר, שטויס מיך ניט אָן; אַז צוויי מענטשן רעדן א סאָד, ווייל איך גאָרניט הערן. איך פאַרשטיי, אָסער, ניט, בא מײַן ייִדישקײַט, וואָס רעב ייִדל און רעב רוווּן שמועסן דאָ עפּעס צווישן זיך...

פּיאַווקין (צו דער קנופּיע). פונדעסטוועגן איז מײַן אייצע, נאָך אַלע זאַכן זאָל מען פּאָרט שאָלעמ ווערן מיט לאָקשעוויטשן און מיט פרידלען. ווי זאָגט מען עפּעס: בעסער צען גוטע פרײַנט איידער איין סוינע. אוואַדע אָנלערנען לאָקשעוויטשן שטילערהייט, ער זאָל ניט וויסן, פונוואַנען די קויל האָט אים געטראָפן, דאָס איז אויך נייטיק, נאָר ווידער שאָלעמ ווערן מיט אים, דאָס איז אויך נייטיק, איך דאַרף עס האָבן צום אייסעק, איך האַלט זיך טאַקע אַלץ בא מײַנס: א פּאַטש און שאָלעמ, א ביס, אַזש צייכנס זאָלן שטיין, און טאַקע ווײַטער כאַווער!

רעב יויסעף. מאַכטייסע, א פּאַטש און שאָלעמ.

שטאַנדהאַפּט. מײַנע ווערטער! איך האָב נאָך פריִער געזאָגט, מע זאָל אים פאַרשטאָפּן דאָס מויל, זאָל ער ניט בילן! איך קען די וועלט...

פּיאַווקין. אַזוי, אַזוי בלײַבט עס. דערווײַל א גוטן טאָג! איך מוז גיין באוואָרענען נאָך עטלעכע זאַכן (ער גייט אַוועק).

## זעקסטע סצענע

די פריִערדיקע אָן פּיאַווקינען.

שטאַנדהאַפּט. נו, לאָקשעוויטשן נעם איך אָפּ מיר, איך וועל אים אָנטון קאָוועד און אײַנלאַדן צו מיר — עס וועט בא אים זײַן א קאָוועד — און וועל אים פאַרשטאָפּן דאָס מויל מיט דעם (ער ווײַזט אָפּ א טײַסטערל אין זײַן האַנט).

באַלטאַכלעס. כאַפּט אים דער רוּעך, זאָל ער זיך דערוואָרגן מיט דעם!

רעב יויסעף. מאַכטייסע, זאָל ער זיך טאַקע דערוואָרגן, אַזוי איז גאָר גלײַכער!

ספּאָדעק. נו, און מיקויעך די לאָקשן כאַפּט אים דער וואַטלמאַכער! זאָל ער זיך מאַכן לאָקשן, ווי פריִער.

טאַם. אָט אַזוי באַדאַרף צו זײַן, ער זאָל זיך ניט מישן אין אונדזערע אָסאָקים, און מיר וועלן זיך ניט מישן אין זײַנע אָסאָקים.

באַלטאַכלעס. רעב ארנ האָט דערווײַל צונויפגעקליבן גאָר אַסאַך געלט, ווי דערטאַפּט מען זיי בא אים, ער זאָל ניט מאַכן קיין לאָקשן?

ספּאָדעק. מע דאַרף בעטן בא רעב אַרענען א גמילעסכעסעד, פאַרשטייט איר?

די קנופּיע. מיר פאַרשטייען, מיר פאַרשטייען, פאַרוואָס זאָלן מיר עס ניט פאַרשטיין?

ספּאָדעק. און פרידלען נעם איך אָפּ מיר, ער איז דאָך א כאָסיד, וועט אָפּ אים טאַקע אויסקומען דאָס ווערטל: „דער רעבע האָט געהייסן שווײַגן", פאַרשטייט איר?

די קנופּיע. מיר פאַרשטייען, מע דאַרף אונדז באָרעכאָשעם קיין פינגער אין מויל ניט אַרײַנלייגן.

באַלטאַכלעס. נו, אַן עק, א סאָף. מע דאַרף בעסער רעדן פון טאַכלעס־זאַכן. לאָמיר זיך נעמען צו דער סמעטע, לאָמיר מאַכן די טאַבעלע.

שטאנדהאפט. מיר דארפן שוין הײַנט קליגער זײַן מע דארף װיסן, װי אויסצורעכענען אין דער טאבעלע די הויצאָעס, װאָס די שטאָט דארף א יאָר האָבן, אזוי אז פון די האכנאָסעס, פארשטייט איר, זאָל ניט איבערבלײַבן קיין גראָשן. די קאזנא פארלאנגט ניט מער אבי א כעזשבן, אבי װײַז איר א כעזשבן.

רעב יוסעפ. מאכטייסע, װײַזט איר א כעזשבן, עס זאָל נאָך אונדז עפשער ארויסקומען.

די קנופיע. װאָס מיינט איר, עס װאָלט טאקע עפשער ניט געשאדט, אונדז זאָל קומען, מע קאָן ניט װײַזן דער קאזנא אלע זאכן, די שטאָט אָן איינאָרע דארף זייער פיל האָבן, אמאָל דארף זי אויך אזעלכע זאכן, װאָס מע קאָן זיי ניט ארויסזאָגן.

שטאנדהאפט. װייניק, אשטייגער, װעט קאָסטן דער שטאָט לאָקשעװיטש?! דעם מעקער פון פלייש האָט מען געמוזט אינ דער מעהומע אביסל אראָפּלאָזן. אים גיב, יענעם גיב װײַטער, הײַנט דארף פיאװקין פאָרן באװאָרענען עטלעכע שטאָטישע זאכן, דאָס װעט מיסטאמע אויך גע־נוג קאָסטן... פונװאנען־זשע װעט עס די שטאָט אפ אלצדינג נעמען? — מע װאָלט איצט געמעגט ארופציִען א דרײַ קאָפעקעס אפ דער אָקע פלייש.

טאמ. פארװאָס ניט פיר?

באלטאכלעס. פארװאָס טאקע ניט זעקס? עס איז איצט זייער א שלעכטע צײַט.

ספאָדעק. אװאדע זײַנען די היצטארכעס האָיִר זייער גרויס, נאָר א ראכמאָנעס אפ די אָרעמעלײַט, געװוג דערװײַל פינפ, װאָס זאָלן מיר טון? זאָל אונדזערס איבערגיין (ער קרעכצט און זיפצט).

באלטאכלעס. קוקט־זשע אינ טאכלעס ארײַן און מאכט א גרויסן צעטל פון די הויצאָעס.

ספאָדעק. דער איקער איז — שאָכטים, פארשטייט איר, מע דארף האָבן אסאך שאָכטים...

שטאנדהאפט. הײַנט מאשגיכים, טאקע אסאך מאשגיכים.

טאמ. הײַנט מענאקרים!

באלטאכלעס (כאזער־ט איבער). שאָכטים, מאשגיכים, מענאקרים, הײַנט דאיאָנים, כאזאָנים, ראבאָנים, שאמאָסים, קאבראָנים, פאָװערענעס, שטאדלאָנים און נעמאָנים...

רעב יוסעפ. מאכטייסע, זשאלעװעט ניט, מאכטייסע!

ספאָדעק. איך עס ניט פון קיין סירכע. מע דארף נאָך, אכוץ דעם, האָבן גאָר א טײַערן שויכעט!

שטאנדהאפט. מע דארף ארײַנשטעלן א פאָר טויזנט קערבלעך א יאָר אפ א רעמעסלענע שול. דערמיט װעט זיך די שטאָט אויספײַנען, און עס װעט אסאך העלפן, אז מע זאָל אוטװער־זשדען די טאבעלע. איך װייס, מיט װאָס צו נעמען...

רעב יוסעפ. מאכטייסע, ארײַנשטעלן, דאָס איז דאָך נאָר לעמאָשל... מאכטייסע!

ספאָדעק. אויב אזוי... שטעלט־זשע ארײַן הונדערט קערבלעך א יאָר אפ דער כעװרע אלמאָנעס װעיעסוימים.

באלטאכלעס. מע האָט אלץ געדארפט צונויפרעכענען און ארויסשטעלן די אלע איבעריקע היצטארכעס.

טאמ. א שאָד כלעבן. װאָס פיאװקין איז ניטאָ, ער איז געניט און טויג צו אזעלכע זאכן.

ספאָדעק. װייסט איר־זשע װאָס? לאָמיר דאָס אָפלייגן אפ מאָרגן. די מײַסע קען זיך נאָך פארלענגערן און מיר זאָלן נאָך, כאָלילע, אויװער זײַן זמאן מינכע!... (די קנופיע צעגייט זיך).

## זיבעטע סצענע

שינדער זיצט אלץ נעבן זײַן טישל אין װינקעלע. קנעכטבארג קומט ארײַן גאנץ פריילעך, דערנאָך פיאװקין.

קנעכטבארג (זעצט זיך נעבן שינדערן). אז דאָס פיצעלע מאזל גייט, װערט עפעס ליכטיק אין אלע רעמאכ איירורים! דאָס רעדל, באָרעכאשעם, האָט זיך שוין בא מיר אָנגעהויבן צו דרייען, האלעװײַ װײַטער. איך דאנק אײַך, רעב יאָסל, פאר דער טויװע, פאר דער מיצװע, װאָס איר האָט געטאָן.

ש י נ ד ע ר (מיט א שמייכעלע). ווענ, רעב ארנ, הייבט איר שוינ אָנ מיט מאזל צו מאכנ די לאָקשנ?

ק נ ע כ ט ב א ר ג. אבי געזונט, אבי געלט, אבי איכ האָב שוינ לעסאטע צונויפגעמאכט אביסל געלט, מיט לאָקשנ איז שוינ קיינ דײַגע ניט. עס וועט נאָכ צײַט זײַנ צו מאכנ, מע דארפ באקומענ נאָכ אביסל געלט.

ש י נ ד ע ר (אלצ מיט אָ שמייכעלע, אזוי ווי איינער מאכט כויזעק). איכ מיינ, רעב ארנ, אז איר וועט מאכנ גאָר א גוט געשעפט, א קאטאָוועס, איר וועט גאָרניט ארײַנלייגנ! אדעראבע, איר וועט נאָכ אלצ צומאכנ פריש געלט, די שטאָט, אָנ איינאָרע, איז גרויס! לאָקשנ, מיינ איכ, וועט אויכ אסאכ פארקויפט ווערנ, עס וועט דאָכ הייסנ א מיצווע געבנ צו לייזנ דער טאלמעטוירע, ביפראט, ווי זאָגט איר, זיי וועלנ נאָכ זײַנ קאָשערע לאָקשנ אויכ, הײַנע, מע וועט פונ זיי נעמענ כאלע; כלעבנ, איר וועט האָבנ א גוט געשעפט.

ק נ ע כ ט ב א ר ג. מיט גאָטס הילפ, האלעווײַ דאָס מאזל, דאָס פיצעלע מאזל, זאָל נאָר ניט געשטערט ווערנ. וואָס זאָגט איר, רעב יאָסל, ווי לאָקשעוויטש האָט אביסל ארויפגעלאָזט די נאָז. מײַנע לאָקשנ שמעקנ אימ גאָרניט. די פּאָפּעטשיטעליעס מוז עס שטארק האנאָע טונ, וואָס איכ לערנ אָנ אזא שייגעצ! הא, וואָס זאָגנ זיי? וואָס האָבנ זיי געזאָגט?

ש י נ ד ע ר. וואָס פרעגט איר דאָ, רעב ארנ? זיי קוועלנ גאָר אָנ פונ אײַכ.

ק נ ע כ ט ב א ר ג. עס טוט מיר, כלעבנ, האנאָע, א שאָד, וואָס איכ האָב זיי דאָ ניט געטראָפנ. איכ האָב זיי טאקע נאָכ א פלאנ אופצוגעבנ, זייער א גוטנ פלאנ, איכ מוז טאקע באלד גיינ (ער גייט אונ באגעגנט זיכ אינ דער טיר מיט פּיאווקינענ).

פ י א ו ו ק י נ. (גאָר אינ איינ אָטעמ). אכ, געשווינד, רעב יאָסל, גיכער אהער, וואָס איז אײַכ הײַנט עפּעס ארײַנגעפאלנ? די פּאָפּעטשיטעליעס האָבנ מיכ געשיקט, מע דארפ גראָד איצט האָבנ געלט!

ק נ ע כ ט ב א ר ג (מיט א סימכע). נו, עס איז א גוטער סימענ! זייער גוט, רעב רוווּנ, וואָס איר זײַט מיר איצט גראָד אנטקעגנ געקומענ! איכ האָב אײַכ בעסאָד אופצוגעבנ עפּעס א פלאנ (ער פירט אוועק פּיאווקינענ אינ א ווינקל אינ שושקעט זיכ מיט אימ).

פ י א ו ו ק י נ (אפ א קאָל). גאנצ גוט, רעב ארנ, עס וועט גיינ! וואָס מיינט איר, עס איז טאקע א גוטער סימענ, וואָס איכ האָב אײַכ גראָד איצט דאָ געטראָפנ. (ער גיט א ווונק מיט א גנייווע־שמייכעלע צו שינדערנ) עס וועט, אימירצעשעם, זײַנ רעכט, רעב ארנ! נאָר לאָזט מיכ צורו מיט אײַער פלאנ ביז מאָרגנ. איר זעט דאָכ, איצט בינ איכ טאָרעד, איכ דארפ האָבנ געלט.

ש י נ ד ע ר (אויכ מיט א ווונק צו פּיאווקינענ). אָט האָט איר, רעב רוווּנ, אינגאנצנ דאָס געלט, וואָס איכ האָב, עס וועט אײַכ אוואדע קארג זײַנ, וועט איר שוינ מוזנ באקומענ ערגעצ א גמילעס־כעסעד...

פ י א ו ו ק י נ (ציילט קלוימערשט איבער דאָס געלט). אכ, ווייניק, עס דערגייט ניט א פופצנ הונדערט קערבלעכ. (ער ווענדעט זיכ געשווינד צו קנעכטבארגנ) טאָמער, רעב ארנ, טאָמער זײַט איר רײַכ אינ עטלעכע קערבלעכ? איר זאָלט געבנ די פּאָפּעטשיטעליעס א גמילעסכעסעד, נאָר אפ עטלעכע שאָ ביזוואנענ עס וועט דאָ אינ דער קאסע ארײַנפאלנ. (מיט א גנייווע־שמייכעלע) זיי וועלנ אײַכ דער־פאר באלוינענ, אונ מיקויעכ אײַער פלאנ, מיסטאמע וועט זײַנ רעכט, עס איז, כלעבנ, א גוטער סימענ, וואָס מיר האָבנ זיכ גראָד באגעגנט!

ק נ ע כ ט ב א ר ג. איכ האָב בא מיר דרײַצנ הונדערט קערבלעכ, מיט א רייש קערבלעכ ווייניקער, וויפל איר דארפט. ווילט איר, קענ איכ אײַכ לײַענ בעסימכע, אָבער נאָר אפ עטלעכע שאָ, וואָרעמ איכ דארפ זיי האָבנ צו די לאָקשנ. (ער באקומט ארויס פונ דער בוזעמ־קעשענע, אינ זײַנ פלאנעלנ לײַבל, א יערכנ־בײַטל, נעמט פונ דאָרט ארויס דאָס געלט, וואָס איז געווענ אײַנגעוויקלט אינ צענ פאפּירלעכ אונ גיט עס פּיאווקינענ) זעט איר, איכ האָב אײַכ אוועקגעגעבנ ביז איינ גראָשנ.

פ י א ו ו ק י נ (מיט א שמייכעלע). שלאָפט רויק, רעב ארנ, די פּאָפּעטשיטעליעס וועלנ ניט פארגעסנ די טויווע (ער געזעגנט זיכ אונ גייט אוועק).

ק נ ע כ ט ב א ר ג. איכ זאָג אײַכ, רעב יאָסל, אז דאָס פיצעלע מאזל האָט מיר אָנגעהויבנ, אָנ איינאָרע, טאקע צו גיינ. איכ טראכט, אז דורכ דעמ גמילעסכעסעד וועט מיר זײַנ גרינגער אָפּצוארבעטנ מײַנ נײַעמ פלאנ. זאָרגט ניט, רעב יאָסל, זאָרגט ניט, עס וועט, אימירצעשעם, זײַנ רעכט, איכ מוז נאָכ גיינ א שמעק טונ אינ מארק, וואָס הערט זיכ עפּעס. (ער גייט ארויס שטארק פריילעכ).

## אכטע סצענע

שינדער (קרימט זיך נאָך קנעכטבארגן און שטעקט אים ארויס א צינג). אוואדע, רעב ארן, מעגט איר זיך פרייען, פיאווקין, נישקאָשע, האָט אײַך געשטעלט א כופּע. נו, פיאווקין, דאָס איז א כיטרע בעסטיע, ער ארבעט אָפּ אַן אייסעק קורץ און שארף. ווי געשווינד, ווי כיטרע האָט ער געכומענ רעב ארענען אפּ דער העטשקע! דער לעקיש האָט אים, נעבעך, דעם לעצטן גראָשן אוועקגעגעבן און איז פריילעך. אוואדע, רעב ארן, מעגט איר זיך פרייען (ער לאכט). שיינ איז נאָר געוועזן, ווי דער זאָגט צו מיר: זאָרגט ניט, רעב יאָסל, עס וועט, אימירצעשעם, זײַן רעכט. דער שלימאזל טרייסט מיך! א מיצווע, כלעבן, ער האלט זיך פאר זייער א ווילדן כאָכעם און מיינט אלץ יענעמ אָנפּײַפן. איך האָב ערשט ארויסגעזען פון זײַנע רייד, אז פון דעם אייסעק האָט ער געהאט בעדייע מיר ניט צו געבן אפילע א פרוטע. ער האָט מיך געוואָלט פּאטערן מיט שיִע־פּיִע און געבן מיר אַן אָנווײַזונג אפּ אוילעמ־האבע פאר דער מיצווע. אָ, קען איך אָט די שיינע יידן, בעשאס עס גייט זיי שלעכט און זיי דארפן אײַער טויווע, וועלן זיי אײַך קושן די פיס און צוזאָגן האָרים־אוגוואָעס. קוימ איז זיי גוט געוואָרן, שטעלן זיי אײַך ארויס א פײַג... רעכט אפּ אײַך, מײַנ ליבער ארן, זײַט ווײַטער ניט קיין ווילער. (ער גיט א קוקט אינ פענצטער). אוי, אוי, אָנ גייט מײַנ רעב ארן, ניין, ניין, ער גייט ניט, ער לויפט אָנ א נעשאָמע, דאָס פּאָנעמ האָט זיך אים פארענדערט. (ער לאכט און פארקערט זיך) וואָס איז, רעב ארן, רעב ארנצוניע? איר האָט שוינ, אפּאָנעמ, אָנגעשמעקט פון דעם שאָלעמ, וואָס עס קלאפּט אײַך אזוי דער פּופּיק? (ער גיט נאָכאמאָל א קוק אינ פענצטער) הא! דאכט זיך, ספּאָדעק און טאמ גייען דאָרטן! יאָ טאקע, זיי גייען אויך אהער, זיי זײַנען נאָך ווײַט, רעב ארנ האָט זיי נאָך זיכער ניט דערזען. אכ, אכ, דאָס וועט זײַן זייער א שיינע סצענע, איך וועל מיך באהאלטן אינ מײַנ כיידערל און קוקן דורך א שפּארונע, ווי רעב ארנ וועט שמועסן מיט די פּאָפּעטשיטעליעס (ער לויפט ארײַנ צו זיך אינ כיידער).

## נײַנטע סצענע

קנעכטבארג. דערנאָך ספּאָדעק און טאמ.

קנעכטבארג (לויפט ארײַנ פארסאפּעט). אכ, ווו איז ער? ווו איז רעב יאָסל? אוי וויי, ווי עס טיאָכקעט מיר דאָס הארץ, אנגסטן האָבן מיך באשלאָגן! א קאטאָוועס עפּעס פארנאָסע! איך האָב מוירע, אז עס האָט זיך אָפּגעריסן דער אָרטשיק און מײַנ גאנצער פּלאן זאָל כאָלילע ניט קאליע ווערן! אכ, א מענטש אָנ א מאזל זאָל נישט געבאָרן ווערן! (די טיר עפנט זיך אומ און די צוויי פּאָפּעטשיטעליעס גייען ארײַנ).

ספּאָדעק און טאמ. ווו איז רעב יאָסל?

קנעכטבארג (לויפט זיי אנטקעגן ווי צעמישט). רעב יאָסל? ניטאָ רעב יאָסל! איך דארפ אויך רעב יאָסלען! עס טוט מיר טאקע האנאָע, וואָס איר זײַט דאָ. איך האָב מיך ערשט אינ גאס פאר אײַך געקריגט. סאָנים זאָגן, וואָס איז, איר האָט זיך איבערגעבעטן מיט דעם שייגעץ, מיט לאָקשעוויטשן, זאָגן סאָנים.

טאמ (פּאמעוואטע). בע...

ספּאָדעק (רוקט אָנ דאָס היטל און מאכט א זויערע מינע). אוי, לוי־אלייכעם, ווײַטער מײַנע מערידן!

קנעכטבארג (שפּרינגט פונ דער הויט פאר צאָרעס). וואָט הייסט? איר וועט שאָלעמ ווערן מיט דעמ אזעספּאָנעמ, וואָס האָט אײַך אויסגעמישט מיט דער בלאָטע, וואָס האָט אײַך גערופן, איך בעט אײַך מעכילע, גאנאָווים, גראביטעליעס, בלוטזויגער, ראָצכים, גאזלאָנים, און אפּ אײַך אויסגערעדט אָסער לעדאבער... וואָס האָט אָנגעשטעלט, מע זאָל בא אײַך פּאָדערן כעזשבנ און ביכער! מיט דעמ שייגעץ, מיט דעמ הולטײַ וועט איר, אזעלכע גרויסע בעקאָוועדע מענטשן ווי איר, וועט מיט אימ שאָלעמ ווערן! עס איז קעדײַ אָנצולערנען אזא הולטײַ, ארײַנלייגן אימ אינ דער כעס, פארשיקן אימ צו אלדי שווארצ יאָר, אָפּטון אימ א שפּיצל, ער זאָל ווײַטער וויסן ווי זיך צו טשעפּען מיט א שטאָט.

טאמ (אָנ ווערטער). בע, מיילע וואָס, עס... בע...

ספּאָדעק (כאַפּט זיך פאַר די קריזשעס מיט א קרעכץ). איך מוז גיין אהיים אָפּדאווענען מינכע און זיך אביסל צולייגן.

קנעכטבארג (אלץ שטארק צעקאָכט). קוידעם אין מאכשאָוועסן גיט מיר דאָס גמילעסכעסעד, איך דארף זייער געניטיק האָבן דאָס געלט צו די לאָקשן.

ספּאָדעק (מיט אן אָנגערוקט היטל). וואָס לאָקשן?

טאם (טאמעוואטע). הא, וואָס זאָגט איר?

קנעכטבארג (מיט א פארקלעמט הארץ). סטייטש, ווי הייסט, וואָס לאָקשן? וואָס זאָג איך? ס'טייטש, לאָקשן זאָג איך. מיין גמילעסכעסעד, זאָג איך, בעט איך! איך דארף האָבן דאָס געלט צו די טאלמעטוירע־לאָקשן. איך בין דאָך דער לאָקש... לאָקשנמאכער! (שינדער עפנט אביסל די טיר פון זיין ביידער און שטעלט ארויס אונטער קנעכטבארגן די צונג).

ספּאָדעק (מיט א קאלטער לעבער). דאָס געלט איז דאָך ניט אייערס, וואָס־זשע מאָנט איר דאָ אזוי?

קנעכטבארג (לאכט קלוימערשט מיט גרינע ווערעם). זאָלט איר לעבן און געזונט זיין, וואָס זאָגט איר? גאָט איז מיט אייך, איך דארף דאָך דאָס געלט צו די לאָקשן!

ספּאָדעק (רוקט ארויף דאָס היטל). וואָס לאָקשנט איר מיר? וואָס גמילעסכעסעדט איר מיר? אויס לאָקשן, רעב ארן! אויס לאָקשן!

טאם (בעט זיך מיט א ראכמאָנעס־פּאָנעם). וואָס ווילט איר פון אונדז האָבן? מיר קענען זיך ניט קריגן, מיר האָבן ווייבער און קינדער, מיר ווילן ניט טראָגן קיין לעקעך אף די פּלייצעס, מיר ווילן ניט מעגולגל ווערן צוליב אייך קיין קליינ ערעץ־ייִסראָעל, מיר ווילן זיך ניט קריגן, וואָס ווילט איר פון אונדז האָבן?

קנעכטבארג (ווערט, נעבעך, שיר ניט צעלאָפּעט). גוואלד, איך האָב אויך א ווייב און קינדער! איך בין אויך, כלעבן, א שיינער ייִד! פארוואָס קומט אלץ נאָר אייך, נאָר אייך!

ספּאָדעק (מיט א געשריי). טארבעס! דערעכערעצ!

קנעכטבארג (גייט ארויס פון די קיילים פאר גרויסע צאָרעס). לאָזט מיך אויך בא דער שאָפּ אויס־רייסן עטלעכע זשמעניעס וואָל! לאָזט מיך אויך א טשמאָקע טון, אָפּלעקן א ביינדל! גוואלד. פארוואָס אלץ אייך! אלץ נאָר אייך און אייך!

ספּאָדעק. קומט, רעב שמייע, וואָס וועלן מיר דאָ מיט אים טיינען? (זיי גייען ביידע ארויס. קנעכטבארג בלייבט שטיין ווי אָפּגעבריט, און שינדער שטעלט אים ארויס פון הינטן א צונג).

---

# פערטער אקט

דאָ ווערט פאָרגעשטעלט, וויאַזוי מע נעמט די טאַקסע אפ דער הײַנטי־קער צײַט, ביז דעם יאָר 1870.

## ערשטע סצענע

ש ט א נ ד ה א פ ט באַ זיך אין קאַבינעט, דערנאָך ס פ אָ ד ע ק.

ש ט א נ ד ה א פ ט (זיצט פאַרזאָרגט און האַלט אַ בריוו אין דער האַנט). זייער אַ שלעכטע ידיעה! ער שרײַבט, אַז מע וועט באַלד אָביאַווען טאָרגעס אפ דער הינער־טאַקסע. איך האָב מוירע, אַז דאָס קעסטעלע קאָן זיך נאָך, כאָלילע, אַרויסגליטשן פון דער האַנט. עס וועלן זיך געפינען זייער פיל באַלאָנים, אַסאַך, גאָר אַסאַך שאַרפֿנ אפ דער הינער־טאַקסע די ציין. מע דאַרף באַצײַטנס זען אַלצדינג באַוואָרענען, אָנהייבן זיך צו סטאַרען און צו טון אַרום דעם... (ער פאַרטראַכט זיך און קוקט אין דעם בריוו, די טיר עפֿנט זיך און ספאָדעק קומט אַרײַן).

ס פ אָ ד ע ק. גוט מאָרגן, רעב יידל, עס איז מיר גראָד אויסגעקומען גיין פון אַ בריס פאַר־בײַ אײַער הויז, האָב איך מיך מעיאַשעוו געווען אַרײַנצוגיין צו אײַך, פרעגן, עפשער האָט איר מעקאַבל געווען אַ בריוו פון פיאַווקינען.

ש ט א נ ד ה א פ ט (מיט אַ ווידער־מינע). יאָ, דאָס איז טאַקע דער בריוו, וואָס איך האָב הײַנט פון אים מעקאַבל געווען.

ס פ אָ ד ע ק. נו, וואָס שרײַבט ער? ווי גייען דאָרטן די אייסאָקים? האָט ער זיך שוין דאָרטן אָפּגעפאַרטיקט?

ש ט א נ ד ה א פ ט. מיט די אייסאָקים, שרײַבט ער, איז ער שוין קימאַט פאַרטיק. די אַלע פּראָשעניעס און דאָנאָסן אפ דער שטאָט פון דעם גאַנצן צעכ אוכדוימע נאָך פון אַזעלכענע קאַפּצאָנים וועלן קיין שום מאַמאָשעס ניט האָבן, מע האָט אים דאָרטן צוגעזאָגט זיי אַלע צו פאַרשטאָפּן ערגעץ אין אַ לאָך, אַז דער אָדנ־האַגאָדל זאָל זיי אַפילע ניט אָנקוקן. קורץ און גוט, עס וועט אַלצדינג זײַן רעכט, די דאָנאָסטשיקעס וועלן נאָך כאַפּן אַ פּסאַק. ער שרײַבט און בעט ראַכמים, מע זאָל אים אַרײַנשיקן נאָך געלט.

ס פ אָ ד ע ק (מיט אַ קרעכץ). גאָט זאָל ראַכמאָנעס האָבן אפ דער שטאָט, זי דאַרף, נעבעך, האָבן אַסאַך געלט. ווּהין מע קערט זיך, אַלץ געלט, געלט און געלט, וואָס שרײַבט ער עפּעס נאָך?

ש ט א נ ד ה א פ ט (מיט אַ פאַרכמורעט פּאָנעם). ער שרײַבט, אַז מע האָט בעדייע צו מאַכן טאָרגעס אפ דער טאַקסע.

ס פ אָ ד ע ק (לאָזט אַראָפּ די נאָז). טאָרגעס, אַוואַדע איז דאָס נישט גוט פאַר דער שטאָט, נעבעך, האַשעם־ייסבאָרעך זאָל שוימער אומאַצל זײַן, זי זאָל, כאָלילע, אַרײַנפאַלן אין די הענט פון די באַלטאַקסעס, זיי זענען דאָך פּאָשעטע ראָצכים. נאָר מיסטאַמע וועלן מיר עפּעס טון מיקוייעך דעם. מאַכטייסע, טאָרגעס, אַלץ בעסער ווי מע שמועסט באַ אונדז אין קלויז.

ש ט א נ ד ה א פ ט. וואָס שמועסט מען? וואָס שמועסט דער עולעם?

ס פ אָ ד ע ק. מע שמועסט זייער געשמאַק פון דער גזיירע, אַז דאָס קעסטל זאָל, כאַס־וועשאָלעם, באָטל ווערן, יידן זאָל עפּעס מער ניט צאָלן קיין טאַקסע.

ש ט א נ ד ה א פ ט. (סטאַרעט זיך אַ שמייכל צו טון). וואָס הייסט, רעב איצע־וואָלף, דאָס רופט איר אַ גזיירע?

ס פּ אָ ד ע ק (נעמט זיך פאַר דעם בערדל). יאָ, יאָ, זאָלט איר טאַקע וויסן, רעב ייִדל, דאָס איז א גזיירע. דאָס קעסטעלע, כלעבן, דערהאַלט נאָך דאָס ביסל ייִדישקייט. פונוואַנען נעמט מען אַפ דעם, אַפ יענץ, אַפ דעם, וואָס מע טאָר ניט זאָגן? טאַקע פון דעם קעסטל. מיט וואָס האָט מען די אויבערהאַנט איבער די שקאָצים פון דער הײַנטיקער וועלט? מיט וואָס היט מען אָפּ, אַז ייִדן זאָלן בלײַבן טאַקע דאָס, וואָס זיי זענען? מיט וואָס? אַלץ טאַקע מיטן קעסטל! דורך וואָס האַלט מען אין דער מוירע א באַלמעלאָכע, א נעכוסדאַרגע, א פּאַרך א קאַפּצן, זיי זאָלן האָבן דערעכערעץ, אָפּשײַ פאַר דער שטאָט, פאַר אונדזערן איינעם? דורך וואָס? טאַקע אַלץ ווײַטער דאָס קעסטל! אקײַאַל דאָס קעסטעלע האָט נאָך דערהאַלטן דאָס ביסל ייִדישקייט, דאָס ביסל ייִדיש ייִכעס... כאָלילע, אָן א קעסטל שווימען דאָך אַרופ פונויבן אַפּיקאָרסים, באַלמעלאָכעס, שנײַדער, שוסטער און אַלע אַמעראַצים, וואָס קאָנען אַפילע ניט קיין פּערעק־מישנײַעס, און דענסט־מאָל — אָך און וויי איז אונדז! יאָ, יאָ, רעב ייִדל, דאָס איז בא מיר א גזיירע!

ש ט א נ ד ה א פּ ט. וואָס האָבן ייִדן געטאָן אמאָל, אַז זיי האָבן ניט געהאַט קיין קעסטל?

ס פּ אָ ד ע ק. וואָס גלײַכט איר אמאָל צו הײַנט! אמאָל זענען ייִדן געווען גוט און פרום, ווער האָט אַפּ זיי געקוקט, ווי זיי גייען, ווי זיי שטייען? די קליינע מענטשעלעך, די אַמעראַ־צים האָבן ניט געטאָרט קיין קאָפּ אופהייבן. וואָס די מאַנהיגיי־האָיר האָבן געטאָן, דאָס איז גע־ווען געטאָן. ייִדן האָבן אמאָל גאָר אַן אַנדער פּאָנעם געהאַט. הײַנט אָבער זענען דאָ בא ייִדן זייער פיל אַזעספּענעמער, זייער פיל הולטײַעס, וואָס זאָגן דייעס און פּאָדערן בא דיר גרויסע כעזשבוינעס. וועכוץ לאָזע, וואָס א טאָג קומט אָן אַפּ ייִדן נײַע גזיירעס, אַזוי גיי ניט, אַזוי שטיי ניט, אַזוי לערן ניט. א מאַראָכע, כלעבן, וואָס עס איז נאָך דאָ א קעסטעלע, דורך דעם קען מען זיך נאָך אויסדרייען און דערהאַלטן (ער ווײַזט אַפּ דעם ספּאָדעק) דאָס ביסל ייִדישקייט. איר מיינט, ווען ניט דאָס, וואָלט איך, אַזא צעבראָכענער ייִד, ווי איך, זיך אָפּגעגעבן אַפּ דער עלטער מיט דער טאַקסע? עס איז פאַר מיר א טירכע, טאַקע א טירכע גדוילע, נאָר וואָס זאָל מען טון, וואָס זאָל מען מאַכן? איך זאָג אײַך נאָכאַמאָל בעפּײרעש, נעמט מען אונדז, כאָלילע, צו דאָס קעסטעלע, נעמט מען בא אונדז צו דעם קאָוועד. (ער גיט א טרייסל דאָס בערדל). אָבער ניין! מיט האַשעם־ייִסבאָרעכס הילפּ, מיר וועלן עס ניט דערלאָזן, ייִדן בלײַבן ייִדן! מע וועט פּאָרן, מע וועט זיך סטאַרען, גאָט וועט העלפן, דאָס קעטטעלע וועט בלײַבן (מיט א שמייכעלע). נישקאָשע, עס וועט בלײַבן, ווי איך בין א ייִד, בלײַבן...

## צווייטע סצענע

ש ט א נ ד ה א פּ ט אַליין, פאַרטראַכט.

ש ט א נ ד ה א פּ ט. אַז ספּאָדעק מיט זײַן גלײַכן זאָגן, אַז דאָס קעסטעלע וועט בלײַבן, ווייס איך זיכער, אַז עס וועט בלײַבן, איך קען זיי... נו, זאָל עס כאָטש בא מיר בלײַבן. (נאָכדעם אַז ער טראַכט אַביסל) יאָ, בא מיר. אָבער ווי בא מיר? אַפּ וועלכן אָרט בא מיר? מע דאַרף געפינען עפּעס אַזא טאַכבולע, אַז הייסן זאָל עס ניט בא מיר, און זײַן זאָל עס טאַקע פּאָרט בא מיר, אַזוי וועט עס אין קאַמע־אויפאַנים בעסער זײַן. איינ מאָל, וואָס טויג מיר דער טיטל באַלטאַקסע? איך בין מויכל דעם קאָוועד. צווייטנס, וואָס טויג מיר, מע זאָל פאַר מיר וויינען? עס קומט פּאָרט אמאָל אויס עפּעס ניט לאָווקע, יענער ווײנט, מוז מען דאָך אמאָל, כאָטש פאַר לײַט, ראַכמאָנעס האָבן. ראַכ־מאָנעס אָבער קאָסט געלט. יאָ ראַכמאָנעס, אָבער ווען־זשע? ווען דאָס טראָגט נאָך עפּעס אײַן, דאָס הייסט פּאָשעט, ווען דורך דעם דערלאַנגט מען עפּעס א געוויסע זאַך... דריטנס, גיי האָב שטענדיק צו טון מיט ליאַדע באַלמעלאָכעס, מיט גאָלדשמידלעך, מיט מולערעס און מיט נאָך קאַפּצאָנים, פּערטנס... די היצטאַרכעס זײַנען זייער גרויס. מע איז שוין געוווינט געוואָרן צו שפּילן די ראָליע, געבן קלוימערשט אַפּ דאָס, אַפּ יענץ, און די געשעפטן גייען עפּעס הײַנט ניט אַזוי גוט... (ער קראַצט אַביסל די פּאָטיליצע) יאָ, איך האָב שוין א פּלאַן, איך וועל אָנפּײַפן איטלעכן, אַפילע דעם גרויסן פּײַפער ספּאָדעקן, מאַקעס אים! אַביסל וועט פאַר אים אויך גענוג זײַן. בײנער איז ער קראַנק צו גריזען? נישקאָשע, דער צעבראָכענער ייִד האָט זייער שאַרפע ציינ... יעסורים אים! ער האָט, באָרעכאַשעם, אָן דעם גוטע געשעפטן, ער איז גאַבע פון אַסאַך כעוורעס, בא אים געפינט זיך קאָהאָלש געלט, אוילעמעס־געלט, ערעצייִסראָעל־געלט, נאָך און נאָך געלט. ער איז א גאַנצער קלייקוידעש... איך וועל מײַן

שינדערן אָפּלאָזן פון דער קייט, ער קאָן שטילערהייט גוט בײַסן; אָנקוקנדיק אים, איז ער, געדאַכט, אַן אָפּגעבאַרעט ייִדל, בלייך, גרוי, ווי א טויב, פרום און שטיל, גאָט די נעשאָמע שולדיק. נאָר אָבער — דערכאַפּ זיך! טרעט אָפּ פאר שינדערן דעם וועג, היט אײַך די ביינער, ער איז א מאַש־כיס! אָט דער שינדער וועט עס לעפּאָנעם זײַן גלופּסקער באַלטאַקסע... הייסן מוז עס לעכאַטכילע, מע פאָרט נעמען דאָס קעסטעלע פאר דער שטאָט, נאָר בעשאַס טאָרגן וועט עס שינדער אויס־דינגען פאר זיך, דאָס הייסט פאר מיר. ספּאָדעק מיט א טייל פון דער קנופּיע וועלן נאָר נעמען געוויסע סכירעס, אָדער א קליין פּראָצענט. כוץ זיי וועט אָבער נייטיק זײַן צוצולאָנטשען נאָך עטלעכע פייגל, סאַמע די רעכטע אַזעסניקעס. איבעריקנס זײַנען זיי ניט קיין סאַך. (ער ציילט אָפּ די פינגער) איינס, צוויי, דרײַ, הא? נאָכאַמאָל: ניט איינס, ניט צוויי, ניט דרײַ, דאַכט זיך, טאַקע מער ניטאָ, אין עפּשער, הא? נאָך איינער. נו איז ניט פיר... א שיין פּעקל, כלעבן! דער גלאַוו־נער פון זיי איז נאָסן שיפרעס; ווער קען נאָך אַזוי לערנען באָלעק מיט איינעם ווי ער? ער איז אַן אויסגערויכערט ליולקעלע, מע מוז זיך נאָך טאַקע הײַנט מיט אים זען. (ער טוט א קוק אין פענצטער) אַך, דער רוח האָט אים איצט אָנגעטראָגן! וואָס טויג מיר דער וועקער? וואָס דולט ער מיר טאָמיד א קאָפּ מיט זײַן בילדונג, מיט זײַנע פּלענער? ער איז אַן ערלעכער נאַר, א קאָשערע בע־היימע, ער זוכט אַלץ דעם עמעס, סטאַרעט זיך מיך צוצוציִען צו זיך, איך זאָל אָנטיילנעמען אין זײַנע פּלענער. דער נאַר מיינט, אַז מיך אינטערעסירן זײַנע פּוסטע זאַכן, אַך, ווי טשעפּעט מען זיך אָפּ פון אים!

## דריטע סצענע

שטאַנדהאַפּט, וועקער, דערנאָך שינדער און נאָסן שיפרעס.

וועקער. איר זײַט עפּעס ווי אומרויִק, הער שטאַנדהאַפּט, עפּשער שטער איך אײַך?

שטאַנדהאַפּט (אינטער דער נאָז). בע... איך האָב נאָך צײַט, עטלעכע מינוט.

וועקער. קיין סאַך וועל איך אײַך ניט שטערן. איך וויל אײַך נאָר בעטן, מיר צו באַשטימען א צײַט, ווען איר וועט זײַן רויִק. איך וויל מיט אײַך איבערשמועסן מיקויעך דער כעווורע און מיקויעך נאָך זאַכן, וואָס איר האָט בעדייע צו טון.

שטאַנדהאַפּט. לעמײַ, הער וועקער, שרײַבט איר מיר צו אײַער מי, אײַערע גוטע אײַנ־ריכטונגען? איך פאַרדין, אָסער, ניט אײַער לויב, וואָס איר לויבט מיך אומעטום און אין די צײַטונגען.

וועקער. די ווערטער זענען פון אײַער זײַט זייער שיין. נאָר וואָס מאַכט עס אויס, איך אָדער איר? דעריקער איז, מע זאָל טון, מע זאָל העלפן, ווי ווײַט מע קען. ליידער, שטייט איצט אונדזער כעווורע שלעכט, און אין דער שטאָט הערשט הײַנט א ביטערע עלנט!

שטאַנדהאַפּט (גלעט די פּאָטיליצע). וואָס קען מען טון? קענען מיר פאַרוואָרגן א וועלט?

וועקער. פונדעסטוועגן טאָר מען עס ניט לאָזן אַזוי. בא מיר אין קאָפּ דרייט זיך שוין עפּעס א שטיקל פּלאַן. איך וועל עס אויפשרײַבן און אײַך ווײַזן. עפּשער וועט עס אײַך געפעלן.

שטאַנדהאַפּט. גלייבט מיר, מײַן ליבער פרײַנט, היגע ייִדן זענען ניט ווערט, מע זאָל זיך מיט זיי אָפּגעבן. איך קען זיי בעסער פון אײַך. גלייבט מיר, עס איז פיל גלײַכער גאָרניט צו טון און זיך ניט מישן.

וועקער. עס איז אײַך גרינג צו זאָגן, די אָרעמע אָבער לײַדן, זיי הונגערן און דאַרן, זיי ווייסן ניט דעם טאַם פון פלייש.

שטאַנדהאַפּט. אָט וועט באַלד זײַן טאָרגעס אף דער הינער־טאַקסע, נו, וועלן מיר זען, אויב די נײַע באַלטאַקסעס וועלן בעסער זײַן. איך זאָג אײַך אויסדריקלעך, עס וועט נאָך צען מאָל ערגער זײַן, געדענקט מײַנע ווערטער, האַלעווײַ זאָל איך ליגן זאָגן.

וועקער. איך פאַרשטיי, אָסער, ניט, פאַרוואָס ייִדן מוזן האָבן א טאַקסע אף פלייש, אַז דירך דעם זאָלן זיי אַזויפיל לײַדן און ליגן אין דער ערד? די טאַקסע זויגט אויס, ווי א פּיאַווּ־קע, ייִדיש בלוט, זי מאַכט זיי קראַנק, זי לאָזט זיי ניט זײַן שטאַרק און געזונט, די רעגירונג פאַרלירט דורך דעם אויך זייער פיל, עפּעס א קלייניקײַט צוויי מיליאָן מענטשן אין לאַנד זײַנען אימויסט־אימנישט פאַרקויפט צו די באַלטאַקסעס, עסן ניט דאָס נייטיקסטע שפּײַז, זענען שלאַפּ

און האָבן א פּאָנעם, ווי די מײסים!... ווי קענען אזעלכע דערשלאָגענע, אזעלכע שלאָפע מענטשן האָבן אין זינען די וועלט? ווי קען מען פון זיי פארלאנגען, זיי זאָלן האָבן א געפיל פאר ערנסטע זאכן? איך רייד שוין ניט, אז די רעגירונג זאָל מיט אמאָל געבן ייִדן גלייכע רעכטן, אלע פריַיהייטן, נאָר וויַיניקסטנס זאָל זי אונדז אויסלייזן פון דעם ייִדישן גאָלעס, וואָס ער איז זייער א שווערער. די כאפער האָבן אמאָל באוויזן, ווי שווער דער ייִדישער גאָלעס איז. היינט וויבאלד אז ייִדן מוזן געבן, כוץ דעם צינז, וואָס זיי צאָלן דער קאזנא, נאָכאמאָל צינז טאקע זייערע ייִדן אליין, און נאָך שרעקלעכע גרויסע צינזן, פארוואָס זידלט מען זיי אין אלע צייטונגען, אז ייִדן טיילן זיך אָפּ ווי א באזונדערע מעדינע אין דער מעדינע?

שטאנדהאפט. פּוסטע רייד, מײַן ליבער פריַינט! איר רעדט ווי א מענטש, וואָס איז ניט קיין געניטער און האָט ניט קיין יעדיִע אין שטאָט־זאכן. די טאקסע מוזן ייִדן האָבן, אָן איר, זאָג איך אײַך, ווערט נאָך ערגער זײַן, אין פיל גראדן ערגער זײַן. אויסוויַיזן עס אײַך, איז ניט איצט די צייַט.

וועקער. איך וויל מיך אויך ניט אריַינלאָזן אין וויַיטע וויקוכים, וויַיל איך ווייס, אז עס איז דווארים־בעטיילים: די טאקסע וועט בלײַבן. וויַיניקסטנס וואָלט רעכט געווען, אז אָפּ וויַיטער זאָל מען זי אביסל ערלעכער פירן, אז דער אוילעם זאָל קאָנען עסן פלייש פאר א וועלוועלערן מעקעך, ביפראט ווי עס הערט זיך, וועט מען שוין באלד קיין צינזן ניט דארפן צאָלן פון דעם קעסטל. (ער גיט א בליק אף שטאנדהאפטן פון דער זיַיט מיט שפּאָט) כלעבן, אז איר, הער שטאנדהאפט, אזא רײַכער, אזא געבילדעטער און א דוירעש־טאָוו, ווי איר, זאָלט נעמען די טאקסע. איר וואָלט טאקע אי קאָשער פארדינט אי א גרויסע טויווע געטאָן דער שטאָט. איר ווייסט דאָך, וואָס פאר א ראָליע פלייש שפילט אין דער געזונטהייט. אלע קרענק, אלע מאקעס און פוראָניעס נעמט זיך דאָס ראָוו בא די היגע ייִדן פון דעם, וואָס זיי עסן ניט קיין פלייש; גייט הערט, זײַט מויכל, וואָס דאָקטוירים זאָגן. ערשט נעכטן האָט מיך איינע דאָקטער געפירט צו א קראנקן, וואָס די בייינער פון די הענט און די פיס פוילן בא אים, מאכמעס ער האָט אין זײַן לעבן געגעסן זייער וויַיניק פלייש. ער זאָגט, אז אזעלכע קראנקע מאכן זיך בא אים זייער אָפּט, און ער איז עס אפילע בערייט צו שרייַבן און צו זאָגן בעקויל־ראָם פאר דער גאנצער וועלט. כלעבן, עס וואָלט רעכט געווען, איר זאָלט נעמען די טאקסע.

שטאנדהאפט (ווי איינער וואָס איז שטארק אופגעבראכט). איך — די טאקסע? איך—די היגע טאקסע?! מע זאָל זי מיר אפילע שענקען! איך וועל פארזאָגן דעם צענטן ניט צו האנדלען מיט די היגע ייִדן, געווּג טאקסע, גענוג, איך וויל זי שוין מער ניט קאָנען! (די טיר עפנט זיך אוף און שינדער מיט נאָסן שיפּרעס קומען אריַין).

שינדער און נאָסן. מיר שטערן אײַך עפשער, רעב ייִדל, וועלן מיר אוועקגיין.

שטאנדהאפט (לויפט זיי אנטקעגן). כאָלילע! פארקערט, ווי געוווּנטשן, איך דארף אײַך טאקע האָבן.

וועקער (טוט א קוק אף שטאנדהאפטן מיט זײַנע געסט). נו, איצט האָב איך בא אײַך ניט מער וואָס צו טון. מיר וועלן זיך נאָך זען אן אנדערש מאָל. עס וועט נאָך צײַט זײַן... לעסאטע בעט איך אײַך, אז איר זאָלט מויכל זײַן איבערצוקוקן די רעכענונג, וואָס איך האָב אײַך נעכטן פארנאכט געשיקט, דאָרטן שטייט ריין אויסגעשריבן, וויפל עס קומט אײַך פון מיר און וויפל מיר קומט פון אײַך. איך האָב ליב צו לעבן מיט כעזשבן. איך האָף, אז איר וועט מיר אָפּשיקן דעם נישער, וואָס מיר קומט ארויס פון אײַך אלפּי כעזשבן, אדיע! (ער גייט ארויס).

שטאנדהאפט. געלויבט איז גאָט. פּאָטער געוואָרן די זלידניע (צו נאָסן שיפּרעס). ער קומט און דולט מיר טאָמיד אָן א קאָפּ מיט פּוסטע זאכן, מיט לויטער נארישקײַטן, בא זײַן אוועקגיין פיל איך מיך טאָמיד פריַי, ווי מע טוט אויס אן ענגן שטיוול. איך ווייס ניט, וואָס האָט זיך דער נאר אזוי פארליבט אין מיר און האָדוועט מיך מיט עפּטערע וויזיטן?

נאָסן. איר זאָגט, וועקער איז א נאר, כע־כע־כע! האָט אָפּ מיר ניט קיין פאריבל. מיר דוכט זיך, אז איר האָט א גרויסן טאָעס. וועקער איז, נאָך מײַן מיינונג, א קלוגע בעסטיע. איר באמערקט גאָרניט, ווי ער נעמט אײַך דורך מיט א פּאָר ברענענדיקע אויגן, בעשאס ער רעדט מיט אײַך. איך בין אָפּ אים א מיִוון, איך קאָן מײַנע לײַט, כע־כע־כע!

שטאנדהאפט. און מיר דאכט זיך, אז ער איז א גרויסער נאר, ער דולט מיך טאָמיד מיט לויטער נארישקײַטן, ער איז ניט קיין געניטער און דערצו איז ער נאָך היציק, צינדט זיך

גיכ אָנ, ווי א שוועבעלע. איבעריקנס, וואָס גייט עס מיכ אָנ? קומט, זייַט מויכל, אינ צווייטנ כיידער אריַינ. איכ האָב מיט אייַכ צו ריידנ פונ אסאכ נייטיקערע זאכנ (די טיר עפנט זיכ ווייַטער אופ אונ אינ שטוב גייט אריַינ פריִער א ייִד מיט א בלייכ פּאָנעם, באלד נאָכ אימ רעב ארנ קנעכטבארג).

## פערטע סצענע

די פריִערדיקע, אנאָרעמער ייִד אונ קנעכטבארג.

שטאנדהאפט (ווענדעט זיכ מיט א פארכמורעט פּאָנעם צו דעמ ייִדנ). וואָס ווילט איר, מייַנ ליבער ייִד?

דער ייִד (שטאַרק מיט האכנאָע, מיט א ציטערדיק קאָל). איכ האָב אייַכ געוואָלט בעטנ א טויווע... האָב איכ אייַכ געוואָלט בעטנ... עס איז מיר איצט שלעכט די צייַט...

שטאנדהאפט (לאָזט דעמ ייִדנ ווייַטער ניט רעדנ). א! איכ מיש מיכ ניט הייַנט, איכ מיש מיכ ניט!

דער ייִד. איכ בינ געוועזנ א היגער באַלעבאָס; פונ א קורצער צייַט בינ איכ אראָפּ פונ מייַנ מייַמעד אונ לייַד שטילערהייט דאכקעס מיט מייַנ ווייַב אונ קינדער...

שטאנדהאפט. נו, וואָס־זשע ווילט איר פונ מיר האָבנ? בינ איכ דענ אייגער אינ דער שטאָט?

קנעכטבארג (מישט זיכ אריַינ פונ דער זייַט אונ וויל זיכ צושמייכלענ צו שטאנדהאפטנ). טאקע בעעמעס, רעב ייִד, וואָס ווילט איר האָבנ? וואָס קענ אייַכ רעב ייִדל טונ? פארוואָס בעעמעס אלצ צו רעב ייִדלענ? אלצ, נעבעכ, צו זיי?

דער ייִד. איכ וואָלט בעסער געוווּנטשנ דעמ טויט, איידער צו גיינ בעטנ. איכ שעמ מיכ, איכ בינ דאָס נאָכ ניט געוווינט געוואָרנ, איכ קענ שוינ אָבער מער ניט צוזענ דעמ ראכמאָנעס פונ מייַנע קינדער, ווי זיי לייַדנ הונגער אונ נויט. די קויכעס גייענ זיי, נעבעכ, אויס, זיי זענענ דאר ווי שפּענדלעכ אונ האָבנ שוינ ניט אפ זיכ קיינ לויט פלייש. אכ, מע זאָל מיר העלפנ מיט עטלעכע קערבלעכ, וואָלט איכ געטאָנ קאָל־האמיטל מעפארנעס צו זייַנ מייַנ ווייַב מיט די קינדער. קיינ שומ שטראָפ איז ניט אזוי גרויס, קיינ שומ ווייטעק איז ניט אזוי שרעקלעכ, ווי צוצוזענ מיט אייגענע אויגנ די יעסורימ פונ קינדער, וואָס גייענ אויס פאר הונגער. איטלעכער קוק זייערער טוט א ברי דאָס הארצ ווי פייַער, איטלעכער זיפצ, איטלעכער קרעכצ רייַסט אויס די נעשאָמע. גוואלד, האָט ראכמאָנעס, איכ בעט אייַכ, האָט ראכמאָנעס.

שטאנדהאפט. איכ האָב ניט קיינ צייַט, גייט צו ווערקערנ, ער וועט אייַכ שוינ דאָרטנ עקספּעדירנ.

דער ייִד. איכ בינ דאָכ געקומענ צו אייַכ, אזויווי איר זייַט א רייַכער, דער ראָש אינ דער שטאָט אונ...

שטאנדהאפט (מיט קאַ?). איכ מיש מיכ שוינ מער ניט! וואָס ווילט איר פונ מיר האָבנ? איכ האָב שוינ דאָכ אייַכ געזאָגט, וווּהינ צו גיינ, מער האָב איכ קיינ צייַט ניט מיט אייַכ צו טייַנענ.

קנעכטבארג (פונ דער זייַט). וואָס א ייִד איז? רעב ייִדל האָט דאָכ אייַכ שוינ איינ מאָל געזאָגט, וואָס־זשע דורעט איר זיי, נעבעכ, דעמ קאָפּ? זיי טראָגנ, נעבעכ, אפ דעמ קאָפּ אסאכ אנדערע זאכנ, גאָט זאָל זיי נאָר געבנ קויעכ...

נאָסנ. א ייִד העלפט ניט איינ מאָל זאָגנ. דעריבער האָב איכ מיר געמאכט, אז א ייִד מעג רעדנ פאר מיר אפילע א טאָג מיט א נאכט, זאָל איכ מיר זיצנ אונ שווייַגנ. ער רעדט זיכ אָנ, ביזוואנענ עס ווערט אימ טרוקנ אינ האלדז אונ גייט דערנאָכ אליינ אוועק. כע־כע־כע! איכ קענ מייַנע לייַט.

שינדער. דעריבער, רעב נאָסנ, זייַט איר דאָכ אינ דער שטאָט א בוירער, א בוירער דארפ קאָנענ אסאכ הערנ אונ שווייַגנ (צו דעמ ייִדנ) נו גייט, זייַט מויכל. רעב ייִדל האָט איצט ניט קיינ צייַט.

דער ייִד. אכ, ריבוינעשעלוילעמ! (ער קרעכצט פונ דעמ גאנצנ הארצנ אונ גייט ארויס).

שטאנדהאפט (ווענדעט זיכ צו קנעכטבארגנ). נו, וואָס וועט איר עפּעס זאָגנ, מייַנ ליבער רעב ארנ?

קנעכטבארג. איך האָב מיט אײַך צו שמועסן מיקויעך אַן איניען.

שטאַנדהאַפּט. איר זעט דאָך, מײַן ליבער רעב ארן, איך בין איצט טאָרעד, איך בין איצט באַשעפטיקט מיט מענטשן.

קנעכטבארג. איך קאָן באַשטיין אויסוואַרטן, נישקאָשע, כלעבן! גייט רעדט אײַך מיט זיי, איך וועל מיר דאָ אויסוואַרטן, לעבט הונדערט מיט צוואַנציק יאָר!

(שטאַנדהאַפּט, שינדעל און נאָסן שיפּרעס גייען אַרײַן אין צווייטן צימער)

## פינפטע סצענע

קנעכטבארג זיצט אַף אַ שפּיץ פון אַ בענקל און רעדט צו זיך אַליין.

קנעכטבארג. אַך, האַשעם־יתּבאָרעך זאָל וועלן כאָטש הײַנטיקס מאָל אַף מיר ראַכמאָנעס האָבן און דאָס פּיצעלע מאַזל זאָל מיר גיין! מײַן פּלאַן איז זייער אַ גוטער, עס איז אין אים דאָ זייער אַ טיף קנייטשל, זייער אַ שיין שפּיצל, ער זאָל נאָר אויסגעפירט ווערן, וואָלט איך מיטאַמאָל אופגעריכט געוואָרן, איך וואָלט מיך אַרומגעצאָלט מײַנע כויוועס און כאַסענע געמאַכט מײַן עלטערע באַסולע, זי איז שוין אַ באַגרעס אין די יאָרן, זי ווערט וואָס אַ טאָג בייזער, טרויער־ריקער, זי הוסט, זי גענעצט, און שטערט מיר באַ דער נאַכט פון דעם שלאָף, — אוי, קיין טכיעס־האַמייסים זאָל ספּאָדעק ניט אופשטיין! ער האָט מיך דענסטמאָל פּאָשעט דערהאַרגעט, אויס לאָקשן! האָט ער געזאָגט (ער קרימט זיך נאָך ספּאָדעקן) — אויס לאָקשן! אַוואַדע איז אים גרינג צו זאָגן, אַז ער האָט זיך שוין אָנגעזאַפּט מיט ייִדיש געלט, ווי אַ פּיאַווקע! אוי, ער זאָל זײַן אין מײַן שטאַנד, נישקאָשע, וואָלט ער ניט געזאָגט מיט אַזאַ קאַלטער לעבער: אויס לאָקשן! (ער טוט אַ קרעכץ פון דעם גאַנצן האַרצן) גוט אַף דער וועלט איז טאַקע נאָר די פּאָפּעטשיטעליעס, זיי זענען, כלעבן, ניט קיין גרויסע כאַכאָמים, ניט קיין שטאַרק געלערנטע, ניט צופיל איבערגעשפּיצט, און דאָס מאַזל שפּילט זיי! זיי טוען אָן צאָרעס אין דער שטאָט, טרעטן איטלעכן מיט די פיס, און איטלעכער פונדעסטוועגן טראָגט זיי אַף דעם קאָפּ, מע ציטערט פאַר זייער דוך, מע לעקט זיי, מע גיט זיי אָפּ קאָוועד אין באָד און, לעהאַוודל, אין שול. זיי פּאַרען זיך אַף דער אייבערשטער באַנק, זיי זענען מיט שישי און מיט סאַנדעקאָעס, קורץ, זיי זענען דאָס אויבערשטע פון שטייסל. עס גייט זיי פון אַלע זײַטן, און מיר גייט עס שלים־שלימאַזל. האַשעם־יתּבאָרעך זאָל הײַנט וועלן אַף מיר ראַכמאָנעס האָבן, כאָטש ביזכוס מײַן אַלטער באַסולע, ער זאָל אָנעמען איר הוסטן, איר גענעצן און זאָל געבן שטאַנדהאַפּטן אין האַרצן אַ גוטע לוינע, אַז ער זאָל זיך לאָזן רעדן און ניט זײַן מעשוגע. (ער קרעכצט) איך האָב מוירע, אַז הײַנט איז אים אָנגעקומען דער שיגאָען, עפּעס קוקט ער מיט אַ פּאָר אויגן, גלעט אַלץ די פּאָטיליצע און רופט איטלעכן „מײַן ליבער", דאָס איז באַ אים אַ שלעכטער סימען. לעסאַטע האָב איך גוט געטאָן, וואָס איך האָב אים געלאָזט שמועסן מיט אַנדערע און בין מיר דאָ געבליבן זיצן. עפּשער וועט באַ אים אין דער צײַט דער שיגאָען איבערגיין. (ער שטעלט זיך אוף און ציט אויס די גלידער) אַך לאַנגווײַליק, כלעבן, צו זיצן דאָ אַליין. וואָס קאָן דאָס זײַן, וואָס זיי האָבן זיך דאָרטן פאַרשפּאַרט? וואָס מען סוידעט זיך דאָרטן אַזוי לאַנג? עס איז עפּעס ניט גלאַט. אין דער שטוב, וואָס מע סוידעט זיך מיט רעב נאָסן שיפּרעס, מוז שוין דאָרטן עפּעס זײַן, אַז רעב נאָסן איז פריילעך, איז אַ סימען, אַז מענטשן וועלן הײַנט אָדער מאָרגן וויינען. רעב נאָסן איז ווי אַ וואָרעם, וואָס האָט אַ שליטע איבער נעווײלעס און פּעגאָרים. קוים איז איינער געפאַלן און איז געבליבן טויט אָן אַ גראָשן, דענסטמאָל דרייט זיך אַרום אים מײַן רעב נאָסן, ער שינדט אים אָפּ די פעל און לעבט מיט קאָל־האַטאַנוגים, ער עסט גוט און טרינקט גוט, ער שלאָפט גוט און מאַכט זיך פון יענעמס פעל אַ גוטע קאָלדרע... רעב נאָסן איז מיר הײַנט עפּעס פריילעך, עס וועט שוין מיסטאָמע זיך טרעפן עפּעס אַן אומגליק אין דער שטאָט. וויִאַזוי ווערט מען געוואָר, וואָס זיי שמועסן דאָרטן? איך בין זייער ציקאַווע צו וויסן. (ער שטרעקט זיך אויס און פרוווט זיך צוגיין גאַנץ שטיל אַף די שפּיץ פינגער נעענטער צו דער טיר. שטעלט זיך דערנאָך אַנידער און שטרעקט אויס דעם קאָפּ, האַלט אײַן דעם אָטעם, הערט זיך צו אַביסל און שפּרינגט באַלד צוריק אַף די שפּיץ פינגער) איך האָב מוירע. כלעבן! איך האָב מוירע, מע זאָל, כאָלילע, נישט דערהערן, אָדער מע זאָל נישט פּלוצים עפענען די טיר. וואָס טוט מען אָבער, איך וויל דאָך פּאָרט הערן, כאַפּן עפּעס אַ וואָרט? איך קאָן מיך ניט אײַנהאַלטן, עס גלוסט זיך מיר זייער צו וויסן (ער בייגט

זיך און הייקערט זיך אײַן אין צענער, שארט זיך צו, ווי א קעצעלע אפ די נעגל, צו דער טיר, לייגט צו אן אויער און הערט זיך צו צו עטלעכע מינוט, דערנאָך רוקט ער זיך צוריק און ציט זיך באַם צוריקגיין אלץ וואָס ווײַטער מער אויס, ביז ער קומט צו אויסגעוויאקסנ צו זײַן בענקל). אָבער איצט האָב איך שוין געהערט, איך האָב געכאַפּט עט־לעכע ווערטער. געוווג פאר מיר, דאָס איבעריקע קען איך מיך שוין אליין אָנשטויסן. די עטלעכע ווערטער קומען מיר שטארק צונוץ. בא מיר אין קאָפּ מאכט זיך שוין גאָר א נײַער פּלאַן. מע דארף אים נאָך היינט אָפּארבעטן. (נאָך דעם אז ער טראַכט אביסל) נו, איך וועל זאָגן דעם ארענדאר. הער אויס, וועל איך אים זאָגן, הײַנט מעג מען דאָך ארײַנפירן בראָנפן, וויבאלד מע האָט דער־פאר אָפּגעצאָלט אקציז. אויך וויל מען בא דיר אויסדינגען די ארענדע. ווייסטו וואָס, סערדצע? צוואנציק פּראָצענט פון דער ארענדע, זאָל הייסן, גייט אפ דער שטאָט; עס איז, דאכט זיך, א גדויסע טויווע פאר דער שטאָט. דערפאר, באָכער, וועל איך זען מאכן א כיירעם, מע זאָל קיין בראָנפן ניט ארײַנפירן. כאַפּסטו איינעם מיט אביסל, טו אים אָן צאָרעס, געבראָטענע לייד, גיס די וואסער אין די בראָנפן און שטעל גרויסע מעקאָכים! איאָ, גוט? גיב-זשע מיר די מײַסע, דאָס הייסט צוואנציק פּראָצענט אפ דער שטאָט. שא, שא, נאָך א פּלאַן! טאקע דו, באָכער, דיך ארענדאר פון ליכט, מיינ איך, גיב אויך די קאצ!... (ער פארטראכט זיך אביסל) הא? דאכט זיך, זיי גייען, איך וועל מיך מאכן גאָר טאם (ער זעצט זיך אנידער אפ דעם בענקל און דרעמלט קלוימערשט).

## זעקסטע סצענע

קנעכטבארג, שטאנדהאפּט, שינדער און נאָסנ שיפּרעס.

שטאנדהאפּט (ארײַנגייענדיק אין כיידער אביסל לוסטיק). נו, רעב ארנ, וואָס ווערט איר זאָגן, הא, וואָס שווײַגט איר? (ער גייט צו אביסל נעענטער). ע, ער שלאָפט! רעב ארנ, שטייט אופ צו כצאָס (ער שטערכעט אים מיט א פינגער).

קנעכטבארג (שטייט גיך אפ דעם בענקל ניט טויט און ניט לעבעדיק און רײַבט די אויגן). הא, וואָס איז? (ער רעדט קלוימערשט, ווי פארשלאָפן אונטער דער נאָז) וואָס ווילט האָבן פון פּאָפּעטשיטעליעס?... ערלעכע לײַט פּאָפּעטשיטעל... וואָס ווילט האָבן פון שטאנדהאפּט?... אנדהאפּט ערלעכ, וויל זיך ניט מישנ שטאנדהאפּט!.. (ער טשוכעט זיך באלד אויס) אכ, זײַט מיר מויכל, רעב שטאנדהאפּט, איך בין אלץ געזעסן, געזעסן דאָ, אפ דעם אָרט און פאר גרויס מידקײַט האָב איך געכאַפּט א דרעמל. אכ, זײַט מיר מויכל, איך האָב אפּאָנעם געשמאק געשלאָפן?

נאָסנ (מיט א שמייכלעכ). עס מוז אײַך אפּאָנעם, אָן איינאָרע, גאנצ גוט זײַן, רעב ארנ, אז איר שלאָפט באטאָג? הע, הע, הע! (צו שינדערנ). עסנ זאָל ער אזוי, ווי ער האָט געשלאָפן; רעב ארנ איז א מאמזער, כע־כע־כע! איך קאָן מײַנע לײַט.

שטאנדהאפּט (צו נאָסנ שיפּרעס און צו שינדערן). זיצט, זײַט מויכל, מיר וועלנ באלד ווידער איבערשמועסן מיקויעכ דעם אייסעק.

קנעכטבארג (דערווײַל צו זיך אליין). ער איז איצט, געלויבט האשעם־ייסבאָרעכ, אופגעלייגט, און אז עס איז יאָ אן אייס־ראָצנ, וועל איך אים שוין דאָ אופגעבנ טאקע אלע פּלאַנען מיט־אמאָל. טאָמער ווערט מיר הײַנט דאָס מאזל גיין.

שטאנדהאפּט. נו, רעב ארנ!

קנעכטבארג. איך האָב מיט אײַך צו שמועסנ מיקויעכ קאמע וועקאמע איניאָנים, וואָס קאָנען זײַן א טויווע פאר דער שטאָט.

שטאנדהאפּט. אויב איר האָט קאמע וועקאמע איניאָנים, קומט־זשע צו מיר אין אן אנדער צײַט, איצט בין איך פארנומען. איר זײַט דאָך אויך מיד און שלעפעריק.

קנעכטבארג. איך בעט אײַך, רעב יידל, ראכמים, איך בעט אײַך, שענקט מיר א שאָ צײַט, אז איך בין שוין דאָ. איך בעט אײַך, טוט מיר די טויווע.

שטאנדהאפּט (גלעט די פּאָטיליצע). מײַן ליבער רעב ארנ, גייט אײַך הײַנט געזונטערהייט!

קנעכטבארג. נאָר אפ איינ האלבער שאָ, טוט מיר די טויווע!

שטאנדהאפּט. אכ, וואָס א ייד איז? איך בעט אײַך, מײַן ליבער רעב ארנ, לאָזט מיך איצט צורו און גייט אײַך!

קנעכטבארג. האָט ניט קיין פאריבל, איך גיי. האָט אײַך א גוטן טאָג. (ער לאָזט זיך גיין צו דער טיר און וואָרטשעט) איך האָב מיר אליין אָנגעפּײַפּט דערמיט, וואָס איך האָב געזאָגט קאמע וועקאמע איניאָנים. עס איז שוין איצט מיט אים ניט צו ריידן, ער איז שוין מעשוגע. אוי, נישטאָ קיין מאזל! (ער גייט ארויס).

שטאנדהאפט (זעצט זיך אנידער נעבן טיש און טראקטירט די געסט מיט גוטע האוואנער ציגארן). אזוי? אזוי, דענק איך, וועט עס מוזן טאקע זײַן... אײַ, וואָס? מע וועט אמאָל דערופ שרײַען, עט... איך בין שוין צו אזעלכע זאכן געוווינט געוואָרן. ניכײַ ליודי מאָוו, א יאָ זדראָוו.

נאָסן. ווער הערט ייִדן, אז זיי שרײַען? ייִדן, כע־כע, קען איך, זיי זענען נאָר ווי די קאָמארן, זיי נעמען זיך צונויף, זשוזשען, זשוושען, דאכט זיך, גאָר שרעקלעך, פּרוּווט נאָר א מאכ טון מיט דער האנט, צעפליִען זיי זיך אין אלע זײַטן.

שינדער. וואָס עמעס, איז עמעס. ניט אומזיסט זײַט איר א ווילדער בוירער און א גוטער אָפּמאכער, טאקע ווײַל איר קענט ייִדן.

נאָסן (שמייכלט). כע־כע־כע! ייִדן זענען, דאכט זיך, קלוג, עס זענען אָבער נאָך ניטאָ אזעלכע נאראָנימ׳ אין קיין אומע וועלאָשן. וואָס מע טוט זיי איז פארפאלן. פּרוּווט שטעלט זיך, אשטייגער, אין גלופּסק מיט א שטריק אפּ דער גאס, לאָזט קיינעם ניט דורך, ביז מע זאָל באַצאָלן, וועט איטלעכער געבן געלט, א וואָרט ניט איבערצורעדן. איינער עפּשער וועט זיך שטעלן אָפּדינגען א קאָפּעקע. ייִדן, דאכט זיך, זענען ראכמאָנים, זייער ראכמאָנעס, אימשטיינסגעזאָגט, איז ניט ווערט קיין שמעק־טאבעקע. בעשאס א סרייפע, אשטייגער, וועט איר זען אסאך ייִדן לויפן זיך צונויף אָן א נעשאָמע, ניט איינער פון זיי וועט אויסשטרעקן די האנט צו דערלאנגען אביסל וואסער. נעכטן ערשט האָט א ייִד געריינִיקט די רינווע ארום א דאך, ער האָט זיך א גליטש געטאָן און איז געבליבן הענגען אין דער לופט, אָנגעהאלטן מיטביידע הענט אָן דער רינווע. א האלבע שטאָט עפּשער איז ויך צונויפגעלאָפן, איטלעכער האָט געקרעכצט, געשריִען און ניט איינער האָט געבראכט א לייטער! כע־כע־כע! איך קען מײַנע לײַט.

שטאנדהאפט. לאָמיר דאָס איצט אוועקלייגן אָן דער זײַט און שמועסן בעסער פון אייסעק.

שינדער. פארקערט, דאָס, וואָס רעב נאָסן האָט ביז איצט גערעדט, נוצט טאקע צום אייסעק. זיי רעדן, ווי א געניטער, ווי א כאָכעם, פון זייערע רייד קענט איר ארויסזען, ווי גוט איך האָב געראָטן, אז מע זאָל דערווײַל נאָך אָן מוירע - ארופּציִען אפּ דעמ מעקעך פון פליש. יענעמ מאכט, כלעבן, ניט אזוי שטארק אויס, אז ער גיט אפּ דער אָקע נאָך א פּאָר קאָפּעקעס, און פאר אונדז מאכט עס טאקע אויס גאָר א גרויסע סומע. עפּעס א קאטאָוועס, אזא גרויסע שטאָט ייִדן, זאָלן זיך פּרוכפּערן! די היצטארכעס זענען זייער גרויס.

נאָסן. און אז מע וועט נעמען די טאקסע אפּ ווײַטער באָזע האָויפן, ווי מיר האָבן ערשט געשמועסט, וועט מען מעגן ארופּציִען נאָך א קאָפּעקע אפּ דער אָקע. וואָס איז א קאָפּעקע? אײַ וואָס, מע וועט שוין ניט דארפן מער צאָלן פּאָדאט פון דעמ קעסטל? נו, מײלע, וואָס מאכט עס אויס? ייִדן דארפן אָן דעמ אויך אסאך האָבן... און וואָס איז, מישטיינסגעזאָגט, א קאָפּעקע?

שינדער. איך טראכט שוין דאָס אליין אויך, וואָס איז א קאָפּעקע? אפּילע צוויי?

שטאנדהאפט. א קאָפּעקע איז טאקע גאָרניט, פונדעסטוועגן וועלן ז׳ך געפינען אזעלכע, וואָס וועלן שרײַען. איר — אלץ וואָס ווייניקער, און זיי טאקע אלץ שרײַען. פאר ייִדן ווילט איר יויצע זײַן? מוישע ראבײנו האָט מיט זיי ניט געקענט אויסקומען.

נאָסן (מיט א שמייכעלע). ווען א שעפּעלע שפּארט זיך אביסל אײַן, מעקעט, דריגעט מיט די פיסלעך, דארפ מען עס נאָר געבן א שמיצל, כע־כע־כע, וועט עס זיך גיין גאנץ שטיל. אויב עס שרײַט ווידער, נאָך און נאָך א שמיצל, ביז די קויכעס וועלן אים אויסגיין און עס וועט אנידערפאלן, אויסגעצויגן מיט דעמ פּיפּעק ארופּ, כע־כע־כע!

שינדער. עס פארשטייט זיך, אז מע קען ניט מיט גוטן, מוז מען מיט בייזן... בעשאס מע וועט דארפן מאכן ספּראוואָטשנע צענעס אפּ דעמ פליש, וועלן מיר, ווי פריִער, טאקע אויסקלײַבן פון דער סטאדע א פּאָר קעלבלעך, הונגעריקע פּארשוינען, וועלן זיי מיסטאמע שטעלן גוטע צענעס פאר א קלייניקײַט, כלעבן, טאקע נאָר פאר א זשמעניע היי. וואָס דארפ

דענ א קעלבל מער האָבנ? קעלבלעכ זענענ דאָ, באָרעכאשעמ, זייער גענוג, איר וועט זיי געפינענ דאפקע אינ די הויכע טויערנ, זיי מעקענ נאָכ דער ברוסט, אונ ווילנ נעבעכ עסנ... אונ ווייַטער, ווי זאָגט איר, רעב נאָסנ, איר זייַט דאָכ א שטאָט־בוירער, וועט איר בעטנ דעמ צאד, וואָס איר האלט מיט אימ, ער זאָל מיט אייַכ אויכ זיצנ בא די ספראוואָטשנע צענעס...

נאָסנ. פינ קינדווייַז אָנ האָב איכ ליב עקאָנאָמיע. דאָס איז זייער א גרויסע זאכ. מע וועט דארפנ זענ אייַנצובערענגענ פונ דער זייַט אויכ א גראָשנ. איכ מיינ, עס וועט ניט שאדנ, כלעבנ, מע זאָל פונ דרויב, פונ קעפ אונ פונ פיס אוכדוימע אויכ נעמענ אקציז. ווער ווייסט דענ, וואָס אלפי זאקאָנ טאָר מענ דערפונ ניט נעמענ? אונ פארוואָס טאקע אויכ ניט פונ שמאלצ? לעפּאָכעס א קערבל פונ דעמ פוד. א קאטאָוועס עפעס, וויפל פוד שמאלצ ווערט א יאָר אינ גלופּסק ארייַנגעפירט! אָט נעמט א פייסעכ, וויפל הונדערט פוד, מיינט איר, וועט ארייַנגעפירט ווערנ, הא? דאָס קאָנ מאכנ ווידער א גרויסע סומע, אונ קיינ האָנ אפילע זאָל ניט קרייענ! מע וועט הייסנ בא דער ראָגאטקע צאָלנ, כאָטש מע דארפ אייגנטלעכ ניט, וועט מענ צאָלנ.

שינדער. זעט איר, וואָס גלייַכ, איז גלייַכ. איכ האלט אויכ זייער פונ עקאָנאָמיע, איכ וויל אייַכ נאָכ בעסערס עפעס זאָגנ, מע דארפ נעמענ טאקע אקוראט דאָפלט, ווי די פּאָלאָזשעניע, שכיטע־געלט פונ גאסעס וועדאקעס אונ פונ אויפעס. דער, וואָס עסט אויפעס, איז ניט קראנק צו צאָלנ עטלעכע קאָפּעקעס מער! אונ איר קענט אייַכ מעשאער זייַנ, וויפל געלט דאָס קענ א יאָר ארייַנטראָגנ? הא, מייַנ ליבער רעב נאָסנ, וואָס זאָגט איר?

נאָסנ. וואָס זאָל איכ זאָגנ? איר זאָלט דערלעבנ מאָשיעכ! ווו געפינט מענ נאָכ ערגעצ אזא רעב יאָסל? אז עס איז שוינ יאָ געקומענ צו רייד, וועל איכ אייַכ אופגעבנ נאָכ א פלאנ, וויאזוי עס קענ ווערנ א קערבל. מע דארפ זענ, אז די פעדערנ פונ אלע אויפעס זאָלנ עפעס אויכ ארייַנטראָגנ. איטלעכער, וואָס קוילעט אנ אָפ, מוז בא דעמ שויכעט אינ שטוב אָפּפליקנ די פעדערנ, נישט טאָרנ זיכ איבערצולאָזנ א פלעדערוויש, בעימ ניט, זאָל דער שויכעט מאכנ טנועס אונ זאָל ניט שעכטנ דאָס אָפ. ווייַטער, דער אוילעמ עסט די גרויסע גאלאגאנסקע הינער, זיי וועגנ מער פונ די פראָסטע עפשער מיט א פאָר פונט, אונ שכיטע־געלט צאָלט מענ פאר זיי אקוראט, ווי פאר די פראָסטע. בעכיינ, איז דאָכ אונדז א פאָדריוו, דארפ מענ זוכנ א מיטל, מע זאָל די הינער ניט עסנ.

שטאנדהאפט. יאָ, עס נעכט מיר אינ קאָפּ! וואָס פאר א מיטל אָבער טוט מענ דערצו? (מיט א שמייכעלע) זעט איר, דערצו האָט מענ שוינ געדארפט האָבנ רעב ארענענ, ער איז א בעריע אפ אזעלכע זאכנ.

נאָסנ. מיר וועלנ זיכ קאָנענ באגיינ אָנ אימ. זעט איר, דאָ מוז מענ שוינ אביסל באנוצנ יידישקייַט, מע מוז ווערנ גאָטס סטראפּטשעס, אָפּהיטנ יידנ פונ א מיכשל, פונ כשאש־טארפעס, אינ עקאָנאָמיע דארפ פרומקייַט אויכ עפעס ארייַנטראָגנ, ניט זייַנ קיינ לעגער־סכוירע. גאָט נוצט אויכ, אז ער נוצט... כע־כע־כע, פארשטייט איר? מע וועט דארפנ אָנזאָגנ די דאיאָנימ, אז זיי זאָלנ די דאָזיקע פראָקליאטע הינער...

שטאנדהאפט. אומזיסט זאָלנ אונדז די באנק־קוועטשערס קאָסטנ געלט? פארוואָס נעמענ זיי בא אונדז געלט, אונדזער בלוט? אונדזער נויט נאָר האלט דאָכ אינ שטאָט אזא מאכנע לײדיקגייער!

שינדער. זייַט, כלעבנ, ניט אינ קאס אפ די דאיאָנימ, נעבעכ, זיי זענענ גאנצ ערלעכע יידנ, זיי פאָלגנ, וואָס מע הייסט זיי... מיסטאמע וועלנ זיי דאָס אויכ טונ, טונ ווי איכ בינ א ייד, טונ! זעט איר, אָט מיט די הולטייַעס, מיט די יידישע סאָלדאטנ וואָלט זייער רעכט געוועזנ צו לערנענ באָלעק. פארוואָס זאָלנ אזעלכע הולטייַעס עסנ פלייש אָנ טאקסע? אונ אויב אפילע עס איז דאָ אזא זאקאָנ, נו מאלע ואָס שטייט, מאלע וואָס מע הייסט? מיר דארפנ אונדזער סייכל האָבנ.

שטאנדהאפט. נאָכ מייַנ מיינונג, וואָלט עפשער ניט געשאט, אז בייס מיר וועלנ, אי־מירצעשעמ, אייַנפירנ אונדזער עקאָנאָמיע, זאָלנ מיר צו זיכ צולאשטשענ מענדלענ דעמ געלנ, ער האָט אלע פּאָסטעמקעס פונ א שייגעצ, בא אונדז וועט ער ערשט ווערנ גאָר אנ אנטיק. ער וועט סלוזשענ, אָנפאלנ אונ וועט מיט דער צייַט שטארק צונוצ קומענ.

שינדער. לעמייַ נאָסנ פרעכמאנ. ער איז אויכ זייער גערעאָטנ, קענ שטארק נוצנ דער שטאָט. די שטאָט וואָלט פונ אימ געקענט האָבנ טויוועס. פארוואָס זאָל די שטאָט ניט זייַנ מאכ־

זיך אזא נוצלעכנ מענטשנ? ערשט הײַנט איז ער בא מיר געווענ אונ האָט שטארק מיסראעמ געוועג אפ דער שטאָט.

שטאנדהאפט. וואָס מײנט איר? מע האָט אימ עפשער געדארפט טאקע מאכזיק זײַנ, ער האָט א געמבע, א פיסק אפ שרויפנ אונ קענ אמאָל זײער צונוצ קומענ...

נאָסנ. מיסטאמע וועט מענ אימ שוינ אויכ אינ זינענ האָבנ, ער איז דאָכ מײַנ פרעכמאנ... מיר קענענ שוינ, דאכט זיכ, גײנ, עס איז איצט בא מיר די צײַט פונ מיטיק.

שטאנדהאפט. ווארט נאָכ אביסל, רעב נאָסנ, איכ וועל גײנ אײַכ געבנ עטלעכע האָלענדער הערינגלעכ — פונ די, וואָס געפעלנ אײַכ, איר זײַט דאָכ א מײוונ אפ עסנ (ער גײט).

נאָסנ (שטילערהײט צו שינדערנ). איכ מײנ, מע זאָל שטאנדהאפטנ אָפגעבנ אינ דער ארענדע צו פרעכמאנענ. שטאנדהאפט, מישטײנסגעזאָגט, מוז דאָכ אבלײז טאָמיד זײַנ בא עמעצנ אפ דער ארענדע. זאָל אימ־זשע, לעכאָלאפאָכעס, פונ הײַנט אָנ האלטנ מײַנ פרעכמאנ. עס וועט אינ קאַמע אויפאנימ זײַנ גוט. מיר דארפנ ניט פארגעסנ, מיט וואָס פאר א מינ מענטשעלע מיר האָבנ צו טונ. שטאנדהאפט איז קלוג, מיר דארפנ אָבער קליגער זײַנ, כע־כע־כע!

שטאנדהאפט (קומט ארײַנ). נאט אײַכ, רעב נאָסנ, עטלעכע הערינג אינ דעמ פאפיר, זײ וועלנ אײַכ מאכנ א גוטנ אפעטיט.

נאָסנ. א שײנעמ דאנק אײַכ. איכ האָב באָרעכאשעמ טאָמיד א גוטנ אפעטיט (ער נעמט די הערינג, געזעגנט זיכ אונ גײט מיט שינדערנ).

---

# פינפטער אקט

### דאָ ווערט פאַרגעשטעלט אַלע זאכן, וואָס קומען פאָר בא די נײַע מינע באַלטאַקסעס [1]

## ערשטע סצענע

בא דעם שויכעט אין שטוב, אינדערפרי. ווײַבער, מיידלעך זיצן און פליקן אָפּ אויפעס איבער גרויסע ביטן. אפ דער ערד ליגן הינער, קאטשקעס, גענדז און שרײַען מיט אַלערליי קוילעס. עס איז א געשריי, א געשטופּערײַ, א געשעלטערײַ. אײַזיק זאַיקע קומט אָן.

**דער שויכעט** (האלט א כאַלעפּ אין דער האנט). פליקט! לאָזט ניט איבער קיין איין פעדער!

**ווײַבער.** מיר פליקן, עס זענען שוין פיל די ביטן, נאט זעט, זעט.

**איין יידענע.** נאט אײַך מײַן האָן, ער איז אָפּגעפליקט גלאַט ווי בערל פארכס קאָפּ!

**צווייטע יידענע.** נאט אײַך מײַן הון, אָן א סימען פעדער!

**דריטע יידענע.** נאט זעט בא מיר! מײַנע איז גלאַט, ווי די מאמע האָט זי געהאט.

**פערטע יידענע.** נאט אײַך דעם הינטערכיילעך פון מײַן אינדיק!

**דער שויכעט** (שרײַט אפ א מיידל). דראבקע, וואָס האָסטו איבערגעלאָזט א פלעדערוויש? כאפּט זי, די גאנעווטע, די הולטײַקע, איך וועל דיר אויסרײַסן די צעפּ, דראבקע, גאנעווטע, גאנעווטע!

**דאָס מיידל.** פארוואָס פליקט שיינדל אויך ניט אָפּ די אויפעס? פארוואָס איז שיינדל בא אײַך אזא מעיוכעס?

**איין קעכנע.** שיינדל איז א שיינ מיידל.

**צווייטע.** שאַ, מע טאָר ניט אויסזאָגן פון דעם כיידער.

**אײַזיק זאַיקע** (שטופּט זיך דורך צווישן דעם אוילעם צום שויכעט מיט א גרויסן גאלאגאנסקן האָן אין דער האנט). קוי־קוי־קוילעט מיר דעם האָן!

**דער שויכעט** (קוקט אָן דעם האָן). מײַן ליבער ייִד, דעם האָן וועל איך אײַך ניט שעכטן.

**אײַזיק.** פאַ־פאַ־פארוואָס דעם האָן ניט שעכטן?

**דער שויכעט.** א שיינער ייִד, כלעבן! ער וויל עסן א גאלאגאנסקן האָן, א טרייפן האָן... א שיינער ייִד, כלעבן.

**ווײַבער.** טרייפניאק! טרייפניאק! ער וויל עסן א טרייפן האָן!

**דער גאלאגאנסקער האָן** (קרייעט). קוקוריקו! קוקוריקו!

**אײַזיק.** פאַ־פאַ־פארוואָס איז א גאַ־גאַ־לאגאנסקער האָן טרייפע! ער קרייעט דען ניט, ווי אַלע אנדערע?

**דער שויכעט.** דאָס, זײַט מויכל, גייט פרעגט דעם דײַען.

**אײַזיק.** און דער דײַען האָט מיך געשיקט צו אײַך.

---

[1] אָמער רעב מענדעלע: אין דעם אקט קומען פאָר אַזויפיל זאכן און שרעקלעכע מײַסעס, אז איך האָב געמוזט אַ סאך איבערהיפּערן. ריישיס, האָב איך ניט געהאט אַזויפיל געלט דאָס אַלצדינג מיטאמאָל אָפּצודרוקן; צווייטנס, האָב איך מאַקע ניט געוואָלט אַרויסגעבן א דיק ביכל, מאַכמעס אַ ייִד האָט פײַנט צו צאָלן פאר א ביכל אסאך געלט. ער האָט איינ מעקעך אַ פאר א דינס אַ פאר א גראָבס. איך בין מאַפטיעך דעם אוילעם, אז ווי איך וועל אָפּלייזן פאר דער דאָזיקער מײַסע, ייִעל איך, אים־ירצעשעם, דרוקן אין א באַזונדער ביכל די אַלע סצענעס, וואָס איך האָב איבערגעהיפּערט.

דער שויכעט (מיט מוסער). ווי שעמט זיכ ניט א ייִד צו בעטנ, מע זאָל אימ שעכטנ א טרייפנ האָנ? אזא אלטער ייִד מיט א באָרד!

ווײַבער. דערנאָכ זאָלנ שטארבנ אונדזערע קלײנע קינדער פאר זײַנע כאטאָימ, צוליב זײַנ טרייפע קישקע!

אײַזיק. פא־פא־פאר־וואָס עסט מענ אזוינע הינער אומעטומ? אונ פארוואָס האָט מענ זיי געגעסנ פּ־פּ־פריִער טאקע אויכ דאָ?

דער שויכעט (מיט קאס). בראָש פרעגט ער שײַלעס, די גאנצע שטאָט מאכט ניט קײנ שײַ־לעס. אז מע זאָגט, מע טאָר ניט, טאָר מענ ניט. מיסטאמע טאָר מענ ניט, וואָס פרעגט איר דאָ שײַלעס? א כארפע, א בושע, כלעבנ, שעמט אײַכ אינ אײַער ווײַסנ האלדז!

אײַזיק (געלאסנ). אז איכ פּ־פא־פארשטיי ניט, האָב איכ מיכ פײַנט צו שעמענ אונ פּ־פּ־פרעג.

דער שויכעט (מיט ייִרעשאָמאיִמ) אזוי? ! א שיינער ייִד, כלעבנ, ער פרעגט!.. אָט, כלעבנ, לאָזט מיכ צורו אונ גייט אײַכ, גייט! איכ האָב, אָסער, ניט קײנ צײַט מיט אײַכ דאָ צו טײַנענ. (ער ווענדעט זיכ צו די ווײַבער) פליקט, ווײַבער, פליקט!

(די ווײַבער לאָזנ ארויס א געלעכטער. אײַזיק שטייט אביסל אונ קוקט אָנ דעמ שויכעט, די ווײַבער, די ביטנ מיט פעדערנ אונ גייט אוועק מיט דעמ האָנ אינ דער האנט).

## צווייטע סצענע

אינ בעסמעדרעש אינדערפרי. נאָכ דעמ דאווענענ. דער דײַענ זיצט אויבנאָנ אינ טאלעס, אונ אפנ סטענדער פאר אימ איז אָפנ א געמאָרע. אײַזיק זאיִקע שטייט אנטקעגנ דעמ דײַענ. עטלעכע ייִדנ דרייענ זיכ ארומ אונ דערקאָנטשנ זיכ דעמ דאווענענ.

אײַזיק. איכ האָב מיכ ניט געפוילט! איכ האָב פארזעצט מײַנ שאבעסדיקע קא־קא־קא־פאָטע, אונ איכ בינ אביסל געפאָרנ צופוס קײנ לעמבערג אונ איכ האָב געבראכט פונ די מע־פאָרשיי האיאמ קאָסוו־וועכאָסומ, אז די גא־גא־לאגאנסקע הינער מעג מענ עסנ. זיי אלײנ עסנ אויכ די הינער.

דער דײַענ. עס איז אָבער דאָ א דייע, אז מע טאָר די הינער ניט עסנ.

אײַזיק. ס־ס־סטײַטש! עסנ, אפּאָנעמ, די גע־גע־גוינימ, די מעפאָרשיי האיאמ אונ די גאנצע וועלט ייִדנ טארפעס? נאָר דאָס שוינ אָנ א ז־ז־זײַט. זאָגט מיר, איכ בעט אײַכ, פארוואָס האָט איר פּ־פּ־פריִער ניט געהאלטנ פונ דעמ? דאָס איז ערשטנס, אונ צווייטנס, ווײַזט מיט די דייע, אָט זײַנענ דאָ ייִ־ייִ־ייִדנ, וועלנ זיי אויכ זענ.

די ייִדנ. טאקע בעעמעס, רעבע, דער ייִד איז דאָכ גערעכט! ווײַזט אימ די דייע.

דער דײַענ. זאָל ער קומענ צו מיר אהיימ.

אײַזיק. דאָס אייגענע האָב איכ שוינ פונ אימ געהערט אמאָל פּ־פּ־ופציק נאָכ איידער איכ בינ געגאנגענ קײנ לעמבערג, ער וויל מיכ אָ־אָ־אָפּנארנ.

דער דײַענ (מיט א געשריי). טארבעס! דערעכערעצ!

די ייִדנ. מיסטאמע, רעבע ייִד, אז דער דײַענ זאָגט, האָט ער א דייע.

אײַזיק: עס פארשטייט זיכ, ער האָט א דייע. דעמ פּ־פּ־פראָיעקטס דייע! אָט וויִאזוי באַ ייִדנ ווערט פּלוצימ א דינ, א מינהעג!..

דער דײַענ. אפיקוירעס! הערט נאָר, וואָס דער אפיקוירעס זאָגט?

אײַזיק. אָבער אבי ניט קײנ צ־צ־צוויאַק, איכ האָב ליב דעמ עמעס, אונ ש־ש־שווינדל ניט מיט דער טוירע... אדעראבע, ז־ז־זאָגט נאָר, איכ וויל אײַכ עפּעס פרעגנ. אויב די גא־גא־גאלא־גאנסקע הינער זענענ טרייפע, דארפנ דאָכ זייערע אייער אויכ זײַנ טרייפע, אזויווי די אייער פונ אויפעס טמייִמ, הײַנט פארוואָס־זשע קויפנ ייִדנ אפנ מארק אייער סטאמ אונ קוקנ גאָרנישט דערופ, פונ וועלכע הינער זיי זענענ? הא, וואָ־וואָ־וואָס זאָגט איר דערצו? (ער באָברעט זיכ אונ נעמט ארויס פונ דער קעשענע עפּעס אײַנגעוויקלט אינ א טיכל) אָט זענענ הינערשע אייער. אדעראבע, דער־קענט, וועלכע אייער זענענ דאָ גא־גא־גאלאגאנסקע? אָט יי־ייִ־ייִדנ, איכ גיי פונדאנענ ניט אוועק ביז איכ וועל ווי־ווי־וויסנ אנ עק, א סאָפּ!

דער דײַענ (רײַבט די וואָנצעס פאר גריזאָטע). גייט שוינ, גייט! איר וועט פונ מיר הײַנט האָבנ א קלאָרע טשוווע, קומט צו מיר פאר מינכע, בענעמאָנעס, הײַנט וועט איר האָבנ א טשוווע.

אײַזיק. נו, אז א ייִד שװערט אין שול נעבן אָרן־קוידעש, מ־מ־מוז מען גלײבן... איך װעל מיך ניט פּ־פּ־פּוילן און קומען צו אײַך פאר מינכע (ער גײט אװעק).

דער דײַען (מיט א קרעכצ צו זיך אליין). הײַנט, ריבוינעשעלוילעם, װאָס טוט מען? װיאַזוי איז מען דאָ יויצע פאר בײדע צדאָדים? קיין פשאָרע, װי איך זע, װעט דאָ ניט העלפן. ער װיל ניט קיין געלט... אך, ריבוינעשעלוילעם, װאָס טוט מען? (ער מאכט צו די געמאָרע, לײגט צונויף דעם טאַלעס און גײט ארויס).

# דריטע סצענע

שטאַנדהאַפט מיט זײַנע קנופּיע, דער דײַען, מענדל דער גלעזער בײַ נאָסן שיפּרעס אין הויז.

פּיאװקין. הערט נײַס! אײַזיק זאַיקע גײט ארום אין שטאָט מיט א קאָנטראַקט פון דער טאַקסע, און קלערט אויף דעם אוילעם, װיאַזוי מען באַרײַסט זיי פראָטיװ דעם זאַקאָן.

שטאַנדהאַפט. ניט אױסצוהאַלטן פון די ליידיקגײער, פון די קאַפּצאָנים, פון די אזועספּע־נעמער.

פרעכמאַן. װאָס הערט איר, שטאַנדהאַפּט, די אזועספּענעמער? (ער מאכט א קולאַק) זעט איר, מײַן איין קולאַק איז גענוג פאר אזא זאַיקע. אמאָל האָב איך איינעם געגעבן א סטוסאַק, האָט ער זיך באַלד באַװאַשן מיט בלוט און איז טאַקע אין עטלעכע טעג ארום געשטאָרבן אין באָלניצע. איך זאָג אײַך, אין אזא ייִדישע שטאָט װי אונדזערע, העלפט נאָר א קולאַק... אויך מיר אזאַך, זאַיקע! אזא דאַר ייִדל, נאָר הויט און ביין!...

נאָסן שיפּרעס. װאָס װיל דער זאַיקע? אלץ טאַקע מיט די הינער? איי, ייִדן, ייִדן, װאָס מע שטײט פון אײַך אויס! זינט ייִדן זענען ארויס פון מיצראַיִם, האָבן זיי אלץ צו טון איבער דעם פלייש. מע הערט ניט מער שרײַען, נאָר פלייש און פלייש! קאַרג פאר זיי אײַסאָקימ מיט פלייש אף דער װעלט, האָבן זיי זיך נאָך אָנגעגרייט א שאָראַבאָר אף יענער װעלט, כע־כע־כע!

שינדער. גאָט אליין, כלעבן, װעט מיט זיי דאָרטן ניט אויסקומען. איטלעכער װעט װעלן דעם כײלעק, װאָס מע גיט דעם אנדערן. אָרעמעלײַט װעלן פארלאַנגען גאָלע פלייש אָן ביי־נער, אקלאַל, מע װעט זיך בלאָזן, מע װעט שרײַען, אקוראַט װי דער ערעװ־ראַװ (די טיר עפנט זיך אויף און דער דײַען קומט ארײַן).

דער דײַען. גוט, ראַבױסײַ, װאָס איר אלע זײַט דאָ! װאָס טוט מען מיט דעם זאַיקען? ער לאָזט דאָך מיך ניט אָטעמען, אלץ מיקויעך די גאַלאַגאַנסקע הינער, פאַרװאָס האָט מען זיי געאַסערט? איך האָב אים אלצ מאַרכע געװעזן, ביז עס איז נאָר מעגלעך געװעזן.

שטאַנדהאַפט. נו, יאַשער קויעך! ציט אים טאַקע נאָך װײַטער אָפּ, דאָס איז שוין אײַער זאַך, איר װעט שוין װיסן װיאַזוי.

דער־דײַען. גאָט איז יוידייע דעם עמעס. איך האָב געטאָן װאָס איז נאָר מעגלעך געװעזן. איך האָב זיך געמוטשעט טרייף מאַכן האָאָפּ. האָזע בעקאַן (בק״נ) טײַמים און האָב מיך אין איין שײַלעס־טשוװע אזוי צעלאָזט מיט פּילפּל, ביז עס איז אויסגעקומען, אז א גאַלאַגאַנסקער האָן איז גאָר אמינ אָדלער!.. נאָר דער זאַיקע האָט זיך ניט געפּוילט און געבראַכט פון די מעפאָרשיי האַיאַם קאָכװו־װעכאָסום, אז די הינער מעג מען עסן, זיי אליין עסן זיי אויך. אנטקעגן אזעלכע געװינים, פארשטייט איר דאָך אליין, העלפן ניט מער אלע טנועס. איצט זאָגט מיר, ראַבױסײַ, װאָס זאָל איך, נעבעך, טון? איך האָב געשװאָרן בעהען שעלי, אז הײַנט פאר מינכע זאָל איך געבן א קלאָרע טשוװע, זײַט זיך טאַקע באַלד מעיאַשעװ און גיט מיר טאַקע אן אייצע.

נאָסן (נאָכדעם אז ער האָט א ביסל געטראַכט). עס איז דאָ א גוטע אייצע! איין ברײרע, זאָל מען שעכטן די הינער, נאָר בעױפֿן זע, אז איר, רעבע, זאָלט מאַזהיר זײַן די שאָכטים, פארשטייט איר, אז זיי זאָלן איטלעכן, װאָס קוילעט אזעלכע הינער, זאָגן באָזע האלאָשן: „מיר שעכטן אײַך דאָס אָפּ, װאָס זאָלן מיר טון? נאָר די אװײרע נעמען מיר ניט איבער אונדז״. אויב דער, װאָס קוילעט, איז א באַלסימכע, זאָלן די שאָכטים דערפון מעלדן עטלעכע געװיסע אונדזערע מענטשעלעך, װעלן זיי אף דער סימכע ניט װעלן עסן. רעב איצע־װאָלף װעט אויך גאָרנישט װעלן פארזוכן

אפֿ דער סימכע, הײַנט פֿארשטײט איר, וואָס דערפֿון קאָן זײַן? כע־כע־כע! איך קען מײַנע ייִדן.

די קנופּיע. מיר פֿארשטײען עס זײער גוט. אפֿ אזא אײצע קען טאקע פֿאלן נאָר א בוירער.

דער דײַען. געלויבט איז האשעם־ייִסבאָרעך, איצט מעג איך מיר שוין, אפֿאָנעם, גײן! א גוטן טאָג (ער גײט ארויס).

שטאנדהאפּט. רעב נאָסן, מיט דעם זאַקע האָט מען באדארפֿט לערנען באָלעק.

פֿרעכמאן. ער איז געוואָרן צו א גרויסער אזעספּאָנעם. ווער איז ער אזוינס?

נאָסן. בע... מיסטאמע וועט מען אים אויך פֿארטראכטן. וואָס הערט די שטאָט אזא זאַקע? כע־כע־כע! פֿארלאָזט זיך נאָר אפֿ מיר. איך האָב אים שוין אין זינען, — מע דארף איצט בעסער שמועסן מיקויעך די וויבאָרעס און מיקויעך דער דומע, זי זאָל זיך, כאָלילע, ניט ארויסגליטשן פֿון אונדזערע הענט. מען דארף טראכטן באצײַטנס ארײַנצוזעצן דאָרטן א גלאסנע פֿון אונדזערע מענטשן... וואָס זיצט איר עפּעס אזוי מאָרעשכוירעדיק, רעב איצע־וואָלף? וואָס שווײַגט איר?

ספּאָדעק (מיט א קרעכץ). עס איז הײַנט ניט מײַנע זיבן יאָר! עס איז בעאוווינויסײנו האָראָבים אין הײַנטיקן דאָר ניסראבע געוואָרן אזויפֿיל הולטײַעס, אזויפֿיל אזעספּענעמער, או מען מוז אמאָל זיצן און שווײַגן. סטײַטש, האָט מען דאָס אמאָל געהערט און געזען? אלץ, וואָס די שטאָט האָט געטאָן, איז געווען געטאָן... און הײַנט, אָך־ווײ איז מיר! די האָר שטעלן זיך זיך פּאָשעט קאפּויר. עס איז הײַנט טאקע גאָר מאָשיעך־צײַט.

פֿרעכמאן. טאקע שוין זײער פֿיל אזעספּענעמער אין דער שטאָט. ניטאָ די אמאָליקע יאָרן.

פּיאווקין (צו זיך אלײן אָן דער זײַט). מיר דאכט זיך, או האלטן הײַנט שטאנדהאפּטן אין דער ארענדע איז אסאך בעסער, ווי צו זײַן א מעשאָרעס אין אן אכסאניע...

שינדער. א ראכמאָנעס, כלעבן, אפֿ דער שטאָט. דערווײַל לײַדט, נעבעך, די שטאָט, מע בעזפּאָקאָיעט זי מיט דאָנאָסן. בעעמעס טאקע האָט מען געדארפֿט טראכטן מיקויעך דער דומע.

ספּאָדעק. מײַן אײצע וואָלט געווען, מע זאָל דאָרטן ארײַנזעצן פּיאווקינען פֿאר א גלאסנע. פֿארשטײט איר?

די קנופּיע. מיר פֿארשטײען, מיר פֿארשטײען, פֿארוואָס זאָלן מיר ניט פֿארשטײן?

שטאנדהאפּט און ספּאָדעק (בײדע אינאײנעם). עט, נארישקײַטן! ווער וועט דען צולאָזן די הולטײַעס צו א וויבאָר? ווער זענען די אמעראצים, די באלמעלאָכעס, די דראבעס, די קאפּצאָנים? איר מײנט אין עמעס, אז עס איז העפקער די וועלט? מיר האָבן די דײע!... מיר וועלן מאכן א הונדערט איזביראטעלעס פּאָ פּריגאָוואָרו פֿון אונדזערע לײַט. שרײַבט אָן, רעב רוווּן, איצט טאקע דעם פּריגאָוואָר, גײט דערנאָך ארײַן אין קאָהאָל־שטיבל, און כסימעס וועט איר באקומען פּארטיקע... מער קײן דײַגעס זאָלט איר ניט האָבן, אָט אזוי וועט עס זײַן געשווינד און גוט.

פֿרעכמאן. איר האָט געהערט? דער גובערנאטער דארף די טעג אהער קומען. מען דארף נײטיק באוואָרענען, אז די אזעספּענעמער זאָלן אים, כאָלילע, ניט געבן קײן פּראָשעניעס, דער גובערנאטער, זאָגט מען, איז זײער א סטראָגער, קוקט אלצדינג מיט זײַנע אויגן. מען דארף פֿארהיטן, אז די אזעספּענעמער זאָלן צו אים ניט האָבן קײן דריסאס־האָרעגעל.

פּיאווקין. דאָס איז שוין אונדזער אײסעק, מיר האָבן דערצו טאָמיד טאכבולעס... פֿארזאָרגט בעסער זאַקען. איך זאָג אײַך, ער איז א פֿײַער. ער דאָקאָפּאיעט זיך גאנץ ווײַט. ער גײט אָפּט צו שלוימע וועקער.

נאָסן (גיט א קרעכץ). דער שלוימע וועקער, דער וועקער! ער איז מיר ווי א בײן אין האלדז. ווען ער דערזעט מיך פֿאָרנדיק אפֿ מײַן דראָזשקע מיט די פֿערד, וואָס איך האָב מיר געקויפֿט, בעשאס איך בין ארײַנגעטראָטן אין דער טאקסע, גיט ער אפֿ מיר א קוק עפּעס מיט אזא פֿאָר אויגן, מיט אזוי א שטעכנדיקן שמײכעלע, אז עס ווערט מיר קאלט אין בויך! האָט מיר ניט קײן פֿאריבל, פּאני שטאנדהאפּט, איר האָט פֿריִער ניט פֿארשטאנען וועקערן. מיר האָבן אים צו פֿארדאנקען אסאך פֿון אונדזערע צאָרעס. איך האָב מוירע, ער זאָל אונדז, כאָלילע, אמאָל ניט אָנרײַבן א מאָרדע.

שינדער. ווער? ער? א מאָרדע? עט, כלעבן, ער איז דאָך א דײַטשל! דארף מען אים אביסל פארשמוצן בא דעם אוילעמ, אז ער איז אן אפיקוירעס, און אָפּזאָגן זיי אפ אים עפּעס א סליכע, וועט מען אים שוין פּײַנט האָבן, ווי א שפּין. איך קען יידן.

שטאנדהאפּט (מיט קאס). דער ווערקער שטייט מיר אויך שוין אין דער גארגערעס. צוואנציק טויזנט רובל זאָל מיר קאָסטן, מוז איך אים פארשיקן. ער טויג מיר דאָ ניט קלאל אין דער שטאָט ..

פרעכמאנ. ערגערט זיך ניט אזוי, שטאנדהאפּט! וואָס הערט איר אזוי איינ ווערקער? וואָס הערט איר, די שטאָט, אזוי איינ אזעספּאָנעמ... (מענדל דער געלער קומט אריין).

מענדל דער געלער (צו נאָסן שיפּרעס). איך האָב אים געבראכט, עס וועט גיין.

נאָסנ. גיי זאָג אים, ער זאָל אביסל אויסווארטן, ביז איך וועל מיך דאָ אָפּפּארטיקן (מענדל גייט ארויס).

די קנופּיע. מיר קענען שוין גיין, האָט נאָר, רעב נאָסן, אין זינען זאַיקען.

נאָסנ. זאָרגט ניט, דאָס איז שוין מײַן אייסעק, פארלאָזט זיך נאָר אפ מיר (די קנופּיע צעגייט זיך).

## פערטע סצענע

נאָסן שיפּרעס, דערנאָך מענדל דער געלער און אורעמל גרינפּאָן.

נאָסנ (צו זיך אליינ). וואָס פאר א טרוס דער שטאנדהאפּט איז. קוים דערהערט דאָס וואָרט פּראָשעניע, אָדער גובערנאַטער, ציטערט אפ אים שוין דאָס הײַטל, עס ווערט אים בלוי אונטער די זעבערעס; צוואנציק טויזנט רובל, זאָגט ער, זאָל אים קאָסטן, אבי פארשיקן ווערקערן. עט, איך מיינ אפילע מער וועט אויך ניט העלפן! ווערקער איז באקאנט פאר אן ערלעכן מאן. די וועלט קען אים אסאך מער, ווי שטאנדהאפּטן. ער האָט א גוטן שעמ. איך אליינ, כלעבן, שעצ ווערקערן און האָב טאָמיד ליב געהאט מיט אים זיך אונטערהאלטן איבער וועלט־זאכן. איך אכטע אים אפילע הײַנט אויך אין הארצן. נאָר אך, וואָס פארנאָסע איז! זינט איך האָב זיך איבערגעגעבן דער טאקסע, מוז איך אים באטראכטן פאר א סוינע, וואָרעמ ער איז דאָך א מייווין אפ די אלע זאכן און זוכט דעמ עמעס. האָב איך דען אליינ טאקע ניט געהאלטן אמאָל מיט אים? האָב איך דען אליינ ניט אויסגערעדט אָסער לעדאבער אפ שטאנדהאפּטן מיט דער גאנצער קנופּיע, אז זיי זענען אן אומגליק פאר דער שטאָט, פאר א וועלט יידן? אך, וואָס פארנאָסע איז! (מענדל דער געלער און אורעמל גרינפּאָן קומען אריין).

אורעמל. מײַן גאנצע האָפענונג איז פריער אפ גאָט, דערנאָך אפ אײַך, רעב נאָסן, עס איז מיר הײַנט שלעכט די צײַט, און די שטעלע וואָלט פאר מיר געווען גוט.

נאָסנ. עס וועט אײַך גאָרניט העלפן, רעב אורעמל, שטאָט וועט אײַך אנדערש ניט מאכן פאר טאָרגאָווי דעפּוטאט, ביז איר וועט טאקע באלד פאר זארעז קומען אהער געבן דאָס בלאנקע וועקסל!

אורעמל. אז איך האָב איינ מאָל געזאָגט, איך וועל געבן, וועל איך מיסטאמע געבן.

מענדל. אָבער איך האָב א כוש־האָרייעך און האָב אָנגעשמעקט, אז דער באָכער האָט אפ אים א וועקסל. צום גליק דארף זיך גראָד בא רעב אורעמלען פארוואלגערן אפ זאיקען ניט קיינ אויסגעפּילט וועקסל, עפּשער נאָך פון כמעלניצקיס צײַטן.

נאָסנ. נו, צעגארטלט אײַך, מײַן ליבער רעב אורעמל, און ארויס מיט דעם וועקסל! מאכט ניט קיינ שיִעס.

אורעמל (האלט די האנט אין דער בוזעמ־קעשענע און קווענקלט זיך אביסל). ווייס איך? כלעבן, עס איז מיר אביסל פּריקרע. דער זאיקע האָט מיר אייגנטלעכע אָפּגעצאָלט אינגאנצן, נאָר ווײַל עס איז אמאָל צווישן אונדז געווען א סיכסעך איבער עטלעכע קערבלעך פּראָצענט, איז דערווײַל בא מיר געבליבן זײַן ניט אויסגעפּילט וועקסל.

נאָסנ. מע צווינגט אײַך, כאָלילע, ניט. קיינ באס־ייסראָעל גייט מען ניט, נאָר איך זאָג אײַך, אז די שטאָט וועט אײַך אנדערש ניט מאכן פאר קיינ דעפּוטאט.

מענדל. איך בין אײַך מעקאנע, רעב אורעמל, די מיצווע וואָס איר וועט האָבן. עפּעס א קאטאָוועס א טויווע טון דער שטאָט, עפּעס א שפּאס אָנצולערנען א שייגעץ! א גרויסע מיצווע כּלעבן, יעהי כּעלקי אימאָך.

אורעמל (קווענקלט זיך אלץ). ווייס איך?.. עפּעס פּריקרע!

מענדל (רעדט אלץ אורעמלען ווײַטער צו). הײַנט טאקע, כוץ דער גרויסער מיצווע, וועט איר נאָך זײַן דעפּוטאט. איר וועט האָבן א גוטע פּארנאָסע אין די הענט. עס שטייט געשריבן: יעש קוינע אויאָלאָמוי בעשאָ אכאס, און איר, רעב אורעמל, זײַט קוינעביידע וועלטן: די וועלט, איר וועט דאָך האָבן ברויט מיט דעם פולן מויל, און טאקע אויך יענע וועלט, עפּעס א שפּילכל אזא מיצווע...

נאָסן. וואָס דארפסטו אים אזוי צוריידן? עס איז גאָרניט אזא וואזשנע זאַך. עס וועט זיך געפינען אַן אנדערער.

אורעמל. הא? נו, נו, איך גיב דעם וועקסל, איך גיב.

מענדל. אָט אזוי רעדט, וואָס מאכט איר דאָ כיינ. א שיינער מאסע־מאטן וואָלט איר פאר מיר געוועזן, ווען איטלעכער זאָל מאכן אזויפיל כיינ. פונוואנען־זשע וואָלט איך געלעבט?...

נאָסן. גענוג שוין צו פּלוידערן, מענדל! דו האָסט זיך שוין צערעדט, הא? (צו אורעמלען) נו, גיכער, ווי האלט איך דאָ מיט אײַך?

אורעמל (כאפּט ארויס פון דער קעשענע דאָס וועקסל און גיט עס א וואָרף אפן טיש סאמע פאר נאָסנס נאָז) אָט! אָט האָט איר, וואָס איר ווילט.

נאָסן (נעמט און באטראכט דאָס וועקסל מיט א שמייכעלע). דערפאר, כע־כע כע, וועט איר, אימירצע־שעם, האָבן דאָס, וואָס איר ווילט!

אורעמל. אָבער זיכער?

נאָסן. גייט אהיים צום ווײַב, הייסט מאכן קרעפּלעך און זײַט רויק.

מענדל. איך פּאָזדראַווע אײַך שוין אפילע (ער שטעלט צונויף צוויי פינגער לעבן שטערן און פאר־בייגט זיך).

אורעמל. איך פארלאָז מיך פריער אפ גאָט דערנאָך אפ אײַך, רעב נאָסן (ער גיט א קוק מיט א ראכמאָנעס־פּאָנעם אפ נאָסן שיפרעס און גייט ארויס).

נאָסן. הײַנט נא דיר דאָס וועקסל, פיל עס אויס אַז קאן קערבלעך, טאקע אפ דײַן נאָמען. און גיב עס אָן, דו וועסט שוין דאָ מיסטאמע ניט דערלייגן.

מענדל. מײַן באָבעס יערושע דערלייג איך קיינמאָל ניט. איך פרעג אײַך נאָר, וואָס וועט דאָס דער שטאָט העלפן? זאיקע האָט דאָך א הויז, וועט מען אין שלעכטן פאל איויסקע־ווען די קאן קערבלעך פון דעם הויז, זאיקע וועט זײַן פרײַ און וועט טאקע אלץ בעזפּאָקאָיען די שטאָט.

נאָסן (מיט א שמייכעלע). זאיקע וועט שוין, כּלעבן. זיצן. כע־כע־כע, דער טאָטער אפילע וועט אויך ניט העלפן! דאָס איז שוין מײַן אייסעק. גיי נאָר, גיי, טו דײַן זאַך.

מענדל. איך וועל זיך מיר געשעפטיקן איבער א לעקער, איך וועל דארפן איינעם געבן א לעקער, וועט די זאך גיכער צוגיין, א לעקער פויעלט טאָמיד... (ער פארבייגט זיך צוויי פינגער לעבן שטערן, ווי א סאָלדאט און גייט ארויס).

נאָסן (קוקט נאָך מענדלען). אזא יאָר זאָל איך האָבן, וואָס פאר א שייגעץ דו ביסט! (ער גיט א שמייכל) נו, האָבן מיר שוין מיט גאָטס הילף רעב אײַזיק זאיקע אויך פארזאָרגט, איצט דארף מען עסן מיטיק (ער גייט ארײַן אין צווייטן כיידער).

## פינפטע סצענע

א קליין שטיבעלע דאלער אל דאלער. שלוימע וועקער זיצט פארטוג, צעשויבערט און פארזאָרגט נעבן א טישל, וואָס אפ אים געפינען זיך ספאָרים, א טינטער, פּענעס און פּאפּיר. אין א ווינקעלע שטייען וועגעלעך, פונדאָרטן זעט זיך ארויס א בעט, וואָס דאָרטן שלאָפן זײַן ווײַב מיט די קינדער, טויבע־לייע און אן אָרעמע ידענע.

וועקער. דער כעזשבן איז פארטיק. א גאנצע נאכט האָב איך קיין אויג ניט צוגעמאכט! לויט די סוועדיניעס, לויט זיי אפילע זאָגן, פאלט אין גלופּסק ארײַן צדאָקע־געלט פון פארשיי־

דענע כעוורעס עפעס גאָר אסאך טויזנטער א יאָר! פון כעוורע אלמאָנעס וועיעסוימים אליין 9000 (נאָך אנדערע 5000) קערבלעך א יאָר. היַינט, ווו איז נאָך כעוורעס? היַינט אוילאָמעס-געלט! א קליינינקיַיט עפּעס איז ביז אהער אריַינגעפאלן! און וויפל וועלן נאָך אריַינפאלן? ווו זענען אזויפיל געלט? ווער הייסט, וווהין זיי קומען אהין און צו וואָס זיי ווערן פארברויכט? ווו כעושבנ, ווער כעזשבנ?! אכ, וואָס האָט מען דאָ ניט געקענט מאכן מיט אזויפיל געלט! וויפל אָרעמע, וויפל אומגליקלעכע וואָלט מען געקענט מיט דעם העלפן? וואָס זאָג איך? עס וואָלט דען גאָר געווען אזויפיל אָרעמע, אזויפיל אומגליקלעכע, נעבעך? עס וואָלט דען געווען אזויפיל ליַידנדיקע, אזויפיל קראנקלעכע, אזויפיל הונגעריקע, פארוואָגלטע, פארפינצטערטע, פארוויסטע, נעבעך? (ער שטייט אוף און גייט איבער דער שטוב מיט פארלייגטע הענט). אכ, דאָס הארצ בלוטיקט קוקנדיק! גאָט ווייסט, וויאזוי עס קאָכט זיך אין מיר איבער דאָס בלוט, וויאזוי עס שפּרינגט אין מיר די גאל צוצווען אזוי אנ עלנט, אזעלכע פינצטערע פּאָריאדקעס מיט אזעלכע ביטערע צאָרעס! גאָט ווייסט, אז ניט איינ מאָל זענען מיַינע אויגן פיַיכט פון טרערן. איך וויינ שטילערהייט (ער ווישט זיך די אויגן), אָבער וואָס זאָל מען טון? דער יידישער גאָלעס איז שטארק, נאָך שטארקער פון איַיזן. וואָס קען איינ מענטש טון? איך האָב געפּרווט מאכן א פּלאן, וויאזוי צו העלפן נויטבאדערפטיקע, איך האָב זיך געקליאנעט פאר די היגע שטאָטפּירער, איך האָב זיך אונטערגעלייגט שטאנדהאפטן, לעמיַי זאָל איך לייקענען, איך האָב אים געשמייכלט, געלויבט: ער איז א גוטער, א געבילדעטער, א גרויסער באל־צדאָקע, איך האָב אים צוגעשריבן מיַינ מי און מויכל געווען דעם קאָוועד... מיַינ קאָוואָנע איז געווען זייער א גוטע, טאָמער וועל איך אים דורכ דעם טאקע באוועגן צום גוטן, וועט דאָך בעעמעס ארויסקומען א גרויכע טויווע, מאכמעס ער איז רייַך און האָט אין דער שטאָט א גרויסע דייע. ניט איינ מאָל האָב איך אים געאָפּפערט מיַינ ציַיט, ניט איינ מאָל האָב איך אוועקגעוואָרפן אינדערהיים אלצדינג און בין געגאנגען צו שטאנדהאפטן אָנטון אים קאָוועד און מעמאלע זיַינ ראָצנ. אָבער אָכ, אלצ אומזיסט! שטאנדהאפט איז פון דער יוגנט אָנ פארפירט, שאדע, ער האָט גילדענע פייִקיַיטן, טיַיערע מיַילעס, נאָר שלעכטע מענטשן האָבן אים פארפירט... (ער עפנט א לאָר אין טיש א קוק אין פענצטער). א, עס איז שוינ טאָג. אינדרויסן קאפּעט א קאלט אָסענדיק רעגנדל און אין שטוב איז נאָך בא מיר ניטאָ קיינ שיַיטל האָלצ... (די טיר עפנט זיך. און אין שטוב לויפט אריַינ טויבע־לייע, זאיקעס וויַיב).

טויבע־לייע (מיט א געוויינ). מען האָט איַינגעזעצט איַיזיקן! זיי האָבן איַינגעזעצט מיַינ איַיזיקן! זיי האָבן אים אויסגעפילט א וועקסל! זיי וועלן אים דאָרטן דערשטיקן... גוואלד, איַיזיק, מיַינ איַיזיק!

וועקער (חערט געריערט). גוואלד, וואָס שוויַיגסטו, גאָט!!

טויבע־לייע. איַיזיק האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל געשווינד גיינ צו איַיך, איך זאָל איַיך דערציילן. גוואלד, האָט ראכמאָנעס, זיי וועלן אים דאָרטן דערשטיקן! האָט ראכמאָנעס אפ מיַינע קינדער! זיי וועלן ניט האָבן וואָס צו עסן, גוואלד ראטעוועט!

וועקער (שטארק צעמישט). נאט איַיך צען גראָשן און קויפט א שטריק.

טויבע־לייע. וואָס זאָגט איר, פּאני וועקער, וואָס רעדט איר?

וועקער. קויפט א שטריק, זאָג איך, עס קומט אונדז איצט אויס טאקע נאָר א מיַיסע זיך אָנצוטון! בעסער דעם טויט איידער צוזען אזעלכע צאָרעס, איידער צו ליַידן פון דעם שווערן יידישן גאָלעס...

טויבע־לייע (וויינט אפ א קאָל, ווי איבער א טויטן). אז אָכ און ווי און ווינד איז מיר, פינצטער איז מיַינ וועלט, ניטאָ איַיזיק.

וועקער (מיט גרויס ראכמאָנעס). וויינט ניט, טויבע־לייע; גלייבט מיר, וואָס עס וועט נאָר מעגלעך זיַינ, וועל איך טון. נישקאָשע, וויינט ניט, גייט זאָגט איַיער מאנ, איך וועל טון אלצדינג, וואָס איך וועל נאָר קענען.

טויבע־לייע. איך פארלאָז מיך נאָר אפ איַיך: גאָט זאָל איַיך באצאָלן פאר איַיער גוטסקיַיט. (גייט ארויס מיט א געוויינ. אנ אָרעמע יידענע גייט אריַינ).

די יידענע. אכ, דערבארעמט איַיך, האָט ראכמאָנעס. איינ קינד איז ערשט בא מיר געשטאָרבן פון צאָרעס. היַינטיקע נאכט איז איַינגעפאלן מיַינ מאנ, מע האָט אים קוים דערראטעוועט, ער ליגט איצט ווי א טויטער. אינ שטוב איז ניטאָ, איר זאָלט זאָגן, אפילע א ברעקל ברויט. דאָס

גאַנצע עסן אונדזערס איז עטלעכע קאַרטאָפל פּרי און אָפּדערנאַכט. אָ, ריבוינעשעלוילעם, מיר זאָלן אַזוי ניט וויסן קרענק, ווי מיר ווייסן ניט דעם טעם פון פלייש. מיר שטאַרבן, מיר גייען שטילערהייט אויס, ווי ליכט. די קויכעס וועלן אונדז אַזוי אויסגיין פון הונגער, פאַר נעץ און פאַר קעלט! אָ, האָט ראַכמאָנעס, לאָזט מיך ניט פאַלן! איין מאָל האָט איר שוין מײַן מאַן גע־האָלפן, האָט נאָך אַמאָל ראַכמאָנעס אױף אים און אױף מיר מיט מײַנע נאַקעטע הונגעריקע קינדער־לעך, מיר זאָלן, כאָלילע, ניט אויסגיין! (זי ווײנט אױף אַ קול).

וועקער (מיט אַ צעבראָכן האַרץ). וואָס אַמאָל איז געווען, איז שוין הײַנט ניטאָ! די קליינע כעוורע, וואָס איך האָב אַמאָל מיט שווערע מי געבראַכט צו שטיצן נויטבאַדערפטיקע, איז שוין מער ניטאָ! גאָט ווייסט, וויאַזוי איך וואָלט אײַך געוואָלט העלפן, נאָר, אַך, וואָס אַמאָל איז גע־ווען, איז שוין הײַנט ניטאָ, אויס, מער ניטאָ!

די ייִדענע (ברעכט די הענט). הײַנט וווּהין זאָל איך שלימאַזלדיקע גיין? צו וועמען זאָל איך מיך קערן און ווענדן?

וועקער. גייט צו די נעגידים, גייט צו די באַלטויווּעס.

די ייִדענע. אָ, שיקט מיך בעסער אין דער ערד אַרײַן! בעסער זיך אין וואַסער אַרײַנוואַרפן, איידער גיין צו די באַלטויווּעס! מען קען דען, אַפּאָנים, צוטרעטן צו זיי? אַז מע גייט זיך שוין גוט אָן די פיס און מע איז זוכע זיי צו דערטאַפּן אױף אַ מינוט, קוקן זיי אָן קרום, לאָזן ניט אויסרײדן קיין וואָרט און שרײַען מיט קאַס: וואָס ווילט איר פון אונדז האָבן? גייט אײַך! וואָס ווילט איר פון אונדז האָבן? — אוי, אױף מײַן מײַמעד זאָלן זיי איבערקומען! אײַ, ווי קומט מען אַזוי אַהיים? די קינדער זענען הונגעריק, אין שטוב איז נאַס און קאַלט, קיין שײַטל האָלץ איז ניטאָ, פון דער סטעליע קאַפּעט, דער מאַן ליגט שלאַף. ער פלעגט, נעבעך, דאַרן, קוואַרן, הונ־גערן שטילערהייט. (זי ווײנט ווײַטער) ער פלעגט, נעבעך, דאַרן און מאַכן אַ פריילעכן פּאָנעם, מע זאָל דאָס ניט אַרויסזען... קיין לעפל געקעכץ, קיין שטיקל פלייש איז שוין אַ לאַנגע צײַט אין זײַן מויל ניט געווען. אַ שאַבעס, אַ יאָנטעוו, אַז מע האָט שוין אַמאָל יאָ געקאָכט דעם פּיצל לונג־און־לעבער, פלעגט ער עס די קינדער אָוועקגעבן, דעם לעצטן, דעם בעסטן ביסן די קינדער אָוועקגעבן... ער איז, נעבעך, געבליבן אָן קויכעס, ער איז, נעבעך, שלאַף פאַר הונגער, פאַר צאָ־רעס! אוי, וואָס טוט מען? ווי קומט מען לײדיק אַהיים? עס קומט מיר נאָר זיך אין וואַסער אַרײַנצוּוואַרפן (זי וויל גיין).

וועקער (שטאַרק גערירט). וואַרט, זײַט מויכל, וואַרט! ער זוכט אין קעשענע און געפינט ניט, ער זוכט אין טיש־קעסטל, געפינט אויך גאָרנישט, ער גייט צו צום ווײַבס בעט, נעמט אַרויס פון איר קעשענע און קערט זיך צוריק. נאַט אײַך, וועט איר קויפן פאַר אײַער מאַן אַ הון, אָט דאָס האָט איר אױף אַ הון, און דאָס אױף שכיטע־געלט.

די ייִדענע. שכיטע־געלט איז הײַנט טאָפּלט טײַערער... גאָט זאָל אײַך געבן געזונט און לעבן, איר זאָלט ניט דאַרפן צו קיין מענטשנס גאָב! (זי גייט אַוועק).

וועקער (זייער אויפגעבראַכט, כאַזערט איבער דער ייִדענעס ווערטער). „זיי שרײַען מיט קאַס, וואָס ווילט איר פון אונדז האָבן“. נאַראָנים! דאָס איז דאָך אײַערע שאָפּ! אײַערע שעפּעלעך, וואָס איר שערט זיי, זענען צו אײַך געקומען, אײַערע שעפּעלעך, וואָס טראָגן אײַך אַזויפיל אײַן! זײַט־זשע ניט קיין נאַראָנים, פאַרמאָרעט ניט אײַער סטאַדע! וואַרפט זיי אַמאָל אונטער אַ ביסל היי, טאַקע פון אײַער טויווע־וועגן, קעדיי עס זאָל דערנאָך זײַן, וואָס צו שערן (ער גיט אַ טופּ מיט דער פיס אין פּאָדלאָגע) ניין! די גאַל ווערט צעזעצט, מע קען זיך שוין ניט מער אײַנהאַלטן! פאַרפלוכט זאָל זײַן דער, וואָס זעט אַזעלכע אַוולעס און שווײַגט. פאַרפלוכט זאָל זײַן דער, וואָס איז אַ טרוס, וואָס האָט מוירע צו זאָגן דעם עמעס! פאַרפלוכט זאָל זײַן דער, וואָס פאַרשטאָפּט די אויערן ניט צו הערן די יעלאָלעס און דאָס קרעכצן פון די אומגליקלעכע, פון באַליידיקטע און נויטבאַדערפ־טיקע, פאַרפלוכט, פאַרשאָלטן, אַלע, וואָס פאַרקויפן זייער סאָוועסט, זייער געוויסן, אַלע, וואָס זײַנען אימשטאַנד צו העלפן מיט אַ וואָרט, מיט דער פּען און שטייען פונוויטן, טאָמער וועט זיי, כאָלילע, דאָס מינדסטע שאַטן... וואָס זאָל איך מיך באַהאַלטן? איך האָב אַ האַרץ, איך האָב געפיל, איך קען זיך ניט מער אײַנהאַלטן. איך קען ניט שווײַגן, איך מוז גיין אַרויסזאָגן דעם עמעס גאַנץ פרײַ, זאָל כאָטש די וועלט וויסן!

## זעקסטע סצענע

שלוימע וועקער טוט זיך אָן אַף אַרויסצוגייען אין גאַס. באַסיע קומט אַרויס פון הינטער די וואַנטלעך.

באַסיע. וואָס טראַכסטו זיך, שלוימע, דו האָסט היינטיקע נאַכט ווידער ניט געשלאָפן!

וועקער (מיט א פארביטערט הארץ). אין דער שטאָט זענען פאַראַן זייער פיל גנאַווים, עס איז שרעקלעך צו שלאָפן... פאַרשטייסטו מיך, באַסיע?

באַסיע (מיט הארץ). דאָס פאַרשטיין קאָסט מיר גענוג רעבע־געלט! פונוואַנען נעמען זיך אונדזערע צאָרעס, ווען ניט פון דעם, וואָס דיר ליגט אַלץ אינזינען די שטאָט! גוואַלד, שלוימע, וואָס געהערן זיך מיט דיר אָן פרעמדע זאַכן? האָב בעסער דיך אינזינען!

וועקער. אָט דאָס איז דאָך טאַקע די גאַנצע צאָרע באַ אונדזערע ייִדן, וואָס איטלעכער האָט נאָר זיך אינזינען, די גאַנצע וועלט מעג אונטערגיין, אַבי ער זאָל בלייבן...

באַסיע (מיט א ווייענדיק קאָל). דערוויַיל קויפסטו דיר נאָר סאָנים, דערוויַיל מוטשעסטו דו זיך, ווערסט פאַרשוואַרצט און מע לאָזט דיך ערגעץ ניט אופקומען... אוי, קוק זיך נאָר איַין, וואָס פאַר אַ פּאָנעם דו האָסט! דו ביסט געוואָרן הויט און ביין!

וועקער (גערירט). ווייז, כלעבן, ניט מייַן האַרץ, גאָט איז מיט דעם גערעכטן. ניט טאָמיד וועלן מיר זיַין אין גאָלעס באַ די פאַלשע מענטשן.

באַסיע. באַטראַכט זיך נאָר, זיי זענען רייַך, זיי האָבן מיטל און קאָל האַטאַכבולעס, זיי האָבן פאַר זיך מאַלאַכיי מעליצים, זיי האָבן אַ דריסעס האָרעגעל אומעטום, וווהין מען דאַרף... און דו ביסט איינער, דו ביסט אָרעם.

וועקער. איך בין ניט איינער, איך בין ניט אָרעם, איך גיי מיט דעם עמעס און האָב גאָט אין האַרצן. די רעגירונג, כלעבן, זוכט דעם עמעס, ווייַל דער עמעס האָט ליב דעם עמעס, קוק נישט אַף גלופּסק.

באַסיע. גוואַלד, מיר זייַנען אַזוי אָרעם, מיר קומען, נעבעך, אָפּ, און לעבן ניט, ווי אונדז וואָלט אָנגעשטאַנען. האָב ראַכמאָנעס אַף דיר, דייַן ווייַב און קינדער, קוק נאָר אָן, שלוימע, דייַנע קינדער!

וועקער (הייבט אָן אופצושווידערן און קוקט מיט ליבשאפט אף די קינדער. וואָס שלאָפן ארומגענומענע אסך געלעגער). שלאָפט, פייגעלעך! שלאָפט, מייַנע טייַערע קינדערלעך! איך בין שולדיק, וואָס איר שלאָפט, נעבעך, אַלע אינאיינעם אין איין ענגער ספּאַלניע! וואָס איר האָט ניט קיין וויגאָדע, וואָס איר מוזט שטענדיק זיצן מיט די גרויסע און כאַפּן אַ זעץ, אַ קלאַפּ, ווען איר גיט אַמאָל אַ לאַך, ווי קינדער! איך בין שולדיק, פאַרוואָס אייַער יוגנט איז ניט ווי דער מייַ, שיין, לויטער, פריילעך, מיט בלומען און רויזן! פאַרוואָס אייַער יוגנט, נעבעך, איז ווי דער אָסיען, מיט טרערן, מיט שטורעם, מיט כמאַרעס און מיט קאָל־האַצאָרעס. ווען איך זאָל ניט האָבן קיין האַרץ, קיין געפיל, וואָלט איר אַסאַך בעסער געקענט לעבן, ווי איצט, ווען איך זאָל קאָנען צווען אוולעס, זיך ניט מישן און שווייַגן, וואָלט איר געלעבט אַסאַך פרייַער, ווי הייַנט!... זייַט מיר מויכל, מייַנע קינדערלעך! שלעכט, זייער שלעכט צו האָבן אַ טאַטן מיט אַ האַרץ, מיט געפיל, מיט אַזאַ כאַראַקטער!

באַסיע (ווישט זיך די אויגן). נו, האָב־זשע ראַכמאָנעס, שלוימע, ווער מיט זיי שאָלעם, וועט אונדז זייַן גוט.

וועקער (זייער פארטראכט). הא, וואָס ווילסטו?

באַסיע. האָב ראַכמאָנעס אַף דיר, אַף מיר און אַף אונדז אַלעמען, ווער מיט זיי שאָלעם, וועט אונדז זייַן גוט!...

וועקער (גיט זיך א כאפ). הא, האָב ראַכמאָנעס אַף מיר, אַף דיר, ווען טויזנטער מענטשן לייַדן!... ניין, ניין, טויזנט מאָל ניין! וואָס איז, דו קומסט אָפּ? גן לייַד אויך! מעגסט אויך, כלעבן, אַביסל לייַדן, (ער נעמט דעם שטעקן און גייט געשווינד ארויס).

## זיבעטע סצענע

באַסיע כליפּעט און ראַמט אום אין שטוב. טויבע־ליע קומט אריַין.

באַסיע. אָט איז ער שוין אַוועקגעגאַנגען, און גאָט ווייסט, ווען ער וועט קומען נעמען עפּעס אין מויל אריַין. ער עסט ניט, ער גייט, נעבעך, איַין, קוקנדיק אַף אונדז, עס טוט מיר,

כלעבן, באנק, וואָס איך עס אים אָפּ דאָס האַרץ. איך ווייס, אַז איך דערמאָן אים פון אונדזערע ליידן, צאַפּט זיך אים אָפּ דאָס בלוט, נאָר פאַר צאָרעס כאַפּט מען זיך אמאָל, ניט ווילנדיק, אַרויס מיט א וואָרט... וואָס איז ער, נעבעך, שולדיק? ווען ער זאָל ניט האָבן אַזאַ גוטע נאַטור, וואָלט אים, נעבעך, אַסאַך בעסער געווען...

טויבע־לייע קומט אַרײַן.

**טויבע־לייע** (אָפּ אַ וויינענדיק קאָל) ניטאָ אײַער מאַן?

**באַסיע** (ווישט זיך אויס די אויגן). ניין. וואָס וויינט איר אַזוי, טויבע־לייע?

**טויבע־לייע**. פינצטער איז מײַן וועלט. זיי האָבן אײַנגעזעצט מײַן מאַן. זיי האָבן אָפּ אים אויסגעפּילט אַ וועקסל. האַלעוואַי וואָלט מיך מײַן אײַזיק געפּאָלגט, איך האָב אים לאַנג גע־בעטן, ער זאָל זיך ניט מישן, עס זאָל אים גאָרניש אָנגיין, וואָס זיי טוען, זיי זענען שטאַרק, אַנטקעגן זיי קען מען נישט באַשטיין...

**באַסיע** (זייער איבערגעשראָקן). האַלעוואַי וואָלט מיך מײַנער געפּאָלגט! איך טײַנע דאָס אייגענע אויך מיט אים, וואָס טויג דיר זיי צו האָבן פאַר סאָנים? מע טאָר הײַנטיקע צײַטן ניט זאָגן דעם עמעס...

**טויבע־לייע**. מײַנער איז נאָך ערגער. זיי ווילן זיך מיט אים מירען, זיי ווילן שאָלעם ווערן און אים געבן געלט, אבי ער זאָל שווײַגן, און ער, בעשומוּפן ניט. בעסער, זאָגט ער, זאָל איך שטאַרבן, זאָל איך געשוואָלן ווערן, ווי אַ באַרג, און פאַרפוילט ווערן אין אָסטראָג, איידער איך זאָל פאַרקויפן מײַן נעשאָמע, מײַן געוויסן מיט אַ שטאָט מענטשן! וואָס איז, זאָגט ער, דו ווייסט ניט האָבן מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען, פאַרקויף דאָס הויז, וועט מען דאָך אָפּגעבן די קאָן קערבלעך אָפּן פאַלשן וועקסל און מיט דעם איבעריקן קען מען לעסאַטע ווי עס איז לעבן.

**באַסיע**. אַז איר האָט אַ הויז, פאַרוואָס־זשע זיצט אײַער מאַן?

**טויבע־לייע**. אַז זיי ווילן אים אָבער מוטשען. ווער וועט זיי דען ווערן? אַז אַלע זענען מיט זיי. מע וויל דאָך פאַר אים ניט אָנעמען קיין אָרוועס. איך טײַנע מיט אים, איך כאַלעש פאַר אים, גאַזלען, נעם געלט און זיץ אָפּ, גוואַלד, גאַזלען, שווײַג און נעם געלט, און ער אַלץ דאָס זײַניקע: בעסער זאָל איך שטאַרבן, בעסער זאָל איך ווערן די קאַפּאָרע.. גיי זאָג זיי: אײַ־זיק גריסט אײַך פון אָסטראָג! אײַזיק דאַנקט אײַך פאַר אײַער ברויט און זאַלץ! אײַזיק וויל זיך ניט פאַרקויפן, אײַזיק וויל שטאַרבן מיט דעם עמעס! אײַזיק וויל זײַן די קאַפּאָרע פאַר די אומ־גליקלעכע. נעבעך, און קומען אָפּ יענער וועלט ריין! אײַזיק וועט דאָרטן זוכן אַ סוד, אַ ספּראַ־ווע, אויב עס וועט אים ניט געראָטן צו געפינען אָפּ דער וועלט!... איך האָב געוואָלט בעטן אײַער מאַן, טאָמער וואָלט ער באַ מײַן מעשוגענעם געפּועלט, אַז ער זאָל נעמען געלט און אָפּזיצן!

**באַסיע** (לאַכט מיט טרערן). געפונען, כלעבן, אַ גוטן באַלן!...

**טויבע־לייע**. נו, וואָס איז, אײַער מאַן, כלעבן, וועט האָבן אַ מיצווע. איך בעט אײַך, באַסיע סערדצע, העלפט מיר אויך בעטן אײַער מאַן, ער איז דאָך אַזאַ גוטער, אַ דימענטיקער מענטש! ער וועט אײַך, כלעבן, פאָלגן!

**באַסיע** (מיט טרערן אין די אויגן). אַך, אַז מײַן מאַן זאָל מיך פאָלגן!...

**טויבע־לייע**. נישקאָשע, ער וועט אײַך פאָלגן! איצט מוז איך גיין אַהיים אָנגרייטן מי־טיק, איך וועל קומען שפּעטער (זי גייט אַוועק).

**באַסיע** (צו זיך אַליין). איך מוז אויך עפּעס אָנגרייטן מיטיק, אַ ראַכמאָנעס, נעבעך, אָפּ די קינדערלעך! איך האָב נאָך באַ מיר אַ פּאָר גילדן. (זי לייגט אַרײַן די האַנט אין קעשענע). הא, ווו איז דאָס געלט? איידער איך האָב מיך נעכטן געלייגט, האָב איך עס דאָך אַרײַנגעלייגט דאָ! (זי זוכט אין דער קעשענע) די קעשענע איז גאַנץ! נישטאָ קיין פּיצל לעכל, וווּ־זשע איז דאָס געלט! (זי זוכט אין שטוב) אַך, אַרײַנגעלייגט אין קעשענע! אוי, וואָס טוט מען איצט? מיט וואָס קאָכט מען מי־טיק? אין קליטל קומט שוין זייער פיל, וואָס זאָל איך טון? מע מוז ווײַטער גיין באָרגן, ווײַטער שוואַרצן דאָס פּאָנעם, אַ ראַכמאָנעס אָפּ די קינדער, אָפּ אים אויך, נעבעך! ער האָט אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג ניט צוגעמאַכט און איז אַוועקגעגאַנגען גאָר ניכטער (זי באַוואַשט זיך אויך מיט טרערן, ברעכט די הענט און גייט אַרויס).

# אַכטע סצענע

אױף דער גאַס. פּיאַװוקין גײט מיט אַ פּאַפּיר אין דער האַנט. עטלעכע רעדלעך באַלע־באַטים און באַלמעלאָכעס שטײען און רעדן שטילערהײט. שלױמע װעקער, און אױלעם, פּרעכמאַן, מענדל דער געלער, פּיקהאָלץ און אײַזיק זאַיִקע.

**אײנער באַלמעלאָכע.** פּיאַװוקין טראָגט שױן װידער אַ פּאַפּיר! עס װעט שױן אונדז, מיס־טאַמע, קײן גוטס דערפון ניט אַרױסקומען...

**דער צװײטער.** שאַ, שטילער! רעד ניט אַזױ הױך, מע װעט דערהערן!

**דער דריטער.** נישקאָשע, אָן סאַקאָנעס, ער איז שױן װײַט. דער רוחע האָט אים אַװעק־געטראָגן, איר מעגט רעדן, ער װעט ניט הערן. זאָגט נאָר, איך בעט אײַך, איר װײסט ניט, װאָס דאָס איז פאַר אַ פּאַפּיר?

**דער פערטער** (קוקט זיך פריִער אום אין אַלע זײַטן). דאָס איז אַ פּריגאָװאָר, נאָר אַ מין נײַ־מאָדנער פּריגאָװאָר.

**אַלע באַלמעלאָכעס.** װאָס שטײט דאָרטן? װאָס שטײט דאָרטן אין דעם פּריגאָװאָר?

**אַ גאָלדשמידל** (קוקט זיך אום זײער פאָרזיכטיק). דאָרט שטײט אַװאַדע גוטע זאַכן! דאָרט שטײט, אַז די פײַנע בריִעס מעגן זיך טון אין דער שטאָט, װאָס זײ װילן, זײ מעגן מאַכן נאַלאָגן, מעגן טאָמיד אַרױסנעמען פון פּריקאַז קאָהאָלשע געלט און צונױפנעמען אין שטאָט פּריש געלט, װיפל זײער האַרץ גלוסט. קורץ, זײ מעגן אַלצדינג טון און זיך באַלעבאַטעװען גאָר פרײַ פון כעזשבן. בעשאַס װיבאַרעס האָבן זײ, נאָר זײ, דאָס רעכט אױסצודערװײלן טשלענעס. כוץ דעם, מעגן זײ דערװײַטערן פון זײערע אױגן די אַלע מענטשן, װאָס װעלן זײ ניט טױגן. פּאָשעט איז פּאָ־שעט, זײ װעלן די דאָזיקע מענטשן מעשאַלײעך זײַן פון גלופּסק און װעלן זיך פּראָסט זײַן סראָרעס, זײ װעלן זיך לעבן, װי גאָט אין פראַנקרײַך!...

**אַלע באַלמעלאָכעס.** אָך און װײ איז אונדז! דאָס איז דאָך אַ ביטערע גזײרע! דאָ װעט מען דאָך אונדז גאָר אָפּדראָסנײַ לופּען די הױט! גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען!...

**אײנער באַלמעלאָכע.** איך װײס, כלעבן, ניט, צו װאָס האָבן זײ הײַנט געמאַכט דעם דאָזיקן פּריגאָװאָר? אַפּאָנעם פריִער האָבן זײ ניט געטאָן דאָס אײגענע? פריִער האָט עמעצער דען זײ געװערט, זײ זאָלן אונדז ניט צופּען, רײַסן? װער, אַשטײגער, װערט זײ איצט צו פּײַניקן אײַזיק זאַיִקע? הײַנט האָבן זײ אים אײַנגעזעצט, מאָרגן װעלן זײ אונדז אײַנזעצן, װער װעט זײ דען ניט לאָזן?

**אַ צװײטער.** שאַ! אָט גײט װעקער, מע דאַרף אים פרעגן, װאָס זאָגט ער אױף דער גזײרע... עפּעס איז ער שטאַרק אױפגעבראַכט!

**דאָס גאַנצע רעדל** (לאָזט זיך צו װעקערן און קוקט זיך אום מיט מוירע אין אַלע פיר זײַטן). האָט איר געהערט, פּאַני װעקער? שױן װידער אַ פּריגאָװאָר!

**װעקער** (זײער אױפגעבראַכט). װאָס האָט איר מוירע? שאָפּ! ביזװאַנען, אַך, װעט איר זיך לאָזן פאַרפירן, מע זאָל מיט אײַך טון, װאָס מע װיל? זעט, די רעגירונג איז גוט, איז באַרעמהערציק, זי האָט באַפרײַט עטלעכע און צװאַנציק מיליאָן פּױערים, זי װינטשט איטלעכן גליק, אױך אונדז ייִדן װינטשט זי גליק, זי זוכט אַלץ מיטל צו פאַרבעסערן אונדזער צושטאַנד, זי װיל, ייִדן זאָלן, נעבעך, עסן, זאָלן געזונט זײַן, זאָלן אַפּאָנעם האָבן, װי מענטשן. איר אָבער, דער־שלאָגענע, פאַרװאָגלטע, פאַרװיסטע ייִדן, לאָזט זיך פאַרפירן, מע זאָל אױף אײַך רײַטן, מע זאָל אײַך צופּען, רײַסן!

**צװײטער באַלמעלאָכע.** שאַ, שאַ, שטילער אַביסל! אָט גײען צו אַסאַך מענטשן, מע װעט נאָך, כאָלילע, דערהערן (די מענטשן גײען צו).

**װעקער** (אױך אױף אַ קאָל). װער איז דען שולדיק, װאָס איר האָט אַזאַ פּאָנעם, װאָס איר לײַדט, װאָס איר קרענקט, װאָס אױף אײַך ליגט די ערד, װאָס אױף אײַך איז אױסגעגאָסן די טױכעכע? װער איז דען שולדיק, װען ניט איר טאַקע אַלײן? אומגליקלעכע מענטשן! מע מוז יאָמערן, װײנען, קוקנדיק אױף אײַך!

**דער אױלעם.** שאַ, אױלעם! זאָל מען הערן, װאָס רעדט ער דאָרטן אַזױנס!

**וועקער** (אַלץ וואָס ווײַטער מער אופגעבראַכט). זײַט איר בלינד? זעט איר ניט, וויפל טויזנטער מענטשן גייען אַרום אָן קעפּ, ווי די בלינדע שאָף, און האָבן ניט מיט וואָס א טאָג איבערצוקומען? זעט איר ניט, וואָס פאַר א פּנעמער, נעבעך, זיי האָבן, גלײַך ווי די טויטע? ווי פינצטער, ווי וויסט, ווי דערשלאָגן נעבעך? זעט איר ניט, וואָס א טאָג מער קומען צו עוויוינים, געפאַלענע, אומגליקלעכע, הונגעריקע און קראַנקע? יאָ, ווו איז נאָך ערגעץ־ווו דאָ אזויפיל קראַנקע? זײַט איר טויב? הערט איר ניט קוילעס פון דעם בייסוילעם, די קוילעס פון טויזנטער אָרעמע פאַמיליעס, מענער, ווײַבער און קינדער, וואָס זענען אויסגעשטאָרבן, געפאַלן, ווי די פליגן, ערשט אין דער כאָליערע פאַר הונגער און פאַר קעלט? הערט איר ניט די קוילעס פון די אומגליקלעכע, וואָס האָבן, נעבעך, ניט געוווּסט דעם טאַם פון פלייש, האָבן אין זייער לעבן שטילערהייט געהונגערט, געדאַרט, געקרענקט, געליטן, ביז די ביטערע שלאַפקײַט האָט מיט זיי אַן עק געמאַכט?... זײַט איר בלינד? זײַט איר טויב? האָט איר ניט געזען, ניט געהערט די שרעקלעכע סצענעס און גרויסע צאָרעס, וואָס זענען פאָרגעקומען ערשט בעשאַס דער כאָליערע אין דעם כײַלעק פון שטאָט, וואָס דאָרט וווינען די אָרעמעלײַט? ווי א וואָלף צווישן שאָף האָט זיך אַהינצו אַרײַנגעכאַפּט די הונגעריקע כאָליערע! זי האָט געריסן, געפרעסן, געגעסן, גאָר אָן ראַכמאָנעס, נאָך איידער מע האָט אוספּייעט זיך אַרומצוקוקן. שפּײַז האָט זי דאָרט געפונען זייער פיל, מער ווי אומעטום. דען ווו נאָך ערגעץ שטעקן זיך צונויף אזויפיל מענטשן אין איין אָרט, ווי די מוראַשקעס, נעבעך, ווו נאָך ערגעץ, אזויווי דאָ, וואַלגערן זיך אין ענגע לעכער, אין נעץ און אין קעלט, הונגעריקע, נאַקעטע מענטשן? ווי א הונגעריקער וואָלף האָט זיך די בייזע שלאַפקײַט דאָרט צווישן די אומגליקלעכע אַרײַנגעכאַפּט און האָט געוואָרגן יונג און אַלט, טאַטעס און מאַמעס מיט זייערע קינדער, קימפּעטאָרנס און קאַלעס, מענטשן זענען געפאַלן ווי שטרוי, וועיין באַיִס, אַשער איין שאָם מעס! אין איין שטיבל האָט געגויסעט א פאָטער פון קינדער, באַלד טאַקע נעבן אים איז געפאַלן זײַן ווײַב, האָט אויסגעבראָכן די גאַל און געבליבן ליגן קאַלט, ווי אײַז. דאָרטן אין איין ווינקל האָט געכאָרכלט א בריליאַנטענע קינד, אַנטקעגן, אין דער אַנדערער זײַט, האָט זיך געראַנגלט מיט דעם טויט א געטרײַע מוטער, ביידע האָבן צום סאָף א כראָפּע געגעבן און אַנשלאָפן געוואָרן אף אייביק! מע גויסעט, מע כאָרכלט, מע פאַלט אײַן, מע פאָכט מיט דער נעשאָמע, מע שטאַרבט, און די כאָליערע גייט פון שטוב צו שטוב, קוילעט, שעכט הונגעריקע, לײַדנדע אָרעמע, נעבעך, וויל גאָרניט אופהערן, וויל גאָרניט אָפּלאָזן!

**א קאָל פון דעם אוילעם.** אוי, מײַן טאַטע! אוי, מײַן מאַמע!

**נאָך א קאָל.** אוי, מײַן קינד! אוי מײַן מאַן! זיי האָבן, נעבעך, שטילערהייט געליטן הונגער, געליטן קעלט, טאָמיד געליטן!

**אַסאַך קוילעס.** עס האָט שוין ניט געהאָלפן קיין ראַכמאָנעס, עס האָט שוין ניט געהאָלפן קיין טויוועס, בעשאַס דער כאַלעפּ איז געלעגן אף דעם האַלדז און די כאָליערע האָט אָנגעכאַפּט בא דעם גאָרגל... אוועקט מיט דעם ראַכמאָנעס! האָט געוואָרטשעט די כאָליערע, מע האָט מיר פריִער אַליין געוויזן אַהערצו א וועג! אוועקט מיט די טויוועס! מע האָט מיר פריִער אַליין דאָ אָנגעגרייט אזויפיל שפּײַז, מע האָט מיך אַהער געבראַכט. דאָ איז מײַן אָרט! אוועקט! אוועקט, לאָזט מיך לעבן! לאָזט מיך גיין!

**וועקער.** גיט נאָר א קוק אף דעם בייסוילעם! פּרוּווט נאָר איבערציילן די נײַע קוואָרים, זיי זענען, ווי די שטערן אין הימל! דאָס האַרץ ברעכט, צעפאַלט אף שטיקער, מע קען זיך ניט אײַנהאַלטן, מע מוז יאָמערן און קלאָגן אף אײַך, אומגליקלעכע ברידער! (אין דעם אוילעם הערט זיך א געוויין) יאָ, יאָ! קלאָגט אף דעם כורבן, אף אײַער כורבן! איך זאָל קאָנען, וואָלט איך זיי גערופן, די הייליקע אָוועס, אונדזער מוטער ראָכל און ייִרמעיאָהו האַנאָווי, זיי זאָלן טרויערן אף זייערע פאַרוואָרלאָזטע קינדערלעך, זיי זאָלן פאַר אײַך גאָט בעטן, ער זאָל אײַך אויסלייזן פון עם ייִדישן גאָלעס, ער זאָל עפענען אײַערע אויגן, איר זאָלט זען, און עפענען אײַערע אויערן, איר זאָלט הערן, און עפענען אײַערע מײַלער, איר זאָלט ריידן און זיך באַפרײַען פון אײַערע פאַלשע שטאָט־באַלטויוועס.

**א קאָל.** שאַ, א ביסל שטילער! זייער מענדל דער געלער גייט.

**נאָך א קאָל.** שאַ, זייער פרעכמאַן איז אויך ניט ווײַט, ער וועט דערהערן!

**עטלעכע קוילעס.** נישקאָשע, נישקאָשע, רעדט ווײַטער! רעדט, זאָלן זיי טאַקע הערן!

וועקער. איך פרעג אײַך: איר האָט אזויפיל כעוורעס, אזויפיל צדאָקע־ און אוילעמעס־געלט, ווו, טאָמער ווייסט איר, קומענ זיי אהינ? האָבנ דענ באַ אײַך גאבאָיִמ אָרנטלעכע ביכער? אָדער קומט מענ זיך באַ אײַך אמאָל צונויפ טראכטנ, וויאזוי צו פארבעסערנ די שטאָט, ווי צו העלפנ גויטבאדערפטיקע, אָדער גאָר זוכנ מיטל, צו פארמינערנ די צאָל פונ די אָרעמעלײַט? וואָס טויג דענ אזעלכע צדאָקעס, וואָס מע גיט קלוימערשט יענעמ אפ דעמ קראנקנ בעט, בעשאַס ער איז שוינ גויטע־לאָמעס? זאָל מענ אימ בעסער ניט בארײַסנ בעשאַס ער איז געזונט, זאָל מענ אימ דענסטמאָל לאָזנ זשיפענ, אָטעמענ, ניט אויסדריייענ דאָס וואסער, וועט ער דאָך ניט קראנק ווערנ!.. שוינ צײַט צו וויסנ דעמ ריכטיקנ, דעמ עמעסנ זינ פונ צדאָקע, שוינ צײַט צו וויסנ, אז דערמיט, וואָס מע ווארפט אונטער פאר א מענטשנ פונ צײַט צו צײַט א ביסנ ברויט, מאכט מענ אימ טאקע פאר א הונט, פאר א באטלענ, פאר א לוי יוצלעכ, מע דערנידעריקט אימ, מע שאדט זיכ אונ מע שאדט אויכ דעמ גאנצנ לאנד. שוינ צײַט צו וויסנ, אז צדאָקע, וואָס ווערט ניט פארווענדט מיט סייכל, שאדט פונקט אזויפיל, ווי אכזאָריעס, שוינ צײַט צו פארשטיינ, אז הארצ אליינ אָנ סייכל האָט ניט קיינ שומ ווערט, מע קענ אמאָל שטארבנ בינשיקע, אזויווי פונ א פאטש. וואָס טויג אײַך באלטויוועס, וואָס זויגנ אײַך אויס דעמ מארכ פונ די ביינער, וואָס פארפירנ אײַך אינ דער בלאָטע, אינ די האָרע־כוישעכ ארײַנ? ביזוואנענ וועט איר איבער אײַך האָבנ באהעלפערס מיט לאנגע פארעווע קעשענעס, וואָס לאקכענענ אראָפּ פונ אײַער מיטיק, פונ ווארמעס?.. ווער איז דענ שולדיק, וואָס באַ אײַך זענענ דאָ אזעלכע שטאָט־מענטשנ, אזעלכע פירער, אזעלכע פאָפּעטשיטעליעס? איכ מיינ, כלעבנ, ניט זיי זענענ שולדיק! שולדיק זענענ די אומשטענדנ, וואָס האָבנ פריִער געבראכט דערצו, עס זאָל באַ אײַך זײַנ א טאקסע אוכדוימע אזעלכע פּאָריאדקעס, שולדיק זענענ די אומשטענדנ, וואָס האָבנ אײַך פארשלאָגנ דעמ קאָפּ, וואָס האָבנ אײַך געמאכט צומ נאר, צוגענומענ דעמ מוט, וואָס האָבנ אײַך פארבלענדט אונ פאר־שלעפערט. די אומשטענדנ האָבנ זיכ, מיט גאָטס־הילפ, הײַנט געענדערט. שטייט־זשע אופ, ייִדנ, שטייט אופ פונ דעמ לאנגנ שלאָפ! גענוג צו זײַנ פארפירט, פארבלענדט, גענוג זײַנ נאראָנימ!.. זײַט מענטשנ מיט סייכל, מיט מוט, ווי גאָט אונ די טײַערע רעגירונג האָט געבאָטנ. דאָלוי דאָס קעסטעלע! דאָלוי די אָנגערופענע באלטויוועס! דאָלוי זייערע ביטערע, פינצטערע פּאָריאדקעס! גענוג צו שלאָפנ! גענוג כאלוימעס, פאָלגט די רעגירונג אונ שטייט אופ, ייִדנ, שטייט אופ!..

פרעכמאנס קאָל פונ דעמ אוילעמ. הערט, ייִדנ, דאָס אזעס! הערט, וואָס דער אפיקוירעס זאָגט, וואָס ער וויל! (ער מאכט א קולאק).

מענדל דעמ געלנס קאָל. נישקאָשע, איכ האָב געזענ, דאָ זײַנענ אלע שקאָצימ!

איינ באלמעלאָכע. אוי, איכ האָב מוירע, כלעבנ, מע זאָל מיכ ניט דערזענ!

א צווייטער. מע קענ אונדז אָנטונ פאקאָסטנ.

א דריטער. מע קענ אונדז ארײַנשטעלנ סאָלדאטנ... דער סבאָרשטשיק קענ אונדז ווידער מאָנענ צומ רייסטער...

א פערטער. ברידער, לאָמיר מאכנ א פלייטע!

איינ סויכער. איכ קאָנ נאָכ, כאָלילע, אָנווערנ דעמ קרעדיט!

צווייטער סויכער. איכ דארפ מאָרגנ נעמענ באַ שטאנדהאפטנ אנ אָנווײַזונג!

דריטער סויכער. מע קענ מיר אָפּטונ א שפיצל!

פערטער סויכער. מע קענ אפ מיר אויספּילנ וועקסלענ!

א באלעבאָס. עס וועט מי־, כאָלילע, שאטנ צומ שידעכ מיט מײַנ בסולע!

נאָכ איינער. מע קענ מיכ מאכנ פאר א דאָנאָסטשיק!

א דריטער. קומט אוועק גיכער! (דער אוילעמ צעגייט זיכ, וועקער בלײַבט שטיינ איינע אליינ מיט צונויפגעלייגטע הענט).

פרעכמאנ. אוילעמ, הערט, אוילעמ, וואָס ער וויל מאכנ! (נײַע אנדערע מענטשנ גייענ צו).

קוילעס פונ דעמ אוילעמ. ווער מאכנ? ווער וויל מאכנ?

פרעכמאנ. ער וויל מאכנ גימנאזיעס.

מענדל. שקאָלעס!

עטלעכע קוילעס (פונ דער זײַט). ער וויל מעוואטל זײַנ די טאלמעטוירע!

א קאָל פונ איינ זײַט. ער וויל אָפּשמאדנ ייִדישע קינדער!

א קאָל פון דער אנדערער זײַט. ער איז א ווילדער אפיקורעס!
פרעכמאַן (צווישן דעם אוילעם). שרײַט, ייִדן, שרײַט!
א געזונגטער סוכער מיט א פופעק. ווער בעט אײַך, וועקער, איר זאָלט זיך מישן? איר זײַנט דאָך ניט קיין היגער.
נאָך א סוכער. נישקאָשע, שטאנדהאפט איז אונדזוערער, אונדזוערער!
א ליאדער פאבריקאנטל. וועקער, ספּאָדעק, כלעבן, הערט אײַך, ווי דעם קאָטער!
עטלעכע קולעס. ער זאָל טאקע לעבן און געזונט זײַן, רעב איצע־וואָלף ספּאָדעק.
נאָך עטלעכע קולעס. עס איז דאָך א האָזע צו רעדן אפ אזעלכע גוטע און פרומע מענטשן. אפ אזעלכע באלצדראָקעס. וואָס זאָרגן זיך לעטויוועס־האקלאל, און זענען זיך, נעבעך, מאקריוו טאָמיד פאר ייִדן! ווו איז דער אפיקורעס? (וועקער שטייט שטיל אינמיטן דעם רעדל און קוקט אָן דעם אוילעם מיט א פּאָר פּײַערדיקע אויגן).
א קאָל (פון דער זײַט). אָך, שלוימע. ווו ביסט דו, שלוימע?...
קולעס אין דעם אוילעם. מאכט אים א וועג! אן אָפּיצער גייט, אן אָפּיצער מיט פּאָליעטן.
דאָס פרײַערדיקע קאָל. אך, וואָס הער איך, וואָס זע איך, שלוימע?
עטלעכע קולעס. הערט נאָר, הערט—דער אָפּיצער רעדט ייִדיש!
וועקער (קוקט זיך צו און טוט א געשריי). אך. געדאליע! מײַן טײַערער געדאליע! (ביידע פרײַנט קושן זיך און וויינען).
פּיקהאָלצ. געשווינד. שלוימע, אוועק פונדאנען! אוועק, אוועק פון די ייִדן, פון די פרומע, פון די ערלעכע ייִדן!
וועקער. (קוקט שארף אָן פּיקהאָלצן פונויבן ביז א־אָפּ, טרעט אָפּ פון אים עטלעכע טריט און ווײַזט אים אפ זײַנע פּאָליעטן). געדאליע, וואָס איז?.. אך, וואָס איז אָט אָ דאָס?! דו זאָגסט, איך זאָל אוועק פון די ייִדן!..
פּיקהאָלצ (נעמט אָן וועקערן פאר דער האנט). נישקאָשע, שלוימע, איך בין א ייִד! איך שטאָל־ציר מיט דעם נאָמען ייִד און האָב ליב דעם קלאל ייִדן, אסאך בעסער, כלעבן, ווי דײַנע היגע אלע באלטויוועס. איך האָב זייער גוט געוווּסט, אז קאָלזמאנ ייִדן וועלן בא זיך האָבן באל־טויועס, וועט אונדזוער איינער ניט קענען אופהייבן דעם קאָפּ, עס וועט נאָר אומזיסט זײַן די מי צו פארבעסערן זייער צושטאנד. די באלטויוועס וועלן אלצדינג גויווער זײַן און שטעלן אפ דאָס זייעריקע... געדענקסטו, שלוימע, איך האָב דיר געזאָגט, בעשאס איך בין געוואָרן אויס ראָוו: איך וויל ניט ווירקן, בא ייִדן, האָב איך געזאָגט, וויל איך ניט ווירקן. און באלד בין איך פון טונעיאדעוועס גלײַך אוועקגעפאָרן אין דער אוניווערסיטעט. איך בין איצט דאָקטער אין וואָיענעם האָספּיטאל, איך נוצ איצט פאר מיר, פאר מײַנע קראנקע מענטשן, נעבעך, און פאר מײַן טײַער פּאָטערלאנד, מע האָט מיך ליב, כאָטש איך בין א ייִד. אלעווײַ, שלוימע, וואָלסטו דערנסטמאָל געפאָלגט מײַנע ווערטער און דיר ניט ארײַנגענומען אין קאָפּ צו ווירקן בא ייִדן, וואָלסטו היינט, נעבעכ, אזויפיל ניט געליטן, ניט געווען אזוי אָרעם. נישקאָשע, איך בין שוין גע־ווען בא דיר אינדערהיים און האָב אלצדינג געזען! (ער ווישט זיך די אויגן).
וועקער. אך, געדאליע, געדאליע, לעמײַ האָסטו מיר דערנסטמאָל געעפנט די אויגן, געדאליע!
פּיקהאָלצ (אופגעבראכט). נעמ, שלוימע, דײַן פּעקל אפ די פּלייצעס, א שטעקן אין דער האנט און גיי אוועק געשווינד, ווהין די אויגן טראָגן! בא ייִדן, זאָג איך דיר נאָכאמאָל, בא ייִדן וועסטו גאָרניט מאכן. פאר די דאָזיקע, וואָס דו נעמסט זיך אָן, די אליין טאקע וועלן דיר זײַן סאָנים! ייִדן שלעפּן אפ זיך אליין ארופ דעם דאלעס, דעם גאָלעס... און אז זאיקע, ווי איך האָב געהערט, האָט זיך בעעמעס מאקריוו געווען, רופט זיך דען איינער אָן א וואָרט, פארוואָס מוטשעט מען אים? ווארט, עס וועט נאָך אָנקומען, מע זאָל דעם ערלעכן זאיקען פארשיקן! קום, שלוימע! קום, מע דארף טראכטן, אז דו זאָלסט נאָך באצײַטנס אנטלויפן פון גלופסק!.. (זיי גייען. אײַזיק זאיקע קומט פלוצים אָן מיט סאָלדאטן).
אײַזיק (שרײַט פון דערווײַטנס נאָך וועקערן). פאַ־פאַ־פאַני וועקער! א, ווע־ווע־וועקער, פאַ־פאַני וועקער!

פּרעכמאַנ (לאַכט אינ פאַרשרײַט אים, קעדיי וועקער זאָל ניט דערהערנ). כאַ־כאַ־כאַ! אַנ אווײרע אײַער שרײַענ, רעב אײַזיק, מע וועט אײַך ניט דערהערנ!..

עטלעכע ווײַסעכעווערעניקעס (קרימענ נאָך זאַיקענ). נו, ווע־ווע־ווער איז שטאַרקער: צי א דאָ־דאָ־דאָנאָסטשיק אָדער די שטאָ־שטאָ־שטאָט?

מענדל דער געלער (צו די סאָלדאַטנ). ווערדיטיע יעהאָ אווו טיורמו.

אײַזיק (פאַרביטערט). בע־בע־בעסער, כלעבנ, אינ דער טורמע, אײדער צו שטײנ דאָ מיט פּ־פּ־פּרעכמאַנענ, מיט מע־מע־מענדל דעמ געלנ אונ מיט נאָך אזעלכע פּאַ־פּאַ־פאַרשוינענ... אינ דער טורמע, כלעבנ, זײַנענ ניטאָ אזעלכע אָפּאַ־פּאַסנע מענטשנ... (ער גײט אוועק מיט די סאָלדאַטנ).

פּרעכמאַנ (שרײַט אימ נאָך) אזעספּאָנעמ!

מענדל. שײגעצ!

ווײַסעכעווערעניקעס (מאַכנ זאַיקענ א הורא אונ לאַכנ). הורא, דאָנאָסטשיק! כאַ־כי, כי־כי־כאַ...

## נײַנטע סצענע

נעבנ דער ראָגאַטקע. אפ א וועגעלע ליגנ אָנגעלײגט: אַנ אלטע בעט, א צעבראָכענער שרײַבטיש, א קופערט, עטלעכע מולטערלעך מיט קלומקעס, דערופ זיצט שלוימע וועקער, באַסיע מיט די קלײנע קינדער.

וועקער (הײבט זיך שטײנ, קריכט אראָפּ פונ דעמ וואָגנ, באקוקט ארויס עפּעס א קלײנ זעקעלע, קערט זיך דערנאָך אימ מיט דעמ פּנימ צו דער שטאָט אונ זעגנט זיך מיט די ווערטער). זײַ געזונט, גלופּסק, די גרויסע יידישע שטאָט פונ דעמ גאנצנ ווינקל, וואָס אינ דיר באגעגנט מענ טויזנטער מענטשנ מיט בלייכע, אויסגעצויגענע פּנעמער, אזוי ווי די מייסימ, וואָס אינ דיר באגעגנט מענ זײער פיל עוויזוינימ, אויסגעדארטע, אײַנגעהויקערטע, קרענקלעכע, אומגליקלעכע מענטשנ, דערפאר וואָס בא זײ זענענ ניטאָ קײנ גוטע פּאָריאדקעס, אינ זענענ, נעבעכ, פארפירט, פארבלאָנדזעט, פאר־מאַראָטשעט, אונ איטלעכער בלאָנדזעט זיך ארומ, ווי א בלינדע שעפעלע! זײַ מיר געזונט, דו אומגליקלעכע שטאָט, וואָס אינ דיר זענענ דאָ אסאַכ כעווריעס, אסאַכ פּושקעס, אסאַכ גאַ־באָימ, אסאַכ מעיוכאָסימ, אסאַכ באַלטויוועס אונ אסאַכ יידנ קאַפּצאָנימ... זײַ געזונט אויכ דו, כײלעק שטאָט, וואָס דאָרטנ זיצנ די אָרעמעלײַט אינ קלײנע נידעריקע כורוועס, אינ לעכער, אינ קעלערס, ביז דעמ האלדז אינ בלאָטע, זײַ געזונט, דו וויסטער כײלעק שטאָט, וואָס דאָרטנ פלעג איכ עפּטער גײנ צו זענ, וויאזוי מענטשנ קומענ דאָס אביסל אָפּ, ערגער נאָכ עפּ־שער, ווי אינ גענעמ! צווענ די ביטערע לאַגע פונ דעמ אָרעמאַנ, וויאזוי, נעבעכ, ער זיצט, וויאזוי, נעבעכ, ער שלאָפט, וואָס ער עסט, וויאזוי זײַנ ווײַב ליגט אינ קימפּעט, וויאזוי זײַנע קינדער וואלגערנ זיכ, וויאזוי זײ גײענ אָנגעטאָנ אונ וויאזוי זײ ווערנ אופגעצויגנ... זײַ געזונט נאָכאמאָל, די גרויסע יידישע שטאָט, וואָס אינ דיר לײַדנ אלע ערלעכע לײַט, וואָס אינ דײַנ טורמע זיצט דער ערלעכער זאַיקע, אונ אינ דײַנע גאסנ פאָרנ ארומ אפ דראָזשקעס שינדער, שיפּרעס, מענדל, פּרעכמאַנ מיט זײער גאנצער כאָפּטע; וואָס אינ דיר האָב איכ געליטנ כינע, קינע, רעדיפעס אונ דאכקעס; וואָס אינ דיר האָב איכ באגראָבנ מײַנע יונגע יאָרנ מיט אלע מײַנע גוטע האָפענונגענ; דיר האָב איכ איבערגעלאָזנ אלצדינג אונ פיר ארויס א הארצ פול מיט ווונדנ אונ אויכ דאָס קלײנע זעקעלע! (ער הײבט אופ דאָס זעקעלע אינדערהײכ) אינ דעמ זעקעלע ליגט די בלאָטע, וואָס איכ האָב אָפּגעשאָבנ פונ דער פּאָדלאָגע, אינ מײַנ קלײנ שטיבעלע, די בלאָטע איז געוואָרנ פונ די טײַכלעכ טרערנ, וואָס לײַדנדיקע, געפאלענע, הונגעריקע, גערוידעפטע, באריסענע פלעגנ פארגיסנ אינ זיינענ בא מיר אינ שטיבל. דאָ ליגנ די טרערנ פונ אײַזיק זאַיקעס ווײַב, די טרערנ פונ זײַנ מײדל, די טרערנ פונ א פאמיליע, וואָס מע האָט פארשיקט זײער טאטנ אונ די טרערנ פונ נאָכ אנדערע פארוויסטע אונ פארוואָגלטע... (ער קושט דאָס זעקעלע אונ זעצט זיך אפ פאָרנ. פּריצים יעט מענ א פּראַמ פײַער איבער דער שטאָט, א שרעקלעכער ביז דעמ וואָלקנ, פונקענ אונ גאנצע האָלאָוועשקעס פלינענ. דער הימל איז רויט, די גלעקער קלינגענ. וועקער שטעלט זיך אפ דעמ וואָגנ, די אויגנ פײַערנ אימ. דאָס גאנ־צע פּנימ איז שרעקלעכ, פאר אנמעסנפּעש הײבט ער אופ די האַנט אפ דער שטאָט אונ זאָגט מיט א ציטערדיקנ אונ ווײנענדיקנ קאָל)!

אַבֿ, גלופּסק! אַ צאָרן פֿון גאָט איז אויף דיר אויסגעגאָסן, ער שטראָפֿט דיך מיט זײַנע פֿיר שרעקלעכע שטראָפֿן. ער שטראָפֿט דיך בעראָעוו—מיט הונגער, בעדעווער אומאַגייפֿע—מיט כאָליערע, בעייש—מיט פֿײַער, מיט סרייפֿעס, אובעכאַיעס ראָעס—מיט שטאָט־באַלטויוועס... גאָט האָט דיך געשטראָפֿט, גאָט זאָל אויף דיר ראַכמאָנעס האָבן! גאָט זאָל געבן אין האַרצן פֿון דער גוטער און פֿרומער און באַרעמהערציקער רעגירונג, אַז זי זאָל אויף דיר אַ בליק טון מיט כעסעד און מיט ראַכמאָנעס! זי זאָל סליעדעוועו, נאָכפֿאָרשן און דערווײַטערן פֿון דיר די אומגערעכטיקײַט, זי זאָל דיר געבן מוט און דיך נעמען אונטער איר שוץ! זי זאָל מאַכן אין דיר גוטע אָרדענונגען, עס־זאָל מער ניט געהערט ווערן אין דיר דאָס געוויין, דאָס קרעכצן פֿון אָרעמעלײַט, פֿון געמוטשעטע און געראַדעפּטע מענטשן... איטלעכער אין דיר זאָל זײַן צופֿרידן און זאָלסט דינען צום בײַשפּיל אַלע, אַלע אַנדערע יידישע שטעט. לעסאַטע, נעבעך, איז דיר ניט גוט, זייער ניט גוט!.. (ער טוט אַ שמיץ די פֿערדלעך און פֿאָרט אַוועק ווײַטער).

---

# האקדאָמאס מענדעלע מויכער-ספאָרים

אָמאר מענדעלע מויכער־ספאָרים — זאָגט מענדעלע מויכער־ספאָרים: געלויבט איז דער בוירע, וואָס באשטימט דעם גאנג פון די גאלגאלים אין די הימל אויבן און דעם גאנג פון זייַנע אלע באשעפעניש אפ דער ערד אונטן. אפילע א גרעזעלע קריכט נישט ארויס פון דער ערד, ביזוואַנען א מאלעכ שלאָגט עס נישט און זאָגט: וואקס! קריך ארויס! מיקאָלשקן א מענטש, ער האָט אוואדע א מאלעכ, וואָס שלאָגט אים און זאָגט: גיי, גיי, קריך ארויס! און מיקאָלשקן נאָכמער די פייַנע מענטשעלעכ, שיינע ייִדעלעכ. — קיין נאר כאַפּט זיך פריִער פון איטלעכן נישט ארויס מיט א וואָרט בא אונדז, קיין שויטע ווערט נישט קיין באל־אייצע, קיין אמאָרעץ — א כאָסיד, קיין גראָבער יונג — א מאסקיל, ביזוואנען עס שלאָגט נישט איטלעכן פון זיי זייַן מאלעכ, נײטנדיק אים דערצו. עס שלאָגן די מאלאָכים אויך אלע מינים קאפּצאָנים אונדזערע, זאָגנדיק: וואקסט, קאפּצאָנים, עוויונים, דאלפאָנים, געבוירענע, אָפּגעקומענע, אָפּענע, פארבאָרגענע, שפּראָצט, וואקסט, ווי גראָז, ווי קראָפּעווע! גייט, ייִדישע קינדער, גייט — איבער די הייַזער!..

נאָר נישט דאָס אָבער בין איך אויסן. איך בין אויסן צו דערציילן דאָ אייַך, ראבויסים, ווי איינער פון אונדזערע ברידער איז פארגאנגען העט, העט אין די ווייַטע מעקוימעס און האָט דערמיט קוינע־שעם געווען.

אלע ענגלישע און דייַטשע גאזעטן זענען פאראיאָרן פול געוועזן מיט דער וווּנדערלעכער נעסיִע, וואָס ביניאָמין, א פּויליש ייִדל, האָט געמאכט אין די ארצויס־האמיזרעך ערגעץ. „סטייַטש, סטייַטש, — האָבן זיי זיך געכידעשט, — א ייִד, א פּוילישער ייִד, אָן קלייזייַען, אָן מאשינעס, נאָר מיט א טאָרבע אפ די פּלייצעס און מיט א טאלעס־און טפילן־זאק אונטערן אָרעם זאָל אָנשפּארן אין אזעלכע ערטער, וווּ גרויסע בארימטע ענגלישע רייַזנדע האָבן אהין נישט געקענט צוקומען! נישט אנדערש, אז דאָס איז געשען נישט מיט קיין מענטשלעכן קויעכ, עפּעס נאָר מיט אזא קויעכ, וועלכן דער סייכל קען קלאל נישט מאסיג זייַן, דאָס הייסט, דער סייכל איז פּונקט נישט אזוי בעקויעכ, אזוי ווי דער דאָזיקער קויעכ איז ניט בעסייכל". נאָר בעכאָל האָויפאנים, ווי די מייַסע איז שוין דאָרט געווען, ביניאָמינען האָט די וועלט צו דאנקען פאר די כידושים, גרויסע זאכן, וואָס זענען דורך אים אנטפּלעקט געוואָרן, און פון איצט אָן וועט די מאפּע אָדער די לאנדקארטע באקומען גאָר אן אנדער פּאָנעם. ביניאָמין פּארדינט מיט רעכט דעם מעדאל, וואָס די געאָגראפישע געזעלשאפט אין לאָנדאָן האָט אים געגעבן...

די ייִדישע גאזעטן האָבן די דאָזיקע רייד אויפגעכאפּט מיט ביידע הענט און געהאט דערמיט צו זינגען און צו זאָגן דעם גאנצן פאראיאָרעדיקן זומער, אזוי ווי איטלעכן, וואָס לייענט די דאָזיקע גאזעטן, איז באקאנט. זיי האָבן אויסגערעכנט אלע כאכאָמים, וואָס זענען בא ייִדן געווען פון אָדעם־האָרישן אָן ביז אצינד, ביכדיי צו באווייַזן, וואָס פאר א קלוג פאָלק ייִדן זענען. האָבן אויך אויסגעשטעלט א צעטל פון די נויסים (רייַזנדע) אין אלע צייַטן פון ביניאָמין דעם ערשטן, מיט א זיבן הונדערט יאָר צוריק, און ביניאָמין דעם צווייטן מיט דער גאנצער כעוורע נויסים,

וואָס וואַנדרעווען הײַנט בײַ אונדז אַרום. און בכדי מאַפּליג צו זײַן די נעסיע פון אונדזער איצטיקן בנימינ, האָבן זיי, ווי דער שטייגער איז פון ייִדן, דערווײַל פון יענע בלאָטע געמאַכט און געזאָגט, אַז די גאַנצע קנופּיע הײַנטיקע נוסים זענען טאַקע נאָר פּראָסטע שלעפּערס, ווײַסן נישט פון זייער כּיעס, די גאַנצע נעסיעס זייערע, מישטיינסגעזאָגט, באַשטייט נאָר דרינען, אַרומצושלעפּן זיך, ווי מעקאַבלים, איבער די הײַזער. זיי האָבן אַלע אַ פּאָנעם ווי מאַלפּעס אַנטקעגן איצטיקן בנימינ, אַקעגן בנימינ דעם דריטן, דעם עכטן, עמעסן נויסייע. זיי האָבן אַפּ אים און אַפּ די ספאָרים, וואָס מע האָט געמאַכט פון זײַן נעסיע, געזאָגט, ווי געוויינטלעך, דעם געוויסן פּאָסעק: לוי באָ קעבויסעם האַזע, דאָס טײַטש: ס׳איז נאָך אַזעלכע בסאָמים, אַזעלכע שמעקנדיקע געווירצ בײַ ייִדן קיינמאָל נישט געווען. געבענטשט און אײַנגעוויקלט מיט דימענטן זאָל ווערן דער דאָזיקער, — האָבן זיי אַלע פּע־עכאָד געזאָגט, — וועלכער עס וועט דעם טײַערן איצער פון בנימינס נעסיע, וואָס געפינט זיך אין אַלע פרעמדע לעשוינעס, איבערטראָגן אויך אין לאָשנקוידעש, ניכײַ לאָזן ייִדן, נעבעך, אויך פאַרזוכן די פאַטעקע, וואָס רינט פון ייִדישן בינשטאָק, און זאָל זיי דערפון ליכטיק ווערן אין די אויגן.

וועאַני מענדעלע — און איך מענדעלע, וואָס מײַן קאַוואָנע איז טאָמיד נוצן צו ברענגען אונדזערע ייִדעלעך קעפּי מײַן מעגלעכקײַט, האָב איך מיך נישט געקענט אײַנהאַלטן און געזאָגט: איידער די ייִדישע מעכאַברים, וואָס זייער מינדסטער פינגער איז גרעבער פון מײַנע לענדן, אייִדער זיי וועלן זיך אויסשלאָפן אַרויסגעבן די ספאָרים פון בנימינס נעסיע אין לאָשנקוידעש, וועל איך דערווײַל מיך פּרווון כאָטש אַ קיצער פון זיי אַרויסגעבן אַפּ פּראָסט ייִדיש. איך האָב אָנגעטורט מײַנע לענדן ווי אַ גיבער, און ווי אַלט און שלאַפּ איך בין, לוי־אַלייכעם, האָב איך מיר פאָרט שטאַרקע מי געגעבן אַרויסצובאַקומען פונעם גרויסי אויצער אַזעלכע איניאָנים, וואָס טויגן פאַר די קינדער ייִסראָעל, און צו דערציילן זיי פרײַ קעפּי מײַן שטייגער. איך האָב עפּעס געפּילט, ווי מע שלאָגט מיך פון אויבן מיט די ווערטער: האָקיצאָ, מענדעלע, כאַפּ זיך אויף, מענדעלע, און קריך אַרויס פון אונטערן אויוון! גיי נעם אָן פּולע הויפנס געווירצ פון בנימינס אויצער און מאַך דערפון פּאָטראַווע צו דײַנע ברידער אַזויווי זיי האָבן ליב. איך בין מיט גאָטס הילף אַרויסגעקראָכן און צוגעברייט די געשמאַקע שפּײַז, וואָס איך שטעל איצט דאָ פאַר אײַך אַנידער. עסט, ראַבויסים, לאָז אײַך וווילן באַקומען!

---

### דאָס ערשטע קאַפּיטל

# ווער דער בּיניאָמינ איז, פונוואַנעג ער איז און ווי די נעסיִע האָט פּלוצים צו אים זיך גענומען.

„קאָל יאָמיַ, אזוי זאָגט בּיניאָמינ דער דריטער אַליינ, קאָל יאָמיַ ניסגאַדאַלטי בּעטונעיאַדעווקע—מײַנ גאַנצ לעבּנ, דאָס הייסט בּיז מײַנ גרויסער נעסיִע, בּינ איך ניסגאַדל געוואָרנ אינ טונעיאַדעווקע, דאָרט בּינ איך געבּוירנ געוואָרנ, דאָרט בּינ איך דערצויגנ געוואָרנ, און דאָרט האָבּ איך לעמאַזל כאַסענע געהאַט אימ אישטי, מיט מײַנ פּלוינעסטע האַצנוע מאָראַס זעלדע טיכיע".

טונעיאַדעווקע דאָס קליינע שטעטל איז א פאַרוואָרפּנ ווינקל, אָנדערזײַט פונעמ טראַקט, קימאַט אָפּגעריסנ פונ דער וועלט אזוי, אז ווענ אמאָל מאַכט זיך איינער קומט אהינ צו פאָרנ, עפנט מענ די פענצטער, די טירנ און מע קוקט פאַרוווּנדערט אָנ דעמ פרישנ פּאַרשוינ. שכיינימ פרעגנ איינער בּאמ אַנדערנ, ארויסקוקנדיק פונ די אָפענע פענצטער, קאַשעס: הא, ווער זאָל עס אזוינס זײַנ? פונוואַנעג האָט ער פּלוצים פונ דער העלער הויט אהער זיך גענומענ? וואָס קענ אזעלכער בּאַדאַרפנ? האָט ער עפּעס נישט א מיינ? עפּעס אזוי גלאַט קענ עס ניט זײַנ, גלאַט אזוי דענ נעמט מענ און מע קומט? מיסטאַמע ליגט דאָך דאָ עפּעס, וואָס מע מוז עס דערגיינ... דערבּײַ וויל איטלעכער ארויסווײַזנ זײַנ כאָכמע, זײַנ גענייטשאַפט, בּויכ־סוואָרעס פאַלנ, ווי מיסט. אַלטע לײַט דערציילנ מײַסעס און בּרענגענ מעשאָלימ פונ אָרכימ, וואָס זענענ אינ דעמ און אינ דעמ יאָר געקומענ אהער צו פאָרנ. באַלע־האַמצאָעס זאָגנ מיקויעכ דעמ ווערטלעכ, אבּיסל עפּעס נישט קיינ שיינע. מאַנצבּלענ האַלטנ זיך בּא די בּערדלעכ און שמייכלענ; אַלטע ווײַבּער זידלענ אָפּ די בּאַלע־האַמצאָעס אפּ קאַטאָוועס, מיט א בּייזער אי מיט א לאַכנ איניינעמ; יונגע ווײַבּלעכ דערלאַנגענ פונ די אַראָפּגעלאָזענע אויגנ א געבּויגענעמ קוק פונ אונטנ ארופּ, האַלטנ די האַנט אפּנ מויל און שטיקנ זיך, לאַכנדיק אינ פויסט. דער שמועס מיקויעכ דעמ דאָזיקנ איניענ קײַקלט זיך פונ שטוב צו שטוב, ווי א קויל פונ שניי, און ווערט קײַקלענדיק זיך אַלצ גרעסער, גרעסער, בּיז ער קײַקלט זיך ארײַנ אינ בּעסמעדרעש סאַמע אונטערנ אויווּנ, אינ דעמ אָרט, וואָס אהינ פאַרקײַקלענ זיך אַלע שמועסנ פונ אַלערליי איניאָנימ, הענ סוידעס פונ שטובּ־זאַכנ, הענ פּאָליטיקע מיקויעכ סטאַמבּול, מיקויעכ דעמ טויגער אומיקויעכ קירענ, הענ געלט־געשעפטנ, מיקויעכ ראָטשילדס פאַרמעגנ אינ פאַרגלײַכ מיט די גרויסע פּריצימ און די אַנדערע געוויסע נעגידימ, וועהענ פּאָטשטנ מיקויעכ די גזיירעס אומיקויעכ די רויטע ייִדלעכ אוכדוימע, און וואָס דאָרט קלײַבּט זיי פאַנאַנדער קעסיידער א בּאַזונדער קאָמיטעט פונ שיינע בּאַטאָגטע ייִדנ, וואָס זיצנ שטענדיק א גאַנצנ טאָג בּיז שפּעט אינ דער נאַכט, זײַנענ מאַפקער ווײַבּ אי קינדער און גיבּנ זיך מיט די אַלע געשעפטנ טאַקע עמעס געטרײַ אָפּ, טוענ זייער זאַכ בּישליימעס, גלאַט אזוי לעשעמ־שאָמאַיִמ, נישט צו נעמענ פאַר זייער מי, פאַר זייער פּראַצע אפילע א צעבּראָכענעמ העלער. פונ דעמ דאָזיקנ קאָמיטעט גייענ אָפּט די איניאָנימ אוועק אינ בּאָד אפּ דער אייבּערשטער בּאַנק, און אפּ א פּולער אַסיפע פונ שטאָט־בּאַלעבּאַטימ ווערנ זיי דאָרט בּאַשטעטיקט, וועהאַקויל שאָריד וועקאַיאָמ, אז דערנאָכ זאָלנ אפילע קומענ קאָל מאַלכע מיזרעכ און מײַרעוו, זיכ שטעלנ מיטנ קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס ארופּ, וועלנ זיי גאָרנישט פּועלנ. דער טויגער איז שיר איינמאָל נישט אומגליקלעכ געוואָרנ אפּ אַזא אַסיפע אפּ ז'ער אייבּערשטער בּאַנק. ווענ עטלעכע יוסטע בּאַלעבּאַטימ זאָלנ נישט געוועג האַלטנ מיט אימ בּלאַט, ווער ווייסט, ווו ער וואָלט איצט אָנגעשפּאַרט.

ראָטשילד, נעבעך, האָט שיר ניט פארלוירן דאָרט עפּעס א צען — פופצן מיליאָן. דערפאר האָט אים גאָט געהאָלפן אין א פּאָר וואָכן ארום, דער אוילעם איז געווען, ווי מע זאָגט, בעגילופן, אף דער אייבערשטער באנק איז גראָד געווען לעבעלעך, די בעזעמלעך האָבן זיך געהויבן און מע האָט אים מיטאמאָל צוגעלאָזט ריין פארדינסט אנטקעגן א ק"ן (קאן) מיליאָן קערבלעך!

די איַינוווינער אליין אין טונעיאדעווקע זענען, נעבעך, קימאט אלע, לוי־אלייכעם, שטארקע דאלפּאָנים, נאָר דעמ עמעס מוז מען זאָגן, זיי זענען פריילעכע עווייוינים, לוסטיקע קאפּצאָנים, ווילדע באלע־ביטאָכנס. אז מע זאָל, אשטייגער, פּלוצים א פרעג געבן א טונעיאדעווקער ייִדן: פונוואנען און וויִאזוי ער איז זיך מעפארנעס? בלייַבט ער טכילעס שטיין ווי צעמישט, ווייסט, נעבעך, נישט, וואָס צו ענטפערן, נאָר שפּעטער אביסל אָבער קומט ער צו זיך און ענטפערט ביט־מימעס:

— איך, ווי ארום איך לעב, איך? עט, ס'איז דאָ א גאָט, זאָג איך איַיך אָט־אָ, וואָס פאר־לאָזט נישט אלע זיַינע באשעפעניש, ער שיקט צו און וועט מיסטאמע וויַיטער צושיקן, זאָג איך איַיך אָט־אָ.

— פּאָרט, וואָס טוט איר אזוינס? האָט איר כאָטש עפּעס וואָס ס'איז פאר א מעלאָכע אָדער א פּארנאָסע אין דער האנט?

— געלויבט איז האשעם־ייִסבאָרעך. איך האָב, באָרעכאשעם, אזוי ווי איר קוקט מיך אָן אָט־אָ, א מאטאָנע פון זיַין ליבן נאָמען, א קיילע, א קויל־נעגינע און דאוון מוסאָפים יאָמים־נויראָים אין דער סוויווע; איך פיר אמאָל אויס א שידעך, פיר איך אויס; איך האָב א שטאָט, אזוי ווי איר קוקט מיך אָן אָט־אָ, אין דער שול; היַינט האלט איך אויך, צווישן אונדז זאָל עס בלייַבן, א שענקל, וואָס מעלקט זיך צו ביסלעך; איך האָב א ציג, וואָס מעלקט זיך אָן איינהאָרע זייער גוט, און האָב נישט וויַיט פונדאנען א ריַיכן קאָרעװ אָט־אָ, וואָס לאָזט זיך אונטער א שלעכטער ציַיט אויך אביסל מעלקן. היַינט כוץ די אלע זאכן, זאָג איך איַיך אָט־אָ, איז גאָט א טאטע און די ייִסראָעל זיַינען ראכמאָנים בניי ראכמאָנים, זאָג איך איַיך אָט־אָ, נישט צו פארזינדיקן!...

אויך מוז מען די טונעיאדעווקער איַינוווינער דעמ שוואך נאָכזאָגן, אז זיי זענען צופרידן מיט וואָס גאָט גיט און קלויבן, כאָלילע, אין דער האלבאָשע און אין דעמ עסן שטארק נישט איבער. אז די שאבעסדיקע קאפּאָטע, אשטייגער, איז צעהאקט, צעפּאלן, צעריסן, אביסל פאר־שלומפּערט און עפּעס נישט אזוי ריין, מאכט אויך נישט אויס, אבי זי איז פּאָרט פון אטלעס און גלאנצט. איַי ערטערוויַיז קוקט, ווי פון א רעשעטע, ארויס דאָס הוילע ליַיב, — מיילע, וואָס ארט עס וועמען, ווער וועט זיך דאָ אזוי שטעלן צוקוקן? לעמיַי פּיאטעס, מיט וואָס איז דאָס ערגער פון אויסגעריבענע פּיאטעס? פּיאטעס איז רען נישט קיין ליַיב, קיין מענטשנפלייש?... א שטיקל ברויט מיט א קוליש, אבי ס'איז נאָר דאָ, איז זייער א גוטער מיטיק. ווער שמועסט — א בולקע מיט א ראָסלפלייש פּריַיטיק, ווער עס האָט נאָר, דאָס איז טאקע א מיַיכל־מעלאָכים, קיין בעסערס דערפון איז שוין, דאכט זיך, אף דער וועלט נישטאָ. לאָז מען זיי דערציילן, אשטייגער, פון אנדערע מינע פּאָטראוועס כוץ פיש־יויך, געבראָטנס און א מערנ־ אָדער א פּאָסטערנאק־צימעס, קומט זיי דאָס אויס עפּעס מעשונגע ווילד און זיי זאָגן דערוף אָפּ פארשידענע ווערטלעך מיט דעמ גרעסטן געלעכטער, גליַיך ווי דער, וואָס זאָגט עס, איז נאריש, מעשוגע, און וויל זיי אויך מאכן מעשוגע, איַינריידן זיי א קינד אין בויך, א קו איז געפלויגן איבערן דאך און געלייגט אן איי. א שטיקל באָקסער — דאָס איז אזא פיירע, וואָס מעכיַיע־נעפאָשעס. קוקנדיק דערוף, דערמאָנט מען זיך אין ערעצ־ייִסראָעל, נישט איין מאָל פארגלאָצט מען דער־ביַי די אויגן מיט א קרעכצ: אך, וועסויליכיינו קוימעמיִוס — זאָלסט אונדז, הארצעדיקער פאָטער, פירן קוימעמיִוס, טאקע וואָס קוימעמיִוס הייסט, לעארציינו — צו אונדזער לאנד, וואָס ציגן עסן דאָרט באָקסערן!.. אלפי מיקרע האָט איינער אמאָל אין דעמ שטעטל גראָד געבראכט א טייטל. האָט איר באדארפט זען, וויִאזוי מע איז דאָ געלאָפן אָנקוקן אף כידושים, מע האָט אופגעמישט א כומעש און געוויזן, אז טוימער — דער טייטל שטייט אין כומעש! סטיַיטש, דער טייטל, אָט דער טייסל וואקסט דאָך פון ערעצ־ייִסראָעל!.. קוקנדיק אפן טייטל האָט זיך אויסגעדאכט, ערעצ־ייִסראָעל איז פאר די אויגן, אָט גייט מען איבער דעמ יארדן, אָט איז די מאָראס־האמאכפּיילע, דער מוטער ראָכלס קייווער, דאָס קויסל־מאראָווי; אָט באָדט מען זיך אין כאמיי טוועריע, מע קריכט ארופ אפן האר־האזייסים, מע עסט זיך אָן מיט באָקסערן, מיט טייטלען און מע לייגט אָן פולע

קעשענעס מיט ערעצ-ייִסראָעל־ערד. אַכ, האָט מענ געקרעכצט, אונ אינ די אויגנ האָבנ איטלעכנ זיכ געשטעלט טרערנ.

„יענע צײַט, — אַזוי זאָגט ביניאָמינ, — איז גאַנצ טונעיאַדעווקע, ווי גרויס זי איז, געווענ אינ ערעצ־ייִסראָעל. מע האָט געשמאַק גערעדט פונ מאָשיִעכנ. אָט, אָט איז שוינ גאָטס פרײַטיק נאָכ האַלבנ טאָג. דער נײַער פּריסטאַוו, וואָס איז נישט לאַנג אָנגעקומענ, האָט גראָד בעיאַד־ראָמאָ דענסטמאָל געפירט דאָס שטעטל. באַ אַ פּאָר ייִדנ האָט ער אַראָפּגעריסנ די יאַרמעלקעס, איינעמ אָפּגעשניטנ אַ פּייע, עטלעכע, נעבעכ, געכאַפּט שפּעט באַדערנאַכט אינ אַ געסל אָנ פּאַספּאָרטנ, באַ נאָכ איינעמ פאַרנומענ אַ ציג, וואָס האָט אופגעגעסנ אַ נײַעמ שטרויענעמ דאַכ, אונ ער איז דערמיט אויכ געווענ די סיבע דערפונ, וואָס דער קאָמיטעט אונטערנ אויוונ האָט זיכ שטאַרק גע־דערעט מיט דעמ טויגער. אַד־מאָסײַ וועט דער סאַר שעל ייִשמאָעל אַזוי שוילעט זײַנ? מע האָט אופגעמישט דעמ געוויינטלעכנ שמועס מיקויעכ די אַסערעס־האַשוואָטימ, ווי גליקלעכ זיי לעבנ דאָרט אינ יענע ווײַטע מעקוימעס, אינ גדולע, אוישער אונ קאָוועד; מע האָט אַפּירגענומענ די רויטע ייִדלעכ, די בניי־מוישע מיט גוזמאָעס מײַסעס פונ זייערע גוווּרעס אוכדוימע; עלדאַד האַדאָני, עס פאַרשטייט זיכ, האָט אויכ געטאַנצט אינדערמיט. יענער צײַט צומייסטנ האָב איכ צו פאַרדאַנקענ די נעסיִע מײַנע, וואָס איכ האָב דערנאָכ געמאַכט״.

פריִער איז ביניאָמינ געווענ ווי אַ הינדעלע, וואָס ליגט אינ איי, אָדער ווי אַ וואָרעמ, וואָס ליגט אינ כריינ. ער האָט געמיינט, אַז אַפ יענער זײַט טונעיאַדעווקע עקט זיכ די וועלט, קיינ זיסער, קיינ בעסער לעבנ, ווי דאָ, איז גאָר נישטאָ.

„איכ האָב געמיינט, — זאָגט ביניאָמינ ערגעצ אינ איינ אָרט, — אַז רײַכער פונ אונדזער אַרענ־דאַטער באַדאַרפ מענ שוינ נישט זײַנ. אַ קלייניקײַט עפּעס אַזאַ שטוב מיט באַלעבאַטישקײַט: פיר פּאָר מעשענע לײַכטער, אַ זעקס־רערנדיקער הענגלײַכטער אויבנ מיט אַנ אָדלער, צוויי קופּערנע פּאַרעווע טעפּ מיט אַ פינפ קופּערנע פּענדלעכ, אַ פּאָליצע צינערנע טעלער אונ, אַוואַדע, אַנטקעגנ אַ טוצ טעמבעקאָווע לעפל, צוויי זילבערנע בעכערלעכ, אַ האָדעסל, אַ כאַנוקע־לעמפּל, אַ ציבעלע־זייגער אינ צוויי קופּערטעס מיט אַ גראָב קייטל פונ זאַמד־פּאַטשערקעס, צוויי קי מיטאַמאָל אונ אַ טעלעצע אַפ דער צײַט, צוויי שאַבעסדיקע קאַפּאָטעס אוכדוימע נאָכ אונ נאָכ אַזאַ גוטס. איכ האָב געמיינט, אַ כאָכעמ איז טאַקע נאָר איינ רעב אײַזיק־דאָוויד רעב אַרנ יאָסעלעס סאָרע־זלאַ־טעס. אַ קאַטאָוועס, מע זאָגט, אַז ער האָט אַמאָל אינ דער יוגנט געהאַט אַ יעדיִע אינ טישבוירעס. ער האָט געמעגט זײַנ מיניסטער, ווענ דאָס שטיקעלע מאַזל זאָל אימ נאָר דינענ. ווער האָט נאָכ, האָב איכ געמיינט, אַזאַ האַדרעס־פּאָנעמ, אַזאַ בענימעסדיק שמועסל ווי אונדזער כײַקל זאַיִקע, אָדער ווער איז אַזאַ מומכע, אַזאַ דאָקטער, וואָס מאַכט פונ טויט לעבעדיק, ווי אונדזער רויפע, וואָס ער האָט, קעפּי האַשמוע, די כאָכמאַס־האַדאָקטאָריע געלערנט באַ אַ ציגײַנער פונ די „כאַרטומיי מיצראַיִמ״.

אַקלאַל, דאָס לעבנ אינ זײַנ שטעטל האָט ביניאָמינענ זיכ אויסגעוויזנ זייער שיינ, זייער גוט. ער האָט אַפילע געלעבט אינ דאַכקעס, ער מיט זײַנ ווײַב אונ קינדער זענענ געגאַנגענ קריִע־בליִע, נאָר האָט דענ אָדעמ האָרישנ אונ זײַנ ווײַב בעשאַס זיי זענענ געווענ אינ גאַניידנ פאַרשטאַנענ זיכ צו שעמענ, וואָס זיי זענענ נאַקעט אונ באָרוועס? די ווונדערלעכע מײַסעס אָבער פונ די רויטע ייִדלעכ אונ די אַסערעס־האַשוואָטימ זענענ אימ אַרײַנ טיפ אינ האַרצ, אונ פונ יענער צײַט אָנ איז אימ עפּעס ווי ענג געוואָרנ אינ זײַנ שטעטל. עס האָט אימ עפּעס געצויגנ אַלצ אַהינ, אַהינ דאָרט אינ די ווײַטע מעקוימעס אַרײַנ; דאָס האַרצ האָט אינ אימ זיכ געצויגנ, אַזויווי קליי־נע קינדער ציִענ זיכ מיט די הענטלעכ אַנטקעגנ דער לעוואָנע. דאַכט זיכ אינ פלוג, וואָס איז אַזוינס אַ טייטל, אַ פּריסטאַוו, אַ יאַרמעלקע, אַ פּייע, אַ ייִד, נעבעכ, וואָס ווערט נילקעד אינ געסל שפּעט אַפּדערנאַכט, אַ ציג אונ אַ שטרויענער דאַכ? נאָר דאָס אַלצדינג האָט אָנגעמאַכט אינ אימ אַ גרויסע פאַרענדערונג, עס האָט געפירט דערצו, אַז ער זאָל באַגליקנ די וועלט מיט זײַנ באַרימטער נעסיִע. אינ דער וועלט זעט מענ נישט איינ מאָל, ווי פונ קליינע סיבעס קומענ אַרויס גרויסע, זייער גרויסע זאַכנ: דערפונ וואָס דער פויער האָט געזייט ווייצ אונ קאָרנ, וואָס דער מילנער האָט עס געמאָלנ, וואָס דערפונ איז אַ טייל אַרײַנ אינ דער גוראַלניע אונ געוואָרנ בראָנפנ אונ אַביסל פונעמ מעל איז אַרײַנ אינ גיטל דער שענקערנס הענט, וואָס זי האָט עס געראָשטשינעט, געקנאָטנ, געקאַטשעט אונ געמאַכט קנישעס, מעצורעפ לאָזע, וואָס די פּעניציִער האָבנ

מיט טויזנטער יאָר צוריק אנטדעקט די האמצאָע, ווי מע מאכט גלאָז, און דורך דעם איז ארויסגע־קומען קויסעס אי קעלישקעס — אָט פון די דאָזיקע אלע קליינע סיבעס זענען בא אונדז אין אסאך שטעט ארויסגעשפרונגען יענע ווילדע קאָהאָלס־לײַט, יענע מעשונע בארימטע פּײַנע בריִעס...

מעגלעך איז, אין בינימינען איז געלעגן א ניצעץ פון א נויסייע, נאָר דער ניצעץ וואָלט פארלאָשן געוואָרן, ווען די מעשׂיס און די סיבעס פון יענער צײַט וואָלטן אים נישט אופגע־בלאָזן, און ווען אפילע דער ניצעץ וואָלט נישט פארלאָשן געוואָרן אינגאנצן, וואָלט ער, ווען נישט די דאָזיקע סיבעס אין יענער צײַט, געהאט אזא קליינעם קויעך, אז פון בינימינען וואָלט מיט דער צײַט ארויסגעוואקסן א וואסערפירער אָדער, ווען פיל, א באלעגאָלע.

איך האָב אין מײַן לעבן באגעגנט זייער פיל באלעגאָלעס און שמײַסערס, וואָס זיי זענען מע־סוגל געווען צו זײַן אזעלכע נויסים גלײַך, כלעבן, ווי יענע, וואָס וואנדערן הײַנט ארום צווישן יידן... נישט דאָס אָבער בין איך אויסן.

פון יענער צײַט אָן פלעגט בינימין מיט גרויס כיישעק זיך פארטיפן אין ראבע באר־באר־כאָנעס נעסיִעס אפן יאם און אין דער מידבער. ער האָט אויך דערטאפּט שפּעטער דעם סייפער „עלדאד הדאָני״, דעם סייפער „מאסאָעס בינימין״, וואָס ער האָט מיט א זיבן הונדערט יאָר צוריק געריַיזט ביז עק וועלט, דעם סייפער „שיווכע־יערושאָלאִים״ מיט הויסאָפעס און דעם סייפער „צייל אוילאָם״, וואָס אין זיבן קליינע בלעטעלעך איז ער קוילעל אלע שעווע כאָכמעס און דערציילט כידושים וועניפלאָעס פון דער גאנצער וועלט און פון אירע מעשונע־ווילדע באשעפעניש. די דאָזיקע ספאָרים האָבן אים געעפנט די אויגן און אים איבערגעקערט פּאָשעט גאָר פאר אן אנדער מענטשן.

„פון די וואנדער־שיינע מײַסעס דאָרט, — דריקט זיך אזוי בינימין אויס אין זײַן סייפער, — פלעג איך שטארק ניספּאָעל ווערן. אײַ, אײַ! פלעג איך נישט איין מאָל פאר גרויס היספּײַלעס א געשריי טון: ווי העלפט מיר גאָט כאָטש א הונדערטל דערפון צו זען מיט מײַנע אויגן! דער קאָפּ מײַנער האָט געטראָגן ווײַט ווײַט...״

פון דענסטמאָל אָן איז אים טונעיאדעווקע שוין טאקע געוואָרן צו ענג, ער האָט בא זיך גוימער געווען ארויסצוכאפּן זיך פון דאָרט מיט אלע קויכעס, גלײַך ווי א הינדעלע, וואָס הייבט זיך אָן אויסצופּיקן און ארויסקריכן פונעם איי אף דער ליכטיקער וועלט.

## דאָס צווייטע קאפּיטל

# ווי בינימין ווערט א קאָדעש און זעלדע אן אגונע.

בעטעווע איז אונדזער בינימין דער נויסייע געווען א ווילדער באל־פּאכדן, הײַנט: באדער־נאכט פלעגט ער מוירע האָבן צו גיין אף דער גאס, שלאָפן איינער אליין אין א שטוב וואָלט ער נישט געוואָלט, מע זאָל אים אָפּגילטן. ארויסצוגיין אביסל ווײַט פון דער שטאָט האָט בא אים געהייסן פּאָשעט זיך אײַנשטעלן דאָס לעבן, מאלע וואָס קען, כאָלילע, געשען. פאר א ליאד הינטל האָט ער געציטערט איימעס־מאָוועס.

„איינמאָל, — אזוי דערציילט בינימין, — איינמאָל, איך געדענק עס ווי הײַנט, דאָס איז גע־ווען טאמעז, אין א שרעקלעך הייסן טאָג, איז אונדזער ראָוו מיט איינעם פון זײַנע לײַט געגאנ־גען זיך אָפּטיוולען אין דעם טײַכל, וואָס אונטער דער שטאָט. איך מיט א פּאָר יינגלעך, מײַנע כאווירים, זענען מיט גרויס דערעכערעץ נאָכגעגאנגען פון הינטן און געווען בא זיך זייער זי־כער, אז מיר וועלן נישט האָבן קיין שום שלעכטע באגעגעניש און, אימירצעשעם, קומען צוריק בעשאָלעם אהיים, געדופעט אף דעם ראָוו, — עפּעס א קאטאָוועס א ראָוו, וואָס פאר אים האָט דערעכערעץ א וועלט, וואָס קיין עלטערס פאר אים איז שוין גאָר נישטאָ, וואָס דער טיטל זײַ־נער פארנעמט א בלעטל פּאפּיר... דער ראָוו, אונדזער באשיצער, איז מיט ברייטקײַט געגאנגען היפּש פריִער פאר אונדז און אז ער האָט געהאלטן אין אויסטון זיך, איז אינמיטנדרינען אָנגע־קומען עפּעס א שייגעץ און אָנגערייצט זײַן הונט. אונדזער באשיצער איז נישט טויט נישט לע־בעדיק אנטלאָפן, צוגעהאלטן, מעכילע, די אָפּגעשפּילעטע טאכטוינים מיט איין האנט און מיט דער אנדערער דאָס קײַלעכדיקע געשטעפּטע פעלפּעלנע היטל. מיר, יינגלעך, זײַנען אוואדע מעוווּלוול געוואָרן, דען אז דער לעוויאָסן ווערט אף דער וועדקע געכאפּט, וואָס־זשע, נעבעכ, זאָלן שוין טון די פלאָטקעס אין דער בלאָטע? מיר האָבן אָנגעגורט אונדזערע לענדן און געשווינד, ווי די



**בּיניאָמינ דער דריטער**

(מאָסקווער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער—פאָלק־ארטיסט

פונ דער רעפּובליק מ י כ אָ ע ל ס).

הירשנ, געלאָפנ פאָרויס מיט א גוואלד, מיט א ביטער געשריי, ביז מיר זענענ אזוי העגדעמפענדעמ, אָנ א נעשאָמע אינײנעמ מיט אונדזער גיבער אריַינגעלאָפנ אינ דער שטאָט. ס׳איז געװאָרנ א מעהומע, א צונויפלויפעניש, א ליארעמ: עס ברענט! מע הארגעט, מע שלאָגט! אײנער פונעמ אנדערנ האָט נישט געוווסט".

אז בינימינ האָט פירגענומענ די נעסיע אינ די ווײַטע מעקוימעס, איז בא אימ געבליבנ קידעמקאָל זיכ צו שטארקנ אוועקצוווארפנ דעמ פאכעד. ער האָט זיכ געצווונגענ דאפקע גײנ אלײנ שפעט באדערנאכט, דאפקע שלאָפנ אײנער אלײנ אינ כײדער אונ דאפקע ארויסגײנ אָפט הינטער דער שטאָט, כאָטש דאָס האָט אימ געקאָסט געזונט אונ איז פאר שרעק, נעבעכ, פונעמ פאָנעמ אראָפ. די נײַע האנהאָגע זײַנע אינדערהיימ אונ אינ בעסמעדרעש, זײַנ פארטראכט בלייכ פענעמל אונ זײַנ פארפאלנ־ווערנ אָפט אפ עטלעכע שאָ פונ דער שטאָט איז איטלעכנ געוואָרנ עפעס א פליע; מע האָט אימ גענומענ אינ מויל ארײַנ אונ פונ אימ געשמאק גערעדט. א טייל האָבנ געזאָגט: נישט אנדערש, ער איז מעשוגע, כאָסערדייע. אײנ מאָל, אזוי האָבנ זיי געדרונגענ, איז בינימינ טאקע געווענ טאָמיד אביסל שויטעוואטע, עס האָט אימ געפעלט אינ קאָפ א קלעפקע; צווייטנס, איז שוינ טאקע אינ טונעיאדעווקע לעערעכ עטלעכע יאָר נישט געווענ קיינ מעשוגענער, אונ מיר האָבנ דאָכ א קײַמעלאָנ, ווי זאָגט מענ עפעס, איר וועיר וועכאכאָמעהאָ, איר וועיר אומשוגעהאָ — איטלעכע שטאָט מיט איר כאָכעמ אי מיט איר מעשוגענעמ. ביפראט נאָכ היײַנט, אינ אזעלכע גרויסע היצנ. פארוואָס־זשע זאָל נישט זײַנ קיינ סוואָרע, אז ער זאָל טאקע זײַנ מעשוגע גאָר פאָשעט. ווידער א טייל, אונ בעראָש זיי רעב אײַזיק־דאָוויד רעב ארנ־יאָסעלעס סאָרע־זלאטעס, האָבנ געמאכט: עט, עט!.. טאקע נאָכאמאָל עט! עמעס טאקע, בינימינ איז שויטעוואטע, טאקע שטארק שויטעוואטע, נאָר דערפונ איז נאָכ קלאָל נישט געדרונגענ, אז ער מוז ווערנ אי מעשוגע, וואָרעמ זעלט־עס אנדערש זײַנ אזוי, איז דאָכ די קאשע, פארוואָס גראָד אצינד אונ נישט פריער? אדעראבע וועאדעראבע, פאר צוויי יאָרנ אי פאראַיאָרנ זומער זענענ די היצנ געווענ א גוזמע גרעסער. איי וואָס, דער קײַמעלאָנ? דער טערעצ: זאָל־זשע דוכטנ — אונדזער טײַכ. דער טײַכ אונדזערער, האָבנ מיר דאָכ א קײַמעלאָנ, נעמט זיכער צו פונ אייביק אָנ א מענטשנ אלע יאָר, אונ פונדעסטוועגנ האָט ער שוינ א פאָר יאָר קיינעמ נישט צוגענומענ! פארקערט, ער אלײנ איז אינ די פאָר יאָר אָפגעפאלנ, אז ערטערווײַז קענ מענ מאמעש אימ איבערגײנ טרוקנ־פוס... איי בינימינ? מײלע בע... דער גרעסטער טייל אָבער, אונ צווישנ זיי די ווײַבער, האָבנ געזאָגט: ער מוז האָבנ צו טונ מיט זיי... ער פאָרעט זיכ אוואדע מיט אימ... מיט דעמ באלדאָווער... וואָס דענ־זשע בראָדזעט ער אלײנ באנאכט אינ דער פינצטער? וואָס דענזשע ווערט ער אמאָל פארפאלנ אפ עטלעכע שאָ? וואָס דענ־זשע שלאָפט ער אײנער אלײנ אינ ספיזשארנע? זעלדע, זײַנ אייגנ ווײַב, דערציילט אויכ, אז זי האָרכט באדערנאכט, ווי מ׳קלאפט בא אימ אינ ספיזשארנע, זי האָרכט א קלאפעריי, ווי מע גייט דאָרט מיט פיס...

דער דאָזיקער שמועס מיקויעכ דעמ איניענ האָט, ווי געווײנטלעכ, זיכ אוועקגעקײַקלט אהינ אונטערנ אויוונ, פונ דאָרט אפ די אסיפע אפ דער אײבערשטער באנק. מע איז איבער בינימינענ דאָרט צווישנ זיכ נאָכ נישט פארטיק געוואָרנ. נאָר דערווײַל איז געבליבנ מוסקעמ בא אלע, מע זאָל צונויפשטעלנ א קאָמפאניע פונ א פאָר שיינע יידנ מיט דעמ סויפער, וואָס זיי אינײנעמ זאָלנ ארומגײנ אינ אלע הײַזער קעסײדער נאָכנ צעטל אונ אומעטומ בוידעק זײַנ, רעווידירנ די מעזוזעס. אונ ווײַל די אסיפע האָט אפ דעמ איניענ געקוקט ווי אפ א קאָהאָלשער זאכ, א טויווע פאר דער שטאָט, לאָכײינ איז געבליבנ, אז ביכדיי ארויסצושטײנ די הויצאָעס, וואָס אזא קאמפאניע באדארפ קאָסטנ, זאָל מענ ארופציענ דעמ מעקעכ פונ פלייש... אינ טונעיאדעווקע איז דאָ א ווערטל: פונ וואָס מע זאָל נישט שמועסנ, מוז ארויסקומענ אפנ טויט, אונ פונ וואָס מע זאָל נישט רעדנ אפ אנ אסיפע, מיז מענ אויסלאָזנ מיט דער טאקסע פונ פלייש. אונ בעעמעס איז עס טאקע אלפי דערעכ האטעווע, אנדערש קענ עס טאקע גאָרנישט זײַנ. דער סייכל איז אויכ אזוי מיסכײַעוו, וואָרעמ סויפ קאָל אָדאָמ לאָמוס וועסויפ יעהודי לעטאקסע, דאָס טײַטש: דער סאָפ פונ א מענטשנ איז צו שטארבנ אונ דער סאָפ פונ א יידנ — צו צאָלנ טאקסע! דער טויט אונ די טאקסע — דאָס זענענ בעטעווע אזעלכע צוויי זאכנ, וואָס מע קאָנ פונ זיי בעשומויפנ נישט פאָטער ווערנ. אזוי האָט דער אייבערשטער באשאפנ די וועלט, אונ ווי ער האָט זי באשאפנ, אזוי איז גוט, אזוי קער עס זיכער צו זײַנ. קאשעס פרעגנ נאָר אפיקאָרסימ...

שפּעטער אַביסל האָט מיט בּיניאָמינען זיך פאַרלאָפן אַ מייַסע, וואָס ער האָט מיט איר קוינעשעם געווען. אַרויסגייענדיק איינמאָל פון דער שטאָט, טאַמעז, אין אַ הייסן טאָג, צוועלף אַזייגער אינדערפרי, סאַמע ווען די זון האָט געבראָטן, איז ער פאַרגאַנגען טיפלעך אין אַ וואַלד, אַנטקעגן אַ דרייַ טכום שאַבּעסן פון דער שטאָט. מיט זיך אין דער קעשענע האָט ער געהאַט זייַנע ספאָרים, וואָס אָן זיי פלעגט ער נישט גיין קיין טריט. ער איז געזעסן אין וואַלד אונטערגעלענט אונטער אַ בּוים און האָט געשמאַק געטראַכט. צו טראַכטן האָט ער געהאַט זייער פיל. באַלד איז אים דער קאָפּ פאַרפלויגן ווייַט אַהין אין יענע לענדער, אין עק וועלט. ער איז געגאַנגען איבער בּערג, איבער טאָלן, איבער מידבּאָריעס, אין אַלע ערטער, וואָס שטייען אין זייַנע ספאָרים. ער האָט געוואַנדערוועט פוס־טריט נאָך אַלעקסאַנדער מוקדן, עלדאַד האַדאָני און דוימע, ער האָט געזעען דעם שרעקלעכן פיפערנאָטער, דעם לינדעגוואָרעם, שלאַנגען, עקדישן און אַלע מינע שלעק אי מישלאַכאַסן. ער האָט זיך צוגעשלאָגן צו די רויטע יידלעך און גערעדט מיט די בּניי־מוישע. דערנאָך איז ער בּעשאָלעם צוריקגעקומען צו זיך און האָט געטראַכט, וויִאַזוי און ווען־זשע זאָל ער שוין טאַקע מאַכן די נעסיִע.

אין מאַכשאָוועס איז דערווייַל צוגעפאַלן די נאַכט. ער איז אופגעשטאַנען, אויסגעגלייַכט די בּיינער און זיך געלאָזט גיין אַהיים. ער גייט און גייט, נאָר אַלץ נישט פונעם וואַלד אַרויס. ער גייט אַ שאָ, צוויי, דרייַ, פיר שאָ, ס'איז קיין סאָף, קיין עק. ער האָט נאָך טיפער אין וואַלד זיך פאַרשלאָגן און דאָ איז פינצטער, כאָטש אָן אויג אַרויסצונעמען. פלוצים איז נאָך געוואָרן אַ שטורעמווינט מיט אַ שלאַקסרעגן, עס האָט געבּליצט, געדונערט און די בּיימער האָבּן גערוישט — אַ שרעק! בּיניאָמין איז געבּליבּן שטיין, דער רעגן האָט אים געוואַשן, אַ צאָן אָן אַ צאָן האָט אים געקלאַפּט פאַר קעלט, פאַר נעץ און פאַר גרויס פּאַכער. עס האָט אים זיך געדאַכט, אָט פאַלט אָפּ אים אָן אַ בּער, אָט פאַרצוקט אים לייבּ, אַ לעמפּערט, אָט גייט דער מאַטו"ל [מאַטאָל], וואָס קעפּי עס שטייט אין „ציִיל־אוילאָם", איז ער אַ גרויסער, אַ לאַנגער מין בּאַשעפעניש מיט צוויי לאַנגע הענט, מיט וועלכע ער וואָרפט אַנידער אַ העלפאַנד. אַנגסטן האָבּן אים בּאַשלאָגן, נעבּעך, און דאָ איז ער נאָך טויט הונגעריק, כוץ אַ רעטשן קיכל איז דעם גאַנצן טאָג אין זייַן מויל נישט געקומען, ער האָט פאַר אַלע צאָרעס זיך גענומען דאַוונען מייַרעוו און געדאַוונט מיט היסלאַוועס, פונעם גאַנצן האַרצן.

גאָט האָט געהאָלפן, ס'איז טאָג געוואָרן. אונדזער בּיניאָמין נעמט זיך ווייַטער צום גיין אָפּ גאָטס בּאָראָט. ער גייט, ער גייט, בּיז ער שלאָגט זיך צום סאָף אַרויף אָפּ עפּעס אַ שמאָלן וועג. מיט דעם וועג איז ער געגאַנגען אַנטקעגן צוויי שאָ, און פלוצים דערהערט ער פונדערווייַטנס אַ קאָל פון אַ מענטשן. אָנשטאָט ער זאָל מיט דעם קאָל זיך דערפרייען, איז ער, סאָנעציִען, פאַרצאַפּלט געוואָרן. אים האָט זיך נישט אַנדערש געדאַכט, אַז דאָס איז אַוואַדע אַ גאַזלען. מאַכמעס שרעק האָט ער זיך געלאָזט לויפן צוריק אָן אָטעם, באַלד אָבּער האָט ער זיך בּאַטראַכט: פע, בּיניאָמין! דו ווילסט וואַנדערוועגן אַזוי ווייַט איבּער יאַמים און מידבּאָריעס, וואָס דאָרט שווימלט און גריבּלט פון עקדישן, פון כייַעס־ראָעס און ווילדע אומעס, און דאָ האָסטו מוירע פאַרן געדאַנק, טאָמער בּאַגעגנסטו אַ גאַזלען! איַי, פע, מעגסט, כלעבּן, זיך שעמען, בּיניאָמין! איז דען אַלעקסאַנדער מוקדן אַזוי אַנטלאָפן אַזויווי דו? האָט דען אַלעקסאַנדער מוקדן אויך אַזויווי דו זיך מעיאַעש געווען, בּעשאַס ער איז געפלויגן רייַטנדיק אָפּ זייַן אָדלער און ס'איז אויסגעגאַנגען דאָס פלייש פונעם שפּיז, וואָס דער אָדלער פלעגט עס פּיקן און פליִען דורכדעם אַלץ העכער? ניין, אַלעקסאַנדער מוקדן איז נישט אַנטלאָפן, אַלעקסאַנדער מוקדן האָט בּאַ זיך אַליין אויסגעשניטן אַ שטיק פלייש און אופגעשטאָכן אָפּן שפּיז! אַדעראַבּע, שטאַרק זיך, בּיניאָמין, דאָס וויל גאָט דערמיט דיך נאָר אויספּרוּוון. האַלטסטו אויס די פּראָבּע, אַז ווויל און גוט איז דיר דענסטמאָל! דענסטמאָל, בּיניאָמין, בּיסטו אַ מענטש און ווערסט טאַקע ווערט זייַן צו האָבּן די זכיִע פון האַשעם־ייִסבּאָרעך צו דערגרייכן דייַן ווונטש וועגן די בּניי־מוישע און מיט זיי איבּערשמועסן מיקויעך דעם קלאַל־ייִסראָעל אין אונדזער ווינקל; דערציילן זיי גאַנץ בּיפּראָטיִעס די האַנהאָגעס פון אונדזערע יידעלעך דאָ, וואָס זיי טוען און וואָס זיי מאַכן. ווּעסטו איצט אויסשטיין נאָך אי די דאָזיקע פּראָבּע און גיין צוריק אַנטקעגן דעם קאָל, דענסטמאָל בּיסטו מענאַצייעך אַלע פּכאָדים און שרעקענישן, ווּעסט ווערן אַ קיילע־שליימע, אַ בּראָכע, אַ בּענטשונג צווישן די קינדער־ייִסראָעל און אָנטון קאָוועד גאַנץ טונעיאַדעווקע. טונעיאַדעווקע און מוקדן —

דאָס וועלן זייַנען צוויי ערטער גלייַך באַקאַנט אין דער גאַנצער וועלט דורך אַלעקסאַנדער טונעיאַ־דעוווקער און בּיניאָמינען מוקדן!..

אונדזער בּיניאָמין האָט זיך אומגעקערט טאַקע צוריק און איז געגאַנגען בּאַהאַרצט, ווי אַ גיבּער, מיט גרויס בּיטאָכן, בּיז ער האָט פאַר זיך דערזען דעם גאַזלען. דאָס איז געווען אַ פּויער, וואָס איז געפאָרן אויף אַ פאָר אָקסן מיט אָנגעלאָדענע זעק אין וואָגן.

— דאָבּרי דיען! — האָט בּיניאָמין צוגייענדיק אַ זאָג געטאָן ראַפּטאָם אויף אַ מעשונע קאָל, וואָס ער האָט אין זיך געהאַט אַלע טאַמים — אי געשריי, אי געבּעט, אי ווי איינער זאָגט: נאַ, נאַ טו מיט מיר, וואָס דו ווילסט! אי עפּעס ווי אַ בּאַקאָשע: גוואַלד, האָב ראַכמאָנעס אויף מיר, אויף מייַן ווייַבּ און קינדער, נעבּעך!..

אָפּזאָגנדיק, אָדער אָפּשרייַענדיק אי אָפּוויינענדיק דאָס „דאָבּרי דיען", איז בּיניאָמין געבּליבּן אָן לאָשן ווי דערוואָרגן. דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט, אין די אויגן איז אים געוואָרן פינצ־טער, די פיס האָבּן אים אויפגעהערט צו דינען און ער איז טויט אַנידערגעפאַלן אויפן אָרט.

אַז ער האָט אויפגעעפנט די אויגן און איז צו זיך געקומען, האָט ער זיך געפונען ליגנדיק אין וואָגן אויף אַ גרויסן זאַק קאַרטאָפּלעס איבּערגעדעקט מיט אַ גראָבּער סוויטע. צוקאָפּנס איז אים געלעגן אַ געבּונדענער האָן, וואָס האָט אויף אים געקוקט אין דער זייַט מיט איין אייגל און אים געגראַבּלט מיט די נעגל, צופוסן איז געשטאַנען אָנגעשטעלט קערבּעלעך מיט יונגע קנאָבּל אי ציבּעלעס און שאָר־יעראָקעס. אייער, אַפּאָנעם, איז, דאָרט אויך געלעגן, וואָרעם פּאָלאָווע זענען געפלויגן און אים פאַרשאָטן די אויגן. דער פּויער איז געזעסן. געוויכערט גאַנץ רויִק דאָס ליולקעלע און איטלעכע רעגע אויף די אָקסן אונטערגעשריגן: סאָפּ, הייַטא, סאָפּ! די אָקסן, קאַם וואָס זיי האָבּן זיך גערירט, און די רעדלעך פונעם וואָגן האָבּן מעשונע געסקריפּעט, איטלעכס אויף אַן אַנדער קאָל, אינייינעם איז אויסגעקומען עפּעס אַ סקריפּענדיקער קאָנצערט, וואָס האָט געגרילצט אין די אויערן. דעם האָן, אַפּאָנעם, ווי עס האָט אויסגעזען, איז אַזאַ סקריפּערייַ אויך נישט געווען לערעצן, וואָרעם איטלעכס מאָל בּעשאַס די רעדלעך פלעגן אייַנגאַנצן זיך אומדרייען און אויסלאָזן אויף אַ סווישטש מיט אַ שאַלשעלעס, פלעגט ער בּיניאָמינען אַ שטאַרקן גראַבּל טון מיט די נעגל און אַ קריי געגעבּן קוקוריקו מיט קאַס, מיט אימפּעט, אַז עטלעכע רעגע דערנאָך פלעגט בּאַ אים כאָרכלען פאַרדומפּן אינעווייניק אין האַלדז. בּיניאָמין האָט אין זיך נישט געפילט קיין גאַנץ אייווער און איז געלעגן אַ היפּשע צייַט שטאַרק פאַרדולט: אַ שפּאַס וואָס ער איז אויס־געשטאַנען: שרעק, הונגער, נעץ און קעלט! עס האָט אים זיך געדאַכט, אַז אַ טערק האָט אים געפאַנגען אין דער מידבּער און פירט אים פאַרקויפן ערגעץ פאַר אַ קנעכט. ניכייַ, האָט ער גע־טראַכט, ניכייַ זאָל ער מיך כאָטש פאַרקויפן צו אַ ייִדן, וואָלט איך נאָך געקענט פאָרט אויפגע־ריכט ווערן, און בּעיִמ אָבּער, ער וועט מיך פאַרקויפן צו אַ פּרינץ אָדער, כאָלילע, גאָר צו אַ פּרינצעסן פון די אומעס־האָוילעם, בּין איך דאָך פאַרלוירן, פאַרלוירן אויף אייבּיק. דערצו נאָך האָט ער זיך גראָד דערמאַנט די מייַסע פון יויסעפּ האַצאַדיק מיט זליכען און האָט מאַכמעס יעסורים אַ שטאַרקן קרעכץ געטאָן.

דער פּויער האָט זיך אומגעקוקט, אַז ער האָט דערהערט בּיניאָמינס קרעכץ, זיך צוגערוקט נעענטער און אים אַ פרעג געטאָן:

— נו, זשידקאָ, אַ שטשאָ, טראָשקע ליפּשע?

דער קאָפּ איז בּיניאָמינען בּעעמעס געוואָרן אַבּיסל פרייַער און ער האָט זיך דערמאָנט אין־גאַנצן, וואָס מיט אים איז פאָרגעגאַנגען. ער האָט אָבּער זיך געפילט זייער אין אַ שלעכטער לאַגע: גווייִש קען ער קימאַט נישט קיין וואָרט, הייַנט וואָס־זשע טוט מען דאָ? ווי ענטפערט מען דעם אָרל און ווי טייַנעט מען מיט אים זיך דאָ אויס, צו וויסן אַקוראַט, וווהין ער פירט מיך?

בּיניאָמין האָט געפּרוּווט זיך אויפזעצן, נאָר אומזיסט. די פיס האָבּן אים שטאַרק געבּראָכן.

— טראָשקע טעבּע ליפּשע? — האָט אים דער פּויער ווייַטער אַמאָל געפרעגט און טאַקע בּינשימע־אַכאַס אַ מאַך געטאָן:

— סאָפּ, הייַטא, סאָפּ!

— ליפּשי, ראַק ריבּי מאָזָ, איַי, איַי, איַי! — האָט בּיניאָמין געענטפערט, ווי ער האָט נעבּעך געקענט, און אים געוויזן אויף די פיס.

— איזווידקי טי, זשידקאָ?

— איזווידקי טי, זשיטקע?! — האָט ביניאָמין געמאכט מיט א ניגון, ווי א מאפאכ־פּאשטאָ, — יא ניאָמקא, ביניאָמקא אווו טונעיאדעווקו!

— טי איז טונעיאדעווקי? קאזשי־זשע, שטשאָ טי וויטאראשטשיל נא מעני אָטשי אי גליאניש יאק שילאָני? אליע מאָזשע טי טאקי אי שילאָני. טראסצא טוואָי מאטערי! סאָפּ, היַיטא, סאָפּ!

— יא, סטיַיטש, יא טעבי לעכאטכילע קאזאטע, יא ניאָמקע סאמ אווו טונעיאדעווקו! — האָט ביניאָמין געענטפערט, געמאכט דערביַי א ראכמאָנעס־פּאָנעם, א וויַיז געטאָן מיט דער האנט אונ געבעטן ראכמים: גוואלד, אווו טונעיאדעווקי זשינקא טעבי דאמ שטארקע שליש אי שאבאשקאָווע בולקע, אי דאָברע דאנקויעט טעבי.

דער פויער, אפּאָנעם, האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס ביניאָמין מיינט.

— דאָברע, זשידקאָ! — האָט ער געזאָגט, זיך געזעצט אפ זײַן אָרט מיט דעם פּאָנעם צו די אָקסן אונ געמאכט: סאָפּ, היַיטא! —

אנטקעגן א פּאָר שאָ ארום איז דער וואָגן ארופגעפאָרן גלײַך אפן מארק אין טונעיאדעווקע. וויַיבער אונ מאנצבל האָבן זיך א שאָט געגעבן אנטקעגן מיט פארשיידענע שײַלעס. דער שרײַט:

— טשויעש, סקילקע כאָטשעש זא פּיוועג? זא ציבולי?

יענער פרעגט:

— מאָזשע מאיעש קארטאָפלי, יײַצי?

בעסויך האבאָים קומט איינער מיט א שײַלע:

— טשויעש, מאָזשע טי באטשיל נא דאָראָגי זשידקאָ? אר נאס יעדינ זשידקאָ, ביניאָמקא, וואשאָרא פּראָפּאל יאק אווו וואָדי.

אונ איידער דער פויער האָט אוספּייעט איטלעכן צו ענטפערן, זענען די אלע וויַיבער ווי די היישעריקן איבערגעפאלן דעם וואָגן, האָבן אופגעדעקט די סוויטקע אונ אין איין קאָל ארויסגע־לאָזט א געשריי:

— ביניאָמין!.. ער איז דאָ! ציפּע־קרוינע! באשעווע־בריַינדל, לויפט גיכער צו זעלדען מיט דער גוטער בסורע, אז איר שאָדן האָט זיך אָפּגעזוכט! זי וועט שוין נישט זײַן קיין וויסטע אגונע.

ס'איז געוואָרן א ראש, א צונויפלויפעניש, גאנצ טונעיאדעווקע האָט זיך געוויגט, קינד אונ קייט זענען געלאָפן אָנקוקן ביניאָמינען. מע האָט אים פארוואָרפן מיט רייד, מיט שײַלעס, מיט ווערטלעך, מע האָט דערציילט, אז דעם גאנצן נעכטיקן טאָג מיט דער נאכט האָט מען אים גע־זוכט, געאקערט, מע האָט אים שוין געהאלטן פאר א קאָדעש אונ זײַן וויַיב פאר א וויסטע אגונע.

פלוצים אינמיטן געטומל איז דאָס וויַיב זײַנס צוגעלאָפן מיט א געוויין, זי האָט געבראָכן די הענט, אָנקוקנדיק איר באשערטן, ווי ער ליגט בלייך אונ טויט אונ קען קיין ריר זיך נישט טון. זי האָט, נעבעך, אליין נישט געוווסט וואָס צו טון, צי זאָל זי אים שעלטן, אויסלאָזן צו אים איר שווער, ביטער געמיט, צי זאָל זי ארויסוויַיזן איר פרייד, איר סימכע, וואָס גאָט האָט זי, וויסטע אגונע, אופגעריכט.

אין עטלעכע מינוט ארום האָט מען ביניאָמינען, אזוי טאקע ווי ער איז געלעגן אפן זאק קאר־טאָפלעס, געפירט צו זיך אהיים איבער דעם מארק מיט א גרויסער פאראדע. דער גאנצער טונע־יאדעווקער אוילעם פון קליין ביז גרויס האָט אים אָפּגעגעבן קאָוועד, קיינער האָט זיך נישט גע־לאָזט בעטן, אונ אים באלייט מיט א ראש, מיט א געשריי: קאָדעש! קאָדעש! קאָדעש!

דער נאָמען קאָרעש איז ביניאָמינען פון דענסטמאָל אָן טאקע אפ טאָמיד געבליבן, ער האָט געהייסן ביניאָמין דער קאָדעש, אונ זײַן וויַיב — זעלדע די אגונע.

דער טונעיאדעווקער מומכע איז נאָך דעם טאָג טאקע צו ביניאָמינען געקומען אונ האָט אים געגעבן ראטונעק מיט אלע טאכבולעס, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען. ער האָט אים געשטעלט באנקעס אי פּיאווקעס, אויך אינגאנצן אים אָפּגעגאָלט אונ געזאָגט פארן אוועקגאנג, אז נאָך די אלע מיטל וועט ער, אימירצעשעם, געזונט ווערן אונ וועט נאָך מאָרגן קענען, אויב ער וועט קויעך האָבן, גיין אין בעסמעדרעש אריַין גוימל בענטשן.

# ווי ביניאָמינ סקאָמפאנייעט זיכ מיט סענדערל דער ייִדענע.

די דאָזיקע מײַסע, וואָס מיט ביניאָמינענ האָט זיכ געטראָפנ, וואָס האָט אָנגעמאכט אזויפיל יעסורימ זײַנ ווײַב, אזויפיל לײַטישע רייד אי אינ דער שטאָט, אי דאָרט אונטערנ אויוונ, אי אפ דער אייבערשטער באנק, האָט אינ פלוג, דאכט זיכ, באדארפט אפ אייביק פונ אימ ארויסשלאָגנ דעמ געדאנק פונ זײַנ נעסיִע אינ די ווײַטע מעקוימעס, נאָר אָבער א טאָעס, פארקערט, עס האָט נאָכ אינ אימ דעמ דאָזיקנ געדאנק ערשט בעסער ארײַנגעשלאָגנ. ער האָט פונ דענסטמאָל אָנ אפ זיכ געקוקט מיט דערעכערעצ, ווי אפ א מענטשנ א געניטנ, וואָס איז גענוג אינ זײַנ לעבנ אויסגעשטאנענ, ער איז בא זיכ געווענ צענ מאָל טײַערער פאר זײַנ באהארצטקײַט, פאר זײַנ שטארקײַט, מיט וועלכער ער איז אויסגעשטאנענ אזויפיל שווערע פראָבעס אונ גויווער געווענ אינגאנצנ די טעווע זײַנע, ער האָט אָנגעהויבנ זיכ צו האלטנ פאר א גיבער, פאר א כאקרענ, וואָס האָט א יעדיִע אינ אלע שעווע כאָכמעס, וועלכע עס געפינענ זיכ נאָר אינ דעמ „צייל־אוילאָמ", וואָס האָט זיכ אָנגעלייענט ווי א פויק אינ אזעלכע מינע ספאָרימ אונ ווייסט, וואָס אפ דער גאנצער וועלט טוט זיכ. ער האָט אָנגעהויבנ אליינ אפ זיכ א מייוונ צו ווערנ אונ זיכ אליינ צו באדויערנ, וואָס ער, אזא מענטש ווי ער, געפינט זיכ, נעבעכ, קעשוישאנע ביינ האכויכימ — ווי א רויז צווישנ דערנער, ווו? אינ טונעיאדעווקע, אינ אזא העק, צווישנ פראָסטע מענטשנ, וואָס פארשטייענ נישט אונ ווייסנ נישט פונ זייער לעבנ צו זאָגנ! די לײַטישע רייד אונ די ווערטלעכ, וואָס זענענ איבער אימ געפאלנ, זיי האָבנ אדעראבע אימ ערשט געטריבנ אינ וועג ארײַנ. עס האָט זיכ אימ געגלוסט ווי צומ גיכסטנ אוועק פונ טונעיאדעווקע. ווי דערלעב איכ שוינ, פלעגט ער אלצ טראכטנ, זיכ אוועקצולאָזנ אהינ, ווײַט אונ קומענ בעשאָלעמ צוריק מיט יעשועס אונ נעכאָמעס אפ ייִדנ, מיט קאָוועד אונ מיט א גוטנ נאָמענ אינ דער וועלט, אונ דענסטמאָל וועט גאנצ טונעיאדעווקע ווייסנ, פונ קליינ ביז גרויס, וואָס איכ, ביניאָמינ, בינ, וואָס איכ, ביניאָמינ, באטײַט...

ביניאָמינענ האָט לעסאטע אָפגעהאלטנ פונ דער נעסיִע נאָר די דאָזיקע קליינע מעניִעס: ערשטנס, ווו נעמט מענ אפ הויצאָעס? בא אימ אליינ האָט קיינמאָל זיכ נישט געפונענ קיינ גראָשנ אינ קעשענע. ער פלעגט טאָמיד זיצנ ליידיק אינ בעסמעדרעש אונ זײַנ פלוינעסטע איז געווענ די איישעס־כאַיִל, די פארנאָסע־געבערנ פונ א נאס אפטייקל, וואָס זי האָט זיכ געמאכט באלד נאָכנ קעסט אראָפגייענדיק, אונ, מישטיינסגעזאָגט, וואָס דאָס גאנצע קלייטל האָט אָנגעטראָפנ! ווענ זי זאָל דערבײַ נישט געווענ ארבעטנ זאָקנ, נישט פליקנ ווינטער ביז שפעט אינ דער נאכט פעדערנ, נישט פרעגלענ אפ צו פארקויפנ פייסעכדיק שמאלצ, נישט אײַנהאנדלענ אמאָל אינ א מארק־טאָג בא אירע באקאנטע פויערימ קיינ מעציִעס, וואָלט נישט געווענ מיט וואָס די נעשאָמע צו דערהאלטנ. פארקויפנ עפעס פונ שטוב־זאכנ? נאָר וואָס אָבער האָט דאָרט זיכ געפונענ? א פאָר מעשענע לײַכטער, וואָס זענענ זעלדענ געבליבנ יערושע פונ אירע עלטערנ, אינ וועלכע זי בענטשט ליכט, שײַערט עס טאָמיד אונ זיכ דערמיט שטארק מעהאנע. קיינ צירונג האָט זי נישט, כוצ א זילבערנ רייפעלע מיט א פערל פונ איר מאמעס שטערנטיכל, וואָס דאָס ליגט בא איר פארשלאָסנ אונ טוט עס אָנ נאָר א מאָל בעשאס א גרויסע סימכע אָדער בעשאס א מאזלטאָוו אָפגעבנ. פארקויפנ־זשע עפעס פונ זײַנע כפייצימ? נאָר אינגאנצנ האָט ער געהאט א שאבעסדיקע אטלעסענע קאפאָטע נאָכ פונ דער כאסענע אָנ, צעהאקט, צעפאלנ פאָרנט אי הינטנ אונ דער געלער אונטערשלאק האָט ארויסגעקוקט. עמעס, ער האָט געהאט א טולעפל, נאָר, מישטיינסגעזאָגט, א טולעפל, — ס'האָט נאָר אזוי געהייסנ. דער קאָלנער מיט גאָרנישט באלייגט. בעשאס זײַנ כאסענע האָט דער טאטע זײַנער, אימ צו לאנגע יאָר, געהייסנ נישט זשאלעווענ, אדעראבע מאכנ א לאנגנ קאָלנער פונ דער פולער האנט אונ אָפשטעפנ אימ לעסאטע פונויבנ מיט א שטיק אונטערשלאק, וואָס איז געבליבנ ייִטער פונ זײַנ קאפאָטע, אונ האָט דערבײַ זיכ מיסכײַעוו געווענ באמ סילעקנ דעמ מויסער פונעמ נאדנ, אונטערשלאָגנ דעמ טולעפל מיט פוטער אונ באלייגנ דעמ קאָלנער מיט פיי. דעמ נאדנ האָט ער נישט געסילעקט, אונ דער טולעפל מיט דעמ קאָלנער זײַנענ געבליבנ אזויווי ס'איז געווענ ביז דעמ הײַנטיקנ טאָג...

אכוצדעמ האָט בינאָמינ נישט געוווסט, ווי מע ריַיסט זיך ארויס פונדערהיימ.

איבערשמועסנ מיקויעכ דער נעסיִע מיט זײַנ פלוינעסטע אונ ארויסזאָגנ איר די גאנצע זאכ בעפיירעש? כאָלילע-וועכאס! עס וואָלט געוואָרנ א ליארעמ, א געפילדער, זי וואָלט אימ אָפגע-וויינט מיט טרערנ אונ אימ געהאלטנ זיכער פאר ריינ מעשוגע, וואָרעמ ווי האָט א ייִדענע סייכל אזעלכע איניאָנימ מאסיג צו זײַנ? א ייִדענע, אז זי איז שוינ אפילע גאָר די איישעס-כאַיִל, איז זי דאָכ פאָרט נישט מער ווי א ייִדענע. וואָס דער מינדסטער מאנצבל האָט אינ נאָגל, האָט עס נישט, אונ קענ עס גאָרנישט האָבנ, די פײַנסטע אונ די קליגסטע ייִדענע אפילע אינ איר קאָפּ...

אוועקגיינ-זשע בישטיקע אונ דעמ זײַ-געזונט פארגעסנ? איז עפּעס אויכ פּריקרע, דאָס איז אביסל מײַסע ליטוואַק. ווידער זשע בלײַבנ זיצנ אינדערהיימ אונ אָפּזאָגנ זיכ פונ דער גאנצער נעסיִע? דאָס איז ריינ אומעגלעכ. עס הייסט אזויפיל, ווי א מײַסע אָנטונ זיכ.

די נעסיִע איז בינאָמינענ געוואָרנ די צווייטע נאטור. ווי א ייִד מוז דרײַ מאָל אינ טאָג דאווענע, אזוי האָט ער געמוזט איטלעכע רעגע אינ דער נעסיִע טראכטנ. אפילע אינ שלאָפ איז זי אימ פונ זינענ נישט ארויס, אונ האָט אימ זיכ שטענדיק געכאָלעמט. זי האָט טיפ זיכ אײַנגע-וואָרצלט אימ אינ הארצ אונ זיכ באשעפּטיקט געמאכט מיט זײַנע אויגנ אונ אויערנ אזוי, אז ער האָט אופגעהערט צו זענ אי צו הערנ דאָס אלצדינג, וואָס פאר אימ. ער האָט נאָר געזעענ אי געהערט דאָס, וואָס טוט זיכ דאָרט, דאָרט העט-ווײַט, אינ יענע מעקוימעס. נישט איינ מאָל פלעגט ער אינ א שמועס מיט עמעצנ פּלוצימ ארײַנמישנ: הינדיִאָ, סאמבאטיענ, אנטיקוד״אָ, פיפערנאָ-טער, לינדענוואָרעמ, אייזל, מויל-אייזל, באָקסער, קעצאפּיכיס, טערק, טאָטער, גאזלענ אוכעדוימע נאָכ אזעלכע ווערטער.

די נעסיִע האָט געמוזט געמאכט ווערנ. נאָר וואָס טוט מענ מיט די מעניִעס? דאָ האָט ער זיכ קיינ אייצע ניט געקענט געבנ. ער האָט געפילט, אז ער באדארפ האָבנ איינעמ, מיט וועמענ ער זאָל קענענ מיקויעכ דעמ זיכ מעיאשעוו זײַנ.

איש עכאָד האָיאָ בטונעיאדעווקע — איינ מענטש איז געוועזנ אינ טונעיאדעווקע, אושמוי סענדערל — אונ ער האָט געהייסנ סענדערל, נאָכ זײַנ עלטער-זיידנ רעב ס ע נ ד ע ר ל. זע האסענ-דערל, — דער סענדערל, האָיאָ איש פּאָשוט — איז געוועזנ א פּאָשעט מענטשל, דאָס הייסט, א פּראָסטער, אָנ כאָכמעס. אינ בעסמעדרעש האָט ער געהאט א שטאָט אונטער דער בימע, אונ דאָס אלייג איז שוינ דער בעסטער סימענ, אז ער איז ניט געוועזנ פונ די טונעיאדעווקער פײַנע בריִעס, פונעמ דאָרטיקנ צימעס אונ דער גילדענער פּאָנ. די שמועסנ אינ בעסמעדרעש אָדער ערגעצ אנדערש פלעגט ער דאָסראָוו צוהערנ שטיל, ווי א זײַטיקער פארשוינ. נאָר פלעגט ער אמאָל זיכ אָנרופנ א וואָרט, האָט עס אָנגעמאכט א גרויס געלעכטער, גישט מאכמעס דרינענ איז געלעגנ עפּעס א ווילדע כאָכמע אָדער א גרויסע האמצאָע, ניינ, נאָר גלאט זײַנס א וואָרט האָט עפּעס געמאכט לאכנדיק, כאָטש ער האָט עס, נעבעכ, געזאָגט גאָנצ פּאָשעט, ביטמימעס, אונ האָט קלאָל גאָרנישט געמיינט יענעמ דערמיט לאכנדיק צו מאכנ. ארעראבע, אז מע פלעגט לאכנ, פלעגט ער אויסשטעלנ א פּאָר אויגנ אונ אָנקוקנ, פארוואָס מע לאכט. פאריבל האָבנ דערפאר פלעגט ער קיינמאָל נישט, וואָרעמ ער איז בעטעווע געוועזנ א גוטער, א שטיל מענטשל, ווי עס גיט זיכ אמאָל אויס א שטילע קו; ער האָט גאָר נישט געוווסט, אז מע באדארפ פאריבל האָבנ. יענער לאכט, נו, מיילע, לאָז ער זיכ לאכנ, מיסטאָמע האָט ער דאָכ האנאָע.

דאָכ מוז מענ מוידע זײַנ, אז אינ סענדערלס א וואָרט איז אמאָל געלעגנ טאקע אנ עמעס גלײַכער אײַנפאל, כאָטש ער אליינ האָט עס גאָר אזוי ווײַט נישט געמיינט אונ דאָס געזאָגט גלאט ביטמימעס. מיט אימ פלעגט מענ ליב האָבנ קאטאָוועס צו טרײַבנ. דער גרעסטער טייל בערעלעכ אינ טישעבאָוו זענענ אינ זײַנע פּייעס אײַנגעפלאָנטעט געוועזנ. דער בעסטער קיילעק קישעלעכ, וועלכע מע ווארפט הוישאנע-ראבע באדערנאכט באמ אופזײַנ, איז אימ אָנגעקומענ. אנטקעגנ-זשע דער קלענסטער קיילעק רעטשנ קיכל אונ בראָנפנ פונ טיקנ אָדער גלאט אזוי בראָנפנ — איז ווי-דער טאקע אינ אימ אָנגעקומענ.

האקלאָל, סענדערל איז טאָמיד אונ אומעטומ געוועזנ דאָס קאפּאָרע-הינדל. סענדערל איז בע-טעווע נישט געוועזנ, ווי אנדערע, קיינ אקשנ; האָט איינער געזאָגט אזוי, איז פונזײַנעטוועגנ רעכט געוועזנ אזוי. סענדערל האָט געטאָנ יענעמס ראָצנ, נישט מאכמעס מעוואטל צו זײַנ זײַנ ראָצנ, נאָר גלאט, פּראָסטע איז מאָסטע, ער האָט געטאָנ יענעמס ראָצנ.

— וואָס אַרט עס מיך? — איז זײַן שטייגער געווען צו זאָגן. — וואָס פאַר אַ דײַגע איך האָב? דו ווילסט דאַפּקע אַזוי, נו, זאָל זײַן אַזוי.

צווישן ייִנגלעך איז סענדערל געווען אַ ייִנגל. ער פלעגט עפּטערס גיין, שמועסן, זיך שפּילן מיט זיי אײַנינעם און האָבן דערפון טײַנעג. צווישן זיי איז סענדערל בעעמעס געווען ווי אַ שטילע בעהיימע, וואָס לאָזט צו זיך צו קינדער, זיי זאָלן אַפּ איר רײַטן און איר קראַצן די מאָרדע. קונ־דייסים פלעגן אים קריכן אַפּן קאָפּ און צופּן אים באַם בערדל. אַנדערע פלעגט עס אַמאָל אַרן און פלעגן אָנשרײַען:

— טאַרבוס, שקאָצים, פאַר אַן עלטערן, פאַר אַ ייִדן מיט אַ באָרד! וואָס צופּט איר אים דאָס בערדל?!

— נישקאָשע, נישקאָשע, — פלעגט סענדערל זיך אָנרופן, — וואָס אַרט עס מיך? וואָס פאַר אַ דײַגע איך האָב? זאָלן זיי מיך אַביסל קראַצן.

באַ זיך אינדערהיים האָט סענדערל, נעבעך, קיין האָניק נישט געלעקט. זײַן ווײַב איז געגאַנ־גען אין ספּאָדעק און ער האָט באַ איר געהאַט אַ וויסטן, ביטערן כּיילעק. זי פלעגט אים האַלטן אין דער מוירע, אַמאָל דערלאַנגען אַ זעץ און ער, נעבעך, האָט עס געמוזט מעקאַבל־בעאַהווע זײַן. אונטער אַ יאָנטעוו פלעגט זי אים אָנידערשטעלן אויסוויַיסן די שטוב און אונטערבינדן אים דאָס בערדל מיט אַ טיכל. ער פלעגט איר שיילן קאַרטאָפלעס, קאַטשען און בראָקן לאָקשן, אָנפילן פיש, אָנטראָגן אי אַרײַנלייגן אין אויוון האָלץ און אונטערהייצן, אַקוראַט ווי אַ ייִדענע. דעריבער האָט מען אים טאַקע גערופן: „סענדערל די ייִדענע".

אָט דעם „סענדערל די ייִדענע" האָט אונדזער בינימין אויסגעקליבן אים צו עפענען דאָס האַרץ און מיט אים זיך שויעל־בעייצע זײַן, וואָס ער זאָל טון. דער טאַם דערפון — פאַר־וואָס גראָד סענדערל? איז דער, ווײַל בינימין האָט טאָמיד געפילט צו אים אַ שטיקל ליבשאַפט. סענדערל איז אין פיל זאַכן אים זייער געפעלן, ער האָט אין אַסאַך אײַניאָנים זיך מיט אים אויסגעגלײַכט און פלעגט אַמאָל אין אַ שמועס מיט אים זיך פּאָשעט מעכײַע זײַן. מעגלעך עפּ־שער נאָך אי צוליב דעם אויך, וואָס בינימין האָט גערעכנט דערויף, וואָס סענדערל איז קיין אַקשן נישט. ער, סענדערל, וועט זײַן פּלאַן אָננעמען און אים נאָכגעבן אַלצדינג, וואָס ער וועט אים זאָגן. און אויב סענדערל וועט עפּשער אין עטלעכע פונקטן זיך אײַנשפּאַרן, וועט ער אים מיט גאָטס הילף און מיט זײַן כּעלקאַס־האַלאָשן גויוער זײַן...

ווײַהי קעוואָי בינימין לעסענדערל — און אַז בינימין איז געקומען צו סענדערלען, האָט ער אים געטראָפן קשעהו יושיוו אַל סאַפסל האַכאָלעוו וועקויליייפ קאַרטאָפלעס — ווי ער זיצט אַפּ דער מילכעדיקער באַנק און שיילט קאַרטאָפלעס. איין באַק האָט אים שטאַרק געפלאַמט און אונטערן אויג איז אים געווען בלוי מיט אַ גראַבל, עפּעס ווי מע דערלאַנגט אַ קרעל מיט אַ נאָגל. ער איז געזעסן ווי אַ נעכטיקער, באַטריבט און פאַרומערט, ווי אַ יוגנט, וואָס דער מאַן אירער האָט זי אַוועקגעוואָרפן און איז אַוועקגעגאַנגען לימדינאַס־האַיאַם, אָדער ווי אַ אישע, וואָס דער מאַן האָט איר דערלאַנגט אַ פּאַטש...

סענדערלס ווײַב איז ניט געווען אינדערהיים.

— גוט מאָרגן, סענדערל! וואָס ביסטו, סערדצע, אַזוי באַטריבט? — האָט בינימין געזאָגט אַרײַנקומענדיק און געוויזן סענדערלען מיט אַ פינגער אַפּ דער באַק. — האַ, ווײַטער זי? ווו איז זי, די באָכערטע?

— אין מאַרק.

— גאַנץ גוט! — האָט בינימין קימאַט אַ געשריי געטאָן פאַר גרויס סימכע. — לייג אַוועק, נעשאָמע מײַנע, דײַנע קאַרטאָפלעס און קום מיט מיר אין אַלקער אַרײַן. דאָרט איז קיינער נישטאָ? קיין שומער מיט דיר באַדאַרף איך איצט נישט האָבן, איך וויל דיר אַנטפּלעקן מײַן האַרץ. איך קען מיך שוין נישט אײַנהאַלטן, עס קאָכט אין מיר די געבליטן. אַך, גיכער, סערדצע, גיכער, זי קען נאָך אָנקומען און אונדז שטערן, איידער מיר וועלן פאַרטיק ווערן!

— וואָס אַרט מיך? דו ווילסט טאַקע גיך, זאָל זײַן גיך, וואָס פאַר אַ דײַגע איך האָב? — האָט סענדערל זיך אָנגערופן און איז אַרײַן אין אַלקער.

— סענדערל! — האָט בינימין אָנגעהויבן מיט אַזאַ שמועס, — זאָג מיר, דו ווייסט, וואָס אַפּ יענער זײַט טונעיאַדעווקע איז?

— איך ווייס. דאָרט איז די פּריטשעפּע, ווו מע באַקומט אַמאָל אַ גוט ביסל בראָנפן.
— דו ביסט אַ נאַר, איך מיין ווײַטער, אַסאַך ווײַטער.
— נאָך ווײַטער פון דער פּריטשעפּע?! — האָט סענדערל פאַרוואונדערט זיך אָנגערופן, — ניין, ווײַטער דערפון ווייס איך ניט. און דו, בעניאָמין, ווייסט?
— אויב איך ווייס? אַ שײַלע אַביסל, אויב איך ווייס? דאָרט איז ערשט דאָ אַ וועלט! — האָט בעניאָמין אַ זאָג געטאָן מיט היסלאַוועס, גלײַך קאָלאָמבוס בעשאַס ער האָט אַנטדעקט אַמעריקע.
— וואָס־זשע איז אַזוינס דאָרטן?
— דאָרטן, דאָרטן, — האָט בעניאָמין זיך צעפלאַקערט, — פּיפּערנאָטער! לינדעןוואָרעם!..
— דער לינדעןוואָרעם, מיט וועלכן שלומה המלך האָט געשניטן די שטיינער צום בית־המיקדעש? — האָט סענדערל אַרײַנגערוקט זײַן וואָרט ביטמימעס.
— יאָ, נעשאָמע מײַנע, יאָ, דאָרט איז ערעץ־ייִסראָעל, דאָרט אין יענע מעקוימעס... הא, דו וואָלסט געוואָלט זײַן דאָרט?
— און דו ווילסט?
— אַ שײַלע אַביסל! איך וויל, סענדערל, איך וויל און וועל טאַקע דאָרט באַלד זײַן.
— איך בין דיר מעקאַנע, בעניאָמין, דו וועסט עס דאָרט זיך אָנעסן אַביסל מיט באָקסערן און מיט טייטלען. האָ־האָ!
— דו, סענדערל, קענסט עס אויך עסן ווי איך. דו האָסט אין ערעץ־ייִסראָעל אַזאַ כיילעק ווי איך.
— כיילעק האָב איך טאַקע, נאָר ווי קומט מען אָבער אַהין? דאָרט איז דאָך דער טויגער.
— דערצו, סענדערל, איז דאָ אַ טרופּע. זאָג מיר, סערדצע, דו ווייסט עפּעס פון די רויטע ייִדלעך?
— איך האָב זיך אָנגעהערט גענוג מײַסעס איבער זיי אונטערן אויוון, נאָר וויסן אַקוראַט, ווו זיי זיצן און ווי מע קומט צו זיי, דאָס ווייס איך נישט. איך זאָל וויסן, מיסטאָמע, וואָלט איך דיר מוידיִע געווען. פאַרוואָס ניט? וואָס אַרט עס מיך?
— הע־הע! זעסטו, און איך ווייס, — האָט בעניאָמין געזאָגט מיט גאַדלעס און אַרויסדער־טאַפּט פון קעשענע דעם „שיווכיי־ירושאָלאַיִם“. זעסטו אָט וואָס דאָ שטייט? איך וועל דיר עס ליינען.
„אַז איך בין געקומען קיין ברוט"י, — אַזוי שטייט געשריבן, — האָב איך געפונען פיר ייִדן פון באָוועל. האָב איך גערעדט מיט איינעם פון זיי, וואָס האָט פאַרשטאַנען לאָשנקוידעש און האָט געהייסן רעב מוישע. האָט ער מיר דערציילט גאַנץ עמעסע זאַכן פונעם טײַך סאַמבאַטיען, אַז ער האָט געהאָרכט פון ייִשמאָעלים, וואָס האָבן אים געזען, און אַז דאָרט זענען דאָ די בניי־מוישע“. —
אויך זאָגט ער ווײַטער: „אַז אַ נאָגיד האָט מיר דערציילט, אַז אַ יאָר דרײַסיק אין דעם איז בײַ אים אײַנגעשטאַנען איינער, וואָס ער איז געווען פון שייוועט שימען, און ער האָט געזאָגט, אַז אין זײַן מאָקעם זענען דאָ פיר שוואָטים, איינער פון זיי איז דער שייוועט ייִסאָכאָר, וואָס איז זיך אויסעק אין טוירע, און פון דעם שייוועט איז דאָ אַ מײַלעך איבער זיי“. —
כוצדעם שטייט נאָך בעפּיירעש אי אין דעם דאָזיקן סייפער „מאַסאָעס בעניאָמין“ אָט די ווער־טער: „פונדאָרט איז אַ מעהאַלעך פון צוואַנציק טעג צו די בערג ניסבון, וואָס אַף דעם טײַך גויזן. אין די בערג ניסבון זענען דאָ פיר שוואָטים: דער שייוועט דאָן, דער שייוועט זעווולן, דער שייוועט אָשער און דער שייוועט נאַפטאָלי. זיי האָבן מעדינעס און קראָ־כים אין די בערג. פון איין זײַט נעמט זיי אַרום דער טײַך גויזן. זיי האָבן ניט אַף זיך קיין יאָך פון די אומעס, נאָר איין מײַלעך איז דאָ איבער זיי און ער הייסט רעב יוסעף אַמראָכלאָ האַלייווי. און זיי האָבן אַ בריס, אַ בונד מיט דעם „קופּייער אַל טוראַכ“. כוצדעם שטייט נאָך און נאָך זאַכן וועגן די בניי־רייכאָוו אין דעם לאַנד טיימאָ, וואָס זיי האָבן איבער זיך אַ ייִדישן מײַלעך און פאַסטן און גײען נאָר טאָמיד אַפן גאָלעס־ייִסראָעל. נו, וואָס דענקסטו, סערד־צע, אַז זיי וואָלטן, אַשטייגער, פּלוצים דערזען מיך, מיך, זייער ברודער בעניאָמין פון טונעיאַ־דעווקע קומט צו זיי צו גאַסט? הא, וואָס דענקסטו, סענדערל? אַז'עראַבע, זאָג, איך בעט דיך, וואָס זאָגסטו דערצו?

— זיי װעלן פּאַשעט זיך מעכײַע זײַן, זאָג איך דיר, בּיניאָמין, א קאַטאָװעס אזא גאַסט, אזא טײַערער גאַסט! איטלעכער װעט דיך פאַרבּעטן צו זיך אף א מאָלצײַט. דער מײלעך אמראָכלאָ מיסטאָמע אויך. לאָז זיי דאָרט כאָטש פון מיר גאָר פרײַנטלעך געריסן. איך זאָל קענען, װאָלט איך, כלעבּן, אויך מיט דיר אהין געגאַנגען.

— הא! — האָט בּיניאָמין א מאך געטאָן פאַרפלאָמט פון א נײַעם געדאַנק, װאָס איז אים אײַנגעפאַלן. — הא! טאָמער בּעמעס טאַקע, סענדערל־סערדצע, װאָלסטו מיט מיר אינײנעם געמאַכט די נעסיִע? נאַרעלע, אצינד, כלעבּן, האָסטו זײער א גוטע געלעגנהײַט. איך גײ אבּלײַז אהין, װעל איך דיך מיטנעמען. נאַרעלע אײנער, אינצװײען איז הײמלעכער, טאָמער װעל איך דאָרט, אַ קאַשע אף א מײַסע, װערן מײלעך, װעל איך דיך מאַכן, כלעבּן, פאַר א מישנע־לעמײלעך. נא דיר מײַן האַנט טקיִעס־קאַפּ! װאָס װעסטו, נאַרעלע, דאָ זיצן און לײַדן גאָלעס, נעבּעך, פון דײַן פלױנעסטע, די ראָשעטע? קוק אָן, װאָס פאַר א באַק, נעבּעך, דו האָסט! דו האָסט דאָך בּא איר א װיסטן, פינצטערן מאַזל. כלעבּן, סענדערל, קום, װעסט, נישקאָשע, קײן כאַראָטע נישט האָבּן.

— טא, — האָט געזאָגט סענדערל, — אויבּ דו װילסט דאַפקע אזוי, זאָל זײַן אזוי. אײַ זי? װאָס פאַר א דײַגע איך האָבּ? א נאַר װאָלט איך בּאַדאַרפט זײַן איר זאָגן, װוּהין איך לאָז מיך אװעק.

— נעשאָמע מײַנע, לאָמיך דיך א קוש טון! — האָט בּיניאָמין אַרויסגעלאָזט מיט גרויס סימכע און פאַר ליבּשאַפט אַרומגענומען סענדערל די יידענע. — דו האָסט מיר, נעשאָמע מײַנע, מיט אײן װאָרט פאַרענטפערט א קאַשע, א קלאָץ־קאַשע! איך זאָג איצט אויך אזוי װי דו: אײַ זי? מײַנע, מײן איך, װאָס פאַר א דײַגע איך האָבּ? ס'איז אָבּער דאָ נאָך א קאַשע.. װוּ נעמט מען אף הויצאָעס?

— אף הויצאָעס? דו װילסט דען זיך אויסקלײדן, בּיניאָמין, אָדער איבּערניצעװען דײַן קאַפּאָטע? הערסטו, און איך װאָלט געזאָגט, כלעבּן, נישט. אין װעג איז אַדראַבּע גלײַכער אַלטע קלײדער. דאָרט װעלן מיר מיסטאָמע בּאַקומען נײַע שײנע קאַפּאָטעס.

— יאָ, טאַקע עמעס, דאָרט האָבּ איך שוין קײן דײַגע נישט. מע דאַרף דאָך אָבּער לעסאַטע בּיז דאָרט האָבּן עפּעס געלט פראָסט אף צו עסן!

— װאָס הײסט, בּיניאָמין, אף צו עסן? דו האָסט דען בּעדײַע מיטפירן מיט זיך א קיך? צי װאָס? נישטאָ דען אפן װעג קײן קרעטשמעס, קײן הײַזער?

— איך פאַרשטײ דיך, סענדערל, נישט, װאָס דו מײנסט, — האָט בּיניאָמין פאַרװוּנדערט זיך אָפּגערופן.

— איך מײן, — האָט סענדערל געענטפערט בּיטמימעס, — אבּי ס'איז דאָ נאָר הײַזער, קען מען אין אײן װעג טאַקע גײן איבּער די הײַזער. װאָס טוען דען אַלע אַנדערע יידן? הײַנט גײען א טײל צו יענע אין די הײַזער, דערנאָך גײען יענע פון זײער זײַט צו אַנדערע אין די הײַזער. ס'איז דאָך א יידישע זאַך, נאָר א גמילעס־כעסעד...

— דו בּיסט, כלעבּן, גערעכט! — האָט בּיניאָמין א זאָג געטאָן בּעסימכע. — אצינד איז מיר ליכטיק געװאָרן אין די אויגן. אויבּ אזוי, בּין איך, בּאָרעכאַשעם, אינגאַנצן פאַרטיק און פאַרזאָרגט מיט אַלצדינג, נאָך מאָרגן טאַקע, גאַנצפרי, אז דער אוילעם װעט נאָך שלאָפן, קענען מיר אװעקגײן. פאַרלירן צײַט איז, כלעבּן, אן אװײרע. דו בּיסט מוסקעם?

— דו װילסט מאָרגן, זאָל זײַן מאָרגן. װאָס פאַר א דײַגע איך האָבּ?

— מאָרגן גאַנץ פרי, הערסטו, סענדערל, װעל איך שטילערהײט אַרויסגײן פון דערהײם. נעבּן דער פּוסטער װינטמיל דאָרט װעל איך אף דיר װאַרטן. געדענק־זשע, סענדערל, מאָרגן גאַנצפרי זאָלסטו אהין אַרויסקומען. געדענק־זשע! — האָט בּיניאָמין נאָכאַמאָל איבּערגעכאַזערט און שוין געװאָלט אװעקגײן.

— װאַרט נאָר, בּיניאָמין, װאַרט אבּיסל! — האָט סענדערל געזאָגט, זיך געבּאָבּרעט איבּער דער בּוזעם־קעשענע פון עם לײַבּל און אַרויסגעדרײט פון דאָרט עפּעס אן אַלט פאַרשװיצט שטיקל יערכע, אַרומגעװיקלט מיט בּענדלעך עטלעכע מאָל הין און צוריק און פאַרקניפּט אװאָדע מיט א צװאַנציק קניפּלעך. — זעסטו, בּיניאָמין, אָט דאָס קניפּל האָבּ איך אויסגעשפּאָרט און צונויפגעזאַמלט אונטער מײַן װײַבּ פאַר דער גאַנצער צײַט, װאָס איך האָבּ פאַר איר כאַסענע געהאַט. סע װעט אונדז אין דער האַסכאָלע צונוץ קומען, הא?

— אצינד, סערדצע, ביסטו ווערט, מע זאָל דיר אויסקושן איטלעכס אייווער, איטלעכס גליד באזונדער, — האָט ביניאָמין געזאָגט הויך, לעבעדיק ארומגעכאפט סענדערל די יידענע.

— אָ, פארכאפט זאָלסטו ווערן! קוקט נאָר אָן, איך בעט אייַך, דאָס גרויסע ליבשאפט, ווי מע נעמט זיך אזוי ארום, און דאָ אין שטוב שטייט א ציג און עסט די קארטאָפלעס! ווערעם זאָלן עסן דייַן לייַב! — האָט זיך פּלוצים געהערט א געשריי.

דאָס געשריי איז געווען פון סענדערלס פּלוינעסטע, זי איז געשטאנען אָנגעצונדן אין א פייַער, מיט איין האנט געוויזן אף דער ציג און מיט דער אנדערער געריפן צו זיך סענדערלען. סענדערל האָט מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ זיך געלאָזט פאמעלעך־פאמעלעך אריַינגיין אין שטוב, גלייַך ווי א פארזינדיקט קינד, וואָס מע וויל אים מעקייַעם־פּסאק זייַן.

— שטארק זיך, נעשאָמע מייַנע, דאָס איז איר שוין דאָס לעצטע מאָל, געדענק־זשע מאָרגן... — האָט ביניאָמין שטילערהייט איַינגעדוימט סענדערלען אין אויער און ווי א קעצעלע זיך ארויס־גערוקט פון שטוב.

דאָס פערטע קאפּיטל

# ווי ביניאָמין מיט סענדערלען פארלאָזן טונעיאדעווקע.

אפּ מאָרגן גאנצפרי, איידער דער פאסטעכ האָט נאָך פארנומען די בעהיימעס אין דער טשערעדע ארייַן, איז אונדזער ביניאָמין שוין געשטאנען גרייט נעבן דער ווינטמיל מיט א פעקל אונטערן אָרעם. אינעווייניק אין דעם פעקל איז געלעגן אלע זאכן, וואָס זענען נייטיק געווען צו דער נעסיִע, הייַנע: טאלעס און טפילין, א סידער דערעכ האכאִים. א „כאָקל", א טילים און יענע אלע ספאָרים, אָן וועלכע ער האָט זיך נישט געקענט רירן, אזויווי א באלמעלאָכע אָן זייַן גע־צייַג. די שאבעסדיקע קאפּאָטע זייַנע איז אויכ דאָרט געלעגן, — מע מוז דאָך פאר דער וועלט א פּאָנעם האָבן און יויצע זייַן פאר לייַט. אין קעשענע האָט ער געהאט א פופצנטהאלבן גראָשן, וואָס ער האָט פארן אוועקגאנג ארויסבאקומען בא זייַן פּלוינעסטע אונטער דער קישן.

האקלאל, ער איז געווען, באָרעכאשעם, פארזאָרגט מיט אלצדינג און שוין געקענט זיך לאָזן אין וועג ארייַן.

די זון איז דערווייַל אופגעגאנגען זייער שיינ־און האָט אראָפּגעקוקט מיט איר ליכטיקן פּאָ־נעם אפ דער וועלט. איינ קוק אירער האָט צוגעגעבן א שטיק געזונט, מעכייַע געווען איטלעכע זאכ באזונדער. ביימער און גראָז האָבן עפּעס ווי זיס געשמייכלט, איידער די גרויסע טרערן טוי פון באנאכט זענען זיי נאָך נישט אויסגעטריקנט, אקוראט ווי קליינע קינדער צעלאכן זיך פּלוצים פריילעכ אינמיטן געוויינ פון א בלישטשענדיק צאצקעלע, בעשאס טרערן ווי די באָב שטייען זיי נאָך אין די אויגן. די פעלד־פייגעלעכ האָבן געשווינד זיך געטראָגן אין דער לופט, געשפילט און געזוּנגען ארום ביניאָמינען, גלייַכ ווי זיי וואָלטן געזאָגט:

— קומט, לאָמיר זינגען אי שאלן און דערפרייען דעם פייַנעם פארשוינ נעבן דער ווינטמיל. דאָס איז ביניאָמין אליין, דאָס איז ביניאָמין דער טונעיאדעווקער, דער אלעקסאנדער מוקדן פון זייַן צייַט, וואָס ער פארלאָזט זייַן פּאָטערלאנד, ווארפט אוועק ווייַב און קינדער און גייט אין שליכעס, ווהינ די אויגן טראָגן! אָט שטייט דער גרויסער ביניאָמין, וואָס ער איז ווי די זון ארויס פון זייַן געצעלט און פרייט זיך ווי א גיבער צו לויפן אין וועג מיט זייַן פעקל אין דער האנט! ער איז שטארק ווי א לעמפּערט און גרינג ווי אן אָדלער צו טון דעם ראָצן פון אונדזער פּאָטער אין הימל! זינגט, שפּילט: טרילילילי, טרריל, טריל! שאלט, זינגט און דערפרייט זייַנ הארצ!..

ביניאָמינען איז טאקע בעעמעס פריילעכ געווען אפן הארצ, ער האָט בא זיך געטראכט: „איכ בינ דאָכ דער גליקלעכסטער מענטש אפ דער וועלט. וואָס פעלט מיר, אָן איינהאָרע? וואָס גייט מיר אָפּ? מייַנ ווייַב האָב איכ, געלויבט איז האשעם־ייִסבאָרעכ, פארזאָרגט. זי האָט א שטיקל פּארנאָסע. איכ אליין בין א פרייַער פויגל, גלייַכ ווי די אלע פעלד־פייגעלעכ דאָ. די גאנצע וועלט איז פאר מיר אָפן. מיט מייַנ געניטשאפט, מיט מייַנ באהארצטקייַט און מיט מייַנ שטיקל יעדיִע אין די שעווע־כאָכמעס וועט אזא ייִד ווי איכ ניט פארפאלן ווערן. הייַנט דערביַי בין איכ דאָכ עפּעס א



**סענדערל די ייִדענע**

(מאָסקווער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער. פאַרדינסטפולער
אַרטיסט ז ו ס ק י ן).

ייִד, א שטיקל באַל־ביטאָכן. אוועקגעלייגט שוין אַלע מײַלעס אין דער זײַט, לעבן דאָך ייִדן אָפּ א וועלט מיט ביטאָכן אַליין און גאָט פירט זיי אויס".

ביניאָמינען איז עפּעס זייער גוט געווען אפן הארץ, אזוי, אז די לעפצן זײַנע האָבן זיך געעפנט און ער האָט בענימעסדיק אפן בײַקאָל אונטערגעזונגען א מארש פון „מעלעך עליון". זײַן מארש האָט זיך פארמישט מיט דעם געזאנג פון די גרילן און האָבן אין א קאָנצערט זיך דערהויבן ביז צום קיסע־האקאָוועד פון זײַן ליבן נאָמען הויך אפ דעם זיבעטן הימל!

דערווײַל איז אוועק א היפּשע צײַט, און סענדערל איז נאָך נישטאָ. דאָס האָט אָנגעהויבן ביניאָמינען אביסל צו ארן און צעשטערט זײַן סימכע. ער האָט געקוקט אין אלע זײַטן, זיך ארויסגענומען די אויגן קוקנדיק, נאָר אומזיסט די מי. מע הערט נישט, מע זעט נישט, נישטאָ סענדערל!

האָט אים עפשער דען די ראָשעטע זײַנע מעכאבעד געווען מיט עפּעס א מעלאָכע? נאָר דערצו איז נאָך אָבער איצט נישט די צײַט, גאנץ טונעיאדעווקע שלאָפט נאָך אצינד געשמאק. קארטאָפלעס הייבט מען אָן צו שיילן העט שפּעטער, ייִדענעס נעמען זיך צום ווארמעס ערשט נאָכן אָפּקריגן און אָפּשילטן זיך מיט די מאנען, ערשט דערנאָך, ווען מע שמײַסט שוין אָפּ קינדער און מען הענגט ארויס טריקענען די בעבעכעס...

אונדזער ביניאָמין האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טון, און אים איז געוואָרן נישט פריילעך, שטארק נישט פריילעך. אומקערן זיך אהיים? פע, דאָס איז מיִעס! אלעקסאנדער מוקדן האָט צעבראָכן די בריק, איבער וועלכער ער איז אריבער קיין הינדיִאָ, ביכדיי ער זאָל נישט קענען צוריקגיין. לאָזן־זשע זיך אליין אָן סענדערלען? ניין, דאָס איז פריקרע, זייער פריקרע! סענדערל איז אים געווען שטארק נייטיק, זינט ער האָט מיט אים זיך סקאָמפּאנייעט, איז אים עפּעס ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אָן סענדערלען זיך אוועקצולאָזן וואָלט אויסגעקומען עפּעס מעשונע ווילד, עס וואָלט נאָר א פּאָנעם געהאט, ווי א שיף אָן א רודער אָדער ווי א מעלוכע אָן א מיניסטער.

פלוצים האָט זיך געלאָזט זען פונדערווײַטנס עפּעס ווי א מענטשן־געשטאלט. דאכט זיך סענדערל און פּאָרט נישט סענדערל, דאכט זיך גאָר אייגע אין א ציצן קליידל און מיט א טיכל אפן קאָפּ.

ביניאָמינען האָט א טיאָכקע געגעבן דאָס הארץ, און ער איז געוואָרן טויט, בלייך ווי די וואנט. אים האָט זיך געדאכט, אז דאָס גייט זײַן ווײַב. ניין, זי גייט נישט — זי לויפט, זי יאָגט, אָט קומט זי צו לויפן, כאפּט זיך אפ אים ארופ מיט גרויס קאס, לאָזט צו אים אויס איר שווער, ביטער הארץ און שלעפּט אים אהיים מיט א יאָמער, א קלאָג.

„איינ גאָט נאָר ווייסט, — אזוי דערציילט ביניאָמין אליין, — ווי איך בין דענסטמאָל געשטאנען אין איינע צאָרעס, אין געהאקטע ווונדן. הונדערט פּיפּערנאָטערן וואָלט מיר דענסטמאָל ליבער געווען צו באגעגענען ווי מײַן ווײַב; וואָרעם א פּיפּערנאָטער בײַסט נאָר דאָס לײַב, דעם גוף, און א ווײַב בעשאס קאס גריזעט און בײַסט די נעשאָמע. האשעם־ייִסבאָרעך אָבער האָט מיך געשטארקט, איך בין באלד טאקע באהארצט אנטלאָפן, זיך פארבאָרגן הינטער דער ווינטמיל און געלוגט דאָרט, ווי א לייב לוגט אפ זײַן פארצוקונג".

אין עטלעכע מינוט ארום איז ביניאָמין ארויסגעשפּרונגען פון זײַן פארבאָרגעניש מיט א שרעקלעכן שפּרונג און מיט א געשריי, ווי א ריינער מעשוגענער:

— הא, סענדערל!

סענדערל איז געגאנגען אָנגעטון אין א ציצן כאלאטל, אונטערגעבונדן ביידע באקן מיט א פארשמאָלצענע טיכל, אונטער ביידע אויגן בלוי, צעגראבלט, א שטעקן אין דער האנט, און אפ די פלייצעס א היפּש פּעקל.

ער האָט אין ביניאָמינס אויגן געהאט דענסטמאָל דעם זיבעטן כיין, ווי א שיינע אויסגעפּוצטע קאלע אין די אויגן פונעם כאָסן.

ביניאָמין שילדערט זײַן סימכע דענסטמאָל מיט די ווערטער:

„ווי א אינד, וואָס גלוסט אפ קוואלן וואסער, ווי א דאָרשטיקער אין דער מידבער, וואָס געפינט לעבעדיקע, קוועלנדיקע וואסער, וואָס רינט ארופּ פון א שפּיץ סקאלע, אזוי האָט מײַן גלוסטיקע לײַב זיך געטאָן טוג דערפרייען אפ סענדערלען, מײַן באשערטן, מײַן געטרײַען געזעלן".

— וואָס איז די מייַסע, סענדערל? וואָס האָסטו געלאָזט אַפּ זיך אַזוי לאַנג וואַרטן?

— סטייַטש, איך בין דאָך געגאַנגען צו דיר אַהיים, — האָט סענדערל ביטמימעס געענטפערט, — ביזוואַנען איך בין דערגאַנגען און ביזוואַנען איך האָב אויפגעוועקט דייַן זעלדען, איז דערווייַל אַוועק אַ היפּשע צייַט.

— אויפגעוועקט זעלדען! — האָט ביניאָמין אַ געשריי געגעבן מעשוגנע ווילד נישט מיט זייַן קאָל, — סענדערל, לעמייַ, מעשוגענער, האָסטו אַזוינס געטאָן?

— וואָס סטייַטש לעמייַ? ! — האָט סענדערל פאַרווונדערט זיך אָנגערופן, — לעמייַ, אַז איך האָב דיר פריִער אָנגעקלאַפּט אין דער ספּיזשאַרנע, און דו האָסט זיך ניט אָנגערופן, האָב איך מיר גע־נומען קלאַפּן אין דער שטוב־טיר: סטוק, סטוק, סטוק. נו, איז זעלדע, נישט טויט — נישט לעבע־דיק, אויפגעשטאַנען, און איך האָב זי געפרעגט מיקויעך דיר.

— סענדערל, מיר זענען פאַרבייַ! דו האָסט פאַרקאָכט אַ גוטע קאַשע! סטייַטש, זעלדע וועט נאָכלויפן, זעלדע, און וועט...

— אייַ, שרעק זיך נישט, ביניאָמין! זי האָט מיך אָפּגעשיקט צו אַלדי שוואַרצע יאָר מיט אַזאַ קאַס, גלייַך ווי איך וואָלט איר געקוילעט די קאַפּאָטע. „גיי מיט מייַנעם איינייגעם אין דער ערד אַרייַן ביידע”, האָט זי געזאָגט און צוגעמאַכט די טיר. איך בין אַ היפּשע צייַט געבליבן שטיין אינדרויסן, ווי צעמישט. דערנאָך ערשט האָב איך מיך דערמאַנט אָן דער ווינטמיל און זיך געשטויסן, דו מוזט שוין, אפּאָנעם, זייַן דאָ, און דעריבער טאַקע האָט, אפּאַגעם, דייַנע געזאָגט: „גיי מיט מייַ־נעם איינייגעם אין דער ערד אַרייַן ביידע”! זי האָט, אפּאָנעם, מוז געדרונגען זייַן, געזען, ווי דו ביסט אַוועקגעגאַנגען.

— וואָס, וואָס, סענדערל! זי האָט געזען? עפּשער גייט זי, גייט זי עפּשער?

— כאָלילע, ביניאָמין! זי האָט נאָר פאַרקייטלט די טיר. אַז איך האָב פאַרן אַוועקגיין ווידער אָנגעקלאַפּט און געפרעגט: זעלדע! זעלדע, וואָס זאָגסטו עפּעס אָן צו דייַן מאַן, זעלדע? אָדער האָסטו עפּשער, אַ קאַשע אַפּ אַ מייַסע, וואָס אים מיטצוגעבן, זעלדע? האָט זי נישט געענטפערט קיין גוט וואָרט. אפּאָנעם, זי האָט זייער אַ האַרטן שלאָף, און שלאָפט געשמאַק, אָן איינהאָרע. נו, האָב איך געזאָגט: זעלדע, דו שלאָפסט, שלאָף־זשע, שלאָף געזונטערהייט! זייַ מיר געזונט, זעלדע! — האָב איך געזאָגט און בין מיר אַוועקגעגאַנגען.

סענדערלס לעצטע ווערטער האָבן, אַזוי ווי טראָפּנס, אָפּגעמינטערט ביניאָמינען. ער האָט אָנ־געהויבן פרייַ צו אָטעמען און געסאָפּעט, גלייַך ווי אַ שטיין איז אים פונעם האַרץ אַראָפּ. דאָס פּאָנעם האָט אים געשייַנט, און זייַנע אויגן האָבן געפלאַקערט פאַר גרויס פרייד.

— אַצינד, סענדערל! — האָט ער עפּעס ווילד אַ קוויטש געגעבן, — אַצינד — מיט דער רעכטער פוס!

אין דער צייַט האָט פון אַ לוזשע אין דער זייַט זיך אַרויסגעלאָזט אַ קאָל פון זשאַבעס, גלייַך ווי זיי זיך האָבן זיך געזעגנט מיט אונדזערע פאַרשוינען און זיי צוגעקוואַקעט אַ מאַרש. טונעיאַדעווו־קער זשאַבעס שרייַען מעשונע שטאַרק אין זייערע פאַרשימלטע בלאָטעס, זיי זענען באַרימט אין דער וועלט גלייַך מיט דניעפּראָוויצער וואַנצן און טאַראַקאַנעס...

דאָס פינפטע קאַפּיטל

# וואָס מיט אונדזערע פאַרשוינען פּאַסירט זיך באַלד באַם ערשטן אַרויספאָר.

אונדזערע פאַרשוינען האָבן זיך אַ לאָז געטאָן ראַפּטאָם און געגאַנגען געשמאַק, גיך, גלייַך ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגעריסן פון אַ קייט אָדער גלייַך ווי איינער וואָלט זיי פון הינטן געטריבן מיט אַ בייַטש. מיט זייערע ברייטע פאָלעס, וואָס האָבן געשוועבט אַפּן ווינט, האָבן זיי זיך געמעגט גלייַכן צו אַ שיף, וואָס גייט געשווינד אַפּ אירע אויסגעשפּרייטע זעגלען. די קאָנדוק־טערס פון געוויסע דיליזשאַנסן אין אונדזער ווינקל וואָלטן זיך, כלעבן, געמעגט ווינטשן: האַלעווייַ דער גאַנג פון אונדזערע וואַנדערער אַפּ זייערע פערד געזאָגט געוואָרן! סאָראָקעס און

וואַראַנעס, וואָס האָבן ארומגעשפּאַצירט אַף דער ערד, האָבן מיט דערעכערעץ אָפּגעטרעטן דעם וועג און זענען שרײַענדיק צעפלויגן אין אַלע זײַטן מאַכמעס גרויס פּאַכעד פאַר די צווייפיסיקע מינע באַשעפעניש, וואָס האָבן זיך געיאָגט מיט גרויס כיישעק און היסלאַוועס.

קיין פּעם איז נישט בעיעכוילעס צו באַשרײַבן, ווי גליקלעך, איבערגליקלעך זיי זענען דענסט־מאָל געווען. עס האָט זיי עפּעס מעשונע האַנאָע געטאָן און זענען געווען שטאַרק צופרידן — צופרידן פון זיך אַליין, צופרידן פון דער גאַנצער וועלט.

סענדערל, ווי עס האָט אויסגעזען, איז זייער פריילעך געווען, וואָס ער האָט זיך אַרויסגע־כאַפּט פון זײַן ווײַבס הענט און איז פּאָטער געוואָרן אַזאַ שווערן, ביטערן גאָלעס. נעכטיקער טאָג באַזונדערס איז פאַר אים, נעבעך, געווען זייער אַ שווערער, אַ ביטערער, אַ טאָג פון צאָ־רעס און יעסורים, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ סליעד פון סיניאַקעס אַף זײַן לײַב, וואָס האָט מיט שטורעם אויסגעוואָרצלט אַסאַך האָר פון זײַן בערדל און וואָס האָט גאַנץ פרײַ פאַר דער גאַנצער וועלט זיך געכאַסמעט מיט ברוין־בלויע צייכנס אונטער זײַנע ביידע אויגן. נישט פאַר אײַך, פאַנטאָפּלמענער, געזאָגט געוואָרן אַזאַ וויסטן פינצטערן פּעטשאַטעק, וועלכן סענדערל, נעבעך, האָט נעכטן פרי געכאַפּט פון זײַן באָכערטע!

אַ היפשע צײַט זענען אונדזערע פאַרשוינען געלאָפן קימאַט אָן אַ נעשאָמע, שאַ, שטיל, נישט צו ריידן איינער מיט דעם אַנדערן אַ וואָרט. זיי האָבן זיך שטאַרק דערוואַרעמט און גרויסע טראָפּן שווייס האָבן זיי אַרויסגעטרעטן אַפן פּאָנעם. סענדערל האָט אָנגעהויבן ביסלעכווײַז זיך אָפּצושטעלן און געסאָפּעט, ווי אַ גאַנדז.

— גיכער, גיכער, סענדערל! — האָט ביניאָמין אים אַלץ אונטערגעגעבן קוראַזש און איז געלאָפן מיט אימפּעט פאָרויס, ווי אַ גיבער, וואָס גורט אָן זײַנע לענדן און לויפט מיט פײַל־און ־בויגן אין דער מילכאָמע.

— גוואַלד, ביניאָמין, האָב ראַכמאָנעס אַף מײַן נעשאָמע! — האָט סענדערל געבעטן ראַכמים, — איך האָב מער קיין קויעך נישט דיר נאָכצולויפן. דו לויפסט, אָן אײַנהאָרע, ווי אַ הירש אַף די בערג און ווי אַ צאַפּ פאַר דער טשערעדע.

— גיכער, גיכער, סענדערל! — האָט ביניאָמין אים אַלץ געשריגן און געלאָפן פאָרויס מיט גאַדלעס אַף זײַן בעריעשקײַט. — זעסטו, סענדערל, איך וואָלט אַזוי געלאָפן, געלאָפן ביז עק וועלט.

— נאָר צו וואָס, ביניאָמין, איך בעט דיך, לויפסטו אַזוי? — האָט סענדערל געפרעגט, — מיר וועלן, כלעבן, גאָרנישט פאַרזאַמען. אַז מיר וועלן אָנקומען אַהין שפּעטער מיט אַ טאָג אָדער אַפילע מיט עטלעכע טעג איז אויך, כלעבן, קיין סאַקאָנע נישט. די וועלט וועט נאָך אַזוי גיך נישט אונטערגיין, זי האָט נאָך צו שטיין, קעפּי איך האָב געהאָרכט, ביז דעם עלעף האַשוויי, שטאַרקע עטלעכע הונדערט יאָר.

— גיכער, סענדערל, גיכער, אַן אָווײרע די צײַט! וואָס גיכער אַרויסרײַסן זיך פון דאַנען, איז אַלץ בעסער. האָרעווע, סענדערל, קנעל אַביסל צו, נישקאָשע. דערפאַר, קומענדיק אַהין, וועסטו אויסגלײַכן דיר די ביינער, וועסט עטעמען און לעבן ווי אַ סראָרע.

— דו ביסט, ביניאָמין, זייער גערעכט. דו ווילסט גיכער, וואָס פאַר אַ דײַגע איך האָב? זאָל זײַן גיכער, באַ מיר האָסטו געפועלט, נאָר וואָס טוט מען מיט די פיס, מיט מײַנע פיס?

איין ברײרע, ביניאָמין האָט געמוזט צוליב טון סענדערלען און אײַנהאַלטן אַביסל דעם גאַנג.

אַז די זון איז אַרויס פון איר פוטערפאַס און האָט געשמאַק געוואַרעמט, געבראָטן מיט אירע ליכטיקע שטראַלן, זענען אונדזערע וואַנדערער אַנידערגעפאַלן נעבן אַ וועלדעלע באַ דער זײַט פונעם וועג. זיי זענען געלעגן אין איינ שווייס און האָבן שטאַרק געסאָפּעט, געמאַכט מיט די זײַטן. די פרישע סיניאַקעס האָבן באַ סענדערלען זיך צעפריעט און ער האָט געפילט אַ ווייטעק, ווי מע שטעכט מיט שפּילקעס.

נאָכדעם אַז זיי האָבן אַביסל אָפּגערוט, איז די ערשטע זאַך זייערע געווען אַרויסצונעמען טאַלעס און טפילן און דאַווענען. ביניאָמין האָט זיך צעשאָקלט, געדאַוונט לעבעדיק, מיט אַ ברען. ער איז וווערט געווען דערנאָך אַביסל בראָנפן, נאָר ווי האָט ער עס אָבער געקענט דאָ אויספירן? ער וואָלט גערן געוועזן, ער זאָל האָבן כאָטש אַ שטיקל ברויט. דאָס הארץ האָט אים געכאַלעשט, דער אַפּעטיט זײַנער איז געווען זייער גרויס נאָך אַזאַ געשמאַקן גאַנג, ער וואָלט

געקענט אופעסן א וועלט, און דאָ האָט בא אים, מײַסע־סאָטן, זיך נישט געפונען אפילע א ברעקל ברויט ווי א קעזאַיִס. ער האָט געוואָרפן מיט די אויגן אהין און אהער, אויסגעקנאקט די פינ־גער, געגענעצט, זיך געקראַצט, פאַסמאַקעוועט, געמאַכט אלץ: טאַ, טאַ, געגלעט, געצויגן די פייעס, דאָס בערדל, נאָכאמאָל א קראַץ און נאָכאמאָל טאַ, ביז ער האָט זיך מעיאַשעוו געווען און ארויסדערטאַפּט פונעם קלומעקל עפּעס א פּערטלדיקן סייפער ווי א מאַכזורל, אין וועלכן ער האָט אריַינגעקוקט און אונטערגעברומט מיט אַן אקדאָמעס־ניגנדל.

— סענדערל! — האָט ביניאָמין אינדערמיט מאַפּסיק געווען, — דו ווייסט, וואָס איך זאָג דאָ אזוינס? דו ווייסט, פאַרוואָס איך זאָג עס איצט מיט דעם ניגנדל?

— דו מוזט אוואַדע הונגעריק זײַן, — האָט סענדערל געענטפערט ביטמימעס.

— גראַם־שטראַם, — האָט ביניאָמין זיך אָנגערופן, — און אַז איך בין הונגעריק, מיילע?!

— מיילע, מיילע, דעריבער זינגסטו — האָט סענדערל געענטפערט, — ס'איז דאָך דאָ א בעפיי־רעש ווערטל: קאָלי זשיד ספּיוואַיע, קאָלי ווינ גאָלאָדני. דו, ביניאָמין, מעגסט דיר זינגען, זינג דיר, זינג, און איך וועל מיר דערוויַיל עפּעס אנדערש טון.

אין דעם ווי סענדערל האָט גערעדט, האָט ער טאַקע אריַינגעשטעקט די האַנט זײַנע צו זיך אין פּעקל און ארויסבאַקומען פון דאָרט א טאָרבע.

— עט, דו ווייסט נישט, דו פאַרשטייסט נישט, אַנטקעגן וואָס איך טו עס, — האָט ביניאָמין גע־זאָגט, — סענדערל, נאַרעלע, איך וועל דיר מעפּוירעש זײַן דעם טאַם דערפון.

נאָר סענדערל אָבער האָט דערוויַיל זיך זײַנס געטאָן און פאַמעלעך־פאַמעלעך אופגעבונדן די טאָרבע. אַז ביניאָמין האָט א קוק געטאָן, איז אים ליכטיק געוואָרן אין אלע רמ״ח (רעמאַך) אייוו־רים. אין טאָרבע איז געלעגן פון קאָלטווו: ברויט, שטיקלעך קוילעטש, וואָס איז איבערגעבליבן פון שאַבעס, אוגערקעס, רעטעכלעך, ציבעלעס און קנאָבל! סענדערל האָט אין זינען געהאַט אלצ־דינג אָנצוגרייטן ווי א גוטע באַלעבאָסטע, און ער איז בא ביניאָמינען דערפאַר געהויכט, געקרוינט געוואָרן נאָך אסאַך מער ווי פריִער. ביניאָמין האָט אין האַרץ זיך שטאַרק געפרייט, וואָס האַ־שעם־ייִסבאָרעך האָט אים באַשערט אַזא טיַיערן כאַווער אפּ דער נעסיִע. סענדערלען האָט אים גאָט צוגעשיקט, אזוי האָט ער געטראַכט, ווי די קינדער־ייִסראָעל מאַן אין דער מידבער.

נאָכדעם אַז זיי האָבן אונטערגעלענט זייער האַרץ, האָט סענדערל אײַנגעוויקלט דאָס ביסל שפּײַז, וואָס איז אים איבערגעבליבן, צוריק אין טאָרבעלע מיט די ווערטער:

— דאָס ביסל שפּײַז וועט אונדז צונוץ קומען נאָך אפּ א מאָל, און דאָס טאָרבעלע אפּ טויזנט מאָל, אפּ אונדזער גאַנצ לעבן. דערמיט וועלן מיר, אימירצעשעם, איבער די הײַזער ארומגיין, נישקאָשע, גאָט באָרעך־הו וועט אונדז העלפן!

דאָס וווּנדערלעכע טישטעכל אין די מײַסע־ביכלעך, וואָס מע זאָגט: טישטעכל, טישטעכל, גיב מיר עסן! גיב מיר דאָס, גיב מיר יענץ! און דאָס טישטעכל גיט, — אָט דאָס דאָזיקע כידושים־ווונדערלעכע טישטעכל איז בא אונדז ייִדן די טאָרבע. פיל נעפאַשעס, זייער פיל, שפּײַזן זיך כידעשלעך־גרינג זייער גאַנצ לעבן נאָר פון דער טאָרבע און לאָזן זי איבער ביערושע קינדס־קינדער. די טאָרבע איז אין טאָך אריַין אלצ איינע, נאָר בא פּאַרשיידענע קלאַסן מענטשן באַ־קומט זי אַן אנדער מין פאָרמע און אַן אנדער מין נאָמען. באַם פּראָסטן אוילעם איז זי פּאָשעט א טאָרבע, א פראָסטע לײַוונטענע טאָרבע, באַם געהויבענעם אוילעם אָבער נעמט זי אָן אלערליי מינע געשטאַלטן, ווי אשטייגער: א קעסטעלע, א קאַראָבקעלע, א קלייקוידעשל, א כעווורעלע, א פּושקעלע, א קאָהאָלש בײַטעלע, א גמילעסכעסעד־באַנקעלע, א מעכאַבערישער פּלוידערזעקעלע אוכעדוימע, די אלע זענען בעעמעס טאַקע נאָר טאָרבעס, עכטע ייִדישע טאָרבעס!...

— סענדערל! — האָט ביניאָמין זיך אָנגערופן, געשטאַרקט פון סענדערלס ווערטער, — מיר בייַ־דע זענען א זיווּעג מין האשאָמאַיִם, מיר ביידע זענען ווי א גוף מיט דער נעשאָמע. ווען דו זאָרגסט אין גאַשמיִעס מיקויעך עסן און טרינקען אפּ אונדזער נעסיִע, אַנטקעגן־זשע זאָרג איך אין רוכניִעס־זאַכן. נאָכאמאָל פרעג איך דיך, סענדערל, דו ווייסט, פאַרוואָס איך זאָג אקדאָמעס? איך האָב דערמיט א גרויסן קיוון. איך זאָרג מיך איצט, אַז האשעם־ייִסבאָרעך וועט אונדז בעשאָלעם ברענגען אהין, צו די בניי־מוישע, זאָלן מיר קענען א מויל עפענען און מיט זיי זיך אויסטיַי־נען. זיי ריידן עפּעס האַלב טאַרגעם, צומייסטן ריידן זיי דאָרט אקדאָמעס־לאָשן. עלדאַד האַדאָני, וואָס איז פון יענעם ווינקל צו אונדז געקומען, ער האָט דאָך, לויט ווי מײַן מיינונג, דאָס

דעם אקדאָמעס געמאכט. וועשאָראָיוס שוסאָ, סענדערל איז דער טײַטש: איך הייב אָן צו שפּרעכן, געדענק־ושע, סענדערל! דאָ אינ כוץ־לאָארעצ קענ מענ זיך באַגיינ מיט אונדזוער לאָשנ, מיט דײַטש, אָבער דאָרט, דאָרט מוזנ זיי קיינ דײַטש אוואדע נישט קענען.

— איך פארלאָז מיך אינ די זאכנ אינגאנצנ אפ דיר,—האָט סענדערל געזאָגט בעהאכנאָע,— דו ביסט א געלערנטער מענטש אונ קוקסט ארײַנ אינ דײַנע ספאָרים, מיסטאמע ווייסטו, וואָס דו טוסט, ווױהינ דו גייסט, א סימענ, איך האָב דיך אפילע נישט איבערגעפרעגט, צי גייענ מיר מיט דעם גלײַכנ וועג. דו גייסט, וואָס פאר א דײַגע איך האָב, גיי, איך גיי דיר נאָך, ווי א קו נאָך א קעלבל.

ביניאָמינענ האָט מעשונע האנאָע געטאָנ סענדערלס גרויסער ביטאָכנ אפ זײַנ כאָכמע. ער האָט בא זיך אינ די אויגנ אויסגעזענ, ווי א שיפּסקאפּיטאנ, וואָס ער אליינ פירט די שיפ אפנ יאם. דאָס פונדעסטוועגנ האָט אימ נישט אָפּגעהאלטנ זיך באלד טאקע צו פארטראכטנ, אז ער ווייסט בעעמעס נישט, ווו ער געפינט זיך, מעגלעך עפשער בלאָנדזעט ער אונ איז גאָר אראָפּ פונעם וועג.

דערווײַל ווי ער האָט געטראַכט, האָט גאָט אָנגעטראָגנ א פויער, וואָס ער איז געפאָרנ פארבײַ אפ א פולנ, אָנגעטאסעוועטנ וואָגנ מיט היי.

— סענדערל,—האָט ביניאָמינ געזאָגט,—עס שאדט קלאל נישט א פרעג צו געבנ דעם אָרל מיקויעך דעם וועג. גיי אפ צוקאוועשטש גיב א פרעג. דאָ אינ כוץ־לאָאָרעצ וועסטו בעסער פונ מיר זיך קענענ אויסטײַנענ מיט די פויערימ אפ זייער גראָבנ לאָשנ. דײַנ פלוינעסטע פלעגט עפּטערס דיך מיטנעמענ מיט זיך אפנ מארק.

סענדערל האָט זיך אופגעהויבנ פונ זײַנ אָרט, צוגעגאנגענ מיט גרויס דרעכערעצ צומ פויער אונ געזאָגט קעהײַ־לישנע:

— דאָברי דיענ! קאושי נאָ, טשעלאָוויטשע, קודי דאָראָגי אפ ערעצ־ייִסראָעל?

— שטשאָ?!—האָט דער פויער פארוווּנדערט געמאכט אונ אויסגעשטעלט א פאָר אויגנ.—יאקי סרול? נע באטשיל יא סרוליא!

— ני, ני!—האָט ביניאָמינ זיך נישט געקענט אײַנהאלטנ אונ זיך ארײַנגעמישט פונדערווײַטנ,— עטאָ ווי סרול, א וינ, ל׳האוודל, ערעצ־ייִסראָעל קאזאטע וינ. סענדערל, זאָג אימ נאָכאמאָל בעפּיירעש ארויס, ער האָט א פוירעש קעפעלע, שארפער, שארפער, סענדערל!

— אפ ערעצ־ייִסראָעל קודי דאָראָגי?—האָט סענדערל נאָך א מאָל איבערגעכאזערט.

— א פעס וואס, זשידקי, זנאיעט, שטשאָ ווי מאראָטשעטע מעני גאלאָווי, עטאָ דאָראָגי דאָ פּיִעווקי, א וואָני עלעסלאָאל! עלעסלאָאל!—האָט דער פויער זיך נאָכגעקרימט, א שפּײַ געטאָנ אונ אוועקגעפאָרנ ווײַטער.

אונדזערע פארשוינענ האָבנ זיך געלאָזט ווײַטער אינ וועג.

ביניאָמינ האָט געפילט א ווייטעק אינ די ליטקעס, די פיס זענענ אימ געווענ, לוי־אלייכעמ, ווי אָפּגעשניטנ. דאָך האָט ער, נעבעך, זיך נישט ווײַסנדיק געמאכט הארצ, אלצ אונטערגעגעבנ קוראזש. אונ מאכמעס אימ איז, נישט פאר קיינ ייִדנ געדאכט, זייער שווער געווענ צו גיינ גלײַך אונ געשווינד, האָט ער געמוזט אלצ אונטערשפּרינגענ. אוואדע איז דאָס נישט געווענ אזא גאנג, ווי פריִער. עס איז געווענ געמוטשעט. נאָר פונדעסטוועגנ האָט ער געטאָנ זײַנס אונ איז געגאנגענ, וואָרעמ די קאשע איז דאָך, וואָס האָט ער דענ געקענט מאכנ? אני־דערלייגנ זיך, סאָנע־ציִענ, אפנ וועג? מיילע, וואָס וואָלט דערפונ דער טאכלעס געווענ? הײַנט ווי לייגט עס זיך א ייִד אינמיטנ וועג גלאט אנידער? ער וואָלט נאָר מעצאער געווענ סענדערלענ, אונ די נעסיִע וואָלט, כאָלילע, אופגעהאלטנ געוואָרנ. אקלאל, זיי זענענ געגאנגענ, געגאנגענ אזוי א גאנצנ טאָג. ביז גאָט האָט זיי בעשאָלעמ געבראכט קיינ פּיִעווקי אפ נאכטלעגער.

ארײַנקומענדיק אינ פּיִעווקער קרעטשמע, איז ביניאָמינס ערשטע זאך געווענ, זיך א וואָרפ צו טונ ווי גרויס ער איז אינ א ווינקעלע אויסצורוענ די פיס אונ כאפּנ דעמ אָטעמ.

סענדערל איז, ווי אנ אלטע באלעבאָסטע, געגאנגענ צו באשעפטיקנ זיך אינ דעמ באלעבאטישקײַט אונ שמועסנ מיקויעך וועטשערע.

דער ארענדאר האָט אָנגעקוקט סענדערלענ פונ קאָפּ ביז די פיס אונ האָט פונ זײַנ גאנצנ היילעך ארויסגעזענ, אז דאָס איז עפעס נישט גלאט אזא פארשוינ, ווי אנדערע, וואָס פאָרנ

געווײנטלעכ דורכ. ער האָט אים אָפּגעשטעקט א שאָלעמ־אלײכעמ, אונ אפ דער שײַלע: מא שמײכעמ? פונוואנעו איז א ייִד: האָט סענדערל געענפערט ביטמימעס, ער הײסט סענדערל, ער איז א שטיקל ערעצ־ייִסראָעל־ייִד, ער איז א מעשאמעש בא רעב בינאָמינעו, וואָס ליגט איצט מיט זײַנ קאָוועד דאָ אינ א ווינקל. דער ארענדאר האָט געמאכט א פרום פּנעמל, זיכ אביסל פארטראכט אונ געבעטנ סענדערלען זיצנ.

לאָמיר לאָזנ די באסמאלקע, דאָס הײסט סענדערלען, שמועסנ מיט דעמ ארענדאר אינ זיכ אומקערנ צומ בענ־מעלעכ, צו בינ־יאָמינעו, זענ, וואָס ער מאכט אונ וואָס ער טוט.

אונדוער בינ־יאָמינ, אז ער האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אינ ווינקל, איז געבליבנ ליגנ ווי א שטײנ אונ נישט געוווסט, אפ וועלכנ אוילעמ ער איז. די אָדערנ פונ די פיס זענענ געווענ שטארק אָנגעקוואָלנ, דאָס בלוט האָט אינ זײ זיכ צעשפּילט, געזוצט אונ געטשיפּעט, גלײַכ ווי מוראשקעס וואָלטנ דאָרט הויפנסווײַז ארומגעלאָפנ אונ געביסנ, געשטאָכנ. די שלײפנ האָבנ געהאקט, געקלאפּט ווי האמערס. אינ די אויערנ האָט פארדומפּנ גערוישט אונ דאָס רוישנ פלעגט זיכ אלץ אויסלאָזנ צומ סאָפ מיט א הילכעדיקנ לאנגנ קלונג, ווי א טקיִע־גדוילע, אָדער מיט א שארפנ שומ, ווי בעשאס מע לאָזט ראקעטנ. בא איטלעכנ ארויספליִענדיקנ ראקעט פונעמ קאָפּ האָט מיטאמאָל אימ א בלישטשע געגעבנ אינ די אויגנ טויזנטערלײ פײַערווערק: געלע, גרינע, בלויע, העלע, רויטע, פאָמסענע, נאָכ אי נאָכ קאָלירנ אָנ אנ עק, אָנ א סאָפּ. אינ א מינוט ארומ ווערנ די פײַערווערק אויסגעלאָשנ, כוישעכ־פינצטער ווערט אימ אינ די אויגנ אונ אינ די אויערנ רוישט ווידער ווי אינ א מיל.

ליגנדיק פארטראָגנ אזוי א היפּשע צײַט, הערט בינ־יאָמינ א קאָל פונ גלעקלעכ קלינגענ אינדרויסנ פונדערווײַטנ, מיט איטלעכער מינוט קומט דער קאָל צו אלץ נעענטער, נעענטער, ווערט אלץ העלער אי שטארקער, אונ פלוצימ גיט א סקריפּ ווי א וואָגנ, אָפּשטעלנדיק זיכ נעבנ טויער. עס לאָזנ זיכ הערנ ביזנ הימל ארײַנ מינע קוילעס, גלײַכ ווי א גאנצע שטעטל האָט דאָרט זיכ פארקליבנ אפ א וויכטיקיִר אסיפע, בײַקעלכלעכ, פיסטלעכ, געמבעס, הײזעריק, כאָרכלענדיק, אי צוגעלײגטע שטימענ, נישט צו וויסנ וואָס אונ צו וואָס. קעצ, וואָס פארזאמלענ זיכ אינ זײער צײַט אפ די דעכער, ווײס מענ, אז דאָס זענענ קעצ אונ צוליב וואָס זײ האָבנ זיכ פארזאמלט, אונ וואָס זײ מײנענ מיט זײער מיאוקענ, כאָטש דו קענסט נישט קײנ קאצנ־לאָשנ. אָבער דאָ איז שווער צו זאָגנ, וואָס שרײַט מענ אונ וואָס וויל מענ, ווײַל דרינענ איז אויסגעמישט א געלעכטער, אי א געקרעכצערײַ, געזיפצערײַ, אי א שושקערײַ, אי א קוויטשערײַ, אי א טאָנ פונ א שײגעצ, אי דאָס זיסע כאניפע־קעלכל, אי א הוסטערײַ, אי א נאָזשנײַצערײַ, א געקלאפּערײַ אונ א געפּאטשערײַ. הײַנט גײ פארשטײ, וואָס דאָס אלצדינג אינײנעמ איז, וואָס דאָס באטײַט? באלד דערופ עפנט זיכ די טיר אונ א כאָפּטע מענטשנ שיטנ זיכ ארײַנ אינ שטוב מיט אימפּעט.

בינ־יאָמינ רוקט זיכ ווײַטער, ווײַטער אינ ווינקל אונ נורעט זיכ שטארק אײַנ.

דערווײַל ווערט אינ שטוב זײער ליכטיק פונ אסאכ ליכט, וואָס ברענענ אינ שאבעסדיקע מעשענע לײַכטער; א טײל זענענ פארשטאָפּט מיט שנויצנ אונ די ליכט שטײענ אפ זײ צוגעשמאָלצנ, נאָר אפ מישקוילעס. א טײל זענענ מיט צו־גרויסע, ברײטע, נישט קײנ טיפע לעכער אונ די ליכט שטײענ אינ זײ קרומ, אינ דער זײַט, פארשטעקט פונ אונטנ מיט א קויל.

באמ עק פונ א לאנגנ דעמבענעמ טיש זיצט א כעוורע קלעזמער אונ סטראָיענ, שטעלנ אָנ זײערע קײלימ, דער פידלער פּאָרעט זיכ מיט דער פידל, קיצלט זי מיט פינגער אונ איטלעכע סטרונע רופט זיכ אָפּ זימ־זימ־זימ אפ איר קאָל, גלײַכ ווי זײ רײדנ: נישקאָשע, מעגסט אונדז קיצלענ, פונונדזוערטוועגנ זענענ מיר פארטיק, אבי פונ דײַנ סמיטשיק זאָל נאָר קײנ מעניִע נישט זײַנ. ער כאפּט זיכ צומ סמיטשיק, גלעט אימ אונ האלט אימ גרײט צומ שפּיל. דער פלײטער שמועסט איבער שטיל מיט דער פלײט, זי פײַפט אימ שטילערהײט אָנ, אונ דער צימבלער לויפט זיכ דורכ איבער דעמ צימבל אונ קלאפּט זיכ פאמעלעכ מיט די העמערלעכ. נאָר דער בלינדער פויקער זיצט אָנגערוקט מיט דער קוטשמע איבער די אויגנ אונ כאפּט א דרעמל.

נעבנ די קלעזמער שטײט אפ א בענקל עפּעס א מינ פארשוינ, וואָס קוימ רעדט ער אויס א וואָרט, שטיקט מענ זיכ פאר געלעכטער. אפילע קינדער, וואָס שטײענ אָנגעשטאָפּט אונ קוקנ ארײַנ פונ די פענצטער, לאכנ מעשונע אונ קרימענ זיכ נאָכ. דער פארשוינ גיט דערנאָכ א געשרײ: הררי! לעקאָוועד די מעכוטאָנימ אולעקאָוועד דעמ באלעבאָס אולעקאָוועד האמסובימ בעקאנ,

שפּילט אָפּ א לעבעדיקס, א פריילעכס! און די קלעזמער צעלאָזן זיך באלד אפּ די קיילים, פריי־לעך, לעבעדיק, וווּ ווייבער מיט מאנצבילן נעמען זיך צונויף און טאנצן א ראָד האָצ־האָצ.

אלצדינג האָט זיך באוועגט, אפילו וואנצן אי טאראקאנעס זיינען ארויס פון די שפּאלטן, און זיך צעקראָכן איבער די ווענט.

טאנצנדיק פאלט איינער ארופ אפּ ביניאָמינען אין ווינקל. דער טענצער קוקט אים אין פּאָנעם אריין און לאָזט ארויס א געשריי:

— א, ביניאָמין! איך האָב אים דערטאפּט, כלעבן, די קאָשערע מעציאָ, ער איז דאָ, ער איז דאָ!

אפּ דעם געשריי לויפן צו נאָך מענטשן. ביניאָמין דערקענט צווישן זיי די טונעיאדעווקער פּיינע בריעס און דעם דאָרטיקן רעוול.

איין קאָל, איין געשריי:

— ביניאָמין, קום טאנצן! ביניאָמין, קום טאנצן.

— איך קען, אָסער, גיט, — בעט זיך ביניאָמין ראכמים, — איך קען זיך נישט רירן פונעם אָרט.

— נישקאָשע, נישקאָשע! — ענטפערט מען אים, — קום, זאָגט מען דיר, דו וועסט קענען, וואָס האָט מען דאָ צו קענען? אָדעם א מענטש, קאטשקע רוק זיך! ריר זיך, בעהיימע, מיר וועלן, נישקאָשע, דערציילן.

— זעלדען! — גיט ביניאָמין א געשריי אין איין אָטעם, — איך בעט אייך, דערציילט נישט זעלדען!

— ריר זיך־זשע, בעהיימע! — שרייט מען אים, — ריר זיך, בעהיימע, שטעל זיך שוין אפּ די פיס.

— דערבארעמט זיך, יידישע קינדער! — בעט זיך ביניאָמין, — איך קען, כלעבן, זיך איצט נישט רירן, איך האָב א טאם, פארוואָס איך קען נישט, ס'איז א סאָד, וואָס איך וועל אים מע־גאלע זיין דעם ראָוו.

און ווי ער כאפּט ארום דעם ראָוו פעסט מיט ביידע הענט אריינצוראוימען אים אין אויער א סאָד, פילט ער פּלוצים א שרעקלעכן זעץ אין דער זייט, אזש ס'איז אים פארגאנגען אין דער נאָז ווי פון כריין, ער גיט זיך פאר ווייטעק א וואָרפּ, רייבט די אויגן און זעט, אין שטוב איז גאָר טונקל, די לעוואָנע שיינט אריין פון די פענצטער. ער ליגט נעבן א קעלבל און האלט זי ארומגענומען שטייפּ מיט ביידע הענט.

וואָס טוט זיך דאָ אזוינס?! פונוואנען נעמט זיך דאָ פּלוצים א קעלבל? האָט זיך דען ביני־יאָמין געקעלבט? נאָר ווי שיקט זיך עס? אָנגענומען די סוואָרע, ביניאָמין איז א בעהיימע, צען מאָל, הונדערט מאָל א בעהיימע. נאָר ער איז דאָך אָבער א צווייפיסיקע בעהיימע, און ווו איז דאָס געהערט אי געזען געוואָרן, אז א צווייפיסיקע בעהיימע זאָל האָבן א קעלבל?! עמעס, בא אונדז איז דאָ אסאך קעלבלעך און דאָסראָוו דאפקע אין לייטישע הייזער, אָבער דאָס זענען דאָך פּאָרט ניט מער ווי קעלבלעך אין א מענטשנס געשטאלט. זיי זענען נאָך דאָסראָוו גראָד זייער שיין, מיט א שיין פּענעמל און מיט כיין־גריבעלעך, אָבער דאָס קעלבל, וועלכע ביניאָמין האלדזט דאָ און נעמט זי שטארק ארום, איז דאָך טאקע פּאָשעט אן עמעס קעלבל, הייגט פונוואנען, איז די קאשע, האָט זי זיך אהער גענומען? א כידעש ניפלע. נישט אנדערש זי איז פונעם הימל אראָפּגעפאלן!..

ניין, ראבויסיי! גלייבט נישט אין הימלשע קעלבלעך, צווישן אלע אונדזערע קעלבער איז אפילע נישט אי איין קעלבל פונעם הימל אראָפּגעשיקט געוואָרן. עס איז גאָרנישט אזא כידעש ניפלע, ווי איר מיינט, איר האָט זיך אפּ דעם קעלבל גאָרנישט אזוי צו וווּנדערן און פון אים אזא פיירעש צו מאכן, פּראָסטע איז מאָסטע, גאָר אָן קונצן, די מייסע דערפון איז אזוי געשען:

אז ביניאָמין איז נישט טויט נישט לעבעדיק אנידערגעפאלן אין ווינקל, האָט ער פאר גרויס מידקייט נישט באמערקט, אז דאָרט ליגט א קעלבל. בעשאס אים האָבן זיך צעשפּילט די געבליטן, איז ער אנשלאָפן געוואָרן און אים האָט זיך פּאָרגעשטעלט אין כאָלעם די גאנצע כאסענע מיט די מעכוטאָנים און מיט די קלעזמער. ער איז געווען שרעקלעך אומרויק. זיך אלץ געררוקט,

גערוקט אינ ווינקל, און בעשאס ער האָט אינ כאָלעמ ארומגענומענ דעמ טונעיאדעווקער רעוול, האָט ער גאָר ארומגעכאפּט פעסט דעמ פּיעווקער ארענדארס קעלבל, און אימ אײַנגערוימט אינ אויער דעמ סאָד פונ זײַנ נעסיע. דאָס קעלבל אָבער האָט עס נישט גוירעס געווענ, נישט געוואָלט לײַדנ, מע זאָל אימ אזוי האלדזנ און שטיקנ. עס האָט אויסגעשטרעקט דאָס פיסל, אָנגערירט ביניאָמינענ אינ דער דיכ און ביניאָמינ האָט זיכ אופגעכאפּט.

אז ביניאָמינ האָט זיכ אופגעכאפּט, האָט ער נאָכ אלץ געהאלטנ ארומגענומענ דאָס קעלבל מיט ביידע הענט זייער פארדולט און צעמישט. ערשט אינ א רעגע שפּעטער האָט ער פונ זיכ א שטופּ געטאָנ דאָס קעלבל, זיכ אופגעהויבנ דערשראָקנ און זיכ געלאָזט גיינ געשווינד. דאָס קעלבל פונ זײַנ זײַט, וויבאלד עס איז לויז געוואָרנ פונ פרעמדע הענט, איז אויכ אופגעשטאנענ געשווינד און זיכ געלאָזט מאכנ א פּלייטע, איז לויפנדיק ארופ ראפּטאָמ אפ ביניאָמינענ און ביידע זענענ געפאלנ איבער א גרויסנ צעבער וואסער, טראכ! מיט א שרעקלעכנ קלאפּ.

שטארק דערשראָקנ פונ אזא טראכ, איז סענדערל און דער ארענדאר מיט א ליכטל אינ האנט ארויסגעלאָפנ פונעמ אנדערנ כּידער אינ שטוב ארײַנ, און זענענ געבליבנ פארוווּנדערט.

ווענ א לידל־מאכער זאָל געווענ דענסטמאָל זיי ביידנ אָנקוקנ, וואָלט ער אזוי געמאכט:
„ליבהארציקע און זיסע, אי אינ ווינקל אי אינ דער לושע זענענ זיי ניט צעשיידט געוואָרנ!”

נאָר דער ארענדאר און סענדערל זענענ געווענ פּראָסטע באָסער־וועראָמס, נישט קיינ לידל־מאכער, און האָבנ די ליבהארציקע אי זיסע באלד צעשיידט. דאָס קעלבל האָט מענ אָפּגעשיקט צו דער מוטער מיט שטעכווערטלעכ פאר איר שלעכטער אופירונג, און ביניאָמינענ האָט מענ פונ דער טווילע ארײַנגעפירט אינ א באזונדערנ אלקער און געלייגט אפ עטלעכע קוליקלעכ שטרוי מיט א קישנ צוקאָפּנ.

## דאָס זעקסטע קאפּיטל

# ביניאָמינ כאפּט א פּאטש.

ביניאָמינס אייוורימ זענענ אביסל אָפּגעגאנגענ אינ דער לייל־טווילע, נאָכ דעמ אָפּשווענקענ זיכ מיט א גאנצנ צעבער קאלטע וואסער, און אופשטייענדיק אינדערפרי, האָט ער זיכ געפילט פרישער אי געזינטער. ער האָט באשײַמפּערלעכ ארויסגעזענ א פינגער פונ וווּנדער אינ נעכטיקער מײַסע מיט דעמ קעלבל, וואָס דורכ אימ גראָד איז געקומענ די רעפוע צו זײַנע ווייטעקנ. ער האָט באוויזנ סענדערלענ דערמיט, ווי אומגערעכט דער זינדיקער מענטש איז, וואָס באקלאָגט זיכ בעשאס עפּעס אנ אומגליק און פארשטייט נישט, אז דאָס אומגליק, קענ זײַנ, פירט גאָר צומ גליק, און פונ דער ראָע קומט ארויס א טויווע; ווי דער אייבערשטער מאכט פאר א שאָליעכ אלע זײַנע באשעפעניש, אפילע א בעהיימע; ווי א דאָקטער קענ אמאָל גאָר זײַנ א קעלבל; ווי א מיק אפילע קענ פיקנ אינ קאָפּ, שטארק דאקוטשענ און שטיינ אינ דער גארגערעס. פאר א רײַע דערצו דינט די מיק מיט טיטעס־האָראָשע אינ די אלטע, אלטע צײַטנ. דאָס נעכטיקע באגעגעניש איז אימ איצט געווענ א גוטער סימענ, אז די נעסיע זײַנע איז אינ א גוטער, מאזלדיקער שאָ און ער וועט, אימירצעשעמ, מאצליעכ זײַנ צו דערגרייכנ וואָס ער ווינטשט.

— א וואסערטרעגער, וואָס גייט איבער מיט פולנ, איז פונ אייביק אָנ א גוטער סימענ, א פּשיטע שוינ א גרויסער, א פולער צעבער, — האָט סענדערל זיכ אָנגערופנ און צוגעבאסעוועט מיט די רייד.

נאָר מאכמעס דעמ ווייטעק, וואָס ביניאָמינ האָט נאָכ געפילט אינ די פיס, און מאכמעס די קוליקלעכ שטרוי, וואָס דערופ איז אימ ווייכ געווענ צו ליגנ, איז ביניאָמינ פארבליבנ דעמ גאנצנ טאָג אינ פּיעווקע. ער איז געגליכנ געווענ צו א שיפ אינ יאמ, וואָס האָט זיכ געזעצט אפ א זאמד און קיינ גוטער ווינט איז נישטאָ אראָפּצוטרײַבנ פונ דאָרט.

אפ מאָרגנ גאנצפרי האָט ביניאָמינ זיכ אופגעהויבנ פונ זײַנ געלעגער און זיכ געלאָזט ווײַטער אינ וועג ארײַנ.

א היפּשע צײַט איז ביניאָמינ געגאנגענ עפּעס ווי מאָרעשכוירעדיק, שטיל־פארטראכט, נישט צו ריידנ קיינ וואָרט. דערנאָכ האָט ער א פּאטש געגעבנ זיכ אינ שטערנ און געבליבנ שטיינ

שטארק באטריבט. ערשט אינ א פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער געעפנט א מויל און ארויסגעלאָזט מיט א קרעכצ די ווערטער:

— אכ, סענדערל, איכ האָב פארגעסנ!

— ווו פארגעסנ? וואָס פארגעסנ? — האָט סענדערל זיכ אָנגערופנ און זיכ א כאפּ געטאָנ צו דער טאָרבע.

— אינדערהיימ, סענדערל, אינדערהיימ האָב איכ פארגעסנ!

— איַי, בּיניאָמינ, וואָס פאלט דיר איַינ? — האָט סענדערל געמאכט, — מיר האָבנ, דאכט זיכ, מיטגענומענ אלצדינג, וואָס נייטיק איז מענטשנ אינ וועג אריַינ: א טאָרבע, נישט צו פארזינדיקנ, איז דאָ, טאלעס און טפילינ מיט סידורימ איז אויכ דאָ, שאבעסדיקע קאפּאָטעס אויכ דאָ, דאכט זיכ, אלצדינג, בּאַרעכאשעמ, איז דאָ, אלצדינג האָבנ מיר פארנומענ. וואָס גייט אונדז דענ אָפּ? און וואָס האָבנ מיר אזוינס געקענט פארגעסנ?

— די זאכ, וואָס איכ האָב פארגעסנ, סענדערל, איז זייער וויכטיק, נייטיק אינ לעבנ אריַינ, האלעוויַי אלצדינג זאָל אָפּלויפנ בּעשאָלעמ, נאָר בּעיִמ, כאָלילע, לוי יאלע וועלוי יאָווי, גאָט זאָל שויַ־מער אומאצל זיַינ, אפנ וועג וועט עפּעס, מיַיסע־סאָטנ, געשענ, דענסטמאָל וועלנ מיר ערשט דער־פילנ דעמ גרויסנ ווערט פונ דער טיַיערער זאכ, וואָס איכ האָב פארגעסנ. ארויסגייענדיק פונ דער היימ, האָב איכ פונ איַילעניש פארגעסנ צו זאָגנ א שפּרוכ, וואָס שטייט געשריבנ אינ א סייפער, ארויסגענומענ פונ א גאנצ אלטנ קסאוויאד. דער שפּרוכ מוז געזאָגט ווערנ פאר א נעסיִע ארויס־גייענדיק פונ דער היימ, בּא דער ראָגאטקע, און מענ איז אָרעוו, אז ער איז א זיכערע שמירע אינ וועג פאר קאָל האמינע סאקאָנעס און שלעכטע בּאגעגעניש — אָט וואָס איכ האָב פארגעסנ!

— עפּשער איז דיַינ גוטער ווילנ זיכ אומקערנ אהיימ? — האָט סענדערל געזאָגט בּיטמימעס.

— דו בּיסט מעשוגע, צי כאָסערדייע! — האָט בּיניאָמינ א געשריי געטאָנ און דאָס גאנצע בּלוט איז אימ אינ פּאָנעמ אריַינ. — סטיַיטש, וואָס הייסט, זיכ אומקערנ אהיימ? נאָכ אזויפיל מי און אָנגיינ זיכ אזא וועג פלוצימ אומקערנ זיכ! סטיַיטש, און די וועלט? וואָס וועט זאָגנ די וועלט?

— וואָס הערנ מיר, בּיניאָמינ, די וועלט? — האָט סענדערל זיכ אָנגערופנ, — די וועלט האָט דענ דיכ געבּעטנ מאכנ אזא נעסיִע? האָט זי דענ מיט דיר א קאָנטראקט געמאכט און דיר אפּ הויצאָעס געגעבּנ, דו זאָלסט גיינ, וואנדערווענ?

— גאנצ סייכלדיק! — האָט בּיניאָמינ זיכ נאָכגעקרימט, — און אלעקסאנדער מוקדנ, אימ האָט דענ די וועלט געבּעטנ, ער זאָל גיינ קיינ הינדיִאָ און מילכאָמע האלטנ דאָרט? און די אלע וואנ־דערער בּא אונדז יידנ האָט דענ די וועלט געבּעטנ ארומצוואנדערווענ פונ שטאָט צו שטאָט?

— ווייס איכ? — האָט סענדערל געמאכט מיט א שמייכעלע, — פונמיַינעטוועגנ האָבנ זיי אלע געמעגט, כלעבּנ, זיצנ אינדערהיימ, עס וואָלט, דאכט זיכ, בּעסער און גליַיכער געווענ פאר איט־לעכנ. אכ, נארעלע, נארעלע דו, אלעקסאנדערל מוקדנ, דו האָסט אינדערהיימ פונ קאָלטווו, זיצ, לעבּ דיר צופרידנ און גלעט דיר דאָס בּיַיכל. צו וואָס טויג דיר נאָכ, נארעלע, הינדיִענ? סידי דאָמא דא ני ריפּיַיסא, איז דאָ אנ אוילעמס ווערטל, און דער אוילעמ זאָגט: אנ אוילעמס ווערטל איז, לעהאוודל, א געמאָרע. מער כידעש איז אפּ אונדזערע יידעלעכ, זיי האָבנ דאָכ טאקע יאָ געמאָגט האלטנ פונ דער געמאָרע, זיצנ אפּ זייער אָרט און באשעפטיקנ זיכ איטלעכער מיט זיַינ זאכ. צו וואָס טויג דאָס ארומוואנדערווענ, דאָס ארומבּלאָנקענ זיכ ווי א דולער, הו־הא־הא, נישט צו וויסנ אליינ פונעמ געזונט, פונעמ קעבנ און נאָר אומזיסט־אומנישט ריַיסנ שטיוול? ווי איכ בּינ א ייִד, בּיניאָמינ! איכ זאָל אזא פארשוינ בּאגעגענענ, וואָלט איכ אימ גליַיכ אפנ אָרט אָפּגע־זאָגט דעמ אוילעמס ווערטל, לעהאוודל, די געמאָרע מיינע איכ.

א היפּשע צייַט האָבנ אונדזערע פארשוינענ זיכ אוועקגעאמפּערט, סענדערל האָט געפרעגט קאשעס און בּיניאָמינ האָט אימ אלצ אויסגעוויזנ, אז ער איז א נאר און האָט קיינ פּיצל יעדיִע נישט אינ אזעלכע זאכנ.

סענדערל איז דענסטמאָל געגליכנ געווענ צו א פערדל, וואָס טאָמיד דינט עס זיַינ האר געט־ריַי און פאָלגט אימ אינ פּיַיער, אינ וואסער אריַינ, פלוצימ מאכט זיכ אמאָל, פאלט אפּ אימ אָנ פונ דער העלער הויט עפּעס א מאנקאָליע, עס שפּארט זיכ איַינ, שטעלט זיכ דיבּאָמ און וויל זיכ נישט רירנ פונעמ אָרט, כאָטש טו זיכ דאָ, סאָנע־ציִענ, א מיַיסע אָנ. און ווענ בּיניאָמינ האָט

דענסטמאָל ניט געשמיסנ דעמ אײַנגעשפּארטנ סענדערלענ מיט א בײַטש, דערפאר האָט ער אימ דורכגעבויקערט מיט זײַנ זיס ציגגל אונ אימ אָפּגעשאָטנ מיט רייד, ביז סענדערל איז געוואָרנ ווייכ ווי א טייג, א גוט פערדל ווי פריער. ער האָט אופגעשטעלט די אויערנ, הערנדיק ביניאָמינס רייד, וואָס האָבנ געבראָכנ דעמ מויעכ, אונ לעסאָף האָט ער זיכ אָנגערופנ, ווי זײַנ שטייגער איז געווייַנטלעכ, מיט די ווערטער:

— אויב דו ווילסט דאפקע אזוי, זאָל זײַנ אזוי. וואָס פאר א דײַגע איכ האָב?

אז ביניאָמינ איז פארטיק געוואָרנ מיט סענדערלענ, האָבנ זיי זיכ ווײַטער געלאָזט אינ וועג ארײַנ, אונ נאָכדעמ אז זיי זענענ זיכ אָנגעגאנגענ אפ וועגנ אונ זײַטנויועגעלעכ, זענענ זיי נישט טויט — נישט לעבעדיק אָנגעקומענ קיינ טעטעריווקע.

טעטעריווקע איז די ערשטע גרויסע שטאָט, וואָס אונדזערע וואנדערער האָבנ געזענ אינ זייער לעבנ. דעריבער איז קיינ ווונדער נישט, וואָס זיי האָבנ געקוקט אפ די גלײַכע אויסגעברוקירטע גאסנ אי אפ די גרויסע הויכע מויערנ אונ נישט געקאָנט זיכ זאט אָנקוקנ. קימאט אט די שפּיצנ פינגער זענענ זיי געגאנגענ אפ די טראָטוארנ אונ געהויבנ די פיס עפּעס מעשונע, גלײַכ ווי זיי וואָלטנ זיכ געהיט צו־שטארק נישט צו באַרירנ די גלאטע שטיינער אונ נישט אָנמאכנ, כאָלילע, קיינ שאָדנ.

פיס, וואָס האָבנ נישט עפּעס אזא גוטע דאָליע בא זייערע באלעבאטימ אינ די קליינע שטעטלעכ אונ וואָס מע מאכט דאָרט פאר זיי נישט עפּעס גרויסע צערעמאָניעס! קליינשטעטלדיקע פיס, וואָס ווייסנ, נעבעכ, נישט פונ קיינ פאדלאָגע צו זאָגנ אפילע אינ שטוב, וואָס קריכנ, נעבעכ, ווי די כאוויירימ אינ בלאָטע, וואָס זייערע באלעבאטימ שטעקנ זיי גייענדיק טיפ אהינצו ארײַנ אונ דראלענ מיט זיי, פּראָסטע־מאָסטע, גאָר אָנ שומ מעלאָכעס, — אזעלכע פיס מוזנ בעעמעס מעוועלוול ווערנ ווי די שיקערע, אז זיי דערפילנ פלוצימ אונטער זיכ א בריק פונ שטיינער אונ מוזנ פאר גרויס קאָוועד טאקע אביסל אונטערשפרינגענ אונ נישט וויסנ א צײַט זיכ ווו הינצוטונ. פרישע ערשט אָנגעקומענע קליינשטעטלדיקע פיס וועט איר באלד דערקענענ אפ די אויסגעברוקירטע גאסנ אינ די גרויסע שטעט.

אונדזערע טונעיאדעווקער פארשוינענ זענענ געגאנגענ, ווי מיט א פארקלעמט הארצ, אונ בעהאכנאָע אָפּגעטראָטנ פאר איטלעכנ דעמ וועג. סענדערל פלעגט אינ אזא פאל אָנעמענ ביניאָמינענ בא דער פאָלע אונ אימ א שלעפּ טונ אינ דער זײַט. אמאָל איז דורכ דעמ סענדערלענ אויסגעקימענ צו כאפּנ א שטיל טענצל מיט עמעצנ, וואָס איז געקומענ אנטקעגנ. יענער איז זיכ געגאנגענ גלײַכ זײַנ וועג אונ האָט זיכ אָנגעשלאָגנ מיט סענדערלענ, וואָס מאכמעס דעמ אָפּטרעטנ האָט ער אימ פונקט גאָר פארשטעלט דעמ וועג. יענער כאפּט זיכ רעכטס, אָבער אונדזער סענדערל האָט אימ מאקדימ געוועג אונ שטייט שוינ גרייט, ביידע ווארפנ זיכ לינקס אונ ווײַטער רעכטס, ביז יענעמ געראָט לעסאָף אויסצומײַדנ זיכ. איינער, וואָס איז גראָד נישט אופגעלייגט געוועג צו טאנצנ מיט סענדערלענ, האָט אימ פּראָסט אָנגענומענ אונ א וואָרפ געטאָנ אינ דער זײַט, אז די ציינ זענענ אימ שיר נישט ארויסגעפאלנ.

אלצדינג איז פאר אונדזערע פארשוינענ געוועג נײַ, אלצדינג, האָט זיכ זיי אויסגעוויזנ, טײַט אפ זיי מיט די פינגער, די דראָזשקעס שרײַענ, די פאעטאָנענ פילדערנ, די מויערנ שטייענ האָפּערדיק, קוקנ שטאָלצ מיט זייערע גרויסע גלעזערנע טאפליעס אונ די מענטשנ קרימענ זיכ, אלצדינג שרײַט זיי נאָכ: טארבעס, קאפּצאָנימלעכ! טארבעס, קליינשטעטלדיקע ייִדעלעכ! טארבעס, טארבעס!..

— הערסטו, ביניאָמינ, — האָט סענדערל געזאָגט, נאָכדעמ אז ער האָט פאריסנ דעמ קאָפּ אונ געקוקט אפ די מויערנ מיט דערעכערעצ, — איכ מיינ, ביניאָמינ, דאָס איז עפּעס א סטאמבול!

— גיי שוינ, גיי, נארעלע, ווי קומט עס צו סטאמבול? — האָט ביניאָמינ געמאכט מיט אזא מינע גלײַכ ווי ער איז א סטאמבולער א געבירטיקער, — סטאמבול, נארעלע, האָט ת״ק (טאק) מאָל ת״ק גאסנ, איטלעכע גאס האָט ת״ק מאָל ת״ק פופצנ־צוואנציק־אָדער עפּשער דרײַסיק־גאָרנדיקע הײַזער אונ אינ איטלעכס הויז וווינענ ת״ק מאָל ת״ק מענטשנ! דו מיינסט, אז דו ביסט שוינ פארטיק? ניינ, ווארט נאָר, ווארט, נארעלע איינער, הײַנט איז נאָכ דאָ קליינע גאסנ, יורדיקעס, קאטשעניווקעס, מאָטשעניווקעס, פיסקעס, יארנ אונ פאדוילנ קעכויל־האיאָמ!

— איַי—איַי—איַי! — האָט סענדערל געמאַכט פאַר גרויס ווונדער, — ס'איז דאָך עפּעס גאָר א שרעק, כלעבן, אזא גרויסע שטאָט! נאָר איך בעט דיך, בּיניאָמין, פונוואַנען קומט עס אָט די אַלע גרויסע שטעט? מענטשן זאָלן זיך צונויפשטיקן אין איין אָרט און ליגן איינער איבער דעם אַנדערן, גלײַך ווי די וועלט איז ווייניק און נישטאָ מער קיין ערד! עס מוז דאָך אוודאי דרי־נען עפּעס זײַן, וואָס מענטשן דערווײַטערן זיך פון דער ערד און ווילן אַלץ פליִען אין הימל, אין די הויכע, הויכע פענצטער. זאָל עס עפשער זײַן דעריבער, וואָס דעם מענטשנס נעשאָמע וואַקסט פון הימל, מאַכמעס דעם ציט עס אים, נעבעך, אַלץ ארוף, ארוף, און ער האָט זייער שטאַרק כיישעק אויסצושפּרייטן די פליגעלעך און זײַן אַלץ פונויבן? וואָס זאָגן דערצו עפּעס דײַנע כאַקראָנים, בּיניאָמין? האָסטו נישט באַגעגנט מיקויעך דעם עפּעס א שמועס ערגעץ אין דײַנע כקירע־ספאָרים?

— אַלפּי כקירע, — האָט בּיניאָמין געמאַכט מיט א קנייטשל, — איז וועגן דעם איניען דאָ א גאַנץ ווײַטער שמועס, איך האָב שוין דערפון אפילע געהאַט אמאָל צו טון בא אונדז אין בעס־מעדרעש הינטערן אויוון, און דורכדעם איז פאַרענטפערט געוואָרן די געמאָרע פון די צען טעפּ אָרעמקײַט, וואָס זענען אראָפּגעשיקט געוואָרן אפ דער וועלט, ווי אויך דער פּאָסעק: „קי מאָליי האָאָרעץ כאָמעס״. די וועלט איז פול געוואָרן מיט רויב. נאָר איך וועל עס דיר אָביסל מאַסביר זײַן אַלפּי אונדזער טוירע. כומעש האָסטו דאָך געלערנט, סענדערל! לויט ווי עס שטייט אין כומעש, האָבן אונדזערע עלטערן גאָר טכילעס, אין די פריִערדיקע דוירעס, געוווינט אין געצעלטן, נאָר בעשאַס דעם דאָר־האַפּלאָגע האָבן אַלע מענטשן זיך פאַרקליבן אין איין אָרט, זיך גענומען מאַכן ציגל און אויסבויען א שטאָט מיט הויכע מויערן אין הימל. אין דער מיט ארבעט טאַקע איז שוין אפ זיי אָנגעפאַלן א בייזע מעהומע, א געטומל, איינער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם אַנדערן און די גאַנצע פּירונג דאָרט איז עפּעס אויסגעקומען קאַפּויר. א נעס, וואָס גאָט האָט זיי באַלד צעטריבן, האָבן מענטשן אָנגעהויבן צו לעבן, עטעמען פרײַער און די וועלט איז ווײַטער אופגעריכט געוואָרן, נאָר דער כעט פונעם דאָר־האַפּלאָגע האָט נאָך אינגאַנצן נישט אופ־געהערט. פון יענער צײַט אָן ציט נאָך אַלץ, בעאַוווינויסיינו האָראַבּים, די טײַווע בא מענטשן צו שטיקן און צונויפשטיקן זיך, אויסצומויערן זיך הויך, צו מאַכן זיך א שעם און פליִען אין הימל.

— וואָס האָסטו אין מיר זיך אָנגעטשעפּעט ווי א זלידנע? — זאָגט אווראָם צו לויטן — לעמײַ זאָלן דײַנע מענטשן זיך קריגן מיט מײַנע איבער א שפּאַן ערד, — די גאַנצע וועלט שטייט דאָך פאַר דיר פרײַ, גיי דיר, וווהין דו ווילסט און לאָז מיך געמאַך!

נאָר איידער נאָך בּיניאָמין האָט געענדיקט דעם שמועס, האָט זיך געלאָזט הערן א שטאַר־קער געשריי פון א פאַרטשיק, וואָס איז אונדזערע פאַרשוינען אָנגעפאָרן פון הינטן און האָט זיי שיר נישט מאַזיק געוועזן מיט דעם דישל.

— אוכניאָקעס! — האָט דער פאַרטשיק געשריגן אין איין אָטעם און געמאַכט אפ זיי מיט דער בײַטש, — וואָס קריכט איר, צו אַלדי שווארצע יאָר, ווי די ראַקעס, און פאַרשטעלט דעם וועג! היי, היי, יאָלדן! היי, היי, פלאָכטנ!

אונדזערע פאַרשוינען נעבעך, האָבן געהויבן די פיס און געלאָפן פאַר שרעק ווי די פאַר־סאַמטע מײַז, דער אהין און דער אהער.

לויפנדיק האָט סענדערל זיך א זעץ געטאָן אין א סטופּ און זיך אויסגעצויגן, נעבעך, ווי גרויס ער איז, אפ דער ערד.

בּיניאָמין האָט אין איַילעניש זיך אָנגעשלאָגן אין א קויש מיט אייער, וואָס א קורעלאַפּ־ניטשקע האָט געטראָגן. די אייער האָבן זיך צעבראָכן, און אפ אים האָט זיך געעפנט א גענעם, א פּיסק, א פײַער, א געשריי. יענע פון די צעבראָכענע אייער, נעבעך, האָט אים אָפּגעשאָטן מיט טויטע קלאָלעס, זי האָט אים געוואָלט אָפּשטעקן, און האָט אים שוין טאַקע אָפּגעשטעקט א פּאַטש און שטאַרק כיישעק געהאַט איַינצופּלאָנטען זיך אין זײַנע האָר, — קורץ, בּיניאָמין האָט גענוג געלייזט, ביז ער איז קאָם מיט צאָרעס לעבעדיק ארויס פון אירע הענט און געמאַכט א פלייטע אין א הינטערגעסל, וואָס אהינצו איז אויך סענדערל באַלד צוגעקומען.

— אָט האָסטו דיר א גרויסע שטאָט! — האָט סענדערל געזאָגט און אָפּגעווישט מיט דער פּאָ־לע דעם שוויס פון זײַן פּאָנעם, — דאָ גיי נישט, דאָ שטיי נישט, דאָ רו נישט, ווייסט זיי אַלע דער־ שווארץ־יאָר!

— דאָס ציט זיך נאָך אַלץ פונעם דאָר־האפּלאָגע, — האָט געענטפערט בּיניאָמין, וואָס האָט געסאָפּעט ווי א גאַנדז, — דאָס אַלצדינג, וואָס דו זעסט דאָ, איז אַלץ דאָר־האפּלאָגע, מיט זײַנ בייזער מעהומע, מיט זײַנ געטומל, גנייווע, גזיילע און רעציכע!

— אײַ, אינ דער ערד אַרײַנ מיטנ קאָפּ! — האָט סענדערל א מאַכ געטאָן, — קום, בּיניאָמין, לאָמיר זיך אויסרוען! דו זעסט עפּעס שרעקלעכ אויס, עס פּײַערט דיר עפּעס א באַק, א רועכ אינ דער כצופּעס טאַטנ אַרײַנ! וויש נאָר אָפּ, זײַ מויכל, דעמ פּאָנעמ, די כצופּע האָט, אפּאָנעמ, בּע־שאַס־מײַסע דיכ אויסגעשמירט מיט געלכנ פונ אייער!

## דאָס זיבּעטע קאַפּיטל

# ווי צוליב בּיניאָמינענ ווערט א איבּערקערעניש אינ דער פּאָליטיקע.

אינ איינעמ פונ די טעטעריוועקער קלײַזלעכ האָט שטאַרק געקאָכט פונ דער דענסטמאָליקער קרימער מילכאָמע, דער הינטער־אויוונ איז צעפאַלנ אפ פאַרשידענע קיטעס, איטלעכע קיטע מיט איר פּרעזידענט און מיט איר גאַנג אינ דער פּאָליטיקע.

כײַקל באַל־מויעכ און זײַנ קאָמפּאַניע איז זייער באַשעפטיקט געווענ מיט דער מומע וויטען, פלעגט זי צעלייגנ אפ טעלערלעכ און באַווײַזנ די האַסבּאָרעס אי די שפּיצלעכ, וואָס אינ איר שטעקט.

כײַקל איז געווענ אַמאָל א שטיקל זייגערמאַכער, ער האָט א גרינגע האַנט צו מאַצע־רעדלענ, קיינער האָט נישט געקענט אַזוי ווי ער א סוקע מאַכנ, דאָס לאָקשנבּרעט, די לאָפּעטע, די מילכעדיקע באַנק, דאָס טשאָלנטבּרעטל און די צעבּראָכענע שטײַג פונ אויפעס זענענ אינ קיי־נעמס סוקע נישט געווענ אַזוי גוט צוגעפּאַסט ווי אינ זײַנער. דעריבּער, ווענ עס פלעגט נאָר אויסקומענ עפּעס א רייד אינ מאַשינעס־זאַכנ, פלעגט דער אוילעמ האָבּנ פאַר אימ אָפּשײַ און זאָגנ:

— דאָס געהער זיכ אָנ מיט כײַקלענ, כײַקל ווייסט.

כײַקל פלעגט אַלצ דערציילנ וווּנדערלעכע זאַכנ פונ מעשונע־ווילדע ענגלישע מאַשינעס, אַז די האָר פלעגנ זיך שטעלנ פּאָשעט קאַפּויר הערנדיק, און אַז איינער האָט אימ אַמאָל מאַפּסיק געווענ די רייד מיט עפּעס א קאַשע און אימ געפרעגט דעמ סייכל דערפונ, פלעגט כײַקל דער־קלערנ דאָס אינגאַנצנ קורצ און פּראָסט מיט עפּעס אַזאַ מינ שפּרונזשינקעלע און דערבּײַ מאַכנ אַזאַ מינע מיט א זיס שמייכעלע, גלײַכ ווי ער וואָלט פאַרענטפערט א קלאָץ־קאַשע און יענעמ געעפנט די אויגנ. אַקלאַל, מיט א שפּרונזשינע האָט כײַקל דערקלערט אַלצדינג, אי דעמ זייגער, אי דעמ טעלעגראַפ, אי א שפּילפּושקעלע און אַנדערע מינע האַמצאָעס אפ דער וועלט. איציק פּאַשטנ אָבּער איז קיינמאָל נישט צופרידנ געווענ מיט כײַקלס שפּרונזשינקעס. ער פלעגט קוקנ דערופ עפּעס ווי אפ אַפּיקאָרסעס און מאַכנ מיט א געשפּעט:

— באַלד וועט שוינ כײַקל זאָגנ, אַז א גוילעמ אוכדוימע אזעלכע מאָפּסים זענענ אויכ דורכ א שפּרונזשינקעלע... פע, פע, כלעבנ! זײַנע אַלע זאַכענישנ זענענ, פּאָשעט איז פּאָשעט, איכ בּעט אײַכ איבּער, גאָרנישט, טאַקע עמעסע נאַרישקײַטנ.

און ווײַל כײַקל באַל־מויעכ איז געווענ פאַרקאָכט אינ וויטען, דעריבּער האָט איציק פּאַשטנ, כײַקלס באַשטענדיקער מיסנאַגעד אינ אַלע זאַכנ, זיכ אָנגעטשעפּעט אינ דער מומע ראָסיע און זיכ אַרויסגעשטעלט פאַר איר מיט אַלע קרעפטנ. איטלעכער פונביידע צדאָדים האָט שטאַרק גע־אַרבּעט צו בּייגנ אפ זײַנ זײַט די איבּעריקע קאָמפּאַניעס. איז כײַקל שוינ געשטאַנענ אפ א שטיקל שטייגער מיט שמוליק באָקסער, דער פּרעזידענט פונעמ פּעטער ייִשמאָעלס קנופּיע, און האָט שוינ קימאַט ווי האַלבּ זיכ אויסגעגלײַכט מיט בּערל פּראַנצויז, נאַפּאָלעאָנס א הייסער כאָ־סיד, האָט איציק אָנגעמאַכט א האַרמידער און צוגעצויגנ צו זיכ טעוויע מאָק, קירעס מענטש. פּאָטשטנ זענענ געפלויגנ פונ אַלע זײַטנ, איטלעכער האָט געלאָזט זײַנע ראַציעס, די וועלט האָט זיכ געקערט, און דאָס קלײַזל האָט זיכ פּאָשעט געוויגט!

אָט אינ דער דאָזיקער צײַט בעשאס דער גרויסער מעהומע זענענ אונדזערע פארשוינענ אָנ־געקומענ קיינ טעטעריוּקע אונ זיכ אָפגעשטעלט אינ דעמ דאָזיקנ קלײַזל אפ סטאנציע.

סענדערל מיט זײַנ כאראקטער איטלעכנ נאָכצוגעבנ האָט אינ די איניאָנימ האפאָליטיקע אויכ זיכ נישט אײַנגעשפּארט אונ איטלעכנ צוליב געטאָנ, אזויווי ער וויל. דו ווילסט אזוי, פלעגט ער זאָגנ, וואָס פאר א דײַגע איכ האָב? זאָל זײַנ אזוי. אונ דעריבער טאקע האָט ער שטארק נויסע־כיינ געווענ אינ איז באַלד איטלעכנ געפעלנ. באמ ערשטנ שאָלעמ־אלייכעמ איז בא דעמ אוילעמ געבליבנ, אז סענדערל איז אָנ א גאל, א ייִד אָנ כאָכמעס, וואָס האָט אינ זיכ נישט די מידע פונ אקשאָנעס. אונ ווענ סענדערל איז געווענ אופגעטראָגנ מיט אלע גלײַכ גאָר אָנ א שומ כי־לעק, אנטקעגנ־זשע איז ביניאָמינ געווענ א איבערקלײַבער אונ גאָר צומ ערשטנ איז אימ מער פונ אלע עפעס געפעלנ שמוליק באָקסער, צו וועלכנ ער האָט ביסלעכווײַז זיכ צוגעלאָזט, ביז ער איז מיט אימ געוואָרנ שטארק כאווער. ביניאָמינ האָט אימ מעגאלע געווענ דעמ גאנצנ פלאנ פונ זײַנ נעסיִע, אונ שמוליקנ איז די זאכ זייער שטארק געפעלנ, ער האָט מיקויעכ דעמ איבער־געשמועסט מיט כײַקלענ. כײַקל האָט דאָס גענומענ אפ זײַנ מויעכ: אונ האגאמ די זאכ איז אימ אויסגעקומענ אביסל שווערלעכ, דאָכ איז דאָס אימ געגאנגענ אינ קאָפ, ער האָט באלד טאקע אינ א סעסיע מיט בערל פראנצויז אונ טעוויע מאָק אפירגענומענ דעמ דאָזיקנ איניִענ, אונ זיי האָבנ זיכ דערופ שטארק פארכידעשט.

— ביניאָמינ, — האָבנ זיי געזאָגט — זעט טאקע עפעס ניט אויס, ווי א געוויינטלעכער מענטש, ער איז עפעס ווי צעטראָגנ, נישט אפ דעמ אוילעמ, אז ער רעדט, איז שווער צו פארשטיינ, וואָס ער מיינט, ער פארטראכט זיכ אמאָל, שטעלט אויס א פאָר גלעזערנע אויגנ אונ שמייכלט, זײַנ היילעכ אונ זײַנע אלע פאָסטעמקעס זענענ עפעס מעשונע. דאָס אלצדינג באווײַזט, אז ער איז העט, העט גאָר פונ אנ אנדערער מאדרייגע, נישט גלאט א מענטש, אינ אימ מוז בעוואדע עפעס שטעקנ, גלאט פאָשעט קענ עס לעגאמרע נישט זײַנ, ווער ווייסט, עפשער איז דער ביניאָמינ גאָר ניט קיינ ביניאָמינ, א קאשע אפ א מײַסע!

אז ביניאָמינ אונ סענדערל זענענ פארסאָפעט ארײַנגעקומענ אינ קלײַזל נאָכ דער מײַסע מיט דער ייִדענע פונ די אייער, איז דאָרט געווענ א שרעקלעכער געפילדער. די סעסיע פונ אונד־זערע פאָליטיקער האָט שטארק זיכ מעפאלפל געווענ מיט איציק פאשטנ, וואָס ער האָט זיכ גע־ריסנ אפנ גאָרגל אונ איטלעכנ אריבערגעשריגנ.

— נאט זעט, וואָס שטייט אינ יויסיפנ, — האָט איציק געשריגנ אינ איינ אָטעמ אונ געטײַט מיטנ פינגער אינ סייפערל, — אינ יויסיפנ שטייט, אז אלעקסאנדער מוקדנ האָט געוואָלט גיינ צו די קינדער יוינאָדאָוו בענ רייכאָוו, איז ער דערגאנגענ ביז צו די האָרע־כוישעכ, אונ ער מיט זײַנע גיבוירימ האָבנ דאָרט נישט געקענט לאכלוטנ גיינ, זייערע פיס זענענ געזונקענ אינ בלאָטע ביז איבער די קני. מאכמעס די זונ שײַנט דאָרט נישט, איז די ערד אינ יענעמ אָרט שטארק זומ־פיק. הײַנט פארשטייט איר שוינ: אלעקסאנדער מוקדנ, דער גרויסער אלעקסאנדער מוקדנ, וואָס איז געפלויגנ אפ אנ אָדלער אונ וואָס איז שוינ געווענ בא די טירנ פונעמ גאניידנ, ער האָט נישט געקענט אריבער די האָרע־כוישעכ. מיקאָלשקנ אײַער פארשוינ, אזא נעפעש ווי ער. עס וועט אימ נישט העלפנ דערצו אפילע כײַקל מיט אלע זײַנע שפרונזשינקעס.

— דו גראָבע קאָפ איינער! — האָט כײַקל זיכ צעלאָזט אפ א קאָל אונ געטיטשעט איציקנ מיטנ גראָבנ פינגער, — ווו זענענ דײַנע אויגנ? אדעראבע, זע טאקע, וואָס דאָ שטייט ווײַטער, ער זאָגט: אז אלעקסאנדער מוקדנ האָט דאָרט געהערט אויפעס, פייגלענ ריידנ יעוואָניש. איינ פויגל האָט אימ געזאָגט בעזע האלאָשנ: דײַנ מי איז אומזיסט, ווײַל דו ווילסט קומענ אינ גאָטס הויז אונ אינ דעמ הויז פונ זײַנע קנעכט, די בניי־אווראָמ, ייִצכאָק וועיאנקעוו. — הײַנט פאר־שטייסטו שוינ, גראָבע קאָפ איינער, פארוואָס אלעקסאנדער מוקדנ האָט אהינצו נישט געקענט גיינ?

— מיילע, וואָס וועסטו אָבער טונ, מײַנ גרויסער באל־מויעכ, אויב עס קומט גאָר אויס, ווי די יעש־אָמרימ דאָרט, אז די אסערעס־האשוואָטימ מיט די רויטע ייִדלעכ, אָדער די בניי־מוישע, ווױנענ גאָר דאָרט ערגעצ נעבנ לאנד פונעמ פריסטער יאָנ? נו, הײַנט לאָז דײַנ נעפעש מויכל זײַנ געפינענ ערגעצ דאס לאנד פונעמ פריסטער יאָנ! מאָרגנ נאָכנ קאלטנ קוגל!

— עט, נארישקײַטנ, איציק! כלעבנ, נארישקײַטנ.

—ווארט נאָר, ווארט מייַנ באַל־מויעכ! עס איז עפּעס נאָכ דאָ א סאמבאטיענ אויכ! וואָס וועט ער טונ מיט דעמ סאמבאטיענ, וואָס ער שלייַדערט א גאנצע וואָכ שטיינער? לאָמיר שוינ אָנעמענ אינ דער סוואָרע, אז ער איז שוינ אריבער די האָרע־כוישעכ, ער האָט שוינ געפונענ דאָס לאנד פונעמ פריסטער יאָנ. ני, קומט ער צו צומ סאמבאטיענ, טפרו! עס רעגנט מיט שטיינער, אומעגלעכ צו שטעלנ א פוס, דאָס וועט דאָכ אימ נישט העלפנ אפילע דייַנ וויטע, זי זאָל זיכ אפילע שטעלנ מיטנ קאָפּ אראָפּ אונ מיט די פיס ארופ.

— הע, הע, דו טשעפּעסט שוינ זיכ אינ וויטענ! אָט וווּהינ דו ביסט פארקראָכנ.

— וואָט איז דאָס אינעמעסנ פאר א גאנג, איציק, אומזיסט־אומנישט שפּעטנ פונ די מאָל־כיעס? — האָט בערל פראנצויז זיכ ארייַנגעמישט מיט פארדראָס, — מיר רעדנ דאָכ איצט פונ בינִיאָמינענ, זידל דיר בינִיאָמינענ אונ מיש ניט ארייַנ מאלכיעס, איכ בעט דיכ!

— פארוואָס זידלענ בינִיאָמינענ? — האָט זיכ אָנגערופנ טעוויע מאָק, — בינִיאָמינ גייט, דאכט זיכ, אפ א דערעכ, דורכ אימ קענ ניצמעכ ווערנ א יעשועע אפ יידנ.

— אייַ, מאָק, מאָק! — האָט איציק געמאכט מיט א טארומעס אונ געשאָקלט מיטנ קאָפּ, — אפ דיר, מאָקוניו, האָב איכ מיכ, כלעבנ, נישט געריכט, אז דו זאָלסט האלטנ מיט זיי אונ מאכנ אזא פיירעש פונ בינִיאָמינענ. וואָס האָסטו אינ אימ אזוינס דערזענ?

— הערט נאָר, איכ בעט אייַכ, א גאנג פונ א מענטשנ: וואָס האָסטו אינ אימ אזוינס דערזענ?! — האָט שמוליק באָקסער זיכ נאָכגעקרימט מיט א געשפּעט, — מעשוגע ביסטו הייַנט, איציק, צי וואָס? זייַנ אָפּגעלאָזנקייַט, זייַנ צעטראָגנקייַט, זייַנ קוקנ, זייַנ ריידנ מיט זייַנ גאנצ באנעמענ באוויַיזונ, דאכט זיכ, זייער גוט, ווער ער איז אזוינס, דאָס פּאָנעמ איז דער בעסטער שפּיגל. אויב דאָס אלצדינג איז בא דיר קיינ באווייַז נישט, ווייס איכ שוינ נישט, וואָס הייסט בא דיר אזוינס א מענטש. אדעראבע, איכ בעט דיכ, אָט איז ער איצט אליינ אָנגעקומענ, קוק אימ, זייַ מויכל, אָנ אונ זאָג, אויב דו ביסט נישט מעשוגע, טאקע ריינ כאָסערדייע... איר זעט, עפּעס פלאמט אימ דאָרט א באק אונ דרייַ געלע פּאסעקלעכ ציִענ זיכ אימ ווי א שינ אפנ פּאָנעמ! נו, איציק, וואָס פאר א פּאָנעמ האָסטו איצט?

איציק איז צוגעגאנגענ נעענטער צו בינִיאָמינענ, האָט אימ אָנגעקוקט פונ קאָפּ ביז די פיס, אימ א שפּייַ געטאָנ קימאט אינ פּאָנעמ ארייַנ אונ איז אוועקגעגאנגענ אינ אײנ קאס.

פונ דעמ דאָזיקנ שמועס אָנ וועגנ בינִיאָמינענ האָט באקומענ די פּאָליטיקע אנ אנדער פּאָנעמ. שמוליק באָקסער מיט בערל פראנצויז האָבנ געשלאָסנ בלאט מיט כייַקלענ, וויטע האָט ארויסגע־שיקט אינ יאמ טויזנט גרויסע אָקרענטנ מיט שרעקלעכ ווילדע מאשינעס, דער פעטער ייִשמאָעל איז אריבער דעמ פרוט אונ נאפּאָלעאָנ האָט געשאָסנ מיט באָמבעס אפ סעוואסטאָפּעל, טעוויע מאָק איז געשטאנענ אפ מישקוילעס, נישט אהינ — נישט אהער, גערדרייט מיט דער צונג נישט צו וויסנ, מישטיינסגעזאָגט, אפ וועלכער וועלט ער איז, אונ פּאשטנ איז געבליבנ איינער אליינ ווי אפנ וואסער. ער האָט, נעבעכ, געארבעט אפ אלע קיילימ אונ שיר נישט געשפּרונגענ ארויס פונ דער הויט. א קאטאָוועס איינער אנטקעגנ אזא כעוורע! דערפאר האָט ער זיכ פארעסנ אפ בינִיאָ־מינענ, ער האָט פונ יענער צייַט אָנ זיכ אלצ צו אימ געזוכט אונ אימ געטאָנ אינ דער גאל ארייַנ.

„גאָט איז מייַנ איידעס, — דערציילט בינִיאָמינ אינ אנ אָרט, — אז איכ האָב מיכ נישט געמישט אינ דער פּאָליטיקע, וואָרעמ איינ מאָל, צו וואָס טויג עס? צווייטנס, וואָס געהער זיכ עס מיט א יידנ אָנ? פונמייַנעטוועגנ האָט געמעגט זייַנ אזוי אָדער אזוי, אלצ גלייַכ. סענדערל מייַנער האָט אינ אזעלכע זאכענישנ זיכ אויכ, אָסער, גישט געמישט, אונ פונדעסטוועגנ האָט מיכ איציק נישט געלאָזט רוענ, איכ האָב פונ אימ נישט געהאט קיינ טאָג אונ קיינ נאכט. אמאָל פלעגט ער מיכ ארומשטעקנ הינטנ מיט פעדערנ, אָדער ווארפנ אפ מיר שטילערהייט א קישעלע, אָדער פאר־שלייַדערנ ערגעצ מייַנעמ א שוכ, אז איכ האָב מיר דעמ קאָפּ פארדרייט זוכנדיק; בינ איכ בא־דערנאכט אנשלאָפנ געוואָרנ אפ מייַנ געלעגער, פלעגט ער מיט א שטרויעלע מיר קיצלענ די פּיאטעס, אז איכ פלעג אזש אונטערשפּרינגענ, אָדער ער פלעגט מיר לאָזנ א פּאָמפּע אונטער דער נאָז, איכ פלעג זיכ אופכאפּנ נישט טויט — נישט לעבעדיק אונ קייַכנ־הוסטנ מאכמעס דעמ רויכ עפּשער א שאָ קעסיידער, גלייַכ ווי איכ בינ שולדיק געווענ אינ דעמ, וואָס די דרייַ קומפּאניעס האָבנ געמאכט יאדאכעס".

# ווי אונדזערע פאַרשוינענ זענענ ארומגעגאַנגענ איבער די הײַזער.

דעמ גרעסטנ טייל טאָג זענענ אונדזערע פארשוינענ טאָרעד געווענ מיט דער פּאַרנאָסע, זיי האָבנ געמאַכט וויזיטנ אינ די טעטעריוקער הײַזער אונ האָבנ אינ א קורצער צײַט קוינע־שעמ געווענ אזוי, אז מע פלעגט אפ זיי נאָכטײַטנ מיט די פינגער אונ באַגעגענענ זיי דער מיט א גלײַכווערטל, דער מיט א שמייכעלע. אנ אנדערער אפ זייער אָרט וואָלט זיכ שטאַרק איבערגענומענ פונ אזא קאָוועד אונ צעפּויקט אומעטומ פונ זײַנ גרויסקײַט, אָנ איינהאָרע, אינ דער וועלט, ווי מע האָט זיכ געשמאָלצנ פּאָשעט אָנקוקנדיק אימ, ווי מע האָט זיכ געלאָבט מיט איטלעכ זײַנס א וואָרט אונ מיט וואָס פאַר א שמייכעלע מע פלעגט אימ אופנעמענ אונ ארויסבאַלייטנ פונ דער טיר. נאָר אונדזערע פארשוינענ אָבער זענענ בא זיכ געווענ פּראָסטע מענטשלעכ אונ האָבנ פונ אזא קאָוועד זיכ גאָרנישט געמאַכט. ביניאָמינ איז געווענ פאַרטראָגנ אינ זײַנע זאַכנ אונ סענדערלענ איז געלעגנ אינזינענ, די טאָרבע זאָל זײַנ פול אונ אינ דער קעשענע זאָל זײַנ עטלעכע גראָשנ אפ הויצאָעס. צי גיסטו מיט א שמייכעלע, צי מיט א קרימ, וואָס מאַכט עס א ייִדנ אויס, אבי גיב.

הײַנט איז פורימ, מאָרגנ איז אויס,
גיב מיר א גראָשנ אונ טרײַב מיכ ארויס

אָט דאָס איז דאָס באַקאַנטע לידל, וואָס שילדערט זייער גוט זייער פּראַקטיקײַט, זייער אני־וועס אונ וואָס סענדערל פלעגט עס גייענדיק אפנ וועג זייער אָפט שטילערהייט אונטערזינגענ.

„א גוט־מאָרגנ, גאָט־העלפ״! — פלעגט סענדערל זאָגנ באַמ ארײַנקומענ ערגעצ אינ א שטוב, נאָכשלעפּנדיק הינטער זיכ ביניאָמינענ פאַר דער פּאָלע, דערנאָכ פלעגט ער אימ דערלאַנגענ א שטופּ פאָרויס, אימ אײַנרוימענ אינ אויער, ער זאָל זיכ נ׳ט שעמענ אונ אליינ אנידערשטעלנ זיכ אינ דער זײַט מיט גרויס דערעכערעצ.

ארומגייענדיק אפ אזא שטייגער, זענענ אונדזערע פארשוינענ איינמאָל ארײַנ אינ א שטוב, אינ וועלכער זיי האָבנ געטראָפנ עפּעס א יונגנמאַנ טײַנענדיק מיט דעמ באַלעבאָס. עס האָט אויסגעזענ פונ די רייד, ווי דער יונגערמאַנ גיט דעמ באַלעבאָס צו פאַרשטייענ די וויכטיקײַט פונ עפּעס א איניענ, וואָס דורכדעמ קלינגט מיט אימ איצט די וועלט, ווי ער לויבט זיכ פאַר אימ אָפּ, ווײַזט פּאַפּירנ אונ פאַרלאַנגט פונ אימ עפּעס א זאַכ, נאָר דער באַלעבאָס קרימט זיכ אָבער, טײַנעט, ווי ער קענ, אונ צאַפּלט פּאָשעט זיכ אויסצודרייענ פונעמ יונגנמאַנס הענט. דער באַלעבאָס האָט זיכ אָנגעכאַפּט אינ אונדזערע פארשוינענ, אזויווי א דערטרונקענער אינ א שטרוי. ער האָט געשווינד זיכ צוגעלאָזט צו זיי אינ דער האָפענונג, עפּשער האָבנ זיי צו אימ א נייטיק געשעפט אוג וועלנ אימ דערווײַל באַפרײַענ פונ דער נויט. נאָר קוימ אָבער האָט ער דערהערט, ווער זיי זענענ אונ וואָס זיי ווילנ, איז ער געבליבנ שטיינ צעמישט, שטאַרק פאַרוואונדערט, ווי איינער בעשאַס דאָס אָנשיקעניש טרעט אימ פּלוצלינג צו פונ אלע זײַטנ.

— אָט האָט איר נאָכ נויסימ! — האָט דער באַלעבאָס זיכ אָנגערופנ, נאָכדעמ אז ער איז צו זיכ געקומענ אונ זיכ געווענדעט צו דעמ יונגנמאַנ, — די דאָזיקע ייִדנ, זעט איר, זענענ אויכ נויסימ! נאַט אײַכ נײַס, נויסימ אפ אונדזער קאָפּ!

דער יונגערמאַנ מיט אונדזערע פארשוינענ האָבנ איינער דעמ אנדערנ זיכ אָנגעקוקט.

— הערסטו, — האָט סענדערל א צי געטאָנ ביניאָמינענ פאַר דער פּאָלע אונ אימ אײַנגערוימט אינ אויער, — מעגלעכ, אז דער דאָזיקער יונגערמאַנ וואַנדערוועט אויכ אהינצו... ער קענ נאָכ, כאָלילע, פאַרלויפנ פריִער פונ אונדז אונ אונדז אָפּטונ אפ טערקיש.

— עפּשער זײַט איר טאַקע אלע איינ קאָמפּאַניע? — האָט דער באַלעבאָס זיכ ווײַטער אָנגערופנ.

— כאָלילע, כאָלילע! — האָט ביניאָמינ מיט סענדערלענ ביידע אינ איינ קאָל געשריגנ, — מיר גייענ באַזונדער, גייענ מיר!

— גייט אײַך געזונטערהייט באַזונדער, בּאַ מיר אָבער הייסט איר איין קאָמפּאַניע, — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט און ארויסגענומען א מאַטבייע פון דער קעשענע.

— גיט, זײַט מוחל, אונדז, אונדז גיט, — האָט סענדערל געבעטן און אויסגעשטרעקט די האַנט, — מיר וועלן שוין דעם יונגנמאַן ארויסגעבן זײַן כּיילעק. קומט, יונגערמאַן, מיר וועלן אײַך ארויסגעבן, איך האָב מיינט.

אינמיטנדרינען האָט זיך געעפנט די טיר פון דער קיך און א שרעקלעכער קאָל האָט זיך געלאָזט פון דאָרט הערן מעשוגע ווילד:

— דאָס איז ער, ער! אָט דער, וואָס שטייט נעבן דעם קליינעם דאַרן ייִדל, זיי האָבן דענסט־מאָל אויך ביידע זיך ארומגעשלעפט. איך האָב אים דערקענט, דעם שיינעם נעפעש, אין זײַן פּענעמל, אין זײַן געל בּערדל, אויסגעצופּט זאָל עס אים ווערן! אין זײַן צעכראַסטעטע הערצעלע, א, פאַרכאַפּט, ריבּוינעשעלוילעם, לאָז ער ווערן, לאָז עס מיט אים קויקלען, מאָרדעווען און אויס־רינען דאָס מארך פון זײַנע טרייפענע ביינער, אויסרינען!

— קום, בּיניאָמין, אוועק! — האָט סענדערל געזאָגט, שלעפנדיק בּיניאָמינען פאַר דער פּאָלע, — א רוּעך אין דער כּצופּעס טאַטן אַרײַן. זי האָט נאָך אַלץ צו טון מיט די צעבּראָכענע אייער!

דאָס נײַנטע קאַפּיטל

# ווי זכוס־אָוועס האָבן פאַר אונדזערע פאַרשוינען זיך געלייגט.

זיפצן און קרעכצן מוז מען, אז מע לייענט די געשיכטע פון די גרויסע בּארימטע קאָפּ־מענטשן, ווי זיי האָבן, נעבעך, געליטן שטאַרק זייער גאַנץ לעבּן פון דער וועלט, פאַר וועלכער זיי האָבן מאַקריעו געווען זייערע טעג און יאָרן און זי באַגליקט מיט זייער נוצלעכע זאַכן, וואָס זיי האָבן מיט זייער סייכל דערגאַנגען. די וועלט איז בּעטעווע א קינד, וואָס האָט ליב זיך צו האַלטן נאָר אין דער מאַמעס פאַרטעך, נישט אָפּצוטרעטן פון איר אף א האָר; וואָס האָט ליב אַלץ די אַלטע נאַרישע מײַסעס, וועלכע די ניאַנקעס און אַלטע בּאָבעס כאַזערן זיי אים איבער הונדערט מאָל אין טאָג; וואָס מיינט, אז בּעסער פון זײַנע שפּילכלעך איז טאַקע גאָר נישטאָ, אין דרינען שטעקט די גאַנצע כאָכמעס, וואָס קען נאָר זײַן, און אז דער בּאַהעלפער קומט אים נעמען אין כיידער אַרײַן, אייסצוּלערנען אים עפּעס, שרײַט ער גוואַלד, גלײַך ווי מע וואָלט אים געקוילעט. די וועלט האָט ליב צו לעבּן אזוי ווי זי איז געווינט, עפּעס א נײַס קומט איר אויס מעשונע ווילד, זי שרײַט דערופ מײַסים און זידלט, מאַכט מיט דער בּלאָטע גלײַך דעם, וואָס טראַכט אזוינס אויס. ערשט דערנאָך, אז דאָס נײַס איז שוין נוילעד געוואָרן, עס האָט זיך אײַנגעלעבּט און ווײַזט באַשײַמפּערלעך ארויס דעם גרויסן נוצן, וואָס אין אים ליגט, ערשט דענסטמאָל כאַפּט מען זיך אין דעם שטאַרק אָן, מע האָט דערפון גרויס האַנאָע און מע פאַרגעסט קלאָל יענעם, נעבעך, וואָס האָט עס מיט נויט־שוויס מאַמצע געווען. נאָך זייער שיין פון דער וועלט, אז זי האָט זיך זײַנער דערמאַנט — אים צו מאַכן כאָטש א מאָלע און צו שטעלן אים א מאַצייווע. מיליאָנען מענטשן לעבּן הײַנט גליקלעך און עטעמען פרײַ אין אַמעריקע, און קאָלומבּוס, בּעשאַס אים איז אַרײַן דער גע־דאַנק צו אַנטדעקן אַמעריקע, האָט, נעבעך, שטאַרק געליטן, די וועלט האָט אים געהאַלטן פאַר מעשוגע און אויס אים כוויזעק געמאַכט.

דעסגלײַכן איז אויך געווען מיט אונדזער בּיניאָמינען פון טונעיאַדעווקע. נאָר אָנקוקנדיק אים האָט מען אים געהאַלטן פאַר א מעשוגענעם, און הערנדיק זײַנע רייד איבער דער נעסיִע, האָט מען זיך געשטיקט פאַר געלעכטער, מע האָט מיט אים געטריבן קאַטאָוועס, איטלעכער האָט מיט אים געהאַט צו טון און אויס אים געמאַכט א קאָטער. א נעס, וואָס בּיניאָמין האָט עס אזויפיל נישט פאַרשטאַנען. זיסט וואָלט ער זיך פאַרעסן, כאַס־וועשאָלעם, קראַנק געוואָרן און א שפּײַ געטאָן־אף דער גאַנצער נעסיִע!

מיר היפּערן איבער אסאַך זאַכן פון דעם אוילעמס האַמצאָעלעך איבער בּיניאָמינען, בּיכדיי דאָס זאָל אף אונדז אַלע נישט פאַלן פאַר קיין אייביקן פלעק און דאָס זאָל אונדז נישט זײַן צו קיין כאַרפּע, צו קיין בּושע אין דער געשיכטע פאַר די שפּעטערדיקע דוירעס. מיר מאַכן זיך נישט ווויסנדיק פון די אַלע זאַכן, כאַטש פּאַקרישקע, און נעמען זיך ווײַטער צו אונדזער דערציילונג

„אינ טעטעריוּוקע, — זאָגט בּיניאָמינ, — איז דאָ א גרויסע קעהילע ייִדנ, זאָלנ זיכ פּרוכפּערנ אונ מערנ. ווער זענענ זיי, וואָס פאר א מינע מענטשנ זיי זײַנענ אונ פונוואַנענ האָבּנ זיי זיכ גענומענ, דאָס, פרעגט זיי בּעכיירעם, ווייסנ זיי אַליינ נישט, זיי האָבּנ נאָר באקאבּאַלע פונ טאטעס, זיידעס אונ עלטער־זיידעס, אז זיי וואקסנ פונ ייִדנ, אונ ווי עס זעט אויס פונ א טייל זייערע מינהאָגימ, פונ זייער האלבּאָשע, פונ זייער לאָשנ אונ פונ זייער האנדל אוכדוימע זײַנענ זיי, אפּאָנעמ, טאקע מעכויעוו צו זײַנ ייִדנ, נאָר צונויפגעלאָפענע, אָפּגעריסענע פונ פארשידענע שוואָטימ, וואָרעמ איינער מיט דעמ אנדערנ געהער זיכ קימאט נישט אָנ. לאָז, אשטייגער, איינער פאלנ, וועט דער אנדערער אימ נישט אופהייבּנ, כאָטש ער זאָל, סאָנע־ציִענ, די קאפּאָרע ווערנ, די מיסע־מעשונע אײַנעמענ דאָ אפנ אָרט...

„צווישנ זיי איז דאָ א טייל, וואָס פארשטייענ זייער גוט מאניפּאָרגע־לאָשנ. מאניפּאָרגע איז מאני-פּאָרגיסימו״ז, דאָס הייסט מאני — לאָשנ, פּארגי — ציגײַנעריש. מאניפּאָרגע־ייִדנ קענענ כאָכמעס־האיאד, קוקנ יענעמ אינ דער האנט ארײַנ אונ ציִענ געוויינטלעכ דערפונ זייער פּארנאָסע, דערצו נאָכ קענענ זיי אנדערע מעלאָכעס. לעמפּלמאכערס אונ טאָקערס זענענ זיי טאקע איינע אינ דער וועלט. כידעשנ נאָר מוז מענ זיכ, ווי זיי מאכנ אמאָל יענעמ א לעמפּל אונ טאָקנ־אָפּ זאכנ עפּעס גאָר שעלוי קעדערעכ האטעווע. אויכ האָבּנ זיי א מאטאָנע פונ זײַנ ליבּנ נאָמענ אָפּצוזאָגנ אמאָל א פּיזמענ, אונ דאפקע שטילערהייט, מיט אזעלכע מינע טנועס, אזש טרערנ שטעלנ זיכ דורכדעמ אינ די אויגנ אונ זיי נעמענ דערמיט בּא יענעמ פּאָשעט צו דאָס כיִעס... מע זאָגט יאקבּי זיי שטאמענ פונ די ערעוו־ראוו, פונ דער געזא קאפטוירימ.

„בּיכלאל, זאָגט בּיניאָמינ, זענענ די אײַנוווינער דאָרט ערלעכע לײַט, גוטע מענטשנ, זיי פלעגנ מיכ אופנעמענ טאָמיד מיט א שמייכעלע אונ מעשונע האנאָע האָבּנ מיט מיר זיכ אָפּצוגעבּנ, מע האָט געזענ בּאשײַמפּערלעכ, אז זיי זענענ מיט מיר שטארק צופרידנ. איכ ווינטש זיי פונעמ גאנצנ הארצ, אז גאָט אונ לײַט זאָלנ פונ זיי אייבּיק אויכ אזוי צופרידנ זײַנ. אָמיינ״.

א כידעש ניפלע דערציילט ווײַטער בּיניאָמינ: דאָרט אינ דער סוויווע בּאגעגנט מענ אמאָל פּארשוינענ, וואָס זענענ אבּיסל ווי כאזערעוואטע, מע דערקענט עס זיי בּאלד אינ דעמ אָנבּליק, א טייל זאָגנ, אז דאָס איז אזא פּאָראָדע, ווידער א טייל ווילנ האָבּנ, אז דער אָרט איז דערצו מעסוגל. בּיניאָמינ וויל דרינענ נישט מאכריִע זײַנ, דאָס געהער זיכ אָנ מיט די געלערנטע, זיי זאָלנ די זאכ פּאָרשנ אונ אונדז דערקלערנ אקוראט, וואָס דאָס בּאטײַט. נאָר ווי די מײַסע איז, זאָגט בּיניאָמינ, אזוי צי אזוי, די זאכ אַליינ איז קיינ נײַס נישט אפ דער וועלט. נאָכ דער אלטער מאטיסיאָהו דעלעקארטי העט־העט אינ די פריִערדיקע יאָרנ בּרענגט אינ זײַנ סייפער „צייל אוילאָמ״ בּעזע האלאָשנ:

„אינ בּריטאניע איז דאָ א פאָלק מיט אג עק פונ הינטנ, ווי בּא בּעהיימעס, אויכ זענענ נאָכ דאָ ווײַבּער, הויכע, גרויסע, ווי די ריזנ, אונ זיי זענענ בּאוואקסנ מיט שטשעטינעס (כאזער־האָר), ווי די כאזיירימ. אינ צאָרפאס האָט זיכ געוויזנ א פאָלק מיט הערנער. אפ יענע בּערג זענענ דאָ קרומע ווײַבּער אונ די, וואָס איז מער קרומ, איז אלצ שענער״, — טאקע מאמעש, ווי מע בּאגעגנט נאָכ בּא אונדז, הײַנטיקע צײַטנ, זייער פיל ווײַבּער, וואָס קומענ אויס קרומ, שטארק בּוילעט, מע־כילע, פונ הינטנ, מיט א לאנגנ עק, וואָס בּאָמבּלט זיכ אונ שלעפּט זיכ זיי נאָכ אפ דער ערד. „דאָס וואָס איז געווענ, — זאָגט דער פּאָסעק, — דאָס וועט אויכ זײַנ, אונ ס'איז נישטאָ קיינ נײַס אונטער דער זונ!״

טעטעריוּוקע, זאָגט בּיניאָמינ, איז גרויס, מיט שיינע מויערנ אונ לאנגע גאסנ. אָנקוקנדיק זי בּאמ ערשטנ מאָל, דאכט זיכ אויס, זי לעבּט, עס קאָכט דאָרט אונ רוישט, נאָר דערנאָכ, אז מע ווערט אבּיסל אײַנגעוווינט, זעט מענ, אז זי איז אינ טאָכ ארײַנ א מינ גרויסע טונעיאדעווקע. די אײַנוווינער דאָרט עסנ, לייגנ זיכ שלאָפנ, שטייענ אופ, ווי געוויינטלעכ, אלע טאָג אינ איינ צײַט. די צײַט ווערט גערעכנט דאָרט נאָכ דעמ עסנ, פונעמ אָנבּײַסנ, אשטייגער, בּיז וואָרמעס אונ פונ וואָרמעס בּיז וועטשערע, מאכמעס אָנבּײַסנ, וואָרמעס אונ וועטשערע זענענ דרײַ קרעטש־מעס אינ זייער לעבּנ, וואָס אהינצו גארט מענ זיכ צו דערשלעפּנ אפ א פּאָפּאס אונ עפּעס טונ נאָכדעמ, אז מע האָט פארבּראכט א שטיק צײַט מיט גאָרנישט אינ א פוסטנ סטעפּ. מע זאָגט, יאקבּי טעטעריוּוקער לופט מאכט בּעטעווע פויל, אָפּהענטיק אונ שלעפעריק. ווענ עס פאלט אהינ־צו ארײַנ עפּעס א מענטש מיט קוראזש, מיט א כיישעק עפּעס צו ווירקנ, נעמט עס אינ א

קורצער צײַט בײַ אים צו אי דעם קוראזש, אי דעם כײשעק, און עס בלײַבט אים מער נישט איבער, ווי דער כײשעק צו עסן, צו שלאָפן און אופּצושטײַן ביכדיי ווײַטער צו עסן און צו שלאָפן.

בינימאָמינ האָט דאָרט געזען די סטאַנציעס, פון די קלײנשטעטלדיקע סבאָרשטשיקעס און פּאָ־ווירענעס. אוועקפאָרנדיק פון דער היים, האָבן זיי ארויסגעוויזן קוראזש און שטאַרקײַט נאָך פיל מער ווי מע באַדאַרף, — מע מוז פאָרן, האָבן זיי אַלץ געדרונגען און אײַנגעשמועסט דעם אוילעם, מע מוז פאָרן, זיך סטאַרען, אַרבעטן און אײַנלאַדעווען מיקויעך דעם געלט אַפּ געוויסע קאָהאַלשע היצטאַרכעס און מיקויעך נאָך אַנדערע שטעטישע זאַכן, כאָטש זייער סטאַרען זיך, אָר־בעטן און טון וועגן דעם איז אינגאַנצן אַ איבעריקע זאַך, טאַקע נאָר ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגן, ווײַל דערויף איז דאָ אַ סמעטע, און אַלצדינג ווערט געמאַכט ווערן גאָר אָן זייער הילף. נאָר זיי האָבן אָבער פאָרט באַקומען שטאַרק כײשעק, עס האָט זיך זיי מעשונע פאַרגלוסט, האָבן זיי גענומען באַם אוילעם געלט פאַר זייערע ווײַבער און קינדער אי פאַר זיך אַפּ הויצאָעס און מאַרש אינ וועג אַרײַן אין אַ גוטער, אין אַ מאַזלדיקער שאָ. אין טעטעריוועקע קומענדיק, איז זיי, מײַסע־סאָטן, באַלד פאַרגאַנגען דער כײשעק, — ווי בעריעשקײַט, וועגן בעריעשקײַט! האָבן זיך אַנידערגעזעצט אַפּ דער סטאַנציע פויל, אָפּהענטיק, נאָר געזעסן, נעבעך, געטרונקען און געשלאָפן, גלײַך מע האָט זיי אַ קישעפּ אָנגעטאָן. אין דעם צושטאַנד פאַרברענגען זיי, נעבעך, דאָרט זייערע טעג און יאָרן, דער אוילעם שיקט זיי אַלץ צו, אַפּ דער באַקאָשע, געלט און ווײַטער געלט און זיי הינען טאַקע אַלץ, גענעצן, עסן, שלאָפן, נעבעך, ווי די פאַרצויבערטע פּרינצן, און ס'איז פּאָשעט אומעגלעך זיי פון דאָרט אַרויסצורײַסן, אַפילע קיין באַלשעם און קיין טאָטער קענען דערצו אויך נישט העלפן.

בינימאָמינען האָט אָנגענומען אַ יעיצערהאָרע זיך צו באַקענען מיט די באַרימטע געלערנטע און שריפטשטעלער, וואָס אין טעטעריוועקע. עפּעס איז ער דאָך אויך אַ שטיקל קענער, אַ כאַק־רען, וואָס קוקט אַרײַן אין די קלײנע אויסיעלעך און ווייסט, וואָס איז אַזוינס אַ יידישער כקירע־סייפער, פונוואַנען דידאָזיקע לײַט האָבן געשעפּט זייער טוירע, זייער יעדיע אין די שוועֿ־כאָכמעס. הײַנט ווי שיקט זיך עס, קומען אהער און זיך נישט זען מיט זײַן סאָרט מענטשן?! כוץ דעם האָט זיך אים געוואָלט טאַקע איבערשמועסן מיט זיי וועגן זײַן נעסיע, אַזעלכע לײַט וועלן אים דאָך פאַרשטיין און קענען אָפּשאַצן דעם ווערט זײַנעם. ער האָט געהאָפּט, זיי וועלן אי'מ נאָך געבן האַסקאָמעס און אים הייבן, ווי אַפּ דרוקעס. זיי האָבן דאָך ליב אַרויסצוגיין מיט זייערע האַסקאָמעס אַפּ קלײניקײַטן, שמאָכטעלײַען, ביפּראַט נאָך אַפּ אַזאַ זאַך, אַפּ אַזאַ וויכטיקע זאַך, דאָ וועט דאָך די פּען זייערע זיך צעלאָזן גאַלאָפּ, גאַלאָפּ ווי אַ פערד.

נאָר צו וועלכן פון זיי בינימאָמי'ן איז געקומען, האָט ער אים אַלץ געטראָפן אָדער ער עסט אָדער ער שלאָפט! אײנמאָל איז אים געראָטן צו טרעפן אײנעם פון די לײַט — אַ ווילדער שרײַ־בער, מעשונע אַ באַרימטער בעריע — ווי ער איז געזעסן אָנגעלענט אַפּ אַ באַנקבעטל אין אַן אָפּגעזונדערט כיידערל.

— גוט־מאָרגן!

— גוט־יאָר! וואָס וויל אַ ייד?

— עט, אַזוי, אַביסל שמועסן!

אהינ־אהער, עפּעס פלאַטשיק דער אײיסעק. דער בעריע איז עפּעס ווי צעקראָכן, קאַם וואָס ער רירט מיט די ליפּן, די נעשאָמע ליגט אים אַפּ דעם שפּיץ נאָז און עס קלעפּן זיך אים די אויגן. בינימאָמין מינטערט אים, רעדט איבער אים ווי ער קען, נאָר אומזיסט די מי, ער איז קאַלט ווי אײַז. ערשט דערנאָך האָט ער זיך אַביסל אויסגעטשוכעט, אַ שטאַרקן גענעץ געטון און אַרײַנגעֿ־רופן דאָס ווײַב.

— ווען וועט מען שוין גיין עסן? — האָט ער זי אַ פרעג געגעבן און אויסגעקנאַקט די ביי־נער מיט אַ געשמאַקן גענעץ, — לאָז מען שוין געבן עסן, וואָרעם איך וויל, האָט ער געזאָגט, איך וויל אַביסל צולייגן מיך שלאָפן...

אַקלאַל, טעטעריוועקע איז אַ גוטע ספּאַלניע, אַלצדינג שלאָפט דאָרט רויק: אי דאָס געלערנט־קײַט, אי דער האַנדל, אי די בענק, אי די פּראָצעסן (לאָדעניִשן) און אַלע מינע געשעפטן. ווי מע זאָל זיי נישט פּרוּוון וועקן, קען מען זיי אַלץ נישט דערוועקן. אַפילע ווען עטלעכע מענטשן פאַרקלײַבן זיך אַמאָל אינײנעם, נעמט זיי באַלד אָפּ דאָס לאָשן, זיצן, גענעצן און קוקן אײנער

דעם אנדערן אָן ווי די גוילעמס, און די גאנצע געזעלשאפט ווערן אנשלאָפן. ערשט ווען מע דערלאנגט די וועטשערע, רירט זיך אין זיי אן אייוועך, זיי ווערן לעבעדיק, נעמען זיך געשמאק צו דער אכילע, עסן אָפּ — און א גוטע נאכט! זיי גייען אהיים שלאָפן...

אונדזער ביניאָמין האָט עס געפילט שפּעטער אפ זיך אליין. ער האָט דערנאָך אין טעטעריווקע נישט מער געטאָן, ווי געגעסן און געשלאָפן, און דער בייטשעק פון דער נעסיע איז אים עפּעס ווי פארגאנגען.

ער איז געווען אין א גרויסער סאקאָנע פארפאלן צו ווערן דאָרט, אזויווי א שיף, וואָס כאפּט זיך אריין אין דעם שטילן יאם, און אָפּשלאָפן דאָרט זיין לעבן ביז אצינד, ווען מיט אים זאָל זיך נישט געווען מאכן א מייסע, וואָס האָט ווי א שטורעמווינט, אפ זיין גליק און אפ דער וועלטס גליק, אים מיט גוואלד ארויסגעטריבן פונדאנען ווייטער צו זיין נעסיע.

די סינע פון איציק פאשטן צו ביניאָמינען האָט וואָס א טאָג אלץ מער געוואקסן. ער האָט די לעצטע צייט ווי א זלידנע זיך איינגעגעסן אין ביניאָמינען און זיך גענומען שטארק מעפאלפּל צו זיין מיט אים איבער זיין נעסיע, אים לייגן שטיינער אפן הארץ, אז דענסטמאָל, ווען דאָ אפ דער דאָלאָניע וועט וואקסן האָר, וועט ער קומען צום סאמבאטיען, און זען די רויטע ייִדלעך, ווי ער זעט זיין אויער.

ביניאָמין אָבער האָט זיך נישט געלאָזט שפייען אין דער קאשע און אויסגעדרונגען, אז ס'איז דאָ אין דער וועלט א בוירע, וואָס פארלאָזט נישט די, וואָס האָבן אין אים א ביטאָכן. נישקאָשע, ער וועט, אים־ירצעשעם, מיט גאָטס קויעך דערגיין אהינצו, סאָנים אפ צעשפּרינגעניש, און אז ביניאָמינען פלעגט טיינענדיק זיך צעשפּילן די געבליטן, פלעגט ער ווערן פלאַם־פייער און אינדערמיט שמועס ארייננווארפן אפ א קאָל: פּיפּערנאָטער, לינדענוואָרעם, אייזל, מויל־אייזל אוכדוימע! דאָס האָט געהייסן אזויפיל, ווי: בילט אפ די ציינ, אָט בין איך שוין העט ווייט, אָט בין איך שוין דאָרט אין דער מידבער און גיי און גיי!..

איציק פלעגט דריי מאָל אויסשפּייען און זאָגן: ער איז פּאָשעט מעשוגע, כאָסערדייע, מע באדארף אים פירן צום טאָטער. און האָט צום סאָף אזוי ווייט געבראכט, אז קוים האָט ביניאָמין זיך געוויזן אפ דער גאס, זענען אים וויילסעכעוורע נאָכגעלאָפן ווי נאָך א מעשוגענעם מיט שטיינער, אים געמאכט א הורא און געשריגן: פּיפּערנאָטער, לינדענוואָרעם!

איינמאָל, אז ביניאָמין מיט סענדערלען זענען פארנאכט געגאנגען ביידע אין גאס, איז כעווערע זיי באפאלן ווי די היישעריקן און זיי שטארק דערקוטשעט, אזוי אז זיי האָבן געמוזט אנטלויפן מיט הינטערגעסלעך.

אין איינעם פון די ענגע געסלעך האָבן זיי, לויפנדיק בארג־אראָפּ איבער א לאנגער, שמאָלער קלאטקע איבער א טייך, זיך באגעגנט דאָרט סאמע אפדערמיט מיט א מענטשן, וואָס איז זיי געקומען אנטקעגן. אויסמיידן זיך דאָרט איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט, סיידן אראָפּשפּרינגענע און צעשלאָגן דעם קאָפּ, אָדער וויניקסטנס זיך אויסברעכן א פוס. די ביידע זאכן אָבער האָבן אונדזערע פארשוינען באדארפט האָבן נייטיק אין לעבן אריין, אָן א קאָפּ אָדער אָן א פוס וואָלט דאָך קיין סוואָרע נישט געווען צו מאכן זייער נעסיע און ביניאָמין מיט סענדערלען זענען געבליבן שטיין מיט אראָפּגעלאָזטע נעזער.

— א־א, שאָלעם־אלייכעם, ביניאָמין! — האָט יענער פארשוין, וואָס איז געקומען אנטקעגן, א זאָג געגעבן מיט א פארדראָס אי מיט א געלעכטער איניינעם. — א גוטע באגעגעניש, כלעבן, אזויווי געוווּנטשן!

— שאָלעם־אלייכעם, אלייכעם־שאָלעם, רעב אייזיק־דאָוויד! — האָט ביניאָמין געענטפערט נישט מיט זיין קאָל שטארק צעמישט.

דערדאָזיקער פארשוין איז געווען רעב אייזיק־דאָוויד רעב ארן־יאָסעלעס סאָרע־זלאטעס, דער כאָכעם פון טונעיאדעווקע.

— שיינע מענטשן! — האָט רעב אייזיק־דאָוויד געמאכט מיט טארומעס. — מע פאָרט אוועק פון דער היים ביגנייווע, גלאט אוועק, פאר וואָס, פאר ווען? ווייס איך? אלצדינג מוז דאָך זיין עפּעס מיט א גאנג, מיט א דערעך־האטעווע. וואָס הייסט גלאט אוועק און מאכן ווייבער, נעבעך, אָן א שום גאנג, פאר וויסטע אגונעס, מאכן ווייבער! ווייס איך, סטייטש, אדערבע, שוין אוועקגעשטעלט אלצדינג אין דער צייט, פרעג איך אייך נישט מער, נאָכאמאָל טאקע, אדערבע,

סטייַטש, סטייַטש?! פֿארקערט, זאָגט, וואָס טוט איר דאָ? איך מיין טאקע דיך אויך, סענדערל, נישקאָשע, איך זע דיך, ווי דו שטייסט פֿון הינטן. דייַן ווייַב, סענדערל, וועט דיר, נישקאָשע, געבן, גוט מעכאבעד זייַן וועט זי דיך, דייַן ווייַב. ווי א הערינג, אזוי אין קאס איז זי, וואָלט זי דיך צעריסן, דייַן ווייַב. דאָס הארצ אָבער האָט איר געזאָגט, אז דאָ מוזט איר אוודע זייַן, האָט איר געזאָגט דאָס הארצ, דייַן ווייַב, און זי האָט געוואָלט נישט אנדערש פֿאָרן נאָר אהער, האָט זי געוואָלט, נאָר מיט מיר, דייַן ווייַב.

— הא, ער איז דאָ! — האָט א געשריי געטאָן א ייִדענע, וואָס איז אונטערגעקומען פֿונהינטן צו רעב אייַזיק־דאָווידן.

סענדערל האָט אין קאָפּ דערקענט זייַן באָכערטע. ער איז געוואָרן טויט, ווי די וואנט, און געבליבן אָן א נעשאָמע פֿאר שרעק. ער האָט מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאפּט אין ביניאָמינס פּאָלע, ער זאָל נישט אראָפּפֿאלן פֿון דער קלאטקע, אזוי האָט אים זיך דער קאָפּ פֿארדרייט. עס האָט אים זיך געדאכט, אָט נעמט אים שוין אָן זייַן ווייַב, און פּעטש שיטן זיך אים ווי האָלצ.

— קוקט נאָר אָן די נעפּאשעס, די שיינע נעפּאשעס! אָ, די קאפּאָרע זאָלן זיי ביידע ווערן! הא, ווו איז ער דאָרט ערגעצ, מייַן ייִמאכשמוינִיק? לאָזט מיך נאָר צו אים צו אביסל, לאָזט מיך, איך וועל אים ווייַזן, וואָס פֿאר א גאָט מיר האָבן!

אזוי האָט אין איין אָטעם געשריגן סענדערלס ווייַב און געשטופּט רעב אייַזיק־דאָווידן.

— נאָר אָן געשריי, אָן ראַש! — האָט רעב אייַזיק־דאָוויד זי געבעטן. — האָט נאָר צייַט. אז איר האָט אזויפֿיל געווארט, ווארט־זשע נאָך אביסל. קיין אגונע, מיט גאָטס הילף, וועט איר דאָך שוין קיין אגונע נישט זייַן. און ווייַטער, ווי זאָגט מען עפּעס, הא? אויך די אייגענע מייַסע, א ייִדענע בלייַבט טאקע א ייִדענע. דאכט זיך, א קלוגע, און פּאָרט א ייִדענע. לאָמיר שמועסן די אייגענע זאך פֿארקערט, מיילע, מא ראַש? ס׳איז נישט מער גלאט פֿארדראָסיק: גלאט אוועק, פֿאר וואָס, פֿאר וועגן? אלצדינג מוז דאָך זייַן עפּעס מיט א גאנג, פֿארשטייט איר מיך? נאָר אז ס׳איז אזוי, איז דאָך טאקע די קאשע, צו וואָס נאָך שרייַען? דער טערעצ איז אָבער, איך בעט אייַך איבער, ווי אן אייגענע מוטער: א ייִדענע, מעכילע, בלייַבט טאקע א ייִדענע.

רעב אייַזיק־דאָוויד האָט זיך ערשט צעוויגט און געוואָלט, ווי זייַן שטייגער איז, דעם שמועס זייַנעם איבערשמועסן ווידער פֿארקערט, דערנאָך ווייַטער אמאָל פֿארקערט און ארייַנגעבן דרינען אביסל פֿעפֿער מיט ציבעלע, נאָר פֿון ביידע זייַטן קלאטקע זייַנען געשטאנען אסאך מענטשן, וואָס זענען דערווייַל אָנגעקומען. זיי האָבן פֿונדערווייַטן זיך שטארק געבייזערט דערויף, וואָס ייִדן האָבן זיך אנידערגעשטעלט דאָ שמועסן, גלייַך ווי עס גייט זיי נישט אָן די גאנצע וועלט, און לאָזן קיינעם נישט אריבערגיין.

די קלאטקע איז אזוי שמאָל געווען, אז צוויי מענטשן האָבן דאָרט זיך נישט געקענט מייַדן. די וואָס פֿון איין זייַט האָבן טאָמיד געמוזט ווארטן ביז יענע פֿון דער אנדערער זייַט וועלן פֿריִער אריבער. דעריבער האָט סענדערלס ווייַב מיט רעב אייַזיק־דאָווידן געמוזט צוריקגיין צו יענער זייַט קלאטקע, פֿונוואנען זיי זענען אָנגעקומען, דעסגלייַכן סענדערל מיט ביניאָמינען האָבן אויך צוריקגעקערט זיך צו דער אנדערער זייַט און ערשט דערנאָך האָט פֿון דער דאָזיקער זייַט טאקע דער עולעם אָנגעהויבן איבערצוגיין די קלאטקע.

— איך בעט דיך, סענדערל, וואָס שטייען מיר דאָ אזוי און ווארטן? — האָט זיך אָנגערופֿן ביניאָמין, וואָס איז פֿריִער צו זיך געקומען. — עפּעס שטייען מיר דאָ אזוי, גלייַך ווי מע בינדט צו א ייִנגל מיט אן עק פּאָדעם אין מויל און מיט דעם אנדערן צום פֿיסל פֿון טיש. נארעלע, איצט האָבן מיר צייַט ניצל צו ווערן.

— גערעכט, ווי איך בין א ייִד! — האָט סענדערל א זאָג געטאָן פֿריילעך, ווי איינער, וואָס רייַסט זיך ארויס פֿון דער קלעם. — גיכער, גיכער, ביניאָמין, אויב דו ווילסט, איך זאָל נישט ארייַנפֿאלן אין אירע הענט. דאָס איז נישט קיין קלאטקע, נאָר זכוסאָוועס האָבן דאָ פֿאר אונדז זיך געלייגט.

אונדזערע פֿארשוינען האָבן געמאכט געשווינד א פּלייטע און אין עטלעכע מינוט זענען זיי שוין געווען ווייַט ערגעצ איז אן אנדער עק שטאָט. זיי האָבן נישט געמאכט לאנג שיִעס, פֿאר־נומען באלד זייערע פּעקלעך און זיך געזעגנט מיט טעטעריוווקע.

# הורא, רויטע ייִדעלעך!

— היי, וויאָ, וויאָ! — האָט אפ דער קעלניע פֿון א בויד הייזעריק געשריגן א שמײַסער און איז שיר מיטן דישל נישט ארופגעפֿאָרן אפ צוויי ווײַבעלעך, וואָס זענען געשטאַנען אינדערמיט גאַס, סאַמע די לעבעדיקסטע פֿון גלופּסקער גאַסן, ביידע מיט טאָרבעלעך שפּײַז — פֿלייש, רעטעכלעך, ציבעלע, קנאָבל — אונטערן אָרעם, און האָבן — איינע דער אנדערער אײַנגערוימט פּוידעס אין אויסגעגאָסן דאָס הארץ שרײַענדיק אפ א קעלכל, אז מע האָט אים געקענט הערן ווײַט פֿאַר א מײַל.

די ווײַבלעך זענען אינמיטן שמועס זיך צעלאָפֿן, איטלעכע אין אן אנדער זײַט גאַס, און זיך געשטעלט פֿונדערווײַטנס צו ענדיקן זייער שמועס, אריבערשרײַענדיק מיט א ניגון איבער בוידן, דראָשזקעס, טעליגעס און פֿורלעך האָלץ, וואָס האָבן זיך געצויגן איינע הינטער דער אנדערער אין א גאַנץ לאַנגער שורע, אזוי, אז א היפּשע צײַט איז ריינע אומעגלעך געווען די גאַס איבערצוגיין.

— כאַסיע-ביילע! נו, וועסטו הײַנט באַדערנאַכט קומען אהינצו — צו דער קאָרטנוואַרפֿערן? איך וועל דאָרט זײַן מיט מײַנעם... דײַנער וועט אויך אהינצו קומען, ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל דיר זאָגן, עס וועט דאָרט זײַן פֿריילעך. קום, נאַרעלע, וועסט, כלעבן, האַנאָע האָבן! נו, כאַסיע-ביילע, וועסטו קומען?

— מײַן באַלעבאָסטע, ברענען זאָל זי, וויל מיך הײַנט מעכאַבעד זײַן מיט ראָשטשינען ברויט און איבערגעבײַבן גרײַפּלעך. איך וועל מיך אָבער אויסדרייען און קומען. נאָר איך בעט דיך, דאָבריש, לאָז עס זײַן בעסאָד, זאָג נישט קיינעם.

— ווארט נאָר, כאַסיע-ביילע, ווארט! דער רועך וועט דײַן באַלעבאָסטע נישט נעמען, אז דער וואָרמעס וועט שפּעטער מיט א שאָ ארויסקומען. זי וויל פּרעסן? נו, לאָז זי עסן ווערעם, קרענק! איך האָב נאָר פֿאַרגעסן, כאַסיע-ביילע! זיפּ נישט איבער אזוי די מעל. די מעלערקע איז ניט צופֿרידן פֿון דײַנע קלײַען. וויפֿל איז דיר געבליבן הײַנט פֿונעם אָנקויפֿן?

— שייגעץ, שייגעץ! כאַפּט אים נאָר, דעם שייגעץ! וואָס איז עס פֿאַר א מאָדע כאַפּן? א, פּאַרכאַפּט זאָל ער ווערן!

— וואָס איז דאָרט, כאַסיע-ביילע? וואָס שרײַסטו אזוי?

— א קאַרמאַנשטשיק, דאָבריש! ער האָט בא מיר שיר-שיר נישט ארויסגעשלעפּט דאָס טאָרבעלע שפּײַז פֿון אונטערן אָרעם. א מאַראָכע, וואָס איך האָב באַצײַטנס מיך ארומגעקוקט.

— זע נאָר, זע, כאַסיע-ביילע! וואָס איז דאָרט אזא צונויפֿלויפֿעניש? עס מוז שוין ווײַטער ערגעץ ברענען, ס'איז שוין הײַנט די צווייטע סרייפֿע. ביז נאַכט קען זײַן נאָך עטלעכע סרייפֿעס.

— מע הערט נישט קלינגען, דאָבריש, א סרייפֿע וואָלט מען דאָך געקלונגען.

— שאַ, אָט גייט די מעקלערן. איך וועל זי א פֿרעג טון. סימע-דוואָסיע! סימע-דוואָסיע! וואָס לויפֿט מען דאָרט עפּעס אזוי?

— איך ווייס נישט, קיין צאַר! עפּשער ווייסט נעכאַמע-גיסע. נעכאַמע-גיסע! וואָס איז דאָרט פֿאַר א רעדל, סערדצע? אײַערע קאַטשקעס שרײַען עפּעס, אז מע הערט נישט וואָס מע רעדט. האָדל איז הײַנט געלעגן געוואָרן, זי וועט בא אײַך צונעמען די קאַטשקעס, הינער האָט איר אויך? זייער פֿעטע קאַטשקעס. אייער איז הײַנט נישט געווען זיך צו דערקויפֿן. וואָס איז דאָרט אזא מעהומע?

— ווייס איך? עפּעס רויטע ייִדלעך. עפּעס האָב איך געהערט שרײַענדיק: רויטע ייִדלעך.

— וואָס, עס זײַנען אָנגעקומען רויטע ייִדלעך! איי-איי-איי! מע מוז דאָך גיין אָנקוקן אפּ כידושים, — האָבן אלע מיטאמאָל א געשריי געטאָן און זיך געלאָזט לויפֿן הענדעם-פּענדעם צום רעדל מענטשן.

— הורא, פּיפּערנאָטער, לינדענוואָרעם! הורא, רויטע ייִדלעך! — האָבן צווישן דעם רעדל מענטשן געשריִען א גאַנצע כאָפּטע ווײַסעכוורע.

די דאָזיקע רויטע ייִדלעך — דאָס זענען געווען אונדזערע פֿאַרשוינען בינאָמין מיט סענדערלען, וואָס אין א קורצער צײַט נאָך יענער מײַסע, וועלכע עס האָט מיט זיי זיך געטראָפֿן אפּ דער קלאָטקע, זענען זיי אָנגעקומען קיין גלופּסק און האָבן דאָרט בעמעשעך פֿון א פּאָר וואָכן

שטאַרק קוינע־שעם געווען. עס האָבן זיך געפונען אַסאַך ערלעכע ייִדן, וואָס האָבן פון זיי פאַ־
שעט אָנגעקוואָלן, מאַמעש אזוי ווי פון דעם שוסטערל, וואָס ער איז אין יענער צײַט דורך זײַנע
מאָפּסים אין גלופּסק פּלוצים ניסגאַלע געוואָרן.

טאָלצע און טרײַנע, צוויי געוויסע אַלטע ייִדענעס, קאָשערע נעשאָמעס, וואָס פּלעגן, ווי איט־
לעכן איז באַקאַנט, אַלע טאָג פּאַרנאַכט שאַבעסדיק זיך אָנטון מיט דער יופּע אי מיט דעם
שטערנטיכל און אַרויסגיין הינטער דער שטאָט באַגעגענען מאָשיעכן — אָט זיי זענען דאָס געווען
די גליקלעכע אין איין פּאַרנאַכט צו באַגעגענען אַף יענער זײַט ראָגאַטקע אונדזערע פאַרשוינען
באַם אָנקומען זייערן פון טעטעריוועקע און אין אַ גוטער שאָ אַרײַנצופירן זיי אין גלופּסק. באַלד
טאַקע באַ דעם ערשטן באַגעגעניש האָבן שוין די ביידע יופּעס זיך דערוווּסט אַלצדינג, ווען
גאָט האָט זיי דאָ באַשערט. טאָלצע מיט טרײַנען האָבן פאַרוווּנדערט זיך אָנגעקוקט, איינע די
אַנדערע זיך געשטאָרכעט: נו, טרײַנע? — נו, טאָלצע? — האָבן זיי זיך געשושקעט, — דאָס האַרץ
אָבער האָט אונדז גלײַך געזאָגט, אַז דאָס זענען עפּעס ניט גלאַט קיין מענטשן. טאָלצע און
טרײַנע האָבן זיך געשמאָלצן אין אונדזערע פאַרשוינען, זיי זענען עפּעס ווי ייִנגער געוואָרן,
עס האָט זיי זיך געפרייט דאָס האַרץ, הערנדיק פון דער נעסיִע, זיי האָבן געקוקט אַף זייערע
באַשערטע און זיך אַלץ געשטורכעט מיט אַ שמייכעלע: — נו, טרײַנע? — נו, טאָלצע? טאָלצע האָט
זיי אויסערגעאַרבעט זאָקן, טרײַנע האָט זיי פאַרלאַטעט העמדער, צוגענייט בענדלעך און
זענען געווען גליקלעך, איבערגליקלעך, אַקוראַט ווי קאַלעווײַז, אַמאָל אין די יונגע יאָרן. אַקלאַל,
אונדזערע פאַרשוינען האָבן אין גלופּסק אַף זיך געפונען מעווינים. אַזעלכע לײַט ווי זיי קען
טאַקע נאָר איין גלופּסק שאַצן און פאַרשטיין זייער טײַערן ווערט.

אַהין אין גלופּסק אַרײַן, איר ייִדישע קינדער! וואָס וואַלגערט איר זיך, נעפּאַשעס, שיינע
מענטשן, און ווערט ווי באַטלאָנים פאַרפאַלן אין די קליינע שטעטלעך הינטערן אויוון?! אין גלופּסק
אַרײַן, צו אַלדי שווארצע יאָר! דאָרט וועט איר געפינען אײַער גלײַכן, דאָרט וואַרטן אַף אײַך
אײַערע טאָלצעס, אײַערע טרײַנעס און קאָשערע נעשאָמעס, דאָרט קענט איר וואַקסן, דאָרט
קענט איר אויפגעריכט ווערן, דאָרט קענט איר געפעלן, שטאַרק גילטן, אַ פּאָנעם האָבן און
ערשט לעבן!..

אין גלופּסק, אַ רועך אין אײַער טאַטנס אַרײַן!

אָט ווי־אַזוי אונדזער בינ־יאָמין שילדערט די שטאָט גלופּסק:

אַז איר קומט קיין גלופּסק דורך דער טעטעריוועקער גאַס, זאָלט איר מויכל זײַן איבערשפּרינ־
גען דאָרט איין בלאָטע, ווײַטער אַביסל — די צווייטע, נאָך ווײַטער אַביסל — די דריטע, סאַמע די־
גרעסטע, וואָס אַהינצו לויפן אַרײַן, מעכילע, רינשטעקלעך אי באַלעבאַטישע פּאַמויניצעס און
ברענגען מיט זיך אָן פון קאָלטווו. איטלעכן טאָג עפּעס אַן אַנדער מין סכוירע, אַנדערע סאָרטן
כּפּייצים פון אַלערליי קאָלירן און פאַרשידענע מינע רייכעס, ווי עס פּאַסט צום איניען און דורך
דעם איז זייער גרינג צו טרעפן דעם טאָג. גיסן זיך אַהין, אַשטייגער, געלע לוזשקעלעך פון
זאַמד, מיט וועלכן מע וואַשט די פּאָלן, און טראָגן מיט זיך אָן ליסקעס פון פיש, דרויב—פּיסלעך,
קעפּלעך פון הינער, אַביסל האָר מיט פאַרברענטע שטיקלעך קאַפּיטקעס, — זאָלט איר האָבן אַ סי־
מען: הײַנט איז פרײַטיק, נעמט אַ בעזעם מיט אַ ראַשקע און לויפט, זײַט מויכל, אין מערכעץ
אַרײַן. טראָגן זיך אַהינצו אָן שאָלעכץ פון אייער, פון ציבעלעס, פון רעטעך, סוכעזשילעס פון
לעבער מיט עקן פון הערינג און גרויסע אויסגעהוילטע מאַרכביינער, — אַהאַ, גוט שאַבעס אײַך,
ייִדישע קינדער! זאָל אײַך וווּיל באַקומען נאָכן קוגל. זעט איר אָבער די רינשטעקלעך קאַם־קאַם
וואָס זיי רירן זיך, עס שלעפּן זיך דאָרט פאַרברענטע שטיקלעך קאַשע, פּאַרדאַרטע שטיקלעך
טייג, אַ צעריסענע שמאַטע מיט אַ צעפּאַלענעם וויכעטש, איז אַ סימען: דאָס איז הײַנט זונטיק,
דער וואַסערפירער האָט נאָך נישט געבראַכט קיין וואַסער, קאַם וואָס מע האָט אויסגעזויגן אַביסל
פּ־ן דער פּאַס אַף אויסצוואַשן ווי ס'איז כאָטש די טשאָלנט־טעפּ מיט די מאַקערטעס. און אַזוי אין
אַלע איבעריקע טעג פון דער וואָך האָט איטלעכע לוזשע איר באַזונדער פּאָנעם, איר באַזונדער
געשטאַלט מיט איר באַזונדער רייעך.

אין אַז איר זײַט בעשאָלעם איבערגעקומען אי די דאָזיקע בלאָטע אויך, וועט איר, ראַבויסים,
גיין פאַרבײַ אַ היפּשן בערגל מיסט. דאָס איז אַ איבערגעבליבן זייכער פון אַן אָפּגעברענט הײַזל
וואָס אויבן שטייט געוויינלעך אַ בעהיימע, גלײַך ווי אַ קאַלביקער מאַגיד, איז גאַנץ רויִק זיך

מאלעגיירע, מאכט מיט דעם מויל אונ קוקט טאמעוואטע אפ דעם גאנצנ אוילעמ ייִדנ, וואָס לויפנ אונטנ ווי די פארסאמטע מיט אלערהאנט שטעקנס, שטעקלעכ אי פאראסאָלענ, טוט דערבײַ אמאָל א סאָפע, אָדער א קיהישנ זיפצ, טאקע גאָר גלײַכ ווי זי וואָלט געזיפצט אונ געקרעכצט, מיש־טיינסגעזאָגט, אפ דעם דאָזיקנ אוילעמ, אויכ אפ איר שלימאזל, וואָס זי איז, נעבעכ, ארײַנגע־פאלנ אינ ייִדישע הענט... איבערקומענדיק אי דעם בערגל, וועט איר גיינ גלײַכ, גלײַכ, אלצ גלײַכ. עפשער וועט איר, לוי יאלע וועלוי יאָווי, זיכ א זעצ געבנ אינ די שפיצעכדיקע שטיי־נער פונעמ ברוק, וואָס ליגנ צעזייט, צעשפרייט מעשונע ווילד, אונ, כאסוועשאָלעמ, פאלנ, זאָלט איר מויכל זײַנ אופשטיינ, אויב איר וועט קענענ, אונ אלצ טאקע גיינ, גיינ, בעיִמ איר האָט נאָכ נישט אויסגעבראָכנ קיינ פוס, כאָלילע, ביז איר וועט קומענ אפ עפעס א מינ פלאצ. דאָרט אפ דעם פלאצ וועט איר געפונענ דעם טאמציס פונ גלופסק.

אונ ווענ ס'איז נאָר א סוואָרע טעטעריוועקער גאס אָנצורופנ דעם מאָגנ פונ גלופסק, קענ מענ נאָכדעמ שוינ מיט רעכט זאָגנ, אז דער דאָזיקער פלאצ איז איר הארצ, וואָס דאָרט קלאפט זיכ טאָמיד טאָג אי נאכט אונ וואָס דאָרט איז איר כיִעס, דאָס גאנצע לעבנ. דאָרט שטייענ קלייטנ, קלייטעלעכ, שאפקעס אונ די באקאנטע גנייווע־שאפקעלעכ, ווו באלמעלאָכעס זעצנ דאָרט אָפּ דעם ייִטער: שטיקלעכ מאטעריע, טאסמעס, בענדלעכ, סאמעט אונ שטיקלעכ פעלצ. דאָרט רודעוועט זיכ זייער שטארק, עס שוויבלט אונ גריבלט, א געדיכטער אוילעמ, אָנ איינהאָרע: ייִדנ שטופנ זיכ אונ כאפנ, נעבעכ, פונ איטלעכער זײַט דישלעס פונ וואָגנס אונ פארקעס. דאָטוירימ זאָגנ, באשער, אז מע פאלמעסט א גלופסקער ייִדנ, געפינט מענ דאָס ראָוו בא אימ אינ לײַב שטעקט א דישל, נאָר אפ גלופסקער דאָקטוירימ קענ מענ זיכ נאָכ נישט סוימעכ זײַנ, די רופּיִמ שפילנ דאָרט אסאכ א גרעסערע ראָליע. דאָרט הערט מענ טאָמיד א קאָל: „הייסע באבקעס, ייִדעלעכ! אהער, הייסע רעטשאניקעס, קנאָבל, ציבעלעס, ייִדישע קינדער!" פונ אָפגעריסענע ייִנגלעכ, וואָס גייענ ארומ אונ שרײַענ מיט עפעס א מעשונע ניגנ. דאָרט כאפט מענ אמאָל פארנאכט א דאוונ, מע איז מעכאדעש גאנצ הויכ די לעוואָנע אונ מע שרײַט דערבײַ צו איטלעכנ, וואָס גייט נאָר פארבײַ: „שאָלעמ־אליייכעמ, פעטער!" דאָרט שטייענ טרעגערס ארומגעגארטלט מיט גראָבע שטריק, אויסגעדינטע סאָלדאטנ מיט אלטע כאָליעוועס אונ אויסגעריבענע שינעלנ, טאנדעטניקעס מיט אלטע טאכטוינימ, קאפטענס, לײַבלעכ אונ נאָכ אלערליי שמאטעס. אינמיטנ שטייט דער פאני סטאָראָזש אונ עסט געשמאק א שטיק ייִדישנ קוילעטש, וואָס ער באקומט שאבעס פאר די ליכט אָפשנײַצנ, אונ היט זיכ, לעהאוודל, ווי א שמורעניק, בעשאס ער גיט א ביס, עס זאָל, כאָלילע, קיינ ברעקל נישט אראָפפאלנ. קעשענע־גאנאָווימ דרייענ זיכ דאָרט ארומ צו מאכנ די קונצ. עפעס א פארשמירט מיידל מיט צעשויבערטע, צעפאטלטע האָר שפרינגט פלוצימ פונ דער העלער הויט ארויס, רעוועט, בעט א נעדאָווע אפ א צעריפּעטנ קאָל, כאפט אָנ פאר דער פאָלע אונ שרײַט, כאָרכלט וויינענדיק, גלײַכ ווי איר וואָלט זי געקוילעט אונ צוגענומענ בא איר געלט. א פעקל ווײַסע כעוורע לויפט דאָרט מיט א הורא נאָכ עפעס א מעשוגענעמ, וואָס זינגט מוירעדיקע לידלעכ, האלב ייִדיש, האלב פויליש אונ טראָגט אפנ קאָפּ א צעקנייטשט קאפעליושל. דאָרט שטייט א באָכער מיט עפעס א מינ קעסטעלע, ייִדנ קוקנ אהינצו אינ לאָכ, אונ רעדט דערבײַ מיט פיס־קעס זײַנ געוויינטלעכנ פיזמענ: „דאָס איז לאָנדאָנ, דער פייפס פאָרט דאָ רײַטנדיק אינ רויטע הויזנ, אונ אלע שטייענ פאר אימ אָנ א היטל. איצט זעט איר, ווי נאפאָלעאָנ מיט זײַנע פראנ־צויזלעכ שלאָגנ זיכ מיט דעמ פרײַס אונ די פרײַסנ צעלויפנ זיכ ווי די טאראקאנעס! אָט אצינד קומט פיר, ווי איינע פאָרט אינעינעמ מיט דעם טויגער אינ איינ קארעטע, דער גראָספעציר האלט די בײַטש אונ טרײַבט אָנ. די פערד האָבנ זיכ איבערגעשראָקנ, אויסגעקערט די קארעטע, דער טויגער, נעבעכ, איז געפאלנ, זיכ א גוטנ זעצ געטאָנ, אונ זי זוכט אינ אײַלעניש ווי זיכ אויס־צודרייענ! נו א סאָפ. געגוג שוינ צו קוקנ פאר א האָרטנ גראָשנ". דאָרט זיצנ שורעסווײַז אויס־געזעצט ייִדענעס מיט מולטערס, פול אָנגעלייגט מיט בינטלעכ קנאָבל, מיט אוגערקעס, קארשנ, אגרעסנ, ווײַמפערלעכ, ערעצ־ייִסראָעל־עפּעלעכ, קאָלנידרע־בארלעכ אונ מיט נאָכ אנדערע זאכנ. אינ דער זײַט שטייט אפ הינערשע פיסלעכ אנ אלטע אײַנגעהויקערטע בודקע, אָנ טיר אונ פענצ־טער, וואָס קעפּי אלטע גרײַז־גרויע ייִדנ דערציילנ, איז אמאָל דאָרט געשטאנענ א בודאָטשניק אונ די גאנצע שטאָט איז דענסטמאָל געלאָפנ אָנקוקנ די בודקע מיט דעם סאָלדאט אפ כידושימ. נעבנ דער אלטער בודקע, מיט וועלכער גאנצ גלופסק איז זיכ מעיאכעס, ווי מיט עפעס אנ אלטנ

קרעפּאָסט, דאָרט אונטער עפעס א מינ דעכל, באדעקט מיט עטלעכע פארשימלטע ברעטלעכ, מיט איבערגעפוילטע שטרוי אונ ראָגאָזשעס, אָנגעשפארט אפ פיר קרומע אויסגעבויגענע סלופעס, זיצט דוואָסיע, די סעדעכע, ארומגערינגלט פונ אלע זייַטנ מיט מולטערס. בא איר געפינט זיכ טאָמיד איר גרויסער פייַערטאָפ, וואָס ווינטער זיצט זי אפ אימ, ווי א קוואָטשקע אפ די אייער, דעמ גאנצנ טאָג קעסיידער, נאָר וואָס זי כאפט אימ אמאָל פונ אונטער איר ארויס אונטערצובלאָזנ די קוילנ אונ ארויסצונעמענ פונעמ אש געבראָטענע קארטאָפלעס.

פונ יענע ייִדנ, אזוי גייט ארומ צווישנ אוילעמ א גאנצ אלטע אגאדעטע, פונ יענע ייִדנ, וואָס שלוימע האמײלעכ האָט געשיקט אפ שיפנ קיינ אויפיר נאָכ גאָלד אונ אנדערע מינימ אויסלענדישע סכוירעס, זענענ אסאכ, מאכמעס קאמע טאמימ, איבערגעבליבנ דאָרט. זיי האָבנ מיט דער צייַט געעפנט אינ אינדיִענ זייער טייַערע קלייטנ אי גרויסע קאָנטאָרנ. האָבנ געהויבנ בא דאָרטיקע דייַטשנ שטארקע האקאָפעס אונ אלערליי קאָמיסיעס אונ דאָס מאזל האָט זיי א לאנגע צייַט שטארק געדינט. דערנאָכ אָבער האָט זיכ איבערגעדרייט דאָס רעדל אונ אונדזערע סאָכרימ האָבנ זיכ געשטעלט אונ געמוזט אויקער זייַנ. א טייל פונ זיי זענענ פארפאלנ געוואָרנ אינ דער מידבער, א טייל זענענ בעשאָלעמ אריבער די גרענעצ, האָבנ זיכ געזעצט אינ אָקרענטנ אונ געזעגלט אפ דער פיאטאָגנילעווקע, וואָס איז אינ יענער צייַט גלייַכ אינ יאמ ארייַנגעפאלנ. אזוי האָבנ זיי געזעגלט, געזעגלט ביז פלוצימ איז אופגעשטאנענ א שרעקלעכער שטורעמווינט, די כוואליעס האָבנ זיכ אופגעהויבנ ביז דעמ הימל, האָבנ צעשלאָגנ די אָקרענטנ אונ ארופגעוואָרפנ די מענטשנ אפנ ברעג. דאָרט האָבנ זיי אויסגעבויט א שטאָט אונ זי א נאָמענ געגעבנ גלופסק.

די כויקרע־קאדמויניִעס, וואָס קענענ מיט זייער גרויס כאָכמע מאכנ פונ א גאָרנישט א מושקאטקויל, האָבנ פינ דער דאָזיקער אגאדעטע געמאַכט א גאנצנ פיירעש אונ אויסגעדרונגענ מיט טויזנטער שארפע שפיצלעכ, ווי זייער שטייגער איז, אז דרינענ ליגט א שטיק עמעס. די רייַעס, וואָס זיי ברענגענ דערופ, זענענ: ערשטנס, דער פאסאָנ פונ די הייַזער, וואָס איז עפעס מעשונע ווילד, גאָר אפ דעמ אלטנ שניט, ווי מיט טויזנטער יאָר צוריק, אז מענטשנ זענענ נאָכ געזעסנ אינ געצעלטנ אונ זיכ געוואלגערט אינ לעכער. פיל הייַזער זענענ דאָ אינ גלופסק, וואָס זעענ בעעמעס אויס נאָר ווי לעכער אונ אסאכ האָבנ א פאָנעמ ווי די געצעלטנ פונעמ טאָטער; פונ זייער אָנבליק אונ פונ זייער שטיינ זעט אויס, ווי זיי זענענ איינער מיט דעמ אנדערנ עפעס נישט שאָווע־בעשאָווע. דו שטייסט ארייַנגערוקט, וויל איכ מיר שטיינ, דיר־אפ צעלאָכעס, ארויסגערוקט; דו שטייסט פאָפערעק, איכ וויל מיר שטיינ קאפויר; דו ווילסט אינדרויסנ א טרעפל, אונ איכ דאפקע א לייטערל, ווער עס באדארפ, וועט ניט קראנק זייַנ קלעטערנ, אונ אז דו האָסט שוינ יאָ עפעס מעשונע הויכ פאריסנ דייַנ פארלאטעט דעכל, נו, האלט איכ מיר מייַנ דעכל דאפקע אראָפגערוקט, געשמייַע דיר פארפל! וועמענ עס געפעלט נישט, לאָז זיכ צומאכנ די אויגנ... קורצ, דאָס אלצדינג איז מעראמעז אפ אלטע, גאנצ אלטע צייַטנ. — צווייטנס, די מינהאָגימ פונ די אייַנוווינער. צווישנ זיי זעט מענ נאָכ אדייַעמ אזעלכע מינהאָגימ, וואָס קומענ ארויס פונ די היידנ, צווישנ וועלכע זיי האָבנ אינ פריִערדיקע צייַטנ זיכ אופגעהאלטנ. דער קסאוו אונ כאָכמעס־האכעזשבנ איז דאָרט נישט שכיִעכ, אזוי אז אלע איניאָנע האקעהילע אינ אלע כעוורעס דאָרט ווערנ געפירט אָנ ביכער, אונ די פירער גיבנ קיינעמ נישט אָפ קיינ כעזשבנ. — דריטנס, די קיטעס, די מענטשנ טיילנ זיכ דאָ אויכ אינ פארשיידענע קיטעס, ווי אמאָל בא די אינדיִאנער: ווי אשטייגער, די קיטע כאפלאפער, סאמע דער צימעס, וואָס געוועלטיקנ בעיאד־ראָמאָ; די קיטע בלאטהאלטער, זאשטשיטניקעס, וואָס האלטנ שטאָל אונ אייַזנ, קריגנ אונ שלאָגנ זיכ פאר די כאפלאפער מיט דעמ סוינע אונ נעמענ דעופּיִאָר בא זיי געוויסע זשאלאָוואניעס אונ אומזיסט פלייש. די קיטע וועכאלאקלאקער, ארופירעו׳ אפ א גליטש אונ וואָס אליינ דרייענ זיי זיכ אויס גלאט ווי אפ א טעלער. די דאָזיקע לייַט צעפאלנ זיכ אפ קוימעמיִעס־זאָגער, וועלטלעכע מענטשנ, וואָס האָבנ צו זאָגנ אינ איניאָנע האמיסכער, אונ אפ צוואקאנער, קלייקוידעש, וואָס האָבנ צו זאָגנ אינ איניאָנע האָעמונע. די קיטע גלופאָטרוסאָ־בעזיאזיקאָ־קאפצאנער, — דער פראָסטער אָרעמער אוילעמ, וואָס איז שטארק ניכנע די אלע איבעריקע קיטעס אונ באקומט פאר זיי דאָס נייַני־עריקע קאדאָכעס. — הייַנט, פערטנס, די מאטבייע, וואָס מע האָט אמאָל, בעשאס גראָבנדיק די הרעבליע, דאָרט געפונענ. פונ איינ זייַט איז זי געווענ שטארק אָפגעריבנ, קאמ־קאמ, וואָס מע האָט ארויסגעזוענ עפעס ווי א שטיקל פארטעכ צוגעטשעפעט צו א שטעקנ, אונטנ עפעס

ענלעך אף א מולטערל, פונוואנענ עס האָבנ ארויסגעשטעקט שטיקלעך קעפּ. פונ דער אנדערער זײַט איז די מאטבייע געווענ קימאט גלאט, נאָר אז האָט מע זיך גוט צוגעקוקט, האָט מענ דערקענט אלטמאָדישע קסיוועטע אויסיעס יאשלג ו ענפ. די געלערנטע האָבנ אפ דער דאָזיקער אופשריפט זיך געבראָכנ די קעפּ אונ ארײַנגעלייגט דרינענ פשאָטים, איטלעכער אפ זײַנ גאנג. א טייל האָבנ געהאלטנ אינ דער כוואָרע, אז די י׳ אונ די ג׳ באמ אָנהייב אונ סאָפ וואָרט יאשלג זײַנענ גאָר גישט קיינ אויסיעס, נאָר שטיקלעך פונ טשאטשקעלעך, וואָס זענענ פונ דער צײַט אָפּגעריבנ געוואָרנ, בעכיינ מאכט עס: אשל (איישעל)—א בוימ, וענפ (וועאָנעפ)—א צווײַג, אונ דאָס איז דער שטעקנ מיטנ פארטעכ. ווידער א טייל האָבנ עס דערקלערט גאָר אנדערש, אונ די געלערנטע האָבנ דערמיט מארעש־אוילעמ געווענ, ביז דערנאָך איז געקומענ איינער מיט אָפענע אויגנ אונ האָט דרינענ דערזענ נאָר ראָשעטייוועס, וואָס זיי מאכנ: יעהודיי אופיר (אָדער אינדיאָס) שעבאָו לעקאנ (אָדער לק״ק) (לעקאק) גלופסק וועניסיאשווו אל נעהאר פיאטאָגנילעווקע. דער שטעקנ מיט דעמ פארטעכ אונ מולטערל מיט די קעפּ — דאָס באטײַט אנ אָקרענט מיט זעגל אונ מיט פארשוינענ. דער דאָזיקער געלערנטער האָט איבער דעמ געמאכט זייער א דיקנ סייפער אונ ווענדעט זיך דאָרט צומ אוילעמ מיט א באקאָשע, אז מע זאָל רייניקנ דעמ טײַך, וועט מענ דאָרט זיכער געפינענ אסאך אלטע זאכנ, וואָס וואָלטנ געעפנט די אויגנ אינ דער כקירע מיקויעך גלופסקער ייִדנ. נאָר די דאָרטיקע אײַנוווינער שײַענ זיך אָבער אויסצורייניקנ די בלאָטע אונ זאָגנ, דאָס, וואָס מע האָט פונ אלטע צײַטנ אָנגעמאכט, דאָס מוז בלײַבנ, קיינ מענטשנס אויג טאָר אינ דעמ פארבאָרגעניש נית ארײַנקוקנ...

אינ דער שטאָט אליינ געפינענ זיך אנטקעגנ א דרײַסיק־פערציק לוזשעס, שוינ מיט לעוואדעס אינײינעמ, זיי פארייניקנ זיך דורכ היילנ מיט די אָפּגרונטנ פונ דער פיאטאָגנילעווקע אונ אינ געוויסע צײַטנ, ביפראט נאָך א פאר א פאר־פייסעך, צעשפּילנ זיי זיך שרעקלעך שטארק אונ פארפלייצנ די גאסנ מיט אזא טיפער, שיטערער בלאָטע, אז בא די הויכ־געוואָקסענע מענטשנ אפילע ווערט גייענדיק פארשלומפערט דאָס היטל. גלופסק ווערט אינ די פינצטערע נעכט באלײַכט — פונ איינ קליינער לאמטערנע, זי ווערט אויך באוואכט פונ א פאָר בודאָטשניקעס. פונדעסטוועגנ פאלט מענ דאָרטנ פאָרט באדערנאכט אונ מע ברעכט האלדז אי לײַב, אונ גנייוועס טרעפנ זיך דאָרט אויך זייער אָפט, כאָטש ס׳איז דאָ אזא שמירע. דערפונ איז טאקע געדרונגענ, אז מע קענ זיך קלאל נישט אײַנהיטנ, מע קענ זיך נישט באוואָרענענ, וואָס ס׳איז באשערט, דאָס איז באווערט, עס העלפנ גאָרנישט דעמ מענטשנס כאָכמעס מיט זײַנע אלע טאכבולעס. דערומ, זאָגט ביניאָמינ, באדארפנ מיר צומאכנ די אויגנ אונ גיינ טאָמיד אפ גאָטס באראָט מיט דעמ ביטאָכנ, מיסטאמע וועט ער זײַנע מאלאָכימ געביטנ אונדז צו היטנ אונ אפ די הענט אונדז צו טראָגנ. עס פאלט נישט דער שפּאָנ ביז ס׳איז עפּעס דראָנ. באדארפ מענ מער, זאָגט ער, ווי איך האָב באוואָרנט מײַנ טאלעס־אונ טפילנ־זאק? איך האָב אימ אנידערגעלייגט אינ בעסמעדרעש אפ דער פּאָלעצע. וואָס קענ שוינ, דאכט זיך, זײַנ מער א זיכערער אָרט ווי דאָ? פונדעסטוועגנ, אז גאָט האָט נישט געוואָלט אָפּהיטנ, האָט מענ אימ אינײינעמ מיט די איבעריקע אונדזערע זאכנ פונדאנענ אויך אוועקגעגאנוועט!

דאָס עלפטע קאפּיטל

# כידושימ וועניפלאָעס אפ דער פיאטאָגנילעווקע.

אפ דעמ טײַך פיאטאָגנילעווקע אז אונדזערע פארשוינענ האָבנ דאָס ערשטע מאָל א קוק געגעבנ, זײַנענ זיי ניווהעל אומישטוימעמ געוואָרנ. זיי האָבנ אזא מינ טײַך נאָך קיינמאָל אינ די אויגנ נישט געזענ. סענדערל האָט געזאָגט, דאָס מוז אוודע זײַנ דער גרעסטער טײַך אינ דער גאנצער וועלט. וואָרעמ אנדערש האָט אימ גאָר אינ קאָפּ זיך נישט געלייגט. א קאטאָוועס אזא טײַך, וואָס איז עפשער א הונדערט מאָל גרעסער פונ טונעיאדעווקער. נאָר סענדערל איז געווענ א פראָסט מענטשל, מער פונ טונעיאדעווקע האָט ער נישט געוווסט, אינ די קליינע אויסיעלעך ארײַנקוקנ האָט ער נישט געקענט, דעריבער איז אלצדינג, וואָס נאָר עפּעס נישט אזויוי אינ טונעיאדעווקע, בא אימ געווענ א כידעש־ניפלע אונ פלעגט מיינענ, אז דערמיט עקט זיך שוינ

טאקע די וועלט. ביניאָמינ אָבער, וואָס איז פיל געלערנטער פונ אים, וואָס האָט אינ זײַנע מינע כקירע־ספאָרימלעכ שוינ געכאפט, ווי מע זאָגט, א לעק פונ די שעווע כאָכמעס, וואָס האָט געוווסט אביסל די באשרײַבונג פונ דעמ גאנײדנ־האטאכטנ, פונ די מעשונע־ווילדע באשעפעניש אינ הינ־דיאָ״ה אוכדוימע נאָכ אזעלכע מינע זאכנ, האגאמ ער פלעגט באמ ערשטנ מאָל אָנקוקנדיק עפעס נײַס זיכ אויכ שטארק כידעשנ אינ הארצ, נאָר ער פלעגט דערבײַ מאכנ אזא מינע מיט א שמײ־כעלע, גלײַכ ווי איינער רעדט: עט, נארישקײַטנ, דאָס איז נאָכ גאָרנישט אנטקעגנ יענצ, וואָס איז נאָכ דאָ... ער האָט סענדערלנ באוויזנ, אז די פיאטאָגנילעווקע איז פאָשעט בלאָטע, איכ בעט אײַכ איבער, טינעפ אנטקעגנ דעמ יארדנ, וואָס איז פיל מאָל גרעסער פונ איר, זי וואָלט דעמ שוירהא־באָר נישט געקלעקט אפילע אפ איינ צאָנ, אונ פונעמ נאָמענ יארדנ טאקע איז אויכ אזוי די מאשמאָעס, וואָרעמ יארדנ איז דאָכ דער טײַטש: א גוזמע, אסאכ, א יארדנ!

— ווייסטו, סענדערל, וואָס איז מיר אײַנגעפאלנ? — האָט ביניאָמינ געזאָגט נאָכ דעמ, אז ער איז געשטאנענ איינמאָל שטארק פארטראכט נעבנ דער פיאטאָגנילעווקע, — מיר איז אײַנגעפאלנ צו לאָזנ זיכ פונדאנענ מיט דעמ וואסער.

— גאָט איז מיט דיר! — האָט סענדערל זיכ א כאפ געטאָנ פאר גרויס שרעק. — דערמאָנ זיכ נאָר, ביניאָמינ, אז אונדזער טײַכ נעמט צו אלע יאָר א מענטשנ; הײַנט מיִדרייע וויפל מענטשנ מוז דער דאָזיקער טײַכ א יאָר צונעמענ! האָב ראכמאָנעס אפ אונדזער לעבנ, אפ דײַנ ווײַב אונ קינדער, ביניאָמינ!

— ביטאָכנ, ביטאָכנ, סענדערל! ביטאָכנ איז א ייִדישע זאכ, מיט ביטאָכנ איז יאנקעוו־אָווינו מיט זײַנ שטעקל דעמ יארדנ איבערגעגאנגענ, מיט ביטאָכנ, זעסטו, עפענענ דאָ ייִדישע קינדער אופ גרויסע געוועלבנ. אלצדינג, וואָס דו זעסט דאָ, איז אלצ לויטער ביטאָכנ. אפילע טרעפ אונ סטעליעס, ווי אויכ פיל גרויסע הײַזער, האלטנ זיכ דאָ נאָר אפ ביטאָכנ...

— נאָר פארוואָס ווילסטו דאפקע מיט דעמ וואסער, — האָט סענדערל געפרעגט, — אז מיר קענענ דאָס אייגענע אויכ מיט דער יאבאָשע?

— איכ האָב דערופ אסאכ טײַמימ, — האָט ביניאָמינ געענטפערט, — איינ מאָל, וועט, ווי מיר דאכט זיכ, די נעסיִע מיט דעמ וואסער זײַנ אי נעענטער, אי גיכער. מיר באדארפנ זענ אָנקומענ אהינ ווי צומ גיכסטנ. וואָס פריִער איז אלצ בעסער. פארוואָס? דאָס ווייס איכ שוינ, דאָס איז שוינ מײַנ זאכ! מיכ קוועטשט, סענדערל, מיכ קוועטשט זייער שטארק, עס פיקט מיר אָט דאָ, דאָ אינ קאָפ, איכ וואָלט שוינ געוואָלט דאָרט זײַנ מיט לײַב אונ לעבנ. ווענ עס זאָל מעגלעכ זײַנ, וואָלט איכ ווי א פויגל אינ דער לופט אהינצו געפלויגנ... צווייטנס, אז ביניאָמינ פונ טודעלאָ האָט בעיאָמאָוו זיכ געלאָזט אפ זײַנ נעסיִע, איז ער טכילעס אויכ געפאָרנ מיט דעמ טײַכ עבראָ, אזוי שטייט בעפיירעש געשריבנ אינ זײַנ סייפער. מיסטאמע אז ער איז פארצײַטנ געפאָרנ מיט דעמ טײַכ אונ נישט מיט דער יאבאָשע, באדארפ דאָכ טאקע זײַנ דאפקע אזוי אונ נישט אנדערש, מיסטאמע האָט ער געוווסט, וואָס ער טוט, אונ איז אזויפיל קלוג געווענ ווי מיר אלע, כלעבנ. רעב ביניאָמינ איז א קאדמענ—א פריִערדיקער פאר אונדז. מוזנ מיר אימ הערנ גאָר אָנ קאשעס...

— אויב אזוי, — האָט סענדערל געמאכט, — איז שוינ טאקע רעכט. בא מײַנ ייִדישקײַט, בינ־יאָמינ! נישט נאָר אפנ טײַכ, אפילע ווענ רעב ביניאָמינ וואָלט פארצײַטנ געפאָרנ רײַטנדיק אפ א קאָטשערע, וואָלטנ מיר דאָ נישט באדארפט לאנג טראכטנ, זיכ גענומענ אופגעזעצט אונ אויכ געפאָרנ אפ א קאָטשערע.

— אונ דריטנס, — איז ביניאָמינ ארײַנגעפאלנ סענדערלענ אינ די רייד, — שאָדט טאקע קלאָל נישט, מיר זאָלנ זיכ געוווינענ צו פאָרנ מיט דעמ וואסער איידער נאָכ עס וועט אונדז שפעטער אויסקומענ צו פאָרנ אפנ יאמ אָקיאָנוס. איכ וואָלט נאָכ אפילע געזאָגט, אז איידער מיר וועלנ זיכ אָפפארטיקנ דאָ אינ גלופסק, וואָלט אָבער גאָר נישט קרומ געווענ צו פרווונ גלאט אזוי דורכ־צופאָרנ זיכ אביסל אפנ טײַכ. דאָרטנ, דאָ ונטנ, זעסטו, שטייט איינער מיט א שיפל, אָט, כלעבנ, לאָמיר צוגיינ אונ אימ עפעס געבנ, וועט ער מיט אונדז אביסל פאָרנ.

אינ עטלעכע מינוט ארומ זײַנענ אונדזערע וואנדרעווער באהארצט ארײַנ אינ א שיפל אונ האָבנ זיכ געשיפט איבער די פיאטאָגנילעווקע. טכילעס האָבנ זיי אפילע זיכ געשראָקנ. סענדערלענ האָט זיכ פארדרייט דער קאָפ אונ ער האָט געצאפלט מיט הענט אונ פיס, אָט, אָט, האָט ער

געמיינט, קערט זיך דאָס שיפֿל אום און ער פֿאַלט אַרײַן אין די טיפֿע אָפּגרונטן פֿונעם טײַך, ס'איז אַן עק פֿון זײַן לעבן, און זײַן ווײַב בלײַבט אַן אײביקע אַגונע, נאָר דערנאָך איז אים געוואָרן אַביסל בעסער.

— נישקאָשע, סענדערל, — האָט בנימין אים געטרייסט, אַז זיי זענען אַרויס אויפֿן ברעג, — זאָל דיך נישט אַרן, וואָס דער קאָפּ דרייט זיך און עס ווערט עפּעס נישט גוט. דאָס איז די ים־קראַנקײַט, וואָס איטלעכער מוז זי לײַדן, אַז ער פֿאָרט דעם ערשטן מאָל אויפֿן ים. דעם צווייטן מאָל, וועסטו זען, וועט זײַן בעסער און דו וועסט שוין גאָרנישט פֿילן.

פֿון יענער זײַט אָן פֿלעגן אונדזערע פֿאַרשוינען זייער אָפּט פֿאָרן אויפֿן טײַך און דערפֿון גרויס טײַנעג געהאַט. זיי זענען באַ זיך געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז איבערשיפֿן זיך דעם ים, האָט זיך זיי געדאַכט, איז אַ שפּיל.

בנימין פֿלעגט דורך סענדערלען זיך אַרײַנלאָזן אין אַ שמועס מיט דעם לאָדאָטשניק און אים פֿאַרוואַרפֿן מיט שאלות, ווי אַשטייגער: פֿרעג נאָר, סענדערל, דעם קאַפּיטאַן, וויפֿל מײַל האָבן מיר פֿונדאַנען ביז דעם ים? פֿרעג אים, אויב ס'איז דאָ עפּעס וויספּעס? וואָס פֿאַר אַ מינע לײַט וווינען דאָרט? צי וווינען צווישן זיי ייִדן? וועמען צאָלן זיי מאָס און צי וויסן זיי פֿון אַ גאָלעס? אָדער, אַשטייגער, אַזוי: פֿרעג, סענדערל, אויף אַ ציקאַוועשטש, דעם אָרל וועגן די בערג ניסבן און דעם קויפֿער־אַל־טוראַך? צי ווייסט ער עפּעס מיקויעך די אַסערעס־האַשוואָטים. אַ קאַשע אויף אַ מײַסע, עפּשער האָט ער עפּעס געהערט. אוכדוימע נאָך און נאָך אַזעלכע שײַלעס פֿלעגט אַלץ בנימין הייסן פֿרעגן.

נאָר דאָס ביסל גויִש, וואָס סענדערל האָט זיך אויסגעלערנט ריידן, גייענדיק מיט זײַן ווײַב טאָמיד אויפֿן מאַרק, איז קאַרג געווען פֿאַר אַזעלכע הויכע איניאָנים. דינגען זיך פֿאַר אייער, ציבעלעס, קאַרטאָפֿל, דאָס האָט ער נאָך ווי־ס'איז געקענט, אָבער אויסטײַנען זיך מיט אַ קאַפּיטאַן איבער געלערנטע זאַכן, דאָס האָט ער לאַכלוטן נישט געקענט. ס'איז געווען אַ צאַר־באַלעכאַים, ווי סענדערל, נעבעך, פֿלעגט זיך מוטשען אין אָזאַ שמועס, ער פֿלעגט ריידן מיט הענט און מיט פֿיס, אַרבעטן אויף אַלע קיילים און אָפּגיין מיט שווייס, אַז איין גאָט האָט געמעגט אויף אים ראַכמאָנעס האָבן. זײַן קאַפּיטאַן פֿלעגט שפּײַען, טײַנען, אָנקוקן אים ביז פֿון איין זײַט, און בנימין פֿלעגט אים דורען אַ קריזש, שטורכען און קוקן אים אין מויל אַרײַן פֿון דער אַנדערער זײַט.

— ווינ טשערוואָני זשידקי, ווינ פּיטאַיע, — פֿלעגט סענדערל אַרויסגיין מיט אָזאַ שפּראַכע, אַשטייגער, ווינקענדיק מיט דער האַנט אויף בנימינען.

— איז טשערוואָניך זשידקאָוו יאַ זנאַיו לײַבקו, שמולקו, באַגאַטיע זשידקי. — אָזאַ טשוווע פֿלעגט סענדערל באַקומען פֿון זײַן קאַפּיטאַן.

— ני, לײַבקאָ, ני, ני! ווינ טשערוואָני זשידקי פּיטאַיע, טאַמאָטשקאַ. ווי זאָגט מען עפּעס, ניט טאַמאָטשקאַ, נעבן בערגעלע ניסבונ.

— ניסבאָנאַ, זשידקאָ ניסבאָנאַ?

— זאָג אים, סענדערל, — פֿלעגט בנימין שרײַען, — זאָגן זאָלסטו אים — אַ בארג! מאָל אים אויס ווי דו קענסט.

סענדערל פֿלעגט צונויפֿשטעלן הויך די הענט, אויסצומאָלן דערמיט אַ בערגעלע און שרײַען דערבײַ: העט, העט וויסאָקאָ! —

— טפֿו! — פֿלעגט דער אָרל אויסשפּײַען, אויסכאַטלען אויף סענדערלען כאַלוימעס און אים אָפּשיקן צו אַלדי שוואַרצע יאָר.

פֿון זײַנע נעסיִעס אויף דער פּיאַטאָגנילעווקע דערציילט בנימין כידושים, וווּנדערלעכע זאַכן, וואָס האָבן אין דער וועלט אַ ראַש אָנגעמאַכט. מיר וועלן דערפֿון דאָ נאָר אַ מיקצאַס אַרויסשטעלן.

שיפֿנדיק זיך איינמאָל אויף דער פּיאַטאָגנילעווקע, האָט בנימין דאָרט דערזען אינדערמיט טײַך אַ גאַנץ גרויסן אָרט, וואָס איז געווען גרין באַוואַקסן און מיט זײַן גרינקײַט די אויגן פֿאַרנומען. ער האָט געמיינט, דאָס איז אַ וויספּע, באַוואַקסן מיט גראָז אי מיט שמעקנדיקע קרײַטעכצער. אַז ער האָט אַרויסגעשטעלט אַ פֿוס און שוין געוואָלט אַ שפּרונג געבן אויף דער וויספּע, האָט דער קאַפּיטאַן פֿון דער לאָדקע אים פֿלוצים אַ כאַפּ געטאָן פֿון הינטן מיט אַ געשריי און אַ

שלײַדער געגעבן אים צוריק אין דער שיפעלע מיט דעם גאנצן קויעך אזוי, אז ער איז א היפּשע צײַט געבליבן ליגן שטארק פארדולט. ער האָט מער נישט געהערט, ווי ארום דעם שיפעלע קאָכט, ראַשט זיך, גלײַך ווי עס ראנגלט זיך מיט עפּעס, און עס גייט מיט גרויס מי זײַן וועג; און אז ער איז שפּעטער צו זיך געקומען, האָט א־ם דער אָרל געזאָגט, ער איז געוועגן אין א גרויסער סאקאָנע דערטרונקען צו ווערן אין דעם גרינקײַט, וואָרעם דאָס גרינקײַט איז נישט קיין וויספּע ווי ער האָט געמיינט, נאָר דאָס איז גאָר דער צוויט, וואָס די פּיאטאָגנילעווקע צוויטעט אלע יאָר.

„איך אָבער, אזוי שרײַבט בּיניאָמין, האָב מיך נישט געקענט לאָזן אײַנריידן, אז דאָס זאָל זײַן צוויט. עמעס טאקע, א רייעך עפּעס האָט עס געהאַט, נאָר זינט איך לעב האָב איך נישט גע־הערט און אויך אין מײַנע ספאָרים נישט באגעגנט, אז וואסער זאָל צוויטען. ווען עס זאָל צווי־טען, וואָלט דאַך דערוף באדאַרפט וואקסן דערנאָך עפּעס א מין פּיירע, וואָס מע מאכט דערוף א בראָכע בּוירע פּרי האַמאַיִם! איך האַלט גאָר אין דער סוואָרע, אז דאָס איז דער מעשונגע גרויסער יאַם־פיש כ ל ײ נ״א, פון וועלכן ס'איז דאָ זייער א שיינער שמועס אין דעם סייפער „צייל אוילאָם" מיט דידאָזיקע ווערטער: „דער שרעקלעכער גרויסער פיש באדעקט זיך מיט גראָז און מיט ערד, בּיז ער זעט אויס ווי א גרויסע וויספּע, און אמאָל מיינען די, וואָס זעגלען אין יאַם, אז דאָס איז א שיינער בּארג, זיי שטעלן זיך דערוף, טוען וואָס זיי באַדאַרפן, קאָכן מאכאָלים און אז דעם פיש ווערט ווארעם פונעם פײַער, טוקט ער זיך אונטער אין די אָפּגרונטן, און אלע, וואָס האָבן אף אים געלאָגערט, ווערן דערטרונקען". דערמיט טאקע איז א שטארקע אײַזערנע רײַע צו יענע ווילדע כאקראָנים, וואָס האלטן, אז די גלופּסקער אײַנוווינער וואקסן פון הינדיאָ״ה זעגלענדיק פון דאָרט איבער דער פּיאטאָגנילעווקע אין די אלטע יאָרן, האָבן זיי מיט זיך פאר־שלעפּט דעם כ ל ײ נ״א, וואָס האלט זיך אוּפ בּעעמעס אין הינדיאָ״ה און וואָס זײַן טעווע איז נאָכצוּלויפן נאָך די שיפן".

אז בּיניאָמין האָט איינמאָל ארײַנגעקוקט א־ן טײַך, האָט ער דאָרט דערזען טיף אין וואסער עפּעס מינע באַשעפעניש, אקוראט גלײַך צו די געשטאלטן פון ווײַבער.

„נאָך גאנץ לאנג, זאָגט בּיניאָמין, האָב איך געלייענט אין ספאָרים, אז אין וואסער זענען דאָ יאַם־מענטשן, און דער מעכאבער פון „צייל־אוילאָם" זאָגט דערוף בעטוירעס־איידעס אזוי: „דער קאָפּ, דער גוף, דאָס פּאָנעם און די בּריסט זייערע זענען אויס ווי א בּסולע און זינגען זייער שיין אין זיי הייסן שריינא". פון אלטע עמעסע מענטשן, וואָס מע מעג זיי גלייבן אפּן וואָרט, האָב איך אויך געהערט דערציילנדיק, אז זיי האָבן אליין געזען אזעלכע יאַם־מענטשן בא קאָמעדיאנטן, וואָס פלעגן געווינטלעך נאָך דער קאָמעדיע זיי ווײַזן יעדערן פאר עטלעכע גראָשן, נאָר הײַנט האָב איך עס דערלעבט צו זען מיט מײַנע אייגענע אויגן. איך האָב מיט גרויס וווּנ־דער געוויזן אף די בּסולעס דעם אָרל און ער האָט מיר געוויזן אף עפּעס וועשנס, וואָס זענען געשטאנען באַם בּרעג טײַך און געוואַשן גרעט. איך ווײַז אים אונטן אין וואסער, און ער ווײַזט מיר אויבן אפן בּרעג. און ווײַל מיר האָבן איינער דעם אנדערנס לאָשן נישט פארשטאנען, האָט ער נישט געוווּסט, וואָס איך ווײַז אים, און איך האָב נישט געוווּסט, וואָס ער ווײַזט מיר, און איך האָב פון אים מיקויעך דעם גאָרנישט געקענט דערגיין".

נישט ווײַט פונעם בּרעג נעבן דער שטאָט האָט בּיניאָמין געזען אזא אָרט אין טײַך, ווו דאָס וואסער איז מעשונגע געדיכט, ערטערווײַז איז עס פארגליווערט עפּעס נאָר ווי דרילעס, און ער־טערווײַז איז דאָס וואסער נאָך געדיכטער. פון דעם דאָזיקן וואסער פירן די וואסערפירער צו די באלעבאַטים אין די הײַזער. דאָרט ווערן די געדיכטע דרילעס צעפירט מיט פּראָסט וואסער אין דער פאס, און מע קאָכט דערמיט אלע מאכאָלים.

„איך אליין, זאָגט בּיניאָמין, האָב דאָס געקעכץ פון אזא וואסער געגעסן, איך זאָל אזוי עסן פין דער סודע שעל לעוויאָסן, עס האָט געהאַט דעם זיבעטן טאַם. א ראָסל־פלייש דערפון איז א מאכל־מעלאָכים, איך האָב אָנגעלייגט מיט דעם וואסער פולע קעשענעס און געהייסן סענדער־לען מאכן דערפון א פּעקל, מאכמעס אפ אונדזער ווײַטער נעסיִע אין יאמים און אין מידבאָריעס קען עס זייער גוט צונוץ קומען".

לוסטיק און פריילעך זענען איינמאָל נאָך מיטיק אונדזערע פּארשוינען געגאנגען נישט ווײַט פון דער שטאָט, האָבן געלאַכט, געשפּאַסט, געקוקט איינער דעם אנדערן אין די אויגן ארײַן און

עפּעס זייער שטארק האַנאָע געהאַט. עס האָט אויסגעזען נאָר ווי א פארליבט פּאָרפאָלק באַלד נאָך דער כאַסענע, וואָס שפּאַצירט זיך פרײַ אפ דעם גרינעם גראָז און קוקט זיך מיט איטלעכס וואָרט, מיט איטלעכן קוק. נאָר וואָס־זשע איז מיט אונדזערע פּאַרשוינען עפּעס אזוי די סימכע געווען? פאַרט וואָס האָט זיי אזוינס מעשונע האַנאָע געטאָן, אזש זיי זײַנען געשפּרונגען, האָבן אונטערגעזונגען און געמאַכט אָנשטעלן ווי די ריינע מעשוגענע? אָט וואָס, ראַבויסים! בעלי־ניידער, מאָרגן איז בא זיי ביידע געבליבן צו פאַרלאָזן גלופּסק און אינ א גוטער שאָ צו זעגלען העט אהינ...

און ווי זיי גייען זיך דאָ אזוי לעבעדיק־פריילעך, קומט זיי אונטער פּלוצים א פּורל, אפּ וואָגן זיצן צוויי ייִדלעך, איינער טרײַבט אָן און דער אנדערער זיצט אָנגעבויגן אפּ דער זײַט, דאָס היטל איז אים פאַרוקט אונ ער האַלט אינ מויל א שטרויעלע. — זייער גוטע סימאָנים, אז דאָס ייִדישע קעפּל טראַכט דענסטמאָל עפּעס אָן אויבער־האַסבאָרעלע און דרייט זיך מעשונע שטאַרק.

די צוויי ייִדן האָבן אָנגעקוקט אונדזערע לוסטיקע פּאַרשוינען, זיי באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און זיך אַרײַנגעלאָזט דערנאָך מיט זיי אינ א שמועס. די ערשטע שײַלע איז, ווי דער שטייגער איז, געווען: פונוואַנען זענען עס ייִדן? דערנאָך — מא שמייכעם? און דערנאָך דאָס איבעריקע צעטל שײַלעס, וואָס ייִדן פרעגן געוויינטלעך איינער דעם אנדערן באַם ערשטן באַגעגעניש. מער האָבן אונדזערע פּאַרשוינען נישט באַדאַפט, זיי האָבן געעפנט א מויל און זיך גענומען דער־ציילן אַלצדינג, ווי מע זאָגט, וואָס אפּ דער לונג — דאָס אפּ דער צונג. די ייִדן האָבן זיך אָנגעקוקט מיט א שמייכעלע, זיך געשושקעט אביסל און דער ייִד מיטן פאַרוקטן היטל אי מיט דעם שטרויעלע אינ מויל האָט דערבײַ געמאַכט, — עט, נישקאָשע, עס וועט אָפּלויפן, נאָר אינ ערגסטן פאַל איז נאָך עטלעכע מאַמטאַקים...

— ווייסט איר וואָס? — האָבן די ייִדן צום סאָף זיך אָנגערופן, — אונדזער שטאָט מעג, כלעבן, אויך די זכיִע האָבן צו זען בא זיך אזעלכע צוויי מענטשן, מיר בעטן אײַך זייער שיינ, אָט, כלעבן, טוט אונדז אָן דעם קאָוועד און זעצט זיך, זײַט מויכל, באַלד טאַקע מיט אונדז אופּ, נישט לאַנג געטײַנעט, מיר זענען אײַך אָרעוו, אז מע וועט אײַך בא אונדז זייער שיינ צונעמען מיט עסן, מיט טרינקען און מיט וואָס נאָר מעגלעך.

— מיר וואָלטן עס אײַך צוליב געטאָן, — האָט ביניאָמינ געענטפערט, — נאָר בא אונדז איז געבליבן מאָרגן בעלי־ניידער פונדאַנען זיך צו לאָזן מיט דעם וואַסער.

— האָט נישט קיינ פאַריבל, — האָבן די ייִדן געזאָגט, — איר רעדט, כלעבן, נאַרישקײַטן, אויך מיר א וואַסער די פּיאַטאָגניליעוקע! זי איז, מעכילע, א פישגריבל, א טינעף, א פּאַרשטונקענע בלאָטע, א פאַרצוויטעטע, פאַרשימלטע לוזשע. בא אונדז האָט איר דעם דניעפּער, וואָס פאַלט גלײַך אינ יאַם אַרײַנ. פון אונדז וועט איר טאַקע, אימירצעשעם, גיך און געשווינד קומען אהינ אינ אײַער רו אַרײַנ. אקשנט זיך נישט, כלעבן, הײַדא אַרופּ אפּן וואָגן.

— וואָס זאָגסטו, סענדערל? — האָט ביניאָמינ זיך אָנגערופן, — לאָמיר עפּשער טאַקע די ייִדן צוליב טון און פאָרן?

— וואָס פאַר א דײַגע איך האָב? — האָט סענדערל געענטפערט, — אז דו ווילסט פאָרן, זאָל זײַנ פאָרן.

עס האָט נישט געדויערט לאַנג, זענען אונדזערע פּאַרשוינען שוינ געזעסן אינ וואָגן שטאַרק צופרידן אפּ דעם קאָוועד, וואָס מע פאַרבעט זיי צוגאַסט, און האָבן זיך פירגעשטעלט גדולעס. א וועג האָבן זיי געהאַט זייער א פריילעכן. די ייִדן האָבן אפּ זיי געהאַט אַן אויג און פּאַשעט געהיט זייער טריט, האָבן זיי צוגעפילעוועט מיט עסן און טרינקען אזויווי א קינפעטאָרן. אונ־דזערע פּאַרשוינען האָט זיך אזוינס אינ זייער לעבן נישט געכאָלעמט.

אפּ דעם צווייטן טאָג פאַרנאַכט זענען זיי אָנגעקומען בעשאָלעם קיינ דניעפּראָוויץ. די ייִדן זענען מיט זיי פאַרפאָרן אפּ א סטאַנציע און געמאַכט פאַר זיי א גוטע וועטשערע.

— הײַנט זײַט איר פון א וועג מיד, שלעפעריק, — האָבן די ייִדן געזאָגט, — בעכיינ איז גלײַ־כער, איר זאָלט זיך לייגן פאַרפרי אויסרוען. מאָרגן, אימירצעשעם, אז איר וועט אופשטיינ גע־זונט, פריש און שטאַרק, וועלן מיר אײַך פירן צו עטלעכע גרויסע לײַט, פאַרוואָרפן פאַר אײַך א גוט וואָרט, און אז זיי וועלן אײַך אופנעמען, זײַט איר שוינ פאַרזאָרגט מיט אלע אײַערע היצטאַר־כעס און וועט קענען גיך און באַלד מאַכן אײַער ווײַטע נעסיִע. א גוטע נאַכט!

— א גוטע נאכט, א גוט יאָר! — האָבנ אונדזערע פארשוינענ געענטפערט. באלד טאקע האָבנ זיי אָפּגעלייענט קרישמע, זיכ געגלעט אביסל דעמ בײַכל, געגענעצט, געקראצט זיכ, ווי דער שטייגער איז, אונ זיכ געלייגט מיט א פריילעכ געמיט שלאָפנ.

---

דאָס צוועלפטע קאפיטל

# ווי מע פירט אונדזערע פארשוינענ אינ באָד.

— גוואלד, ווידע, כאָטש אָפּזאָגנ ווידע! — האָט סענדערל פונעמ שלאָפ נישט מיט זײַנ קאָל געשריגנ אונ אופגעוועקט מיט זײַנ געשריי ביניאָמינענ.

ביניאָמינ איז נישט טויט — נישט לעבעדיק אראָפּגעשפרונגענ פונ זײַנ געלעגער, האָט אינדער־גיכ אָפּגעגאָסנ נעגלוואסער אונ איז צוגעלאָפנ צו סענדערלענ זענ, וואָס טוט זיכ מיט אימ אזוינס.

אינדרויסנ האָט אָנגעהויבנ צו גרויענ אפ טאָג אונ אומעטומ איז געווענ שטיל, מע האָט נאָר געהערט א כראָפּענ פונ שלאָפעדיקע מענטשנ אינ דעמ גאנצנ שטוב, איטלעכער האָט געכראָפּעט אפ זײַנ שטייגער: דער אפ א קאָל פונ א באנדורע, יענער — אפ טרומייט, איינער האָט עס געמאכט שטיל בעקיצער, דער אנדערער האָט עס געצויגנ העכער, העכער אפ דרײַ גאָרנ, דערנאָכ אויס־געלאָזט מיט א דריי, מיט א בייזער, ווי איינער פרעגט א שטארקע קאשע, אונ צוגעפויקט מיט די באקנ. אינייִנעמ איז עס געווענ א נאָזנ־קאָנצערט, אינ וועלכנ די נעזער האָבנ געטרײַ געאר־בעט אפ אלע קיילימ אונ צוגעשפילט לעקאָוועד די בארימטע דניעפּראָוויצער וואנצנ, בעשאס זיי האָבנ געשמאק געגעסנ די שלאָפנדיקע אונ געטרונקענ זייער בלוט — יידישע בלוט!

דניעפּראָוויצ האָט א לאנגע צײַט געפאסעט אירע וואנצנ, אירע מענטשנפרעסערס, דאָרט אינ דעמ שרעקלעכנ אײַנפאָרהויז, אינ דער וויסטער אָפּגעזונדערטער יידישער אכסאניע. ווו א וואנצ אינ עפּעס א קווארטאל, איז אלצ אהינצו געזויגנ, געקראָכנ אונ געצאפּט יידיש בלוט... קומענדיק קיינ דניעפּראָוויצ, איז שוינ א ייד מוכנ אומעזומענ געווענ, אז ס'וועט אימ קאָסטנ אביסל בלוט אינ אָנ אזא כאבאר איז גאָר קיינ סוואָרע נישט זיכ אויסצודרייענ. בײַס שוינ, בײַס, דו „דניע־פּראָוועצק”, שטינק שוינ, שטינק, דו וווענצעלע, שרײַב שוינ, שרײַב דײַנע בלוטיקע צייכנס אונ טראָג זיכ, גיי דיר צו אלדי שווארצע יאָר! —

— וואָס שרײַסטו אזוי, סענדערל? — האָט ביניאָמינ אימ געפרעגט, צוגייענדיק צו זײַנ געלע־גער, — אוואדע א וואנצ האָט דיכ געמוזט שטארק א ביס טונ? א שרעק, וויפל דאָ איז וואנצנ, זיי האָבנ א גאנצע נאכט מיכ נישט געלאָזט אנ אויג צוטונ, ערשט נישט לאנג וואָס איכ בינ אנשלאָפנ געוואָרנ.

— אײַ־אײַ, גיכער, לאָמיר גיכער אנטלויפנ! — האָט סענדערל געשריגנ נאָכ אלצ פאר־דולט.

— גאָט איז מיט דיר, סענדערל! וואָס רעדסטו? מיילע, מא ראש, אז א וואנצ גיט א ביס? דערופ איז זי דאָכ א וואנצ אונ דו ביסט א מענטש...

סענדערל האָט אנטקעגנ א פאָר מינוט אָנגעקוקט ביניאָמינענ ווי צעמישט, דערנאָכ זיכ אויס־געריבנ די אויגנ אונ געזאָגט מיט א זיפצ.

— אוי, עס האָט מיר זיכ געכאָלעמט זייער א שרעקלעכער כאָלעמ! האלעווײַ דערפונ זאָל זיכ גאָרנישט אויסלאָזנ.

— עט, מאלע וואַס א מענטשנ כאָלעמט זיכ אמאָל, — האָט ביניאָמינ געמאכט, — מיר האָט זיכ הײַנט אויכ געכאָלעמט — עפּעס א פיפערנאָטער קומט צו מיר געשווינד צו, קוקט מיכ שטארק אָנ אונ זאָגט צו מיר: איר זײַט עס ביניאָמינ פונ טונעיאדעווקע? קומט, זײַט מויכל, מיט מיר אהינ. אהינ, אלעקסאנדער מוקדנ שטייט דאָרט מיט זײַנ כאַיל אונ כאלעשט מיט אײַכ זיכ צו בא־קענענ. איכ גיב מיכ א לאָז, דער פיפענאָטער לויפט פאָרויס, איכ נאָכ אימ. „איר לויפט, אָנ איינהאָרע, געשווינד, ווי א פײַל אויסנ בויגנ, איכ קענ אײַכ גאָרנישט אָניאָגנ”, הער איכ עמעצנ שרײַענדיק הינטער מיר. איכ קער מיכ אומ אונ דערזע אלעקסאנדער מוקדנ. אדוניני מיילעכ! — שרײַ איכ, כאפּ אימ בא דער האנט, קוועטש אונ קוועטש, עס פארגייט מיר אָבער פלוצימ אינ

דער נאָז עפּעס א מינ שרעקלעכער געשטאנק טאקע נאָר צומ כאלעשנ. איך כאפּ מיך אופ אונ פיל אינ דער האנט א צעקוועטשטע וואנצ... טפו זאָל עס ווערנ! טאָ שפּײַ, כלעבנ, דרײַ מאָל אויס, סענדערל, אונ פארגעס דײַנ כאָלעמ. וואָס האָט דיר אזעלעכס זיך געכאָלעמט?

— טפו, טפו, טפו! — האָט סענדערל ביטמימעס דרײַ מאָל אויסגעשפּיגנ אונ דערציילט זײַנ כאָלעמ:

— מיר האָט זיך געכאָלעמט, ווי איך גיי מיר גלאט אזוי אפ דער גאס אונ פארגיי מיר העט־ווײַט. פלוצימ גיט מענ מיך פונהינטנ א כאפּ אונ מע ווארפט מיך אינ א זאק ארײַנ, מע טראָגט מיך אזוי אינ דעמ זאק, מע טראָגט מיך, טראָגט, ביז מע האָט מיך ערגעצ עפּעס פאר־טראָגנ. איך פיל, ווי עמעצער בינדט דעמ זאק אופ אונ דערלאנגט מיר א פּאטש, טאקע וואָס א פּאטש הייסט, אז צוויי ציינ זענענ מיר ארויסגעפאלנ. „דאָס האָסטו דיר ערשט אנ אדערופ, הער איך ווי מע זאָגט, אינגאנצנ וועל איך דיר סילעקנ שפּעטער". איך גיב א בליק, מײַנ ווײַב אינ א ספּאָדעק שטייט מיר אנטקעגנ שטארק אינ קאס, די אויגנ ברענענ איר ווי א העליש פײַער, אונ פונעמ מויל זעצט איר ארויס א שוימ. „ווארט נאָר אביסל, ווארט, טאכשיט מײַנער, — זאָגט זי מיט א בייז געלעכטער, — איך וועל גיינ נעמענ די קאָטשערע אונ דיר ווײַזנ, וואָס כאר א גאָט מיר האָבנ". ווי זי גייט נעמענ די קאָטשערע, אז מײַנער כאפּט די פיס אפ די פּלייצעס אונ אוועק, אוועק. איך לויף, איך לויף אונ קומ צו לויפנ אינ עפּעס א קרעטשמע. אינ דער קרעטשמע איז פינצטער, גליטשיק, נישטאָ קיינ נעפעש. איך לייג מיך אינ א ווינקל, מאכ צו די אויגנ אונ שלאָפ. ווי איך שלאָפ, קומט דער זיידע רעב סענדערל, אָלעווהאשאָלעמ, צו מיר צו גיינ. זייער אומעטיק, מיט פארוויינטע אויגנ אונ זאָגט: „סענדערל מײַנ קינד, שלאָפ נישט, ווי גאָט איז דיר ליב, סענדערל, שטיי אופ, סענדערל, סענדערל, אונ לויפ פונדאנענ אוועק! אוועק, סענ־דערל, וווהינ די אויגנ טראָגנ, דו ביסט אינ א סאקאָנע!" איך וויל אופשטיינ, אָבער איך קענ מיך נישט רירנ, גלײַכ ווי מע האלט מיך צו. איך נעמ מיך צומ קאָפּ אינ טאפּ אפּ מיר אָנ עפּעס א קאָפּקע. הע — הע, איך בינ גאָר נישט סענדערל, איך בינ, מעכילע, גאָר א ייִדענע, אָנ א סימענ באָרד, טראָג עפּעס א מינ יופּע, אונ מײַנ בויכ, מײַנ בויכ, נישט פאר קיינ ייִדנ געדאכט, טוט מיר שרעקלעכ וויי! „נישקאָשע, רופט איינער עפּעס זיך אָנ, בא אנ ערשטלינג גייט עס טאָמיד אביסל שווער צו". אוי, פעטער, פעטער! — שרײַ איך אינ איינ אָטעמ, — ס'איז גאָרניט פאר מײַנע קויכעס, אָט, אָט פאל איך כאלאָשעס. „א קולאק אינ דער פּאָטיליצע איז דערצו זייער א גוטע סגולע, דערמיט קענ איך דיך מינטערנ, — זאָגט דער פעטער, אונ לאָזט מיר טא־קע אראָפּ עטלעכע קולאקעס, — נא דיר פאר פריִער, פאר אצינד, אי פאר שפּעטער" — מאכט ער דערבײַ, דרייט זיך אויס אונ ווערט פארשוווּנדנ. איך ליג אינ איינע צאָרעס, ליג אונ ליג, ביז גאָט העלפט מיר, איך גיב מיך א ריס מיט גוואלד אונ שטיי אופ. איך לויפ צו גיכ צו דער טיר — זי איז פארשפּארט, איך קלאָפּ, קלאָפּ אונ קלאָפּ, אומזיסט די מי. פלוצימ שפּרינגט די טיר זיך אופ אונ ווי איך שטעל ארויס א פוס, כאפּנ מיך גאזלאָנימ אונ פירנ מיך אוועק עפּעס אינ א הייל. דאָרט נעמענ זיי ארויס א כאלעפ אונ ווילנ מיך קוילענ. ווי זיי האלטנ דעמ כאלעפ מיר אפּנ האלדז, שרײַ איך: גוואלד! לאָזט מיך כאָטש אָפּוואָגנ ווידע! — אָט דאָס האָסטו דיר, ביניאָ־מינ, מײַנ כאָלעמ, האלעווײַ ער זאָל זײַנ צו גוטנ.

— שפּײַ אויס, סענדערל, נאָכ דרײַ מאָל, — האָט ביניאָמינ אימ אנ אייצע געגעבנ, — אונ שלאָג דיר דײַנ כאָלעמ פונעמ קאָפּ ארויס, איבעריקנס, אויב דו ווילסט שטיי אופ, ס'איז שוינ טאָג, אונ זאָג עטלעכע קאפּיטל טילעמ.

סענדערל איז מיט א זיפצ אראָפּ פונ זײַנ געלעגער, האָט אָפּגעגאָסנ נעגלוואסער, אָנגעטאָג זײַנ כאלאטל אונ ארויסבאקומענ זײַנ טילעמ איוורע־טײַטש. עס האָט זיך אופגעמישט דאָס צענ־טע קאפּיטל, בא וועלכס ער האָט געהאלטנ, אונ ער האָט מיט אנ אומעטיקנ ניגנ אָנגעהויבנ:

וואָס שטייסטו, גאָט, פונווײַטנ
פארבאָרגסט זיך אינ שלעכטע צײַטנ?

זײַנ ניגנדל איז געוואָרנ טרויעריקער אונ רירנדיקער ווײַטער אביסל בא די דאָזיקע פּסוקימ:

ער זיצט אינ ערגעצ א פאר'טײַעט אָרט,
אינ־שטילנ טויט ער דעמ ערלעכנ דאָרט.

די אויגן דרייען אים זיך הין און צוריק,
אפן אָרעמען האָבן זיי א שטארקן קוק.

ווי א לייב אין זײַן נאָרע לויערט אויך ער,
ער לויערט צו כאפּן דעם אָרעמען אהער.
דערלאַנגט דעם אָרעמען שוין טאקע א כאפּ,
אבי מיט זײַן נעץ א צי נאָר, א קלאַפּ.

אז סענדערל האָט אָפּגעזאָגט טילים, איז שוין געוואָרן רעכט טאָג, אַלע מענטשן אין שטוב זײַנען שוין אופגעשטאנען. א גרויסער סאמאָוואר, ווי א קעסל, האָט שטארק געקאָכט אפן טיש און דער אוילעם האָט געטרונקען טיי. בּיניאָמינען און סענדערלען האָט מען אויך געגעבן צו גלעזלעך ווארעמס. זיי האָבן אביסל זיך דערפרישט און פרײלעכער געוואָרן.

די שטוב, וואָס פריִער אביסל איז זי געווען א ספּאַלניע, דערנאָך א טשײַנע, איז פּלוצים געוואָרן א קלײַזל. עס האָבן זיך פארקאטשעט ארבל, זיך אנטפּלעקט נאקעטע ייִדישע אָרעמס: רויכיקע, גלאטע, דארע, פעטע, שווארצע, ווײַסע, טונקעלע פון אלערליי קאָלירן און געשטאלטן. איטלעכער איז ארײַן אין טאלעס און טפילן און געגעבן א דאווען.

אונדזערע צוויי ייִדן האָבן געדאווּנס געשמאק, זיך געפעסטעט, געקרימט, געמאכט כיינדלעך און פּיסקעלעך, ווי עמעס צעבראָכענע ייִדן, זיי האָבן אויעקגעטײַנעט מיטן ריבוינעשעלוילעם אלץ: טאטעניו! פּאָטערניו און שיִעס געמאכט אין דאווענען מער פון אלע אנדערע. נאָכן דאווענען האָבן זיי גענומען צו קעלישעקלעך שליש, א זופּ געטאָן פריִער, זיך פּאָסמאקעוועט און אף דער נאָז זענען ארויסגעטראָטן רויטגלאנצנדיקע ווײַמפּערלעך, דערנאָך האָבן זיי געמאכט צום גאנצן אוילעם: לעכאִים, לעכאִים! און צוגעווינטשעוועט: דער אייבערשטער זאָל שוין ראכמאָנעס האָבן אפן גאנצן קלאל־ייִסראָעל, נעבעך! האָבן פארגלאָצט דערבײַ די אויגן, געטאָן א שטילן זיפץ און ארײַנגעגאָסן אין זיך דאָס קעלישעקל. א סימען, דאָס זענען געווען נישט קיין פּראָסטע ייִדן, נאָר פרומע, קאָשערע, שיינע ייִדן.

איינער פון די דאָזיקע שיינע ייִדן איז דערווײַל אוועקגעגאנגען אין דער שטאָט און האָט זיך פארזאמט אנטקעגן א פּאָר שאָ. אז ער איז צוריקגעקומען, האָט דער כאווער זײַנער אים ארײַנגעקוקט אין פּאָנעם, וואָס האָט באשײַמפּעלעך געלויכט, אוןביידע זענען געווען זייער צופרידן. זיי האָבן געהייסן גרייטן צום טיש, זיך געגאנגען וואשן און איבערגעקוקט פריִער די קוואָרט, ווי דער שטייגער איז פון שיינע ייִדן, האָבן געבעטן אונדזערע פארשוינעז, זאָלן אויך זיך וואשן און מויכל זײַן זעצן זיך מיט זיי איניינעם עפּעס איבערצובײַסן. באם טיש זענען זיי געווען לוסטיק, האָבן געלויבט די באלעבאָסטע פאר אירע גוטע מאכאָלים און מעשונע פון איר האנאָע געהאט. זיי האָבן זיך ארײַנגעלאָזט אין א שמועס, גערעדט מיקויעך דעם קלאל ייִדן, ווי ס'איז שוין טאקע צײַט, זיי זאָלן, נעבעך, אופגעריכט ווערן. פארוואָס קומט אזא פּאָלק, אזא טײַער פּאָלק, נעבעך, אזוי פארשווארצט ווערן? זיי האָבן זיך צעלאָזט אין די שוואָכים פון די קנעסעס־ייִסראָעל, געלויבט אין טאָג ארײַן דאָס ייִדישע קעפּל.

— וואָס קענען דען ייִדן נישט? אלע כאָכמעס פון דער וועלט, ווי דער טעלעגראף, אײַזנבאן און נאָך אזעלכע זאכענישן געפינט מען נאָך לאנג בא ייִדן. נאָר דאָס אלצדינג אָבער איז נאָך פון די קלייניקײַטן: דעריקער איז גאָר עפּעס אנדערש, דאָס פּינטעלע, דאָס פּינטעלע — אָט וואָס דעריקער איז...

זיי האָבן זיך אופגעכאפּט אף די אפּיקאָרסים, אף די הײַנטיקע מאָדנע געלערנטע, פארשאָלטן זיי דאָס געביין, געשפּיגן קלעק אף זיי אינגאנצן און אף די שקאָלעס, וואָס מע לערנט דאָרט טרייף־פּאָסל אָן א היטל.

— באלד וועט טאקע זײַן א פּיירעק מישנײַעס א רענדל און א פּראָשעניע אָנשרײַבן א גילדן. אוי, איז הײַנט א וועלט, א שיינע וועלט, כלעבן!...

אזוי האָבן זיי אלץ גערעדט און זענען איבערגעגאנגען דערפון אף א שמועס מיקויעך דער נעסיִע פון אונדזערע פארשוינען.

— מיר ווינטשן אײַך, — האָבן זיי געזאָגט, — האשעם־ייִסבאָרעך זאָל כעסעד טון און מעמאלע זײַן דאָס אלצדינג, וואָס מיר באגערן אין אײַך צו הערן.

בּיניאָמין איז געווען אָפּ דעם זיבעטן הימל פון אזא בראָכע, דערצו איז ער נאָך געווען, ווי זאָגט מען עפּעס, אביסל פאַרלעקט, ער האָט געעפנט א מויל און גערעדט פאַר פּײַער אי פאַר וואסער.

— ווייסט איר וואָס, רעב בּיניאָמין, רעב סענדערל? — האָבּן די ייִדן געזאָגט צעצויגן, נאָך־דעם אַז זיי האָבּן זיך אופגעהויבּן פונעם טיש, — מיר וועלן זיך נויהעג זײַן בּעפּאשטעס, ווי פּראָסטע ייִדן, אַזויווי אַנדערע עלטערן האָבּן זיך נויהעג געווען. נאָך א וועג וועלן מיר זיך אלע גיין אין מערכעצ אַרײַן, צעפּארען די בּיינער. איר וועט זיך מעגן דאָרט אָפּשערן אָדער אָפּגאָלן, איר וועט, כלעבן, ווערן גאָר אנדערע מענטשן. און נאָכן מערכעצ וועלן מיר זיך נעמען צו אונדזערע אייסאָקים. אזוי טאקע, בּענעמאָנעס, אזוי וועט בּעפּאשטעס טאקע זײַן גוט. ס׳איז עפּ־שער אביסל נישט הײַנטמאָדיש, בּא די אפּיקאָרסים מעג זיך א מערכעצ אויסקומען עפּעס נישט שיין, נאָר מיר זענען אָבּער נישט קיין געבּולבּעטע, אָט לאָמיר זיך נויהעג זײַן ווי אונדזערע זיידעס פאַרצײַטן.

פון א מערכעצ זאָגט זיך א ייִד קיינמאָל נישט אָפּ. דאָס, וואָס א שענק פאַר די פּויערן, א טײַכל פאַר גענדז און קאטשקעס, דאָס איז אין הונדערט גראדן נאָך מער די בּאָד פאַר ייִדן. דעם טאם, וואָס א ייִד פּילט אין א בּאָד, קען עס קיין אומע וועלאָשן גאָר נישט פּילן. די בּאָד האָט בּא אים א גרויס שײַכעס מיט זײַן רעליגיע, מיט זײַנע אינעווייניקסטע געפילן און מיט זײַן פאמיליען־לעבּן. קיין ייִדישע נעשאָמע רירט זיך נישט פונעם הימל אַרײַנצוקריכן ערגעץ אין א בּויך, מע קען זי נישט נעמען, אײַנבּעטן דורך קיין שום זאכ, סײַדן נאָר דורך א בּאָד. דאָ איז די הויפּט־אגענטור, די צענטראלע קאָנטאָר צווישן דעם הימל מיט דער ערד. איידער א ייִד ווערט נאָך געבּוירן, איידער נאָך עס ווארפט זיך אין אים אן אייווער, ווייסט מען שוין פון אים אין דער דאָזיקער קאנטאָר, פונעם בּעדער מיט דער בּעדערקע בּיז דער טוקערקע און דער בּיטל־מאכערן. די נעשאָמע־יעסיירע שאבּעס און יאָנטעוו פּילט אין זיך נישט אזוי א ייִד, ווען ער שווענקט זיך פריִער נישט אָפּ אין בּאָד. אָן דעם איז ער עפּעס אלטגעבּאקן, נישט פריש. קוקט אָן א ייִדן פרײַטיק, קומענדיק פונעם מערכעצ, — ער בּליט, ער איז ייִנגער מיט עטלעכע יאָר, דער ייִדישער פונק בּרענט אין אים און לײַכט ארויס פון זײַנע אויגן, אלע זײַנע געפילן זענען עפּעס שארפער, פרישער. דער רייעך פון די געפילטע פיש אי פון דעם אײַנגעפריִעטן צימעס פאַרגייט אים ווי קטוירעס אין דער נאָז, זי שמעקט, שמאָרעט און איז מעקאבּל טײַנוג. עס זינגט זיך אים עפּעס אפּן הארץ, ער גיט קאָנצערט אין טראָפּ, קנאקט ווי א סאָלאָוויי שיר־האשירים, צע־פּעסטעט זיך דאָרט ווי א קינד, צעפלאקערט זיך, צעהיצט זיך און איז האלבּ אפּ יענעם אוילעם...
אין בּאָד קומט א ייִד ווי אין א פּאָטערלאנד, ווי אין א פרײַער מעדינע, ווו איטלעכער האָט א גלײַכע דייע, ווו עס שטייט פאַר אים פרײַ צו דערגרייכן גלײַך מיט אנדערע א הויכע שטופּע — ארופקריכן אפּ דער אייבּערשטער בּאנק, דערמינטערן זײַן פאַרומערטע נעשאָמע, כאָטש אפּ א שאָ אויסגלײַכן זײַנע בּיינער און אראָפּוואַרפן פון זיך זײַן פּעקל דײַגעס און יעסורים. אָט וואָס א בּאָד איז בּא ייִדן!

דעריבּער איז דער פּלאַן פון אין־מערכעצ־גיין אונדזערע פאַרשוינען געווען שטארק לערצאָן. זיי האָבּן נישט געמאכט קיין גרויסע האכאָנעס און אין עטלעכע מינוט ארום זענען זיי שוין געגאנגען מיט די צוויי שיינע ייִדן.

אונדזערע פאַרשוינען האָבּן זיך פאָרגעשטעלט א בּאָד, ווי געוויינטלעך א מערכעצ איז אין די ייִדישע שטעטלעך, עפּעס א מין בּיניען, שווארץ פאַרשמירט פון דרויסן, בּארג־אראָפּ ערגעץ אין א העק, מיט א שווערן צוטריט אהינצו אפּ שמאָלע צעבּראָכענע קלאטקעס. און אַז די ייִדן זענען צוגעקומען צו א שיינער דרײַגאָרנדיקער מויער, סאמע אינדערמיט גאס, און געזאָגט: „אָט דאָס איז די בּאָד”, האָבּן זיי פאַריסן די אויגן און געקוקט שרעקלעך פאַרוואונדערט.

— איר זענט נאָך טאקע גאָר עמעסע פריצן, — האָבּן די ייִדן פון זיי געשפּאסט, — קומט, זײַט מויכל, אינעווייניק אַרײַן, וועט איר נאָך עפּעס שענערס זען.

אַרײַנקומענדיק אין דעם פּאָרצימער, האָט אונדזערע פּאַרשוינען פאַרשײַנט אין די אויגן דער געמאָלטער פּאָל מיט די אויסגעשפּרייטע סטעזשקעס. עס האָט זיי זיך אויסגעדאכט, אז זיי זענען אין דעם פאַרצויבּערטן שלאָס, וואָס אין „בּאָבּע־מײַסע” און אין „טויזנט מיט איין נאכט”, בּאלד וועלן פרינצעסנס, בּאסמאלקעס זיי מעקאבּל־פּאָנעם זײַן, זיי וועלן זיך דאָ ווייל טון און לעבּן אפּ

וואָס די וועלט שטייט. נאָר אָנשטאָט די באסמאלקעס איז צוגעגאנגענ צו זיי א סאָלדאט מיט אויבעלעכ אונ האָט שיינ־פײַנ זיי געלאָזט בעטנ זיכ אויסצוטונ.

— טוט זיכ, זײַט מויכל, אויס, — האָבנ די שיינע ייִדנ צו זיי געזאָגט, — מיר וועלנ דערווײַל ארײַנגיינ אהינ באצאָלנ באָד־געלט. נישקאָשע, איר וועט דאָ האָבנ א גוט שוויצבעדל.

אז אונדזערע פארשוינענ האָבנ זיכ אויסגעטאָנ, האָבנ זיי פארנומענ זייער פעקל זאכנ, ווי דער שטייגער איז, אויסצופרודזענ עס. קיינ טוצ העמדער האָט אינ זייער גארדעראָבע זיכ נישט געפונענ, זיי האָבנ אוועקגעטראָגנ א העמד עטלעכע וואָכנ. עס פארשטייט זיכ, אז עס האָט זיי, נעבעכ, געביסנ, אונ דאָס פרודזענ איז זיי געווענ טאקע נייטיק אינ לעבנ ארײַנ. נאָר דער סאָלדאט האָט בא זיי אוועקגענומענ די זאכנ אונ זיי ארײַנגעפירט אינ א כיידער ארײַנ. דער כיידער איז געווענ אויסגעמעבלט מיט בענקלעכ, ארומ א גרויסנ טיש זײַנענ דאָרט אפ שטולנ געזעסנ מענטשנ פײַנ אָנגעטונ, אונדזערע פארשוינענ האָבנ זיכ ארומגעקוקט אינ אלע זײַטנ. זיי איז שטארק קאָשע געווענ, ווו גיסט מענ דאָ אפנ שטיינ אונ ווו וועלנ זיי דאָ שוויצנ?

— צי טוט זשידאָווסקי באניא? — האָט סענדערל א פרעג געטאָנ, נאָכדעמ אז ביניאָמינ האָט אימ א שטורכ געגעבנ אונ אימ געהייסנ נישט מאכנ דאָ קיינ פיל שיִעס אונ פרעגנ.

איינער פונ די לײַט, וואָס ארומ טיש, איז צוגעגאנגענ, האָט אָנגעקוקט אונדזערע נאקעטע פארשוינענ, וואָס זענענ, נעבעכ, געווענ דאר, אויסגעדייוועט, אָנ א לויט פלייש, נאָר הויט אונ ביינ, אונ געמאכט מיט זיי עפעס א שמועס אפ מאָסקאָוויטעריש.

— הא, וואָס זאָגט ער דאָ עפעס, סענדערל? — האָט ביניאָמינ געפרעגט.

— איכ זאָל דאָס אָנהייבנ פארשטיינ א וואָרט! — האָט סענדערל געענטפערט אונ געמאכט מיט די אקסלענ, — נאט אײַכ, מישטיינסגעזאָגט, א לאָשנ! עפעס זאָגט ער אלצ: בילעט, בילעט.

— א־א, נארעלע, — האָט ביניאָמינ זיכ אָנגערופנ, — וואָס פארשטייסטו דאָ נישט, נארעלע? דאָס איז דער בעדער, ער פאָדערט בא אונדז א בילעט, וואָרעמ אינ אזא באָד מוז מענ גיינ אפ בילעטנ. זאָג אימ, אז די ייִדנ האָבנ שוינ דאָכ פריִער באצאָלט פאר אונדזערע בילעטנ.

— יאק־ושע, פאני, טייע זשידקי אָיושע דאלי טוטעטשקא זא... האָט סענדערל א רעד געגעבנ אונ פלוצלינג געבליבנ ווי דערוואָרגנ, נישט געקענט אויספירנ, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגנ.

— זא בילעט, פאני, סטײַטש, זשידקי, לעהאוודל, פאני, זאפלאטיל! — איז ביניאָמינ ארויס אפ זײַנ לאָשנ אונ האָט דערקלערט די זאכ גאנצ קלאָר, קורצ אונ שארפ.

דער דאָזיקער מענטש, וואָס איז פריִער צוגעגאנגענ צו אונדזערע פארשוינענ, האָט א מאכ געטאָנ מיט דער האנט אונ מע האָט זיי באלד ארײַנגעפירט ווײַטער אינ א כיידער, וואָס דאָרט איז מענ קעפי זייער מיינונג, מעכויעוו געווענ, אפּאָנעמ, צו שוויצנ געשמאק...

אז מע האָט ביניאָמינענ אונ סענדערלענ שפעטער אביסל מיט א צײַט ארויסגעפירט אפ דער גאס, איז שווער געווענ זיי צו דערקענענ, אזוי פארענדערט זענענ זיי, נעבעכ, געוואָרנ. אָפּגעגאָלט פונ פאָרנט, אָנ בערד, אָנ פייעס, די אויגנ פארדרייט, נאָר גלעזערנע, אפ דעמ שטערנ קאלטע גרויסע טראָפנס שווייס, א וואָלקנ, א כמארע אפנ גאנצנ פּאָנעמ, אײַנגענורעט, אײַנגעהויקערט, מיט א ציטער איבער דעמ גאנצנ לײַב, אונ ארומ זיי סאָלדאטנ.

אפנ הימל האָט זיכ אָנגערוקט א שווארצע פינצטערע כמארע. א בליצ האָט מיטאמאָל באלײַכטעט די דאָזיקע קאָמפאניע, באלד דערופ האָט א דונער געגעבנ שרעקלעכ שטארק, אז אלע זײַנענ פארציטערט געוואָרנ. עס האָט זיכ אופגעהויבנ א שטורעמווינט, רעדלעכ שטויב האָבנ זיכ געטראָגנ ווי די רוכעס, פארכאפט אפנ וועג מיסט, שטרוי, בלעטלעכ אי שטיקלעכ פאפיר, אלע אינאיינעמ האָבנ געטאנצט עפעס א מעשוגענעמ טאנצ אונ זיכ געדרייט, געדרייט אלצ אינ דער הייכ ארופ, ארופ... די טשערעדע פונעמ פעלד איז געלאָפנ אומרויִק מיט א געשריי אונ א רעווענ, ווי א סטײַע הונגעריקע וועלפ וואָלטנ זי נאָכגעיאָגט. עס האָט געשטורעמט, געבליצט, געדונערט, גלײַכ ווי דער אייבערשטער איז שטארק אופגעבראכט געוואָרנ אפ דער זינדיקער ערד אונ אפ אלצדינג, וואָס דאָ גייט פיר, ער האָט זיכ אָנגעכאפט באמ קאָפ, געבליצט מיט זײַנע צאָרנדיקע אייגנ, געהילכט אונ געשריגנ: אײַ, אײַ! מיט זײַנ דונערדיקנ קאָל, עס האָט צומ לעצט א זעצ געטאָנ מעשונע א שרעקלעכער דונער, פונ הימל האָט אראָפגעקאפעט ווי טרערנ גרויסע טראָפנס רעגנ, וואָס אינ זיי האָבנ זיכ אויסגעמישט טראָפנ נויט־שווייס אונ בלוטיקע טרערנ פונ אונדזערע בידנע, אומגליקלעכע פארשוינענ...

אַך, בינִיאָמינ און סענדערל האָבנ גאָרנישט געוווּסט, אַז נישט דאַפקע אינ דער מידבּער איז א סאַקאָנע צו רײַזן מאַכמעס די ווילדע שלעק, עקדישן, פּיפּערנאָטערנ און כּײַעס־ראָעס, וואָס דאָרט, נאָר דאָ, אינ די מעקוימעס, דאָ איז ערשט די גרעסטע סאַקאָנע! יענע צײַט, ווענ אונדזערע פּאַרשוינענ האָבנ געוואַנדערעוועט, איז געווענ די שווערע, פינצטערע־ביטערע צײַט — די צײַט, ווענ איינ ייִד האָט געזוכט צו דערטאַפּנ דעמ אַנדערנ און

ווי א לייב אינ זײַנ נאָרע געלויערט האָט אויכ ער
געלויערט צו כאַפּנ דעמ בעזפּאַספּאָרטנע אהער

און אימ אָפּגעבנ פאַר א פּוימענע, א קאָרבּנ פאַר זײַנע, אָדער פאַר יענעמס קינדער! אַך, אונדזערע פּאַרשוינענ, נעבעכ, האָבנ נישט געוווּסט, אַז זיי געפינענ זיכ שוינ טאַקע אינ דער מידבּער, צווישנ ווילדע באַשעפעניש אי כּײַעס־ראָעס, און די צוויי שיינע, קאָשערע ייִדנ זײַנענ גאָר פּיפּערנאָטערנ!

דאָס דרײַצנטע קאַפּיטל

## זעלנער זענענ, נעבעכ, אונדזערע נויסימ געוואָרנ.

איטלעכער קענ זיכ מעשאער זײַנ די שלעכטע לאַגע פונ אונדזערע בידנע פּאַרשוינענ, ווי פינצטער און ביטער זיי איז, נעבעכ, געווענ. מיר פאַרשפּאָרנ עס צו שילדערנ.

די ערשטע צײַט זענענ זיי געווענ ווי צעמישט און האָבנ לאַכלוטנ נישט פאַרשטאַנענ, וואָס מיט זיי טוט זיכ אַזוינס. אַלצדינג איז פאַר זיי געווענ פרעמד, אי די סבאָרנע, אי די סאָלדאַטנ, אי דער לאָשנ און די אַלע זאַכנ, וואָס מע האָט זיי געהייסנ טונ. דער שינעל איז אַפ זיי געהאַנגענ ווי א טאָרבּע, ער האָט אויסגעזענ טאַקע נאָר ווי א יופּע, און דאָס היטל, מישטיינסגעזאָגט, איז געלעגנ אַפ זייער קאָפּ נאָר ווי א קאָפּקע. אָנקוקנדיק זיי, האָט זיכ געדאַכט, עפּעס איז עס אינגאַנצנ נאָר אַנ אָנשטעל, עפּעס האָבנ צוויי ייִדנ זיכ פאַרשטעלט און מאַכנ כויזעק פונ די אַלע זעלנער, קרימענ זיי זיכ נאָכ און ווײַזנ פאַר איטלעכנ גאַנצ פרײַ, ווי נאַריש, מישטיינסגעזאָגט, זיי אַלע זענענ מיט זייער אַלצ־מיט־אַנאַנדער. אַז אָכ און וויי צומ ביקס, נעבעכ, וואָס ער איז אַרײַנגעפאַלנ צו אונדזערע פּאַרשוינענ. בּאַ זיי אינ די הענט האָט ער גאָרניט געהאַט דאָס פּאָנעמ, אַקוראַט ווי א קאָטשערע אינ די הענט פונ א מאַנצבל, וואָס פּאָרעט זיכ אינ קיכ בּאַמ פּריפּעטשיק. בּאַ דער אוטשעניע פלעגנ זיי אָפּאַרבעטנ אַזעלכע שטוקעס מיט די הענטלעכ און די פיסלעכ, אַז ס'איז געווענ נאָר א ריינע קאָמעדיע.

אינ קלעפּ, פאַרשטייט זיכ, זענענ זיי נישט זשעדנע געווענ, נאָר ווו איז דענ, זאָגט מענ, אינ דער וועלט עפּעס א צאָרע, וואָס דער מענטש זאָל מיט איר נישט געווױנט ווערנ? נישט נאָר דער מענטש, אַפילע אַנדערע באַשעפעניש ווערנ אויכ געווױנט. בּאַדאַרף מענ מער פרײַ ווי א פויגל איז, פונדעסטוועגנ אַז מע פאַנגט אימ און מע זעצט אימ אַרײַנ אינ שטײַגעלע, געווױנט ער זיכ צו ביסלעכ, הייבּט אָנ צו פּיקנ קערנער מיט אַפּעטיט, שפּרינגט און זינגט פריילעכע לידער, גלײַכ ווי די גאַנצע וועלט מיט אירע פעלדער און וועלדער איז פאַר אימ דאָ אינ דעמ ענגנ שטײַגעלע.

אונדזער סענדערל האָט ווײַטער, ווײַטער טאַקע אָנגעהויבּנ מיט זײַנ לאַגע זיכ צוגעווינענ, פלעגט זיכ גוט צוקוקנ צומ מושטיר פונ די זעלנער און פּרוּוונ נאָכמאַכנ זייערע אַלע שטוקעס אַפ זײַנ שטייגער. ס'איז געווענ א פרייד צוצוזענ, ווי סענדערל פלעגט אָפּט פאַר זיכ אַליינ איבּערכאַזערנ דעמ מושטיר, זיכ אויסציִענ גלײַכ ווי א סטרונקע, פאַריסנ דאָס קעפּל, אָנבלאָזנ די פּיסקלעכ ווי א גיבּער, הייבּנ פיסלעכ און גיינ א מאַרש נאָר טאַקע ווי אַנ אָנגעבלאָזענער אינדיק, פלעגט זיכ דרייענ, דרייענ און לעסאָף פאַרפּלאָנטענ די פיסלעכ און פאַלנ.

נאָר אַנטקעגנ־זשע בּיניאָמינ אָבּער — ער האָט מיט אַזעלכע זאַכנ בּעשומוּיפנ נישט געקענט זיכ געווינענ, ער איז געווענ בּעטעווע איינער פונ יענע מינע פייגל, וואָס הייסנ וואַנדער־פייגל, דאָס

הייסט אזעלכע, וואָס זייער טעווע איז אַלע יאָר סאָף זומער אוועקצופליען און איבערווינטערן דאָרט אין די ווייַטע ווארעמע מעקוימעס. די טעווע צו וואנדרעווען מאָנט אזא מין פויגל אזוי שטארק, אז בעת מע האלט אים דענסטמאָל געפאנגען אין אזא שטייַגל, איז אים נישט ניכע דאָס לעבן, ער עסט נישט, טרינקט נישט, ער דראפעט זיך אף די גלייַכע ווענט און זוכט ערגעץ עפּעס א שפּאַלט אנטרונען צו ווערן. די נעסיע אהין אין יענע ווייַטע מעקוימעס, וואָס האָט ווי א זלידנע זיך אייַנגעגעסן אין ביניאָמינס קאָפּ, וואָס איז אים געוואָרן די צווייטע נאטור, וואָס צו־ליב איר האָט ער אוועקגעוואָרפן ווייַב און קינדער, — די דאָזיקע נעסיע האָט אים נישט געלאָזט רוען קיין רעגע, האָט אים געבויערט, געפּיקט דעם קאָפּ, זי האָט אין אים געבורטשעט און אַלץ געשריגן: ביניאָמין, גיי ווייַטער, ווייַטער!

דערווייַל איז אוועקגעגאנגען אזוי דער ווינטער און אונדזער ביניאָמין, נעבעך, האָט זיך שטארק געמוטשעט.

איינמאָל אין א שיינעם טאָג נאָך פּייסעך, אז סענדערל האָט בענוי־לעביין־אצמוי זיך געמוש־טירט, איז ביניאָמין צו אים צוגעגאנגען מיט אזא שמועס:

— כלעבן, סענדערל, דו ביסט א יינגל! דו שפּילסט זיך און מאכסט עפּעס אזעלכע קונצן ווי א קונדעס. וואָס קען דערפון, איך בעט דיך, דער טאכלעס זייַן? פארגעס נאָר נישט, אז דו ביסט, באָרעכאשעם, א באוויַבטער, דערצו נאָך אויך עפּעס א ייִד, הייַנט צו וואָס פארנעמסטו זיך מיט אזעלכע זאכענישן און לייגסט דרינען דעם גאנצן קאָפּ דייַנעם אויַין? לעמייַ נאפקע־מינע, צי מיט דער לינקער צי מיט דער רעכטער פוס קרוגאָם, ווי זיי רופן עס דאָרט עפּעס, וואָס מאכט עס אויס?

— ווייס איך? — האָט סענדערל געענטפערט, — מע הייסט קרוגאָם, זאָל זייַן קרוגאָם, וואָס פאר א דייַגע איך האָב?

— און אונדזער נעסיע, זאָג נאָר, האָסטו שוין פארגעסן? גוואלד, אונדזער נעסיע, אונדזער נעסיע אהין, אהין... לינדענוואָרעם, מויל־אייזל, פּיפּערנאָטער! — האָט ביניאָמין געערדט צעקאָכט.

— מארש, מארש, מארש! — האָט סענדערל געמאכט און געהויבן פּיסלעך.

— אז אָך־און־ווי צו דיר, סענדערל, און צו דייַן מארש! פע, מעגסט זיך, כלעבן, שעמען! זאָג מיר נאָר בעסער, קונדעס איינער, ווען מיר מאכן אונדזער נעסיע?

— פונמייַנעטוועגן, אָך! — האָט סענדערל געענטפערט, — אבי מע וועט אונדז נאָר לאָזן.

— וואָס טויגן מיר זיי און וואָס באדארפן זיי אונדז האָבן? — האָט ביניאָמין זיך אָנגערופן. — אדרעבע, סענדערל, זאָג אליין בא דייַן ייִדישקייַט, אז בעת דער סוינע זאָל, כאסוועשאָלעם, קומען, וועלן דען אזעלכע צוויי אירע, ווי מיר, זיך קענען שטעלן אים אנטקעגן? און אז דו וועסט אים טויזנט מאָל זאָגן: „גיי דיר אוועק, עלע ניט מאכ איכ פוי, פוי!” וועט ער דען דיך הערן? פארקערט, ער וועט דיך גאָר אָנכאפּן, און דייַן גליק וועט זייַן, אז דו וועסט לעבעדיק פון זייַנע הענט ארויס. גלייב מיר, כלעבן, ווי איך זע, זענען מיר דאָ אינגאנצן איבעריק, זיי וואָלטן גערן געווען אונדזערער פּאָטער צו ווערן. איך האָב אליין געהערט, ווי דער עלטסטער האָט זיך אייַנמאָל אויסגעדריקט, אז מיר זייַנען טאקע נאָר אן אָנשיקעניש, ווען עס זאָל אין אים געווענדט זייַן, וואָלט ער אונדז שוין לאַנג ארויסגעטריבן צו אַלדי שווארצע יאָר. און בעעמעס טאקע, וואָס טויגן מיר זיי? איך זאָג דיר, סענדערל, בעפּיירעש, אז דאָס איז גאָר לעכאטכילע געווען א קרומע זאך, נישט קיין גלייַכער שידעך. מיר טויגן זיי נישט און זיי טויגן אונדז נישט. די ייִדן, וואָס האָבן אונדז אין זייערע הענט אריַינגעגעבן, האָבן זיכער געמוזט זיי דערציילן אף אונדז, אז מיר זע־נען ווילדע גיבוירים און קענען טאכסיסע־מילכאָמע, טאקע וואָס קענען הייסט. מיילע, וואָס זע־נען מיר שולדיק, אז די ייִדן האָבן זיי אָפּגענארט? לעמייַ אונדז האָבן די ייִדן אויך מיִעס אָפּ־גענארט? מיר זענען דאָך נאָר מיט דער דייע אהער געקומען עפּעס צונויפצומאכן און לאָזן זיך ווייַטער אין וועג אריַין. פון טאכסיסע־מילכאָמע איז קלאָל קיין מעדובער נישט געווען, איך וועל שווערן אפילע אין טאלעס און קיטל, אז דערפון האָט מען אפילע נישט מאזקיר געווען. גלאט כאפּעניש־גילטעניש איז דאָך פּאָשעט שוין קיין יוישער נישט, הערט דאָך שוין טאקע אופ אַלץ־דינג! — קורץ, זיי זענען ניט שולדיק, וואָס מע האָט אונדז אָפּגענארט, און מיר זענען אויך ניט שולדיק, וואָס מע האָט זיי אָפּגענארט, — שולדיק זענען דאָ נאָר די ייִדן, די ייִדן, סענדערל, די

ייִדן, זיי אליין זענען דאָ טאקע אינגאנצן שולדיק, קיינעם באדארף מען אין דער זאך ניט באַשולדיקן. נאָר די ייִדן, די ייִדן און נאָכאמאָל די ייִדן!..

— מיילע, וואָס ווילסטו, ביניאָמין, זאָלן מיר טון? — האָט סענדערל געפרעגט.

— איך וויל, — האָט בינימין געענטפערט, — מיר זאָלן זיך לאָזן ווײַטער אפ אונדזער נעסיִע. אויס קאַלע און ווײַטער א מויד! מיר דאכט זיך, אז קיינער וועט אונדז דאָס נישט פארווערן, העגן אלפי דין וועהען אלפי יוישער טאָר קיינער נישט אונדז פארהאלטן. אײַ וואָס, דו האָסט מוירע, טאָמער וועט מען אונדז פאָרט נישט לאָזן, איז דערצו א פראָסטע טרופע, מיר זאָלן פונדאנען שטילערהייט אוועקגיין. וועמענס אייסעק איז דאָס בא אונדז צו וויסן? געזעגענען זיך באדארפן מיר מיט קיינעם נישט.

— איך מיין אויך אזוי, אז געזעגענען זיך איז א איבעריקע זאך, — האָט סענדערל געמאכט, — עלעהיי אז מיר זענען פאראיאָרן אוועקגעגאנגען פון דער היים און קיינעם נישט, אפילע ווײַב און קינדער, נישט געזאָגט כאָטש נא... טעבי!

פון דעם דאָזיקן שמועס אָן האָבן אונדזערע פארשוינען אָנגעהויבן טראכטן ווידער פון זייער נעסיִע און זיך אלץ מעיאשעוו געווען, ווי צו מאכן פלייטע. אין בינימינען האָבן זיך שטארק צעשפילט די געבליטן, ער איז געווען שרעקלעך אומרויִק און ארומגעפאדעט צעקאָכט, ווי א הונט, וואָס וויל אין וועסנע זיך זעצן אפ אייער. ער איז געווען אזוי פארטיפט אין זײַנע געדאנקען, אז ער האָט נישט געהערט, נישט געזען, וואָס ארום אים טוט זיך. איז פארבײַ אים דורכגעגאנגען עפעס אן עלטסטער, האָט ער מאכמעס צעטראָגנקײַט נישט אראָפגענומען דאָס היטל; האָט ער געכאפט א פאטש אָדער א זעץ אין דער פאָטיליצע, האָט ער אפילע זיך נישט פארקרימט, גלײַך ווי נישט אים מיינט מען; האָט מען צו אים גערעדט עפעס אין איניאָנע־האמושטיר, איז אים נישט ארײַן אפילע אין דער לינקער פייע, ער האָט געהערט דאָס אוכדוימע אזעלכע זאכן אקוראט, ווי אין טשערנאָוויטש די מעגילע. ער האָט אינזינען געהאט נישט מער ווי די נעסיִע און דער קאָפּ זײַנער איז געפלויגן ווײַט, ווײַט!

איינמאָל שפעט באדערנאכט, אז אלע זעלנער אין דער קאזארמע האָבן געשמאק געשלאָפן, איז בינימין אפ די שפיץ פינגער צוגעגאנגען צו סענדערלס געלעגער.

— סענדערל, דו ביסט פארטיק? — האָט בינימין שטילערהייט געפרעגט.

סענדערל האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אָנגענומען בינימינען פאר דער פאָלע און זענען ביידע שא־קיטש ארויסגעגאנגען אפן הויף.

אינדרויסן האָט געבלאָזן א ווארעם ווינטל, שטיקער שווארצע אי ברוין־בלויע וואָלקנס האָבן זיך געטראָגן אין דער הייך און זיך געצויגן איינע נאָך די אנדערע, גלײַך ווי טויזנטער טשומאַקעס גייען דאָרט מיט אָנגעלאָדענע פורן סכוירעס און יאָגן זיך באצײַטנס אָנצוקומען אין הימל אפ דעם יאריד.

די לעוואָנע איז ווי א פריקאזטשיק אויך געגאנגען מיט דעם דאָזיקן מעשונע־לאנגן צוג, פלעגט אפ א מינוט נאָר ארויסשטעקן דעם קאָפּ, א קוק טון וואָס טוט זיך אין דרויסן, דערנאָך ווײַטער אפ א היפשער צײַט זיך באהאלטן און געלעגן אײַנגעוויקלט דאָרט ערגעץ אונטער א וואָלקנדיקן לאנטוך, שווארץ אָפגעשמירט ווי מיט סמאָלע.

אונדזערע פארשוינען האָבן אין דער פינצטער זיך געלאָזט גיין איבער דעם הויף און שטילערהייט צוגעגאנגען צום פּלויט. זיי זײַנען ארופגעקראָכן אפ א בארג מיט האָלץ, און פון דאָרט איז זיי שוין גרינג געווען ארופצוקלעטערן אפן פּלויט. פּלוצים האָט סענדערל זיך א כאפ געטאָן און געזאָגט בינימינען אין אויער ארײַן:

— אך, בינימין, איך האָב פארגעסן די טאָרבע! זאָל איך מיך אומקערן נעמען די טאָרבע?

— כאָלילע! — האָט בינימין געמאכט, — אומקערן זיך איז א מיִעסע זאך. אז גאָט העלפט א מענטשן, העלפט ער אים אויך אפ א טאָרבע.

— עס קומט מיר איצט פיר, — האָט סענדערל געזאָגט, — וואָס דער זיידע, רעב סענדערל, אָלעוו־האשאָלעם, האָט מיך געוואָרנט אין כאָלעם: שטיי אוף, סענדערל, האָט ער געזאָגט, און לויף פונדאנען אוועק וווהין די אויגן טראָגן. האלעוואַי זײַן זכוס זאָל אונדז אצינד בײַשטיין, ער איז געווען טאקע מיטן פולן מויל א ייִד, גאָר אָן שום מעלאָכעס. די באָבע, אָלע־האשאָלעם, פלעגט אלץ דערציילן...

נאָר איידער סענדערל האָט זיך געגומענג צו דערציילן, וואָס זײַנ באָבע פלעגט אלצ דערציילן פונ זײַנ זיידן, האָט זיך געלאָזט הערנ א קאָל פונ א זעלנער, וואָס איז דאָרט אינ דער זײַט גע־שטאנענ אפ דער וואכ.

אונדזערע פארשוינענ האָבנ זיך צוגעטולעט צום פלויט, אײַנגעהאלטנ דעם אָטעם, געלעגנ שטיל, קיינ ריר זיך נישט צו טונ אונ אויסגעזענ ווי צוויי גרויסע אלטע שמאטעס. שפעטער אביסל, אז ס'איז ווידער געוואָרנ רויִק־שטיל, האָבנ די דאָזיקע שמאטעס ארויסגעוויזנ א סימנ פונ לעבנ אונ פאמעלעכ זיכ אראָפּגעלאָזט פונעמ פלויט. זיי זענענ געקראָכנ אפ די הענט אונ די פיס אונ זיכ גערוקט פאמעלעכ אלצ ווײַטער, ווײַטער, ביז גאָט האָט זיי געהאָלפנ אויסצומײַדנ דעמ זעלנער, וואָס אפ דער וואכ, אוג ארויסצוקריכנ אינ א געסל. אונדזערע פארשוינענ האָבנ זיכ אופגעשטעלט אפ די פיס, געשטאנענ אביסל צו כאפנ דעמ אָטעמ אונ זיכ אָנגעקוקט פריילעכ מיט פײַערדיקע אויגנ.

— די באָבע, אָלע־האשאָלעמ, פלעגט אלצ דערציילנ, — האָט סענדערל אָנגעהויבנ צו ריידנ, — ווי דער זיידע, רעב סענדערל, אָלעוו־האשאָלעמ, פלעגט בעכײַעוו אלצ דענקענ פאָרנ קיינ ערעצ־יִסראָעל. פארנ טויט האָט ער זיך אופגעזעגנט אונ געזאָגט מיט די ווערטער: אויב איכ האָב נישט זוכע געווענ בא גאָט פאָרנ קיינ ערעצ־ייִסראָעל, בינ איכ באָטועכ, אז איינער פונ מײַנע קינדער וועט דאָרט זײַנ. דאָס הארצ מײַנס זאָגט מיר איצט, אז דאָס האָט ער געמיינט מיכ. האלעווײַ פונ מײַנ מויל אינ גאָטס אויערנ ארײַנ.

נאָר פונ סענדערלס מויל אָבער איז גאָר אינ אנדערע אויערנ ארײַנ! קוים וואָס סענדערל האָט ארויסגערעדט דעמ ווונטש זײַנעמ, האָט פלוצימ איינער אפ מאָסקאָוויטעריש זיי א פרעג גע־געבנ: ווער איז דאָ? אונ אז ער האָט נישט באקומענ קיינ ענטפער, איז ער געשווינד צוגעגאנ־גענ אונ ווײַטער געפרעגט.

די לעוואָנע האָט, צום שלימאזל, ארויסגעשטעקט דעמ קאָפּ פונ אונטער א פינצטערנ שטיק כמארע אונ באלויכטנ אונדזערע בידנע פארשוינענ, וואָס זענענ געשטאנענ אָנ לאָשנ, טויט ווי די וואנט, אונ דעמ עלטסטנ זיירנ, וואָס האָט זיך שרעקלעכ געבייזערט, געמאכט מיט די הענט אונ זיי, נעבעכ, געגעבנ אינ טאטנ אינ אינ דער מאַמענ ארײַנ.

אינ עטלעכע מינוט ארומ זענענ אונדזערע פארשוינענ געזעסנ ווי ארעסטאנטנ דאָרט אפ דער הויפטוואכטע!

ס'איז גאָר נישטאָ אזעלכע ווערטער צו באשרײַבנ די שרעקלעכע יעסורימ, וואָס אונדזערע פארשוינענ האָבנ געפילט זיצנדיק אינ געפענקעניש. זיי זענענ, נעבעכ, אראָפּ שטארק פונעמ פאָ־נעמ אונ געוואָרנ פאָשעט אויס מענטשנ.

סענדערל כאָטש פלעגט נאָכ שלאָפנ, אונ שלאָפנדיק האָט ער וויינקסטנס עטלעכע שאָ נישט געפילט די ביטערע צאָרעס. ער פלעגט נאָכ אמאָל האָבנ א גוטנ כאָלעמ, דער זיידע רעב סענדערל האָט עפעס אָנגעהויבנ עפטערס זיך צו זענ אונ געטריבנ מיט אימ שפאס, ער פלעגט קיינמאָל נישט קומענ ליידיק: אמאָל איז ער געקומענ מיט א פײַלנבויגנ, מיט א שווערדל אָדער מיט א האָמאָנ־קלעפל, פלעגט א קנופּ געבנ דאָס אייניקל באמ בעקעלע אונ זאָגנ מיט א שמייכעלע: נא דיר, קונדעסל, טשאטשקעלעכ! שפיל זיכ, שקאָצ, דערמיט, מאכ פוי, פיפ, פאפ, סענדערל!..

אונ אמאָל איז ער געקומענ מיט א דריידל, זיכ געזעצט שפּילנ מיט זײַנ ליבהארצעדיקנ סענ־דערוניונ. סענדערל האָט געדרייט, געדרייט, געדרייט, געמאכט ג' אונ געווונענ באמ זיידנ א גראָשנ.. גוט איז דעמ מענטשנ אי א גוטער כאָלעמ. די וועלט אינגאנצנ איז דענ נישט א כאָלעמ?

בינאָמינ אָבער האָט דאָס אויכ נישט געהאָט, עס האָט פונ אימ זיכ אָפּגעטאָנ דער שלאָף. ער איז געווענ מעשונע צעטראָגנ אונ דאָס בלוט האָט אינ אימ געקאָכט ווי א קעסל. ער האָט געזעגנ דורכ דעמ פענצטער, די זונ שײַנט גאָר מעכײַע, דאָס גרינע גראָז וואקסט אונ שפּראָצט, ביימער צוויטענ ווו.דערשיינ, מענטשנ גייענ, לויפנ אהינ אונ אהער, אונ פייגל פליִענ פרײַ אינ הימל. אצינד איז די רעכטע צײַט צו וואנדרעווענ, נאָר ער זיצט אָבער פארשפּארט אונ קענ זיכ נישט לאָזנ אפ זײַנ נעסיִע. ער פלעגט אזש אונטערשפרינגענ פאר גרויס אגמעסנעפעש, זיכ כאפנ באמ קאָפּ, ארומלויפנ צעדולט אונ שרײַענ, רעדנ מיט גאל: גוואלד! וואָס האָב איכ זיי געטאָנ? גוואלד, גוואלד! וואָס האָבנ זיי צו מיר?..

## דאָס פערצנטע קאַפּיטל

# אויס קאַלע—וויַיטער מויד.

אין דער וואָיענער קאַנצעליאַריע זענען שפּעטער מיט עטלעכע טעג, נאָך דער מײַסע מיט אונדזערע פּאַרשוינען, געזעסן אַסאַך אָפיצירן אין דער פאָלנער פאָרמע, צווישן זיי דער גענעראַל מיט דעם פּאָלקאָווניק, אין דער זײַט נעבן דער טיר זײַנען געשטאַנען צוויי זעלנער מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ און האָבן אויסגעזען, ווי אַ מויז, וואָס מע נעמט אַרויס פון אַ לאַדעזשקע זויערמילך. די אָפיצירן האָבן געקוקט אַף די זעלנער, זיי באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, דערנאָך צווישן זיך עפּעס גערעדט און אַביסל אונטערגעשמייכלט.

— הערסטו, סענדערל, — האָט איינער זעלנער שטילערהייט געזאָגט, בעשאַס די אָפיצירן האָבן צווישן זיך געשמועסט, — איך זאָל וויסן מײַן טויט זאָל דאָ אַפילע זײַן, מוז איך זיי אַרויסזאָגן דעם גאַנצן עמעס. איך בין שטאַרק אָנגעלאָדן.

— פונמײַנעטוועגן, בינימין, זאָג דיר זיי דעם עמעס, — האָט דער אַנדערער זעלנער זיך אָנגערופן, — אויב דו ווילסט אַזוי, זאָל זײַן אַזוי, וואָס פאַר אַ דײַגע איך האָב?

— איר זײַט עס די לײַט, וואָס האָבן שפּעט באַדערנאַכט זיך אַרויסגעגאַנוועט פון דער קאַזאַרמע? — האָט דער גענעראַל געפרעגט סטראָגע. — איר ווייסט, וואָס קומט פאַר אַזאַ שולד?

— אָ־ווא, אָ־ווא! — איז בינימין אַף גאָטס באַראָט אַרויס מיט אַ שפּראַכע, האַלב ייִדיש, פּאָלעווינע רײַסיש, און אַנידערגעלייגט אַ שמועסל, אַז כײַקל זאַיקע, דער באַל־דאַבערען פון טונעיאַדעווקע, האָט געמעגט, כלעבן, זיך באַגראָבן נײַן איילן אין דער ערד.

דער גענעראַל האָט אָוועקגעקערט דעם קאָפּ מיט אַ געלעכטער, אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט און דער פּאָלקאָווניק האָט אָנשטאָט אים אָנגעהויבן צו ריידן.

— איר האָט זיך שטאַרק פאַרזינדיקט, אײַך קומט מיִעס צו באַשטראָפן פאַר אַזאַ שולד.

— וואַשע בלאַגאָראָדיע! — האָט בינימין אויסגעשאָסן אַף אַ קאָל, — כאַפּן מענטשן אינמיטן העלן טאָג און פאַרקויפן זיי ווי היִנער אַפן מאַרק — דאָס מעג מען, און אַז זיי, נעבעך, ווילן ניצל ווערן, דאָס רופט מען אָן אַ שולד! אויב אַזוי, איז דאָך טאַקע הפקר אַ וועלט, און איך פאַרשטיי שוין, אָסער, נישט, וואָס הייסט אַזוינס מעגן און נישט מעגן! אַדעראַבע, לאָמיר פרעגן דאָ טאַקע מענטשן, זאָלן זיי זאָגן, ווער איז שולדיק. אַשטייגער, ווי וואָלט געווען, אַז מע זאָל אײַך כאַפּן ערגעץ אַפן וועג און מיט גוואַלד אַרײַנשטופּן אין אַ זאַק אַרײַן, נו וואָלט איר, כאָלילע, שולדיק געווען, ווען איר וואָלט מיט אַמצעס־קויעכ פונעם זאַק אַרויס? איך זאָג אײַך בעפּיירעש, דאָס איז געווען לעכאַטכילע אַ גענויטע זאַך, אַ גענאַרערײַ, שולדיק זענען דאָ נאָר די ייִדן, מיִעדייע וואָס זיי האָבן נאָר אָנגערעדט. מיר זענען אײַך מויסער־מודאָע — זאָג, סענדערל, זאָג! וואָס שטייסטו ווי אַ גולעם? גיי אַרויס מיט דעם עמעס אַף גאָטס באַראָט, גאָר אָן מוירע און זאָג מיט מיר אינאיינעם: — מיר זענען אײַך מויסער־מודאָע, אַז פון טאַכסיסע־מילכאָמע האָבן מיר נישט געוווּסט, מיר ווייסן נישט און מיר ווילן נישט וויסן, מיר זענען, באָרעכאַשעם, באַווײַבטע, האָבן אין זינען עפּעס גאָר אַנדערש און מיט אַזעלכע זאַכענישן קענען מיר לאַכלוטן זיך נישט אָפּגעבן. זיי גייען אונדז אַפילע גאָר אין קאָפּ נישט. הײַנט מיילע, וואָס טויגן מיר אײַך? מיר דאַכט זיך, אַז איר באַדאַרפט אַליין וועלן אונדזערער פּאָטער צו ווערן.

און בעעמעס איז בינימין טאַקע זייער גערעכט געווען, מע איז נאָך לאַנג טאַקע גערן געווען זייערער פּאָטער צו ווערן. אַז די עלטסטע האָבן זיך געוווּנען צוגעקוקט צו אונדזערע פּאַרשוינען, צו זייער היילעכ, צו זייערע פּאָסטעמקעס, צו זייער שמועס און צו זייערע מאַרשן, האָבן זיי שוין זיך אָנגעשטויסן, מיט וועלכע נעפעשעס זיי האָבן צו טון, און פלעגן נישט איין מאָל זיך האַלטן באַ די זײַטן לאַכנדיק. דער קיוון פון דער איצטיקער סאָבראַניע אָפיצירן איז געווען צו נעמען אונדזערע פּאַרשוינען אַפּן פאַרהער און פּרוּווג זען, מיט וועמען זיי האָבן אָן אייסעק. בינימין מיט סענדערלען האָבן דאָ זיך פאַרהערט און, באָרעכאַשעם, שטאַרק אויסגענומען, נאָך מער ווי געוווּנטשן, אַזוי, אַז די אַלע אָפיצירן האָבן עפּעס מעשונע האַנאָע געהאַט פאַר געלעכטער.

— נו, דאָקטער? — האָט דער גענעראַל געמאכט צו אן אָפּיציר, וואָס האָט זיך אריַינגעלאָזט אין א שמועס אונ מיט אונדזערע פּארשוינען זיך שטארק אָפּגעגעבן.

דער דאָקטער האָט אנידערגעלייגט א פינגער אפן שטערן אונ געמאכט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, גליַיך ווי ער וואָלט געזאָגט — דאָ פעלט א קלעפּקע!

דער שפּיץ איז געווען, נאָכדעם, אז די אָפּיצירן האָבן צווישן זיך גערעדט אונ עפּעס געשריבן, האָט מען געהייסן אָפּלאָזן אונדזערע פּארשוינען פריַי פונעם דינסט.

— גייט איַיך, — האָט מען זיי געזאָגט, — גייט איַיך געזונטערהייט!

בינימין האָט זיך זייער שיין געזעגנט מיט א פּארבייג אונ זיך געלאָזט אוועקגיין. סענדערל האָט, ווי א זעלנער, געהויבן פיסלעך אונ געגאנגען נאָך אים מיט א מארש.

---

### מײַנע ליבע, טײַערע פֿרײַנט

# מענאשע מארגוליס

### ברענגט דעם דאָזיקן סײפֿער בעמאַטאָנע פֿונעם גאַנצן הארצן

## דער מעכאבער.

טײַערער פֿרײַנט!

טרויעריק איז מײַן ניגן אין דער קאפעלע פֿון דער ייִדישער ליטעראטור. אין מײַנע כיבורים ליגט אויסגעדריקט א ייִד מיט די ביינער, וואָס ווען ער זינגט אפילע אמאָל א פֿריילעכס, דאכט זיך גאָר אויס פֿונדערווײַטנס, עפּעס קלאָגט ער, פֿארגייט זיך וויינענדיק. אין זײַנע זמירעס הערט זיך עפּעס א אומעטיקער שטייגער פֿון אייכעס; לאכט ער, שטייען אים אין די אויגן טרערן; וויל ער אביסל לוסטיק זײַן, רײַסט זיך אים דערבײַ טיף פֿונעם הארצן א ביטערער זיפֿץ — און טאָמיד אלץ אוי־ווײ, ווײ־געשריגן!

איך רעד מיך, כאָלילע, נישט אײַן מיט גאדלעס, אז איך בין א סאָלאָוויי אין אונדזער ייִדישער ליטעראטור, נאָר אין איין זאך אָבער בין איך אין אים יאָ שטארק געראָטן. דער דאָזיקער מאָרעשכוירעדיקער מעשוירער פֿון די פֿייגל שפּילט זײַנע ניגונים און צעגיסט זיך אין אומעטיקע שטייגער דאפֿקע נאָר אין ווײַסנע־צײַט, ווען די גאַנצע וועלט איז ווי נײַ־געבוירן, ווען עס בליט, עס שמעקט מעכײַע אומעטום, עס שײַנט, עס ליכט און איטלעכן איז פֿריילעך אפֿן הארצן.

מיר ביידע, טײַערער פֿרײַנט, האָבן אָנגעהויבן אונדזער ארבעט אין דער ייִדישער ליטעראטור פּונקט אין דער ווײַסנע־צײַט פֿונעם ייִדישן לעבן דאָ בא אונדז אין לאנד. פֿונעם זעכציקסטן יאָר אין אונדזער צײַט הייבט זיך פֿאר ייִדן אָן גאָר א נײַ לעבן — א לעבן שוין מיט א גרינער געמיט, פֿול מיט גוטע האָפֿענונגען אפֿן שפּעטער. דענסטמאָל זענען מיר געווען ביידע נאָך זייער יונג און האָבן מיט א ברען זיך א נעם געטאָן צו דער פֿען, געארבעט געשמאַק, איטלעכער אפֿ זײַן גאַנג. דער אוילעם האָט פֿון אײַער שרײַבן געלעקט די פֿינגער, גאָר אָנגעקוואָלן הערנדיק, וויאזוי איר רעדט צוקער־זיס איבער פֿיל וויכטיקע זאכן אין דעם ייִדישן לעבן; וויאזוי איר זײַנט אפֿ ייִדן א מײליץ־יוישער און לערנט זיי מיט גוטן, גאַנץ פֿרײַנטלעך, צו קענען זיך אליין, צו וויסן פֿון זייער לעבן צו זאָגן, א פּאָנעם צו האָבן און זײַן לײַטן גלײַך. עס האָבן אײַך אויס דעם מויל זיך געשאָטן פּערל, וואָס פֿינקלען, ליכטן און וועלן אייביק זײַן א צירונג אין דער ייִדישער ליטעראטור. איך פֿון מײַן זײַט האָב אין יענער פֿריילעכער ווײַסנע־צײַט מיר אויך אונטערגעברומט, געשריבן, געשפּילט אפֿ מײַן שטייגער. אין מײַן שפּילן האָט געוויינטלעך איין סטרונע געברומט טרויעריק און געמאכט אפֿ די צוהערער א שטיקל מאָרעשכוירע, א טייל האָבן מיך געהערט גערן מיט א פֿארקלעמט הארץ, ווידער א טייל האָבן זיך

געקרימט, מעשונע זיך געקראצט; נישט צופרידנ געווענ, וואָס איך ריר זיי אָנ בא דער לעפּער אונ דערמאנ זיי נישט קיינ פּריילעכע זאכנ. נאָר, ווי די מײַסע איז, איך האָב מיר געשפּילט אונ געטאָנ מײַנס.

יענע שיינע וועסנע־צײַט איז אוועק, אז אָך־אונ־וויי איז דעמ ייִדנס לעבנ! אונ מיר איז פאר צאָרעס פארגאנגענ דער כיישעק צו שרײַבנ. עס האָט מיר א צײַט לאנג אָפּגענומענ דאָס לאָשנ.

אונ ווענ איך נעמ אצינד אפיר מײַנ פארדארטע, פארטריקנטע פענ אונ גיי ווידער מיט דער שפּראכע ארויס, האָב איך עס צו פארדאנקענ אײַך, נאָר אײַך, וואָס אינ אײַער געזעלשאפט איז מיר צוגעקומענ א שטיק געזונט. אײַערע קלוגע רייד, אײַער ארבעטנ שטענדיק פאר אונדזער פאָלק האָבנ מיך דערפרישט אונ מיר צוגעגעבנ כיישעק צו נעמענ זיך אויך פאר עפּעס אנ אר־בעט. פונ הייליקנ פײַער, וואָס ברענט טאָמיד אינ אײַער ייִדיש הארצ, האָט זיך פארטראָגנ א פונק צו מיר אינ מײַנ הארצ, עס האָט זיך אָנגעצונדנ אונ ברענט אצינד ווי אמאָל אינ די יונגע יאָרנ.

יאָ, מיר ביידע האָבנ אָנגעהויבנ אונדזער ארבעט אינ דער ליטעראטור גלײַך אינ איינ צײַט, נאָר דאָס מאזל אונדזערס איז ניט גלײַך; איר זײַט דאָרט ארופ אויבנ, אינ די הויכע פענצטער; איר האנדלט דאָרט מיט בריליאנטנ אונ דימענטנ פונ דער ייִדישער היסטאָריע; איר שטעלט ארויס די שענסטע צירונג פונ אונדזער פאָלק פארצײַטנס, דאָס בעסטע, דאָס טײַערסטע אינ זײַנ לעבנ. איר האָט איבערגעהאט אייסאָקימ מיט הילעל, רעב מייער, רעב אקיווע אונ מיט נאָך אנ־דערע גרויסע לײַט, מעיוכאָסימ פונ הויכנ סאָרט מענטשנ. מיר אנטקעגנ איז באשערט געווענ זיך אראָפּצולאָזנ אפנ נידעריקנ טרעפּל פונ ייִדישנ לעבנ אונטנ אינ די קעלערס. מײַנ „יעש בעקאנ" איז: שמאטעס אונ פוילע סכוירע. איך האָב נאָר שטענדיק צו טונ מיט עוויוינימ, קאפּ־צאָנימ, אומגליקלעכע, נעבעכ, אויך מיט מענטשעלעך דראבעס, פּאָקוסניקעס אוכדוימע אזעלכע מינע נעפּאשעס, קליינינטשקע, נידעריקע פארשוינענ. מיר כאָלעמט זיך נאָר בעטלערס. פאר מײַ־נע אויגנ שוועבט טאָמיד א טאָרבע — די אלטע, גרויסע ייִדישע טאָרבע הענגט מיר טאָמיד, ווי יענעמ מאָרעשכוירעניק א לונג־אונ־לעבער אפ דער נאָז. ווהינ איך זאָל מיך נישט קערנ אונ ווענדנ, זע איך פאר מיר די טאָרבע; וואָס איך זאָל נישט וועלנ עפּעס דערציילנ אָדער זאָגנ, קומט מיר אפיר די טאָרבע!

אוי, אלצ די טאָרבע, די ייִדישע טאָרבע!

יאָ, טײַערער פרײַנט, דורכ אײַך האָב איך באקומענ ווידער א ברענ צומ שרײַבנ — אונ אָט האָט איר אײַך הײַנט, כעאוויניסיינו האָראבימ, טאקע ווידער א טאָרבע: א פישקע דעמ קרומענ, מי־שטיינסגעזאָגט, מיט וועלכנ איך טרעט ארויס פאר דעמ אוילעמ נאָך אזא לאנגער צײַט שטיל־שווײַגנ. איך ווייס, אז מײַנ פישקע דער קרומער איז עפּעס נישט אזא מאטאָנע אפ אָפּצודאנ־קענ אײַך מיט אימ פאר אײַער פרײַנטשאפט, נאָר ווייסנדיק בא מיר אײַער גוט הארצ, אײַער צו־געלאָזטקײַט צו מענטשנ, פארהאָפ איך, אז איר וועט מײַנ אָרעמענ פישקענ אופנעמענ מיט „א באָרעכאבע". זייער מעגלעך גאָר, איר זאָלט אימ נאָך ארײַנבעטנ אינ זאל ארײַנ, אימ באקענענ מיט אײַער הויזגעזינד אונ מיט אײַערע געסט דאָרט. פישקע וועט זיך בא אײַך אָפּליגנ מיט דער טאָרבע, אײַך דערציילנ מײַסעס, אונ איר וועט פונ זיי האנאָע האָבנ. אונ פאָרשטעלנדיק זיך אזוינס, שמייכלט פאר פרייד אונ דאנקט אײַך פונ גאנצנ הארצנ

דער מעכאבער.

---

# I

קוים גיט א שײַנ די ליכטיקע זונ אונ זומער־לעב אינ דעם לאנד, מענטשנ ווערנ ווי נײַ געבוירנ אונ דאָס הארצ פרייט זיך זיי, קוקנדיק אפ גאָטס וועלט דער שיינער, — דענסטמאָל הייבט בא ייִדנ זיך אָנ די רעכטע אומעטיקע צײַט, צו קלאָגנ אונ פארגיסנ טרערנ. עס גייט דאָס גאנצע צעטל טרויער: טאנייסים, פײַניקנ זיך, יאָמער אונ געוויינ פונ ספירע ביז העט אינ די גרויסע בלאָטעס אונ נאסע אָסיענדיקע קעלט. דענסטמאָל שטעלט זיך פאר מיר, מענדל מויכער־ספאָרים, דער גרויסער יאריד, איך ארבעט, פאָר באשטענדיק ארומ, צו פארזאָרגנ ייִדישע קינדער אינ אלע שטעטלעך מיט די אלע נייטיקע מאטעריאלנ צומ וויינענ: מיט קינעס, מיט סליכעס, ווײַבערשע טכינעס, מאנעלאָשנס, שויפרעס אונ מאכזיירימ. אקלאל, ייִדנ קלאָגנ, פארוויינענ דעמ זומער — אונ איך מאך דערווײַל געשעפטנ. נישט דאָס בינ איך אויסנ.

אונטערוועגנס איינמאָל, שיוואָאָסאָר בעטאמוז, גאנצפרי, זיצ איך מיר אפ דער קעלניע פונ מײַנ בײַדל אינ טאלעס אונ טפילנ מיט דער בײַטש אינ דער האנט, גאנצ ייִדישלעך. די אויגנ זענענ מיר צוגעמאכט, ביכדיי נישט אָנצוקוקנ באמ דאווענענ די ליכטיקע וועלט. מײַסע־סאָטנ אָבער איז זי, די נאטור, ווי הייסט מענ עס, געווענ וווּנדער־שיינ, גאָר א בילד, אונ עס האָט מיך געצויגנ, עפעס ווי א קישעפ, א קוק צו טונ. איך האָב א היפשע צײַט מיך געראנגלט מיט מיר אליינ. דער יעיצערטאָוו זאָגט: „פע!... מע טאָר נישט!" דער יעיצערהאָרע אנטקעגנ טאָרעט: „נישקאָשע! האָב האנאָע, נארעלע!" אונ עפנט מיר דערבײַ טאקע אופ איינ אויג. עס טוט מיר א שײַנ, נאָר ווי אפ צולאָכעס, עפעס א בילד־שיינע פאנאָראמע: פעלדער געשפרענקלט מיט בליענדיקע רעטשקע, ווײַס ווי שניי, נעבנ געלב־גילדענע ראצעמאָרענע פאסנ פונ וווייצ אונ מאטגרינלעכע, הויכ־געוואקסענע קוקורוזעס; א שיינער גרינער טאָל, באדעקט פונביידע זײַטנ מיט וועלדלעך ניס־ביימער; אונטנ פלייצט א טײַכל, ריינ, קלאָר ווי קריסטאָל, אינ וועלכנ עס טוקנ זיך די שטראלנ פונ דער זונ אונ באלייגנ עס מיט פינקלדיקע גילדענע פליטערלעך. די שאָפ אונ די קי אפ דער פאשע דאָרט זעענ פונדערווײַטנס אויס ווי טונקעלע, רויטע, געפלעקטע פינטעלעך. — „פע, פע! — מוסערט מיך דער יעיצערטאָוו מיט יענע ווערטער פונעמ פיירעק: „א ייִד אונטערוועגנס, אז ער איז מאפסיק דאָס לערנענ אונ זאָגט „ווי שיינ דער בוימ איז, ווי שיינ דאָס פעלד", — איז גלײַך ווי ער טוט זיך אליינ א מײַסע אָנ". דער יעיצערהאָרע אָבער פארטראָגט מיר אונטער דער נאָז מעכײַעדיקע רייכעס פונ סטערטעס היי, געווירצ אונ קרײַטעכצער, וואָס צעגייענ זיך אינ אלע אייוורימ; ער צעגיסט זיך אינ קונצנדיקע ניגונימ פונ אלערליי שפיל־פייגעלעך, וואָס קיצלענ בא דער נעשאָמע; ער לאָזט מיך פילנ אפ מײַנ פאָנעמ א ווארעמ ווינטעלע, וואָס גרײַזלט מיר די פייעס, שושקעט מיר אינ די אויערנ: קוק, האָב האנאָע אונ זײַ א מענטש, דו נארישער ייִד איינער! — איך בעבע, מריקע מיר, מישטיינסגעזאָגט, אליינ ניט רעכט צו הערנ, וואָס איך בעבע. עפעס טראָגט מיר דער מויעך, עס פיקט מיר אינ קאָפ אונ עס טראכט זיך זידלערײַענ: געפייגערטע נעפאשעס!... אָנ לײַב, אָנ לעבנ... נעשאָמעס פארוקטע אינ טשאָלנט!.. אָנ רייעך, אָנ טאמ... דראפאטשעס צעשאָטענע!... פארדארטע אָפגעשלאָגענע הוישײַנעס!.. איך צעשאָקל מיך מיט געמאכטער קאוואָנע, ביכדיי עס זאָל זיך נישט טראכטנ, אונ דערהער גראָד, ווי דאָס מויל לאָזט פונ זיך אליינ אויס יענצ שטיקל דאווענענ מיט די ווערטער: „האמאכזיר נעשאָמעס ליפגאָרימ מייסימ", דאָס הייסט אפ קאָרבנ־מינכע־טײַטש: דער דאָ קערט אומ די נעשאָמעס צו די טויטע פגאָרימ.

הא, וואָס! אנטקעגנ וועמענ? — טו איכ מיכ א כאפּ, פארשעמט פונ מײַנע אײגענע מיִעסע געדאנקענ. אונ ביכדיי צו פארגלעטנ מײַנ פעלער אנטקעגנ דעמ ריבוינעשעלוילעמ. מאכ איכ קלאָמפערשט א מינע, ווי נישט זיי מיינ איכ, דאָס פערדל מיינ איכ... דערלאנג דעמ שלימעזאלניק מײַנעמ א שמיצל מיט דער בײַטש, מאכנדיק דערבײַ: א־א־א, פעגירע איינע!

א שיינער אײַנפאל אפילע! נאָר הײַנטיקס מאָל האָט עס ווייניק געווירקט, עס האָט מיכ שסארק געקרענקט, פארוואָס גראָד הײַנט זאָל מיר גאָר אײַנפאלנ אזעלכע געדאנקענ — הײַנט, ווענ וויינענ אונ קלאָגנ באדארפ מענ אפ דעמ גרויסנ כורבנ, אפ די גרויסע צאָרעס, וואָס די קינדער ייִסראָעל האָט געטראָפנ: די קאָמאנדע פינ נעווּוכאדנעצער מעלעכ באָוועל איז ארײַנ אינ יערושאָלאיִמ אונ פונ איר א טעל געמאכט... איכ מאכ א ראכמאָנעס־פּאָנעמ אונ זאָג די סליכעס צומ הײַנטיקנ שווערנ טאָג אפ א וויינענדיק קאָל, וואָס איז געגאנגענ אלצ העכער אונ טרויעריקער אינ דעמ פיזמענ דאָרט, בא יענע ביטערע ווערטער:

„ווהעאשפּיפנ מיצאָפנ — אונ דער פיפערנאָטער, דער טאָטער פונ צאָפנ־זײַט, קעשיבוילעס שטאָפאני — האָט מיכ ווי א שטראָמ וואסער פארטראָגנ ווײַט, ווּעהאצאיאָד — אונ דער יעגער, דער טויט־שלעגער, שאָלעכ יאד — טוט א לאפ, א כאפ, ווּעהאצאָפיר ווּעהאסאָיר — אויכ די ציג, אויכ דער צאפ".

א ייִד אבי ער שרײַט זיכ אביסל אויס מיט א פיזמענ, רעדט זיכ אָנ ווי א פויק אונ זאָגט אָפ א סליכע, דאכט זיכ אימ, ער האָט שוינ אלצדינג אָפגעטאָנ אונ איז, ווי אנ אָפגעשמיסנ קינד נאָכנ אויסוויינענ זיכ, ווײַטער זיכ גאנצ צופרידנ. איכ זיצ מיר אָנגעלענט אפ דער קעלניע, גלעט מיר דאָס בערדל, שוינ מיט א גרינגנ געמיט, גלײַכ ווי איינער רעדט: „מײַנס האָב איכ געטאָנ, גענוג יויצע געווענ, אצינד, גאָטעניו, איז נאָר געווענדט אינ דיר. ווײַז זיכ, טאטע־פּאָטער, ראכעמ, צאדיק" — „גיי, שוינ, גיי, זײַ מויכל!" מאכ איכ צומ פערדל מיט גוטנ, איבערבעטנדיק עס אינ הארצנ פאר דעמ צונעמעניש „פעגירע" פריִער. מײַנ שלימעזאלניק טוט זיכ א קני אפ די פעדערשטע פיס, א בוק מיטנ קאָפּ צו דער ערד אונ קרעכצט, עפּעס אזויווי גערעדט: „אדוינ־י־פּאָרעצ! אונ וואָס איִז עפּעס מיקויעכ עסנ?" — קלוג, כלעבנ, ווי דער טאָג! — זאָג איכ, געבנדיק אימ בעשאס־מײַסע א צייכנ, אז ער מעג אופשטיינ, זיכ שטעלנ אפ די פיס. נישט אומזיסט שטייט אינ די קינעס: „ציִענ, באָכ קאָל בעהיימע וואָאָפּ כאכאָמו" דאָס הייסט: בא דיר, קנעסעס־ייִסראָעל, זענענ אלע בעהיימעס קלוג!... נישט דאָס בינ איכ אויסנ. פונ דער דאָזיקער מעמרע בינ איכ טראכטנדיק ווײַטער ארופ אפ די קנעסעס־ייִסראָעל, זיכ פארטיפט אינ די געדאנקענ מיקויעכ זייער כאָכמע, זייער פירונג, זייערע פײַנע בריִעס אונ מעקויעכ זייער לאגע, נעבעכ. דער קאָפּ טאלאבענדעט זיכ מיר אהינ, אהער. עס דאכט זיכ מיר עפּעס דער פיפערנאָטער, נעווּוכאדנעצער מיט דער קאָמאנדע, א שרעקלעכע מילכאָמע, א קלאפערײַ, א געשלעגערײַ, די קאָמאנדע ברעכט ווענט, זעצט אויס טירנ, שויבנ. ייִדנ, א טייל מיט פעקלעכ סכוירע אונ אלטע כפייצימ, טוענ זיכ אָנ א קויעכ, שרײַענ גוואלד אונ לויפנ... איכ כאפּ א שטעקנ, לאָז מיכ — אונ בוכ אפ דער ערד, אויסציִענדיק זיכ ווי גרויס איכ בינ.

אפּאָנעמ, אינ דאוונענ האָב איכ, זאָל נישט אויסגערעדט זײַנ, געכאפּט א דרעמל. מײַנ בײַדל, טו איכ א בליק, איז ארײַנ אינ קאליוזשע, וואָס אפ דעמ באלעגאָלישנ לאָשנ הייסט עס א „טינטערל", אינ דעמ הינטערשטנ רעדל איז פארטשעפּעט אנ אקס פונ עפּעס אנ אנדער בײַדל. דאָס פערדל מײַנס שטייט אינ געהאקטע ווונדנ מיט איינ פוס איבער דער האָלאָבליע, פארדרייט אינ די לייצנ אונ סאפּעט ווי א גאנדז. פונ יענער זײַט בײַדל שיטנ זיכ טויטע קלאָלעס, אפ ייִדיש, מיט א קײַכנ אונ הוסטנ אינ־יינעמ. א ייִד! — טראכט איכ מיר, — איז אָנ סאקאָנעס. אונ טו מיכ א לאָז אינ איינ קאס אפ יענער זײַט וואָגנ. דאָרט אונטערנ וואָגנ ליגט פארפלאָנטערט אינ טאלעס אונ טפילנ א ייִד, די בײַטש פארדרייט מיט די רעציִעס, צאפּלט אונ ארבעט מיט אלע קויכעס זיכ אויסצודרייענ. איכ שרײַ: סטײַטש! ער — סטײַטש, סטײַטש! איכ באטל צו אימ אויס אלע כאלוימעס, ער באטלט צו מיר, נישט אָנצוקוקנ איינער דעמ אנדערנס פּאָנעמ. איכ פילדער: ווי שלאָפט עס אינ דאוונענ א ייִד! ער צוריק: ווי פּאָפּט עס א ייִד! איכ גיב אימ אינ טאטנ, ער מיט א צוגאָב אינ דער מאמענ ארײַנ! איכ שמײַס זײַנ פערדל, ער, אויספלאָנטערנדיק זיכ, לויפט אונ שמײַסט מײַנ פערדל.ביידע פערדלעכ שטעלנ זיכ דיבאָמ, אונ מיר, שטארק אָנגעצונדנ, לאָזנ איינער זיכ צו דעמ אנדערנ הענדעמ־פּענדעמ, ווי די הענער, מיט דער דייע אָנצונעמענ

זיך פֿאַר די פּייעס. אַנטקעגן אַ רעגע שטייען מיר שטיל, שאַרף אָנקוקנדיק איינער דעם אַנדערן. עס האָט געמוזט זיך אויסזען מעשונע ווילד, האָבן דעם זיבעטן כיין: צוויי יידישע גיבורים אין טאַלעס און טפֿילן שטייען אָנגעדרודלט גרייט צו באַווייזן זייער גווורע און זיך פּאַטשן אַפּן פרייַען פעלד, ווי אין אַ בעסמעדרעש, לעהאוודל!... אַוועלכעס האָט מען בעעמעס געמעגט אַפּ כידושים גיין זען. מיר שטייען, קוקן און אָט באַדאַרף שוין פליִען הייסע פּעטש, פּלוצים שפּרינ־גען מיר איינער פונעם אַנדערן אַפּ עטלעכע טריט אָפּ און לאָזןביידע שטאַרק פאַרווונדערט אין אייִן קאָל אַרויס: — אוי, רעבּ אַלטער!... אוי־אוי, רעבּ מענדעלע! —

אַלטער יאַקנעהאָז איז אַ יאָדערדיק יידל, אַ געשפּיקעוועטער, מיט אַ דיק בייַכל. זיין פּאָנעם איז געדיכט באַוואַקסן מיט שמוציק־געלע האָר, פון וועלכע ס'איז דאָ געגוג אַפּ פּייעס, אַפּ אַ באָרד און אַפּ וואָנצעס אי פאַר זיך, אי אַפּ נאָך עטלעכע יידן צו באַטיילן. אין דעם יאַם האָר ליגט אַ וויספּע — אַ ברייטע, פליישיקע נאָז, וואָס איז דאָס ראָוו יאָר פאַרלייגט, אָן אַ שום היס־מאַנעס, נאָר ווען עס מאַכט זיך אין איר אַמאָל עפּעס אַ פאַרענדערונג, אונטער אַ פאַר־פּייסעכ, אַשטייגער, בעשאַס עס לאָזט אומעטום, עס גייט די קריִע, און דער באַלעבאָס אירער נעמט זי אין דער אַרבעט מיט אַלע פינף פינגער, דענסטמאָל בלאָזט זי הילכעדיקע טקיִעס, ווי אַ שויפער, דענסטמאָל קלינגט מיט איר גאַנץ טונעיאַדעווקע. איינינעם מיט די אינדיקעס דאָרט גיט זי דענסט־מאָל קאָנצערט. אַלע אין שטעטל בלייַבן פאַרגאַפט און עס שיטן זיך איר שמעק־טאַבאַקע פון אַלע זייַטן מיט ווינטשעוואַניעס יאַקנעהאָזן אָן אַ צאָל: אַסיס, אַסיס! — איבערהויפּט אין די יי־דישע שטעטלעך צעשפּילן זיך די נעז אין יענער צייַט, מיסטאַמע שמעקט דאָך עס מיט עפּעס און עס האָט אַ טאַם... דאָס איז שוין דאָרט אַזוי געשטעלט, ווי פאַרשע „ייִסרוי״ ציגלען זיך די ציגן... נישט דאָס בין איך אויסן. אַלטער יאַקנעהאָז איז אַ טונעיאַדעווקער מויכער־ספאָרים, מייַ־נער אַ באַקאַנטער פון אַלטע יאָרן. ער איז אַ מענטשל פאַר זיך, נישט שטאַרק איבערגעשפּיצט, נישט קיין גרויסער באַל־דאַברען, שטענדיק אָנגעבלאָזן, ווי באַרויגעז אַפּ דער וועלט, האַגאַם ער איז בעטעווע נישט קיין שלעכטער מענטש.

נאָך דעם ברייטן שאָלעם־אַלייכעם פון ביידע צדאָדים, נעמען מיר זיך איינער דעם אַנדערן אויסצופאָרשן. דאָס הייסט באַ אונדז יידן געוויינלעך: אַ טאַפּ טון אין וואָגן, אָדען אַ שמעק טון, וואָס הערט זיך.

— ווּהין פאָרט עס אַ ייד? — גיב איך אַלטערן אַ טאַפּ.

— ווּהין עס פאָרט אַ ייד? עט... — ענטפערט אַלטער צוריק מיט אַ פרעג, ווי דער שטייגער איז פון יידן נישט צו ענטפערן גלייַך, אָפּצופּאַטערן יענעם מיט „עט״ און אָנצושטויסן זיך אַפּן ווונק — די אַלע כאָכמעס, וואָס אין דער מעלאָכע אָנשמעקן, אַ טאַפּ טון שטעקן... — אַ ייד פאָרט! אין דער ערד מיט דעם קאָפּ פאָרט ער... און ר' מענדעלע פאָרט עס ווּהין? — טוט ער מיך צוריק אַ טאַפּ.

— אַהין!... ווּהין געוויינלעך איך פאָר אין דער צייַט.

— איך שטויס מיך שוין אָן ווּהין; אַהין, קיין גלופּסק, ווּהין איך פאָר אויך אַצינד, — מאַכט אַלטער מיט אַזאַ מינע עפּעס, ווי עס אַרט אים, צום פּידיען זאָל עס כאַלילע נישט שאַטן, — נאָר פאַרוואָס, ר' מענדעלע, איז באַ אייַך הייַנט עפּעס מינ האַצאַד, מיט אַ הינטער־וועגעלע, און פאָרט נישט אַהין מיטן גלייַכן שליאַך?

— הייַנטיקס יאָר איז מיר גראָד אַזוי אויסגעקומען, ס'איז רעכט! שוין טאַקע אַ לאַנגע צייַט בין איך אַפּ דעם וועג נישט געווען. און באַ אייַך, ר' אַלטער, פאַרוואָס איז דאָס עפּעס הינטנ־אַרום? — טו איך אַ שמעק, — פונוואַנען קומט עס אַ ייד?

— פונוואַנען אַ ייד קומט? פון אַלדי שוואַרצע יאָרן!... פון דעם שיינעם יאַריד. נאַט אייַך אַ יאַרמעלינעץ! אייַנגעזונקען זאָל זי ווערן!

און דערוויַל ווי אַלטער מייַנער שעלט, פלוכט יאַרמעלינעץ מיט דעם יאַריד דאָרט, פאָרן אָן אַנטקעגן גוייִשע פורלעך מיט אַ געשריי, פאַרוואָס דער וועג איז פאַרשטעלט. דערנאָך ווי זיי האָבן דערזען, צוקומענדיק, מיך און אַלטערן, ביידע אין טאַלייסים מיט גרויסע שעלראָשן אַפּן קאָפּ און לאַנגע ברייטע רעציִעס. צעשרייַען זיי זיך שוין גראָבלעך, מיט געשפּעט.

— באַטשיטי, יאַקי פאַני־בערי, צאַטצי, ע־ע! טראַסצאַ וואַשי מאַטערי, דיִטע דראָגי! דראָ־גי! היי, כידקאָ, זשידקי, לאַבאַסאַרדאַקי!

איך מיט מײַנ אלטער׳נ טוענ מיר געשווינד זיך א נעמ צו די בײַדלעך מיט אימפעט. א פּאָר פונ די פויערימ, כאָטש נישט פונ יִידישע קינדער, נאָר, דעמ עמעס מוז מענ זאָגנ, האָבנ געהאט אזוי־פיל יוישער צו העלפנ אונדז אינ דער נויט. אונ ביזכוס זייער שטופּ טאקע איז מײַנ בײַדל באלד ארויס פונעמ טינטערל. זיסט, וואָלטנ מיר זיך אוועקגעבאָברעט גאָט ווייס וויפל אונ נאָכ געקענט מיִעס צערײַסנ אונדזערע טאלייסימ. מיט די אייסעווס איניינעמ איז שוינ ארויסגעקומענ גאָר עפּעס אנדערש: זיי האָבנ געשטופּט אפנ רעכטנ עמעס טאקע, וועהאיאָדאימ יעדיי אייסעוו, באלד צו דערקענענ געווענ אייסעווס הענט, אונ בא אונדז, לעהאוודל, איז נאָר געווענ האקאָל קאָל יאנ־קעוו, דאָס הייסט, מיר האָבנ זיך נאָר געקוועטשט, זיך געמאכט ווי מיר שטופּנ קלאָמפּערשט... נישט דאָס בינ איך אויסנ. וויבאלד נאָר דער וועג איז געוואָרנ פרײַ, זענענ די גראָבע כאמולעס זיך געפּאָרנ זייער וועגס, אויסדרייענדיק די פּארצעס צו אונדז, אלצ געלאכט, געשפּעט, וואָס מיר גייענ אָנגעטאָנ, ווי גאלאָכימ, לעהאוודל, נעבנ די פערד אינ וועג, אונ דינענ דעמ בוירע מיט דער בײַטש אינ דער האנט... א טייל האָבנ, טײַטנדיק אפּ אונדז מיט אנ עק פּאָלע, ווי א „כאזער־אויערל״, געשריגנ: „זשיד כאלאמיי״! אלטערנ האָט עס נישט אזוי געארט. אויך מיר לײַט! — מאכט ער מיט א קנייטשל — פאר וועמענ, מישטיינסגעזאָגט, מע האָט זיך דאָ צו שעמענ!... מיך אָבער האָט דאָס שפּעטנ זייערס יאָ געארט, גוואלד, ריבוינעשעלוילעמ, פּארוואָס? פּארוואָס? פּארוואָס?

— אלמעכטיגער גאָט! — זאָג איך מיט א געבעט אפּ טכינע־לאָשנ — עפּענ דײַנע אויגענ אונ טהו לוגענ פונ דײַנ הארבעריג, דאָס איז דער הימעל, ווי דײַנע פּאָרכטצומע יודעלעך זענענ צו שפּאָט אונ צו שאנד גײַערט וועגנ דעמ קאָוועד פונ דײַנ ליבענ נאָמענס וועגנ, ווײַל זיי פּאָרכטענ דײַנ פּאָרכט, זיי אכפּערענ דײַנע געבאָט האָפּערדיג מיט וואָהרהאפּטיקײַט. דארומ וועלגער אויפּ אונדז דײַנ בארעמהארציקײַט אונ לאָמיר טונ געפונענ לײַטזעליקײַט אונ כיינ אינ דײַנע אויגענ אונ אינ די אויגענ פונ אלע מענטשענ. באשירעמ דײַנע האָפּערדיגע געליבטע שאָפּ, דײַנ ראכמאָנעס זאָל טונ ברומענ אויפּ דײַנע פּארשטענדיקע פּאָרכטער. טהו אויך באגיטיגענ מײַנ מאזל פאר מײַנ לוי־בונג אונ באשײַנונג הײַנט דײַנ נאָמענ בעשײַנפּערליך מיט אכפּערקײַט. טהו צושיקענ מיר, דײַנ קנעכט מענדיל, דער זונ פונ דײַנ דינטט גנענדיל, אונ קאָל־יִיסראָעל עפּיס פּארנאָסע א גוט גע־שעפּטל מיט נאכעס־רועך, אָמיינ!

II

נישט לאנג שיִעס געמאכט, קריכנ מיר ארופּ אפּ די בײַדלעך אונ הײַדא ווײַטער אינ וועג ארײַנ. איך פּאָר פּאָרויס אונ אלטער הינטער מיר אפּ א בײַדל פונ אלטע צעריסענע ראָגאָזשעס, פיר רעדלעך נישט קיינ גלײַכע, געקרעכפּעיועטע מיט שטריקלעך אונ א קרעמפּעלעצ צווישנ די פלעקלעך. די אויסגעסמ־לעוועטע קלעצלעך ווארפּנ זיך אינ אלע זײַטנ אפּ די אקסנ, סקריפּענ, קוואָקענ אונ קאָנענ קיינ אָרט זיך נישט געפינענ. דאָס בײַדל אינגאנצנ איז זיך מאטריִעך צו שלעפּנ א הויכע, זייער א דארע שקאפּע מיט א קרעציקנ, אָנגעבּיסענעמ רוקנ, גאָלע אײַטער, גרויסע אויערנ אונ א קאָלטענעוואטע גריווע, פּארפּלאָנטעט מיט היי אונ קלאָטשע, וואָס קריכנ ארויס פונעמ אלטנ כאָמוט.

פונעמ דאווענענ איז מיר איבערגעבליבנ נאָר די שטיקלעך דרויב צומ לעצט, פונ וועלכע מע מאכט געוויינלעך עפּעס נישט אזא פּיירעש. אָפּגעפּאטערט דעמ דאווענענ, הייבט זיך אָנ גאָר א נײַער אייסעק מיט דעמ יעיִצערהאָרע. נעמ, טאָרעט ער, נעמ אביסל בראָנפנ! דערקוויק דאָס הארצ. — אי... אי! — ווער איך מיך אָפּ מיט א קנייטשעלע, — שיוואָאָסער בעטאמוז, אינ אזא טאָ־נעס! — עס! — באקומ איך ענטפער, — א שײַכעס אביסל צווישנ א יִידל הײַנט אונ נעווואכאדנע־צערנ פּארצײַטנ!... גרעסערע צאָרעס איז דאָ, אונ פונדעסטוועגנ — גאָרנישט. זײַ נישט קיינ נאַר. דו ביסט נעבעכ אלט, שלאפּ, נישקאָשע! — איך גיב א מאכ מיט דער האנט איבערנ פּאָנעמ ווי אָפּצוטרײַבנ א פליג א זלידנע אונ כאפּ דערווײַל א קליינ קוקעלע אפּנ רענצעלע דאָרט אינ בײַדל, ווו עס געפינט זיך בא מיר טאָמיד א גוט ביסל ספּירט, רִעטשענע קיכלעך, קאָרנלעקעך, קנאָבל, ציבעלע אונ שאָריעראָקעס. די סמאהע גייט איבער די ליפּנ, דאָס הארצ כאלעשט, דער מאָגנ בורטשעט: גוואלד, אביכל בראָנפנ! גוואלד, עפּעס פּארבײַסנ! — איך קער געשווינד אוועק דעמ קאָפּ אינ

דער זייט און קוק, באטראכט אלצדינג אין פעלד ארום מיר, בילדיי צו פארשלאגן דעם בייזן געדאנק.

דער הימל איז בלוי, לויטער, אן א פיצל וואלקן. די זון בראט, סמאליעט, עס ווייעט נישט קיין ווינטעלע, מע פילט נישט קיין לופטעלע, די טוווע אף די פעלדער, דיביימער אין די וועלדער שטייען שטיל, ווי צוגעקאוועט, קיין שאקל אפילע זיך נישט צו טון. קי אף די פאשע ליגן מיד, אויסגעשטרעקט די העלדזער, שאקלען צווויילן די אויערן, קייען און מאלעגיירען, אנדערע גראבן אונטער זיך די ערד מיט זייערע הערנער, שארן מיט די קאפיטעס און רעווען, שרייען פאר גרויס היץ. דער בוהיי פארייסט דעם עק, לויפט גאלאפ, ווארפנדיק דעם קאפ אין אלע זייטן, שטעלט פלוצים זיך אנידער, אנגעבויגן דעם שטערן הארט צו דער ערד, שמעקט, פאכט מיט די נאזלעכער, לאזט ארויס א ברומען, סאפעט און דריגעט מיט די פיס. נעבן אן אלטער, אויסגעקרימטער און האלב־פארדארטער ווערבע, איבערגעשפאלטן אין דער העלפט אמאל פון א דונער, שטייען פערד, איינער אפן אנדערן פארלייגט די קעפ, צו מאכן כאטש עפעס א שאטן, און שמייסן מיט די וויידלען, פאטער צו ווערן ווי ס'איז פון די בייזע פליגן. — אף א צווייגל אינדערהייך וויגט זיך א סאראקע, אויסזעענדיק פונדערווייטנס ווי אנגעטון א ווייס טאלעסל מיט פאסן טביילעס פארנט, און דאוונט, שאקלענדיק זיך. זי בוקט זיך, פאלט טאכנען מיטן קעפל, שפרינגט אביסל אונטער, א קליינ קראקעלע געבנדיק א פאר מאל, בלייבט דערנאך ווייטער שטיין אן לאשן, שטרעקט אויס דאס העלדזל און קוקט, גלאט אזוי, אין דער וועלט אריין, מיט פארשלאפענע אייגעלעך. — אף דעם גאנצן וועג איז שא־שטיל, מע זאל דאס הערן ערגעץ א שארך, א פיפס, מע זאל דאס זען פליענדיק ערגעץ א פויגל, נאר קאמארן, מיקן טראגן ווי די רוכעס זיך אין דער לופט ארום, פליען טאנצנדיק פארביי די אויערן, טוען א גרילצ, א זוזשע, איינראמענדיק עפעס א סאד און באלד טאקע מארש ווייטער; נאר צווישן היי, צווישן טוועס דארט שמוצערן די גרילן, זומען, צימבלען און גייען מיט די טאצן...

ס'איז הייס, ס'איז שטיל, וונדערלעך שיין, שא! גאט באשעפעניש רוען...

איך ליג מיר פאר גרויס היץ פאשעט צעלייגט אף דעם וואגן אין העמד, מעכילע, מיט דעם טאלעסקאטן, אונטערגעהויבן אפן שפיץ קאפ דאס געשטעפטע פעלפענע היטל און אראפגעלאזן ביז די פיאטעס מיינע אונטערגענייטע ברעסלער וואלענע זאקן, וואס איך טראג, בעאוווינויסיינו הארבים, אין זומער אפילע, און האב מעשונע שטארק געשוויצט. איך וואלט דערפון גאנץ האנאע געהאט אפילע, ווען די זון זאל מיר נישט געווען זיין גלייך אנטקעגן פאנעם, מאכמעס איך האב ליב צו שוויצן און קען שאען־לאנג אוועקליגן אין באד העט־העט אף דער אייבערשטער באנק בעשאס דער גרעסטער היץ. מיין טאטע, זאל זיך מיען, האט מיך פון קינדווייז־אוף דערצין געוויינט. ער איז געווען א הייסער, געבראטענער, א ברענענדיקער, פייערדיקער ייד, ער האט שטארק ליב געהאט זיך צו פארען, צו שוויצן און דערמיט אפגענומען די וועלט, זיך שטארק באליבט געמאכט באם יידישן אוילעם. עס האט געשטעקט דרינען דאס פינטעלע יידישקייט מיט דעם ברען. און מע האט אף אים געקוקט ווי אף א שיינעם, בעגאטישן יידן, געמאכט מיט דעם רעכערעץ: „יא, אין שמייסן־זיך איז ער א לאמדן־מופלעג, ער פארשטייט דעם איניען מערכעץ, ער קען, ער קען שוויצן גאר א כאריפעס״. —

שוויצן איז א יידישע זאך. נישטא קיין שאבעס, קיין יאנטעוו, וואס א ייד זאל פריער נישט גוט שוויצן. ווער אונטער אלע פעלקער פון די שיווים אומעס שוויצט נאך אף דער וועלט מער ווי יידן?... נישט דאס בין איך אויסן.

און בעשאס שוויצן — איי, ווילט זיך עס קוויקן! עס טריקנט מיר אין האלדז, עס ברענט מיך א טרונק, איך שטארב עסן. דער יעיצערהארע נעמט מיך ווייטער אן, שטארקער ווי פריער, רעכנט מיר אויס דאס גאנצע צעטל יידישע מאכאלים: א געבראטענע לעדוויצע מיט קאשע, א ראסלפליישל, א לאקשנקוגל מיט א גאנעוו — אן אנגעפילט העלדזל אינעוויינים, פארפעלעך איינגעפרעגלט מיט גריוון. איך בין טויט מיט אלע אייוורים, דער אפעטיט איז א שרעק, און ער אלץ טאקע ווייטער: כרעמזל, פראקעס, פעטשע מיט לעבערלעך־פענעצלעך, רעטעך מיט ציבעלע, א קראפ פון אינדיק אין א פאסטערנאק־צימעס. און פלוצים, איך געדענק ניט וויאזוי, וואקסט פאר מיינע אויגן ווי פון דער ערד אויס דאס רענצעלע... „לעכאים, נארעלע! — רעדט אויס מיר דער רועך, — געגוג זיך נאריש געמאכט, דו לעקיש איינער!״ — די האנט מיינע שטרעקט זיך עפעס,

ווי אליין פון זיך, אויס, עפּנט אוף דאָס רענצעלע און גיט א כאַפּ דאָס פּלעשל געשווינד. איך קוק מיך ארום, ווי א גאַנעוו, אין אלע זײַטן, און מײַן קוק באַגעגנט זיך מיט דעם בליק פון פערדל, וואָס האָט, קראַצנדיק זיך אין דעם שפּיץ האָלאָבליע, אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום בײַדל און קוקט אַף מיר עפּעס שטאַרק אָנגעבלאָזן, גלײַך ווי עס וואָלט געקערט מיט פאריבל: „נאַ, זע! א הינטערשטער פוס איז מיר שטאַרק געשוואָלן, פאַרבונדן מיט שמאַטעס, עס רינט מיר נאָך אַן אויג, יאַטרעט זיך מיר דער האַלדז, דאָס מויל זאָל מיר אָפּנעמען, אויב איך ווייס דעם טאַם פון א האָבער. פונדעסטוועגן — וואָס זאָל איך טון? — שלעפּ איך מיך הונגעריק, קראַנק, צעבראָכן, נישט אויסצושפּאַנען זיך פון דער אַווידע"... דאָס פּלעשל גליטשט זיך פון די הענט מיר ארויס, צוריק אין זײַן רו אַרײַן. איך שטופּ דאָס רענצעלע פון מיר אַוועק ווײַט זייער פאַרשעמט, מאַכנדיק דערבײַ מיט א קרעכץ טיף פונעם האַרצן: אָט פון וועמען באַדאַרף א ייִד זיך א מוסער נעמען, בא וועמען זיך לערנען סייכל! מאַלפּיינו מיבהיימעס אָרעץ — ער לערנט אונדז פון בעהיימעס אין דער וועלט... ניין, פערדל מײַנס: איך גיי אויך אין יאָך און שפּאַן מיך פון דער אַווידע נישט אויס... נישקאָשע, ר' פערדל, דער רועך וועט אונדז ביידע נישט נעמען! אָדעם אובהיימע — א מענטש א בעהיימע, טוישיאַ אַדוינוי — העלפט גאָט!... נישט דאָס בין איך אויסן.

א ייִד, אבי ער האָט איין מאָל געגעבן א בראָך די מיִעסע טײַוווע פון עסן, מאַכט אים שוין די אכילע אַזוי נישט אויס און קען דאָס גאַנצע לעבן זײַנס אָפּקומען קימאַט מיט גאָרנישט. אי הײַנט נאָך, אין אונדזערע צײַטן, געפינען זיך זייער פיל ייִדן, בא וועלכע ס'איז דאָ נאָר א סימען פון מאָגנס, טאַקע עטוואָס, ווי א קעזאיס, און ס'איז דאָ א גרויסע האָפענונג, אַז מיט דער צײַט — די טאַקסע, באַלטויוועס און דעסגלײַכן לאָזן נאָך נישט פאַרשטערט ווערן — וועלן זיי פונעם עסן אַלץ מער, מער זיך אָפּגעוויינען, ביז עס וועט קומען דערצו, אַז בא ייִדן אין די שפּעטערדיקע דוירעס וועט, כוץ מערידן, אפילו אויך קיין סימען פון קיין מאָגן ניט זײַן. ייִדן וועלן דענסטמאָל אין דער וועלט זייער א שיין פּאָנעם האָבן...

מיט דעם דאָזיקן שמועס אַצינד בין איך אויסן, אַז נאָכן אַוועקשטופּן דאָס רענצעלע פון מיר בין איך געוואָרן עפּעס שטאַרקער און מיך שוין געפילט גאָר קיין מײַסע נישט. איך האָב מיר געטראַכט פון מיסכער און אונטערגעברומלט עפּעס א טישעבעאָוודיק ניגנדל. שוין, דאַכט זיך, גאָר גוט. טראָגט דער רועך אָן א יונגע אָרלטע, א מעכוערעס, מיט א טעפּל פּילעניצעס, דאָס בעסטע לאַקעטקעלע מײַנס. אַן אַנדערער אַף מײַן אָרט, פון יענע גוטע לײַט, וואָלט עס גענומען אַף זײַנע קיילים: דאָס איז דער יעיִצערהאָרע אַליין אין דעם געשטאַלט פון א אישע געקומען מיט אַן אויסרייד... נאָר, לוי האָיאָ! איך בין א באַלן געוועזן און זיך גוט צוגעקוקט. פּאָשעט, אַן אָרלטע אָן כאַכמעס! און בעטנדיק מיך אַוועקצוקויפן בא איר די פּילעניצעס איינעם מיט דעם טעפּל פאַר צען גראָשן, רוקט זי עס מיר אונטער גלײַך אונטער דער נאָז. דער רייעך איז מיר פאַרגאַנגען שטאַרק אין דער נאָז, עס וועסערט מיר דאָס מויל, עס קלעמט מיר דאָס האַרץ, טונקל ווערט מיר אין די אויגן. עס גלוסט זיך מיר א שרעק! און מאַכמעס מוירע, איך וועל מיך נישט קענען אײַנהאַלטן, כאַפּ איך און שפּרונג אַראָפּ אַף דער ערד שטאַרק צעקאָכט, ווי איינער ראַטעוועט זיך אין א סרייפע, אַז איך האָב נישט צעבראָכן ריק און לענד, איז גרויסע ניסים, און לאָז ארויס נישט גאָר מײַן קאָל א געשריי: רעב אַלטער! — די קאַוואָנע מײַנע איז דערמיט געווען, אַלטער זאָל זײַן א שוימער.

אַפּן וואָגן אין דער לענג ליגט ראַקעם, מעכילע, מײַן רעב אַלטער אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, רויט ווי א צוויק, צעכראַסטעט מיט דעם רויטפּאַרוואָקסענעם האַרצן אײַנדרויסן, פאַרברענט, פאַרבראָטן און נויטשוויס באַשלאָגט אים, אַז דאָס האַרץ, סאָנע־ציִינג, האָט געריסן קוקנדיק אַף אים.

— האַ־האַ? — מאַכט אַלטער, דערהערנדיק מײַן געשריי, עפּעס אַף קיהיש, נישט רירנדיק זיך פון אָרט, — וואָס איז?

יענע מיט דעם טעפּל פּילעניצעס, גיב איך א בליק, איז שוין נישטאָ, ווי אויסגעטריקנט געוואָרן. איך מאַך מיר אַן אויסרייד און טו א פרעג אַלטערן:

— וויפל, מיינט איר, זאָל אַצינד האַלטן אַזייגער?

— אַזייגער אַצינד וויפל זאָל האַלטן? — ענטפערט אַלטער מיט א פאַרדומפּן קאָל, — ווייס איך? צו די ערשטע שטערן וועלן די אויגן אויסקריכן געוויס וואַרטנדיק. נו מײַלע... אָ, שטאַרק הייס!

— א געשמאקע היצ, א־א־א! — רופ איכ מיכ אָנ, גייענדיק צופוס נעבנ אלטערס בײַדל — איר שוויצט, ר' אלטער? איכ מיינ, שוינ צײַט צו פאסענ. אונדזערע אָדלער זײַנענ, נעבעכ, מיד, קאמ וואָס זיי שלעפנ זיכ, צומ טראקט אפ גלופסק. איז נאָכ דאָ א פּאָר ווערסטלעכ, עפשער נאָכ מיט א שמיצל. ניט ווײַט פונדאנענ, דאָרט ווו עס הייבט זיכ אָנ ציִענ א וואלד העט ביז צומ שליאכ, זע איכ אינ דער זײַט, לינקס זייער א גוט אָרט צו פיטערנ.

אינ עטלעכע רעגע ארומ האָבנ מיר אראָפּגענומענ זיכ אינ דער זײַט פונעמ וועג אונ צוגעקומענ צו יענעמ אָרט, ווו ס'איז געווענ וואלד, שיינע פעלדער, א געמייזעכצ אונ אלע גוטע זאכנ. מיר האָבנ אויסגעשפּאנט אונדזערע לייבנ, געלאָזט זיי פרײַ פיטערנ זיכ דאָרט באמ ברעג וואלד אונ אליינ האָבנ מיר זיכ אונטערגעלעגנט אונטער א בוימ.

## III

אלטער יאקנעהאָז האָט קוימ געאָטעמט פאר היצ, אנגעסטנ האָבנ אימ באשלאָגנ. ער האָט געזיפצט, געקרעכצט, אזוי אז עס האָט מיכ פאר וואָר באמ הארצנ אָנגעכאפּט, אונ ביכדיי אימ צו מינטערנ אביסל, אויכ טאקע צו רעדנ, צו פארברענגענ אביסל די צײַט, לאָז איכ מיכ ארײַנ מיט אימ אינ א שמועס אזוי:

— אפּאָנעמ, ר' אלטער, אײַכ איז געשמאק הייס?

— בע! — ענטפערט אלטער גאנצ בעקיצער, עפּעס ווי אָנגעבארויגעזט, רוקנדיק זיכ אונטער דעמ בוימ, ווו עס איז געווענ נישט אזא גרויסע באהעלטעניש פונ דער זונ, וואָס האָט ארײַנגעשײַנט דורכ די צווײַגנ.

— פע, נישט גוט פונ דעמ טאָנעס וואָס איר קרעכצט אזוי? — מונטער איכ מײַנ אלטערנ, פעסט בא זיכ אָפּגעמאכט — מײַנ טויט זאָל דאָ זײַנ, מוז איכ ארויסבאקומענ בא אימ א וואָרט.

— בע! — מאכט אלטער, אונ ווײַטער טאקע א רוק אונטערנ בוימ.

מיט „בע" אליינ אָבער האָב איכ נישט געוואָלט מיכ באגניגנ. אײַ, טראכט איכ, דו ביסט א געבראָטענער אקשנ! נישקאָשע, דו וועסט בא מיר רעדנ! היצ, שוויס — אינ דער זײַט, עס מוז זיכ אָנהייבנ פונ געשעפט, דאָס בעסטע, איינציקע מיטל רעדנדיק צו מאכנ א ייִדנ. א ייִד בעשאס דער גסיסע אפילע, קוימ דערהערט ער נאָר עפּעס געשעפט, ווערט ער לעבעדיק, אונ דער מאלעכאמאָוועס אפילע קענ דענסטמאָל צו אימ אויכ נישט צוטרעטנ. דעמ ערגסטנ סוינע מײַנעמ ווינטש איכ נישט ארײַנקומענ צו א סויכער בעשאס עס דאכט זיכ אימ נאָר בעשעפט. ער איז מעוואטל דענסטמאָל איטלעכנ, אפילע דעמ בעסטנ פרײַנט, אנ אייגענעמ ברודער, מיט דעמ בליק... נישט דאָס בינ איכ אויסנ, איכ ווענד מיכ צו אלטערנ מיט אזא שמועס:

— מיר וועלנ, דאכט זיכ, ר' אלטער, מאכנ א געשעפטל! גוט, כלעבנ, וואָס מיר האָבנ זיכ דאָ הײַנט באגעגנט. אײַ, האָב איכ עס הײַנט מיט מיר א מינ סכוירע — גינגאָלד!

דאָס מיטל מײַנס האָט געווירקט. אלטער איז ווי איבערגעבויטנ געוואָרנ. ער הייבט זיכ אביסל אונטער אונ קוקט אפ מיר מיט אויסגעשטעלטע אויערנ. איכ גיב אימ ווײַטער אײַנ פּיזעמ אזוי:

— הײַנטיקס מאָל, רעב אלטער, גייט דאָס געשעפט צווישנ אונדז אפ מעזומענ געלט. איר פּאָרט דאָכ פונ יארמעלינעצער יאריד אונ מוזט, אָנ איינאָרע, האָבנ פולע קעשענעס.

— פולע קעשענעס, יאָ! א הארצ פול מיט מאקעס האָב איכ, — זאָגט אלטער שטארק אָנגעבארויגעזט, — איכ זאָג אײַכ, רעב מענדל... נאָר נישמער־גאָרנישט; א מענטש אָנ מאזל זאָל נישט געבוירנ ווערנ גלײַכער... אייסאָקימ, עס האָט זיכ מיר געגלוסט נײַע אייסאָקימ! אנ אנדערער אפ מײַנ אָרט — הע־הע־הע! בא מיר אָבער איז גאָרנישט, מיט דער פוטער אראָפּ. אזא אומגליק! א ווייטעק נאָר צו דערציילנ. שנײַצ די נאָז אונ שמיר דאָס פּאָנעמ. נישמער — וואָס גאָרנישט.

איכ האָב גוט ארויסגעזענ, אז מיט מײַנ אלטערנ איז עפּעס ניט גלאַט, ס'איז דאָ א צאָרע. אבי נאָר עס האָט אימ זיכ געעפנט א מויל, איז שוינ געווענ גענוג א קליינ קוועטשעלע, עס זאָל אימ זיכ שיטנ נײַנ מאָס רייד. פונ מײַנ זײַט איז קיינ מעניִע נישט געווענ. איכ האָב געטאָנ א גוטנ קוועטש, אונ מײַנ אלטער האָט זיכ צעוויגט, אָנגעהויבנ צו דערציילנ זײַנ אומגליק אפ זײַנ שטייגער אזוי:

— מיילע, קומ איכ מיר צו פאָרנ אפ יארמעלינעצער יאריד. קומענדיק אפנ יאריד, שטעל איכ מיכ מיט מײַנ בײַדל אפ דעמ פלאצ, פארשטייט איר מיכ, אונ צעפאק מיר דאָס ביסל סכוירע. מיילע, בעקיצער — גאָרנישט. שטיי איכ מיר אונ קוק ארויס אפ לייזעכצ. געטראָגנ אפנ יאריד האָבנ מיכ די צאָרעס. איכ בינ הײַנט, נישט פאר אײַכ געדאכט, מיעס אינ דער קלעמ. דער דרוקער מאָנט געלט. מיילע, דאָס איז גאָרנישט — מאָנט ער. ער וויל אָבער, פארשטייט איר, מער נישט געבנ קיינ סכוירע!... מײַנ עלטערע בסולע איז שוינ אינ די יאָרנ; א בסולע, פארשטייט איר, באדארפ כאסענע האָבנ. מיילע, גיי־זשע דריי דעמ קאָפּ, זוכ א כאָסנ. כאסאנימ זענענ דאָ, אָבער א כאָסנ, דאָס הייסט, פארשטייט איר מיכ, א כאָסנ! — איז נישטאָ... מײַנ ווײַב באדארפ זיכ צו די צאָרעס פארגלוסטנ האָבנ א ייִנגל, אונ נאָכ ווענ — פאר פייסעכ. איר פארשטייט, וואָס הייסט א ווײַב האָט א ייִנגל? א כאסענע, כאסענע הייסט עס! נישמער — גאָרנישט.

— נעמט נישט פאר אומגוט, — זאָג איכ צו אלטערנ, — וואָס איכ פאל אײַכ ארײַנ אינ די רייד, לעמײַ האָט איר אפ דער עלטער גענומענ א יונג ווײַב, זי זאָל אײַכ אזויפיל קינדלענ?

— גאָט איז מיט אײַכ! — מאכט אלטער פארוווּנדערט, — איכ האָב דאָכ געמוזט נעמענ א באַלעבאָסטע אינ שטוב ארײַנ. וואָס וויל דענ א ייִד מיט דעמ כאסענע האָבנ? גאָרנישט! א ייִד וויל, נעבעכ, האָבנ א גוטע באלעבאָסטע...

— לעמײַ־זשע, ר׳ אלטער, — טו איכ א פרעג — האָט איר געגעט אײַער ערשטע ווײַב אונ איר פארוויסט דאָס לעבנ? זי איז דאָכ געווענ א גוטע באלעבאָסטע...

— בע! — מאכט אלטער, פארקנייטשנדיק זיכ מיט א פינצטער פאָנעמ.

— קיינ אקאָרע, געלויבט האשעמ־יִסבאָרעכ, איז אײַער ערשט ווײַב אויכ נישט געווענ, — לאָז איכ אלטערנ מײַנעמ אלצ נישט אָפּ, — ווּהינ זײַנענ הינגעקומענ די קינדער, נעבעכ? הא, וואָס?

— בע!... — בעקעט אלטער אָנ לאָשנ. א קראצ געבנדיק זיכ אינ דער פייע, א מאכ מיט דער האנט אונ א זיפצ טיפ פונעמ הארצנ.

„בע" איז בא אונדז ייִדנ א טײַער וואָרט, וואָס האָט זייער פיל טײַטשנ אונ איז א טערעצ אפ אלע קאשעס. „בע" קענ מענ געברויכנ אלע צײַט אינ א שמועס אונ עס זאָל טאָמיד פאסנ. א ייִד קענ מיט „בע" זיכ טאָמיד אויסדרייענ, ווענ ער איז נעבעכ אינ דער קלעמ אונ שטייט שמאָל. מיט „בע" סילעקט א שווינדלער, אנ אָנזעצער, אז די באלכויוועס טרעטנ צו מיט שטארקע טײַנעס. „בע" שטייט א ייִדנ בײַ אינ דער נויט, ווענ עס באווײַזט זיכ, אז ער איז נעבעכ, א ליגנער; מיט „בע" קאָנ מענ אָפּענטפערנ יענעמ, וואָס דולט אָנ א קאָפּ צוויי שאָ, נישט צו הערנ, נישט צו פארשטיינ אפילע קיינ איינ וואָרט פונעמ גאנצנ שמועס. מיט „בע" קומט אָפּ א שיינער צעבראָכענער ייִד, ווענ ער דערלאנגט שטילערהייט א ביס; א שיינע־מוירעינע, ווענ ער טוט אָפּ א מיעסע מײַסע; א דימענטיק מענטשל, אָנ כאָכמעס, ווענ עס לאָזט זיכ גאָר אויס, ער איז געמעלאָכעט, האָט פול פליי אינ דער נאָז. האקלאל, „בע" האָט אלערליי טײַמימ, מעשונע ווילדע פיירושימ, ווי אשטייגער: רופ מיכ קנאקניסל, לאָד מיכ צומ אונסאנע טויקעס, מאכטייסע, קויי־מעמיוס, געסמאע דיר פארפול אונ נאָכ טײַטשנ אָנ א צאָל. דאָס ייִדישע קעפל שטויסט זיכ טאָמיד אָנ, ווּהינ דאָס וואָרט „בע" צילט, אונ פארשטייט דעמ רעכטנ פשאט דערפונ, ווי עס פאסט צומ איניענ. —

אלטערס לעצטער „בע" איז געווענ א ביטערס, מיט גרינע ווערעמ. אינ אימ איז געלעגנ עפּעס ווי כאראָטע, א באנק־טונ, א באשולדיקונג זיכ אליינ. עס האָט אימ זיכער געמוזט ליגנ אפנ הארצנ ווי א שטיינ זײַנ מיעסע באנעמונג אנטקעגנ דעמ ערשטנ ווײַב אונ די קינדער פונ איר, ער האָט געמוזט אינ איטלעכס אומגליק, וואָס אימ טרעפט, זענ א שטראָף פונ גאָט פאר זײַנע זינד.

דאָס האָט באשײַמפערלעכ ארויסגעוויזנ זײַנ ביטערער זיפצ אונ דאָס מאכ־געבנ מיט דער האנט, אויכ דער קראצ אינ פייע דערבײַ האָט אזויפיל געהייסנ: „פארבײַס די ליפּנ אונ שטומ... אינ דער ערד מיטנ קאָפּ!"

איכ האָב מיכ אינ הארצנ שטארק באשולדיקט, לעמײַ האָב איכ אופגערירט אלטערס אלטע ווּנדנ. דאָס איז טאקע די מײַסע מיט א ייִדנ, ארײַנצומישנ זיכ אינ יענעמס היימישע זאכנ אונ ארײַנצוקריכנ מיט שײַלעס יענעמ אינ דער נעשאָמע ארײַנ, בעשאס זי טוט ווײ אונ ווארגט זיכ, נעבעכ, מיט די צאָרעס שטילערהייט פאר זיכ אליינ. אכוצ־דעמ, האָט מיכ טאקע געערגערט, וואָס

די מי מיַינע איז אינגאנצנ פארלֿוירנ. אלֿטער האָט זיכ שוינ אזוי פיַינ צעוויגט אונ גערעדט מעכיַיע, דאָס צינגלֿ האָט געקלֿאפט ווי א זייגער, פלֿוצימ באדארפ איכ אָנרירנ אינעווייניק א רעדלֿ אונ דער אומרו איז געבֿליבֿנ שטיינ! · איבעראניַיס מיַינע מיטלֿ, איבעראניַיס פיזעמ ר׳ אלֿטערנ! איכ האָבֿ נישט געקארגט, וויַיטער איַינגעגעבֿנ אלֿטערנ רייד־מיטלֿ מיט דער פולֿער מאָס. צוגעפאסט צו אימ א גוט שלֿיסעלֿע, אָנגעדרייט אימ מיט קונצנ אונ דער אומרו, דאָס צינגלֿ זיַינס, האָט ווידער זיכ צעשאָקלֿט.

IV

— מיילֿע, שטיי איכ מיר אזוי נעבֿנ מיַינ ביַידלֿ. — האָט אלֿטער וויַיטער אָנגעהויבֿנ צו דערציילֿנ מיט זיַינ לֿאָשנ, — בעקיצער, ווי איכ שטיי מיר דאָ, קוק איכ אונ באטראכט מיר דעמ יאריד. א יאריד — א יאריד, עס קאָכט. דער אוילֿעמ איז גרויס. ייִדנ מאכנ געשעפטנ, שטארק פארטראָגנ, פּאָשעט זיי לֿעבֿנ. א ייִדעלֿע אפ א יאריד איז א פישעלֿע אינ וואסער. דאָרט, פארשטייט איר מיכ, לֿעבֿט עס. יאנקעוו אָווינעס בראָכע טאקע. וואָיִדגו — אונ זיי זאָלֿנ זיכ פישלֿענ, בעקערעוו האָאָרעצ — אפ דער וועלֿט. — עמעס, רעבֿ מענדעלֿע? שטייט טאקע אזוי געשריבֿנ ווי ייִדנ זאָגנ: „אפנ הימלֿ א יאריד"? הייסט עס, אפאָנעמ, די אוילֿעמהאבֿע פאר ייִדנ איז א יאריד!.. מיילֿע, שטייט — נישט שטייט, ייִדנ יארידעווענ, לֿויפנ, האנדלֿענ, שטייענ נישט איַינ אפ איינ אָרט. צווישנ די סאָכרימ זע איכ בערלֿ טעלֿעצע, אמאָלֿ א באהעלֿפער, דערנאָכ א מעשאָרעס, היַינט רעבֿ בער, שטייט מיט א גרויסער קלֿייט, פלֿאמט אפנ יאריד. בעקיצער, גאָרנישט. ס'איז א טארעראמ, א קאָכעניש. דאָרט, זע איכ, לֿויפט א ייִדלֿ, א צווייטער, א דריטער, אויכ פּאָרלֿעכ, פארשוויצט שטארק, דאָס מיצלֿ אפנ שפיצ קאָפּ, דאָ א טאפּ, דאָרט א טאפּ, א מאכ אהינ, א מאכ אהער, א דריי מיטנ גראָבֿנ פינגער אונ א קיַי דאָט שפיצ בערדלֿ, געפאלֿנ, אפאָנעמ, אפ א האמצאָע. עס לֿויפנ גאָר אָנ א נעשאָמע מעקלֿער, שאדכאָנימ, טאנדעטניקעס, מאכלֿיארקעס, קורעלֿאפניצעס, ייִדענעס מיטנ קוישנ, ייִדנ מיט טאָרבעס, מיט פינפ פינגער, באלֿעבעסלֿעכ מיט שטעקלֿעכ, באלֿעבאטימ מיט ביַיכלֿעכ, איטלֿעכנ פלֿאמט דאָס פּאָנעמ, נישטאָ קיינ ציַיט, א רענדלֿ א מינוט. מיילֿע בעקיצער — גאָרנישט, עס האָט אויסגעזענ, אָט כאפנ זיי דאָס גלֿיק. איַי־איַי, בינ איכ עס מעקאנע ווי איטלֿעכנ גייט דאָס מאזלֿ! איטלֿעכער פארדינט, שעפט גאָלֿד, אונ איכ, שלֿימאזלֿ, וואָס? שטיי ווי א לֿיימענער גוילֿעמ, פארלֿייג די הענט נעבֿנ מיַינ צעריסנ ביַידלֿ, באהאנגענ פונ ביידע זיַיטנ מיט ציצעס, קאמייעלֿעכ אונ אינעווייניק שמאָכטעס, פעקלֿעכ ספאָרימ, א קאטאָוועס, כלֿעבֿנ, טכינעס סאָרע־באס־טויווימ! סאָרע־באס־טויווימ אינגאנצנ איז ווערט א דריַיער... גיי לֿעבֿ, צעפיר זיכ מיט איר די הענט, מאכ כאסענע א מיידלֿ! איכ שעלֿט אינ הארצנ זיי, דאָס ביַידלֿ, די דארע שקאפע מיַינע, האלֿעוויַי וואָלֿטנ זיי אפ דער וועלֿט נישט געווענ! מע באדארפ פרווונ דאָס מאזלֿ, אויכ עפעס טונ, ארבֿעטנ. האשעמ ייִסבאָרעכ קענ עפשער ראכמאָנעס האָבֿנ, וואָס דענ? בעקיצער, עס פארגייסט זיכ מיר דאָס היטלֿ, עס פארקאטשענ זיכ מיר די ארבלֿ, מיַינע פיס גייענ צו, ווי פונ זיכ אלֿיינ, צו א וואָגנ, אונ באלֿד טאקע קיַי איכ מיר א שטרויעלֿע, וואָס איז פונעמ וואָגנ פארקראָכנ מיר גלֿיַיכ אינ מוילֿ אריַינ. מיילֿע. קיַי איכ מיר דאָס שטרויעלֿע, אונ דער מויעכ מיַינער ארבֿעט א קנייטשעלֿע אהער, אהינ אונ באלֿד טאקע א קלֿאפ מיטנ פינגער אינ שטערנ: ס'איז דאָ! א שיינ געשעפטלֿ, — א שידעכ צווישנ צוויי סאָכרימ, לֿיַיטישע מענטשנ, וואָס שטייענ מיט קלֿייטנ אפנ יאריד, פארשטייט איר מיכ. ווער? איינער איז רעבֿ עלֿיאָקימ, רעבֿ עלֿיאָקימ שאראָגראָדער! דער אנדערער — רעבֿ געצלֿ גריידינגער. פארבייג איכ מיר מיַינ אייסעק, אינ דער ערד מיטנ קאָפּ דאָס ביַידלֿ מיט דער שקאפע, מיט דעמ דרוקער אינייינעמ! טו מיכ א געשמאקנ נעמ צומ ניַיעמ אייסעקלֿ. לֿעמאזלֿ, עס רירט זיכ!.. א האָפענונג, עס וועט פאָרנ. בעקיצער, איכ טריַיבֿ אָנ, עס רוקט זיכ. מיַינער ווייסט נישט מער, ווי קאלֿענדרעווענ, לֿויפנ פונ רעבֿ געצלֿענ צו רעבֿ עלֿיאָקימענ, פונ רעבֿ עלֿיאָקימענ צו רעבֿ געצלֿענ. איכ לֿויפ שוינ, באָרעכאשעמ, לֿיַיטנ גלֿיַיכ, שטארק באשעפטיקט, נישט ערגער פונ אלֿע ייִדנ. איכ האָרעווע, אקער מיט דער נאָז די ערד, עס מוז ווערנ — אונ דאָ טאקע, אפ דעמ יאריד. וואָס דענ? איז דענ דאָ נאָכ א בעסער אָרט ווי אפנ יאריד? בעקיצער, אינ כאפעניש, אינ איַילֿעניש,

די מעכוטאָנים קוקן זיך אָן, איינער דעם אנדערן געפעלט, ביידע באקומען כיישעק, ווילן שטארק. נו, וואָס־זשע באדארף מען נאָך? אז ביידע מעכוטאָנים צאפּלען, ברענען, האָבן כיישעק און זענען פארטיק! . איך ווער גרעבער ווי לענגער פאר סימכע. דאָס פארדינסט איז בא מיר גלייך ווי אין קעשענע. איך קלער שוין אפילע, וויפל נאדן מײַנע בסולע צו געבן. איינשיטן האָב איך אָפּ דעם סמאך געהאנדלט שוין פריִער, שוין געהאלטן אפילע אין קויפן בא א טאנדעטניק א געניצט סאמעטן מענטעלע. העמדער — דאָס איז שוין די לעצטע דייגע, ווי גאָט וועט געבן... מיילע בעקיצער — גאָרנישט. נאָר הערט א מייסע, וואָס קען זיך פארלויפן! אז ס'איז נישטאָ קיין מאזל, זאָל מען בעסער נישט געבוירן ווערן. אז עס האלט שוין בא די טעפּ ברעכן און מע דער־מאָנט זיך גראָד ארום כאָסן־קאלע, לאָזט זיך גאָר אויס... וואָס מיינט איר? — א וויטעטק. כלעבן, צו דערציילן — לאָזט זיך גאָר אויס בוידעם! ניין, בוידעם איז נאָך א הונט, א גאָרנישט. עס לאָזט זיך אויס קאפויר! הערט נאָר דאָס אומגליק, דעם שטראָף פון גאָט! ביידע מעכוטאָנים האָבן — וואָס מיינט איר האָבן זיי? ביידע האָבן — באָכערים!...

— סטייטש, רעב אלטער! — שיס איך אויס מיט א געלעכטער, — איך בעט אייך איבער, ווי אן אייגענע מוטער: ווי פאלט איר אויס צו טון א שטוסעריי — רעדן א שידעך איידער איר ווייסט, ווער פון די מעכוטאָנים האָט א בסולע און ווער א באָכערל?

— אוודע, פשיטע! — גיט זיך אלטער א קרים שטארק מיט פארדראָס — איך האָב נאָך כלעבן, אזויפיל סייכל ווי אנדערע און באדארף מיך בא קיינעם נישט לערנען. כלעבן, איז ער דען ניט א ייִד און ווייסט דען נישט, וויאזוי עס ווערן שידוכים!! דאכט זיך, רעב מענדעלע, איר ווייסט זייער גוט דעם ייִדישן איינפיר, דעם גאנצן שטייגער אין דעם מעשאדעך זיין און כאסענע האָבן בא אונדז ייִדן. וואָס־זשע כידעשט איר זיך אזוי אָפּ דעם אומגליק מיינעם, וואָס האָט זייער גרינג געקאָנט מיט איטלעכן זיך מאכן? — איך האָב זייער וויל געוווסט, אז בא רעב עליאָקימען איז מעכוייעס צו זיין א בסולע, און נאָך וואָס פאר א בסולע! אזא שטיק גאָלד זאָל איך האָבן! איך האָב זי מיט א יאָר פריִער געזען אליין מיט מיינע אויגן, אזוי זאָל איך זען פיל גוטס. ניש־מער — גאָרנישט, אז קיין מאזל איז נישטאָ, העלפט נישט קיין כאָכמעס. באדארף די שיינע בסולע קיין צייט נישט האָבן און אָפּ צעשפּרינגעניש כאסענע האָבן. עפּעס אן אויסכאפּעניש אָפּ איר געקומען ווי אין דער בעהאָלע. איך זאָל דאָס אָנהייבן כאָטש עפּעס צו ווייסן. וויסן זאָל איך אזוי פון מײַן דאלעס! הײַנט פרעג איך אייך, אדעראבע, געדענקט־זשע, אז איך רעד וועגן דעם שידעך און זאָג גאנץ ייִדישלעך, ווי געוויינטלעך: רעב עליאָקים! איך וויל אייך מעשאדעך זיין מיט רעב געצלען. ווען האָב איך פון מײַן זײַט געקענט מיינען? מיסטאמע רעב עליאָקימס בסולע. זי, עס פארשטייט זיך, מיט רעב געצלס באָכערל. ארויסרעדן עס בעפּיירעש איז נאָר א געלעכטער, א איבעריקע זאך, וואָרעם די קאשע איז דאָך: פשיטע! וואָס לאָזטו מיך הערן? עס פארשטייט זיך, אז נעמען נעמען זיך ניט צוויי זכאָרים. ווי דען־זשע? א זאָכער מיט א נעקייווע, ווי דער שטייגער איז. דאכט זיך פון מײַן זײַט האָב איך געהאנדלט ווי עס געהער צו זיין. קיי־נער, בא מיינע ייִדישקייט, וואָלט בעסער נישט געהאנדלט. בעקיצער, איך האָב גערעדט ריין, שארף, דעם רעכטן איקער מיקויעך נאדן, מיקויעך קעסט. דערביי מוזט איר נישט פארגעסן, אז אָפּ א יאריד, און דערצו נאָך מיט סאָכרים, קען מען גאָרנישט רעדן איבעריקע רייד, ביי־זאכן, נאָר געציילטע ווערטער, דעם איקער, דאָס געשעפט אליין: נישטאָ קיין צייט. מיילע האָט איר אייך אן ענטפער פון מײַן זײַט. הײַנט לאָמיר גיין צו רעב עליאָקימען. רעב עליאָקים ווידער פון זײַן זײַט, הערנדיק, ווי איך רעד אים א שידעך מיט רעב געצלען, האָט זיכער דערונטער געמיינט זײַן באָכער, אנדערש קאָן עס דאָך גאָר נישט זיין. אים אליין רעדט מען מיט רעב געצ־לען? ווי שיקט זיך עס! און איינפאלן א בסולע האָט אים אויך נישט געקענט, אז ער ווייסט בא זיך זייער גוט, ער האָט כאסענע צו מאכן א באָכער, נישט קיין בסולע. מיילע, קומט אויס, ביידע זײַנען גערעכט. נישמער — גאָרנישט. הײַנט פארשטייט איר שוין?

— בע!.. — מאך איך קאם איינהאלטנדיק זיך פאר געלעכטער און אָנטוענדיק זיך א קויעך אָנ־צונעמען אן ערנסט פּאָנעם.

— נו, געלויבט איז גאָט, אבי איר פארשטייט! — זאָגט אלטער, א טייטש געבנדיק אָפּ מיר מיטן גראָבן פינגער און מאכנדיק דערביי צעצויגן „אָ!", גלייך ווי איך האָב מיט מײַן „בע" גע־טראָפן פונקט אין קארב.

און דעם עמעס מוז איך זאָגן, איז מיר אַלטערס דערקלערונג אַרײַן טאַקע דערנאָך אין קאָפּ. טאַ, פּאַרוואָס ניט? אַף דעם ייִדישן גאַנג, ווי עס ווערן געשלאָסן שידוכים בײַ אונדז, פּאַרוואָס זאָל זיך טאַקע אַזוינס ניט מאַכן? — עס כאַפּט זיך מיר פֿונעם מויל אַרויס נאָכאַמאָל „בע״, אַ קוק געבנדיק אַף אַלטערן עפּעס גאָר פֿרײַנטלעך.

— אַ, יאָ! — מאַכט אַלטער, ווײַטער אַ טײַט געבנדיק מיטן פֿינגער, — אַ, יאָ, איר פֿאַרשטייט! נישמער — גאָרנישט. איר זײַט נאָך נישט פֿאַרטיק. עס האָט נאָך געצאַנקט אין מיר עפּעס אַ האָפֿענונג. נעם איך מיך צו אַן אײַסעקל, לאָז איך עס אַזוי נישט אָפּ.

— רעב אַלטער, גאָט איז מיט אײַך! וואָס רעדט איר? — שפּרינג איך אױש אונטער פֿאַר גרויס ווונדער און מײַן זיכער, אַלטער איז אין נאמעז פֿאַר גרויס היץ מעשוגע געוואָרן, — וואָס פֿאַר אַ האָפֿענונג, ר׳ אַלטער, האָט געקענט איבערבלײַבן נאָכדעם, אַז עס האָט זיך אַרויסבאַוויזן צוויי כאַסאַנים?!

— לאָזט זיך דינען! — נעמט מיך אײַן אַלטער, — לאָזט זיך דינען, רעב מענדעלע! ס׳איז רעכט. עס האָט זיך נאָך געשלאָגן בײַ מיר אַן אָדער. גאָט גיט די רעפֿוע פֿאַר דער מאַקע, פֿאַרשטייט איר מיך, עס האָט געטאַנצט אין קאָן טעלעצע. נאָך גאָר אַפֿן אָנהייב איז מיר אַרײַנגעפֿאַלן טעלעצע. דאָרטן זײַנען שוין מיידלעך זיכערע, איר מעגט מיר גלייבן. עס האָט מיר טכילעס זיך געדרייט אין קאָפּ מיטאַמאָל: עליאָקימ, געצל, טעלעצע. פֿון זיי האָט מען געדאַרפֿט אויסקלײַבן אַ פּאָר. האָב איך באַדאַרפֿט גראָד בלײַבן בײַ רעב עליאָקימען, און טעלעצע דערווײַל אוועקשטעלן אין דער זײַט. מיילע, אַז דאָס אומגליק האָט מיך דאָ אַזוי געטראָפֿן, וואָס-זשע טוט מען? באַדאַרף מען אַרויספֿירן אַפֿן פּלאַץ טעלעצע, געהויכט, געקרוינט שוין מיט דער גאַנצער מוירײנו: ר׳ בעריש׳ל! בעקיצער, איך פֿאַרבײַ דעם פֿעלער בײַ די פֿריִע-דיקע ביידע צדאָדים. שולדיק-שמולדיק זיי אַביסל, איך אַביסל, און אַביסל אויך דאָס מאַזל אונדזערס. מיסטאַמע איז ניט געווען מין האַשאָמאַיִם, נישט באַשערט, פֿאַרשטייט איר מיך?.. עס הייבט זיך אָן דער גרויסער מיזמער: ר׳ בעריש׳ל איז אָן אײנאָרע אַ גוויר, אַ דימענט, אַ באַל-צדאָקע, אַ גאַבע אין פֿיל כעווערס. סטײַטש, רעב בעריש׳ל! רעם טיטל „כאָכעם״ רעכן איך נישט, ווײַל עס פֿאַרשטייט זיך אַליין, עס ליגט שוין אין דעם נאָמען גוויר... מיילע גאָרנישט. דער פּונק האָפֿענונג האָט אין מיר זיך אַלץ ווײַטער מער צעברענט. גאַם זון לעטויווע, טראַכט איך, וואָס זענען ווי בוימל אַפֿן וואַסער אַרופֿגעשוואומען צוויי באָכערים, אַצינד איז דאָ פֿאַר זיי ביידע טאַקע צוויי בסולעס, גלײַך ווי אָנגעמאָסטן. רעב בעריש׳ל וועט מיר צורעכט מאַכן אַלצדינג און עס וועט אימירצעשעם זײַן גוט. אַהער — אַהין, בעקיצער, איך אַרבעט אַף אַלע קיילים. איך האָב ווײַטער דאָס לויפֿעניש. דאַכט זיך, אין פּלוג, גאָר נישקאָשעדיק, עס האַלט אַף אַ שטיקל שטייגער, נישמער — גאָרנישט. באַדאַרף זיך אינמיטנדרינען אויסלאָזן דער יאַריד. אַ איבערקערעניש. אַלע צעפּאָרן זיך, צעלויפֿן זיך, אויס געשעפֿטן, און פֿאַרפֿאַלן מײַן מי, אַזויפֿיל מי!

— הײַנט פֿאַרשטייט איר? — ווענדעט זיך אַלטער צו מיר מיט אַ ניגן פֿון געבעט, אויסשטרעקנדיק ביידע הענט, ווי ער קלאָגט זיך, גיסט אויס זײַן שווער, ביטער האַרץ און פֿאַרלאַנגט פֿון מיר עפּעס אַ הילף, — פֿאַרשטייט איר שוין? אַז ס׳איז ניטאָ קיין מאַזל, דאָס פּיצעלע מאַזל, העלפֿן נישט אַלע כאָכמעס. אוי, אַ צאָרן פֿון גאָט איז שוין פֿון אַ צײַט אַף מיר אויסגעגאָסן געוואָרן, אַ שטראָף פֿאַר מײַנע זינד. — „אַף מעזומענע געלט״! — זאָגט איר? אַ איבעריקן גראָשן האָב איך דען אין קעשענע, אַז אָך און וויי און ווינד איז מיר!

— אײַ, ווי אין באָד! — צעהיצט איך מיך אַף אַ קאָל און טו מיך אַ געשמאַקן רוק.

אַלטער שטעלט אַף מיר אויס אַ פּאָר אויגן, שאָקלט מיט דעם קאָפּ, שטאַרק אופֿגעבראַכט, מאַכנדיק דערבײַ ווי אין דער וועלט אַרײַן:

— אַ גאַנג אַביסל פֿון אַ ייִדן! אַ מענטש ווערט, סאָנע-ציִען, צעזעצט, די גאַל שפּרינגט אים פֿאַר צאָרעס, רעדט, און ער — גאָרנישט! האָט אין זינען זײַן נעפֿעשל. אַ קאַטאָוועס, ס׳איז הייס ווי אין באָד! וועט צעשמאָלצן ווערן... איך פֿאַרשטיי, נישקאָשע, ייִדישע אָנשטעלן, דאָס ווייל אַ ייִד אַ כאַפּ טון זיך צוריק, אַרויסזעענדיק, אַז בײַ יענעם איז קיין מעזומאָנים נישטאָ, קיין געשעפֿטן מיט אים וועט ער נישט מאַכן.

— כלעבן... — רוף איך מיך אָן, אַ צי געבנדיק אַלטערן פֿאַר דער באָרד, קאַמינהעג ייִד. — וואָס פֿאַלט אײַך אײַן, רעב אַלטער, אַזעלכס צו טראַכטן? איך מיין גאָר עפּעס אַנדערש — אײַער

סאָפּ מײַסע אצינד אפּ דעם יאריד האָט מיר דערמאָנט אינ זײער א שײנער מײַסע אמאָל אינ באָד, װאָס ליגט מיר אדאיעמ אינ טאמ אונ קענ עס נישט פארגעסנ. אויכ די אײגענע מײַסע, עס זאָל דאָס פעלנ א האָר. נאָר דאָרט איז עס געװענ בעקיצער אונ זיכ אויסגעלאָזט מיטנ קנאק. מע מעג עס הערנ. אָ, איר שװיצט, רעב אלטער! רוקט זיכ, זײַט מויכל, א קאפּעלע אהינ, װעל איכ מיר ליגנ אָט אזוי מיט דעמ רוקנ צו דער זונ אונ דערצײלנ.

אלטער װישט מיטנ עק ארבל פונעמ העמד אָפּ דעמ שװײס פונ זײַנ פּאָנעמ, נעמט פונ דער בוזעמ־קעשענע ארויס זײַנ פּאָרצעלײַענע פּיפּקעלע מיט עפּעס א יעפײפיִע אויסגעמאָלט דערופּ, מאכט אויס מיט א דרעטל, װאָס הענגט אפּ א קײטעלע באמ טעמבאקאָװנ דעקל פונ דעמ ליולקעלע, דאָס קורצע ציבעכל, פונ װעלכס דאָס דינע אויסגעבויגענע מונדשטוקל, װי אויכ דער אונטערשטער טײל, זײַנענ גרוי־שװארצלעכע בײנדעלעכ אונ דאָס מיטל־שטיקל א װײכס, אויסגעהעפּט ארומ מיט זאמד־פּאטשערקעס, פּארויכערט דערנאָכ דאָס פּיפּקעלע, טוט דערבײַ א קלײנ קוקעלע אפּ דער יעפײפיִע אונ ציט זיכ אויס, װי גרויס ער איז, אונטער דעמ בוימ. איכ הוסט מיכ אויס, טו מיכ א רוק אונ הײב אָנ מײַנ מײַסע אזוי:

V

אינ דער גלופּסקער געמויערטער באָד האלט זיכ זינט א לאנגער צײַט אופּ א באָכער — פּישקע דער קרומער. װער פּישקע איז, פונװאנענ ער איז — דאָס איז נישט מיר, נישט קײנעמ אײַנגעפאלנ צו װיסנ. גאָרנישט! עס דרײט זיכ ארומ א באשעפעניש, א פּישקע, װי אלע אנדערע פארװאָרלאָזטע נעפאשעס זײַנ גלײַכנ, װאָס גיבנ זיכ א װײַז בא אונדז, ייִדישע קינדער, עפּעס פונ דער העלער הויט, װי די שװעמלעכ, פּארטיק מיטאמאָל, מיט די אלע כײנדלעכ, מע זאָל עס געװענ אָנהײבנ זענ, װי זײ האָבנ ביסלעכװײַז געשפּראָצט, כאָטש האָבנ פונ זײ פריִער עפּעס א סימענ!... עס זיצנ זיכ ערגעצ אינ לעכער קאַצאָנימ, קינדלענ זיכ שטילערהײט — װעמעס אײסעק איז עס? — פּרוכפּערנ זיכ אונ מערנ. ס׳איז אָנ אײנאָרע א גרויס גערעטעניש. דאָס קלײנװארג גיט זיכ א הײב אפּ די פּיסלעכ אונ פּלוצימ שפּרינגענ ארויס אינ דער װעלט פרישצאפּלדיקע קלײנע ייִדעלעכ: פּישקעלעכ, כײַקעלעכ, כאיִמלעכ, יאָסעלעכ, — נאקעטע, באָרװעסע, מיט לײַבסערדאקלעכ, פּלאָנטערנ זיכ אומעטומ פאר די פּיס, אפּ די גאסנ, אינ די הײַזער אונ אינ די קלײַזלעכ. קײנ שטארק גרויסנ פארשױנ קענ מענ פּישקענ נישט אָנרופנ. ער־האָט א גרויסנ פּלאטשיקנ קאָפּ, א ברײט גרויס מויל מיט געלע קרומע צײנ, רעדט שטשיפּיליאװע, קענ נישט קײנ „רײש” שאַרפ ארויסזאָגנ אונ הינקט שטארק אפּ א פוס. פּישקע איז שוינ געװענ אינ די יאָרנ, פונזײַנעטװעגנ האָט ער שוינ געקענט לאנג כאסענע האָבנ אונ מעזאקע זײַנ גלופּסק מיט עטלעכע קינדערלעכ; נאָר, אפּ זײַנ פּינצטער מאזל, האָט מענ אינ אימ זיכ פארגעסנ, אונ ער איז, װי א פוילער מינ אינ אונדזער ספּאָרימ־האנדל, געװאָרנ א לעגער־סכוירע. מע האָט אינ אימ זיכ פארגעסנ אפּילע בעשאס דעמ רעקרוטנ־נעמענ פאר כאָליערע־כאסאנימ, דאָס הײסט: בעשאס גלופּסקער קאָהאָל האָט געכאפּט אינ דער קעהילע װיסטע קאליקעס, דראבעס, שלעפּערס אונ זײ כאסענע געמאכט אפּ דעמ הײליקנ אָרט צװישנ די קװאָרימ, מיט אבי־אָט מײדלעכ, ביכדײ דורכדעמ זאָל די שלאָפּקײַט אופהערנ. אָנשטאָט אימ האָט קאָהאָל דאָס ערשטע מאָל מעכאבעד געװענ מיט כאסענע האָבנ דעמ בארימכנ קאליקע יאָנטלענ, װאָס רוקט זיכ אפּ זײַנ געזועס מיט צװײ קלײנע הילצערנע בענקעלעכ אינ די הענט, מע האָט אימ געפּאָרט מיט דער אָרעמער ייִדענע, די מעפורסעמעס, װאָס האָט גרויסע צײנ װי לאָפּעטעס, אָנ אנ אונטערשטע ליפּ. די כאָליערע האָט זיכ פאר זײ שטארק דערשראָקנ, אונ נאָכדעמ, אז זי האָט פאר שרעק מאזיק געװענ אינ גלופּסק אסאכ מענטשנ, האָט זי געכאפּט די פּיס אפּ די פּלײצעט אונ איז אנטלאָפנ... דאָס צװײטע מאָל האָט מענ אויסגעקליבנ נאָכעמצע דעמ שטאָט־מענעגע, דעמ געװיסנ לעקיש. לעקיש האָט אפּ דעמ בײסוילעמ, פאר א גאנצער אײדע שײנע ייִדנ, צוגעדעקט דעמ קאָפּ פונ יענער מויד, װאָס איר קאָפּ איז פונ קינדװײַז־אָנ באדעקט, איכ בעט אײַכ מעכילע, מיט א קרוינ אונ אפּ װעלכער עס גײט ארומ אינ שטאָט א קלאנג, אז זי איז אנ אנדרויגינעס. דער אוילעמ, זאָגט מענ, האָט אפּ זײער כאסענע זיכ גאנצ שטארק מעסאמײעכ געװענ, מע האָט זיכ װויל געטאָנ אונ עפּעס גאָר א יאמ בראָנפנ צװישנ די מאצײװעס אויסגעטרונקענ. אָט, האָט מענ געזאָגט, נישקאָשע! לאָז זיכ ייִדנ פּרוכפּערנ,

לאָזן ייִדישע קינדער, דער כאָליערע אָפּ צעשפּרינגעניש, זיך מערן, לאָזן אָרעמע קאַליקעס נעבעך אויך האַנאָע האָבן... נישט דאָס בין איך אויסן. האַקלאַל, פּישקען האָט קאָהאָל פאַרגעסן. אָפּ גלופּסק איז געקומען ווײַטער א כאָליערע, און פּישקען האָט עס פאָרט נישט געהאָלפן. ער איז געבליבן א באָכער ווי פריִער. אפילע די מומע אָן א נאָז, וואָס איר שטייגער איז צו העצקען זיך אין מיטן דער גאס, בעשאס איר קלעזמערל סקריפּעט אָפּ עפּעס א מין פידעלע, צווינגענדיק דערצו אָפּן בײַקעלכן, נעמט צונויף אָפּ א טעלערל נעדאָוועס, ביכדיי צוויי מייסים זאָלן גיין טאַנצן, קאַליקעס, קאַפּצאָנים, אָרעמע מיידלעך זאָלן כאָלילע נישט פאַרזיצן, — אפילע די גוטע, בארעמהארציקע מומעניו האָט אין פּישקען זיך גאָר פאַרגעסן און אים געלאָזט אומגיין אָן א ווײַב. ס'איז אוודע, נעבעך, א גרויס ראכמאָנעס, א צארבאַלעכאיִם, נאָר מיסטאָמע איז זײַן מאזל שוין געווען אזוינס. פּישקעס גאנג איז געווען געוויינטלעך באָרוועס, אָן א קאפּאָטע, נאָר אין א גראָב געלאטעט העמד מיט א לאנגן פאַרשמאָלצעוועטן ארבעקאנפעס און טאכטוינים פון גראָבע לײַוונט מיט אסאך פאלדן. זײַן ארבעט איז געווען צו גיין רופן אָפּ דער גאס: „באַלעבאטים, אין באָד ארײַן!" פרײַטיק און „ווײַבערלעך, אין באָד ארײַן!" מיטוואָך. זומער, ווען עס פלעגט זיך אָנהייבן ווײַזן גאָרטנווארג, האָט אין דער ייִדישער גאס זיך געלאָזט הערן זײַן קאָל ווי פון א שלײַען: „ייִדעלעך, אהער! יונגער קנאָבל, ייִדעלעך!" אין באָד פלעגט ער היטן דאָס אָנטאָן, אונטערטראָגן א שעפּעלע וואסער, ארײַנלאָזן א קויטיק העמד אין דעם ארבל ארײַן מיט א קנופּ אינעווייניק, ווי א מײַסטער, דערלאנגט א קויל פײַער, וואָרפנדיק עס פון איין האנט אין דער אנדערער, צו פארויכערן א ציגאר־טיטון, און כאפּן דערפאר מיטאמאָל א הארטן צווייער, אָדער א דרײַער. פּישקע האָט זיך שוין גערעכנט דערמיט פאר א שטיקל קלייקוידעש און געהאט דאָס רעכט אָפּ געוויסע זאכן, ווי אשטייגער: ארומגיין איניינעם מיט דעם פּעקל שמײַסער, באָדלײַט, איבער די הײַזער נאָך פורים־געלט, כאנוקע־געלט, קומען מיט דער קאָמפּאניע אָפּ א לעקעך־און בראָנפן, אָפּ א קרישמע־לייענען, אָפּ א ברית בא באלעבאטים אין באָד און כאפּן א קויסע מיט א שטיקל האָניק־לעקעך און ארומגיין פייסעך מיט א טאָרבע צונויפנעמען בא די באלעבאטים שטיקלעך מאצע. איך האָב פּישקען זייער גוט געקענט, פלעג ליב האָבן ארײַנצולאָזן זיך מיט אים אין א שמועס און אָנקוועלן אמאָל פון זײַנע ווערטער. ער איז גאָרנישט געווען אזא מיִעסער שויטע, ווי ער האָט אויסגעזען. וואָרעם ווען איך בין נאָר אין גלופּסק, איז בא מיר די ערשטע זאך פון אלע מעלאָכעס זיך אראָפּצוכאפּן אין דער געמוי־ערטער באָד, אויסצופּרוזען די זאכן, די זאָקן און צעפּארען די ביינער אָפּ דער אייבערשטער באנק. זאָגט אײַך וואָס איר ווילט, דאָס איז דער בעסטער טײַנעג בא מיר. וואָס קען, דאכט זיך, בעסער זײַן פון שוויצן? איך זאָג אײַך בעפּיירעש נאָכאמאָל, אצינד־אָ אפילע וואָלט איך אויך שטארק האנאָע געהאָט פונעם ביסל שווייס, ווען די זון זאָל מיר נישט זײַן אנטקעגן פּאָנעם.

— רוקט זיך נאָר, רעב אלטער! רוקט זיך, זײַט מויכל, ווײַטער אביסל! — אָ, איר האָט איצט אָן אײַנאָרע דעם גוטן שווייס! טוט זיך נאָר, זײַט מויכל, א רוק אָט אזוי, אזוי.

— נו, אן עק, א סאָפּ זאָל עס האָבן! — מאכט אלטער אָנגעברויגעזט, — איך ליג שוין, דאכט זיך, גוט. ציט נישט, איך בעט אײַך, בא דער נעשאָמע און מאכט עס בעקיצער.

— האָט צײַט, רעב אלטער! דער טאָג איז נאָך גרויס. — רופ איך מיך אָן און הייב אָן ווײַטער צו דערציילן:

— אז איך בין געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק אין גלופּסק און פונדערווײַטנס אָפּ דער גאס דערזען פּישקען, בין איך פּאָשעט אויס דער הויט געשפּרונגען פאר גרויס ווונדער. פּישקע מײַנער, זע איך, גייט מיט די קרומע פיס, אָנגעטאָן ווי א שטשאָגאָל אין א שפּאָגל־נײַע טשערקאַסענע קאפּאָטע מיט נײַע שיך און זאָקן. אָפּן קאָפּ א גרויס פליסן היטל און אָפּן הארצ בלישטשעט אים, ערשט נײַ פון דער נאָדל, א לײַבצודעק פון הארט אָנגעקראָכמעליעטן ציץ מיט גרויסע רויטע קווייטן! וואָס קען עס באטײַטן? — טראכט איך בא מיר. — זאָל זײַן עפּשער, קאָהאָל האָט אים אויסגעקליבן פאָרט פאר א כאָליערע־כאָסן? נאָר אָפּ גלופּסק אָבער איז אין יענעם יאָר קיין כאָליערע נישט געקומען. נישט דעריבער, ווײַל מע האָט עפּשער אויסגערייניקט דעם טײַך, צוגענומען די בערגלעך איפּעשדיקע בלאָטע און די געפּייגערטע קעץ פון די גאסן, אָדער באלעבאטים האָבן געמאכט א האסלע, אפּצולאָכעס דעם גאנצ אלטן מינהעג, ווײַטער נישט אויסצושיטן דעם מיסט, אויסצוגיסן די פּאָמעניצעס אונטער דער נאָז, פאר די הײַזער, כאָלילע! ווי

קען מען אף אזא ייִדישער קעהילע אזוינס גאָר טראַכטן? נאָר וואָס דען? ס'איז גלאט געווען נאָר ריינע ניסים... ייִדן האָבן אפילע דענסטמאָל זיך געקלאָגט אף די בײַכער, צוביסלעכווײַז אויך אונטערגעשטאָרבן, נאָר דאָס איז געווען גלאט אזוי, אן איבערגאנג. מע האָט עס צוגעשריבן די גרינע אוגערקעס. דער אָרעמער אוילעם האָט מיט א הייסן הונגער זיך צוגעכאפּט צום יונגן גאָרטנוואַרג און... ס'איז געלויבט גאָט, מיט כעסעד... נישט דאָס בין איך אויסן. דערווײַל, ווי איך טראַכט דאָ און וואונדער מיך אזוי, איז פישקע פארשוווּנדן געוואָרן. גראָד בין איך, נישט הײַנט געדאַכט, דענסטמאָל געפאלן אף די קריזשעס, געליטן שטעכעניש. שוין טאַקע א לאַנגע צײַט נישט געלאָזט צו דער אָדער, נישט געשטעלט קיין באַנקעס, אכוץ נאָר קעגן א צען פּיאווקעלעך אין דער גאנצער צײַט פון עטלעכע כאדאָשים!... נו, האָב איך מיר פּירגענומען, מאָרגן, בעלי־ניידער, גיי איך באַצײַטנס אין באָד, וועל דאָרטן צוברענגען גוטע עטלעכע שאָ און שוין אָנשמעקן דאָרט אלצדינג... נישט דאַפקע וועגן פישקען אליין, ווי אויך טאַקע וועגן אנדערע וויכטיקע זאכן: מיקויעך פּאָליטיקע, פּאָטשטן און אלצדינג, וואָס קאָכט זיך, פארלויפט זיך אף דער וועלט און אין דער שטאָט. דאָס איינציקע שטיקל אָרט פאר ייִדן אף צו שמעקן, ארויסצוגעבן וואָס עס בורטשעט אינעווייניק אין זיך און כאפּן צוריק עפּעס א לעק פון אנדערע. דאָרט, אין דער באָד, ווערט מען געוואָר פון זייער פיל סוידעס, דאָרט ווערט אָפּגעמאַכט זייער פיל געשעפטן און סע רודעוועט זיך מער נאָך ווי אף א יאריד. מע באַדאַרף אהין קומען אין פרײַטיק, זעט מען שיינס: אין איין ווינקל זיצן רויפים מיט דעם קלאפּערגעצײַג, ארום זיי ייִדן אסאַך. איין רויפע גאָלט קעפּ, דער אנדערער רויפע מיט א בריטווע צעקאַראַשעט פּלייצעס, שטעלט באַנקעס דעם, כאַפּט אראָפּ געשטעלטע באַנקעס בא יענעם, און ייִדיש בלוט גיסט זיך טײַכנווײַז אף דעם פּאָל, אונטער מענטשן, פארמישט אינאיינעם מיט בלעטלעך פון בעזעמער און אָפּגעגאָלטע האָר. דעם רויפעס ברענענדיק ליכטל שמעלצט זיך מיט א צעפלאָכטענעם קנויט, שפּריצט, בריזגעט מיט א בייזער, מיט א פלאַם־פײַער פון מיסע־מעשונע־קאָליר... — אף די ווענט, אף דער סטעליע נעבן אויוון הענגען, ווי אין דעם גרעסטן מאגאזין, אלערליי קליידער: העמדער, זאָקן, קאָל־אמינע לײַבצודעקן, אלע סאָרטן טאַכטויינים, קאַפּטנס, קאַפּאָטעס, אויך קײַלעכדיקע פעלפּענע היטלען. — פון דער אייבערשטער באַנק לאָזן זיך הערן שרעקלעכע קוילעס. א טייל ייִדן ליגן דאָרט אָן קויכעס, זיפצן און קרעכצן, א טייל זײַנען געוואָפנט מיט בעזעמלעך און שרײַען: גוואַלד, ייִדישע קינדער! גוואַלד, האָט ראַכמאָנעס! גוואַלד! גוואַלד, פּאַרע!... אין באָד ווערט קאַלט, אלע שרײַען, און איינער שטרעקט גיט אויס א האַנט אופצוגיסן אפּן שטיין, ביז צום סאָף געפינט זיך עפּעס א ווײַסעכעווּרעניק אַזן מאַכט אָן אזא היץ ווי אין גענעם, אף דערשטיקט צו ווערן. צוויי אויסגעווייקטע ייִדן שלאָגן זיך דאָרט פאר א ראַשקעלע, אויסרײַסנדיק איינער פונעם אנדערנס הענט מיט זידלערײַ, א שרעק! א דאַרער מעלאַמעד, וואָס בלאָנקעט זיך דאָ ארום אָן געצײַג, לייגט זיך ארײַן אין שאָלעם, מאַכט א פּשאָרע — און אלע דרײַ טונקען זייערע פארשמאָלצעוועטע פּאַטשיילכענס און וואַשן זיך פון איין ראַשקעלע. אויבנאָן אין א קופּקעלע זיצן מעיוכאָסים, נעגידים, לײַטישע מענטשן און שמועסן אייסעק, פון טאָכ־זאכן: מיקויעך דער טאַקסע, מיקויעך הײַנטיקע אַזעספּענעמער, מיקויעך דעם נאַבאָר, מיקויעך די וויבאָרעס אף גלאסנעס, אף א ראָוו, מיקויעך אכצן און דרײַצן און מיקויעך דעם נײַעם פּאָליצמייסטער. צו זיי שאַרט זיך צו ווי א קעצעלע עפּעס א שיינער ייִד און מאַכט א שמועס מיקויעך דער טאַלמעטוירע, מיקויעך די נײַע גזיירעס, מיקויעך כאטאָיִם אין שטאָט און ראָמט דערבײַ איטלעכן אײַן סוידעס אין אויער... פלוצים קומט־צו איינער א ווילער יונג, וואָס שאַרפט די ציינער אף גלאסנע, און פארבעט מיט א כניפּע־שמייכעלע אף דער אייבערשטער באַנק דעם גרעסטן יאכסן און באַל־דייע, וועלכן ער וויל אביסל אויספּאַרען טשאַקנדיק מיט זײַן קאָוועד אליין. דער שיינער ייִד, וואָס האָט אויך א קוק אף עפּעס א היסמאַנעס און וויל אָפּלעקן א ביין, פּאַלט דעסגלײַכן אף דער אייגענער האמצאָע, מוט זיך א בייג מיט א כניפּעלע און פארבעט אויך א יאכסן צום טאַנץ. אלע קריכן־ארויף אויבן אף דער באַנק, די בעזעמלעך הייבן זיך, און די געשעפטן זײַנען אָפּגעמאַכט... ביזכוס מעיוכאָסים ווערט אין באָד געשמאַק הייס. קליין און גרויס, יונג און אַלט כאַפּן זיך צו די קיילים. דער אוילעם קרעכצט, אײַקעט, פּאָסמאַקעוועט זיך אף אלערליי קוילעס, און דענסטמאָל קריכט מײַנער ארויף העט־העט הויך אין א ווינקעלע, ביעכידעס — פאַר זיך אליין, און טוט זיך א נעם פארען די ביינער אף וואָס די וועלט שטייט.

— אוי, רעב אלטער, א רוק! כאַטש א קליין רוקעלע, אהינ, אהינ, אביסל קיינ צאַפנ־זײַט!..

אלטער קוקט מיך אָנ עפעס ווי אנ אַנשיקעניש, מאכנדיק מיט די אקסלענ: נא, נא!

— האָט צײַט אביסל, — נעם איך אים אײַנ, — וואָס איז אזוי דאָס כאפעניש? באלד. באלד! לאָמיך נאָר א קאפעלע זיך אָפּרוענ.

## VI

אלטער האָט זיך עפעס צו שטארק געפּאָרעט מיט דעמ מונדשטוקל, וואָס איז געווענ מיעס פארלייגט. דערנאָך האָט ער עס אָפּגעדרייט פונ ציבעכל, שילטנדיק עס מיט פארדראָס, איינגעזעצט אָנשטאָט אימ א גענדזנ פענדל, פארויכערט אפ דאָס נײַ זײַנ פיפקעלע — פופּ־פופּ־פופּ — אונ ארויסגעלאָזט ווי פונ א קוימענ א גאנצנ וואָלקנ רויך. איך האָב אביסל אויסגעגלײַכט די אלטעביינער אונ ווײַטער אָנגעהויבנ צו דערציילנ.

אפ מאָרגנ בינ איך געקומענ אינ באָד באצײַטנס, אסאך פריִער איידער דער אוילעמ איז זיך ביסלעכווײַז צונויפגעקומענ. בערל דער שמײַסער איז הויז אפ א באנק צווישנ ראשקעלעך, אופגעשטעלט ווי א טורעמ איינע אינ די אנדערע, אונ געבונדנ בעזעמלעך, איבערקוקנדיק די בלעטלעך מיט אזא ערנסט פּאָנעמ, ווי א ייִדענע קלויבט ארבעס. נישט ווײַט פונ אימ שטייט נעבנ אויוונ איציק דער היטער, א ייִד מיט א גרויסער באָרד, וואָס איז אינ דעמ ברויט א יאָר דרײַסיק, טוט נישט מער ווי קוקנ מיט צונויפגעלייגטע הענט אפ די פעקלעך זאכנ, צווינטשעווענ איטלעכנ באמ ארויסגיינ פונ מערכעץ „צו רעפוע!” אונ ציט דערפינ דאָס שטיקל פארנאָסע. ער גענעצט אפ א קאָל, אויסציִענדיק דערבײַ די הענט אינדערהייך, מאכט א כעזשבנ, וויפל דאָס ווײַב בעט אפ שאבעס, שמועסט איבער מיט בערלענ פונ די הײַנטיקע שיינע פארדינסטנ, שפעט אויס איטלעכנ פונ די באלעבאטימ באזונדער, מאכט אלע אויסצודרייענ, דער איז אזוינער, יענער — אזוינער, נישטאָ די מענטשנ וואָס אמאָל, גאָר נישט דאָס מערכעץ וואָס פריִער. וויניקער פונ א זעקסער האָט דער קארגסטער נישט געוווסט, אונ הײַנט... טוט ער א שפײַ אונ לאָזט אויס: הײַנט מעגנ זיי אלע די קאפּאָרע ווערנ!

בערל אונ איציק האָבנ מיר געמאכט א גרויסנ באָרעכאבע. שוינ טאקע א היפשע צײַט, אז מיר האָבנ זיך נישט געזעענ אונ איך בינ בא זיי געווענ זייער אנ אָנגעלייגטער גאסט. מיר האָבנ זיך צעשמועסט וועגנ פיל זאכנ אונ איך בינ אינדערמיט שמועס ארופגעקומענ אפ פישקענ. — ווו, פרעג איך, איז אונדזער פישקע?

— פישקע! — מאכט בערל, א טרעסע געבנדיק דאָס בעזעמל, — הע, הע! פישקע איז א מענטש, א באלעבעסל, איבערגליקלעך.

— פישקע, — זאָגט איציק. צושאָקלענדיק מיטנ קאָפּ, — פישקע איז הײַנט א פּאָרעץ! אויסער זײַנ שאָדנ, געזאָגט געוואָרנ אפ אסאך!.. נו, פישקע! ער האָט זיך גאָר קיינמאָל אזוי גוט נישט געוווּנטשנ.

אָט וואָס בערל שמײַסער האָט מיר לעסאָפּ דערציילט:

— א דאָנערשטיק פארנאכט איינמאָל, אײַנהייצנדיק אינ אלע אויוונס אונ זיך שטארק אָנגעמאָרדעוועט פונ דער ארבעט, ליג איך מיר מיט כעוורע אינ באָד אפ די בענק, אביסל דעמ אָטעמ צו כאפּנ. כוץ אונדז זענענ דאָרט געלעגנ אויסגעצויגנ נאָך עטלעכע ייִדנ באטלאָנימ, וואָס האלטנ זיך דאָ אופּ. ווי מיר ליגנ זיך דאָ אזוי רויִק, רויכערנ אונ שמועסנ זיך אזוי גאנצ פריילעך, מיטאמאָל הערנ מיר, ווי מע פּאָרט עפעס צו, גלײַך צו דער באָד. נו, צוגעפּאָרנ — צוגעפּאָרנ, וואָס מאכט עס אויס? איידער מיר קוקנ זיך ארומ, קומענ ארײַנ דרײַ אײַזערנע, געזונטע פארשוינענ, אלע אינ איינ קאָל: „גוטנ אָוונט, ייִדנ! ווו איז פישקע? גיט אהער פישקענ”!... דאָ האָב איך מיך שוינ אביסל ווי דערשראָקנ: וואָס הייסט עס פאר א לאָשנ, עפעס גאָר אינ אייג אָטעמ: „גיט אהער פישקענ!” באלד אָבער האָב איך זיך צוריק מעיאשעוו געווענ, וואָס איז דאָ אזוי דער שרעק? קיינ גאנעוו כאָלילע איז פישקע ניט, עפעס געשעפטנ גרויסע מאכט פישקע אויך ניט, אונ ווענ אפילע די פארשוינענ זענענ כאפערס, וואָס־ושע הערט זיי פישקע? אקוראט, ווי דאָס מילכעדיקע קלינגל. מיט זײַנע מײַלעס איז פישקע, באָרעכאשעמ, באוואָרנט פאר א רעקרוט.

— פישקענ באדארפט איר? — רופ איכ מיכ אָנ באהארצט, — ער איז אצינד נישטאָ. נאָר זאָגט מיר, פעטערס, צו וואָס טויג אײַכ פישקע? איכ וויל עס וויסנ.

די ייִדנ קוקנ זיכ איבער א ווײַלע צווישנ זיכ, דערנאָכ טרעט איינער פונ זיי ארויס אונ מאכט צו מיר: מאכטייסע, מיר וועלנ אײַכ זאָגנ. פארוואָס נישט? מע האָט, כאָלילע, דערמיט זיכ ניט צו שעמענ. דאָס איז א ייִדישע זאכ. די מײַסע דערפונ איז אזוי:

— די בלינדע יעסוימע קענט איר דאָכ, די בלינדע יעסוימע, וואָס זיצט שוינ פונ גאנצ לאנג נעבנ דער טויטער שול, באמ אלטנ בייסוילעמ אונ בעט נעדאָוועס מיט דעמ באקאנטנ לידל, וואָס איינער פונ די בעריעס האָט אפ איר געמאכט. די דאָזיקע בלינדע יעסוימע איז הײַנטיקס יאָר געבליבנ אנ אלמאָנע. זי האָט זיכ געײַלט גיכ צו פארקנאסנ מיט עפּעס א טרעגער, זיכ מיסכאיעוו געווענ אימ אויסצוקליידנ באלעבאטיש אונ געבנ אימ זײַנ באדערפעניש, דערצו נאָכ אביסל געלט. הײַנט האָט געזאָלט זײַנ א כופע. מע האָט אָנגעגרייט זייער א גוטע וועטשערע: בראָנפנ, בולקעס, פיש אונ טאָפּ־געבראָטנס, א גילדענע יויכ מיט אויפעס, ווי דער שטייגער איז בא ייִדישע קינדער. דאָס אלצדינג קאָסט געלט. אז מע איז אינגאנצנ פארטיק געוואָרנ, די קאלע אויסגעפוצט, אויסגעשלייערט, שײַנט, לויכט, ווי א ייִדישע טאָכטער, איז מענ געגאנגענ צו דעמ כאָסנ נעמענ אימ צו דער כופע. דער טאכשיט אָבער, הערט נאָר, איז גאָר נישטאָ אינדערהיימ! מע ווארט א שאָ — נישטאָ. מע ווארט נאָכ א שאָ — ער קומט נישט, ער איז ווי אויסגעטריקנט געוואָרנ. וואָס לאָזט זיכ צומ סאָפ אויס? דער באָכער, ברענענ זאָל ער, האָט כאראָטע! באשער זײַנ באָבע, וואָס איז אזויפיל יאָר שוינ א קעכנע בא אונדזער גוויר, לאָז געזונט זײַנ, וויינט, ליארעמט, פילדערט, שרײַט אפ דעמ שידעכ, ס'איז איר נישט לעקאָוועד. זי דינט פאָרט אזא צײַט באמ היגנ גוויר, איז אויסגעקאָכט מיט אסאכ באלעבאטימ אינ דער שטאָט, וואָס גייענ צומ גוויר אפ דער הינטערשטער טיר דורכ דער קיכ. זי קענ מאכנ א גוטנ קוגל מיט כאנציעס קאבאָלע, אונ צו אירע כרעמזלעכ איז קיינ גלײַכנ נישטאָ. עפּעס א קאטאָוועס א קעכנע אינ דעמ גווירס געזינד, וואָס האָט אינ יאטקע די גרעסטע דייע, וואָס דער שאמעס פונ דער שול ברענגט איר מיט זײַנ קאָוועד אליינ דעמ עסרעג בענטשנ, וואָס דער אונטערכאזנ אינ דעמ קלײַזל לייענט איר פורימ די מעגילע אינ דער קיכ, אונ ריקלע די זאָגערנ טרינקט בא איר א גלעזל ציקאָריע ראָשעשאָנע נאָכ אויסנעמעניש. פארוואָס־זשע זאָל הײַנט דאָס אייניקל איר אפ דער עלטער דאָס פּאָנעמ פארשווארצנ אונ צעשטערכענ איר דעמ גאנצנ ייִכעס? גיינ, כאָטש האקט אימ אונ בראָט אימ, שרײַ כײַ־וועקאיאָמ — עס העלפט נישט. ער וויל ניט דעמ שידעכ, וויל נישט די קאלע. רופט מיכ, זאָגט ער, קנאקניסל אונ לאָדט מיכ צומ אונסאנע־טויקעפ! — מיר אלע זענענ געבליבנ ווי אפ דער מילכעדיקער באנק. עס טוט אָבער קיינעמ נישט אזוי באנק דער כאָסנ, ווי די וועטשערע. וואָס טוט מענ מיט דער וועטשערע, מיט אזעלכע פיש אונ געבראָטנס? מיר, מיסאסקימ, האָבנ א גאנצנ טאָג זיכ אָנגעמאָרדעוועט, ארומגעלאָפנ, געטאָנ, געארבעט. אונדז קומט נאָכ אויכ פונעמ שאדכאָנעס. אנ אווײַרע, כלעבנ אזויפיל מי, אונדזער מי, אונדזער ארבעט! מיר האָבנ געטראכט, געטראכט, געקלערט, געקלערט אונ אונדז איז אײַנגעפאלנ — פישקע! לאָז ער, כלעבנ, זײַנ דער כאָסנ, וואָס מאכט עס אויס? וואָס קענ אימ ארנ? מיר זענענ דאָס אצינד געקומענ נעמענ אימ באלד טאקע צו דער כופע אָנשטאָט דעמ טרעגער.

אינ דעמ, ווי די ייִדנ טײַנענ דאָ אזוי, קומט אָנ פישקע. מיר האָבנ אימ געטאָנ א נעמ, געכאפּט די קאָשערע מעציִע, נישט צו מאכנ מיט אימ קיינ פיל האסבאָרעס, קיינ לאנגע שײַלעס. גיי, באָכער מיט די קראנקע פיס, גענוג זיכ געפּאסעט, גיי, באָכער, אונטער דער כופע! — מע האָט אלצדינג אָפּגעמאכט גאנצ געשווינד נאָכ איידער פישקע האָט צײַט געהאט אפילע זיכ ארומצוקוקנ. כעוורע האָט געהאט א גוטע וועטשערע, געגעסנ, געטרונקענ אפ וואָס די וועלט שטייט אונ צוגעווינטשעוועט דעמ נײַעמ פּאָרפאָלק.

פישקע גייט עס הײַנט אינ דער טשערקאסענער קאפּאָטע, וואָס אינ איר האָט געזאָלט גיינ דער טרעגער, אונ איז גאָר דער ווילער יונג. זײַנ ארבעט איז הײַנט — ארויסצופירנ אלע פרייִמאָרגנ זײַנ ווײַב, די בלינדע יעסוימע, אפ איר אָרט נעבנ אלטנ בייסוילעמ, אונ טכילעס־האלײַלע אויעקצופירנ זי פונ דאָרט צוריק אהיימ. מיט עסנ אונ טרינקענ האָט פישקע ניט וואָס צו זאָרגנ, זײַנ ווײַב איז אנ איישעס־כאיִל, האָט א שטענדיקע גוטע פארנאָסע אינ די הענט. דאָס פּאָרל האָט זיכ ליב, איינער דעמ אנדערנ האָט נישט כאָלילע אויסצוזעצנ קיינ כעסרוינעס.

— אָט, דאָס, רעב אַלטער, האָט מיר דערציילט בערל דער שמײַסער. זעט איר שוין,— רופֿ איך מיך אָן, — וואָס אפֿ דער וועלט קען זיך טרעפֿן? וויאַזוי מע פֿאָרט בא אונדז ייִדעלעך הינ־קענדיקע מיט בלינדע, וויאַזוי מע שטעלט כופּעס, מאַכט זיווגים, צוליב וואָס? די טוערס זאָלן זיך זאַט אָנעסן, אָנטרינקען! אַזוי איז באַם געמיינעם אוילעם, בא אָרעמע, און אַזוי אויך בא די נעגידים, דאָרט ווערט אויך אָפּט געשלאָסן אַזעלכע מינים שידוכים, וואָס נישט געשטויגן. עס פֿאַרשטייט זיך, צוליב אַן אַנדער מין וועטשערע, מיט אַן אַנדער כיין... נישט דאָס בין איך אויסן. זאָרגט כלעבן, נישט, ר׳ אַלטער! אויב אײַך איז נישט געראָטן פֿאָרן מיט אַ באָכער אַ זאָכער, דערפֿאַר וועט אײַך געראָטן, אימירצעשעם, צונויפֿירן עפּעס אַן אַנדער שידעך. פֿאַלט נאָר בא אײַך ניט אַראָפּ, נישקאָשע, כלעבן! איך זע, איר טויגט, איר האָט געכאַפּט דעם סטרי באַלד טאַקע, גאָר לאָמדיש. פֿאַרקערט, אַדראַבע, אָנגעהויבן אײַער נײַ געשעפֿט האָט איר גאַנץ גוט, ווי אַ לאַנד־שאַדכן טאַקע. אײַ וואָס, דער באָכער... נו, בע, כלעבן! דערפֿאַר אָבער, אַז איר וועט שוין ערגעץ אָנשמעקן אַ מויד, וועט עס שוין גיין ווי אַ מיזמער. אַ בלינדע, אַ שטר־מע, אַ קרומע — גיי, טאָכטער, גיי מיט מאַזל אונטער דער כופּע! דער דרוקער מאָנט געלט, די שקאַפֿע באַדאַרף עסן. די בסולע מײַנע מוז כאַסענע האָבן, מײַן ווײַב אין געלעגן געוואָרן, לעמאַזל, מיט אַ ייִנגל, — גיי־זשע, טאָכטער, גיי, רוק זיך אונטער דער כופּע!..

— רוקט זיך נאָר, אין מאַכשאָוועסן, רעב אַלטער, ווײַטער אַביסל. אָ, איר שוויצט, אָן אײַנאָרע, ווי אַ ביבער! שוויצט, שוויצט געזונטערהייט!

## VII

— מײַלע, בעקיצער, ווי די מײַסע איז, דערוויַיל איז שאָפֿל! — מאַכט אַלטער ווי אַליין צו זיך, מיט אַ קרעכצ, באַטריבט, פֿאַרומערט, און גרויסע טראָפּנס שווייס טרעטן אים אַרויס אפֿן פּאָנעם. ער הייבט אופֿ די אויגן, דערלאַנגט אפֿ מיר אַ בליק, עפּעס מיט אַזאַ רירנדיק קנייטשעלע, מיט אַזאַ ראַכמאָנעס־פּענעמל, ווי אַ זויגנדיק קינד קוקט אפֿ דער מאַמע, בעשאַס עס לעכצט נאָך דער ברוסט. אַלטער, נעבעך, האָט געמיינט פּאַרנאָסע, עס האָט אים געצויגן צו מאַכן מיט מיר עפּעס אַ געשעפֿטל, וואָרעם ווי ליגן עס צוויי ייִדן מיט בערד, אינמיטן העלן טאָג, גלאַט אַזוי אָן אײַסעק! ווען צוויי ייִדן זאָלן, אַשטייגער, פֿאַרוואָרפֿן ווערן ערגעץ אין אַ עק אפֿ אַ ווּיסטע, וווּ כוץ זיי איז נישטאָ קיין לעבעדיק באַשעפֿעניש, איז גאַנץ זיכער, אַז אײנער וועט מיט דער צײַט מאַכן עפּעס אַ קלייטל, דער אַנדערער — אויך עפּעס אַ שטיקל געשעפֿט, ביידע צווישן זיך וועלן האַנדלען, אײנער דעם אַנדערן באָרגן, געבן אין קאָמיסיע און אײנער פֿונעם אַנדערן ציִען דאָס שטיקל פּאַרנאָסע. אַלטער האָט באַלד טאַקע אַ פֿרעג געטאָן: „וואָס געפֿינט זיך בא מאַלאָסע הײַנט עפּעס אין בײַדל?“ עס האָט אַזויפֿיל געהייסן ווי: מאַמע, טיטע!.. צאַפּאַקט אײַך, רעב מענדל, און אַרויס מיט דער סכוירע!

אײַן ברײַרע! מע טאָר זיך ניט פֿוילן. איך נעם אַפּיר מײַן פּעקל סכוירע, אַלטער—זײַן פּעקל און נעמען זיך קנעלן געשמאַק צום אײַסעק. מיר סטעכעווען, בײַטן. איך גיב אַלטערן אין כי־לעפּ אַרײַן בעריעשע ביכלעך מיט קורצע שורעלעך און — האָ, אהאָ, ווײ־געשריגן! — וואָס איך וויל זיי פֿאַטער ווערן, ער איז אָבער אויך קיין נאַר נישט און וויל זיי אַפֿילע אין די הענט אַרײַן נישט נעמען.

— פֿוילע סכוירע! — זאָגט אַלטער, פֿאַרקרימענדיק זיך — שמאָכטעס פֿון עפּעס פֿאַרשימלטע באַנק־קוועטשערס, אָרעמע באַלאַווײַרעס! ווייס איך וואָס זיי האָבן דאָרט אָנגעמאַכט! פֿאַר וועמען? קײנער פֿונעם אוילעם פֿאַרשטייט דאָרט נישט אַפֿילע קיין וואָרט. עפּעס טערקיש, מישטיינס־געזאָגט, לאָשן!.. אײנמאָל שוין געטאָן אַ נאַרישקײַט פֿירן מיט זיך אַזאַ לעגער־סכוירע. פּע, כלעבן! גיט אהער, רעב מענדעלע, עפּעס רעכטס!

איך לייג אַרויס רומל, אײַן מין נאָך דעם אַנדערן, מײַן אַלטער קווענקלט זיך אַלץ, זעצט אויס כעסרוינעס. צו אײַן מין אָבער באַקומט ער שטאַרק כיישעק און איז צו אים ווי צוגעזאָטן געוואָרן. ס׳איז בעעמעס געווען גאָר אַנטיק. די בלעטלעך — פֿון קאָל־אַמינע קאָלירן, און נישט פֿון אײַן גרייס. די אויסיעס אַביסל מעטושטעשע פֿון אַלערליי שריפֿט: ראַשע, דימענט, פּערל,

פראָקימ, גרויס אונ קליינ וועליש. דאָס אויסשטעלעכצ גאָר א וווּנדער, שמאָלע פאסיקלעכ אָנגעדרוקט מיט קליינע אויסיעלעכ בא די זייַטנ, א ברייטער פאס מיט גרעסערע שריפט אינעווייניק אינדערמיט, אונטנ א בויכ מיט פיצעלעכ אויסיעס, אָנגעזעצט ווי מאָנ, אונ צווישנ די אלע שטיקלעכ ציִענ זיכ אינ דער לענג, אינ דער ברייט סטעזשקעלעכ, ווי ווייַסע שמאָלע בענדלעכ — די אלע גוטע מייַלעס, וואָס ייִדנ אינ אונדזוער ווינקל האָבנ ליב. פארווענדטע בלעטלעכ איז אינ פיל שטעלנ אויכ געווענ. דאָס איז דאָכ ערשט די גאנצע כאריפעס: אדעראבע, לאָז א ייִד ברעכנ דעמ קאָפ, פאלנ אפנ סייכל אונ געפינענ. גלאט אזוי, פראָסט, ווי עס געהער צו זייַנ, קאָנ דאָכ אפילע א גראָבער יונג אויכ אָנטאפנ.., פונ גרייַזנ רעדט מענ שוינ ניט, דאָס מוז שוינ זייַנ. אונ וועמענ גייענ זיי אָנ? א ייִד האָט א קעפל אונ איז, נישקאָשע, נישט קראנק זיכ אָנצושטויסנ, וואָס מע מיינט. נאָר א לאָשנ, א לאָשנ, איז עס דאָרט געווענ קונציק וויל, גאָר נישט צומ פארשטיינ! אקוראט אינ דעמ ייִדישנ גוסט. „אָצ־קויצעצ“ איז דאָכ עפעס אויכ גענוג גוט, הארבלעכ מעכייַע, נאָר „אָצ-קויצעצ“־לאָשנ שרייַבנ בא אונדז הייַנט געוויינלעכ אויכ פיל אנדערע, מע קענ פאָרט ווי עס־איז זיי אייַנבייַסנ, טרעפנ וואָס זיי מיינענ. מיילע, וואָס־זשע איז דאָס אזא כשיוועס? וואָס־זשע לאָזנ זיי מיכ דאָ הערנ? גוט, עמעס גוט איז בא ייִדנ נאָר אזוינס, וואָס ברעכט דעמ מויעכ אונ אומעגלעכ צו פארשטיינ. אז מע פארשטייט עס נישט, מיסטאמע מוז דאָכ דרינענ עפעס שטעקנ... נישט דאָס בינ אויסנ.

מייַנ אלטער כאפט דעמ דאָזיקנ מינ סכוירע מיט ביידע הענט אונ מע זעט, ווי עס קומט אימ צו א שטיק געזונט. דערנאָכ בייַטנ מיר טכינעס אפ באָבע־מייַסעס, מאנע־לאָשנס אפ טויזנט־אונ איינ־נאכט, שיר־האמייַלעסנ אפ קאמייעלעכ. סטעכעווענ א מייע זשיטאָמירער סליכעס אפ בערשעדער טאלעסקאָטנס, ווילנער קינעס אפ שויפרעס, כאנוקע־לעמפלעכ אפ וואָלפציינדלעכ, שאבעסדיקע מעשענע לייַכטער אפ האוודאָלעס אונ קינדערשע בליטשקענע יארמלקעלעכ. ביידע צדאָדימ האָבנ דערווייַל פונעמ גאנצנ מאסע־מאטנ קיינ גראָשנ אינ די אויגנ נישט געזענ אונ געבליבנ שטארק צופרידנ, גלאט פונעמ האנדל אליינ. מע האָט דאָכ געטאָנ, געהאנדלט, געמאכט געשעפטנ, נישט געזעסנ ליידיק. אלטערס מאָרעשכוירע איז ווי א רויכ פארשווונדנ געוואָרנ. ס׳אימ געווענ צו דערקענענ אינ דעמ פאָנעמ, אז יארמעלינעצער יאריד מיט זייַנ פינצטער מאזל איז אימ פונעמ זינענ ארויסגעגאנגענ, ער רעכנט עפעס שטילערהייט פאר זיכ אפ די פינגער, האלטנדיק דעמ לינקנ אויער אָנגעבויגנ, גלייַכ ווי אינ קאָפ בא אימ כעזשבנט א בוכהאלטער, צו וועלכנ ער האָרכט זיכ גוט צו, אונ, אפאָנעמ, דער כעזשבנ ווייַזט אפ א פארדינסטל, אימירצעשעמ, ווייַל דאָס מויל שפאלט זיכ אימ אינ דער גאנצער ברייט אונ פונ צווישנ זייַנע געדיכטע וואָנצעס בליצט ארויס א זיס שמייכעלע.

דערווייַל איז געוואָרנ מינכע־צייַט. א געשמאק ווינטעלע הייבט אָנ צו בלאָזנ אונ אפנ הימל ווייַזנ זיכ שטיקלעכ וואָלקנ, אפ וועלכע מע האָט, ווי אפ טייַערע געסט, שוינ א לאנגע צייַט ארויסגעקוקט. די ביימער הייבנ פאמעלעכ אָנ זיכ צו שאָקלענ, איינער צומ אנדערנ אייַנגעבויגנ דעמ קאָפ, אונ פירנ צווישנ זיכ א שמועס אפ זייער לאָשנ, נאָכדעמ אז זיי האָבנ אזוי לאנג געשוויגנ שטיל. דאָס ווינטעלע האָט אופגעוועקט די שלאָפעדיקע טווע, אלע זאנגענ כאפנ זיכ, ווי די יונגע קינדער, אופ מיט א קאָל אונ צעקושנ זיכ גאָר פרייַנטלעכ. גאָטס באשעפעניש רירט זיכ אומעטומ: אפנ פעלד, אינ וואלד אונ אינ דער לופט. איינס נאָכ דאָס אנדערע טרעטנ שפיל־פייגעלעכ ארויס, אפ צווייַגלעכ, ביימלעכ, נידעריק אונ גאנצ הויכ, פוצנ זיכ די פעדערלעכ, א וויש מיט דעמ שנעבעלע, א טרעסע, א שאָקל, אונ הייבנ אָנ די זיסע זמירעס, צו זינגענ, צו שווישטשענ. באבעטשקעס, רייַכ געקליידט אינ אטלעס, סאמעט, מאָרעאנטיק מיט טייַערע צירונג, כאפנ א טענצל, שוועבנדיק אינ דער לופט, הייבנ זיכ, דרייענ זיכ אונ מאכנ כיינ. צוויי בושלעס, גווארדייצעס, מיט לאנגע רויטע פיס, שטייענ אפנ גראָז, פארייַסנדיק די קעפ אינדערהייכ, אונ קוקנ מיט גאדלעס. עפעס א קונדעס א פויגל שטיפט, פליט פונ איינ בוימ צומ אנדערנ, מאכט „קוקו, קוקו“, ווי ער שפילט זיכ אינ באהעלטעניש. אימ ענטפערט אָפ פונ צווישנ ווייצ אונ קאָרנ אנ אנדער מינ פויגל עפעס. „פיק־בער־וויק, פיק־בער־וויק!“ ווי גערעדט: אייביק ווועסטו מיכ דאָ ניט כאפנ, כאָטש שיט מיר אָנ זאלצ אפנ עק, פאקט זיכ, רעב קאָרעוו, ווייַטער אונ אוועק, אוועק!.. נישט ווייַט אינ א וועלדעלע קנאקט דער סאָלאָוויי, צעלאָזט זיכ אפ זייַנ העלדזועלע, מאכט זיסע שטייגער אונ שפילט גאָר מעכייַע. איטלעכער,

וואָס קען נאָר עפּענען אַ מויל, האַלט דעם וועלט־באַרימטן כאַזן אונטער. זשאַבעס אַפילו פון די מײַכלעך ערגעץ טערעלייקען, אַפילו פליגן, בינען האָבן נישט געשוויגן, און דער זשוק, דער שייגעץ, דער אָנכאַפּער, האָט פליִענדיק אויך געזשושעט. דאָס איז געווען אַזאַ קאָנצערט, וועלכן מע האָט געמעגט אָפ בילעטן גיין הערן... די גאַנצע וועלט איז עפּעס ווי לעבעדיק געוואָרן און באַקומען אַ פרייליך פּאָנעם. אַ פרייד, אַ פאַרגעניגן צו הערן, צו זען, צו שמעקן די זיסע ריי־כעס פון אַלע זײַטן.

— ר' אַלטער, ס'איז גוט! ר' אַלטער, ס'איז שיין! עס ציט עפּעס באַ דער נעשאָמע, עס רעדט עפּעס צום האַרצן: גאָטס וועלטל איז שיין, גאָטס וועלטל לעבט! עס ציט און גלוסט זיך אַרײַנוואַרפן זיך עפּעס אַהין, אַהין מיט הענט און מיט פיס...

— רעב מענדעלע, בע... רעב מענדעלע, עט... פע! — טוט אַלטער אָפ מיר זיך אַ קרים, — שווײַג צײַט בעסער מינכע דאַווענען. פאַרגעסט בעסער נישט, פון אײַערע אַלע זאַכן, צו זאָגן „אַניינע".

איך פאַרבינד די זאָקן, גאַרטל־אַרום מיט אַ פּאַסיק די קאַפּאָטע און הייב אָן זאָגן „קטוי־רעס" אָפּ אַ ביי־קאָל, גאַנץ לוסטיק. מײַן אַלטער, זאָל לעבן, צעלאָזט זיך באַלד טאַקע נאָך מיר אָפּ דער גראָבער סטרונע, אָפּ דער געמבע, און מיר ביידע גיבן אָפּ אַ שוועכן זײַן ליבן נאָ־מען, בעשאַס אַלע קרײַטעכצער און בלעטלעך אָפּ די פעלדער, אַלע כײַעס און אויפעס אין די וועלדער לויבן גאָט, זאָגן שירע. —

נאָך באַם אָנהייב „פּיטום האַקטוירעס", אַז אַלטער איז אַרויס מיט דעם גאַנצן אַפּטייקל קרײַ־טעכצער און געווירצן: האַכעלבענאָ — טײַוולש־קויט, וועהאַלווײַנאָ — לויטערע ווײַרעך, האַציפּורען — אַ וואָרצל גלאַט ווי אַ נאָגל, אינגבער און שטענגלעך זאַפרען, — האָט ער אַרויסדערטאַפּט פון אונטער דער קעלניע דאָס באַלעגאָלישע טריפּ־געווירץ, אַ קליין פּעסעלע, אַ „מאַזניצע" מיט סמאָלע. מיט דעם דאַווענען איז ער פאַרטיק געוואָרן גיך, און בעשאַס איך האָב נאָך געהאַלטן אינדערמיט, האָט ער שוין געשמירט די רעדער.

— הײַנט נישט, רעב מענדעלע, מאַכט עס בעקיצער, — טרײַבט מיך אַלטער אונטער, — נעמט זיך איר דאָ צו אײַער וואָגן, און איך וועל דערווײַל אַ גיי טון נאָך די פערדלעך, צײַט צו פאָרן. ביז נאַכט קענען מיר גאַנץ ווײַטלעך אײַנפאָרן.

אַלטער גייט באַלד טאַקע אַוועק, און איך נעם מיך צו דעם וואָגן, טו אים זײַן רעכט. איך אײַל מיך נישט, שמיר די רעדער באַלעבאַטיש, איך קאַרג נישט קיין טריפּ־געווירץ, באַטראַכט מיר די אַקסן, איטלעכס פּיצעלע באַזונדער. דאָס האָט געדויערט אַ היפּשע צײַט — און מײַן אַל־טער קומט נישט. די פערדלעך האָבן געמוזט פאַרגיין ווײַטלעך אַביסל אין וואַלד און זיך גוט אונטערגעפּאַסעט — אַזוי דענק איך מיר און טו אַ קוק אָפּ דער זון, וואָס האַלט נאָענט באַם אונ־טערגיין, איך שטיי מיר אַזוי אַוועק ווײַטער אַ היפּשע צײַט. די זון האָט זיך שוין געזעצט. אירע לעצטע שטראַלן קריכן ביסלעכווײַז אַראָפּ פון דיביימער, אָפּ וועלכע זיי האָבן ערשט אַזוי פריי־לעך־לויכטנדיק זיך געשפּילט, זאָגן דעם וואַלד: אַ גוטע נאַכט!..

עס באַפאַלט מיך עפּעס אַ מוירע. עפּשער איז אַלטערן נישט גוט געוואָרן? אַ קאַטאָוועס נאָך אַזויפיל שוויס, נאָך אַזאַ לאַנגן טאָג פאַסטן! עפּשער איז ער דאָרט ערגעץ כאַלאָשעס גע־בליבן, אָדער עפּשער איז אים דאָרט עמעצער באַפאַלן? ס'איז דאָך אַ וואַלד, אַ פאַרלעגן אָרט, אין דער זײַט וועג! מע טאָר אַזוי די זאַך נישט לאָזן, מע מוז גיין זען.

איך מאַך מיר האַרץ און גיי אין וואַלד אַרײַן. איך גיי און זוך, — אָן אווירע אָבער די מי, אַלטער און די פערד זענען אַזוי־ווי אין וואַסער אַרײַנגעפאַלן. איך בין שוין פאַרגאַנגען טיפעלעך און קום לעסאָף צו עפּעס אַ לאַנגן, שמאָלן טאָל, וואָס האַקט פאַר מיר איבער דעם וואַלד אין צוויי טייל, דער טאָל איז באַוואַקסן מיט טשערעט און מינע ביימלעך שטעכיקע, ווי דערנער, און ציט זיך מיט איין זײַט צום שליאַך, מיט דער אַנדערער ערגעץ אַנדערש, העט־ווײַט צו אַלדי־שוואַרצע יאָר. דער וואַלד שטייט און שלאָפט, איבערגעדעקט פון אויבן עפּעס מיט אַ טונקעלן פאָרהאַנג. אַרום און אַרום איז שטיל. נאָר צײַטנווײַז הערט מען, ווי צוויי הויכגעוויקסיקע ביימ־לעך, נאָענטע שכיינים, שושקען זיך מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ צווישן זיך, איינער דעם אַנדערן אַ קיצל געבנדיק הינטערווײַלעכס מיט די צווײַגן; אָדער ווי אַ פאָר בלעטלעך ערגעץ פלאַטערן, באַרירן זיך, גלײַך ווי עס גרימט זיי עפּעס און לאָזט זיי נישט רוען. דאָס רעדט דער וואַלד

פון שלאָף. דאָס כאָלעמט זיך אים נעכטיקער טאָג מיט אַלע לייד און פרייד אין אים. דער שאָרך פון די דאַרע ריטלעך דאָרט — דאָס קומען אים צו כאָלעמע ביימער, נעבעך, וועלכע מע האָט פאַר דער צײַט אויסגעהאַקט. דער קלאַפּ באַם אַראָפּפאַלן עפּעס פון דער הייך — דאָס באַטײַט אַ נעסט מיט יונגע אומשולדיקע פייגעלעך, וואָס דער שפּאַרבער, דער שוליק, האָט פלוצים צעשטערט, און דאָס טאַקע פלאַטערן די בלעטלעך דאָרט אַף דער טויטער מוטער מיט אירע דערהאַרגעטע קינדער, וואָס קומען אַצינד אים צו כאָלעמ... עפּעס אַ גאַנצער וואָלקן מאָרעשכוירע רוקט זיך אָן אַף דעם וואַלד און אויך אַף דער נעשאָמע מײַנער. דער קויעך-האַמדאַמע, דער פאָקיסניק, דער וועלט־באַרימטער ליגנער, מעקלערט אויס מיט שווינדל עפּעס אַ מין שוטפעס־געשעפטל, אַ קאָמיסיע צווישן מיר און דעם טאָל, וועלכן איך שטיי און קוק אָן. איך באַקום פון אים אַ טראַנספּאָרט מעשונע שרעקלעכע בילדער, און פון מײַן קאָפּ־פאַבריק גייען די אייגענע סכוירע, איבערגעמאַכט אַף אַן אַנדער שטייגער, מיט נאָך פיל ווילדע זאַכן, אַהין צוריק. אין איין טראַנספּאָרט קומט מיר פונדאָרטן אָן אַ מעס, אַ דערהאַרגעטער אַלטער יאַקנעהאָז, און ביינער פון אונדזערע פערד, צוויי פּעגירעס. באַ מיר אין קאָפּ ווערט עס קונציק אויסגעאַרבעט מיט טויזנטער פאַרפּוצונגען, און באַלד טאַקע, גיך, פלינק טראַנספּאָרטירט צוריק מיט אַ גאַזלען אַ רויטן, אַ געזונטן און אַ וואָלף מיט אַ קאַרק און שרעקלעכע ציין אַ צוגאָב דערצו.—

און ווי איך האַלט שוין אַף אַראָפּצוגיין אין דעם טאָל, שטעלט מיך פלוצים אָפּ אַ געדאַנק אַזוי: די בײַדלעך שטייען דאָרט אַפן פעלד העפקער, פונעם גאַנצן ביסל פאַרמעגן אונדזערס קען כאָלילע נישט בלײַבן קיין זייכער. עס וואָלט ניט געשאַדט פריִער אַ קוק צו טון. גאָר זייער מעגלעך עפשער, אַז אַלטער האָט זיך שוין לאַנג צוריקגעקערט מיט די פערד און באַאומרויִקט זיך אַצינד וועגן מיר. דער דאָזיקער געדאַנק לייגט זיך מיר אַפן מויעך, און ווער באַ מיר עפּעס שטאַרקער. די האָפענונג ווערט אַלץ גרעסער, גרעסער אַזוי, ביז זי צערײַכט די געדיכטע וואָלקנס מאָרעשכוירע און עס לײַטערט מיר זיך אַביסל אויס אַפן האַרצן.

איך לאָז מיך גיין געשווינד צוריק.

## VIII

גאָט האָט געהאָלפן, איך בין געקומען בעשאָלעם און נישט אויסגעבראָכן קיין פוס באַ איטלעכס מאָל פאַלן אַפן וועג, אין אײַלעניש אָנשלאָגנדיק זיך אין אַ בוים. דאָס אופשטיין אַ געפאַלענעם אין וואַלד איז כאָלילע נישט מיִעס אַזויווי אין שטאָט, ווו מענטשן שטייען און לאַכן. דעריבער פלעג איך איטלעכס מאָל מיך גאַנץ פײַן אופהייבן פון דער ערד מיט גרויס האַנאָע און געלויבט גאָט, וואָס כאָטש מיט כעסעד. און אַז דער כעסער פון גאָט איז יאָ אַזוי גרויס מיט מיר, האָב איך שוין געהאַט דאָס רעכט צו טראַכטן, מיסטאָמע וועל איך קומענדיק אויך זוכע זײַן צו טרעפן מײַן אַלטערן מיט די פערד. נאָר אַזויפיל גנאָד פון זײַן ליבן נאָמען האָב איך נישט פאַרדינט.

אַלטער איז נישטאָ!

איך בלײַב שטיין ווי אָפּגעבריט. זייער נישט גוט אַפן האַרצן! גאָט ווייסט, וואָס מיט אַלטערן איז געשען, ווו זײַן געביין איז אַהינגעקומען. דאָ האָט דאָס פינצטערע מאַזל זײַנס זיך טאַקע געמיט. אַזוי גלאַט איז די זאַך זיכער נישט. הײַנט איז אויך די שײַלע מיט מיר, וואָס טוט מען? וואָס קען פון מיר ווערן? דער כעזשבן מײַנער איז געווען: אָפּזיצן אין גלופּסק מײַנע זאַכענישן, אָנעמען דאָרט ווי מעגלעך מער קינעס אַף צו באַטיילן די אַלע שטעטלעך אַרום און אַרום, ווי דער שטייגער מײַנער איז טאָמיד. ס׳איז שוין די „דרײַ וואָכן". די צײַט איז קורץ, אַ שאָ טאָר מען ניט פאַרלירן. בעיִמ כאָלילע, איך פאַרהײַע מיך דאָ אין וועג, בלײַבן ייִדן אין די שטעטלעך אָן קינעס. אַ קאַטאָוועס עפּעס, ייִדן אָן קינעס!... איך קען מיר פאָרשטעלן דעם גוטן טישעבאָוו: ייִדן האָבן זיך שוין אָפּגעפּאַרטיקט מיט די מילכיקע לאַקשן, אַרײַנגעלייגט אין בויך דאָס האַרטע איי אײַנגעטונקט אין אַש, זיצן שוין באָרוועס, אָנגעלאָדן אַף דער ערד נאָר אין זאָקן מיט אויסגעטרעטענע פּיאַטעס, פליי בײַסן, קונדייסים האַלטן די בערלעך גרייט צום וואַרפן, מע וואַרט נאָר הערן אָן אָנהייב, עפּעס אַ גוט וואָרט, און פלוצים — נישטאָ קיין קינעס! מענדעלע

איז צו אלדי שווארצע יאָר פארפאלנ געוואָרנ, נישט געבראכט קיינ קינעס!... צענ יידנ אפ איינ קינע. ס'איז א שטופעניש, א קוועטשעניש, א פארמישעניש מיט די פליי, א פארפלאָנטעניש מיט די האָר: בערד, פייעס פול אָנגעזועצט מיט בערלעכ. עס גיט זיכ נאָכ אייער, לאָקשנ, וואָס קריכנ פונעם האלדז, איינעם דעם אנדערנ אונטער דער נאָז... פונ די ווייַבער איז די יעסורים נאָכ נישט אזוי גרויס, זיי נעמענ וואָס ס'איז, אבי געדרוקטס, א טכינע, א בענטשערל, די דינים פונעם טרייבערנ, א האגאָדע — אלציינס! — וואָס מאכט עס אויס? — וויינענ, יאָמערנ איבער דעם הויכ אפ א קאָל. אונ וואָס באדארפ מענ דענ מער ווי פארגיסנ טרערנ?

אוי, א מיִעסע לאגע. נישט פריילעכ ארומ אונ ארומ, ביטער אפנ הארצנ... נישט דאָס בינ איכ אויסנ.

אָפהענטיק פונדעסטוועגנ טאָר מענ ניט זייַנ. מע מוז עפּעס טונ, נישט זיצנ מיט פארלייגטע הענט. מע מוז ווייַטער טאקע גייִנ זוכנ. איכ טו א קוק אפ די שטערנ אונ דערמאנ מיכ, שוינ צייַט אָנצובייַסנ. איכ נעמ מיכ צומ רענצעלע, שמועס איבער, פאר צאָרעס, מיט דעמ פלעשל בראָנפנ. בול־בול־בול גלייַכ אינ מויל ארייַנ, כאפ אינ אייַלעניש עטוואָס פארבייַסנ, טאקע נאָר פונ יויצע וועגנ, געזעגנ מיכ מיט דעמ פלעשל, נאָכאמאָל בול־בול־בול אונ לאָז מיכ גייִנ אלצ טאקע געשווינד.

איכ בינ ווידער אינ וואלד, ווידער נעבנ טאָל אונ באלד טאקע בינ איכ שוינ אינ דעמ טאָל. נאָר לאָמיכ נישט זאָגנ קיינ ליגנ, איכ בינ דאָרט נישט אליינ, אפנ הארצנ איז מיר אויכ נישט אזוי שלעכט ווי פריִער. איכ גיי אינצווייענ, שמועס מיר מיקויעכ מייַנ איצטיקנ אייסעק אונ גאנצ נישקאָשעדיק, גאָר נישט אומעטיק — אפאָנעמ, בעשאס נעמענדיק זיכ אינ אייַלעניש צומ פלעשל נאָכ אזויפיל פּייַנ אונ יעסורימ, האָב איכ איבערגעכאפּט די מאָס, אנ איבעריקנ זופּ געטאָנ אפנ ניכטערנ מאָגנ אונ געגעסנ האָב איכ קימאט גאָרנישט, ס'איז מיר אינ האלדז נישט געקראָכנ, מיכ געוואָרגנ מיט דעמ ביסנ. דער דאָזיקער איבעריקער זופּ איז מיר בייַגעשטאנענ אינ די נויטנ ווי א טאטע. ער האָט מיר אונטערגעגעבנ מוט אונ מיכ שטארק בארעדעוודיק געמאכט אפ מייַנ שפּאציר, נישט הייַנט געדאכט. אזוי איז שוינ דער שטייגער מייַנער טאָמיד פונ א איבעריקנ לעק מאשקע, פורימ אָדער סימכעס־טוירע. אמאָל שיט זיכ פונ מיר רייד ווי פונ א לעכערדיקנ זאק. איכ רעד צו דער וואנט אונ שמייכל מיר דערבייַ זייער זיס, בינ גוט אונ ווייכ, כאָטש צולייגנ מיכ צו א געשוויר. דענסטמאָל צעציט זיכ מייַנ גופ ווייַכלעכ, עפּעס איז ער גרינג, שיטער ווי לעמעשקע. עס באָמבלענ זיכ ארומ אימ פונ אלע זייַטנ עפּעס כאלאָקימלעכ מענדעלע, נישט רעכט צו פילנ, ווו איז דאָס וויכטיקסטע, מיטלסטע פּינטעלע, בא וואָס אָנצונעמענ. עס ווערט דענסטמאָל פונ מיר, דאכט זיכ, גאָר צוויי מענדעלעכ. אייגער קריכט קיינ יעהופּעצ, דער אנדערער קיינ בויבעריק, די בעשוטפּעסע פּיס ווערנ מעשוגע, נישט צו וויסנ וועמענ צו פאָלגנ. איינער פּרעגט, דער אנדערער ענטפערט. די רייד מייַנע קומענ מיר, ווי פונ דער זייַט א ווידערקאָל, צוריק טאקע אונ מייַנע אויערנ ארייַנ, עפּעס גאָר ניט מייַנ שטימע, א קאָל ווי פונ א פּוסטער פאס. דעמ קאָפּ אינגאנצנ פונדעסטוועגנ פארליר איכ נישט, עפּעס בלייַבט מיר נאָכ איבער א שטיקל זייכער ווי א כאָלעמ.

— גוטנ אָוונט! — וויטע איכ מיכ מיט א פארבייג, — וווהינ גייט מענ עס באנאכט דאָ? — עט... טיפּשימ, פּערדישע קעפּ! — ענטפערט צוריק א מענדעלע מיט א גוט, זיס שמייכעלע, — זיי צו ווערנ פארפאלנ זיכ פארגלוסט זיי. א געלעכטער, כלעבנ! — א גרוב, רעב מענדעלע, היט אייַכ די ביינער, — יאָ, ווי איכ בינ א ייִד, א גרוב! איכ געפאלנ בינ שוינ אפילע. דאָס צוואנציקסטע, דאכט זיכ, מאָל. — שטייט־זשע, זייַט מויכל, אופּ! נישט קיינ דערעכערעצ עפּעס זיכ צעלייגנ אזוי. — א שיינעמ דאנק, רעב קאָרעוו. איכ מיט דער בייַטש טאפּ ווייַטער שוינ... א געלעכטער, כלעבנ,ביימלעכ גייענ! געזונטערהייט!... קומט בעקומפּאניע. פּע, דראפּעט נישט!... אייַ, ווייַטער א דראפּע! פּע, פּע, אויגנ ארויסגענומענ שיר מיר, טפו! — שפּייַט, ר' מענדעלע, אפ זיי! זיי באלד פּאָטער ווערט מענ זיי. אפ א סטעזשקעלע ארויס דאָ גייט, זייַט מויכל, אפנ פרייַענ פעלד. — גוט, בינ שוינ דאָ! אייַ, א לעוואָנע, א באקדייזשע, א שיינע אָדעסער לעוואָנע! א נאָז מיט אויגנ!... שא, מעקאדעש זייַנ די לעוואָנע! שאָלעמ־אלייכעמ? — אלייכעמ־שאָלעמ! — שאָלעמ־אלייכעמ? — אלייכעמ־שאָלעמ! אזויווי איכ אנטקעגנ דיר שפּרונג אונ אָנרירנ דיכ נישט קענ איכ... שפּרינגט־זשע, פּעטער — האָצ, האָצ, האָצ! אזוי מיכ אָנרירנ זאָלנ מייַנע סאָנימ נישט... וואָס זיי

צו אונדז האָבן, וואָס? — צעכליפּע איך מיך פּלוצים — וואָס איך שולדיק, אז איך לעב איך און וויל עסן איך? נא, א לײַב, מישטיינסגעוואָגט, א שפּענדל! שטענדיק קרענק, ווייטעקן... אויך געהאט א מאמע, מיך געגלעט, געקושט האָט זי... ווײ מיר, איך בין א יאָסעם, א יאָסעם! — צעוויינ איך מיך נאָר שטארקער: — שא, שא! — ענטפערט זיך צוריק מיט א טרייסט — וואָט קען מען טון? ווי שעמט זיך עס ניט אן אלטער ייִד מיט א באָרד, א באוויבטער, א מעטופּל מיט קינדער צו וויינען אינדרויסן פאר דער לעוואָנע! שא, נישט קיין דערעכערעצ, כלעבן! שא, דער רועכ ווערט אײַך נישט נעמען, נישקאָשע, היט זיך בעסער, אָט איז א פּלויט. — יאָ, ווי איך בין א ייִד, טאקע א פּלויט. שוין א גוטן זעצ געטאָן מיך אפּילע. וואָס טוט מען? — מע נעמט און קריכט אריבער. אָט אזוי, אזוי, — א שיינעם דאנק: איך שטיי שוין מיט ביידע פיס אין גאָרטן. — באָרעכאבע, מעכוטן: זײַט זיך מאטריכ ווײַטער. — האָט קיין צאָרעס נישט, איך גיי. וואָס פאר א גערעטעניש! באָב, ארבעס אָנגעזעצט, אוגערקעס גאָר אָן א צאָל! — מאכט א בראָכע, פעטער, לאָזט זיך נישט בעטן. — יאשער־קויעכ! אוגערקעס גאָר א דערוויקעניש! געשמאק, מעכײַע!.. הא, א קלאפּ! וואָס באטײַט דער קלאפּ? פונוואנען דער קלאפּ?

דער קלאפּ איז געווען פון א געזונטן אָרל, וואָס האָט הינטן־ארום מיך געטאָן א כאפּ און מיר גוט געגעבן אָנצוהערעניש, אז אין א פרעמדן גאָרטן איז נישט שיין צו קריכן. דער קלאפּ האָט באטײַט, אז פרעמדע אוגערקעס נעמען באנאכט טאָר מען נישט. פון די קלעפּ, און מעגלעכ עפּשער אויך טאקע פון די פרישע אוגערקעס, האָב איך קימאט אינגאנצן מיך אויסגעניכטערט. איך בין געשטאנען א ווײַלע פארדולט, ווי אופכאפּנדיק מיך פון שלאָף. דאָס ערשטע וואָרט מײַנס, עס פארשטייט זיך, איז געווען: גוואלד!... באלד דערויף בין איך מיך מעיאשעוו, לאָמיך קלאָמפערשט מאכן זיך נישט־וויסנדיק, און גיב א פרעג דעם אָרל מיט גוטן, אף זייער גראָב לאָשן: „צי ני באטשילי, טשועש, טוטעטשקי זשידקא אימ קינאמי? קאזשי־נאָ, טשילאָוויטשע"! — דער אָרל אָבער טוט זײַן זאכ, וויל נישט הערן, שלעפּט מיך באם ארבל, דערלאנגט מיר אמאָל אויך א שטופּ פון הינטן אין איין קאָל: קום, קום! עס העלפט נישט, איך גיי, מע קען קיין כאזער נישט זײַן, און מיר קומען אזוי צו ביידע עפּעס נעבן א שטוב, בא וועלכער עס שטייט א געשפּאנט בריטשקעלע מיט פיר גוטע פערד, און עס לײַכט פון די פענצטער.

באם ארײַנקומען אין שטוב טוט דער אָרל מיך א שטופּ פאָרויס און אליין שטעלט ער זיך נעבן דער טיר אָן א היטל. איין ברײַרע, איך נעם אויך אראָפּ דאָס היטל, קראצ מיך אין קאָפּ און קוק ווי א נעכטיקער.

בא א טיש זיצט א שרײַבערל און שרײַבט, סקריפּענדיק מיט דער פען, וואָס בעט זיך איטלעכע רעגע אין טינטערל ארײַן, אָפּצונעצן אביסל דאָס מײַלכן איר, נאָכדעם ווי זי ברעכט מיִעס אָן אפן פאפּיר. דאָס שרײַבערל האָט מיט איר דאָס לויפעניש, קרימט זיך און זידלט זי בא איטלעכן טונק. מע זעט, ביידע פײַניקן זיך נעבעכ, ביידע זענען נישט צופרידן: זי מיט זײַן שווערער האנט, מיט זײַנע מיִעסע גרײַזן, און ער — מיט אירע כאלאָשעסדיקע קלעקן. ער — איר א קוועטש. און זי — אים א קלעק... אין מיטן שטוב שטייט א רויטער קאָלנער מיט מעשענע קנעפּ, עפּעס א מין מענטש מיט א בויכ און אן אָנגעבלאָזן פּאָנעם, גלאנצט מיט די קליינע אויגן, און בעשאס עס פארווארפט זיך אים דאָס שווארצאפּעלע, קוקט ארויס דאָס ווײַסלעכן פון אויג פארלאָפן מיט בלוט. ער דרייט די לאנגע וואָנצעס און רעדט אפן גיידער, בייזערנדיק זיך, צו צוויי פארשוינען מיט אָנגעבויגענע קעפּ אין דער זײַט פון דער טיר. איינער א הויכער מיט א געזונטן קארק, אונטערגעגאָלט דעם האלדז און א זילבערן רייפעלע אין לעפל פונעם לינקן אויער, דער אנדערער א דארער מיט א שפּיצאסט בערדל, אפן הארצן א בלעכ, האלט א לאנגן שטעקן מיט ביידע הענט, בלינצלט מיט די אייגעלעך און בוקט זיך איטלעכע רעגע. דער רויטער קאָלנער בייזערט זיך אפן ערשטן פון די צוויי פארשוינען, שרײַט: אין קייטן! קיין סיביר אזא סטאראָסטע!... און אפן צווייטן: פאסן וועל איך פון דיר שינדן, דו, סאָטסקע אזוינער און אזוינער, אין דײַן מאמען!

איך בין טויט מיט אלע מײַנע אייוורים. עס ווארפט מיט מיר ווי אין א קאדאָכעס. עס רוישט מיר אין קאָפּ, קלינגט אין די אויערן. איך הער נישט און זע נישט, וואָס ארום מיר טוט זיך. איך האָב נישט רעכט געהערט אפילע די טײַנעס פון מײַן אָרל, בעשאס קלאָגנדיק זיך אף מיר. נאָר אז דער רויטער קאָלנער האָט א היק געטאָן אף מיר מיט דעם הארבן וואָרט אף יעוואָניש,

האָב איך מיך באַלד אופגעכאַפּט און שוין גוט געהערט. פאַר די אויגן מײַנע שוועבט אַ קוּלאַק און עס הערן זיך שרעקלעכע ווערטער: גאַנעוו, קאָנטראַבאַנדשטשיק, טרייפע סכוירע, בײַטל־שנײַדער, קייטן, טיורמע, קנוטעס, סיביר!... ער זוכט זיך פּלוצים צו מײַנע פּייעס און, נאָכקרי־מענדיק מיך שטאַרק אין קאַס, כאַפּט ער אין אימפּעט פונעם טיש אַ שער און שערט מיר אָפּ אײַנגאַנצן איין פּייע! — איך באַוואַש מיך מיט טרערן, קוקנדיק אַף דער ערד: מײַן פּייע, מײַן גרוי־אַלטע פּייע, וואָס איז געוואַקסן מיט מיר פון קינדווײַז ביז אין מײַנע אַלטע יאָרן; וואָס האָט איבערגעהאַט מיט מיר פרייד און לייד גענוג אין מײַן לעבן. די מאַמע האָט זי אין דער יוגנט געגלעט, געצוואָגן, גאָר נישט געקענט זאַט אָנקוקן זיך אַף די שוואַרצע, שיינע גרײַזועלעכע אירע. זי איז געווען אַ צירונג מײַן פּאָנעם אין מײַנע גוטע טעג, ווען איך בין געווען פריש און שטאַרק. זי איז פרי פאַר דער צײַט גרוי געוואָרן פאַר צאָרעס נעבעך, און איר גרויקײַט האָט מיר, כאַלילע, נישט געמאַכט קיין בושע.ביידע האָבן מיר זיך פרי געעלטערט פאַר פּוראָניעס, נויט, עלנט, גריזאָטע, אומזיסטע פּײַנטשאַפט און רעדיפעס אין דער וועלט. ווען מען, כאַלילע, האָט זי געשאַדט? ווען מען, כאַלילע, האָבן מײַנע גרויע האָר עפּעס שלעכטס געטאָן? — עס ווײַנט אין מיר דאָס האַרץ, שרײַט גוואַלד שטיל, נישט אַרויסצוברענגען אַף די ליפּן קיין וואָרט. איך קוק שווײַגנדיק ווי אַ שעפּעלע באַם באַשוירן עס, און פון די אויגן קאַפּ, קאַפּ, טרערן ווי די באָב...
מײַן הויל געבליבענע באַק האָט מיר שטאַרק געפּלאַמט, דאָס פּאָנעם האָט געמוזט זיך פאַרענדערן אַ שרעק. עס האָט געמוזט זײַן אַ ראַכמאָנעס מיך אָנצוקוקן דענסטמאָל, ווײַל באַלד דערוף האָט דעם רויסן קאָלנער עפּעס ווי אָפּגענומען דאָס לאָשן, שוין גערעדט מיט גוטן, אַרופּלייגנדיק ביי־דע הענט מיר אַף די אַקסלען. אונטער דעם מעשענעם קנעפּל, אַפּאָנעם, האָט זיך גערירט אַ מענטשלעך האַרץ. מײַנע גרויע האָר און מײַן גאַנץ אויסזען האָבן אים באַוויזן מײַן אָרנטלעכ־קײַט, און ווי איבערבעטנדיק מיך, פּאַלט ער מיט אַ בייזער אָן אַף מײַן אָרל, וואָס פאַר עפּעס אַן אוגערקע שלעפּט ער אַן אַלטן מענטשן נעבעך, טוט אַ היק און טרײַבט אים אַרויס. ער אַלייג נעמט דאָס היטל, דרייט זיך אַביסל אַרום, זאָגנדיק דעם, יענעם אַ וואָרט, גייט דערנאָך אַרויס אין באַלד הערט זיך, ווי דאָס בריטשקעלע פאָרט אַוועק.

די אַלע מענטשן אין שטוב ווערן לעבעדיק. דאָס שרײַבערל טוט אַ וואָרף די פּען, אָפּשיקנ־דיק זי צו אַלדי רוכעס. דער סטאַראָסטע און דער סאָטסקע גלײַכן זיך אויס, אופהייבנדיק די קעפּ, איטלעכער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט צו דער גאַס־צו און די אויגן זייערע ריידן: יעוואָ־רעכעכאָ! פאַר געזונטערהייט און לאָז מען דיך נישט אָנקוקן!... דער סטאַראָסטע כאַפּט דעם אָטעם, פאָרט אַרײַן מיט אַלע פינף פינגער צו זיך אין די האָר פונעם קאָפּ, טוט אים אַ גוטן שאָקל און מאַכט דערבײַ: נו, אַ סטאַנאָווױ!...

די גוייִם האָבן מיר געראָטן, נאָכדעם, אַז איך האָב זיי דערציילט וועגן מײַן אומגליק, צו־גיין צו דער קרעטשמע באַם דאָרף, נישט ווײַט פון דאַנען. דאָרט באַדאַרף זײַן אַציינד אַן אוילעם מענטשן, צוריקפאָרנדיק פונעם מאַרק טאָג: מעגלעך, באַ זיי וועל איך עפּעס מיך דערגיין. איך הייב־אוף מײַן פּייע, באַהאַלט זי אין קעשענע, בינד אונטער די באַק מיט אַ פאַטשיילכל, זאָג אַ גוטע נאַכט און גיי אַוועק.

## IX

די קרעטשמע איז געווען באַלאַגערט אינדרויסן מיט פורלעך און וועגעלעך אַלערליי. אַ טייל ליידיקע, נאָר מיט אַביסל שטרוי, אַ טייל פאַרנומענע מיט זאַכן און כפייצים, סײַ נישט קיין פאַר־קויפטע, סײַ געקויפטע דאָרט אַפן מאַרק. אַף איין פורל ליגט אין אַ זאַק אַ כאַזער, אַרויסגע־שטעקט פון אַ לאָך זײַן שיין פּיסקל און מאַכט לעכער אין קאָפּ, שרײַענדיק מעשונע אַף אַ גרילצנ־דיק קאָל. הינטער אַ וואָגן, אָנגעלייגט מיט נײַע לאַפּטיעס, מיט נײַע ליימענע טעפּ, טעפּלעך און מאַקרעטעס, שטייט צוגעבונדן אַ רויט־געפּלעקטע קו מיט איין האָרן און רײַסט זיך מיט אַלע קויכעס זיך צו באַפרײַען, גיכער קומען צו אירע אַלטע כאַווערטעס אין שטאַל מיט דער פּסורע: נישקאָשע, מע איז אירער נאָך ניט פּאָטער געוואָרן, געלויבט דער שאָראַבאָר, מע זעט זיך גע־זונט!... אַ פּאָר גרויע, ברייטבײַכיקע, פײַנע אָקסן שטייען געשפּאַנט אין דעם יאָך, מאַכן אַזוי ערנסט מיט דעם מויל און מאַלעגיירען געשמאַק, קיין מינוט כאַלילע נישט מאַפסיק צו זײַן, גלײַך

ווי זיי זײַנען פארטיפט אין א וויכטיקער זאך און טוען מיט זייערע אָקסענע קעפ אופ עפּעס א גרויסן סייכל. דעם ארענדארס ציג שטייט דערווײַל אפן וואָגן, שטעקט הינטערוויײַלעכס ארײַן דעם קאָפ אין א זעקעלע דאָרט, נעמט באלד אים ארויס מיט א פול מויל, פרקעט, דרייענדיק דאָס עקל, קײַט, מאכט מיט די באקן, טרעסעט דאָס בערדל גיך, געשווינד, ארומקוקנדיק זיך אין אלע זײַטן. אן אלטער, אויסגעדארטער דאָרפס-הונט, לעבט אפ דער עלטער פון קיצווע, אָן א שטעלע, מיט א הינקעדיק פיסל און א קאָלטון באָבמלענדיק זיך אים אפן עק, שארט זיך צו נאָענט צום וואָגן, קוקט מיט דערעכערעץ, קומט דערנאָך צו נעענטער אפ עטלעכע טריט, שמעקט, זוכט מיט דער נאָז, דערטאפט עפּעס א טרוקן, אָפּגעלעקטביינדל, לויפט מיט דער מעציִע אָפּ אביסל ווײַטער, שטרעקט זיך אויס אפ דער ערד און נעמט זיך קנאקן דעם ביין, האלטנדיק דערבײַ דעם קאָפ אין דער זײַט אפ די פאָדערשטע לאפּעס. — דאָס פערדל דאָרט אין יענעם וואָגן, נימעס ווערנדיק אים א לאנגע צײַט צו שטיין אפ איין אָרט, גאָרנישט צו טון, נאָר דרעמלען, מאכן מיטדער מאָרדע אין שאָקלען די אויערן, איז זיך מעיאשעוו אָפּצושטעקן א וויזיט א פאָר אײַנגעשפאנטע אָקסלעך, וואָס טוען זיך ווויל איבער א זעקל פאָלאָווע, און זײַנען זייער אוירעך אפ וועטשערע. נאָר באם גיין פארהאקט זיך די אקס פון זײַן וואָגן אין א רעדל פון אן אנדער פורל, שיר אומצוווארפן עס. יענץ פערדל דאָרט, ארויסשפרינגענדיק פון די האָלאָבליעס, טרעט־אָן אן אנדער פערד אפן פוס, עס טוט א הירזשע און שטעלט זיך דיבאָם. די ציג דערשרעקט זיך, טוט גיכער א שפרונג און טרעט אָן דעם דאָרפס־הונט אפן ווײדל. ער שפרינגט דערשראָקן אוועק אפ דרײַ פיס, הײַלנדיק אפ א קוויטש מיט א צענגאָרנדיקן שאלשעלעס.

מיט גרויס מי שלאָג איך מיך דורך צווישן די אלע פורלעך, גוט צוקוקנדיק זיך, טאָמער איז דאָ דאָס, וואָס איך זוך, און לאָז מיך ארײַנגיין אין קרעטשמע.

דאָס אלצוינג, וואָס אינעווייניק אין קרעטשמע טוט זיך, דערפיל איך ביסלעכווײַז, איינס נאָך דאָס אנדערע קעסיידער, נישט אפ איין מאָל. דעם ערשטן קיבעד האָט מײַן נאָז. באלד באם ארײַנקומען, נאָך אפ דער שוועל, טוט מיר א זעץ א שארפ ביטערער צאפנשטינקענדיקער רייעך פון בראָנפן, מאכאָרקע און מענטשנשווייס איניינעם. אז די נאָז ניסט־אָפּ איר „מא טויווו" פון אזא באָרעכאבע מיט א הילך, צעגיסנדיק זיך אין שטייגער, גייען צום סמיך די אויערן. א ראש, א געפילדער פון אייסגעמישטע איניינעם דיקע, גראָבע, הייזערדיקע, צעריפּעטע און כריפּעדיקע קוילעס קײַקלען זיך ארײַן אין זיי מיט א גרילצן, נאָר טויב צו ווערן. אז די נאָז מיט די אויערן האָבן שוין זייערס אָפּגענומען, געהאט זייער ערלעך אויסקומעניש, זענען שטארק אין דער ארבעט, נעבעך, די אויגן. נאָכדעם ווי זיי בלאָנקען זיך פריִער ארום אין דער טונקלעניש צווישן א געדיכטן אוילעם מענטשן, צונויפגעשמאָלצן איניינעם, נישט צו האָבן א פיצל סימען פון עפּעס א זאך, דערזען זיי פון דערווײַטן אפ א לאנגן הילצערנעם טיש א כיילעוודיק ליכטל אין א ליימענע לײַכטערל, וואָס ברענט מיט א רויטן שטעכעדיקן פלאַם, ארומגערינגלט מיט געל־גרין־בלוי־גרויע רעדער ווי רעגנבויגנס פון דער הייסער פארע און זײַלן רויך, וואָס שלעפן זיך איבער דער שטוב ארום. ערשט דערנאָך הייבן אָן ארויסצושווימען פונעם טונקעלן טומאן קעסיידער: נעז, בערד, בערדלעך, טשופרינעך, גאנצע פּענעמער און צורעס פון מאנצבלען און נעקייוועס. עס שווימען ארויס רעדלעך מענטשן, א טייל האלטן זיך אפ די פיס, ערשט נאָכן פערטן, פינפטן טרונק בראָנפן. אין דער זײַט האלדון זיך צוויי שיקורימלעך, זידלען זיך פאר גרויס ליבשאפט מיט מיִעסע ווערטער. נעבן זיי שטייט א פלוינעסטע באָרוועס אין א קורץ קליידל מיט א געשטיקט העמד אויסגעשניטן ווײַט און האָט האנאָע, פאטשט איינעם, דעם אנדערן אפן רוקן מיט גוטן, מאכנדיק דערבײַ: געניוג, אהיים, אהיים! דאָס שיקערע פאָרפאָלק אָבער שמעלצן זיך נאָך מער פאר ליבשאפט, נעמען זיך שטײַפער ארום און פאלן. ווידער א טייל זיצן אפ לאנגע בענק נעבן פלעשלעך מאשקע מיט פארבײַסן, צוויי באלגופן טרינקען איינער צום אנדערן לעכאיִם און זײַנען ביידע, ווי מע זאָגט, בעגילופן, איינער, א שטארקער ליבהאָבער פונעם ביטערן טראָפּן און וואָס דאָ איז שטענדיק זײַן מאָקעם־מענוכע, וויטעט זיך פונדערווײַטנס, רויכערנדיק זײַן ליולקעלע, דאָס מיט די דאָזיקע צוויי לײַט, דאָס מיט יענעם, דאָס מיט אן אנדערן און ווינטשעוועט צו: לעכאיִם, לעכאיִם, כאָטש מע קוקט זיך אפילע אפ אים נישט אום. און גאָר צולעצט שווימט ארויס אין דער געשטאלט פון א ייִדענע, א רירעוודיקע, א זשיוואווע, מיט אָפּגעבליאקעוועטע פעלענע מושקעס און עפּעס א מין טיכל אפן קאָפּ, דעם שענקערס ווײַב מיט איר קאָוועד אליין, נעבן פעס-

לעכ, פלעשער, קעלישעקלעכ, גלעזלעכ, קרענצלעכ בייגל, געקאָכטע אייער, דארע פישלעכ אונ שטיקלעכ פארהארטעוועטע לעבער. דאָס מויל מאכט איר זיכ קיינ רעגע נישט צו, די הענט אייערע רוענ אויכ נישט פונעם טײַנענ, רעדנ מיט איטלעכנ באזונדער, פונ געבנ אונ נעמענ גרייט געלט מעזומענ, אָדער מאשקאָנעס אָדער מיט א קרײַדל אָנשרײַבנ אפ דעמס, אפ יענעמס כעזשבנ פאסעקלעכ אונ רינגעלעכ.

איכ דריי מיכ ארום ווי א גער צווישנ דעם דאָזיקנ גאנצנ אוילעם, פרוּוו רעדנ מיט דעם, מיט יענעם. אונ דער שפיצ איז אלטערס ווערטל טאקע: מיילע, בעקיצער, גאָרנישט.

אינ קרעטשמע ווערט שיטערער, דער אוילעם הייבט אָנ זיכ צעפאָרנ, אונ איכ לאָז מיכ צוגיינ צו דער באלעבאָסטע, האלטנדיק די בײַטש אונטערנ אָרעם אנטקעגנ אירע אויגנ. דאָס טו איכ בעקיוונ מיט אנ אויבער־האסבאָרע, ווײַל קרעטשמערקעס ביכלאל האָבנ ליב באלעגאָלעס, קויפנ זיי אונטער מיט בראָנפנ, מיט עסנ אונ מיט נאָכ עפעס, ביכדיי זיי זאָלנ פארפאָרנ צו זיי מיט פארשוינענ. די בײַטש איז מיר געווענ א מייליצ אונ מיר געגעבנ כיינ אונ לײַטזעליקײַט אינ דער באלעבאָסטעס אויגנ. עס הייבט זיכ צווישנ אונדז אָנ אזא שמועס:

— גוטנ אָוונט! — גוט יאָר! — ווו איז דאָס אײַער מאנ? — וואָס טויג אײַכ מײַנ מאנ? — גלאט אזוי זיכ. — זאָגט, עפשער וועל איכ טויגנ. — טא... מאכטייסע! — אהער, אהינ, מיר צעשמועסנ זיכ ברייטלעכ. איכ דערצייל איר דאָס אומגליק, וועלכעס דאָ האָט מיכ געטראָפנ, מײַנ איצטיקע לאגע. זי טרייסט מיכ מיט א זיפצ, אונטערשפארנדיק דעם קאָפ מיט דער האנט אונ צוויי פינגער אפ דער באק, מאכט אלצ: „א מײַסע, א מײַסע!” אונ ווײַטער א זיפצ. איכ טו איר צוליב, דערצייל אלצדינג, ווער איכ בינ, ווי איכ הייס, מיט וואָס איכ האנדל, אונ זי פונ איר זײַט באשיט מיכ מיט־רייד, זאָגט מיר ארויס איטלעכס פיצעלע, וואָס בא איר אונטערנ נאָגל, פונ איר מאנ דעם שלימעזאלניק, פונ די קינדער אונ פארנאָסע... עס ווערט צווישנ אונדז א נאָענטע באקאנטשאפט. מיר רעכענענ זיכ אויס, אז מיר זענענ גאָרביידע שטיקלעכ קרויווים! זי הייסט כײַע־טרײַנע, נאָכ מײַנס א קאלטער מומע פונ דער באָבעס צאד. א סימכע, א פרייד! זי פרעגט מיכ אויס אפ מײַנ ווײַב, אפ די קינדער, אפ איטלעכנ בא מיר באזונדער, אונ אז דער מאנ איז דערופ אָנגעקומענ, זאָגט זי אימ אָנ די פסורע גיכ אינ איינ אָטעמ: מיר האָבנ א גאסט... א טײַערנ גאסט, רעב מענדעלע מויכער־ספאָרים!... מײַנער א קאָרעוו! אונ לאָזט אויס מיט גאדלעס צומ מאנ, אָנעמענדיק זיכ מיט ביידע הענט בא די זײַטנ:

— הא, מיינסט עפשער, פונ א שטאל האָסטו מיכ ארויסגענומענ! נישקאָשע, איכ וועל, באָרעכאשעם, פאר אנדערע נישט מעוויעש ווערנ, מעגסט זיכ, כלעבנ, איבערנעמענ מיט מײַנ מישפאָכע.

טא, ריבוינעשעלוילעם! — טראכט איכ מיר, — לאָז זײַנ אזוי: שאָול האָט געזוכט אייזלענ אונ געפונענ די מעלוכע, איכ זוכ פערד אונ געפונענ א כײַע־טרײַנע!...

כײַע־טרײַנעס מאנ איז געווענ א ייִד מיט א לאנגער נאָז. דאָס שיטערע בערדל, די פייעס אונ די ברעמענ — העל־בלאָנד ווי פלאקס. בעשאס שווײַגנ קײַט ער די צונג, אונ איידער ער קלײַבט זיכ צו רעדנ, באלעקט ער זיכ פריִער, אזוי אז אימ אָנקוקנדיק דעמלט, פארשטייט מענ, וואָס טײַטש לעקיש. . באמ אָפשטעקנ מיר א שאָלעמ־אלייכעם מורמלט ער עפעס גאָר אָנ ווערטער אונ פונעם גאנצנ באנעמענ זײַנעם דערקענ איכ באלד, אז ער ליגט אונטערנ ווײַבס פאנטאָפל, האָט פאר איר דאָס נײַניאָריקע קאדאָכעס. ווי עס האָט שפעטער מיט דער צײַט זיכ ארויסגעוויזנ, הייסט ער אינ דער סוויווע: כאיִמ־כאָנע כײַע־טרײַנעס, אונ כײַיע־טרײַנע אליינ הייסט: כײַיע־טרײַנע קאָזאק.

— ווו האָסטו עס ביז אצינד געהינעט? — נעמט כײַע־טרײַנע דעם מאנ אפנ ציהונדער. — ווהינ האָט עס דיכ, שלימאזל, דער שווארצ יאָר געטראָגנ? האָסטו עס געהערט! הענ אביסל!... מע זאָל אוועקווארפנ א שטוב מיט דעם באלעבאטישקײַט אונ גאָרנישט... נישקאָשע, רעב מענדעלע איז אנ אייגענער. פאר אימ מעג מענ זאָגנ, וואָס פאר א שלאק דו ביסט, א שלאק פונ זײַנ ליבנ נאָמענ. קוקט אימ אָנ! שטייט ווי א ליימענער גוילעם אונ קײַט די צונג...

— דו האָסט דאָכ מיכ אליינ, האָסטו מיכ געשיקט צו גאווורילאָנ נאָכ א זאק קארטאָפליעס מיכ געשיקט! — פארענטפערט זיכ כאיִמ־כאָנע, באלעקנדיק זיכ פריִער מיט דער צונג.

— אונ דער רעבע, דער שיינער רעבע איז קראנק געווענ ברענגענ צו טראָגנ דעם זאק קארטאָפליעס? עסנ, נישקאָשע, קענ ער פאר צענ.

— דער רעבע איז דאָך געגאנגען, דער רעבע, אָפּפירן די פעריסטע קו מיט דעם קעלבל אין פעלד אָפּפירן! — גיט כאים־כאָנע דעם ווייַב צו פארשטיין.

— אָט שווייַג שוין, שווייַג, קייַ דיר בעסער די צונג! — מאכט כייע־טרייַנע, קוקנדיק בייז אפן מאן. דערנאָך ווענדעט זי זיך צו מיר מיט א גאנצן שמועס, וואָס זי האָט פון איטלעכן אויסצושטיין. ווען נישט זי, וואָלט די גאנצע שטוב שוין לאנג האָרנעם־קאָרנעם איבערגעקערט געוואָרן, און מישט אלץ אריַין אין די רייד: „נישקאָשע, פאר אייַך מעג מען, ווי פאר א טאטן, איר זייַט דאָך אן אייגענער, רעב מענדעלע!“

איך לייג מיך אריַין אין שאָלעם און פאריכט בא כייע־טרייַנען דעם מאנס דאָליע. פון שאָלעם־וועגן זאָג איך אביסל א ליגן, באשולדיק ביכלאל אלע מענער, מיך דערונטער אויך אביסל, און כאנפע, לויב אין טאָג אריַין די אלע ווייַבער, באזונדערס כייע־טרייַנען; כאָלילע, ווען נישט זיי, וואָלט די וועלט קיין וועלט נישט געווען... כייע־טרייַנע איז געוואָרן ווייכער.

— געזונט זאָלט איר זייַן, ר' מענדעלע! — זאָגט זי מיט א שייַנענדיק פענעמל און מאכט באלד טאקע צו מאן מיט גוטן:

— גענוג צו קייַען די צונג! נעם בעסער, כאים־כאָנע, וויש איבער די קעלישקעלעך און די טעלער, פון וועלכע אייסעוו האָט געפרעסן. — ר' מענדעלע מיז אוואדע גוט הונגעריק זייַן, — טוט זי א זאָג צו מיר, אופהייבנדיק זיך פונעם געזעס אירס באם שענקל, — איך פיל עס אין מיר אליין טאקע. אין זא מארק־טאָג פארשפעטיקן מיר זיך טאָמיד מיט דער וועטשערע. נישטאָ, נימער ערגער, קיין צייַט. קומט, זייַט מויכל, מיר בעטן זייער שיין צו אונדז אין שטוב.

גלייַך פונעם שענקל קומט מען אריַין אין א פינצטער אלקערל, ווו אנטקעגן איז אָפן א טיר נאָך אין אן אלקערל און לינקס אין דער זייַט פירט א טיר אין א היפשן כיידער, א נידעריקער, אָן א דיל, מיט קליינע פענצטערלעך. די שייַבלעך זענען א טייל צעשפּאָלטן, א טייל געלאטעט פון צונויפגעקלעפטע שטיקלעך און א טייל אינגאנצן אויסגעשלאָגן; נאָר ערגעץ אין א ווינקל שטעקט א איבערגעבליבן שטיקל גלאָז, ווי דער אייניינציקער צאָן בא א זקיינע, וואָס נאָר עפּעס א ווינטל שאָקלט זיך עס, שטיל געבעבעט: זימ־זימ־זימ, זייער אומעטיק. אין איין עק שטוב, צו דער גאס צו, שטייט א טיש. נעבן אים, בא די ווענט, לאנגע, שמאָלע בענק, נישט געפארבט. אין דעם אנדערן עק אנטקעגן שטייט א בעט מיט אסאך בעבעכעס, אָן אייגאָרע: מיט קישנס, גרויסע, מיטעלע, קליינע, ־קלייניטשקע, א הויכער טורעם ביז אין דער סטעליע. און בא דער זייַט אויוון דאָרט ציט זיך א ברייטע באנק, וואָס דינט באנאכט פאר א בעט צו שלאָפן. ארום די ווענט אין דער הויך הענגען פּאָרטרעטן באדעקט מיט שפינוועבס, מיט געפייגערטע פליגן, אויסגעטריקנטע אייער פון פרייַסן און פליגנקויט. פונעם קויט אפּ די דאָזיקע פּאָרטרעטלעך קוקן ארויס עפּעס געשטאלטן: א „מיזרעכ“ מיט קראָליקלעך, מיט מעשונע־ווילדע כייַעלעך, האלב ציג — האלב הירש, האלב לייב — האלב אייזל, האלב לעמפערט און האלב פיפערנאָטער. א הויכער האָמען, געקליידעט ווי א אונטער־אָפּיצער, הענגט אפּ א טליִע, וואָס גרייכט אים קאם ביז צום אקסל, אזוי אז גיכער הענגט די טליִע אפּ אים; דערבייַ שטייט מאָרדכע אין א שטרייַמל, א ראצעמאָרענע קאפּאָטע מיט א גארטל, אויבן א טיזליק, אין שיך און זעקעלעך מיט פייקעלעך, טאקע נאָר „מאָנדרויש“. ארום אים — „באבערדלטע, באנאָזנדיקע“ יִידן מיט קויסעס אין די הענט און מאכן: „לעכאיִם, רעב מאָרדכע!“ צו זערעשן מיטן טאָפּ האָבן זיך זייער מיִעס צוגעכאפּט די פליגן, האָבן פון איר, נעבעך, איבערגעלאָזט נאָר א האלבן קאָפּ מיט א שטיקל פעדער־כיילעק. נאפּאָלעאָן, נעבעך, איז אויך אריַינגעפאלן אהינצו אין יִידישע הענט. אז אָך און וויי איז צו אים, וואָס פאר א פּאָנעם ער האָט געהאט! ער איז געהאנגען צווישן פויטיפערס ווייַב, עפּעס א פארזעעניש, א מיִעסקייַט, וואָס מאכט כיין, שלעפנדיק יוסעפּ האצאדיק בא די פּאָלעס, און צווישן א שמאָלן פארשמאָלצוועטן, שטארק־אָנגעבויגענעם שפּיגל, הינטער וועלכן עס האָט געשטעקט א פארדארטער לולעוו און אלטע אָפּגעשלאָגענע הוישייַנעס.

אין שטוב דרייט זיך ארום א דיקע, א ברייטע, א האָרעפּאשנע מויד מיט א פּאָר באקן ווי די פּאמפּושקעס; אפן קאָפּ זייער וויניק האָר און צוויי קליינע צעפּעלעך פון הינטן. די הענט האלט זי ביז די עלנבויגנס שטייַף צוביידע זייַטן, די אָרעמ אויסגעשטרעקט גלייַך ווי צוויי האָלאָבליעס, צווישן וועלכע זי רוקט זיך, שליטלט זיך נישט צו הייבן קיין פיס, ארויסשיקנדיק דעם קאָפּ אביסל פריִער פאר איר. זי רוקט זיך גיך, טראָגנדיק אין די הענט א טישטעך מיט טעלער,

און גרייט צום טיש. כײַע־טרײַנע רוימט איר עפּעס אין אויער אײַן, זי קערט אויס די האָלאָב־ליעס, דער קאָפּ לאָזט זיך פּאָרויס, זי אַליינ מיט די פּיסעלעך באַלד טאַקע נאָך אים און ווערט גיך אַנטרונען פון דער שטוב. אין אַ ווינקעלע קריגן זיך אַ שטיק פיר קינדער, מיידלעך מיט ייִנגלעך, רײַסן זיך עפּעס איבער אַ קליינ היגטעלע, אַ מאָפּסיק, וואָס פּישטשעט, נישט צו הערן, צו זען, וואָס הינטער זיי טוט זיך אין שטוב. כײַע־טרײַנע באַפאַלט זיי פלוצים, טוט שטילערהייט אַ קניפּ דעם, אַ צופּ יענעם, כאַפּט דאָס פּיצל היגטעלע און וואַרפט עס אַרויס. די קינדער שטעקן זיך אונטער די נעז אָפּ פּײַגן און צעלויפן זיך אין די ווינקעלעך. באַלד קומט אָן כאַים־כאָנע מיט אַ גרויסן לאַדיש סמעטענע. דאָס ווײַב נעמט עס בײַ אים צו, פּאָרעט זיך אַביסל דאָרט פאַר זיך און הייסט זיך אונדז וואַשן.

אַ באָכערל אָן אַ קאַפּאָטקע, באָרוועס, אין אַ לײַבסערדאַקל מיט הויזלעך, לויפט אַרײַן מיט אַ סימכע: דער רעבע האָט געכאַפּט אין שטאַל אַ וואָראָבײטשיקל!... אַלע קינדער בלײַבן פאַר־גאַפט מיט אויסגעצויגענע פּענעמער פאַר גרויס וווּנדער, און איידער זיי ווײַנען צו זיך געקומען, קומט אַרײַן אַ יונגערמאַנטשיק עפּעס מיט אַ געשוואָלענער נאָז און גראָבע ליפּן, וואַשט זיך גי־כער איבער דער פּאָמויניצע, זעצט זיך דערנאָך צום טיש און רוקט אַרײַן אין מויל אַ גרויס שטיק ברויט, אַלץ אין כאַפּעניש, אין אײַלעניש, נישט צו שענקען קיינעם אַ קוק, גלײַך ווי אויס מוי־רע, ער זאָל, כאָלילע, נישט פאַרשפּעטיקן, מע זאָל אָן אים נישט אָפּעסן. דערווײַל רוקט זיך אַרײַן יענע ברייטע מויד מיט די פּאַמפּושקעס אויסגעפּוצט שאַבעסדיק און זעצט זיך אויך צום טיש. כײַע־טרײַנע מאַכט צו מיר, ווײַזנדיק מיט אַ פינגער אַף דער מויד: דאָס איז מײַן עלטערע טאָכ־טער, כאַסיע־גרונע. דער אוילעם עסט פריִער עפּעס מיט דערעכערעץ, אַ שעפּ מיט דעם לעפל און אַ לייג אַנידער, דערנאָך הייבט עס אָן גיין לעבעדיק, ראַשיק: אַ צען לעפל אַרבעטן געשמאַק אין איין שיסל און פליִען פון דאָרט געשווינד אין צען מײַלער, וואָס זופּן, איטלעכס אַף זײַן שטייגער. ס'איז אַ כאַפּעניש, אַ בעהאָלע, אַ זופּערײַ: ווופּ־הופּ, הופּ־פּופּ! מײַנע נײַ־געפונענע קרויווים טרײַבן מיך אַלץ אונטער: עסט, לאָזט זיך נישט בעטן! און איך: וו־ווופּ־פּפיפּ! אַף מײַן נוסעך. דער יונגערמאַנטשיק מיט דער געשוואָלענער נאָז פוילט זיך נישט, אַרבעט פאַר צען און גרונטעוועס זיך ביז דעם פויגל, וואָס קומט לעסאָף אַרויס, אויסגעמאָלט אינעווייניק אַפן דעק פו־נעם שיסל. אָפּגעפּאַרטיקט זיך פון דער אַרבעט מיט אַ זיפץ טיף פונעם בויך, שטעלט ער אויס אַ פּאָר גלעזערנע אויגן און קוקט אַפן אוילעם, טוט פלוצים אַ שטרעק די האַנט, אונטערהייבנדיק זיך אַביסל פונעם אָרט, גלײַך צו מיר, מאַכנדיק דערבײַ: שאָלעם־אַלייכעם! איר זײַט מיר עפּעס קענטלעך... מאַ שמייכעם? איך זאָג אים מײַן נאָמען. ער שפּרינגט אַזש אונטער פאַר גרויס וווּנדער:

— רעב מענדעלע!.. רעב מענדעלע מויכער־ספאָרים!! פּישש!... אַ קאַטאָוועס עפּעס! ווער קען נישט רעב מענדעלען?! איך האָב געהאַט אַמאָל די זכיִע, אין גלופּסק נאָך, קויפן בײַ אײַך אַ בענטשערל.

— רעב מענדעלע איז מײַנער אַ קאָרעוו, — זאָגט כײַע־טרײַנע מיט גאַדלעס, שמעלצנדיק זיך פאַר פרייד, און אָנווײַזנדיק מיר אַפן יונגנמאַנטשיק, מאַכט זי: דאָס איז אונדזער רעבע! — אַנו, הוישיקעלע, — ווענדעט זי זיך צום באָכערל אָן דעם קאַפּאָטקעלע. — רעב מענדעלע וועט דיך פאַר־הערן. שעם דיך נישט, נישקאָשע, דער פעטער וועט דיך נישט אופעסן.

הוישיקעלע האַלט אַ פינגער אין דער נאָז, קוקט אין דער זײַט אָנבלאָזנדיק זיך, פאַרציט דעם אַקסל און מאַכט: איך סעם מיך, סעם מיך...

— וויפל איז אַלט אײַער הוישיקעלע, זאָל לעבן? — פרעג איך די מאַמען.

— מײַן הוישיקעלע, זאָל לעבן, איז אין ווּעסנע געוואָרן באַר־מיצווע, — ענטפערט די גליק־לעכע מאַמע.

— נו, הוישיקעלע, — נעם איך דעם באָכערל אָן פאַרן בעקעלע, — זאָג, שעם דיך נישט, וואָס גייט הײַנט פאַר אַ סעדרע?

— זאָג, זאָג! — טרײַבט מען הוישיקעלען אָן פון אַלע זײַטן. ער שטעלט אויס אַ פּאָר אויגן און שווײַגט.

— ב... ב... ב... — מאַכט דער רעבע מיט די גראָבע ליפּן.

— ב־ב... באָהאַי! — לאָזט הוישיקעלע אויס אַף אַ קאָל, קוקנדיק צום רעבן.

— נו, באָלעק, באָלעק... — זאָג איך אונטער און גיב ווײַטער הווישיקעלען א פרעג, — וואָס האָט אזוינס באָלעק געשיקט זאָגן?

דער רעבע לעקט דעם פינגער, ביכדיי דער טאלמיד זאָל זיך דערמיט אָנשטויסן.

— לעקן, — טוט הווישיקעלע א געשריי מיט אימפעט.

— ווער, ווער לעקן? — טרײַבט הווישיקעלען אונטער דער רעבע, און עס ווערט אים גרינגער אפן הארצן, מיינענדיק, אז ער האלט שוין מיט דעם טאלמיד זײַנעם אפ א שטיקל דערעכ — ווער, הא?

— דער רעבע! — שרײַט הווישיקעלע אויס אפ א קאָל.

— דו פארשטאָפּטע קאָפּ איינער! — צעהיצט זיך דער רעבע מיט קאס — ווער, זאָגט באָלעק, וועט לעקן?

— די ייִדן!... — טוט הווישיקעלע גיך א זאָג אפ א קוויטשיק קעלכן.

— יאָ, די ייִדן, ייִדן... הווישיקעלע! — זאָג איך, א גלעט געבנדיק אים דאָס בעקעלע — זייער וויל, דו קענסט.

די מאמע איז גאָר איבערגליקלעך, האלט די הענט אפן בויך און קוועלט: אז וויל איז, כלעבן, דעם בויך, וואָס האָט אזא טאכשיט געבוירן! דער טאטע קײַעט די צונג און האָט שטארק האנאָע.

נאָכ דער וועטשערע שמועסט מיט מיר כײַע־טרײַנע איבער וועגן מײַן אייסעק אזוי:

— אין א פּאָר שאָ ארום באדארפ אָנקומען מײַן יאנקאָ מיט די פערד. דענסטמאָל, רעב מענדעלע, זעצט איר אײַך אופ רײַטנדיק אפ איינעם, מײַן מאן אפ דעם אנדערן פערד און פּאָרט פארנעמען די בײַדלעך מיט דער סכוירע דערווײַל אהער. און ווײַטער וועלן מיר שוין זען. לעסאטע לייגט זיך אביסל צו, אָט האָט איר אײַך א בעט מיט איבערבעטן.

— א שיינעם דאנק — רופ איך מיך אָן, — אין די בעבעכעס, אז איך וועל ארײַנפאלן, וועט שווער זײַן דערנאָך ארויסצובאקומען מיך פון דאָרט. גאָט ווייס, וויפל איך קען דאָרט אָפּשלאָפן, און דאָ איז די צײַט טײַער. אן אנדערס מאָל, אימירצעשעם, אז איך וועל קומען צו אײַך מיט מײַן ווײַב און די קינדער צו גאסט, דענסטמאָל, זעט איר, געזעגן איך מיך מיט אײַך אלע און ווארפ מיך, אפ גאָטס בארשט, ארײַן טיפ אין דעם טעהאָם בעבעכעס אפ א לאננער, לאנגער צײַט.

— מיר בעטן, מיר בעטן! — מאכט כײַע־טרײַנע מיט כיין, — זעט־זשע, מיט אלע קינדער טאקע. נעמט אויך מיט יאכנע־סאָסיען. זאָגט־זשע זיך נישט אָפּ כאָטש נעמען א קישעלע אהין אין אלקערל.

— שלאָפט געזונט! — געזעגנט זי זיך מיט מיר, — נישקאָשע, מײַנער וועט אײַך גאנצפרי, קילכויכ האשויר, אופוועקן!

## X

כײַע־טרײַנע איז טאקע א קאָשערע ייִדענע, א גוטע, נאָר וואנצן האָט זי געהאט אין שטוב רעשאָיִם, זייער בייזע. זיי זענען מיך באפאלן, וויבאלד איך האָב מיך געלייגט אפן טאפּטשאן אין אלקערל, און די מילכאָמע צווישן אונדז האָט זיך אָנגעהויבן. ביידע צדאָדים האָבן זיך פארעקשנט, געארבעט אין אייסעק: זיי — מיטן מויל, איך — מיט די הענט; זיי קריכן, איך שפּרינג אונטער; זיי מיט טײַנעס: „דער טאפּטשאן איז אונדזערער, דערעכערעץ־זשע, רעב ייִד, און לאָזט זיך בײַסן!" — איך זיפץ, פארבײַס די ליפן, קראצ מיך מיט אלע קויכעס; זיי א ביס — איך א קראץ; זיי אפ מיר — איך אפן קישן; אראָפּ, צו אלדי שווארצע יאָר, דאָס קישן! דאָס הינקענ־דיקע בענקל אפ דרײַ פיסלעך פאלט אום; דאָס ליימענע קריגל מיט נעגל־וואסער טראכ־טראכ; טאראקאנעס אפן דיל לויפן, דראפּען, הארמידערן; פעדערן פון דעם צעריסענעם קישן פליִען אין דער נאָז, אין די אויגן ארײַן; דער טאפּטשאן אונטער מיר ריפּעט־סקריפּעט. א טאראראם, א גערודער! איך בין דול, צעמישט, צאפל מיט אלע גלידער און ווארפ מיך פון איין זײַט אפ דער אנדערער, עס הערט נישט אופ צו בײַסן. עס שטינקט וואנצן! — נימעס ווערנדיק מיר די גאנצע מײַסע, בלײַבט בא מיר אויקער צו זײַן. איך פארלאָז מײַן געלעגער, שפּרינג אראָפּ גלײַך צום פענצטער, צו אָטעמען אביסל פרײַ, און טו א קוק אין דרויסן, אפ גאָטס וועלט.

אפן בלויענ הימל שטיל, רויִק גייט די גילדענע לעוואָנע, איר שייַנענדיק פּאָנעם איז זייער ערנסט, עפּעס שטארק פארטראכט. שאַ ארום און ארום!... איר פארטראכטקייַט ווארפט אפ מיר אָן א זיסע מאָרעשכוירע, זי רעדט עפּעס צו מייַן הארצ, די נעשאָמע מייַנע נעמט זי מיר ארויס מיט איר איטלעכנ בליק. זי רופט אינ מיר ארויס א יאַם געפילן און עס טראכט זיך, טראכט זיך עפּעס גאָר פונ זיך אליינ. עס טראכט זיך פונ דעם ביטערנ לעבנ פול קרענקונג, אלערליי ליידנ מיט באליידיקונג, פול פלאָגנ, אָנשיקענישנ, אלטע אויך נייַע, און צעפּיעסטע מיך פאר איר ווי א שלאָפּ קינד, נעבעך, פאר דער מוטער: אוי מאַמע, עס טוט וויי!... אוי, ווערט מענ פארשווארצט, קומט מענ עס אָפּ!.. קארג קאָפּדרייעניש, בויִכווייטיק, איז מענ נאָך גרויס אינ די אויגנ; קארג אייגענע מאַקעס און וווּנדנ, האָט מענ נאָך אויסצושטיינ געבראָטענע לייד; קאַם־קאַם וואָס מע זשיפּעט, פארגינט מענ נאָך נישט דאָס שטיקל געפּלאָגטע לעבנ. אוי, מאַמע, עס שמארצט, אוי, עס טוט וויי!... די לעוואָנע קוקט אפ מיר מיט איר ליכטיקער צורע אלצ ערנסט, פארטראכט און, דאכט זיך, זי נעמט מיך אייַנ. „שאַ, בידנע קינד, שאַ! וואָס זאָל מענ טונ?“... דאָס הארצ וויינט אינ מיר נאָך מער, הייסע טרערנ טרעטנ מיר ארויס אינ די אויגנ, איך שפּאר אָן דעם קאָפּ אפ מייַנ אָרעמ, די זייַט מיט דער אָפּגעשוירענער פּייע דער לעוואָנע אנטקעגנ — נאַ, זאָל זי זענ, זאָל זי כאָטש זענ!... עפּעס עפנט זיך אינ מיר א קוואַל פונ געפילנ, צופּנ מיך באַמ הארצנ, פארפלייצנ מיר די געדאנקענ. די אויגנ, אָנגעקוואָלענע ווי די באַנקעס, קוקנ אינ דער וועלט אריינ מיט א רירנדיק געבעט: גוואַלד, העלפט, האָט ראַכמאָנעס! עס טוט וויי, וויי, וויי... אזוי כאַפּט זיך אופ פונעמ שלאָף באַ דער נאכט א קראנק קינד, נעבעך, יאָמערט פונעמ הארצנ פאר זיך אליינ, קוקט מיט די אייגעלעך, בעטנדיק ראַכמימ. — נישטאָ קיינער! קיינער! קיינער הערט נישט! אלע שלאָפנ, שאַ!... א הינטל נאָר שטייט אפ דער גאַס וואַך, דער ווייַדל צווישנ די פיס, דער קאָפּ פאריסנ הויך און בילט מיט א קאַלטער לעבער אנטקעגנ דער לעוואָנע. זי גייט איר וועג רויִק, פארטראכט, פונ א הונטס בילנ זיך גאָר נישט צו מאכנ...

אפנ הארצנ ווערט מיר גרינגער. עפּעס ווארעמט מיך אינעווייניק א געפיל פונ האָפענונג און טרייסט אָנ ווערטער — אזא געפיל, וואָס א ייִד פילט, אז ער וויינט זיך אויס פאר גאָט אפ זייַנע צאָרעס! אזא געפיל, וואָס מאכט דעמ מענטשנ ווייך ווי טייג, גוט אָנ א ברעג, גרייט איטלעכנ אוועקצוגעבנ די נעשאָמע, ארומצונעמענ די גאַנצע וועלט און זי א קוש צו טונ פאר גרויס ליב־שאַפט. —

און זיי, די ווענצלעך, זענענ דענ נישט גאָטס באַשעפעניש? וואָס זענענ זיי שולדיק, אז זיי שטינקענ, נעבעך? וואָס זאָלנ זיי טונ, אז עס ליגט שוינ אזוי אינ דער טעווע זייערער צו בייַסנ? זיי טוענ עס נישט פאר שלעכטס, פאר סינע און צולאָכעס, נאָר פאר דעמ שטיקל פּארנאָסע: זיי ווילנ, נעבעך, טרינקענ, אָנזעטיקנ זיך מיט יענעמס בלוט. מיילע, לאָז שוינ מייַנס איבערגיינ, דאָס ערשטע מאָל אינ לעבנ איז מיר דענ וואנצנ? און וועלכער ייִד האָט דענ נישט פונ זיי צו זינגענ און צו זאָגנ?...

איך גיי אוועק פונ דעמ פענצטער און זאָגנדיק: „אינ דייַנ האנט טו איך מייַנ זעל באַהאַלטנ“, גיב איך מיך א וואָרף אפנ טאַפּטשאַנ און — גאָרנישט, איך שלאָף! כאַלוימעס האָב איך פייַנט צו דערציילנ. נארישקייַטנ!

דאָס אופשטיינ אפ מאָרגנ גאַנצ פרי האָט מיר געקאָסט גרויס מי. עס האָט מיר וויי געטאָנ איטלעכס אייווער. נאָר די נויט האָט מיך געצוווּנגענ און מיט מיר א טראָג געטאָנ פונ מייַנ געלעגער. א ייִד לעבט מיט אימפּעט. די נויט טרייַבט אימ צו לויפנ, ארומצוויאָגנ, צו טונ, צו ארבעטנ, לאָז נאָר שוואַך ווערנ א קאַפּעלע דער אימפּעט, בלייַבט ער ליגנ ווי א דערהארגעטער. יאָנטעוו דערפילט א ייִד זייַנע ווייטיקנ, דענסטמאָל האָט ער געווייינטלעך צייַט קראנק צו זייַנ...

די נויט האָט מיך פונ מייַנ געלעגער אופגעהויבנ, די נויט האָט מיך אפ די פיס געהאַלטנ, די נויט האָט מיך רייַטנדיק אפ א פערד אופגעזעצט, די נויט האָט מיר אינ קארק געגעבנ, און איך האָב מיך געריִרט פונעמ אָרט אינאיינעמ מיט כאַימ־כאָנע כייַע־טרייַנעס מאַנ. האָרב איז באַ ייִדנ נאָר דאָס ערשטע ריר, דערנאָך, אבי א קוועטש די שפּרונזשינקע, גייט עס שוינ ווי א פּוטער. ער קריכט שוינ אפילע ווּהינ מע באַדארף נישט, ווּהינ מע האָט אימ קלאָל נישט געבעטנ. ער דראַפּעט זיך אפילע אפ די גלייַכע ווענט. איך קומ באַלד צו מייַנע קרעפטנ, בינ פריש און שטארק אפּדאָסניי.

אז דער אוילעמ זאָגט: „א ייִדישע נעשאָמע קען מען נישט שאצן“, מיסטאמע איז רעכט. גאָר אין אָנהייב האָב איך גערעכנט, כּיַיע־טרײַנע פרייט זיך דאָ מיט מיר אזוי פּאָשעט, וואָס זי האָט דערטאפּט פלוצים א קאָרעוו און נאָך אזעלכן, וואָס רײַבּט זיך ארום ספּאָרים. דאָס רײַבּן זיך אליין ארום עפּעס א זאך האָט שוין א גרויסן ווערט בּא ייִדן. א ייִד פון שיינע בּאַלעבּאטים אפילע, ווען עס קומט אים אויס צו האָבּן אן אייסעק אין די פריסוטסטוועס, הייבּט אָן צום ערשטן פון סטאָראָזש — ער רײַבּט זיך דאָך פּאָרט ארום די אדוינים דאָרט — שמועסט מיט אים איבּער און גייט אוועק צופרידן. לעסאטע, טראכט ער, איז גענוג. דער סטאָראָזש איז נישט קיין שלעכטער מענטש. דער שאמעס, וואָס רײַבּט זיך ארום א ייִדישער שקאָלע, הייסט בּא א טייל פון ייִדישן אוילעמ: דער אינספּעקטער; דער ייִדישער בּריוונטרעגער — פּאָטשטאר, דער ייִד פון דער פּאָטשט — אזויפיל קימאט ווי פּאָטשטמייסטער. קורצ, ווי מע זאָגט טאקע: „דעמ ראָווס שיקסע קען פּאסקענען שײַלעס“... בּא דער וועטשערע, אָנקוקנדיק די דיקע ברייטע מויד, וואָס איז שוין צײַט איר אונטער דער כופּע, איז מיר שוין ארײַן אין נאָז, אז כּיַיע־טרײַנעס פרייד בּאטײַט, איך קען איר צונוצ קומען צו א שידעך... און, דאכט זיך, גאָר אפ מיר גופע האָט זי אן אויג. דעריבּער טאקע האָט די מויד אזוי שאבּעסדיק זיך אויסגעפּוצט... דאָס איז מיר דערנאָך קלערער געוואָרן פון כאיִמ־כאָנעס רייד, פּאָרנדיק מיט מיר אפּן וועג. עפּעס האָט ער צופיל אויסגעפרעגט מיך וועגן מײַן בּאָכערל מיט אזא שמועס:

— אזוי! איז אײַער בּאָכערל, שוין געוואָרן, אײַער בּאָכערל, בּארמיצווע און נאָך נישט קיין כאָסן, גישט! איך אין זײַנע יאָרן האָב שוין כאסענע געהאט, אין זײַנע יאָרן. מײַן כּיַיע־טרײַנע לאָזט מיך די נעכט נישט שלאָפן: גוואלד, א בּאָכערל! וואָס ליגסטו, גאזלען, אזוי?... גוואלד, א כאָסן! די בּסולע מײַנע האָט איר דאָך געזען, די בּסולע, א גוטע בּאַלעבּאָסטע. עפשער טאקע שוין צײַט איר כאסענע צו מאכן, שוין צײַט עפשער? וואָס זאָגט איר, רעבּ מענדעלע? עפּעס זײַט איר דאָך א ייִד א לאמדן, שוין צײַט? מײַנע האָט מיט מיר הײַנטיקע נאכט איבּערגעשמועסט... איר זײַט בּא איר שטארק כאָשעוו, זײַט איר. אלצ קומט אומגעריכט. בּאדארפ זיך גראָד מאכן א מײַסע און איר האָט פארבּלאָנדזעט צו אונדז... זייער אָנגעלייגט, כלעבּן. איז אײַער בּאָכערל שוין, זאָגט איר, בּארמיצווע, אײַער בּאָכערל?

אין דעם ווי מיר שמועסן דאָ אזוי, קומען מיר צום אָרט פון די בּײַדלעך. פריִער בּאטראכט איך גוט מײַן בּײַדל אין איטלעכס ווינקעלע — בּאָרעכאשעם, אלצדינג דאָ אינגאנצן, און לאָז מיך צוגיין דערנאָך צו אלטערס בּײַדל. דאכט זיך, אויך נישט גערירט, עס שטייט אפ זײַן אָרט, נאָר קוים נעם איך מיך צום לאנטוך, מיט וועלכן דאָס בּײַדל איז איבּערגעדעקט, און טו א טאפּ, בּין איך פארצאפּלט געוואָרן — עס רירט זיך עפּעס אונטער אים... איך שפּרינג אָפּ שטארק דערשראָקן אפ צען איילן אין דער זײַט, דאָס לאנטוך הייבּט זיך דערווײַל אוף, און איך דערזע פאר מײַנע אויגן זיצנדיק אפן וואָגן מיט א פארבּונדענעם קאָפּ — אלטער יאקנעהאָז!...

## XI

וואָס מיט אלטערן איז פירגעגאנגען, ווו ער איז הינגעקומען, פונוואנען ער האָט פלוצים זיך גענומען און פארוואָס דער קאָפּ איז אים פארבּונדן — די דאָזיקע שײַלעס דערקלערט אונדז בּאלד אלטער מיט זײַן קאָשער מויל אליין, אזוי:

— מיילע, גיי איך מיר נאָך די פערדלעך. בּעקיצער, נישטאָ קיין פערדלעך! נישמער, טראכט איך מיר, גאָרנישט. אפּאָנעם, זיי זײַנען פארגאנגען ווײַטלעך. גראָז אין וואלד איז זייער גוטע, שאָטן איז אויך דאָ. פארוואָס נישט? א מענטש, לעהאוודל, זוכט אויך, ווו גוט איז. מיילע, גיי איך מיר ווײַטער, ווײַטער, פארשטייט איר מיך, מע הערט נישט, מע זעט נישט. וואָס טוט מען דאָ? ס'איז דאָך עפּעס שאָפל! פלוצים דאכט זיך מיר אין וואלד עפּעס א שאָרכ אפ יענער זײַט טאָל. מײַנער בּאלד טאקע אראָפּ, ארופ, אהין, אהין, בּעקיצער — גאָרנישט. דערווײַל ווערט שפּעטלעך, ס'איז שוין טונקל, עפּעס גאָרנישט קיין גוטער מאסעמאטן!... דאכט זיך מיר ווידער א שאָרכ, איך ווײַטער אהין, דריי מיך, זוך און ווײַטער גאָרנישט. עס פארדריסט מיר שוין, פארשטייט איר מיך. וואָס איז דאָס פאר א גאנג? בּעקיצער, ווידער א שאָרכ און עפּעס ווי טריט. — אָט האָסטו זיי, די שיינע לײַט! א קרענק זיי אין די בּיינער! — פלוך איך שטארק אופגעבּראכט

און דערשלאָג מיך אַהין, ערגעץ אין א העק, צווישן געדיכטע צווייַגן. אהא, ס'איז דאָ, דערטאַפּט!... וואָס? צו אַלדי שוואַרצע יאָר, עפּעס א רויטע קו!... א קו וואָס ווי געווײנטלעך, זיך פון דער טשערעדע אָפּגעריסן און פאַרגאַנגען אין וואַלד. אַצינד וואָס? איך ווייס גאָרניט, ווו איך בין. נישמער, שטיין איז קיין טאַכלעס נישט. מיילע, גיי איך מיר אין צאָרעס, אַף גאָטס באַראָט, און פאַרגיי מיר צו א פּײַערל, וואָס האַלט באַם אויסגיין. האָלאָוועשקעס רויכערן זיך, ס'איז נאָך דאָ אין זיי א פונק: דאָס גראָז אַרום און אַרום אויסגעטראָטן, עס וואַלגערן זיך ברעקלעך ברויט, שאָלעכץ פון אייער, פון אוגערקעס, ציבעלעס און קנאָבל, אויך צעריסענע שמאַטעס און שמאַטקעלעך. דאָ איז, אַפּאָנעם, געווען א היפּשע קאָמפּאַניע, און ווי עס זעט אויס — א כאָפּטע ציגייַנער. גאָר עפּעס נישט קיין גוטער אייסעק! ציגייַנער האָבן ליב צו לאַקכענען. פּלוצים דאַכט זיך פון גאַנץ ווייַט עפּעס א קאָל. עפּשער רופט עס דאָרט רעב מענדעלע? — גייט מיר איבער א געדאַנק, און איך לאָז מיך גיין געשווינדער. דאָס קאָל — דאָ הערט עס אויף, דאָ לאָזט עס זיך ווידער הערן, און וואָס נעענטער, ווערט עס אַלץ שרעקלעכער, ווי איינער שרייַט גוואַלד!... עפּעס גאָר א שרעק, כלעבן! נישמער — גאָרנישט. איך טו מיר מייַנס און גיי. עס העלפט נישט, נאָר קוק מיך גוט אַרום און היט די ביינער. בעקיצער, אַנטקעגן מיר וואַקסט אויס פונדערווייַטנס עפּעס א קרעטשמעלע, — א כורוועלע אַף הינערשע פיסלעך. עפּעס איז מיר עס נישט געפעלן. איך באַהאַלט מיך אַביסל אין דער זייַט צווישן צווייַגן. גראָד טאַפּ איך דאָרט אָן עפּעס א דרענגל. נעם עס אין דער האַנט, פאַרשטייט איר מיך, לעיעסער ביטאָכן. זיץ שטיל און קוק מיר, וואָס וועט דאָ זייַן. עס קומט מיר אין קאָפּ אַרייַן שרעקלעכע זאַכן, מייַסעס מיט גאַזלאָנים און גלופּסקער גאַנאָווים. פּלוצים — ווייַטער א געשריי, א ביטער געשריי, ווי פון איינעם, וואָס איז אין א גרויסער סאַקאָנע, און דאַכט זיך, דאָס ביטערע געשריי איז פון כורוועלע. עס כאַפּט מיך אָן באַם האַרצן. עס טראָגט מיך אונטער פונעם אָרט, און איידער מיך צו באַטראַכטן, שטיי איך שוין נעבן קרעטשמעלע, אַליין נישט רעכט צו געדענקען, ווי אַרום האָב איך מיך דאָ גענומען. עפּעס געפּיקט האָט מיר אַלץ אין קאָפּ: אַן אייגענער, אַן אייגענער! א קאַשע אַף א מייַסע, עפּשער איז גאָר רעב מענדעלע אין א סאַקאָנע, איך ווייס דען, אַפּאָנעם, ווו איך בין? ס'איז טאַקע א מוירע, נישמער — גאָרנישט! מייַן טויט זאָל דאָ זייַן, מוז איך מיך דערגיין, וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס. עפּעס בין איך דאָך א שטיקל אַקשן אויך. בעקיצער, איך גיי מיר פּאַמעלעכן און האָרך מיך גוט צו. עפּעס הערט זיך א פאַרדומפּט קאָל. איך קום צו נעבן א צעשאָטענעם טויער, קאַם וואָס ער האַלט זיך פאַר אַלטקייַט. מייַנער, פּוץ אַרייַן אינעווייניק אין א גרויס הויז. גיי אַף די שפּיץ פינגער, זוך, נישטער אין דער פינצטער, שאַ, שטיל. איך נעם אַרויס פון דער קעשענע א פּעקעלע מיט עטלעכע שוועבעלעך, רייַב, רייַב מיט א ציטערדיקע האַנט — אומזיסט, עס וויל נישט ברענגען. דאָס לעצטע צינדט זיך לעסאָף אָן, און באַלד טאַקע לאָזט זיך הערן א געשריי גאָר אין איין אָטעם, ערגעץ פון דער זייַט דאָרט. דאָס שוועבעלע פאַרלעשט זיך און גאָרנישט, איך טאַפּ אין דער פינצטער, קריך ערגעץ אַרייַן און שלאָג מיך אָפּ עמעצן עפּעס אָן. די האָר שטעלן מיר זיך קאַפּויר, פרעגט מיר בעכיירעם, אַף וואָס פאַר א וועלט איך בין. בעקיצער, באַ דער שייַן פון דער אויפגייענדיקער לעוואָנע, דורך א קליין אויסגעשלאָגן פענצטערל, אין א פאַרשימלט ביידערל אָן א טיר, דערזע איך, ליגט איינער געבונדן, ווי א שאָף, מיט הענט און פיס, איז, נעבעך, טויט, בלייך ווי די וואַנט, קאַם־קאַם וואָס ער זשיפּעט. — גאָט האָט אייַך געבראַכט אַהער, זאָגט דער אומגליקלעכער פאַרשוין, — בינדט מיך גיכער אויף, וואָרעם איך בין פאַרבייַ. די שטריק האָט מיר זיך אייַנגעשניטן אין דעם לייַב און עס ברענט מיך א טרונק! — ווער האָט אייַך אַזוי געפּענטעט? — טו איך א פרעג, נעם באַלד אַרויס מייַן מעסער און שנייַד אויף די שטריק. — אין זייַנ טאַטנס טאַטנ אַרייַנגעפלויגן! — שעלט דער פאַרשוין, אויסגלייַכנדיק די ביינער. — אַזא מאַמזער, פּייַווישקע גאַנעוו! — וואָס — א גאַנעוו?! — רופ איך מיך אָן, שאַרף אָנקוקנדיק דעם פאַרשוין. — יאָ, יאָ, אַלצדינג אין דער קאָרט! ערשט הייַנט נאָך האָט ער געגאַנוועט א פּאָר פערד. איך שפּרינג אַזש אונטער הערנדיק אַזוינס. בעקיצער, איך הייב אָן באַלד טאַקע דעם פאַרשוין אויסצופרעגן, זאָג סימאָנים און עס קומט אַלצדינג קלאָר אַרויס ווי בוימל אַפן וואַסער. באַ יענץ פּייַערל אין דעם וואַלד זענען דאָס געזעסן א גאַנצע כאָפּטע שלעפּערס, פּייַנע לייַט, איינער פון די שיינע נעפּאַשעס האָט זיך געלאָזט שפּאַצירן דאָרט און צוגענומען אונדזערע פערדלעך. איך דערגיי מיך דעם וועג, אַף וועלכן די שלעפּערס האָבן זיך געלאָזט פאָרן, און עס בלייַבט באַ מיר, באַלד אָן שיִעס

נאָכ די גאנאָווימ זיכ צו לאָזנ. דער פּארשוינ פּרווט מיכ אָפּהאלטנ, לייגט מיר שטיינער אפּנ הארצנ: ער האָט מוירע, דעמ מאמוער זײַנער איז א רויטצייעכ, מיט אימ פֿאָרנ נאָכ בוידנ פֿארשוינענ, אלע קימאט אזעלכע ווי ער. מיכ אָבער האָט עס נישט געלאָזט רוענ. בלײַבנ אָנ א פֿערד קענ איכ נישט. — ניינ, ניינ! איכ מוז זיי דעריאָגנ. עס מעג זיכ זײַנ וואָס עס וויל. לאָזנ שפּײַענ זיכ אינ דער קאשע קענ איכ נישט. א רעגע איז אצינד טײַער! בלײַבט איר דאָ, רוט זיכ אויס, בא מײַנ צוריקקומענ מיט די פֿערד, אימירצעשעמ נעמ איכ אײַכ אונ מיר פֿאָרנ ביידע פֿונדאנענ אוועק. אזוי זאָג איכ דעמ פּארשוינ, צו וועלכנ עס ציט מיר עפּעס שטארק דאָס הארצ, נעמ די פּיס אפּ די פּלייצעס — אונ לאָז מיכ געשווינד אינ וועג ארײַנ.

דאָס אלטע וויסטע קרעטשמעלע שטייט ארײַנגערוקט אביסל אינ וואלד בא דעמ שליאכ, ווו עס טיילנ זיכ וועגנ אינ פֿארשידענע זײַטנ. לינקס פֿאָרט מענ קיינ גלופּסק, קיינ וואָלינ, אונ רעכטס — אינ שטעט פֿונ פּאָדאָליער גובערניע. איכ נעמ מיכ רעכטס. בעקיצער, איכ גיי נישט, נאָר איכ לויפֿ. אינ קאס בינ איכ א שרעק. איכ וואָלט צעריסנ דעמ גאנעוו ווי א הערינג. עס פֿעלט מיר מער נישט צו די גוטע אייסאָקימ, בלײַבנ זיצנ אינ פֿעלד אָנ א פֿערד, אָנ א גראָשנ געלט. נישמער — גאָרנישט. מײַנע פּיס הייבנ אָנ זיכ אָפּצוזאָגנ פֿונ דעמ גיכנ גאנג, דער מאָגנ וויל נישט וויסנ פֿונ קיינ שומ זאכ אונ מאָנט עסנ. א קלייניקײַט עפּעס אזא גרויסנ טאָג אָפּצופּאסטנ. שלעכט! עס עסט מיכ דער געדאנק! פֿארפֿאלנ די מי, אומזיסט דאָס לויפֿנ! זיי, די שיינע נעפּאשעס, זענענ אוועק א היפּשע צײַט פֿריִער פֿונ מיר. אונ וואָס נאָכ? זיי פֿאָרנ. אנטקעגנ־זשע איכ גיי צופֿוס. עס שטארקט מיכ נאָר איינ האָפֿענונג, טאָמער וועט אָנלויפֿנ עפּעס א פֿורל. א גליק נאָכ, וואָס די לעוואָנע שײַנט אונ מע קענ כאָטש זענ ווי אינ העלנ טאָג. בעקיצער, איכ גיי שוינ נישט אזוי געשווינד, מיט אימפּעט ווי פֿריִער, אָבער איכ גיי, נעמ מיר ארויס די אויגנ קוקנדיק, נישטאָ קיינ לעבעדיק באשעפֿעניש, נישמער — גאָרנישט, איכ טו מיר מײַנס, אלצ ווײַטער, ווײַטער. נעמ איכ מיכ צו עפּעס א זאכ, פֿארשטייט איר מיכ, לאָז איכ עס אזוי גיכ נישט אָפּ. בעקיצער, דאכט זיכ, א קלאַפּנ פֿונ רעדער... אינ דער ערד מיטנ קאָפּ! אפּ צעשפּרינגעניש פֿאָרט מענ גאָר מיר אנטקעגנ, נישט אינ דער זײַט, וווהינ איכ באדארפֿ. אוי א מאזל! — איכ ווענדע מיכ צו איינ פֿורל, צו דער אנדערער, אלע זײַנענ שיקער־לאָט. אצינד, פֿארשטייט איר מיכ, ווער איכ שוינ גאָר מיִעס אינ קאס. אָבער ווי נאָכ אינ קאס!.. אונ טו מיכ א לאָז ווײַטער מיט אימפּעט. איכ בינ שוינ אָפּגעגאנגענ א היפּשע שטרעקע וועג, ס'איז שוינ טאקע גוט שפּעט. אינ מיר איז נאָכ דאָ אלצ א האָפֿענונג, עס וועט מיכ אָניאָגנ א פֿורל, אונ פֿונדערווײַטנס דאכט זיכ טאקע עפּעס פֿורלעכ, נאָר אינ דער ערד מיטנ קאָפּ! ווידער טאקע מיר אנטקעגנ... ניינ!... טראכט איכ, — הײַנטיקס מאָל לאָז איכ עס אזוי נישט אָפּ. דאָס לעצטע, וואָס בא מיר געפֿינט זיכ, גיב איכ אוועק, אבי מע זאָל מיכ אונטערפֿירנ. איכ טרײַב מיכ אונטער, גיי מיט קוראזש, נאָר די פֿורלעכ דאָרט רירנ זיכ, דאכט זיכ, נישט, שטייענ עפּעס אפּ איינ אָרט.

א הארצווייטעק נאָר, א צעשפּרינגעניש! נישמער — גאָרנישט. בעקיצער, צוקומענדיק נעענטער, דערזע איכ, דאָס זענענ בײַדלעכ. עס פֿאלט מיר באלד אײַנ, עפּשער זענענ עס די פּײַנע לײַט? איכ האלט אײַנ דעמ גאנג, גיי מיר שטיל, פֿאמעלעכנ אונ טראכט, וואָס טוט מענ? בא דער זײַט וועג ציט זיכ א וועלדעלע, מײַנער ארײַנ אהינ, באהאלט מיכ צווישנ ביימער, פֿונוואנענ איכ קוק ארויס אונ באטראכט די בײַדלעכ אנטקעגנ. יאָ, דאָס זענענ מיט די אלע סימאָנימ זיי, זיי! איינ בײַדל ליגט אָנגעבויגנ צו דער ערד, ארומ אימ א גאנצ פּעקל: מאנצבלענ, ווײַבער, יונג אונ אלט, קינד אונ קויט, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע. דער האקט, יענער קלאַפּט, איינער גיט אייצעס, דער אנדערער פֿלוכט, זידלט. ווײַבער קוויטשענ אונ קינדער שרײַענ, פּישטשענ, ס'איז א געשעלטערײַ, א געבייזערײַ, א פּאטשערײַ, א כאָרכלערײַ מיט א געוויינ אונ א געלעכטער איננײַנעמ. צווישנ דעמ ראש הערנ זיכ קוילעס: שולדיק איז דאָס נײַע פֿערדל, פֿארברענט זאָל עס ווערנ! אזא פּליאגע, דעמ גאנצנ וועג האָט עס געצויגנ אלצ אינ דער זײַט, אפּ צולאָכעס — אלצ אינ דער זײַט... עפּעס א פֿארשלעפּטע קרענק, פֿייגערנ זאָל עס! פּײַווישקעס קאָשערע מעציִע, א כאָליערע אפּ אימ! — פּיסקאטשעס, שטינקפּעסלעכ, קוליעס שטרוי אָנ הענט, אָנ אויגנ, גאָרנישט, נאָר פֿרעסנ, דריכנענ! — זידלט זיכ איינער, א רויטער יונגאטש מיט ברייטע פּלייצעס, אונ ווײַזט דערבײַ איטלעכנ א קולאַק. איכ זוכ מיט די אויגנ אונ דערזע: אינ די אָבעדריקעס מיט שלייעס שטייט אָפּגעשפּאנט, בא דעמ הינטערשטנ בײַדל, אײַער פֿערדל, ר׳ מענדעלע! מע האָט אימ,

אפּאָנעם, מעכאַבעד געווען גייג אפן דראָנזשיק. אײַ, כאָכעם מײַנער! — מאַך איך פאַר פרייד, — דו האָסט זיי אָנגעמאַכט א גוטע כאַסענע, נישקאָשע!.. ווו־זשע איז ערגעץ מײַן שלימעזאַלניצע? מײַן שקאַפּע, זע איך, שטייט צוגעבונדן הינטער דעם דאָזיקן בײַדל טאַקע. איך באַטראַכט מײַן דרענגל, נעם ארויס מײַן מעסער און לאָז מיך אזוי שטילערהייט, ווי א קעצעלע, צום בײַדל, בעשאס די כאָפּטע איז שטאַרק באַשעפטיקט דאָרט מיט דער אַקס, שנײַד געשווינד איבער די שטריק, כאַפּ מיך אויף רײַטנדיק און פאָר מיט ביידע סוסים אָן א זײַ־געזונט אוועק. מיילע, גאָרנישט, באַדאַרף גאָר, צו אלדי שוואַרצע יאָר, איינער פון דער כאָפּטע דערזען, מאַכט א געפּילדער און עס ווערט א קאָכעניש. דער וויטער יונגאַטש, זע איך, יאָגט הענדעם־פּענדעם און אָט־אָט דעריאָגט ער מיך. מײַנער שמײַסט, טרײַבט די פערד, זיי לאָזן זיך הײַנטיקס מאָל ניט בעטן און לויפן ווי ווײַט נאָר זיי קענען. דער רויטער איז שוין ווײַטלעך אביסל הינטער מיר. באַדאַרף מײַן שקאַפּע זיך פאַרפּלאָנטערן אין די שלייעס פון אײַער פערדל, וועלכע איך האָב אין אײַלעניש נישט אראָפּגענומען. זי פאַלט און עס ווערט אן איקעוו. דערווײַל יאָגט אָן דער רויטער יונגאַטש, אָנגעצונדן ווי א גאזלען, און וואַרפט זיך אף מיר ווי א כײַע ראָע. מיר ראַנגלען זיך מיט אלע קויכעס, שטום נישט צו רעדן קיין וואָרט פאַר גרויס קאַס. מיר ווילן איינער דעם אַנדערן אומוואַרפן און פאַלן ביידע, ארומנעמענדיק זיך שטײַף, אזוי אז די ביינער קנאַקן. בעקיצער, מיר אַרבעטן געשמאַק, אָט בין איך פונויבן, דער רויטער אונטן, קוועטש אוש דער רוצח נעמט אים. פלוצים בײַטן זיך די יאָצרעס: ער פונויבן און איך אונטן. נישמער — גאָרנישט. איך דערלאַנג אים, פאַרשטייט איר מיך, אין דער זיבעטער ריפּ, אין דער דיך. ער שפּרינגט אונטער און בלײַבט ליגן שטיל, ווי טויט. מיילע — גאָרנישט. דאָס איז געווען נאָר אן אָנשטעל. איך לאָז אים אָפּ, און דאָס טאַקע האָט ער געמיינט. ער באָברעט זיך דערווײַל שטיל און באַקומט ארויס בא זיך פון דער קעשענע א מעסער. — עהע, אזא באָכער ביסטו! — טו איך א געשריי, גיב אים א זעץ איבער דער האַנט, אזוי אז דאָס מעסער פאַלט אים ארויס און פאַרפליט ווײַט. ער נעמט זיך צונויפּ מיט אלע קרעפטן, גיט זיך א וואָרף אף מיר פלינק ווי א קאַץ, דראַפּעט מיר דעם האַלדז און אָט־אָט שטעקט ער מיר ארײַן די פינגער אין גאָרגל. פלוצים הערט זיך פונדערווײַטנס א גלעקל. דאָס מאַכט אף אים א מוירע. ער איז דאָך פאָרט א גאַנעוו. — אײַער טרייפן מאַזל, — ברומט ער ווי א בער — וואָס דאָס גלעקל. נאַט אײַך־זשע א מאַטאָנע!.. ער טוט מיר א טראַך אין קאָפּ און ווערט פאַרשוווּנדן. איך שטיי באַלד אויף, כאַפּ מיך ווידער ארויף רײַטנדיק און פאָר מיר מײַן וועג. שפּעטער ערשט דערפיל איך דעם ווייטעק, טו מיך א טאַפּ, — בע, אפן שטערן איז מיר א בײַל! נישמער — גאָרנישט, מײַנס האָב איך אויסגעפירט. די פערדלעך, פאַרשטייט איר מיך, זענען בא מיר.

— בענטשט גוימל, וואָס האָט זיך אזוי אויסגעלאָזט! — רוף איך מיך אָן און נעם אלטערן ארום פאַר פרייד.

— נישקאָשע! — מאַכט אלטער, — לאָז דער רויטער דאָרט אויך בענטשן גוימל, וואָס א מעסלעס האָב איך גאָרנישט אין מויל געהאַט און בין געווען שטאַרק מיד. אָבער אונדזערע סוטים זענען דאָ.

— ווו זײַנען זיי, די ליבן אונדזערע? — פרעג איך, ארומקוקנדיק זיך אין אלע זײַטן.

— האָט צײַט אביסל, רעב מענדעלע! — ענטפערט אלטער. — דער פאַרשווינ, מיט וועלכן איך בין צוריקגעקומען, האָט געפירט די ליבן אָנטרינקען דאָרט אראָפּ נידעריקער, ווו ס'איז דאָ א טײַכל און גוטע גראָז. זײַט רויק, נישקאָשע. ער גיט אף זיי גוט אכטונג. איך בין אויך נישט לאַנג געקומען. מיד, צעבראָכן, לוי־אלייכעם, טו איך מיך א וואָרף אין בײַדל און דעק מיך איבער מיט דעם לאַנטוך כאַפּן א דרעמל. נאָר קוים וואָס איך מאַך צו אן אויג, קומט איר אָן, רעב מענדעלע, און געלויבט איז גאָט, וואָס מע זעט זיך געזונט... וואָס גייט איר עפּעס פאַרבונדן, ר' מענדעלע? הא, די ציין?

— איר, ר' אלטער, — זאָג איך, — איר זײַט געקומען פאַרבונדן דעם קאָפּ, מיט א בײַל, איך — פאַרבונדן, אָן א פּייע, איר מיט א פאַרשווינ און איך מיט רעב כאַים־כאָנע, כײַע־טרײַנעס מאַן! — שטעל איך אים צום צווייטן מאָל פאָר שוין מיט דעם גאַנצן טיטל.

אלטער שטעלט אויס די אויגן, קוקט אף מיר מיט א פרעג.

— וואָס הייסט! — מאַך איך שטאַרק פאַרוווּנדערט, — איר קענט נישט כײַע־טרײַנען?

— מיילע כײַע־טרײַנע איז כײַע־טרײַנע, — מאַכט אלטער פאַרוווּנדערט צוריק, — אָבער די פּייע! וואָס געהער זיך עס אָן מיט אײַער פּייע?

— א קרויווע, מײַן ווײַב געהער זיך אָן א קרויווע, — רופט זיך כאַים־כאָנע אָן טאמעוואטע.

און ווי מיר שמועסן זיך דאָ אזוי, זיצנדיק אפן גראָז, ווײַזן זיך פונדערווײַטנס אונדזערע לײַבן, העצקענדיק זיך, קלאָמפערשט ווי זיי לויפן. עפּעס האָט זיי אין מײַנע אויגן דאָס פּאָנעם זיך געענדערט פון נעכטן אָן. זיי פארײַסן די קעפּ מיט גײַווע, גלײַך ווי געדעט: לאך דיר, לאך, פונדעסטוועגן האָט זיך אפּ אונדז געפונען א באלן, געהאט שטארק כיישעק און אונדז אוועקגעגאנוועט, נישקאָשע. מיט א שמאטע אפן פּוס, מיט א רינענדיק אויג, פונדעסטוועגן, אז מע באדארף גיין אפן דראָנזשיק, גייט מען, און אן אקס אז מע באדארף צעברעכן, קענען מיר אויך, נישט ערגער פון אנדערע. אז אָך־און ווי איז אונדז נאָר, וואָס מיר זענען יידישע, איר, רעב ייִדן, זײַט זיך נאָר מיכבײַעוו אײַערע פערד קעסט און געבן גיט איר זיי מאקעס... איך דערלאנג מײַן פערדל, בעשאס צוקומענדיק צו מיר, א קליין זעצעלע איבער דער מאָרדע מיט א שמייכעלע: דו שקאָץ איינער! —

באלד דערויף קומט אויך צו אלטערס פארשוינ. איך טו א בליק און לאָז ארויס אפּ א קאָל, א פּאטש געבנדיק מיט ביידע הענט:

— פּישקע! מע זאָל געווען דערמאנען מאָשיעכן, וואָלט ער געקומען.

— יענער פּישקע? פון וועלכן איר האָט מיר דערציילט? — פרעגט אלטער זייער פארוואונדערט.

— יאָ, יענער, דער פון דער באָד. — נו, שאָלעם־אליינכעם, פּישקע!

— איך האָב אײַך, רעב מענדעלע, אויכעט דערקענט, — זאָגט פּישקע, אָפּשטעקנדיק מיר צוריק א שאָלעם־אליינכעם.

— אײַער פּישקען קומט א דאנק, — מאכט אלטער צו מיר, — ווען נישט ער, וואָלטן מיר אונדזערע פערדלעך געזען ווי אונדזערע אויערן.

— ווען נישט רעב אלטער, — מאכט פּישקע אויך צו מיר, — וואָלט פּישקע א מיסע־מעשונע אײַנגענומען.

— איך האָב שוין געהערט! — רופ איך מיך אָן, — זאָג בעסער, פּישקע, פונוואנען האָסטו זיך אהער גענומען?

— ס'איז א לאנגע מײַסע — ענטפערט פּישקע, אוועקערנדיק דעם קאָפּ אין דער זײַט.

איך שטיי א רעגע און באטראכט פּישקען. ער איז, נעבעך, נאקעט און באָרוועס, מיט געשוואָלענע פארבלוטיקטע פיס, פארברענט פון דער זון און דאר ווי א צוים־שטעקל, נאָר הויט און ביין. דאָס הארץ האָט געריסן קוקנדיק אפּ אים. ער האָט געמוזט גענוג צאָרעס אויסשטיין. איך נעם אים בא דער האנט און זאָג:

— דײַן מײַסע, פּישקע, וועלן מיר שפּעטער הערן. עס וועט נאָך זײַן צײַט. אצינד רו זיך אביסל אויס דאָ מיט אונדז.

## XII

פאר א ייִדישן באַל־לאָשן וואָלט געווען גענוג מאטעריאל אפּ אָנצושרײַבן א שיינעם פּיזמען פון אונדזער אלע דערנסטמאָל, אין יענעם שיינעם פרימאָרגן. ס'איז דאָ צום פּיזמען פיר באוויַבטע ייִדן, ווי זיי ליגן זיך צעשפּיליעט אפּג גרינעם גראָז, האָבן האנאָע און שוויַיגן. אויך א זון מיט שטראלן, הימל, נאטור, טוי־טראָפּן, שפּילפּייגעלעך און פערדלעך, אייגנס שענער פונעם אנדערן. דערצו וואָלט ער דאָך געמעגט געבן א גמילעס־כעסעד עפּעס פון זײַנס אויך: א טשערערע שאָפּ, וואָס פּיטערן זיך אפּן געמייזעכץ, א קלאָר רינענדיק וועסערל, ווו „אינדן טועג צעברעכן זייער דאָרשט" און אונדז — פײַפעלעך אין מויל, אפּ וועלכע מיר שפּילן אין שאלן, ווי די פּאסטעכער, א לויבליד דער געליבטער קאלע אין שיר־האשירים. טאָרבעס איז דאָ בא אונדז, באָרעכאשעם, אייגענע, נישט צו באדארפן זײַנס, בא אים בלײַב עס... נאָר אָבער אדקאָנ — ביז דאנען, ווײַטער, רעב ייִד, רוקט זיך נישט! צו מיר אין דער נעשאָמע ארײַנקריכן, ארײַנלייגן זאָרט אײַערע כאָכמעלעך, פוילע פּשעטלעך — דאָס איז נישט פאר אײַך. דערופּ איז שוין דאָ פאר אײַך אנדערע ערטער... מײַנע געדאנקען גיב איך איבער בעסער אליינ.

פּאָשעט איז פּאָשעט. איך ליג מיר בעקומפּאניע צעלייגט, קוק מיט א פּאָר אָפענע אויגן און האָב זיך מעשונע האנאָע. וואָס? גאָרנישט. עפּעס איז מיר גוט אפן הארצן גלאט אזוי, אָן ווערטער,

דאָס צוטרימקען מײַנס דערבײַ איז אויך נישט מיט א קאוואָנע צו געבן קאָנצערט, אָדער צו שארפן די קיילע, נאָר גלאט אזוי זיך א טרים־בים, ברים־טרים... אזוי געוויינטלעך טרימקעט א ייִד אָן ווערטער, אָן א שום געדאנק, ווען די דײַגעס־האפּארנאָסע לאָזן אים אביסל נאָך. אזוי געוויינטלעך טרימקען קומפּאניעס ייִדן, איטלעכער פאר זיך אפ זײַן שטייגער, בעשאס זיי שפּאצירן זיך יאָנטעוו אָדער שאבעס נאָכן קוגל אין די כאלאטלעך, דרייענדיק דערבײַ, א טייל — די קוטעסן, די שפּיצן בערדלעך, און א טייל פארלייגט די הענט אהינטן.

כאיִם־כאָנע מײַנער טרימקעט אויך מיט א שײַנענדיק פּאָנעם. דערנאָך גיט ער זיך פּלוצים א שטעל אוף, נעמט זיך באם בערדל, באלעקט זיך און מאכט צו מיר אזוי:

— נו, רעב מענדעלע! שוין צײַט, מיינ איך, צײַט פּאָרן. הא?

— איר ווילט שוין פּאָרן אהיים? — רופ איך מיך אָן און שטיי אויך אוף. — נו, פּאָרט געזונטערהייט!

— וואָס הייסט! — קוקט כאיִם־כאָנע אפ מיר שטארק פארוווּנדערט — און איר, רעב מענדעלע, איר וועט דען מיט מיר נישט פּאָרן? עפּעס האָט מען דאָך גערעדט, עפּעס.

— ווי קען איך! — ענטפער איך, ווײַזנדיק אפ די אלטע לײַט מײַנע.

— מיר בעטן, מיר בעטן! — מאכט כאיִם־כאָנע. — לאָזן זיי אויך פּאָרן. מײַן כײַע־טרײַנע מאכט הײַנט ווארעניקעס. עס וועט פאר איטלעכן געננוג זײַן וואָס צו עסן, ווארעניקעס.

— א שיינעם דאנק! — פארבייג איך מיך, — נישטאָ קיין צײַט. מע מוז אינ זינען האָבן עפּעס פּארנאָסע. גריסט אײַער ווײַב גאָר פרײַנטלעך.

— גאָט איז מיט אײַך, רעב מענדעלע! מײַן ווײַב וועט מיך הארג... — כאיִם־כאָנע האָט געוואָלט זאָגן „הארגענען", נאָר ער האָט זיך פארכאפּט און אויסגעלאָזט שטארק צעטראָגן: — וועט מיך אינ שטוב נישט ארײַנלאָזן, מײַן ווײַב, אָן אײַך. מײַנע האָט מיט מיר הײַנטיקע נאכט אי־בערגעשמועסט דעם אייסעק!.. פארשטייט איר מיך? זי ריכט זיך דאָ אזוי אפ אײַך, כאסיע־גרונע מײַנע אויך... פארשטייט איר?

— איך פארשטיי, פארשטיי. עס מוז אָבער געדולד זײַן אביסל. מײַן ווײַב וועט מיך אויך הארג... אינ שטוב נישט ארײַנלאָזן, מיינ איך, ווען איך זאָל מיט איר ניט איבערשמועסן דאָס אייסעק. פארשטייט איר מיך? וואָס קען מען טון, רעב כאיִם־כאָנע?

כאיִם־כאָנע איז געבליבן שטיין ווי אויסגעפּאטשט. מע האָט געזען, ווי עס טריפט אים דאָס בלוט. דאָס פּאָנעם האָט אים זיך פארענדערט.

— טוט מיר די טױווע, קומט! — מאכט ער מיט א געבעט. — ווען נישט, גיט־זשע מיר כאָטש א בריוועלע צו כײַע־טרײַנען, א געשריפטס, מיר אליין וועט זי נישט גלייבן. מיך באשולדיקן וועט זי מיך, אז איך בינ א שלים־שלימ... וועט... וועט... פארשטייט איר מיך? שרײַבט איר אָן עטלעכע ווערטער, דער רעבע וועט עס איר איבערלייענען. איך בעט אײַך!

איינ ברײַרע, מע מוז ראטעווען א נעפעש. ס'איז אפילע א גרויסער יוישער אזא מאנ גוט מעקאיעם־פּסאק צו זײַן. נאָר לאָז ער כאפּן א פּאטש נישט דורך מיר. איך נעם פונעם רענצעלע מײַנעם אינ בײַדל ארויס א בלײַפעדער, רײַס־אָפּ פון א סידער דאָס אייבערשטע ליידיק בלעטל, שפּאר מיך־צו צו דער קעלניע און שרײַב די דאָזיקע ווערטער:

„לעהאנגידאָ האמפורסעמעס שעייר־בסאָרי האצנוע מאָראס כײַע־טרײַנע, זאָל לעבן און געזונט זײַן, אָמיינ.

היניי, זײַט ויסן, אז געלויבט האשעמ־ייִסבאָרעך, איך בינ בעקאוו האבריִע — געזונט אפ אלע איי־וורים. גאָט, באָרעך־הו, זאָל נישט אָפּטון דעמ כעסעד ווײַנעם פון אונדז אויך אפ ווײַטער, מיר זאָלן הערן אינ גיכן יעשועס־ווענעכאָמעס איינער פונעם אנדערנ אינ גרויס נאכעס, אוישער און קאָוועד מיט א גרינג געמיט, אָמיינ סעלע. אײַערע קינדערלעך, זאָלן מאריך יאָמים ווע־שאָנים זײַן, גריס איך גאָר פרײַנטלעך, ובּיפּראט לעביטכעמ האקאלע האבסולע מאָראס כאסיע־גרונע לעבּ בעט איך, לעמאנעשעם, צו גריסן גאָר פרײַנטלעך.

ווײַטער בינ איך אײַך מודיִע, אז האסכוירע האָב איך, געלויבט איז זײַן ליבער נאָמען, גע־טראָפן גאנץ אימ האבײַדלעך אפ זייער אָרט. ווע־האשיינים בינ איך מודיִע, אז האסוסים האָבן זיך אופגעזוכט. רעב אלטער יאקנעהאָז האָט זיי פונ גאנאָווימס הענט מאצל געווען. דאָ האָבן זיך געמיט נאָר זכוס־אָוועס. גרויסע ניסים איז אונדז באשײַמפערלעך געשען. מיר זײַנען גאָר

אזויפיל נישט ווערט דעם אייבערשטנס כאסאָדים. באַלכעמ ניירוי־יאָיר [נ״י,] וועט אײַכ איבערגעבנ קאָל דאָווער־שוירעש. מע מעג אזוינס אינ די קראָניקעס שרײַבנ.

איכ בעט אײַכ מעכילע, כײַע־טרײַנע, ווי אנ אייגענע מוטער, וואָס איכ נעמ מיכ אונטער צו זײַנ פאר אײַכ א מיילִיצ־יוישער אפ אײַער באַלכעמ, וואָס האָט נעבעכ גרויס שרעק אונ אגמעסנעפעש דערפונ, וואָס איכ פאָר האיוימ נישט צו אײַכ לויט דעמ מעדובער. האָט אפ אימ ראכמאָנעס, לאָז ער, נעבעכ, נישט האָבנ אָפּגעשניטענע יאָרנ אונ באשטראָפט ווערנ דערפאר, וואָס איכ האלט נישט וואָרט אונ קענ נישט קעפּי האמדובער צו אײַכ האיוִימ קומענ, אפ אײַער באַלכעמ איז, כלעבנ, א צאר־באַלעכאיִמ. ער האָט פאר מיר פּאָשעט געכאלעשט, מיצידוי אײַנגעלייגט די וועלט, אָפּגעלויבט אינ טאָג ארײַנ אײַכ אובּיפראט ביטכעמ האקאלע האמושלעמעס, וועלכע איכ גריס גאָר פרײַנטלעכ. האקלאל, ער האָט מיצידוי געטאָנ, וואָס א מאנ אונ א געטרײַער טאטע באדארפ טונ... פארשטייט איר מיכ? אונ נאָכאמאָל טאקע, פארשטייט איר מיכ?— ער האָט מיר אפילע גערייצט דעמ יעיצערהאָרע מיט ווארעניקעס אונ מיט נאָכ גוטע זאכנ. נאָר פּארנאָסע איז בילכער פונ אלצדינג. מע מוז צוליב דעמ שטיקל פּארנאָסע פארבייגנ אפילע ווארעניקעס. וועהאשייניס, האָב איכ דאָכ עפּעס א זוגאָסי, איר פארשטייט דאָכ, פארשטייט איר מיכ, וואָס איכ מיינ... אינ אזעלכע זאכנ פארשטייט איר?.. וואָס איז דענ א מאנ אָנ א זוגאָסי? איכ האָפ צו דעמ, וואָס לעבט אייביק, אז מיר וועלנ בעלי־ניידער זיכ נאָכ זענ אונ אימירצעשעמ אינ פריידנ אָפּעסנ בא אײַכ ווארעניקעס אונ עפּשער נאָכ לעקעכ אויכ... פארשטייט איר מיכ. דערווײַל זאָל באַלכעמ, נעבעכ, נישט לײַדנ. א צאר־באַלעכאיִמ!..

איכ שיק אײַכ דאָ מיט באַלכעמ א מאטאָנע: א „טכינע כאדאָשע אל האפּארנאָסע״, „טכינעס צו ליכטבענטשנ, צו ראָשכוידעש בענטשנ״, „טכינע אימאָהויס סאָרע, ריווקע, ראָכל וועלייע״, „גאָר א שפּאָגלנײַע טכינע פאר קאפּאָרעס שלאָגנ״, גאמ שיק איכ אײַכ דעמ „מאיאָנ טאָויר״, וואָס איטלעכע אישע באדארפ דרינענ זײַנ באָקי אונ שטארק היטנ די אלע דינימ דאָרט, ווי זיכ נויהעג צו זײַנ. איר וועט דערפונ גרויס טײַנעג האָבנ. אײַער ביטכעמ האקאלע האבסולע וועט דערפונ אויכ מעשונע האנאָע האָבנ.

כײַע־טרײַנע! איכ האָב צו אײַכ א באקאָשע. אז די וואנצנ שעלאָכעמ האָבנ מיכ, גישט הײַנט געדאכט, נעכטנ געפּײַניקט, האָב איכ ארויפגעכאפּט פונ מיר האוואָלענע זאָקנ שעלי, די ברעסלער, אונ זיי אינ אײַלעניש בא אײַכ אפנ טאפּטשאנ פארגעסנ. זוכט זיי, זײַט מויכל, אופּ, אונ לאָז באַלכעמ זיי טראָגנ געזונט — א מאטאָנע פונ מיר. זײַט מיר געזונט אונ גריסט נאָכאמאָל אײַערע ליבע קינדערלעכ. גאמ אײַער ביטכעמ האקאלע לעב אויכ גאָר פרײַנטלעכ. פארגעסט לעמאנעשעמ אולעמאנעשעמ נישט מיקויִעכ אײַער באַלכעמ, באַלכעמ האָט נעבעכ א שווער, ביטער געמיט. האבײַטש שלי, וואָס איכ האָב פארגעסנ בעהאָאלקערל שעלאָכעמ, גיב איכ בעמאטאָנע דעמ רעבנ, זי וועט אימ צונוצ קומענ... פונ מיר. וואָס גריסט אײַכ אונ אײַערע קינדערלעכ איטלעכנ באזונדער, האקאלע־לעב אויכ באזונדער. האקאָטנ מעגדעלע מויכער ספאָרימ״.

אז איכ האָב איבערגעלייענט דעמ דאָזיקנ בריוו כײַע־טרײַנעס מאנ, איז ער געווענ איבערגליקלעכ אונ גאָר אָנגעקוואָלנ פונ דעמ זיסנ לאָשנ. בא איטלעכס וואָרט האָט ער זיכ א פּאטש געגעבנ אינ דעמ שטערנ פאר גרויס ווונדער, ווי א מענטש קענ אזוינס אָנשרײַבנ! מאכנדיק דערבײַ: אוי, מעכײַעדיק לאָשנ!.. אוי, לאָשנ, צוקער זיס, ווי איכ בינ א ייִד!.. מיר האָבנ זיכ זייער שיינ געזעגנט אונ ער איז מיט א גרינג הארצ אוועקגעפאָרנ.

## XIII

אזויווי איכ אונ אלטער זענענ געווענ שרעקלעכ מיד אונ צעבראָכנ פונ נעכטיקער נאכט, דעריבער איז בא אונדז געבליבנ כאפּנ א דרעמל אונ אויסרוענ זיכ אביסל אנטקעגנ א פּאָר שאָ. דערנאָכ וועלנ מיר זיכ לאָזנ פריש אינ וועג העט ביז אינ דער נאכט ארײַנ. פישקע האָט אפּ זיכ גענומענ אכטונג צו געבנ דערווײַל אפ די פערד אונ אָנגרייטנ עפּעס צו מיטיק. „איכ, — אזוי זאָגט ער, — האָב די נאכט, נאָכ דער מײַסע מיט מיר, געשמאק געשלאָפנ ווי נאָכ א באָד. רעב אלטערנ, בא זײַנ צוריקערנ זיכ, איז שווערלעכ אָנגעקומענ, איידער ער האָט מיכ דערוועקט״. — אלטער לייגט, אפ מײַנ באקאָשע, דעמ קאָפּ זײַנעמ אנידער צו מיר אפנ שויס. איכ נעמ א מעסער

און קוועטש מיט דעם קלינגל אים אָפּ דעם בײַל אפן שטערן. דערנאָך גענעצן מיר, קנאקן אויס די ביינער, גייען און לייגן זיך אין שאָטן אונטער א בוים.

ווען נישט די זאַט זאָל געווען פון דער פוטערפאס ארויסשיקן אירע ברענענדיקע שטראַלן, וואָס האָבן אונדז געבראָטן, וואָלטן מיר געקענט אזוי ביז נאָך האלבן טאָג אָפּשלאָפן. אופעפענענדיק די אויגן, דערזעען מיר נישט ווײַט פון אונדז ברענט א פריילעך פײַערל, בא וועלכן עס קאָכט זיך א טעפּל קארטאָפליעס, צוגעדעמפּט מיט א ציבעלע און מיט א ייִדישער דארער קישקע. מיר נעמען צו ביסלעך בראָנפן און זעצן זיך באלד עסן מיט אפּעטיט. מיר לויבן אָפּ פישקעס קאָכן אין טאָג אריַין. עס האָט דעם ייִדישן טאַם, דער מאַלכעס מעג זײַנע קארטאָפליעס עסן, און ער קוועלט גאָר אָן, צווינטשעווענדיק אונדז: עסט געזונט, זאָל אײַך וויל באקומען!

— פונוואנען, פישקע, — טוען מיר אים א פרעג, — האָסטו עס אויסגעקראצט א ייִדישע דארע קישקע? פון אונדזערע קארטאָפליעס און ציבעלע האָט דאָך געקענט זײַן נאָר פיש־קארטאָפל.

— פונוואנעט, פרעגט איר, א ייִדישע דארע קישקע? — ענטפערט פישקע, — פונעם טאָרבעלע! ס'איז מיר גראָד געראָטן מײַן טאָרבעלע צו באהאלטן פון דעם מאמזער, פארכאפּט זאָל ער ווערן!

— דערציייל, פישקע, — בעטן מיר אים, — וואָס איז אזוינס מיט דיר געשען?

— עט! — מאכט פישקע מיט א זיפץ, — ס'איז פיל צו דערציילן, זייער א לאנגע מײַסע.

— דער טאָג איז גרויס, צײַט איז בא אונדז, באָרעכאשעם, דאָ צו הערן דײַן מײַסע. — קומט שפאנען — זאָג איך צו אלטערן, — מיר וועלן זיך פאָרן, און פישקע וועט אונדז אפן וועג דערציילן.

אז די בײַדלעך זענען שוין געשטאנען געשפאנט, פארבעט איך דעם אוילעם צו מיר אפן וואָגן. אלטער אָבער פארבעט אונדז צו זיך. בא מיר, זאָגט ער, איז גערוימער, נישט אזוי אָנגעפאקט מיט סכוירע. איך מאך א פשאָרע. לאָז זײַן אביסל בא אים אפן וואָגן און אביסל בא מיר.

## בא אלטער יאקנעהאָז אפן וואָגן.

— נו, הײַדא, פישקע! ארויס מיט דער שפּראך, — בעטן מיר אים נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אפן אונדזערע ערטער און געפּויעלט בא אונדזערע פערדלעך, זיי זאָלן זיך רירן פונעם אָרט. פישקע אָבער קווענקלט זיך, האלט אראָפּגעלאָזן די אויגן און ברעכט די פינגער.

— ווייס איך?.. איך שעם מיך עפּעס, כלעבן, גלאט נעם און דערצייל! אז איך קען נישט. עפּעס פריקרע, כלעבן.

איך גיב פישקען אונטער כיישעק. אלטער פון זײַן זײַט שמועסט אים אײַן אזוי:

— ס'איז נאָר הארב, נארעלע, דער אָנהייב. אבי נאָר דאָס ערשטע וואָרט, גייט עס שוין דערנאָך ווי א מיזמער. איך ווייס עס טאקע פון מיר אליין. מיילע — בעקיצער, וואָס מאכט עס אויס? וועסט אליין, נארעלע, דערנאָך זען, ס'איז גאָרנישט... מיילע, האָסטו, פישקע, כאסענע געהאט, פארשטייסטו מיך, מיט דער בלינדער יעסוימע. נו, גאָרנישט. ווייסן מיר עס שוין. בעקיצער, וואָס־זשע איז ווײַטער?

— ווײַטער? אין איר טאטן און אין זײַן טאטנס טאטן א רועך ארײַנגעפלויגן! — שיסט פישקע אויס מיט אימפּעט אין איין קאס. — זיי האָבן עס מיר אָפּגעטאָן־עט אפּ טערקיש.

— נו, נו, נו! — טרײַבן מיר אָן פישקען, וואָס האָט נאָך דעם אימפּעט זיך באלד אָפּגעשטעלט. פישקע עפנט ווידער א מויל און הייבט אָן שוין גיט מיט אזא היץ ווי פריִער:

— אוי, א שיינע ווײַבעראָ!.. נאָך דער כאסענע האָבן מיר גאָר נישקאָשעדיק געלעבט, ווי א ייִדיש פּאָרפאָלק באדארף צו לעבן. איך האָב, דאכט זיך, אנטקעגן מײַן ווײַב געפירט יויצע געווען. הערט איר, ייִדן, זאָל מיר אָפּדארן דאָס מויל, אויב איך זאָג אײַך א ליגן! אלע טאָג אינדערפרי פלעג איך זי, ווי עס געהער צו זײַן, ארויספירן אפּ איר אָרט נעבן דעם אלטן בייסוילעם, וואָס דאָרט איז דער שטייגער אירער געווען צו זיצן אפּ אביסל שטרוי און בעטן נעדאָוועס מיט א ניגן פון די קינעס, וועלכער עס האָט איטלעכן גערירט בא דעם הארצן. עטלעכע מאָל אין טאָג פלעג איך איר צוטראָגן אהין דאָס א טעפּל געקעכטס, דאָס א הייסע באבקעלע, א זויערע אוגערקע, א קיסליצע. נא, קוויק זיך! זי זיצט דאָ די גאנצע צײַט אָפּעט אפּ איין אָרט און איז

שטארק פארטראָגנ אינ דער פארנאָסע. פיל מאָל פלעג איכ מיר גלאט אזוי קומעג געוואָר ווערנ, וואָס מאכט זי, אויכ אונטערהעלפנ איר אביסל אינ דעמ פידיענ: ארויסגעבנ איינעמ, דעמ אנדערנ רעשט פונ א דרײַער, פונ א זעקסער; דערמאָנענ זי אינ אלטע כויוועס פונ באלעבאטימ, וואָס האָבנ איר פארבײַגייענדיק נישט געסילעקט באלד בימזומאָנימ, נאָר אָפּגעלייגט אפ שפּעטער; אָדער אָפּטרײַבנ א קו, א ציג, וואָס זיי האָט זיכ געגלוסט, אפ זייער שפּאציר אינ די גאסנ, ארויסכאפּנ איר פונ אונטער דעמ געזעס א פול מויל מיט שטרוי. אינ כוידעש עלול האָב איכ זי געפירט אפנ גרויסנ יאריד, ארויס פונ דער שטאָט, דאָרט אפ דעמ בייסוילעמ. זי האָט עס געמאכט נישט ערגער פונ דעמ איבעריקנ פעקל קלייקוידעש דאָרט: שאמאָסימ, שאמעסטעס, כאזאָנימ, זאָגערנס, מעקאבלימ, טילימ־זאָגערס, גאבעטעס, קנייטלעכ־לייגערנס, פעלד־מעסטערנס, ווייגערנס אונ קלאָגערנס. אָט אזוי האָט זיכ עס געמאָלקנ, ייִדישע קינדער! ס'איז געוועג, נישקאָשע, פונוואנעט צו לעבנ. נאָר אז ס'איז גוט, וויל מענ נאָכ בעסערס, אז מע האָט ברויט, וויל מענ קוילעטש.

— ווייסטו וואָס? — הייבט מײַנ ווײַב אָנעט מיר צו זאָגנ, — אזעלכע מענטשנ ווי איכ אונ דו, אזא פאָרפאָלק ווי מיר ביידע, וועלנ אפ דער וועלט פארפאלנ, אָסער, נישט ווערנ. אינ אונדזער ברויט זענענ אונדזערע כעסרוינעס גאָלע מײַלעס. בא אנדערע אינ די הענט אזעלכע זאָלנ אײַנשטיינ, וואָלטנ זיי א גליק געמאכט. מיר ביידע זענענ גרויסע שלימעזאלניקעס אונ טועג נישט דאָס, וואָס מע באדארפ. אָט פאָלג, כלעבנ, א ווײַב, אביסל עלטער, געניטער פונ דיר. נעמ, פישקע, פיר מיכ ארויסעט אפ דער ליכטיקער וועלט, צווישנ לײַט, אינ יענע מעקוימעס ארײַנ, וועסטו זענ, געדענק מײַנע ווערטער, אז מיר וועלנ גיינ אינ גאָלד. דאָ אפ דעמ פלאצ איז שוינ קימאט גאָר נישטאָ וואָס צו טאָנעס. מע זיצט אמאָל אָפּעט א לאנגע צײַט, ביז איינער דערבארעמט זיכ אונ גיט א גראָשנ. לײַט דערציילנ עס אביסל פונעמ גרויסנ גליק, וואָס לעקיש, דער כאָליערע־כאָסנ, האָט אינ דער וועלט מיט פערלענ זײַנ ווײַב געמאכט. זיי האָבנ באלד נאָכ דער כאסענע זיכ אוועקגעלאָזט, אונ דאָס מאזל, אָנ איינאָרע, גייט זיי! מאָטל מעקאבל האָט מיט זיי אינ קישיניעוו זיכ באגעגנט, ארומגייענדיק אינ די הײַזער. זייערע טאָרבעס, דערציילט ער, זענענ פול אָנגעשטאָפּט מיט אלעמ גוטנ — מיט שטיקער קוילעטש, גרעסערע ווי מע גיט דאָ דעמ שאבעס־גוי, מיט מאמאליגע, מיט גערויכערט שאָפּנפלייש, מיט דארע קישקעס אונ קאָדע — פערעלע שײַנט ווי די ליכטיקע זונ. ס'איז איר אינ פּאָנעמ נישט ארײַנצוקוקנ. זי איז פעט, דיק אונ ברייט, מיט פיסקעס — גאָר א גראפינע. גלופּסק וויל זי מער נישט קענענ, מע זאָל איר עס אפילע שענקענ. — מענטשנ, וואָס קומענ פונ אָדעס, קענענ זיכ גאָרנישט אָפּוווּנדערנ פונ דעמ גליק, וואָס יאָנטלענ, דעמ אנדערנ כאָליערע־כאָסנ האָט געטראָפנ, זיי האָבנ אימ געזענ זיכ רוקנדיק דאָרט אפנ געזעס צווישנ די קלייטנ, אונ גאָט שיקט אימ צו. ער מאכט עס גאנצ גוט. דער אוילעמ קענ אפ אימ זיכ גאָרנישט אָנקוקנ. אָדעס, זאָגנ זיי, האָט דאָכ עפּעס געגוג קאָליקעס, ווו ערגעצ אינ דער וועלט א קאָליקע, רײַסט זיכ אהינ אָפּעט, אונ מע איז שוינ מיט אזעלכע געוווינט. נאָר ווי קומענ זיי אלע צו גלופּסקער, אזעלכע, ווי גלופּסק גיט ארויסעט, קענ ענגלאנד אפילע אויכ נישט ארויסגעבנ. גלופּסק, אזוי דערציילנ מענטשנ, קלינגט אינ דער וועלט. אפ א גלופּסקער ייִדנ לויפט מענ קוקנ, ווי אפ א בייזוווּנדער... אונדז, כלעבנ, וועט גאָט אויכ נישט פארלאָזנ. אָט קאָלזמאנ ס'איז נאָכ זומער, קומ, לאָמיר זיכ אוועקלאָזנ. הײַע נישט, א טאָג, כלעבנ, איז אויכ אנ אוויירע.

מײַנ ווײַב האָט מיר געמאכט א יע־צערהאָרע, אונ מיר האָבנ זיכ אוועקגעלאָזט.

וואָס זאָל איכ אײַכ זאָגנ, ייִדנ, נישט פארזינדיקנ, ס'איז אונדז געגאנגענ זייער גוט. אינ וועלכנ דאָרפ, אינ וועלכער שטאָט מיר זײַנענ געקומענ, האָבנ מיר אויסגענומענ, איטלעכער האָט אפ אונדז געקוקט, קיינער האָט אונדז נישט אָפּגעזאָגט. דער העקדעש איז פאר אונדז געווענ אָפנ אומעטומ, הײַזער וויפל דאָס הארצ גלוסט. גיי אהינ אונ נעמ, אינ קעשענע, אינ בוזעמ אינ אינ דער טאָרבע. דער שאמעס פונ דער שול פלעגט נעמענ עטלעכע גראָשנ אונ אונדז געבנ דערפאר פלעטנ אפ שאבעס טאָמיד אינ איינ הויפ. מײַנ ווײַב האָט מיט מיר געלערנט הילכעס אָרעמאנ. איכ בינ דרינענ געווענ נאָכ גאָר א פריצ אונ נישט געוווּסט רעכט די דינימ פונ ארומגיינ אינ די הײַזער. מײַנע איז אָבער אינ די זאכנ געווענ א ווילקענעוודיקע מיט אלע אָפּשניצלעכ. זי האָט מיכ אלצ געלערנט, וויִאזוי מע באדארפ ארײַנקומענ אינ שטוב, וויִאזוי מע באדארפ קלאָמפּערשט קרעכצנ, הוסטנ אונ וואָס פאר א ראכמאָנעס־פּאָנעמ מע באדארפ מאכנ דערצו; וויִאזוי מע

באדארפ א נעדאָווע בעטנ אָדער מאָנענ, זיכ דינגענ אונ צוטשעפּענ זיכ ווי א זלידנע; וויאזוי מע באדארפ צווינטשעווענ, אָדער שעלטנ, פלוכנ טויטע קלאָלעס. איר מיינט, עפּעס אזוי גלאט נעמט מענ זיכ אונ מע גייט אינ די הײַזער. ניינ! דאָס איז א גאנצע טוירע. בא ייִדנ א נאָגיד צו ווערנ איז געווינג נאָר מאזל. אזעס, פארשטאָכענע אויגנ אונ דעסגלײַכנ — דאָס קומט שוינ שפּעטער פונ זיכ אליינ, מעמיילע. אָבער א ייִדישער אָרעמאנ צו זײַנ, טאקע וואָס אָרעמאנ הייסט, איז מאזל אליינ ווייניק, ער מוז קענענ אונ וויסנ אסאכ זאכנ, וואָס זענענ שטארק נייטיק צום אייסעק. ער באדארפ קענענ די שפּיל אונ ארײַנ אינ דער גארגערעס אזוי, אז יענער מוז געבנ, ער זאָל אפילע א מיסע־מעשונע אײַנעמענ.

איכ מיט מײַנ ווײַב זענענ מיר געווענ פּוס־אָרעמעלײַט. — איר קוקט מיכ עפּעס אָנעט, מײַנע ליבע ייִדנ, ווי אײַכ איז עפּעס שטארק קאָשע. לאָזט זיכ דינענ, זײַט מויכל! אז איכ האָב שוינ אָנגעהויבנ צו דערציילנ, וועל איכ געבנ צו פארשטיינ אײַכ, ווי ווײַט איכ קענ, דאָס אויכעט. די אָרעמעלײַט ווערנ, ווי די סאָלדאטנ, אײַנגעטיילט: אינ פּיעשע... ווארט נאָר, ווארט, עפּעס איז דאָ א פארדריייעניש פונ הונדערטער סאָרטנ, א פּלאָנטעניש פונ שווערע נעמענ אונ צונעמעניש. אָרעמעלײַט, וואָס דראלענ, היילעכנ מיט די ראגלאימ... דער שווארצ־יאָר זאָל זיי וויסנ: אָרעמעלײַט ווי מיסט, עפּעס אזוינע אונ אזוינע, קאפּצאָנים דאָ אונ דאָרט, עוויוינים, דאלפאָנים, מיט אלע פּיירושימ, שלעפּערס אינ דער וועלט, בעטלער, באטלאָנים, מעקאבלים אונ טעלערלעקער אינ דער שטאָט. אלערליי, גאָר אָנ א צאָל!.. ווארט נאָר, לאָמיר זיכ אביסל באטראכטנ.

פּישקענ אָבער האָט דאָס באטראכטנ זיכ אויכ ניט געהאָלפנ. ער האָט זיכ פארדרייט אינ די גרויסע מאכנעס אָרעמעלײַט אונ נישט געקענט ארויס. איכ האָב פונ זײַנע ווערטער פארשטאנענ, אז די אלע מינע אָרעמעלײַט בא אונדז טיילנ זיכ אײַנ אזוי: פּיעשע אָדער פּוס־אָרעמעלײַט, די וואָס שלעפּנ זיכ צופוס, אונ קאָניצע אָדער בויד־אָרעמעלײַט — די, וואָס שלעפּנ זיכ ארומ אינ בײַדלעכ. אכוצ דעמ ווערנ זיי נאָכ אײַנגעטיילט אינ מינימ: שטאָט־אָרעמעלײַט — אזעלכע, וואָס זענענ געבוירנ געוואָרנ ערגעצ אינ א שטאָט, געוויינטלעכ ערגעצ אינ דער ליטע, אונ פעלד־אָרעמעלײַט — די, וואָס ווערנ געבוירנ פּאָשעט אפ דעמ פעלד אינ א בויד. זייערע עלטערנס עלטערנ האָבנ פונ אייביק אָנ זיכ ארומגעשלעפּט. די דאָזיקע אָרעמעלײַט זענענ ייִדישע ציגײַנער. שטענדיק וואנדערוועגנ זיי פונ איינ עק וועלט צומ אנדערנ, זיי ווערנ געבוירנ, אופּגעוואקסנ, האָבנ כאסענע, פרוכפּערנ זיכ אונ שטארבנ אלצ אונטערוועגנס. זיי זענענ פרײַע מענטשנ, פּאָטער פונ אלע זאכנ, פונ נעסינעס, טאקסעס אוכדוימע, אויכ פּאָטער פונעמ גאנצנ ייִדישקײַט. נישטאָ קיינ אויבערהאר. צו דעמ טייל שטאָט־אָרעמעלײַט געהערנ אלערליי שטעטישע קאפּצאָנים פונ די דאָזיקע סאָרטנ: קאפּצאָנים פּאָשעטע — ייִדנ, ייִדענעס, מיידלעכ אונ באָכערימ, וואָס גייענ מיט טאָרבעס אינ די הײַזער אלע ראָשכוידעש, אויכ אינמיטנ דער וואָכ, אונ נעמענ גראָשנס אונ שטיקלעכ ברויט. א גרויסער טייל ייִנגלעכ אונ מיידלעכ פונ די דאָזיקע לויפנ אמאָל נאָכ איטלעכנ אפ דער גאס אונ רײַסנ בא די פּאָלעס, ביז מע מוז זיכ פונ זיי אויסקויפנ מיט עפּעס א נעדאָווע; קאפּצאָנימ קלייקוידעש — דאָס זענענ מעקאבלים, באטלאָנים, אינ איטלעכנ קלײַזל, וואָס זופּנ מישנײַעס אונ זאָגנ קאדעש בא א בארמינענ אונ אפּנ הייליקנ אָרט צו א יאָרצײַט. מע מעג צו זיי רעכענענ אויכ שויפער־בלאָזער, מעזוועפ־איבערקוקער מיט דעמ גאנצנ קאפּיטל אזעלכע לײַט; טוירע־אונ מיצווע־קאפּצאָנים, ווי, אשטייגער, פּרושימ, וואָס ווארפנ אוועק ווײַבער אונ קינדער, באגראָבנ זיכ אינ קלײַזל ערגעצ אינ דער פרעמד אונ לערנענ „בייצע“ אז דעמ אוילעמס רעכענונג, יעשיווע־באָכערימ, וואָס גייענ ארומ שלינג־אונ שלאנג, קראצנ זיכ אונטערנ אויוונ אונ עסנ טעג, ייִדנ מיט פּאטשיילעכנס אינ די הענט, אָדער מינע גאבאָימ, מישטיינסגעזאָגט, וואָס זאמלענ נעדאָוועס קלאָמפערשט אפ עפּעס א מיצווע־זאכ; באהאלטענע קאפּצאָנים — פונ באלעבאטים, וואָס נעמענ קיצווע אונ נעדאָוועס שטילערהייט; האלבע קאפּצאָנים ווי, אשטייגער, טאלמעטוירע־מעלאמדים אינ פיל שטעט, וואָס זענענ האלב־מעלאמדים, האלב־בעטלער, אונ דעסגלײַכנ אויכ שאמאָסימ, דאיאָנים, ראבאָנים. איטלעכער פונ זיי איז האלב דאָס, וואָס ער איז, אונ האלב דאָס, וואָס אלע אנדערע ייִדנ מיט טאָרבעס זענענ; יאָנטעוודיקע קאפּצאָנים — אזעלכע, וואָס קאפּצענענ געוויינלעכ פּורים, בעשאס ייִדנ ביכלאל מאכנ זיכ הארצ אונ לאָזנ זיכ פאר גרויס כעדווע גיינ קומפּאניעסווײַז אינ די הײַזער, אָדער אמאָל אויכ אונטער א יאָנטעוו, אונ הייסנ הייסט עס, קלאָמפערשט, זיי קאפּצענענ

פאר אנדערע, נעבעכ; גמילעסכעסעד־קאפּצאָנים — אזעלכע, וואָס נעמענ זייער גאנצ לעבנ נעדאָוועס אונטער אנ אויסרייד: א גמילעסכעסעד קלאָמפּערשט, הייַנט — מאָרגנ גיבנ זיי עס מיט א דאנק צוריק אָפּ.

— דערמאָנט מיר, רעבֿ אַלטער, — רופּ איכ מיכ אָנ, נאָכדעמ אז איכ האָבֿ פּישקעס ווערטער גענומענ אפ מייַנע קיילימ אונ געמאכט דעמ דאָזיקנ שטיקל סיידער צווישנ אונדזערע קאפּצאָנים, — דערמאָנט מיר, איכ בעט אייַכ, עפּשער איז דאָ נאָכ קאפּצאָנימ, וועלכע איכ האָבֿ, כאָלילע פארגעסנ ארייַנצושטעלנ אינ צעטל.

— מיילע, וואָס מאכט עס אויס? — טוט אַלטער א זאָג אונ פּארקרימט זיכ אפּ מיר עפּעס אזוי, ווי איינער מיט א באָרד פּארקרימט זיכ אפּ א יִנגל, ווענ ער מאכט זיכ עפּעס נאריש, — אָ — ווא, ער האָט, כאָלילע, פארגעסנ!.. אזא וויכטיקע זאכ — דאָס צעטל! אונ אז מע שטייט נישט אינ צעטל, קענ מענ, כאָלילע, קיינ קאפּצנ נישט זייַנ!..

— זאָגט עס נישט, רעבֿ אַלטער! — שטעל איכ מיכ שטארק אנטקעגנ. — אונדזערע קאפּצאָנימ זענענ בא זיכ שטארק פּאריסנ, שרעקלעכ לאָהעט נאָכ א פּיצל קאָוועד. לאָז איינעמ זיכ נאָר דאכטנ עפּעס א מינדסט באליידיקונג, איז ער גרייט צו דערגיינ אייַכ דאָס לעבנ. באהיט זאָל מענ ווערנ פונ א קאפּצנ א שמעלקע!.. שא וועט איר, אָט האָבֿ איכ מיכ טאקע דערמאנט, אָנ איינאָרע, נאָכ אסאכ קאפּצאָנימ: אייניקלעכ, יערושאלמעס, ערעצ־יִסראָעל־ייִדנ, ניסראָפּימ, שלאפּע, מערידנ־דיקע מיט קסאָווימ פונ דאָקטוירימ, אגוגעס, אלערליי מינע אלמאָנעס, מעכאבּרימ, נייַ־מאָדנע מע־כאבערטעס מיט דעמ מאנס כיבורימ. נישקאָשע, דער רועכ האָט אונדז, רעבֿ אַלטער, אויכ נישט גענומענ. מע מעג גאנצ שטארק רעכענענ מויכער־ספאָרימ, אונ אז ס'איז שוינ יאָ אזוי, רופּט־זשע טאקע אופּ אויכ אונדזערע דרוקער אינ אלע מינימ רעדאקטערס, זיי מיט אלע זייערע ארבעטער, זעצער, באלע־מאגיִעס, שרייַבער, קאָרעספּאָנדענטנ יאמויד אימ קאָל האקאפּצאָנימ!.. אצינד, רעבֿ אַלטער, באדארפּ מענ די דאָזיקע אלע לייַט אויסאָרטירנ, איטלעכנ אפּ זייַנ אָרט אינ צעטל. דאכט זיכ, קיינעמ נישט פארגעסנ, הא?

— אייַ, פּע, רעבֿ מענדעלע! — מאכט אַלטער אופּגעבראכט אונ הייבּט זיכ אָנ צו קראצנ, — גענוג, כלעבנ, מיט אייַערע קאפּצאָנימ. עס בייַסס מיר אזש דאָס לייַבֿ, ווי פליי וואָלטנ מיכ אָפּ־געשיט. פונמייַנעטוועגנ וואָלט איר עס געקענט מאכנ בעקיצער: קאָל־ייִסראָעל — איינ קאפּצנ, אונ גאָרנישט... אנ עק, א סאָפּ זאָל עס האָבנ. לאָזט פּישקענ דערציילנ וויַיטער אונ שלאָגט אימ ניט איבער. אונטערזאָגנ א וואָרט, ווענ עס שטעלט זיכ פּישקענ אינ גאָרגל אונ ער בלייַבּט ווי דער־וואָרגנ, אָדער אויסבעסערנ אימ אמאָל דאָס לאָשנ, דאָס — מאכטייסע.

נאָכ גאָר באמ אָנהייב איז פּישקע געווענ דער כאזנ, וואָס האָט גערדרייט דאָס מויל, ארויס־געלאָזט צעהאקטע, צעבראָכענע ווערטער, אונ איכ זייַנ מעשוירערל, וואָס האָט אימ אונטערגע־האָלפנ אינ דער נויט אונ אימ אויס דעמ מויל ארויסגענומענ דאָס וואָרט, מיט וועלכנ ער האָט זיכ געוואָרגנ. אָנ מיר וואָלט שווער געווענ פּישקענ אליינ רעכט צו פארשטיינ. דאָס בינ איכ א באלנ צו ווייַזנ אפּ א פּראָבע שפּעטער אביסל. אַלטער האָט דערבייַ נישט מער געטאָנ ווי אונ־טערגעשטופּט מיט זייַנע ווערטער: „מיילע — בעקיצער”, „נישמער — גאָרנישט”, ווי איינער וואָס טרייַבּט שאבעס אינ שול אונטער דעמ כאזנ, ער זאָל אָפּמאכנ בעקיצער, פּילנדיק, אז אינדערהיימ וואַרט אפּ אימ דער קידעש, א טשאָלנט מיט א קוגל.

## XIV

„עכ מיט מאנ וואבֿ אָבענ קעגעט צו פּישע. ני קענטי אכ משאעה זאנ ווי מיט מאנע קיאנקע פּיסיעכ פּיעגענ מי זעכ שיעפּענ זייע פּאמעיעכ, קיִכנ ווי די יאקעס” — אָט אזוי הייבּט פּישקע אָנ וויַיטער צו דערציילנ מיט זייַנ לאָשנ, וואָס אויסגעבעסערט מיט מייַנ הילפּ מאכט עס: איכ מיט מייַנ ווייַבֿ האָבנ געהערט צו די פּיעשע, דאָס הייסט פּוס־אָרעמעלייַט. נו, קענט איר אייַכ מע־שאער זייַנ, ווי מיט מייַנע קראנקע פּיסלעכ פלעגנ מיר זיכ שלעפּנ זייער פּאמעלעכ, קריכנ ווי די ראקעס. אינ אזוי גייט פּישקעס דערציילונג, אויסגעבעסערט, וויַיטער.

מייַנ ווייַבֿ האָט אָנגעהויבנ מיכ ביסלעכווייַז צו זידלענ, צו שעלטנ, צו זאָגנ שטעכווערטלעכ, צו רופנ מיכ מיט צונעמעניש אונ מיר אויסוואַרפנ מייַנע קראנקע פּיס. זי איז אנטקעגנ מיר ארויס

מיט טײַנעס, אַז זי האָט אינ מיר גאָר אײנגאנצנ זיכ אָפּגענארט, פונ אויבנ ביז אראָפּ; אַז זי האָט מיכ געמאכט פאר א מענטשנ, זי האָט מיכ אינ דער װעלט צװישנ לײַט ארויסגעפירט, זי האָט מיכ פארזאָרגט מיט פארנאָסע, געשטעלט אפ א שטײגער, אונ איכ בינ איר נישט געטרײַ, טו איר אלצ אפ צעפּוקעניש. נאָר דאָס אָבער איז געװענ זעלטנ. איכ פלעג מיכ נישט װיסנדיק מאכנ, אלצדינג אראָפּשלינגענ, געטראכט בא מיר: אזוי איז געװײנטלעכ דער שטײגער פונ א װײַב, אזוי באדארפ צו זײַנ. איטלעכנ מאנ איז דאָס װײַב מעכאבעד מיט א װאָרט אונ אמאָל טאקע מיט א קלאָפּ אויכ. קוימ איז איר דער קאס אָפּגעגאנגענ, איז װײַטער געװאָרנ א לעבנ, פּישקע װײַטער שטארק כאָשעװ, זי פלעגט ארופלײגנ איר האנט מיר אפנ אקסל, זאָגנ: „הײַטא, פּישקע״! מײַנער גײט פּאָרויס, זי הינטער מיר, אונ בײדנ איז עפּעס גוט אפנ הארצנ, „אָט אזוי אָבענ מי זיכ געיִיקט אונ געקיאָכנ״.

ביז באלטע האָבנ מיר זיכ געשלעפּט עפּעס גאָר א לאנגע צײַט אונ פארשפּעטיקט דעמ גרויסנ יאריד דאָרט, װאָס קלינגט אינ דער גאנצער װעלט. מײַנ װײַב איז געװענ אויסער זיכ, שרעקלעכ זיכ געערגערט, גלײַכ װי זי װאָלט פארלוירנ טארפּאט אלאָפּימ טאָלער. איכ טרײסט זי אונ דרינג איר אלצ: „מײלע, װאָס איז דאָ אזוינס, אָבער באלטער הײַזער זענענ דאָכ, באַרעכאשעם, פאר אונדז געבליבנ! קארג פאר אונדז אזויפיל הײַזער, אזא שטאָט? נישט צו פארזינדיקנ״. אונ זי אלצ אינ אײנ קאָל: — פארברענט װער אײנײנעמ מיט דײַנע הײַזער! װאָס טויג מיר, דו ייִמאכשעמויניק אײנער, דײַנ שטאָט, אזא בלאָטיקע שטאָט! אָט אזא שטאָט נארײַעסטו עס מיר, הא! איכ װיל נישט! דו הערסט? איכ װיל נישט אזא שטאָט. אײַנגעזונקענ װער דאָ אינ דער בלאָטע אונ װארג זיכ דיר מיט דײַנ שטאָט — מיט דײַנ בלאָטיקער באלטע!

— רעב אלטער, ס׳איז דאָ! — לאָז איכ פלוצימ ארויס הויכ אפ א קאָל — איכ האָב מיר דערמאָנט נאָכ א סאָרט קאפּצאָנימ! ק א פּ צ אָ נ י מ ־ ב א נ ק י ר נ.

— א גרויסע מעציִע, כלעבנ! — מאכט אלטער, קנאקנדיק מיט דער צונג: „טצע־טצע־טצע!״ — פונמײַנעטװעגנ מעגנ זײ אפילע נישט געדאכט װערנ.

— אײנעמ פונ די דאָזיקע לײַט, סימכעלע דער לעבעדיקער, קענ איכ אינ גלופּסק זײער גוט. בא אימ איז א באזונדער בוכ שטײענ פארשריבנ אלע הײַזער אָפּגעטאקסירט, װיפל האכנאָסע באדארפ אימ דורכנ יאָר איטלעכס הויז אײַנברענגענ. די הײַזער, זאָגט ער, זענענ מײַנע, צאָלנ מיר צינש, גאנצ גלופּסק איז מײַנ קאנטאָר. זײַנ שטײגער איז איטלעכנ טאָג צו גײנ אינ א געװיסנ טײל הײַזער. ער קומט ארײַנ אינ שטוב לעבעדיק, מיט ברײטקײַט. גיט מענ אימ באלד די נעדאָװע, איז גוט; װענ נישט, זאָגט ער: „א גוטנ טאָג! נישקאָשע, איכ װעל פארשרײַבנ אפ אײַכ א כויװ״ — אונ לויפט לעבעדיק, געשװינד ארויס. עפּשער האָט איר געהערט, רעב אלטער, דערצײלנדיק, װי אײנ גלופּסקער קאפּצנ האָט זיכ מעשאדעכ געװענ מיט נאָכ א קאפּצנ פונ טעטעריװקע אונ האָט געגעבנ אינ נאדנ ארײַנ די הײַזער אינ גלופּסק? — דאָס איז סימכעלע דער לעבעדיקער. אָדער עפּשער האָט איר געהערט אויכ, װי אפ א מאָלצײַט פאר אָרעמעלײַט בא א גװיר אפ א כאסענע איז געקומענ א קאפּצנ א געבעטענער, נאָכשלעפּנדיק מיט זיכ נאָכ אײינעמ אנ אומגעבעטענעמ, אונ אפ דעמ פרעג: רעב קאָרעװ, װאָס שלעפּט איר מיט אײַכ א אײבעריקנ פארשװינ? — ענטפערט ער: „דער דאָזיקער פארשװינ איז מײַנ אײדעמ, װעלכנ איכ האָב צוגעזאָגט קעסט״ — דאָס איז װײַטער טאקע סימכעלע דער לעבעדיקער. בעקיצער, סימכעלע קוקט אפ גלופּסק װי אפ זײַנ שטאָט אונ אפ זײַנע הײַזער.

— פונמײַנעטװעגנ מעג אײַער סימכעלע דער לעבעדיקער די קאפּאָרע װערנ, — זאָגט אלטער אָפּ זײַנס גאנצ בעקיצער אונ בעט פּישקענ װײַטער צו דערצײלנ.

פּישקע הײבט אָנ אפ זײַנ שטײגער, איכ העלפ אימ אונטער אפ מײַנ שטײגער, אונ די מײַסע דערצײלט זיכ װײַטער אזוי:

— דער װעג אונדזערער איז נישט געװענ קײנ גלײַכער, פונ אײנ שטאָט צו דער אנדערער אלצ װײַטער, װײַטער. נאָר װאָס־דענ? „מ י פ י ע ג נ ק י יִ כ נ״ אהינ אונ אהער, זיכ דרײענ אינ אלע זײַטנ, װי ס׳איז אונדז אויסגעקומענ. אײנמאָל זײַנענ מיר מעגולגל געװאָרנ עפּעס אינ א שטאָט, װאָס האלעװײַ דער רועכ זאָל מיכ געװענ כאפּנ פריִער אײדער איכ בינ אהינ געקומענ. צו דער שטאָט אלײנ האָב איכ נישט אפילע. פארקערט, זי האָט אנטקעגנ מיר גענוג יויצע געװענ, מיכ געלאָזט ארומגײנ מיט אלע קאָװעדנ אינ די הײַזער. נאָר דאָרט האָב איכ מיכ באגעגנט מיט

מײַן מאלכאמאָוועס. געקוילעט זאָל ער ווערן אָן א מעסער! „א קיינק אים אין די בייניע!“ — אָט וויִאזוי ס'איז געשען:

אין יענער שטאָט, וווהין מיר זענען געקומען, איז געשטאַנען קאָניצע — פעלד־אָרעמעלײַט מיט בוידן. ס'איז געווען א מערידע. באַלעבעסלעך פון הײַנטיקער וועלט האָבן דאָרט אופגעטאָן נײַס, אז אָרעמעלײַט, כוץ אַלטע, קראַנקע און ביטערע קאַליקעס, ניט צו געבן גאָרנישט. געזונטע באָכערים, ווײַבער און מיידלעך זענען נישט קראַנק צו דינען, צו ארבעטן און מיט אייגענער מי צו פאַרדינען זייער שטיקל ברויט. דאָס ייִדישע נארישע ראַכמאָנעס טוט נאָר אָן גרויסע צאָרעס. דורך דעם, האָבן זיי געזאָגט, האַלטן זיך בא ייִדן פוילע נעפּאַשעס אָן א צאָל, ווי וואַנצן, וואָס זויגן יענעמס בלוט און עסן אָפּעט אַנדערע דעם קאָפּ. זיי האָבן בא זיך אײַנגעפירט עפּעס ווי א מין פאַבריקע, ווו מע האָט מעכאַבעד געווען געזונטע אָרעמעלײַט, וואָס זענען געקומען צוגאַסט, מיט עפּעס א מעלאָכע: צו דרייען שטריק, צו נייען זעק, און געגעבן זיי דערפאַר עסן. אָרעמע לײַט האָבן אָנגעהויבן זעלטענער זיך אַהין צו ווײַזן. די קאָניצע, וועלכע מיר האָבן דאָרט געטראָפן, איז געווען שטאַרק אופגעבראַכט אַנטקעגן דעמדאָזיקן אײַנפיר, פלאַם־פײַער. „גוואַלד! — האָבן זיי אַלע געשריגן — ס'איז שוין גאָר קיין וועלט נישט. ווו איז דאָס ייִדישע ראַכמאָנעס? אויס ייִדישקײַט, כלעבן!“... איינער, א רויטער, א געזונטער — א קיינק אים אין די בייניע! — האָט געפירט דאָס רעדל און געשריגן מער פון אַלע: „ס'איז סדאָם, נאָר סדאָם! פאַרוואָס קומט עס, די נעגידים זאָלן זיך זיצן, ווי די פּריצים, רויִק און אַנדערע זאָלן אָפּ זיי האָרעווען? זייער גוטס איז דען נישט יענעמס מי, יענעמס פּראַצע, יענעמס שווייס? אַליין זענען זיי בא זיך אָפּגעפּײַנטע מענטשלעך, היטן אָפּעט זייער נעפּעשל און ווילן אַלץ יענער זאָל ארבעטן. א נאָגיד, וואָס מער דיק, געזונט ער איז, וואָס מער זײַן בײַכל איז גרעסער, איז ער אַלץ מער פאַרנעם, מער פּײַנע בריִע. אונדזער איינער, אַנטקעגן, מוז מיט זײַן געזונט זיך, נעבעך, באַהאַלטן, זיך שעמען ווי א גאַנעוו. איטלעכער שרײַט אָפּ די ציין, פאַרוואָס גייט אַזאַ געזונטער נישט ארבעטן! עס וואָלט שוין רעכט געווען, כלעבן, איבערצובײַטן די יאָצרעס: לאָזן די נעגידים פּרוּוון אַביסל ארבעטן. וואָס איז, קראַנק זײַנען זיי? — גערעכט, פּײַווישקע, גערעכט, מיר זענען אויך ייִדישע קינדער. אַזעלכע שמייליקע ווי זיי! — האָבן אַלע אין איין קאָל אונטערגעבאַסעוועט דעם רויטן מאַמזער און ביסלעווײַז זיך צעגאַנגען פונעם העקדעש.

אָוונט־צײַט באַדאַרף איך גראָד גיין אין א גאַס פאַרבײַ דעם שולהויף. אינדרויסן איז טונקל, און מענטשן אַסאַך אָן אייניאָרע דרייען זיך דאָרט אַרום. מיטאַמאָל קומט מיר פון דער זײַט אָן צו די אויערן עפּעס א וויינענדיק קאָל מיט א געבעט, וואָס קען רירן אַפילע א שטיין. אָפּשטעלנדיק זיך, דערזע איך נישט ווײַט פון מיר, ווי א צעבראָכענער ייִד האַלט אָפּ ביידע אויסגעשטרעקטע אָרעמ א קישעלע, פון וועלכן עס הערט זיך א פּישטשענ פון א ברעקל קינד, וואָס פאַרגייט זיך, נעבעך, שרײַענדיק. דער אומגליקלעכער טאַטע דרייט זיך אין אַלע זײַטן, שאָקלט עס, וויגט עס, נעמט עס אײַנ אָפּ א וויינענדיק קאָל מיט ביטערע קרעכצן: „אוי וויסט איז מיר, פינצטער איז מיר. מײַן ווײַב שטאַרבט און לאָזט מיר אָפּ די הענט איבער א פּיצל קינד! אוי, וויסט איז דיר, קליינע, בידנע יעסוימעלע, פינצטער איז דיר אָן א מאַמע! א־א־א־שא! וואָס זאָל איך דיר, נעבעך, טון?“... איטלעכער, וואָס גייט פאַרבײַ, גיט אים עפּעס אין דער האַנט, א טייל ווײַבער ווענדן זיך צו־אים אויך מיט א וואָרט, און ער אַלץ אין איין אָטעם: „וויסט איז מיר, פינצטער איז דיר!“ שאָקלענדיק און וואַרפנדיק זיך מיט דעם קישעלע אין אַלע זײַטן. דאָס האַרץ האָט מיר געריסן פאַר ראַכמאָנעס אָפּ דעם וויסטן טאַטן, אָפּ דער וויסטער יעסוימעלע, נעבעך, נאָך אין די וויקעלעך. איך נעם אַרויס פון דער קעשענע א דרײַער און קום דערמיט צו נאָענט צו דעם וויסטן טאַטן. קו־ים שטרעק איך אויס צו אים די האַנט איבער דעם קישעלע, דערלאַנגט ער מיר א שטאַרקן קניפּ, מאַכנדיק דערבײַ אָפּ זײַן וויינענדיק קאָל: „אוי, וויסט איז דיר“! מיט א קוועטש אָפּ דעם וואָרט „דיר“, גלײַך ווי מיך מיינט ער. איך כאַפּ מיך בא דער האַנט פאַר ווייטעק, שפּרינג אָפּעט דערשראָקן אין דער זײַט און בלײַב שטיין עטלעכע רעגע פאַרגאַפט. דער וויסטער טאַטע דרייט זיך אויס באַלד צו מיר, איך קוק אים גוט אָן און בין פאַרצאַפּלט געוואָרן... „פאַר הײַנט וועט גענוג זײַן. קום! נא, האַלט אַביסל דאָס קינד“! — זאָגט ער און שטופּט מיר אַרײַן אין דער האַנט דאָס קישעלע. דאָס קליינע יעסוימעלע, זע איך, איז עפּעס א ליאַלקע, אײַנגעוויקלט אין שמאַטעס, און דער וויסטער טאַטע

איז דער רויטער מאמזער, פּיַיווישקע, אַ קיינק אים אין די ביינער! ער האָט עס גע־מאַכט ווי אַ בעריע! געווינט, געקרעכצט פאַר זיך און געפּישטשעט, זיך פאַרגאַנגען אויף פאַר דעם קינד... „אָט אַזוי מוז מען, רופט ער זיך אָן, מיט די נאַרישע ייִדישע קינדער האַנדלען. ווילן זיי נישט געבן גוטן — מוז מען בײַ זיי נעמען מיט קונצן, אָן דעם גייט עס נישט, דער ראָוו, דער דאַיען, דער שיינער מעקאַבל מיט דעם גאַנצן פּעקל קלייקוידעש — פאַרשטעלן זיך, מאַכן קונצן, יענע מיט זייערע האָוויַיעס, און איך, — ווייסט איז מיר — מיט מײַן קליין יע־טוימעלע. מעלקט זיך, בעהיימעס!... זאָג, פּישקע, אָמיינ״!

אין יענער צײַט, וואָס מיר האָבן זיך אופגעהאַלטן אין העקדעש, האָט דער רויטער מאַמ־זער אָנגעהויבן זיך צוצושאַרן צו מײַן ווײַב מיט גוטע ריידעלעך. זי איז אים עפּעס שטאַרק גע־פעלן. ער פלעגט זיך כאַפּן צוטראָגן איר, אַז זי האָט עפּעס באַדאַרפט, און ליב געהאַט זי צו באַדינען. ביסלעכווײַז האָט ער אַלץ צו איר זיך אַרײַנגענאַרט, ביז ער איז געוואָרן מיט איר אַ שמעלקע. ער פלעגט אָפּזיצן מיט איר שאָענווײַז און פלוידערן, אַרײַנוואַרפן אין דעם שמועס גראָבע, נישט קיין שיינע ווערטלעך. מײַנע פלעגט פאַרשטעקן די אויערן און נישט וועלן, דאַכט זיך, הערן. און אַז ער פלעגט זי אַמאָל אין טאָג אַרײַן לויבן: זי איז יאָדערדיקע, אַ פעטע, אַ לויטערע, אַ פליישיקע ייִדענע, אַזעלכע ווי ער האָט ליב, פלעגט זי אים אָפּוידלען, אַ פּאַטש טון אַפן רוקן און דערבײַ טאַקע לאַכן. איך פלעג אויך לאַכן, אַמאָל טאַקע מיט ווערעם, נאָר באַלד טאַקע מיך באַטראַכט צוריק: וואָס אַרט מיך אַ פלוידערזאַק? מאָרגן — איבערמאָרגן ווערט מען גאָר ווײַנער פאָטער. מיר צעגייען זיך, איטלעכער אין אַן אַנדער זײַט, און אייביק וועט מען זײַן פאַרצעפּ־פּאָנעם נישט אָנקוקן. און ווײַטער, אין די הײַזער גייט דאָך מײַן ווײַב, גע־לויבט דער אייבערשטער, מיט מיר. אים, דעם מאַמזער, ווען ער נעמט זי אָנעט בײַ דער האַנט און וויל זי פירן, שטופּט זי אָפּעט מיט אַ בייזער: „גייט אײַך, גייט, פע! איך בין אַן איישעס־איש, האָב, באָרעכאַשעם, מיט ווערמען אין די הײַזער אַרומצוגיין״.

אַפן מאָרגן נאָך דעם באַגעגעניש מײַנעם מיט דעם רויטן מאַמזער, ווי ער האָט זיך פאַר־שטעלט פאַר אַ ווייסטן טאַטן, בין איך מיר געגאַנגען אין ־די הײַזער אַליין. מײַן ווײַב האָט אופ־שטייענדיק אינדערפרי זיך געקלאָגט, עפּעס איז זי נישט מיט אַלעמען, עפּעס ציט זי זיך אַלץ און געגעצט, עס מוז זײַן אַ גוט־אויג — און איז דעריבער געבליבן אינדערהיים. איך אַליין בין אויך געווען עפּעס לויאַלייכעמדיק, עס האָט מיר עפּעס געשלאָגן אַרופ. הײַנט איז מיר טאַקע געווען אומעטיק איינעם אַליין צו גיין אָן מײַן ווײַב. ס׳איז מיר ווי עפּעס אָפּגעגאַנגען. איך לייקן נישט, אַז זינט דער מאַמזער האָט זיך צוגעשאַרט צו מײַן ווײַב און מיט איר געטריבן קאַטאָוועסלעך, איז זי מיר געוואָרן טײַערער, עס האָט מיך אַמאָל אַפּילע פאַרדראָסן, געבערענט ווי אַ פײַער, נאָר דערבײַ טאַקע — איך ווייס נישט פאַרוואָס — האָט מיך צו איר עפּעס געצויגן, געצויגן ווי אַ קישעף. עפּעס איז געווען, ווי זאָל איך אײַך זאָגן, אַ געשמאַקער שמאַרץ ווי פון אַ בלאָטער בעשאַס קראַצנדיק אים אַמאָל אַפּ מײַן לײַב. ס׳איז אַ שמאַרץ מיט אַ האַנאָע־האָבן,ביידע זאַכן איינעם... ס׳איז געווען אַ געמעלאָכטע „אין די הײַזער אַרומגיין״, גאָר נישט דער טאַם, וואָס אַן אַנדערס מאָל. איך האָב עס אָפּגעמאַכט בעקיצער, שאַבעס־שטעכ, סיור־ביור אומאַפלי־לאַסוים — און מיך אָפּגעפּאַרטיקט באַצײַטנס. אַרײַנקומענדיק אין העקדעש, האָב איך געטראָפן מײַן ווײַב זיצנדיק מיט דעם מאַמזער און זיך עפּעס געשושקעט. דאָס פּאָ־נעם האָט איר געפלאַמט, זי האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אָנגעבויגן צום מאַמזער, זיך צוהערנדיק צו זײַנע רייד, און אַ זיס שמייכל איז איר פון די ליפּן נישט אַראָפּ. בײַ מײַן צוקומען צו איר מיט אַ פרעג: וואָס זי מאַכט? האָט זי זיך געטאָן אַ כאַפּ, געבליבן אַנטקעגן אַ רעגע אָן לאָשן און נישט געוווסט וואָס צו טון. דערנאָך טאַפּט זי מיך אָנעט, ווי איר שטייגער איז געווען, און מאַכט צו מיר אַזוי: „ווייסטו, פּישקע, וואָס איך בין קראַנק? דאָס איז נישט קיין גוט־אויג, דאָס איז מיר געקומען פוגעם צופוס גיין. די רויפעטע, וואָס גייט אַרײַן, האָט מיר געהייסן גיין אין באָד, מע־כילע, אויסשמײַסן זיך, לאָזן זיך שטעלן באַנקעס, גוט אויסרײַבן זיך אַפ דער נאַכט און שוויצן. ניין, פּישקע! צופוס ווײַטער קען איך נישט גיין. רעב פּײַווישקע איז אַזוי גוט, אַזוי פײַן און וויל אונדז נעמען מיט זיך אין בויד. וואָס טוט מען, פּישקע? וואָס זאָגסטו, האַ״?

דער מאַמזער, — אַ קיינק אים אין די ביינער איאַן! — האָט אַפּ מיר געקוקט עפּעס מיט אַזאַ אייגעלע, מיט אַזאַ שמייכעלע, וואָס האָט מיך געשטאָכן. עס האָט מיך פאַרקלעמט באַם האַרצן

ס'איז מיר געווען צו מוט, ווי א ייִנגל, וועלכן דער רעבע הייסט זיך לייגן אפן בענקל אים אָפצושמײַסן. איך האָב געמאכט א היפשע ווײַלע מיט דער צונג, עפעס אָן ווערטער, און נישט געוווסט וואָס צו זאָגן.

— וואָס שווײַגסטו? וואָס ענטפערסטו נישט? — צעשרײַט זיך אף מיר מײַן ווײַב מיט קאס. — איך ווייס, עס ארט דיך גאָר נישט מײַן געזונט, ווילסט מיך גיכער פאָטער ווערן, מיך טרײַבן יונגערהייט אין דער ערד ארײַן. ווארט נאָר, ווארט, דו, אכבראָש איינער! גיכער וועסטו אָנלייגן מיט דעם קאָפּ, א מיסע־מעשונע אײַנעמען. הערסטו, פישקע, פאראפאָטשקע, די ערד וועסטו פון פון מיר קײַען! נישט איין האָר אין קאָפּ וועט דיר איבערבלײַבן. די ציין וועל איך דיר אויסזעצן!

אז מײַן ווײַב האָט געעפנט א מויל, פלעגט מיר אין בויך קאלט ווערן. איך בין געשטאנען צעקאָכט, דערשלאָגן און דערהארגעט. ווי מיר איז דענסטמאָל געווען אפן הארצן — ווייסט נאָר איין גאָט וויל. וואָס האָב איך געקענט טון? איך האָב אָנגעבויגן דעם קאָפּ און געמאכט צו מײַן ווײַב: „שא, שרײַ נישט, ערגער דיך נישט אזוי. שא, דו וועסט פאָרן! פארוואָס נישט?“

— אָט אזוי רעד! — זאָגט מײַן ווײַב שוין ווייכער, — פארוואָס־זשע אז מע רעדט צו דיר, שטייסטו ווי א ליימענער גוילעם און ענטפערסט נישט קיין וואָרט? יענער איז אזוי גוט, אזוי פײַן, וויל אונדז מיטנעמען אומזיסט — און ער זאָל דאָס כאָטש זאָגן א דאנק! שעמען מעגסטו זיך אין דײַנע ווײַטע האלדז, דו גראָבער יונג איינער.

וואָס האָב איך געקענט מאכן? איך האָב געמוזט טון דאָס אויך, זאָגן דעם מאמזער א דאנק.

— רעב אלטער, נאָך איינער!... — טו איך א זאָג אפ א קאָל.

— וואָס איז, רעב מענדעלע, נאָך א מעציִע? — מאכט אלטער צו מיר מיט א געשפעט, — נאָך א פרישן סאָרט קאפצאָנים האָט איר געפונען? גאָט מעג אײַך כלעבן, שוין באשערן בע־סערע מעציִעס. גענוג שוין קאפצאָנים!

— ניין, רעב אלטער! איך מיין גאָר נאָך איין כאִים־כאָנע כײַע־טרײַנעס, וואָס ציטערט אזוי פארן ווײַב. אונדזער פישקע, דאכט זיך מיר, פלעגט פון זײַנער כאפּן אמאָל אויך הייסע פעטש.

## XV

פישקע הייבט ווידער אָן אף זײַן שטייגער, איך ארבעט, העלף אים אונטער אף מײַן שטיי־גער, אלטער טרײַבט אונטער אף זײַן שטייגער, און די מײַסע דערציילט זיך ווײַטער אזוי:

— אף דעם אנדערן טאָג נאָך דעם פריִערדיקן שמועס האָט זיך די קאָניצע געריִרט און ארויסגעטרעטן פון סדאָם, ווי יענע שטאָט האָט בא דער דאָזיקער כאליאסטרע געהייסן. זי איז ארויס מיט א ראַש, א געפילדער, מיט א שעלטן, פלוכן פון אסאך מײַלער און סקריפערײַ פון רעדער. עס האָט זיך געשאָטן אף דער שטאָט טויטע קלאָלעס: „פארברענט זאָל זי ווערן! די באלעבאטים זאָלן צען מאָל אין טאָג פייגערן פאר הונגער און ווי ניסראָפים אין דער וועלט זיך ארומשלעפן“... דרײַ בוידן זענען געווען פול אָנגעזעצט מיט אלער־האנט פארשוינען: ייִדן, ייִדע־נעס, ווײַבלעך, מיידלעך, באָכערים גרויס און קליין, און צווישן זיי אויך מײַן ווײַב מיט מיר. מיר זענען, לעמאזל, דערהויכט געוואָרן: ארײַנגעטרעטן אין דער דינסט אין דער קאָניצע ארײַן.

הערט איר, מײַנע ליבע ייִדן, עס האָט מיר זיך געעפנט עפעס גאָר א נײַע וועלט, און אין אָנהייב איז מיר מיט דער כאליאסטרע גאנץ פריילעך געווען. איך פלעג מיך אָנזען און אָנהערן וואונדער־שיינע זאכן, וואָס גאָר אומעגלעך אלצדינג מיט איטלעכס פיצעלע באזונדער איבערצוגעבן. איך פלעג הערן, אשטייגער, ווי מע פלעגט אָפריכטן, אָפשפעטן פון דער גאנצער וועלט און איטלעכן זיך נאָכקרימען; ווי איטלעכער פון די פײַנע מענטשלעך פלעגט דערציילן עפעס אף גנייווע־לאָשן זײַנע אלע גענג און שפיצלעך, וואָס ער האָט אָפגעטאָן. איינער דערציילט, וויִאזוי ער האָט זאבאָרעט א קרעל (געגאנוועט א ברויט); דער אנדערער — וויִאזוי ער האָט זא־לאבערט א קאפאָרעניצקע (געגאנוועט א הון); דער דריטער — וויִאזוי ער האָט גע־לאקכנט קלינגערס (אויסגעכאפט געלט) און אין די גארגאָלעס ארײַנגערוקט, און דער פער־טער — וויִאזוי ער האָט געבאלדאָוועט א יאָלד (געהארגעט, געשלאָגן איינעם א באלעבא־טיש קינד). נעגידים פלעגט מען שעלטן אף וואָס די וועלט שטייט, גלאט אזוי זיך, פאר גאָר־

נישט. איך קען אײַך שווערן אין טאַלעס און אין קיטל, אַז זיי האָבן די נעגידים אַסאַך מער פֿײַנט, ווי די נעגידים זיי. אַ נאָגיד האָט בײַ זיי געהייסן עפּעס אַזויפֿיל, ווי: פּיאַווקע, צעשטאָפּטע קישקע, פֿאַרשטאָפּטער קאָפּ און פֿאַרשטאָפּט הערצעלע, פֿאַרשײַט בעניאָכידל, קופּערנער שטערן און דער שוואַרץ־יאָר ווייסט זייער טאַטן, וואָס נאָך פֿאַר אַ מיִעסע צונעמעניש; ס'איז בײַ זיי פֿאַרעכנט געווען פֿאַר אַ מיצווע אַ נאָגיד אָפּצוטון עפּעס אַ שפּיצל, וויבאַלד נאָר מעגלעך. זיי פֿלעגן אָפּשיקן צו די נעגידים בויכווייטעק, שטעכעניש, יעסורים, לייד און קאַלאַמינע קרענק בעשאַס אַמאָל עפּעס אַ צאָרע. מיך פֿלעגן זיי, אין שפּאַס אַמאָל, רופֿן נ אָ ג י ד, דערפֿאַר וואָס איך פֿלעג זייער אָפּט מיך פֿאַר די נעגידים אַרויסשטעלן און שטאַרק אָנעמען זיך פֿאַר זייער קאָוועד. ווײַל אופהאַלטנדיק זיך פֿריִער אין באָד, בין איך דאָך צווישן נעגידים דערצויגן געוואָרן, מיט זיי עפּעס דאָך איבערגעהאַט אייסאָקים, ווי אַשטייגער: היטן זיי דאָס אָנטון, צוטראָגן זיי דאָס פּעקל זאַכן, אַ שעפּעלע וואַסער, אַ קויל פֿײַער און דעסגלײַכן נאָך אַזעלכע געשעפֿטן. — איך פֿלעג הערן אַ שמועס פֿון באָכערים מיט מיידלעך, ווי זיי טרײַבן קאַטאָוועס און רעדן זיך שידוכים. איין בויד האָט זיך מעשאַדעך געווען מיט דער אַנדערער. די קונץ פֿון פֿאַרשטעלן זיך איז בײַ דער כאַליאַסטרע געווען שטאַרק געהויבן, עס האָט געטויגט צום אייסעק. ווען אַמאָל איז אויסגעקומען, האָבן די שיינע לײַט זיך פֿאַרשטעלט: איינער פֿאַר אַ הויקעריקן, דער אַנדערער פֿאַר אַ הינקעדיקן, דער פֿאַר אַ בלינדן, יענער פֿאַר אַ געליימטן, די פֿאַר אַ שטומע, און יענע פֿאַר אַ קרומע. נאָר עמעסע, נישט געמעלאָכעטע קאַליקעס, ווי, אַשטייגער, איך און מײַן ווײַב, דאָס האָט בײַ זיי געהאַט גאָר אַ גרויסע ווערט. זיי האָבן אָפּט געזאָגט, אַז אַזעלכע פֿעלער ווי אונדזערע איז פֿאַר אָרעמעלײַט אַ שאַץ, אַ מאַטאָנע פֿון זײַן ליבן נאָמען: זיי קענען זייער פֿיל אײַנטראָגן. מײַן ווײַבס פֿעלער איז זיי נאָך בעסער געפֿעלן. הײַנט פֿלעגן זיי גלאַט באַטלווערן פֿאַר איר פּיסק, וואָס אַפּ שרויפֿן, די האָר האָבן זיך געשטעלט, אַז זי האָט געעפֿנט אַ מויל.

דער רויטער מאַמזער האָט זיך שטאַרק געדרייט אַרום מײַן ווײַב און זיך פּאָשעט געהאַנגען אויף איר, ער האָט זי געקאָשקעט, געקיכלט און צוגעטראָגן איר פֿון פֿייגלמילך: געקאָכטע אַרבעס, באָב, פֿלוימען — וואָס נאָר ער האָט ערגעץ דערטאַפּט. איך האָב מיך אָבער באַטראַכט: כאַפּ דיך דער וואַטלמאַכער! וואָס קען עס מיך אַרן? קיכל זי, קאָשקע זי, וואָס קענסטו דערמיט מיינען, וואָס?... גאָר נישט. אַז זי איז אַן איישעס־איש! מיילע, איז דאָך אָן סאַקאָנעס... מיינסטו דאָך, גאַנץ זיכער, נאָר איר פֿעלער, פּאָשעט אַ בלינדע איז גוט, מע קען מיט איר מאַכן געלט, טאָ האָב־זשע, קאַלבוויניק איינער, די גאַל: מײַן ווײַב גייט לעסאַטע אין די הײַזער אַלץ טאַקע מיט מיר. וואָס־זשע האָסטו דאָ, טיפּעש איינער, געפּויעלט מיט דעם צולאָנטשען זי צו זיך, מיט דעם איזניוכען זיך צו איר, אַז דער ר ע כ ט ע ר א י ק ע ר ז א כ — אין די הײַזער גיין, — גייט זי טאַקע מיט מיר, מיט מיר?...

און דעריבער, ווײַל איך האָב אַזוי מיר געטראַכט, האָב איך שטאַרק באַגערט לערנען הילכעס אָרעמאַן מיט אַלע פּישטשעווקעס, ביכדיי מײַן פֿלוינעסטע דערמיט געפֿעלן, און געמאַכט דעם אייסעק שוין גאָר קיין מײַסע נישט. איך האָב מיך שוין אויסגעלערנט ווי אַרײַנצוקומען אין אַ שטוב. די קונץ באַשטייט דערין: אַרײַנקומענ זאָל מען מיט אַ רוגזע, אָנגעברויגעזט און מאָנען די נעדאָווע ווי אַ כויוו. מע זאָל קריכן, אַרופֿקריכן אויבנאָן און פֿאַרקריכן אַזש אין דער ספּאַלניע, אופֿצוזוכן דעם באַלעבאָס אָדער די באַלעבאָסטע דאָרט. אין דינגען זיך בין איך געווען אַ מײַסטער, איין בעריע אין דער וועלט. דער גאַנצער סייכל שטעקט דערינען: קיינמאָל באַדאַרף נישט געפֿעלן, וויפֿל מע גיט. גיט מען אַ שטיקל ברויט, זאָל מען בעטן עפּעס געקעכטס, אַביסל באָרשטש; גיט מען געלט, זאָל מען בעטן אַ העמד, אַלטע טאַכטוינים און זאָקן אוכדוימע. שטענדיק באַדאַרף מען זיך נאָר קרימען און בלאָזן, קיינמאָל נישט דאַנקען, וואָרטשען און אַמאָל אויך טאַקע שעלטן.

וואָס־זשע טוט דער רויטער מאַמזער — אַ קיינק אים אין די ביינער איאַ? דער רויטער מאַמזער טוט אויף האַסבאָרעס, ווי מײַנער פֿאָטער צו ווערן. ער קלערט בײַ זיך גאַנץ זיכער אַזוי: אין הילכעס אָרעמאַן, פּישקע, מעגסטו בײַ מיר די רובעס הייצן. איך קען מאַכן די שפּיל אַכציק טויזנט מאָל בעסער פֿון דיר. און אַז איך האָב מיר אַרײַנגענומען אין זינען די פּאַרנאָסע מיט דײַן בלינדער, ווערט מיסטאָמע שוין זײַן רעכט. נישקאָשע, איך וועל דיך, מיט גאָטס הילף, שוין

פּאַרזאָרגן. — ער האָט צו מיר זיך גענומען און געמאַכט אויס מיר א קאָטער. איך בין מיעס אראָפּגעפאַלן בא מײַן װײַב און געהאַט בא איר א פּאָנעם װי כויזעק. קײן אנדער װאָרט האָב איך פון איר נישט געהערט נאָר װי: געשװאָלן װער, לײג אָנעט מיט דעם קאָפּ, װערעם זאָלן דיך עסן, דו פּרעסער, יונגאַטש אײנער, דו אזוינער, אזוינער און אזוינער! דער מאַמזער, קײן טכיעס־האַמײסים זאָל ער נישט אופשטײן, האָט אַלץ אַפּ מיר געגראָבן און מיר געטאָן צום טויט, ביז איך בין בא איטלעכן געװאָרן צו שאַנד און געשפּעט, אַלע בוידן האָבן לעסאָפּ מיט מיר גע־האַט צו טון. װאָס א מינוט — איז איבער מיר געפאַלן א האַמצאָע, װאָס א רעגע — האָב איך געהײסן מיט אן אנדער צונעמעניש. איטלעכער האָט מיט מיר געטאָן, װאָס זײַן האַרץ גלוסט. איך בין געװען דאָס קאַפּאָרע־הינדל. האָב איך אמאָל מיך געבײזערט פאַר צאָרעס, פלעגט עס איטלעכן אונטערטראָגן. זעט נאָר, — האָט מען געמאַכט, — װי דער נ אָ ג י ד האָט זיך צ ע י א כ־ מ ע ר ט. ער װעט שױן באַלד פלאַנכענען. האָב איך מיך אמאָל באַװאַשן מים טרערן פאַר װײ־טעק פון די קלעפּ, װעלכע אין מיר איז ארײַן, פלעגט מען זאָגן: װאָס איז מיט דיר דאָ אזוי די סימכע, פּישקע? װאָס האָסטו זיך עפּעס אזוי צעלאַכט מיט צײן? זעט נאָר, אוילעם, װי פּיש־קע לאַכט! — דערלאַנגט אים, ײדישע קינדער, — פלעגט זיך הערן דעם מאַמזערס קאָל, — דער־לאַנגט אים, נעבעך, א ט ע ל ע מ ע ט ש ע צװישן די ל י ט ק ע ס, א ר ײַ ב איבער די לאָפּעטקעס, דאָס איז א רעפוע צום לאַכן. אויב, כאָלילע, עס װעט נישט העלפן, באַדאַרף מען אים גלעטן די האָר, אָנעמען באַם אויער און אײַנרוימען אים א סאָד, דערפון װעט זיך אים שױן שטעלן טרערן אין די אויגן, װי פון א קעװאיס מאָרער. מע מוז דאָך א ײדן ראַטעװען. — אמאָל פלעגט מען מיך ארויסװאַרפן פון דער בויד, און אז איך בין מיט די קראַנקע פיס געלאָפן נאָך דעם װאָגן, װי נאָר איך האָב געקענט, און געמאַכט מיט די זײַטן, האָט מען צוגעפּליעסקעט, צוגע־פּאַטשט מיט די הענט און געשריגן מיט א געלעכטער: בראַװאָ, פּישקע! אָט אזוי, פּישקע, טאַנץ אביסל, טאַנץ אביסל, טאַנץ! קוקט נאָר, אוילעם, װי פּישקע הײבט פיסלעך, װי שײן, אָן אײנאָרע, ער טאַנצט! ער מעג אַפּ אַלע כאַסענעס טאַנצן. קײן בײז אויג זאָל אים נישט שאַטן. — אײנמאָל האָט זיך אָנגערופן אײנער — און אַלץ טאַקע דער מאַמזער, א קײנק אים אין די בײניע איאַנ — אוילעם! פּישקע איז גאָר א גלײַכער. ער פאַרשטעלט זיך נאָר, דער גאַנעװ, פאַר א קרופּ־מען, ער מאַכט אויס אונדז אַלע כויזעק. מע באַדאַרף אים פּרוװן אויסגלײַכן, גיט אים דאָרט א ט ע ל ע פּ ע ט ש ע אין דער דיך, װעט איר זען, װי ער ציט אויס גלײַך א „פּ אָ ל ק ע“. — האַקלאַל, ײדן, מע האָט מיך געפּײַניקט, מע האָט מיר שטאַרקע יעסורים אָנגעטאָן. אוי, פלעג איך מיך דערמאַנען אין די גוטע גליקלעכע יאָרן, װען איך בין מיר געזעסן װי א סראָרע אין באָד און געלעבט װי גאָט אין פראַנקרײַך! װאָס איז מיר דען דאָרט אָפּגעגאַנגען?

— מײלע, נעמט מען און מע גיט אָפּ, — פאַלט אַלטער ארײַן פּישקען אין די רײד, — דערופּ איז דאָך דאָ בא ײדן א געט.

— יאָ, גערעכט, — מאַכט פּישקע מיט א זיפץ, — האַלעװײַ װאָלט איך עס טאַקע פריער גע־טאָן, װאָלט אז װײל און גוט געװען מיר און עפּשער נאָך עמעצן... נאָר איך װײס נישט, װאָס מיר איז אזוינס געשען. נאָר א קישעף האָט מען מיר אָפּגעטאָן. ס'איז א װײטעק, א בושע צו זאָגן, דאָס האַרץ האָט מיך צו מײַנער עפּעס געצויגן... װי שטאַרק איך האָב געליטן און געהאַט געבראָטענע לײד, פונדעסטװעגן האָט מיך דער רועך נאָך איר גענומען. איך װײס נישט, צי איז דאָס געװען פון מיר נאָר אן אַקשאָנעס — אז דיר, מאַמזער, גלוסט זיך, װילכט צװישן מיר און מײַן װײַב אָנמאַכן א בײז לעבן און מיך פּאַטערן, װיל איך דיר אַפּצולאָכעס מיך דאַפּקע אין איר האַלטן און נאָך מער װי פריער, מיט בײדע הענט זיך האַלטן. אָדער דאָס איז געװען, װי זאָל איך עס זאָגן, גלאַט אזוי פון זיך אַלײן... עפּעס טאַקע גאָר א קישעף. איר געשטאַלט האָט מיך עפּעס גענומען. א געזונטע, א דיקע, א יאָדערדיקע, א פּאָנעם אָפּגעגאָסן, נישט אזוי שײן װי בײַנעװדיק. פיל מאָל פלעגט זיך מאַכן, אז פאַר גרויסע צאָרעס און האַרצװײטעק האָב איך מיר געװאָלט א מײַסע אָנטון, געװוּטשן מיר דעם טויט מיט איר אינײנעם. הײַנט, הײַנט, — פלעג איך בא מיר טראַכטן, — מוז עס האָבן אן עק, הײַנט זאָג איך איר: געט! נאָר קוים בין איך צו איר צוגעקומען נאָענט און זי האָט מיט מיר געמאַכט א רײד, אָדער ארופגעלײגט די האַנט מיר אַפּן אַקסל און געזאָגט: פיר מיך, פּישקע! — האָט מיר אָפּגענומען דאָס לאָשן און בין װי עפּעס איבערגעביסן געװאָרן.

אין א גוטער שאָ איינמאָל, גייענדיק מיט מײַן ווײַב אין די הײַזער, עפּעס מיט א גרינג גע־מיט, טו איך איר א זאָג: באסיע, נעשאָמע מײַנע, וואָס וועט דער טאכלעס זײַן פונעם שטענ־דיקן ארומשלעפּן זיך? עס פּאסט, כלעבן, גאָר נישט פאר אונדז. אין גלופּסק האָבן מירביידע, באָרכאשעם, א שטיקל נאָמען געהאט, דו מיך האָסט ארויסגענומען דאָרט פון באָד. א קאטאָ־וועס עפּעס גלופּסקער געמויערטע באָד, ווו עס ווארפן זיך איבער א וואָך אזעלכע בערן, גרויסע לײַט, דיך האָט אויך איטלעכער געקענט און אפ דיר קאָוועד געלייגט. הײַנט זענען מיר נאווע־נאד עפּעס מיט שלעפּערס אין דער פרעמד, און וואָס פאר א פּאָנעם האָבן מיר, מישטיינסגע־זאָגט? — „ווילסט עפּשער צוריק קיין גלופּסק?" — ענטפערט מײַן ווײַב ווי אופגעבראכט. — מעגסט זיך דיר, פּישקע, אהין צוריקקערן, אויב דיר גלוסט זיך אזוי. איך בעשומויפן נישט. אין גלופּסק זענען דאָ הײַנט געוונג אָרעמעלײַט אָן מיר. וואָס א טאָג וואקסן דאָרט אויס פּריש־צאפּלדיקע קאפּצאָנים, שפּאָגל־נײַע מעקאבלים. באלעבאטים גייען הײַנט דאָרט איינער צום אנדערן אין די הײַזער ארום". — פון מײַנעטוועגן מעג זײַן אן אנדער שטאָט אויכעט — ענטפער איך צוריק — נעשאָמעניו, קלײַב דיר אויס עפּעס א שטאָט, וועלכע דיר געפעלט, און לאָמיר זיך דאָרט באַ־זעצן. אז מע ווייסט, דאָס איז אונדזער שטאָט, דאָס זענען אונדזערע הײַזער, אונדזערע באלעבאטים, איז עפּעס מאזל און בראָכע. ווי זאָגט מען עפּעס: איטלעכער הונט אפ זײַן מיסט.

— באלד, פּישקע, באלד, — מאכט מײַן ווײַב, קלאָפּנדיק מיך מיט איר האנט איבערן רוקן גאָר פרײַנטלעך. — לאָמיר נאָך אביסל פּאָרן, לעבן, רײַבן זיך אין דער וועלט. ס'איז עפּעס גוט, פריילעך, מעכײַע... האָב צײַט אביסל, פּישקע, מיט דײַן שטאָט, באלד, באלד!

איר „באלד" האָט געדויערט א לאנגע צײַט און ס'איז נישט געווען קיין עק, קיין סאָף. אין דער צײַט בין איך איבערגעוואָרן אין גענוג שטעט, האָב מיך אָנגעליטן גענוג צאָרעס און פּײַן. אינגאנצן האָב איך עס געהאט צו פארדאנקען אים, דעם מאמזער, א קיינק אים אין די ביי־ניע איאַן...

פּישקע טוט א זיפץ טיף פונעם הארצן און בלײַבט זיצן שטיל מיט צוגעמאכטע אויגן. מיר לאָזן אים אביסל צו זיך צוקומען, דערנאָך הייבט ער ווײַטער אָן, און די מײַסע דערציילט זיך אזוי:

## XVI

— צו דעם צונעמעניש „נאָגיד" האָב איך אין דער לעצטער צײַט באקומען נאָך א נײַעם טיטל: „מעקאבל". דעם דאָזיקן טיטל האָט מיר געגעבן דער מאמזער, פארכאפּט זאָל ער ווערן, און אזוי האָט איטלעכער פון דער כאליאסטרע מיך גערופן: פּישקע מעקאבל. — מעקאבל איז בא זיי אזא מיִעס וואָרט, וואָס באם ארויסברענגען עס פונעם מויל שפּײַט מען זיבן מאָל אויס. די סינע, וואָס הערשט געוויינטלעך צווישן באלמעלאָכעס, סאָכרים, קרעמער און דעסגלײַכן, וואָס האָבן איין ברויט, איז א הונט אנטקעגן דעם, ווי זיי, בויד־אָרעמעלײַט, האָבן פײַנט די שטעטישע קאפּצאָנים און ביפראט נאָך דאָס גאנצע קאפּיטל מעקאבלים. אָט די ווערעמדיקע מעקאבלים, פוי־לע מעיוכאָסים, פארשמאָלצעוועטע שיינע ייִדן, — פלעגן זיי אלץ זאָגן מיט גאל, — זענען ווי די וואנצן פול אין אלע הײַזער און נישט אויסצוהאלטן פון זיי; מע צעשטאָפּט זיי די קישקעס אפ אלע סימכעס: כאסענעס, בריסן און קרישמע־לייענעס, רײַסן פון טויטע און פון לעבעדיקע, און מיר, נעבעך, רײַסן קריִע, האָרעווען, פּראצעווען אפן שטיקל ברויט און ווערן פארשווארצט... די דאָזיקע אלע צעקראָכענע נעפּאשעס, פלאסקעדריגעס, האָבן זיך געגומען דאָוויד האמיילעכס טי־לעמל און מאכן מיט אים די שפּיל. דאָוויד האמיילעך זאָל געוועגן פריִער וויסן, צו וועמען אין די הענט זײַן טילעמל ווער ארײַנפאלן, וועלכע פּאַרנאָסעס די פוילע, פארשימלטע לאָפּנמיצלעך מיט אויסגעוויקטע פּענעמלעך וועלן דערמיט מאכן, וואָלט ער עס, גאנץ זיכער, נישט געמאכט. —

— ניין, באסיע! — האָט דער מאמזער געמאכט צו מײַן ווײַב, — פון אײַער פּישקען ווערט קיין לײַט שוין נישט זײַן. ניין, ניין, נישט קיין לײַט, איינער פון אונדזער כעוורע! ער איז א מע־קאבל מיט די ביינער. א מעקאבל מיט אלע כיינ־גריבעלעך. דאָס פּאָרן אײַערס מיט אים, דאָס רײַבן זיך אין דער וועלט ווערט אים קלאָל נישט העלפן. אין הילכעס אָרעמאָנ ווייסט ער נישט מײַ דעקאָאָמרע רעבעצן. נישט קיין מענטש, ווי עס געהער צו זײַן. איר ווערט, נעבעך, האָבן פון

אים א פארפוילטע גאל. — איַ, אזא באסיע! א גליק, ווי איך בין א ייִד, א גליק וואָלט איך מיט אײַך געמאכט!

נאָך די אלע מיטל, וועלכע דער מאמזער האָט געברויכט אָנצומאכן צווישן מיר און מײַן ווײַב א בייז לעבן און מיך דערווײַטערן פון איר דורך רעכילעס, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפלויגן, איז אים לעסאָף געראָטן צו פאלן גאָר אף עפעס נײַס. ער האָט מיך פארמאסערט פאר מײַן ווײַב, אָנגערעדט אף מיר שטילערהייט, אז איך שאדכן מיך עפעס צו א מיידל פון א בויד און מאך מיט איר עפעס צופיל כיין... צווישן דער כאליאסטרע האָט זיך געפונען א האָרבאטע מיידל, מיט וועלכער איך האָב, עמעס טאקע, ליב געהאט צו שמועסן זייער אָפט און...

— הא, וואָס איז דאָס פאר א מיידל עפעס? — פאל איך און אלטער פישקען אין די רייד ארײַן, — הא, פישקע, זײַ זיך מוידע!

דאָס מיידל איז געווען א ווילד פרעמדע אין בויד, און זי האָט, נעבעכ, געגוג זיך אָנגע־ליטן, געגוג אָפגעקומען אין אירע יונגע יאָרן. איך בין זיך מוידע, אז איך האָב ליב געהאט טאקע מיט איר איניינעם צו זיצן און צו שמועסן. מיר פלעגן אויסגיסן איינער דעם אנדערן און־דזער ביטער הארצ. זי פלעגט אפ מיר ראכמאָנעס האָבן און נישט איין מאָל וויינען אף מײַנע און אף אירע צאָרעס. איַ, איר זאָלט ווּסן, וואָס דאָס איז פאר א מ י י ד ל! איַ, איר זאָלט וויסן איר־רע צאָרעס, נעבעכ!... — האָט פישקע אויסגעלאָזט מיט טרערן אף די אויגן.

מיר האָבן געבעטן פישקען אונדז קלאָר צו מאכן, ווער איז דאָס מיידל און וואָס מיט איר האָט זיך אזעלכס געטראָפן.

— אז איר בעט מיך אזוי, — האָט פישקע אָנגעהויבן, נאָכדעם, אז ער האָט מיט איין עק ארבל אויסגעווישט די אויגן, — אז אײַך איז נאָך נישט נימעס געוואָרן הערנדיק מיך, וועל איך אײַך צו ליב טון און דערציילן, ווי ווײַט נאָר איך קען. הערט, זײַט מויכל, און האָט קיין פאריבל נישט, אויב בא מיר וועט עס אויסקומען נישט גלאַט.

— דאָס מ י י ד ל איז געווען נאָך א קינד, אז די מאמע אירע האָט זי געבראכט קיין גלופסק איניינעם מיט א קלומעקל זאכן און אלטע בעבעכעס. דאָס קלומעקל האָט זי אָפגעוואָרפן דאָרט ערגעץ אין א שטיבל בא אן אלטער ייִדענע, א מאכשייפעטע. אפאָנעם, דאָס איז געווען א מעקלערן פון דינסטן. די אלטע ייִדענע פלעגט איועקגיין מיט דער מוטער, איבערלאָזן דאָס קינד איינע אליין אָן עסן און פארפאלן ווערן אף א גאנצן טאָג. אז דאָס קינד האָט איינמאָל געוויינט געצאפלט: מאמע, נעמ מיך אויך מיט זיך! — האָט די אלטע מאכשייפעטע אף איר זיך שטארק געבייזערט, מאכנדיק צו דער מוטער: כ אָ ל י ל ע! מע טאָר פון איר גאָרנישט וויסן, עס קען שאטן צו אייסעק! אין עטלעכע טעג ארום האָט די מאמע זי גענומען און גאנץ שטיל זי ארײַנ־געפירט לעמאזל אין א קיך, ערגעץ אין א באלעבאטיש הויז. עס האָט נישט געדויערט לאנג, איז זי מיט דער מאמע איבערגעגאנגען ערגעץ אנדערש־ווו אין א קיך און פון דאָרט ווײַטער אין א נײַער קיך, אזוי אז אין א קירצער צײַט זענען זיי מעגולגל געוואָרן אין א היפש ביסל קיכן. די מאמע איז מיט איטלעכס מאָל איבערקלײַבן זיך אין א נײַער קיך, געוואָרן צו איר אלץ ער־גער און שלעכטער. איר טאטן האָט זי ווייניק געקענט. פריער, אינדערהיים איז ער געווען א זעלטענער גאסט, שטענדיק אונטערוועגנס, און דערנאָך דאָ אין די קיכן האָט זי אים קיינמאָל נישט געזען. זי וואָלט אפילע גאָר פארגעסן, אויב זי האָט א טאטן, ווען די מאמע זאָל אים פּיפּציק מאָל אין טאָג נישט שעלטן, בעשאס זי פלעגט צו איר אויסלאָזן איר ביטער הארצ. „אָנ־לייגן זאָל ער מיטן קאָפּ, דער שיינער טאטע! — פלעגט זי שעלטן, פלוכן. — דאָס ווײַב האָט ער געפאטערט נאָך אזויפיל יאָר מי, בויכווייטעק, וואָס זי האָט געהאט בא אים, און איר נאָך אָנ־געהאנגען — געהאנגען זאָל ער ווערן! — א באָמבע, א קינד אפן האלדז, וואָס איבער איר קען זי אף קיין אָרט נישט אײַנזײַן און באדארף זיך מיט איר שטיקן, באהאלטן. וואָרעם ווער וויל עס דען האָבן בא זיך א קעכנע מיט א קינד?" — נישט איין מאָל טאקע פלעגט די באלעבאָסטע אין קיך ארײַנלויפן, ווען דער וואָרמעס איז נישט געווען עפעס אזוי געראָטן, און פילדערן, שרײַען, פאר־וואָס האָט גאָט זי געשטראָפט מיט אזא קעכנע, וואָס שעפט אָפ דאָס אייבערשטע פון דער יויך און גיט עס איר שיין טעכטערל אוועק. כאָטש דאָס טעכטערל, נעבעכ, האָט געדארט, געקווארט און געגעסן קרענק. די מאמע פלעגט עס פארשטופן, אזויווי טרייפע סכוירע. אפן אויוון, אין א ווינ־קעלע דאָרט איז עס דעם גאנצן טאָג אָפגעזעסן אף איין אָרט, אײַנגעהויקערט אין צענטן, און

מע האָט נישט געטאָרט הערן פון איר קיין פּיפּס. עס פלעגט איר די סמאַהע איבערגײַן, שמעקנדיק די רײַכעס פון געבראָטענע גענדז, געפּרעגלטע לעבערלעך, און זי.. שאַ, נישט קיין וואָרט! זי האָט שטילערהייט געליטן, נעבעך, הונגער ביז מע האָט זיך דערמאָנט אַרײַנצושטופּן איר אין הענטל אַ טרוקן שטיקל ברויט און אַמאָל אויך אַן אָפּגעלעקט ביינדל, אָדער עפּעס אַנדערש, וואָס איז איבערגעבליבן אַף די טעלער. אַמאָל ווידער האָט מען אין איר זיך פאַרגעסן, און אַז זי האָט זיך נישט געקענט אײַנהאַלטן און אַ פּיפּס געטאָן, פלעגט זיך ווײַזן אין דער הייך אַפן אויוון אַ קאָטשערע, אַ לאָפּעטע אָדער אַ שטעקן, אַ פּאָלאָניק און שלאָגן אַפן קאָפּ, אַף די הענטלעך, אַף די פיסלעך, ווו נאָר עס האָט געטראָפן, און דערבײַ האָט זיך געשאָטן טויטע קלאָלעס און כּאַראָמעס אַף איר טאַטן און טאַטנס טאַטן ביז אוראָם אָווינו. אַזוי האָט זי פאַרבראַכט אין קרענק, אין צאָרעס אירע יונגע יאָרן אַף די אויוונס. פונעם שטענדיקן זיצן אַף איין אָרט אײַנגעבויגן, אײַנגעהויקערט איז זי געוואָרן האָרבאַטע, נעבעך.

פונעם אויוון אַראָפּקוקנדיק, פלעגט זי זען עפּעס אַ יונגנמאַן. ער איז געווען אַן אָפּטער אַרײַנגייער צו דער מאַמען אירער אין קיך. די מאַמע פלעגט זיך אין אים שמעלצן, אים האָדעווען פונעם אַרבל, אָנשטאָפּן אים די קעשענעס מיט גוטע זאַכן און נאָך געבן אים אַמאָל געלט אויך. ער פלעגט קומען אָפט שפּעטלעך אינאָוונט און בלײַבן נעכטיקן אין קיך. אַמאָל פלעגט די מאַמע פאַרפאַלן ווערן אַף אַ לאַנגע צײַט, זיך אויספּוצנדיק פריִער, אָנקוקנדיק זיך גוט אין דעם שפּיגעלע, און איבערלאָזן די קיך העפקער. אַפּאָנעם, אַז דער מאַמען איז אין זינען געלעגן כּאַסענע צו האָבן און איז אַלץ באַשעפטיקט געווען מיט דעם כּאָסן...

איינמאָל אַנטקעגן אָוונט איז געקומען עפּעס אַ מענטש און פאַרנומען פון דער קיך דער מאַמעס זאַכן. די מאַמע האָט געדאַנקט דער באַלעבאָסטע פאַר דעם זאַלץ און ברויט, אַראָפּגענומען מיט מאַזל איר נאַקעט טעכטערל פונעם אויוון און איז מיט איר אַרויסגעגאַנגען. זי פירט דאָס טעכטערל און פירט, ביז זי פאַרפירט עס ערגעץ אין אַ געסל. „זעץ זיך דאָ אַנידער און וואַרט. ייִדן וועלן ראַכמאָנעס האָבן!“... אַזוי האָט די מאַמע געזאָגט און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

דאָס פאַרוואָרפענע קינד זיצט, נעבעך, אַף דער גאַס שטיל און האָט מוירע אַ ריר צו טון זיך אַפילע, אַזוי ווי פריִער אַפן אויוון. אַ קאַלט אָסיענדיק רעגנדל שפּרענקלט און נעצט איר דורכן די ביינער. זי איז געזעסן אײַנגענורעט קימאַט אין איין העמד, געציטערט פאַר קעלט, און אַ צאָן אין אַ צאָן האָט איר געקלאַפּט. אַז איינער פון די פאַרבײַגייענדיקע האָט זי אַ פרעג געטאָן: ווער ביסטו, מיידעלע? איז דער ענטפער אירער געווען: איך בין דער מאַמעס... די מאַמע מיר געהייסן דאָ זיצן שטיל... מע טאָר נישט שרײַען, אַ קאָטשערע, אַ לאָפּעטע קומען און שלאָגן...

אַזוי איז זי, שלימאַזלדיקע, נעבעך, געזעסן העט שפּעט אין דער נאַכט, ביז עפּעס אַ ייִדענע האָט זי פאַרנאַרט מיט גוטע רייד און אַוועקגעפירט צו זיך אַהיים, ערגעץ אַף די פּיסקעס אין אַ קליין שטיבעלע אַף הינערשע פיסלעך.

בײַ דער ייִדענע האָט זי זיך אופגעהאַלטן אַ היפּשע צײַט און בײַ איר קיין האָניק נישט געלעקט. די ייִדענע האָט זיך אויסגעגעבן פאַר אַ מומע און איר געהייסן זי אַזוי רופן. די דאָזיקע מומע איז געווען אַ סעדעכע, וואָס איז געשטאַנען אין מאַרק מיט קאַרטאָפליעס, הייסע באַבקעס, קאָלנידרע־באַרלעך און ערעצייִסראָעל־עפּעלעך. גאַנץ פרי איז דער שטייגער אירער געווען אַוועקצוגיין אין מאַרק אַרײַן. דאָס האָרבאַטע מיידעלע איז איבערגעבליבן מיט אַ טעכטערל אין שטוב און געוויגט איר קינד, אויך געהאָלפן אין דעם באַלעבאַטישקײַט, ווי אַשטייגער: קלײַבן אַף דער גאַס דאַרע שפּענדלעך אַף אונטערצוהייצן, קריכן אונטערן פּעקעלאָק נאָך אייער, וועלכע די הינער האָבן געלייגט, אויסשקראַבען אַ טעפּל פון פאַרטריקנטער קאַשע, פאַרוואַשן אין דער פּאָמויניצע דעם קינדס אַ פאַרשמירט העמדל און שטיין אַכטונג צו געבן אַף די איבערגעוואַשענע הילצערנע מילכעדיקע לעפל, וואָס טריקענען זיך אַף דער פּריזבע, אינאיינעם מיט דעם קינדס קישעלעך, אַנטקעגן דער זון, און נאָך אַנדערע מעלאָכעס. פאַרנאַכט, אַז די סעדעכע איז אַהיים געקומען, האָט זי געשיקט איר קליין דינסטמיידל אין די הײַזער אַרומצוגיין און צונויפנעמען עטלעכע שטיקלעך ברויט, דערפון האָט זי זיך דערנערט אַליין און נאָך געגעבן דער מומען אירער.

זומער פאַרנאַכט איינמאָל, בעשאַס אַרומגייענדיק אין די הײַזער אַף איר שטייגער, אין איין גראָב העמדל מיט אַ האַלב קליידל, האָט זי זיך פאַרשלאָגן גאַנץ ווײַט, אויש בײַם עק שטאָט, און נישט געטראָפן דעם וועג צוריק אַהיים. די זון האָט שוין לאַנג זיך געזעצט. אַף דעם הימל האָט

זיך אָנגערוקט אַ שוואַרצער וואָלקן. עס האָט ביסלעכווײַז געבליצט און געדונערט. פּלוצים קומען אונטער, פון דער שטאָט אַרויספאָרנדיק, עפּעס בוידן, פול אָנגעזעצט מיט מענטשן. קוקט נאָר! — האָבן פאַרשוינענע אַרויסגעשריגן פון איינע בײַדל, — עפּעס דרייט זיך דאָ אַרום אַ האָרבאַטע מיידעלע און וויינט, נעבעך. און באַלד טאַקע שפּרינגט אַראָפּ איינער אַ רויטער — טאַקע אַלץ דער רויטער מאַמזער, אַ קיינק אים אין די ביינער אַיאַן! — גיט אַ פרעג דאָס קינד, וועמעס זי איז. — איך וויל אַהיים צו דער מומע, — ענטפערט דאָס מיידעלע אין אַ וויינענדיק קאָל. — שאַ, טאָכטער, וויין נישט, — זאָגט צו איר דער מאַמזער, — איך וועל דיך אָפּפירן אַהיים צו דער מומע. ער טוט זי באַלד טאַקע אַ כאַפּ, וואַרפט זי אין אַ בײַדל אַרײַן און פאָרט מיט איר אַוועק.

פון יענער צײַט אָנעט באַלאָנקעט דאָס האָרבאַטע מיידל, נעבעך, זיך אַרום מיט דער כאַליאַסטרע בויד־אָרעמעלײַט, וואָס האָבן פון איר הויקער געמאַכט אַ פּאַרנאָסע. דער שטייגער איז זייערער געווען, קומענדיק ערגעץ אין אַ שטאָט, אַנידערצוזעצן זי נאַקעט און באָרוועס אויף דער גאַס, ווו מענטשן גייען, אין זי האָט באַדאַרפט כליפּען, בעטן נעדאָווועס אויף אַ וויינענדיק קאָל מיט אַ ניגן און אויך רײַסן באַ די פּאָלעס. האָט זי אָבער אַמאָל נישט געשפּילט די קאָמעדיע טשאַקנדיק מיט אַלע אָנשטעלן און געמאַכט ווייניק געלט, פלעגט מען איר אָפּשפּילן אַ גוטע כאַסענע: שלאָגן זי טויטשלעג, אַרויסוואַרפן זי באַדערנאַכט אינדרויסן, ווו זי פלעג נאַקעט, הונגעריק, נעבעך, שרײַען און וויינען אויף רעכטן עמעס טאַקע.. זי האָט מיר דערציילט, ווי איינמאָל ווינטער אין אַ שטאַרקן פראָסט האָט מען זי באַנאַכט אַזוי אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס, דער פראָסט האָט זי אַ נעם געטאָן און געמאַכט פון איר אַ בייגל, געצופּט, געטשיפּעט דאָס לײַב ווי מיט קאַלטע שפּילקעס. עס האָט איר זיך גערירט דער שאַרבן אויף דעם מויעך. טונקל און ליכטיק, עפּעס ביידע מיטאַמאָל, איז איר געוואָרן אין די אויגן, אָט־אָט עקט זיך דאָס לעבן. זי קען שוין מער נישט אויסהאַלטן און הייבט זיך אָן בעטן אין שטוב אַרײַן מיט אַ ביטער געוויין, זי ציטערט, בעט ראַכמים: עפענט, מומע, עפנט, פעטער! — אַזוי האָט זי איטלעכן פון דער כאַליאַסטרע גערופן — זי שרײַט: פעטער, איך וועל שוין ווײַטער דאָרט פאַר מענטשן גוט שרײַען! זי וויינט: מומעניו, איך וועל שוין דאָרט גוט וויינען! זי בעט: גוואַלד, איך וועל שוין ווײַטער גוט בעטן! נאָר שרײַ צו דער וואַנט, נישטאָ קיין ענטפער!... זי בלײַבט ליגן שטיל, פילט מער נישט קיין קעלט, קיין פּײַן, עס באַפאַלט זי עפּעס אַ זיסער שלאָף, עס דאַכט זיך איר, מע האַלדזט זי, גלעט זי, עפּעס גוט, וואַרעמעכײַע — און מע האָט זי אַ טויטע אַוועקגעטראָגן פונעם אָרט... זי האָט אַ היפּשע צײַט פון יענער נאַכט געקרענקט. — ווײַטער איז דער שטייגער געווען אַראָפּצולאָזן זי פונעם וואָגן, וויבאַלד מע האָט פונדערווײַטנס אויפן וועג דערזען פאָרנדיק עפּעס אַ פּאָרעץ, אָדער כאָכרים, לײַטישע מענטשן. זי האָט באַדאַרפט מאַכן די גאַנצע שפּיל, אויסשטרעקן די האַנט, דרייען זיך, לויפן פאַרבײַ די פערד באַ די זײַטן וואָגן, כליפּען, בעטן אונטער דער נאָז מיט אַ ראַכמאָנעס־פּאָנעם און דערטאַפּן אַ נעדאָווע, איר טויט זאָל דאָ אַפילע זײַן. אַמאָל פלעגט זי טאַקע כאַפּן אַ שמיץ מיט דער בײַטש פונעם שמײַסער אויף דער קעלניע, נאָר זי פלעגט עס נעבעך אַראָפּשלינגען — שאַ, קיטש, און געטאָן טאַקע אירס, ווײַל זי האָט זייער גוט געוווּסט, אַז אַ בײַטש איז אַ גאָרנישט אַנטקעגן דעם, וואָס זי וועט שפּעטער כאַפּן, אויב, כאָלילע, זי קומט צוריק אין בויד מיט ליידיקע הענט... וואָס זי, נעבעך, איז אין די יונגע יאָרן צאָרעס אויסגעשטאַנען, לאָזט זיך גאָר נישט אַרויסזאָגן. אויך הײַנט שטייט זי נאָך געגנון צאָרעס אויס, אין געגעם באַדאַרף מען אַזויפיל נישט אָפּקומען וויפל זי, נעבעך, קומט אָפּעט. אָך, דאָס בלוט קאָכט אין מיר, ווען איך דערמאָן מיך אין איר! אוי־ווײ, מײַן לעבן וואָלט איך פאַר איר געגעבן אַוועקגעגעבן אַבי זי אויסצולייזן. הערט איר, יירן, ס'איז נאָך אויף דער וועלט גאָר נישטאָ אַזאַ גוטע, שטילע טויב, אַזאַ זיסע, טײַערע נעשאָמע, ווי זי!...

## XVII

פישקעס דערציילונג האָט אָנגעמאַכט אַ שטאַרקע מאָרעשכוירע אויף אַלטערן מיט מיר. אַלטער האָט מיט דער האַנט געריבן דעם שטערן, ווי עס האָט אים עפּעס געביסן, און אַלץ געמאַכט פאַר זיך: עס, עס!

— הערט איר, רעב אַלטער, — רופט איך מיך אָן מיט אַ שמייכעלע, — פישקע, כלעבן, איז טאַקע פאַרליאַפּעט אין דעם האָרבאַטע מיידל. ס'איז, כלעבן, עפּעס נישט גלאַט.

— לעמײַ זאָל איך לײַקענען, — האָט פּישקע געזאָגט, — איך האָב זי טאַקע אָנגעהויבן שטאַרק ליב צו האָבן אין האַרצן פאַר גרויס ראַכמאָנעס. עס האָט מיך עפּעס צו איר געצויגן, מיר צו־געקומען לעבן פונעם זיצן אַמאָל מיט איר אײנײנעם. — וואָס?... גאָרנישט, גלאַט אַזוי זיך שמועסן, אָדער שווײַגנדיק אָנקוקן זיך אײנער דעם אַנדערן. דאָס גוטסקײַט איז איר געלעגן אויפן פּאָנעם; דאָס קוקן אירס אויף מיר איז געווען טאַקע נאָר ווי א געטרײַע שוועסטער קוקט אויף איר אומגליקלעכן ברודער בעשאַס אים איז, נעבעך, שלעכט, שטאַרק נישט גוט. און אַז נעמענדיק צום האַרצן מײַנע צאָרעס, האָט זיך איר געשטעלט טרערן אין די אויגן, איז מיר געוואָרן עפּעס גוט, וואַ־רעם־מעכײַע אין אַלע גלידער. עפּעס האָט מיך אינעווײניק געבריט, געגלעט בײַ דער נעשאָמע: „פּישקע, דו ביסט נישט מער אַלײן אין דער וועלט, ביסט נישט מער עלנט ווי א שטײן” — און עס באַנעצן מיר זיך די אויגן פון הײסע טראָפּנס טרערן...

— מײַן ווײַב — א ווונדער, כלעבן! — האָט מיך שוין עפּעס נישט אַזוי געאַרט, עפּעס איז מיר שוין נישט אַזוי שטאַרק אָנגעגאַנגען, ווי זי מאַכט כײַנע מיט דעם מאַמזער. געקרימט דערויף האָב איך מיך נאָך טאַקע, אָבער דאָס קרימען זיך האָט שוין נישט געהאַט דעם טאַם ווי פריִער. אַז מיר פלעגט אַמאָל אַרופקומען אויפן געדאַנק אַזוי: דו ווילסט, פּישקע, אַז דײַן ווײַב זאָל א זאָג טון: „אַצינד איז שוין גענוג זיך אַרומגעשלעפּט, קום, לאָמיר זיך באַזעצן אין א שטאָט?” — פלעג איך זוכן ווי מיך אויסצודרײען, נישט געבן קײן גלײַכן ענטפער און זיך פאַרטראַכטן דערבײַ אין איר... וואָס וועט זײַן מיט איר, מיט דער האָרבאַטער, נעבעך?... נאָר הערט אָבער א מײַסע! אַז איך בין געוואָרן אין האַרצן צו מײַן ווײַב קילער, שוין נישט געצאַפּלט נאָך איר אַזויווי פריִער, איז זי, דאַכט זיך, געוואָרן צו מיר הײסער. עס פלעגט אויף איר אַמאָל אָנקומען א שאָ, וואָס זי איז געווען צו מיר גוט, ווײך ווי א טײג, און האָט זיך געהאַנגען מיר פּאָשעט אויפן האַלדז. נאָר דערפאַר שפּעטער פלעגט עס מיר באָקעמע אויספאַלן. זי פלעגט מיר טון אין דער גאַל אַרײַן, מיך פּלאָגן, פּײַניקן נאָך טויזנט מאָל ערגער ווי פריִער, אַזוי אַז דאָס לעבן איז מיר נישט ניכע געווען און האָב מיר געווונטשן דעם טויט. איך האָב פון איר געהאַט, טאַקע ווי מע זאָגט, קאַלט און וואַרעם. איך האָב נאָר נישט געקענט פאַרשטײן, וואָס איז איר געשען? מעשוגע איז זי, צי כאָסערדײַע, וואָס איז מיט איר אַזוינס? נאָר אין א קורצער צײַט שפּעטער איז זיך פאַרלאָפן עפּעס א זאַך, און דער בלאָטער איז פּלוצים אויסגעשפּרונגען. איך האָב שוין פאַרשטאַנען, וואָס ברענט אַזוינס מײַן ווײַב, וואָס די רוגזע אירע באַטײַט. ס'איז א ווײַטעק, א בושע צו דער־צײלן.

פּישקע פאַרטראַכט זיך א רעגע. דערנאָך טוט ער זיך עפּעס א געשמאַקן קראַץ און הײבט אָן ווײַטער צו דערצײלן:

— אײנמאָל זענען מיר אָנגעקומען ערגעץ אין א קלײן שטעטל און פאַרפאָרן, ווי געווײנט־לעך, אויף אַכסאַניע גלײַך אין העקדעש אַרײַן. איך זאָג אײַך, ייִדן, עפּעס האָב איך דאָך שוין גע־נוג העקדײשים מיך אָנגעזען אין מײַן לעבן און ווײס גאַנץ גוט, וואָס אַזעלכע באַטײַטן, נאָר זײ אַלע זענען גאָלד אַנטקעגן דעם העקדעש פון יענעם שטעטל. אַז איך דערמאָן מיך אין אים, הײבט אַצינד נאָך אָן מיר דאָס גאַנצע לײַב צו בײַסן און איך מוז מיך קראַצן. אײנגאַנצן האָט דער העקדעש אויסגעזען ווי א שטאַרק אַלטע קרעטשמע, א כורווע מיט אויסגעקרימטע, נישט גלײַכע ווענט, מיט עפּעס א דעכל, מישטײנסגעזאָגט, ווי א צעקנײטשט קאַפּעלישל, פאַריסן פון פאָרנט און נידעריק אָנגעבויגן פון הינטן, קימאַט ביז דער ערד. מע האָט באַשײַמפּערלעך געזען, אַז דער העקדעש, נעבעך, כאַלעשט, וויל אײַנפאַלן און ליגן ווי א באַרג מיסט אויף דער ערד, נאָר דער אוילעם אין שטעטל האָט אים אָפּגעשריגן, אונטערגעשפּאַרט מיט דרענגלעך און אים אײַנגעבעטן צו האַלטן זיך אַזוי אויף ווײַטער ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. דורך קלאָמפּערשט עפּעס א טויער איז מען אַרײַנגעפאָרן אין א גרויס הויז מיט צעשאָטענע, לעכערדיקע ווענט, דורך וועלכע עס האָט זיך אַרײַנגעגאַנוועט א שטיקל שײַן. די ערד דאָרט איז געווען גריבערדיק, ערטערווײַז איז געשטאַנען קאַליזשעס, פאַרשימלטע, פאַרדומפּענע, פון פּאָמויניצעס און נאָך אַזעל־כע זאַכן, אויך פונעם רעגן, וואָס פלעגט טאָמיד דורך דעם פוילן שטרויענעם דאַך, צעסיטעט ווי א רעשעטע, אַהין אַרײַנקאַפּען. צעריבענע פאַרפוילטע שטרוי האָבן זיך אומעטום געוואַלגערט, אויסגעמישט מיט אַלערלײ מינים שמאַטעס: צעריסענע טאָרבעס, צעהאַקטע ראָגאָזשעס, פאַרדאַר־טע ווערכלעך פון שיך, אַלטע פאַדאָשוועס און אויסגעדרײטע אָפּצאַסן מיט פאַרזשאַווערטע טשוועַ־

קעס, שערבלעכ, צעבראָכענע רייפנ, ספּיצעס פונ רעדער, האָר, ביינער, דראפּאטשעס, ריטער פונ בעזעמער אונ נאָכ אזעלכע שמאָכטעס. דאָס דאָזיקע ביסל סכוירע אינײנעמ האָט געפרייעט אונ געגעבנ „די שמוכט", מעשונעדיקע רייכעס גאָר א שרעק. — אינ דער לינקער זײַט הויז האָט זיכ געעפנט מיט א בייזער א פארשמאָלצעוועטע טיר אינ א שטוב ארײַנ מיט קליינע, שמאָלע, נישט גוט צוגעשטאנענע פענצטער אונ א טייל שויבנ זענענ אויסגעשלאָגנ אונ פארקלעפּט מיט צוקערפּאפּיר, אָדער פארשטעקט מיט א שמאטע, א טייל זענענ שטארק שמוציק, אינ די ווינקעלעכ באדעקט דיק מיט שימל, אונ ווידער א טייל זענענ פאר אלטקײַט איבערגעצויגנ מיט געל־גרינע מעשונע־גלאנצנדיקע קאָלירנ, אונ דער גלאנצ שטעכט עפּעס די אויגנ, גלײַכ ווי א קריצ אפ גלאָז גרילצט ווילד אינ די אויערנ. ארומ די אָפּגעשלאָגענע ווענט אונ נעבנ א גרויסנ אויוונ ציִענ זיכ לאנגע בענק פונ ברעטער, וואָס ליגנ אפ קלעצלעכ אונ שטיקער האָלצ, העכער אביסל די בענק שטעקנ אינ די ווענט גרויסע אונ קליינע פלעקלעכ. פונ דער שווארצער סטעליע הענגענ אראָפּ שטריקלעכ מיט פּעטליעס, אינ וועלכע עס האלט זיכ באַ די ביידע עקנ א לאנגער שטאנג. די פלעקלעכ מיט דעמ שטאנג זענענ פארהאנגענ מיט פארדריפּעטע קאפּטאנעס אונ קליידלעכ, מיט אלערליי כפייצימ אונ טאָרבעס פונ אָרעמעלײַט, וואָס קומענ צו פאָרנ אינ בײַדלעכ, אָדער קומענ זיכ צו שלעפּנ צופוס אונ שטייענ דאָרט אײַנ, יונג אונ אלט, מאנצבלנ אונ ווײַבער אלע אינײנעמ. — דער העקדעש איז אכוצ דעמ נאָכ א ביקערכוילימ אויכ. דאָרט איז דאָס אָרט אפ צו שטארבנ פאר קראנקע מיִעסע קאפּצאָנימ אינ דעמ שטעטל. דער רויפע טוט אלצדינג וואָס נאָר מעגלעכ: שטעלט באנקעס, פּיאווקעס, לאָזט צו דער אָדער אונ צאפּט, אפ קאָהאָלשע הויצאָעס, קאפּצאָנימ בלוט ביז די קאָשערע נעשאָמע גייט זיי אויס, אונ דער העקדעש־מאנ, וואָס איז צוגלײַכ דער קוואָרעס־ייִד פונעמ שטעטל, איז זיי טאקע באלד מעקאבער אומזיסט. דער העקדעש־מאנ מיט זײַנ הויזגעזינד זיצט אויכ טאקע דאָרט אינ א מינ אלקעוו״ל, מישטיינסגעזאָגט. כוצ וואָס ער איז א העקדעש־מאנ, א קוואָרעס־ייִד, א שאמעס אינ דער כעוורע־קאדישע, א מאשגיִעכ אינ זײַנ ביקערכוילימ, א וואשטי האמאלקע, אָדער א מאָנדרעש אינ פורימ, א פארשטעלטער בער מיט אנ איבערגעקערטנ פּעלצ אינ סימכעס־טוירע, א סארווער, א אָנשטעלנ־מאכער, א ווערטלזאָגער אפ אלע כאסענעס אונ בריסנ, — האָט ער נאָכ א פּארנאָסע דערצו, צו מאכנ כיילעוודיקע ליכטלעכ. די אלע באלעבאטימ אונ באַטעמעדראָשימ ציִענ באַ אימ ליכט אינ הויז פונעמ העקדעש אונ עס ווערט דענסטמאָל א געשטאנק, א איפּעש ווײַט ארומ אונ ארומ.

אז אונדזער כאליאסטרע איז אָנגעקומענ אהינ אינ העקדעש, איז ער געווענ אָנגעזעצט גענוג מיט אָרכימ. דער העקדעש־מאנ האָט זיי געטריבנ: גענוג געזעסנ, פאָרט אײַכ געזונטערהייט שוינ ערגעצ אנדערש! נאָר אזוי ווי ס׳איז געווענ דאָנערשטיק, האָבנ זיי געהאט אנ אויסרייד זיכ אָפּצובעטנ — פארבלײַבנ דאָ ביז שאבעס. די ערד, די בענק אונ דער אויוונ זענענ באנאכט באלאגערט געווענ מיט מענטשנ. מע האָט זיכ געשטופּט, געקוועטשט, געקריגט אונ געשאָלטנ פאר א שטיקל אָרט. קאָניצע אונ פּיעשע האָבנ שטארק געארבעט, אײנער דעמ אנדערנ ארויסגעוויזנ די שטארקע סינע אונ גוורע זייערע מיט די הענט. אינ דער גרויסער מעהומע, נישט דאָ געדאכט, האָט געקרעכצט אינ א ווינקעלע א קראנקער אלטער ייִד, וועלכנ מע האָט נעכטנ אפ קוראציע געבראכט, אונ א פּיצל קינד, וועלכנ מע האָט אינ דעמ שטופּעניש צוגעקלעמט א פיסל, האָט געקוויטשעט, געמאכט לעכער אינ קאָפּ שרײַענדיק. — ערשט שפּעטער, אז די בייזע מעהומע האָט זיכ איבערגענומענ, האָב איכ מיר אָפּגעזוכט ערגעצ א ווינקל אונ זיכ געלייגט ווי ס׳איז אויסצורוענ אביסל. נאָר קיימ האָב איכ מיכ געלייגט, זענענ מיכ באפאלנ גאנצע כאיאָלעס פרײַסנ, וואנצנ, פליי ווי די בערנ אונ האָבנ מיכ געוואָלט לעבעדיקערהייט אופעסנ. דאָס לײַב הייבט מיר נאָכ אצינד אָנעט צו בײַסנ אונ מוז מיכ געשמאק קראצנ, נאָר באמ דערמאנענ זיכ אינ די דאָזיקע מאלאכע־כאבאָלע: אז איכ האָב א קוק געטאָנ, אז מיט פּרײַסנ מילכאָמע צו האלטנ איז שווערלעכ, א פּרײַס איז א באשעפעניש, וואָס קריכט, אונ זײַנ שוטעפ, די וואנצ, שטינקט, האָב איכ זיי מויכל געווענ מײַנ שטיקל פּלאצ, לאָזנ זיי מיט אימ זיכ ווארגנ! אונ בינ ארויס אינ הויז, דאָרט ווי ס׳איז צוברענגענ די נאכט. אינדרויסנ איז געווענ שרעקלעכ פינצטער, א קאלטער, א שטארקער ווינט האָט געשטורעמט, געהײַלט ווי די הונגעריקע וועלפ, געפײַפט אונ געבלאָזנ דורכ די שפּאלטנ אינ די ווענט. שטיקלעכ שטרוי זענענ פונעמ דאכ געפלויגנ אונ האָבנ מיט נאָכ אנדערע מינע שמאָכטעס ווי די רובעס אינ הויז ארומגעטאנצט. צווײַלנ האָט אהינ דורכ די לעכער

אויך ארײַנגעקאַפּעט גרויסע טראָפּן רעגן. איך האָב פארוקט מיך דאָרט אין א ווינקל און געלעגן מיט א ביטער געמיט, געציטערט פאר קעלט. אײַ, די באָד, די באָד — האָב איך געקײַקעט און געאָכקעט, — ווו נעמט מען מײַן באָד! דאָרטן איז דאָך פּאָשעט גאניידן, ווארעם, א דערקוויקעניש. ווי גליקלעך בין איך אין דעם דאָזיקן גאניידן דאָרט אמאָל געווען! וואָס האָט מיר געפעלט, וואָס איז מיר דאָרט אָפּגעגאנגען? מיר איז געווען אזוי גוט, אזוי ווויל, — האָט דער רועך באדארפט אָנטראָגן מײַן ווײַב, איך זאָל דורך איר פארטריבן ווערן פונעם גאניידן און ארומוואָגלען זיך אין דער וועלט. אַף צאָרעס נאָר זענען די ווײַבער דאָ, טאקע נאָר אַף צאָרעס. וואָס טויגן זיי? וואָס האָט מען פון זיי? קיין גוטס, כלעבן, קומט פון זיי נישט ארויס... באלד אָבער דערמאָנט איך מיך אין דעם האָרבאטע מיידל און פאר מיר אליין מיך געשעמט. ס'טײַטש, זי איז דאָך א גוטע, א קאָשערע נעשאָמע, מיט איר איניינעם איז דאָך עפּעס א טײַנעג. ס'איז עפּעס גלאט גוט, גרינג, פריילעך אַפן הארצן צו זיצן און שמועסן מיט איר. א קאפּאָרע טויזנט באָדן פאר איר מינדסטן נאָגל. פון אירס א קוק ווערט עפּעס געשמאקוואַרעם אין אלע גלידער. — שעם דיך, פּישקע! — שייגעץ איך מיך אליין אויס, — זינדיק ניט מיט דײַנע רייד, ווײַבער גיבן עפּעס צו א שטיק געזונט און לעבן. ווײַבער קענען גליקלעך מאכן און פונעם גענעם אפילע מאכן א גאניידן...

פון אזעלכע זיסע געדאנקען האָב איך פארגעסן אין אלע מײַנע צאָרעס. דאָס ווינקעלע, ווו איך האָב מיך צוגעשפּארט, איז עפּעס גאָר גוט מעכײַע. מיר איז שוין מער נישט קאלט. איך הייב אָנעט לייענען קרישמע מיט געפיל, די אויגן קלעפּן מיר זיך און ווער באלד אנדרעמלט. פּלוצים אָבער האָט מיך אופגעוועקט עפּעס א שרעקלעך געשריי.

— קוקט נאָר אָן דאָס נעפעש! — האָט עמעצער געשריגן נעבן דער טיר פונעם שטוב און דערלאנגט פון דאָרט א וואָרף מיט דעם גאנצן קויעך אין הויז ארײַן עפּעס א שווערע זאך, וואָס איז ווי א שטיין געפאלן אַף דער ערד מיט א שטארקן קלאַפּ. — קוקט נאָר אָן די מעצאָצע, אויך מיר א מענטש! א קאטאָוועס, די גראפיניע פּאָטאָצקע!... און אין הויז ביסטו קראנק צו ליגן, פארפּאָטשקעטע גראפיניע? —

איך האָב באלד אין דעם קאָל דערקענט דעם מאמזער, א קיינק אים אין די בייניע אײַן! ער האָט נאָך אביסל געשריגן, געזידלט, אויסגעוואָרפן מיט דער גראפיניע פּאָטאָצקע, דערבײַ אויסגעשפּיגן און פארמאכט דערנאָך די טיר מיט א שטארקן קלאַפּ.

א שטיקל לעוואָנע איז ארויסגעקראָכן פון צווישן די צעריסענע שטיקער וואָלקן, האָט ארײַנגעקוקט דורך דעם צעבראָכענעם דאך אין הויז ארײַן און באלויכטן דאָרט עפּעס א מענטשלעך געשטאלט, וואָס איז געלעגן ווי א קלומעק, שטיל, קיין ריר זיך נישט צו טון. איך האָב מיך א לאָז געטאָן צו, ווער איז עס די מעצאָצע אָדער די גראפיניע פּאָטאָצקע, וואָס ליגט דאָרט אזוי. איך טו א בליק — און א דונער האָט מיך דערשלאָגן! פינצטער איז מיר אין די אויגן און דער קאָפּ דרייט זיך מיר, אזויווי פון דער ערשטער פארע אַף דער אייבערשטער באנק. מײַן האָרבאטע מיידל, זי, נעבעך, ליגט עס אַפן רוקן טויט אויסגעשטרעקט פונעם שטארקן שלײַדער, וואָס דער מאמזער האָט מיט איר געטאָן! איך נעם מינטערן מיט אלע קויכעס די האָרבאטע, נעבעך, און אז גאָט האָט געהאָלפן, זי האָט זיך אָנגעהויבן צו רירן, האָב איך זי א כאַפּ געטאָן אַף די הענט עפּעס נישט מיט קיין מענטשלעכן קויעך, ווי בעשאס מע ראטעוועט אין א גלופּסקער גרויסער סרייפע, און בין מיט איר גיך אוועק אהין אין מײַן ווינקעלע. איך וואָלט געמעגט שווערן, אז דענסטמאָל בין איך געגאנגען גאָר גלײַך, ווי אלע מענטשן. און האָב אפילע קיין הינק נישט געטאָן. זי האָט פּאמעלעך, פּאמעלעך אופגעעפנט איין אויג נאָך דעם אנדערן און א שטילן זיפץ געטאָן. איך האָב פאר סימכע געמיינט, אז די וועלט איז מײַנע. ס'איז מיר געווען צו מוט טאקע נאָר, ווי דעם בעטלער אין די געשריבענע מײַסעס, וואָס ווערט פּלוצים פון דער העלער הויט מעגולגל אין א טײַערן פּאלאץ, זיצט זיך דאָרט אָנגעלענט אַף דער גוטער העסעבעט איניינעם מיט א באסמאלקע און טוט זיך ווויל. איך האָב געשווינד אראָפּגעוואָרפן פון מיר מײַן קאפּאָטע און אײַנגעוויקלט דערמיט מײַן באסמאלקע, וואָס האָט געציטערט פאר קעלט.

— אוי! — האָט מײַן האָרבאטע, נעבעך, א זיפץ געטאָן, אויסגעריבן די אויגן און געקוקט, עפּעס גלײַך ווי זי האָט זיך ארומגעקוקט, אַף וואָס פאר א וועלט זי איז.

— וואָס קוקסטו עפּעס אזוי? — טו איך זי א פרעג, — איך בין פּישקע. געדאנקט און געלויבט איז גאָט, וואָס דו לעבסט.

— אָך און וויי איז מיר, — זאָגט זי מיט א זיפצ טיפ פונעמ הארצנ. — וואָס טויג מיר, וואָס איך לעב! איידער אזא לעבנ, איז שוינ בעסער דער טויט. גאָט איז דאָך א גוטער, א בארעמהארציקער, הייַנט צו וואָס האָט ער אזעלכע, ווי איך, גאָר באשאפנ, נאָר אפ צו לייַדנ און צו פלאָגנ זיך אינ דער וועלט?

— נארעלע! — מאך איך צו איר, — מיסטאָמע ווייסט גאָט, וואָס ער טוט, מיסטאָמע איז דאָך אימ ניכע, אז אזעלכע ווי מיר זאָלנ אויך זייַנ אפ דער וועלט. גאָט איז א טאטע, ער זעט, הערט און ווייסט אלצדינג. דו מיינסט, נארעלע, ער ווייסט נישט אונדזערע ביידנס צאָרעס? גאָט ווייסט, נישקאָשע! די לעוואָנע זייַנע, זע נאָר, זע, קוקט פונעמ הימל אהער אפילע, אינ הויז, אויך אריַנ. זינדיק נישט, נארעלע, מיט די רייד.

זי האָט אויסגעשטעלט אפ מיר א פאָר פייַערדיקע אויגנ, אינ וועלכע עס זענענ געשטאנענ גרויסע טראָפנ טרערנ און זיך געפינקלט אנטקעגנ דעמ שייַנ פונ דער לעוואָנע ווי בריליאנטנ. אירע אויגנ און איר קוק דענסטמאָל אפ מיר וועל איך אייביק נישט פארגעסנ.

אז איך בינ אופגעשטאנענ אפ מאָרגנ גאנצ פרי, האָב איך געזענ, מייַנ האָרבאטע ליגט אינ ווינקעלע, אייַנגענורעט אינ מייַנ קאפאָטע און שלאָפט ווי א פייגעלע. דאָס פאָנעמ אירס איז געווענ בלייך און אויסגעזוענ עפעס אזוי גוט, אזוי ראכמאָנעסדיק גוט... די ליפנ האָבנ צו־ווייַלנ געציטערט און זיך אויסגעצויגנ עפעס ווי מיט א געבעט. עפעס בעט זי, נעבעך, ראכמימ: פייַניקט מיך נישט! וואָס האָב איך אייַך געטאָנ? וואָס האָט איר צו מיר? פארוויסט מיר נישט דאָס לעבנ. וואָס האָב איך אייַך געטאָנ, וואָס האָב איך אייַך געטאָנ?.. און דאָס בעטנ אירס רייַסט אויס א שטיק הארצ. עס האָט מיר זיך געשטעלט טרערנ אינ די אויגנ — און איך האָב געוויינט...

דער ערשטער, וואָס איז אינדערפרי אינ הויז אריַנגעגאנגענ, איז געווענ דער מאמזער, א קיינק אימ אינ די ביינער אינ! — ער האָט מיט זייַנע גנייווישע אייגעלעך א קוק געטאָנ אפ מיר, אפ דער האָרבאטע און איז מיט א שטעכנדיק געלעכטער אוועק צוריק אינ שטוב אריַנ.

# XVIII

פישקע איז פלוצימ געבליבנ שטיל און אוועקגעקוקט דאָס פאָנעמ, גלייַך ווי ער וואָלט זיך געשעמט. וואָס מייַנ אלטער האָט אימ נישט געבעטנ ווייַטער צו דערציילנ, האָט אלצ נישט געהאָלפנ. — עט, כלעבנ, — האָט פישקע געמאכט, איז רויט געוואָרנ, זיך געמינעט און נישט געעפנט קיינ מויל. פישקע, ווי עס האָט אויסגעזוענ, האָט לעסאָפ זיך אליינ פארשעמט פונ זייַנע אייגענע רייד. פריער, אז עס האָט אימ דער ערשטער ברי געטאָנ, האָט ער זיך צעפלאקערט, צערעדט ווי איינער פונ דער היצ. ער האָט גערעדט מיט פייַער און אויסגעגאָסנ זייַנ גאנצ הארצ אינ אזעלכע ווערטער, וואָס זענענ גאָר נישט געווענ פאר פישקעס מויעך. די דאָזיקע ווערטער האָבנ זיך אימ געגאָסנ אליינ, עס האָט אינ אימ זיך צערעדט די נעשאָמע, ער האָט בעשאס־מייַסע פארגעסנ אלצדינג, וואָס ארומ אימ טוט זיך, גערעדט, גערעדט, נישט צו הערנ קימאט אליינ, וואָס ער רעדט, ביז ער האָט פלוצימ זיך א כאפ געטאָנ, עפעט ווי אליינ זיך צוגעהערט צו זייַנע רייד, זיך עפעס געוווּנדערט, ווי קומט אזוינס צו אימ... און איז שטארק פארשעמט געוואָרנ. בא וועלכנ פונ אונדז מאכט זיך ניט כאָטש איינ מאָל אינ לעבנ אזא ליכטיקע, גוטע שאָ, וואָס דענסטמאָל עפנט זיך א מויל און ריינע, עמעסע, מענטשלעכע געפילנ גיסנ זיך אימ ארויס, ווי א שטראָמ, הייסע, זודיקע גאזנ פונ א פייַערשפייַענדיקנ בארג? אפ בילעמס אייזל אפילע איז אויך אָנגעקומענ א שאָ, אינ וועלכער עס האָט פונ דער העלער הויט אימ זיך געעפנט דאָס מויל און האָט געהאלטנ א שיינע רעדע. ווער שמועסט בא באל־דארשנס, לעהאוודל, מאכט זיך פיל מאָל, אז אזעלכער, וואָס מאלעגיירעט געוויינטלעך, פלוידערט טאָמיד אוועק נארישקייַטנ, א שרעק צו הערנ, פלוצימ פאלט אפ אימ אָנ אמאָל עפעס א באגייַסטערונג און ער זאָגט נישט־ווילנדיק ארויס א גלייַך וואָרט, וואָס דער גאנצער אוילעמ און ער אליינ מיט זייַנ קאָוועד אויך בלייַבנ דערנאָך פארגאפט. באמ ערגסטנ כאזנ, א קאטשאנ, וואָס גלוסט זיך ברעכנ, הערנדיק זייַנ טערעלייקענ מיט מעשוגענע האיואיעס, טרעפט זיך אמאָל, אז פלוצימ טוט עס מיט אימ א טראָג, ער צעיאָגט זיך אינ דעמ מוסעפ מיט א ברענ און ווארפט ארויס א „יעקומ־פורקענדל”, א „טיקאנטע־שאבעסל” מיטנ קנאק. טרעט די גוטע שאָ אָפ, בלייַבט דער אייזל ווייַטער טאקע אנ אייזל, דער באל־דארשנ,

לעהאוודל, ווײַטער א פּלוידערזאק און דער כאזן, מישטיינסגעזאָגט, ווײַטער א קאטשאן... נישט דאָס בין איך אויסן. צוויי ייִדן דרייער האָב איך געקענט אין א ייִדישער דרוק, וואָס די גאנצע ארבעט זייערע איז באשטאנען דרינען, טאָג ווי נאכט צו דרייען די ראָד פון דער מאשינע, שטייענדיק בא איר אין דער זײַט, איינער נעבן דעם אנדערן, נאָר אוויווי די אָנגעמאָלטע גוילעמס. דריי און דריי שטענדיק, אָן אן עק, אַלץ אף איין אָרט, אף איין שטייגער. פּלוצים האָט עס זיי עפּעס ווי אונטערגעטראָגן און האָבן זיך א נעם געטאָן דרייען די ראָד געשמאַק, מיט געפיל, שטארק באגײַסטערט. די אויגן ברענען, פלאקערן, און זיי דרייען, מיט אזא טײַנעג, ווי זיי וואָלטן געווען אפן זיבעטן הימל, ווי זיי וואָלטן וועלטן געדרייט און האָבן מיט איטלעכן דריי אויסגעדריקט עפּעס א געדאנק, עפּעס א געפיל, וואָס דרייט זיי אינעווייניק. שפּעטער א ווײַלע, אז דער ברען האָט נאָכגעלאָזט, האָבן זיי פארוואונדערט איינער דעם אנדערן מיט א פּאָר גלעזערנע אויגן אָנגעקוקט, אויסגעשפּיגן, פארדרייט די קעפּ, איטלעכער אין זײַן זײַט, געדרייט ווי געוויינטלעך און ווײַטער א פּאָנעם געהאט, ווי די ליימענע גוילעמס.

איך קוק אף פישקען, וואָס איז געבליבן אָן לאָשן, און זוך בא מיר מיטל, ווי אים באַרײדעוודיק צו מאכן. פּלוצים פאלט מיר אײַן רעב לייב־סאָרעס גוילעם, ווי ער טוט זיך א שטעלאוף, נאָכדעם אז רעב לייב רוקט אים ארײַן הינטן דעם שעם־האמפוירעש, כאפּט זיך און טוט אַלצדינג, וואָס מע הייסט. זייער שיין, טראכט איך מיר, באָרעכאבאָ! נאָר אָנשטאָט דעם, וואָס בא יענעם גוילעם, אָלעוו־האשאָלעם, האָט געווירקט אין זײַנע צײַטן, וועט הײַנט, בא מײַן גוילעם, אים צו לאנגע יאָר, ווירקן פּאָשעט דאָס מײדל...

איך הייב אָן פישקען אונטערצוגעבן פארע, צו דערוואַרעמען אים מיט א שמועס וועגן זײַן האָרבאטע מיידל. און דערבײַ האָב איך טאקע מיך אַליין אויך צעהיצט, גערעדט פונעם הארצן מיט פײַער און אויסגעלאָזט דעם שמועס אזוי:

— וויפל אומשולדיקע קינדער, נעבעך, קומען עס אף דער וועלט אזוי אָפּ פאר די זינד פון זייערע עלטערן, וואָס גלוסט זיך זיי נארישקייטן, דרייען זיך, געטן זיך און לאָזן איבער די קינדער, זייער פליייש און בלוט, העפקער ווי אפן וואסער! וואָס גייט זיי אָן קינדער! זיי האָבן אין זינען נאָר דאָס נעפעשל, זייער אייגן נעפעשל. איטלעכער פון די שיינע עלטער. האָט ווײַטער כאסענע...

איך בין געבליבן ווי דערוואָרגן אינדערמיט פונעם שמועס. אלטער מײַנער, זע איך, איז צעקאָכט, אויס מענטש. עס טוט מיר באלד טאקע א קלאַפּ אין הארצן: אײַ, האָב איך עס באַגאנגען א מיִעסן פעלער, זיך ארויסצוכאפּן פאר אלטערן מיט אזעלכע ווערטער, וואָס זענען צוגעפּאסט צו אים און האָבן אים געשטאָכן אין דער זיבעטער ריפּ! עס טוט מיר שרעקלעך באנק, איך שטראָף מיך אין הארצן און זאָג מיר אַליין מוסער: גוואלד, מענדל, מענדל, שוין צײַט קומען צום סייכל, נישט ארויסצוזאָגן יענעם דעם עמעס ווי א ייִנגל! ביסט דאָך, באָרעכאשעם, שוין א ייִד מיט א גרויער באָרד. שוין צײַט זײַן א מענטש, פארשטייגן וואָס זיך איז נוצלעך און גוט. אײַ, דײַן צונג, דײַן צונג!...

איך האָב מיר אין הארצן א ניידער געגעבן, ווײַטער מיך צו היטן מיט א וואָרט, הערן, זען און שווײַגן — די גוטע מידע פון אלע קלוגע, פײַנע לײַט, וואָס איז נייטיק אין לעבן. איטלעכן וועל איך נאָר לויבן, באליבט צו מאכן זיך דערמיט באם אוילעם. עס האָט מיר זיך פאָרגעשטעלט גאנצע מאכנעס אונדזערע גוטע מענטשעלעך, פּעטערס מיט שיינינקע פּענימלעך. זיי דרייען זיך אהין און אהער, כאווער מיט דעם, מיט יענעם, טאנצן אף אלע כאסענעס, האָבן שטענדיק נאָר האנאָע, קושן זיך מיט איטלעכן, וואָס ער איז פון אויבן, צעגייען פּאָשעט פאר פרייד, רעדנדיק מיט יענעם פון זײַן גליק, ווינטשעווען אים צו מיט טרערן אין די אויגן און מיט א זיס שמייכעלע אף די ליפּעלעך, צעלייגן אף טעלערלעך יענעמס גוטסקײַט און גיבן אים אוילעמהאבע מיט דער פולער האנט; לויפן אָנזאָגן פּסורעס, געפינען זיך אומעטום ווו נאָר ערגעץ א קערמישל, א סימכע. טאָמיד שײַנען זיי די אייגעלעך, דער שטערן גלאנצט, די בעקעלעך פארפארבט, די נאָז פײַכט מיט ווײַמפערלעך. זיי זענען צופרידן, פריילעך און קוועלן גאָר אָן... אז ווויל איז אײַך, פּעטערס! פון הײַנט אָן בין איך אויך א פּעטער. עפּעס האָט מיר דער נאָמען פּעטער אָנגעהויבן צו געפעלן, אזוי אז עטלעכע מאָל האָב איך עס פאר מיר איבערגעכאזערט מיט גרויס פארגעניגן: פּעטער! פּעטער מענדעלע! פּעטער רעב מענדעלע!...

ביכדי צו פארגלעטג מײַנ פעלער אגטקעגג אלטערנ, הייב איכ אָנ אפ אימ ראכמאָנעס צו האָבנ און אײַנעמענ אימ מיט גוטע ריידעלעכ: רעב אלטער, אײַכ איז, נעבעכ, נישט גוט צו זיצנ, איר שפּארט שוינ, נעבעכ, אָנ באמ עק וואָגנ; עס מוז אײַכ, נעבעכ, ווײ טונ די ביינער פונעמ צופיל זיצנ אפ איינ אָרט: קומט, איכ בעט אײַכ, צו מיר אפנ וואָגנ, דאָרט מאכ איכ אײַכ א גוט געלעגער; מיר וועלנ נעמענ צו ביסלעכ בראָנפנ, זיכ אביסל דערקוויקנ. — מײַנ אלטער לאָזט זיכ נישט לאנג בעטנ. מיר קריכנ אלע אראָפּ פונעמ וואָגנ. בינ מעכאבעד מײַנ פערדל צו שלעפּנ זיכ פּאָרויס, אלטערס שקאפּע אימ פונ הינטנ. מיר צעגייענ זיכ אביסל די פיס, קריכנ ארופ דערנאָכ צו מיר, דערענדיקנ דעמ אשער־יאָצער, מאכנ לעכאִימ. איכ בינ זיס ווי לאקריצע, ווינטשעווע אלטערנ אָנ אנ עק, מיט טרערנ אינ די אויגנ פאר גרויס פרייד, גלאט אזוי זיכ, ווי א פּעטער. דערוואראמ אויכ פּישקענ, גיב אימ אונטער היצ, רייצ אימ דעמ יעיצערהאָרע. עס צעשפּילנ אימ זיכ די געבליטנ, און די מײַסע הייבט זיכ אצינד אָנ

## בא מענדעלע מויכער־ספאָרימ אפנ וואָגנ.

פּישקע הייבט ווידער אָנ אפ זײַנ שטייגער, איכ העלפ אימ אונטער, בעסער אויס אפ מײַנ שטייגער, אלטער האָט קיינ צײַט נישט, טרײַבט אונטער אפ זײַנ שטייגער, און די מײַסע דערציילט זיכ ווײַטער אזוי:

— אפנ אנדערנ טאָג, פרײַטיק, איז אינ בעסמעדרעש דאָרט אינ שטעטל געווענ שרעקלעכ ענג פונ די אָרעמעלײַט, וואָס האָבנ זיכ געשטופּט, צונויפגעשטיקט ארומ דעמ שאמעס. איטלעכער באזונדער האָט געוואָלט זײַנ דער ערשטער, באקומענ דעמ בעסטנ פלעט אפ שאבעס צו א נאָגיד, אָדער צו א יוסטנ באלעבאָס, וואָס מאכט א פעטנ קוגל. העכער פונ אלע איז געשטאנענ דער פלעט צו דעמ באלטאקסע. נידעריקער פונ אלע שטייענ געוויינטלעכ די פלעטנ צו קלייקוידעש און קאָהאָלס־לײַט, ווײַל זיי האָבנ ליב אליינ גוט צו פרעסנ און יענעמ גיבנ זיי מאקעס. די גאבאָימ פונ כעווערעס קרעכצנ, זיפצנ אפ יידישע אָרעמעלײַט, נעבעכ, און עסנ גיבנ זיי אפ א שפּיצ מעסער, נאָר אפ צו באשמירנ די ליפּנ. אָרעמעלײַט האלטנ פאר אנ אומגליק צו זיי ארײַנפאלנ און ווײַכנ זיי ווי א איפּעש. באקומט איינער צו זיי א פלעט, לאכנ די איבעריקע ווי פונ איינעמ, וואָס באקומט א בערדע... דער שאמעס פונעמ בעסמעדרעש איז געווענ זייער בייז, ער האָט געשריגנ, אז הײַנט זענענ דאָ אָרעמעלײַט עפּעס מער ווי טאָמיד. קאפּצאָנימ! — האָט ער געשריגנ, — וואָס זײַנט איר ווי די היישעריקנ באפאלנ אונדזער שטאָט, נעבעכ! נישט אויסצוהאלטנ, נישטאָ, ווו אײַכ אהינצוטונ! נאָר א שטראָף פונ גאָט, אנ אָנשיקעניש! — ער שרײַט, בייזערט זיכ, און די אָרעמעלײַט טוענ זייערס, שטופּנ זיכ און הערנ נישט קיינ ווערט. איינ קאָל: מיר! גיט מיר, מיר! איטלעכער רוקט דעמ שאמעס אינ האנט ארײַנ עטלעכע גראָשנ. דער שאמעס, — וואָס זאָל ער, נעבעכ, טונ, — נעמט צו, בייזערט זיכ און גיט פלעטנ. איכ מיט דער האָרבאטע זענענ מיר געשטאנענ אינ דער זײַט פונדערווײַטנס. ערשטנס, האָבנ מיר נישט געקענט און, צווייטנס, טאקע נישט געהאט די האָזע זיכ צו שטופּנ צווישנ אונדזערע בערנ, מעיוכאָסימ, פײַנע בריִעס. אומעטום זענענ דאָ בערנ, אריסטאָקראטנ, אפילע צווישנ די קאפּצאָנימ. די אָרעמע אריסטאָקראטנ זענענ נאָכ טויזנט מאָל ערגער פונ די נעגידישע... דער מאמזער איז געווענ, עס פארשטייט זיכ, איינער פונ די ערשטע. ער האָט באלד באקומענ צוויי גוטע פלעטנ פאר זיכ און פאר מײַנ ווײַב. זי האָט אפילע פארשפּאָרט זיכ צו שטופּנ. ער האָט דעמ שאמעס אָנגעוויזנ אפ איר פונדערווײַטנס: קוקט נאָר, זײַט מויכל, אָט דאָרט שטייט זי, מײַנ בלינדע, נעבעכ!...

אז דער אוילעמ איז אוועק, זיכ צעלאָזט איבער דער שטאָט, איטלעכער מיט זײַנ פלעט צו זײַנ באלעבאָס, בינ איכ מיט מײַנ האָרבאטע צוגעגאנגענ, אפ גאָטס באראָט, צומ שאמעס און געבעטנ פאר אונדז פלעטנ. ער האָט עפּעס מיט א זיס־זויער שמייכעלע אפ אונדז א קוק געגעבנ און נישט געענטפערט קיינ וואָרט. — דערבארעמט זיכ, זאָג איכ צו אימ, — אפ צוויי נעפאשעס, קאליקעס, נעבעכ. א גאנצע וואָכ קומט אינ אונדזער מויל קיינ לעפל געקעכטס נישט ארײַנ.

— נישטאָ מער קיינ פלעטנ, — ענטפערט דער שאמעס, — איר האָט דאָכ געזענ, וואָס דאָ האָט זיכ ערשט געטאָנ. נישטאָ שוינ וווהינ צו שיקנ.

— נאַט אײַכ, — זאָג איכ און שטופּ דעם שאַמעס אינ דער האַנט אַ זעקסער, — נעמט, זײַט מויכל, און דערבאַרעמט זיכ אַפּ אונדז, זײַט אונדז מעכײַע, איר וועט האָבנ אַ גרויסע מיצווע.

— הער נאָר, דו, — רופט זיכ אָנ דער שאַמעס שוינ אַביסל ווייכער, — דײַנ געלט באַדאַרפ איכ נישט. איינ פלעט געפינט זיכ נאָכ באַ מיר און קענ אימ איינעמ פונ אײַכ געבנ. אויב אירווילט, וואַרפט צווישנ אײַכ גוירל.

— גיט איר, איר גיט! — בעט איכ און ווײַז אָנ אַפּ דער האָרבאַטע.

— אימ גיט, אימ! — בעט די האָרבאַטע און ווײַזט אָנ אַפּ מיר — ניינ, ניינ, איכ וועל דעמ פלעט, אָסער־כאַזער, נישט נעמענ.

אַ היפּשע צײַט איז אַוועקגעגאַנגענ מיט בעטנ און דינגענ זיכ. איינער דעמ אַנדערנ האָבנ מיר אײַנגערעדט צו נעמענ דעמ פלעט, און איטלעכער פונ אונדז האָט זיכ אָפּגעזאָגט, געשווירנ, ער וועט אימ בעשומויפּנ נישט נעמענ. דעמ שאַמעס האָט די זאַכ עפּעס האַנאָע געטאָנ. ער האָט געגלעט דאָס בערדל און געקוקט אַפּ אונדז זייער פרײַנטלעכ.

— ווייסט איר וואָס? — רופט ער זיכ אָנ, — נאָכ מײַרעוו זאָלט איר ביידע שטיינ אינ פּאָלעש נעבנ דער טיר. אַז דער אוילעמ וועט גייג פונעמ דאַווענענ, וועלנ זיכ געפינענ יידנ אײַכ צו נעמענ אַפּ שאַבעס, איכ וועל פאַר אײַכ אויכ בעטנ.

אַזוי איז טאַקע געווענ. נאָכנ דאַווענענ פרײַטיק צונאַכט, אַז דער אוילעמ איז געגאַנגענ פונ דער שול, האָט דער שאַמעס זיכ געווענדעט צו צוויי באַלעבאַטימ אינ פּאָלעש און זיי געבעטנ, ווײַזנדיק אַפּ אונדז, צו נעמענ אָרכימ אַפּ שאַבעס. — איכ האָב, כלעבנ, שוינ קיינ האַרצ נישט געהאַט, — האָט ער זיכ פאַרענטפערט, — צו שיקנ אײַכ הײַנט פלעטנ. איכ לאָז אײַכ נישט אויס קימאַט אַלע וואָכ, נאָר אויב אײַער גוטער ווילנ איז, נעמט אָט די דאָזיקע אָרעמעלײַט.

— אָכ! — האָבנ ביידע זיכ אָנגערופנ. — וועלכער ייִד זאָגט זיכ עס אָפּ פונ אַנ אוירעכ אַפּ שאַבעס? איינ טאָג אינ דער וואָכ איז דאָ, וואָס אַ ייִד קאָנ כאָטש אַביסל עטעמענ, פאַרוואָס זאָל ער אינ דעמ הייליקנ טאָג נישט מעכײַע זײַנ נויטבאַדערפטיקע, נעבעכ, און טיילנ זיכ דערמיט, וואָס גאָט האָט געגעבנ? מיר בעטנ אײַכ, שאַמעס, אַלע וואָכ, אַלע וואָכ טאַקע זאָלט איר אינ אונדז נישט פאַרגעסנ.

די ביידע באַלעבאַטימ זענענ געגאַנגענ פאָרויס, אַרומ זיי קינדערלעכ — ייִנגעלעכ, באָכערימ, אויסגעצוואָגענע און אָנגעטאָנ שאַבעסדיק. אַלע האָבנ געשײַנט און געשמועסט צווישנ זיכ פריילעכ. מע האָט געזוענ באַשײַמפּערלעכ, אַז אינ זיי איז דאָ די נעשאָמע־יעסיירע, דעמ ייִדנס צווייטע שאַבעסדיקע נעשאָמע. איכ מיט מײַנ האָרבאַטע זענענ נאָכגעגאַנגענ שטיל פונ הינטנ און ביידע געווענ עפּעס צופרידנ.

— גוט שאַבעס! — האָט מײַנ באַלעבאָס, אַרײַנקומענדיק אינ שטוב, געזאָגט פריילעכ דעמ ווײַב, וואָס איז געזעסנ אַפּ אַ בענקל ריינ, קלאָר אָנגעטאָנ און געלויכטנ ווי אַ פּרינצעסנ; אַפּנ שויס באַ איר האָט זיכ געשפּילט אַ קליינ קינד נאָר אַ ליאַלקע און באַ די זײַטנ זענענ געשפּרונגענ צוויי שיינע אויסגעפּוצטע מיידעלעכ, — גאָט האָט מיר באַשערט אַנ אוירעכ אַפּ שאַבעס. זיסט, מײַנ ווײַב, וואָלסטו דאָכ מיכ אינ שטוב נישט אַרײַנגעלאָזט, — לאָזט ער אויס מיט אַ שמייכעלע און נעמט זיכ זאָגנ הויכ אַפּ אַ קאָל „שאָלעמ־אַלייכעמ”, גייענדיק איבער דער שטוב אַהינ און אַהער. באַ „איישעס־כאַיִל” האָט ער זיכ געשטעלט, זינגענדיק מיט אַ ניגנ, אַנטקעגנ דעמ ווײַב, גענומענ דאָס קליינע קינד צו זיכ אַפּ די הענט און עס געקושט, געהאַלדזט, בעשאַס די איבעריקע קליינע קינדער האָבנ זיכ אימ געהאַנגענ פונ אַלע זײַטנ לעבעדיק־פריילעכ. עס האָט זיכ געדאַכט, אַז אינ שטוב זענענ טאַקע געקומענ די גוטע הייליקע מאַלאָכימ פונעמ „שאָלעמ־אַלייכעמ”. — איכ דערצייל עס אײַכ דאָ אַזוי, ווײַל דענסטמאָל האָט מיר דאָס האַרצ געצויגנ און געצויגנ צו מײַנ האָרבאַטע מיידל...

מײַנ באַלעבאָס, ווי עס האָט אויסגעזענ, איז געווענ פונ מיטעלנ שטאַנד. די בענטשליכט האָבנ געברענט אינ ריינ אויסגעפּוצטע לײַכטער, איכ ווייס נישט — פונ עמעסנ אָדער פונ וואַרשעווער זילבער. דער טיש איז געווענ געגרייט מיט פּאָרצעלײַענע טעלער און די קוילעטשנ איבערגעדעקט מיט אַ געשטיקט טישטעכל. אַ פלעשל ווײַנ האָט געפינקלט אַפּנ טיש, פונ וועלכנ איטלעכער האָט קידעש געמאַכט. באַמ עסנ האָט די באַלעבאָסטע מיר געגעבנ אַלצדינג גענוג און האָט זיכ אַלצ געבעטנ, אונטערגעטריבנ, זיכ נישט צו שעמענ און עסנ. ס'איז געווענ גאַנצ גוט.

נאָר מיר איז אביסל ניט אײַנגעגאנגען, אז איך האָב בא איטלעכס שטיקל פיש, בא איטלעכן זופ לאָקשן, בא איטלעכן ביסן פלײש און צימעס מיך דערמאנט אין איר. ווער וויײסט, אויב זי, נע-בעך, האָט דאָרט אזא ווילטעק ווי איך. נאָך דעם עסן האָט מען מיך געבעטן אפ נאכטלעגער. — לאָז ער בלײַבן דאָ נעכטיקן. — האָט די באַלעבאָסטע שטילערהייט געזאָגט צו דעם מאן, — ווהינ וועט ער גײן אהין, אין דעם שײנעם העקדעש, אין דעם שטאל, לאָז ער כאָטש א נאכט אביסל זיך אויסרוען. נאָך נעכטיקער נאכט, נישט הײַנט געדאכט, איז מיר טאקע שטארק נײטיק געווען אויסצורוען זיך, עפשער נאָך נײטיקער פון עסן, עס וואָלט געווען נאָר א דערקוויקעניש צו ליגן דאָ אין א ווארעמער שטוב אפ א קישן און אויסגלײַכן זיך אביסל די ביינער. נאָר איך האָב מיך אָבער דערמאנט אין איר און מיט א שײנעם דאנק זיך אָפגעזאָגט פון נאכטלעגער. זי האָט גע-געסן שאבעס אפ דעם אייגענעם הויף טאקע אין א שטוב. איך בין ארײַן אהין נאָך איר, האָב זי גענומען און מיט איר אוועקגעגאנגען.

אינדרויסן איז געווען ליכטיק, שיין. די לעוואָנע האָט געשײַנט און ס'איז געווען מעכײַע גוט צו גײן.

— קום! — האָב איך צו איר געזאָגט, — קום, לאָמיר אביסל שפאצירן, אין העקדעש ארײַן איז עפעס נישטאָ אזוי וואָס זיך צו אײַלן.

דערמאָנענדיק זיך אין דעם העקדעש, איז מיר א פראָסט איבער דעם לײַב איבערגעגאנגען. יענער אלטער ייִד, דער קראנקער, וואָס האָט נעכטן דאָרט באנאכט אזוי געקרעכצט, האָט פון מאָרגן פרי געהאט די גסיסע, געפּאָכעט מיט דער נעשאָמע — און איז נאָך ליכטבענטשן גע-שטאָרבן. מע האָט אים געלײגט איבער שאבעס אין הויז, דאָרט ווי איך האָב באדארפט נעכטיקן.

מיר זענען געגאנגען און פארגאנגען ערגעץ אין א געסל מיט גערטנער און ביימער, וואָס האָבן ארויסגעגעבן געשמאקע רייכעס. אומעטום איז געווען שטיל, מע האָט נישט געהערט קיין שאָרך, אלע אין שטעטל האָבן, ווי דער שטייגער פון ייִדן פרײַטיק צונאכטס נאָך דער וועטשערע, שוין לאנג געשלאָפן, מיר האָבן זיך געזעצט אפן גראָז ערגעץ אין א ווינקל, נעבן א פּלויט.

מיר זיצן ביידע, קוקן א היפשע צײַט און שווײַגן. איטלעכער פון אונדז איז פארטראכט. מײַן האָרבאטע טוט דערנאָך א זיפץ טיפ פון הארצן און ברומט שטילערהייט פאר זיך זייער טרויעריק דאָס באקאנט לידל:

דער טאטע האָט מיך געקוילעט,
די מאמע האָט מיך געגעסן...

איך גיב א בליק, טרערן גיסן זיך איר פון די אויגן. עס פלאמט איר דאָס פּאָנעם, זי קוקט אפ מיר און שמייכלט זייער באטריבט. די קויכעס האָט זי מיר ארויסגענומען מיט איר קוק דענסטמאָל אפ מיר. עס האָט מיר פארקלעמט דאָס הארץ, געקלאפט ווי מיט האמערס אין די שלייפן. איך ווייס נישט, וואָס טוט זיך אזוינס מיט מיר, און... צום ערשטן מאָל כאפט זיך מיר עפעס אליין פונעם מויל ארויס: „נעשאָמע מײַנע!“... — אײַ, פישקע, — זאָגט זי שטיל און ווארגט זיך מיט טרערן, — איך וועל עס נישט אויסהאלטן. אײַ, שטיי איך עס אביסל פון אים אויס! —

— פון וועמען? — רופ איך מיך אָנעט אָנגעצונדן. — פון אים? פון דעם מאמזער? א קיינק אים אין די ביינע איאן!

— אײַ, דו זאָלסט וויסן, פישקע! פישקע, דו זאָלסט וויסן!...

איך נעם זי אָנעט בא דער האנט, באַם קאָפּ און בעט זי מיט טרערן אין די אויגן מיר אויס-צוגיסן איר שווער, ביטער הארץ. זי לייגט ארופ ביידע הענט אפן פּאָנעם, בייגט זיך אָנעט נאָענט צו מיר און גיט מיר איבער אפ א ציטעריק קאָל, מער אפ דעם ווונק, עפעס אזוינס, אז דער רוצח מעג טאקע כאפן דעם מאמזער, ער זאָל קיין טכיִעס-האמייסים נישט אופשטיין! —

## XIX

פישקע איז ווײַטער געבליבן שטיל, עפעס שטארק צעקאָכט און פארומערט. און ביכדיי אים באַריידעוודיק צו מאכן, ארויסצודערטאפן בא אים אלצדינג, וואָס מיר האָט זיך געגלוסט צו וויסן, הייב איך אים אָן אונטערצוהודען, אביסל צו רייצן און טו אים א זאָג אזוי:

— דו האָסט נאָך גאָרנישט געזאָגט, פישקע, אויב דײַן האָרבאטע איז א שיין מיידל. וואָס קען, דאכט זיך, א האָרבאטע מיידל אזוי געפעלן?

— וואָס הייסט! — מאכט פישקע שטארק אופגעבראכט, — ווער רעדט בא א ייִדישער טאָכ־טער פונ שיינקייַט! אז זי איז שיינ, איז זי פאר זיכ שיינ. וועמענ גייט עס אָנעט? די האָרבאטע איז עמעס טאקע ניט קיינ מיִעסע. א פּאָנעמ, א קאָפּ מיט האָר מאָלע כיינ, אויגנ א פּאָר האָט זי — נאָר בריִליאנטנ. נאָר וואָס וואָלט מיכ דענ אלצדינג אָנגעגאנגענ?... עפּעס א שאָלטעק בינ איכ, אינ זינענ צו האָבנ אזעלכע זאכנ, נאָכצולויפנ שיינע נעקייווּעס?... נארישקייַטנ!... מיכ האָט גענומענ איר גוטסקייַט, איר גוטסקייַט, דאָס ראכמאָנעס האָבנ אירס אפ מיר, ווי א שוועסטער, אונ ווידער צוריק, דאָס ראכמאָנעס האָבנ מייַנס אפ איר, ווי א ברודער אינ נויט, — אָט וואָס!..

— מיילע, וואָס מאכט עס אויס? — רופט זיכ אלטער אָנ, — ווי זאָגט מענ עפּעס: לאָז זיכ זייַנ פונ טייַוול, אבי עס זאָל הייסנ פייַוול... בעקיצער האָט זי דיר איבערגעגעבנ עפּעס אזוינס, נו, פישקע, וואָס־זשע איז דאָס עפּעס אזוינס, נו, נו, נו!

אלטער טרייַבט אונטער אפ זייַנ שטייגער, פישקע הייבט אָנ אפ זייַנ שטייגער, איכ העלפ אימ אונטער, בעסער אויס אפ מייַנ שטייגער, אונ די מייַסע דערציילט זיכ ווייַטער אזוי:

— קנייַפּנ האָב איכ שוינ לאנג באמערקט, ווי דער מאמזער, א קיינק אימ אינ די ביינע איאנ! פלעגט קנייַפּנ אמאָל די האָרבאטע, נעבעכ. איכ האָב געמיינט, דאָס זייַנענ זיכ גלאט אזוי קניפּ פונ א ראָשע, וואָס שלאָגט, פייַניקט א מענטשנ, נעבעכ. נאָר ווי עס האָט זיכ פונ איר קלאָגנ זיכ דענסטמאָל פאר מיר דערוויזנ, זענענ דאָס געווענ גאָר אנדערע מינע קניפּ. עס האָט געהאט עפּעס גאָר אנ אנדער טאמ... פע! יעיצערהאָרע־קניפּ... דער מאמזער פלעגט זיכ צו איר שטארק טשעפּענ. ער פלעגט זי ניט לאָזנ צורו. האָט ער זי דערטאפּט אמאָל ערגעצ אליינ, איז ער צו איר צוגעשטאנענ מיט זיסע ריידעלעכ, אזוי אונ אזוי, גערעדט פאר פייַער, פאר וואסער, צוגעזאָגט גילדענע בערג. אונ אז אימ האָט נישט געהאָלפנ מיט גוטנ, האָט ער אָנגעהויבנ מיט בייזנ, געמאכט א מוירע, ער וועט איר פארביטערנ דאָס לעבנ, ארויסלאָזנ אפ איר א שלעכטנ רופ אונ איר טונ צומ טויט, אונ דערבייַ טאקע זיכ געפּרוּווט א כאפּ טונ זי מיט גוואלד. געענדיקט האָט זיכ עס געוויינטלעכ דערמיט, וואָס זי פלעגט זיכ ארויסרייַסנ פונ זייַנע הענט, אימ דערלאנגענ אמאָל נאָכ א זעצ אינ בויכ, אז דער רועכ האָט אימ גענומענ. ער פלעגט עס איר באצאָלנ דערנאָכ מיט פּראָצענט, זי פּייַניקנ מיט ארבעט אונ אויסרייַסנ איר שטיקער פלייש. שפּעטער אביסל האָט דאָס אייגענע טאקע זיכ אָנגעהויבנ ווידער אפדאָסנייַ, ווייַטער מיט גוטנ, ווייַטער מיט בייזנ. וואָס מער זי האָט אימ געוויכנ, איז ער אלצ מער צו איר צוגעשטאנענ, אונ פארבייַגייענדיק אמאָל פלעגט ער זי פאר מענטשנ א טאָרקע טונ, קלאָמפּערשט אומגערנ, אויכ דערלאנגענ א קניפּ, גלאט אזוי זיכ.

אזעלכע מיִעסע מייַסעס מיט איר האָבנ זיכ געמאכט זייער אָפט, וואָס איכ וויל זיי פאר דעמ מויל נישט ברענגענ, נאָר די נעכטיקע איז געווענ — פע, פע, א שרעק! נעכטנ באנאכט נאָכ דער בייזער מעהומע אינ העקדעש, אז דער גאנצער אוילעמ דאָרט האָט שוינ געשלאָפנ, אונ זי, די האָרבאטע, נעבעכ, האָט אייַנגעהויקערט אינ צענטנ, נישט ווייַט פונ דער טיר, אינ א ווינקעלע אויכ געדרעמלט, וועקט זי פלוצימ אופ עפּעס א שושקענ איר אינ אויער ארייַנ. דאָס איז געווענ דער מאמזער. — דיר, נעבעכ, איז שלעכט דאָ צו ליגנ, — רעדט ער צו איר מיט ראכמאָנעס, — קומ, איכ האָב פאר דיר זייער א גוט אָרט, ווו דו וועסט קענענ זיכ אביסל אויסרוענ, נעבעכ. זי דאנקט אימ זייער שיינ פאר זייַנ גוט הארצ אונ בעט אימ צו גיינ אינ זייַנ רו ארייַנ. ער הייבט אָנעט זייַנע אָנשטעלנ אזוי אונ אזוי. ער גיט איר אויכ אָנצוהערעניש פונ מיר, אז ער ווייסט, נישקאָשע, איר מעכוטאָנעשאפט מיט מיר... ער שרעקט זי, אז קייַענ וועט זי פונ אימ די ערד, אונ מיר וועט ער דערגיינ דעמ עק. דער רועכ נעמט אימ, דעמ מאמזער, אונ מאכט אויס אימ א כייַע־ראָע אונ א לעמעלע צוגלייַכ אינ איינ צייַט, ער איז גוט, ער איז שלעכט. ער ווערט א שייגעצ אונ... כאפּט א טראכ אינ באק, אז די ציינ פאלנ אימ שיר נישט ארויס. עס צעשפּילט זיכ אינ אימ די רעציכע, ער טוט זי א נעמ ווי א גאזלענ אונ גיט זי א שלייַדער אינ הויז ארייַנ. וואָס ווייַטער איז געווענ, ווייסט איר דאָכ שוינ.

נאָכ דעמ, וואָס די האָרבאטע, נעבעכ, האָט מיר איבערגעגעבנ דענסטמאָל, זיצנדיק מיט מיר אפנ גראָז, בינ איכ א היפּשע צייַט געבליבנ ווי דערשלאָגנ אָנ לאָשנ, נאָר אינעווייניק האָט עס מיכ געצופּט, געגעסנ ווי א וואָרעמ. עס האָט מיכ געגעסנ א ברענענדיק געפיל פונ קאס אפ דעמ מאמזער, א הייס זודיק געפיל פונ ראכמאָנעס אפ איר, נעבעכ, אונ נאָכ עפּעס אזעלעכס גאָר אָנ א נאָמענ, וואָס האָט מיכ געצויגנ, געצויגנ.. אונ אָנגעכאפּט באמ הארצנ. פלוצימ האָט עס מיר

געגעבן א שטאַרקן ציִ, אַזוי אַז דאָס האַרץ איז מיר שיִר נישט אַרויסגעפאַלן. איך נעם זי אָן באַ דער האַנט, וואָס איז נאָך געלעגן אויף איר פּנים, און טו א זאָג עפּעס נישט מיט מײַן קאָל:

— נעשאָמע מײַנע! דאָס לעבן וועל איך פאַר דיר אוועקגעבן.

— אַך, פּישקע, — זאָגט זי מיט א זיפץ, טוט זיך א רוק נעענטער צו מיר און שפּאַרט אָן דעם שטערן מיר אויפן אַקסל.

עס ווערט מיר עפּעס ליכטיק אין די אויגן, וואַרעם מעכײַע איז אַלע מײַנע גלידער, איך רעד איין נעם זי אײַן ווי א געטרײַע שוועסטער מיט גוטע ווערטער. טרייסט זי: נישקאָשע, גאָט וועט העלפן! און שווער איר, אַז אייביק וועל איך איר זײַן א געטרײַער ברודער. זי קוקט מיר אַרײַן אין די אויגן, טוט דערנאָך א זיס שמייכעלע און זאָגט, אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ:

— איך ווייס נישט, פאַרוואָס, פּישקע! מיר איז אַצינד עפּעס גוט אויפן האַרצן. עס גלוסט זיך מיר לעבן...

א היפּשע צײַט האָבן מיר אוועקגעשמועסט מיט א גרינג האַרץ און זיך געמאַכט האָפענונגען, ווי גאָט קען העלפן, מיר זאָלן נאָך אַמאָל אויפגעריכט ווערן אַזוי ווי מיר ביידע ווינטשן. פּלוצים הערט זיך ניט ווײַט פון אונדז, אַביסל אין דער זײַט, עפּעס א קלאַפּן. איך קוק מיך אַרום, לאָז מיך גיין פּאַמעלעך עט־לעכע טריט האַרט נעבן דעם פּלויט אין שאָטן און דערזע אויף יענער זײַט געסל אַנטקעגן עפּעס א גע־שטאַלט פון א מענטשן, וואָס באַאַרבעט זיך איבער א קעלער. עפּעס האָט עס מיך אינעווייניק געטראָגן, געשטופּט ווײַטער אויף א פּאָר טריט, גוט צוקוקן זיך און... א קיינק אים אין די בייניע איאַן! דאָס איז געווען דער מאַמזער. ער דרייט אָפּ דאָס שלעסל און ווערט באַלד פאַרשווונדן אין קעלער אַרײַן, אַרויס־צוגאַנווענען אַלצדינג, וואָס מע שטעלט געוויינלעך אַראָפּ אַהין אויף שאַבעס. ווי א בליץ לויפט אין מיר דורך א געדאַנק: פּישקע! אַצינד זײַ זיך אין אים נוקעם פאַר דיר און פאַר דער האָרבאַטע, נעבעך. אַצינד האָסטו צײַט, גיכער מאַך צו די טיר פונעם קעלער און לאָז ער ליגן דאָרט געפאַנגען ווי א בער אין דער נעץ, ביז מע וועט אים מאָרגן דערטאַפּן, אים ברעכן א ביין און געבן זײַן פּסאַק. ערשט דענסטמאָל האָב איך דערפילט דעם טאַם פון נוקעם זײַן זיך, ווי גוט, ווי געשמאַק דאָס איז. עס האָט אין מיר געקאָכט דאָס בלוט און איך בין געווען דול ווי א שיקער. צולויפן צום קעלער, א נעם טון די טיר און צומאַכן זי מיט א קלאַפּ — דאָס האָט ניט געדויערט קיין סאַך צײַט. אַצינד ליג דאָ באַגראָבן ווי א הונט! — זאָג איך אַליין צו מיר מיט א לעכעלע, טו א נעם די קליאַמקע און וויל פאַרשטעקן. דער סקאָבעל אָבער איז אָפּגעבויגן אין דער זײַט. איך ציִ, שלעפּ, אומזיסט! עס שטייט נישט צו. איך טו מיר אָן א קוועטש, דערלאַנג א ציִ מיט ביידע הענט און אָט־אָט האַלט עס שוין אויף א שטייגער. פּלוצים טוט זיך אָן עפן מיט אימפּעט די טיר פון א געזונטן שלעפּ אינעווייניק, און איך פלי אַרײַן אין קעלער אָנשלאָגנדיק זיך מיט דעם מאַמ־זער דאָרט אויפן טרעפּל. — אַזוי, רעב פּישל! — מאַכט דער מאַמזער, נאָכדעם ווי מיר זענען גע־שטאַנען א ווײַלע איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן שטיל — דאָס האָסטו מיט דײַן קאָוועד אַליין זיך דאָ געפּאָרעט מיט דער טיר און געוואָלט צוליב מיר מעכאַלעל שאַבעס זײַן? זייער אָנגעלייגט, כלעבן, קימ, קעצעלע, אַביסל אַראָפּ אונטן און לאָמיך דיך כאָטש אַביסל מעכאַבעד זײַן... ער טוט מיך א שטופּ פון די טרעפּ אַראָפּ, איך ברעך שיִר נישט האַלדז און געניק און ציִ מיך אויס אויף דער ערד. „אַצינד, מעקאַבל מײַנער, נאַ דיר דערווײַל אַן אויפגאָב". — דערלאַנגט ער מיר א גוטן זעץ אין רוקן: — „יועסט שוין ניט קראַנק זײַן צוואַרטן אַביסל, ביז איך וועל פאַרנעמען צו מיר אין טאָרבעלע דאָס געבראָטענע הינדל, דעם פּאָלומעסיק פיש מיט דעם שיסל פּעטשע, וואָס איך האָב אין אײַלעניש איבער דיר דאָ איבערגעלאָזט". עס האָט נישט געדויערט קיין רעגע, גיט ער מיר ווײַטער א זעץ.

— צייל, פּישקע! — זאָגט ער, — נישט איינס, נישט צוויי, נישט דרײַ, פיר, פינף... דאָס האָסטו דיר פאַר מיר. אַצינד לייג איך דיר א קנייטל פאַר דער האָרבאַטער. צייל, פּישקע! נישט נײַן, נישט צען... וואָס איז דאָס פאַר א גאַנג אַרומשלעפּן זיך מיט א מיידל באַנאַכט אין פאַרבאָרגענע ערטער? — נישט צוועלף, נישט דרײַצן... איך האָב דיך, נישקאָשע, געזען פריִער, אַרומשפּאַצירנ־דיק מיט איר אין הינטערגעסלעך... נישט זעכצן, דאַכט זיך, נישט זיבעצן. — עס האָט אין מיר זיך אָנגעצונדן דאָס בלוט פון זײַנע לעצטע ווערטער.

— מאַמזער! — טו איך א געשריי, — דו ביסט נישט ווערט צו דערמאָנען איר נאָמען, — שפּרינג דערבײַ טאַקע געשווינד אויף און עס זיך אין אים אײַן מיט די ציין. ס'איז א מילכאָמע!

איך מיט די ציין, ער מיט די הענט. ביידע האָבן זיך שרעקלעכ פּײַנט און איינער דעם אנדערנ וויל מאכנ דעמ טויט. ער רײַסט מיכ מיט קוילעכ פונ זיך אוועק, האלט מיכ שטײַף אינ די הענט, קוועטשט מיכ, א שרעק, אונ טוט מיט מיר דערנאָכ א וואָרפ ווײַט פונ זיך, ווי מיט א קײַלכל.

— בענטש גוימל, זאָגט ער, וואָס מיט כעסעד, וואָס מיר קומט טפעס נישט אויס דיכ דאָ צו באַלדאָווערנ, בלײַב דאָ, פישעלע, זיכ אויסרוענ ביז מאָרגנ. אָנשטאָט די געפילטע פיש וועלנ זיי מאָרגנ האָבנ א לעבעדיק פישעלע... א גוטע נאכט! וואָס זאָגסטו אָנ עפּעס צומ ווײַב? זי וועט נאָכ הײַנט באקומענ דעמ גרוס...

מיט די דאָזיקע ווערטער גייט ער אוועק אונ פארמאכט די טיר.

די ערשטע זאכ מײַנע, אז איך בינ צו זיכ געקומענ, איז געווענ צוגיינ צו דער טיר. איך רײַס זי אונ רײַס — אומזיסט די מי, זי איז גוט פארשטעקט פונ דרויסנ. איך ווייס נישט, וואָס צו טונ, קלאפּנ שטארק האָב איך מוירע, מע זאָל נישט דערהערנ. אונ אזוי בלײַבנ איז אויכ שלעכט. איך שטיי אונ דער קאָפּ דרייט זיכ מיר פאר שרעק, פאר קאס, פאר ווייטעק אונ יעסורימ פונ די פרישע קלעפּ. איך גיי אראָפּ פונ די טרעפּ, טו מיכ א וואָרפ אפ דער ערד אונ ליג אינ איינע צאָרעס. נאָר דער געדאנק, וואָס מאָרגנ וועט דאָ מיט מיר זײַנ, מע וועט מיר מאכנ דעמ גוטנ „באָרעכאבע" אונ זיכ צונויפלויפנ אָנקוקנ דעמ גאנעוו, עס וועט הייסנ, מע האָט מיכ געכאפּט, מיט טויזנט אויסגעטראכטע מײַסעס דערצו, ווער אינ גאָט גלייבט, וועט מיכ שלאָגנ, אונ עס וועט נישט העלפנ פונ מײַנ זײַט קיינ שומ טערעצ, — אָט דער דאָזיקער געדאנק האָט מיר געעקבערט אינ קאָפּ, ווי מיט אנ עקבער, אונ מיכ נישט געלאָזט אײַנליגנ. נאָר אינמיטנ דרינענ דאכט זיכ מיר, ווי עס דראפּעט זיכ עפּעס אפ מיר. איך שטרעק אויס די האנט אונ כאפּ אָנעט א שטשער, וואָס גליטשט זיכ מיר פלינק ארויס פונ צווישנ די פינגער מיט א פּישטש. איך שפּרינג אופ פאר שרעק, עס ווערט מיר נישט גוט אונ עס באשלאָגט מיכ א קאלטער שוויס. האלטנדיק זיכ קאמ אפ די פיס, טאפּ איך אָנעט אינ דער פינצטער א קאלטע, פײַכטע וואנט, צו וועלכער איך רוק מיכ צו. איך שטיי אזוי אָנגעשפּארט אינ דער וואנט אונ טראכט מיט א ביטער הארצ: ריבוינעשעלוילעמ, וואָס איז דאָס פאר א לעבנ? פארוואָס שטראָפסטו מיכ אזוי? וואָלט דענ נישט בעסער געווענ פאר מיר, פאר דער וועלט, אז איך זאָל גאָרנישט געווענ געבוירנ ווערנ? פארוואָס קומט עס מיר אזוי... אזוי מיכ צו באליידיקנ? — בא דעמ דאָזיקנ געדאנק ברעכט מיר דאָס הארצ אונ איך באוואש מיכ מיט טרערנ. עס וויינט זיכ מיר אונ עס טראכט זיכ: ריבוינעשעלוילעמ, ווו ביסטו?! איך בלײַב דערנאָכ שטיינ דערשלאָגנ, נישט צו ויסנ, וואָס מיט מיר טוט זיכ, עפּעס ווי א גוילעמ. פלוצימ גיט א סקריפּ די טיר, א שמאָלער ליכטיקער פּאס שײַנט ארײַנ מיר פאר די אויגנ אונ עס הערט זיכ טריט, ווי עמעצער גייט שטיל אפ די טרעפּלעכ. די האָר שטעלנ זיכ מיר קאפּויר פאר שרעק, אָט־אָט טוט מענ מיכ א כאפּ אונ מע רעכנט זיכ מיט מיר אָפּ ווי מיט א גאנעוו. אונ ווי איך שטיי אזוי אינ שרעק אונ ציטערניש, האלטנדיק אראָפּגעלאָזנ דעמ קאָפּ — הער איך, ווי מע רופט שטילערהייט מיכ באמ נאָמענ: פּישקע, פּישקע! — אונ טאקע באלד דערזע איך נעבנ מיר זי, די האָרבאטע. איך ווער לעבעדיק אונ טו א געשריי פאר גרויס פרייד.

— שא! — מאכט זי, אָנעמענדיק מיכ בא דער האנט, — קומ גיכער אוועק פונדאנענ.

— נעשאָמע, דו האָסט מיכ דערהאלטנ באמ לעבנ! — שרײַ איך שטארק צעמישט פאר סימכע. אונ — איך בינ זיכ מוידע, צומ ערשטנ מאָל, אונטנ אינ קעלער — טו איך איר א קוש...

איך פרעג זי, ווי ארומ זי האָט זיכ אהער גענומענ? זי אָבער בעט מיכ שווײַגנ, דערמאָנט מיר, אז מיר געפינענ זיכ באנאכט אינ א פרעמדנ קעלער.

— קומ גיכער, וועסט וויסנ אלצדינג אביסל שפּעטער, — אזוי זאָגט זי אונ פירט מיכ בא דער האנט ארויס אפ דער גאס.

גייענדיק אפנ וועג, האָט זי מיר עס דערקלערט גאָר פּאָשעט אזוי: אינ עטלעכע רעגע ארומ נאָכ מײַנ אוועקגאנג האָט איר עפּעס דאָס הארצ געזאָגט, ס'איז נישט גלאט, מע באדאַרפ גיינ זעג, ווו איך בינ. זי קומט צו ביז צומ עק פונעמ פלויט, קוקט אינ אלע זײַטנ אונ דערזעט אפ יענער זײַט גאס אנטקעגנ שטייט עמעצער אײַנגעבויגנ נעבנ א דעכל אונ באָברעט זיכ עפּעס. טראכטנדיק, אז דאָס בינ איך, לאָזט זי זיכ גיינ ווײַטער, אונ צוקומענדיק נאָענט, האָרכט זי עפּעס ווערטער: „אצינד, רעב פישל, ליג דאָ אונ קרענק ווי א הונט, ס'איז שוינ גוט פארשטעקט, נישקאָשע". עס ווערט איר טונקל אינ די אויגנ אונ זי בלײַבט שטיינ פארדולט. פלוצימ וואקסט

פאר איר אויס דער מאמזער, טוט זי א קניפ און מאכט דערביַי מיט א שמייכעלע: „גוט שאַבעס. ס'קאַצל קומט, רעבעצנ! א שיינ מיידעלע, נישקאַשע! שלעפט זיכ באנאכט ארומ איבער די גאסנ און נאָכ קלאַמפערשט פרומ... אהיימ גיי, כצופע, הולטיַיקע איינע!" ער טוט זי א שטופ מיט דער קני אינ רוקנ, און זי מוז מיט אימ גיינ, נישט צו רעדנ קיינ וואָרט. אפנ וועג קוקט ער זיכ אלצ ארומ, איבערלייגנדיק די פול אָנגעשטאָפּטע טאָרבע פונ איינ אקסל אפנ אנדערנ, פארגעסט נישט דערביַי אויכ צו שפעטנ און צו מאכנ מיט איר זיַינע אָנשטעלנ. זי גייט, נעבעכ, שטארק פארומערט, פארזאָרגט. זי ווייסט, אז איכ געפינ מיכ אינ א שלעכטער לאגע, אומעגלעכ מיר צו העלפנ, אז דער מאמזער האלט זי נעבנ זיכ און לאָזט פונ איר קיינ אויג נישט אָפּ. פלוצימ גיבנ זיכ א וויַיז א קומפאניע יידנ, וואָס גייענ פונ א בענ־זאָכער לעבעדיק־פריילעכ און רעדנ, לאכנ הויכ אפ א קאָל, ווי דער שטייגער פונ יידישע קינדער. מע לאכט עפעס פונ איינעמ, וואָס האָט זיכ פארגעסנ און געטראָגנ דאָס פאטשיילכנ אומ שאבעס. דער מאמזער נעמט זיכ געשווינד אינ דער זיַיט, דרייט זיכ אינ איַילעניש און כאפט זיכ אריַינ אינ א שמאָל געסל. מיַינ האָרבאטע כאפט דערוויַיל אויכ, אנטלויפט אינ דער אנדערער זיַיט און ווערט אנטרונענ.

עס פארשטייט זיכ, זי לויפט געשווינד מיכ ארויסצונעמענ פונ דער קלעמ. נאָר שטעלט איַיכ פאָר איר הארצווייטעק, אז זי פארדרייט זיכ, לויפנדיק אינ געסלעכ, און קענ נישט טרעפנ צומ אָרט, ווו מיר זענענ פריִער געזעסנ? זי ווייסט, אז איכ בינ אינ גרויסער סאקאָנע, מע באדארפ מיכ גיכער באפריַיענ, איינ רעגע איז אצינד טיַיער, און דאָ דרייט זי זיכ און ווייסט נישט צו מיר דעמ וועג!... א היפשע ציַיט האָט אזוי געדויערט, ביז גאָט האָט געהאָלפנ, זי האָט געפונענ דעמ קעלער און מיכ באפריַיט.

מיר גייענ אזוי ביידע און רעדנ מיט א פריילעכ געמיט. איכ איר: נעשאָמע מיַינע! דו ביסט מיר היַינט ביַיגעשטאנענ אינ די נויטנ. און זי מיר: פישקע! דו האָסט מיר געדינט ווי א ברודער נעכטנ, געדענקסטו דאָרט אינ הויז, באנאכט נעכטנ... גאָר נישט וויַיט שוינ פונ העקדעש באפאלט אונדז א מאָרעשכוירע און עס נעמט אונדז אָפּ דער לאָשנ. דאָס הארצ האָט אונדז געזאָגט, אז מיר גייענ נישט אפ קיינ גוטס, עפעס גלאט וועט שוינ די היַינטיקע נאכט אזוי נישט אָפּלויפנ.

איינ העלפט טויער פונעמ העקדעש איז געווענ צוגעמאכט, די אנדערע העלפט אביסל אָפּנ, אזוי אז פונ דעמ הויז האָט אינ דער גאס אריַינגעשיַינט א ליכט. צוקומענדיק צומ טויער, שטעלנ מיר זיכ א וויַילע אנידער מיט א פארקלעמט הארצ, דערנאָכ נעמ איכ מיכ צומ ערשטנ אריַינצוגיינ שטיל. קוימ שטעק איכ אריַינ דעמ קאָפּ אינ הויז, דערזע איכ, קימאט טאקע אינ דעמ טויער, דעמ מאמזער, ווי ער זיצט זיכ אָנגעלענט מיט מיַינ וויַיב, פרעסנ פונ דער טאָרבע און טוענ זיכ וווילִ. דער מאמזער שושקעט איר עפעס אינ אויער אריַינ און ווערט באלד ווי אויסגעטריקנט. זי שטייט אופ אינ איינ קאס און כאפט זיכ ארופ אפ מיר מיט א מויל: דו אזוינער און אזוינער, אינ דיַינ טאכנס טאטנ אריַינ! דו ווערסט עס בא מיר די גאנצע נעכט מיט אזא הולטיַיקע, אזא דראבקע ארומשארלאטאנעווענ? דו מיינסט עפשער, איכ ווייס נישט דיַינע מיִעסע גענג? איכ ווייס, נישקאָשע, אלצדינג שוינ לאנג און שטיק, נעבעכ, אינ זיכ, האָב א פארפוילטע גאל. אזוי דאנקסטו מיר אָפּ פאר מיַינ גוטסקיַיט, וואָס איכ האָב דיכ ארויסגעפירט אינ דער וועלט, געמאכט פונ דיר א לײַט! דו מיינסט, קעלעוו־שעבעקלאָווימ, דאָס וועט דיר געשענקט ווערנ? ניינ! איכ וועל דיר וויַיזנ, יונגאטש איינער, אינ דיַינ טאטנ אריַינ, מיט דיַינ דראבקע, אינ איר טאטנס מאמענ און מאמעס טאטנ אריַינ! מיט איר איינעמ וועל איכ דיר וויַיזנ, ווער עלטער איז — נא, נא! — הייבט זי אָנ מיכ צו שלאָגנ — נא דיר פאר היַינט, פאר נעכטנ און פאר פריִער, נא, נא, נא, נא, די קאפאָרע זאָלסטו ווערנ!—

איכ ריַיס מיכ קאמ א לעבעדיקער פונ אירע הענט ארויס און לויפ עפעס עטלעכע טריט וויַיט אפ דער גאס. זי שטייט נאָכ א היפשע וויַילע אינ דרויסנ און שריַיט, דערנאָכ גייט זי אריַינ אינ הויז און שריַינדיק: „ליג ווי א הונט אינ דרויסנ!" פארשפארט זי פאר מיר דעמ טויער מיט א שטארקנ קלאַפּ.

איכ שטיי מיט דער האָרבאטער, נעבעכ, אינדרויסנ און קוקנ אונדז אָנ. ביידע זענענ מיר שטארק באטריבט, אונדז ביידע איז אָנגעזאלצנ אפנ הארצנ דערפונ, וואָס דאָ איז ערשט

געשעג. די צאָרעס לאָזנ אונדז ביידע נישט אײַנשטיינ אפ איינ אָרט אונ מיר לאָזנ זיכ גיינ, וווהינ די אויגנ קוקנ, איינער מיט דעמ אנדערנ נישט צו רעדנ קיינ וואָרט, ביידע פארטראכט. אז איכ בינ צו זיכ געקומענ, זע איכ, מיר געפינענ זיכ אפנ שולהויפ. דאָס הארצ האָט מיר געריסנ, קוקנדיק אפ דער האָרבאטע, נעבעכ, ווי זי ווערט עס פארשווארצט. די אנדערע נאכט, אז זי האָט נישט קיינ רו, איכ טראכט בא מיר, וואָס טוט מענ, ווו ערגעצ געפינט מענ איר א נאכטלעגער? אונ עס פאלט מיר אײַנ זייער א גוט אָרט — די ווײַבערשע שול!

אז גאָט האָט געהאָלפנ, מיר זענענ בעשאָלעמ ארופ, נאָכ גרויס מי, אפ א צעבראָכנ טרעפל, וואָס האָט זיכ געוויגט, געשאָקלט אונטער אונדזערע פיס אונ אינ דער פינצטער אָנגעטאפט אנ אָפענע טיר, פאלנ מיר פלוצימ אפ עפעס ווייכס, עס ווערט א גערודער, א שפרינגעניש ארומ אונדז, אפ אונדז אונ איבער אונדז: מיר כאפנ קלעפ, הינטנ, אינ די זײַטנ, נישט צו וויסנ, פונוואנענ דאָס איז אונדז געקומענ. איכ ווארפ מיכ אהינ, אהער, צאפל מיט הענט אונ מיט פיס אונ כאפ אָנ א באָרד. פונ וועמענ מיינט איר? א באָרד פונ א ציג!.. דאָס זענענ געווענ ציגנ, וואָס האָבנ, ווי געוויינטלעכ, א כאזאָקע צו נעכטיקנ אינייִנעמ מיטנ קאָהאָלשנ צאפ אינ דער ווײַבערשער שול.

— ווו ביסטו ערגעצ? — רופ איכ מײַנ האָרבאטע, — שרעק דיכ נישט, דאָ זענענ, אָנ איינאָרע, זייער פיל ציגנ! נישט קיינ אָרעמ שטעטל, אפאָנעמ. איכ זוכ זי אופ, טרײַב ארויס די ציגנ, זיי זאָלנ הײַנטיקע נאכט מויכל זײַנ נעכטיקנ אינ דרויסנ. אליינ גיי איכ טאקע באלד אויכ ארויס, זאָגנדיק איר א גוטע נאכט, אונ מאכ גוט צו די טיר.

באמ אראָפגיינ פונעמ טרעפל שטעלט מיר זיכ אנטקעגנ דער צאפ, אָנגעבויגנ דעמ קאָפ מיט די לאנגע הערנער, אָנגעדרודלט דערפאר, וואָס איכ האָב אזוי מיִעס באליידיקט זײַנע ווײַבער. איכ ראנגל מיכ מיט אימ אוועק א צײַט, ער לאָזט מיכ נישט אָפ אונ גייט מיר נאָכ פוס־טריט ביז מיר איז גערעאָטנ ארײַנצוכאפנ זיכ אונטנ אינ קלײַזל ארײַנ.

אינ קלײַזל ליגנ אפ טיש אונ אפ בענק אויסגעצויגנ מעקאבלימ אונ שלאָפנ ווי די פּריצימ, איבערפײַפנדיק זיכ מיט נעז צווישנ זיכ אפ אלערליי קוילעס. מעכײַע געווענ צו זענ, ווי געשמאק, אָנ איינאָרע, זיי זענענ געשלאָפנ. מעקאבלימ איז טאקע אפ דער וועלט גוט, — האָב איכ מיר געטראכט אונ זיי אינ הארצנ מעקאנע געווענ. — דאָס זענענ עפעס גאָר אנדערע מינע קאפצאָנימ, נעגידישע... איכ זוכ מיר אויס אנ אָרט הינטערנ אויוונ, טו מיכ א וואָרפ דאָרט אפ א באנק אונ ווער באלד אנשלאָפנ. נאָר מיר איז אָבער נישט באשערט קיינ גוטס אפ דער וועלט. עס דויערט נישט לאנג, וועקט מענ מיכ אינ רעכטנ מיטנ שלאָפ: יונגערמאנ, שטייט, זײַט מויכל, אופ! איכ רײַב אויס די אויגנ אונ דערזע פאר מיר היפש ייִדנ מיט ערנסטע פּנעמער. דאָס זענענ געווענ פונ דער כעוורע טילעמ־מענטשנ, וואָס קומענ אלע שאבעס גאנצפרי זאָגנ טילעמ אונ האָבנ זייער אָרט דאָ הינטערנ אויוונ. איינ ברייִרע, מע מוז אופשטיינ. איכ גיס אָפ נעגלוואסער, זעצ מיכ אנידער, קאמ וואָס איכ האלט דעמ קאָפ, צי מיכ, גענעצ אונ זאָג טילעמ.

# XX

נאָכ דעמ פּסאק, וועלכנ איכ האָב יענעמ פרײַטיק צונאכטס פונ מײַנ ווײַב געכאפט, איז שוינ פארענטפערט געוואָרנ אלצדינג, וואָס איר מעשוגענע אופירונג אנטקעגנ מיר אינ דער לעצטער צײַט באטײַט. עס האָט זי געברענט מײַנ כאווער־זײַנ מיט דעמ האָרבאטע מיידל, וואָס דער מאמזער האָט עס איר איבערגעגעבנ מיט טויזנט אָפגעטאָקטע ליגנ. ער האָט בא זיכ געקלערט, אז דורכדעמ וועט מײַנ ווײַב מיכ נישט וועלנ מער קענענ, א שפײַ טונ אפ מיר אונ אנ עק. ס'איז אָבער געווענ א פאלשע רעכענונג. אָנשטאָט דעמ, זי זאָל מיט א קאלטער לעבער מיכ לאָזנ לויפנ מײַנ וועג אונ אפ אייביק מיט מיר זיכ צעגיינ, האָט גאָר אינ איר געברענט א העליש פײַער. סטײַטש, איר מאנ זאָל אזוינס טונ! עפּעס א האָרבאטע מיידל זאָל פישקענ בעסער געפעלנ פונ איר! דאָס איז דאָכ אזא באליידיקונג, וואָס שווער אראָפצושלינגענ. ניינ, מע קענ אזוינס נישט דערלאָזנ.

— אײַ, די קאשע איז דאָכ, פאר וואָס זי... דײַנע, מיינ איכ, מיט דעמ מאמזער? — קענ זיכ אלטער נישט אײַנהאלטנ אונ טוט א פרעג מיט א געמאָרע־ניגנ.

— זײַט איר, דאכט זיך, גאנץ גערעכט, — ענטפערט פישקע, — נאָר אַפּ אזויפיל האָב איך אין דער גלופּסקער באָד מיך אויסגעלערנט סײכל צו פארשטײן, אז דאָס איז קײן קאשע נישט. ווי נאָך ערגעץ ריכט מען פון איטלעכן אָפּ מער ווי אין דער באָד? און ווער? דאפקע אזעלכע, וואָס האָבן געמענט, כלעבן, טאקע שטומען. אײנער, וואָס האָט קײן וואָר וואָרט נישט, שפּעט אויס יענעם, אז ער איז א ליגנער; אזעלכער, וואָס מע טאָר אים קײן גראָשן נישט געטרויען, רעדט אָפּ יענעם, ער איז א גאנעוו; א קארגער, וואָט וועט פאר א פעניג זיך די אויגן ארויסנע־מען, לאכט: יענער איז א כאזער! א שלעכטער מענטש, וואָס האָט א שטײנערנע הארץ, רופט יע־נעם ראָשע, און אזוינער, וואָס פאר א פּיצל קאָווער איז ער פארטיק אָפּ אלצדינג, בארעדט יע־נעם, אז ער לעכצט נאָך קאָוועד. בערל דער שמײַסער פלעגט אמאָל צווישן זיך אין א שמועס זיך אָנכאַפּן באם קאָפּ: אײַ, אײַ! איך פארשטײ נישט, ווי לײגט זיך עס די צונג אָפּצוריכטן פון יענעם, ווײסנדיק זײער גוט בא זיך, אז מע איז אלײן א גאנעוו, א ליגנער, א כאזער, א שלעכ־טער, אלצדינג וואָס אין דער קאָרט!

— הערסטו, כאָכעם מײַנער! — פלעגט אים אָפּענטפערן איציק דער היטער, — דאָס איז טאַ־קע די גאנצע צאָרע, וואָס מע ווייסט נישט. זײַנע פליי אין דער נאָז זעט נישט קײנער, און יע־נעמס א שפּרענקעלע איז דעם אנדערן גרויס אין די אויגן.

שמערל, אײנער פון יענע באטלאָנים, וואָס האלטן זיך אוּפ אין באָד, פלעגט מאכן מיט א שמײכעלע, אָנעמענדיק זיך באם בערדל: לאָזט זיך דינען, רעב בערל: לאָזט זיך דינען, רעב איציק! איר האָט בײדע א טאָעס. דער עמעס דערפון איז, ווי איך האָב דערקלערט, פּאָשעט אזוי: איטלעכער בא זיך מײנט, ער מעג, ד ע ר א נ ד ע ר ע ר ט אָ ר נ י ש ט.

— גערעכט, שמערל! — לאָז איך ארויס א קאָל, אונטערשפּרינגענדיק פון מײַן אָרט, און פאר־טראכט מיך טאקע באלד. שמערלס ווערטער האָבן אונטערגעגעבן ווײַטער דעם טײַוול, וואָס ליגט אינעווייניק בא איטלעכן פון אונדז, זינדיקע מענטשן. ער כאַפּט זיך אוּפּ אין מיר מיט א שטעכנ־דיק געלעכטערל, גראבלט מיך באם הארצן, צעטראָגט מיר דעם מויעך, אופרירנדיק דאָרט מײַנע אלע געדאנקען, און קראַצט אויך אויס עפּעס אלטע מײַסעס, פארלעגערטע אין דעם זיקאָרן. עס ווערט אין מיר א קאָכעניש, א י א ר י ד פון אלערלײ מינע געשטאלטן, וואָס זענען פלוצים ווי פון דער ערד אויסגעוואָקסן, אין אָנווײַזנדיק אָפּ זײ, רעדט אויס מיר דער רוּעך ארויס שטאַרק פארקרימענדיק זיך:

— אָט האָסטו דיר די אלע שײנע נעפּאשעס! זײ אלע מעגן, מעגן, מעגן...

די דאָזיקע שײנע נעפּאשעס דרײען זיך אין דעם האנדל, אין שטעטישע זאכן, אין כעווריעס, אין דעם ייִדישקײַט און אין דער גאנצער פירונג. ווײַבער און ווײַבלעך אלע סאָרטן, פון דער אלטער און הײַנטיקער וועלט זענען אויך דאָ אפּן יאריד. שאָלעם־אלײכעם, פארשוינענע! — מאך איך אלײן צו מיר. — גאָט ווייסט דעם עמעס, אז איך בין גערן אײַער פּאָנעם נישט אָנצוקוקן און דעם נאָמען אײַערן מער פאר דעם מויל נישט צו ברענגען, אזוי נימעס־אומאָוועס זײַט איר מיר געוואָרן. נאָר וואָס קאָן מען טון? אז דער שווארצ־יאָר האָט אײַך אצינד געבראכט צו טראָגן, קען מען אזוי נישט אָפּלאָזן: מע מוז אים צוליב טון און פון איטלעכן כאָטש עפּעס דערצײלן.

— ווארט אביסל, פישקע! האָט קײן פאריבל נישט, רעב אלטער! — רוּף איך מיך אָן, — איך האָב אײַך עפּעס צו דערצײלן, נאָר לאָזט אײַך אביסל מיר באטראכטן. און טראכטנדיק דאָ אזוי, גיב איך א נעם אײנעם פון דער גוטער קנופּיע: קים צום סמיק. ער ווארפט זיך מיט הענט און מיט פיס, קרעכצט, שרײַט, ווי דער געפּענטעטער האָן בעשאס קאפּאָרעס־שלאָגן. די איבעריקע לײַט קוקן מיך אָן קרום און מאכן א בײזע מינע, איך זאָל שווײַגן. נאראָנים! — טראכט איך בא מיר, — איך הער אײַך, ווי דאָס מילכיקע קלינגל. מיך וועט איר מיט „בו" אין א איבערגעקערטן פעלץ נישט איבערשרעקן. מאלפּעס זײַט איר, נישט קײן בערן... דער טײַוול צעהיצט זיך אין מיר און גיט מיר אונטער כײשעק: „אזוי, אזוי! נעם זײ! נעם זײ צום סמיק, די אלע שײנע נעפּאַ־שעס!" — הערט, זײַט מויכל, רעב אלטער, א שײנע מײַסע. אין א ייִדישער שטאָט ערגעץ זײַנען די פּײַנע לײַט, וואָס דער שטייגער זײערער איז... הײב איך אָן אזוי צו דערצײלן און בלײַב אין דער מיט רײד ווי דערוואָרגן. די ווײַבער ווינקען צו מיר מיט א געבעט. גוטער, זיסער רעב מענדע־לע, האָט ראכמאָנעס, זאָגט נישט אויס!.. זײ מאכן כײנ, קוקן און בעטן מיך מיט ברענענדיקע אײגעלעך. דער ווײַבערשער כײן מאכט מיך ווייך ווי א טײג, פון זײערס א בליק ווער איך

צעשמאָלצנ, דערבײַ דערמאָנ איכ מיכ אינ מײַנ נײַדער אײַנצוקויפנ זיכ אינ דער כעוורע פּעטערס. כאַפּט אײַכ דער וואַטלמאַכער! — מאַכ איכ מיט א שמייכלעלע אונ, ווענדנדיק זיכ צו אלטערנ, זעצ איכ צו: זיי מיינ איכ, יענע פײַנע לײַט אינ דער שטאָט דאָרט. עפּעס גלוסט מיר זיכ הײַנט נישט דערציילנ מײַנ מײַסע. לאָזנ זיי גיינ צו אלדי שווארצע יאָר!.. האָט קיינ פאריבל נישט, רעב אלטער.

— פארקערט... מאכטייסע, פונמײַנעטוועגנ מעגנ זיי אויכ, כאָטש באלד, די קאַפּאָרע ווערנ. נאָר וואָס איז דאָס פאר א גאנג יענעמ איבערשלאָגנ, ארײַנפאלנ אימ אינ די רייד מיט מײַסעס, אײַערע מײַסעס! — אזוי רופט זיכ אָנ אלטער אונ קוקט מיכ אזוי א ווײַלע אָנ, מאכנדיק מיט די אקסלענ, עפּעס אזוי, גלײַכ ווי גערעדט: א לעכערדיקער זאק, מישטיינסגעזאָגט, עס שיט זיכ פונ אימ נײַנ מאָס רייד אָנ אנ אופהער, שטארק נייטיק, כלעבנ, זײַנע מײַסעס! טאָמער ווייסט איר צו וואָס?.. אונ א מאכ געבנדיק דערנאָכ אינ דער זײַט א פּאָר מאָל: „פּע, פּע!" טוט ער א טאָרקע פישקענ: נו, וואָס? מיילע בעקיצער, דער שפּיצ?

פישקע הייבט אָנ אפ זײַנ שטייגער, איכ נאָכ אימ ארבעט אפ מײַנ שטייגער, אלטער טרײַבט אונטער אפ זײַנ שטייגער — אונ די מײַסע דערציילט זיכ ווײַטער אזוי:

— די צײַט איז זיכ דערווײַל געגאנגענ, אונ איכ מיט מײַנ ווײַב זענענ מיר אלצ וואָס ווײַטער זיכ מער פאנאנדערגעגאנגענ! זי האָט נאָכ שטארקער זיכ איזניוכעט מיט דעמ מאמוער, זענענ געוואָרנ כאווער־לאַפּ, גאנצ נאָענטע שמעלקעס, אונ פלעגנ שוינ ביידע, ווי א פּאָרעצ מיט א פּריצע, אינ די הײַזער ארומגיינ. מיר האָט עס שוינ מער נישט אזוי אויסגעמאכט, דער קאָפּ איז מיר געווענ שטענדיק פארדרייט מיט דער האָרבאַטער, נעבעכ, זי איז מיר קיינ רעגע פונעמ זינענ ניט ארויס. גייט אײַכ, האָב איכ געטראכט, פונמײַנעטוועגנ כאָטש אינ דער ערד, ווארגט זיכ ביידע מיט די הײַזער! באמ באגעגענענ זיכ אמאָל מיט די פּאָר לײַט פלעגט דער מאמזער מיכ אָנקוקנ מיט געשפּעט, עפּעס ווי גערעדט: איכ האָב דיר אָנגעפּײַפט גוט, נישקאָשע... איכ האָב געוויינטלעכ אויסגעשפּיגנ אונ בינ מיר געגאנגענ מײַנ וועג, טראכטנדיק בא זיכ: אונ אז דו שלעפּסט זיכ מיט איר ארומ, וואָס העלפט עס דיר? אז זי איז אנ איישעס־איש. הע־הע, גוט פארטשוואָקעוועט, נישקאָשע! אָבער איכ האָב דיר אויכ אָנגעפּײַפט, דו מאמזער איינער! פּ ו ק ע ז י כ, ווער צעזעצט...

מיט מיר האָט אָנגעהויבנ אינ די הײַזער ארומצוגיינ אנ אלטיטשקער, פונעמ מאמזיירימ־פּעקל, א ראָשע־מערושע, א נאָטקע גאנעוו אזוי ווי ער. אונ ער האָט עס געמאכט מיט מיר גאנצ גוט. איטלעכער האָט אימ געמוזט געבנ, אזא ראכמאָנעס־פּענעמל פלעגט ער קענענ מאכנ, אָנווײַזנדיק אלצ מיט א קרעכצ טיפ פונעמ הארצנ אפ מיר, ביטערע קאליקע. געהייסנ האָט עס עפּעס, א וויסטער טאָטע מיט אנ אומגליקלעכ קינד, נעבעכ. — הינק, פישקע, הינק גוט, טאכשיט מײַנער! — פלעגט ער מאכנ, אונטערשטופּנדיק מיכ פונ הינטנ, באמ ארײַנקומענ אינ שטוב. פארקרימ דאָס פּענעצל אונ זיפצ, זיפצ, דו הונט איינער. זיי וועלנ מיר, נישקאָשע, פאר דײַנס א זיפצ באצאָלנ. אפנ וועג גייענדיק פלעגט ער מיכ אלצ לערנענ מאכנ די שפּיל, אָפּשפּעטנ פונ די באלעבאטימ, א קניפּ, א צופּ טונ אונ שעלטנ מיכ דערבײַ: פארכאפּט זאָלסטו ווערנ! גאָר אינ גוטנ מוט. איינ־מאָל האָט ער מיר, אינ שפּאס קלאָמפּערשט, געגעבנ א באָכענצע אינ הארצנ, דאָ אינ לעפּעלע, אזוי אז איכ האָב שיר די ניכפּע נישט באקומענ. די נעדאָוועס פלעגט ער געוויינטלעכ צו זיכ צונעמענ, אונ ס'איז מיר שווער געווענ א גראָשנ בא אימ אויסצורײַסנ. — וואָס טויג דיר, פישקע, געלט? פלעגט ער שפּאסנ, אז דו ביסט אליינ געלט, דו זאָלסט מיר דערלעבנ הינקענ מיט די פיסעלעכ אונ קרענקענ אפ אלע גלידערלעכ ביז דו וועסט מיטנ קעפּעלע אָנלייגנ, טאכשיט מײַנער. איינמאָל בינ איכ צו אימ שטארק צוגעשטאנענ, עס האָט מיכ געצווונגענ די נויט, אונ האָב געבעטנ כײַלעק מיטנ הארבנ וואָרט. א קוק געבנדיק, אז איכ מאָנ אימ דאָ אזוי, האָט ער געעפנט אפ מיר א מויל: שטומ, קרומער הונט! אומזיסט וועסטו דאָס פּאָרנ בא מיר אינ בויד? אומזיסט וועל איכ דיכ, אזא נעוויילע, ארומפירנ דאָ? טארבעס, שייגעצ! איכ וועל דערציילנ דײַנ ווײַב. איכ קענ דיכ נישט אונ האָב מיט דיר נישט וואָס צו טײַנענ קענענ קענ איכ נאָר דײַנ ווײַב, זי האָט דיכ מיר איבערגעגעבנ, פונ איר האָב איכ אזא סכוירע באקומענ אונ מיט איר וועל איכ שוינ מיסטאמע זיכ אָפּרעכענענ...

שלעכט! אצינד האָב איכ גאנצ קלאָר ארויסגעזוענ, אז איכ בינ בא דער כאליאסטרע אזוי־ווי א בער בא די ציגײַנער. מע פירט מיכ ארומ צו מאכנ מיט מיר די קאָפּעקע. מע האָט בא מיר

צוגענומענ מייַנ ווייַב, זי אריינגענארט אינ זאק אריינ אונ זי העלפט נאָכ זיי אויכ אונטער אנטקעגנ מיר, זי גיט מיכ איבער, ווי סכוירע, הולטייַעס, גאנאָווימ אינ די הענט !.. שלעכט, ביטער, ס'איז שוינ גאָר אויס וועלט.

איכ האָב שוינ ארויסגעזענ, ס'איז פארפאלנ, צווישנ מיר מיט מייַנ ווייַב וועט שוינ קיינ לעבנ מער ניט זייַנ, הייַנט צו וואָס, האָב איכ געטראכט, זאָל איכ מיכ דאָ האלטנ? מע באדארפ אנט־לויפנ, ווי צומ גיכסטנ אנטלויפנ. א טאָג אנ איבעריקער צווישנ אזעלכע גאנאָווימ איז א זינד פאר גאָט. דאָס זענענ דאָכ מענטשנ, וואָס האָבנ גישט קיינ גאָט אינ הארצנ, וואָס טוענ נישט קיינ האנט אינ קאלטע וואסער אריינ, אראָפגעוואָרפנ פונ זיכ אינגאנצנ דעמ יאָכ, ווילנ נישט וויסנ פונ קיינ ארבעט, פונ דייַגעס־האפארנאָסע אונ זיכ אפ אנדערע אָנגעוואָרפנ. נאָגנ, זויגנ יידיש בלוט אונ זענענ נאָכ זיי דאמ־סאָנימ. איכ אליינ בינ בא מיר אויכ מיעס אראָפגעפאלנ, באטראכטנדיק מייַנע אלע גענג אינ דער גאנצער צייַט צווישנ דעמ דאָזיקנ פעקל שלעכטע מענטשנ. גאָר ניט דער אייגענער וואָס פריער. עס האָט צו מיר זיכ צוגעקלעפט פיל נישט קיינ שיינע זאכנ פונ זיי.

איינ מיטל פּאָטער צו ווערנ פונ אזויפיל צאָרעס אונ בייז — איז ארויסצורייַסנ זיכ פונעמ מיעסנ פעקל אונ ווייַכנ זיי ווי אנ איפעש. נאָר וואָס טוט מענ אָבער מיט איר? ווי לאָזט מענ איבער זי, די האָרבאטע מייַנע? מיר איז פירגעקומענ, ווי איכ שטיי אינ א פארדאָרבנ אָרט, א שרעקלעכע גרוב, נאָר א גענעמ. אינ איינ אויער אריינ שרייַט מיר עפעס א קאָל: פאושפיל נישט דייַנ נעשאָמע, פישקע, ווי גאָט איז דיר ליב, אנטלויפ! אונ אינ דעמ אנדערנ אויער קלינגט מיר פונ דער האָרבאטער מייַנער א קאָל: פישקע, פישקע!.. מע באדארפ אויסקלייַבנ איינס פונביידע: אָדער אהינ אינ דער ליכטיקער וועלט, ריינ פונ זינד, פונ צאָרעס אונ בייז, אָדער דאָ אינ דעמ גענעמ, נאָר אינייינעמ מיט איר. איכ האָב מיכ גוט אויסגעוויינט אונ... גאָט זאָל מיכ נישט שטראָפנ פאר די זינד — איכ בינ געבליבנ ווייַטער בא דער כאליאסטרע.

שפעטער ערשט אינ א צייַט ארומ איז מיר אינ קאָפ אריינ א געדאנק מיט דער האָרבאטער אינייינעמ אנטרונענ צו ווערנ פונעמ גוטנ פעקל. נאָר דאָס אָבער האָט דאָכ אנדערש נישט געקענט זייַנ, סיידנ אופגעבונדנ צו ווערנ פריער פונ מייַנ ווייַב. וואָס וועט דער טאכלעס זייַנ פונ מייַנ ארומפירנ זיכ מיט א מיידל גלאט אזוי? די וועלט וועט מומלענ אונ טראכטנ גאָט ווייסט וואָס... איינ רעפוע איז דאָ — געט. נאָר וועט מייַנ ווייַב אָבער, טראכט איכ בא מיר, וועלנ נעמענ געט? זי איז דאָכ א שלאק, אנ אָנשיקעניש פונ זייַנ ליבנ נאָמענ. אז איכ וועל זאָגנ געט, וועט זי, מיר אפ צעשפרינגעניש, זאָגנ: ניינ! די גרעסטע האנאָע, אינ דער לעצטער צייַט, איז דאָכ איר געווענ מיכ צו פייַניקנ אונ צו טונ מיר אינ דער גאל אריינ. פונדעסטוועגנ האָט עס מיכ נישט אָפגעשראָקנ אונ האָב מיר פירגענומענ ארומ דער זאכ צו ארבעטנ מיט גוטנ אָדער מיט בייזנ, עפשער וועט גאָט ראכמאָנעס האָבנ. דערווייַל האָב איכ די זאכ געהאלטנ בא מיר בעסאָד, קיינער זאָל דערפונ נישט וויסנ.

זינט דער מייַסע מיט דעמ אלטיטשקנ האָב איכ פאר גרויס פארדרוס מיט קיינעמ פונ דער כאליאסטרע מער נישט געוואָלט אינ די הייַזער ארומגיינ. דאָס האָט מיר גענוג צאָרעס געקאָסט, נאָר איכ האָב מיכ אייַנגעשפארט, מייַנ טויט זאָל דאָ זייַנ, וויל איכ מער קיינ בער נישט זייַנ בא די דאָזיקע ציגייַנער. דער באמזער מיט זייַנ פעקל לייַט זענענ דערמיט שטארק נישט צופרידנ געווענ אונ האָבנ מיר מיט די הענט געוויזנ, ווער עלטער איז. שלאָגנדיק מיכ איינמאָל, רופנ זיי זיכ אָנעט: פארוואָס־זשע זאָלנ מיר דיכ אימזיסט פירנ, שיינע סכוירע, אז דו ווילסט נישט אר־בעטנ, ווילסט נישט פארדינענ? גיי דיר אוועק צו אלדי שווארצע יאָר! — אפילע די רעגע, ענט־פער איכ זיי, — גיט מיר אָפ מייַנ ווייַב, מייַנ ווייַב! — זיי האָבנ זיכ אָנגעקוקט איינער דעמ אנ־דערנ אונ ארויסגעלאָזט א גרויס געלעכטער. עס פארשטייט זיכ, אז דאָס, וואָס איכ האָב געזאָגט: גיט מיר אָפ מייַנ ווייַב, איז נאָר געווענ אנ אויסרייד. אינ הארצנ האָב איכ גאָר געמיינט: האלט זיכ מיט איר, מיט אייַער שטיק סכוירע, אונ לאָז זי נעמענ בא מיר געט. עמעס טאקע, פונ די קלעפ, וועלכע איכ האָב געכאפט פאר מייַנ אקשאָנעס האָט מיר גוט וויי געטאָנ, נאָר דערבייַ האָט מיר האנאָע געטאָנ, טראכטנדיק בא זיכ: נישקאָשע! דאָס וועט מיר נוצנ צומ אייסעק. אז זיי וועלנ זענ, איכ בינ אייַנגעשפארט אונ טויג זיי מער נישט, וועלנ זיי גערנ זייַנ מייַנער פּאָ־טער צו ווערנ, אונ דאָס וועט מיר דערנאָכ העלפנ צומ געט.

## XXI

— באסיע!— גיב איך א זאָג צו מייַנ ווייַב, צושארנדיק זיך צו איר מיט גוטנ איינמאָל, אז מיר זענענ געווענ אלײנ, אונ געוואָלט אינ א שמועס מיט איר א טאפ טונ ווענג געט,— וואָס האָסטו, באסיע, צו מיר?

— ווער די קאפּאָרע, פישקע!— באקומ איך פונ איר א קורצע טשוווע.

— אָט האָסטו דיר!— מאך איך ווי אָנגעברויגעוזט זיך,— איך מיט איר אלצ אדעראבע ווע־אדעראבע אונ זי אלצ קידער־ווידער: „ווער קאפּאָרע, פישקע"! פארוואָס?

— באקומ־זשע די ניכפּע!— זאָגט זי מיט א קרומ פּאָנעמ, אוועקרוקנדיק זיך פונ מיר.

— זאָלסט מיר געזונט זייַנ, באסיע!— רופ איך מיך אָנעט מיט גוטנ,—ווארפ, כלעבנ, אוועק דייַנע נארישקייטנ אונ לאָמיר לעבנ ווי גאָט האָט געבאָטנ.

— ווער די קאפּאָרע, פישקעניו, מיט דער הולטייַקע דייַנער אינײנעמ!

א־א, ווער די קאפּאָרע דו בעסער מיט דעמ מאמזער דייַנעמ!— טראכט איך בא מיר אונ גיי ארויס מיט דער שפּראך גאנצ ריינ:

— הער־אויס, באסיע! ווי זאָגט מענ עפּעס, א באס־יִסראָעל נייט מענ נישט. ווילסט ניט קיינ לעבנ, איז דאָך דאָ דערופ בא יִדנ עפּעס א געט. רויט אָדער טויט!

— אהא, די הולטייַקע גלוסט זיך אימ! גיכער פאטערנ דאָס ווייַב אונ האָצעניו מיט דער דראבקע! א, נישט דערלעבנ זאָלט איר עס. גיכער וועט אירביידע מיטנ קאָפּ אָנלייגנ. נישקאָשע, עס וועט איר נישט געשענקט ווערנ, דער כצופּע דייַנער, קייַענ ווועט זי פונ מיר די ערד. הערסטו, פישקעלע? אינ טאטנס טאטנס טאטנס...

מייַנ ווייַב האָט זיך צעשריגנ אזוי, אז איך האָב געכאפּט די פיס אפּ די פּלייצעס אונ אוועק.

מיט מיר איז געשטאנענ שמאָל. שלעכט ארומ אונ ארומ! איך אליינ האָב קיינ האָניק נישט געלעקט, בינ פארשווארצט געוואָרנ, אונ די האָרבאטע, נעבעך, האָט אויך געהאט איר ערלעך אויסקומעניש, זי האָט געגאָסנ אינ מייַנ זכוס. מייַנ ווייַב האָט זיך פארהאלטנ צו איר, ווי א באַלעבאָסטע, געהאט איבער איר צו שאפנ. נאָר עפּעס נישט נאָך איר ווונטש, האָט זי מיט איר זיך גוט אָפּגערעכנט, אונ דער מאמזער פונ זייַנ זייַט האָט איר געמאכט א פינצטערנ פּסאק באַזונדער. אז אָך אונ וויי איז אונדז ביידע געווענ. אונדזער גאנצע טרייסט איז געווענ, וואָס שפּעט באנאכט, ווענ אלע האָבנ געשלאָפנ, פלעגנ מיר זיך ארויסגאנווענע אינדרויסנ, צו שמועסנ כאָטש אביסל אונ איינער דעמ אנדערנ אויסצוגיסנ דאָס שווערע ביטערע הארצ.

איינמאָל זיצנ מיר זיך אזוי ביידע באנאכט נעבנ דער גרויסער שול, דער הימל איז אויסגע־שטערנט אונ ארומ איז שטיל. נישטאָ קיינ לעבעדיק באשעפעניש. זי זיצט געבנ מיר אפּ א שטיינ, אייַנגענורעט, אייַנגעהויקערט, טרערנ גיסנ איר זיך פונ די אויגנ אונ ברומבלט פאר זיך שטארק אומעטיק-איר באקאנט לידל:

דער טאטע האָט מיך געקוילעט,
די מאמע האָט מיך געגעסנ...

איטלעכס וואָרט אירס שנייַדט מיר דאָס הארצ, ווי מיט א מעסער. איך טרייסט זי, נעמ זי אייַנ מיט גוטע רייד. אָט נאָך אביסל וועלנ מיר, אימירצעשעמ, אופגעריכט ווערנ. איך מאך איר א גאנצנ צעטל פונ אונדזער לעבנ שפּעטער, אז מיר וועלנ מיט דעמ אייבערשטנס הילפ ביידע פונ צאָרעס אויסגעלייזט ווערנ. איך שטעל איר אנידער פאר די אויגנ אלצדינג לעבעדיק, מאָל איר אויס די גלופּסקער געמויערטע באָד מיט איטלעכס פּיצעלע דאָרט, ווי איך וועל מיך אהינ ווייַטער ארייַנדרייענ, אונ אז גאָט וועט דערהויבנ דאָס מאזל, קענ איך מיט דער צייַט באקומענ דאָרט א שטעלע פונ א היטער. זי אליינ קענ עפּשער אויך מיט דער צייַט האָבנ דאָרט א טועכצ: זייַנ א טוקערנ אָדער עפּעס אנדערש אזוינס. אונ ווענ נישט, קענ מענ אינ גלופּסק אויסזוכנ אנ־דערע מינע פּארנאָסעס. פאר אָרעמעלייַט איז גלופּסק ע ר ע צ ־ י י ִ ס ר אָ ע ל, זי איז אָנ איינאָרע גרויס, הייַזער זענענ דאָ ווי מיסט. די מענטשנ זענענ אָנ כאָכמעס, ווייסנ ניט פונ קיינ צערע־מאָניעס, איטלעכער טוט זיך וואָס ער וויל, אונ ס'איז רעכט. דאָרט קענענ, אשטייגער, גאנצ שיינע באלעבאטימ זיך גיינ אָפּגעריסנ, אָפּגעשליסנ, פארדריפּעט ביז דעמ האלדז אונ גאָרנישט, אָדער

אין מיטן העלן טאָג זיך שפּאַצירן אפן דער גאַס אין עפּעס אַ פּאַרשמאָלצעוועט כאַלאַטל, צעי־כראַשטשעט, און גאָרנישט, אָדער פּאַרקערט, אָרעמעלײַט קענען גאָר אַמאָל אַרויסגיין אָנגעטאָן אין זײַד, אין סאַמעט, און אויך גאָרנישט. דאָרט איז שווער אונטערצושיידן צווישן קאַפּצאָנים און נעגידים נישט אין דער האַלבאָשע, נישט אינעם גאַנצן פּירונג. זייער אָפּט מאַכט זיך, אַז גאַבאָים אין אַלערליי כעוורעס דאָרט זענען אַליין פּאַר זיך גאָר קאַפּצאָנים, ציִען זיך דערפון דאָס שטיקל פּאַרנאָסע אינײנעם מיט די רײַכע, אײנער העלפט דעם אַנדערן און ס'איז זיך אַ גוט לעבן. אָרעמע איז נישט קיין שאַנד. מע באַדאַרף נאָר האָבן מאַזל, ווערט מען אופגעריכט באַלד. וויפל זענען דאָ אַזוינע, וואָס ערשט ניט לאַנג זענען זיי געווען קליין, נידעריק, מעשאָרסים ,קאַפּצאָנים, נעבעך, און פּלוצים געוואָרן לײַט, גאַנצע פּירער, קאָלוועלאָך אין דער שטאָט! מעגלעך גאָר, אַז איך אַליין, ווי דו קוקסט מיך אָן, קען מיט דער צײַט אויך ווערן אַ טוער, אַ מאַכער און עס וועט, אימירצעשעם, זײַן גוט. מיר וועלן לעבן אין אוישער, אין קאָוועד, אין נאַכעס. לאַך נישט, נעשאָמע מײַנע, איך בין גאָר ניט צו ווײַט פּאַרקראָכן. אין גלופּסק איז אַזעלכס גאָר פון די געוויינטלעכע זאַכן, מע דאַרף נאָר גלייבן אין גאָט, באַ זיך נישט זײַן אַראָפּגעפאַלן און זײַן אַ ייִד... מיט ביטאָכן. אַך, גלופּסק, גלופּסק! ווי דערלעבט מען שוין זיך אַרויסרײַסן פון דעם מיִעסן פּעקל און גיכער, מאַמע, צו דיר!

— אַך, פּישקע! איך האָב שוין קיין קויעך נישט מער אויסהאַלטן, — זאָגט די האָרבאַטע מיט אַ זיפץ טיף פונעם האַרצן, אָנשפּאַרנדיק זיך מיטן קאָפּ מיר אפן אַקסל, און אפן דעם פּאָנעם איז איר געלעגן עפּעס ווי אַ געבעט. איך גלעט זי, טרייסט זי און שטאַרק זי מיט גוטע האָפעי־נונגען. זי ווערט אביסל פּריילעכער, קוקט מיר גלײַך אין די אויגן אַרײַן און לאַכט. פּישקע! — זאָגט זי שטיל, — דו ביסט מײַן אײנציקער אפן דער גאַנצער וועלט, ביסט מײַן טאַטע, מײַן ברודער, מײַן פרײַנט, מײַן אַלצדינג. זע, פּישקע, זײַ מיר געטרײַ און פאַרגעס מיך נישט. שווער מיר דאָ באַ דער שול, ווו עס דאַווענען אַצינד די מייסים און צווישן וועלכע עס געפינט זיך עפּשער אויך מײַן טאַטע, וועלכן איך האָב ווייניק געקענט, און איז אַן איידעס. שווער מיר, אַז טאָמיד וועסטו מיר בלײַבן געטרײַ...

איך האָב מיך אַ נעם געטאָן שטאַרק קנעלן מיט מײַן ווײַב וועגן געט, געאַרבעט, געערעדט אהינ־אהער, ביז צווישן אונדז איז אָפּגעמאַכט געוואָרן אַזוי: דאָס ביסל געלט, וועלכס באַ מיר האָט זיך אָנגעזאַמלט אין דער גאַנצער צײַט, וואָס איך האָב געאַרבעט פּאַר מיר אַליין, האָב איך באַדאַרפט איר אין האַנט אָפּגעבן טאַקע באַלד, נישט אײַנצולייגן עס פריִער, ווי דער שטייגער איז, און כוץ דעם האָב איך נאָך זיך מיסכאַיעוו געווען דעם גאַנצן ווינטער, וועלכן מיר וועלן דערלעבן, מיך צו לאָזן, גאָר אָן שום טײַנעס, כעוורע זאָל מיט מיר מאַכן די שפּיל. דאָס הייסט, מיך לאָזן פּירן אין די הײַזער, און די נעדאָוועס, וועלכע מע וועט מיט מיר מאַכן, געהערן צו מײַן ווײַב פאַר איר קסובע. דער מאַמזער האָט מיט אַ שמייכעלע מיר געבראָכן די ביינער וועי־האַקל שאָריר וועקאַיאָם און געזאָגט מאַזלטאָוו. איך בין ווידער געוואָרן אַ בער, אַ גוט שטיקל סכוירע, דער אַלטיטשקער איז ווײַטער טאַקע מיט מיר אין די הײַזער אַרומגעגאַנגען און איך האָב אַלץ געמווזט הינקען גוט, זיפצן, קרימען זיך, מאַכן אָנשטעלן, ווי ער האָט מיר געהייסן.

נאָך פּייסעך זענען מיר געקומען אין אַ שטעטל, אין כערסאָנער גובערניע, ווו איך האָב די ערשטע צײַט געאַרבעט לויט מײַן היסכײַעוועס, נאָר דערנאָך האָב איך געזאָגט: גענוג! לאָז שוין זײַן דאָ טאַקע אַן עק. מײַן ווײַב האָט טכילעס זיך געקווענקלט, געבעטן אַ פּאָר טעג זיך מעי־יאַשעוו צו זײַן. צום סאָף האָט זי געענטפערט: גוט, מאָרגן נעמט זי געט. ס'איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, אַזוי שטאַרק האָב איך מיך דערפרייט. פּאַר סימכע האָב איך נישט גע־קענט אײַנזיצן אפן אָרט. עס האָט מיך עפּעס געצויגן אינדרויסן. איך האָב אַ היפּשע צײַט מיר אַרומגעשפּאַצירט אין די גאַסן און אין איין וועג טאַקע מיט כיישעק געגאַנגען אויך אין די הײַזער, טראַכטנדיק באַ זיך: וואָס קען עס שאַטן? אפן דער הייסער שאָ, באַם אַראָפּגיין פון קעסט, וועט מען באַדאַרפן האָבן עטלעכע גראָשן. דער אייסעק מײַנער איז געגאַנגען גוט. אַזאַ „אין די הײַזער אַרומגיין", ווי דענסטמאָל, געדענק איך נישט שוין פון אַ צײַט. עס טרעפט זיך אַזוינס איין מאָל אין הונדערט יאָר. אַז גאָט וויל העלפן אַ מענטשן, העלפט ער אים מיט אַלעמען, אין וועלכער שטוב איך בין אַרײַן, בין איך ליידיק פון דאָרט נישט אַרויס. דאָס מאַזל האָט מיר דענסטמאָל געשפּילט און האָב באַדאַרפט גראָד טרעפן אין אַ שטוב, וואָס דאָרט איז געווען אַ

בריס. דער אוילעמ איז געווענ שטארק פארלעקט, לעבעדיק, פריילעכ, מע האָט מיר געגעבנ א גוטנ טרונק בראָנפנ, א גאנצ קידעש־גלעזל, אויכ א גרויסנ שטיק לעקעכ, א מאלכעס־ברויטל אונ דערצו נאָכ עפּעס געלט מיט א רויזנבולקעלע. איכ האָב מיכ אײַנגעהאלטנ. נישט צו פארזוכנ אפילע קיינ ברעקל אונ באהאלטנ די אלע גוטע זאכנ ווײַט אינ דעמ בוזעמ, צו ברענגענ עס א מאטאָנע מײַנ האָרבאטע מיידל. מע האָט באדארפט זענ, מיט וואָס פאר א פרייד איכ בינ עס געגאנגענ דעמ גאנצנ וועג. אלצ געטראכט בא מיר: הײַנט באנאכט, אז דער אוילעמ וועט שלאָפנ, וועל איכ איר דאָס געבנ, לאָז זי, נעבעכ, אויכ האנאָע האָבנ. זי איז, נעבעכ, פארוויסט, פארוואָגלט, האָט א הארצ פול מיט מאקעס, זי האָט נעבעכ נישט געהאט אינ איר לעבנ קיינ זיסע מינוט, נא, לאָז זי וויסנ, אז פישקע איז א גוטער ברודער, ער זאָרגט זיכ פאר איר אונ היט זי אָפּעט ווי דאָס שווארצאפּעלע אינ אויג. ער וועט באַדײַ אליינ נישט עסנ אונ איר דאָס לעצטע, דעמ בעסטנ ביסנ אוועקגעבנ. עס האָט מיר זיכ געדאכט, ווי מיר ביידע זיצנ נעבנ דער גרויסער שול אונ האָבנ שטארק האנאָע. זי עסט, קוויקט זיכ מיט דעמ לעקעכ, אונ איכ איר: נעשאָמע מײַנע, לאָז דיר ווויל באקומענ! טראכטנדיק דערבײַ בא זיכ: א גוטער סימענ! האלעווײַ אינגיכנ לאָמיר עסנ לעקעכ בא אונדז... איכ זאָג איר אָנעט די פסורע: מאָרגנ ווער איכ אויסגעלייזט, מײַנ ווײַב נעמט געט, אונ זי שײַנט, קוועלט גאָר אָנ. מיר קלערנ, וויאזוי שטילערהייט ארויסצוכאפּנ זיכ פונ דער כאליאסטרע אונ מאכנ א פלייטע. בא אונדז ווערט פארטיק וועגנ דעמ א גאנצער פלאנ, אונ ס'איז דאָ א האָפענונג, אז עס וועט, אימירצעשעמ, זײַנ גוט... אָט מיט אזעלכע געדאנקענ בינ איכ מיר געגאנגענ דעמ גאנצנ וועג אונ מיר פירגעשטעלט גליקנ. אפנ וועג האָב איכ נאָכ באגעגנט א וואסערטרעגער מיט פולע עמער, דאָס איז דאָכ געוויס א גוטער סימענ. נאָר וואָס אָבער לאָזט זיכ אויס?

עס לאָזט זיכ אויס, ווי איז מיר, א טײַכ. איז א מענטשנ באשערט אומגליק, העלפנ אימ נישט קיינ גוטע סימאָנימ אויכ, צענ גויעס אפילע זאָלנ אימ מיט פולנ איבערגיינ דעמ וועג. אז איכ בינ פארנאכט געקומענ צוריק אינ העקדעש, האָב איכ שוינ דאָרט נישט געטראָפנ די כאליאסטרע!.. אינ דער צײַט, וואָס איכ האָב מיר לוסטיק ארומגעשפּאצירט אינ דער שטאָט, זענענ די שיינע לײַט דערווײַל אוועקגעפאָרנ, אונ מײַנ ווײַב, אויכ מײַנ האָרבאטע, נעבעכ, מיט זיי... דאָס איז שוינ געווענ דעמ מאמזערס מעלאָכע, זײַנס א שפּיצל. — זאָל ער אזוי וויסנ פונ זײַנ לעבנ צו זאָגנ, ווי איכ האָב דענסטמאָל געוווסט, אפ וואָס פאר א וועלט איכ בינ. זאָל אימ, רויבוינעשעלוילעמ, אזוי דרייענ אינעווייניק אינ בויכ, ווי מיר האָט זיכ געדרייט דער קאָפּ. כוישעכ אונ פינצטער איז מיר געוואָרנ אינ די אויגנ, פינצטער איז מײַנ וועלט. דאָס איינציקע שטערנדל, וואָס האָט מיר געשײַנט, איז פלוצימ פארשווונדנ געוואָרנ. נישטאָ מײַנ האָרבאטע, נעבעכ!.. איכ בינ ווײַטער עלנט ווי א שטיינ, איינער אליינ אינ דער גאנצער וועלט. אונ זי! ווו איז זי, וואָס טוט נעבעכ זי, זי?.. פאר וועמענ וועט זי קענענ כאָטש אמאָל אויסוויינענ, אויסגיסנ איר שווער, ביטער הארצ? אוי, יידנ! א ווייטעק. ס'איז מיר א ווייטעק טאקע אינצווייענ!

ארויסנעמענדיק שפּעטער פונעמ בוזעמ דאָס שטיקל לעקעכ, וואָס איכ האָב איר אָנגעגרייט, איז מיר געוואָרנ א לאָכ אינ הארצ. איכ האָב עס געהאלטנ שטײַפ, אָפּגעגאָסנ עס מיט טרערנ, ווי עפּעס א זאכ, א זייכער, וואָס בלײַבט איבער נאָכנ טויט פונ א געליבט קינד, פונ אנ איינציק קינד. נישט באשערט דיר צו פארזוכנ עס, צו דערקוויקנ זיכ איינ מאָל אינ דײַנ לעבנ, אומגליקלעכע, בידנע נעשאָמע מײַנע! איכ קוק, קוק אפנ שטיקל לעקעכ, קוש עס, וויקל עס דערנאָכ אײַנ ווי אנ עוונטאָוו אונ באהאלט עס ווידער איז בוזעמ, טאפּנדיק עס אָפּט אונ צוקוועטשנדיק עס צומ הארצנ... ווייס איכ, וואָס מיר איז געשענ?!

## XXII

פישקע האָט בא זײַנע לעצטע ווערטער ארופגעלייגט ביידע הענט אפנ פּאָנעמ, זיכ אוועקגעקערט אינ דער זײַט אונ געכליפּעט. מיר האָבנ געפילט זײַנ הארצ אונ אימ געלאָזט צורו. אפ אונדז אליינ איז אויכ אָנגעפאלנ א מאָרעשכוירע, מיר זענענ געבליבנ זיצנ שטיל, איטלעכער פארטיפט אינ זײַנע געדאנקענ. אלטער מײַנער האָט זיכ אלצ געקראצט אינ דער פּייע, געפירט די האנט איבערנ פּאָנעמ, אָנהייבנדיק פונעמ שטערנ אונ אויסלאָזנדיק מיט דער באָרד, וועלכע ער האָט ארומגעכאפּט מיט אלע פינפ פינגער אונ געמאכט דערבײַ: עט, עט!... מע האָט געזוגנ, ער איז

צעטראָגן, מיט אים איז עפּעס נישט גלאַט. איך אַליין בין עפּעס געווען אויך צעדרייט, פּישקעס געשיכטע האָט מיך געקאָטערט. נאָך גאַנץ לאַנג האָב איך פיל מאָל בא מיר געטראַכט: ריבוינע־שעלוילעם! וואָס איז דאָס אַזוינס, זײַנען פּאַרליאַפּעט? עפּעס האָב איך געהערט, עס טרעפט זיך אַמאָל אַזעלכס, נאָר וואָס דאָס איז, האָט מײַן מויעך נישט גענומען. בא אונדז פּלעגט מען אָפּ אַזעלכע זאַכן געווייניטלעך זאָגן: ס'איז אַן אָפּגעטאָנענע זאַך, אַ קישעף, עפּעס אַ מין פּלעשעלע איז דאָ דערצו, עפּעס אַ מין קרײַטעכץ פון אַן אַלטער גויע, אַ מאַכשייפּעטע. און דאָס, וואָס אַלטע מאַכשייפּעטעס זענען פּאַרטיק אָפּצוטון אַזעלכע שפּיצלעך, איך אַראָפּצובּרענגען רײַטנדיק אָפּ אַ בעזעם דעם מאַן, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס ווײַב, זי געמאַכט פאַר אַן אַגונע — דאָס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, דערויף זײַנען דאָך דאָ אַסאַך איידעס: ייִדן מיט בערד...פּאַרליאַפּעט זײַנען האָט בא אונדז געהייסן עפּעס אַזאַ מין שלאָפקײַט, ווי קאַדאָכעס, אַשטייגער, אַ דיבוק, אַ מאַנקאָליע, די ניכפּע, די שלעכטע זאַך, וואָס דערצו איז טאַקע נאָר אַ באַלשעם אָדער, לעהאַוודל, דער טאָטער. בא אַ שמועס דערפון פּלעגט מען זיבן מאָל אויסשפּײַען, אָנעמענדיק זיך בא די ברעמען. און מאַכן דערבײַ מיט אַ פאַרקרימט פּרום פּענעמל: נישט דאָ געדאַכט, נישט פאַר קיין ייִדישע קינדער געדאַכט!... אויך איז אַ מיצווע געווען צו לאַכן אויס יענע פּאַרליאַפּעטע, ווי דער שטייגער איז צו לאַכן אויס אַ מעשוגענעם. אַזאַ שלאָפקײַט אָבער, געדענק איך, ווען עס האָט זיך געמאַכט, האָט זיך עס געמאַכט סײַדן נאָר בא די גרויסע נעגידים, אָדער בא די גרויסע קאַפּצאָנים. אין באַלעבאַטישן גראַד, אַנטקעגן, האָט מען נישט געוווּסט אַפילע מיט וואָס מע עסט עס. — דאָס איז דאָך, האָב איך אָפּט בא מיר געטראַכט, אַ וווּנדער! פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? און וואָס איז דאָס אַזוינס? עס מוז דאָך האָבן אַ טאַם. דעם טאַם פון דער אַלטער גויע איז נאַרישקײַטן, ווי דאָס פּלעשעלע, איך בין קיינמאָל דערמיט נישט צופרידן געווען, האַגאַם ייִדן האָבן עס געהאַלטן פון מיר פאַר אַ שטיקל אַפּיקאָרסעס. — סטײַטש, ווי גלייבט מען עס נישט אין קישעף, אין דעם טאָטער, אין שיידים! איך האָב געזוכט בא מיר, געזוכט אַ טאַם און, דאַכט זיך, געפונען. גרויסע נעגידים איז אויף דער וועלט צו גוט, האָבן אַלצדינג, עסן, טרינקען דאָס טײַערסטע, דאָס בעסטע אָן זאָרג, אָן קאָפּדרייעניש, עס גייט זיי אָפּ נאָר קאַדאָכעס — דעריבער ליגט זיי אין זינען צו מאַכן קוצעניו־מוצעניו. ערנסט, אָדער גלאַט אַזוי אַ שפּילכל? דאָס איז שוין זייער סאָד. ווידער־זשע די גרויסע קאַפּצאָנים, פון דער אַנדערער זײַט, זיי איז אויך, אָפּ זייער שטייגער, גוט. האָבן גאָרנישט, קאַדאָכעס וואָס אײַנצושטעלן. עסן קעסט בא דער וועלט אָן קאָפּדרעניש און קומען אָפּן גרייטן. בושע אין דער זײַט! דעריבער גלוסט זיך זיי אויך אַזעלכע מײַסעס. שטענדיקע אייסאָקים פון דרייען זיך און מינע כאַסענעס איז געווייניטלעך נאָר אין דעם הויכן און אין דעם נידעריקן שטאַנד. דער איבעריקער אוילעם אונדזערער, פונעם מיטעלן סאָרט מענטשן, איז טאָמיד פאַרטראָגן אין דייזשע באָרשטש. אים דאַרט דער קאָפּ פאַר דעם שטיקל ברויט, זוכט פּאַרנאָסע. בא אים איז ריישיס כאָכמע געשעפט. אַלצדינג — געשעפט, כאַסענע האָבן איז אויך אַ געשעפט. ער האַנדלט אײַן אַ ווײַב, דינגט זיך פריִער גוט אויס וועגן דעם מעקעך, וועגן נאַדן, וועגן איטלעכס פּיצעלע באַזונדער, אַלצדינג פּינקטלעך אויסגערעכנט. אַפילע אַ שטרײַמל און די שאַבעסדיקע קאַפּאָטע מוז אויך שטיין בעפיירעש אין די טנאָיִם. זענען די טנאָיִם דערפילט געוואָרן, קעפּי דעם מעדובער, קום־זשע, קאַלע־לעב, אונטער דער כופּע מיט דעם שאַרכן, מיט דעם באַדכן, מיט דעם גאַנצן פּעקל קלייקוידעש, וואָס לעקן פונעם געשעפט אָפּ אַ ביינדל. זײַ אַ ווײַב, האָב קינדער, רײַס קריִע אין ווער פאַרשוואַרצט מיט מיר אייניינעם ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, אויב דיר גלוסט זיך לעבן, נישט שטאַרבן פאַר דער צײַט. אויב דו ביסט שיין אָדער מיִעס, קלוג אָדער אַ נאַר, — דאָס איז שוין דײַן אייסעק, פונמײַנעטוועגן איז אַלץ איינס, אַ פּלוינעסטע איז אַ פּלוינעסטע. מיר זענען נישט קיין פּריצים, האָבן נישט קיין צײַט צוקוקן זיך צו אַזעלכע זאַכן. ייִדן זענען מיר, סאָכרים, מעקלער, קרעמער, טאָרעד אין דער פּאַרנאָסע! — זייער פיל זענען דאָ פון מײַן גראַד ייִדן, וואָס רעדן קימאַט נישט, עסן נישט בא איין טיש מיט די ווײַבער, קוקן זיי ווייניק אָן, און ס'איז גאַנץ רעכט. ביידע צדאָדים זענען צופרידן, און ווינטשן, ווען עס קומט אויס אַמאָ״, האַלעוואַי אַזאַ לעבן אָפּ אַלע גוטע לײַט און אָפּ זייערע קינדער געזאָגט געוואָרן! שטאַרבט בא איינעם דאָס ווײַב, באַגראָבט ער זי, זיצט נאָך איר שיווע גאַנץ ייִדישלעך און האַנדלט באַלד טאַקע אײַן אַ צווייטע, אַמאָל נאָך פאַר שלוישים. און אָפּ אַזאַ שטייגער אויך די דריטע,

די פערטע, די פינפטע... ביז דער אלטער ייִדענע, וועלכע ער נעמט צולעצט אינ די אלטע געשענקטע יאָרן, אונטער דעם אויסרייד, געוויינטלעך, מיט איר אינ ערעצ־ייִסראָעל אריַינ צו פאָרן. הייסנ הייסט עס בא ייִדנ די גאנצע כאסענע — מעקייַעם זייַנ א מיצווע, ווי גאָט האָט געבאָטנ... ווי, אשטייגער, דעמ ייִדנס עסנ שאבעס איז נישט גלאט גראָב פרעסנ ווענג דער אכילע, ווייַל א זינדיקער מענטש באדארפ עסנ. נאָר וואָס דענ? עס הייסט מעקייַעם זייַנ שאָלעשודעס; דעסגלייַכנ אויכ דאָס גלעזעלע ווייַנ פייסעכ באמ סיידער, טרינקט עס דענ א ייִד גלאט מעשונע גראָב, ווייַל אביסל ווייַנ איז מעכייַע אונ נאָכ די קניידלעכ טאקע גאָר א דערקוויקעניש? כאָלילע! ער מאכט דערבייַ מיט א פארפרומט פענעמל: האריינע מוכנ אומזומענ — איכ בינ מיר גרייט, איכ בינ מיר ברייט מעקייַעם זייַנ די מיצווע קויסענ: דעמ ערשטנ, צווייטנ, דריטנ, פערטנ קאָס... אונדזער איינער עסט, טרינקט, האָט כאסענע אלצ מיט א לעשיימ־ייִכוד, צוליב קודשע־בערוכ־הו אונ דער שכינע. — נאָר דאָס אלצדינג איז אָבער נישט געזאָגט געוואָרנ אפ פישקענ. אינ זייַנ שלעכטער לאגע, אינ וועלכער ער האָט זיכ געפונענ, איז דאָס האָרבאטע מיידל פאר אימ געווענ א גליק, זייַנ טרייסט, זייַנ לעבנ, זייַנ אלצ מיטאנאנדער. אז מע טרינקט זיכ, כאפט מענ זיכ פאר א שטרוי. הייַנט וואָס־זשע איז פאר א ווונדער, אז פישקע האָט זיכ אָנגעכאפט אינ דער האָרבאטער מיט זייַנ גאנצ לייַב אונ לעבנ אונ איז צו איר צוגעזאָטנ געוואָרנ? אז עס רירט אָנ בא דער נעשאָמע, דענסטמאָל שרייַט דאָס הארצ, שרייַט, רעדט איינע ווערטער בא אלע מענטשנ גלייַכ. דאָס לאָשנ פונעמ הארצ איז איינ לאָשנ פאר גרויס אונ קליינ, פאר דעמ געלערנטנ אונ פאר דעמ גראָבנ מענטשנ, — וואָס־זשע איז פאר א ווונדער, אז פישקעס הארצ האָט זיכ דאָ אויסגעגאָסנ אינ אזעלכע הייסע געפילנ, ריינע מענטשלעכע ווערטער? דעריבער טאקע האָבנ זייַנע ווערטער גערירט, מיכ צענומענ ווי א פידעלע, וואָס רעדט, שפילט אומעטיקע שטייגער. אלע באלדארשנס אונ מוסער־ספאָרימ אינאיינעמ האָבנ קיינמאָל מיכ אזוי נישט גערירט, געמאכט וויייכ, גוט אונ פרומ, ווי א קרעכצ פונ א צעבראָכנ הארצ, ווי דעמ קלעזמערס א שפיל אפנ פידעלע...

מיילע, גאנצ רעכט, איכ בינ שטארק גערירט פונ פישקעס דערציילונג, בינ איכ מיר דעריבער פארטראכט. אָבער דו, פערדל מייַנס, פארוואָס ביסטו פארטראכט? א גאנג אביסל, מישטיינסגעזאָגט, קאמ וואָס ער רירט זיכ. עס זאָל אימ אָנהייבנ ארנ, וואָס אָט באלד איז טישעבאָוו אונ מע דארפ זיכ אייַלנ מיט קינעס אינ אסאכ שטעטלעכ. ער גייט גאָרנישט מיט דעמ גלייַכנ וועג, פארקריכט אינ דער זייַט נעבנ דער טוווע, שטעלט זיכ צו־ווייַלנ אָפ אונ שטשיפעט גראָז. די שיינע שקאפע איז ניט בעסער פונ אימ, טוט אימ נאָכ אונ כאפט אויכ א קייַ. דאָס אייגענע טאקע וואָס אינ כיידער, אז דער רעבע פארקוקט זיכ אמאָל אינ דער זייַט, פארוויגט דאָס קינד, אָדער אמפערט זיכ מיט דער רעבעצנ, פארקוקנ זיכ אויכ די טאלמידימ אונ פאלשעווענ אינ דעמ לערנענ. איכ טו די רעפוע, וואָס דער מעלאמעד. נעמ די בייַטש אונ טו א ווייַז דעמ שלימאזל מייַנעמ, זאָגנדיק אימ דערבייַ מוסער. ער שטעלט אופ די אויערנ, שטעקט ארויס א שפיצ צינגל, דריגעט מיט א הינטערשטנ פוס אונ שמייַסט קעגנ מיר מיט דעמ וויידל. — אייַ, דו ביסט אנ אזעספאָנעמ! — רופ איכ מיכ אָנ אונ בינ אימ שוינ טאקע גוט מעכאבעד מיט דער בייַטש. ער האָט אפילע נישט געוואָלט לייַדנ, מאכט א פערדישנ קוימעמיוס, א הייב מיט דעמ הינטנ אונ געהאט בעדייע אויסצושטרעקנ זיכ אפ דער ערד. נאָר ער האָט זיכ באלד מעיאשעוו געווענ, א צי געטאָנ מיט אימפעט דעמ וואָגנ אונ אָנגעהויבנ זיכ ווייַטער צו שלעפנ.

מיר אלע זענענ דערווייַל צו זיכ געקומענ. אלטער האָט אונטערגעטריבנ אפ זייַנ שטייגער, פישקע הייבט אָנ אפ זייַנ שטייגער, איכ נאָכ אימ טאקע ארבעט, פארטייַטש, אפ מייַנ שטייגער, אונ די מייַסע דערציילט זיכ ווייַטער אזוי:

— איכ וועל אייַכ דאָ נישט קיינ יאמ ברייַענ. איינער אליינ האָב איכ מיכ דערנאָכ אפ אדעסער טראקט געלאָזט, געטראכט, טאָמער וועל איכ מייַנע לייַט דאָ באגעגענענ, אָדער הערנ עפעס וועגנ זיי. נאָר אומזיסט די מי, זיי זענענ ווי אינ וואסער אריַינ. דאָס לעבנ איז מיר נימעס געווענ. אינ שטענדיקנ ארומשלעפנ זיכ. איכ האָב געכאלעשט אויסצורוענ זיכ אביסל, זיצנ אפ איינ אָרט, ווי איכ בינ געוויינט געווענ פריִער. גאָט האָט געהאָלפנ, איכ האָב מיכ לעסאָפ פארשלעפט קיינ אדעס.

די ערשטע פאָר טעג איז אדעס פאר מיר געווענ א טויט. איכ האָב מיכ דאָרט ארומגעדרייט עלנט, פרעמד, אליינ נישט צו וויסנ, ווו מיכ אהינצוטונ. אלצדינג איז פאר מיר געווענ נייַ, עפעס ווילד מעשונע. קיינ העקדעש, ווי אינ אנדערע ייִדישע שטעט, האָב איכ דאָרט נישט געפונענ.

הײַזער אפ ארומצוגיינ אויכ נישטאָ. בא אונדז אינ די ייִדישע שטעט זענענ דאָ הײַזער, טאקע
וואָס הײַזער הייסנ, נידעריקע, אָנ כאָכמעס, אָנ קונצנ, מיט די טירנ צו דער גאס. איינ קליינ
שטופּעלע די טיר, קומסטו גלײַכ אינ שטוב ארײַנ, ברויכסט נישט מאכנ קיינ גרויסע צערעמאָ־
ניעס, אָט איז דאָס גאנצע באַלעבאטישקײַט, אלצדינג וואָס נייטיק איז צומ עסנ, צומ שלאָפנ. בא־
דארפסט אביסל וואסער, האָסטו עס, באדארפסט די פּאָמוינִיצע, איז זי דאָ, וואש די הענט אונ
זאָג דיר אשער־יאָצער וויפל דײַנ הארצ גלוסט. אָט איז דער באַלעבאָס, די באַלעבאָסטע, דאָס
הויזגעזינד, זאָג: גאָט העלפ! שטרעק אויס די האנט, באקומסטו דיר דײַנ נעדאָווע. א קוש די
מעזוזע אונ גיי דיר געזונטערהייט ווײַטער. — הײַנט איז טאקע גאָר פונ דרויסנ גרינג צו דער־
קענענ א ייִדנס הויז. דאָס בערגעלע מיסט, דאָס רינשטאָקל, די פּענצטער, די ווענט, דער דאכ
שרײַענ: דאָס איז א ייִדיש הויז. אינ דעמ רייעכ אליינ דערקענט איר, אז דאָ זיצט א ייִד...
אנטקעגנ־זשע דאָרט אינ אדעס זענענ די הײַזער, מישטיינסגעזאָגט, עפּעס ווילד, הויכ אומגעלומ־
פּערט. דער גאנג איז געווינטלעכ דורכ א טויער אינ א הויפ. דאָרט קריכ אפ טרעפּ, זוכ
א טיר. האָסטו שוינ געפונענ א טיר, איז זי גאָר פארשלאָסנ, עפּעס איז זי מיט א גלעקל, מיט
גאנצע צאצקעס. דו בלײַבסט בא דיר עפּעס אראָפּגעפאלנ, פּילסט, אז דו ביסט אָרעמ, נידעריק,
האָסט קיינ פּאָנעמ נישט, שטייסט א רגע דערשלאָגנ, מאכסט דיר דערנאָכ הארצ, נעמסט זיכ
מיט גרויס דערעכערעצ פארנ גלעקל, עס ציטערט דיר אָבער די האנט. טוסט א קליינ ציִעלע,
קימאט ווי גאָרנישט, שרעקסט זיכ עפּעס אליינ פונ דײַנ ציִעלע, גלײַכ ווי דו וואָלסט ארויס
אנטקעגנ יענעמ מיט א גראָב וואָרט, אימ געשאָלטנ אינ טאטנ ארײַנ, אונ טראָגסט זיכ טאקע באלד
אָפּ... טאפּסטו אמאָל אָנ ערגעצ עפּעס אנ אנדער גאנג, פּאלט אפ דיר אָנעט א קעכנע, א בא־
דינטער, אָדער עס לאָזט זיכ גאָר אויס, דאָ זיצט גישט קיינ ייִד. וואָס הייסט עס — וווּנדערסטו
זיכ שטארק, — וואָס איז דאָס פאר א שטאָט? וואָס זענענ עס פאר הײַזער? ווו זענענ עס אונ־
דזערע אָרעמעלײַט מיט די טאָרבעס? איכ האָב מיכ ארומגעבלאָנקעט אינ די גאסנ, זיכ גוט צו־
געקוקט צו אלצדינג דאָרט, טאָמער וועל איכ זענ עמעצנ מיט א טאָרבע, אויסצופרעגנ אימ מיקויעכ
דעמ אייסעק, וויאזוי מע גייט דאָ אינ די הײַזער ארומ. נאָר ווי אפּצולאָכעס האָב איכ נישט
באגעגנט קיינעמ. אונ ווי איכ דריי מיכ דאָ אזוי ארומ, באמערק איכ פונדערווײַטנס עפּעס א
יונגנמאנ, געקליידעט דײַטש, גייט, ווי איינער, וואָס ווייסט נישט דעמ וועג, קוקט אפ די הײַזער
אונ ווארפט זיכ אינ אלע זײַטנ גאס. דער דאָזיקער פּארשוינ, טראכט איכ בא מיר, מוז נישט זײַנ
קיינ היגער, מע באדארפ אימ נאָכגיינ, זענ וואָס ער טוט. ער גייט ארײַנ אינ א הויפ, איכ נאָכ
אימ. ער זוכט אונ לאָזט זיכ דערנאָכ ארופגיינ אפ טרעפּ, מײַנער — אויכ ארופ. ער גייט ארײַנ
אינעווייניק אינ א פּאָדיער־כיידער, מײַנער שטעלט זיכ אפ יענער זײַט נעבנ דער טיר. עס דויערט
נישט לאנג, קומט ארויס איינער, א געגאָלטער, עפּעס גאָר א פּאָרעצ, אפּאָנעמ, דאָס איז דער
באַלעבאָס — דער יונגערמאנ גיט אימ עפּעס א ביכל, ארויסנעמענדיק עס פריִער פונ א קעשענע,
ברייט אונ לאנג ווי א טאָרבע. דער געגאָלטער טוט א בליק אפ דעמ שארבלעטל אונ ווארפט עס
באלד טאקע דעמ יונגנמאנ צוריק, פארקרימענדיק זיכ מיט א בייזער: לאָזט מיכ צורו מיט אײַ־
ערע שמאָכטעס! מיר טויג עס קלאל נישט. דער יונגערמאנ טײַגעט, לויבט זיכ אינ טאָג ארײַנ,
ער האָט געמאכט עפּעס אזוינס גאָר אנטיק. עס העלפט אימ אָבער נישט אונ ער גייט, נעבעכ,
בעבושע וועכארפּע ארויס. ער ארויס. מײַנער ארײַנ אונ בעט פּאָשעט א נעדאָווע. איכ באקומ
באלד עטלעכע גראָשנ אונ רוק מיכ געשווינד ארויס מיט א פריילעכ הארצ. אצינד, טראכט איכ
מיר, בינ איכ אפ דעמ עמעסנ וועג. גאָט שיקט צו דעמ שפינער זײַנ פלאקס, דעמ שענקער זײַנ
ביר אונ דעמ אָרעמאנ, דעמ גער זײַנ וועגווײַזער. מע באדארפ אימ פונעמ אויג נישט אָפּ־
לאָזנ. איכ גיי דעמ פּארשוינ נאָכ שטילערהייט, ווי א קו א קעלבל. ווו ער, דאָרט בינ איכ. אימ
גייט עס שלימ־שלימאזל, אומעטומ כאפּט ער, נעבעכ, זײַנ פּסאק, דאָ אזוי: נישט אויסצוהאלטנ,
ווי זיי האָבנ זיכ הײַנט צעלאָזט! אונ דאָרט אזוי: גייט אײַכ געזונטערהייט, מיר באדארפנ אזעלכס
ניט האָבנ! דער שפּיצ איז, ער גייט אוועק צעקאָכט מיט ליידיקע הענט, אונ מיר גייט עס, אָנ
איינאָרע, גאָר נישט שלעכט. איכ נעמ א גראָשנ, א צווייער, א דרײַער, וויפל מע גיט. וואָס איז
דאָס, — וווּנדער איכ מיכ, — פאר א מינ אָרעמאנ אזוינער?! אינ מײַנ לעבנ האָט מיר אזעלכס
זיכ קיינמאָל נישט געכאָלעמט. אפּאָנעמ, דאָ איז אזא מינעג — אָרעמעלײַט מיט ביכלעכ. נײַמאָ־
דישע קאפּצאָנימ אונ נאָכ אָנגעטאָנ דײַטש! גאראָנימ, צו וואָס בעטלענ מיט ביכלעכ אונ האָבנ א

פייַג, אז מע קען בעטן נעדאָוועס פּאָשעט אזוי! איך בין זיך נויהעג ווי אונדזערע זיידעס — גיי מיר אין די הייַזער פּאָשעט אָן כאָכמעס אונ מאכ עס בעסער ווי אנדערע מיט די ביכלעכ. נאָר ווי די מייַסע איז, אויב זיי זענען נאראָנים אָדער נישט, דערווייַל האלט איך מיך פעסט אינ מייַן קאפּצנ מיט די ביכלעכ, גיי אימ נאָכ שטילערהייט פוס־טריט אונ היט מיך ווי ווייַט נאָר מעג־לעכ, ער זאָל מיך נישט זען. טכילעס איז דאָס געגאנגען גאנצ גוט. נאָר שפּעטער האָט ער, אפּאָנעם, באמערקט, ווי איך שלעפּ זיך אימ נאָכ, אונ דאָס איז אימ שטארק נישט געפעלן. ער האָט אָנגעהויבן אָפּט זיך ארומצוקוקן, אָפּצושטעלן, אונ געזוכט ווי מייַנער פּאָטער צו ווערן. איך האָב מיך געמאכט טאמ, געקוקט אינ דער זייַט קלאָמפערשט, ווי נישט אימ מיינ איך, אונ גיי מיר מייַנ וועג. נאָר אינ הארצנ האָב איך געטראכט: ניינ, דו ווערסט זיך בא מיר נישט אויסדרייען, ברודער! וועני*דו טויגסט נישט קיינעמ אונ דיר אליינ אויכ נישט, טויגסטו אָבער מיר. א רעבע, ווי אינ די הייַזער ארומצוגיינ, ביסטו זייער א גוטער, כאָכעמ מייַנער!.. צום לעצט האָט זיך מיט אונדז געמאכט אינ איינ שטוב אזא מייַסע: דער באלעבאָס האָט זיך געקליבנ עסנ מיטיק, אונ פּלוצימ קומט אָנ מייַנ קאפּצנ מיט די ביכלעכ. עס הייבט זיך אָנ א טייַנענ פונ ביידע צדאָדימ: איינער וויל ארייַנדרייענ, דער אנדערער וויל זיך אויסדרייענ, א וואָרט פאר א וואָרט, דער בא־לעבאָס ווערט שוינ גוט אינ קאס, באלייט מייַנעמ צו דער טיר אביסל גראָבלעכ, דערזעט דאָרט מיך אונ שיקט אונדז ביידע אָפּ צו אלדי שווארצע יאָר. דער בעשוטפעסדיקער פּסאק אונדזערער האָט שוינ מעמיילע געפּידט דערצו, מיר זאָלנ איינער מיט דעמ אנדערנ זיך בעסער דערקענענ. באמ ארויסגיינ פונ די טרעפּ קוקט מיך אָנ מייַנ כאווער עפּעס שטארק אָנגעברויגעוט. איך פאר־דריי דעמ קאָפּ אינ דער זייַט אונ ווייס נישט וואָס צו טונ. איך ווארט, ער זאָל גיינ פריִער. מיר שטיינ אזוי אוועק עטלעכע מינוט אונ ביידנ איז נישט גוט. מייַנ שוטעפ טוט מיך דערנאָכ א פרעג:

— וואָס ווילט איר, רעב ייִד?

— גאָרנישט! — ענטפער איך, — דאָס אייגענע וואָס איר.

— דאָס אייגענע וואָס איך! — מאכט מייַנ שוטעפ, אויסמעסטנדיק מיך מיט א קוק פונ קאָפּ ביז די פיס זייער פארוונדערט. — איר זייַט אויכ א מעכאבער?

איך האָב געמיינט — מעכאבער איז עפּעס א דייַטשעס וואָרט אונ עס הייסט בא אונדז אפּ פּראָסט ייִדיש קאפּצנ, זייַנער א כ א וו ע ר אינ דער פּארנאָסע. דעריבער ענטפער איך אימ אָפּעט באלד טאקע אפּ טייַטש:

— יאָ, א מעכאבער.

— וואָס האָט איר עפּעס געמאכט? — טוט ער ווידער א פרעג.

— איך האָב געמאכט גאָר נישקאָשעדיק, — ענטפער איך טראכטנדיק בא מיר: אפּ אייַכ גע־זאָגט געוואָרנ! א פּערציק גראָשנ האָב איך געמאכט.

— ווי הייסט אייַער כיבער? — גיט ער מיך נאָכאמאָל א פרעג.

ווייַטער טייַטש, טראכט איך מיר. ער פרעגט זיכער: ווי הייסט איר, קאפּצנ, כ א וו ע ר מייַנער.

— פישקע!.. טו איך א זאָג קורצ אונ שארפ.

— קענ איך האָבנ דעמ קאָוועד מיט פישקענ באקאנט צו ווערנ? — מאכט ער עפּעס מיט א זיס כיינדעלע.

— אָכ, מיט אלע קאָוועדנ, זייער אָנגעלייגט, כלעבנ, — זאָג איך, אָנקוקנדיק אימ גאָר פריינטלעכ.

— נו, ווו איז ער דער כיבער?

— אָט בינ איך דאָכ טאקע אליינ דאָ פאר אייַערע אויגנ, זאָלט איר מיר געזונט זייַנ!

— גייט צו אלדי שווארצע יאָר! — טוט ער אפּ מיר א געשריי אונ פליט אוועק געשווינד אונ אינ קאס.

אז איך בינ ארויס פונעמ הויפ, זע איך, מייַנ שוטעפ לויפט ווי א מעשוגענער, ער איז שוינ גאנצ ווייַט, טוט זיך פּלוצימ א נעמ אינ א געסעלע אונ איז פארשווונדנ געוואָרנ. איך בינ גע־בליבנ שטיינ עפּעס ווי אויסגעפּאטשט אונ וווּנדער מיך, וואָס איז דאָס פאר א מינ נעפעש. גאָר א מעשוגענער טאקע. אָט איז ער גוט, פּלוצימ קומט אימ אָנ דער שיגאָענ אונ ווערט אָנגעצונדנ! דאכט זיך, איך האָב אימ גאָרנישט געזאָגט אזוינס. איך האָב אימ געענטפערט טייַטש מיט זייַנ לאָשנ. נאט אייַכ נייַס, מ כ א ב א ר, כ י ב אָ ר י מ! בא אונדז אפּ ייִדיש הייסט עס פּראָסט קאפּצנ, טאָרבע. איבעריקנס, כאפּט אימ דער וואטלמאכער!..

## XXIII

אין א קורצער צײַט ארום האָב איך מיט אדעס מיך שוין בעסער באקענט, בין קלאָר געווען אין די אלע ווינקעלעך און הינטערגעסלעך, געכאפּט דעם סטרי און געוווּסט, ווו עס עפנט זיך א טיר. אדעס איז ווי א טאבאקערקעלע מיט א סעקרעט. מע ברויכט צו וויסן די שפּרונזשינקלע. ווו צו געבן א קוועטש, דענסטמאָל עפנט זיך עס גרינג אוף, מע שטעקט אַרײַן די פינגער און נעמט א גוטן שמעק טאבעקע. עס האָט זיך פאר מיר געעפנט א קוואל פון הײַזער, אזעלכע וואָס פּאסן צום אייסעק, מיט אלע גוטע מײַלעס ווי באַ אונדז. אָרעמעלײַט האָב איך שוין געפונען וויפל דאָס הארץ גלוסט, גאנצע מאכנעס פון אלערליי סאָרטן: אָרעמעלײַט מיט טאָרבעס, אָרעמעלײַט אָן טאָרבעס, אזעלכע, וואָס ערגעץ נישטאָ, נאָר אין אדעס: יערושאלמעס, פרענקען, טערקישע און פּערסישע ייִדן, וואָס פלאפלען לאָשנקוידעש; אלטע ייִדן, קאפּצאָנים מיט ווײַבער, אויך אָן ווײַבער, וואָס פאָרן אפ דער עלטער שטארבן אין ערעציִסראָעל און עסן דערווײַל דאָרט קעסט, קינדלען, לעבן אפ דער וועלטס רעכענונג; אגונעס, ייִדענעס מיט ספּאזמעס, ייִדן געבראָכענע מיט מייכעשן, וואָס קומען זיך היילן אין דעם לימאן; מעקאבלים אלט־פּעטערישע, וואָס רײַבן זיך ארום פראָסטע ייִדן אין די באָטעמעדראָשים, און מעקאבלים פון הײַנטיקער וועלט מיט געגאָלטע בערד, וואָס רײַבן זיך ארום די בראָדער פּראנצויזן אין די קאָפּיינעס און טראקטירן; עוויונים אָפּ־געפּײַנטע, אויסגעפּוצטע, ווי די נעגידים, אזעלכע וואָס האָבן טאקע לאכלוטן גאָרנישט, און אזעלכע, וואָס האָבן, דאכט זיך, הײַזער און דאָך גרויסע דאלפּאָנים, מיִעסע קאַפּצאָנים... וויפל אָרעמעלײַט איך האָב באגעגנט פון אונדזער ווינקל, האָבן נישט געקענט גענוג אָפּלויבן אדעס, האגאם איך ווייס נישט די גליקן זייערע דאָרט. איינער האָט מיר געגעבן צו פארשטיין, וואָס דער גאנ־צער כילעק איז צווישן אן אָרעמאן באַ אונדז אין די שטעטלעך און אזעלכע דאָ. דאָרט עסט דער אָרעמאן דאָס טרוקן שטיקל ברויט פארפינצטערט, פארזאָרגט, און דאָ עסט ער טאקע אויך דאָס אייגן שטיקל ברויט, נאָר א קאטערינקע שפּילט אים דערבײַ צו. אין אדעס שפּילט די קאַ־טערינקע א גרויסע ראָליע. אפ דער גאס א קאטערינקע, אין די הײַזער א קאטערינקע, אין די טראקטירן א קאטערינקע, אין די קאָמעדיעס א קאטערינקע, אין שול, לעהאוודל — פע! — אויך א קאטערינקע. שטענדיק איז אין אדעס נאָר א קאָכעניש, הו־הא! עס קאטערינקעט זיך, עס שפּילט, עס זינגט און עס פײַפט. דאָרט אין א טראקטיר, זעסטו אָפּט, זיצט א שיקער און קרעכצט, זינגט „קראסנאיא דיעוווּשקא״, זייערס א מין לידל, אנטקעגן זיצן פּארקויסעטע ייִדן, זינגען א שטיקל פון זמירעס, אָדער „אָדעם יסוידוי מייאָפאָר״ מיט א שנײַדערשן מארש, לעבעדיק־פרייִלעך.

גייענדיק איינמאָל באַ דער זײַט גאס, פיל איך הינטן אין דעם רוקן א געשמאקן זעץ. איך נעם עס אָנעט פאר ליב, זיך דערויס גאָר נישט צו מאכן, טראכטנדיק, איינער פון עם אוילעם האָט אין אײַלעניש אומגערן מיך א שטופּ געטאָן. באַלד אָבער פיל איך נאָך א זעץ, ווי מיט א שטיק האָלץ, איך קוק מיך אום און דערזע יאָנטל דער כאָליערע־כאָסן זיצט אפ דער גאס מיט איין בענקעלע אין דער האנט אָנגעשפּארט אפ דער ערד און דאָס אנדערע בענקעלע האלט ער אופגעהויבן און קווועלט, שמאָכט פאר פרייד, וואָס ער האָט מיך באגעגנט. איך האָב מיך אויך שטארק דערפרייט מיט יאָנטלען, מיט וועלכן איך האָב אין גלופּסק זייער גוט געלעבט און גע־וווען באַ אים אפ דער כאסענע אפן הייליקן אָרט, אין דער כאָליערע, נישט הײַנט געדאכט.

— אזוי, פישקע! — זאָגט ער, אָפּגעבנדיק מיר א שאָלעם־אלייכעם — דו ביסט אויך דאָ אין אונדזער אדעס? איאָ, א שיין שטעטל מײַן אדעס! — און א קוק געבנדיק, אז איך קנייטש מיך, מאך פון זײַן אדעס עפּעס נישט אזא פּיירעש, מאכט ער אביסל מיט פּארדראָס, גלײַך ווי איך וואָלט אים צעשטערט די געראָלדיע און אים געטראָפן אין קנעפּל. — הא, דײַן גלופּסק עפּשער איז א שטאָט?! א וואָרעם, וואָס זיצט אין כריין, מיינט, קיין זיסערס פון דעם איז גאָר נישטאָ. ווארט, איך וועל דיר ווײַזן אביסל מײַן אדעס, וועלן מיר דערנאָך הערן, וואָס דו וועסט דענסט־מאָל זאָגן.

יאָנטל דערציילט מיר פון זײַן גרויסקײַט אין אדעס. אלע קוקן און האָבן האנאָע, ווי ער רוקט זיך אפן געזעס. ער איז א שטיקל כאָשעוו אין פיל קלייטן, מע גיט אים אָפּ זײַן נעדאָווע גאנץ פײַן, נישט פארזינדיקן. עס גייט אים, אָן איינאָרע, גאנץ גוט. אז איך האָב אים א פרעג גע־טאָן וועגן זײַן ווײַב, האָט ער געענטפערט מיט א שמייכעלע:

— א שיינ ווײַב, מישטײנסגעזאָגט, האָט מיר גלופּסק געגעבנ! וואָס פּאר א גוטס קענ זײַנ פונ א כאָליערע־ווײַב? די כאָליערע האָט איר פריִער געמעגט נעמענ, איידער זי איז צו מיר אָנגעקומענ. דאכט זיכ, עס פעלט איר די אונטערשטע ליפּ, פונדעסטוועגנ ארבעט איר דאָס מויל, שרײַט, פּילדערט, פּלוידערט, מאָלט ווי א מיל, פיל בעסער נאָכ פונ אנ אנדערנ מיט צוויי געזונטע ליפּנ.

אנטקעגנ א ווײַב, טראכט איכ בא מיר, העלפט נישט קיינ מיטל. איז זי א שלאק, שרײַט זי אפילע אָנ בײדע, אפילע אויכ אָנ איינ ליפּ, אפילע אָנ א נאָז דערצו, אונ פאלט אפ דיר אָנ אפילע בלינדערהייט, אָנ אויגנ... איכ דערצייל יאָנטלענ אינ קורצנ אויכ די געשיכטע מיט מײַנ בלינדער ווײַב, אלצדינג וואָס איכ בינ פונ איר אינ דער לעצטער צײַט אויסגעשטאנענ.

— נארעלע! — זאָגט יאָנטל, — טו דאָס אייגענע וואָס איכ, א שפּײַ אפ איר אונ אנ עק. לאָז זי גיינ צום רועכ.

— וואָס הייסט, יאָנטל, א שפּײַ, גלאט גיי צום רועכ אָנ א געט! איכ בינ דאָכ עפּעס א ייִד אונ באדארפ כאסענע האָבנ.

— אזוי, כאסענע האָבנ, — מאכט יאָנטל, קוקנדיק אפ מיר מיט א געלעכטער, — טאקע אנ עמעסער גלופּסקער, כלעבנ! בלײַב נאָר, פישקע, אביסל דאָ, אינ אדעס וועלנ מיר דענסטמאָל זענ...

פונ יענער צײַט אָנ, זינט מײַנ באגעגעניש מיט יאָנטלענ, פלעגנ מיכ זיכ אָפט צונויפקומענ אונ רוקנ זיכ בײדע איבער אדעס, ער אפנ געזעס אונ איכ מיט מײַנע קראנקע פיס. יאָנטלענ איז נאָר געגאנגענ דרינענ, מיר אלצ ארויסצושטעלנ זײַנ אדעס אונ בארימענ זיכ פאר מיר מיט די שיינע הײַזער אונ נאָכ אנדערע זאכנ, גלײַכ ווי זיי וואָלטנ געהערט אימ אונ אימ דערפונ אסאכ ארויסגעקומענ. בא איטלעכס מאָל, ווײַזנדיק מיר עפּעס, פלעגט ער קוקנ אפ מיר מיט א שײַנענדיק פּאָנעמ, שמאָכנ פאר גרויס פארגעניגנ, עפּעס אזויווי דורכ יענעמס שיינ הויז, דורכ יענער שיינער גאס באקומט ער א גרעסערנ ווערט אינ מײַנע אויגנ, אונ אלצ מאכנ, טאָרקענדיק מיכ: נו, פישקע! א שיינע שטאָט אדעס? עפּשער, הא, אינ דײַנ גלופּסק האָסטו אויכ אזוינס? —

— הער אויס, יאָנטל! — זאָג איכ צו אימ איינמאָל, אז ער האָט מיר אָנגעטאָרקעט די זײַטנ, ווײַזנדיק מיר פונדערווײַטנס דעמ בולוואר, ווו עס האָבנ געשפּאצירט א גרויסער אוילעמ מענטשנ אונ צו וועלכנ, ווי איכ האָב באמערקט, ער האָט זיכ עפּעס געשײַעט, נישט געהאט קיינ מוט צוגיינ נאָענט, — וואָס זאָל איכ דיר זאָגנ, יאָנטל, אדעס איז אוואדע א שיינע שטאָט, נאָר א שאָד, כלעבנ, וואָס נישטאָ דאָ קיינ מענטשנ!... אדראבבע, זאָג, קענ מענ די היגע לײַט אָנרופנ מענטשנ? גייענ אזוי אָנגעטאָנ, לעבנ אזוי מענטשנ? קוק, אדראבבע, ווי דאָרט, אפ דײַנ בולוואר פירנ זיכ מאנצבלענ אונטער די הענט מיט נעקייװעס. ס'איז דאָכ נאָר א בושע! ייִדנ געגאָלטע, נעקייװעס מיט האָר, הינטנ שלעפּט זיכ זיי נאָכ א שטיק קלייד אונ קערנ דערמיט די גאסנ, פאָרנט אויסגעשניטנ מיט דער גאנצער ברוסט אינ דרויסנ. פע כאלאָשעס, כלעבנ!... ווי נעמט מענ אהער אונדזערע ייִדנ, גלופּסקער ייִדנ, דענסטמאָל, זעסטו, וואָלט עס טאקע געהייסנ א שטאָט, געהאט א פּאָנעמ, ייִדישלעכ, מיט שיינע אײַנפירנ, ווי עס געהער צו זײַנ.

יאָנטל האָט שווײַגנדיק זיכ גערוקט מיט מיר ווײַטער, נישט געהאט, אפּאָנעמ, וואָס מיר צו ענטפערנ. אפנ וועג קומענ אונדז אנטקעגנ א פּאָר פײַנע לײַט, פראנצויזנ. יאָנטל שטרעקט אויס די האנט, איינער פונ די לײַט שטעלט זיכ אָפּ, עפּעט רעדנ מיט אימ עטלעכע ווערטער אונ גיט אימ א נעדאָווע.

— וויסטו, פישקע, ווער די דאָזיקע זײַנענ? — מאכט יאָנטל מיט גאדלעס אונ די אייגעלעכ שײַנענ אימ פאר גרויס האנאָע. — יענער, וואָס האָט מיר געגעבנ די נעדאָווע, איז דער עלטסטער מעלאמעד דאָ בא אונדז אינ טאלמעטוירע, מײַנער א באקאנטער, דו פארשטייסט! איאָ, פישקע, ער האָט שוינ א פּאָנעמ?

— אזא יאָר זאָלנ האָבנ מײַנע סאָנימ! — ענטפער איכ אימ אונ טו א שפּײַ, — פונעמ שיינעמ מעלאמעד קענ איכ מיכ שוינ אָנשטויסנ, וואָס פאר א מינ טאלמעטוירע, מישטײנסגעזאָגט, מוז דאָ בא אײַכ זײַנ. איכ פרעג דיכ נאָר, יאָנטל, ווי שעמסטו זיכ נישט זאָגנ, אז אזוינס איז גוט! ניינ, דו ביסט שוינ דאָ קאליע געוואָרנ, יאָנטל! ביסט געוואָרנ אזעלכער ווי די אלע היגע לײַט. א מעלאמעד אביסל! כלעבנ, גאָר אונדזער טאלמעטוירע־מעלאמעד, רעב הערצעלע מאזיק,

לעהאוודל! רעבּ הערצעלע מאַזיק איז אַ ייִד מיטן פולן מויל, פול אין דער גאַנצער שטאָט און טוט זײַן זאַך בּישליימעס, גאַנץ פײַן. אַף לעוויַעס — ער, אַ שידעך אויספירן — ער, אַפן הייליקן אָרט טילעם זאָגן, אַ פײַרעק מישנײַעס לערנען — ווײַטער טאַקע ער. גייט ער, ווי דער שטייגער איז, אַלע וואָך אין די הײַזער, געלט צונויפנעמען, טראָגט מען אים די נעדאָווע אָנטקעגן; לויפט ער סימכעס־טוירע מיט די טאַלמעטוירע־ייִנגלעך צו די נעגידים מאַכן אַ „מישעבּייִרעך", גיט מען אים אומעטום קידעש מאַכן מיט דער פולער מאָס. ער שרײַט „צוין־קאָדאָשים" און די ייִנגלעך — מע־מע! — עס האָט אַ פּאָנעם. און דײַן פּראַנצויז וואָס? וואָס פאַר אַ פּאָנעם קען בּאַ אַזעלכן האָבּן זײַן טילעם זאָגן, זײַן „מישעבּייִרעך"? וואָס פאַר אַ טאַם קען האָבּן זײַן קידעש מאַכן, זײַן גיין אַף אַ לעווײַע, מישטיינסגעזאָגט?...

— האָסטו דאָך אַ גראָבּן טאָעס, פּישקע! — פאַלט מיר יאָנטל אַרײַן אין די רייד, — אַז מײַנער טוט גאָר קיינמאָל נישט אַזעלכע זאַכן! ווייס פון אַזעלכע זאַכן אַפילע נישט וואָס צו זאָגן!

— וואָס הייסט, ער טוט נישט אַזעלכע זאַכן?! — מאַך איך פאַרווּנדערט — ווי געשיקט זיך עס, אַ טאַלמעטוירע־מעלאַמעד זאָל נישט טון אַזעלכע זאַכן? נישט מאַכן קיין „מישעבּייִרעך" די נעגידים, נישט בּאַגראָבּן די פײַנע בּריִעס, נישט...

— שאַ־שאַ, פּישקע! — שלאָגט מיר איבּער יאָנטל די רייד, — ער בּאַגראָבּט זיי, נאָר אַף אַן אַנדער שטייגער. נישקאָשע, די פײַנע בּריִעס זענען צופרידן...

— פּע, פּע, פּע! — שרײַ איך אין איין קאָל און פאַרשטעק די אויערן, נישט צו הערן. נאָר יאָנטל לאָזט מיך נישט צורו און רעדט איבּער מיר טאַקע ווײַטער:

— ווייסטו ווער דער צווייטער איז, וואָס איז מיט דעם מעלאַמעד געגאַנגען? דאָס איז אַ גרויסער פײַנע־בּריִע, אַ גאַנצער טוער אין שטאָט־זאַכן, ווי בּאַ אײַך דאָרט אַרן־יאָסל שטילפײַפער.

— פּע, פּע! — טו איך אַ געשריי שטאַרק אויפגעבּראַכט, אַזוי אַז מענטשן, וואָס זענען פאַרבײַגעגאַנגענע, האָבּן זיך אַרומגעקוקט, — אָט אַזעלכער הייסט בּאַ דיר, יאָנטל, אַ פײַנע בּריִע! ווי אונדזער רעבּ אַרן־יאָסל! זאָג כאָטש לעהאוודל. ר׳ אַרן־יאָסל איז אַ ייִד מיט אַ בּאָרד, מיט פּייעס, דאָס ייִדישקײַט ליגט אים אַפן פּאָנעם און אין די הענט בּאַ אים ליגט ייִדיש געלט, אויפאָמעס־געלט, פון אַלע כעווורעס געלט, נאָך און נאָך געלט, מע גלייבּט אים אַף נעמאָנעס. מיסטאָמע אַז ער נעמט, ווייסט ער דאָך, אַז ער נעמט און וואָס מיט דעם געלט צו טון. מע קען זיך דרינען שוין אַף אים פאַרלאָזן. דײַן פײַנע בּריִע מוז האָבּן אַ שיין בּיסל נעמאָנעס. אַף וואָס קוקנדיק קען מען אַזעלכע געטרויען? אַף זײַן ייִדישקײַט? אַף זײַנע אונטערגעשוירענע פּייעס?

— איין נעמאָנעס, כלעבּן! — שפּאַרט זיך יאָנטל מיט מיר, — מיט פּייעס, אָן פּייעס, — אַלץ איינס, ווי איך בּין אַ ייִד!

— עט! — מאַך איך, — וואָס ווילסטו דאָ מיר אויסדרינגען? מײַלע, שענק איך דיר שוין דאָס נעמאָנעס, אָבּער ווי קען מען אַזעלכע מעכאַבּעד זײַן מיט סאַנדעק, מיט מעציצע? אַ שיין שטיקל מעציצע מוז דאָס זײַן בּאַ דײַן פײַנע בּריִע, פּע, כלעבּן! נאָר אַ געלעכטער. אַז די וועלט זאָגט, פּערציק וועדסט אַרום אַדעס בּרענט דער גענעם, איז טאַקע עמעס.

— פונדעסטוועגן, — מאַכט יאָנטל מיט אַ שטעכווערטל, — איז מיר פיל ליבּער דאָ אין גענעם, ווי אין דײַן גלופּסק, אין גאַניידן.

יאָנטל איז אין מײַנע אויגן אינגאַנצן איבּערגעקערט געוואָרן. אַדעס האָט אים שטאַרק צעלאָזן, און מיר פלעגן זיך שפּאַרן זייער אָפט. וואָס בּאַ אים האָט געהייסן גוט, איז בּאַ מיר געווען שלעכט, און וואָס בּאַ מיר גוט, איז בּאַ אים געווען שלעכט. מיר האָבּן זיך נישט געקענט אויסגלײַכן, אַשטייגער, וועגן דער גרויסער שול, וועגן דעם כאַזן און דעם ראָוו דאָרט. אַ כאַזן, מישטיינסגעזאָגט, אין אַ טענדע־ווערענדע דאַוונט קאָרכיש! ער אַליין זאָל עס אַרבּעטן, אַרײַנשטעקן דעם פינגער אין גאָרגל, האַלטנדיק זיך בּאַ דער בּאַק ווי אונדזער כאַזן ר׳ יעראַכמיִעל קלאָגמוטער, שרײַען קוילעס אַף דער געמבּע, פון דער געמבּע אַ כאַפּ טון זיך אין פּיסטל־געזאַנג, ווי דער אַף דער גראָבּער סטרונע, בּרומען, זעצן ווערטער אַרויף און אַראָפּ, פאַרגיין זיך אין שטייגער, צעגיסן זיך מיט אַ זיס וואָלעכל, אַ בּעטלערל פאַר דעם ריבּוינעשעלוילעם: טאַטעניו, פּאָטערוניו! אוי ווי איז מיר, וויי! אַרײַנלייגן דאָס גאַנצע לעבּן און אָפּגיין מיט שווייס אין „יעקום־פּורקאָן", אין דעם „מישעבּייִרעך" — אַזוי צו אַרבּעטן — כאָלילע! ער אַליין שווײַגט מייסטנס,

נאָר קוים רופט ער זיך אָן א וואָרט, כאַפּן עס אופ די מעשוירערים, צעלייגן עס אפּ טעלערלעך, נעמען עס אפּ די קיילים אלערליי, אויסגעמישט איינעם קאשע מיט מאָן — און דאָס הייסט בא זיי דאָרט קאָרכיש. ווו א וואָלעכל! ווו א קליוואנער בעטלערל, א פּאַניע! ווו א „יעקום־פּורקנ״ די גאנצע ראַליע שפּילט בא זיי אונדזוערס א שטיקל דרויב, דער „איין קאַמויכע״, מע מאכט פון אים א צימעס. און וואָס נאָך — א געלעכטער, כלעבן! — האלטנדיק די טוירע אפּ די הענט, דרייט מען זיך דערבײַ ארום מיט די האקאַפּעס. האָט איר געהערט? שאבעס מיט די האקאַפּעס, ווי אין סימכעסטוירע... סטײַטש! וועט איר זיך וווּנדערן, ווו איז דער ראָוו? ווי דערלאָזט עס אזוינס דאָרט דער ראָוו? נאָר הערסטו, אָט דאָס איז דאָך טאקע דער גאנצער פּאַרדראָס, אז דער שיינער ראָוו טאנצט אויך אין קאָן, רוקט זיך נאָך פאָרויס, אויך אין א טענדע־ווערענדע מיט א געפּוּצט בערדל און האָט א פּאָנעם, פע!... דאכט זיך, געווג כאלאָשעס, און יאָנטלען איז דאָס גאָר געפעלן. — גוואלד, שרײַ איך, יאָנטל, וואָס איז דיר געשען? מעשוגע ביסטו, צי כאָסערדייע? ווי קומט אזוינס צו דיר, ווי פארקריכט מען עס אזוי מיעס? גוואלד, א רועך אין דײַן טאטנס ארײַן!... און ער קוקט מיך אָן, שמאָכט מיט א שײַנענדיק פּנעמל, מאכנדיק דערבײַ נישט מער ווי: פּישקע, ביסט א נאר! פארשטייסט נישט, וואָס גוט איז. הײַנט גיי, רעד, טײַנע מיט אזעלכנ. אז איך האָב א קוק געטאָן, ס׳איז פארפאלן, יאָנטל איז אײַנגעשפּארט, ס׳איז מיט אים גאָרנישט צו מאכן, האָב איך מיר געגעבן דאָס וואָרט, מער וועגן דעם נישט צו רעדן. לאָז זיך זײַ ן אדעס פונמײַנעטוועגן אפילע מיטן קאָפּ אראָפּ איבערקערן, גייט עס מיך מער ניט אָן.

— הער־אויס! — זאָג איך איינמאָל צו יאָנטלען, — שפּארן זיך מיט דיר וועגן אדעסער אײַנפירונגען וויל איך שוין מער נישט, דו ביסט א געבראָטענער אקשן און איך וועל מיט מײַנע ווערטער בא דיר גאָרנישט פויעלן. לאָמיר בעסער רעדן טאָכ־זאכן. איך וויל זיך מיט דיר מעיאשעוו זײַן וועגן מיר, וואָס קען פון מיר דער טאכלעס זײַן? דער איניען אין די הײַזער ארומצוגיין האָט זיך מיר שטארק צוגעגעסן, ס׳איז דאָ הײַנט אָרעמעלײַט געגוג אָן מיר אויך, וואָס באפאלן די הײַזער ווי די היישעריקן און וועלן באלד פארפלייצן די וועלט. די באלעבאטים בלאָזן זיך, שרײַען: גוואלד, נישט אויסצוהאלטן! עס וואָלט גוט געווען צו האָבן עפּעס א שטיקל פּאַרנאָסע. ראָט, כ׳לעבן, צו וואָס זאָל איך מיך נעמען.

— קיין קאנטאָרן מאכן, — ענטפערט יאָנטל, — מיין איך, ווילסטו נישט, קיין קלייט מיט צעלניק אויך נישט. וואָס דען־זשע, אשטייגער?

— לאכ נישט, יאָנטל, — זאָג איך צו אים, — רעד ווי א מענטש. עפּעס כוץ קאנטאָרן און צעלניק איז דען נישטאָ בא ייִדן מער קיין פּאַרנאָסעס?

— אָכ! — מאכט יאָנטל — ס׳איז דאָ זייער פיל. ווי, אשטייגער, האלטן די טאקסע, זײַן א א גאבע אין כעווערעס, דרײַבן זיך ארום מייער־באלנעס־פּושקעס, דרייען זיך ארום שטאָט־זאכן, ארום די פײַנע ברִיעס, זײַן א קאָלוועלאָך, א קאָכלעפל און דעסגלײַכן זייער גוטע פּאַרנאָסעס. נאָר — אקאָטא! אזעלכע זענען נישט פאר דיר, לאָמיר זיך נעמען צום צעטל ייִדישע פּאַרנאָסעס פון קליינעם סאָרט. נו, פּישקע, האנדלען מיט אלטע קליידער, אשטייגער! זייער פיל ייִדן דערנערן זיך דערפון גאָר נישקאָשעדיק.

— ניין! — גיב איך יאָנטלען צו פארשטיין, — אלטע קליידער מוז מען דאָך קויפן, אויסלאטען און דערצו דארף מען דאָך געלט, אויך טאקע פארשטיין אביסל די מעלאָכע, און דאָס איז פאר מיר שווערלעך. מיט גלופּסקער טאכטוינים, אשטייגער, איז נאָך א האלבע צאָרע, וואָס מאכט עס דען אויס, אז צעריסן אביסל, אזוי אָדער אזוי פארלאטעט; אָבער דאָ מיט די אדעסער איז דאָך א שרעק. אדעסער טאכטוינים, מעכילע, זענען מיט גאנצע צערעמאָניעס, דערעכערעץ! עפּעס גאָר א מוירע צו זיי זיך צו צורירן.

— אויב דו שרעקסט זיך פאר אדעסער טאכטוינים, — מאכט יאָנטל — לאָז־זשע זײַן ציבעלעס, קנאָבל, צוגעלעגערטע לימענעס, מאראנצן אוכדוימע. נאָר מוזט אָבער ווִיסן, אז דאָ איז די מאָדע זיך אײַנצושפּאנען אין א טאטשקע און ארומפירן עס איבער די גאסן, שרײַענדיק אפּ א קאָל מיט א ניגן.

— שרײַען קען איך זייער שיין, — ענטפער איך, — דערופ בין איך א מײַסטער. אָבער אײַנשפּאנען זיך ווי א פערד און שלעפּן האָב איך קיין קויעך נישט. הײַנט, כוץ דעם, איז דאָך אויך ווײַטער די אייגענע מײַסע: און די מאמטאקים? ווו נעמט מען דערצו די קלינגערס, געלט?

— הער אויס, פישקע, — מאכט יאָנטל מיט אַן ערנסט פּאָנעם, — פּאַרנאָסע אָן מי, אָן געלט אַרײַנצולייגן, זענען נאָר יענע, די פריִערדיקע... פונעם היובן סאָרט, ווײַטער ווייס איך קיין אַנדערע נישט. זאָג, אַדרבה, דו!

— בעסער פון אַלע זאַכן, — זאָג איך צו יאָנטלען, — געפעלט מיר אַ באָד. אין דער גלופּסקער געמויערטער באָד, ווו איך האָב מיך אופגעהאַלטן, איז מען פון מיר שטאַרק צופרידן געווען. איך האָב געטויגט. ווען נישט די אומגליקלעכע כאַסענע מײַנע, וואָלט אויס מיר שוין לאַנג דאָרט געוואָרן אַ מענטש. איך וואָלט שוין אָנגעשפּאַרט העט ווײַט. אויב דו ביסט יאָ אַ שטיקל כאַשעוו אין אַדעס, טו־זשע מיר די טויווע, גוטער, זיסער יאָנטעלע, און העלף מיר זיך אַרײַנצודרייען דאָ ערגעץ אין אַ באָד. זײַ אַ ברודער, יאָנטל, און ווײַז מיר דײַן גרויסקײַט דאָ!

— אַצינד, פישקע, — מאַכט יאָנטל צו מיר מיט אַ שמייכעלע, — אַצינד וועל איך דיר מיקויעכ דײַן באַקאָשע גאָרנישט ענטפערן. גיי, זײַ מויכל, פריִער און קוק אַליין אָנעט מיט דײַנע אויגן די היגע באָדן, דערנאָך וועלן מיר שוין שמועסן.

איך האָב געפאָלגט יאָנטלען און בין געגאַנגען אין איין באָד, אין דער אַנדערער, איז מיר פירגעקומען עפּעס מעשונע ווילד. האָט איר געהערט אַביסל אַ באָד! דאָרט איז ליכטיק, ריין ווי אין אַ שטוב. דאָרט שטייען גוטע באַנקבעטלעך, טאַקע גוטע, ווי איך בין אַ ייִד! פּרודען זיך דאָרט — זאָל דער אייבערשטער היטן! מע זעט נישט הענגען דאָרט קיין איין העמד אַפילע. ס'איז נאָר אַ געלעכטער, אַפּ געמאָנעס! — ניין, טראַכט איך בײַ מיר, אין אַזאַ באָד קען איך נישט זײַן. דאָס איז נישט פאַר מיר — ניט דאָס, ניט יענץ, ניט דער טײַנעג, וואָס אין אונדזער גלופּסקער באָד. דאָרט איז גאָר עפּעס אַנדערש, עס האָט עפּעס טאַקע אַ פּאָנעם. מענטשן האַלטן זיך דאָרט אוף, מע ליגט זיך אין קאָמפּאַניע אויסגעצויגן אַפּ די בענק; מע שמועסט, מע דערציילט מײַסעס, מע רעדט פון אַלצדינג, וואָס פאַרלויפט זיך אין דער וועלט. ס'איז עפּעס אַזוי גוט, אַזוי געשמאַק, מעכײַע, כלעבן!.. איך בין געגאַנגען אין נאָך און נאָך באָדן, אַלע נישט וואָס בײַ אונדז. עפּעס שמעקט דאָרט נישט דער רייעך, וואָס אין אונדזער געמויערטער באָד! הײַנט זייערע מיקוועס איז נאָר אַ געלעכטער. אונדזער מיקווע־וואַסער פילט מען, עס האָט עפּעס אַן אַנדער טאַם, אַן אַנדער קאָליר און איז עפּעס געדיכטער, ווי אַנדערע וואַסערן. מע פילט באַלד, ס'איז ייִ ד י ש ל ע כ... דאָרט אָבער איז דאָס מיקווע־וואַסער לויטער, גלאַט וואַסער, ווי וואַסער באַדאַרף געוויינטלעך זײַן, וואָס מע קען עס טרינקען...

— נו, פישקע? — האָט מיך יאָנטל אַ פרעג געטאָן דערנאָך מיט אַ שמייכעלע, — האָסטו געזען אַ היגע באָד?

— עט! — האָב איך געענטפערט, — נישטאָ פון וואָס, מישטיינסגעזאָגט, צו רעדן. בײַ אײַך איז אַלץ ווילד, כויזעק אינגאַנצן. דײַן אַדעס איז פאַר מיר נישט קיין אָרט.

## XXIV

מיט אַדעס בין איך טאַקע נישט צופרידן געווען, נאָר איבער דעם ווינטער האָב איך געמוזט דאָרט פאַרבלײַבן, וואָרעם ווי לאָזט מען זיך עס ווינטערצײַט נאַקעט און באָרוועס אין וועג אַרײַן און דערצו נאָך איינער אַליין אין אַ פרעמד ווינקל? וויבאַלד אָבער עס האָט אַ וואַרעם געגעבן די ליכטיקע זון און געשמעקט מיט זומער, האָט עס מיך עפּעס געטאָרעט, נישט געלאָזט מיך אײַנזיצן רויִק אַפּ איין אָרט. אַמאָל פלעגט פאַר מיר דער זומער זײַן, ווי געוויינטלעך, זומער. זומער, גאָרנישט! ס'איז וואַרעם, ליכטיק, טעג גרויסע, גרין אומעטום. מיילע, איז גוט, איז נישט קאַלט. בעהיימעס גייען אין דער טשערעדע, איז דאָ מילכ, אַביסל סמעטענע. ס'איז נאָך דאָ צום ברויט אַ גרינע ציבעלע, אַ קנאָבל, אַ רעטעכל, פאַר אַ ייִדן אַן אָרעמאַן אַ גרויסע זאַך, אַ גאַנצער כעזשבן. הײַנטיקס מאָל אַנטקעגן האָט פאַר מיר דער זומער עפּעס נאָך אַן אַנדער פּאָנעם געהאַט. איך ווייס נישט, ווי זאָל איך מיך אויסדריקן, עפּעס האָט ער גערעדט ווערטער, אונטערגעגעבן דעם האַרץ עפּעס אַ כיישעק... מיך דערמאָנט אַלץ אין איר, אין מײַן האָרבאַטער. איטלעכס גרעזעלע, איטלעכס גרינ ביימעלע און איטלעכס שפּיל פון אַ פייגעלע האָט מיר עפּעס דערציילט, אָפּגעגעבן אַ גרוס פון איר. עס האָט מיר זיך אַלץ געטראַכט: אָט אַזוי איז זי מיט מיר געזעסן, אַזוי האָט זי געקוקט, אַזוי — געלאַכט און אַזוי אויסגע־

גאָסן איר ביטער געמיט. עס האָט מיר זיך צעשפּילט די געבליטן, מיך באַפאַלן א זיסע מאָ־רעשכווירע און עס האָט מיך עפּעס געצויגן, געצויגן ווייט אהין, אהין... וואָס פאַר א שייכעס דאָס אלצדינג קען האָבן מיט דעם זומער, אויב דאָס איז געווען אינגאנצן זיין ארבעט, אָדער גאָר עפּעס אנדערש, עפּעס אזא מין שלאָפקייט, א ספּאזמע אזוינע? — דאָס ווייס איך נישט. איך ווייס נישט מער, מיט מיר איז געווען עפּעס נישט גלאַט. איך האָב געצאנקט ווי א ליכט, געוואָרן גאָר נישט דער אייגענער וואָס פריִער.

— פּישקע, ביסט קראַנק? — האָט יאָנטל אָנקוקנדיק מיך איינמאָל געפרעגט, — ביסט עפּעס שטאַרק פונעם פּאָנעם אראָפּ. וואָס טוט דיר וויי?

— עס, גאָרנישט, — ענטפער איך, אָנכאַפּנדיק זיך מיט ביידע הענט באַם הארצן.

— דו פילסט נישט דאָס הארץ? — מאַכט יאָנטל, — דערצו איז איינס סגולע, א שטיקל ברויט גוט איינגעטונקט אין זאַלץ אַפן ניכטערן מאָגן.

— ס׳איז מיר אָנגעזאָלצן אַפן הארצן גענוג אָן דעם, — ענטפער איך מיט א זיפץ, — עפּעס פיל איך, ווי עס ציט מיך, ציט און עס לאָזט מיך ניט איינזיצן.

— איך פאַרשטיי שוין, פאַרשטיי, — מאַכט יאָנטל מיט א שמייכעלע, — עס ציט דיך אין דיין גלופּסק, ציט דיך. אהין, ווו די גנילאָפּיאַטקע בליט, ווו עס סווישטשעט דער דאַלעס און קנאָבל און ציבעלעס גיבן די שמוכט. שעם-זשע דיך נישט, פּישקע, און גיי דיר אהין אין דיין רו אריין.

אין עטלעכע טעג ארום האָב איך זיך געזעגנט מיט יאָנטלען און מיך געלאָזט צופוס אין וועג אריין.

דער קאָפּ איז מיר געפלויגן אין עק וועלט, דאָס הארץ האָט מיך געצויגן צו איר. אַלץ גע־טראַכט, ווו איז זי, ווו געפינט זיך אצינד זי? וואָס מאַכט זי, ווי לעבט זי, נעבעך, אליין אָן מיר? און די פיס מיינע זענען געגאנגען, ווי אליין פון זיך, געגאנגענע פאַמעלעכן אַפן וועג קיין גלופּסק. איך בין געגאנגען דורך דערפער, דורך שטעט, דעם גאנצן וועג געטראַכט, געזוכט מיט די אויגן, טאָמער וועל איך באַגעגענען זי. איך בין זיך אָנגעגאנגען גענוג און אויסגע־ווען א וועלט יידישע שטעט. וואָס מער נעענטער צו גלופּסק, איז מיר געוואָרן גרינגער אַפן הארצן. איך האָב זיך מעכייע געווען מיט די יידן פון אונדזער ווינקל. זייער לאָשן, זייער גאנג, זייער שטייגער לעבן און פירונג איז פאַר מיר געווען גאָר א דערקוויקעניש, כלעבן. עפּעס האָב איך מיך געפילט היימיש צווישן מיינע לייט, אייגענע מענטשן. פון אונדזער ווינקל די יידן זע־נען טאַקע מעכייע! אָן צערעמאָניעס, אָן כאָכמעס, הערן נישט קיין וועלט, נארישע מאָדעס. רעד דיר, שריי דיר הויך אַף א קאָל, טו דיר פריי אלצדינג, פראָסט ווי גאָט האָט געבאָטן. ווע־מעס אייסעק איז — שיין אָדער מיִעס, אויב עס פּאַסט, אָדער ניט! יענעם געפעלט נישט? לאָז ער פאַרמאַכן די אויגן, פאַרשטעקן די אויערן. געזמאַהע אים פאַרפול!... איך בין ביסלעכווייז געקומען צו די קרעפטן, געוואָרן רויִקער, געטראַכט פון גלופּסק, פון דער געמויערטער באָד און געהאָפּט צו האשעם־ייִסבאָרעך.

אָט אזוי בין איך מיר אין א שיינעם פרימאָרגן געגאנגען צווישן ווייץ און קאָרן און פאַר־גאנגען ביז צו א גרויסן, געדיכטן וואַלד. איך בין אריין טיפלעך אביסל אין וואַלד, אָפּגעלייגט זיך דאָרט מיט מיין פּעקל, אראָפּגעוואָרפן פון מיר די קאַפּאָטע און זיך אויסגעשטרעקט אונטער א בוים צווישן הויך גראָז, וואָס האָבן מיט די גרויסע, ברייטע בלעטער מיך פאַרשטעלט ארום און ארום. מיילע, וואָס איז דאָ איבערצוטראַכטן? א וואַלד — א וואַלד, ווי אלע וועלדער. ביי־מער זענען זיך ביימער, גראָז — גראָז, פייגעלעך — פייגעלעך, און איך בין מיר איך און מעג מיר טאַקע כאַפּן א דרעמל, זיך אויסרוען אביסל פונעם וועג. איך צי מיך, גענעץ, פאַרמאַך די אויגן און — הערט מיין כאָלעם.

עס דאַכט מיר זיך א שאָרך, עפּעס ווי טריט און א קנאַקן פון דאַרע ריטלעך. איך שטעל אוף די אויערן און האָרך מיט צוגעמאַכטע אויגן. דער שאָרך ווערט אלץ שטאַרקער, די טריט אלץ נעענטער. עפּעס הייבט עס מיך אָן צו ארגן, וויל עפענען די אויגן, נאָר שווערלעך, איך ליג ווי א קלאָץ און קען פאַר גרויס מידקייט מיך נישט רירן. די טריט אָבער ווערן באַלד שטי־לער, איך באַרויִק׳מיך, גיב מיך איבער דעם שלאָף, די געדאַנקען פּלאָנטערן זיך מיר און ס׳איז עפּעס גוט, אזוי גוט... עפּעס הערט זיך א שטיל אומעטיק ניגנדל, דאַכט זיך א באַקאַנטס, דאָס

ניגנדל צעגייט זיכ אינ אלע גלידער, רײַסט אויס א שטיק הארצ, עס גלוסט זיכ וויינענ אונ דערבײַ פילט זיכ טאקע, ווי עס קומט צו א שטיק געזונט, עפעס נאָר ווי אפ א באדעקנס פאר דער כופע, עס וויינט זיכ כאָסנ־קאלע אונ עס לאכט זיכ, ביידע זאכנ אינאיינעמ, ווי א זונ מיט א רעגנ צו גלײַכער צײַט. — פלוצימ פיל איכ, עפעס טוט מיכ א נעמ בא די האָר אונ טוט א געשריי. איכ כאפ מיכ געשווינד אופ, צענעמ פאר מיר די גרויסע בלעטער פונעמ גראָז אונ דערזע א טעפל מיט שטארק רויטע פילעניציעס, וואלגערנדיק זיכ נישט ווײַט פונ מיר אפ דער ערד. ווײַטער אביסל רוקט זיכ עמעצער ווי א נעקייווע, זיצנדיק אפנ גראָז, אונ קוקט זיכ ארומ אינ איינע שרעק. מיר איז באלד אײַנגעפאלנ, וואָס דאָס באטײַט. יענע האָט דאָ, אפאָנעמ, געקליבנ פילע־ניצעס, פארטיפט אינ דעמ זוכנ אונ בעשאס־מײַסע אונטערזינגענדיק עפעס א לידעלע, האָט זי פלוצימ אָנגעטאפט מײַנ קאָפ אונ זיכ שטארק איבערגעשראָקנ. איכ שטיי געשווינד אופ, נעמ דאָס טעפל אונ גיי איר עס אָפצוטראָגנ, מאכנדיק פונדערווײַטנס: נישקאָשע! גאנצ פרײַנטלעכ. נאָר קוימ קומ איכ צו נאָענט, פאלט מיר פונ די הענט דאָס טעפל ארויס. איכ טו א געשריי, בלײַב פארמישט — אונ באלד שטייענ מיר ביידע, שטײַפ האלטנדיק זיכ בא די הענט, איכ אונ מײַנ האָרבאטע...

דאָס איז געווענ טאקע וואכנדיק, נישט קיינ כאָלעמ, איכ האָב געקוקט אונ געזענ גאנצ קלאָר: פאר מיר שטייענ געזונטע ביימער, אויבנ אפ די צווײַגנ שפרינגענ פייגעלעכ, סווישטשענ, זינגענ אונ פרייענ זיכ מיט אונדז אינאיינעמ, ביידע זענענ מיר איבערגליקלעכ, פרייענ זיכ אונ לאכנ מיט טרערנ, ביידע וווּנדערנ זיכ, פרעגנ איינער דעמ אנדערנ, פונוואנענ ער האָט פלוצימ זיכ אהער גענומענ, אונ ביידע רעדנ, דערציילנ, וואָס מיט איטלעכנ האָט זיכ פאסירט.

זי דערציילט די גרויסע צאָרעס, וואָס זי, נעבעכ, איז אויסגעשטאנענ זינט די כאליאסטרע האָט מיכ פאראיאָרנ אינ שטעטל דאָרט אוועקגעוואָרפנ. דאָס איז געווענ דעמ מאמזערס ארבעט. אימ האָט זיכ נישט געגלוסט, מײַנ ווײַב זאָל נעמענ געט, ביכדיי זי זאָל נישט באלד צושטיינ צו אימ מיט גוואלד, ער זאָל מיט איר כאסענע האָבנ. אימ האָט נאָר געטויגט א בלינדע, אָבער נישט קיינ בלינדע ווײַב. מאכנ מיט איר כיינ אונ געלט — דאָס זאָל ער, אונ זײַנ זאָל זי זיכ געזונטערהייט יענעמס. דערבײַ האָט ער געהאט נאָכ א מיינ, מיר צו פארוויסטנ מײַנע יאָרנ, איכ זאָל נישט זײַנ פרײַ אופגעבונדנ. אימ איז אויכ שטארק נישט געפעלנ מײַנ פרײַנטשאפט מיט דער האָרבאטער, דאָס האָט אימ שרעקלעכ געשטאָכנ, אונ ער האָט פונ זײַנ זײַט געטאָנ מיטל, די פרײַנט־שאפט זאָל נישט גיינ ווײַטער... אבי ער איז מײַנער פאָטער געוואָרנ, האָט ער מײַנ ווײַב ביסלעכווײַז אינ די לאפעס ארײַנגענומענ אונ איר דערנאָכ געוויזנ, ווער עלטער איז, וויסנדיק זייער גוט, אז פונ זײַנע הענט איז איר שוינ אומעגלעכ זיכ אויסצודרייענ, וואָרעמ וואָס קענ א בלינדע איינע אליינ טונ? שפעטער האָט זי אימ זיכ שטארק צוגעגעסנ. ער האָט זי איבערגעגעבנ דעמ אל־טיטשקנ, צו גיינ מיט איר אינ די הײַזער אונ מאכנ די קאָמעדיִע ווי אמאָל מיט מיר. דער מאמ־זער האָט איר פארצאפט דאָס בלוט, זי געהארגעט, געשלאָגנ, אונ דער אלטיטשקער האָט באזונ־דער מיט איר געלערנט באָלעק. זי איז אינ א קורצער צײַט געעלטערט געוואָרנ, פינצטער ווי די ערד. — דאָס גאנצע יאָר האָט די כאליאסטרע זיכ ארומגעשלעפט, אינ פיל שטעט אויסגעווענ, אונ הײַנט פארטאָג זיכ געשטעלט אייסרוענ דאָ אינ וואלד. איר האָט זיכ פארגלוסט גיינ קלײַבנ פי־לעניצעס אונ האָט פלוצימ — אזוי לאָזט זי אויס מיט א שמייכלע — אָנגעטאפט א גוטע פילעניצע מיכ אליינ...

איכ פונ מײַנ זײַט דערצייל איר אלצדינג, וואָס מיט מיר האָט זיכ פאסירט אונ ווי איכ בינ אויכ הײַנט אינדערפרי געקומענ אהער, גייענדיק אפנ וועג קיינ גלופסק. בא אונדז איז געבליבנ פונ הײַנט אָנ זיכ מער נישט צעשיידנ, אײַנוועגדנ אלע מיטל, מײַנ ווײַב זאָל נעמענ געט. אויב כאָלילע ניט, וועלנ מיר ביידע פונ דער כאליאסטרע אנטרונענ ווערנ אונ ווארטנ, וואָס גאָט וועט געבנ. אונ ווי מיר זיצנ זיכ דאָ אזוי, שטארק האנאָע האָבנדיק איינער פונעמ אנדערנ, הערט זיכ אינ וואלד א קאָל: א־הו!

— דאָס איז א קאָל פונ אונדזערע לײַט, — זאָגט מײַנ האָרבאטע, — דאָס זוכט מענ מיכ.

אונ שפעטער א ווײַלע קומט צו א פארשוינ, וועלכנ איכ האָב באלד דערקענט. דער פארשוינ האָט מיכ עפעס קרומ אָנגעקוקט אונ געשמייכלט פאר זיכ מיט א געשפעט. מיר מאכנ נישט לאנג שיִעס אונ לאָזנ זיכ גיינ. דער פארשוינ לויפט פריִער, אײַלט, זיכ, אפאָנעמ, אָנצוזאָגנ די גוטע

פֿסורע, און מיר אײַלן זיך נישט, גייען פּאַמעלעך. הינטער א קרעטשמעלע, א כורווע, אף א היפּשע שטרעקע ווײַטלעך אין דעם וואַלד, זע איך, שטייען באַקאַנטע בײַדלעך, ווײַטער אביסל, אף א פֿרײַען פּלאַץ ארומגערינגלט מיט ביימער, ברענט א פֿײַערל, די שיינע כאַליאַסטרע ארום, און ס'איז פֿריילעך. דעם ערשטן „שאָלעם־אַלייכעם" שטעקט מיר אָפּ דער מאַמזער מיט ברייט־קײַט, הויך אף א קאָל: א, א, א גאַסט, כלעבן! וואָס מאַכט א ייִד? איך האָב טאַקע נאָך אײַך שיין געבענקט, רעב פֿישל! — באַלד דערופֿ לאָזן זיך הערן קוילעס: קומט מעקאַבל פּאָנעם זײַנ־דעם „נ אָ ג י ד!" און פֿון אַלע זײַטן שיטן זיך מיר מעשונע־ווילדע, מעשוגענע „שאָלעם־אַלייכעמס" מיט קניפּ און קלעפּ הינטן־ארום, אזוי אז דאָס היטל איז מיר פֿונעם קאָפּ אראָפּגעפֿאַלן. און ווי איך דריי מיך דאָ, זוך דאָס היטל, צודעקנדיק דערווײַל דעם קאָפּ מיטן עק פּאָלע פֿון דער קאַ־פּאָטע און כאַפּ קלעפּ גאָר א שרעק, פֿליט צו מײַן ווײַב מיט א פֿרייד אין איין קאָל: ווו איז ער, מײַנער? ווו, ווו? פֿישקע?... איר פֿרייד האָט מיך ערגער געשטאָכן ווי פֿון די פֿײַנע לײַט די קניפּ. צום גוט טויג מיר קלאָל נישט אזא פֿרייד, טראַכט איך מיר, האָב מיך בעסער פֿײַנט, ווי דער גאַנצער אוילעם דאָ. זי אָבער הענגט זיך אף מיר, אַלץ „פֿישקע, מײַן פֿישקע!" מיר איז שטאַרק נישט גוט געוואָרן אָנקוקנדיק זי, א בלינדע, א דאַרע, א שלאַפֿע, אַלטע ייִדענע! ווו איז איר לײַב, איר געזונט, אירע פֿעטע באַקן און איר פּיסק? איך האָב מיר באַדאַרפֿט אָנטון א קויעך א פֿרעג צו געבן זי, פֿון יויצע וועגן: וואָס מאַכסטו, באַסיע?

— דו ביסט טאַקע גערעכט געווען, פֿישקע, זאָגנדיק אַמאָל: „אין גלופּסק האָבן מיר ביידע, בעאָרעכאַשעם, א שיינעם נאָמען געהאַט, איטלעכער האָט מיך געקענט און אף מיר קאָוועד גע־לייגט", — מאַכט מײַן ווײַב הויך אף א קאָל, אַלע זאָלן הערן, אָנעמענדיק דערבײַ א שטאָלצע מינע, ווי אַן אָפּגעקומענער נאָגיד, וואָס דערציילט פֿון זײַן גרויסקײַט אין די פֿריִערדיקע יאָרן און געטאָן א זיפֿץ טיף פֿונעם האַרצן, — גענוג זײַן נאָווענאַד, אַהיים, צוריק אַהיים פֿיר מיך, פֿישקע, צוריק אין א ו נ ד ז ע ר שטאָט, צו אונדזערע הײַזער, אונדזערע באַלעבאַטים! —

ס'איז מיר געוואָרן פֿינצטער אין די אויגן פֿון אירע רייד, אזעלכס איז מיר גאָר ניט אײַנ־געפֿאַלן צו הערן פֿון איר און איך האָב מיך שטאַרק פֿאַרקרימט. דער מאַמזער האָט זיך אויך מי־עס פֿאַרקרימט, טראַכטנדיק זיכער, אז איך וויל דערטאַפּן די סכוירע און בא אים צונעמען די פּאַרנאָסע. איך האָב נאָר געטראַכט: אַדרעאַבע, בא דיר בלײַב עס, איך בין דיר זי מויכל פֿונעם גאַנצן האַרצן. עס האָט אין אים געברענט די רעציכע, די אויגן זענען אים פֿאַרלאָפֿן מיט בלוט, אָנקוקנדיק מיך בייז. דערנאָך האָט ער זיך אופֿגעהויבן פֿון זײַן אָרט, געוואָרטשעט און איז אוועקגעגאַנגען שטאַרק אין קאַס.

ווײַבער און מיידלעך פֿון דער שיינער כאַליאַסטרע האָבן זיך געפּאָרעט נעבן דעם פֿײַער, צוגעשטעלט טעפּלעך, געשאַרט, גערוקט, געבאַקט קאַרטאָפֿליעס. א טייל באָכערים שטייען־צו און שפּילן זיך מיט זיי אונטער, דערלאַנגען א זעץ, א קניפּ און זאָגנדיק דערבײַ גלײַכווערטלעך. די ווײַבער זענען קלאָמפּערשט בייז, גרייט אויסצורײַסן די אויגן, זידלען, שעלטן און קײַכן טאַקע באַלד פֿאַר געלעכטער, לאָזן זיך כאַפּן ווי א הון פֿונעם האָן, ווען ער וואַרפֿט אף איר אַן אויגל מיט אראָפּגעלאָזענע צעשפּרייטע פֿליגל, און איז מעקאַבל בעאַהווע דעם פּיק, וועלכן ער טוט איר אין קעפּל. — ווידער א טייל זענען צעזייט, צעשפּרייט אין וואַלד. איינער ליגט מיט דעם רוקן ארופֿ און כראָפּעט, דער אַנדערער לאַטעט עפּעס א קאַפּטאַן, יענער קראַצט זיך, טאַפּט און זוכט עפּעס מיט א שטאַרק ערנסט פּאָנעם. נאָך עטלעכע שלאָגן זיך, פּרוּוון, ווער וועמען וועט בײַקומען. עס קאָכט זיך, עס ראַשט זיך, כעוורע לעבט!... מײַן ווײַב האַלט מיך פֿעסט מיט די הענט, גאָר איין גוף, איין נעשאָמע, רעדט און רעדט פֿאַר פֿײַער, פֿאַר וואַסער, זי קלאָגט זיך אף איר פֿינצטערן מאַזל, דערציילט איר שווער ביטער געמיט, וויִאַזוי זי איז עס אביסל אָפּגעקומען, און ווינטשט נישט אַנדערש, איך זאָל זי פֿונדאַנען אַוועקפֿירן, לעבן מיט איר אינאיינעם, ווי גאָט האָט געבאָטן, ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר. איך ענטפֿער איר איין וואָרט אַפֿן צענטן, עפּעס אָן לאָשן, און זוך ווי פֿון אירע הענט זיך אויסצודרייען. אז איר האָט זיך שוין אויסגעלאָזט רייד און מיר זענען שוין גענוג אף איין אָרט זיך אָנגעזעסן, איז מיר לעסאָף געראָטן פֿון איר זיך אויסצורײַסן, אביסל פֿרײַ צו עטעמען. איך האָב באַלד אויסגעזוכט מײַן האָרבאַטע און מיט איר שטילערהייט אוועק אביסל אין דער זײַט. דער שמועס אונדזערער האָט זיך אָנגעהויבן דערמיט, אז ס'איז שטאַרק נישט פֿריילעך. פֿון געטן זיך מיט מײַנער איז גאָרנישט צו דערקענען, זי וועט

פארוואַרפן מיטן קאָפּ, נישט וועלן אפילו הערן. ווידער־זשע דאָ צו בלייַבן בא דער גוטער קנו־פיע איז אוואדע נישט גוט. דאָס הייסט פּאַשעט זיך פארקויפן דעם רוקן, אף דאָס נייַ ווערן א בער און טאנצן אף די לאַפּקעס. וואָס דען־זשע טוט מען? א היפּשע צייַט זענען מיר אזוי געזעסן און אונדזער שמועס האָט זיך אויסגעלאָזט דערמיט: איינן ברירה, מע באדארף מאכן א פּלייטע. און אזויווי די כאַליאַסטרע האָט בעדייע דאָ צו נעכטיקן, איז פאר אונדז קיין בעסער אָרט נישט געווען ווי אָפּצוטון עס טאקע די הייַנטיקע נאכט, דאָ אין דעם וואלד. ווי מיר זיצן און באטראכטן גוט דעם פּלאַן, ווייַזט זיך פונדערווייַטנס דער מאמזער מיט עפּעס א פּאָר פערד. — לאָמיר נישטווארטן — זאָגט מייַן האָרבאטע — ביז ער וועט צוקומען נעענטער. עס טויג נישט, ער זאָל אונדז זען זיצנדיק אינאיינעם. בעסער לאָמיר באצייַטנס זיך צעגיין.

זי גייט אוועק אין איין זייַט און איך אין דער אנדערער.

דער מאמזער איז עפּעס ווי שטארק באשעפטיקט געווען, זיך אלץ געסוידעט מיט דעם אלטיטשקן, וואָס איז געווען זייַן גאנצער פּליגל־אדיוטאנט. איך האָב אויסגעמיטן מיט דעם מאמזער זיך נאָענט נישט צו באגעגענען און מיך געהאלטן אלץ באזונדער. בעשאס כעוורע האָט געארבעט, געשטיפט, פארטראָגן געווען מיט זיך, איז צו מיר צוגעגאנגען מייַן האָרבאטע, מיר אייַנגערוימט אין אויער, אז איידער די זון וועט זיך זעצן, וויל דער מאמזער זיך רירן מיט דער כאַליאַסטרע אין וועג אריַין. די פּאָר פערד, וועלכע ער האָט געבראכט צו פירן, זענען געגאנווע־טע, און ער אייַלט זיך, אפּאָנעם, דעריבער אוועק פונדאנען. פון אונדזער פריערדיקן גאנצן פּלאַן האָט זיך אויסגעלאָזט א טייַך. איך בין געבליבן שטיין אָפּהענטיק, נישט צו וויסן וואָס מע טוט. עס האָט מיך פארקלעמט באַם הארצן פאר גרויס פארדראָס, אזוי אז דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרייט און מיך קאַם געהאלטן אף די פיס. מייַן האָרבאטע האָט מיך אָנגעקוקט מיט גרויס רחמנות, די אויגן האָבן איר געברענט ווי פייַער. דאָס פּאָנעם האָט איר געפלאמט, און נאָכדעם, אז זי האָט א ווייַלע געטראכט, זאָגט זי צו מיר מיט א ציטערדיק קאָל:

— פישקע! זאָלסט שפּעטער אביסל זיך געפינען אין דעם כורוועלע, דאָרט אפן בוידעם. דו פארשטייסט?...

— איך פארשטיי, פארשטיי, — רופּ איך מיך אָן לעבעדיק, אונטערשפרינגענדיק פאר פרייד, — און דו וועסט דערנאָך אהינ אונטערקומען?

— יאָ, שא! — מאכט זי און טוט מיטן קאָפּ א שאָקל אף יאָ — לעמאנעשעם שטיל, דו הערסט?

מיט מייַן ווייַב האָב איך נישט געהאלטן אזוי פאר נייטיק זיך צו געזעגענען. האגאם ס'איז אף איר געווען א רחמאָנעס, נאָר ווער איז איר שולדיק? זי האָט געגעבן דעם ערשטן ריס, און דער ריס צווישן אונדז איז געוואָרן אלץ גרעסער, גרעסער. פארפאלן. וואָס האָב איך גע־קענט טון? אז, גאָר אכוץ אלע אנדערע זאכן, איז מיר אומעגלעך געווען מיט איר אף ווייַטער זיך צו פארבינדן, אומעגלעך מיט איר זיך צינויפגיין, ווי דער הימל מיט דער ערד. איך האָב, עס פארשטייט זיך, פארגעסן דעם „זייַ געזונט" און שטילערהייט זיך געלאָזט גיין צו דעם כורוועלע.

מיט וואָס פאר א הארץ איך בין אין דעם כורוועלע אריַינגעגאנגען, איז גרינג צו פארשטיין. נאָך אזויפיל פּייַן און געבראָטענע לייד האָט גאָט געוואָלט צונויפירן מיך מיט דער האָרבאטער אין איינע וויסט קרעטשמעלע, וואָס דאָ האָט באדארפט אויסגעשפּילט ווערן אונדזער ביידנס גוירל און פון אצינד אָן אָנהייבן צו פירן א נייַ לעבן. ארופקריכנ אפן בוידעם איז מיר אָנגעקומען זייער גרינג, וואָרעם דאָס שטיבל איז געווען נידעריק, מיט דער הינטערשטער וואנט, וואָס איז הויז אריַין, אָנגעבויגן קימאט ביז צו דער ערד. די סטעליע איז געווען ערטערווייַז געלעכערט מיט גרויסע שפּאלטן, אזוי אז מע האָט געקענט פונעם בוידעם אריַינקוקן אינעווייניק אין דעם שטיבל אריַין. איך זיץ מיר אין א ווינקעלע און ווארט. עס טיאָכקעט מיר דאָס הארץ, קלאַפּט ווי מיט א האמער. איטלעכע מינוט ציט זיך מיר ווי א יאָר. איך האָרך מיך צו צו א מינדסטן שאָרך. א מינדסטע באוועגונג פון א שטרויעלע ערגעץ, דאכט זיך מיר טריט, זי גייט... א מינדסט בלאָזעלע פון א ווינטעלע, דאכט זיך מיר מייַן נאָמען, זי רופט... פּלוצים קומט מיר צו די אויערן פונעם שטיבל אונטן עפּעס א קאָל. דער געדאנק, אז דאָס איז זי, אָט איז זי, באלד, באלד ווערן מיר אויסגעלייזט — האָט מיך צעקאָכט, געוואָרפן פון היץ אין קעלט. איך וויל

מיך אָנרופֿן, פֿאַרכאַפּט מיר אָבער דער אָטעם, עס דינט מיר נישט דאָס מויל. אין דער דאָזיקער הייסער רעגע הער איך טאַקע גאַנץ שאַרף מײַן נאָמען און די אויגן מײַנע דערזעען דורכן א שפּאַלט — וועמען? אוי, דעם מאַמזער מיט דעם אַלטיטשקן!... זיי שמועסן צווישן זיך אַזוי:

— דו נעם אָפּ דיר דײַן שטיקל סכוירע, — זאָגט דער מאַמזער, — גיב אַכטונג, די בלינדע מאַכשייפֿעטע זאָל זיך ניט אויסגליטשן. פֿאַרשטייסט?

— נישקאָשע! — ענטפֿערט דער אַלטיטשקער, — מײַנס האָב איך שוין געטאָן, איך האָב נאָר מוירע, זי זאָל נישט פֿייגערן. דער אַלטער סקראַב ליגט אַצינד ווי א טויטע און קען זיך נישט רירן, אַזוי האָב איך איר געבראָכן דיביינער.

— און דעם הינקענדיקן פּלאַסקעדריגע, — פֿירט אויס דער מאַמזער, — נעם איך אָפּ מיר. אָנקוקן קען איך נישט זײַן פֿאַרצעפּ־פּאָנעם, אַזוי פֿײַנט האָב איך אים. איך וועל מיך מיט אים אָפּרעכענען, נישקאָשע, איך האָב נאָך מיט אים אַלטע כעזשבוינעס.

ס׳איז מיר אַנטפֿאַלן דער מאַמעס מילך, הערנדיק אַזעלכע שרעקלעכע ווערטער.

— ווי עס זעט אויס, — מאַכט דער אַלטיטשקער, — זענען דײַנע געלאַקכנטע סוסים ייִדישע. דאַרע, דערשלאַגענע, קאַלטענעוואַטע, מיט אויסגעקרימטע רוקנס, מיט דינע העלדזער, גערגעלעך און מערידן, ווי אונדזערע פּאַראַפּאַטשקעס, פֿײַנע בריעס.

— אָפּפֿאַלן זאָל דיר די צונג, דו אַלטער סטורמאַק! — זידלט זיך דער מאַמזער, — גיי בעסער זוך, שמעק, קעלעוו איינער, דאָ אין הויז, אַפֿן בוידעם, טאָמער וועסטו „פּאָציאַפּען“ עפּעס אַלטע באַלעגאָלישע זאַכענישן, וואָס קענען אונדז טויגן. פֿאָרט איז דאָך עס אַמאָל געוועזן אַן אײַנפֿאָר־הויז, מישטיינסגעזאָגט.

עס באַשלאָגן מיך אַנגסטן, מיר איז נישט גוט צום שטאַרבן. איינס פֿוס ציטערט מיר שטאַרק און טוט, נישט ווילנדיק, א זעץ אין דער סטעליע. די פּאָר שיינע לײַט פֿאַרײַסן די אויגן אַרויף, שטייענדיק א ווײַלע פֿאַרגאַפֿט. דערנאָך לאָזן אַרויס ביידע אין אייך קאָל:

— עפּעס שיט זיך פֿון דער סטעליע! מע באַדאַרף טון דאָרט א קוק.

עס פֿאַרדרייט מיר זיך דער קאָפּ. סע קלינגט מיר אין די אויערן, שווינדלט אין די אויגן און איך שוועב עפּעס אין לופֿטן...

יאָ, טאַקע אין לופֿטן. א פּאָר אײַזערנע הענט טוען מיך א כאַפּ און שלײַדערן מיך פֿונעם בוידעם אַראָפּ אַפֿ דער ערד. איך דערהער, ווי מע מאַכט מיר א ברייטן „באָרעכאָבע“ מיט דעם טיטל: ס׳קאָצל קומט, רעב פֿישל! און דערזע באַלד דעם מאַמזער מיט א פּאָנעם, א שרעק אָנצוקוקן, עפּעס נאָר א פּאָנעם ווי בײַ א קאַץ, בעשאַס זי קלײַבט זיך צו דערשטיקן דאָס געכאַפּטע מײַזל. דעם אַלטיטשקן האָב איך שוין נישט געזען. ער איז, אַפּאָנעם, אַוועק, איבערלאָזנדיק מיך אויג אויף אויג מיט דעם מאַמזער.

— אַנו, נעפּעשל, — מאַכט דער מאַמזער, — זאָג ווידע!... דאָס, וואָס איך האָב באַדאַרפֿט טון אַמאָל, דאָרט אין קעלער, וועל איך עס דיר טון אַצינד. פֿײַוווישקע פֿאַרגעסט נישט, נישקאָשע.

איך פֿאַל אים צו די פֿיס, וויין, בעט מיך בײַ אים, ווי בײַ א גאַזלען, מיר צו שענקען דאָס לעבן. עס העלפֿט נישט. ער נעמט אַרויס א מעסער, האַלט עס מיר אַנטקעגן די אויגן, מיט גרויס האַנאָע צוקוקנדיק, ווי איך צאַפּל, פּלאַטער. איך פּרוּוו מיך אײַנשמועסן אים מיט דעם גאַניידן, זאָג אים צו אוילעמאַבע, א גאַנצע וועלט, שענק אים מײַן כיילעק אוילעמאַבע אויך, אַלצדינג וואָס נאָר מעגלעך. ער שטשירעט אויס אויגן און שווײַגט, איך הייב אָנעט צו שרעקן אים מיט דעם געגעם, מיט גאָטס מישפּעט, דער אייבערשטער וועט אים שטראָפֿן, זיך נויקעם זײַן פֿאַר אומשולדיק בלוט. ער פֿאַרבײַסט די ליפּן, טוט א הייב דאָס מעסער, און — אין דער שרעקלעכער רעגע, וואָס אָט־אָט ליגט מיר דער כאַלעף אַפֿ דעם האַלדז, טוט עס אים פּלוצים עפּעס א כאַפּ פֿון הינטן, גאָר ניט מיט קיין מענטשלעכן געשריי: ניין, ניין, ווען עס נישט טון! — ער ווערט שטאַרק פֿאַרמישט און קוקט זיך אין שרעקעניש אַרום.

דאָס האָט אים א כאַפּ געטאָן דאָס האָרבאַטע מיידל!

— כצופֿע, אַרויס! — דערלאַנגט דער מאַמזער א געשריי, באַלד ווי ער איז צו זיך געקומען, — אַרויס, כצופֿע! וואָרעם...

— נײַנ, נײנ, פונדאנענ גײ איכ נישט ארויס! דערהארגעט זאָל איכ דאָ ווערנ אינײנעם מיט אים! — שרײַט באהארצט די האָרבאטע און פאלט דעם מאמזוער אפנ האלדז, וויינט מיט ביטערע טרערנ, גלעט אים און כאלעשט פאר אים, ער זאָל מיכ אָפּלאָזנ, זאָגט אים צו דאָס אײביקע לעבנ און א שטול אינ גאנײדנ: דער מאמזוער טוט זי פונ זיכ א וואָרפ ווי א מיאטשיק, שעלט, פלוכט אפ וואָס די וועלט שטײט. און אז די רעציכע איז אים אביסל אָפּגעגאנגענ, ווענדעט ער זיכ צו מיר מיט די ווערטער:

— עס טוט מיר זײער לײד, וואָס איכ אלײנ האָב דאָ דיכ, מינ טינויפעסל, נישט „געבאלדאָווערט”. נאָר אויב דיר האָט געשפילט דאָס טרײפע מאזל דײַנס, איכ זאָל דיכ, פארשטונקנ נעפעשל, נישט צעקוועטשנ ווי א קינע, דאָכ אינגאנצנ טרוקנ ארויס פונ מײַנע הענט וועסטו נישט.

ער נעמט א שטריק, מיט וועלכער ער איז געווענ ארומגעגארטלט, שטעלט זיכ בינדנ מיר הענט און פיס, מאכנדיק דערבײַ:

— ליג־זשע דאָ שטיל, הונט אײנער, קײנ פארע זאָל מענ פונ דיר נישט הערנ! ליג ביז די פעגירע וועט דאָ אפ דיר קומענ, נאָר געדענק־זשע, פלאסקעדריגע, טאָמער טרעפט זיכ דיר א נעס, עפעס א באָבע דײַנע אינ קײוועיר וועט זיכ פאר דיר מיִענ, און גײסט פונדאנענ א לעבעדיקער ארויס, זאָלסטו זיכ היטנ, מיר פאר די אויגנ זיכ נישט צו ווײַזנ, וואָרעם באלד „פלומפל” איכ דיכ און מאכ כיק...

אָפּגעטאָנ מיר מײַנ רעכט, נעמט ער זיכ צו דער האָרבאטער, וואָס האָט זיכ געוואלגערט אפ דער ערד, געיאָמערט, געקלאָגט, קוקנדיק אפ מיר, און זיכ געריסנ בא די האָר.

— א, דו כצופע אײנע! — בײזערט זיכ דער מאמזער, א שטופ געבנדיק זי, נעבעכ, מיטנ פוס — איכ ווײס, נישקאָשע, פארשטײ אלצדינג. דאָס איז געווענ אנ אָפּגערעדטע זאכ — א כאסענע אָנ קלעזמער, דאָ אפנ בוידעם... א שײנ מײדעלע, נישקאָשע, און פאר מיר גיט זי זיכ אויס פאר א רעבעצנ. פונ הײַנט אָנ וועסטו שוינ בא מיר וויסנ, כצופע אײנע!

ער טוט זי א כאפ אינ די הענט און, אומקערנדיק זיכ צו מיר מיט א זאָג: שא, הונט, געדענק מײַנע ווערטער! — ווערט ער מיט איר געשווינד אנטרונענ.

אינ גענעם קענ מענ אזויפיל יעסורימ נישט לײַדנ, וויפל איכ האָב איבערגעליטנ. איכ בינ געווענ נישט אינ גענעמ, נאָר דער גענעמ אינ מיר.

עס האָט אינ מיר געקאָכט, געברענט א העליש פײַער. די האָר זענענ מיר געשטאנענ קאפויר. עפעס האָב איכ געפילט, זײ שטעכנ מיכ ווי שפּילקעס, און דאָ טאָר מענ נאָכ נישט הויכ וויינענ, נישט טונ קײנ פּיפּס.

שפּעטער אביסל האָבנ מיר אינ די אויערנ זיכ פארטראָגנ קולעס: א סקריפּ פונ רעדער, .א ליארעמ, א געשריי פונ מענטשנ. דאָס באטײַט, כעוורע האָט זיכ גערירט, די כאליאסטרע האָט זיכ געלאָזט אינ וועג ארײַנ, און מיט דעמ פעקל לײַט — מײַנ הארצ, מײַנ גוטע, בידנע, אומגליקלעכע האָרבאטע, נעבעכ...

א היפּשע לאנגע צײַט בינ איכ געלעגנ ווי א שטומע שאָפ, געבונדנ אפ אלע פיר, מיט אויגנ ווי די באנקעס פונ הײסע טרערנ. די שטריק האָט מיר זיכ אײַנגעשניטנ אינ לײַב ארײַנ און בא א מינדסט רירעלע מיכ געשניטנ ווי א מעסער. עס האָט מיכ דערצו נאָכ געברענט א טרונק, אָט, האָב איכ געמײנט, עקט מיר זיכ דאָס לעבנ. פאר גרויס ווײטעק האָב איכ דערנאָכ אָנגעהויבנ שרײַענ, טאָמער וועט עמעצער דערהערנ. די כאליאסרטע האָט, נאָכ מײַנ רעכענונג, שוינ געמוזט אײַנפאָרנ גאנצ ווײַט. איכ שרײַ, אָבער אומזיסט — שרײַ צו דער וואנט! עס טריקנט מיר אינ האלדז, עס באשלאָגנ מיכ אנגסטנ. דאָס שרײַענ קומט מיר שוינ אָנ שווער, איכ מוז צווישנ אָפּרוענ. די לאגע מײַנע ווערט וואָס ווײַטער ערגער. נישטאָ שוינ קײנ קויעכ צו שרײַענ. די נעשאָמע הענגט מיר אפנ שפּיצ נאָז. דער מאלכאמאָוועס, פיל איכ, איז נאָכ איר געקומענ. מע באדארפ שטארבנ, יונגערהײט פונ דער וועלט גײנ. איכ טו מיר אָנ א קויעכ, נעמ זיכ צונויפ מיט אלע מײַנע קרעפטנ און טראכט, לאָמיכ כאָטש טונ דאָס לעצטע געשריי — לאָז הילכנ די טקיִע גדוילע פונ מײַנ אומגליקלעכ לעבנ...

נאָר גאָט האָט אָבער אײַכ, רעב אלטער, געבראכט! איר זײַט מיר בײַגעשטאנענ אינ דער נויט און מיכ דערהאלטנ באמ לעבנ.

אז פישקע האָט געענדיקט זײַן אומעטיקע מײַסע, איז צוגעפאַלן די נאכט, און אונדזערע פערדלעך האָבן זיך פארשלעפט צום גרינעם בארג, וואָס פאר גלופּסק.

דער גלופּסקער גרינער בארג איז באקאנט קימאט דער גאנצער וועלט. נאָך פון גאנץ אלטע צײַטן טראָגט זיך וועגן אים ארום צווישן דעם אוילעם א לידל, וואָס קינד און קייט קענען עס, וואָס אלע מאמעס און אמען נעמען דערמיט אײַן און פארוויגן ברעקלעך קינדער. מײַן מאמע, זאָל האָבן א ליכטיקן גאניידן, פלעגט מיר קינדווײַז אויך אלץ זינגען דאָס לידל:

„אף דעם גרינעם בארג,
אף דעם הויכן גראָז
שטייען א פּאָר דײַטשן
מיט די לאנגע בײַטשן.
הויכע מאנען זענען זיי,
קורצע קליידער טראָגן זיי,
אָווינו מיילעך"...

דאָס לידל פלעגט מיר זייער געפעלן, פיל בעסער פון אונדזערע לידלעך. עפּעס איז מיר דער גרינער בארג אזוי וווּנדערשיין פירגעקומען אין מײַן קינדערש קעפּל! עס האָט מיר זיך געדאכט, ער איז נישט גלאט גראָב פון ערד, ווי די פּראָסטע בערגלעך ארום מײַן שטעטל. ניין! ער איז עפּעס, ווי זאָגט מען עס, גאָר קעצאפיכיס... ווי דער האר האזייסים, דער בארג לעוואָנען פון ערעציִיסראָעל־ערד. — און די דײַטשן דאָרט, זיי זענען מיר פירגעקומען עפּעס גאָר מעשו־נע ווילד, איך בעט זיי מעכילע, עפּעס אזעלכע מינע באשעפעניש, מינע בעהיימעס אזעלכע, אָקסן, שאָראבאָרן. זיי שמײַסן מיט לאנגע בײַטשן און לאָזן צו גלופּסק נישט צוטרעטן, ווי דער סאמבאטיען צו די רויטע יידעלעך. ארײַן אין גלופּסק מוז מען כאפּן א שמיץ. און אלע דאָרט האָבן א פּאָנעם פון אָפּגעשמיסענע... שפּעטער, אז איך בין ארויס פון די קינדערשע שיכלעך און אויסגעוווּנען א וועלט, אין גלופּסק אויך, האָב איך שוין געזען אלצדינג מיט אנדערע אויגן און פארשטאנען, ווי עס געהער צו זײַן דעם פּשאט פונעם לידל. דער גרינער בארג איז פּאָשעט טאקע א בארג, נישט אזוי גרין ווי בלאָטיק, זייער גריבעדיק, און די דײַטשן, הויכע מאנען דאָרט, זענען געזאָגט געוואָרן אנטקעגן יענע מאנען מיט לאנגע הענט און קלעפּיקע פינ־גער, וואָס לאקכענען און שנײַדן אָפּ קלומקעס. געוויינטלעך איז דער שטייגער, דאָס ערשטע מאָל ארײַנצופאָרן קיין גלופּסק אָן א קלומעק. דערנאָך אז מע איז שוין גוט אָנגעלערנט, לאָזט עס עטלעכע ווערסט פאר גלופּסק עפּעס נישט רוען. די אויגן כאפּן, ווי פון זיך אליין, א קוק הינטערן בײַדל, די הענט — א טאפּ דאָס קלומעקל, די בוזעמקעשעניע, צושפּיליענדיק די קאפּאָ־טע אף אלע קנעפּלעך. איך בין אויסן דערמיט, אז דערגרייכנדיק דעם גרינעם בארג, האָבן אלע אונדזערע אייוורים, די נאָז אויך, געפילט פונדערווײַטנס גלופּסק. און ערשט שפּעטער א ווײַלע, אז מיר האָבן אין אלע זײַטן זיך גוט ארומגעקוקט, א טאפּ געטאָן אין וואָגן, האָב איך מיך דערמאָנט אין פישקען און געזען ווי ער זיצט, נעבעך, פארומערט, שטארק באטריבט.

איך נעם מיך טרייסטן פישקען, שטארקן אים מיט גוטע רייד, מאכנדיק זיך דערבײַ קלאָמ־פערשט פריילעך, און לאָז אויס מײַנע טרייסט־ווערטער מיט דער אנדערער העלפט פונעם פרי־ערדיקן באקאנטן לידל:

„אָווינו מיילעך —
דאָס הארץ איז מיר פריילעך.
פריילעך וועלן מיר זײַן,
טרינקען וועלן מיר ווײַן,
קרעפּלעך וועלן מיר עסן
און אונדזער ליבן גאָט
קיינמאָל נישט פארגעסן".

זאָרג נישט, פישקע! אונדזער ליבן גאָט באַדאַרפֿ מען קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן. ער קען העלפֿן.

— איך פֿרעג אײַך נישט מער, רעב מענדעלע! — מאַכט פֿישקע מט א ביטער געמיט, — צו וואָס האָט עס גאָט באַדאַרפֿט מיך מיט איר ווידער צונויפֿירן, ביכדיי באַלד טאַקע אונדז צעשיידן? עס זאָל אונדז פּלוצלים א שײַן טון דאָס מזל, ביכדיי באַלד טאַקע זאָל אונדז נאָך ערגער פֿינצ־טער ווערן אין די אויגן?.. ס'איז עפּעס נאַר, ווי א צולאָכעס! און געוואַלד, ריבוינעשעלוילעם, אנטקעגן וועמען, אנטקעגן צוויי אומגליקלעכע ביטערע קאַליקעס, וואָס אײדער אזא וויסט לעבן אין יעסורים, אין ווייטעק, וואָלט פֿאַר זיי פֿיל גלײַכער געווען גאָר ניט געבוירן צו ווערן!...

איך מאַך א פֿרום פּענעמל און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ זאָג איך: טע־טע־טע! וואָס האָט אזויפֿיל געהייסן: מע טאָר נישט רעדן אזוינס! געזאָגט האָב איך עס, נישט ווײַל דאָס איז בא מיר געווען א גוטער ענטפֿער אף דער קאַשע, נאָר גלאַט אזוי, ווײַל דער שטייגער אין דער וועלט איז שוין אזוי, אז איינער פֿרעגט פֿאַר צאָרעס שטאַרקע קאַשעס, מוז דער אַנדערער זאָגן מוסער, אָפּשלאָגן אים כאָטש מיט טע־טע־טע. אָפּזאָגנדיק דעם מוסער, פֿון יויצע וועגן, עפּנ איך באַלד א מויל און רעד ווערטער פּאַשעט ווי א מענטש, אזוי:

— זאָג נאָר, פֿישקע, ווי דאָס מיידל הייסט: ביז אהער האָסטו זי אַלץ גערופֿן די האָרבאַטע מײַן האָרבאַטע, אַצינד וויל איך וויסן ווי זי הייסט.

— אנטקעגן וואָס, רעב מענדעלע? — רופֿט זיך אָן פֿישקע, אָנקוקנדיק מיך פֿאַרוואונדערט, — אנטקעגן וואָס, איך בעט אײַך, ווילט איר עס אזוי וויסן? צו וואָס אומזיסט אויסגעבן א מיידלס נאָמען?

— פֿאַרשטייסטו, נאַרעלע — ענטפֿער איך, — דאָס קען אמאָל צונוץ קומען. אף מײַנע נעסיִעס קען זיך מאַכן, איך זאָל עפּעס נאָכשמעקן, אויספֿאָרשן. לאָמיך וויסן איר נאָמען. נישקאָשע! זייער מעגלעך, דו פֿאַרשטייסט? אז דײַן שאַדן זאָל זיך נאָך אופֿזוכן. איך זאָל זײַן דער שאָליִעך.

— ב י י ל ע הייסט זי, — כאַפּט זיך פֿישקע זאָגן מיט א קאָל, — זי הייסט ביילע!

פּלוצים הערט זיך עפּעס א שטאַרקער קרעכץ מיט א קלאַפּ, ווי עס האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן. איך קוק מיך דערשראָקן אום און דערזע: מײַן אַלטער ליגט אויסגעצויגן אפֿן וואָגן, זיפֿצט און איז בלייך ווי די וואַנט.

— וואָס איז אײַך, רעב אַלטער? — טו איך אים א פֿרעג, — איר ווילט עפּשער נעמען אביסל בראָנפֿן? — אײַך איז נישט גוט?

— בע!... ענטפֿערט אַלטער, שטאַרקט זיך און זעצט זיך ווידער אוף.

— זאָג, מיר, פֿישקע! — הייב איך ווײַטער אָן, נאָכדעם אז איך האָב מיך באַרויִקט וועגן אַלטערן, — ווייסטו נישט, ווי די מאַמע אירע האָט געהייסן און פֿונוואַנען זי איז?

— יאָ, — ענטפֿערט פֿישקע, — מײַן האָרבאַטע האָט מיר דערציילט, אז איר מאַמע פֿלעגט מען רופֿן ע ל ק ע. זי געדענקט, ווי דורכן שלאָף, אז די מאַמע האָט זיך געגעט מיט איר מאַן אין ט ו נ ע י א ד ע ו ו ק ע. זי פֿלעגט עס זייער אָפֿט דערמאַנען און אויסלאָזן איר שווער, ביטער האַרץ צו איר וויסט טעכטערל, נעבעך.

— מיט איר מאַן אין טונעיאַדעווקע! — מאַך איך פֿאַרוואונדערט, — ווער זאָל דאָס דאָרט זײַן איר מאַן, דער ראָשע־מערושע מיט א שטיינערן האַרץ, וואָס האָט דערווײַטערט זײַן קינד, זי גע־מאַכט אזוי אומגליקלעך? הא, טאָמער ווייסט איר, רעב אַלטער, וויִאזוי זאָל ער דאָרט בא אײַך אין שטעטל הייסן?

אַלטער איז געזעסן ווי א טויטער, אויסגעגלאָצט א פּאָר אויגן, געקוקט עפּעס משונע ווילד מיט אן אָפֿן מויל, אזוי אז ס'איז מיר אנטפֿאַלן דאָס געזונט.

— ער האָט געהייסן... — רײַבט פֿישקע דעם שטערן און וויל זיך דערמאַנען דעם נאָמען, — ער האָט, האָט, דאַכט זיך, געהייסן... וואַרט אביסל.

— א ל ט ע ר הייסט ער!... טוט אַלטער א געשריי און פֿאַלט אנידער אפֿן וואָגן.

— יאָ, טאַקע אזוי! — זאָגט פֿישקע קוקנדיק אף אַלטערן, נישט אָנהייבן צו פֿאַרשטיי־ן, וואָס זײַן געשריי באַטײַט, — דאַכט זיך נאָך, עפּעס אויך א צונעמעניש יאַקנעהאָז! די מאַמע פֿלעגט באַם טעכטערל שטיקער פֿלייש אויסרײַסן, רופֿן זי דערבײַ יאַקנעהאָזיכע, יאַקנעהאָזס טעכטערל, ווען זי פֿלעגט האָבן גרויסע צאָרעס, ווען מע האָט זי אָפּגעשאַפֿט פֿונעם אָרט.

איך אָבער האָב מיך שוין אָנגעשטויסן, וואָס די גאַנצע מײַסע באַטײַט, און בין געבליבן עפּעס, ווי מע גיסט איינעם אָפּ מיט אַ אָקרעפּ.

אַלטער כליפּעט און שלאָגט זיך מיט דעם קולאַק אין האַרצן, מאַכנדיק דערבײַ:

— אָמנאָם כאָטאָסי! איך האָב איר פּאַרוויסט דאָס לעבן. זי, נעבעך, איז טאַקע גערעכט:

„דער טאַטע האָט זי געקוילעט"...

אַ שטראָף פון גאָט איז דערפאַר פון אַ צײַט אָפּ מיר אָנגעשיקט געוואָרן. ווהין איך קער מיך און ווענד מיך, גייט עס מיר נאָר שלים־שלימאַזל...

איך הייב אָן פאַר ראַכמאָנעס צו טרייסטן מײַן אַלטערן, רעד אים אויס דאָס האַרץ און פאַרגלעט אביסל זײַנע זינד: ער איז דאָך נישט מער ווי אַ באָסערוועדאָם, פלייש און בלוט. דער יעיצערהאָרע איז באַ אונדז, זינדיקע מענטשן, זייער גרויס. גאַנצ גרויסע צאַדיקים אפילע זע־נען אין אַזעלכע זאַכן... געכאַפּט און קענען אין דעם איניען פון כאַסענע האָבן מיט דעם יעי־צערהאָרע גאָר נישט מאַכן. זייער פיל פון אונדזערע עלטערן, צאַדיקים, זענען געוועזן לאַפּנ־מיצלעך, געלעגן אונטער דעם ווײַבס פּאַנטאָפל, געטאָן איר ווילן און צעטריבן אפילע אייגענע קינדער פון אַן אַנדער ווײַב, אויב נאָר זי האָט געהייסן...

פישקען זעט די גאַנצע זאַך עפּעס אויס מעשונע. ער זיצט פאַרווונדערט מיט אַ פּאָר אויס־געשטעלטע אויגן, קוקט ווילד עפּעס אָפּ אַלטערן, אָפּ מיר און ווייסט נישט וואָס צו טון.

דערווײַל ווערט שטאָק־נאַכט. די שטערן פינקלען, ווינקען צו אונדז פון עם הימל מיט זייערע שײַנענדיקע ליכטיקע פּענעמלעך, ווי זיי מישן זיך אַרײַן אין אונדזער שמועס, ווילן עפּעס זאָגן, און באַם עק הימל הייבט אָן, ווי פון דער ערד, אַרויסצוגיין אַ גרויסע לעוואָנע, רויט ווי פײַער. דאַכט זיך, זי קוקט גלײַך נאָך אָפּ אונדז. אַלע דאָרט אויבן קוקן, דאַכט זיך, ווילן זען דעם שפּיץ, מיט וואָס די דאָזיקע מײַסע וועט זיך אויסלאָזן... מײַן אַלטער זעצט זיך געשווינד אויף, הייבט אויף זײַנע אויגן צום הימל און רעדט מיט האַרצ:

— איך שווער באַ דעם, וואָס לעבט אייביק, אַז איך וועל נישט קומען אַהיים צום ווײַב און קינדער, נישט כאַסענע מאַכן מײַן בסולע, ביז איך זוך נישט אויף מײַן פאַרוואָגלט קינד! הימל און ערד זענען איידעס! איך פאָר טאַקע באַלד און ווײַ, ווײַ דאָרט דעם, וואָס וועט זיך מיר אַנטקעגנשטעלן...

פישקע פאַלט אַרוף אַלטערן אָפּן האַרצן, האַלדזט אים, קושט אַ היפשע ווײַלע אָן ווערטער און איז שטאַרק צעמישט. דערנאָך שיסט ער אויס אָפּ אַ וויינענדיק קאָל מיט אַ געבעט:

— גוואַלד, ראַטעוועט, ראַטעוועט זי!

מײַן אַלטער שפּרינגט געשווינד אַראָפּ אָפּ דער ערד, קריכט אַרוף צו זיך אָפּן וואָגן און, געזעגענענדיק זיך מיט אונדז פונדערווײַטנס, דרייט ער אויס דעם דישל, טוט אַ שמיץ די שקאַפּע און פאָרט זײַן וועגס. איך מיט פישקען קוקן מיר אים אַ היפשע צײַט פון הינטן נאָך, נישט צו רעדן קיין וואָרט. דערנאָך גיב איך אַ בליק צום הימל. די לעוואָנע און שטערן גייען זיך זייער גאַנג, גאָר נישט דאָס פּאָנעם וואָס פריער, שטאַרק הויך, האָפערדיק, ווײַט, ווײַט פון אונדז, מענטשעלעך. עס ווערט עפּעס אומעטיק, נישט פריילעך אָפּן האַרצן...

איך טו אַ שמיץ מײַן אָדלער, ער זאָל מויכל זײַן זיך שלעפּן אביסל גיכער — און שפּעטלעך באַנאַכט פאָרט מײַן בײַדל איבער די גריבערדיקע גאַסן פון גלופּסק מיט אַ קלאַפּערײַ, אַ געשריי, אָנזאָגנדיק דעם אוילעם: ה׳ניי, זײַט וויסן, נאָך צוויי פרישע ייִדן זענען אָנגעקומען קיין גלופּסק!!..

## דאָס ערשטע קאַפּיטל

וואָס מע וויל מעג מען אפ קאַפּצאַנסקער ייִדן זאָגן: זיי זענען עפּעס נישט אַזעלכע גרויסע בעריעס, טוען אין דער וועלט נישט אויף עפּעס אַזעלכע גרויסע כאָכמעס, — מישטיינסגעזאָגט, זייער לעבן, שטערבען אָפּ די וועלט — עט אַזוי, מיט גאָרנישט... און קומען אָפּ מיט שיִע־פּיִע — דאָס און נאָך אַזעלכס מעג מען זאָגן, — נאָר אין דעם איניען פון פּרוכפּערן און מערן זיך קען מען צו זיי, כאָלילע, גאָרנישט האָבן. זיי זענען דערינען געוואָרנט, נישט ערגער פון אַלע אַנדערע ייִדן. סאָנים אַפילע קענען נישט לייקענען, אַז איטלעכער קאַפּצאַנסקער ייִד איז אַ מעטופל, אָן איינאָרע, מיט אַסאַך קינדערלעך. און די טויווע, וואָס דער וועלט קומט דערפון אַרויס, ווערט דאָ באַשײַנפּערלעך דערוויזן ווײַטער אַביסל.

די קאַפּצאַנסקער באַלעבאַטים זענען, נישט פאַר אײַך געדאַכט, גרויסע עוויוינים, האָבן נישט, איר זאָלט זאָגן, אַ צעבראָכענעם גראָשן בײַ דער נעשאָמע. אין קאַפּצאַנסק אַליין איז פאַר זיי נישטאָ קיין שום פּאַרנאָסע, סײַדן איינער צום אַנדערן מיט אַ טאָרבע אין די הײַזער אַרומצוגיין. זאָל פּרוּוון איינער מאַכן עפּעס אַ געשעפטל, אַ קלייטל, אַשטייגער, באַלד טאַקע טוט אים דער איבעריקער אוילעם נאָך, און וויפל ייִדן, אַזויפיל קלייטלעך. קרעמער זענען דאָ ווי מיסט, און אַ קוינע נישט איינער. דאָסגלײַכן איז אין אַנדערע זאַכן. איטלעכער האָט ליב אַרײַנצושטופּן זיך אינדערמיט, אָנצוטרעטן יענעם אַפן פוס גאַנץ ייִדישלעך, ווו צוויי, זאָל ער זײַן אַ דריטער, ווו דרײַ — אַ פערטער און אַזוי אַלץ ווײַטער, ווײַטער ביז עס קומט אויס „וועקאַפּצײַנו יאַכאַד“, אַלע קאַפּצאָנים אינאיינעם, שטיקן זיך צונויף, כאַפּן זיך אַרום גאָר ברידערלעך, און ווערן אַזוי דערשטיקט, פאַרכאַפּט אַלע אַפּ איין מאָל. אַזאַ שטאַרקע אַכדעס, דאָס הייסט, אַרײַנצוקריכן מיט אַ פוס צו יענעם אין ביטל, איינער באַם אַנדערן דעם ביסן פון מויל אַרויסצונעמען, וואָס גאָט גיט, אַבי אינאיינעם, מיר נישט, דיר נישט — דאָס איז איינע פון די „מידעס טויוועס“, וואָס געפינען זיך נאָר טאַקע בײַ קאַפּצאַנסקער ייִדן, און אין דעם זכוס קומט זיי טאַקע אויס איינער צום אַנדערן אין די הײַזער אַרומצוגיין... די גאַנצע יעניקע זייערע איז פון דער פּרעמד, מיינסטנס פון גלופּסק. אַ נעס פאַר קאַפּצאַנסק, וואָס ס'איז דאָ אַ גלופּסק, ווו מע קען נאָך עפּעס טון און אַ שטיקל קיִעם האָבן. קאַפּצאַנסק שיקט אַהין געוויינטלעך אַרויס אַלערליי סאָרטן נעפּאַשעס: מינע מעלאַמדים, באַהעלפערס, מעקלערס, באַטלאָנים, צוגעלעגערטע, אויך פּרישצאַפּלדיקע איידעמלעך אַזעלכע, ערשט אַראָפּ פון קעסט; ייִדן אַזוינע און אַזוינע, וועלכע דאָס האַרצ נאָר גלוסט: מיט קסאָווים, מיט מייכעשן, זײַדענע, גילדנאָדערדיקע, באַלטפּילעס, שויפער־בלאָזערס; ייִדענעס קאָל־האַמינים: זאָגערנס, ווײנערנס, שפּרעכערנס, אויסגעקינדלטע, ווײַבער מיט אייער, מיט פייסעכדיק געגדזנשמאַלץ, פעדערן־פּליקערנס, נאָך אין רעכטן קינדלען. הײַנט אַ מיש־מאַש באָכערים, דינסטמיידלעך, מיידן מיט צוגעדעקטע קעפּ, ווײַבלעך אַזוינע און דאַמען אַזוינע, אָן אַ שיר. די דאָזיקע לעבעדיקע סכוירע גילט אין גלופּסק מעשונע שטאַרק, האָט דאָרט אַ גרויסן אָפּגאַנג, און קאַפּצאַנסק פון איר זײַט, וואָס אַרבעט געשמאַק לעטויוועס־האַקלאַל, פאַבריצירט אַזאַ סכוירע צו באַגליקן די וועלט, איז דערמיט זיך זייער מעיאַכעס. דעריבער הייסן אַלע קאַפּצאַנסקער ייִדן — מעיוכאָסים. אַז מע באַגעגנט אַ ייִדן עפּעס אַ ווילדן באַלגײַווע, האָט מען דעם בעסטן סימען, אַז ער מוז זײַן אַ קאַפּצאַנסקער...

דער מעכאַבער פון דעם „ווינטשפינגערל" האָט געהאַט די זכיה געבוירן צו ווערן דאָ בק"ק קאַפּצאַנסק.

די עלטערן זײַנע האָבן פון אים באַם געבוירן ווערן נישט געמאַכט אַזאַ פּיירעש. זיי איז נישט אײַנגעפאַלן אַפילע צו טראַכטן אַ ווײַלע, צו וואָס האָבן אַזעלכע קאַפּצאָנים, ווי זיי, אַראָפּגעבראַכט אַף דער וועלט אַ לעבעדיק באַשעפעניש, אַף צאָרעס נאָר פאַר זיך און אויך פאַר אים. אָדער, וואָס האָט מען מיט דעם נעפעש צו טון עפּעס אַזוינס, אַז דאָס לעבן, וועלכס זיי האָבן אים געשענקט, זאָל אים ניכע זײַן און ער זאָל שפּעטער נישט האָבן צו זיי קיין טײַנעס: קאַפּצאָנים, גוואַלד, וואָס האָט איר מיך געהאַט!.. נאַרישע זאַכן, כּלעבן! די מאַמע האָט געטאָן איר זאַך, אים געטראָגן און געהאַט פּאַשעט אָן כאָכמעס. אַף דערופ איז זי דאָך אַ ייִדענע, זי זאָל קינדלען. וואָס דען? אַפילע אַ הון, לעהאַוודל, טוט אויך, וואָס גאָט האָט געבאָטן — לייגט זיך און קוואָקעט, נישט צו פרעגן קיין קאַשעס. דעם טאַטן ווידער האָט עס אויך נישט אַזוי שטאַרק אויסגעמאַכט. מיילע, איז דאָ נאָך אַ נעפעש, וואָס קען עס אים אַרגן? קיין בויכווייטעק האָט דאָך עס אים אויך נישט געקאָסט. בויכווייטעק האָט די נעקייווע און אַז פאַר איר איז רעכט, איז דאָך פאַר דעם זאָכער פּשיטע!.. אײַ, וואָס ער איז אַ קאַפּצן, מיט אַלע כיינ-גריבלעך אַ קאַפּצן און נאָך אַ צוגעקומענע מויל באַדאַרף דאָך פּיקן? נישט מער — גאָרנישט, לאָז זיך די וועלט זאָרגן. מיט דעם ביטאָכן טאַקע פריִער אַף גאָט דערנאָך אַף דער וועלט איז ער אַליינ דאָך, זײַנע עלטערן און די עלטערנס עלטערן געבוירן געוואָרן. וואַרטן אַף דערעכערעץ, ביז מע וועט פאַר אַ ייִדישער נעשאָמע אָנגרייטן דאָ פריִער אַלצדינג, וואָס גייטיק איז צום לעבן, און דערנאָך ערשט זי אָפּאַכטן אַהער צום גרייטן — דאָס קען אַ ייִד נישט. אַ ייִד, אַז ער וועט זיך נישט שטופּן מיט גוואַלד, וועט ער מעגן אייביק טאַקע דאָרטן וואַרטן. עפּעס נישט אַזאַ מעציע, די וועלט זאָל אָן אים, כאָלילע, זיך נישט קענען באַגיינ. האָט ער זיך דורכגעשטופּט און איז שוין דאָ מיט ביידע פיס, שטופּט ער זיך מיט גאָטס קויעך ווײַטער, ווײַטער. ער שטופּט זיך, קוועטשט זיך מיט אַלע קרעפטן, פאָרנט-אַרום, הינטן-אַרום, — אַלציינס, דורך טיר אָדער דורך פענצטער, שטיפּט אַזוי אָפּ דאָס גאַנצע לעבן און גאָרנישט.

אַף איינ זאַך האָבן די עלטערן באַ זײַן געבוירן זיך יאָ, נעבעך, פאַרטראַכט און שטאַרק געבראָכן דעם קאָפּ: רעבוינעשעלוילעם! וואָס פאַר אַ נאָמען גיט מען דעם נײַעם נעפעש דײַנעם? די אַלע נעמען, וואָס אין דער מישפּאָכע איז געווען, האָט מען שוין פאַרטון אַף די אַלע קינדערלעך, וואָס האָבן זיך פאַרכאַפּט געבוירן צו ווערן פריִער פאַר אים. מע האָט אָנגעהויבן פון די נאָענטע קרויווים און געגאַנגען קעסיידער ביז די ווײַטסטע — פּערדס-פּוס-פּאָדקאָווע. באַ איטלעכס קינד האָבן זיך געמיט צוויי קרויווים: דער טאַטע האָט אויסגעקראַצט איינעם פון זײַן מישפּאָכע, און די מאַמע איינעם פון איר מישפּאָכע; אַזוי איז צווישן זיי שוין געווען אָפּגעמאַכט, און דאָס קינד האָט געהייסן צוויי נעמען. עס האָט זיך געפּאָרט: כאַצקל-בענציִען, ליפּע-טאָדרעס, דוואָסיע-קריינע, פייסעך-זעליק, ציפּע-סאָסיע, סטיסיע-הינדע, קאַרפּל-פּײַוויש, כאָנע-לעמל, שמערל-אײַזיק, קיילע-ריקל. אין אַ נויט האָט זיך איבערגעלייגט אַ זאָכער אין אַ נעקייווע, אַ נעקייווע אין אַ זאָכער, צוויי מייסים האָבן זיך געפּאָרט און דער זיוועג איז אוילע-יאָפּע געווען. פון עם פּעטער כאַים ווערט לעמאַזל כײַע, פון דער מומע בראָכע — באָרעך, פון גרונע שפּרינגט אַרויס גרוינעם, און נאָכעם ווערט איינס מיט נעכאַמע. אַזוי איז דאָס אַ לאַנגע צײַט געגאַנגען, ביז מע האָט פלוצים זיך אַרומגעקוקט — אַ ווייטעק די סאָנים! די מישפּאָכע האָט זיך אויסגעלאָזט, נישטאָ קיין נעמען!.. די עלטערן האָבן אַ היפּשע צײַט זיך געדרייט די קעפּ טראַכטנדיק, און גאָרנישט אויסגעטראַכט.

— הערסטו, לייזער-יאַנקל! — איז די קימפּעטאָרן לעסאָף אַרויס מיט דער שפּראַך, נאָכדעם אַז זי האָט פריִער זיך אַביסל געקווענקלט, — פאָלג מיך, מײַן מאַן, און לאָז דאָס קינד הייסן גדאַליע-הערש, נאָך גדאַליע-הערשן, אָלעוו-האַשאָלעם.

— שאַ, טיפּשע! — מאַכט דער טאַטע שטאַרק אופגעבראַכט. — לאָז מיר דײַן גדאַליע-הערש מויכל זײַן, נישט מויכל זײַן, דעם נאָמען זײַנעם וויל איך נישט הערן, ניין, צען מאָל, הונדערט מאָל ניין.

גדאַליע-הערש איז פון דער מאַמעס מישפּאָכע. די באָבע כאָלצע (פון איר איז דאָס אַרויסגעשפּרונגען כאַצקל) האָט אים אָנגעקערט אַ לײַבלעכע מומע. אין די הענט האָט ער געהאַט אַ מעלאָכע, עפּעס גאָר אַ קאָפּלשמוינעדיקע, ער האָט געשטשאָבעט טאַכטוינים, קאַפּאָטעס,

היטלענ, ווײַבערשע קליידלעכ, יופעס, יאמפערקעס אונ אמאָל אויכ געלאטעט שיכ. האקלאל — אלצדינג, וואָס נאָר מע האָט אימ געגעבנ. א בעריע אפ לאטעס לייגנ איז אינ גאנצ קאפּצאנסק זײַנ גלײַכנ נישט געווענ. אונ ווײַל לאטעס גילטנ ערגעצ נישט אזויווי אינ קאפּצאנסק, דעריבער איז גדאליע־הערש שטארק אינ דער מאָדע געווענ דאָרט. בא וועמענ נאָר עפּעס א טרענ, א ריס — באלד צו גדאליע־הערשנ; בא וועמענ א שוכ, נישט פאר ייִדישע קינדער געדאכט, האָט געפּײַפט, פארשטאָפּט אימ גדאליע־הערש דאָס מויל אונ זאָגט אימ אָנ מיטנ הארבנ וואָרט, ער זאָל נישט פּײַפנ. איז דער אייגענער טרענ, דער אייגענער ריס ווידער טאקע דאָ מאָרגנ אונ דער שוכ הערט אימ נישט, האָט א האָזע באלד טאקע ווידער צו עפּענענ א מויל, איז גדאליע־הערש נישט פויל, לאטעט אונ לאטעט, ביז דער רועכ נעמט צו די לאָכ מיט דעמ מאלבעש אינײנעמ. ווענ אזא גדאליע־הערש זאָל געווענ אָנשפּארנ אינ פּאריזש, וואָלט ער געגאנגענ אינ גאָלד, געטראָגנ וואָלט מענ אימ דאָרט אפ די הענט. אינ קאפּצאנסק אָבער איז ער געגאנגענ נאקעט אונ באָרוועס. אונ אז מע האָט אימ דאָ שוינ געטראָגנ אפ די הענט, איז דאָס געווענ דענסטמאָל נאָר, ווענ ער איז געפאלנ פונ די פיס, בעשאס ער האָט געכאפּט א איבעריקע קויסע. טרינקענ האָט ער אפילע געקענט, ווײַל די מעלאָכע האָט ליב דעמ טרונק אונ אנדערש קענ מענ נישט אײַנגעקויפט זײַנ אינ דער כעוורע פויאלע־צעדעק, נאָר פונדעסטוועגנ קענ מיט דעמ גרעסטנ טרינקער זיכ מאכנ, ער זאָל דאפקע זײַנ אמאָל שיקער־לאָט. באמ אויסניכטערנ זיכ פלעגט ער, ווי געוויינטלעכ א געוויסער טייל שיקורימ, זיכ פארענטפערנ, אז ער איז נישט שולדיק, דאָס אומגליק איז געשענ נאָר, ווײַל ער האָט גענומענ די קויסע פונ דער לינקער האנט. א סימענ, אָט נעמט ער באלד טאקע א פלעשל מאשקע, ווי געהעריק איז, זופּט עס אויס פאר אנ איידע ייִדנ אונ ער זאָל זיכ כאָטש פארקרימענ. אזעלכע קונצנ פלעגט ער עפּטערס באווײַזנ, אונ דער קאפּצאנסקער אוילעמ פלעגט גאָר אָנקוועלנ. נישט אָנגעקוואָלנ דערפונ האָט נאָר לייזער־יאנקל אליינ: גדאליע־הערש האָט אימ מיט דער מעלאָכע פארשווארצט די אויגנ. א קאטאָוועס עפּעס, ער, ר׳ לייזער־יאנקל, יאָמימ נויראָנימ א באל־טפילע ערגעצ אינ א גלופּסקער קלײַזל אונ דאָס גאנצע יאָר אזוי זיכ א שיינער ייִד, קוקט ארײַנ אינ א סייפער אונ רײַבט זיכ אינ בעסמעדרעש הינטערנ אויוונ — ער אונ דער באלמעלאָכע, דער אמאָרעצ, זאָלנ זײַנ קרויווימ! ער האָט גדאליע־הערשנ בעשומויפנ נישט געוואָלט אָנעמענ פאר א קאָרעוו, זיכ אנטקעגנ אימ געבלאָזנ אונ קיינמאָל אימ נישט פארבעטנ צו זיכ אמאָל אפ א סימכע. איז ער געקומענ אומגעבעטנ, האָט מענ אפ אימ זיכ אפילע נישט אומגעקוקט. גדאליע־הערש, פונ זײַנ זײַט, האָט פונ לייזערס־יאנקלס גאדלעס זיכ גאָרנישט געמאכט אונ אמאָל אויס אימ אויכ געלאכט מיט גוטנ, אָנ גאל: „ווייס איכ, וואָס מיט לייזער־יאנקלענ איז אזוי דער ייִכעס! ארומגיינ שלינג־אונ־שלאנג איז עפּעס נישט אזא בעריעשקײַט. א לאטע זאָל ער פרוּוונ לייגנ, אזא לאטע ווי איכ, דענסטמאָל וועלנ מיר זענ. נאט אײַכ א שמעלקע! א בעהיימע איז ער, נישט מער... לאָז אימ גאָט נישט שטראָפנ פאר די זינד". אזוי פלעגט ער געוויינטלעכ אויסלאָזנ דעמ שמועס, א מאכ געבנדיק מיט דער האנט. מיט לייזער־יאנקעליכנ האָט ער זיכ פארהאלטנ זייער גוט, פלעגט אויסלאטענ אירע מאלבושימ, איבערניצעווענ די קינדערשע זאכנ, לייגנ לאטעס אויכ אפ דעמ טאטנס בעגאָדימ, נישט צו נעמענ דערפאר א פרוטע. פארקערט, אונטער אנ ענגער צײַט פלעגט ער שטילערהייט נאָכ אונטערהעלפנ איר מיט עטלעכע גראָשנ. לויט זאָגנ, אז אינ דער יוגנט איז ער אינ איר געווענ פארקאָכט, זי נאָכ אימ האָט אויכ געצאפּלט אונ עס האָט געהאלטנ שוינ אפ א שטייגער, אָט ברעכט מענ טעפּ — נאָר פלוצימ האָט זיכ אונטערגערוקט דער שידעכ מיט לייזער־יאנקלענ, באָבעס, מומעס האָבנ זיכ פאר אימ געמיט, אָפּגעשאצט זײַנ בײַקעלכנ פאר וויפל מע קענ עס אָנעמענ אינ נאדנ ארײַנ. ס'איז אויסגעקומענ עפּעס גאָר א גליק, וואָס טרעפט זיכ איינ מאָל אינ הונדערט יאָר, עס ווערט א קנאסמאָל, אונ גדאליע־הערש בלײַבט, נעבעכ, פונדרויסנ אפ דער מילכיקער באנק. פונ דענסטמאָל אָנ, אזוי שמועסט מענ, איז גדאליע־הערש פונעמ פּאָנעמ אראָפּ, גאָר נישט דער אייגענער, וואָס פריִער — עפּעס נאָר טאקע א קישעפ, אנ אָפּגעטאָנענע זאכ, באהיט זאָל מענ ווערנ! — איז געווענ אלצ פארומערט, פארזאָרגט אונ פאר צאָרעס זיכ גענומענ צומ טרונק. זייער מעגלעכ, אז דערמיט האָט אויכ געשמעקט די סינע אנטקעגנ אימ בא לייזער־יאנקלענ אינ הארצנ. נאָר ווי די מײַסע איז, אזוי אָדער אזוי, די סינע איז געווענ גרויס. דעריבער, אז לייזער־יאנקל האָט דאָ פונעמ ווײַב נאָר דערהערט דעמ נאָמענ זײַנעמ, איז ער אָנגעצונדנ געוואָרנ.

האגאמ לייזער־יאנקעליכע איז געווינט געווען צו דעמ מאנס זידלעריי און בייזקייט אפ גדאליע־הערשן, נאָר היינטיקס מאָל, ליגנדיק אינ קימפעט, האָט עס זי אָנגעכאפּט באמ הארצנ און זי האָט זיך באוואשנ מיט טרערנ; דער מאנ האָט אפ איר געקוקט מיט ראכמאָנעס און גע־מאכט צו איר שוינ ווייכער אביסל:

— וויינ נישט, דו טיפּשע איינע! זאָג איך דיר. א קאָשערע, ערלעכע ייִדענע באדארפ טונ דעמ מאנס ראָצנ, אז דער מאנ זאָגט ניינ, באדארפ זיינ ניינ. בארעכנ זיך נאָר, נארעלע, ווער, באָרעכאשעמ, איז דיינ מאנ, און ווער איז גדאליע־הערש!..

— גדאליע־הערש איז געווענ א קאָשערער ייִד, א גוטע נעשאָמע.

— א קאָשערער ייִד — א באלמעלאָכע! נאָר א געלעכטער, כלעבנ. קארג פארשווארצט האָט ער מיר די אויגנ בא זיינ לעבנ, זאָל איך אצינד נאָך אימ א נאָמענ געבנ מיינס א קינד און מיר אליינ אָנטונ אזא כארפּע! גיי שוינ, נארעלע, גיי, רעד נישט קיינ נארישקייטנ!

— אָבער א נאָמענ, לייזער־יאנקעל! ווו האָסטו א נאָמענ? א שיינער טאטע, מישטיינס־געזאָגט!...

— א נאָמענ!... עט... נישקאָשע. — שטאמלט דער טאטע און פארטראכט זיך אביסל.

— אָבער, הע־הע! אז איך האָב געהאט א כאָלעמ, הע־הע!..

— וואָס כאָלעמ?! — מאכט דער טאטע, אויסשטעלנדיק א פּאָר אויגנ אפ דער מאמע.

— גדאליע־הערש איז מיר נעכטנ באנאכט געקומענ צו כאָלעמ. — מאזלטאָוו דיר, מאלקע־טויבע! זאָגט ער, און טוט דערבייַ א קרעכצ. איך ליג נישט רויִק אינ קייווער דערפאר, וואָס אפ דער וועלט איז נאָך נישטאָ מיינ נאָמענ. דערבארעמ זיך, מאלקע־טויבעניו! מאכט ער מיט א געבעט, וויינענדיק דערבייַ אפנ קינד אינ די קישעלעך. דו האָסט אצינד אינ האנט מיך צו בא־רויִקנ. איך וועל מיך מיִענ דאָרט פאר דעמ „קיסע האקאָוועד" פאר דיר, פאר דיינ מאנ. דאָס קינד דיינס וועט, אימירצעשעמ, זיינ א גוט שטיקל ארבעט, א שארפע נאָדל מיט א שפּיציק קעפּל. בא די דאָזיקע ווערטער האָט אימ געלויכטנ דאָס פּאָנעמ און איז באלד פארשווונדנ... וואָס זאָגסטו, לייזער־יאנקל?

— נו, נו... — מאכט דער טאטע אָנ ווערטער.

— נוקע נישט, לייזער־יאנקל, — זאָגט די מאמע, — אזוי זאָל איך זענ פיל נאכעס, ווי איך האָב אימ געזענ... היינט באנאכט איז ער ווידער געקומענ. אלצ געקוקט אפ מיר און געוויזנ אפנ קינד, געוויזנ אפנ קינד און געקוקט אפ מיר... געוויזנ, געקוקט פריִער מיט א געבעט, דערנאָך... אוי, דערנאָך שטשירעט ער אויס א פּאָר אויגנ און לאָזט זיך צו מיר מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי ער וויל מיך שטיקנ, טוט א זאָג בייז: ווענ נישט...

— ווענ נישט, וואָס? וואָס? — טוט זיך דער טאטע א כאפּ דערשראָקנ, באטראכט די „שיר האמייַלעסנ" און דעמ קרייַז מיט דער קאָטשערע אפ די ווענט ארומ דער קימפּעטאָרנ.

— וואָס פרעגסטו, לייזער־יאנקל? ווי איז מיר נישט. עפּעס שפּילט מענ זיך מיט א מעס! ווי איז מיר, ווינד איז מיר...

— נו־נו, וואָס־זשע ווילסטו, טיפּשע איינע?

— האָב גאָט אינ הארצנ, ווי איז מיר, לייזער־יאנקל! און זייַ נישט קיינ אקשנ, ווינד איז מיר!

— שא...

## דאָס צווייטע קאפּיטל

ס'איז געבליבנ, דאָס קינד זאָל הייסנ הערשל נאָך דעמ לעצטנ נאָמענ פונ גדאליע־הערש, און עס האָט דערינענ געשטעקט אסאך שפּיצלעך. איינ מאָל, האָט דאָך דער טאטע דאָס רעכט אויִך אפ א נאָמענ; צווייטנס, איז דאָך א פּשאָרע מאכנ גאנצ ייִדישלעך, ווי זאָגט דער אוילעמ: יאק נע פסאק, ניכאי בידע פסאקעצ, ביידע צדאָדימ זאָלנ צופרידנ זיינ; דריטנס, איז הערשל פּאָרט נישט גדאליע־הערש, די כארפּע האלב צוגעדעקט, ווארפט זיך נישט יענעמ אזוי אינ די אויגנ. און די מאמע, זייער א גוטע באלעבאָסטע, ליב אָפּצושפּאָרנ אלצ אפ שפּעטער, האָט בא זיך געטראכט: הא, לאָז זיך וואלגערנ אינ דער באלעבאטישקייט א איבעריקער נאָמענ גדאליע, ער וועט עפּשער צונוצ קומענ אפ שפּעטער.

די מאַמע האָט טאַקע געטראָפן, ווי א כאַכאָמע! זי איז אויסגעקומען מיט די נעמען, ווי מיט קרעפּלפלייש. אין א קורצער צייַט ארום איז זי געלעגן געוואָרן ווייַטער מיט א ייִנגל און ער האָט, הערשלענ אפ צו לאַנגע יאָר, געהייסן גדאַליע.

איך זאָג: הערשלען אפ צו לאַנגע יאָר, ווייַל דער ברודער גדאַליע האָט זיך נישט לאַנג געהאלטן, אים איז נישט געפעלן דער מאַמעס קעסט. עס האָט אים געגרימט אין בייַכל, זיך, נעבעך, גענוג אָנגעליטן און באַם אויסשנייַדן זיך אים ציינדלעך, האָט ער זיך מעיאשעוו געוועזן און זיך אָפּגעטראָגן. אפ דעם דאָזיקן סייכל זענען געפאלן עטלעכע פון די שוועסטערלעך און ברידערלעך נאָך פריִער, איידער הערשעלע איז געבוירן געוואָרן. זיי האָבן געזען, אז מיט קאַפּצאָנים איז נישט גוט צו האָבן אייסאָקים, דאָס לעבן בא זיי איז נאָר אן אומגליק, אייביקע צאָרעס, שטענדיקע יעסורים. בעסער איין מאָל שטארבן, ווי צען מאָל אין טאָג אויסגיין פאר הונגער; איידער עלטערן זיך אין דאַלעס, פארווארפן אפ דער פּאָליצע די ציין, בעסער יונגערהייט פון דער וועלט גיין. א לאַנג לעבן אָן ברויט איז א ביסלעכווייַזער טויט. נישט אַלע מענטשן אָבער זענען גלייַך. דוואָסיע־קרוינע און פייסעך־זעליק האָבן זיך אייַנגעשפּארט דאפקע לעבן און פארזוכן, מישטיינסגעזאָגט, דעם טאַם פון כאַסענע האָבן. זיי זענען ביטערע עוויוינים און באַפאלן מיט קינדערלעך. אכוץ זיי, האָבן פונעם מאַלכאַמאָוועס הענט זיך אויסגעדרייט ציפּע־סאָסיע, שוין א מויד אין די יאָרן, איז געווען, נעבעך, הויט און ביין, דאָס פּאָנעם אויסגעצויגן, די באַקן אייַנגעפאלן, מיט בלויע רינגען אונטער די אויגן. אין דער יוגנט אָבער איז זי געווען א בילד שיינע, א לעבעדיק מיידל, זייער א געראָטענע, א כיינעוודיקע, א גוטע, ערלעכע, קאָשערע נעשאָמע — מייַלעס, וואָס אין רייַכן שטאנד ברענגען זי גליק, און דעם אָרעמען אָבער — זייער אָפּט נאָר אומגליק. צוזעענדיק דאָס גרויסע עלנט בא די עלטערן אין הויז, איז איר געוואָרן א לאָך אין האַרצן. איר איז נישט אזוי אָנגעגאַנגען אייגענע צאָרעס, וויפל די צאָרעס פונעם הויזגעזינד, ווי מענטשן, נעבעך, קומען עס אָפּ, ווי פּיצלעך אומשולדיקע קינדערלעך דארפן עס, נעבעך, דארן־קווארן און גייען אויס ביסלעכווייַז, ווי א ליכט. בא איר איז געבליבן צו גיין אין דער פרעמד, דינען, פארדינען און אָפּדינען די ליבע עלטערן אין דער נויט. זי האָט גוט געוווסט, אז דער טאַטע איז בא זיך א גרויסער מעיוכעס, עס וועט אים נישט אָנשטיין, זייַנס א קינד זאָל זיך שטעלן אין דער פרעמד. נאָר דאָס האָט זי אָבער ניט אָנגעשראָקן, זי האָט זיך פּאָרגענומען צו טון אַלע מיטל, זיך שטרעקן נאָך די עקן, אזוי לאַנג — אזוי ברייט, ביז זי וועט אירס פּויעלן. זי האָט אויסגעקליבן דערופּ א צייַט, ווען עס איז געווען זייער ענג. אין הויז איז נישט געווען קיין שטיקל ברויט, דער ווינטער האָט צוגעטראָטן מיט זייַנע שרעקלעכע פרעסט, און אין שטוב איז קאַלט, כאָטש וועלפּ צו טרייַבן. וואָכנווייַז איז אויס דעם קוימען ניט געגאַנגען קיין רויך. די מאַמע איז געווען אפ דער צייַט מיט קיילע־ריקלען און געהאט זייער א שווער טראָגן. שמערל־אייַזיק, אָלעוו־האַשאָלעם, האָט געמאָזלט, געפּאָכט מיט דער נעשאָמע און די אִיבעריקע נאַקעטע, הונגעריקע קינדערלעך האָבן זיך פארשלאָגן אין א ווינקל, געזעסן אייַנגעהויקערט אין צענטן, מיט סמאַהע אפ די ליפּן, שא, שטיל, נאָר צייַטנווייַז א קרעכץ, א זיפץ טיפ פונעם האַרצן, און געקוקט אין דער וועלט אריין מיט טאַמעוואַטע גלעזערנע אויגן, אין וועלכע עס זענען געשטאַנען פארגליווערטע טרערן... דענסטמאָל האָט זיך ציפּע־סאָסיען געעפנט דאָס מויל, זי האָט געוויינט, געכאַלעשט פאר דעם טאַטן, ער זאָל ראַכמאָנעס האָבן אפ דער מאַמען, אפ די קינדער, אויך אפ איר און לאָזן זי שטעלן זיך ערגעץ אפ אן אָרט. עס האָט אויס איר גערעדט די נעשאָמע, א מאַבל הייסע געפילן האָט זיך איר געגאָסן טיפ פונעם האַרצן, און דער טאַטע, דערהארגעט, דערשלאָגן פון דער ביטערער נויט, האָט לעסאָפּ איר אייַנגעוויליקט מיט א געבראָכן געמיט... איר אוועקפאָרן קיין גלופּסק האָט דער מאַמען גענוג טרערן געקאָסט, דער טאַטע האָט מיט איר זיך געזעגנט שטארק באַטריבט. די גוטע, שטילע טויב איז ארויס פון דער געסט ליידיק און בלויז, נאָר מיט דער בראָכע פון די עלטערן, מיט דעם הייסן „פאָר געזונט!״ פון די וויינענדיקע שוועסטערלעך און ברידערלעך.

קאַפּצאַנסק האָט אין א טראַנספּאָרט לעבעדיקע סכוירע צוגעשטעלט גלופּסק — א שיינע, א יונגע דינסטמיידל ...

ציפּע־סאָסיע האָט באַלד באַקומען אן אָרט ערגעץ דאָרט אין א נעגידיש הויז. די ערשטע צייַט איז איר געגאַנגען קיין מייַסע נישט. מע איז מיט איר און מיט איר ארבעט שטארק

צופּירנ געווענ. זי האָט געשריבנ אהיימ פריילעכע בריוולעכ און אויכ צוגעשיקט אביסל געלט. גאָר דערנאָכ האָט זיכ אָנגעהויבנ א מײַסע. דער באַלעבאָס האָט אפ איר געוואָרפנ אנ אויג, און הינטערווײַלעכס געפּרוּווט ווערנ מיט איר א נאָענטער מעכוטנ. אינ אָנפאנג איז דאָס נאָכ געווענ אביסל פארשטעלט, אפנ ווונק, גלאט אזוי זיכ. ער איז א גוטער מענטש, בא זיכ פראָסט, זייער צוגעלאָזט און וויל אנ אָרעמ קינד, נעבעכ, מעקארעוו זײַנ. פארוואָס נישט? פונ זײַנ הויז האָבנ שוינ עטלעכע גאנצ פײַנע דינסטמיידלעכ כאסענע געהאט, גאָר נישקאָשעדיק... לאָז זי נאָר נישט זײַנ קיינ נארעלע, וועט איר אויכ אז ווויל זײַנ... ווײַטער, ווײַטער האָט זיכ שוינ קלערער ארויסגעוויזנ, וואָס א נאָגידס גוטסקײַט און צוגעלאָזטקײַט באטײַט. באהיט זאָל מענ ווערנ! עס האָט זיכ פאר איר געעפנט פּלוצימ גאָר א נײַע וועלט מיט אנדערע מינע קרענקונגענ — א וועלט מיט א סאָטנ, מיט א געגנעמ און א קאָכעניש, פײַער און שוועבל! אזעלכס, וואָס האָט זיכ איר נאָכ פריער גאָרניט געכאָלעמט. דאָס לעבנ איז פאר איר געוואָרנ א מילכאָמע. זי, א שלאפע, אָרעמינקע, נעבעכ, האָט געמוזט שטיינ שטענדיק געוואָפנט אנטקעגנ א שטארקנ סאָטנ, א געבאלעוועטנ פעמפּיק: דער געדאנק אירער, וויאזוי אירע ליבע קומענ עס, נעבעכ, אָפּ, דאָרט אינדערהיימ, וויאזוי נייטיק ס'איז פאר זיי כאָטש א קליינע הילפ, האָט איר אונטערגעגעבנ קויעכ צו לײַדנ אירע גרויסע ווייטעקנ. זי האָט זיכ געראנגלט, געראנגלט ביז איבער די קויכעס און געמוזט פאר צאָרעס דערנאָכ פאָרט אָפּטרעטנ פונעמ אָרט.

זי האָט זיכ געשטעלט נאָכ אפ אנ אָרט. דאָרט איז געווענ ווײַטער דאָס אייגענע: פריער קיינ מײַסע נישט, דערנאָכ א מײַסע, שוינ נישט איינע, נאָר צוויי. א מײַסע מיט דעמ באַלעבאָס און א מײַסע מיט דעמ באַלעבאָס א זונ... קרענקונג, הארצווייטעק און לעסאָפ אוועק פונעמ אָרט. ווײַטער אינ ווײַטער אלצ אפ דעמ דאָזיקנ שטייגער: קיינ מײַסע נישט, שפעטער א מײַסע, די אלטע מײַסע, א מײַסע איבער א מײַסע און דער פינצטערער סאָפ פונ דער מײַסע. אכוצ מײַסעס אינ שטוב, איז נאָכ מײַסעס אינ קיכ: מיט קעכנס, מיט ארײַנגייערס, מיט מעקלערנס און מיט יענע, וואָס ווערנ אפ דער עלטער גאבעטעס. האקלאל, א „טויזנט און איינ נאכט" מיט מײַסעס. ציפּע־סאָסיע איז געוואָרנ, נעבעכ, א קאָרבנ פאר איר שיינקײַט... אפ צאָרעס נאָר איז זי געבוירנ געוואָרנ א שיינע. ווי קומט אזוינס צו אָרעמעלײַט, מיט וועלכע מע איז עפּעס נישט אזוי מעכויעו צו מאכנ צערעמאָניעס אינ קוקנ דערופ, טאָמער קרענקט מענ זיי מיט א גראָב וואָרט און מע נעמט בא זיי צו דאָס גאנצע כײַעס מיט א מיעסער באהאנדלונג?... אויכ מיר א מענטש, ציפּע־סאָסיע, אנ אָרעמע דינסטמיידל! דײַנ שיינקײַט, אָכ, מאכטייסע, און דו אליינ... וועמענס אייסעק איז עס? מעגסט אפילע די קאפּאָרע ווערנ. איי טאָמער האָס ציפּע־סאָסיע פאָטער און מוטער, וועלכע האָבנ זי הארצנדיק ליב, מיט איר אינ לעבנ פיל מי געהאט, געגנוג קאָפּדארעניש, נישט דערגעסנ, נישט דערשלאָפנ, ביז גאָט האָט געהאָלפנ, זי איז אויסגעוואקסנ; איי טאָמער האָט ציפּע־סאָסיע אירע עלטערנ אויכ שטארק ליב, זי ארבעט, זי דינט, ווי ס'איז אונטערצוהאלטנ אירע ליבע, נעבעכ, וואָס כוצ זיי קריכט איר גאָרנישט אינ קאָפּ קיינ אנדערע זאכנ — אזעלכס גייט קיינעמ אפנ געדאנק אפילע נישט ארופ. נארישקײַטנ, פונ וועמענ מע האָט דאָ צו טראכטנ!.. ציפּע־סאָסיע אָבער האָט אויכ א נעשאָמע, זי טראכט, זי פילט... באריערט מענ זי גראָב, טוט איר וויי...

דעריבער, אזוי זאָגט דער מעכאבער פונעמ „ווינטשפינגערל" אינ זײַנע קסאָווימ, דעריבער האָט ציפּע־סאָסיע ניט געקענט מער אויסהאלטנ און איז קראנק, צעבראָכנ, מיט א שווער געמיט, נעבעכ, געקומענ צוריק אהיימ, צוריק צו אירע אָרעמע עלטערנ, שוינ נישט די ציפּע־סאָסיע, וואָס פריער. די מאמע האָט געפילט דער טאָכטערס ביטער הארצ און איז אויסגעגאנגענ פאר ראכמאָנעס אפ איר דערשלאָגנ קינד.

„אַרעמע, בידנע שוועסטער! דײַנ אומגליק איז, וואָס גאָט האָט דיר געגעבנ כיינ; דײַנ אומגליק איז יענע גליקלעכע מיט דײַנ שיינקײַט צו געפעלנ. פארשפילט איז דײַנ וועלט, פארוויסט איז דײַנ לעבנ, — אז אָכ און וויי דיר, נעבעכ, אָרעמע, אומגליקלעכע שוועסטער!..."

## דאָס דריטע קאפּיטל

אצינד, אז הערשעלע אינדזערער זאָל נעמענ די בעסטע לאנדקארטע, אפ וועלכער עס שטייענ געצייכנט די אלע שטעט פונ גרויס ביז קליינ, און זאָל זוכנ אפילע מיט ליכט, איז פונ קאפּצאנסק קיינ זייכער נישטאָ דאָרט, און אמאָל, אינ דער יוגנט, האָט ער געמיינט, ווי א וואָרעמ זיצנדיק

אינ כרײַנ, אז קײנ בעסערס פונ קאַפּצאַנסק איז גאָר נישטאָ. קאַפּצאַנסק אלײנ טאַקע — אײנ שטאָט אפ דער גאַנצער וועלט, דער פּופּיק אירער, פּונקט אינ רעכטנ מיטנ. ווײַטער, אינ דער זײַט, איז שוינ מידבער, פאַרלעגענע ערטער מיט ווילדע כײַעס. מענטשנ, וואָס מענטשנ הײסנ, אטאָ־בעכאַרטאָניקעס, סאמע צימעס, זענענ נאָר דאָ. פאַר זײ אלײנ שײַנט די ליכטיקע זונ באַטאָג, די לעוואָנע אונ שטערנ באַנאַכט אונ גאָט גיט זיכ אָפּ, האָט מער נישט צו טונ נאָר מיט זײַנע קאַפּצאַנסקער ײִדנ... ער גיט רעגנ פונ זײערע בעהײמעס וועגנ — ציגנ זאָלנ האָבנ פּאַשע, אויכ קאַליזשעס וואסער אפ צו טרינקענ — ביכדײ צו פאַרשפּאָרנ אָפּפּרעסנ די שטרוי פונ ײִדישע דעכער אונ לעקנ די וואַנט פונעמ בעסמעדרעש. ער גיט טרוקענע שײנע פּאָגאָדע — די ווײַבער זאָל גוט זײַנ צו גײנ פּרײַטיק אינ יאַטקע, אינ מאַרק ארײַנ, אײַנצוקויפנ אפ שאַבעס; ער מאַכט א גרויס גערעטעניש אינ קאַרטאָפליעס, ציבעלעס אונ קנאָבל — ײִדעלעכ, נעבעכ, זאָל האָבנ וואָס צו עסנ. אקלאַל, ער דרעמלט גישט אונ שלאָפט נישט דער היטער פונ ײִסראָעל, ער אַרבעט מײַסימ, קערט א וועלט נאָר צוליב זײ, צוליב זײ... דערפאַר בלאָזנ אימ ײִדנ שויפער, זינגענ אימ א „מעלעכ עליענ“ אונ שפּרינגענ קאָדעש. דערפאַר מאַכנ זײ פונ זײַנ קאָוועד וועגנ א לאָקשנ־קוגל — שאַבעס, קנײדלעכ אונ כרעמזלעכ — פּײסעכ אונ גײענ א טענצל לעבעדיק, פרײלעכ צו די האקאָפעס סימכעס־טוירע. כאַנוקע דאַנקענ זײ אימ אָפּ מיט א דרײדל, פּורימ — מיט א האָמענ־קלעפּל, פאַרשטעלנ זיכ אונ מאַכנ די פּורימ־שפּיל, די גאַנצע קאָמעדיע אלצ לעשעמ־שאָמאַימ, צוליב זײַנ הײליקנ נאָמענס־וועגנ... נאָכ אײנ שטאָט, עמעס, איז אימ געווענ באַקאַנט, וועלכע עס האָט געשוועבט פאַר אימ עפּעס ווי אינדערלופטנ, געשווִיבלט אונ געגריבלט מיט גאַנצע מאַכנעס מאַלאָכימ, פליגל־אַדיוטאַנטנ אונ קוריערנ פונ גאָט־באָרעכ־הו צו די קינדער ײִסראָעל — דאָס איז די הײליקע שטאָט יערושאָלאַימ, ווו ײִדנ ליגנ באַגראָבנ אינ דער ערד, אינ ערעצ־ײִסראָעל־ערד, טאַקי נאָר לעבעדיקע מײסימ, וואָס פוילנ נישט אונ עס האלט זיכ זײער געבײנ; ווו ײִדנ האָבנ א פּײַג... אײלבערטנ, טײטלענ, מילגרוימענ, אונ ציגנ עסנ דאָרט באָקסערנ. נאָר, אוי־ווײ! יערושאָלאַימ איז אָבער אצינד וויסט, כאָרעוו, אויס שטאָט, אויס וועלט אונ פאַר אונדז, ײִדישע קינדער, איז הײַנט א לעבנ דאָ, אינ קאַפּצאַנסק — אינ קאַפּצאַנסק, אינ גאָלעס. דער קאַפּצאַנסקער גאָלעס איז דענסטמאָל אינ הערשעלעס אויגנ באַשטאַנענ פונ גאַוורילאָ דעמ שאַבעס־גוי, וואָס שנײַצט אָפּ שאַבעס די ליכט, נעמט אראָפּ פונעמ טיש די מעשענע לײַכטער, אונ הײצט באַ ײִדנ די רובעס; פונ טעקלע, וואָס וואַשט גרעט, שווענקט איבער געל־גרינע ווינדעלעכ פונ ײִדישע קינדער אונ מעלקט די קו; פונ קאָנדראַט דעמ שיקער, וואָס פאַר א גלעזל בראָנפנ פאַרקויפט מענ אימ דעמ גאַנצנ קאַפּצאַנסקער כאָמעצ; פונעמ פּאָרעצ, וואָס ײִדנ האלטנ באַ אימ ארענדעס, דערנערנ זיכ דערפונ מיט ווײַב אונ קינדער אונ מוזנ, נעבעכ, פונ יויצע־וועגנ, אימ צאָלנ ראַטע, וואָס מוזנ, נעבעכ, צו אימ אָנקומענ אונטער א יאָנטעוו, ער זאָל זײ שענקענ זעקלעכ קאַרטאָפליעס, אינדיקעס אונ ווײצ אפ מאַצע אונ, ווײ, ווײ־געשריִענ! ערגער נאָכ ווי אלע — פונ מיטקא דעמ קלײנ שײגעצל אונ זשוקל זײַנ קלײנ הינטל, פאַר וועלכנ ניט נאָר קלײנע ײִנגעלעכ האָבנ געציטערט, אויכ ײִדנ מיט בערד, באַווײַבטע, גרויסע טאַקיפימ פלעגנ האָבנ דאָס נײַניאָריקע אונ פאַר אימ פאַר א מײַל אנטלויפנ; גאָט ווײסט, צו וואָס דער ביטערער גאָלעס שעל מיטקא וואָלט געפירט, ווענ ער זאָל זיכ ציִענ שטענדיק...

א נעס נאָר איז געשענ, וואָס מיטקא האָט ליב געהאַט א ײִדיש שטיקל כאַלע. פונ א שטיקל כאַלע, וואָס מע פלעג אימ אונטערדרוקנ כײרעש, איז ער, געוויינטלעכ, אפ א געווויסער צײַט געוואָרנ גוט. ווײכ ווי א טײג, האָט זיכ באַלעקט אונ געקוקט שוינ אנדערש אפ ײִדישע קינדער. וואָס ײִנגלעכ האָבנ פריִער ניט געטאָרט, האָבנ זײ שוינ געמעגט. יאַנקעווס טאָפּ לינדזונ איז געבליבנ אפ טאָמעד טאַקע זײער א גוט מיטל. ווער שמועסט, א ײִדיש שטיקל געפילטע פיש — איז גאָר א וווּנדער! נאָר כוצ די אלע זאַכנ, איז דאָכ מיטקא ניט מער געווענ ווי א נאַריש ײִנגל אונ טאַקע אלײנ ליב געהאַט אָפּטונ מײַסימ, שטיפנ מיט כעוורע קונדײסימ. באַמ שפּילנ זיכ איז ער מיט זײַנ גראָבנ קאָפּ שוינ געלעגנ באַ אונדז אינ די הענט. א פערדל איז ער געווענ זײער א ווילדס, קויעכ צו לויפנ, צו דריגענ מיט די פיס, האָט ער געהאַט, אונ זײ, מיט זײערע ײִדישע קעפּלעכ, פלעגנ אפ אימ פאָרנ רײַטנדיק, דערלאַנגענ אימ הינטערווײַלעכס א שמיצל אונ פירנ אימ באַ דער נאָז, ווהינ זײ האָבנ געוואָלט... האָבנ זײ עפּעס געמײַסטערט, געשטעלט א מילכנ ערגעצ אפ א רינשטאָקל, האָט ער מער ניט געטויגט ווי נאָר דערצו, צו ברענגענ זאַמד, טראָגנ

שטיינער, גראָבן די ערד און קריכן אין בלאָטע. ייִדישע קינדער פלעגן זיך נאָר קוועטשן, אונטערהעלפן אים מיט א סאָפּען, מאכנדיק: הא־הא, ארבעט, טו, מיטקא, אזוי!... אצינד, אז מיטקא איז פ׳נ א שייגעצל געוואָרן א גרויסער גוי, איז עפשער מעגלעך, אז ער איז ערגעץ אין דער וועלט היינט א גאנצער פּאָרעץ און טוט דאָס אייגענע, וואָס אין דער יוגנט: נעמט בא דעם און בא יענעם און איז ניט פויל אף דער האנט.

זשוקל איז אויך נישט געווען קיין שלעכטער הינטל. פאר א שטיקל ברויט פלעגט ער סלוזשען, שטיין אף די לאַפּקעס און דרייען מיט דעם וויידל. און האגאם א שטיקל ברויט האָט א גרויסע ווערט בא קאפּצאנסקער ייִדן, פונדעסטוועגן האָט זיך קיינער דערויס ניט געמאכט אונטערוואַרפן עס אמאָל זשוקלען, טראכטנדיק בא זיך: לאָמיך א הונט פארשטאָפּן דאָס מויל. ניכאַי ני לאַיע, לאָז ער נישט בילן. ייִדן מיט בערד פלעגן שמאָכן פאר גרויס האנאָע, ווען זשוקל האָט זיי אָנגעטאָן דעם קאָוועד א כאַפּ צו טון פון זייערע הענט דאָס ביינדל און געקוקט אף זיי פריינטלעך, בעשאס קנאקנדיק עס מיט די שארפע הינטישע ציין, פלעגן שמאָכן, גלעטן דאָס בערדל, טרייסטנדיק זיך מיט דער האָפענונג: נו, כאווער... פון היינט אָן זענען מיר שוין כאווער, שוין אָן סאקאָנעס... דערביי טאקע זיך מאכן קוראַזש אָנצורירן פוגדערוויַיטנס זשוקלען, מיט א שפּיץ פינגער א גלעט צו טון אים באם קעפּל, און אז מע איז שוין יאָ א שטיקל כאָשעוו באם הונט, פרווון דערווייל טאקע אָנצורייצן אים אף אנדערע: אטו־נא, קוסיי! ווי דער שטייגער איז פון א ייִדן א טאקיפ...

היינט, אין די עלטערע יאָרן, ווייסט אונדזער הערשעלע שוין, אז ייִדן צווישן אלע מענטשן אף דער וועלט זענען די הענער, וואָס ליגן שטענדיק אונטערן פּעקעליק נעבן ווייב און קינדער. דאָס הויזגעזינד איז בא אים דאָס גאנצע לעבן, טיף איינגעבאקן אים אין הארצן, און דער טאַטע זיינער איז דרינען געווען א ייִד שעבעיִדן, א האָן שעבעהענער. ער ווייסט היינט ווויל, אז דער טאטע האָט אים זייער ליב געהאט, נאָר דאָס איז געווען א פארבאָרגענע ליבשאפט אינעווייניק אין הארצן, אפן ייִדישן שטייגער. אין פּאָנעם אָבער האָט מען עס אים נישט ארויסגעזען. פארקערט, אפן פּאָנעם איז אים שטענדיק געלעגן א פינצטערע כמארע. ער האָט געקוקט עפּעס ווי בייז, אָנגעלאָדן, מיט א ביטער־זויערער מינע. ס׳איז אים עפּעס ווי נישט אָנגעשטאנען צו רעדן, לאכן, נאריש צו מאכן זיך מיט די קינדער, האלטנדיק אין דער סוואָרע, אז פאר א טאטן פּאסט נישט אזעלכע זאכן. קינדער באדארפן פאר א טאטן מוירע האָבן, וויסן דערעכערעץ, אין זיינע אויגן נישט אונטערשטעלן זיך הויך רעדן, א לאך צו טון, כאָלילע, און באדארפן גיין אף די שפּיץ פינגער. האָט זיך אמאָל א קינד פארזינדיקט מיט א הויך קאָל, מיט א געלעכטער און עפּעס א פריי באוועגונג, איז אים עס, נישקאָשע, באָקעמ ארויסגעפאלן פון טאטנס א בליק, וואָס האָט אים דורכ־און דורך געשטאָכן. מיט דעם ווייב האָט ער פאר פרעמדע, אויך פאר אייגענע מענטשן, קארג־וואָס גערעדט, זי נישט גערופן בא דעם נאָמען, נאָר געזאָגט, געוויינטלעך: דו, הערסט דו! און אמאָל אויך: טיפּשע. אין הארצן איז ער געווען צו איר טאקע זייער גוט, גוט ווי די וועלט, נאָר ארויסווייזן עס באשיינפערלעך האָט ער פאר זיך געהאלטן פאר אן אומקאָוועד, עפּעס פריקרע, נישט שיין פאר א ייִדן. ער — איז דאָך ער, א מאנספּארשוין, א ייִד, און זי איז א זי, נאָך אלע זאכן פּאָרט נישט מער ווי א נעקייווע, א ייִדענע... ער איז געווען אין דעם הויזגעזינד טאקע אן עמעסער האָן, וואָס פירט זיך שטענדיק ארום מיט דער הון און מיט איר פליד, זוכט, קראצט פאר זיי אויס ווערעמלעך, שפּייז פון אונטער דער ערד. נאָר זאָל פּרווון א הינדל עפּעס טון נישט ווי זיין ווילן, גיט ער עס א פּיק אין קעפּל. ער גייט פאריסן דעם קאָפּ אינדערהייך, די אייגלעך פייערן אים, קוקט מיט גאדלעס און ביכדיי צו באווייזן, וואָס אזוינס ער איז, טוט ער א קלאַפּ מיט די פליגל, מאכט א „האמעלעך" א ברייטן, גרויסן קוקוריקו! דאָס באטייט: טארבעס, הינער, ווייסט, ווער עלטער איז!...

צוגעלאָזט און בארעדעוודיק איז דער טאטע געווען אין אזעלכע געווויסע פעל, ווען א קינד, אשטייגער, איז קראנק געווען. דענסטמאָל איז ער פון אים נישט אָפּגעטראָטן אף א טריט, האָט עס געגלעט, געטאַפּט באם שטערן, איינגענומען מיט גוטע רייד און צוגעזאָגט מאטאָנעס, שיינע שפּילכלעך, וויפל דאָס הארץ גלוסט: א־שיינ הילצערן שווערדל אף טישעבאָוו, אָפּגעפארבט מיט שווארצע יאגדעס, א גראגער, א דריידל, א פאָן מיט א רויטן עפּל, ארופגעשטעקט אויבן, דערביי טאקע נאָכגעמאכט ווי א גראגער גראגערט, ווי א דריידל דרייט זיך, זומזעט, און ווי ייִנגלעך מיט

פֿאַנגען גייען צו די האָקאָפֿעס, קוויטשענ: „אויזער דאַלים הוישיאַ־נאַ!“ אָט אַזוי, אַזוי... ביכדיי ארויס־צובאַקומען דערמיט באַם קראַנקן קינד, נעבעך, כאַטש אַ קליינ שמייכעלע. איז עס אים גערא̇טן, איז ער געווען איבערגליקלעך. אַדער, אַשטייגער, ווען עפּעס אַ סימכע, אַ יאָנטעוו אונ מייסטנס פּייסעך צום סיידער, אַז ער איז געזעסנ אָנגעלענט, ווי אַ פּאָרעץ, אַפֿ דער עסעבעט אינ קיטל, דאָס ווײַס קלאָר־ווײַס אָנגעטאָן נעבן אים, ער האָט זי גערופֿנ מאַלקע, זי אים — מיילעך. ביידע האָבנ געלויכטן, געקוקט מיט שײַנענדיקע אויגנ, דאָס איינער אַפֿנ אַנדערנ, דאָס אַפֿ די אויס־געצוואָגענע קינדערלעך ארום דעמ טיש אונ דאָס אַפֿ די קויסעס, אַפֿ דעמ טעלער, אינ וועלכנ עס ליגנ שוינ, פֿײַנ אויסגעלייגט ווי געהעריק: די זרויע אינ דער רעכטער האַנט, אונטנ כאַרוי־סעס, דאָס איי אינ דער לינקער האַנט, אונטנ — קאַרפּעס, גרינס פֿונ פּעטרישקע, אונ צווישנ זיי מאָרער, געריבענער כריינ, גאָר מעכײַע. א־נו, הערשעלע, פֿלעגט מאַכנ דער טאַטע, אָנעמענדיק דאָס קינד פֿאַרנ בעקעלע, פֿרעג מיכ, הערשעלע, די פֿיר קאַשעס. הערשעלע האָט זיכ צעשאָקלט, אָנגעהויבנ הויכ אַפֿנ בײַקעלכנ, מאַכנדיק דערבײַ מיטנ גראָבנ פֿינגער: טאַטע! איכ וועל דיכ פֿרעגנ, טאַטע, פֿיר קאַשעס! אונ אָפּגעקנאַקט לעבעדיק איינ קאַשע נאָכ דער אַנדערער. דענסט־מאָל איז מענ פֿרײַ געווענ צו רעדנ, צו לאַכנ, וויפֿל מע וויל. העפּקער אַ וועלט. די קינדער פֿלעגנ זיכ אָנשיקערנ מיט גאַנצע קויסעס לאַקריצע, וואָס די מאַמע האָט אָנגעקאָכט אינ יענעמ גרויסנ פּייסעכדיקנ טאָפּ, אונ פֿלוידערנ אַפֿ וואָס די וועלט שטייט.

אַכוצ די דאָזיקע פֿעל, איז די מוירע פֿאַרנ טאַטנ געווענ גרויס. אינ שטוב איז אונדזער הער־שעלע, ווי די אַלע איבעריקע קינדער, געווענ שטיל, נאָר אָבער ווי אַ שטיל וואַסערל, וואָס גראָבט טיפֿ. צווישנ זיכ פֿלעגנ די קינדער שטילערהייט אָפּטונ מײַסים, קריגנ זיכ, נאָכקרימענ זיכ אַפֿנ ווונק, איינער דעמ אַנדערנ ארויסשטעלנ פֿײַגנ, דערלאַנגענ אַ זעצ, אַ קניפּ אונ שאַ. איט־לעכער האָט געוויינטלעכ געהאַט זײַנעמ אַפֿ צו קריגנ זיכ. הערשעלעס צעלאָכעסניק איז געווענ כאַ־נע־לעמל. זיי זענענ געווענ פֿײַער אונ וואַסער, צווײ נישט קיינ גלײַכע מענטשנ. כאָנע־לעמל האָט געוואָלט, ווי אַנ עלטערער ברודער, וואָס אָט באַלד אַ כאָסנ־באָכערל, לערנענ דעמ ייִנגערנ דערעכערעצ. עס האָט אים געברענט, פֿאַרוואָס דער טאַטע זעצט שאַבעס באַמ טיש הערשעלען נאָענט נעבנ זיכ אונ שמעלצט זיכ גאָר הערענדיק, ווי ער טערעלײַקעט „קאָל מעקאַדעש“ אונ האַלט אים אונטער אינ די זמירעס אַפֿ אַ דינ־קוויטשיק קעלכל. ער פֿלעגט דעריבער אַלצ קריכנ צום טאַטנ אַפֿ הערשעלען מיט מעסירעס, ביכדיי צו פֿאַרמיעסנ אים אינ זײַנע אויגנ, אונ שטי־לערהייט צווישנ זיכ פֿלעגט ער נאָכקרימענ הערשעלען ווי ער טערעלײַקעט, ארײַנשטעקנ דערבײַ אַ פֿינגער אינ גאָרגעלע, שאָקלענ דאָס קעפּל אונ אָנגעבלאָזנ זיכ ווי אַ אינדיק. הערשעלע פֿלעגט זידנ ווי אַ קעסל, ארויסשטעקנ דאָס צינגל אונ מיט אופֿגעשטעלטע קולעקלעך מאַכנ אינ איינ קאָס: פּיקע זיכ, כאָנקע־לעמלדריג! אָבער אַלצ שטיל, מע זאָל נישט הערנ.

אינ שטוב איז הערשעלע געווענ ווי אַ שטאַרק אָנגעבלאָזנ פּוכירל, זיכ אײַנגעהאַלטנ, קיינ פֿאַרע זאָל מענ פֿונ אים נישט הערנ; אַנטקעגנ־זשע אָבער אינדרויסנ האָט דאָס פּוכירל געלאָפּנעט אונ ס'איז ארויס פֿרײַ אַלצדינג, וואָס אינעווייניק אינ אים האָט זיכ געשטיקט. דאָרט איז ער גע־ווענ אַ פֿײַער, אַ שפּירט, איינ קונדעס אינ דער וועלט. ער האָט זיכ איבערגעשלאָגנ מיט אַלע ייִנגלעכ אונ ארויסגעוויזנ זײַנ גרויס בעריעשאַפֿט אינ שטיינער וואַרפֿנ. כאַפּנ אַ ציג פֿאַר די הערנער אונ זעצנ זיכ אַפֿ איר רײַטענדיק, אָנעמענ פֿלוצימ דעמ קאַפּצאַנסקער קאָהאָלשנ צאַפּ פֿאַר דער באָרד אונ ארויסרײַסנ אים אַ פֿולנ הויפֿנ האָר, שטעכנ כאָסנ־קאַלע אונטער דער כופּע מיט שפּילקעס, נאָכלויפֿנ אַ מעשוגענעמ אַפֿ דער גאַס, אונטערכאַפּנ זיכ הינטער אַ וואָגנ, בעשאַס פֿאָרנדיק געשווינד, — דערצו איז ער געווענ איינ בעריע טאַקע. ווײַסעכעוורע האָט דעריבער פֿונ אים שטאַרק געהאַלטנ אונ אים מעכאַבעד געווענ מיט קויהענ אונ אַלע קונדייסקע זאַכנ. אינ די מילכאָמעס צווישנ די קונדייסימ איז ער געווענ דער גענעראַל, מיט עפּעס אַ פּאַפּירנ שקאַרמיצל פֿונ אַ פּסאָמים־קרעמל אַפֿנ קאָפּ, ארומגעשטעקט מיט פֿעדערנ. די גוורע אונ דאָס גאַנצע גרויס־קײַט זײַנס איז באַשטאַנענ אינ פּיטשקענ, וואָס ער האָט געהייסנ איטלעכנ מעקײַעמ פּסאַק זײַנ, גלאַט אַזוי־זיכ, פֿונ זײַנ קאָוועד וועגנ, אונ אַז דער גענעראַל, הערשעלע לייזער־יאַנקלס, האָט באַפֿוילנ — איז מעכויעוו געווענ איטלעכער, פֿונ דעמ קלענסטנ ביז דעמ עלטסטנ, באַלד צו פֿאָלגנ. בעשאַס פֿרידנ, נישט קיינ מילכאָמע־צײַט, פֿלעגט אונדזער הערשעלע מיט דעמ גאַנצנ פֿעקל ייִנגלעכ זיכ אָפּגעבנ מיט אַנדערע געשעפֿטנ, אונ געשעפֿטנ זענענ געווענ זייער פֿיל, באָרעכאַשעמ, אינ איטלעכער צײַט.

זומער באַטאָג פלעגט ער פירנ וויַסעכעוורע באָדנ זיכ אינ קאַפּצאַנסקער טײַכ — א גרויסער רינשטאָק מיט א פאַרשימלטער בלאָטע באַמ ברעג, ווו שטאָט־כאַזיירימ זענענ געלעגנ אײַנגעזונקענ טיפ ביז איבער די אויערנ, ארויסשטעקנדיק נאָר דאָס פּיסקל. דער גאַנג אַהינ איז געווענ לעבעדיק־ראַשיק, טאַקע ווי מע זאָגט, בעגראַנדע, נישט אויסגעלאָזנ איינ זאַכ אפנ וועג, מע זאָל עס נישט באַרירנ. יונגע געגנדזלעכ צעלויפנ זיכ, אונטערפליִענדיק אביסל מיט די קליינע, נאָכ נישט גוט באַפעדערטע פליגעלעכ; דער גאָנער סאָפּעט, סמאָרעט מיט די נעזלעכער, אויסקרימענדיק דעמ האַלדז ווי א שאַלשעלעס; דאָס קעלבל דאָרט איז זיכ מאַטריִעכ אופצושטיינ פונעמ גראָז, שטעלט אויס א פּאָר אויגנ, רוקט זיכ אפ עטלעכע טריט אָפּ, וואַרפנדיק מיטנ קאָפּ אונ אָנבייגנדיק דעמ שטערנ צו דער ערד, פאַרייַסט דערנאָכ דעמ וויידל אונ אַוועק, אַוועק... כעוורע שפּילט זיכ אָפּ, קנעפּלט זיכ אָפּ, נאָכ גייענדיק, אינ אײַלעניש, אזוי אז צוקומענדיק צומ ברעג טײַכ, פאַלט פונ איטלעכנ דאָס אָנטונ פּלוצימ אַראָפּ — אונ פּוצ אינ וואַסער אַרײַנ, בול־בול־בול! —

צווישנ מינכע אונ מײַרעוו איז וויַסעכעוורע זיכ צונויפגעקומענ אפנ יאַריד אינ בעסמעדרעש, אינ פּאָליש דאָרט, איטלעכער מיט זײַנ מינ סכוירע אונ מע האָט געהאַנדלט געשמאַק. איינער בײַט א קרומענ, אלטנ טשוואָק אפ א מעשענעמ קנאָפּ אָנ אנ אויערל. דער אַנדערער טוט א ווײַז א ניסל, א סווישטש אונ עס געפינענ זיכ דערופ צוויי שטאַרקע קוינימ, מיט שטיקלעכ שפּיגל־גלאָז, פּאָר־צעלײַענע שערבלעכ פולע קעשענעס. יענער מיט א גרינער פאַטשערקע איז פאַרטיפט אינ אייסעק מיט דעמ כאַווער, וואָס באַרימט זיכ מיט זײַנ נאָדל־טעשל אונ א צינערנ אויערלעפעלע. הערשעלע אונדזערער איז דאָס געווענ דער שאַצער אונ געכאַפּט פונויבנ פאַר זײַנ מי. געוויינטלעכ לאָזט זיכ דער יאַריד אויס מיט א קריג: קיינער איז נישט צופרידנ, איטלעכער טײַנעט, ער האָט זיכ מיִעס אָפּגענאַרט. עס האַלט שוינ באַמ פּאַטשנ זיכ; עפּעס א קונדעס מיט א פריש געגנדזנ־גערגעלע טרומייטערט צו, א טאַרעראַמ, א געפּילדער, ביז דער שאַמעס לויפט אינ איינ קאַס אַרויס מיט א כיק: שקאָצימ! אונ כעוורע צעלויפט זיכ, ווי די מײַז, איטלעכער אינ זײַנ ווינקעלע.

כאַנוקע־צײַט האָט געפלאַקערט דאָס געשעפט מיט דריידלעכ, פּורימ־צײַט — מיט מאַטעריאַל אפ האָמענ־קלעפּלעכ, שוועס־צײַט — מיט אויסגעבלאָזענע אייער, צו מאַכנ פייגעלעכ, אַקלאַל, איטלע־כער יאָנטעוו מיט זײַנ מינ סכוירע... צײַט אפ צו האַנדלענ איז, באַרעכאַשעמ, געווענ גענוג, ווײַל דער מעלאַמעד פונ דער טאַלמעטוירע, ווו אונדזער הערשעלע האָט געלערנט, איז אליינ געווענ שטענדיק פאַרנומענ מיט זייער פיל געשעפטנ, אָנ איינאָרע: ער איז געווענ א שטיקל שאַדכנ, געווענ אפ אלע כאַסענעס, בריסנ אונ לעוויַעס, געווענ א באַשטענדיקער איידעס אפ געטנ. כוצ דעמ האָט ער באַדאַרפט אָפּשפּרעכנ איינאָרעס, איבערקוקנ מעזוזעס אונ פונ אלע מעלאָכעס זיכ אָפּרײַסנ צײַט דאָנערשטיק אונ פרײַטיק מיט א פּושקעלע אינ די הײַזער אַרומצוגיינ. נאָר דעמ שוואַכ מעג מענ אימ נאָכזאָגנ, אז די שאָ צײַט, וועלכע ער האָט זיכ גענומענ צומ קנעלנ, האָט ער געאַרבעט געשמאַק מיט אלע קיילימ. די דאָזיקע קורצע צײַט איז אימ גאַנצ גענוג געווענ אפ איבערצושמײַסנ אלע קינדער אונ ס'איז אימ נאָכ איבערגעבליבנ עטלעכע ליידיקע מינוט צײַט אויכ אפ צושפּאַרנ זיכ מיטנ קאָפּ צומ טיש, אביסל זיכ אויסצורוענ, אָדער קראַצנ די באָרד, קרעכצנ, גענעצנ אוכדוימע אזעלכע מעלאָכעס. אפ הערשעלענ פלעגט ער זאָגנ: הערשעלע איז א גרויסער קונדעס, אָבער א וואויל יִנגל מיט א גוט קעפּל. די מאַמע פלעגט, הערנדיק אזוינס, זיכ דערמאָנענ אינ איר כאָלעמ, ווי גדאַליע־הערש, אָלעוו-האַשאָלעמ, האָט, ווײַזנדיק אפנ קינד, געזאָגט: „ער וועט זײַנ א גוט שטיקל אַרבעט, א שאַרפע נאָדל מיט א שפּיצעכיק קעפּל", אונ פאַר דעמ נאַכעס זיכ געשמאָלצנ, דער טאַטע־זשע אנטקעגנ, אויסהערנדיק אפ אימ מעסירעס, ווי ער איז פאַרשײַט, פלעגט מאַכנ געוויינטלעכ מיט א שטעכווערטל: יענעמס נאָמענ מיט יענעמס נאַטור, עס זאָל פעלנ א האָר! יענער, אָלעוו־האַשאָלעמ, האָט זײַנ גאַנצ לעבנ זיכ געפּאָרעט מיט לעכער, אונ דער הײַנט איז אויכ פול מיט לעכער. ער פּאָרעט זיכ אויכ אונ מאַכט נאָכ לעכער... דאָס איז געווענ אָנצו־הערעניש אנטקעגנ יענער מײַסע, וואָס מיט הערשעלענ איז זיכ פאַרלאָפנ, אזויווי ווײַטער וועט שטיינ.

## דאָס פערטע קאַפּיטל

ווײַהי האַיוימ — אונ ס'איז געווענ אמאָל, איז אינ קאַפּצאַנסק א גרויס וווּנדער געשענ. פּלוצ'מ, מע ווייסט נישט ווי אונ ווי אַרומ, איז פונ ערגעצ א דאָקטער מיטאַמאָל אָנגעקומענ, עפּעס אזויווי פונעמ הימל אַראָפּגעפאַלנ. ייִדנ ביכלאַל, אז דערהערנ נאָר א דאָקטער, רופט זיכ

זײ אַלע קראַנקײַטן אָפּ און דערפילן איטלעכער זײַנע װײטעקן. בימיי ראכמיִעל האָרויפּע — פאַר אונדזער ראכמיִעל דעם רויפע, װעזוגאָסוי יאכנע האָרויפעס — און זײַן װײַב יאכנע די רויפעטע, איז אינ קאַפּצאַנסק שטענדיק געװענ מיט כעסעד. בא ייִדנ האָבנ די קראַנקײַטנ געבורטשעט אינעװײניק און מע האָט זיכ געמאכט נישט װיסנדיק. דער רויפע האָט געטאָנ זײַנס — געגעבנ ראַטונקעס: געגאָלט, געשוירנ, געשטעלט באַנקעס, פּיאַװקעס, געלאָזט צו דער אָדער, געצאַפּט בלוט פונ די מאַנצבלענ, און די רויפעטע פונ איר זײַט האָט געטאָנ אירס: געצאַפּט בלוט בא די װײַבער. מע איז פאַרשלאָפט געװאָרנ און געשטאָרבנ אָנ כאָכמעס, אָנ גרויסע דולעניש. גאָרנישט, מע האָט זיכ פלוצימ געלײגט און פלוצימ צוגעמאכט אַנ אויג, נישט באַדאַרפט דאַפּקע האָבנ דערצו פריִער רעצעפּטנ און אַפּטײקנ... זיבעציק יאָר — אַזוי איז שוינ אינ דער װעלט געשטעלט — קומט דאָכ אַ מענטשנ צו לעבנ. דערופ איז דאָכ דאָ בעפײרעש אַ פּאָסעק אינ טילעמ, װאָס אַפּיקאָרסימ אַפילע קענענ עס אויכ נישט אָפּלײקענענ. אײַ װאָס, מע שטאַרבט פריִער פאַר דער צײַט? דרינענ איז נישט שולדיק קײנער, נישט ראכמיִעל דער רויפע מיט זײַנ קלאַפּערגעצײַג, נישט יאכנע די רויפעטע מיט איר קלאַפּערגעצײַג און אויכ נישט דער פּאָסעק, לעהאַװדל. שולדיק אינגאַנצנ זענענ די כאַטאָיִמ... די כאַטאָיִמ אינ שטעטל. דעמ, יענעמ האָט זיכ פאַרגלוסט, װאָס מע טאָר נישט... און דערופ איז דאָכ דאָ אַ ראָװ, זאָל געזונט זײַנ, מיט אַ קאָמיסיע שײנע ייִדנ, די זאכ אָנצושמעקנ און אַרויספּירנ עס װי בוימל אויפנ װאַסער. אַזוי האָט זיכ עס געפירט און פירט זיכ אַפּ אַזאַ שטײגער שטענדיק. נאָר מיט דעמ דאָקטערס װײַזגעבנ זיכ אינ קאַפּצאַנסק האָט, װי קראָפּעװע נאָכ דעמ ערשטנ זומער־רעגנ, אַרויסגעשפּראָצט מיטאַמאָל שלאַפּקײַטנ אַלערלײ, אָנ אַ צאָל: ספּאַזמעס, בויכװײטעק, שטעכעניש אינ די קריזשעס, שפּאַרעניש אונטערנ לעפּעלע, קװעטשעניש, בײַסעניש, מאַקעס, געשװירנ, און אונדזער ייִדישע קראַנקײַט — מערידנ איז פונ דער פאַרבאָרגעניש אַרויס גאַנצ אָפנ זיכ אַנטפּלעקט, װי עס געהער צו זײַנ, מיט אַלע פּישטשעװקעס. נישט געװענ אײנ ייִד אַ גאַנצער, אָנ אַ כיסאָרנ. יונג און אַלט זענענ צומ דאָקטער געלאָפנ אויסלאַטנ און פאַריכטנ אַביסל דאָס געזונט. קלײנע קינדער מיט גרויסע בײַכלעכ און דינע פּיסלעכ האָבנ מאַמעס אַפּ די הענט געטראָגנ און צו אימ געלאָפנ. גאַנצ קאַפּצאַנסק, װי עס װײַזט זיכ אַרויס, איז אײנ ביקער כוילימ, אַלע זענענ צעבראָכנ. גאָט דער לעבעדיקער װײסט, מיט װאָס עס װאָלט זיכ אויסגעלאָזט, װענ דער דאָקטער זאָל נישט געװענ אַזוי פלוצימ, װי ער האָט זיכ באַװיזנ, אַזוי פלוצימ אויכ פאַרשװינדנ. ייִדנ פאַרגעסנ זיכ װידער די װײטעקנ, הערנ זיכ נישט צו, שלעפּנ זיכ אַרומ, קאָלזמאַנ עס דינענ זײ די פּיס, און לעבנ, װי דער שטײגער איז, מיט דעמ אימפּעט... ראכמיִעל דער רויפע קריכט װידער אַרויס, װי די לעװאָנע נאָכ דעמ, אַז די זונ פאַרגײט, אַרבעט אַפּ אַלע קײלימ און ייִדנ — שטאַרבנ מיט כעסעד...

הערשעלענ אָבער איז דער דאָקטער פונעמ זינענ נישט אַרויסגעגאַנגענ. די גאַנצע מײַסע איז אימ זײער געפעלנ. עס גלוסט זיכ אימ װערנ אַ דאָקטער, אימ נאָכצוטונ און צו מאכנ, װי ער, די גאַנצע שפּיל מיט דער װײַסער כעװרע. קינדער האָבנ, װי די מאַלפּעס, ליב נאָכצוטונ די גרויסע אינ אַלע זאכנ. װי זאָגט מענ עפּעס: קינדער קײַענ, װאָס אַלטע שפּײַענ. װײַסע כעװרע קרוינענ לעמאַול אונדזער הערשעלענ פאַר אַ דאָקטער און די שפּיל הײבט זיכ אינ אַ גוטער שאָ אָנ. הערשעלע װערט צוליב זיכ, צוליב זײַנ קאָװעד, אַ גוטער און זאָרגט זיכ קלאָמפּערשט פאַר זײַנע כאַװײרימס געזונט, װינטשנדיק דערבײַ טאַקע פונעמ גאַנצנ האַרצנ: אַ, קרענקנ זאָלנ זײ, ריבוינעשעלוילעמ! און באַדאַרפנ צו זײַנ הילפ אָנקומענ...

פרײַטיק אײנמאָל אינדערפרי, אַז דער מאַמענ איז מיט בויכװײטעק אָנגעקומענ צו נעמענ אינ קלײטל אַפּ באָרג פעפער, צימערינג און מעל אַפּ שאַבעס, לאַקכנט אונדזער הערשעלע שטילערהײט אַראָפּ צו ביסלעכ פונ די דאָזיקע זאכנ און אַװעק, שאַ, קיטש אַהינ, אַפּנ פרײַענ גראָז, אַפּנ לײדיקנ פלאַצ הינטער דער שטוב. ער זיצט זיכ דאָרט נעבנ פּלויט, פאַר אימ שטײט אַ קלײנ פּאַפּירנ קעסטעלע, װאָס קאָסט אימ דרײַ קנעפּלעכ מיט אַ יערכנ בײַטעלע אַ צוגאָב דערצו. אינ קעסטעלע געפינענ זיכ עטלעכע קלײנע פּלעשעלעכ, פאַר װעלכע אַ כאַװער זײַנער האָט בא אימ גענומענ אַ נוס, אַ צװילינג, װאָס, האַלטנדיק אימ אינ מויל בא דעמ ניס־שפּילנ, איז ער אימ שטאַרק מאַזלדיק געװענ אַפּ אָפּצודאַצנ די קינדער; אויכ אַ גרויסנ זשוק מיט לאַנגע הערנער, געהאַנגענ צוגעבונדנ אַפּ אַ לאַנגער פערדישער סטרונע. און בעשאַס די מאַמע פּאָרעט זיכ אינ שטוב דאָרט, ברעכט נעבעכ, זיכ דעמ קאָפּ, װי ס'איז פונעמ ביסל מאַטעריאַלנ עפּעס צו מאכנ, פּאָרעט

זיך איר זונדל דאָ מיטן אָפּגעלאַקכנטן פעפער, צימערינג, מעל און שעאַר־יעראַקעס צו מאכן דער־פון רעפּועס, וועסערלעך, טראָפּנס אין די פלעשעלעך. פּארטיק מיט די רעפּועס, טראכט ער בא זיך: אצינד ווו נעמט מען עפּעס א קראנקן, טאקע מיט א גוטער עמעסער מאקע, צו באווייזן די גרויסע קונצ אין דאָקטאָריע? און ווי ער זיצט זיך אזוי און טראכט, דערזעט ער פונדערווייטנס ווי מוישע־יאָסיע, א פּארוואָרלאָזטער יאָסעמ, א נאקעטער, א באָרוועסער, פאָרט אפּ א שטעקן רייטנ־דיק און ארבעט, נעבעך, פאר אלע, גאָר א שרעק: פאר דעם פורמאנ, אויך פאר דעם פערדל און פאר דעם וואָגנ. ער שמייסט דעם שטעקן, אָנטרייבנדיק אים מיט א געשריי: וויאָ, וויאָ! ער הייבט פּיסלעך, פּיצט אויס דאָס בייכל, פּארווארפנדיק אהינטער דאָס קעפל, הירזשעט ווי א פערד, שפּרינגט האָצ־האָצ און לויפט גאלאָפּ; ער פּויקט מיט דער האנט אפּ די אָנגעפּוישטע באקן, פון דער זייט א קלאפּ, פון יענער זייט א קלאפּ, כריפּעט, סקריפּעט און מאכט אפּ אלערליי קוילעס: טרא־טראם־טראראם! כויי־כיפּ־סיפּ! ווי א קלאפּערייַ און א סקריפּ פון רעדער. ער יאָגט לע־בעדיק, קנאקנדיק־טשאקנדיק, פייפנדיק גלייך צו הערשעלען און צוקומענדיק נאָענט, טוט ער א הירזשע, דערנאָך א געשריי: טפּררו! אויסלאָזנדיק מיט א צענגאָרנדיק כ כ כ איפּ־סיפּ, און שטרינגט אראָפּ פונעם שטעקן.

אונדזער הערשעלע פאלט אפּ א האמצאָע בא מוישע־יאָסיעס אָנקומען, און נישט לאנג גע־טראכט, מאכט ער צו אים אפּ קונדעס־לאָשן אזוי:

— סויסע־סאָסיע, מוישע־יאָסיע, סו־סילסט, דו ווילסט, סאנ־סראנק, זיין קראנק?

— סיין, ניינ! — ענטפערט מוישע־יאָסיע אָפּ אויך אפּ דעם אייגענעם לאָשן טאקע, — סאָל־סאָט, זאָל גאָט, סיטן, היטן.

— זאָג יאָ, נארעלע. טאקע גאָר אָן קאטאָוועס. געננג דייטש — מאכט הערשעלע, — לאָמיר רעדן פּראָסט יידיש, זאָג־זשע יאָ, נארעלע. וואָס קען עס דיך ארן? דו זיי קראנק, און איך וועל דיר געבן רעפּועס... נו, דו ווילסט?

— איך וויל, הערשעלע, איך וויל בעסער עסן.

— עסן?... עסן, מוישע־יאָסעלע, האָב איך נישט, נאָר צוזאָגן אפּ שפּעטער, אמאָל, יאָ, זאָג איך צו, נא דיר מיין האנט טקיעס־קאפּ. נו, וועסטו שוין זיין קראנק, נארעלע?

— איך בין דאָך אָבער געזונט, הערשעלע?

— נישקאָשע, נארעלע, איך וועל דיך מאכן קראנק. איך וועל דיר טון א דראפּעלע, א קליינ דראפּעלע אונטן אפּן פּיס, זעסטו, אָט מיט דעם טשוואָק.

אזוי רעדט הערשעלע איין דעם כאווער און נעמט פון דער פלודערן־קעשענע ארויס א פאר־זשאווערטן טשוואָק.

— עס וועט דאָך אָבער וויי טון, הערשעלע!

— גאָר א קליינ דראפּעלע, מוישע־יאָסיעניו, ווי איך בין א ייִד! עס וועט וויי טון א ווײַלע און באלד טאקע אופהערן. איך וועל דאָך דיך היילן, איך מיין דאָך דיין טויווע. וואָס דען? דיין טויווע, נארעלע, מיין איך דאָך... און דו ווילסט עס ניט פארשטיין.

— גיב־זשע מיר, אויב יאָ אזוי, באלד טאקע עסן. איי, בין איך הונגעריק, הערשעלע.

— א גראמ אביסל! — מאכט הערשעלע, אָנבארויגעזונדיק זיך קלאָמפּערשט, — גיי דיר, גיי! איך וויל אים היילן, טון א טויווע, און ער עסן! פרעסן!...

אפּ דעם דאָזיקן שמועס קומען אָן עטלעכע ווייסעכעווורעניקעס, זיי קווועלן גאָר אָן פון הערשעלעס אפּטייקל און פון דעם איינפאל זיינעם, נעמען זיך שטארק צו מוישע־יאָסיען, איינצו־שמועסן אים מיט גוטע רייד:

— מוישע יאָסיעניו, נארעלע איינער! אבי מע מאכט דיך נאָר קראנק, וועט מען דיר דערנאָך, נישקאָשע, שוין אונטערוקן עפּעס קייען. דו פארשטייסט?...

איטלעכער גיט אים די האנט טקיעס־קאפּ, איבערשלאָגנדיק מיט א ציצע. מוישע־יאָסיע קוקט איבער די ציצע, אויב זי איז נישט, כאָלילע, קיין פּאָסלדיקע און אז ער זעט, זי איז קאָשער — די אלע אכט פעדעמ מיט די פינפ קניפּלעך זענען ווי געהעריק איז, רופט ער זיך אָן אופשטעלנ־דיק א פינגער נעבן דער נאָז, מיט א האסראָע:

— געדענקט־זשע, קינדער! אויב נישט, וועט אייך גאָט שטראָפן. זאָגט אָמיין!

מוישע־יאָסיע שטרעקט אויס, אינ א גוטער שאָ, דעם פוס, די ייִנגלעך האלטן אים גוט פון

ביידע זײַטן און הערשעלע נעמט זיך צו דער פּיאַטע זײַנער מיט דעם טשוואָק. פריִער מאַכט ער אים פאַמעלעכער א קליינע דראַפּעלע, מוישע־יאָסיע פאַרבײַסט די ליפּן און שווײַגט; דערנאָך גייט ער אים ארײַנע אביסל טיפער מיטן טשוואָק, מוישע־יאָסיע מאַכט: אײַ־אײַ־אײַ — כּעוורע טרייסט אים: נישקאָשע, לאָז זיך, נאַרעלע, לאָז! מע וויל דאָך דיר געבן א רעפוע... הערשעלע איז נישט פויל און שטופּט דעם טשוואָק ארײַן נאָך ווײַטער, עס רינט בלוט, מוישע־יאָסיע רײַסט זיך, נעבעך, און שרײַט: גוואַלד!

— סאַ, שאַ, סויסע־סאָסיע, מוישע־יאָסיע! — נעמט אים אונדזער הערשעלע אײַן אַף קונדעט־דײַטש מיט א פרייליכער הארץ. — סי סאַקע, די מאַקע דיר, האָב איך שוין געמאַכט. אצינד באַקומסטו פון מיר סרוע, א רעפוע.

הערשעלע נעמט א פלעשעלע און גיסט זײַנע טראָפּנס אַף מוישע־יאָסיעס פרישער וווּנד. ער פאַרקרימט זיך, נעבעך, א שרעק, שרײַט: עס ברענט, גוואַלד, עס ברענט! נישט מיט זײַן קאָל.

מוישע־יאָסיע האָט טאַקי געהאַט רעכט, געוווסט, נעבעך, וואָס ער שרײַט. די טראָפּנס זענען געווען צו שטאַרק פעפערדיק און געברענט ווי פײַער דאָס רויע פלייש אים אין דער בלוטיקער מאַקע, ער האָט געצאַפּלט, געקרעכצט און זיך פאַרגאַנגען וויינענדיק פאַר גרויס ווייטעק.

די קונדייסים האָבן געכאַפּט א ציטער און זיך צעלאָפן. הערשעלע איז אויך אנטלאָפן אביסל אין דער זײַט און זיך געשטעלט קוקן פון דאָרט אַף זײַן כּוילע. א היפּשע צײַט האָט ער, נעבעך, זיך געוואַלגערט אַף דער ערד, שרײַענדיק אַלץ אין איין קאָל: עס ברענט, ברענט! דערנאָך איז ער ווי ס'איז אופגעשטאַנען און האָט מיט א יאָמער, א קלאָג זיך געלאָזט גיין זײַן וועג, הינקענ־דיק שטאַרק אַף דעם רעכטן פוס. געקומענ איז ער געזונט און אוועקגעגאַנגען קראַנק. ער איז געקומען הונגעריק, נאָר לעבעדיק, פריילעך, האַנאָע האָבנדיק פון דער ליכטיקער וועלט, פונעם שיינעם פרימאָרגן — און האָט, פאַר גרויס גוטסקײַט צו אים, באַקומען א מאַקע!

מוישע־יאָסיע איז אוועקגעלעגן א היפּשע צײַט מיט א פוס געשוואָלן, ווי א באַרג, און אויסגעקרענקט די טויווע הערשעלעס. אז די דאָזיקע מײַסע איז אָנגעקומען צום טאַטן דורך כאָנע־לעמל, אלצדינג, מיט איטלעכע פּיצעלע, האָט ער אים גוט מעכאַבעד געווען, ער זאָל געדענקען, און ווי א טאַטע דעם זון געזאָגט מוסער אזוי:

— שקאָצ איינער! טויוועס ווילסטו טון? מאַך בעסער יענעם ניט קראַנק און פאַרשפּאָר, שקאָצ איינער, דערנאָך אים צו היילן, צו טון אים טויוועס. וואַרט נאָר, וואַרט, דו וועסט בא מיר האָבן ט ו י וו ע ס! א צענטן וועסטו פאַרזאָגן...

— בין איך דען איינער? — טײַנעט דער זון וויינענדיק און וויל די שולד ארופלייגן אויך אַף אנדערע. — פאַרוואָס מעגן יענע... יענע?

— שאַ, שקאָצ! — טוט דער טאַטע בייז א כיק. — יענע זענען אויך אזוינע שקאָצים ווי דו, דו הערסט, הערשל! מע איז מויכל דיר און דײַנע גלײַכנ אײַערע שיינע טויוועס!...

## דאָס פינפטע קאַפּיטל

אַך, ווען נישט דאָס עסן, ווען נישט דאָס עסן, וואָלט דאָס לעבן אין קאַפּצאַנסק פאַר הער־שעלע קינדערווײַז געווען זייער א גליקלעכס, ווי אין גאַניידן! צײַט אַף צו שטיפן, אַרומצולויפן פרײַ, האָט ער געהאַט, א שיינעם נאָמען בא ווײַסעכעווורע האָט ער, באָרעכאַשעם, געהאַט, איי־סאָקים אלערליי האָט ער, נישט צו פאַרזינדיקן, אויך געהאַט, ער איז געווען א גענעראַל, א סוי־כער, אלצדינג, וואָס איר ווילט און וואָס מאַכט יינגלעך איבערגליקלעך. נאָר איינע קליינינקײַט — אָט דאָס עסן, וואָס דאָס מעגנדל זײַנס פלעגט מאָנען עסן, דאָס האָט אים נאָר צעדרייט, פאַרשטערט די סימכע. ס'זענען געווען צײַטן, ווען ער איז געקומען אהיים הונגעריק נאָך אזויפיל מי און אָנטופען זיך, נעבעך, געכאַלעשט עסן, כאָטש וואָס ס'איז פון יויצע־וועגן — און נאָרנישט, נישטאָ קיין לעק! ער פלעגט וויינען, זיך קראַצן, האַלטנדיק ביידע הענטלעך אין די האָר פונעם קאָפּ און שרײַען, שרײַען, ביז ער איז געבליבן ליגן אָן קויכעס און אנשלאָפן געוואָרן. שפּעטער איז ער שוין מיט אזעלכע זאַכן געוווינט געוואָרן און, אז ער איז הונגעריק געווען, פלעגט ער מאַכן מיט די ליפּן און שווײַגן. א רעבן אַף שטילערהייט לײַדן, האָט ער געהאַט קיילע־ריקלען.

זי איז געווען א שלאָפע, בלייך ווי די וואנט, דער האלדז געשוואָלן, איינע אויער פארלייגט, פארשטעקט מיט וואטע. זי פלעגט, נעבעך, איבערטראָגן איר שמערצ, אויך קעלט, הונגער זיצנדיק איינגענורעט אין א ווינקל, ווי א שטילע טויב, און קוקן מיט א פּאַר פארטראכטע, פייכטע אויגן, שא, שטיל, נאָר וואָס זי פלעגט מיט א כאָרכלען שלינגען די סליונקע און דערביי עפּעס מעשונע זיך קרימען. דאָס איז געווען א קרימען זיך נישט מיט גאל, מיט בייזקייט אף די גרויסע יעסורים. ניין, דאָס גוטסקייט איז איר געלעגן אפן פּאָנעם. דאָס קרימען זיך האָט באטייט גאָר פארקערט, זי טוט זיך, נעבעך, אָן א קויעך, נישט ארויסצוווייזן די ווייטעקן מיט א הויכן זיפצ, ווען עס גיט איר איינעווייניק א צופּ, א קלעם, און איטלעכער קרים איר ער האָט ארויסגעריסן בא יענעם א שטיק הארצ... אזא רעבע קען לערנען סייכל, מאכן ווייך, גוט און פרום אסאך בעסער ווי אלע מוסער־ספאָרים, בעסער ווי יענע נארישע כאכאָמים מיט זייערע עסיק־זויערע, לאקריצ־זיסע שטראָפּ־רייד. אפילע וואסקע דער קאָטער (איר ווייסט דאָך ווער מע מיינט... יענעם, דאָרט אין קרילאָוס באסניע), א פרעסער, א נאשער, וואָס די נעשאָמע זיינע ליגט אים נאָר צווישן די טעפּ, אפילע אים וואָלט אזא רעבע צענומען — האלעוויי ער זאָל אזעלכן נאָר האָבן! — עס וואָלט אים פארגאנגען דער כיישעק צו סמעטענע און שטארק צופרידן געווען כאָטש מיט זויערמילך.

הערשעלע איז געווען א פארשייט קינד, א לעבעדיקס, א רירנדיקס. קוים האָט ער זיך געשטעלט אף די פיסלעך, א בליק געטאָן אף גאָטס וועלטעלע ארום אים, איז דאָס וועלטעלע אים זייער שיין געפעלן און כיישעק געהאט ווי א העזעלע צו שפּרינגען, צו לעבן; נאָר דאָס לעבן האָט אים אָנגעקוקט ווי א שטיף־מאמע מיט א בייז פּאָנעם: טארבעס, ייִנגעלע! לאָז זיך א קאפּצן נישט גלוסטן... דאָס בייזע פינצטערע לעבן האָט אים אָפּגעשטעלט באלד טאקע באם צעפירן זיך די הענטלעך: אים געגעבן צו פארשטיין דעם טאם פון נויט, הונגער; אים איינגעראָמט א סאָד, ווער, מישטיינסגעזאָגט, ער איז, פונוואנען, מישטיינסגעזאָגט, ער שטאמט, לויטער קאפּצן, לויטער אומגליק... און אים געפרעגט די ערשטע קאשע: הערשעלע, וואָס איז מיט דיר אזוינס די סימכע?

הערשעלעס יוגנט איז פארגאנגען געשווינד, אָפּגעבליט גיך און ער איז קינדווייז נאָך געוואָרן א קליין ייִדל: דערשלאָגן, פארטראכט, מיט א פארזאָרגט פּאָנעם און אלע פּאָסטעמקעס פון א גרויסן, באוויבטן ייִדן, עס האָט אים נאָר געפעלט א בערדל. דער ייִד האָט אין זיין ביסל לעבן אויסצושטיין אזויפיל מינע צאָרעס און לייד, אז סע בלייבט אים נישט קיין צייט פאר דער קינדהייט. זי גיט נאָר אף א ווײַלע א שיין, ווי די זון אין א מיִעסן ווינטער־טאָג, און פארגייט טאקע באלד אין א גרויסער, לאנגער, פינצטערער כמארע. קוים קריכט דאָס ייִנגעלע ארויס פון די וויקעלעך און טוט זיך א שפּיל, גיט מען אים א כאפּ צום טייטל... מע שלעפּט אף אים ארוף דעם יאָך און וויאָ, וויאָ, ייִדל! —

אך, ריבוינעשעלוילעם, גלוסט זיך עס מיר אצינד כאָטש פונדערווייטנס אָנקוקן דעם ייִדן, וואָס איז אויסגעוואקסן פון יענעם ייִדל, וועלכן מיר איז באשערט געווען צו זען אמאָל! דענסטמאָל איז ער נאָך ניט אלט געווען קיין צוויי קײַלעכיקע יאָר. איך געדענק נאָך ווי היינט זיינע צוויי פּייקעלעך, זיינע יארמעלקעלע, זיין שפּענצערל און לייבסערדאקל. עס שטייט מיר פאר די אויגן זיין בלייך, פינצטער פּענעמל, ווי ער האָט זיך אנטפּלעקט פלוצים פון א קליין אלקערל, צעשויבערט, איינגעטונקען אין פּעדערן, פון די קישעלעך, אפּאָנעם, אף וועלכע ער איז געשלאָפן; ווי ער האָט זיך פאמעלעכן צוגערוקט אין שטוב צו דער מוטער, איר זיך געזעצט אפן שויס, מיט די קאָשערע הענטלעך ארויסבאקומען איר פונעם בוזעם די ברוסט, געמאכט אף זיין זיס לאָשן א בראָכע שעהאקל און געזויגן... אָמיין! — האָב איך געענטפערט מיט קאוואָנע, באטראכטנדיק מיט גרויס נאכעס דאָס זויגנדיקע קליינע ייִדל, אויך די מאמע. געקוקט און געזאָגט: אשרייכעם ייִסראָעל, אז ווויל איז אייך, פאָלק ייִסראָעל!...

מיט די קונדייסים איז אונדזער הערשעלע טאקע אלץ געווען כאווער, האָט מיט זיי געשטיפט ווי פריִער, נאָר דאָס איז געווען אן אנדער מין שטיפן, שוין ערנסט, מיט באַרעכענונג, דערביי ניט א ריס צו טון די צעריסענע קאפּאָטע, ניט בלייבן, כאָלילע, שטיין מיט א הוילן קאָפּ אָן א היטל, ניט אויסצורייסן איינער באם אנדערן א האָר פון דער פּייע, און מע האָט אין דעם שפּילן־זיך פארלאנגט אלץ נאָכצוטון די גרויסע. מיט א גרויסן צו רעדן, מיט א גרויסן זיך אביסל דורכגיין, דאָס איז, געוויינטלעך, בא קינדערשע קליינע ייִדלעך א קאָוועד זייער א גרויסער. גרויסע גייען קעסיידער נאָך די גראדן פון אונטן ארופ: א כאָסן־באָכער, א באלעבעסל, א

באלעבאָס, א קליי־קוידעש, פונעם שאמעס ביז דעם ראָוו. באלמעלאָכעס זענען צווישן יידן גאָר אנדערע מינע גרויסע, עפעס ניט אהין, ניט אהער, האָבן געוויינטלעך אומגאנג מיט יינגלעך, מאכן זיך עפּעטערס נאריש מיט זיי און האָבן בא די עמעסע גרויסע איין פּאָנעם, ווי זיי, הייסן אויך כעוורעלײַט, שקאָצים, יונגאטשעס, ווי זיי.

הערשעלע הייבט אָן צו רײַבן זיך ארום די גרויסע, צוקוקנדיק זיך צו זייערע גענג און צו־הערנדיק זיך צו זייער שמועס. זאָלן צוויי יידן זיך שטעלן ערגעץ שמועסן, וואַקסט נעבן זיי, ווי פון דער ערד, אויס הערשעלע, פארײַסט דאָס קעפּל ארוף און הערט מיט א האלב אָפן מײַלכל. זאָלן גרויסע עט, אזוי־זיך אביסל דורכגיין, שלעפּט זיך זיי הערשעלע פונהינטן נאָך, ווי א קו א קעלבל. א באָרד איז בא הערשעלען גאָר קיין קאַטאָוועס ניט, אין איטלעכער באָרד שטעקט טוי־רע און כאָכמע, א באָרד קען אלצדינג, ווייס אלצדינג, וואָס א באָרד זאָגט, איז טוירעס לאָקשן. אז ער האָט אמאָל דערציילט יינגלעך עפעס אזוינס, וואָס איז אויסגעקומען מעשונע ווילד, פלעגט ער אויסלאָזן מיטן די ווערטער: לאכט ניט, לאכט ניט, דאָס האָט געזאָגט א ייד מיט א באָרד, און אנטקעגן אזא ליגן מיט א וואָרצייכן איז שוין ניט געווען, וואָס צו טײַנען.

„קינדרווײַז האָט הערשעלע געמיינט, אז גרויסע זענען עפעס גאָר א מין אנדער וועלט, און קליינע זײַנען פאר זיך א וועלט, און די דאָזיקע ביידע וועלטן געהערן זיך איינע מיט דער אנ־דערער ניט אָן. נאָר שפּעטער, שפּעטער האָב איך באשײַנפערלעך ארויסגעזען, אז ס׳איז א גראָ־בער טאָעס. איין וועלט, כלעבן, מיט איינע האנאָגעס, איינע כאָכמעס און איינע כעפּציעס קליין און גרויס, יונג און אלט, וואָס מאכט עס אויס? אלע זענען יידישע קינדער. דער כילעק איז נאָר דאָס: א קליין קינד טאָר ניט און א גרויס קינד מעג. וואָס בא קינדער מיט בערד הייסט א כאָכמע, גוטסקײַט און פרומקײַט, דאָס אייגענע טאקע בא קינדער אָן בערד רופט מען נאַ־רישקײַטן, שקאָצערײַ, יינגלשע זאכן״...

אונדזער הערשעלע איז, באם ווערן א קליין יידל, געשטאנענע מיט איין פוס צווישן די קליי־נע, און מיט דער אנדערער צווישן די גרויסע יידישע קינדער. מיט יענעם פוס צווישן די כא־ווירים איז ער געשטאנענע פעסט אפ דער ערד. קליינע יינגעלעך שפּילן זיך פּאָשעט דאָ אפ אונדזער אוילעם, זענען באם שטיפן מיט דעם גאנצן קאָפּ ארײַנגעטאָן אין אזעלכע זאכן, וואָס שטייען פאר די אויגן און מע טאפּט זיי אָן מיט דער האנט. יענער פוס אָבער, וואָס צווישן די גרויסע, האָט געפילט א מאָל, ווי עס פארשווינדט אונטער אים די ערד און בלײַבט הענגען עפעס ווי אין דער לופטן; גרויסע קינדער אז צעשפּילן זיך, פליִען זיי אין הימל ארײַן, פאר־קריכן שטיפנדיק העט, העט ווײַט, אזוי אז ס׳כאפּט אזש אָן א שווינדל... שטייענדיק אזוי אפ מישקוילעס, האָט הערשעלע זיך צוגעהערט צו די גרויסע מיט ביידע אויערן. און ווען ער זאָל אזוי האָבן אפילע נאָך עטלעכע פּאָר אויערן, וואָלט ער אלע טאקע געברויכט נאָר דערצו, ווײַל זאכן אפ צו הערן איז געווען זייער פיל. הערשעלע האָט זיך אָנגעהערט בא זיי מאָפסים און וווּנדער גאָר אָן א צאָל — מײַסעס פון יענער וועלט, וואָס אין גענעם און אין גאניידן טוט זיך, מיט איטלעכס פּיצעלע באזונדער, גלײַך ווי זיי וואָלטן ערשט פון דאָרט געקומען און אלצדינג געזען אליין מיט אייגענע אויגן; מײַסעס פון גילגולים, פון מייסים, וואָס גייען ארום אפן אוי־לעם־האטויע, מײַסעס פון די גוטע... און ניט־גוטע; מײַסעס פון מאלאָכים און עליאָהו האנאָווי, גאָטס מעשולאָכים, וואָס וואנדערן אויס ווו די וועלט האָט אן עק און זענען פול אין איטלעכס ווינקעלע. דערבײַ איז דערציילט געוואָרן א ווונדער־שיינע מײַסע, וואָס האָט זיך אמאָל געטראָפן טאקע דאָ, אין קאפּצאנסק, מיט וועלכער עס האָט געקלונגען און עס קלינגט נאָך אדאַ־יעם די וועלט. די מײַסע איז אזוי געווען:

## דאָס זעקסטע קאפּיטל

בימיי רעב שמעלקע — א״נ דער צײַט רעב שמעלקעס, אן עלטער־זיידע פון אונדזער אוישער רעב יידל קאפּצאנסקער, האָט זיך איינמאָל אונטער א פּורים אין א שלעכטער ענגער צײַט גאנץ קאפּצאנסק אוועקגעלאָזט קיין גלופּסק. איבערגעבליבן פון די אלע מאנצבלען איז נאָר רעב שמעלקע אליין. רעב יידלס עלטער־זיידע, רעב שמעלקע, זיכרוינע ליוורָאכע, א גוטער, א פרומער, מיט דעם פּינטעלע ייד, פון דעם אלטנס כסידים, איז געווען, ניט פאר קיין יידן געדאכט, א בעזודיטניק. די אלע מיטל, וואָס ער האָט איבערגעטאָן צו האָבן כאָטש איין קינד, א קאדעש,

האָבן ניט געהאָלפן. ער האָט לעסאָף אוועקגעלייגט דעם באַלשעם, דעם טאַטער מיט דער טאָ־טערן, לעהאוודל, און זיך גענומען צו דינען גאָט, וואָס דינען הייסט, מיט א ברען, ניט אויסצו־שפאַנען זיך אפ א רעגע פונעם יידישקייט. מיילע, אז קאַפּצאַנסק האָט זיך דאָ אוועקגעלאָזט, איז רעב שמעלקע געבליבן געפּלעפט: סטייטש, פורים וועט ער ניט דאַווענען און לייענען די מעגילע מיט א מינין יידן! און וועמען וועט ער שיקן „מישלועכ־מאָנעס"? און מיט וועמען וועט ער מאכן א קויסע, ווי גאָט האָט געבאָטן? און ווי ער זיצט זיך דאָ אזוי אין איינע צאָ־רעס, עסטער־טאָנעס, צווישן טאָג און נאכט, אָן א קאָפּ, עפּנט זיך פּלוצים די טיר און עס קומען אריין נייַן פאַרשוינען. דרייַ גרייַז־גרויע אין ראַצעמאָרענע זשופּעצעס, איינער עפּעס אין א מין כאלאט מיט טראָלדן, די באָרד צעקאָשמעט און אפן קאָפּ א הויכער, שפּיצאַסטער ספּאָדעק. נאָכ איינער — אין א מין סוויטקע, אָדער א טשומערקע, מיט א לעדערנעם בייַגארטל, דאָס פּאָנעם באַוואקסן מיט א וואלד האָר. און נאָכ איינער עפּעס אזויווי פאַרשלאָפן, מיט א גראָבער רוי־טער נאָז, פול אָנגעזעצט מיט בלאָטערן, ווייַנפּערלעכ, און האָט ניט געקאָנט אייַנשטיין אפ די פיס. די איבעריקע דרייַ פאַרשוינען זענען געווען אָנגעטאָן עפּעס טערקיש, פאָרנט ברוסט־טיכ־לעכ מיט פליטערלעכ, הינטן קורצע פאַרטעכלעכ, ניט ווי מאַנצבלן, ניט ווי ווייַבער. באַם אריינ־קומען האָבן זיי געקושט די מעזוזע, מיט א געשריי: א גוטן אָוונט! א גוט יאָנטעוו, רעב שמעלקע!

רעב שמעלקע גייט זיי אנטקעגן און גיט איטלעכן פון די פאַרשוינען א ברייטן שאָלעם־אליי־כעם, מיט א פרעג, ווי דער שטייגער איז, פונוואַנען פאָרן עס יידן? יענע יידן, ווי די טערקן, האָט ער אָנגענומען פאַר יערושאַלמים און דעריבער האָט ער זיי געמאכט א גאָר א גרויסן באָרעכאבאָ, טראכטנדיק באַ זיך: ווילע געסט, כלעבן! פון זיי וועט מען עס אָנהערן זיך אביסל פון דער „מעאָרעס־האמאכפּיילע", פון דער מוטער ראָכלס קייווער און עפּשער וועט מען באַ זיי קאָנען קויפן א זעקעלע ערעצ־ייסראָעל־ערד אפ צו באַשיטן זיך נאָכן טויט, ווערעם זאָלן ניט עסן.

— רעב שמעלקע! — זאָגט די טשומערקע, — די סאָכרים מייַנע פרעגן, אויב ס'איז מעגלעכ באַ אייַכ צו האַלטן פורים. זיי וועלן אייַכ גוט באַצאָלן.

— כאָלילע! — ענטפערט רעב שמעלקע, — געלט — בעשומויפן ניט. זייער אָנגעלייגטע געסט, כלעבן! מייַן לוינ וועט שוין זייַן דאָס, וואָס איכ וועל מיט אזעלכע טייַערע אָרכים אָפּריכטן די סודע גאַנצ פריילעכ, יידישלעכ. ווייַן און נאָכ אנדערע מאַשקע: וויִשניק, מאַלינ יק האָב איכ גע־נוגג. פאַר נויט וועט מען קאָנען נעמען א פּאָר פלעשלעכ פונעם פּייסעכדיקן. און איר, רעב ייד, — טוט ער א זאָג צו דעם אין דער טשומערקע, — איר זייַט דאָכ א באַלעגאָלע און וועט זיך מיסטאמע פון א גוטן טרונק בראָנפן ניט אָפּזאָגן. בראָנפן האָב איכ גאָר אַנ אנטיק.

— בראָנפן!... וואָס בראָנפן?.. — רופט זיך אָפּ יענער מיט דער רויטער נאָז, אונטערקומענדיק נעענטער. — אפ בראָנפן בינ איכ א מייוון, איינער טאקע אין דער וועלט.

— זייער אָנגעלייגט. דאָס האָב איכ אין אייַער פּאָנעם ארויסגעזען טאקע באַלד — זאָגט רעב שמעלקע צו דער רויטער נאָז, — איר זייַט מיר זייער קענטלעכ... זייַט איר ניט יענער ברענענדי־קער כאָסיד, מיט וועלכן מיר האָבן אמאָל איינעם יאָנטעוו געהאַלטן באַם אלטן, זאָל מארעכ יאָמים זייַן? יאָ, איר זייַט אפ בראָנפן א מייוון, א גרויסער מייוון, ווי איכ בינ א ייד!.. איר פאַרשטייט דאָכ מיכ, וואָס מיט דעם וואָרט „מייוון" איכ מיין, דעם איניען פון בראָנפן, וווהינ דאָס גייט... דער ברען, וואָס דרינען שטעקט, ניט גלאַט פּאָשעט אזוי זיך... דאָס פאַרשטייען נאָר מיר, אזעלכע ווי איר, ברענענדיקע, פייַערדיקע יידן...

רעב שמעלקע האָט געפּירט זייַנע געסט אין שול אריין און מע האָט דאָרט געדאַווענט מייַ־רעוו. איינער פון די אלטיטשקע האָט געלייענט די מעגילע מיט א זיס קאָל, גאָר מעכייַע. באַם לייענען: ווי האָמענ הארָאָשע איז דערהויכט געוואָרן, ווי אים גלוסט זיך דורכ פאַלשע מעסי־רעס אין בילבולים אויסהארגענען אלע יידן, איז דער שפּיצאַסטער ספּאָדעק אונטערגעשפּרונגען און פאַר קאַס געמאכט אזא קולאַק, אז רעב שמעלקע איז פאַרציטערט געוואָרן. ער האָט א כאַפּ געטאָן געשווינד דאָרט א שטעקן פון די לאַנגע כופּע־שטעקנס און דערמיט מיט דעם גאַנצן קויעכ געשלאָגן האָמענ הארָאָשע איבער די טרעפּלעכ פונעם בעלעמער, אים דעם טויט געמאכט, און אז צום סאָף האָט געהאַלטן אין דער מעגילע באַ האָמענס מאַפּאָלע, האָט דער ספּאָדעק

געשײַנט, געלויכטן, געשפּרונגען און געטאַנצט פאר סימכע. די אַלטיטשקע האָבן זיך אונטערגע־ העטשקעט און געזונגען „שוישאַנעס יאַנקעוו" מיט א זיס ניגנדל. די נאָז מיט ווײַמפערלעך האָט זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און א זאָג געטאָן:

— וואָס טויג מיר די מײַסעס, איך וואָלט פון אַלע סימכעס שוין געוואָלט דערלעבן נעמען אביסל בראָנפן, טאַקע דאָ באַלד אפן אָרט.

דאָ האָט זיך אויך צעהיצט אונדזער רעב שמעלקע, איז געשווינד צוגעלאָפן צום שאַמעס שאַפקעלע, אַרויסדערטאַפּט פון דאָרט א פלעשל בראָנפן, שליש, מיט עטלעכע קעלישעקלעך און געמאַכט מיט די פאַרשוינען לעכאַיִמ. דער שאַמעס אַליין איז דענסטמאָל ניט געווען, וואָרעם אין דעם קסאַוו מיט אים איז געשטאַנען בעפיירעש אַרײַנגעשריבן א פונקט, אז כאַנוקע און פּורעם האָט ער, ווי אַנדערע, דאָס רעכט אַרומצוגיין אין די הײַזער — אין גלופּסק. אויך איז דאָרט געשטאַנען א פונקט, אז נאָר ער אַליין האָט דאָס רעכט מאַכן אין קלײַזל א מין שענקל און שענקען דאָרט א גאַנץ יאָר בראָנפן, דערבײַ האַלטן דאָרט אויך צום פאַרבײַסן רעטשענע קיכלעך, אייער־בייגל אוכעדוימע אַזעלכע זאַכן, אפ וועלכע מע מאַכט א בראָכע „בורע מיני מעזוינעס" און מע באַדאַרף זיך דערצו נישט וואַשן.

די גאַנצע נאַכט האָט זיך רעב שמעלקע מעסאַמייעך געווען מיט די דרײַ פאַרשוינען. אפ מאָרגן אינדערפרי זענען זיי אַלע געגאַנגען אין וואַסער, נאָר די נאָז האָט נישט געוואָלט גיין.

— ניין, ניין, — האָט זי געזאָגט, — פע, איך האָב פײַנט וואַסער.

— קומט, — האָט רעב שמעלקע צו דער נאָז געמאַכט, — קומט, נישקאָשע, אונדזער מיקווע־וואַסער איז געדיכט, מע קען זי שנײַדן מיט א מעסער...

בעשאַס לייענען די מעגילע אין דער שול האָט דער ספּאָדעק און די אַלטיטשקע געטאָן דאָס אייגענע, וואָס נעכטן. נאָך דעם דאַווענען האָט מען זיך געזעצט עסן און טרינקען. נאָך דעם עסן האָט מען זיך גענומען מעקײַעם זײַן „מישלויעך מאָנעס", נאָך דעם שאַלעכמאָנעס האָט מען געמאַכט בראָכע און געגעסן האָמען־קרעפלעך, האָמען־טעשלעך, מאָנדלען און געטרונקען וויש־ניק. נאָך דעם בראָכע־מאַכן האָט מען זיך ווײַטער געזעצט עסן און טרינקען, מעקײַעם זײַן די סודע, מע האָט געגעסן, געטרונקען, מעקײַעם געווען, געשיקערט אפ וואָס די וועלט שטייט. די נאָז האָט געטרונקען מער פון איטלעכן. איידער איינער האָט אויסגעטרונקען איין קויסע, האָט די נאָז אויסגעטרונקען צען, געגאָסן, ווי אפן שטיין. בעקיצער, מע האָט אזוי פיל מעקײַעם געווען, געטרונקען, געשיקערט, אז דער קאַפּצאַנסקער אוילעם איז אפ מאָרגן נאָך שושן־פורים צוריק געקומען פון גלופּסק, האָט מען געטראָפן רעב שמעלקען נאָך טויט־שיקער. אז רעב שמעלקע האָט זיך אופגעכאַפּט, איז ער געווען ווי א דולער פאַר גרויס וווּנדער: די פאַרשוינען זענען עפּעס ווי אויסגעטריקנט געוואָרן, אין שטוב איז עפּעס א איבערקערעניש, קיין זאַך נישט אפ זײַן אָרט, וואָס ער זוכט, איז נישטאָ, וואָס ער באַדאַרף, איז ווי אין וואַסער אַרײַן. ס'איז אים א גרויס וווּנדער, גאָר ניט צום פאַרשטיין!..

דער אַלטער, זיכרוינע־ליווראָכע, האָט שפּעטער מעגאַלע געווען דעם סאָד זײַנע מעקוראָ־ווים, די מעקוראָווים דערנאָך — זייערע מעקוראָווים און אזוי איז עס געגאַנגען פון איין אויער אין דעם אַנדערן, ביז דאָס איז באַקאַנט געוואָרן דער גאַנצער וועלט. יענע פאַרשוינען זענען געווען די גוטע קנופיע, גאָר דאָס גוטע פּעקל!.. די דרײַ אַלטיטשקע זענען עס געווען די אָוועס; דער כאַלאַט אין הויכן שפּיצאַסטן ספּאָדעק — מאָרדכע, אָנגעטאָן ביגדע מאַלכעס; די טשומערקע — עליאָהו־האַנאָווי; די נאָז מיט ווײַמפערלעך — דער באַרימטער שיקער לאָט, וואָס שלעפט זיך נאָך דעם פּעטער אווראָם אָווינו; די דרײַ טערקן מיט פליטערלעך און פאַרטעכלעך — מאַטעסיאָהו קויהען־גאָדל מיט צוויי קינדער, אָנגעטאָן אין כוישן וואָייפּעד. דער אַלטער האָט געזאָגט, אז איידער די גאַנצע קאָמפּאַניע איז געגאַנגען צו רעב־שמעלקען, האָט זי פריִער זיך געלאָזט מעלדן און בא אים גענומען רעשוס, וואָרעם רעב שמעלקע איז דאָך זײַן כאָסיד און קאַפּצאַנסק געהער צו אים. דאָס הייסט, געהערן, אייגנטלעך, געהער זי צו א פּאָרעץ, נאָר דעם גראָשן מאַכט ער... דאָס הייסט, דער פּאָרעץ האַלט די קו פאַר די הערנער, און ער, לעהאַווידל, מעלקט...

רעב שמעלקע האָט אָנגעהויבן פון יענעם יאָר מאַצליִעך זײַן. סערל, זײַן דריט ווײַב, נאָך נאָר א יונגט, א לעבעדיקס, א ברענענדיקס, וואָס ער האָט זי גענומען נאָר פאַר א באַלעבאָסטע

אינ שטוב אריַינ, האָט טאקע אינ ניַינ כאדאָשימ ארומ נאָכ דער מיַיסע, וואָס איז געשענ, געהאט כאנוקע־ציַיט א יינגל. דאָס איז ועב מאָרדכעלע־מאטעס (אזוי האָט דער אלטער געהייסנ א״מ א נאָמענ געבנ נאָכ מאָרדכע האצאדיק אונ מאטעסיאָהו האכאשמענאָי). פונ דעמ רעב מאָרדכעלע־מאטעס איז ארויסגעקומענ רעב יאנקעוו־עליע, היַינטיקנ רעב יידל קאפצאנסקערס א פאָטער.

קאפצאנסק נעמט זיכ שטארק איבער מיט דער דאָזיקער מיַיסע. סטיַיטש, דאָרט בא איר זענענ געווענ אזעלכע פארשוינענ! ווער שמועסט ר׳ יידל, דער איז גאָר בא זיכ פאריסנ, שטאָלצ ווי א רועכ. א קאטאָוועס עפעס, זיַינ זיידע האָט אויסגעטרונקענ א קעלער וויַינ, געשיקערט מיט לאָטנ... אונ טוט דערפאר גרויסע שידוכימ.

אז הערשעלע האָט דערנאָכ די דאָזיקע מיַיסע איבערגעדערציילט די יינגלעכ, איז זי איטלעכנ שטארק געפעלנ. עטלעכע יינגלעכ האָבנ נאָכ איידעס געזאָגט אונ זיכ געשווירנ, ווי זיי זענענ יידישע קינדער, זיי זאָלנ אזוי הערנ שויפער שעל מאָשיעכ, ווי זיי האָבנ עס אליינ מיט זייערע אויערנ געהערט פונ זייערע טאטעס דערציילנ — אונ אלע האָבנ געגלויבט, אז דאָס איז עמעס. צוויי יינגלעכ האָבנ זיכ געשפארט איבער לאָטס נאָז, איינער שריַיט, ניינ! אזוי האָט מיַינ טאטע געזאָגט: רויט, אָנ וויַימפערלעכ. אונ דער אנדערער שריַיט אנטקעגנ: ניינ, ניינ, מיט וויַימפערלעכ! מיַינ טאטע ווייסט בעסער, ער זאָגט — מיט וויַימפערלעכ. עס ווערט א קריג איבער די טאטעס, וועמעס טאטע ווייסט בעסער! איינער דעמ אנדערנ גיט אינ טאטנ אריַינ, יינגלעכ מישנ זיכ אריַינ, עס ווערט א געשריי: וויַימפערלעכ, נישט וויַימפערלעכ! גליַיכ ווי עס וואָלט זיכ געהאנדלט איבער זייער א וויכטיקע זאכ, שטארק נעגייע אינ לעבנ אריַינ, אזוי וויכטיק, אשטייגער, ווי יענע זאכנ, איבער וועלכע אנדערע געלערנטע אמפערנ זיכ אמאָל אינ זייערע ספאָרימ... מע כאפט זיכ צוליב דער נאָז אָנ פאר די נעז, מע גיט זיכ צוליב די טאטעס אינ טאטנ אריַינ. הערשעלע איז אויכ טרוקנ נישט ארויס אונ געלייזט א דראפ אפ דער נאָז צוליב דעמ קאָוועד פונ זיַינ טאטנ, פאר וועלכנ ער האָט זיכ מויסער־נעפעש געווענ... בא דעמ טאטנ אָבער איז דאָס נישט אָנגעלייגט געווענ, אונ ער האָט דעמ געטריַיענ זונ פאר דעמ דראפ אפ קידעש האשעמ גוט טאקע אויסגעשייגעצט אזוי:

— פע, דיַינע מיעסע גענג!.. אלצ דיַינע מיַיסעס, דיַינע נארישע יינגלשע מיַיסעס!..

## דאָס זיבעטע קאפיטל

דער דאלעס האָט אינ קאפצאנסק געסווישטשעט גאָר א שרעק, אונ די יידישע קינדער דאָרט זענענ געזעסנ מיט פארלייגטע הענט, גאָרניט צו טונ — אונ גאָרניט טאקע צו קענענ, נעבעכ, טונ — ווי דעמ דאלעס ארויסצוטריַיבנ. מע פלעגט, צונויפקומענדיק זיכ אינאיינעמ, אינ בעסמעדרעש הינטערנ אויוונ, נאָר אלצ אָכצנ אונ קרעכצנ: ניט די וועלט, וואָס אמאָל, ניט דאָס, וואָס פארציַיטנ!... אמאָל איז געווענ טע־טע־טע! אונ היַינט — עט... וואָס אמאָל איז געווענ אזוי, איז היַינט גאָר אזוי... דאָס אייגענע, דאכט זיכ אינ פלוג, אונ פאָרט א גרויסע נאפקעמינע. פארציַיטנס זענענ מענטשנ געווענ מענטשנ, יידנ — יידנ אונ געשעפטנ — געשעפטנ... אונ היַינט, מישטיינס געזאָגט, וואָס?... באמ אויכלאָזנ דעמ „וואָס?" — האָט מענ געווינטלעכ געקוקט איינער דעמ אנדערנ אינ די אויגנ אריַינ, שוויַיגנדיק שטיל, אונ געוואַרט הערנ א טערעצ אפ דער קאשע „וואָס"? — איינער האָט געקראַצט, געריבנ דעמ שטערנ, געטראכט אונ האָט דערנאָכ געעפנט דאָס מויל אונ א גענעצ געטאָנ. דער אנדערער האָט, אָנעמענדיק זיכ באמ בערדל מיט א צוגעמאכט אייגל, א מאכ געגעבנ מיט דער האנט אונ עפעס ווי פאר זיכ געבעקעט: עט... ווייס־איכ!... יענער האָט, אופהייבנדיק זיכ פונעמ אָרט, אָנגעשפארט ביידע הענט מיט אויסגעשפרייטע פינגער אפנ שטענדער, זיכ צעשאָקלט אונ געמאכט: איכ וועל איַיכ דערציילנ, הערט איר, היַינט איז טאקע נאָר, פארשטייט איר מיכ, מאָשיעכ־ציַיט. — מיט דעמ ענטפער זענענ געווינטלעכ אלע צופרידנ געווענ. איטלעכנ צעפלאקערנ זיכ דערביַי די אויגנ, אונ מע טוט זיכ א נעמ צומ שמועס וועגנ דעמ דאָזיקנ איניענ. אָנגעהויבנ האָט זיכ עט שטענדיק דערמיט, אז דאָס היַינטיקע זעקס־טויזנטיקע יאָר איז גאָטס פריַיטיק, נאָכ דעמ כעזשבנ איז אצינד ערעוו שאבעס נאָכ האלבנ טאָג, אונ שוינ דאָ אלע סימאָנימ, אז מאָשיעכ גייט, מאָשיעכ וועט באלד קומענ: די טויערנ פונ פאר־

נאָסע זענען צוגעשלאָסן, אין קעשענע נישטאָ קיין פּרוטע; ארץ־פּיאסקע אזעספּענער זענען הײַנט צווישן ייִדן שרעקלעכ פּיל; ייִנגלעכ האלטן זיכ פאר גרויסע לײַט, פּריצים; א דיק, זאט בײַכל מיינט, אז אלע כאָכמעס — א קאפּאָרע פאר זײַנס א בויכ־סוואָרע... צאָרעס און גזיירעס קומען מיט איטלעכן טאָג און עס שמעקט שוין מיט דער מילכאָמע פון „גויג אומאָגויג". איבער גויג־אומאָגויג לייגט מען אנידער א ברייטן שמועס, עס פאלן איבער אים אלערליי דייעס. איינער טוט א נעם דעם באקאנטן סייפער „אווקעס רויכל", טיטשעט מיט דעם פינגער און לייענט הויכ פאר אלע דעם זיבעטן צייכן דאָרט אזוי:

„האָויס האשוויִ — דער זיבעטער צייכן, האקאָדעש באָרעכ־הו ווײַזט דער וועלט א מויפעס. מע זאָגט, אין רוים איז דאָ א מירמלשטיין, וואָס זעט אויס ווי א בילד־שיינע נעקייווע, א מעכוע־רעס, און דאָס איז גאָטס ארבעט, ער אליין האָט זי אזוי באשאפן. קומען די רעשאָיִם צו דער מירמלשטיינערנער יעפייפיע, אומכאמעמינ אויסאָ וועשויכווים עצלאָ — און מאכן מיט איר קוצעניו־מוצעניו. זי ווערט מעוּבערעס, וועהי מיסבאקאעס — און ס'עקט א קינד מיט דעם נאָמען ארמילעס דער סאָטן, וועלכן די אומעס רופן אנטיקריסטי. ער איז אומגעלומפּערט גרויס: צוועלף איילן לאנג און צוועלף איילן ברייט. די אויגן רויט, האָר — גאָלד געפארבט מיט גרינע פיאטעס און צוויי האלזן־און־נאקנס. דער דאָזיקער מין פארשוין גיט זיכ עס אויס דער וועלט פאר מאָשיִעכן, גייט און נעמט אײַן מעדינעס. בעויסאָ שאָ — דעמלט, יאָקום נעכעמיע בען כושיִעל — שטעלט זיכ אים אנטקעגן נעכעמיע (דאָס איז מאָשיִעכ בען יויסעפ!) מיט דרײַסיק טויזנט גיבוירים פונעם שייוועט עפראיִם, און אין דער דאָזיקער מילכאָמע ווערט נעכעמיע בען־כושיִעל דערהארגעט, און אזוי גייט שלימ־שלימאזל ביז דעם אכטן צייכן. — האָויס האשמיני יאמויד מיכאָעל — וועט אופשטיין דער מאלעכ מיכאָעל און בלאָזן שויפער, דרײַ טקיִעס. בא דער ערשטער טקיִע ווײַזט זיכ מאָשיִעכ בען דאָוויד מיט עליאָהו האנאָווי, פארנעמט די צאדיקים און נאָכ ייִדן צו־נויפגעלאָפענע, וואָס בלאָנקען זיכ ארום אין דער מידבער און פירט זיי קיין יערושאָלאיִם. גאָט רעגנט מיט פײַער און שוועבל און האָגל און דערהארגעט ארמילעס האָראָשע. בא דער צווייטער טקיִע, אין דעם נײַנטן צייכן, שטייען די טויטע אופ לעבעדיק פון די קוואָרים. מאָשיִעכ בען דאָוויד לאָזט זיכ אוועק צונויפנעמען די איבעריקע ייִדן אין אלע עקן וועלט. פּריצים טראָגן די ייִדעלעכ אפ די פּלייצעס און ברענגען זיי א מאטאָנע צו גאָט, קיין ערעצ־ייִסראָעל... בא דער דריטער טקיִע, אין דעם צענטן צייכן, אנטפּלעקן זיכ די אסערעס האשוואָטים מיט די בניי מוישע, רויטע ייִדעלעכ, גאָר אָן א צאָל. ייִדעלעכ לעבן, זיצן זיכ אין הויכע ספּאָדעקעס אפ די קעפּ מיט פארלייגטע הענט, קוקן און האָבן האנאָע פון דער לויטערער שכינע"...

קאפּצאנסקער ייִדן שמעלצן זיכ, הערנדיק נעבן אויוון; עס צעשפּילן זיכ זיי די געבליטן, ווערן בא זיכ שטארק, זענען גרייט צו נעמען פײַלנבויגנס און לויפן אין דער מילכאָמע. מע פארגעסט אויכ נישט די גרויסע סודע פונעם לעוויאָסן און דעם שאָראבאָר מיט דעם יאיִן האמשומער. ראבע באר־באר־כאָנעס פעטע גענדזלעכ, פון וועלכע עס רינט שמאלץ, ווערן אופ־געגעבן צום ברילאנטענעם טיש אפ גינגאָלדענע פּאָלומעסקעס. צאדיקים עסן, טרינקען און לעקן די פינגער. — מײַנע הונגעריקע קאפּצאנסקער ייִדן באלעקן זיכ, עס גייט זיי איבער די סמאהע, מע הערט, ווי עס בורטשעט זיי אינעווייניק אין בויכ און זיי קראצן, קראַצן זיכ, נעבעכ... מע לייגט אוועק פאר צאָרעס דעם לעוויאָסן און מע נעמט זיכ לעסאטע צו דער פּאָליטיקע, צו דעם גאנצן איניען פון טאכסיסיי מילכאָמע, אין וועלכן זיי האלטן זיכ פאר גרויסע בעריעס און טוען דרינען אופ פשעטלעכ גאנצ סייכלדיק. די גאנצע לאנדקארטע איז בא זיי אויסגעמאָלט אפ דער האנט. און בעשאס בערל מיט זײַן קאָמפּאניע שטעלן אויס אפ דער דאָלאָניע „קירעס" כאיִעל, אפ די פינגער — דעם „טויגערס", צווישן זיי ביידע, אפ דעם „קאוו־האכאיִמ", — א יאם, אָדער דעם פּרוט און עס קערט זיכ א וועלט, איז לייזער מיט זײַן קאָמפּאניע שטארק באשעפטיקט מיט די סאָרימ זייערע דאָרט, אין הימל, אויסווײַזנדיק בעפיירעש פון רש"י, אז קיינער פון די מאלכיִעס האָט נישט די מאפּאָלע דאָ אונטן, ביז עס פאלט נישט דער סאר זײַנער דאָרט אויבן. בערל וויל שוין צומאכן די פינגער אזוי, אז דער טויגער זאָל אומקומען, ארײַנפאלן אין יאם.

— ניין, בערעלע! — שרײַט אים לייזער, — אומזיסט דײַן מי, דו אמאָרעצ איינער! פאלן מוז גאָר דער „סאר שעל עדוים", אזוי, גראָבער יונג, שטייט געשריבן, אז מע ווייסט נישט, באדארפ מען שווײַגן און זיכ נישט מישן...

בערלען פארדריסט עס זייער שטארק, און וואָס לייזער זאָל פון אצינד אָן נישט עפּעס זאָגן, שרייַט ער אים אָפּ צעלאָכעס אלץ פארקערט. לעמאָשל, ווען די צייַט איז געקומען איבערצוציילן די קאסע פון געוויסע נעגידים, און לייזער האָט זיך גענומען געשמאק צום אייסעק, האָט געשאצט אלפי יוישער ר׳ איצע גלופּסקערס פארמעגן אין צוויי מיליאָן און ר׳ קאלמענס פארמעגן נאָר אין אנדערהאלבן מיליאָן קערבלעך, איז בערלען אויסגעקומען צו שאצן דאפּקע פארקערט. נישט אזוי וועלן טרעפן דערמיט ר׳ קאלמענען, ווי לייזערן, און דערפון איז אמאָל ארויס מיִעסע זאכן. א טייל האָבן געהאלטן מיט לייזערן, א טייל מיט בערלען, מע האָט זיך געדונגען, געאמפּערט, געווערטלט: וואָס איז, עפּעס געלט־שמעלט?! יאשראָנים פלעגן זיך ארייַנלייגן אין שאָלעמ ארייַן: פאָלגט אונדז, גיט נאָך בערלען אָפּ ר׳ קאלמענען, וועט ער אייַך נאָכגעבן אָפּ ר׳ איצען.

— מא ראש? — האָט איינער געמאכט א פּשאָרע: — ר׳ איצע האָט א מיליאָן זיבן הונדערט פּופּציק טויזנט און ר׳ קאלמען אויך אזויפיל, א מיליאָן זיבן הונדערט פּופּציק טויזנט קערבלעך. מיר דאכט זיך, ס׳איז גאנץ אָרנטלעך. ביידע צדאָדים קענען צופרידן זייַן. לייזער און בעריל באַדארפן שטעלן מאשקע, עס קומט פון זיי בראָנפן.

— קוילעט אונדז דאָ פּאר א גראָשן, — שרייַט לייזער מיט בערלען אין איין אָטעם, — מיר האָבן, אָסער, נישט קיין פּרוטע.

— עט, — האָט מען געענטפערט, — נישקאָשע, דער שאמעס וועט באָרגן, גיט אים נאָר א מאשקן...

אז ס׳פלעגט קומען צו רייד פון רעב ייִדל קאפּצאנסקער, האָט איטלעכער געמאכט א מינע מיט אן ערנסט פּאָנעם. אלע האָבן געזאָגט פּע עכאָד, ער איז נישט אזוי רייַך, ווי אָן איינאָרע א מוצלעך. נאָר פארוואָס איז ער נישט אזוי רייַך, ווי א מוצלעך? אָט דרינען האָבן זיך געטיילט די מיינונגען. א טייל האָבן געזאָגט, אז עליאָהו האנאָווי האָט דענסטמאָל, דענסטמאָל געשיקט דעם זיידן רעב שמעלקען שאלעכמאָנעס א יערכן בייַטעלע מיט א פּעניגל, פון דעם בייַטעלע לאָזט זיך קיינמאָל נישט אויס, אין אים איז שטענדיק דאָ נאָר אזויפיל געלט, וויפל עס קען ארייַן, נישט מער, נישט ווייניקער. ווידער א טייל האָבן געזאָגט:

— ניין, עליאָהו האנאָווי האָט געשיקט שאלעכמאָנעס רעב שמעלקען גאָר א ווינטשפינגערל מיט דעם „שעמ האמפּוירעש". ער האָט אָבער אָנגעזאָגט, ער זאָל ווינטשן נאָר אזויפיל צו האָבן, וויפל ער באדארף.

— עט! — האָבן יענע מיט א קנייטשל געמאכט, — עט, און נאָך א מאָל טאקע עט!... ווען אפילע אזוי, וואָלט דאָך רעב שמעלקע באמ ווינטשעניש מיט דעם ווינטשפינגערל, אז ער האלט שוין באמ ווינטשן, געקענט ווינטשן, עליאָהו האנאָווי זאָל אים ווינטשן, אז ער זאָל מעגן ווינטשן, וויפל ער ווינטשט זיך צו ווינטשן!... אוי, אוי, מיר זאָלן עס נאָר האָבן ווינטשפינגערלעך, ווייסן מיר שוין, וואָס עס וואָלט געווען!..

— אָכ־כ־אָ! — האָט מען געקרעכצט, — שלעכט ארום און ארום, איין מיטל טאקע נאָר א ווינטשפינגערל. וואָס זאָלן מיר טון? אויס פּארנאָסעס. כאָטש צערייַס זיך, סאָנע־ציִען, וועט דיר גאָרנישט העלפן... הייַנטיקע צייַטן צו לעבן, ווי ס׳איז צו דערהאלטן די נעשאָמע באדארף מען האָבן ריינע ניסים...

## דאָס אכטע קאפּיטל

אונדזער הערשעלע, וואָס האָט שוין געוווסט, נעבעך, דעמ־טאמ פון נויט, וואָס דאָס יונגע בלוט זייַנס איז נאָך געווען ־זודיק־הייס, וואָס די דערקוועטשטע נעשאָמע זייַנע, אזוי פרי פאר דער צייַט, האָט זיך, ווי א געפאנגענע פייגעלע אין דעם שטייַגל, געשלאָגן, נעבעך, ארויסרייַסן זיך פון דער קלעמ אין דער פרייַער וועלט — ער, הערשעלע, האָט זיך אָנגעכאפּט אין דעם ווינטשפינגערל מיט אלע זייַנע געדאנקען און עס גענומען אָפּ זייַנע קיילים. כלעבן, ריבוינעשעלוילעמ, האָט ער באַ זיך געטראכט, פארוואָס זאָלן טאקע, גאָר אָן קאטאָוועס, ייִדן, נעבעך, ניט האָבן אזעלכע ווינטשפינגערלעך? פארוואָס אמאָל, אז ס׳איז געווען דייַן גוטער ווילן, האָסטו דייַנע קינדער ייִסראָעל געגעבן מאן אין דער מידבער, פייגעלעך, טויבן זענען געפלויגן אין מויל ארייַן און פון א שטיין האָט זיי געפלייצט וואסער צו טרינקען? לאָז זיך דאכטן, אז הייַנט זענען ייִדן

אויך אין דער מידבר צווישן שלאַנגען, עקדישן און דעם פֿעפֿערנאָטער. — אַך, ווי שײן זײַנען קינדערשער סײכל האָט אים אויסגעמאָלט אַזאַ פֿינגערל, וואָס אַז מע זאָגט: פֿינגערל, פֿינגערל! איך ווינטש דאָס, איך ווינטש יענץ, — האָט מען דאָס, וועלכס מע ווינטשט, גאָר אָן מי, אָן קאָפּדרעניש. אַ טײַנע, כלעבן! אין מײַסע־ביכלעך האָט ער באַגעגנט זײער פֿיל וווּנדערלעכע זאַכן, וואָס זענען געשען אױף דער וועלט דורך צויבער, דורך שײמעס און ווינטשפֿינגערלעך. ער האָט געלײענט, אַשטײגער, ווי אײנער איז אַמאָל געפֿלויגן, רײַטנדיק אױף אַ רועך, איבער טאָלן און איבער בערג, איבער וועלדער, איבער פֿעלדער ביז ער איז געקומען ערגעץ אױף אַ קעמפּע. אױף דער קעמפּע שטײט אַ בריליאַנטענער שלאָס, אַ פּאַלאַץ מיט הונדערטער כאַדאָרים. אַרײַנקומענדיק אין פּאַלאַץ, זעט ער: גילדענע טישן זענען געגרײט מיט די טײַערסטע קרעדענצן און מע זעט ניט קײן לעבעדיקע מענטשן. נעמט דער באָכער אַרויס זײַן ווינטשפֿינגערל און מאַכט: פֿינגערל, איך וויל עסן, איך וויל טרינקען. דאָס וויל איך, יענץ וויל איך, וויל, וויל און וויל. — קומען עס אַרײַן באַלד פּרינצעסנס, באַסמאַלקעס, אײנע פֿון דער אַנדערער שענער, גאָר מעכײַע, אײַנגעטונקט אין פּערל, אין דימענטן, אין גאָלד, אין זילבער און טוען זיך אַ נעם צום באָכער. עס טוט פּלוצים אַ זעץ אַ שאַרפֿע קאַפּעליע, מע פֿירט דעם באָכער לעבעדיק מיט אַ מאַרש אין אַ מירמלשטײנערנער באָד, וווּ ער גלײַכט זיך אויס די בײנער. דערנאָך הײבט זיך אָן אַ מאָלצײַט מיט אַ גילדענע יויך, מיט דעם טײַערסטן ראָזשינקעס־ווײַן. מײַנער איז ניט פֿויל, עסט, טרינקט, טוט זיך וויל. אַזוי גײט עס ווײַטער, ווײַטער און ווײַטער... דאָס ווינטשפֿינגערל איז אים ווי אַ טשוואָק געזעסן שטײַף אין קאָפּ, שטענדיק וועגן דעם אַלץ געטראַכט, און איז אים אין שלאָף אַפֿילע פֿונעם זינען ניט אַרויס.

דאָס, וואָס אַ ווינטשפֿינגערל איז דאָ, איז דאָך אַ געוויסע זאַך, און ער האָט דרינען הײליק געגלויבט, וואָרעם אַזוינס האָט ער דאָך געהערט אויך פֿון זײַן טאַטן. אַ טאַטע ווײסט... סטײַטש, פֿונוואַנען האָט ער דען געהערט יענע אַלע מײַסעס פֿון יענער וועלט, פֿון אַלצדינג, וואָס קאָכט זיך איך גענעם, אין גאַנײדן, פֿון מאַלאָכים, באַלשעמס, מעכאַשפֿים, שײדים און רוכעס, ווען ניט טאַקע פֿונעם טאַטן? הײַנט ווען ער זאָל ניט געווען גלײבן אין „גרונט“ אַרײַן, אין דעם אַני מײַמין, אַז „אַ טאַטע ווײסט“, וואָס־זשע וואָלט געוואָרן, כאָלילע, פֿון זײַן ביסל ייִדישקײַט?..

קאָלזמאַן הערשעלע איז נאָך געווען אַ ייִנגל, פֿלעגט ער אַלץ טראַכטן, אַז ווען ער זאָל נאָר האָבן אַ ווינטשפֿינגערל, וואָלט ער זיך געווונטשן אַ וואַרעמע, פֿרישע בולקע מיט ראָסלפֿלײש און אַ פֿעטן קוגל גאָר אינמיטן דער וואָך, ווײַל דעמסטמאָל פֿלעגט ער זײער אָפֿט לײַדן הונגער, גיט פֿאַר ייִדן געדאַכט, און קײן בעסערס פֿון אַזעלכע מאַכאָלים איז דאָך אױף דער גאַנצער וועלט מער שוין ניטאָ. אויך וואָלט ער געווונטשן, אַז אַלע מעלאַמדים און כאַדאָרים זאָלן, אינאײנעם מיט די סידורים טאַקע, פֿאַרשווונדן ווערן מיט דעם רויך, עס זאָלן פֿון זײ טאַקע, ריבוינעשעלויעלעם, קײן זײכער ניט בלײַבן. ווײַל אָנקוקן האָט ער ניט געקענט דעם כײדער און דעם מעלאַמעד זײַנעם, דעם רעצײעך. פֿון דער מוזיקע וואָלט ער זיך געווונטשן אַ גוטן שופֿער־בלאָזער און אַ קאַטערינשטשיק, וואָרעם קײן אַנדערע מוזיקע, כוץ אַ שופֿער אַ גאַנץ כוידעש עלעל און אַ קאַטערינקע, וואָס איז אױף עטלעכע טעג פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן אַמאָל אין זײַן שטעטל, האָט ער ניט געהערט. — שפּעטער, אַז ער איז עלטער געוואָרן און אָנגעהויבן צו פֿילן אַנדערע מינע באַדערפֿענישן, האָט ער אויך געהאַט אַנדערע מינע ווינטשעניש, דעמסטמאָל וואָלט ער זיך געווונטשן אַ באַסמאַלקע, אַ פּרינצעסן, אַ שטוב מיט אַ באַלעבאַטישקײַט, עטלעכע ציגן מיט אַ צוויי דרײַ בעהײמעס.

די באַסמאַלקע האָט אונדזער הערשעלע זיך דעמסטמאָל געמאָלט אין דער געשטאַלט פֿון בײלען, אַ יאָדערדיק מײדל, אַ דיקס, קורץ געוואַקסן, מיט רויטע פֿולע באַקן, אַ פּאַריסן נעזל און שוואַרצלעכע, ברענענדיקע אויגן.

איר טאַטע, בענציע ציוויעס, אַ גלעזער און דערבײַ טאַקע שוין אויך אַ שטיקל אַרכיטעקטער, ניט אַזאַ מײַסטער מיט דער האַק, ווי אַ מײווין — האָט געהאַט זײַן אײגענע שטוב, די דריטע פֿון הערשעלעס טאַטנס הויז, און ווי דער שטײגער אין ייִדישע שטעטלעך, איז אַ נאָענטער שאָכן אַן אײגענער מענטש, געהער צו דער מישפּאָכע, און מאַכט אויס מער ווי אַ לײַבלעכער קאָרעוו אין די גרויסע שטעט. קלײנשטעטלדיקע שכײנים ווײסן אײנער באַם אַנדערן אַ מינדסטע זאַך, וואָס מע רעדט, וואָס מע קאָכט וואַרמעס, איטלעכס פּיצעלע, וואָס טוט זיך אין שטוב

איינער דעם אנדערן קוקט נאָך, טשאטעוועט ווי א שפּיאָן. מע קריגט זיך, זידלט זיך און מע
בעט זיך איבער, ווידער אף דאָס ניַי צו קריגן זיך. שכיינעס קריכן איינע צו דער אנדערער נאָך
א קויל פיַיער, לַיען א האקמעסער, א ריבאיַיזן, א קאשער־שטיין, א פארעוונ טאָפּ, א ווייקשעפל
און אנ איי אף כאלע־שמירן; האלטן זיך אנ אייצע, אף וויפל אייגלעך אָנצוהייבן די פּיאטע, ווען
אָפּצולאָזן און פארשל־סן דעם זאָק; פארהערן זיך אינ איַינגעמאכטס־פרעגלען פון אגרעסן, אינ
אויספלעכטן דעם פורים־קוילעטש און אָפּצוויקלען די קישעלעך; טראָגן איינע צו די אנדערע
וויַיזן אף כידושימ דעם האָמענטאש אף פורים, דעם קניש און דעם פיַינקוכן אף שוועס;
איינע ווינטשט דער אנדערער: דערלעבט איבעראיאָר אינ פיל גוטס מיט דעם מאן און די קינדער!
טראכטנדיק אמאָל אינ הארצן: פוקע זיך, שלימאזלניצע, נעמען זאָל דיך דער רוען!.. הערשע־
לעס מאמע און ביילעס האָבן געלעבט צווישן זיך ווי נאָענטע שכיינים, און הערשעלע אליינ איז
קינדוויַיז שטארק כאוור געווען מיט ביילען: פלעגן לויפן, שפּילן זיך אינ זשמורקעס מיט נאָך
כאוויירים און כאווערטעס, טאנצן, שפּרינגען באָרוועסערהייט נאָך א רעגן אינ די קאליזשעס
און זינגען ביידע, האלטנדיק זיך בא די הענטלעך, דאָס באקאנטע לידל:

„א זון מיט א רעגן,
די קאלע איז געלעגן.
וואָס האָט זי געהאַט?
א ייִנגעלע.
ווי אזוי האָט עס געהייסן?
מוישעלע.
ווו האָט מען עס געוויגט?
אינ א וויגעלע.
ווו האָט מען עס באגראָבן?
אינ א גריבעלע“

ביילע פלעגט אמאָל אינ שפּאס אָנשטאָט מוישעלע זאָגן: „הערשעלע“, און הערשעלע פון
זיַין זיַיט האָט אָנשטאָט „די קאלע“ געזאָגט אף קאטאָוועס: „ביילעניו“... ביילע פלעגט קענען
דערציילן מיַיסעס פון גאזלאָנים, מעכאשפים, מאכשייפעטעס און פון א ראָוו מיט א רעבעצן.
הערשעלע פלעגט אויסהערן אירע מיַיסעס, קוקנדיק איר אינ מויל אריַין מיט גרויס פארגעניגן,
און גאָרניט. — ביילע איז פאר אים געווען דאָס אייגענע, וואָס פּיַיטל, מאָטל און נאָך אנדערע
כאווירים. נאָר שפּעטער אביסל, אז הערשעלע איז שוין א געמאָרע־ייִנגל, הייבט ער פלוצים, פון
דער העלער הויט, אָן פאר איר זיך צו שעמען, אליינ ניט רעכט צו וויסן פארוואָס, פאר ווען?
גאָרניט, גלאט אזוי, פארשעמט זיך... ער האָט צו גליַיכער ציַיט זיך געשעמט, אויך טאקע שטארק
כיישעק געהאט צו איר, כאָטש פונדערוויַיטנס אָנצוקוקן זי. און ווען ס'איז אמאָל אויסגעקומען
צונויפקומען זיך מיט איר איניינעם, פלעגט ער רויט ווערן און אראָפּלאָזן די אויגן. זי האָט,
אף אים קוקנדיק, אויך אָנגעהויבן זיך צו שעמען און ביידע האָבן געזוכט איינער דעם אנדערן
ווי מעגלעך אויסצומיַידן. נאָר וואָס מער ער האָט זי אויסגעמיטן, האָט אים אלץ מער דאָס הארץ
זיַינס צו איר געצויגן. איר קאָל האָט אים ליבלעך געקלונגען אינ די אויערן. אירס א וואָרט
פונדערוויַיטנס איז אים זיך צעגאנגען אינ אלע אייוורים. קיינ בעסערע, קיינ שענערע פון איר,
האָט זיך אים גערדאכט, איז אף דער גאנצער וועלט ניטאָ. ער האָט שוינ געוווסט דענסטמאָל פונעם
לערנען, אז קוקן אף א אישע און טראכטן פון איר איז א גרויסע אוויירע. נאָר וויַיל ער האָט
עס געוווסט, דעריבער טאקע האָט זיך אים ערשט געגלוסט; וויַיל ער האָט געלערנט, אז דאָס
איז אנ אוויירע, דעריבער טאקע האָט עס אים, ווי אף צולאָכעס, שטארק געצויגן דאפקע אף
ביילען צו קוקן, און וויַיל דאָס איז געווען א געכאפּטער קוק ביגנייווע, נישט גאנצ פריַי, ווי
פריִער, דעריבער האָט ער טאקע עפּעס געטראכט... געטראכט און זיך געשעמט. — אז הערשעלע
האָט, ריַיבנדיק זיך צווישן קאפּצאנסקער ליַיט, איבערגענומען בא זיי דעם שטייגער פון ווינטשן
איניינעם מיט דער מיַיסע פונעם ווינטשפינגערל, האָט ער זיך געוווּנטשן א באסמאלקע, דאָס
הייסט — ביילען.

דאָס ווינטשעניש אינ קאפּצאנסק איז געווען איינע פון די גאנצ געוויינטלעכע באשעפטיקונ־
גען צו אונטערהאלטן זיך און פארברענגען דערמיט אביסל די ציַיט — א באשעפטיקונג, וואָס איז

געקומענע פונעם שטענדיקן לײַרן מאנגל אין די נייטיקסטע באדערפֿענישן און פונעם ליידיק זיצן אָן פּארנאָסע. אזוי ליגט שוין בעטעווע פונעם מענטשן: „דאָס, וואָס גייט אָפּ, גייט נישט ארויס פונעם זין, מע באגיטיקט זיך כאָטש מיט דעם טראכטן דערין“... „האָפענונג און ווינטשעניש איז דער נויטס מעלאָכע, דאָס מעשוגע זײַן איז פאר ווילטאָג און האצלאָכע“. אזעלכע גרויסע בער־יעס אין דעם ווינטשן, ווי קאפּצאנסקער ייִדן, זענען נישטאָ אף דער גאנצער וועלט: פּרײַע ליידיקע צײַט האָבן זיי גענוג, און צאָרעס זענען זיי, באָרעכאשעם, אויך נישט זשעדנע, הײַנט וואָס־זשע איז דאָ פאר אזא וווּנדער, אז אין דעם איניען ווינטשעניש האָבן זיי דערגרייכט אזא הויכע מאדרייגע מער פון אלע לײַט אף דער ערד! וואָס נאָר עפּעס א שמועס איז בא די קאפּ־צאנסקער באלד א ווינטשעניש. לאָמיר אָנכאפּן, לעמאָשל, דאָס, אשטייגער: שמועסנדיק פון יאם אָקיִאָנעס, קען זיך איינער פארגינען צו ווינטשן: אזויפיל געלט זאָל איך האָבן, וויפל זאמד אפן ברעג זײַנעם ארום און ארום! — עט, מאכט דער צווייטער, דער גאנצער יאם זאָל זײַן טינט, און איך זאָל האָבן אזויפיל, וויפל מע וואָלט מיט דעם טינט געקענט אָפּכאזמענען טראטעס, איט־לעכע אף טויזנט קערבלעך!.. — און איך, ווינטשט דער דריטער, אופהייבנדיק מיט א זיפצעלע די אויגן צום הימל: ביידע זאָלט איר שטארבן, ריבוינעשעלוילעם, און איך אליין זאָל אײַך יארשע־נען... גוט צובערענגענע פלעגט מען געוויינלעך די זומערדיקע ליכטיקע אָוונטן. עס וועט גאנץ גע־נוג זײַן אויסצומאָלן דאָ א קארטינקע פון איין אָוונט אזעלכן:

אין די הײַזער ברענט נישט קיין ליכט. טיר און טויער זענען אָפן. מע עסט וועטשערע פאר דער לעוואָנע. נאָך דער וועטשערע שיטן זיך, ווי די מורעשקעס, ארויס פון די הײַזער: מאנצ־בלען אָן קאפּאָטעס, אין די איינע טאלעסקאָטנס, ווײַבער צעשפּילעט, נאָר אין די אונטערשטע קליידלעך, קינדער אויסגעטון האלב נאקעט. שכיינים א גאנצע קופּע לייגן זיך אויס אין דרויסן יונג און אלט, קינד און קייט, אלע איניינעם. גילדענע פּאסן פון דער לעוואָנע שלאָגן זיך דורך ערגעץ צווישן דעכלעך, ציִען זיך איבער פּיס אין דער קופּע מענטשן, קריכן ווײַ־טער, ווײַטער, טאנצנדיק אף ווענט, אף פּלויטן און ווײַזן אָן דאָ א קאץ, וואָס דראפּעט זיך, נישטערט אף א דאך, דאָרט קי אויסגעשטרעקט אף דער גאס, מאלעגיירען, אונטערשמײַסנדיק זיך פאמעלעך מיט די וויידלען, און קײַכן, זיפצן מיט א כריפּ, עפּעס ווי פונעם בויך. — די ערשטע עטלעכע מינוט איז איטלעכער באשעפטיקט מיט זיך: מע גענעצט, שלוקערצט, מע טרײַבט פליי און מע קראצט זיך. ווײַבער הייבן דערווײַל אָן דעם שמועס וועגן דער הײַנטיקער וועטשערע, איטלעכע מיט אירס: בא דער זײַנען די שטשיפּעקעס באטאמט געווען אזוי, דער מאלכעס האָט עס געמעגט עסן; בא יענער איז דער ארבעס צעקאָכט געווען ווייך, ווי מארך, אז מע האָט געלעקט די פינגער. איינע דערציילט דאָס גרויסע גליק, וואָס האָט זי געטראָפן: פאר א גראָשן האָט זי געהאנדלט אין מארק א מעציִע — א רעטעך, גרויס ווי דער קאָפּ, פון וועלכן מע האָט גענוג געגעסן אינדערפרי, אויך אצינד אפּדערנאכט און ס'איז נאָך איבערגעבליבן א היפּשע שטיק אף מאָרגן, מע זאָל לעבן און געזונט זײַן! אלע רעדן הויך אף אלערליי דינע, קוויטשעדיקע קוילעס, די מאנען ברומען לעסאטע אונטער, מישן זיך אריַין נאָר ווי פון יויצע־וועגן, גלאט אזוי מיט א וואָרט. זיי לייגן זיך דערנאָך מיט דעם בויך ארופּ, און, פארקוקנדיק זיך אפן אויסגעשטערנטן בלויען הימל, נעמט מען זיך געשמאק שמועסן, וואָס טוט זיך אזוינס דאָרט אויבן. די לעוואָנע ווײַזט זיך אפן אָרט, ווו דער אוילעם ליגט; מע קוקט אין איר אָן די ליכטיקע צורע פון יעהוישוע און איטלעכער מאכט: אוי, א נאָז מיט אויגן!... איציק און בערל, וואָס האלטן זיך פאר שטיקלעך שטערנזעער, כאק־ראָנים, טײַטן מיט די פינגער אף דעם „אלעפבייז“ פון די שטערן און אמפּערן זיך וועגן דעם „ח“ און „ת“. דער איבעריקער אוילעם טוט צוליב זיי ביידע. איטלעכן פון די צוויי כאקראָנים, וואָס טײַטלט אים מיט א פינגער, גיט מען גערעכט, שווערנדיק זיך: יאָ, עמעס טאקע. איך זע, זע, ווי איך בין א ייִד!

— אײַ, אײַ! — צעשרײַט זיך שטארק פארוווּנדערט א ייִד, — עפּעס אזויפיל שטערן דאָרט, דאָרט אין די געפלעקטע, ווײַסלעכע פּאסן, אָנגעזעצט ווי מאָן! אזויפיל רענדלעך ווינטש איך מיר צו האָבן...

— גייט שוין, גייט — מאכט דער אנדערער, — איך לאָז פאר וועלוועלער, פאר איטלעכס שטערנדל א קאָפּעקע.

עס געפינען זיך באלאָנים אף נאָך וועלוועלער. צוויי, פינף, צען פאר א גראָשן, און בעשאס ייִדן טאָרגעווען זיך דאָ אזוי, רעכענען, ציילן, לאָזן אראָפּ די מעקאָכים און ווארפן דעם קורס

פון די שטערן, זיצט דאָרט אין דער זײַט אײנער עפּעס א לעץ, דאַרשנט און זאָגט גלײַכע ווערטלעך. די ווײַבער ארום אים שרײַען קלאָמפּערשט: פּע, גענוג! פארשטעקנדיק זיך די אויערן, הערן זיך אָבער גוט צו און קײַכן פאר געלעכטער... קינדער זיצן אויך נישט ליידיק, קיצלען זיך, דערלאַנגען אײנער דעם אנדערן א קלאַפּ, א שנאָל אין דער נאָז הינטן ארום. דער פון דער נאָז טוט א קוויטש, יענער פונעם שנאָל מאכט זיך צום טאַם, נעבעך, גאָר א צאַדיק אין פּעלץ און בייזערט זיך קלאָמפּערשט: שאַ, שאַ! מאַמעס שעלטן די קינדער, באַנומען זאָלן זײ האַלעווײַ ווערן, און, אגעוו, טאַקע זײ מעכאַבעד מיט א קניפּ. די טאַטעס וואַרפן אַוועק די טאָרגעס און פאַלן פּלוצים פונעם הימל אראָפּ אפּ דער ערד. דעם האָט א זשוק זיך ארײַנגעפּלאָנטערט אין באָרד, יענעם אין די פּייעס, דעם דריטן קריכט עפּעס אונטערן העמד דאָרט אפן רוקן. א רויטע קו א פּרעסערן, פון וועלכער עס האָט זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף, פארקריכט, באַם שטשיפּען גראָז, אין דער זײַט גאַס ביז צו דער גאַנצער איידע ייִדן, דרייט זיך צו זײ אויס מיט דעם הינטן, מעכילע, און פּירט זיך עפּעס אופּ—פּע, נישט מיט דערעכערעץ. אַלע זידלען זי מיִעס אָפּ, טרײַבן זי און שרײַען: הײַדאַ! אין איין קאָל. זי דרייט זיך געשווינד אויס פון ייִדישע הענט און לויפט אַהין אין איר רו ארײַן. דערפון שפּינט זיך עפּעס א לאַנגער שמועס: וועמענס קו איז דאָס? וויפל מילך גיט די קו? וויפל איז די קו ווערט? „שאַ, וויפל, מיינט איר, ייִדן!“, טוט פּלוצים אײנער א פרעג, „זאָל ווערט זײַן די גאַנצע קאַפּצאַנסקער טשערעדע, שוין מיט ציגן אינאיינעם?“ אײנער שאַצט עס אַזויפיל, דער דריטער ווינטשט זיך דאָס צו האָבן, וויפל ס'איז ווערט מער. איטלעכן באַזונדער כאַפּט אָן א ווינטשעניש און מע ווינטשט, ביז די צונג ווערט מיד ריידנדיק און מע הערט פונדערווײַטנס, ווי אײנער כראָפּעט שוין אָן אײנאָרע געשמאַק. די מאַנען טרײַבן די ווײַבער: קומט שלאָפן! די ווײַבער מיט זייער כיין קווענקלען זיך קלאָמפּערשט: עס גלוסט זיך זײ גאָרנישט גיין אין בעט ארײַן און וואָלטן די גאַנצע גאַכט גערן דאָ, אינדרויסן, געשלאָפן; א יונג פּאָרפאָלק גייט אַוועק באַלד טאַקע, די איבעריקע מאַכן שיִעס, דינגען זיך, ביז פון ערגעץ א ווינקעלע שפּרינגט ארויס פּלוצים א ציג, וועלכע א פּאָר ווײַסעכעווערעניקעס האָבן איבערגעשראָקן, און טערגאַנוועדיק זיך שטילערהייט צו איר אפּ דער פריזבע דאָרט; זײ נאָך איר, און זי אין גרויס אײַלעניש, יאָגעניש, פּוצ ארײַן צווישן דער קופּע ייִדן. עס ווערט א מעהומע, א קאָכעניש, מע גיט זיך א הייב אוף גיך, און באַטלענדיק כאַלוימעס, צעלויפט מען זיך געשווינד, אײנער נאָך דעם אנדערן נישט צו זאָגן אפילע א גוטע נאַכט!—

## דאָס ערשטע קאפיטל

אז די הייליקע טוירע זאָגט: יִיסאָסכער כאמויר — יִיסאָכער איז אנ אייזל, גאָרעמ — א ברייטביינִיקער, רויִוועצ — וואָס הויערט, בייִנ האמישפּאָסאִימ — צווישנ די געמארקנ, וועט נאָכדעמ, דאכט זיכ, קיינעמ שוינ נישט פריקרע זייַנ דאָס פארגלייַכעניש כונ א יִידיש בארמיצווע־יִינגל צו א לאָשעקל באמ נעמענ עס צו דער ארבעט. — עס לויפט זיכ א קליינ לאָשעקל הינטער דעמ וואָגנ, וועלכנ די וויסטע מאמע זייַנע, די שקאפּע, שלעפּט, נעבעכ, אייַנרייַסנדיק זיכ דאָס געזונט אונ כאפּנדיק הינטערווייַלעכס א שמיצל, גאָרנישט, עס זאָל אימ דאָט אָנהייבנ צו ארנ. עס לויפט זיכ פרייַ, יאָגט הענדעמ־פּענדעמ, דריגעט מיט די פּיסלעכ, טאנצט, שפּרינגט האָצ־האָצ־האָצ, לעבעדיק־פריילעכ, פארייַסנדיק דעמ ווידל, אונ האָט האנאָע פונ לעבנ. פּלוצימ טוט מענ אימ אָנ א ציימל, מע שפּאנט עס צו מיט א שטריקל צו דער פארוואָגלטער מאמענ, גיי, באָכער, גיט מענ אימ שטארק אָנצוהערעניש מיט דער בייַטש, גיי, באָכער, אפּנ דראָנזשיק! דאָס הארצ רייַסט קוקנדיק, ווי יונגערהייט איז עס, נעבעכ, דערשלאָגנ, ווי יונגערהייט גייט עס באטריבט, פארומערט אינ דעמ שווערנ יאָכ. אינ דער ערד איז, נעבעכ, זייַנ קאָפּ, אז אָכ־אונ־וויי צו זייַנע יונגע יאָרנ!

אונדזער הערשעלע ווערט בארמיצווע — א לאָשעקל שוינ מיט א ציימל! זייַנ קעפּל אונ זייַנ דאר, קינדערש הענטל, נעבעכ, זענענ געבונדנ, געוויקלט שטייַפ מיט רימענס, רעצועס. דאָס ערשטע מאָל מאכט ער דעמ לעשיימ יִיכוד מיט לייַב אונ לעבנ אונ אלע זייַנע קרעפטנ צו זייַנ פונ הייַנט אָנ מעשובעד — אייַנגעשפּאנט אינ דער אווידאס האבוירע...

„וועיראסטיכ לי לעוילאָמ” — אונ איכ האָב דיכ פארקנאסט צו מיר אפ אייביק, זאָגט הערשעלע, ארומדרייענדיק די רעצועס אפּנ פינגער, א צווייטנ מאָל א דריי אונ ווייַטער „וועיראסטיכ”, א דריטנ דריי אונ ווידער „וועיראסטיכ לי בעעמונאָ” — איכ האָב דיכ פארקנאסט צו מיר מיט דעמ גלויבנ, „וועיאָדאט עס אדוינוי” — אונ דו זאָלסט וויסנ, וואָס פאר א גאָט מיר האָבנ!...

— גענוג הערשעלע, זייַנ א יִינגל! — דערמאנענ אימ אויכ די עלטערנ מיט א מוסער. — אויס פרייַ! שוינ צייַט צו זאָרגנ, צייַט אינ זינענ צו האָבנ עפּעס טאכלעס־זאכנ... קומ, לאָשעקל, אפּנ דראָנזשיק, קומ שלעפּנ דעמ יאָכ, קריִע רייַסנ אפ דעמ שטיקל ברויט, פארשווארצט ווערנ מיט אונדז אינײנעמ!

צוויי מאָל מאזלטאָוו דיר, קאפּצאנסקער אָרעמ בארמיצווע־באָכערל! — מאזלטאָוו דיר מיט דעמ „אָל אווידע”, מיט דעמ יאָכ פונ „אווידעס האבוירע”! אונ מאזלטאָוו דיר אויכ מיט דעמ „אָל דערעכערעצ” מיט דעמ יאָכ פונ דער ביטערער פארנאָסע אונ דעמ וויסטנ לעבנ! געזעגנ זיכ אָפּ מיט דייַנע יונגע יאָרנ — דו ביסט געבונדנ! האָב מוירע פרייַ דעמ קאָפּ אופצוהייבנ — ס'איז אנ אויירע, מע טאָר נישט!... זאָרג, זיפצ, קרעכצ, אונ לאָז דיר דארנ, טריקענענ דעמ מויעכ...

אונ אזויווי הערשעלע האָט געהאט א שיינ קוויטשיק קעלכל, האָט דער טאטע דרינענ געזוכט דעמ טאכלעס, געוואָלט דערפונ מאכנ א פּארנאָסע — דאָס זונדל זאָל אימ אונטערהאלטנ יאָמימ־נויראָימ דאָרט אינ דעמ גלופּסקער קלייַזל, ווו ער איז שוינ היפּשע עטלעכע יאָר קעסיידער געווענ א באלטפילע. בארמיצווע איז הערשעלע געוואָרנ נאָכ שאבעס־נאכמו, פונקט טאקע אינ דער צייַט, ווענ באלטפילעס הייבנ אָנ זיכ צו גרייטנ צומ דאווענענ, ווענ זיי שטעלנ די „קיילע”, פּרווונ דעמ האלדז. פּארהערנ זיכ אינ שטייגער; ווענ עס לאָזט זיכ אינ די אָוונטנ הערנ, ווייַט

אפ דער גאס, שטיקלעך פונ דער ראָשעשאָנעדיקער „שמענעסרע״ אפ ווײנענדיקע, טרויעריקע ניגונים.

נישט דער סאָלאָווייטשיק, דער זיסער וואלד־זינגער פאר א וועלט מענטשן, נישט ער איז דער מעשוירער פאר ייִדישע קינדער; נישט פאר זיי שפילט ער זײַנע שיינע לידער וועסנע־צײַט אינ „ספירע״, אופוועקנדיק דערמיט אינ לײַטישע הערצער געשמאקע געפילנ פונ ליבשאפט — נייג. דעמ ייִדנס סאָלאָווייטשיק איז דער באלטפילע, געפילנ פונ ליבשאפט וועקט ער אינ אימ אופ מיט דעמ וווּנדער־שיינעמ „אטאָ זויכער״ אונ זיסע ליבלעכע ווערטער פונ די הייליקע נעוויִים. דעמ ייִדנס ליבשאפט איז געטלעכ ריינ, האָט נישט, ווי גאָט, קיינ בילד, קיינ געשטאלט, ער ברענט, ער איז פארקאָכט, ציט זיכ פאר גרויס כיישעק מיט אלע זײַנע געדאנקענ אהינ, אהינ — צו דער הייליקער שכינע דאָרט אינ הימל...

„קוי אָמאר אדוינוי״ — אזוי זאָגט גאָט, שרײַט אויס הויכ אפ א קאָל דער באלטפילע: „זאָכארטי לאָכ כעסעד נעוּראיִכ״ — אוי, געדענק איכ דיר „קנעסעס־ייִסראָעל״, דאָס גוטסקײַט דײַנס אינ דער יוגנט, אהאוואס קלולויסאיִכ — די ליבשאפט דײַנע קאלעווײַז, לעכטייכ אכרײַ באמידבער, — דײַנ שפאצירנ גיינ מיט מיר אינ דער מידבער, בעערעצ לוי זרואָ — ערגעצ אינ א העק עפּעס דאָרט. — עס גיט דעמ ייִדנ א ברי, א צופּ באמ הארצנ, ער צאפּלט, פלאטערט, שטרעקט אויס די הענט מיט א הייס געבעט טיפ פונ דער נעשאָמע: אײַ־אײַ גאָטעניו, ליבער, זיסער ריבוינעשעלוילעם! —

אונ איידער נאָכ ער קומט צו זיכ, צעיאכמערט זיכ דער באלטפילע, צעגיסט זיכ אונ לאָזט ארויס אינ זיסנ רירנדיקנ שטייגער: „האביינ יאקיר לי עפראיִמ — א טײַער זונדל איז מיר עפראיִמ לעב, אימ יעלעד שאשויִמ — א קינד א טרייסט, קי מידיי דאברי בוי — ווענ איכ רייד פונ אימ, זאָכויר עזקרענו אויד — קומט ער מיר אפנ זינענ אלצ מער. אל קיינ האָמו מעײַ לוי — דאָס הארצ גייט מיר אויס נאָכ אימ, ראכיימ אראכמענו נעומ אדוינוי — א גאָטס ראכמאָנעס, נעבעכ, אפ אימ״. — מײַנ ייִדעלע שטעלנ זיכ אינ די אייגעלעכ טרערנ, מאכט פּיסקעלעכ ווי א קינד, עס וויינט אינ׳ אימ דאָס הערצעלע אונ פעסטעט זיכ: אוי, טאטעניו! הייליק, ליבהארציק, געטרײַ פאָטערל!...

דעריבער פארזאמלענ זיכ, ווי די בינענ, אז דערשמעקנ ערגעצ האָניק, רעדלעכ ייִדנ הינטער די פענצטער פונ לייזער־יאנקלס שטוב, ווו ער ארבעט געשמאק אינ „אונסאנע טויקעפ״ אונ נאָכ אזעלכע גוטע שטיקלעכ. לייזער־יאנקל זעצט ווערטער, צעגיסט זיכ אפנ העלדזועלע אינ שטייגער, איבערגייענדיק פונ דער געמבע אינ א בײַקאָל, אונ הערשעלע ענטפערט אימ אָפּ אפ א קוויטש. ביידע האָרעווענ, גייענ אָפּ מיט שווייס, קוילעס אלערליי פליִענ — דאָס פונ איטלעכנ באזונדער, איינער נאָכנ אנדערנ קעסיידער, אונ דאָס אויסגעמישט אינייִנעמ, דרייעלעכ מיט א צוק אהער אונ אהינ, דער א קוועטש אראָפּ, ברומענדיק מיט א פרעג אפ דער גראָבער סטרונע, יענער א הייב פונונטנ ארופ, אויסקוויטשענדיק אנ ענטפער אפנ געלענקל. די העלדזולעכ ארבעטנ בים־באָמבים — אונ ייִדנ הינטער די פענצטער זענענ זיכ מעכײַע הערנדיק.

אזוי קנאקט דער קאפּצאנסקער סאָלאָווייטשיק, שפילט זײַנע טרויערדיק־זיסע ניגונים אינ די אָוונטנ ביז א פּאָר טעג פאר סליכעס, וואָס דענסטמאָל ווערט ער אנשוויגג אונ קלײַבט זיכ אינ וועג ארײַנ אינ איינ צײַט מיט די שוועלבעלעכ אונ אלע אנדערע זומער־פייגעלעכ. זיי אהינ, ערגעצ אינ די ווײַטע, ווארעמע לענדער, אונ ער מיט הערשעלענ קיינ גלופּסק דאָרט אינ קלײַזל...

שא, שטיל איז סליכעס־צײַט אינ דעמ וואלד, ווי אינ קאפּצאנסק שאבעס, ווענ דער אוילעמ שלאָפט נאָכ מיטאָג, אונ דאָס שטילקײַט דאָרט ווארפט א מאָרעשכוירע. די ביימער שטייענ פארטראכט, פארזאָרגט, גאָר ניט דאָס פּאָנעמ, דאָס געשטאלט וואָס פריִער. זייער שאָקלענ מיט די צווײַגנ — דאָס איז א ברעכנ מיט די הענט, זייער זשומענ — איז א ביטערער יאָמער, א זיפצנ, א קרעכצנ פונ א געטרײַער מוטער, וואָס בלײַבט איבער אליינ, נאָכדעמ ווי אירע קינדער צעפּאָרנ זיכ אינ אלע זײַטנ. דאָרט ווו עס האָט ערשט געלעבט, זיכ גערואשט, געזונגענ, געשפרונגענ אינ איטלעכס ווינקעלע, איז אצינד שטיל־רויִק ווי אפ א בייסוילעמ, אלצדינג דאָרט דערמאָנט אינ דעמ צעשיידנ זיכ מיט די ליבע, טיפ אינ הארצנ אײַנגעבאקענע. ניטאָ דאָס פריִערדיקע לעבעדיקײַט, דאָס פרישקײַט אונ אופגערוימטקײַט, אלצדינג שטייט עפּעס ווי בארויגעז, זייער אומעטיק. דער הימל קוקט אויכ ניט פרײַנטלעכ אונ איז עפּעס שטארק אָנגעבלאָזנ. וויסט איז די נעסט — די

פייגעלעך זענען זיך צעפלויגן... פאַרזאָרגט, פאַרטראַכט שטייט דער וואַלד, גלײַך ווי ער פילט, אַז דאָס אופהייבן זיך און אוועקפליִען פון זײַנע שפּיל־פייגעלעך באַווײַזט ניט אָפּ קיין גוטס. ער מעג זיך ריכטן, אַז באַלד־באַלד וועט זיך אָנרוקן אָפּ אים אַ כמאַרע — דער ווינטער מיט זײַנע ביטערע קעלטן, און ער איז אַצינד דעריבער פאַרומערט, שטאַרק באַטריבט.

שאַ, שטיל, ווי סליכעס־צײַט אין דעם וואַלד, איז אַצינד אויך אין קאַפּצאַנסק. מיט לייזער־יאַנקלס רירן זיך האָט זיך אויך געריִרט עפּשער אַ האַלב שטעטל. ס׳איז אַוועק קיין גלופּסק, ווי געוויינטלעך, אַ טראַנספּאָרט מיט אַלע סאָרטן לעבעדיקער סכוירע זוכן אין גלופּסק דאָס שטיקל פּאַרנאָסע.

קאַפּצאַנסק האָט געשפּירט די ביטערע צײַט, עס גייט אָפּ דעם אוילעם דער ווינטער מיט אַלע זײַנע באַדערפעניש: הייצונג, אַ שוך, אַ קלייד, און טאַקע עפּעס עסן אויך. ניטאָ דער זומער, ווען מע קומט איבער עט־אַזוי מיט גרינוואַרג און פּאַטערט אָפּ דאָס לעבן ווי עס איז מיט שיִעפּיִע, מיט אַ רעטעכל, אַ גרין אוגערקעלע, מיט אַ קנאָבל, אַ ציבעלע, אַבי פאַרשטאָפּן דעם מאָגן, אויסשטיין אים דעם בילבל וועגן דער אכילה... און דער גוטער אַלמעכטיקער גאָט, וואָס דערנערט אַלע זײַנע באַשעפענישן, פונעם גרויסן ווילזטיר ביז צום קליין ווערעמל אין איי, ער מוט עס באַצײַטנס אָן די זומער־פייגעלעך: פליט זוכן אײַער שפּײַז אַהין, אין די וואַרעמע לענדער — און איר קאַפּצאַנסקער ייִדן: שלעפּט זיך, אָרעמינקע ייִדעלעך, זוכן אײַער פּאַרנאָסע אין דער פרעמד, דאָרט, אין גלופּסק!

## דאָס צווייטע קאַפּיטל

מע באַדאַרף וויסן, וואָס הייסט אַזוינס בּאַ אַ ייִנגל פאָרן, בּיכדיי צו פאַרשטיין הערשעלעס האַרץ בּאַם קלײַבן זיך אין וועג אַרײַן. גליקלעכער פון אים איז אָפּ דער גאַנצער וועלט ניט געוואָרן אין דעם טאָג, ווען ער האָט זיך צוגעגרייט פאָרן דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן אין אַ פרעמדער שטאָט אײַנײַנעם מיט די עלטערן. לייזער־יאַנקעליכע האָט זיך אויך נאָכגעשלעפּט. געהייסן האָט עס, זי פאָרט אָפּ קיווער־אָוועס, נאָר בּעעמעס האָט עס געשמעקט מיט אַ געשעפטל אויך, מיט אָנקוקן, דאַכט־זיך, עפּעס אַ כאָסן פאַר ציפּע־סאָסיען אָדער פאַר עמעצן אַנדערש — דאָס איז שוין איר זאַך, קיינעמס אײַסעק ניט. אין בּיכדיי אויסצושלאָגן די הוצאָעס, האָט זי מיטגעפירט אַביסל סכוירע, אָפּצוזעצן עס אין גלײַכן געלט דאָרט, אין גלופּסק. אונדזער הערשעלען האָט זיך געדאַכט, אַז גלופּסק איז ערגעץ אין עק וועלט, עפּעס נעבן די האָריי־כוישעך, וווּ דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ, און דער טאָג פאָרן אַהינצו וועט זיך ציִען לאַנג, זיך גאָרניט אויסלאָזן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַ נאַכט פריִער האָט הערשעלע קיין אויג ניט געקענט צומאַכן, זיך געוואָרפן אָפּ זײַן געלעגער פון איין זײַט אָפּ דער אַנדערער, טראַכטנדיק אַלץ פונעם גרויסן גליק, וואָס אים שטייט פיר. עס האָט אים זיך געדאַכט, ווי גאַנץ גלופּסק שטייט אַצינד און קוקט אַרויס אָפּ זײַן טאַטן, אַלע אין איינ קאָל: ווו איז ער, רעב לייזער־יאַנקל? ווען קומט ער, רעב לייזער־יאַנקל? אַ מײַסע, אַ מײַסע! נאָך איז ניטאָ רעב לייזער־יאַנקל! און פּלוצים ווערט אַ גרויסע פרייד, אַ געדולע — רעב לייזער־יאַנקל פאָרט! רעב לייזער־יאַנקל איז שוין געקומען! ער איז ניט אַליין, ער האָט מיטגעבראַכט אויך זײַן באָכערל, אַ „קיילע שליימע". עס איז אַ צונויפלויפעניש, אַן ערד־טרעטעניש, מע שלאָגט זיך איבער דעם טאַטן מיט דעם קינד, איטלעכער רײַסט זיי צו זיך אָפּ אכסאַניע, אָפּ וואַרמעס, אָפּ אַ קערמישל. מע טײַט אָפּ זיי פונדערווײַטן מיט די פינגער: אָט זענען זיי, אָט גייען זיי, רעב לייזער־יאַנקל מיט זײַן באָכערל! זיי שטעלן אויס אַ שטיקל דאַוונען, אַ „נאַריצעך", זינגען אַ מאַרש, אַ וואָלעכל, פאַרבײַסן מיט אַ קליוואַנער בּעטלער — און דער אוילעם ווערט מעשוגע, שפּרינגט אויס דער הויט הערנדיק אַזוינס.

קאַם וואָס הערשעלע האָט דערלעבט טאָג, איז ער געשווינד אופגעשטאַנען, אָפּגעגאָסן נעגלוואַסער, געכאַפּט דאָס טפילן־זעקעלע, דורך וועלכן דאָס מאַזל זײַנס איז אים אַזוי דערהויכט געוואָרן, און געלאָפן אין בּעסמעדרעש אײַנדערגיך אָפּדאַוונען. אויסער דעם, האָט ער טאַקע נאָך געהאַט עטלעכע נייטיקע געשעפטלעך, וועלכע ער האָט באַדאַרפט פאַרן אַוועקפאָרן מיט זײַנע כאַווײרים דאָרט אָפּאַרבעטן. די כאַווײרים זענען אויך באַצײַטנס געקומען אין בּעסמעדרעש אַרײַן,

ווײַל דער כוידעש עלעל, ווי איטלעכנ איז באקאנט, איז איבערהויפּט א צײַט, ווענ פאר יינגלעכ שטעלט זיכ דער גרויסער יאריד, אונ אבי געזונט, מיט ארבעט האָט מענ ניט צו זאָרגנ, געשעפטנ זענענ, באָרעכאשעמ, דאָ איבערנ קאָפּ: מע באדארפ דערטאפּנ מיט קונצנ דעמ שויפער אונ זיכ פּרווונ בלאָזנ הינטערווײַלעכס, דאָרט אינ דער ווײַבערשער שול; דערבײַ מוז מענ פירנ די גאנצע „טאכסיסיי־מילכאָמע" מיט דעמ שאמעס, וואָס ער איז דענסטמאָל דערצאָרנט אונ בייז ווי צענ רוכעס. אויכ באדארפ מענ זײַנ אפנ הייליקנ אָרט, אפנ פעלד, ס'איז דאָכ דאָרטנ עפּעס דאָ א בוימ מיט קאָלנידרע־בארלעכ. הײַנט איז דאָכ אפ דער וועלט עפּעס אויכ דאָ א וועלדל מיט ניס־ביימער, ערשט צײַטיק געוואָרענע, מע מוז גיינ רײַסנ, אָנשטאָפּנ פולע פּלודערנ. געלויבט איז גאָט, וואָס אונטער אזא צײַט מיט אזויפיל וויכטיקע געשעפטנ איז מענ נאָכ כאָטש פרײַ, פּאָטער פונ לערנענ — די מעלאמדימ לויפנ דענסטמאָל, גייענ צו קינד, קוואָקענ אפ א קנעלונג אונ „בוצקענ" זיכ אונ בײַסנ זיכ פאר די נעז, נעבעכ. הערשעלע האָט געקוקט שטאָלצ אפ זײַנע כאַווירימ ארומ אימ אינ פּאָלעש פונעמ בעסמעדרעש, טראכטנדיק בא זיכ: אויכ מיר מענטשנ, מישטיינסגעזאָגט, זיי בלײַבנ דאָ, אונ איכ — פאָר! מע זאָל אימ דענסטמאָל געוועט זאָגנ, אשטייגער: הערשעלע! דער פּאָרעצ שענקט דיר דאָס גאנצע שטעטל קאפּצאנסק מיט זײַנ שלאָס, אבי בלײַב דאָ, פאָר ניט, וואָלט ער געשפּיגנ קלעק אונ ניט געוואָלט אפילע הערנ. — ער געזעגנט זיכ מיט כעוורע אונ לאָזט זיכ גיינ לעבעדיק, פריילעכ.

א טאָג איז דענסטמאָל געווענ זייער א שיינער, ווי עס גיט זיכ אויס אמאָל אינ עלעל, איינער פונ די געשענקטע טעג. נאָכ גאנצפרי האָט פונ איר געצעלט דאָרט באמ עק הימל ארויסגעשײַנט די זונ מיט איר ליכטיק פּאָנעמ. אונ, צעטרײַבנדיק ביסלעכווײַז דעמ פריש־קילבלעכנ טומאנ, זיכ געשפּיגלט אינ טוי־טראָפּנס, וואָס האָבנ געפינקלט, געשפּילט אינ אלערליי קאָלירנ, ווי די ברילִיאנטנ. די שאָטנס רוקנ זיכ מיט דערעכערעצ טריט־בא־טריט אלצ צוריק, אונ וואָס ווײַטער, ווײַטער ווערט העלער אונ העלער. פריילעכ סווישטשענ די וואָראָבייטשיקעס, אונטערשפּרינגענדיק מיט די דינע פיסלעכ אפ די דעכער, אפ די פּלויטנ, דאָס — צונויפלויפנ זיי זיכ פּעקלעכווײַז איניינעמ, עפּעס אמפּערט מענ זיכ איבער א קערנדל, עפּעס שמועסט דאָ קאָהאָל איבער וועגנ זייערס א וויכטיקע זאכ אונ דאָס צעלויפנ זיי זיכ אינ באזונדערע פּאָרלעכ, טאנצנדיק איטלעכער אנטקעגנ זײַנ באשערטער, וויטענ זיכ, האלדזנ זיכ, ליובענ זיכ, צאפּלענ, פלאטערנ מיט די פליגעלעכ — אונ פּיק, פּיק אינ קעפּל... מעקענדיק לויפנ ראפּטאָמ ציגנ פונ אלע געסלעכ אהינ, ווו עס פארקלײַבט זיכ די טשערעדע, פונ דאָרט גייט זי אפנ גאנצנ טאָג אוועק אינ פעלד ארײַנ. די פארשײַטע ציגנ, די שקאָצימ, שפּרינגענ ראשנדיק פאריסנ די ווײַדעלעכ העט פאָרויס, די קירירנ זיכ פאמעלעכ מיט סטאטיק, ניט געײַלט, צונייגנדיק מיט די קעפּלעכ, ווי פײַנע באלעבאָסטעס, רויִק, שטיל, נאָר עטלעכע פארדרייענ אהינטנ די קעפּ אונ לאָזנ ארויס ווי פונ א צעשפּאָלטענעמ שויפער א הייזעריקנ, א קיהיש־נארישנ „מע" גלאט אזוי זיכ, א גרוס גאָר פרײַנטלעכ דעמ גאנצנ שטעטל יידנ, אָדער „א זײַ־געזונט" די פארבליבענע קעלבלעכ. שאָקלענדיק זיכ פונ איינ זײַט אפ דער אנדערער, פירט דער גאָנער זײַנ גאנצ געזינדל יונגע גענדזלעכ, וואָס ערשט ארײַנ אינ די פעדערנ, בלאָזט פונ זיכ א שרעק, גאָגאָטשעט, שטרעקט דעמ האלדז, פארווארפנדיק מיטנ קעפּל, אונ לאָזט זיכ מיט דער קאָמפּאניע אראָפּ אהינ צומ וואסער.

דער טאָג איז שיינ, ליכטיק, ווי הערשעלענ אפנ הארצנ. הערשעלע שפּילט אופּ גייענדיק דאָס קאפּאָטקעלע, שטרעקט אויס די הענט כאפּנ די לאנגע שניי־ווײַסע פעדעמ, וואָס טראָגנ זיכ ארומ אינ דער לופט יוי דינע שפּינוועבס; פארקוקט זיכ אויכ אפ די טויבנ, וואָס שוועבנ, דרייענ זיכ העט אינדערהייכ מיט אויסגעשפּרייטע פליגעלעכ, ריינ־קלאָר גלאנצנדיקע, גאָלד אונ זילבער — אונ ער האָט האנאָע, ס'איז אימ עפּעס גוט, גרינג אפ דער נעשאָמע. ער פילט, אז הײַנט איז ער גליקלעכ. די געשעפטנ זײַנע האָט ער, געלויבט איז גאָט, אָפּגעארבעט נאָכ בעסער ווי געוווּנטשנ. ער איז פרײַ, ער פאָרט, ס'איז יאָנטעוודיק גוט ארומ אונ ארומ. ריבוינעשעלוילעמ! טראכט ער — אונ די אויגנ באנעצנ זיכ אימ פאר פיל פרייד — איכ דאנק דיר אונ לויב דיר פאר דײַנע כסאָדימ. נו, מע באדארפ זיכ נעמענ צו דײַנ דינסט: פרומ זײַנ, לערנענ, דאווענענ געשמאק — זײַנ א ייִד.

גייענדיק אזוי אופגערוימט, שטארק צופרידנ, מיט א הארצ פול פרייד, קומט אימ פּלוצימ צו די אויגנ דאָס טײַערע געשטאלט, די ליכטיקע צורע פונ ביילענ.

ביילע איז זיך געשטאַנען נעבן דער פּריזבע בײַ איר שטוב, ווו זי האָט אַרויסגעשטעלט טריקענען דאָס צעוואַשענע געפּעס און אויסגעהאַנגען אויף אַ שטריקל עטלעכע איבערגעשווענקטע שטיקלעך גרעט. זי איז געווען נאָך ניט אָנגעטאָן, נאָר אין איין אונטערשטן קליידל, פונהינטן פאַרשטעקט, באָרוועס, די אַרבל פונעם העמד ווײַט פאַרקאַטשעט אויף די פּולעטשקע, דיקע אָרעמס ביז איבער די עלנבויגנס. דער בוזעם אַביסל אָפן, דער גאַנצער האַלדז, מעכילע, אַנדרויסן און די האָר צעפּאַטלט, ווי געוויינטלעך אַ בעריע אַ מיידל פרימאָרגן.

אונדזער הערשעלע, שטאַרק אויפגערוימט, סימכעסטוירעדיק, לויפט צו אין גרויס כעדווע האַסטיק צו זײַן באַסמאַלקע. פרעגט אים בעכיירעם, וויאַזוי דאָס איז געשען, עפּעס גאָר טאַקע ווי דער גוטער יאָר וואָלט אים פונהינטן צו איר אַ שכוף געטאָן. ער געזעגנט זיך מיט איר, נעמענדיק זי בײַ דער האַנט, ווי זי וואָלט געווען אַ מאַנספּאַרשוין, און רעדט עפּעס פאַר פײַער, פאַר וואַסער, ניט רעכט צו געדענקען וואָס.

ביילע בלײַבט פאַרגאַפט, ווייסט ניט וואָס צו טון. און אַז די ערשטע היץ איז אַריבער, לאָזט הערשעלע אויף ביילעס האַנט, מאַכנדיק, נאָך אַלץ ניט רעכט בײַם זינען, מיט אַ נאַריש געלעכטערל:

— הע... בײַ אַ מיידל די האַנט!... אַ ייִדענע, הע, שאָלעם־אַלייכעם!...

נאָר ווי ער קומט בעאַלד אײַנגאַנצן צו די געדאַנקען, נעמט אים אויף דער לאָשן, ער ווערט רויט און בלייך. ביילע שטיקט זיך שטילערהייט פאַר געלעכטער מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, אַוועקרוקנדיק זיך אין דער זײַט, און הערשעלע טראָגט זיך אויף געשווינד ווי אַ גאַנעוו.

הערשעלע איז געווען עפּעס גאָר צעדרייט, בײַ זיך אין האַרצן מיִעס אַראָפּגעפאַלן. ס׳טײַטש, וואָס ער האָט געטאָן!... ערשט זאָגט ער צו דעם ריבוינעשעלוילעם צו דינען, זײַן אַ ייִד — און פּלוצים אַזאַ מײַסע, אַזוינס „אים” אָפּצוטון!... פע! — ער שפּײַט, קראַצט זיך פאַר פאַרדראָס אין דער פּייע און מאַכט: נאַ־נאַ!...

## דאָס דריטע קאַפּיטל

אַז הערשעלע איז געקומען אַהיים, האָט ער געכאַפּט אַ שטיקל פּסאַק, פאַרוואָס ער האָט זיך עפּעס אַזוי געזאַמט. דער טאַטע איז שוין געווען אָנגעטאָן אין די וועג־קליידער: אַ ציצן אָפּגעבליאַקעוועט כאַלאַטל, די אַרבל און די פּאָלעס פונפּאָרנט אײַנגעטונקט אי׳ן פּעטע, פאַרהאַרטעוועטע פלעקן פון אַלערליי מאַכאָלים, אויסגעמישט מיט גרינלעכער טאַבעקע און גלאַנצט עפּעס מיט אַ מיסע־מעשונע־קאָליר, דער הינטן אויסגעריבן און ערטערווײַז דאָרט קוקן אַרויס שטיקלעך קלאָטשע; אויפן קאָפּ עפּעס אַ מין אָפּגעפּאָרן, שטאַרק צעקנייטשט מיצל. נאָר די אַלטע צעריסענע וועג־שיך מיט לאַטעס, וועלכע ער האָט באַדאַרפט אָנטון, זענען אים דערווײַל אויף די פיס נאָך ניט געווען, מע האָט זיי ערשט געזוכט און געפּרוּווט מיט דער קאָטשערע אַרויסשאַרן פון אונטער דער בעט. דאָס הויזגעזינד האָט געטאַנצט אַרום אים, שטאַרק באַשעפטיקט מיט אײַנפּאַקן די קלומקעס, און ער איז געשטאַנען ווי אַ פּערדל.

יאָ, נעבעך, טאַקע אַ פּערדל, וואָס האָט באַדאַרפט שלעפּן אויף זיך אַ שטוב מיט קינדער. איין מאָל אין יאָר פלעגט ער מוזן זיך אַזוי אײַנשפּאַנען, גיין אין וועג אַרײַן, אײַנרײַסן זיך דאָס געזונט, אַרבעטן אויף אַלע קיילים און פון דער דאָזיקער נעסיִע איז אָפּגעהאַנגען דאָס לעבן פונעם הויזגעזינד דאָס גאַנצע יאָר... דעריבער האָט זיך אין אַזאַ טאָג געוויגט די גאַנצע שטוב, אַלע זײַנען אויפגעווען און לייזער־יאַנקל, נעבעך, איז געשטאַנען אָנגעוואָטלט, בלייך, פאַרטראַכט, מיט אַן ערנסט פּאָנעם.

די מאַמע איז געווען אָנגעטאָן אין אירע וועג־קליידער, עפּעס מינע שמאַטעס אַזעלכע פון כמעלניצקעס צײַטן, אין וועלכע זי איז אויסגעקומען גרעבער, דיקער ווי שטענדיק, אין אַ מין טיכל אָנגערוקט אויפן שטערן ביז איבער די אויגן. נאָר הערשעלע אַליין האָט פאַרשפּאָרט זיך איבערצוטון. מער ווי דאָס איינע קאַפּאָטקעלע אויפן לײַב האָט ער ניט געהאַט. די מאַמע האָט אים אַפילע געהייסן איבערקערן דאָס קאַפּאָטקעלע אויף דער לינקער זײַט, הערשעלע אָבער האָט איר באַוויזן באַשײַנפּערלעך, אַז דער אונטערשלאַק איז מיִעס פאַרשמירט, אויך צעהאַקט, צעפאַלן און טאַקע געבליבן בײַ דאָס זײַניקע — פּאָרן גאַנץ פּראָסט ווי ער גייט. דערפאַר האָט ער שוין געמוזט צוליב טון, נעמען אויפן קאָפּ דעם טאַטנס אַן אַלט היטל. עפּעס אַ מין קאַטערוכע, וועלכס מע האָט שוין לאַנג געמעגט מיט דעם כאָמעץ פאַרברענען, און אַרומגאַרטלען זיך מיט אַ קרײַקע.

אָט אזוי אָנגעטאָן ווי געהעריק, האָבן אונדזערע פארשווינען, נאָכדעם ווי זיי האָבן אין אַלע־לעניש עפּעס איבערגעכאפּט, זיך געזעגנט מיט די קינדער, געכאפּט די קלומקעס און יאָגנדיק אין איין אָטעם, פארשוויצט, פארסאפּעט, פארדולט ווי אפּ א בייזוער מעהומע, אזויווי דער שטייגער איז פון ייִדן באַם פאָרן.

אפּ א לאַנגן וואָגן אינדערהייך איז געשטאַנען א שטייַג מיט אויפעס און א קאָרב מיט אייער און פּאָלאָווע, וועלכע די מאמע האָט אוועקגעשטעלט דאָרט באַצייַטנס נאָך אינדערפרי.

דער וואָגן איז אָנגעזעצט געווען ענג מיט פארשוינען, קימאט א פערטל קאַפּצאַנסק. דאָרט האָבן זיך געפונען מיידלעך, ווייַבלעך, וואָס זענען געפאָרן זיך שטעלן פאר דינסטן און אַמען, אויך אלערליי סאָרטן ייִדן: שיינע ייִדן, קאָשערע ייִדן, מיטן פולן מויל ייִדן, ברענענדיקע ייִדן, צעבראָכענע ייִדן. גילדענע אָדער־ייִדן, גלאַט ייִדן, אזוי זיך ייִדן, און אויך־מיר ייִדן. ס'איז געווען א פארמישעניש, א פארפלאָנטעניש, א פארבייַטעניש מיט די פיס און א צונויפשטיקעניש נאָר אומצוקומען.

הערשעלע מיט די פארשוינען וואָס אינדערמיט האָבן געשוויצט, טאקע מעשונע געשוויצט. די שיינע ייִדן האָבן, נעבעך, געשוויצט ווי א ביבער, די פענעמלעך זייערע זענען געווען אויסגעפּריַעט ווי א צימעס, און אויב מע האָט זיך ניט פארקילט, איז נאָר דעריבער, ווייַל דער וואָגן איז געווען באַלאַגערט פון די אופגעכאפּטע פארשווינדלעך, וואָס זענען אפּ מישקוילעס געשטאַנען, געזעסן מיט קונצן פונהינטן, באַ די זייַטן, אויך אפּ דער קעלניע. ניט צוצולאָזן אפּ די, וואָס אין וואָגן, קיין פּיצל לופטעלע. גאָר אין אַנהייב איז איטלעכער געזעסן בארויגעז, עפּעס אָנגעדרודלט, אונטערגעוואָרטשעט אפּ דעם באַלעגאָלע, און באַם כאפּן א קלאַפּ אין די קריזשעס, א קוועטש אין דער מאָזאָליע פונעם פינגער האָט מען, שטארק פארקרימענדיק זיך, פארביסן מיט די ליפּן, מיילע, נו־נו. נאָר דערנאָך איז מען געוואָרן שוין אביסל היימישער, דערעכערעץ אין דער זייַט, איינער דעם אנדערן בעטן מעכילע: רוקט זיך אביסל! פון יענעמס א זעץ טוט מען א געשריי. ייִדן זענען ניט צופרידן און קריגן זיך. די מאמע האָט אלץ געפּילדערט אפּ א צעבראָכענעם ייִדן, ער זאָל ניט צעברעכן איר די אייער. דער טאטע האָט געהאלטן פארמאכט דאָס מויל, אייַנגעוויקלט דעם האלדז מיט א שטיקל פּיי, ניט צו פארלירן, כאָלילע, דאָס קאָל. די פערד הייבן אָן זיך אונטערפוילן, שלעפּן זיך פּאמעלעך, מאכנדיק מיט די אויסגעקראָכענע ווידלען, און די פארשוינען מאכן זיך הארץ, הייבן צווישן זיך אָן א שמועס.

דער אָרל, עפּעס אן אָרעמער, ערגעץ אמאָל געוועזענער עקאָנאָם, וואָס די גאנצע צייַט, זינט פונעם אופזעצן זיך זייַנעם אין וואָגן, איז ער געווען פארפּאָפּן, ניט אפּ דעם אוילעם — האָט זיך לעסאָפּ איפגעכאפּט שוין ניכטער, געקוקט ווי א נעכטיקער אפּ דער גאנצער קאָמפּאניע ארום אים און זיך צוגעהערט צום שמועס, וועלכער איז געווען פאר אים טערקיש, פּרוּוונדיק באַלד טאקע אריַין אינדערמיט אויך מיט א שמועס, וואָס איז ווידער פאר יידישע קינדער געווען טארגעם. נאָר א ייִדיש קעפּל בייַסט אייַן טארגעם אויך. אבי געכאפּט נאָר עפּעס, איין וואָרט פון צען, האָבן זיי זיך געשטויסן, געדרונגען דאָס איבעריקע מיט זייער אייגענעם סייכל און זיך געקליגט אלע איניינעם געבן דעם פויערשן קאָפּ צו פארשטיין זייער מיין מיט אלע מיני האסבאָרעס: אביסל מיט אונדזער לאָשן, אביסל מיט זייער לאָשן, אביסל מיט די הענט, אביסל מיט דעם ווונק, א דריי מיט דעם פינגער אָפּ א ניגן, נישקאָשע, מע האָט זיך פארשטאַנען.

עס האָט זיך געצויגן א שמועס וועגן דעם, וועגן דעם, וואָס באַ זיי, וואָס באַ אונדז, לעהאוידל. זייַן נאָמען איוואַן איז אונדזערער, מע האָט עס געבומען פון, לעהאוודל, יויכענען. די אלע שעווע כאָכמעס זענען געבומען, אונדזערע, מע האָט אים אויך דערקלערט זייער א ווילן מאָשל פונעם מעדרעש, א גלייַכווערטל פון דער געמאָרע, קלאָר געמאכט אין יידישע מינהאָגים מיט דעם סייכל, וואָס דרינען שטעקט. איוואַן — אפּאָנעם, ער האָט מוידע געווען — עטלעכע מאָל האָט ער אלץ אויסגעשריגן: קוגל, צימעס! און זיך דערבייַ באַלעקט. די ווייַבער האָבן געקייַכט פאר געלעכטער, געמאכט:

— צו זייַן קאָפּ, צו זייַן לעבן! קוקט אים אָן, ווי ער באַלעקט זיך, ער האָט ליב אונדזער קוגל!

עפּעס א יוגנט מיט א צוגעדעקטן קאָפּ, וואָס פּאָרט זיך שטעלן פאר אן אַם, ברומט שטילערהייט אונטער פאר זיך א טרויעריק לידל:

„אפן הימל לויכטן שטערנדלעך,
אין וועלדל שפּילט א סאָלאָוויי.
דער גאנצער וועלט איז ליב און פריילעך,
און מיר אליין אז אָך־און־וויי.

דער אָרל קערט זיך אוועק, מאכט זיך אביסל נאריש מיט די ווייַבער און מע גיט אפּ אים א מאך מיט דער האנט: אן אָרל בלייַבט אן אָרל!

נאָכדעם ווי מע איז א היפּש שטיקל וועג זיך אָנגעגאנגען צופוס אונטער א בערגל, אונטער־שטופּנדיק דעם וואָגן און ווידער זיך אופגעזעצט, האָט דער אוילעם ייִדן זיך געשמאק א נעם געטאָן צו א ברייטן שמועס. מע רעדט פון אלצדינג, וואָס קאָכט זיך דאָ אפּ דער וועלט און דאָרט אפּ יענער וועלט. מע רעדט פונעם האנדל, שאצט דאָס פארמעגן פון אסאך גווירים, עס קומט אויך צו רייד די אלטע מייַסע מיט רעב שמעלקען, און עס בלייַבט, אז ער האָט פון עליאָהו האנאָווי באקומען א ווינטשפינגערל. עס הייבט זיך באלד טאקע אָן א קרעכצערייַ, א גע־זיפצערייַ, א געווינטשערייַ. איינער זאָגט, ער זאָל האָבן א ווינטשפינגערל, וואָלט ער געווינטשן דאָס, דער אנדערער — דאָס און דאָס, דער דריטער — יענץ... האקלאל, איטלעכער ווינטשט עפּעס אנדערש. צדאָקע איז געפאלן געגנוג ווי מיסט, מיט דער פולער האנט. איינער דעם אנדערן ווייַזט ארויס זייַן גרויסע פּרייַנטשאפט, צוזאָגנדיק דעם, יענעם גילדענע בערג. דאָס גוט־ברודערשאפט צווישן דער קאָמפּאניע ווערט געשטארקט, מע פילט זיך עפּעס געטרייסט, ניט אזוי פארוואָרפן, פארגעסן אין דער וועלט און איינער מיט דעם אנדערן איז זייער צופרידן.

אָט אזוי האָט זיך עס געטאָן ביז מע האָט, מיט דעם אייבערשטנס הילף, אנטקעגן נאכט זיך קאָם לעבעדיק פארשלעפּט קיין גלופּסק.

## דאָס פערטע קאפּיטל

וועהי — און זי, גלופּסק, האָט צו לייזער־יאנקלען ניט אזוי געטאָן. בעוואויאָם מיקאפּצאנסק — בא זייער אָנקומען פון קאפּצאנסק איז גלופּסק זיי ניט געלאָפן אנטקעגן מעקאבל־פּאָנעם זייַן, ווי הערשעלע האָט אינדערהיים זיך פאָרגעשטעלט. מע האָט זיך איבער זיי ניט געשלאָגן, ניט געריסן איטלעכן באזונדער צו זיך אפּ סטאנציע, אפּ א מאָלצייַט. מענטשן זייַנען קאלטבלוטיק געגאנגען פארבייַ, זיי אפילע ניט אָנצוקוקן.

הערשעלען איז די זאך אין פלוג שטארק קאָשע געווען און, שטייענדיק באם אויסקריכן פונעם וואָגן מיט א פעקל אין די הענט אפּ דער גאס, האָט ער געקוקט אפן טאטן פארווונדערט, אָן ווערטער, גלייַך ווי געפרעגט: הא, וואָס זאָל עס אזוינס באטייַטן? שטעקט ניט דרינען עפּ־שער עפּעס א גראָבער טאָעס? נאָר נאָכדעם, ווי ער האָט געכאפּט פונהינטן א דישל און דער טאטע א שטופּ אזוי, אז ער איז, נעבעך, געפלויגן ווייַט אפּ עטלעכע טריט, שיר נישט ארופגע־פאלן אפּ דעם כאזער, וואָס האָט געשמאק געכראָמקעט בא דער זייַט גאס, ווהי־ן מע האָט ערשט פון א גאנעקל איז דער הויך אראָפּגעגאָסן, ווי געוויינטלעך, א פולע, מעשונע א שמעקנדיקע פּאָמוינעצע מיט אלעם גוטן, און צו דעם דישל מיט דעם שטופּ אויך געלאָזט נאָך א מאָל צען אין טאטן אריַין, פארוואָס שטייען עס ייִדן, ווי ליימענע גוילעמס, פארשטעלנדיק דעם וועג — אָט דענסטמאָל, פון אזא אָנצוהערעניש איז אים, הערשעלען, פארענטפערט געוואָרן די קאשעס. ער האָט אראָפּגעלאָזט די נאָז, שוין טאקע גוט פארשטאנען...

און ער און דער טאטע זענען אין זייַנע אויגן אביסל אראָפּגעפאלן.

באלד באם קומען איז לייזער־יאנקל אלץ געשטאנען און זיך געראטן מיט דעם ווייַב וועגן זייערע זאכן, און אויב אצינד איז ניט שפּעטלעך א גיי צו טון צו באקאנטע. נאָר נאָך אזא באגע־געניש, איז בא זייביידע געבליבן קיין שיִעס ניט צו מאכן און בלייַבן דערווייַל אפּ נאכטלעגער דאָ אין דער באלעגאָלישער אכסאניע.

הערשעלען האָט מען מעכאבעד געווען מיט אריַינטראָגן פעקלעך אין שטוב אריַין, דאָרט דערופּ אכטונג געבן, און אליין האָבן זיי זיך געבאָברעט ארום דער שטייַג מיט אויפעס, איבער־געשמועסט מיט דעם באלעגאָלע, ער זאָל מויכל זייַן אריַינפאָרן אין הויף אריַין, ווו די שטייַג וועט דערווייַל שטיין אפן וואָגן ביז מאָרגן.

ניט פאר קיין יידישע קינדער געדאכט אזא נאכט, וועלכע הערשעלע האָט אפּ דער אכסאַניע אין גרויסע צאָרעס צוגעבראכט. הונגעריק, מיד און צעבראָכן פון וועג האָט ער שוין שפּעט־לעך באנאכט, אין דעם גרויסן ראש און דער מעהומע פון אַלערליי מינע פארשוינענע, זיך דער־שטופּט ערגעץ אין א ווינקעלע און זיך א וואָרף געטאָן אפּ עפּעס א הינקענדיקן צעריסענעם טאפּטשאַן. דאָרט האָט מען אים שוין יאָ טאקע מעקאַבל פּאָנעם געווען און אופגענומען פאר א גאנץ טײַערן גאסט. גלופּסקער וואנצן, ווי דער גאנצער וועלט איז באקאנט, נעמען זייער גערן אופּ אָרכים מיט אַלע קאָוועדן: האַלדזן זיי, קלעפּן אין זיי און קריכן זיי אונטער די נעגל. הערשעלעס קראַצן זיך און אָנצוהערעניש־געבן מיט די הענט, אז ער איז מויכל דעם קאָוועד, האָט אנטקעגן אזעלכע נעפּאַשעס ניט געהאָלפן. זיי האָבן זיך טאקע געטאָן זייערס, זיך געדרייט, גע־ארבעט ארום דער אוירעך מיט גרויס פארגעניגן, ביז ער האָט געמוזט זיך אָפּטראָגן שאַ, שטיל און זיך געלייגט פּאָשעט אפּ דער ערד.

אָט אזוי האָט זיך אויסגעלאָזט הערשעלעס יענער פריילעכער טאָג, אפּ וועלכן ער האָט אזוי ארויסגעקוקט און זיך פאָרגעשטעלט אין אים גרויסע גליקן!..

מאָרגן, נאָך גאנץ פרי האָט די מאמע זיך געײַלט אין שטאָט ארײַן וועגן אירע געשעפטן, שפּעטער אביסל נאָך איר איז אוועק דער טאטע. באַם אוועקגיין קוקט ער זיך ארום, אז די קע־שענע איז אים צעריסן און פאר גרויס אײַלעניש כאַפּט ער און גיט איבער דאָס בײַטעלע מיט זײַן ביסל פארמעגן הערשעלען, וואָס איז איבערגעבליבן אליין נעבן די זאכן.

אונדזער הערשעלע דערטאַפּט פון א זעקעלע א שטיק ברויט מיט א גרויסער, געלער אוגערקע אויך א צײַנדל קנאָבל און נעמט זיך וואויל טון, עסן געשמאַק, ווי אופּשטייענדיק פון א קרענק.

אונטערגעלענט דאָס הארץ, באקומט ער שטארק יעיצערהאָרע ארויסצוגיין אפּ א ווײַלע אין־דרויסן, אָנצוקוקן, וואָס פאר א פּאָנעם גלופּסק האָט.

פאר הערשעלעס אויגן עפנט זיך עפּעס גאָר א נײַע וועלט. אַלצדינג איז פאר אים נײַ, גלײַך ווי ערשט באַשאַפן געוואָרן, ערשט ארויסגעקראָכן פון דער ערד. ער שטייט פארגאַפט, פאַריסן דעם קאָפּ און ווייסט ניט, אפּ וואָס פריִער צו קוקן. נאָר צום ערשטן וואַרפט זיך אים אין די אויגן א געדיכטע קאַשע פון יידן; מע לויפט, מע שטופּט זיך אין יאָגעניש ווי אפּ א סרייפע. יידן, יידענעס, קינד־און־קייט — אָן איינאָרע ווי באָב! — אויסגעמישט אַלע איניינעם, אָנגעטאָן אין אַלערליי מאַלבושים, פון צעריסענע שמאַטעס ביז די טײַערסטע קליידער, צווישן זיי אויך נעקייוועס אין סאַמעטענע מענטעלעך מיט זײַדענע, פאַרדריפּעטע קליידלעך, נאָר סראָרעטעס; און ווען זיי זאָלן ניט געווען רעדן, זינגענדיק הויך, אפּ דער גאנצער גאַס, מיט א קוויטש, שנײַצנדיק דערבײַ די נאָז, וואָלט ער זיכער געמיינט, אז דאָס זײַנען פריצעס...

פון אַלע זײַטן פּאָרן בוידן, בײַדלעך, פורלעך, א טייל פאַרפּלאָנטען, פאַרהאַקן זיך מיט די רעדער, א טייל מיט דישלעס, און זידלערײַען, געשרייען, גוואַלדן ביז דעם זיבעטן הימל.

דאָס, וואָס רינשטאָקלעך פּלייצן אין די גאַסן, איז אים קיין ווונדער ניט געווען, ס'איז דאָך א יידישע שטאָט. אין קאַפּצאַנסק איז געוויגן די אייגענע סכוירע. יוי דען אנדערש? דערופּ איז דאָך עס א גאַס אפּ אויסצוגיסן דאָרט פּאָמויניצעס. א ווונדער איז אים נאָר געווען די שפּיצעכדיקע שטיינער, וועלכע וואַלגערן זיך אין די גאַסן. צו וואָס נאָך שטיינער אזעלכע אפּ צו ברעכן רוק־און־לענד, אז אָן דעם קען מען אויך אין די גריבער דאָ פאַלן זייער שיין און ברעכן דאָס גניק! איינפאַלן זאָל אים פּלוצים, אז דאָס איז א ברוק, סטײַטש וויאזוי, אז געברוקירטע גאסן זענען פאר אים געווען נאָך גאָר א סאָד, ניט געהערט, ניט געזען קיינמאָל אזוינס. אָט ערשט שפּעטער, אז ער איז זיך דערגאַנ־גען פונעם סאָד, וואָס אזעלכס באטײַט, איז אים עס טאקע שוין מער קיין ווונדער ניט געווען. אזוי איז שוין טאקע רעכט. אויך איז אים קיין ווונדער ניט געווען די אײַנגעהויקערטע שטיבלעך מיט צע־בראָכענע דעכלעך, אָנגעזעצט געדיכט איינס נעבן דעם אנדערן, ווײַל אזוי באדארפּ זײַן, אזוי האָבן א פּאָנעם הײַזער, ווי געוויינטלעך יידישע הײַזער. מעשונע ווילד האָט אים אויסגעזען גאָר אינמיטן דרינען א מויערל אין צוויי, אין דרײַ גאָרן. ריבוינעשעלוילעם, ווי שטופּט זיך עס א ייִד ארופּ אזוי הויך אונטערן הימל און שטעלט זיך נאָך אײַן דאָס לעבן ארופּקריכן אהין אפּ א שמאָל לייטערל פונדרויסן! טאקע נאָר ווידע, פריִער ווען מע גייט אפּ אזא לייטערל ארופּ, מוז מען אָפּזאָגן ווידע, זיך געזעגענען מיט דעם לעבן.

די אויגן הערשעלעס האָבן אַלץ געקוקט, געפונען וואָס צו זען, דאָס קעפּל זײַנס האָט אַלץ

באטראכט, געטראכט און די פיס זײַנע זענען זיך דערווײַל אלץ געגאנגען, געגאנגען ביז ער האָט פּלוצים זיך א כאַפּ געטאָן — ע־ע! ער איז פארגאנגען ווײַטלעך און שוין לאַנג צײַט צוריק.

צוריק אָבער ווייסט ער ניט דעם וועג. ער הייבט אָן פרעגן בא יידן, ווי גייט מען צו דער קאפּצאנסקער אכסאניע. א טייל קוקן אים אין אײַלעניש, לויפעניש בייזלעך אָן, ניט צו ענטפערן א וואָרט, א טייל מאַלן אים אויס בעקיצער מיט דער האנט:

— גיי, ייִנגעלע, גלײַך, גלײַך, דערנאָך לינקס ביז צו א געסעלע, דערנאָך רעכטס און ווײַטער לינקס. דאָרט, ייִנגעלע, טו א פרעג, וועט מען דיר שוין ווײַזן.

הערשעלע, א ברייטע האָט ער געהאט, איז געגאנגען, פארקראָכן אין געסלעך, אין בלאָטעס, געשפּרונגען איבער שמאָלע, איינע פון די אנדערע ווײַט אָפּגעטרעטענע קלאָטקעס, אָנכאַפּנדיק זיך דערבײַ אין דער זײַט פאר פּלויטן. ער איז, אפּאָנעם, ארײַן גלופּסק אין די קישקעס, אין דעם מאָגן, ווו ס'איז געדיכט, עס שמעקט און פארגייט אין נאָז. ער האָט געארבעט אף אלע קיילים און איז, נעבעך, אָפּגעגאנגען מיט שווייס, ביז ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אף א פײַנעם יונגנמאן, וואָס איז אזוי גוט געווען זיך אָפּצוגעבן אביסל מיט אים.

— קום! — זאָגט דער יונגערמאן, באטראכטנדיק הערשעלען מיט א גוט שמייכעלע פונעם קאָפּ ביז די פיס. — קום, איך וועל דיך אונטערפירן. ביסט דאָ, ווי איך זע, נאָך גאָר א פריצ.

הערשעלע דאנקט דעם יונגנמאנען פאר זײַן גוטן ווילן קימאט מיט טרערן אין די אויגן.

— העלפן א גער איז א מיצווע, — מאכט דער יונגערמאן מיט א שײַנענדיק פּאָנעם, — דאָ אין גלופּסק, טאָר מען קיין פריצ ניט זײַן, בא אונדז דאָ באדארף מען גוט היטן די קעשענעס. פארשטייסטו מיך, ייִנגעלע?

הערשעלע טוט זיך גייענדיק א טאַפּ אין קעשענע.

— דו ביסט שוין א כאַסן?

— ניין! — ענטפערט הערשעלע שוין מיט א פריילעך הארצ.

— פארוואָס ניין — אָט וועסטו זען, בא אונדז וועט מען אינגיכן דיר שטעלן א כופּע.

הערשעלע שטיקט זיך פאר געלעכטער.

— וואָס, דו גלייבסט ניט? אָט וועסטו זען. לאַך דיר, לאַך, נישקאָשע! אָט איז א קלאטקעלע, פאמעלעכן. האָב נאָר אין זינען די קעשענע.

הערשעלע טוט זיך ווײַטער א טאַפּ.

— נו, ס'איז דאָ?

— שרעקט זיך ניט, ס'איז דאָ.

— פאראיאָרן האָט זיך דאָס אייגענע טאקע געטראָפן מיט א באָכערל ווי דו. ער האָט זיך אלץ געטאַפּט, געמיינט, אז בא אים ליגט עס אין קעשענע דאָס בײַטעלע, און לעסאָף, וואָס לאָזט זיך אויס? — בוידעם! די קארמאנשטשיקעס, ברענען זאָלן זיי, האָבן עס בא אים, ניט פאר דיר גע־דאכט, דערטאַפּט און אָנשטאָט דעם ארײַנגעלייגט אהין עפּעס שפּארגאלן, אשריאָצער־פּאפּירלעך. דו פארשטייסט? — נעם עס, מעכילע, טאקע ארויס און קוק רעכט אָן. פויל טאָר מען ניט זײַן.

אונדזער הערשעלע איז ניט פויל, נעמט ארויס דאָס בײַטעלע און האלט עס פאר די אויגן.

— זעסטו, הא? וואָס איך האָב דיר געזאָגט — דאָס זענען די לעצטע ווערטער פונעם פײַנעם יונגנמאנען, וואָס, אויסכאַפּנדיק הערשעלען פון די הענט דאָס בײַטעלע, מאכט ער א פּלייטע און ווערט באלד ווי אויסגעטריקנט.

הערשעלע בלײַבט אין דער הייסער מינוט שטיין ווי אויסגעפּאטשט מיט א פּאָר אויסגע־שטעלטע אויגן און אן אָפּן מויל, ניט צו וויסן, ווו ער איז און וואָס מיט אים טוט זיך אזוינס.

דעם אוילעמס ווערטל: „א גאסט אף א ווײַל זעט אף א מײַל" האָט טאקע זיך אקוראט גע־פּאסט צו הערשעלען. באלד אין דעם ערשטן טאָג פון זײַן קומען האָט גלופּסק זיך פאר אים „אנטפּלעקט" מיט איר גאנצן קאָוועד און שיינקײַט: מיט אירע שמאָלע קרומע הינטערגעסלעך, מיט אירע „פּיסקעס", לעוואדעס, רינשטאָקלעך, שטארק שמעקנדיקע קאליושעס, געדיכטע און שיטערע בלאָטעס און מיט אירע גאנאָווים, בײַטלשנײַדער — און דאָס אנטפּלעקן זיך אירס איז אים באָקעמע אויסגעפאלן.

פארשמירט, פארדריפּעט, מיט א פרישצאַפּלדיקן גלופּסקער קאָטער איז הערשעלע ערשט ארום מינכע־צײַט געקומען באטריבט צוריק אף דער אכסאניע. ניטאָ קיין טאטע, קיין מאמע און די

קלומקעס — אויכ ניטאָ! ער בלײַבט טויט מיט אַלע אייוורימ, קוקט ווי א דולער און דאָס הארצ טיאָכקעט אימ שטארק. פּלוצימ דערהערט ער, ווי מע בייזערט זיכ אָפּ אימ מיט די ווערטער.

— אָט האָסטו אימ, דאָס שיינע באָכערל! וואָס זאָגסטו, איכ בעט דיכ, צו זײַנ טאטנ?

און ער דערזעט פאר זיכ רייזע די באַל־אכסאַניעטע.

רייזע איז א קורצע, דיקע, ברייטבײַכיקע ייִדענע, שוינ אינ די יאָרנ, מיט א געשטופּלט פּאָ־נעמ, וואָס איז שטענדיק פארשוויצט און מיט א צווייגאָרנדיק גײדערל. א שנירל שיטערע הער־לעכ ציט זיכ איר אפּ דער אייבערשטער ליפּ, וואָס פארײַסט זיכ בא דער רעכטער באַק ארופּ, אזוי אז מע זעט א רויט שטיקל צונג ארויסקוקנדיק דורכ א היפּש שפּעלטל, אפּנ אָרט פונ צוויי אויסגעפוילטע ציינ. איינ עק פארטעכ איז איר שטענדיק פארשטעקט, דער בוזעמ צעשפּיליעט. די צוויי עקנ פונעמ קאָפּטיכל זײַנענ פארוואָרפּנ אהינטנ און האַלט געוויינטלעכ אינ דער האנט א פאלאָניק — א באווײַז, אז זי פּאָרעט זיכ שטענדיק נעבנ אויוונ. זי רעדט, „שרײַענדיק אינ איינ אָטעמ, גיכ, פונעמ הארצנ, מיט א בייזער; עס דאכט זיכ, זי איז שטארק אופגעבראכט, קריגט זיכ, האגאמ זי מיינט, כאַלילע, ניט קיינ שלעכטס און איז בעטעווע א גאנצ גוטע. דאָס איז בא איר גלאט אזא לאָשנ, אזא שטייגער רעדנ, וואָס האָט נאָכ אויסגעארבעט זיכ פונ איי־ביקע אייסאָקימ און צוטונ האָבנ איר גאנצ לעבנ מיט באלעגאָלעס. אינ דעמ שמועס ווארפט זי אַלצ ארײַנ „הענ־אביסל!“ „וואָס זאָגסטו צו זײַנ טאטנ?“ הויכ אפּ א ניגנ, אויכ איז דער שטיי־גער אירער באמ ריידנ אָנצובייגנ עפּטערס דעמ קאָפּ אינ דער זײַט און א פּאָר טונ מיטנ שפּיצ נאָז איבער דעמ ארבל, טאקע א וויש אפּ דער גאנצער לענג פונעמ אָרעמ.

— וואָס זאָגסטו צו זײַנ טאטנ? — איז רייזע ארויס מיט איר שרײַענדיקנ לאָשנ אפּ אונדזער הערשעלענ, נעבעכ, און טאקע א גוטנ פּאָר געבנדיק מיט דער נאָז איבער דעמ ארבל, — ווי ווערט עס א באָכערל פארפאלנ, הענ־אביסל! קוקט אימ נאָר אָנ, דאָס שיינע באָכערל! נעמט זיכ און ווערט פארפאלנ!

הערשעלע שטייט אראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ, ווארגנדיק זיכ מיט טרערנ און שווײַגט.

— ער שווײַגט נאָכ, דאָס שיינ באָכערל! טאטע און מאמע שטארבנ דאָ, און ער, הענ־אביסל! שטייט ווי א לעמעכ און שווײַגט.

— אוי וויי־וויי מיר! — טוט הערשעלע א געשריי און צעכליפּעט זיכ, מיינענדיק טאקע, אז די עלטערנ זענענ אפּ דער וועלט שוינ ניטאָ, און ער איז געבליבנ א יאָסעמ.

— נו, כליפּע ניט, פארפאלנ! — טרייסט רייזע אונדזער וויסט יאָסעמל. — ווײַטער זאָל א באָ־כערל אזוינס מער ניט טונ. טאטע און מאמע זענענ דאָכ אָנ א נעשאָמע... די נעשאָמע איז זיי אויסגעגאנגענ לויפנדיק...

— איק־איק־איק! — כליפּעט הערשעלע מיט א פארקלעמט הארצ, וויל עפּעס זאָגנ, נאָר עס שטיקנ אימ די טרערנ און קאמ וואָס ער ברענגט ארויס פונ מויל איקעדיק א פּאָר האַלבע צע־בראָכענע ווערטער: מאמ... געשטאָר... איק...

— אוי, א דונער האָט מיכ ניט דערשלאָגנ — טוט זיכ רייזע א כאפּ, — ער מיינט „שטארבנ“ הייסט טאקע געשטאָרבנ... עס רעדט זיכ נאָר אזוי, נארעלע, ס'איז אזא לאָשנ... הענ־אביסל! טאטע און מאמע האָבנ טאקע געקענט שטארבנ. נו, שא, אָט וועלנ זיי באלד קומענ געוואָר ווערנ. נאָכ באטאָג האָבנ זיי זיכ מיט די זאכנ איבערגעקליבנ ערגעצ, ווייס איכ ווו? פארקויפט די הינער, די אייער, איכ אליינ האָב אויכ געהאנדלט. שא, אָט וועל איכ דיר געבנ פונ דער מאמעס אייער. א ווייטעק איז מיר! הענ־אביסל, א גאנצנ טאָג האָט ער ניט געגעסנ! — גיי וואש זיכ און זעצ זיכ צומ טיש.

אונדזער הערשעלע איז פונ טויט לעבעדיק געוואָרנ און זיכ גענומענ אונטערלענענ זײַנ הארצ מיט א פּרעזשעניצע, וואָס רייזע האָט אינ דער גיכ צוגעטראָגנ אימ צומ טיש, מאכנדיק דערבײַ אפּ איר שרײַענדיק בייזערנדיק קאָל:

— נא, עס געזונט, האָסטו געהערט, הענ־אביסל, מע זאָל אזא טאָג אָפּפאסטנ!

באלד זענענ, ניט טויט ניט לעבעדיק, ארײַנגעלאָפנ אינ שטוב דער טאטע און די מאמע. א געשריי, א געפּילדער, א פרייד מיט א רוגזע און א מוסער־זאָגנ איניינעמ.

— געלויבט איז גאָט! — שרײַט די מאמע מיט א פריילעכ הארצ און מאכט דערבײַ טאקע, קוקנדיק אפּנ זונ, א בייז פּאָנעמ. — דו ווייסט, וואָס דו ביסט פאר אזא מיַיסע ווערט...

— סטײַטש, סטײַטש! — פײַערט דער טאטע, — אזוינס צו טון! דו ביסט דאָך װערט, סטײַטש, װי א הערינג זאָל מען דיך צערײַסן.

— הענ־אביסל! — איז רײזע, װי אַ גוטע מײליצטע, ארױס אפ איר שפראך, א פּאָר געבנדיק מיט דער נאָז איבער דעם ארבל. — שײנע טאטע־און־מאמע, מע זאָל איבערלאָזן א קינד אלײן װי אפן װאסער! ער שרײַט! װאָס זאָגסטו, איך בעט דיך, צו זײַן טאטן? א קינד איז א קינד. װאָס דען? אָט שװײַגט בעסער, שװײַגט!

— אוי, װי דו ביסט פארשמירט, פארשלומפערט. — שרײַט די מאמע אפ הערשעלען, ברעכנדיק די הענט — עפעס גאנצע גלופסקער בלאָטע ליגט אפ דיר!

— איך בעט אײַך, װאָס זאָגט איר צו איר? — זאָגט רײזע צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ — די פּריצטע — א קאטאָװעס א פּריצטע, עס געפעלט איר ניט דעם זונס קאפּאָטע, קען גאָר אפ דעם ניט קוקן! א קאפּאָטע, װי אלע קאפּאָטעס בא אונדז דאָ. און װו שטײט דאָס אין דער טוירע, אז א ייִד מוז גײן דאפקע מיטן פוץ? — אויב גלופּסקער בלאָטע געפעלט ניט דער פּרינצעסן, איז אָן סאקאָנע, נישקאָשע, גלופסק האָט ניט פארלאָרן בא אונדז דעם כײן אזױװי זי איז. אלע לעבן מיר, באַרעכאשעם, אָן בושע און אָן שאנד. דאָס קינד איז, נעבעך, מיד, שװאך, ניט געגעסן דעם גאנצן טאָג, און זי... און װאָס ארט דאָס זי? מעגסט זיך, כלעבן, שעמען און לאָז אים געמאך.

רײזעס װערטער האָבן געװירקט, און פון יענער צײַט אָן האָט הערשעלע ליב געקראָגן רײזען בא זיך אין הארצן.

## דאָס פינפטע קאפּיטל

אונדזערע פּארשױנען זענען געשטאנען צעשײדט אפ באזונדערע סטאנציעס. נישט דערפאר, װײַל איטלעכער פאר זיך האָט באדארפט האָבן זײַן כײדער, זײַן אָרט באזונדער. כאָלילע! גאנץ רײַכע ייִדן אפילע לאָזן זיך אפ דער אַכסאניע באגניגן מיט א בעטל און שטײען דרײַ, פיר אירע אײנײנעם, אבי עס זאָל װאָלװל קאָסטן. נארישקײַטן! עפּעס באדארף דען א ייִד האָבן אוילעם־האזע? — נאָר װאָס דען? װײַל אנדערש איז גאָר טאקע נישט מעגלעך געװען.

דער טאטע האָט, װי געװײנטלעך, זיך אופגעהאלטן װי ס'איז באם שאמעס פון דעם קלײַזל, װו ער פלעגט יאָמים־נוראָים דאװנען. דעם שאמעס דירע איז קאם גענוג געװען פאר זײַן אײגן געזינד. נאָר װי זאָגט מען בא אונדז ייִדן — װו צװײ, איז אויך א דריטער. און מיט דעם דאָזיקן קלאָל שטעקט א ייִד, נעבעך, ארײַן דעם לעפל צו יענעם אין שיסל, שטופּט זיך ארײַן װו ס'איז ענג, קריכט ארײַן מיט א פוס צו יענעם אין ביטל, כאפּט א קוק צו יענעם אין מאכזער, שפּארט זיך צו װי ס'איז צו יענעם אפן געלעגער, קװעטשט זיך ארײַן אין בױד צװישן פיל אָנגעזעצטע פּארשױנען און שטערכעט, נעבעך, אָפּ אזױ דאָס גאנצע לעבן. עט, װאָס מאכט עס אויס? אבי איבערקומען; אבי אָפּאטערן, מישטײנסגעזאָגט, דאָס עסן; אבי כאפּן א דרעמל; א נאכט איבערצולעבן; אבי יױצע זײַן און װי ס'איז דערהאלטן די נעשאָמע. דערבײַ האָט טאקע לײזער־יאנקל מיט דעם שאמעס זיך געקענט עפּעס שטיקלעך קרױװים, און װי דער אײַנפיר בא אונדזער אוילעם איז, האלט עס א ייִד זיך פאר א מוז צו פארפאָרן צו זײַנעם כאָטש א גאנץ װײַטן קאָרעװ, װײַל װענ נישט — אזױ טײַטשט ער עס — װעט ער אים, כאָלילע, באלײדיקן און יענער װידער קען אפ אים בארױגעז זײַן. און אויב לײזער־יאנקל איז דאָס מאָל מיט דעם װײַב, מיט דעם קינד און האק־פּאק, מיט די אױפּעס באלד טאקע נישט פארפאָרן גלײַך צום שאמעס — איז ערשטנס, דעריבער, װײַל ער האָט גוט געװוסט, אז אזױנס איז רײן אומעגלעך. אײַ װאָס, יענער קען פאריבל האָבן, — נישקאָשע, אָן סאקאָנעס! ער װעט עס אים געבן צו פארשטײן. — און צװײטנס, װאָס מײנט איר? איז דאָס טאקע גאָר געװען דעם שאמעס טרײפן גליק...

די מאמע איז געגאנגען אפ סטאנציע צו אירער א באקאנטער ייִדענע פון קאפּצאנסק, א קעכנע אין א נעגידיש הױז, װו זי האָט אָפּגעזעצט עטלעכע צענדליק אײער און ארױסגעקוקט אָנצונעמען בא דער באלעבאָסטע א פּאָר טוץ זאָקן אין גלײַכן געלט אױסצוארבעטן און פון א צװאנציק געגנדזלעכע פּעדערן איבערן װינטער אױסצופליקן. די מאמע האָט גאָר געשײַנט אין דעם שלײער, אין דעם שאבעסדיקן טיכל אפן קאָפּ, איר איז, אפּאָנעם, אין קיך גאָר נישט שלעכט געװען, זי האָט זיך דאָרט אױסגעגלײַכט די בײנער. די קעכנע האָט זי צוגעפילעװעט, איר אלץ

אונטערגערוקט צו קיַינ, אָנטרײַבנדיק זי אַלץ: עסט, מאַלקע־טויבעניו! עסט, עסט, מײַנ הארצ.

ביידנ האָט דאָס מויל זיך נישט צוגעמאַכט, אַלצ גערעדט, גערעדט, זיך אויספרעגנדיק איבער פיל מענטשנ, באַקאַנטע אונ אויך ווילד פרעמדע, אַזעלכע, וואָס געהערנ זיך מיט זיי קלאַל נישט אָנ. זיך דערמאַנט אַלטע מײַסעס, וואָס נאָך מוידוויַז.

— געדענקט איר, געדענקט איר, מאַלקע־טויבעניו?

— געדענקט איר, געדענקט איר, טרײַנע־סאָסיעניו?

ביידע האָבנ זיך געשמאַלצנ, געקוקט איינע אפ דער אנדערער מיט לײַכטנדיקע אייגעלעך, באַמ שמועסנ עפּעס מיט כיינ צונויפגעצויגנ, אײַנגעשנירט די ליפּעלעך, איינע דער אנדערער אַלצ: סערדצע, קרוינ, זאָלט איר מיר געזונט זײַנ!... עס פאַרשטייט זיך, אַז פונ אַלע זאַכנ האָט מענ נישט פאַרגעסנ דעמ איקער — רעכילעס, דאָס בעסטע געווירצ, די געשמאַקסטע בסאָמימ אינ איטלעכנ ווײַבערשנ שמועס. מע האָט מעקײַעמ געווענ דעמ מינהעג: אָפּריכטנ, אָפּשפּעטנ מיט אַלע דינימ אונ קאַוואָנעס, וואָס דרינענ שטעקט. טרײַנע־סאָסיע האָט עס מעקײַעמ געווענ גאַנצ פּראָסט, אָנ כאָכמעס — געפּלאַקערט, גערעדט מיט אַפּעטיט, גיכ־געשווינד, ווי עס געהער צו זײַנ... מאַלקע־טויבע אַנטקעגנ, האָט דאָס אייגענע טאַקע מעקײַעמ געווענ, נאָר מיט שמאַד־שמיק, אַלצ צוגעשאַקלט מיטנ קאָפּ, געגלאָצט די אייגעלעך מיט אַ יִיראַס־שאָמאַימ־פּענעמל, קלוימערשט וויל זי ניט יענעמ באַרעדנ, פּע! — נאָר באַ זיך אָבער האָט זי דערפונ שטאַרק האַנאָע, באַלעקט זיך אַזש פאַר טײַנעג אונ וואַרפט אינ שמועס אַמאָל אַרײַנ אַ וואָרט, עפּעס מיט פיל טײַטשנ, אַזוי אונ אַזוי. דאָס וואָרט אירס, וואָס דאַכט זיך אינ פּלוג גאָרניט, עט... ציט ערשט טרײַנע־סאָסיענ באַמ צונג אונ הודעט זי אונטער צו פּלאַקערנ אונ צו רעדנ, שפּעטנ נאָך מער.

— זאָלט איר מיר געזונט זײַנ, מאַלקע־טויבעניו! — הייבט אָנ טרײַנע־סאָסל צו מאָלנ מיט דעמ צינגל אונ אַ מאָס רייד איבער די באַלעבאָסטעס אויסצושיטנ. — וואָס ווייסט איר, וואָס פאַר אַ שלעק זיי זענענ, די אַלע שיינע הײַנטיקע באַלעבאָסטעס! באַ וויפל איך בינ איבערגעווענ, איז אַלצ איינע ערגער פונ דער אנדערער. איטלעכע מיט איר מאַנקאָליע, מײַנע צאָרעס אפ זיי! האָבנ נאָר ליב אָט וואָס, זיך צו דרייענ, טאַרעראַמענ, פּילדערנ, קלינגענ מיט די שליסעלעך. מיינענ, זיי טוענ עפּעס. אונ טאָמער ווייסט איר וואָס?

— וואָס, וואָס? — רוקט מאַלקע־טויבע אַרײַנ אַ ווערטל, קלוימערשט סטאַמ אונ ציט דערמיט טאַקע באַ טרײַנע־סאָסיענ ווערטער פונעמ מויל.

— גאָרניט!... — צעהיצט זיך טרײַנע־סאָסיע, — ווייס איך וואָס! באַ זיי הייסט עס, נאָר אַ געלעכטער, כלעבנ, די איז אַ בעריע, פול אינ איטלעכס ווינקעלע. יאָ, עמעס טאַקע, אָבער קיינ־מאָל ניט אינ יענעמ ווינקעלע, ווו מע באַדאַרפ. גלײַך ווי ז׳ שפּילט זיך אינ באַהעלטעניש, זוכט מענ זי דאָ, איז זי גאָר דאָרט, אונ באַדאַרפ מענ זי דאָרט, כאַ־כאַ! איז זי דאָ... דער מאַנ זוכט, די קינדער זוכנ, מע רופט, רופט אונ זי שרײַט פונ ערגעצ אַרויס אינ איינ קאָס. — יענע ווידער, מײַנע ווייטעקנ אפ איר, געטרויט ניט די שײַנ, ציילט די גרויפּנ אינ טעפּל, פאַר אַ האַלבנ גראָשנ וואָלט זי זיך געלאָזט די אויגנ אַרויסנעמענ, וואָס איז?

— אַ באַלעבאָסטע, וואָס דענ? זי וויל אײַנבּרענגענ... — מאַכט מאַלקע־טויבע מיט אַזאַ מינע־לע, עפּעס ווי אפ קאַטאָוועס אונ עפּעס ווי גאַנצ ערנסט.

— יאָ, אײַנבּרענגענ! — מאַכט טרײַנע־סאָסיע, שטאַרק פאַרקרימענדיק זיך. — זי וויל אײַנ־ברענגענ פונעמ עסנ אַ גראָשנ אונ אַליינ ברענגט זי דעמ מאַנ אויס — ווייס איך אפ וואָס — הונדערטערס!... איינע, עפּעס אַ שלימאַזל, האַנדלט אײַנ אינ מאַרק אַלע מעציִעס, אייער — אַ מע־ציִע, פּוטער, שמאַלצ — אַ מעציִע, גאָט שיקט איר אַלצ צו. האָט אַ שפּיזאַרנע מיט אַלעמ גוטנ אונ האַלט עס אָבער אונטערנ שלאָס אַזוי...

— אײַערע מיינט איר? — כאַפּט זיך מאַלקע־טויבע אַרויס מיט אַ וואָרט. — באַ אײַערע איז עס אַלצ אונטערנ שלאָס? — אַ גוטע באַלעבאָסטע, כלעבנ!

— טפו, אַ גוטע באַלעבאָסטע, כלעבנ! — זאָגט טרײַנע־סאָסיע איבער יענערס ווערטער מיט אַ בייז געלעכטערל, אויסשפּײַענדיק דערבײַ. — האַלט עס אונטערנ שלאָס אַזוי לאַנג די אַלע מע־ציִעס, ביז די אייער ווערנ טוכלע, די פּוטער באַקומט אַ רייעכ, דער אײַנגעמאַכטס געצוקערט אונ מע וואַרפט עס דערנאָך אַרויס... די אַנדערע, עפּעס אַ שטיק פלייש, ליגט איבער שטענדיק אינ קיכ, מישט זיך צומ טעפּל. ווייס איך וואָס? כאָטש מע באַדאַרפ זי דאָרט האָבנ ווי אויגנ־

ווייטעק. פּאַרקערט, דורך איר מישנ זיך וועדט ערשט א מישענינג: דער געבראָטנס צוגעברענט, די יויך אויסגעלאָפּן און ס'איז נאָר א צעפּוקעניש...

— סאָנים, סאָנים! א צעפּוקעניש די סאָנים! — מאַכט מאַלקע־טויבע, אונטערלעקנדיק זיך. — עסט אײַך, טרײַנע־סאָסיעניו, ניט אָפּ אזוי דאָס הארצ!

— טפו זאָלן זיי ווערן! — שפּײַט טרײַנע־סאָסיע אויס. — וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר? מאַלקע־טויבעניו!.. איינע ניט קיינ רעכטע! אלע זענען זיי שלימעזאלניצעס, לײַדיקגייערנס, האָבנ ניט וואָס צו טונ און גיבנ זיך אויס קלאָמפּערשט פאַר בעריעס. א קאַטאָוועס, אָנ זיי וואָלט די גאנצע שטוב האָרנעם־קאָרנעם זיך איבערגעקערט. טאָמער ווייסט איר וואָס? — גאָרניט!... פריִער בינ איך געווענ א נאר און זיך געגומענ צום הארצנ, פלעג פונ זיי קײַענ די ערד. און הײַנט אָבער האָב איך מיך מעיאשעוו געווענ — א־א, צו אײַער קאָפּ, צו אײַער לײַב און לעבנ! איר נישטערט, רעדט, בײַזערט זיך, שרײַט אײַך מעשוגענערווײַז, און איך טו מיר מײַנס. ווערט צע־זעצט!... וואָס איז, טאָמער ווייסט איר, אוילעמהאבע וועל איך האָבנ? אדעראבע, זאָגט, קרוינ, סערדצע, און איך אליינ פאַר מיר, וואָס איז, וואָס, באדארפ ניט עפּעס האָבנ?... איר פאַרשטייט דאָך מיר, מאַלקע־טויבעניו, געזונט זאָלט איר מיר זײַנ.

— זאָלט איר־מיר געזונט זײַנ, טרײַנע־סאָסיעניו, וואָס דענ, איך פאַרשטיי זייער גוט.

— וואָס, סערדצע, בינ איך עפּשער ניט גערעכט? וואָס איז, טאָמער ווייסט איר, פונ די סכירעס, וואָס איך נעם, וועל איך מיך א שיינ ביסל מוירנ? און אייביק, הא, וואָס איז, וועל איך דינענ? ווי זאָגט מענ עפּעס, א מענטש איז ניט קיינ אייביק געווער. קאָלזמאַנ מע לעבט, לעבט מענ, און מע באדארפ זיך זאָרגנ פאַר שפּעטער אויך. איך זאָל מיר ניט געווענ דאראָ־בענ — שא, צווישנ אונדז זאָל עס בלײַבנ — אביסל פונעם מעל, אביסל פונעם קאַצעוו, אביסל פונעם אײַנקויפנ, וואָלט טאַקע געווענ א ווייטעק מײַנע סאָנים. צו וואָס לאָמיר זיך דאָ נארנ, מאַלקע־טויבעניו? — נישקאָשע! איר פאַרשטייט? צו דעם וואָס לעבט אייביק האָב איך קיינ טײַ־נעס ניט. ניט צו פאַרזינדיקנ. האָב, געדאנקט איז זײַנ ליבער נאָמענ, וואָס אָנצוטונ. — מײַנ קאַסטנ קליידער האָט איר נאָך ניט געזענ? קומט, סערדצע, וועל איך אײַך ווײַזנ.

און טרײַנע־סאָסל נעמט זיך ווײַזנ איר גוטס, צעלייגט איר קרעמל: שטיוולעטלעך אפ קנעפּ־לעך, איינ קליידל, דאָס אנדערע געגייט נאָך דער לעצטער מאָדע מיט שליאַרקעלעך, א זײַדענע פעלערינקע אויסגענייט מיט גראנאטלעך, א קאָפּטעלע, א שאבעסדיקע בורנעם מיט קוטעסנ.

זי האלט זיך פּידבאָקעם און שמאָכט. מאַלקע־טויבע קוקט זיך צו, ווי א מייוונטע, צו איטלע־כער זאַך, טאַפּט און שאצט. דאָס פּענעמל לויכט איר, ווי זי שעפּט פיל נאַכעס פונ טרײַנע־סאָס־לענ, וואָס דער אייבערשטער האָט זי אזוי געבענטשט, מאַכט: אָך־אָך! פּאַרוואַרפנדיק מיט די אייגעלעך, אלצ — געלויבט איז האשעם־ייִסבאָרעך, געלויבט איז זײַנ ליבער נאָמענ! און ווינטשע־וועט, פאַרזיכערנדיק באַ איטלעכס מאָל טרײַנע־סאָסלענ, אז, ווי דאָס לעבנ, אזוי ליב און טײַער איז זי איר. זי האָט שוינ דאָס געזאָגט און זאָגט טאַקע:

— אפּאָנעם אפ דער גאנצער וועלט איז דעג נאָך דאָ אזא טרײַנע־סאָסיעניו? קיינ צאר! בײַדע שמעלצנ זיך און ווערנ ברייטער ווי לענגער פאַר גרויס פאַרגעניגנ.

לאָמיר דאָ איבערלאָזנ אפ א ווײַלע דעם מיילעכ מיט דער מאַלקע — דעם מיילעכ באַם שאַ־מעס, די מאַלקע אינ קיך — און זיך נעמענ צום בענ־מיילעכ.

אונדזער בענ־מיילעכ, הערשעלע, איז זיך געלעגנ אויסגעצויגנ, ווי באַם טאַטנ אינ ווײַנהויז, אפ א באַנק אינ קלײַזל. דאָרט איז פאַר אים געווענ נישקאָשע פונ אנ אָרט אפ אָנצושפּאַרנ דעם קאָפּ. די באַנק איז געווענ צוויי מאָל לאַנג ווי ער, אזוי, אז ער האָט געקענט אויסשטרעקנ די פיס גאנצ פרײַ, און אָנשטאָט א קישעלע צוקאָפּנס האָט אים זייער גוט געדינט דאָס פּערענטשע־לע. מוירע צו האָבנ נעכטיקנ דאָרט האָט ער ניט געהאַט וואָס, ווײַל ער איז ניט געווענ אליינ. מיט אים האָבנ געשלאָפנ אינ קלײַזל נאָך עטלעכע יידנ, באטלאָנים. אומעטיק איז דאָרט אויך ניט געווענ, מע האָט געשמועסט, דערציילט וווּנדערלעכע זאַכנ, גיט ערגערע פונ קאַפּצאַנסקער. גלופּסק, נישקאָשע, גייט אויך גאָרניט אָפּ. דאָרט זענענ אויך דאָ יידנ, אויך די אלע שיינע מײַסעס. דאָרט שטייט אויך פרײַ דער וועג צום הימל, און מע פאַרקריכט אפ אים טאַקע אויך קיינ בויבעריק... גלופּסק מיט בויבעריק איז ווי איינ שטאָט. אנטקעגנ א גוטע העלפט גלופּסקער יידנ זענענ בויבעריקער.

דאָכט זיך, גאָר קיין מײַסע ניט. אונדזערע פארשוינענע זענען, באַרכעאשעם, טאקע געוועזן פארזאָרגט, ניט פארזינדיקן, אלצדינג גוט. עס האָט נאָר געפעלט אביסל געזונט.

הערשעלע האָט פונעם ערשטן טאָג קומען קיין גלופּסק באקומען א קאטער, אביסל אונטערגעהוסט, דאָס קעלכל איז אים געווען צוגעלעגערט, הייזעריקלעך. פונדעסטוועגן, איז ער אופגעשטאנען צו די ערשטע סליכעס און אונטערגעהאלטן דעם טאטן. זײַן געלענקל איז, עמעס טאקע, געווען געדריפּעט, זײַן קוויטשעלע — געפּיַפּט, אויסלאָזנדיק זיך מיט א גרילצ, נאָר אָן סאקאָנעס. איין מאָל, איז אָן אים אויך געווען העלפערס, פיל פונעם אוילעם האָבן, ווי געווײנטלעך, אָפּגעענטפערט, זיך אָפּגערופן: „בים־באָם!"

אונטערבימקען יענעם זענען דאָ בא ייִדן זייער פיל באלאָנים, אויב „באָם" פאסט אָדער ניין — אלציינס, אבי זיך ארײַנגעמישט, אבי א שטימע, לאָז יענער ניט מיינען, ער ארבעט אליינ... און צווייטנס, איז א צוגעלעגערט קאָל עפּעס טאקע גאָר ווי געוווּנטשן צו סליכעס, עס פאסט צום אייסעק, מע פילט, אז ס׳איז סליכעס. אינדרויסן איז שטאָק פינצטער, נאכט. אומעטום שא — די גאנצע וועלט שלאָפט. נאָר ייִדן כאפּן זיך אראָפּ פון די געלעגערס, גענעצן, קנאקן אויס די ביינער, דער שלאָף ליגט זיי אפ דער ברוסט, עס טריקנט זיי אינ האלדז און זיי שטארקן זיך, לויפן פארשמאכט אינ שול ארײַן, גיסן דאָרט אויס זייער הארצ פאר דעם לעבעדיקן גאָט אינ הימל און קלאָגן זיך, נעבעך, פאר אים אפ א צעלעכצט־ברומענדיק־קרעכצנדיק קאָל, ווי א פארוואָגלט, אומגליקלעך, דערשלאָגן קינד קלאָגט זיך פאר דעם פאָטער אפ די צאָרעס, וועלכע ער איז אויסגעשטאנען, ארומבלאָנקענדיק זיך אפ דער וועלט.

דאָס צעלעכצטע, כריפּענדיק־פארשמאכטע קאָל — אָט דאָס ערשט רירט באמ הארצן, דרינגט טאקע ליגט ערשט דער בעריע, דאָס גאנצע געפיל פונ ראכמאָנעס... אז דאָס שלאָפע קינד, נעבעך, כאפּט זיך אופ פונ היצ באנאכט, שטרעקט אויס מיט א געבעט די הענטלעך צום פאָטער, קרעכצט, יאָמערט פאר ווייטעק אפ א טרוקנ־הייזעריקלעך קאָל, פארגייענדיק זיך אינ א הוסטעלע — כאפּט עס אָן בא דער לעבער, נעמט ער ארויס די נעשאָמע און שטעכט אינ דער זיבעטער ריפּ...

און דער האָן פונ קאפּאָרעס, אימ אז מע גיט אינדערמיט נאכט א טראָג פונ דער סידעלע — קומ צום „בניי־אָדעמ", און ער צאפּלט, קרעכצט אפ א פארדומפּט קאָל, רופט זיך דען זײַנ כריפּענדיק קאָל ניט אָפּ אינ הארצן? רײַסט דען זײַנ כאָרכלען ניט בא דער נעשאָמע?...

## דאָס זעקסטע קאפּיטל

ריבוינעשעלוילעם! וואָס ליגט אווינס אינ דײַנ הארטער באנק אינ בעסמעדרעש, אז דער, וואָס נעכטיקט אפ איר איבער א נאכט מיט דעם קולאק צוקאָפּנס, שטייט דעם אנדערן טאָג אופ עפּעס גאָר אנ אנדער מענטש, ווי נײַ געבוירנ?

שוינ יאנקעוו אָווינו, אז ער האָט אינ וועג, דענסטמאָל בא זײַנ אוועקלאָזנ זיך פונ דער היימ, אונטערגענעכטיקט אינ „יענעם אָרט" אפ א הארט געלעגער, צושפּארנדיק דעם קאָפּ אפ א שטיינ — האָט באלד באמ אופשטיינ אינ דער פרי געשפּירט: „איינ זע" — ניט אנדערש, „קי־אימ בייס עלויִמ" — דאָ איז א בעסמעדרעש, „וועזע שאר האשאָמאיִמ" — און דאָ איז א טויער צומ הימל. יאָ, טאקע צומ הימל. ליגנדיק אפּנ הארטנ געלעגער גאָר אינ דעם ערשטנ בעסמעדרעש, נאָכ אָנ ווענט, אָנ א דאכ, אָנ א הינטערוויווג, האָט ער שוינ דערזען ניט קראָקוי און לעמבערג אליינ, נאָר אויכ יענע וועלט — פײַערדיקע מאלאָכימ, וואָס האָבנ אימ אינ די אויגנ זיך געדרייט ארופ און אראָפּ עפּעס אפ א הויכ לייטערל פונ דער ערד ביז העט־העט אינ הימל ארײַנ — און יאנקעוו האָט דערפילט אינ זיכ א גרויסע פארענדערונג...

נאָכאמאָל, ריבוינעשעלוילעם! וואָס ליגט אווינס אינ דעם גאָלעס, אינ דעם נאָווענאד זײַנ אינ דער פרעמד, וואָס דײַנע קינדער ייִסראָעל, וועלכע עס האָבנ אזעלכס פונ דיר א מאטאָנע, זענען דורכדעמ אינ דער וועלט עפּעס גאָר אנדערע מינע מענטשן, האָבנ עפּעס גאָר אנ אנדער פּאָנעמ, אנ אנדער שטייגער לעבנ, אנ אנדער מאזל, אלצ מיטאנאנדער, עפּעס ניט לײַטנ גלײַכ?.. אינ דער צײַט, ווענ אנדערע זענען נאָכ גאָר ייִנגלעך, פריש לעבעדיק, מאכנ זיכ

נאַריש און האָבנ אינ זינענ אוילעמהאזע, די וועלט, איז דײַנס א ייִדעלע געעלטערט, געקנייטשט, אײַנגעהויקערט, פארזאָרגט און דערשלאָגנ. דאָס קעפעלע נאָר עס ארבעט: טראכט, טראַגט, פליט און אינ זינענ איז אימ נאָר טאכלעס־זאכנ, אזוינס, וואָס האָט עפּעס ווערט, א קיִעמ — אוילעמהאבע, יענע וועלט...

אונדזער הערשעלענ איז אינ די ערשטע פּאָר טעג פונעמ נאָווענאד זײַנ אינ דער פרעמד און פונ דעמ שלאָפנ אינ קלײַזל אפ דער הארטער באנק ניט צו דערקענענ געווענ, אזוי האָט ער זיכ געענדערט, איבערגעביטנ געוואָרנ אינגאנצנ. קיינ פרייִלעכע מינע האָט מענ פונ אימ ניט געזענ. ער איז געווענ אלצ עפּעס פארטראכט, גלײַכ ווי הימל און ערד זענענ אפ אימ געפאלנ. דאָס וואָרט „טאכלעס", וועלכעס ער האָט פונ די עלטערנ געהערט צו דער בארמיצווע, איז אימ טיפ אינ הארצ ארײַנ און אימ געעקבערט, געלעכערט דעמ קאָפּ: גוואלד, טאכלעס! וואָס וועט זײַנ דער טאכלעס? מע באדארפ טראכטנ, זאָרגנ ארומ דעמ טאכלעס. —

און הערשעלע האָט זיכ א געשמאקנ נעמ געטאָנ צו דער געמאָרע. דענ ווו אנדערש האָט ער געקענט, נאָכ זײַנ פארשטאנד דענסטמאָל, געפינענ דעמ טאכלעס, ווענ ניט אינ דער געמאָרע? אָט דאָ ליגט דאָס גאנצע גליק פאר א מענטשנ, דאָס בעסטע, וואָס ער קענ נאָר דערגרייכנ דאָ אינ דעמ לעבנ. בא א בלעטל געמאָרע מיט „טויספעס" לאָזט זיכ שוינ אויס אלע כאָכמעס, און אז גאָט העלפט נאָכ, מע טרעפט צו דעמ מעהראמ־שיפּס א קאשע, אָדער מע פארענטפערט דעמ מעהארשאָס א „וועיִעש לעיאשעוו" איז מענ שוינ א פארטיקער, א פארזאָרגטער מענטש, מע קאָנ שוינ גליקלעכ אָפּלעבנ זײַנ וועלט, אינ אוישער, אינ קאָוועד. א קאטאָוועס עפּעס א לאמדנ! „מי לאָנו גאָדל" — ווער איז אינ דער גאנצער וועלט גרעסער, שטארקער און האָט די גאנצע דייע מער פונ א ייִדנ א ווויל־לערנער, א ראָוו און א דײַענ? וועלט האָט דענסטמאָל בא הערשעלענ געהייסנ — ייִדנ, ווײַטער גאָרניט! עס זענענ דאָ אפילע עפּעס נאָכ אנדערע אויכ, נאָר דאָס זענענ גלאט אזוי זיכ „אומעס האָוילעמ", און וואָס גייענ זיי וועמענ אָנ? וואָס קענענ זיי, וואָס ווייסנ זיי, מישטיינסגעזאָגט! אז אינ קיינ כיידער, ווי ייִדישע קינדער, גייט מענ ניט, דאָס וואָס בא אונדז, פארשטייט מענ ניט, הײַנט וואָס־זשע?..

הערשעלע האָט פונ דער שאפע ספאָרימ אינ קלײַזל ארויסגענומענ א געמאָרע „באָווע־קאמע" און זיכ געזעצט לערנענ „שויר שענאָגעכ עס האפאָרע" — ווי רוואָנס אָקס האָט געשטויסנ שימענס קו, הויכ אפ א קאָל מיט א ניגנ, שטארק שאָקלענדיק זיכ, און ווו מע באדארפ דעמ קוועטש, א מאכ געבנדיק מיטנ גראָבנ פינגער.

הערשעלעס קעפל האָט שטארק געארבעט, געפלויגנ אינדערלופטנ. עס האָט זיכ פאר אימ געקייטלט איינ זאכ אינ דער אנדערער און ס'איז מיטאמאָל אויסגעוואקסנ א גאנצער לייטער, אפ וועלכנ עס האָבנ זיכ געדרייט ארופ און אראָפּ א „ריישע", א „סייפע", א „מעציִוסע" אינ דער געשטאלט פונ בייזע ווײַבער, וואָס קאָנענ צווישנ זיכ ניט אויסקומענ, און אפנ שפּיצ — דער „טאנע קאמע" דער גרויסער פּאָרעצ. הערשעלע ווארפט זיכ אינ אלע זײַטנ, פארפליט ווײַטלעכ, עס כאפּט אימ אזש אָנ א שווינדל, עס פארדרייט זיכ אימ דער קאָפּ, אָט־אָט רײַסט זיכ איבער די לעצטע האָר, אינ וועלכער ער האלט זיכ אָנ — און פלוצימ גיט עס מיט אימ א טראָג צוריק טאקע צו רוואָנס אָקס און שימענס קו. הא־הא, דאָס קעפל איז אימ ווידער אפנ אָרט, ער צעשאָקלט זיכ און לערנט מיט כיישעק...

מע מוז פריִער איבערנעכטיקנ א היפּש ביסל נעכט אינ בעסמעדרעש אפ דער באנק, הארט ווי א שטיינ, ביכדיי צו דערגרייכנ דעמ סאָד פונ אזא לייטער, צו פילנ דעמ טאמ דערפונ און רעכט ווי געהעריק צו פארשטיינ, אז דאָס אלצדינג איז ניט גלאט אזוי זיכ עפּעס זאכנ, אז רוואָנס אָקס און שימענס קו זײַנענ ניט מעגושעמ־גראָב, פּאָשעטע קי, וואָס נעמ און מעלק זיי אויס. ניינ! זיי שטעלנ זיכ פאָר גאָר אנדערש, עפּעס ווי דער אָקס, דער ווידער, דער צוויילינגל און די בסולע דאָרט אינ די צוועלפ מאזאָלעס...

אונדזער הערשעלע האָט געלערנט מיט א ברענ, ווי ער האָט נאָכ קיינמאָל אינ זײַנ לעבנ אזוי ניט געלערנט, און דאָס האָט אימ געגעבנ צו כיינ און צו לײַטזעליקײַט אינ די אויגנ פונ מענטשנ אינ דעמ קלײַזל. א וויל ייִנגעלע, — האָט מענ געזאָגט, ער באגערט לערנענ!

דער טאטע האָט זיכ גאָר געשמאָלצנ און דערציילט דעמ זונס גרויסע מײַלעס אינ א ברייטלעכנ שמועס מיט מענטשנ וועגנ אימ.

— עט, — האָט ער געמאכט, — וואָס ווייסט איר, וואָס מייַנער איז! די קאפּצאנסקער מעלאַמדים קענענ זיכ ניט זאט אָפּלויבּנ זייַנ גוט קעפּל, זייַנ טפּיסע. בּא צוועלפ יאָר — וועט איר גלייבּנ? — האָט זיכ בּא זיי אויסגעלאָזט טוירע פאר אימ. אפ זייַנע קאשעס איז בּא זיי ניט געווענ קיינ טערוצימ. דער טערעצ איז געווענ א צוויי הייסע פּעטש, א קניפּ, א טראכ אינ דער בּאק, בּעקיוונ טאקע, פארשטייט איר מיכ, בּיכדיי ער זאָל בּא זיכ זייַנ געפאלנ, ניט מיינענ, אז ער איז עפּעס, אויכ א מענטש! בּעעמעס, מייַנע ליבּע ייִדנ, איז טאקע אזוי, א ייִנגל טאָר ניט האָבּנ זייַנ סייכל; ווי אנ עלטערער זאָגט, אזוי בּאדארפ זייַנ. א ייִנגל בּאדארפ וויסנ, זאָגט אנ עלטערער — טאָג, כאָטש עס מעג זיכ זייַנ נאכט, איז טאָג, גאָר אָנ קאשעס. עלע ניט, איז בּיטער. הייַנט פרעגט ער אזא קאשע, און מאָרגנ וועט ער שוינ פרעגנ גאָר טע־טע־טע! עס וועט אימ שוינ ניט געפעלנ, פארשטייט איר מיכ, דאָס, יענצ, אסאכ זאכנ... איכ זאָג עס אנטקעגנ דעמ, אז טאטעס בּאדארפנ עס וויסנ. אונזערע עלטערנ פארצייַטנ האָבּנ עס פארשטאנענ בּעסער פונ די הייַנטיקע, דעריבּער טאקע איז געווענ, אז גוט און וויל. מיילע, ווי די מייַסע איז, פּעטש אהער, פּעטש אהינ, מייַנער איז דערווייַל ארויס פונעמ כיידער און האָט אָנגעהויבּנ אונטער מייַנ האשגאָכע צו לערנענ בּא אונדז אינ בּעסמעדרעש אליינ פאר זיכ. עס פארשטייט זיכ, איכ ווייַז אימ אמאָל אונטער. ווי איר קוקט אימ אָנ־אָ, קענ ער שוינ, אָט־אָ דער שנעק, גאנצ בּייצע, קידושינ, קסובּעס און נידע!...

אזוי האָט געוויינטלעכ דער טאטע אויסגעלאָזט דעמ שמועס מיט א שייַנענדיק פּאָנעמ, אָנווייַזנדיק פונדערווייַטנס מיט א פינגער אפּנ זונ, און געטראכט בּעשאס מייַסע בּא זיכ: הא? עפּשער וויל גאָט גאָר א שידעכ... דערפונ זאָל זיכ אויספּיקנ א קאלע — טא!..

# דאָס זיבּעטע קאפּיטל

צו דערציילנ דאָ, ווי לייזער־יאנקל האָט ראָשעשאָנע שטארק געארבּעט אינ דאווענענ, וואָלט געווענ א שטיקל אומרעכט אנטקעגנ דעמ איבּעריקנ עולעמ פונעמ קלויַזל, ווייַל דער עולעמ ייִדנ האָט פונ זייַנ זייַט אויכ געארבּעט, געשריִענ מיט אימ אינאיינעמ. לייזער־יאנקל איז, עמעס, טאקע געווענ דער שאָליעכ־ציבּער, דאָס הייסט, דער דעפּוטאט, אויסגעקליבּנ פונ קאָהאָל צו דעמ רייבּוינעשעלוילעמ; נאָר ייִדישע קינדער אָבּער האָבּנ ליבּ אומעטומ זיכ אריַינצומישנ, און ווענ זייער דעפּוטאט זאָל אפילע זייַנ מיט הערנער, אנ אנטיק אינ דער וועלט, דאָכ, קוימ לאָז ער עפּענענ א מויל זיכ עפּעס אָנצורופנ, פאלנ זיי אימ אריַינ אינדערמיט איטלעכער מיט זייַנ צינגל אפ זייַנ שטייגער, טראכטנדיק אינ הארצנ: יענער מעג זיכ זייַנ דאָרט וואָס ער איז, פארשטיי איכ נאָכ, נישקאָשע, א זאכ עפּשער אזוי גוט ווי ער. יענער מעג זיכ הייסנ מייַנ מענטש, האָבּנ פונ מיר א „קויעכ הארשאָע", פונדעסטוועגנ קוקנ אימ אינ מויל אריַינ צופיל טאָר מענ ניט, מע מוז אימ אמאָל ווייַזנ און ארויס מיט א וואָרט. קלאָמפּערשט הייסט עס, יענער איז דער אדוואָקאַט, דער שטאדלענ, מע פארלאָזט זיכ אינגאנצנ אפ אימ, פונדעסטוועגנ אליינ מוז מענ אויכ עפּעס טונ, זיכ קלאָגנ אויבּנ, אינ סענאט פאר דעמ אייבּערשטנ און אָנבּעטנ הינטנ־ארומ אויכ די גרויסע סאָרימ פּאצפּאציע אוכדוימע דאָס גאנצע פּעקל סטראפּטשעס, סעקרעטארנ מיט זייערע פאקטוירימ אינ „בּעסדינ שעל מייַלע" דאָרט.

און די קינדער ייִסראָעל ארבּעטנ, לאָזנ זיכ הערנ אפ קוילעס בּיז דעמ זיבּעטנ הימל. ס'איז א ליארעמ, א געפּילדער, א גוואלד, אז טאקע איינ גאָט נאָר קענ פארשטיינ, וואָס זייַנע ייִדעלעכ ווילנ, וואָס זיי בּעטנ און שרייַענ.

דער עולעמ האָט גוט געשריגנ, לייזער־יאנקל אָבּער האָט זיי אריבּערגעשריגנ, פּאָרט טאקע אויסגעפּירט זייַנס — אָפּגעשפּילט דעמ „מעלעכ עליענ" מיט א מארש, לעבּעדיק, קנאקנדיק, און הערשעלענ איז אויכ עטלעכע מאָל געראָטנ צו טונ א קוויטש, אזוי אז עס האָט געהילכט.

אָט אזוי איז אָפּגעלאָפנ דאָס דאווענענ דעמ ערשטנ טאָג ראָשעשאָנע. לייזער־יאנקל, הייסט עס, איז געווענ פונויבּנ, ער האָט אייַנגענומענ. דעמ אנדערנ טאָג אָבּער האָט שוינ גויווער געווענ טאקע דער עולעמ. עס האָט זיכ געראשט און גערוישט בּאמ זאָגנ די שטיקלעכ פּאיעט מיט די פּילעס, ווי עס רוישט זיכ דער וואלד בּעשאס א שטורעמווינט, אפ אלערליי טרויערדיקע

קוילעס. עס האָבן געשריגן העלדזער, געזיפֿצט, געקרעכצט הערצער, העגט האָבן געפּאַטשט, פֿינגער געקנאַקט און קעפּ, האַלב־איבערגעדעקטע און אינגאַנצן ביז דעם בויך איבערגעדעקטע מיט טאַלייסים, האָבן זיך געוואָרפֿן אין אַלע זייַטן, געשאָקלט אַרויף און אַראָפּ.

ענג איז געווען אין קלייַזל, אַ שפּילקע־קעפּל אַהין ניט אַרייַנצוּוואַרפֿן. הייס, אַ שרעק! לייזער־יאַנקל איז אָפּגעגאַנגען מיט שווייס, און כאַפּנדיק אַ בלאָז פֿון אַ צוג־ווינטל, האָט ער פֿאַרלוירן דאָס קאָל, איז געבליבן ווי דערוואָרגן, נעבעך. גערעטעוועט האָט אים נאָר דאָס איינציקע מיטל, וואָס ער האָט: ווו ס׳איז אויסגעקומען צו זאָגן מיטן מויל עפּעס אַ רירנדיק שטיקל, — זיך געשמאַק צעוויינט, געגאָסן טייַכן טרערן, אָפּכאַפּנדיק דערווייַל די ווערטער אונטער דער נאָז — און דאָס איז איטלעכן שטאַרק געפֿעלן.

אַף וויינען איז לייזער־יאַנקל געווען איין מייַסטער אין דער וועלט. ער האָט געוויינט עפּעס מעכייַעדיק־געשמאַק: דאָס האָט אים פֿאַרשאַפֿט אַ נאָמען אין אונדזער ווינקל און ער האָט געהייסן „דער קאַפּצאַנסקער באַל־בעכי“. אַנדערע האָבן אים דרינען פֿאַרגליכן צו דעם באַרימטן ליטווישן כאַזן „די קלאָגמוטער“. יענער, אַזוי שמועסט פֿון אים די וועלט, האָט אין זייַן צייַט געוויינט עפּעס געטלעך באַטאַמט: אַלץ מאַמע, מאַמע! גאַנץ ייִדישלעך, מיט דעם זיבעטן כיין.

הערשעלע האָט, אַף דעם טאַטנס קוקנדיק, זיך אויך צעוויינט און דערפֿון טאַקע באַ זיך אין האַרצן זייער האַנאָע געהאַט. מע באַדאַרף וויסן, וואָס הייסט אַזוינס באַ אַ ייִנגל וויינען ראָשעשאָנע און יאָנקיפּער אין שול, אַז אַלע זאָלן זען. דערצו טוען ייִנגלעך שאַרפֿע מיטל — שמעקן, נעבעך, טאַבעקע, קנייַפּן זיך שטילערהייט, רייַבן די אויגן — און אונדזער הערשעלע איז דאָס מאָל אַזוי גליקלעך געווען צו וויינען גאָר אָן אַלע יענע זאַכן! דעריבער איז אים עפּעס גוט געווען אַפֿן האַרצן פֿון זייַנע טרערן, ער האָט געקוקט אַף זיך עפּעס מיט גרויס דערכערעץ, זיך אומגעקוקט, אויב מע זעט ווי ער וויינט און עס גייען ניט פֿאַרלוירן זייַנע טרערן, דערבייַ טאַקע אַלץ געטאַפּט הינטערווייַלעכס די באַקן, אויב זיי זענען גוט נאַס.

אַ פּאָר טעג נאָך ראָשעשאָנע איז מאַלקע־טויבע אַוועקגעפֿאָרן אַהיים, מיטפֿירנדיק מיט זיך גאַנצע זעק פֿעדערן, וואָס זי האָט אין עטלעכע געהויבענע ערטער אָנגענומען איבער דעם ווינטער עס אויסצופּליקן. אויך פּאָדעמ אַ היפּש פּעקל אַף זאָקן אויסצואַרבעטן און דערצו נאָך אַביסל סכוירע אין גלייַכן געלט: זייף, קראָכמעל, ציץ אַף קליידלעך מיט רויטע גרויסע קווייטן, עפּעס גאָר אַ מיִעסע מעציִע, און די באַרימטע גלופּסקער שוועבעלעך, וואָס ווערן אַף דעם פֿייַער אַפֿילע ניט פֿאַרברענט און מעגן זייַן אַ גוט מיטל צו לעשן מיט זיי סרייפֿעס.

אַוועקגעפֿאָרן איז זי עפּעס בייז, פֿול מיט פֿאַרדראָס. זי איז באַרויגעז געווען, שטאַרק אָנגעלאָדן געווען אַף טרייַנע־סאָסלען, מיט וועלכער זי האָט נאָך דעם גרויסן גוט־לעבן זיך מיִעס צעווערטלט און פֿון דער שטאַרקער ליבשאַפֿט האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייַך.

נייַן מאָס רייד קלעקט פֿאַר צוויי ווייַבער ניט מער ווי אַף אַ פּאָר טעג. ביזוואַנען ס׳איז נאָך געווען פֿון וועמען צו רעדן, האָט דער צונג געקלאַפּט, געמאָלן. קוים אָבער האָט זיך אויסגעלאָזט רייד, האָבן זיי אָנגעהויבן איינע צו דער אַנדערער זיך צוקוקן, איינע אין דער אַנדערער אויסזוכן פֿעלער, און זיך געבלאָזן.

מאַלקע־טויבען איז ניט געפֿעלן דער אייַנגייער, וואָס קומט אַלץ צו טרייַנע־סאָסלען, מאַכנדיק מיט איר קוצעניו־מוצעניו, און נאָך ווען? אין אַזעלכע טעג, וואָס אַ פֿיש אין וואַסער ציטערט. הייַנט איז איר אויך ניט געפֿעלן, וואָס דאָס טיכל אַפֿן קאָפּ איז איר אַרופֿגערוקט, אַזוי, אַז עס קוקט אַרויס האָר; וואָס הינטערן קליידל רוקט זי אַרונטער עפּעס אַ באַרג מיט שמאַטעס, מיט רייפֿן, ביכדיי עס זאָל אויסקומען, מעכילע, דיקער, גרעבער. זי האָט איר מיקויעכ יענץ געגעבן אָנצוהערעניש: עפּעס ניט ווי באַ אַ ייִדישער טאָכטער, אויך עטלעכע מאָל אַליין מיט אירע קאָשערע הענט גענומען און אַראָפּגעלאָזט איר נידעריקער אַפֿן שטערן דאָס טיכל, אַ טאַפּ געטאָן איר פֿונונטן דאָס קליידל, געמאַכט דערנאָך פֿון די ביידע פֿאָרנט־צו אויסגעשטרעקטע הענט אַ קייַלעכדיקן בייגל, געשאָקלט דערבייַ מיטן קאָפּ, אויסציִענדיק די ליפּעלעך עפּעס מיט אַ מעשונע זויער קרימעלע, גלייַך ווי גערעדט: אָ־אָ, האָסטו עס אַ באָמבע, באַהיט זאָל מען ווערן!

טרייַנע סאָסלען ווידער האָט ניט געטויגט צו דער זאַך אַ פֿרעמד אויג, האָבן נעבן זיך אַ רעבעצן. איר איז אויך גרויס געווען אין די אויגן מאַלקע־טויבעס עסן, ווי זי פּאַקט, עסט פֿאַר צען און קען ניט כאַפּן די זעט, עפּעס גאָר אַ היישעריק! אין דעם פּסאַק, וועלכן זי האָט איינ־

מאָל געכאַפּט פון דער באַלעבאָסטע, האָט זי זיך באַשולדיקט מאַלקע־טויבען — דאָס האָט זי איר צוגעשטעלט אַ הינטער־פּיסעלע, דאָס איז טאַקע נאָר איר מעלאָכע.

מאַלקע־טויבע האָט טאַקע אַ פּאָר מאָל זיך געשושקעט עפּעס מיט דער באַלעבאָסטע, געגלאָצט מיט די אייגעלעך, מאַכנדיק אַ פאַרפּרומט פּענעמל און אַלץ געשפּיגן, געשנײַצט די נאָז. און אַז טרײַנע־סאָסל איז דערויף אָנגעקומען, איז דער שמועס איבערגעהאַקט געוואָרן. מאַלקע־טויבע האָט, רויט וואַרנדיק ווי אַ צוויק, זיך געקראַצט, געדרייט, געמאַכט מיט די אַקסלען און געבליבן דערנאָך שטיין מיט אַ קרומען רוקן, אײַנגעהויקערט ווי אַ קאַץ, אונטערשפּאַרנדיק די באַק מיט אַ פינגער...

אַקלאַל, די פריִערדיקע בײדע כאַווערטעס, וואָס זענען געווען דאָס לעבן מיט דער נעשאָמע, האָבן זיך געבלאָזן, איינע דער אַנדערער געגעבן אָנצוהערעניש מיט שטעכווערטלעך. די — יענער אַ פּיק, יענע — דער אַ פּיק, ביז זיי זענען לעסאָף אַרויס מיט די געשליפענע צינגלעך און האָבן זיך גוט צעקריגט.

און מאַלקע־טויבע, שטאַרק אופגעבראַכט אַף טרײַנע־סאָסלען, האָט באַם אוועקפאָרן אויסגעזאָגט לאָזט איר קאַס צו דער גאַנצער וועלט און צו איטלעכן באַזונדער: צו דעם באַלעגאָלע, פאַרוואָס אַ צען גראָשן מער ווי באַ אַנדערע נעמט ער, נישקאָשע, באַ איר, און זעצן — זאָל אים אַרויסזעצן די נעשאָמע! — זעצט ער זי אַראָפּ אונטן, צווישן די אַנטקעגנדיקע פאַרשוינען; צו דעם מעקלער, וואָס האָט באַ איר געמאָנט אַ דרײַער פאַר זײַן טירכע, רופנדיק זי מומע; צו דער קו, וואָס איז אונטערגעקומען אַף דער גאַס צום וואָגן גאַנץ היימיש, ווי אַן אייגענע, אָן גרויסע צערעמאָניעס, זיך אַרײַנגעשטעקט די מאָרדע אונטער איר געזעס און אַרויסגעשלעפּט אַ פול מויל שטרוי, ניט געמיינט, כאָלילע, עמעצן דערמיט צו באַליידיקן, נאָר גלאַט אַזוי, ווי דער שטייגער אירער איז שטענדיק, כאַפּן אַ לעק פון די וואָגנס; אויך צו דעם יונגגמאַנטשיק, לעהאוודל, וואָס דרייענדיק דאָס שטעקעלע אַף זײַן שטייגער באַם גיין אַף דער גאַס, האָט ער, שטופּנדיק זיך האַרט באַם וואָגן, מיטן סקיפּקעלע איר דערלאַנגט אַ זעץ אין פּאָנעם, שיר אַן אויג איר ניט אַרויסגענומען, עס פאַרשטייט זיך, אומגערן, ניט געמיינט, כאָלילע, קיין שלעכטס. אַקלאַל, זי האָט זיך געוואָרפן, אומזיסט־אומנישט אויסגעלאָזט איר צאָרן צו דעם, צו יענעם און צו גאַנץ גלופּסק, וואָס האָט געמעגט פון אירעטוועגן אײַנגעזונקען ווערן, גלײַך ווי די אַלע, נעבעך, זײַנען שולדיק דערין, וואָס טרײַנע־סאָסל איז אַ היצלעכע, אַ שלאַק פון זײַן ליבן נאָמען.

דער באַלעגאָלע האָט זיך געגומען מעכילע בעטן זײַנע געפייגערטע פערד, וואָס באַם מעקלער, דעם באַלעגאָלישן שאַדכען — אַ בעריע אַף צו פאַרגרעסערן, ווי געוויינטלעך אַלע אַנדערע שאַדכאָנים — הייסן אַזעלכע — לייבן, אָדלער, און די נעווײלעס האָבן נאָך אַ צענדלינג בײַטשן זיך געקוועטשט, מאַטריִעך געווען די אַלטע ביינער זיך צו רירן פונעם אָרט, אַרויסשטעקנדיק די צינגלעך און אונטערשמײַסנדיק זיך מיט די אויסגעקראָכענע דינע וויידעלעך.

מאַלקע־טויבע האָט נאָך דעם צענטן מאָל געזעגענען זיך אויסגעשטרעקט די האַנט פונעם וואָגן און נאָכגעשריגן דעם מאַן איבער דער גאַנצער גאַס הויך אַף אַ קאָל:

— לייזער־יאַנקל! לעמאַנעשעם, פאַרגעס ניט מיקויעך יענץ!... ברענג אהיים עטלעכע פּעקלעך ציקאָריע! לייזער־יאַנקל, לעמאַנעשעם, שוויצן! טרינק אויס עטלעכע גלעזלעך טרוקענע מאַלענעס! הערשעלע! דעם טאַטנס שטיקל פּיי ליגט אײַנגעבונדן מיט דעם וועג־היטל! געדענק־זשע, שוויצן!..

## דאָס אַכטע קאַפּיטל

נאָכדעם אַז הערשעלע האָט אַרויסבאַגלייט די מאַמע, איז ער געגאַנגען ווידער אין זײַן רו אַרײַן, אַהין אין קלויז, ווו ער איז שוין געווען אַביסל היימיש. עס האָבן אים אַהין געצויגן ווי אַ מאַגנעט צוויי מענטשן דאָרט — איינער אַ גרײַז־גרויער ייִד, רעב אַוראָם מעקאַבל, און דער אַנדערער — מוישעלע, אַן אָרעם באָכערל, מיט אים קימאַט אין איינע יאָרן.

רעב אַוראָם איז געווען פון די געהויבענע מעקאַבלים, וואָס רעכענען זיך באַ ייִדן צום קאַפּיטל קליי־קוידעש און שטייען אַף דער צווייטער שטופע נאָך די דײַאָנים. דער טיטל זייערער איז, געוויינטלעך: שיינע ייִדן. דעם גרעסטן טייל טאָג איז ער געזעסן אין קלויז איבער אַ סייפער, און געגעכטיקט האָט ער באַ זיך אינדערהיים. ער איז געווען זייער אָנגעזען באַ די אַלע

באַלעבאַטים אין קלייזל, פון וועלכע דער גרעסטער טייל האָבן נאָך באַלעבעסלווייז, באַלד נאָך זייער כאַסענע, אים דאָ געטראָפן אַזוי דינען גאָט און זענען מיט אים דעריבער שטאַרק געווינט געוואָרן. אָן אים, וואָלט, דאַכט זיך, דאָס קלייזל קיין קלייזל ניט געווען, עס וואָלט עפּעס גע־פעלט. רעב אוורהאָם האָט געהאַט אײַנגאַנג אין פיל לײַטישע הײַזער און זיך געריבן אַרום נעגי־דים, צו וועלכע ער פלעגט אַמאָל אַרײַנקומען אַ שאַבעס־צו־נאַכטס אָפּ אַ גלעזל פונש, מאַכן מיט זיי עפּעס אַ שמועס, נעמענדיק דערבײַ אַ גוטן ציגאַר־טיטון, און וועלכע עס פלעגן אים אַמאָל אויסהערן וועגן אַ שידעך.

דער נאָמען שיינער ייִד האָט אים בעעמעס טאַקע געפּאַסט. אויף זײַן קאַפּאָטע האָט זיך ניט געפונען קיין שפּרענקעלע, שטענדיק ריין, גאַנץ, אָן אַ ריס, אָן אַ טרען; אין דער קעשענע אַ נאָז־טיכל; קיינמאָל ניט געשפּיגן, ניט געשנײַצט די נאָז פרײַ אַנטקעגן מענטשן אין פּאָנעם אַרײַן און ניט געווישט זי מיט דעם אַרבל אָדער אַן עק פּאָלע, ווי אַנדערע; זײַן שוואַרצע, סאַמעטענע יאַר־מעלקע איז געווען פריש, פײַן, אָן פעדערן, ניט פאַרשמאַלצעוועט דיק מיט פעטע מיִעסע פלעקן, אַ איפּעש פון פאַרטריקנטן שווייס; דאָס פּאָנעם לויטער, מיט אַ מיטעלער באָרד, ריין, ווײַס, ווי אויסגעפּאַלענער שניי; די געדיכטע גרויע וואָנצעס ניט אָפּגעשאָטן מיט טאַבעקע פון אַ מיסע־משונע־קאָליר, און אויף די ליפּן שטענדיק אַ גוט שמייכעלע.

רעב אוורהאָם איז שטענדיק געווען אויפגערוימט, מיט אַ פרייליכער מינע, און אַז ער האָט געטאָן אַמאָל אַ זיפץ, איז דאָס ניט געווען פאַר זאָרג און יעסורים, נאָר גלאַט אַזוי זיך אַ ייִדיש זיפצעלע, ווי דער שטייגער איז באַם עפענען אַ סייפער, אָדער מאַכן אַ בראָכע, נעמענדיק אין האַנט אַ גלעזעלע ווײַן, אויך באַם שטעלן זיך דאַווענען. זיצנדיק אין קלייזל באַם טיש איבער אַ סייפער, פלעגט ער געוויינטלעך ליב האָבן שמועסן מיט מענטשן, הערן וואָס דער, וואָס יענער דערציילט כאַדאָשעס און אַליין טאַקע עפּעס אויך דערציילן. באַם רעדן פלעגט ער גלעטן מיט דער האַנט דעם שטערן, אויך אונטערהייבן אַ קאַפּעלע די יאַרמעלקע, פאָכנדיק פאַמעלעכן מיט איר אָפּן קאָפּ. אים האָט ניט אויסגעמאַכט דערוואַקסענע מענטשן, אָדער יונגעלײַט, באָכערימלעך — ער האָט גערעדט גערן מיט אַלע גלײַך, גענומען צום האַרצן איטלעכנס אַ זאַך און ניט אַוועק־געמאַכט קיינעם מיט דער האַנט. ייִנגלעך זענען אויך מענטשן. דאָס וואָרט „שקאָצ", וואָס ער פלעגט עס זאָגן אַמאָל מיט אַ שמייכעלע איינעם אַ יונגנמאַן, האָט עס געהייסן באַ אים אַ סימען פון ליבשאַפט, אַז ער האַלט פון יענעם זייער שטאַרק.

רעב אוורהאָם האָט באַלד פונעם ערשטן טאָג זיך צוגעקוקט פונדערווײַטנס צו הערשעלען, ווי ער פירט זיך גוט אויף, און געטראַכט באַ זיך: אַ ווויל קינד אונדזער לייזער־יאַנקלס, מע באַ־דאַרף אים מעקאַרעוו זײַן.

אַז הערשעלע איז איינמאָל פאַרטיפט געווען אין דעם לערנען, אונטערשפּאַרנדיק דעם קאָפּ מיט ביידע הענט אָפּן שטענדער, האָט רעב אוורהאָם, פאַרבײַגייענדיק נעבן אים, זיך אָפּגעשטעלט, אַרײַנגעקוקט פון דער זײַט צו אים אין דער געמאָרע, אים אַזוי זיך פון אויבנאויף אַ פּרוּוו געטאָן, אַ פרעג געגעבן, וואָס באַוואָרנט ראַשע דאָ מיט זײַן „קלוימער", וואָס דער טאַנע לאָזט מיך דאָ הערן? און ווו ליגט דאָ דער רעכטער קוועטש?..

רעב אוורהאָם אַליין האָט ניט געהאַט קיין שפּיצעכדיקן קאָפּ אויפצוטון שאַרפע פּשעטלעך, ער איז געווען נאָר אַ באַלעבאַטישער לאַמדן. זײַן איקער לערנען איז געווען מוסער־ספאָרים, איין יאַנקעוו און מעדרעש, ווו עס געפינען זיך וווּנדערלעכע מײַסעס, ווערטלעך, מעשאָלים, שיינע אײַנפאַלן. אויך האָט ער געזופּט „זויהער", ווי וואַסער, אָפּצופּרישן זיך נאָר מיט די ווערטער אַליין, ניט אָפּצושטעלן זיך לאַנג איבער אַ האַרב וואָרט, צו טרעפן דעם רעכטן טײַטש. צײַטנווײַז פלעג אים עפּעס געבן אַ ברי — און ער האָט זיך גענומען זופּן „זויהער" געשמאַק, מיט כיישעק, די אויגן האָבן אים געפלאַקערט, דאָס פּאָנעם געפלאַמט, ווי באַ אַ פאַרליבטן. דאָס פלעגט זיך מיט אים מאַכן געוויינטלעך באַ יענע שטעלן דאָרט, ווו גאָט שפּאַצירט אין גאַניידן מיט די צאַ־דיקים, די ביימער שמעקן, גיבן פון זיך אַרויס זיסע רייכעס פון די בסאָמים; קיטעס, קיטעס פון מאַלאָכים שפּרינגען קדושע, לויבן, רימען, באַשײַנען זײַן הייליקן נאָמען און זאָגן שירע; ווו די „שכינע" צעגיסט זיך אין הייסע, הייליקע געפילן, בענקט, קרעכצט, ברומענדיק ווי אַ טויב פאַר גרויס ליבשאַפט צו דער קנעסעס־ייִסראָעל. אַמאָל קלאָגט זי, וויינט אויף זיך ווי אויך אויף איר גע־ליבט פאָלק, וואָס איז, נעבעך, אַזוי פאַרוואָגלט, פאַרשוואַרצט אין גאָלעס, און אַמאָל טרייסט זי

אים, איר טײַערן זיסן געליבטן, נעמט אײַן מיט זיסע רייד און גוטע האָפענונגען אפּ שפּעטער, נישקאָשע, זיי וועלן זיך נאָך אימירצעשעם צוגויפגיין — און דענסטמאָל וועט זײַן אזא לעבן, וואָס די וועלט האָט עס נאָך ניט געהאַט...

דער זויהער — דאָס איז א סינײַ, א פײַערשפּײַענדיקער בארג פון הייליקער, ריינער ליבשאפט, דאָרט זענען זיך מעשאדעך די ערד מיט דעם הימל, מאלאָכים, סראָפים מישן זיך אויס איינײנעם מיט מענטשן און גיבן, קושנדיק זיך, איינער דעם אנדערן געטלעכע געפילן; דאָס איז א פײַער־דיקער זײַל פון ליבע, וואָס האָט צום ערשטן מאָל א שײַן געגעבן פאר יידישע קינדער אין די מיטעלע יאָרהונדערטן, ווען ארום זיי איז געווען שטאָק־פינצטער, ווען פײַנטשאפט, ווילדע אכזאָ־ריעס, פארבלענדטקײַט האָבן זיי אָנגעטאָן געבערענטע, געבראָטענע לייד און פארגיפטעט זיי, נעבעך דאָס לעבן, — דאָס איז דער ערשטער יידישער ראָמאן, דער „שיר האשירים״ דער ראָמאן פון אלע ראָמאנען...

רעב אווראָמ איז זײַן אין זײַן גראד געווען, ווי רופט מען עס עפּעס, א פּאָעט. עס האָט אים עפּעס געצויגן צו „האגאדעטעס״, צו די וואונדערלעכע שיינע זאכן אין דעם זויהער און איז אפּ זײַן שטייגער געווען פארליבט. די געמאָרע, אנטקעגן, איז פאר אים געווען א טרוקענע זאך, וואָס דערנערט דעם סייכל און קוויקט ניט דאָס הארץ. ער האָט דעריבער דאָס לערנען זי געהאלטן נאָר פאר א מוז, און געלערנט אפּ אזויפיל נאָר, וויפל אים איז עס נייטיק געווען צום אייסעק: אין די נײַן טעג, אשטייגער, צו מאכן א סיִעם, ביכדיי די באלעבאטים זײַנע זאָלן מעגן עסן פליישיקס, ערעוו פייסעך — א סיִעם פאר זײַנע באקאנטע בכוירים, זיי זאָלן דעם טאָג ניט פאסטן און א פּיירעק מישנײַעס אלע טאָג מיט א ראבאָנעמ־קאדעש פאר א מעס, וואָס דערוף האָבן אים דאָך די יאָרשים געדונגען א גאנץ יאָר. פונדעסטוועגן איז אים די געמאָרע געווען הייליק און האָט שטארק האנאָע געהאט, אז יענע לערנען.

אז הערשעלע האָט געלערנט, איז עס בא אים געווען זייער אָנגעלייגט, מאכטייסע — שיין, גאנץ פײַן, און ווען ער האָט פארבײַגייענדיק הערשעלען א פרעג געטאָן, וואָס ראשע באוואָרנט מיט דעם קלוימער, איז דאָס געווען גלאט אן אויסרייד, ווײַל אזוי האָט עס אים געפאסט, ניט געמיינט גאָר ארײַנצולאָזן זיך דאָ מיט אים טיפלעך אין א פילפל. אבי הערשעלע האָט עפּעס געענטפערט, זיך געדרייט מיט דעם קעפל, מאכנדיק דערבײַ מיט א פינגער, איז עס פאר אים שוין געווען גאנץ גענוג — א סימען, אז הערשעלע איז א גוט ייִנגל, אן ערלעך קינד — און ער האָט אים דערפאר שוין טאקע ליב באקומען.

מוישעלע — א שווארצשײַנעוודיקער מיט פרישטשיקלעך אפן ברייט־פלאטשיקן פּאָנעם, איז גע־ווען א שטיל ייִנגל, א שלאָפס, פון אָרעמע עלטערן, ערלעכע לײַט, בא וועלכע ער איז, נעבעך, פון קינדווײַז אופּ שטארק אָפּגעקומענע אין נויט, אין דאכקעס און זיך קיינמאָל זאט ניט אָנגע־געסן. נאָך גאָר קליינערהייט האָט ער זיך ארויסגעוויזן פאר א פארשטענדיק קינד, מיט א גוט קעפל צום לערנען, און דאָס איז בא די עלטערן געווען דער איינציקער טרייסט אין זייער ביטער לעבן. זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט פון די נייטיקסטע באדערפעניש, פיל מאָל ניט דערגעסן, ניט דער־טרונקען, ביכדיי צו צאָלן פאר מוישעלען סכאר־לימעד, אבי זייער מוישעלע זאָל קענען לערנען, און דערמיט זענען זיי געווען זאט, זייער צופרידן.

אויב יידן זענען אויך מענטשן, ווי אלע אנדערע, אָדער ניט? — דאָס איז א גאנץ אלטע שײַלע, מיט וועלכער די וועלט דולט זיך שוין פון אייביקע יאָרן און ביז הײַנט נאָך ניט געקומען צו קיין עק. נאָר דאָס אָבער איז א גאנץ קלאָרע, געוויסע זאך, אז דער יידישער מאָגן איז עפּעס גאָר אנדערש ווי בא אלע אנדערע מענטשן. דען ווו נאָך איז דאָ אזא מאָגן, וואָס זאָל זאט זײַן מיט טוירע, מיט לערנען, ווי בא יידישע קינדער? בא וועמען נאָך פון די אלע פעלקער איז אין זייערע ספאָרים דאָ אזא אויסדרוק, אזא פּאָסעק „וועטויראָסכאָ בעסויך מעײַ״ — און דײַן טוירע איז מיר אין מײַנע געדערעם, ווי בא אונדז יידן? דאָס מעגן יענע דאָרט אין דער וועלט הערן און זיך גוט באטראכטן. אזא מאשינע, אין וועלכער עס ארבעט אזא געטלעכע קראפט, איז אן אייביק געווער און וועט פון יענעמס א בלאָז מיט דעם מויל, פון יענעמס א קלאפּ מיט דער האנט זיך, נישקאָשע, ניט אנידערשטעלן. אזא זייגער, וואָס גייט דורך עלעקטריציטעט — דורך דעם גײַסט פינעם כומעשל, פון גאָטס הייליק וואָרט, — וועט אייביק ווײַזן די צײַט פון טאָג און נאכט און קלינגען אין דער וועלט.

מוישעלע האָט געלערנט, און די אָרעמע, הונגעריקע עלטערן האָבן זיך געקוויקט, גרויס נאַכעס געהאַט. אַז דאָס קינד איז אונטערגעוואַקסן און שוין אין שטאַנד געווען אַליין אַ בלעטל געמאָרע איינצובייסן, איז ער אַרויס פונעם כיידער און זיך געזעצט לערנען פאַר זיך דאָ אין קלויז. איז אים אויסגעקומען אַמאָל אין דעם לערנען קריייטיש, עפּעס אַ האַרבלעכ׳ שטיקל, פּלעגט ער זיך וואַנדלען צו ייִדן לאַמדים און זיי פלעגן אים העלפן אַרויף אַפן וועג. מוישעלע, פון דער נאַ־טור אַ שעמעדיקער, מיט אַ גוטן ווייכן כאַראַקטער, דערצו נאָך אַ שלאַפער, אַ קרענקלעכער, דערשלאָגן פון דער ביטערער נויט — איז געווען שטענדיק ווי עפּעס פאַרטראַכט, און זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון איטלעכן אין דער זייט. מע האָט פון אים ניט געהערט קיינמאָל קיין הויך קאָל, זיך געזעסן אין אַ ווינקעלע און געלערנט שטיל. אַזוי איז ער אויך געווען צווישן זיינע כאַווי־רים, באַקאַנטע ייִנגלעך, קיינעם ניט באַליידיקט מיט אַ גראָב וואָרט, ניט אָנגערירט קיינמאָל אַפילע אַ פליג אַפ דער וואַנט.

שוויַיגן — דאָס איז דער שטייגער זיינער געווען שטענדיק, דערפאַר אָבער האָבן בא אים גע־רעדט די אויגן. אַך, ריבוינעשעלוילעם, וואָס פאַר אַ אויגן! וואָס זענען דאָס געווען פאַר אַ אויגן! אַפ אַ קרענקלעך, בלייך פּאָנעם פּלוצים אַזעלכע צוויי אויגן! זיי האָבן עפּעס גערירט בא דער נעשאָמע, אַרויסגענומען אַמאָל בא יענעם דאָס האַרץ, עפּעס איז אין זיי געלעגן אַ גאַנצער אָפּגרונט, עס האָט זיך אַרויסגעקוקט די מינדסטע באַוועגונג, אַלצדינג, וואָס אינעווייניק דאָרט אין אים גייט פאָר. דער ערגסטער קונדעס אַפילע, קוים האָט ער געפילט אַפ זיך מוישעלעס אויגן, איז ער באַלד אָפּהענטיק געוואָרן, און עס האָט אים ניט דערלאָזט דאָס האַרץ אָנצורירן אים מיט אַ פינגער.

הערשעלע האָט אָנפאַנגס אַפ מוישעלען זיך געבלאָזן, עס האָט אים פאַרדראָסן, פאַרוואָס האַלט ער זיך ווייַט פון אים אין אַ ווינקעלע, אָנעמענדיק עס פון מוישעלעס זייַט פאַר שטאָלצקייַט. הערשעלע אַליין איז בא זיך אין האַרצן געווען אַ שטיקל גאַדלען, ניט געקענט ליידן, אַז אים זאָל מען ניט באַמערקן. ער איז געוווינט געווען בא זיך אין שטעטל זיין שטענדיק דער ערש־טער, און היינט מאַכט אים עפּעס מוישעלע גלאַט אַזוי אָוועק. ניין, האָט ער בא זיך געטראַכט, אַנדערש וועל איך מיט אים ניט באַקאַנט ווערן, ביז ער מוז פריִער צו מיר קומען.

אַז אַ פּאָר טעג אָבער איז אַוועקגעגאַנגען, און מוישעלע איז אַלץ טאַקע ניט געקומען, האָט הערשעלע שוין ניט געקענט מער אויסהאַלטן און איז מיט זיין קאָוועד אַליין צוגעגאַנגען צו מוישעלען מיט דער דייע אים אָנצולערנען — אַרויסרופן אים אַפ אַ פּאָיעדינעק, מיט אַ ווייַ־זעניש אין דער געמאָרע. אַדעראַבע, לאָז מען זען, ווער וועמען וועט איבערשפּאַרן. די מילכאָמע צווישן זיי האָט זיך אָנגעהויבן. איינער דעם אַנדערן האָט פאַרגעבן אַ ווייַזעניש, הערשעלע האָט זיך געהיצט, זיך געוואָרפן, געדרייט אַהער־אַהין מיט אַלע אייוורים, מוישעלע אַנטקעגן האָט זיך אויסגעדרייט, אָפּגעשלאָגן די קלאָץ־קאַשעס רויִק, געלאַסן, און דער שפּיץ איז געווען — זיי זענען געוואָרן כאַווער.

הערשעלע האָט דערקענט, אַז ער האָט אין מוישעלען געהאַט אַ גראָבן טאָעס, און איז צו אים ווי צוגעקאָכט געוואָרן. וואָס ווייַטער, ווייַטער איז די ליבשאַפט צווישן זיי געוואָרן אַלץ גרעסער, שטאַרקער, ביז זיי האָבן זיך צונויפגענומען און ביידע אינאיינעם געלערנט איין מעסיכטע. רעב אַווראָם האָט זיי דערפאַר ביידן געליבט אין די אויגן. איטלעכן באַזונדער גערופן מיט אַ שמייכעלע „שקאָץ" — און די פריינטשאַפט צווישן די אַלע דריי איז געוואָרן שטאַרק.

## דאָס נייַנטע קאַפּיטל

לייזער־יאַנקל האָט געטאָן דעם ווייַבס ראָצן, געטרונקען באַנאַכט פאַרן שלאָפן טרוקענע מאַ־לענעס און געשוויצט. אַפ מאָרגן האָט ער נאָך אַרומגעבונדן דעם האַלדז מיט דעם שטיקל פּיי, וועלכעס הערשעלע האָט געפונען טאַקע דאָרט בא אים אין דעם וועג־מיצל, און אויך אויסגעזופּט אַ פּאָר לויזע אייער.

נאָר דאָס אַלצדינג אָבער האָט ניט געהאָלפן. ער האָט זיך, אַפּאָנעם, שטאַרק פאַרקילט דעם צווייטן טאָג ראָשעשאָנע באַם דאַווענען, די ברוסט איז אים אַלץ טאַקע געווען פאַרלייגט און באַם פּרווון דאָס קאָל פלעג ער פילן אַ שטאָך אין דער לינקער זייַט.

מיילע, א שטאָך, יאך א שטאָך, דאָס וואָלט אים אזוי נאָך ניט געארט. צו שטעכעניש איז שוין א ייִד געוווינט און מאכט זיך ניט וויסנדיק. גוט געארט האָט אים אָבער דאָס קאָל — דאָס איינציקע מיטל זײַנס צום לעבן, פונוואנען ער ציט דאָס שטיקל פּאַרנאָסע, דערנערט, מישטיינס־געזאָגט, דערמיט ווײַב און קינדער. אָט איז שוין באלד יאָנקיפּער, ווען די קיילע איז אים אזוי נייטיק, מע באדארף אפ איר אזויפיל ארבעטן — און דאָ איז ער נאָך הייזעריק. ער האָט אראָפּ־געלאָזט די נאָז און געהאט דערפון גרויסע יעסורים.

די שאמעסטע האָט געפילט זײַן הארץ, און פאר גרויס ראכמאָנעס זיך גענומען אים צו היילן מיט אלע באבסקע מיטל. זי האָט אים געשטעלט א גרויסע שפּאניש־פליג, געמאכט עפּעס א שמי־רעכץ אפ אײַנצוריַיבן אונטערן לעפּעלע, געגעבן אים טרינקען עפּעס קרײַטעכצער אזוינע פון אן אלטער דאָרף־גויע, אויך ראָסל פון אוגערקעס, אונטערגערויכערט אים מיט פעדערן, געגעבן אים שמעקן טאבעקע, איבערגעברענטע, געמאָלטע קאווע, אָפּגעשפּראָכן אים אין איינוועגס טאקע אן איינאָרע אויך אין פארבונדן אים דעם האלדז מיט אירן א גראָבן א וואָלענעם זאק. לייזער־יאנקל, נעבעך, האָט ווי א קינד, געלאָזט טון מיט זיך אלצדינג, וואָס מע וויל, אבי סע זאָל זײַן דאָס קאָל.

סע גייט אוועק א טאָג נאָך א טאָג און גאָרניט. ערעוו יאָנקיפּער אינדערפרי האָט זיך בא לייזער־יאנקלען געוויזן עפּעס א קאָל, אָבער ס'איז געמעלאָכעט. ניט זײַן „קיילע" ווי שטענדיק, עפּעס גאָר א מין בײַקאָל, אונטן גרעבלעך, און אויבן אביסל געפּײַפט.

ער האָט געפּרוווט זאָגן דערמיט די „ייַלעס", די שאמעסטע האָט אויסגעהערט און שאָקלענדיק דעם קאָפּ, זיך מיט טרערן אין די אויגן אָנגערופן:

— געלויבט איז באָרוך־הו אובאָרוך־שעמוי! גאָר א דערקוויקעניש, כלעבן, נאָך בעסער ווי פריִער.

דעם יאָנקיפּער האָט לייזער־יאנקל ווי־ס'איז אָפּגעשפּילט אזן נײַעם מין בײַקעלכל, אלץ הויך, אפ דער דינער סטרונע. בא אים איז אויסגעקומען דעם אוילעמס ווערטל פאַרקערט: „אז מע קען ניט ארונטער, מוז מען אריבער". אבי גאָט האָט געהאָלפן. ער איז דעם יאָנקיפּער איבערגע־קומען בעשאָלעם און האָט זיך שוין געקענט באגיין אָן דעם קאָל ביז איבעראיאָר יאָמים־נוירויִם, אימירצעשעם, האָט אים שוין ניט אזוי אויסגעמאכט דאָס, וואָס ער איז הייזעריקלעך, ביז אי־בעראיאָר איז נאָך גאָס א טאטע.

נאָר קוים איז אים ארויס פונעם זינען דאָס קאָל, האָט זיך אים אָפּגערופן שטארק אין דער זײַט דאָס שטעכעניש, אזוי אז ער האָט שוין ניט געקענט זיך ניטוויסנדיק מאכן און זיך געמוזט צוהערן. פריִער האָט ער זיך געטרייסט אלץ מיט דער האָפענונג, עט, נישקאָשע! עס וועט פאר־גיין, ער באדארף זיך נאָר א פּאָר טעג איבערליגן. די שאמעסטע האָט אויך געזאָגט:

— עס, ס'איז גאָרניט! ס'איז הײַנט עפּעס אזא אונטערגאנג.

און דערנאָך ערשט, אז ער האָט שוין ניט געקענט כאפּן דעם אָטעם און געפּאָכט מיט דער נעשאָמע — איז געוואָרן א טארעראם, א געפילדער. מע האָט אראָפּגעבראכט דעם רופע מיט דעם גאנצן קלאָפּערגעצײַג, וואָס האָט אים געשטעלט באנקעס, געלאָזט צו דער אָדער און אים אָפּגעצאפּט א היפש ביסל בלוט. עס האָט אים אָבער ניט געהאָלפן דער רופע אויך, און מע האָט אים קימאט א טויטן אָפּגעפירט אפ א וועגעלע אין ביקער־כוילים, ווו ער איז עטלעכע וואָכן אָפּגעלעגן שטארק קראנק.

דערווײַל איז זיך אזוי אוועקגעגאנגען דער סוקעס.

אונדזער הערשעלע האָט געהאט, נעבעך, א פארשטערטן יאָנטעוו. פונקט אין סימכעסטוירע איז דעם טאטן געוואָרן אזוי שלעכט, אז מע האָט געמיינט, אָט גייט אים אויס די נעשאָמע, און דער דאָזיקער טאָג, דער בעסטער, דער פריילעכסטער פאר ייִדישע קינדער איז בא הערשעלען געווען טישעבאָוו.

דעם גאנצן טאָג האָט ער פאר גרויסע צאָרעס אין מויל ניט געהאט כוץ א שטיקל לעקעך, וואָס ער האָט באקומען באַם אופרופן אים צו דער טוירע אין שול „אים קאָל האנאָרים", נאָר, מישטיינסגעזאָגט, וואָס דאָס איז געווען פאר א שטיקל לעקעך! גאָרניט דאָס, וואָס אמאָל. אן אנדערס מאָל האָט דאָס אייגענע שטיקל לעקעך געשײַנט, געלויכטן יאָנטעוודיק, געהאט דעם זי־בעטן טאַם, אפ אים איז ווי געשטאנענע אָנגעשריבן „סימכעס־טוירע!" עפּעס האָט עס געריידט ווערטער, געשמעקט מעכײַע, דערפרייט דאָס הארץ, געשפּײַזט און דערקוויקט די נעשאָמע, —

און דאָס מאָל איז עס געווען אַ וואָכעדיקע זאַך — גלאַט אַזוי אַ מין געבעקס, קאָרנמעל מיט האָניק, וואָס מע קויפט עס אין מאַרק פאַר אַ גראָשן און מע מאַכט דערויף אַ בראָכע „בוירע מינע מעזוינעס“!...

באַ ייִדן האָט איבערהויפּט דאָס עסן שאַבעס און יאָנטעוו עפּעס גאָר אַן אַנדער טאַם. ס׳איז דאָ אין דעם עסן, זאָגן אונדזערע אַלטע הייליקע כאַכאָמים, אַ מין געווירץ אַזוינס, וואָס שאַבעס הייסט עס באַם נאָמען; אַזאַ געווירץ, וואָס וואַקסט ערגעץ ניט דאָ אויף דער וועלט, וואָס פאַר קיין גינגאָלד איז עס ניט צו באַקומען אין דעם האַנדל און קיינעם פון די אַלע פעלקער איז עס ניט באַקאַנט — די הייליקע מאַלאָכים ברענגען עס פון עם גאַניידן פּרײַטיק איטלעכן ייִדן אין שטוב אַרײַן, ווו זיי שטעלן זיך, ווי אונדזער אוילעם זאָגט, קאָכן דעם טשאָלנט. פרײַ פאַר דער גאַנצער וועלט קען מען גאַנץ זיכער זאָגן — אַנדערע מעגן זיך דערויס לאַכן — אַז דער, וואָס האָט אין עם גוטן ייִדישקײַט ניט פאַרזוכט קיין טשאָלנט, האָט אין זײַן לעבן קיין גוטס ניט געגעסן און ווייסט ניט, וואָס געקעכטס הייסט אַזוינס...

אַז דעם טאַטן האָט עס אָנגעהויבן צו גיין בעסער, איז הערשעלען ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. די ערשטע צײַט איז ער געווען פיל פרייד, אַזוי, אַז ער האָט פון קיין אַנדער זאַך ניט געטראַכט, זיך פאַרגעסן גאָר אין זיך אַליין. דערפאַר אָבער שפּעטער אַביסל איז אים דאָס טראַכטן צוגעטראָטן מיטאַמאָל. עס האָט זיך אויף אים אָנגערוקט אַ שטאַרקע מאָרעשכוירע און ער האָט באַ זיך אַלץ געטראַכט אַזוי: אָט באַלד, באַלד וועט מען באַדאַרפן פאָרן אַהיים, נאָר ווי וואַרפט מען אַוועק דאָ מוישעלען און רעב אַווראָמען, מיט וועלכע ער איז שוין אַזוי געוווינט און עס ציט אים צו זיי אַזוי דאָס האַרץ? האַגאַם דאָס פאָרן אַהיים איז אַ גוטע זאַך, עס ציט אים אַהין טאַקע — זען די מאַמע, שוועסטער און ברידער, אויך אַלע אַנ׳ערע באַקאַנטע; נאָר צוריק געשמועסט, וואָס קען פון אים דער טאַכלעס זײַן דאָרט אינדערהיים? עס האָט אים זיך פאָרגעשטעלט דאָס גרויסע עלנט אינדערהיים, ווי דאָס גאַנצע הויזגעזינד קומט אויף, נעבעך, לײַדט הונגער, קעלט, ווי ער אַליין פלעגט אויסגיין פיל מאָל פאַר אַ שטיקל ברויט. דערמאַנענדיק זיך נאָר אין דעם, איז אים אַ גרויל איבערן לײַב איבערגעגאַנגען. בלײַבן־זשע ווידער דאָ — דאָס האָט זיך אים אויך אין קאָפּ עפּעס ניט געלייגט, וואָס הייסט בלײַבן! באַ וועמען בלײַבן? גלאַט ווי נעמט עס אַ ייִנגל איינער אַליין אָן עלטערן און בלײַבט! און ווען אפילע אַזוי, בלײַבן — נו, וואָס... וואָס?...

אָט אַזעלכע געדאַנקען האָבן זיך געדרייט באַ הערשעלען אין קאָפּ און ער איז געווען שטאַרק באַטריבט, אויס מענטש.

רעב אַווראָם האָט באַמערקט, אַז ער איז עפּעס פון עם פּאָנעם אַראָפּ, און פאַר גרויס ראַכמאָנעס זיך גענומען אויספרעגן, וואָס מיט אים איז אַזוינס, פאָרט, וואָס איז אַזוינס די מײַסע? הערשעלע האָט זיך צעוויינט און אים אַרויסגעזאָגט זײַן גאַנץ ביטער האַרץ. רעב אַווראָם האָט אים אַ גלעט געגעבן באַם קעפּעלע און זיך אָנגערופן:

— נו, גוט, גוט! איך וועל מיך שוין באַטראַכטן. עס האָט נאָך צײַט. לעסאַטע זײַ נאָר ניט קיין נאַרעלע און וויין ניט, שקאָץ!

## דאָס צענטע קאַפּיטל

דער טאַטע איז אין עטלעכע טעג אַרום אַרויס פון עם ביקער־כוילים. עס האָט געריסן דאָס האַרץ קוקנדיק אויף אים, אַזוי בלייך, טויט איז זײַן פּאָנעם געווען. ער איז, נעבעך, אַ שווערע קרענק אויסגעשטאַנען, קימאַט ניט געווען צו דערקענען אים, אַזוי איז ער פון עם לײַב אַראָפּ. נאָר הויט און ביין.

קיינמאָל אין זײַן לעבן האָט הערשעלע אַזוי ניט ליב געהאַט דעם טאַטן, ווי דענסטמאָל, און קיינמאָל אין זײַן לעבן ווידער האָט אויך דער טאַטע אַזוי גוט, ליבהאַרציק ניט געקוקט, אַזוי זיס־שטיל אויף אַ ווייכער, שוואַכער שטימע ניט גערעדט, ווי אין יענער צײַט. עפּעס איז ער אַליין געוואָרן אַ קינד און האָט מיט זײַן בליק, מיט זײַן שטיל, שוואַך לאָשן אַרויסגענומען אַ שטיק געזונט. עפּעס איז דערינען געלעגן אַ קלאָגן זיך שטיל, אָן ווערטער אויף די וויטעקן זײַנע אין דעם וויסטן לעבן און אַ געבעט:

— גוואַלד, געוואַלד! נישטאָ שוין מער קיין קויעך אויסצוהאַלטן...

מע האָט באַשײַנפּערלעך אַרויסגעזען, אַז ווען הערשעלע זאָל זיך ניט געווען שעמען, וואָלט ער דענסטמאָל אַלע גלידער דעם טאַטן אויסגעקושט. ער האָט זיך אָבער געשעמט, ווײַל קושן זיך איז בײַ ייִדן ניט קיין אײַנפֿיר. ווי נעמט מען עס עפּעס גלאַט אַזוי און מע קושט! ביפֿראַט אַ קינד אַ טאַטן!...

אַוורהאָם האָט אָוועקגענומען דעם טאַטן אין אַ ווינקל און מיט אים דאָרט אַ היפּשע צײַט געשמועסט. באַלד דערויף האָט מען צוגערופֿן אַהין אויך הערשעלען, און דער טאַטע האָט זיך געווענדעט צו אים מיט די ווערטער:

— מיר שמועסן דאָ מיט רעב אַוורהאָמען, אַז אויב דו ווילסט, הערשעלע, מעגסטו דיר דאָ בלײַבן.

הערשעלע האָט זיך צעוויינט, געקוקט אויפֿן טאַטן מיט גרויס ליבשאַפֿט און איז ניט אימשטאַנד געווען אַרויסצוברענגען אַ וואָרט, אַזוי האָט אים פֿאַרקלעמט באַם האַרצן, און אַז דער טאַטע איז מיט אַ געבעט צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל רעדן ריינע ווערטער, האָט ער געענטפֿערט גאַנץ קורץ:

— ניין! אָן דיר, טאַטע, קען איך ניט זײַן...

— אַך, הערשעלע! — מאַכט דער טאַטע מיט אַ זיפֿץ טיף פֿונעם האַרצן, — ניט אייביק, נאַרעלע, איז אַ קינד נעבן אַ טאַטן. וואָס קען מען טון — איך פֿיל, אוי, אַז די קויכעס גייען מיר ביסלעכווײַז אויס. געוואַלד קריכן געריסן אין מײַן לעבן. ווייניק ניט, הערשעלע, וואָס קאָן מען טון? פֿריִער אָדער שפּעטער — מע מוז זיך שיידן...

— טאַטע, טאַטע! — וויינט הערשעלע מיט אַ געבעט, — אַהיים, טאַטע, אַהיים!

— אַהיים! האָניק ווערסטו דאָרט לעקן, אינדערהיים... — זיפֿצט דער טאַטע און ווענדעט זיך צו רעב אַוורהאָמען, שאָקלענדיק מיט דעם קאָפּ: — זאָגט אים כאָטש, רעב אַוורהאָם.

— זײַ ניט קיין אקשן, פֿע! — הייבט אָן מיט גוטן רעב אַוורהאָם, — אָן דיר איז אויך דאָ געוואַלד אינדערהיים. דער טאַטע — דו זעסט ניט? — האָט מער קיין קויעך ניט צו האָרעווען. פֿונעם ביסל געלט, וועלכעס ער האָט דאָ פֿאַרדינט, איז ווייניק געבליבן. אַ קרענק קאָסט. עס גייט אַ לאַנגער ווינטער, נאָך מיט אַן איבער, אַ ראַכמאָנעס, נעבעך, אַף די איבעריקע קינדער, דו אַליין ווערסט דאַרבן און זיי נאָך שאַטן. דעם לעצטן ביסן, מישטיינסגעזאָגט, זיי פֿונעם מויל אַרויסרײַסן.

פֿון רעב אַוורהאָמס דאָזיקע ווערטער איז הערשעלען דאָס האַרץ מיט בלוט פֿאַרלאָפֿן, און ער האָט געגאָסן מיט הייסע טרערן.

— דאַנק רעב אַוורהאָמען, — זאָגט דער טאַטע, — דאַנק זיי פֿאַר זייער גוטסקייט צו זאָרגן זיך דאָ פֿאַר דיר און צו האָבן אַף דיר האַשגאָכע. גיי, מײַן קינד, אין רעכטן וועג און פֿאָלג רעב אַוורהאָמען ווי אַ טאַטן. זיי מיינען — דו הערסט? — דײַן טאַכלעס. גאָט זאָל זיי נאָר דערלענגערן די יאָרן.

— אַ־נו, שקאָץ! — מאַכט רעב אַוורהאָם, אַ קלאַפּ געבנדיק פֿאַמעלעכן הערשעלען אַף דעם אַקסל מיט אַ זיס שמייכעלע. — אַזוי, אַזוי! ווישׁ דיר אויס די אויגן און גיי דיר, גיי אַצינד צו דײַן כאַווער דאָרט, דעם שקאָץ...

פֿרי האָט אין יענעם יאָר זיך געשטעלט דער ווינטער. פּלוצים, איידער דער אוילעם האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט פֿון צאָפֿן־זײַט אַ בלאָז געטאָן אַ קאַלטער ווינט און זיך אָנגערוקט אַ בייזע, פֿינצטערע כמאַרע — דעם ווינטערס צוויי קאָזאַקן — לויפֿנדיק פֿאָרויס מיט אַ שטורעם, אַ פֿײַפֿן: „ציטערט, לעבעדיקע באַשעפֿענישן! אָט קומט ער, דער קאַלטער פֿעטער און וועט אײַך אָנרײַבן אַ רויטע נאָז“... די פֿעלדער ליגן שוין באַגראָבן אין דעם ווײַסן קיטל פֿון שניי. די ביימער דאָרט שטייען אָפּגעשמיסענע, נאַקעטע, אַראָפּגעלאָזן די קעפּ און די צווײַגן געפֿענטעט מיט קייטן פֿון פֿליטערלעך, פּרענטעס אײַז. פֿון פֿייגל און וואַלד־כײַעלעך איז ניטאָ קיין שפּור. אַלע ווי אויסגעשטאָרבן: די ליגן באַהאַלטן טיף אין די לעכער, יענע האָבן באַצײַטנס געמאַכט אַ פֿלייטע — אָוועק, וווּהין די אויגן טראָגן, און אומעטום איז שאַ שטיל, נאָר וואָראָנעס דרייען זיך ערטער־ווײַז אַרום אין דער לופֿט, עפּעס האָבן זיי געשעפֿטן: כאַסענעס, אָדער גלאַט אַזוי אַסיפֿעס וועגן קאַהאָלשע זאַכן — און ווייסט זיי דער גוטער יאָר, וואָס זיי קראַקען דאָרט, קרעכצן, רײַסן זיך אַף די העלדזער...

ווײַט אַרום־און־אַרום הערשט שוין אין דער וועלט דער ווינטער, נאָר די ייִדישע שטאָט גלופּסק, זי אַליין וויל זיך אים נאָך ניט אונטערגעבן. ער פּירט מיט איר אַ שטאַרקע מילכאָמע. ער שיקט אָן אויף איר אַ פּרעסטל, און די קאַליוזשעס אירע אין די גאַסן נעמט ניט קיין קויל, בלײַבן טאַקע דאָס, וואָס פריִער; ער רעגנט אויף איר מיט גרײַפּלעך שניי, און אומזיסט זײַן מי, בלאָטע!... די גלופּסקער ייִדעלעך גיבן זיך אַ שאָט ווי די מורעשקעס, טרעטן עס מיט די פיס און מאַכן פון עדויס אַ קאַשע, אַ שיטערע, אַ גרוי־שוואַרצלעכע בלאָטע; ער שטעלט זײַן ווײַס שנייענע פענדל אויף דעכלעך, צום באַווײַזן, אַז ער איז פונויבן — קומען הונגעריקע קי, גאַנצע מאַכנעס ציגן און שלײַדערן עס אַראָפּ באַם אַראָפּשלעפּן הויפנווײַז שטרוי אופצופּרעסן, אָדער ייִדן, ייִדענעס קומען מיט טעפּ, מיט צעבערעס, שטאָפּן עס אָן פול מיט דעם דאָזיקן שניי, צו מאַכן דערפון וואַסער אויף קאָכן. אויך איז דאָ דאָ אַנטקעגן דעם נאָך אַ מיטל — סרייפּעס. באַ ייִדישע קינדער נעמט זיך דענסטמאָל גראָד אָן די קוימענעס, און גלופּסק נעצט... גלופּסק שטעלט געוויינטלעך דעם ווינטער אַרויס אַ פײַערדיקע צונג — ער, דער ווינטער, קנאַקט, בלאָזט, שטורעמט, און ייִדע־לעך זענען אים מעוואַטל, גייען זיך נאַקעט, באָרועס, גלײַך ווי ניט זיי מיינט מען, אָדער ווי זיי טוען אים אפּצולאָכעס.

און בעשאַס דער דאָזיקער מילכאָמע פונעם ווינטער אין גלופּסק שטייט דאָרט נעבן דער קאַפּצאַנסקער אַכסאַניע אַ יאַזדע מיט דרײַ מערידנדיקע, קרומרוקנדיקע, קאַלטונעוואַטע, לאַנג־האַלדזיקע און קורצווײדלדיקע פערד, מעכילע, וואָס האָבן עס באַדאַרפט פּאָר זייערע זינד זיך מאַטריִעך זײַן שלעפּן קיין קאַפּצאַנסק אירע אַ פּאָר מיניאָנים ייִדן און צווישן זיי אויך אונדזער לייזער־יאַנקלען. דער מעקלער באַאַבערעט זיך עפּעס אַרום דעם וואָגן, שאַרט צונויף מיט דער בײַטש די שיראַיִם — עטלעכע בלעטלעך היי און, פּאַרקרימענדיק זיך מיט איין אייגל אויף איינעם פון די פערד, דערלאַנגט ער אים אַ טראַך אין דער מאָרדע, גלאַט אַזוי זיך, שעלטנדיק דערבײַ:

— אַ־אַ, פייגערן זאָלסטו, פּעגירע איינע! ווי ער קאָן עס אַביסל ניט אײַנשטיין אויף די פיס... פליִען גלוסט זיך אים, דעם אָדלער דעם שיינעם, אַ, פליִען זאָלסטו צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

לייזער־יאַנקל איז, אָנגעטאָן אין זײַנע וועג־קליידער און אויפן קאָפּ אָנגערוקט דאָס מיצל, גיך, אין אײַלעניש צוגעקומען צום וואָגן, הערשעלע מיט אַ פּעקל נאָך אים, און איבערגעבנדיק עס דעם מעקלער צו די הענט מיט אַ געבעט, ער זאָל מאַכן אַ גוט געזעס, זענען זיי ביידע אַרײַנ־געגאַנגען דערווײַל אין דער אַכסאַניע.

רייזע, ווי דער שטייגער אירער, מיט אַ פאַרשטעקט פאַרטעך און מיט אַ פּאָלאָניק אין דער האַנט, איז שטאַרק באַשעפטיקט געווען מיט דעם באַלעגאָלע און די פאַרשווינענע אַרום איר, מיט וועלכע זי האָט זיך אָפּגערעכנט, מאַכנדיק דערבײַ אויף אַ בייזער צו דעם, צו יענעם אַלץ: „הענ־אַביסל! וואָס זאָגסטו, איך בעט דיך, צו זײַן טאַטן”? אַז זי האָט זיך שוין מיט איטלעכן אָפּגע־פאַרטיקט און דערזען אין דער זײַט אונדזערע ביידע פאַרשווינענע, דעם טאַטן מיט דעם זון, האָט זי זיך אויף זיי אַרופגעלאָזט מיט איר שרײַענדיק לאָשן, אַ פּאָר געבנדיק מיט דער נאָז איבער דעם גאַנצן אַרבל:

— אָט האָסטו אים ווײַטער, דעם שיינעם באָכערל! וואָס? געקומען? נאַקעט, באָרועס, הענ־אַביסל! אין אַזאַ קעלט זאָל מען אַזוי פאָרן! וואָס זאָגסטו, איך בעט דיך, צו זײַן איצט דאָ, אַ שיינער טאַטע, כלעבן! אַליין, הענ־אַביסל, איז ער אין אַ מיצל, אַרומגעבונדן, נישקאָשע, און דאָס קינד זומערדיק! וואָס זאָגסטו פאָרט, איך בעט דיך, צו זײַן טאַטן?

— מײַן זון פאָרט ניט, — ענטפערט דער טאַטע.

— גאָר נײַעס! אַליין פאָרט מען און מע לאָזט איבער אַ קינד העפקער, הענ־אַביסל! נאַקעט, מיט אַ הויל האַרץ אינדרויסן. וואָס זאָגסטו צו זײַן טאַטן? מע באַדאַרף האָבן טאַקע אַ האַרץ פון אַ טאַטער!

אַזוי לאָזט רייזע אויס דעם שמועס, באַטראַכטנדיק הערשעלען פון אויבן ביז אַראָפּ, און גייט זיך אַוועק.

דער באַלעגאָלע הייבט אָן אונטערטרײַבן דעם אוילעם — הײַדאַ, פאָרן! די פאַרשווינענע שטופּן זיך אין אײַלעניש אַרויס אויף דער גאַס, צו פאַרכאַפּן געשווינדער ערטער אין דעם וואָגן. איטלעכער וואַרפט זיך אַהין אַרײַן אויף קידעש־האַשעם מיט הענט און מיט פיס. ס'איז אַ שטופּעניש, אַ קוועטשעניש, אַן ענגשאַפט, אַ דערשטיקעניש.

לייזער־יאַנקל, נעבעך, זיצט ווי ס'איז אַף אַ שפּיץ קלומעקל אין אײנע צאָרעס און נעמט אָן פאַר ליב איטלעכן שטוף, וואָס ער באַקומט אין די זײַטן. ער געזעגנט זיך מיט הערשעלען זײער טרויעריק, אַף אַ וויינענדיק־ציטערדיק קאָל.

הערשעלע קוקט דאָס לעצטע מאָל גוט אַרײַן אין דעם טאַטנס בלייך פּאָנעם און באַוואַשט זיך מיט בלוטיקע טרערן, ניט אימשטאַנד צו זײַן אַרויסברענגען עפּעס אַ וואָרט און ניט צו זען, ווי דער וואָגן האָט זיך גערירט פונעם אָרט.

— האַ, וואָס איז דאָ צו וויינען! — מאַכט רייזע, אַרויסלויפנדיק צו הערשעלען אַף דער גאַס, נאָכדעם אַז די יאַזדע איז אַוועקגעפאָרן. — אַז אַ טאַטע פאָרט אַוועק, הענ־אַביסל, נו איז וואָס! כאָלילע, ניט געשטאָרבן. נאַ בעסער — נעמט זי און שטופּט אים אַרײַן אין דער האַנט אַן אַלט לײַבל — נעם און טראָג געזונט. ניט געוויינט. קים, עפּשער ווילסטו עסן?

— ניין! — ענטפערט הערשעלע שוין אַביסל געטרייסט פון רייזעס ווערטער.

— נאַ דיר ניין! — רופט זיך רייזע אָן. — הענ־אַביסל, מע זאָל זאָגן ניין! פאַרוואָס איז עסן ניין? נו, גיי־זשע דיר געזונטערהייט, אַז ניין. נאָר טאָמער וועסטו וועלן, געדענק־זשע, זאָלסטו קומען!

## דאָס עלפטע קאַפּיטל

לעאָסיד לאָווי — העט־העט שפּעטער, אימירצעשעם — אַזוי שטייט געשריבן אין אונדזערע הייליקע ספאָרים — נאָכדעם, אַז מען וועט אופשטיין טכיִעס־האַמייסים און גאָט וועט מישפּעטן די וועלט, דענסטמאָל וועלן אַלע מענטשן זײַן אויסגעשטעלט אַף אַ גרויסן פּלאַץ, אײַנגעטיילט אין צוויי טייל: אַף איין זײַט די רעשאָיִם, אַף דער אַנדערער זײַט די צאַדיקים, און צווישן זיי אינדערמיט דער יעיצערהאָרע. יענע, די רעשאָיִם, וועט דער יעיצערהאָרע זיך אויסדאַכטן גאַנץ דין, ווי אַ האָר, די אַנדערע, אַנטקעגן — גרויס ווי אַ באַרג, און אַלע מענטשן פון ביידע זײַטן וועלן, קוקנדיק אַף אים, שרעקלעך וויינען. די רעשאָיִם יאָמערן, שרײַען:

— גוואַלד, אַזאַ דינע האָר אַפן גלײַכן וועג איז אונדז שווער געווען איבערצוגיין און מיר זענען פאַרקראָכן מיט קרומע געגנג צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

אַנטקעגן־זשע די צאַדיקים קלאָגן, גיסן טרערן:

— ריבוינעשעלוילעם, מיר פאַרשטייען נישט, ווי עס האָט זיך צו אונדז גענומען אַן אײַזערנער קויעך אַזאַ שרעקלעכן, הויכן באַרג איבערצוגיין, אַזויפיל פּײַן און יעסורים אין אונדזער לעבן אויסצושטיין!

די דאָזיקע ווונדערלעך אויסגעמאָלטע קאַרטינקע קענען דינען זײער גוט פאַר אַ האַקדאָמע צו דער דערציילונג, וויפל יעסורים, ווייטעקן הערשעלע איז אין זײַן לעבן, נעבעך, אויסגעשטאַנען. דערמאָנענדיק זיך אַצינד אין די בעסערע יאָרן, וויפל בערג צאָרעס, אַלע מינע פּוראָניעס און לייד ער האָט באַראַפּט איבערגיין, ביז ער איז לעסאָף אַרויס אַף אַ וועג, וויינט אין דעם דאָס האַרץ, און ער וווּנדערט זיך, ווי אַזאַ שנעק, אַ ווערעמל, אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, זאָל געווען קענען אַזוינס איבערטראָגן, נישט ווערן צעטרעטן אין דער וועלט אונטער די פיס! ער וויינט אַף זיך ווי אויך אַף פיל אַזעלכע זײַנע גלײַכן בײַ אונדז ייִדן, וואָס זיי איז באַשערט פון קינדווײַז אָן צו ראַנגלען זיך מיט אַלערליי אָנשיקעניש, אויסצוקריכן אַלע לעכער, צו דראַפּען זיך אַף די גלײַכע ווענט און צו פילן דעם ביטערן טאַם פונעם טויט, ביכדיי צו דערגרייכן יענע שטופע, וועלכע זיי שוועבט פונדערווײַטנס פאַר די אויגן.

אומגליקלעכע ייִדישע קינדער! אומגליקלעכע אפילע שוין קלוימערשט אין דעם גליק. נעמט יענע, אַשטייגער, וואָס שטייען שוין אַף אַ שטופע, האָבן אַ פּאָנעם און לעבן. נאָר איז דאָס שטיינ זייערס אײַזן־פעסט, וואָס שטיין הייסט, מיט ביידע פיס, אַז עס זאָל נישט מעגלעך זײַן פון אַ מינדסטן בלאָז אומצופאַלן? איז דאָס פּאָנעם זייערס דאָרט אינגאַנצן אַ גליקלעכס ווי עס געהער צו זײַן? — איז דען קעדײַ פאַר אַזאַ גליק, מישטיינסגעזאָגט, אָנצולײַדן זיך אַזויפיל אומגליק? פאַר אַזאַ פּאָנעם, קלוימערשט, אַזוי קריכן אויס דער הויט, און פאַר אַזאַ לעבן, אַף סאָנים געזאָגט געוואָרן, אַזוי אויסגיין, צען מאָל אין טאָג שטאַרבן פאַר הונגער?...

יאָ, צו יענער קאַרטינקע פעלט נאָך אַסאַך, די רעשאָיִם טאַקע זײַנען דאָ, די צאַדיקים דאָ, דער באַרג צאָרעס אויך דאָ, נאָר דער טכיִעס־האַמייסים אָבער איז געמעלאָכעט, און זייער פיל

ליגן נאָך גאָר טויט, נײַנ אײלנ טיפ באגראָבנ אינ דער ערד, גאָט און זײַנ מישפּעט איז נאָך אויך נישטאָ.

רעב אווראָמ האָט אינ זינענ געהאַט הערשעלען, געטאָנ פאַר אימ וואָס נאָר מעגלעך. ער האָט אימ באשטעלט שאבעס באַ אײנעמ פונ זײַנע באקאנטע באלעבאטימ און אײנמיטנ דער וואָך פלעגט אימ אפ רעב אווראָמס באקאָשע נעמענ אפ א ווארמעס אָדער אפ א וועטשערע אמאָל דער, אמאָל יענער פונ די, וואָס דאווענ אינ קלײַזל.

אָט אפ אזא שטײגער האָט הערשעלע, נעבעך, ווי ס'איז איבערגעלעבט א טאָג, האלב געגעסן, האלב געפאסט, געמאכט מיט די ליפּנ און אימ איז דענסטמאָל שוינ אויסגעקומענ גוט צו פילנ דעמ טאמ, פונוואנענ נעמט זיך עס, אז „וואיויכלו" — אזא פּאָשעט, באקאנט וואָרט, דאכט זיך, ווי „וואיויכלו" — זאָל באַ אונדז ייִדנ גאָר דער טײַטש זײַנ „און זײ האָבנ געטאָנ גלײַך ווי געגעסן".

יאָ, פיל אָרעמינקע אזעלכע באַ אונדז קומט אויס דעמ דאָזיקנ טאמ, נעבעך, צו פילנ. אז דאָס הארצ כאלעשט, מע וואָלט שוינ געוואָלט דערלעבנ עפּעס אינ מויל ארײַנ צו נעמענ, הײבט זיך געווײנטלעך אָנ אָט דער לאנגער מיזמער: וואשט זיך... ווארט אביסל, מיט דער קוואָרט טאָר מענ נישט... לאָז מענ געבנ אנ אנדערע... נו, דאָרט, זײַט מויכל, דאָרט זוכט דעמ האנטעך. זאָגט סעו יעדייכעמ. זעצט זיך. מאכט האמויצע. באלד, באלד, ווארט אביסל, אָט וועט מענ געבנ זאלצ. שטעקט ארײַנ דעמ לעפל. כאפּט א שטיקל פלײש. מאימ־אכרוינימ. מעכאבעד מיט מעזומענ. בענטשט! — „ראבויסײַ, מיר וועלנ בענטשנ!" דאָס הײסט אפ דעמ מאָגנס לאָשנ: „ראבויסײַ מיר ווילנ עסנ!"

דאָס איז נאָך גאָלד, עפּטערס פלעגט זיך מאכנ, אז „וואיויכלו" האָט באַ הערשעלענ גאָר קײנ טײַטש ניט געהאַט, פּאָשעט טאקע גאָר נישט — און נישט אײנ מאָל, לײגנדיק זיך אזוי, נעבעך, שלאָפנ, האָבנ זיך אימ באנאכט געכאָלעמט בעטלער. געגנוג איז אימ אָפּגעפאלנ דאָס פלײש פאַר צאָרעס פונעמ עסנ, האָט אימ נאָך ווײ געטאָנ אויך די נעשאָמע — ער האָט די ערשטע צײַט שטארק געבענקט אהײמ. אינדערהײמ האָט ער דאָך, עמעס טאקע, אויך נישט געלעקט קײנ האָניק, נאָר פאָרט א גרויסער כילעק. דאָרט איז אימ געווענ עפּעס ווארעמ, גרינגער אפ דער נעשאָמע, ווי א פײגעלע אינ נעסט, אונטער דער מאמעס פליגעלעך. דאָרט איז ער געווענ אנ אײגענער, אלצדינג ארומ אימ, אינדערהײמ, אינ שטאָט, זענענ אימ געווענ אײגענע זײַנע, זײ האָבנ זיך פארשטאנענ; אפילע די בעהײמעס דאָרט, די הײַזער, די לופט, וואָס ער האָט געאָטעמט, די ערטער, ווו ער האָט געשפּאצירט, זיך געשפּילט מיט זײַנע כאווײרימ, האָבנ עפּעס גערעדט צומ הארצנ און זיך מיט אימ אָנגעהערט — און דאָ איז ער עלנט, פרעמד, עס קלעפּט זיך עפּעס נישט, אלצדינג גאָרנישט דאָס, עפּעס גאָר אנדערש. די זונ, די לעוואָנע און די שטערנ קוקנ דאָ עפּעס נישט אזוי, ווי אמאָל באַ זיך אינ שטעטל, נישט אזוי פרײַנטלעך־גוט, ווי פריִער, און עס האָט א פּאָנעמ, ווי באמ באגעגענענ זיך מיט דעמ ווײַבס מישפּאָכע נאָכנ געט, שוינ נישט מער קײנ אײגענע, נאָר גלאַט אלטע באקאנטע, געוועזענע קרויווימ. אזא געפיל ווי בענקענ, וואָס צופּט, נאָגט טיפ אינ הארצנ, לאָזט זיך נישט איבערגעבנ מיט ווערטער, דאָס פארשטײט נאָר דער, וואָס איז געפרווט געוואָרנ צו פארזוכנ אמאָל אינ לעבנ דעמ טאמ פונ עלנט, צו זײַנ פּלוצימ אָפּגעריסנ פונ זײַנע ליבע און בלײַבנ אלײנ פאַר זיך. א קאטאָוועס עפּעס? אײנ קלײנ פינטעלע, א ברויזנ, אינ אזא גרויסער, גרויסער וועלט.

עס ציט זיך גאָטס גרויסע וועלט אינ דער לענג, אינ דער ברײט אָנ א סאָפ, אָנ אנ עק. אינדערמיט וועלט, אפ דער קײַלעכדיקער ערד, איז דאָ א קלײנ פלעקעלע, ווי א פליג האָט איבערגעלאָזט — דאָס איז גלופּסק. אינ דעמדאָזיקנ פלעקעלע איז דאָ א פינטעלע — א קלײַזל. אינ דעמ פינטעלע איז דאָ נאָך א ברעקל פינטעלע — א באנק. און אינ דעמ ברעקל פינטעלע ליגט נאָך א פיצינקעלע פינטעלע — א מינ באשעפעניש אזוינס, וואָס הײסט הערשעלע. דאָס פיצינקעלע באשעפעניש ליגט, ווי א שפּינ פונקט אינדערמיט פונעמ גרויסנ ראָד שפּינוועבס. פונ אימ ציִענ זיך ארומ־און־ארומ אינ אלע זײַטנ לאנגע דינע פעדעמלעך, פול און פול אָנגעזוּצט, הארט אײנס באמ אנדערנ, מיט עפּעס לופטיקע מינע פינטעלעך אזעלכע, גאָרניט פאַר דעמ אויג, וואָס הײסנ באַ די פילאָסאָפנ „אטאָמענ", און גײענ העט־העט ווײַט צו די שטערנ אינ הימל, צו אלצדינג אינ דער וועלט ארומ, און, עס פארשטײט זיך, קײנ קאפּצאנסק אויך. אפ די דאָזיקע לופטיקע פעדעמלעך קלעטערט הערשעלעס נעשאָמע, קאראבקעט זיך מיט אלע זײַנע געדאנקענ אהינ, אהינ —

אהיימ. זי קאראבקעט זיך ווי די עלעקטריציטעט אינ דעמ טעלעגראפישנ דראָט, אָנרירנדיק מיט אירע ברענענדיקע געפילנ איינ טייכל פונעמ לאנגנ, לופטיקנ פעדעמל, דאָס טייכל גיט פונ זיך איבער דעמ ברענ דעמ ווײַטערדיקנ טייכל אונ אזוי פליט עס שרעקלעך געשווינד ווײַטער, ווײַטער, ביז עס טרעפט ווי א בליצ אינ די הערצער פונ זײַנע עלטערנ. זיי דערפילנ באלד הערשעלעס הארצ אונ טוענ א שלוקערצ. הערשעלע, זאָגנ זיי, דערמאָנט אונדז. עס שטעלט זיך זיי פיר זײַנ לאגע, איינער אליינ, נעבעך, אינ דער פרעמד — אונ גייענ אויס פאר ראכמאָנעס. נאָר וואָס קענענ אזעלכע געפאלענע, נעבעך, טונ, אז זיי אליינ איז שלעכט אונ קומענ שרעקלעך אָפּ? די מאמע ארבעט, נעמט זיך די אויגנ ארויס ביז שפּעט אינ דער נאכט מיט דעמ פעדערנ פליקנ, אונ פונ דער גאנצער ארבעט איז, מישטיינסגעזאָגט, קיינ וואסער אפּ קאשע אפילע נישטאָ. דער טאטע, נעבעך, האָט, זינט אהיימ קומענדיק, נישט אופגעהערט צו קרענקענ. ער צאנקט, גייט אויס ווי א ליכט. ער קענ נישט צוזענ דאָס גרויסע עלנט אינ שטוב, דעמ צאר פונ די הונגעריקע, דערשלאָגענע קינדער. דאָס ביטערע אָרעמקײַט איז אימ שוינ שווער איבערצוטראָגנ, גענוג שוינ זיך אָנגעליטנ. נישטאָ שוינ מער קיינ קויעך — אָט־אָט טריקנט שוינ אויס דער לעצטער טראָפּנ זאפט פונ זײַנ וויסט, געבראָכנ לעבנ. די עלטערנ זיפצנ, אָכצנ, קרעכצנ, פאָרשטעלנדיק זיך דאָס עלנטע, פארוואָלגטע קינד, צו וועלכנ עס ציט זיי אזוי דאָס הארצ — אונ זייער ביטער געמיט טעלעגראפירט זיך, דורכ די אייגענע לופטיקע פעדעמלעך טאקע, אינ הערשעלעס הארצנ צוריק, עס סוידעט זיך א הארצ מיט א הארצ — שושקעט זיך א נעשאָמע מיט א נעשאָמע, גיסנ זיך איינער פאר דער אנדערער אויס אונ שמועסנ זיך איבער שטיל, אָנ ווערטער... עס דאכט זיך הערשעלענ, דער טאטע ליגט, נעבעך, שלאָפּ, פארשמאכט, קוקט עפּעס מיט א געבעט ווי באמ צעשיידנ זיך. עס שוועבט אימ פאר די אויגנ דעמ טאטנס בלייך פּאָנעמ, יענע גוטע, זיסע מינע זײַנע בעשאס געזעגענענ זיך מיט אימ — אונ הערשעלע איז צעקאָכט, ער ווייִנט שטילערהייט באנאכט אפּ זײַנ הארט געלעגער, איבערטראכטנדיק — א שרעק... אָט דאָס איז עס, וואָס געוויינטלעך הייסט דאָס באמ אוילעמ: „דאָס הארצ זאָגט“.

יאָ, דאָס הארצ האָט הערשעלענ געזאָגט אונ א היפּשע צײַט אימ נישט אופגעהערט צו זאָגנ, ביז ער האָט איינמאָל פונ דער היימ באקומענ די וויסטע פּסורע: „הערשעלע, זאָג קאדעש נאָכנ טאטנ, דו ביסט א יאָסעמ“.

## דאָס ערשטע קאַפּיטל

דאָס בענקען אהיים, דאָס האַרצווייטעק פונעם פאָטערס טויט, די גרויסע יעסורים דערפון, וויאַזוי די מוטער מיט די קינדער קומען עס, נעבעך, אָפּ אינדערהיים און דאָס אייגענע פּעקל צאָרעס: נויט, עלנט, פאַרוואָגלונג דאָ אין דער פרעמד — דאָס אַלצדינג איניינעם האָט מיט דער צײַט אויף הערשעלען געווירקט אַרײַנצולאָזן זיך, ווי אַ שילדקרעטל, אינעווייניק אין זיך, אַלץ טראַכטן און פאַרטיפט זײַן אין זײַנע געדאַנקען. זײַן לעבן איז געווען — טראַכטן. דאָרט טיף, אינעווייניק אין זיך, איז פאַר אים געווען אַ וועלט, ווו די נעשאָמע זײַנע האָט אויסגעשפּרייט די פליגעלעך און געפלויגן פרײַ הערט ווײַט־ווײַט. אונדזער פּראַקטישעווירקלעכע וועלט איז פאַר אים געווען אַ שטײַגעלע, ווו די נויט האָט אים געהאַלטן געפאַנגען, אים ניט געלאָזט אויפהייבן דעם קאָפּ, באַווײַזנדיק אים אויף איטלעכן טריט זײַן שלאַפקײַט, זײַן קלײנקײַט, ווו ער האָט פאַר זיך געזען נאָר צאָרעס, צאָרעס און צאָרעס. ער האָט אָנגעהויבן צו באַשאַפן בײַ זיך אינעווייניק אין האַרצן אַ ווונדערלעכע וועלט, אַ גאַניידן, ווו עס בליט, עס שמעקט, עס פליסט מילך און האָניק; ווו עס איז אָפן דער הימל, קעפּלעך פון מלאָכים קוקן אַרויס, ווינקען מיט גוטע, פרײַנטלעכע פּנימער און זינגען זיסע לידער פון האָפענונג, טרייסט, ליבשאַפט, ראַכמאָנעס, עס ווערט עפּעס גרינג אויפן האַרצן און עס לעבט זיך אַזוי גוט, אַזוי געשמאַק, מעכײַע.

אַלס מאַטעריאַל אויף צו בויען די דאָזיקע ווונדערלעכע וועלט האָבן אים געדינט אַלטע מײַסעס, וועלכע ער האָט זיך אָנגעהערט אַמאָל, נאָך אין קאַפּצאַנסק, אויך נײַע פון אַצינד. די געמאָרע מיט אירע טרוקענע, ערנסטע זאַכן האָט הערשעלען שוין ניט צופרידן געשטעלט, נאָך אָנגעמאַכט אויף אים גאָר עפּעס אַ מאָרעשכוירע. ער האָט זי געלערנט נאָר פון יויצע וועגן, ווײַל לערנען האָט ער געמוזט, ווײַל אַנדערש וואָלט ער דאָך מיִעס אַראָפּגעפאַלן בײַ די קלויז־באַלעבאַטים, און מע וואָלט אים מער ניט געגעבן קיין וואַרמעס; אויך ווײַל מוישעלע, דער כאַווער זײַנער, פלעגט אים אונטערטרײַבן אַלץ: לערנען, לערנען! באַם נעמען זיך צו דער געמאָרע איז אים געווען עפּעס ניט גוט, פריקרע, ער האָט באַדאַרפט זיך אָנטון אַ קויעך, פריִער זיך צעוויגן, צעשאָקלען, ביכדיי צו מאַכן זיך אַ כיישעק, און ס'איז אים געווען צום האַרצן, ווי באַם אַרײַנקריכן אין אַ קאַלט ביטל. געמאַכטער כיישעק אָבער איז אַ פײַערווערק, עס טוט אַ פלי מיט אַ פלאַם און ווערט באַלד טאַקע פאַרלאָשן.

נאָך עטלעכע מאָל אונטערטוקן זיך אין דעם „יאַם־האַטאַלמוד", האָט הערשעלע שוין געשפּירט אַ קעלט און זיך געײַלט אַרויס, אָנצוואַרעמען די נעשאָמע. אַן אָרט אויף אָנצוואַרעמען זיך איז פאַר אים געווען האַגאַדעטעס, מײַסעס אין הייליקע מוסער־ספאָרים, מיט וועלכע ער פלעגט זיך קוויקן, אַוועקשטעלנדיק אויף אַ ווײַלע אין דער זײַט רוווּנס אָקס און שימענס קו מיט דעם ביטאָכן: נישקאָשע, דער גוטער יאָר וועט זיי ניט געמען!...

הערשעלע האָט געלייענט זייער שיינע מײַסעס מיט רעב מאיר באַלאַנעס, מיט רעב יעהוישוע בען־לייווי, ווי עליאָהו האַנאָווי האָט אים איינמאָל מיטגענומען וואַנדערעווען בעקאָמפּאַניע אויף דער וועלט, נאָר ביטנײַ: הערן, זען און שווײַגן; מײַסעס מיט רעב כאַנינע בען־דויסע, אַ ביטערער עוויען, ווי עפּעס אַ האַנט פונעם הימל האָט אים געגעבן אַ גילדן פיסל פון אַ גילדענעם טיש; אויך מיט רעב שימען בען־כאַלאַפטע, ווי איינמאָל, אַז ער האָט ניט געהאַט אויף שאַבעס, האָט

מען אים פונעם הימל דערלאנגט א טײַערן בריליאַנט; ווי רעב שימען בען־יוחאַי האָט איינמאָל ארויסגעפירט זײַנע תּלמידים אין עפּעס א גרויסן טאָל און געזאָגט: טאָל, טאָל, פיל זיך אָן מיט רענדלעך! און ער האָט זיך אָנגעפילט טאקע באלד; ווי רעב אישמאָעל בען־עלישע האָט אראָפּ־געבראַכט פונעם הימל דעם „סאַרהאַטוירע" יופיעל האמאלעך, אינגאנצן פלאַם־פײַער מיט א שײַ־נענדיק פּאָנעם ווי א בליץ, און ווי עליאָהו האנאָווי האָט ראַבע באר ראַוו־כאַנינע — א גרויסן עוויען, געגעבן טײַערע שמעקנדיקע גאניידן־בלעטלעך, וועלכע יענער האָט פארקויפט עפּעס פאר צוועלף טויזנט גילדענע רענדלעך!

מוישעלע איז זייער ניט צופרידן געווען פון הערשעלעס פארטיפן זיך אין אזעלכע זאכן, אָפּרײַסנדיק זיך דערווײַל פונעם לערנען. און זיצנדיק ביידע אין קלײַזל בא אָפענע ספאָרים אַף די שטענדערס, פלעגט צווישן די צוויי כאַוויירים עפּעטערס פירגיין אזא שמועס:

— „הערשעלע, גוואלד, הערשעלע! טאָמער וואָלט שוין גענוג געווען זיך צו פארטיפן אזוי?"

— „הא, וואָס, מוישעלע?"

— „לערנען, הערשעלע!"

— „איך קוק דאָך ארײַן אין א סייפער, מוישעלע!"

— „וואָס טויג מיר אין א סייפער, קוק בעסער ארײַן אין דער געמאָרע. נו, הערשעלע, הייב אָן: טאָנו ראַבאָנען — האָבן די ראַבאָנען געלערנט..."

— „איַי איַי א גליק! אזא גליק!"

— „וואָס הייסט?!" — מאכט מוישעלע, אויסשטעלנדיק אַף הערשעלען א פּאָר אויגן. „נו זאָג שוין, גוואלד, וואָס טוט מען דאָ מיט דעם טויספעס? — הארבלעך!"

— „אך גוס, זייער גוט!"

— „זאָג־זשע, אויב ס'איז גוט!" — מאכט מוישעלע לעבעדיק, גאנץ זיכער בא זיך, אז דער טויספעס קומט בא הערשעלען אויס גוט.

— „דו פארשטייסט, מוישעלע, ווי גוט רעב יויסעפן האָט געמוזט זײַן אפּן הארצן, אז באַם אופשניידן פרײַטיק דעם פיש, געפינט ער, קאַבצן, אין בויך א טײַערן דימענט, וועלכן גאָט האָט אים צוגעשיקט!"

— „עט! — גיט מוישעלע א מאך מיט די אקסלען און קראצט זיך פאר פארדראָס. — אָבער טויספעס! וואָס וויל דאָ טויספעס האָבן פון ראַשע?"

אָט אזא שטייגער שמועס פלעגט פירגיין צווישן די ביידע כאַוויירים געוויינטלעך אינדער־וואָכן. מוישעלע האָט, קראַצנדיק זיך, אלץ אונטערגעטריבן, און הערשעלע האָט אלץ זיך אָפּגע־בעטן. דערפאר איז שאבעס־צו־נאכטס פאר הערשעלען געווען א לעבן. דענסטמאָל איז אים געשטא־נען פרײַ צו פארטיפן זיך אין וווּנדערלעכע זאכן, וויפל דאָס הארץ גלוסט. מוישעלע פלעגט דענסטמאָל געוויינטלעך פארברענגען דאָס לערנען און אים ניט עקבערן דעם קאָפּ מיט דער געמאָ־רע. הײַנט איז די דאָזיקע נאכט אליין טאקע עפּעס אזעלכע, וואָס איז מעסוגל צו טראכטן, צו פארפליִען אין הימל ארײַן. זי האָט אין זיך עפּעס אזעלכס, וואָס צעשרויפט דעם ייִדן, מאכט אַף אים א זיס־טרויערדיקע מאָרעשכוירע און דרייט, דרייט אים אינעווייניק אין דער נעשאָמע. עפּעס איז ער צעדרייט, אומרויִק און פארטראכט.

„ווילט איר דעם שאבעס־צו־נאכטס פארשטיין, מוזט איר צו דעם ייִדן אין הויז גיין!"

## דאָס צווייטע קאפּיטל

קומט־זשע, זײַט מויכל, אהער אַף א ווײַלע צו מוישעלעס פּאָטער!

מוישעלעס טאטע — שמוליק, איז א טאנדעטניק. א גאנצן טאָג פון פרי ביז אין דער נאכט לויפט ער ארום מיט אלטע זאכן, שלאָגט אָפּ די טירן צו קויפן און צו פארקויפן זײַן סכוי־רע. ער איז געקרומט, געבויגן, מיט א בלייך פּאָנעם, געקנייטשט, געעלטערט פאר זאָרג און צאָ־רעס. אָנלויפנדיק זיך ווי א הונט, קומט ער מיד, צעבראָכן אין זײַן ווינסט שטיבל — א קאַנורע, מיט עטלעכע גראָשן פארדינסט, און אמאָל גאָר מיט א ליידיקער קעשענע, כאַפּט אָפּ עפּעס, וואַר־מעס מיט וועטשערע איניינעם, און טוט זיך א וואָרף שלאָפן. ער ליגט, נעבעך, ווי א דערהאר־

געטער, פּילט אין זיך ניט קיין גאַנץ אייוועה. גאַנץ פּרי שטייט דער טויטער אויף, מישטיינסגעזאָגט, טכיעס־האמייסים און ווײַטער לויפן, ווײַטער ארומיאָגן זיך. אזוי פאַרברענגט ער זײַן הינטיש לעבן די גאַנצע וואָך.

פרײַטיק־צונאַכט באַקומט די קאַנורע עפּעס גאָר אַן אַנדער פּאָנעם — אויסגעשמירט, אויסגעוואַשן, ריין אין איטלעכס ווינקעלע. דער טיש געדעקט מיט אַ ווײַסן טישטעך, אויף אים דרײַ מעשענע, אויסגעשײַערטע לײַכטער מיט די בענטש־ליכט, און צוויי שיינע קוילעטשן, אָנגעשמירט מיט געלכן פון אַן איי, שײַנען פונדערווײַטנס, פאַרנעמען די אויגן. אין שטוב הערשט עפּעס אַ זיס רויִקײַט, עס שמעקט אַ רייעך פון צוגעדעמפּטע שפּײַזן, וואָס שטייען אויפן פּריפּעטשיק איבערגעדעקט מיט אַ קישן. די מאַמע, אַ גאַנצע וואָך פאַרשמירט, פאַרפּינצטערט, לויכט אין דעם שאַבעסדיקן שלייער, עס רויט אויף איר די שכינע. די באָרוועסע מיידעלעך, פאַרקעמט, אויסגעצוואָגן, האַלטן זיך איינגענעם אין אַ ווינקעלע, און מע זעט אָן אין זייער פּאָנעם, ווי זיי וואַרטן, קוקן אויף עפּעס ארויס מיט אַ פריילעכן האַרצן. — שאַ, עס הערט זיך טריט... מע גייט... די טיר עפנט זיך אויף.

— גוט שאַבעס! — זאָגט שמוליק, קומענדיק פון דער שול, און קוקט פרײַנטלעך מיט אַ שײַנענדיק פּאָנעם אויפן ווײַב, אויף די קינדער.

— גוט שאַבעס! — זאָגט מוישעלע הויך אויף קול, ארײַנלויפנדיק געשווינד ווי מיט אַ גרויסער פּסורע.

און דער טאַטע מיטן דעם זון הייבן אָן ביידע, ארומגייענדיק איבערן שטוב, צו זאָגן אויף אַ ניגון „שאָלעם אַלייכעם“! דאָס נעמט מען אזוי אויף די הייליקע מאַלאָכים, געשיקט פון דעם אייבערשטן, פונעם מײַלעך איבער אַלע מלאָכים, האַקאָדעש־באָרעכ־הו, וואָס האָבן זיי באַלייט פון דער שול אַהיים. דער כאַנדעטניק איז שוין ניט מער קיין הונט, ער איז אַ פּרינץ, עפּעס האָט ער באַקומען אַ נײַע נעשאָמע, אַ נײַע הויט. ער מאַכט קידעש, וואַשט זיך, זעצט זיך צום טיש, דאָס ווײַב, די פּרינצעסן, און די קינדער ארום אים, מע שטופּט דעם גאָפּל, דעם לעפל און מע כאַפּט אַ שטיקל פיש, אַ לאָקש, אַ ביינדל, אַביסל צימעס — אַזעלכע מאַכאָלים, וואָס מע האָט עס אַ גאַנצע וואָך אין די אויגן ניט געזען. איטלעכס פון די קינדער עסט עס, שטאַרק היטנדיק זיך, קיין ברעקל זאָל, כאָלילע, ניט אַראָפּפאַלן, עפּעס מיט אַ גוט ערנסט פּענעמל, וואָס וועקט אויף אין האַרצן געפילן פון ראַכמאָנעס, עפּעס גאָר ווי אַ וועוועריקל, וואָס זיצט זיך אויף אַביימל און קנאַקט עפּעס אזוי שיין, אזוי ערנסט אַ ניסל...

שמוליק שטעלט די „קיילע“ צו די זמירעס און שפּילט אָפּ טשאַקנדיק אַ „מאַ יעדידעס“:

„ווי ליב די רו איז דײַנע,
פּרינצעסן שאַבעס פײַנע!
מיר לויפן דיר אַנטקעגן אַלע,
מיר בעטן: קום, געקרוינטע קאַלע!..
פון אַלע מעלאָכעס איז אַן עק,
די אַרבעט לייגט מען איצט אַוועק,
זיך טײַנעג אָנצוטון באַם טיש,
מיט הינער, כאַלע, פלייש און פיש“.

סאַמבאַטיענ דער טײַך, וואָס לויפט, רוט ניט די גאַנצע וואָך, בלײַבט שאַבעס פּלוצים שטיין, „עס הערן אויף די קוילעס, גוואַלדן, ווען הויך דער ייִד זינגט די זמירעס זײַנע. דער שרעקלעכער טײַך שטערט אים ניט אין דעם שטייגער זינגען, עס שווײַגן די בייזע כוואַליעס, אויס ראַש, שאַ, ס'איז רו!..“

אזוי פרייט זיך אַ מעסלעס דאָס האַרץ, אַ פרייד, אַ סימכע אויף די אַלע ייִדן, זיי זײַנען פרײַ פון זאָרג און שטאַרק צופרידן.

אויפן אַנדערן טאָג פאַרנאַכט, נאָך שאָלעסודעס, זיצט אונדזער שמוליק אַראָפּגעלאָזט די נאָז אין שול. ס'איז טונקל. ייִדן ברומען, זאָגן אויף אַ קרעכצנדיק קאָל דאָס קאַפּיטל טילים „אַשרע טמימע דערעכ“, וואָס דערמאַנט אין דעם, אַז די פּרינצעסן־שאַבעס קלײַבט זיך אין וועג ארײַן. עס הערשט עפּעס אַן אומעטיקײַט, און עס שמעקט מיט ראָסל פון אוגערקעס. די זון איז שוין

פארגאנגענע, פײַער־רויטע וואָלקנס סארפּענען באַם עק הימל, און עס שטעלט זיך יידן פּאָר דער ברענענדיקער געגנעם. עס קלינגט זיי אין די אויערן דער שרעקלעכער באַפעל: „יאָשווו רע־שאָים לישאָל" — די רעשאָים אַפ יענער וועלט, וועלכע מע האָט געלאָזט שאַבעס צורו, זיך קויקלען דאָרט פרײַ אַפ בערג פון שניי, טרײַבט מען עס אַציינד ווידער אין כיידער אַרײַן: גייט זיך פּרעגלען אַהין אין געגנעם! און מאַלאַכע־כאַבאָלע דרייען זיך עפּעס פאַר די אויגן. אַך, דער געגנעם! דער ייִד, נעבעך, זעט פאַר זיך דעם געגנעם.

אינדערהיים באַ זיך זיצט אַפ דער מילכעדיקער באַנק דאָס ווײַב, פאַרלייגט די הענט, און די פּיס אונטער זיך. ס'איז פינצטער. אַ ליכטיקער פּאַס פון דער לעוואָנע שײַנט אַרײַן דורך אַ פענצטערל, אָפּשלאָגנדיק זיך אַנטקעגן אַפ דער וואַנט, אַפ דער סטעליע, און שאָטנס פון מעשונעדיקע געשטאַלטן טאַנצן, שפּרינגען, מאַכן אָן עפּעס אַ מוירע אַפ די אַלע קינדער, וואָס שטיקן זיך צונויף איינעם, ווי די דערשראָקענע שעפּעלעך, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, איינס מיט דעם אַנדערן ניט צו רעדן קיין וואָרט. שאַ שטיל! נאָר אַ פּאָר גרילן גרילצן זיך איינע מיט דער אַנדערער איבער אין די שפּעלטלעך ערגעץ אין אַ ווינקל. דאָס ווײַב זיצט פאַרטראַכט, שאָקלט מיט דעם קאָפּ און נעמט זיך דערנאָך זאָגן מיט אַ געגנעץ: „גאָט פון אווראָם... אַז דער ליבער שאַבעס קוידעש גייט אַהין"... אַפ אַ טרויער־ויִנגענדיק קאָל. — אַן עק, הייסט עס, אַ סאָף. מע רײַבט, רײַבט מיט קונצן עפּעס אַ מין שוועבעלע, אַ צווייטס, אַ דריטס, ביז עס ווײַזט זיך מיט אַ בײַזער, אין אַ רויך, אַ געשטאַנק, אַ בלוי־רויטלעך פײַערל, באַ וועלכן מע צינדט נאָך פּיל מי אָן אַ גראָשן ליכטל.

— גוטע וואָך! — זאָגט איטלעכער און פּילט, ווי עס רײַסט זיך אים עפּעס אָפּ אינעווייניק אין האַרצן.

— אַ גוטע וואָך! — זאָגט שמוליק אַפ אַ פאַרדומפּטן קאָל באַם אַרײַנקומען אין שטוב, ווי אַ קעצעלע. ער דרייט זיך אַרום ווי אַ נעכטיקער, די אויגן זײַנע וואַרפן זיך עפּעס, דאָס פּאָנעם בלייך, און מע זעט, ווי אין אים גייט פּאָר עפּעס אַ פאַרענדערונג.

דאָס הייבט זיך אין אים אָן דאָס איבערקערעניש פון אַ פּרינץ ווידער אין אַ הונט. עס שטעלט זיך פּאָר שמוליקן די וואָך מיט דעם הינטישן לעבן: מיט דעם אַרומלויפעניש, מיט דעם קאָפּדרייעניש, מיט די כאַרפּעס, ביזוינעס און דעם זוכעניש דאָס דאַר שטיקל ברויט — און עס באַשלאָגן אים אַנגסטן. נאָר דער פּרינץ וויל זיך אָבער אַזוי גיך ניט אונטערגעבן, ער ראַנגלט זיך, לאָזט זיך ניט נעמען אין געגנעם אַרײַן, פּלוצים אין אַ הונט פאַרוואָרפן צו ווערן! ער צאַפּלט, ער זוכט, אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן, טאָמער איז נאָך פּאָרט דאָ עפּעס אַ האָפענונג, גאָט קאָן נאָך ראַכמאָנעס האָבן — און די האָפענונג גיט אים אַ שײַן אין דער ברענענדיקער האַוודאָלע. פּרום, מיט פאַרגלאָצטע אויגן נעמט ער זיך מאַכן האַוודאָלע: „הינעי איל יעשואָסי" — אָט איז ער, דער גאָט פון מײַן הילף, „עפּטאַך וועלוי עפּכאָד" — איך בין פאַרזיכערט און שרעק מיך ניט!... ער שמעקט און מינטערט זיך מיט בסאָמים, ער טרינקט פון קאָס און שמירט דערפון די קעשענעס — אַ סגולע צו אַ גוטער, מאַזלדיקער וואָך. און די האָפענונג שײַנט אים אויך אין די שאַבעס־צו־נאַכטיקע זמירעס. ער הייבט אָן אַפ אַ זיס־טרויערדיקן ניגן אונטערצוזינגען „האַמאַווודל"...

און די האָפענונג שײַנט אים נאָך מער אין דעם „איש כאָסיד". עס צעפּלאַקערן זיך אים די אויגן. עס פאַרפאַרבט אים זיך אַביסל רויטלעך דאָס פּאָנעם, ער קוקט אָפּן אויף אַפ די קינדער, און מיט ביטאָכן אַפ גאָט ברומקעט ער באַהאַרצט דאָס וואונדער־שיינע מײַסעלע מיט דעם כאָסיד.

— אַך, גאָטעניו! — לאָזט שמוליק אויס דעם „איש כאָסיד" מיט פאַרגלאָצטע אויגן און פאַרגייט זיך, אונטערברומענדיק זיך אַ וויינענדיק ייִדיש שטייגערל אַפ דער דינער סטרונע — אַך עפּעס אַ נעס, און העלף, גאָטעניו, העלף, העלף, ווי איז מיר!

— גוטע וואָך! — זאָגט מוישעלע, אַרײַנקומענדיק אין שטוב, און מיט אים קומט געוויינטלעך שאַבעס־צו־נאַכטס אויך הערשעלע אַפ מעלאַווע־מאַלקע. זיי זאָגן ביידע די זמירעס — פון „וויִטן לעכאָ", וווּ יידן ווערט צוגעזאָגט אַלדאָס־גוטס פון פּייגל־מילך: אַ געגרעטעניש אין טווע, טשערעדעס בעהיימעס און שאָפּ, די בראָכע אין דער דייזשע, אין דער ספּיזשאַרנע, אין דעם האַנדל, אוישער אויך קאָוועד און נאָך גרויסע גליקן — ביז נאָך די „עליאָהוס".

אפן פריפעטשיק ברענט א פײַערל, די מאמע פאָרעט זיך עפּעס נעבן אויוון, דאָס הויזגעזינד זיצט ניט ווײַט בא א טיש, איטלעכער מיט עפּעס א שטיקל ארבעט, און איינער פון די ביידע כאווירים, אמאָל דער, אמאָל יענער, לייענט זיי פיר דעם „סייפער האיאָשער", די מײַסע דאָרט, ווי די ברידער פארקויפן יויסעפן אוכעדוימע נאָך אזעלכע שיינע מײַסעס פון הייליקע ספאָרים. דערבײַ שפּינט זיך א שמועס, איטלעכער וואַרפט ארײַן א וואָרט, מע פארפליט ווײַטלעך, מע איז עפּעס ניט אפּ דעם אוילעם — און דערווײַל ווערט פארטיק דער באָרשטש, מיט וועלכן מע באלייט שאבעס־האמאלקע. אין שטוב זעט טאקע אויס ווי אפן הארצן: האלב שאבעסדיק, האלב וואָכעדיק, האלב זיסלעך, האלב זויער, אזויווי באַם לעצטן וואַרמעס, ווען מע ריכט אויס א טײַערן גאסט אין וועג ארײַן — מע זופּט און מע טרייסט זיך, זיך איינגיכן ווידער צו זען...

אָט די אלע יענע וואונדערלעכע מײַסעס, ווי עס געשעען גרויסע ניסים מיט מענטשן אין דער וועלט און ווי עליאָהו־האנאָווי באגליקט אמאָל נויטבאדערפטיקע, אָרעמינקע, נעבעך, האָבן הערשעלען געטרייסט, פארזיסט זײַן ביטער לעבן. די אלטגעבאקענע מײַסע מיט רעב שמעלקען איז בא אים אצינד אופגעפרישט געוואָרן. ער האָט געגלויבט אין איר הייליק און געטראכט, אז עליאָהו־האנאָווי האָט אמאָל רעב שמעלקען געהאָלפן, קען דאָך זייער גוט מעגלעך זײַן, ער זאָל אים אויך העלפן. פארוואָס דען ניט? — מע באדארף נאָר ניט פארלירן די האָפענונג, בעטן גאָט, דאוונען פונעם גאנצן הארצן.

בא הערשעלען הייבט זיך אָן יענע געוויסע צײַט אין דעם מענטשנס לעבן — די וועסנע־צײַט פון דער עמונע, ווען עס שפּראָצן פרישע בלעטלעך פונעם גלויבן, ווען עס בליט די האָ־פענונג, עס עפנט זיך א קוואַל געפילן פון ליבשאפט, דער „קוייעך האמדאמע" צעשפילט זיך, פליט אין הימל און קיין זאך איז פאר אים ניט צו שווער, ניט אומעגלעך. עפּעס גלייבט זיך, האָפט זיך, טיף פונעם הארצן גיסן זיך הייסע טפילעס צו גאָט און עס ווייַנט זיך שטילערהייט, אמאָל באנאכט אפן געלעגער, עפּעס אזוי געשמאק...

עס פארשטייט זיך, ניט בא איטלעכן איז די דאָזיקע וועסנע־צײַט גלײַך, בא א טייל מענטשן גייט זי איבער קאלט, מיט פוילע ווינטן, ניט איבערצולאָזן פון זיך אין דעם לעבן עפּעס א זיי־כער. אזעלכע, ווי בא הערשעלען אָבער, טרעפט זיך נאָר בא איינעם פון טויזנטער — בא מענטשן מיט גײַסט, די „אטאָבעכארטאָניקעס" אליין...

און אונדזער הערשעלע נעמט זיך אצינד געשמאק צום דאוונען מיט א ברען. ער דאוונט ווי א ייִד דרײַ מאָל א טאָג מיט דעם אוילעם, און דאוונט, בעט אויך שטיל פאר זיך אליין, ווען נאָר עס קומט אים אָן דער כיישעק. די צײַט גייט זיך דערווײַל איר גאנג, עס ווערט טאָג און אכט, ווי דער שטייגער איז, טאָג און נאכט ווערט אויך בא הערשעלען אין דער נעשאָמע, געפילן פון האָפענונג און מאָרעשכוירע בײַטן זיך אין אים קעסיידער איינע נאָך די אנדערע.

## דאָס דריטע קאפיטל

די לעוואָנע, באָרכו און קדושע זײַנען טאקע עפּעס נאָר ווי א מאגנעט, וואָס ציִען צו פון־דערווײַטנס ייִדן און שטעלן זיי אָפּ, זיי מעגן זיך ווי קיין צײַט ניט האָבן און לויפן גאָר אָן א נעשאָמע. איר גייט אײַך אין גלופּסק, אשטייגער, אָונטצײַט אפּ דער גאס, שטארק פארטראָגן אין אייסעק. פּלוצים קומט אײַך פון דער זײַט גאס צו די אויערן עפּעס א מין „שאָלעם־אליי־כעם"! באלד טאקע געפינט איר זיך צווישן א רעדל ייִדן, ענטפערט איטלעכן אפּ א זינגענדיק קאָל: „אלייכעם־שאָלעם"! שאָקלט אײַך און שפּרינגט מיט אלע איינינעם אנטקעגן דער לעוואָנע. אין אײַלעניש, אין לויפעניש אמאָל פארבײַ א קלײַזל, א שטיבל, הערט איר פּלוצים א פּויקן מיט פינגער אין די פענצטער — גיכער, רעב ייִד, גיכער! איידער נאָך איר באטראכט זיך, שטייט איר שוין מיט ביידע פיס אינעווייניק, דאָרט בא דער טיר און מאכט אָנגעבויגן „באָרכו", אָדער איר שפּרינגט „קאָדעש" מיט דעם גאנצן אוילעם ייִדן דאָרט.

דענסטמאָל זײַט איר ניט אײַערער, איר האָט איבער אײַך אליין קיין שליטע ניט, גלײַך ווי מע וואָלט אײַך אָפּגעטאָן א קישעף. דעסגלײַכן טרעפט זיך מיט אײַך אמאָל, ווען איר שטייט פרימאָרגנס אין קלויז, עס שפּארט אײַך אונטערן לעפעלע און איר האָט בעדייע עפּעס צו טון. פּלוצים שארט זיך, ווי א קעצעלע, צו עפּעס א ייִד, שוין נאָך נעקיִעס, שטעלט זיך פון אײַער.

קאָועד וועגן נעבן אײַך און, רײַבנדיק די הענט אײַנגעהויקערט, שיינ, פײַנ, מיט א פרום פּע־נעמל, הייבט ער אָן זיס־מעכײַיע די בראָכעס: „אשער נאָסן לאשעכווי בינע" — וואָס האָט דעם האָן געגעבן פארשטאנד, „לעהאווכינ ביינ יוימ אווויינ לײַלאָ" — אונטערצושיידן צווישן טאָג און נאכט. איר, איינ ברײַרע, ענטפערט: „באָרעכ־שעמוי, אָמיינ!" קנײַטשנדיק זיך מיט אן ערנסט־זויער מינעלע. ער טוט אײַך א טויווע, שיט מיט בראָכעס, איינע נאָך דער אנדערער, און איר אלץ: „אָמיינ, באָרעכ־שעמוי־אָמיינ!" שטייט עפּעס ווי צוגעקאָוועט, ניט צו רירן זיך פונעם אָרט, גלײַך ווי מע וואָלט אײַך, מעכילע, געמאָלקן... קוימ אָבער האָט איר אָפּגעשאָלעמ־אלייכעמט, אָפּגעבאָרכעט, אָפּגעקאָדעשט, אָפּגעסילעקט אײַערע אָמיינס, גיט איר א מאכ מיט די אקסלען, טוט זיך א קראַצ, שפּײַט אויס גאנצ פּײַנ — און גייט אײַך ווידער אײַער וועגס.

אפ אונדזער רעב אווראָמס פּויקן אינ פענצטער צו מינכע, האָבן זיך ארײַנגעכאפּט ראַפּטאָם עטלעכע ייִדן, וואָס זענען געגאנגען פארבײַ דעם קלײַזל. זיי האָבן אינ אײַלעניש געכאפּט א גאָטס וואָרט, געשפּרונגען „קאָדעש" פארסאָפּעט, גאָר אינ איינ אָטעמ — און באלד דערנאָך טאקע זיך צעלאָפן. איינער נאָר איז איבערגעבליבן. ער האָט עפּעס א ווײַלע זיך געדרייט, ארומ־געקוקט און פון גאנצן באנעמען זיך זײַנעם האָט מען ארויסגעזען, אז ער איז א פרעמדער, ניט קיינ היגער. די לאנגע גלאנצנדיקע נאָז זײַנע האָט געזאָגט, אז ערשט הײַנט, נעכטן איז זי פונעם וועג, ווו דער ווינט האָט זי שטארק געפּײַניקט, זי געטשיפּעט און מיִעס איר אָנגעפּײַפּט. די צוויי גרויע, קאצענע אויגן זײַנע האָבן זיך געוואָרפן, ניט צו קוקן גלײַך אינ איינ זײַט, ווי זיי וואָלטן געווען בארויגעז — איינע האָט געקוקט קיינ דאָרעמ, און די אנדערע קיינ צאָפן זײַט.

רעב אווראָמ האָט, ווינקענדיק מיט דער האנט, צוגערופן דעם פארשוינ און אים אָנגעוויזן אן אָרט נעבן זיך. באמ דאוונען האָט דער פארשוינ זיך געשאָקלט מיט כיינ, גאנצ ייִדישלעכ, און פונעם שאָקלען זיך זײַנעם האָט מען אויסגעזען, אז ער איז א טאטנס א קינד, ניט קיינ פראָסט מענטשל.

— אפּאָנעם, ניט קיינ היגער? הא? — האָט רעב אווראָמ נאָך דעם דאוונען זיך געווענדעט צום פארשוינ, אָנקוקנדיק אים מיט א פרײַנטלעכער מינע.

— וואָס דען? — גיט דער פארשוינ, ווי דער שטייגער איז, א „פרעגנדיקן ענטפער" אפ עפּעס א מינ קרעכצנדיק־כסידיש כאָרכעלע, שנײַצנדיק דערבײַ גאנצ ברייטלעכ די גלאנצנדיקע נאָז, וואָס האָט זיך צעגאָסן אינ שטייגער און גענאָסן ביין אפ א הילכ.

— א, אויב אזוי, שאָלעמ־אלייכעמ! — פאָרט רעב אווראָמ ארײַנ צום פארשוינ מיט דער האנט, — פונוואנען זאָל עס, הא, א ייִד זײַנ?

— האפּ־סי! האפּ־צי! — ענטפערט אָפּ ניסנדיק די נאָז פאר איר באלעבאָס.

— פונ יעהופּעצ עפּשער? עפּעס אזוי זעט עס מיר אויס — מאכט זיך רעב אווראָמ זײַנ האשאָרע דערווײַל, איידער די נאָז וועט זיך בארויִקן, און איז זי מעכאבעד אגעוו מיט א שמעק טאבעקע.

— ווענ שטעלט מען זיך בא אײַך דאָ מאָרגן פרי דאוונען? — פרעגט דער פארשוינ, נאָכ־דעם ווי ער האָט זיך אָפּגעפּארטיקט מיט דער נאָז.

— ווענ? פרעגט איר — ענטפערט רעב אווראָמ — ווי געוויינלעכ. וואָס איז?

— יאָרצײַט האָב איכ, פארשטייט איר מיכ. דעמ זעקסטן טאָג אינ טאמעז האָב איכ יאָר־צײַט נאָכ א טאטנ — מאכט דער פארשוינ מיט א זיפצעלע.

— אזוי, יאָרצײַט? — זאָגט רעב אווראָמ, א נעמ געבנדיק זיך בא דער באָרד. — זייער אָנ־געלייגט, כלעבן. קומט־זשע, זײַט מויכל, מאָרגן אינ דער געוויינלעכער צײַט.

דער פארשוינ איז נאָכ אביסל געזעסן, שמועסנדיק מיט רעב אווראָמען, און די אויגן האָבן זיך אים דערווײַל געוואָרפן אינ איטלעכס ווינקעלע. באמ אופהייבן זיך פונעם בענקל האָט ער זיך מיט א קרימעלע געקראַצט אינ די פּייע, גלײַכ ווי דאָס ארויסגיינ פונ מאָקעמ־קאָדעש איז אים שווער.

„דאכט זיך, הא?.. נישקאָשעדיק פונ א ייִדנ"... מאכט רעב אווראָמ שטיל פאר זיך, אופ־הייבנדיק זיך פונ זײַנ אָרט, נאָכדעם, אז דער פארשוינ איז אוועקגעגאנגען. און ווענדנדיק זיך צו מוישעלען, וואָס האָט גערעדט מיט הערשעלען אינ א ווינקל, רופט ער זיך אָן הויכ:

— אהייכ, שקאָצ! קומ, צײַט זיך אויסצורוען פאר א גאנצן טאָג און שלאָפן. — און דו, שקאָצ, — זאָגט ער צו הערשעלען, — לייג זיך דאָ אויכ שלאָפן. הונגעריק ביסטו ניט, הא?

— ניין! — ענטפערט הערשעלע מיט דעם מויל און אין הארצן בא זיך טראכט ער: אוי, עסן!... אוי וואָלט איך עפעס געגעסן!..

רעב אווראָם אָבער איז געשטאַנען, ניט צו רירן זיך פון דעם אָרט. ער האָט באַשולדיקט אַליין זיך אין הארצן, וואָס, פאַרדרייענדיק זיך מיט דעם ייִדן, איז אים דערוויַיל גאָר פון זי־נען ארויס צו בעטן איינעם פון די באַלעבאַטים — נעמען הערשעלען אַף וועטשערע. הערשע־לעס ענטפער „ניין!", דאָס הייסט ניט הונגעריק, האָט ער אָנגענומען גלאַט אַזוי פאַר א זאָג, אויס איידלקייַט נאָר, ווייסנדיק זייער גוט, אַז פון איין מאָל אין טאָג עסן, און נאָך וואָס פאַר אַן עסן, מישטיינסגעזאָגט — טרוקן ברויט מיט א קנאָבל, קען א מענטש ניט זאַט זיַין, ביפראַט נאָך א יונג קינד, בא וועלכן דער אַפעטיט איז גרויס. ער איז געשטאַנען עפעס צעדרייט, ניט אהין, ניט אהער, און א קוק געבנדיק אַף מוישעלען, אים צעמישט עפעס א פרעג געטאָן:

— נו, ביז ווי לאַנג וועסטו שטיין?.. געַנוג גערעדט!

— רעב אווראָם, — זאָגט מוישעלע, — ער איז געבליבן אָן וועטשערע, הערשעלע!.. איך בעט אים דאָ, קום מיט מיר אהיים עפעס עסן. וואָס איז? נישקאָשע — און ער וויל ניט!

— וואָס, וואָס? — מאַכט רעב אווראָם שטאַרק צעקאָכט, עפעס גאָר אָן ווערטער.

— בעט איך אים: נו, וועל איך דיר ברענגען עפעס פונדערהיים אהער, וויל ער אויך ניט!

— כלעבן, נאַרעלע, — ווענדעט זיך מוישעלע מיט א געבעט צו הערשעלען, — וואָס האָסטו מוי־רע? עס וועט, נישקאָשע, פאַר מיר אויך געַנוג זיַין. נו, יאָ?

הערשעלע שאָקלט מיט דעם קאָפּ אַף ניין, ניט ארויסצוברענגען פונעם מויל קיין וואָרט. אין הארצן קאָכט אים ווי אין א קעסל און די פאַרב שטייט אים אין פּאָנעם.

רעב אווראָם זוכט דערוויַיל בא זיך אין קעשענע, באַקומט פון דאָרט א הארטן דריַיער, וועלכן ער שטופּט הערשעלען אין דער האַנט, בעטנדיק אים פונעם גאַנצן הארצן:

— נעם, נישקאָשע!.. וועסט דערפאַר עפעס קויפן.

הערשעלע נעמט דעם דריַיער און באַוואַשט זיך מיט די טרערן...

## דאָס פערטע קאַפּיטל

אַף מאָרגן איז דער פאַרשוין געקומען דאַוונען אַקוראַט אין דער „געוויינלעכער צייַט" און איז ווידער טאַקע געזעסן נעבן רעב אווראָמען. די נאָז האָט אים אַלץ טאַקע געגלאַנצט, נאָר ניט שוין אַזוי גענייסט מיט אַזא בייזער, ווי נעכטן.

צו דער טוירע האָט מען אים אופגערופן (דאָנערשטיק איז געווען דענסטמאָל): יאַמויד רעב שנייער־זעוו־וואָלף בעהערעב שראַגע־פייַוויש!

רעב אווראָם האָט נאָכן דאַוונען געלערגט א פיירעק מישנייַעס און אים מעכאַבעד געווען זאָגן א ראַבאָנען־קאַדעש. געזאָגט האָט ער בענימעסדיק, גריַילענדיק דערביַי א פייע, מיט צו־געמאַכטע אייגעלעך, געשאָקלט דאָס קעפּעלע גאַנץ לייַטיש, און יענע מינע ייִדן, וואָס פאַרבלייַבן געוויינטלעך אַף א שאָ א נאָכן דאַוונען איבער דעם דרויב, שטיקלעך יעהי־ראָצנס און דעם כאָקל, האָבן אים געשענקט אָמיינס פונעם גאַנצן הארצן מיט דער קאַוואָנע — יאָרצייַט־בראָנפן. די דאָזי־קע קאַוואָנע איז זיי געלעגן אין די ליפעלעך, אין די גערגעלעך, ווי זיי האָבן זיך באַלעקט און געשלונגען די סלינקע. ניט דעריבער, וויַיל זיי זאָלן לאָעט אַזוי זיַין נאָך אביסל מאַשקע, כאָלילע! שיקרעס איז בא זיי די גרעסטע אווירע; נאָר דעריבער, וואָס אין דעם יאָרצייַט־בראָנפן ליגט עפעס א באַזונדער מין יעיצערהאָרע, עס האָט עפעס אַן אַנדער טאַם — א קאַפּאָרע שאַמ־פּאַניער, דער בעסטער „נעסעכ"! דער שאַמעס האָט טאַקע באַלד געבראַכט א קוואָרט בראָנפן — שליש מיט קיכלעך, אייערבייגל צום פאַרבייַסן און מע האָט זיך גענומען מאַכן לעכאַיִם.

— לעכאַיִם, רעב שנייער־וואָלף! — בעבעט איינער, — האַשעם־ייִסבאָרעך זאָל געבן... בעפּאַשטעס טאַקע, הא, — פּאַרנאָסע... פּאַרנאָסע זייַנע ייִדעלעך, אָך־אָך — כאָ!

— לעכאַים רעב, רעב... הא? שנייער! אָט וואָס, רעב שנייער! — קוועטשט זיך נאָך איינער אויס עפעס צו זאָגן נאָכדעם, ווי ער האָט פריִער אָפּגעזופּט אביסל פונעם קעלישעק און זיך באַלעקט. — פּאַרנאָסע, מאַכטייסע! ווי ארום? בע... דערופ איז ער דאָך א ריבוינעשעלוילעם, הא!..

אזוי צי אזוי — ווייס איך? — אָט לאָז ער אײַך העלפֿן... האָט איר עפּעס דאָ, הא!... א געשעפֿטל?.. וואָס?.. — לאָזט ער אויס כאָכמעדיק, א טאַפּ צו געבן דערווײַל אינ וואָגן.

— ע-עט!.. — מאכט שנייער עפּעס אָנ ווערטער.

— אהער, שקאָצ! — רופֿט רעבֿ אווראָם צו הערשעלען, וואָס איז אינ א ווינקעלע געזעסנ מיט מוישעלען איבער דער געמאָרע — נא! איינ אייערבייגל דיר מיט אביסל בראָנפֿנ, אונ דעם אנדערנ גיבֿ דאָרט יענעמ שקאָצ, דײַנ כאווער.

דעמ פֿארשוינס אייגעלעך האָבנ זיך אינ איינ צײַט געוואָרפֿנ אפֿ הערשעלען דאָ, אונ אפֿ מוישעלען דאָרט אינ ווינקעלע.

אז דער אוילעמ איז זיך צעגאנגענ, האָט דער פֿארשוינ זיך ארײַנגעלאָזט מיט רעבֿ אווראָמענ אינ א שמועס מיקויעך ייִדנ, קרעכצנדיק שטארק, מעקאנע געווענ יענע, וואָס קאָנענ זיצנ אינ בעסמעדרעש „אל האטוירע וועאל האָאווידע“, אונ אגעוו טאקע א טאַפּ געבנדיק מיט א פֿרעג:

— ווער זענענ עס בא אײַך יענע צוויי באָכערימלעך דאָרט, וואָס זיצנ איבער דער געמאָרע? גאנצ פֿײַנע קינדער.

— א מיִיונ, כלעבנ! — ענטפֿערט רעבֿ אווראָם מיט א שטאָלצ שמייכעלע, ווי א פֿאָטער בעשאס מע לויבט אים זײַנע קינדער. — איינער איז א היגער טאקע, אונ איינער, וועלכנ איך האָבֿ פֿריִער צוגערופֿנ, איז, נעבעך, א גער, פֿונ א שטעטל, א יאָסעמ. האלט זיך דאָ אופֿ. א צאצקע!

— מע זעט עס אימ ארויס באלד טאקע אינ פּאָנעמ. — מאכט דער פֿארשוינ א קוק געבנדיק אינ הערשעלעס זײַט, — א שאָד, כלעבנ, ער מוז דאָ, נעבעך, אָפּקומענ.

— אוואדע, אוואדע! — זיפֿצט רעבֿ אווראָמ. — אנ אָרעמ קינד, אנ עלנט יאָסעמל, נעבעך.

— ווייסט איר וואָס! — רופֿט זיך אָנ דער פֿארשוינ נאָכדעמ, אז ער האָט אביסל געטראכט, אונ די גרויע אויגנ האָבנ זיך אימ צעפֿלאקערט — ווייסט איר, וואָס מיר איז דאָ פֿאר אימ אײַנגעפֿאלנ?

— א קאשע אפֿ א מײַסע! — מאכט רעבֿ אוראָמ מיט א גוט שמייכעלע. פּאָכנדיק אפֿנ קאָפּ מיט דער יארמעלקע. — עפּשער א שידעך, הא?

— קעמוי ווי א שידעך, — מאכט מיט אנ ערנסט פּענעמל דער פֿארשוינ. — שפּעטער, מיט דער צײַט קענ טאקע זײַנ, אימירצעשעמ, א שידעך. ס'איז דאָ אויך א בסולע, פֿארשטייט איר מיך. די מײַסע דערפֿונ איז אזוי... לאָזט זיך נאָר דינענ.

— זאָגט, אדעראבע, זאָגט, מאכטייסע.

— בעקיצער, צו וואָס דאָ א יאמ ברײַענ, — צעשאָקלט זיך דער פֿארשוינ, — די מײַסע, אָט, איז אזוי: מיט מיר איז דאָ מײַנער א שותעפֿ, א גאנצ פֿײַנער באלעבאָס, ווי איך זאָג אײַך, גאָר ניש־קאָשעדיק. האָט דער שותעפֿ מײַנער, פֿארשטייט איר מיך, א ייִנגעלע אונ וויל זייער, דאָס ייִנגעלע זאָל קענענ לערנענ. בא אונדז דאָרט די כאדאָרימ זענענ, ווי זאָל איך אײַך זאָגנ, עט... דער בראָדער מעלאמעד איז א בעהיימע, דער ליטוואק — א צײלעמ־קאָפּ אונ די איבעריקע — טפֿו!... מיינ איך, אז אײַער יאָסעמל זאָל עס, אפֿאָנעמ, פֿאר מײַנ שותעפֿס ייִנגל זײַנ... איר פֿארשטייט?

— איך פֿארשטיי. איר מיינט, מײַנער זאָל לערנענ מיט דעמ ייִנגעלע.

— מ־מהו! — מאכט דער פֿארשוינ, בלינצנדיק מיט די אייגעלעך — אָט דאָס מיינט דער פּאָסעק. עס וועט אימ זײַנ גאנצ גוט. ער וועט האָבנ קעסט, זײַנ באשוכט אונ באקליידט. וועט ער נאָר קיינ שויטע ניט זײַנ, קענ ווערנ א שידעך אויך. פֿארוואָס ניט? א בסולע איז דאָ... צעקײַט עס נאָר.

— דאכט זיך אינ פּלוג, הא? נישקאָשע! — זאָגט רעבֿ אווראָם אונ רײַבט דעמ שטערנ.

— וויל איך, — דערקלערט עס גאנצ קלאָר דער פֿארשוינ, — וויל איך, פֿארשטייט איר מיך, גאָר פּאָשעט טונ א מיצווע. פֿארזאָרגנ א יאָסעמ. מיסטאָמע איז דאָך אזוי באשערט. — נו האָט איר עס צעקײַט?

— ניט שלעכט, — ענטפֿערט רעבֿ אווראָם. — נאָר...

— וואָס נאָר?! — טוט זיך דער פֿארשוינ א כאפּ. — ניט שלעכט, זאָגט איר; ניינ — גאנצ גוט! אָט דאָס איז דאָך די מײַסע מיט א ייִדנ, האָט קיינ פֿאריבל ניט! וואָס נאָר? נאָר וועל איך זאָגנ׳

מע מוז דעם שוטעף מײַנעם װײַזן פּריִער דאָס באָכערל, לאָז ער אים געפעלן. אָט װאָס! װילט איר האָבן אַ כײַלעק אין דער מיצװע, האיעט־זשע ניט און לאָזט, זײַט מויכל, דעם קלײנעם מיט מיר גײן צו מײַן־שוטעף. באַלד טאַקע, ניטאָ קײן צײַט.

— טאַ! — מאַכט רעב אַװראָם, אופהײבנדיק זיך פונעם בענקל. — אָט גײ איך מיט מײַנעם איבערשמועסן.

אין דעם פּאָנעם פון רעב אַװראָמען און פון הערשעלען איז געװען צו דערקענען, אַז בײדע קװענקלען זיך עפּעס אין האַרצן, כאָטש רעב אַװראָם האָט די זאַך אַנידערגעשטעלט גלאַטיק, און הערשעלע האָט, קוקנדיק אים אין די אויגן, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אַפּ־יאָ.

דער פּאַרשױן האָט עס פונדערװײַטנס זײער גוט באַמערקט, נאָר ער האָט געמאַכט אַ מינע, װי פאַר אים איז אַלצײנס. און, אופהײבנדיק זיך פונעם אָרט, רופט ער זיך אָן מיט אַ קנײ־טשעלע:

— ניטאָ קײן צײַט! װיל ער, זאָל ער באַלד מיט מיר גײן... װי איר װילט אײַך.

— נאָך אַ רעגעלע, אײן רעגעלע! — בעט רעב אַװראָם און טרײַבט אונטער הערשעלען, װאָס האָט, צוקומענדיק צו מױשעלען, זיך געבאָבערעט עפּעס מיט אים דאָרט אין דעם שטענדער. — גײ שוין, גײ, הערשעלע! דער ייִד האָט ניט קײן צײַט. גײ און קום גיך צוריק מיט אַן ענטפער. איך װעל דאָ װאַרטן.

— איך װעל מיך ניט זאַמען. — זאָגט הערשעלע און גײט אַרויס אײנײנעם מיט דעם פּאַר־שױן.

## דאָס פינפטע קאַפּיטל

רעב אַװראָם האָט באַלד נאָך הערשעלעס אװעקגײן זיך גענומען זאָגן זױהער מיט אַ ברען, אַפּ אַ ניגן, די אויגן האָבן אים געפלאַקערט, דאָס פּאָנעם האָט זיך אים פאַרפאַרבט — ער האָט געזופּט זױהער מיט אַפּעטיט און מע האָט באַשײַנפערלעך געזען, װי עס קומט אים צו דערפון כײַעס, אַסאַך מער װי אַנדערע פון אַ גלעזל קאַפּע מיט פּוטערגעבעקסלעך צום פרישטיק. רעב אַװראָמס פרישטיק איז אַלע טאָג באַשטאַנען פון אַ טרוקן שטיקל מישנײַעס, עטלעכע געשמאַקע האַגאַדעטעס מיט אַ זופּ זױהער פאַרבײַסן — און דערמיט זאַט געװען ביז װאַרמעס. אַ היפּשע צײַט איז ער אַזױ פאַרטיפט געװען אין דעם זאָגן, געפלױגן הױך, עפּעס אין אַנדערע װעלטן. דערנאָך האָט זיך אים עפּעס געענדערט דאָס קאָל, אַלץ נידעריקער, נידעריקער, װי ער איז פונעם זיבעטן הימל אַראָפּ אַפּ דער ערד. ער האָט געטאָן אַ זיפץ, געגלעט די באָרד, דעם שטערן, געקוקט, זיצנדיק אַפּ זײַן אָרט, אין דעם אָפענעם פענצטער גלײַך אים אַנטקעגן און זיך פאַרטראַכט.

אינדרויסן האָבן זיך געטראָגן שװעלבעלעך, געשװעבט אין דער לופטן פלינק־געשװינד, אַרופּ און אַראָפּ, צופליִענדיק אײנס נאָכן אַנדערן מיט אַ סװישטש — „ציק־טשיק” צו די נעסטן איבער די פענצטער און אונטערן געזימס פונעם קלײַזל.

„גאַם ציפּויר מאָצאָ באַיִס” — אויך דאָס פײגעלע געפינט איר הײַזל — קומט רעב אַװראָמען אַפּן געדאַנק דער געװיסער פּאָסעק אין טילים — „אודרויר קײן לאָ” — און דאָס שװעלבעלע זײַן נעסט, „אַשער שאָסאָ עס עפרויכעאָ” — װאָס פריטוליעט די יונגע פײגעלעך, „עס מיזבײכויסעכאָ אַדוינױ צװואָעס” — בײַ דײַנע מאָקעם קאָדעש, הארצעדיקער פאָטער, גאָטעניו!...

ער גיט אַ בליק אַפּ מױשעלען, דערמאָנט זיך אויך אין הערשעלען און טראַכט בײַ זיך: ייִדישע קינדערלעך! — פון אָרעמע עלטערן פײגעלעך, פריטוליעטע, נעבעך, אין קלײַזלעך...

— װאָס באַטײַט עס? — װענדעט ער זיך פונדערװײַטנס מיט אַ פרעג צו מױשעלען, װאָס איז געזעסן שטיל אין װינקעלע, אָנשפּאַרנדיק דאָס קעפּעלע אַפּ דער געמאָרע. — װאָס באַטײַט עס, װאָס ער איז נאָך ניטאָ?

— װײס איך? — ענטפערט מױשעלע גאַנץ קורץ, עפּעס אַפּ אַן אומעטיק קאָל.

— אָ־װאָ, אַ מײַסע, אַ מײַסע! — ברומלעט רעב אַװראָם. — מיר איז גאָר אַרויס פונעם זינען צו פרעגן, אַפּ װעלכער אַכסאַניע שטײט דער דאָזיקער, װי הײסט ער עפּעס? שנײַער־װאָלף, דאַכט זיך, האַ?

— דאַכט זיך אַזױ, — ענטפערט מױשעלע געצײלטע װערטער, עפּעס דורך די צײן.

— הא, פון וואָס פאַר א שטאָט, האָט ער געזאָגט, איז ער — אָט דער שנייער־וואָלף? איך געדענק נישט, אָסער, וואָס ער האָט געזאָגט...

רעב אווראָמס דאָזיקע ווערטער זענען געבליבן אָן אַן ענטפער.

ער האָט זיך גענומען אַריַינקוקן אין א סייפער, נאָר דער געדאַנק, פאַרוואָס זאַמט זיך אַזוי הערשעלע, האָט אים געפּיקט אין קאָפּ, אַזוי אַז ער איז ניט אימשטאַנד געווען צו פאַרשטיין קיין וואָרט — געקוקט טאַקע נאָר ווי א האָן אין בניי־אָדעם. עס האָט אים אָנגעהויבן אין דעם פאַר־שוין עפּעס קאַשע צו ווערן, זיך עפּעס ניט צו שיקן. באַלד באַם ערשטן שאָלעם־אַלייכעם איז אים אַפילע דער שנייער־וואָלף עפּעס ניט געווען צום האַרצן — עפּעס וואַרפן זיך זײַנע אויגן, קוקן יענעם ניט גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן. נאָר רעב אווראָמס גוטסקײַט און פרומקײַט האָבן עס ניט דערלאָזט גלאַט אַזוי פון א ייִדן עפּעס שלעכטס צו טראַכטן. מיילע וואָס... גאָרניט... א ייִדיש קינד. — אַצינד אָבער, אַז ער איז דאָ געווען אומרויִק, האָט דאָס האַרץ זײַנס אָנגעהויבן פרײַ זיך אַרויסצוזאָגן אַנטקעגן דעם פאַרשוין, און ער איז שטאַרק ניט צופרידן געווען מיט זיך אַליין, מיט דעם גאַנצן אייסעק. עפּעס אַזוי אין כאַפּעניש! סטײַטש, ער ווייסט דאָך אַפילע ניט רעכט גוט, פונוואַנען דער פאַרשוין איז!... עס האָט אים עפּעס אונטערגעטראָגן פונעם בענקל, ניט געקענט מער אײַנזיצן אַף זײַן אָרט. ער איז צוגעגאַנגען צו דעם אָפענעם פענצטער און געקוקט, אַרויסגעקוקט אינדרויסן.

פאַר זײַנע אויגן איז פירגעגאַנגען א רירנדיקע סצענע. אין א שוועלבעלעס א נעסט, אונטערן געזימס, האָט זיך פאַרקליבן עפּעס א גאַזלען — א וואָראָבייטשיקל און זיך צעלייגט דאָרט מיט אויסגעשפּרייטע פליגעלעך, ווי באַם טאַטן אין ווײַנהויז. אונטער דעם שוועלבלשן אוילעם ווערט א בעהאָלע, א צונויפלויפעניש פון אַלע זײַטן. דאָס פּאָרל באַגאַזלטע שוועלבעלעך פליִען, פלאַטערן דערשראָקן הין־אַהער, סווישטשעט גוואַלד, מאַכן זיך האַרצע און פרווון זיך נאָענט צוקומען צו זייער נעסט. דער וואָראָבייטשיקל, אָבער, שטעקט אַרויס, שטאַרק אָנגעלאָדן, דאָס קעפּל, עפּנט א מויל און פּיק־פּיק...

עס טוט רעב אווראָמען עפּעס א צופּ באַ דעם האַרצן, ער טרעט אָפּ פונעם פענצטער, א מאַך געבנדיק מיט דער האַנט, ווי אָפּצוטרײַבן פון זיך עפּעס אַזוינס, וואָס באַאומרויִקט אים שטאַרק, און נעמט זיך גיין הין־און־צוריק איבער דעם קלײַזל. דאָס קעפּל פונעם וואָראָבייטשיקל אָבער שוועבט אים פאַר די אויגן, ער קוקט פאַרטראַכט אין מוישעלעס זײַט, שטעלט זיך אָפּ פאַרבײַ־גייענדיק נעבן זײַן שטענדער, און נאָך עטלעכע מינוט שווײַגן טוט ער אים א זאָג:

— טאָמער, מוישעלע, וואָלסטו א שפּרונג געטאָן זען, ווו איז ער ערגעץ דאָרט, דער שקאָץ, הא? שוין באַלד דרײַ אַזייגער. לויף אַהין אין די אכסאַניעס. ווען ניט אין דער, איז אין יענער, אין איינער ערגעץ וועסטו אים דאָך טרעפן.

— אַליין האָב איך שוין אויך דאָס אייגענע געטראַכט, — ענטפערט מוישעלע, צומאַכנדיק די געמאָרע, און לאָזט זיך באַלד טאַקע גיין.

מוישעלען איז אין דעם טאָג געווען שטאַרק אָנגעזאָלצן אַפן האַרצן דערפון, וואָס פלוצים האָט זיך דאָ געמאַכט אַזוי, אַז ער זאָל זיך באַדאַרפן שיידן מיט הערשעלען, מיט וועלכן ער האָט געלעבט, ווי ברידער, געלערנט און פאַרבראַכט טעג און נעכט אין ליידן, אין פריידן, מיט אים אינײינעם. נאָך אַזא ליבן כאַווער, געקניפּט־און־געבונדן, איבערצובלײַבן פלוצים אַליין — דאָס איז א־ם געווען שווערער פונעם טויט. ס'איז א־נעווײַניק אין אים פירגעגאַנגען אַ שפּאַרעניש, א שאַרפער פילפּל צווישן די געפילן. דאָס געפיל פון ליבשאַפט צו הערשעלען האָט געשריגן: א ראַכמאָנעס! ער לײַדט דאָ, נעבעך, קומט דאָ אַזוי אָפּ, לאָז ער אַהין פאָרן! טאָמער וועט ער אַף דער שטעלע דאָרט זיך אויסגלײַכן די ביינער. אַנטקעגן־זשע יענץ געפיל פון ליבשאַפט צו זיך אַליין האָט געטײַנעט: אַף מיר, נישקאָשע, איז אויך א ראַכמאָנעס! דאָ מיט אים אינײינעם איז מיר בעסער, היימלעכער, אײַנגענעמער דאָס לעבן... און נאָך עפּעס א מין געפיל — א „ווייטצידקאָסכאָ" האָט זיך אַרײַנגעלייגט אין פשאָרע מיט גנייוויִשע טנועלעך: אַף ביידע א ראַכמאָנעס! אים איז טאַקע א יוישער שוין אַביסל אופגעריכט צו ווערן, נאָר גאָט דער גוטער, אויב ער וויל, וועט אים דאָך דאָ אַפן אָרט אויך קענען עפּעס צושיקן.

הערשעלעס זאַמען זיך אָבער האָט אײַנגאַנצן אַן עק געמאַכט פונעם דאָזיקן פילפּל. אַצינד איז מוישעלען נאָר דאָס געלעגן אין זינען: ווו איז הערשעלע? רעב אווראָמס ניט־רויִק־זײַן עפּעס

האָט אים נאָך מער צעדרייט, ער איז געווען באַטריבט און ניט געוווּסט, וואָס איבערצוטראַכטן.

אַפּ עטלעכע אַכסאַניעס איז מוישעלע געווען, און אומזיסט: אַזאַ פּאַרשוינען, וועלכן ער האָט געזוכט, האָט מען דאָרט ניט געזען, ניט געהערט. האַלטנדיק אין גיין אַפּ די איבעריקע אַכסאַ־ניעס, איז אים ווי אַ קויל אין האַרצן אַרײַן פּלוצים אַ געדאַנק — האַ, צום טײַכ! הערשעלע האָט זייער ליב צו באָדן זיך, שווימען, איבערצומאַכן אין וואַסער אַלע קונצן, עפּשער האָט ער באַם וועג, גייענדיק, זיך אַראָפּגעכאַפּט באָדן און... ווײַטער, מיט וואָס אַזעלעכס שמעקט, האָט מוישעלע קיין האַרץ ניט געהאַט דײַטלעך צו טראַכטן, ער איז נאָר געוואָרן בלייך און גאָר אָן אַ נעשאָמע געלאָפן אַהין, צו יענע ערטער, ווו, געווייינטלעך, מע באָדט זיך. נאָר אומזיסט זײַן מי. הערשעלע איז ניטאָ! ניט ווילנדיק האָט אים זיך געדאַכט, שויג גאַנץ קלאָר, מיט איטלעכס פּיצעלע באַזונדער: הערשעלע איז באַם אונטערטוקן זיך אײַנגעזונקען געוואָרן אין דער זומפּיקער בלאָטע. ראַקעס האָבן זיך אין זײַן לײַב שוין אײַנגעגעסן, נאָגן אים דער מאַרך פון די ביינער. דער טײַכ נעמט דאָך אַלע זומער צו אַ זיבן מענטשן. ווער ווייסט, וואָס פון מוישעלען וואָלט פאַר ביטערע יעסורים און אַנגסטן געוואָרן, ווען עס זאָל אים באַלד, ווי אַ בליץ, ניט אַ זעצ טון אַן אַנדער געדאַנק — ס'איז דאָך עפּעס אַפּ דער וועלט דאָ אַ קאַפּצאַנסקער אַכסאַניע! מעגלעך, טאַקע מעגלעך, אַז הערשעלע איז אַרײַן אַהין זיך צו זען מיט פרישע קאַפּצאַנסקער פּאַרשוינען, אָפּצונעמען אַ גרוס, אָדער אַ בריוו פון דער היים. מוישעלע האָט אין דעם געדאַנק זיך אָנגע־כאַפּט מיט ביידע הענט, זיך שטאַרק געוווּנדערט, פאַרוואָס איז דאָס אים פריִער נאָך ניט אײַנ־געפאַלן און, געשטאַרקט פון דער גוטער האָפענונג, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער קאַפּצאַנסקער אַכסאַניע.

די אַכסאַניע פונדרויסן איז באַלאַגערט געווען פון באַלעגאָלעס, וואָס זענען געשטאַנען, גע־זעסן אַפּ פריזבעס מיט בײַטשן און די הענט, שטאַרק בייז, האָבן זיך געקראַצט אין די פּייעס, געשפּיגן און גלאַט אַזוי זיך אין דער וועלט אַרײַן געפּלויסט, געשאָלטן; אויך פון מעקלערס, וואָס האָבן זיך געדונגען מיט פּאַרשוינען, אַפּ זייער לאָשן — מומעס, פּעטערס, — אָנווײַזנדיק זיי פונדערווײַטנס בײַדלעך, און צוגעזאָגט איטלעכן אַ טײַער פּאָרעכטס, גיך, געשווינד, געראַמיק ווי די סראָרעס.

באַ מוישעלעס צוקומען זענען אים, ווי די היישעריקן, באַפאַלן מעקלערס, אים געצויגן, געריסן. מוישעלע האָט זיך קאַם אַ לעבעדיקער פון זייערע הענט אַרויסגעדרייט און זיך אַרײַנגעכאַפּט אין שטוב אַרײַן. דאָרט איז ער דורכגעגאַנגען צווישן אַלע פּאַרשוינען, געזוכט מיט די אויגן אין איטלעכס ווינקעלע — און הערשעלע איז ניטאָ! עס ווערט אים ניט גוט, ביטער און פינצטער אַפּ דעם האַרצן. נאָר ס'איז נאָך דאָ אַ שטיקל האָפענונג. ער פּרוּווט זיך דורך דער הינטער־טיר אַרויס אין הויף אַרײַן, שטופּנדיק זיך צווישן די בײַדלעך און וועגעלעך, צווישן מענטשן. פערד, לעהאַוודל, אויסגעמישט אינאיינעם און, כאַפּנדיק הינטערווײַלעכס אַ שמיץ אין פּאָנעם פון פער־דישע ווידלען, דערזעט ער אין דער זײַט דאָרט אַ באַקאַנט פּאָנעם — און עס גיט אים אַ קלאַפּ אין האַרצן פאַר פרייד אַפּ אַזאַ מעציִע. אונדזער שניירער־וואָלף שטייט עס דאָרט מיט עמעצן לעבן אַ געשפּאַנט וועגעלע, האַלטנדיק די נאָז אַראָפּגעלאָזן, און זעט אויס עפּעס ווי אַן אָפּגע־שמיסענער. מוישעלע טוט זיך אַ לאָז צו אים האַסטיק מיט אַ פרעג גאָר אין איין אָטעם:

— ווו איז הערשעלע?... הערשעלע ווו איז?

— אַ־אַ! — טוט זיך שניירער־וואָלף אַ כאַפּ ווי פונעם שלאָף, שאַרף אָנקוקנדיק מוישעלען, און נאָך עטלעכע מינוט טראַכטן, רופט ער זיך אָן, שוין לעבעדיקער אַביסל;

— אָט באַלד, באַלד! וואַרט נאָך אַביסל, לאָמיך נאָר אָפּפּאַרטיקן זיך דאָ אָט מיט דעם ייִדן. שניירער־וואָלף רופט אָוועק דעם ייִדן אין דער זײַט. ביידע שמועסן דאָרט אַ היפּשע צײַט גאַנץ שטיל צווישן זיך, מער אַפּ דעם ווונק. דער ייִד זעצט זיך דערנאָך אַרײַן אין אַ וועגעלע, שניירער־וואָלף געזעגנט זיך מיט אים: — פּאָרט געזונט.

און צוקומענדיק באַלד צו מוישעלען, מאַכט ער גאָר פרײַנטלעך מיט אַ זיס שמייכעלע:

— נו, אַצינד קען איך דיר ענטפערן. וואָט האָסטו מיך עפּעס געפרעגט, וואָס?

— ווו איז הערשעלע?

— אַ־אַ, דײַן כאַוועך מיינסטו! — מאַכט דער שניירער־וואָלף, ווי ער שטויסט זיך ערשט אָן, — אַזוי־זשע רעד. — דײַן הערשעלע איז דאָרט, דאָרט באַ דעם שוטעף מײַנעם. איך שטיי אַפּ

אכסאניע דאָ, איז ער, דער שוטעפּ, פאַרשטייסטו מיך, שטייט בא זײַנעם א מעכוטנ עפּעס. אָט גיי איך אליינ באלד אהינ. קומ, אויב דו ווילסט, מיט מיר טאקע.

עס פאַרשטייט זיך, אז מוישעלע איז זייער גערנ געוועג צו גיינ אונ האָט געזאָגט:

— אָכ, א שיינעם דאנק!

שנייער־וואָלף האָט געפּירט מוישעלענ עפּעס געדרייט דורכ שמאָלע געסלעכ אונ הינטער־געסלעכ. נאָכ א שטרעקע וועג גאנג, הייבט מוישעלע אָנ ביסלעכווײַז זיך אָפּצושטעלנ, קוקנדיק עפּעס אומרויִק, גלײַכ ווי געזעדט: ביזוואנענ וועט ער מיך פירנ?!

„נא־נא, א פאַרקליבנ זיך עס אביסל! עפּעס אינ אנ עק וועלט" — ברומט שנייער־וואָלף אונ־טער דער נאָז פאַר זיך, ווי אויכ שטארק ניט צופרידנ. אונ א קוק געבנדיק דערנאָכ מוישעלענ אינ פּאָנעם ארײַנ, מאכט ער מיט א זיס מינעלע:

— אָט באלד, באלד!

— יאָ! — רופט זיך מוישעלע אָנ אָנגעברויגעזט. — אָט באלד זענענ מיר שוינ אפ יענער זײַט שטאָט. אָט איז שוינ טאקע דער בייסוילעם!

— וואָס בינ איכ שולדיק? — נעמט אײַנ שנייער־וואָלף מוישעלענ מיט גוטע ריידעלעכ. — נישקאָשע, וואָס קענ עס דיר ארנ, נארעלע, אז דו וועסט דערווײַל דורכגיינ זיך אביסל שפּאַ־צירנ? אָט קוק, א גרינביימעלע, א שמעקנדיק גרעזעלע. פייגעלעכ סווישטשענ — טשיריק־טשי־ריק־טשיק.

מוישעלע טוט א שמייכל אונ נעמט אָנ א פריילעכ פּאָנעם.

— אָט אזוי האָב איך דיך ליב! — רופט זיך אָנ שנייער־וואָלף, אונטערכאפּנדיק זיך — וואָס האָסטו עס אזוי קיינ צײַט ניט? אלצ לערנענ, לערנענ! נאָכ אמאָל אָמער אבאיע, ווידער אמאָל אָמער אבאיע. מע באדאַרפ די וועלט אויכ אָנקוקנ.

שמועסנדיק אפ אזא שטייגער, איז שנייער־וואָלף מיט מוישעלענ דערווײַל געגאנגענ אלצ ווײַטער, ווײַטער ביז העט אפ יענער זײַט בייסוילעם. דאָרט האָט זיך געשלעפּט פּאמעלעכ עפּעס א פורל, א ייִדליק איז דערופ געזעסנ, געהאלטנ אינ די הענט שלאַפּ די לייצנ, גלאט, נאָר פאַר יויצע וועגנ, פאַרלאָזנדיק זיך אפ דעמ פערדלס יוישער, לאָז ער זיך, עט, גיינ, ווי זײַנ גוטער ווילנ איז. שנייער־וואָלף האָט זיך איבערגעוווּנקענ מיט דעמ ייִדל אונ, איידער מוישעלע האָט צײַט געהאט זיך ארומקוקנ, טוט ער אימ א כאפּ, וואַרפט אימ ארײַנ אינ וואָגנ אונ שפּרינגט אינ דער הייסער רעגע אויכ טאקע ארײַנ אהינ. דאָס ייִדל טוט א שמיצ דאָס פערדל אונ אוועק, אוועק...

## דאָס זעקסטע קאַפּיטל

רעב אוראָמ גייט דערווײַל אינ איינע צאָרעס הינ־אונ־צוריק איבער דעמ קלײַזל שטארק אומרויִק, רײַבט מיט דער האנט דעמ שטערנ אונ רעדט אלצ צו זיך אליינ פאַרוואונדערט: ריבוי־נעשעלוילעם, וואָס טוט זיך דאָ אזוינס! ווו זענענ עס די קינדער?! יענער איז נישטאָ, דער — זאמט זיך עפּעס אויכ צו לאנג. א שיינער אוועקגאנג אביסל! מיילע דער, יאק דער, גאָרנישט! אָבער יענער, ווו איז יענער?! ס'איז עפּעס נישט גלאטיק. ער בלײַבט שטיינ נעבנ פענצטער אונ נעמט זיך ארויס די אויגנ קוקנדיק אינדרויסנ, נאָר אומזיסט אָבער דאָס קוקנ, מע הערט נישט, מע זעט נישט. ער טוט זיך געשווינד אָנ, נעמט אינ דער האנט דעמ שטעקנ אונ גייט ארויס מיט דער דייע אליינ עפּעס צו טונ, געוואָר צו ווערנ, וואָס איז די מײַסע.

אפ דער גאס קומט אימ אנטקעגנ איינער זײַנער א גוטער באקאנטער, א יונגערמאנ פונ א יאָר דרײַסיק, לײַטיש געקליידעט, עפּעס האלב־דײַטש, האלב־ייִדיש, מיט א שווארצ בערדעלע אונ מיט א קלוג, זיס פּאָנעם. דער יונגערמאנ קוקט אָנ פאַרוואונדערט רעב אוראָמענ, ווי ער יאָגט אָנ א נעשאָמע אונ שטעלט אימ אָפּ מיט א פרעג:

— וואָס יאָגט איר עס עפּעס אזוי? וווהינ איז, רעב אוראָמ? אנ אייסעק עפּעס, וואָס?

— עפּעס א שטיקל אגמעסנעפעש — ענטפערט רעב אוראָמ, כאפּנדיק דעמ אָטעמ. — גוט, כלעבנ, וואָס איר זײַט מיר געקומענ אנטקעגנ. איכ האָב מיר דערמאָנט, ס'איז דאָ מיט אײַכ צו רעדנ וועגנ עפּעס א איניענ. נאָר נישט אצינד, רעב רעפאָעל.

— אוודע וועגן א שידעך! — טוט מיט א שמייכעלע א זאָג רעפאָעל. — האָט איר געהערט בעסער נײַס, רעב אווראָם? אײַער גדאליע ווינטכאפער האָט אָנגעזעצט!

— אָ־וואַ, אָ־וואַ! — מאכט פארוואונדערט רעב אווראָם. — עפעס אזוי פּלוצים, אומגעריכט! און ווי שטייט מאלאָסוי מיט אים?

— נישקאָשע! — זאָגט רעפאָעל, א דריי געבנדיק מיט דער נאָז. — איך האָב מיר לאנג דערוף געריכט. זײַנע וועקסלען מיר פאר דער סכוירע האָב איך באלד טאקע סקאָנטירט, וויניקער מיט עטלעכע פּראָצענט — אָן סאקאָנעס! מײַנע לאָדזער פאבריקאנטן, נישקאָשע, וועלן דערפאר אפ מיר נישט בארויגעז זײַן אצינד. וואָס־זשע פאָרט, רעב אווראָם, איז די מײַסע, וואָס איר זײַט עפעס צעטראָגן אזוי? ווייסט איר וואָס? קומט, כלעבן, אצינד צו מיר, וועלן מיר ריידן בא א גלעזל פּונש. עפעס בין איך הײַנט זייער גוט אופגעלייגט.

— הא?... גוט! — מאכט רעב אווראָם, א כאפּ געבנדיק זיך, ווי ער איז אפ עפעס געפאלן, נאָך א פּאָר מינוט טראכטן. — גוט, איך וועל אײַך אונטערפירן ביז צו אײַער שטיבל אפן הויף און אליין וועל איך דאָרט אריינגיין אפ דער קאפּצאנסקער אכסאניע עפעס וועגן א זאך. קוים ענדיקט זיך גוט, בין איך די רעגע בא אײַך. קומט!

ר׳ אווראָם לאָזט זיך גיין ווײַטער גיך, רעפאָעל גייט אים קאם נאָך און קען נישט פארשטיין, וואָס די אײַלעניש רעב אווראָמס זאָל באטײַטן אזוינס.

— געדענקט־זשע, רעב אווראָם! — רופט זיך אָן רעפאָעל בא׳ם צעשיידן זיך אפן הויף פון דער אכסאניע. — וויבאלד איר וועט זיך אָפּפּאַרטיקן דאָ, זאָלט איר ארײַנקומען גלײַך צו מיר.

— א, גאָט העלף, רייזעניו! — זאָגט רעב אווראָם אפ א ניגן, ארײַנקומענדיק ברייטלעך צו רייזען אין איר באזונדער אלקערל, בעשאַס זי האָט ערשט אוועקגעלייגט דאָס פלייש זאלצן איבער א ווייקשעפל און זיך גענומען צו די פיש, צו א געזונטן קארפ מיט א גרויסן העכט אפ שאבעס.

— אָ, א גאסט, כלעבן! — מאכט רייזע, אָפּרײַסנדיק זיך פון דער ארבעט און א פּאָר געבנדיק מיט דער נאָז איבער דעם ארבל. — א לאנגע צײַט, הענ־אביסל, האָט מען אײַך נישט געזען, רעב אווראָם! הא, רעכט עפעס אזוי? נו, זעצט זיך, זײַט מויכל!

צווישן רייזען און רעב אווראָמען איז געווען פון גאנץ לאנג א גוטע באקאנטשאפט. איר מאן, אָלעוו־האשאָלעם, האָט באם לעבן געדאווענט אין דעם קלײַזל, ווו רעב אווראָם, און זיך מיט אים זייער גוט פארהאלטן. רייזע האָט נאָך ביז אצינד אונטער יאָמים־נויראָים געדאווענט אין דער ווײַבערשער שול דאָרט, אפ איר שטאָט, און מיט די יאָרצײַטן נאָך דעם מאן, נאָך איר טאטן און מאמען זיך שטענדיק פארלאָזט אפ רעב אווראָמען, וואָס ער פלעגט אקוראט אָפּהיטן. ער פלעגט שוין געדענקען די טעג, אין זינען האָבן די ליכט, די פּראָקים מישנײַעס, אויך באשטעלן א מיניען יידן אפ דעם הייליקן אָרט און דערנאָך מיט איר זיך אָפּרעכענען. אויסער דעם, פלעגט רעב אווראָם אָפט קומען צו איר אין הויז, אמאָל נאָך א נעדאָווע אפ עפעס א מיצווע־זאך, אמאָל צו זען זיך מיט א באקאנטן אורעך, וואָס איז פארפאָרן צו איר אפ אכסאניע, און אמאָל גלאט אזוי געוואָר ווערן, וואָס הערט זיך. רייזע האָט אים אופגענומען שטענדיק מיט קאָוועד, איז זייער גערן געווען זיך ארײַנצולאָזן מיט אים אין שמועס וועגן יידישקײַט, וועגן דעם שטייגער לעבן פריִער, אין יענע צײַטן, און קרעכצן: הײַנט איז נישט דאָס, וואָס אמאָל!

— יאָ, גערעכט, כלעבן, נישט געזען זיך טאקע א היפּשע צײַט. עס האָט זיך עפעס נישט געמאכט. הײַנט בין איך געקומען... — דרייט זיך רעב אווראָם עפעס און זעצט זיך אנידער אפ א בענקל.

— א בער אין וואלד האָט געמוזט פּייגערן! — שפּאסט אפ איר שרײַענדיק קאָל רייזע.

— הײַנט בין איך געקומען, — הייבט רעב אווראָם אָן דעם שמועס, — אָט וואָס, זאָגט מיר, רייזעניו, האָט איר נישט געזען הײַנט בא אײַך דאָס קאפּצאנסקער באָכערל? איר ווייסט דאָך, וועמען איך מיין, יענעם באָכערל, אונדזער באלטפילעס אָלעוו־האשאָלעם. אינדערפרי איז ער אפ א שאָ אוועקגעגאנגען און נאָך נישטאָ!

— אוי, א דונער האָט מיך נישט דערשלאָגן — טוט רייזע א געשריי און פארוואָרפט מיט דעם קאָפּ.

— וואָס איז, הא?! — טוט זיך רעב אווראָם א כאפּ דערשראָקן, אופשפּרינגענדיק פונעם בענקל.

— אַן עק פֿון זײַן לעבן, פֿאַרוויסט זײַנע יונגע יאָרן! — טרויערט רײזע ווי צו קינעס. — דאָס האַרץ, אַ ווייטעק איז מיר, האָט מיר טאַקע געזאָגט, אַז ס'איז עפּעס נישט גלאַט, אַצינד איז שוין קלאָר, ווי דער טאָג, — ער איז געקוילעט, נעבעך. אײַ, געקוילעט זאָלן זיי ווערן אָן אַ מעסער!

— גאָט איז מיט אײַך, רײזע! ווער? וואָס? — בעט רעב אַווראָם און איז טויט מיט אַלע אײוורים.

— נאַט אײַך אַ וואַרעניק, הענ־אַבּיסל! — צעלאָזט זיך רײזע אויף איר קאָל. — פּלוצים גאָר זיצט ער דאָ צווישן צוויי אומבאַקאַנטע ייִדן, דער רועך ווייסט זייער טאַטן, ווער זיי זענען, און עסט אַ וואַרעניק! וואָס זענען זיי מיט אים פֿאַר אַ שמעלקעס, זיי זאָלן אים דעם ביסן פֿונעם מויל אַוועקגעבן! נישט עפּעס אַזעלכע מילדע. מיט מיר, נישקאָשע, האָבן זיי זיך געדונגען פֿאַר דעם וואַרמעס, האָבן נאָך אין אַ טאָרבעלע פֿאַרנומען די איבערגעבליבענע שטיקלעך ברויט פֿונעם טיש. — מיר איז עס באַלד עפּעס נישט געפֿעלן.

— נו, נו! — טרײַבט אונטער רעב אַווראָם.

— נו, — מאַכט רײזע, איבערגײענדיק פֿון דער דינער אויף דער גראָבער סטרונע, — מײלע, איז מיר נישט געפֿעלן! וואָס־זשע איז? דאָס ערשטע מאָל, הענ־אַבּיסל, מאַכט זיך מיר אַזוינס, וואָס מיר איז נישט געפֿעלן? פֿונדעסטוועגן האָט עס מיך פֿאָרט עפּעס געמאָנטעט אַרײַנצושטעקן, ווי מע זאָגט, די נאָז, טאָמער וועל איך עפּעס אָנשמעקן, עפּעס ווי שטייט דאָרט, רעב אַווראָם, אַ ייִדענע האָט ליב...

— גיכער, סערדצע, איך בעט אײַך, — צאַפּלט רעב אַווראָם הערן ווײַטער, דעם שפּיץ.

— וואָס דען? אַ ייִדענע איז אַ ייִדענע. — לאָזט רײזע נאָך אויף אַ טאָן נידעריקער אַראָפּ די געמבע. — בין איך ציקאַווע געווען שמעקן באַם דערלאַנגען יענע פֿאַרשוינען צום טיש, כאַפּן פֿאַרבײַגײענדיק אַ לעק פֿון זייער שמועס. עפּעס איז מיר דאָס שושקען זיך זייערס און דאָס מינעלע, וועלכע זיי האָבן דערבײַ געמאַכט, איבערווינקענדיק זיך מיט גנייוווישע אויגן, גאָר טאַקע נישט געפֿעלן. אַ פּאָר ווערטער, וואָס איך האָב געכאַפּט, זענען מיר שטאַרק אין נאָז אַרײַן, און דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט: כאַפּערס! נישט אַנדערש, זיי זענען אויסן דעם יאָסעמל אין געוואַנט אַרײַנשטעקן מיט אַן אָנשטעל. אָט וואָס דער וואַרעניק באַטײַט... איך האָב געזוכט דאָס באָכערל, גראָד איז ער מיר אין דער הייסער רעגע צו די אויגן נישט געקומען. דערווײַל בין איך דאָך אַ ייִדענע „מע אָנו, מע כײַענו" מישטיינסגעזאָגט, אַ קאַצן־מויעך, אין איין אויער אַרײַן — פֿונעם אַנדערן אַרויס. אַ קאַטאָוועס, הענ־אַבּיסל, שטענדיק האָט מען דאָס לויפֿעניש. אַצינד ווײַזט זיך עס גאַנץ קלאָר אַרויס. — כאַפּט זיך פּלוצים רײזע אַרויף הויך אויפֿן בײַקעלכן — געכאַפּט האָבן זיי אים אַוואַדע, פֿאַרכאַפּט זאָלן זיי ווערן. אַ ביטער ראַכמאָנעס, ווי איז מיר! אַזאַ וווילער קינד! — אײַ, אַ דונער איז מיר, רעב אַווראָם! וואָס איז מיט אײַך? לאָזט זיך נישט אָפּ!

אַ קאַלטער שוויס האָט באַשלאָגן רעב אַווראָמען, טרערן, ווי די באָבן, זענען אים געשטאַנען אין די אויגן, אַלע גלידער האָבן אים געציטערט און ער האָט קאַם זיך געהאַלטן אויף די פֿיס.

— איך בין שולדיק, — אײַקעט ער, אָנכאַפּנדיק זיך באַם קאָפּ. — אײַ־אײַ־אײַ, וואָס האָב איך געטאָן! באַם ערשטן באַגעגעניש מיט אַ מענטשן, נישט רעכט צו וויסן, ווער ער איז, פֿונוואַנען ער איז, נעם איך און גיב איבער אין זײַנע הענט אַרײַן דאָס עלנטע יאָסעמל, נעבעך, אײַ־אײַ!!

— וואָס זײַט איר שולדיק? — נעמט רײזע אײַן רעב אַווראָמען מיט גוטע רייד. — מיסטאָמע איז דאָך זײַן פֿינצטער מאַזל אַזוי, אַזוי, מיסטאָמע, איז אויף אים אָנגעכאַסמעט געוואָרן. ווי זאָגט מען עס? עס פֿאַלט נישט דער שפּאָן, ביז עס ליגט נישט עפּעס דראָן.

— הארגענען בין איך ווערט זאָל מען מיך, אַלטן נאַר — הערט נישט אויף רעב אַווראָם צו אָכצן, צו קרעכצן — אויף מיר האָט עס לייזער־יאַנקעל, אָלעוו־האַשאָלעם, איבערגעלאָזט זײַן קינד און געשטאָרבן מיט דער האָפֿענונג, אַז איך וועל עס דאָ אויף אים האָבן די האַשגאָכע ווי אַ טאַטע. — יאָ, אַ שיינע האַשגאָכע! אַ גוטער טאַטע!...

— נו, וואָס זאָל מען טון? הענ־אַבּיסל, זעצט זיך רעב אַווראָם! — בעט רײזע מיט טרערן אין די אויגן, אונטעררוקנדיק אים דאָס בענקל.

— ווו איז מײַן קינד? וועט דער טאַטע דאָרט שרײַען, נישט אײַנליגנדיק רויִק אין קייווער. אַזוי האָט איר עס געהאַלטן וואָרט... און וואָס וועל איך ענטפֿערן דער מאַמען, דער וויסטער



**די כאפּערס**

גראוויור פון קינסטלער מ. מײמאַנ—1899 יאָר. (מוזיי פאר ייִדישער קולטור אין אָדעס).

אלמאָנע, אז זי וועט קומען וויינענ איבער מײַנ קאָפּ...— רעדט, זאָרגט רעב אווראָמ מיט א גע־בראָכנ הארצ, טוט זיכ א וואָרפ אפנ בענקל, פארדעקט מיט ביידע הענט דאָס פּאָנעמ אונ בלײַבט זיצנ שטיל, שטומ ווי די וואנט.

— הענ־אביסל! — הייבט אָנ רייזע מיט א מוסער, שאָקלענדיק מיטנ קאָפּ נאָכ עטלעכע מינוט שטיל־שווײַגנ, אונ פונ די אויגנ קאפּענ איר טרערנ. — ווי טאָר מענ, הענ־אביסל, זיכ אזוי נעמענ צומ הארצנ! אונ נאָכ א מאנצבל א ייִד, א לאמדנ, ווייסט, וואָס שטייט געשריבנ דאָרט אינ די היי־ליקע ספאָרימ! הײַנט וואָס זאָל מענ שוינ זאָגנ אפּ א ייִדענע? „מא נוימער, מא נעדאבער״, עס, כלעבנ, ווי איכ בינ א ייִדישע טאָכטער! הא! וואָס איז עס דאָרטנ פאר א וואָרפּ? — טוט זי זיכ פלוצימ א כאפּ, דערהערנדיק א שטארקנ קלאפּ אפּ יענער זײַט אלקער, ווי עפּעס איז אומגע־פאלנ! — טפו, זאָל עס ווערנ, נאָר עס ברעכט, עס ווארפט! נישט אויסצוהאלטנ, וואָס דאָ טוט זיכ א טאָג איבער!...

רייזע לויפט געשווינד ארויס פונעמ אלקערל אונ שלאָגט זיכ אָנ נישט ווײַט דערפונ, אינ א טונקל ווינקעלע, אינ עמעצנס עפּעס, וואָס האָט, באָברענדיק זיכ דאָרט אפּ דער ערד מיט זאכנ, אומגעוואָרפנ א בענקל מיט קווערטלעכ אונ קופּערוואַרג.

— וואָס זאָגסטו, איכ בעט דיכ, צו זײַנ טאטנ? — לאָזט זיכ הערנ רייזעס קאָל דאָרט, הויכ אפּ א בייזער, — ווהינ ער האָט זיכ עס, הענ־אביסל, פארקליבנ מיט די קלומקעס! גאָרנישט געפונענ, כלעבנ, קיינ אנדער אָרט! ווער איז?

קיינ צײַט נישט צו האָבנ ווארטנ אפּ א ענטפער, בייגט זיכ רייזע אײַנ מיט איר קאָוועד אליינ צו זענ, ווער איז באָברעט זיכ דאָ. זי קוקט דעמ פארשווינ אינ פּאָנעמ ארײַנ אונ לאָזט ארויס א געשריי נישט מיט איר קאָל:

— רעב אווראָמ! גיכער, רעב אווראָמ!

רעב אווראָמ כאפּט זיכ אופ, ווי פונעמ שלאָפּ, אונ פליט מיט אימפּעט ארויס פונעמ אלקערל.

— ער איז דאָ! — שרײַט רייזע גיכ אינ איינ אָטעמ, טײַטנדיק מיט אלע פינפ פינגער. — אָט איז ער, אָט, ער!...

— הערשעלע! — מאכט רעב אווראָמ אפּ א דומפּ־ציטערדיק קאָל, ארויסשפּרינגענדיק פונ די קיילימ פאר גרויס וווּנדער.

הערשעלע איז געשטאנענ ארא̇פּגעלאָזנ די נאָז, ווי איינער, וואָס האָט זיכ פארזינדיקט אונ פילט, אז אָט כאפּט ער א פּסאק.

— גוימל באדארפסטו בענטשנ, שיינ באָכערל, וואָס דו ביסט טרוקנ ארויס, — רופט רייזע זיכ אָנ.

— וואָס בינ איכ שולדיק? אומגערנ האָב איכ עס דאָכ אומגעוואָרפנ, — פארענטפערט זיכ הערשעלע?

— ניינ, נישט דאָס, — פאלט ארײַנ אינ די רייד רעב אווראָמ, — דו ביסט טרוקנ ארויס, מיינט רייזע, פונ די ייִדנס הענט. — וואָס קוקסטו עס עפּעס אפּ מיר אזוי פארוווּנדערט, הערשעלע?

— איכ פארשטיי נישט, וואָס איר זאָגט! — ענטפערט הערשעלע, מאכנדיק מיט די אקסלענ, אונ נעמט זיכ צונויפקלײַבנ דאָס אראָפּגעפאלענע קופּערנע געפעס.

— איר הערט? — ווענדעט זיכ רעב אווראָמ אינ דער זײַט צו רייזענ, — ער פארשטייט נישט, וואָס מע רעדט! אומזיסט־אומנישט, האָב איכ מוירע, כוישעד געווענ ייִדנ, גאָט זאָל אונדז נישט שטראָפנ.

— עט, וואָס דאכט זיכ אײַכ! — זאָגט רייזע מיט א שמייכעלע — וואָס דענ־זשע באטײַט דער ווארעניק? האָט זיכ יענע פאר ווערטער, וואָס איכ האָב געכאפּט, מיר נאָר געכאָלעמט?... א־נו, גיט אימ נאָר, זײַט מוּיכל, א פרעג, ווו איז ער עס ביז אצינד פארפאלנ געוואָרנ?

— זאָג נאָר, שקאָצ! — מאכט רעב אווראָמ. — ווו ביסטו עס פארפאלנ געוואָרנ ביז אצינד?

— וואָס האָסטו עס זיכ צו באָברענ דאָ מיט זאכנ? מיט וועמענס זאכנ? — פרעגט רייזע צוויי קאשעס מיטאמאָל אונ בייגט זיכ אָנ א קוק טונ צו א פּעקעלע מיט זאכנ.

הערשעלע שטייט צעדולט, האלט אראָפּגעלאָזנ די אויגנ אונ ענטפערט נישט קיינ וואָרט.

— איר זעט עפּעס שיינס! — צעלאָזט זיכ אפּ איר קאָל רייזע, האלטנדיק אינ דער האנט א קליידל, וועלכעס זי האָט געפונענ צווישנ די זאכנ, — וואָס זאָגסטו, איכ בעט דיכ, צו זײַנ טאטנ? א־נו, שיינ באָכערל, וואָס באטײַט דאָס קליידל, א מיידלש קליידל?

— וואָס, וואָס? — מאַכט פאַרווונדערט ר׳עב אוראָם.

הערשעלע ווערט אָנגעצונדן, רויט ווי פײַער און קען נישט אַרויסברענגען קיין וואָרט, אַזוי פאַרקלעמט האָט אים דאָס האַרץ.

— דערווײַל, רעב אוראָם, שטייט איר דאָ אַף די פיס, — רופט זיך רייזע אָן. — אָט גייט בעסער מיט אים אַרײַן אין אַלקערל, וועט איר מאַכן בראָכע. דאָס באָכערל וועט אויך עפּעס עסן. ער איז דאָך אַוואַדע הונגעריק, העט־אַביסל! ער וועט עסן און מיר וועלן דערווײַל באַ אים געוואָר ווערן אַלצדינג.

# דאָס זיבעטע קאַפּיטל

די מײַסע מיט הערשעלען איז אַזוי:

שניירער־וואָלף האָט געפירט הערשעלען פונעם קלײַזל גלײַך אַף דער קאַפּצאַנסקער אַכסאַניע, ווו ער איז גראָד געשטאַנען. געגנוג קאָכט זיך דאָך אַף דער דאָזיקער אַכסאַניע אַלע טאָג פון זייער פיל פאַרשוינען, וואָס קומען און פאָרן אַוועק, — איז דאָס קאָכעניש דאָרט דאָנערשטיק נאָך גרעסער. דאָנערשטיק הייבן געוויינטלעך ייִדן אָן שוין קיין צײַט ניט צו האָבן, און די, וואָס האַלטן אין פאָרן, אײַלן זיך אַף שאַבעס, אויס מוירע, דער סאָטן זאָל, כאָלילע, ניט מעקאַטרעג זײַן: עס זאָל אין דער מיט וועג ניט ברעכן אַן אַקס, דער וואָגן זאָל זיך ניט איבערקערן מיט אַלע פאַר־שווינדלעך, ניט אײַנגעזונקען ווערן איבער די רעדער אין אַ בלאָטע, אָדער „לוי יאַלע וועלוי יאָוווי״ — די פערד זאָלן ניט צושטיין און מע זאָל, באַהיט גאָט, פאַרשפּעטיקן: איינער — דעם ראָסל־פלייש, דער אַנדערער — דעם מערכעצ, אָדער, די בייזע שאָ זאָל ניט זײַן — און מע זאָל גאָר אַרײַנפאָרן מיט דעם דישל אין דער שיסל לאָקשן. אין דער גרויסער בעהאָלע דאָרט פון מענטשן. דענסטמאָל, ווען איטלעכער איז פאַרטראָגן מיט זיך, ניט אין זינען צו האָבן יענעם — איז באַם עק טיש, אין אַ ווינקל, געזעסן עפּעס אַ ייִדל מיס אַ רויטער באָרד און שטאַרק גע־שוויצט איבער אַ שיסל מיט וואַרעניקעס, פון וועלכער עס האָט געזעצט אַ פּאַרע, ווי אַ רויך. ער האָט געגעסן מיט קאַוואָנע, גוט געקײַט, ניט געײַלט, ווי אַ גרויסער מײַסטער אין דער אַכילע; קוקנדיק בעשאַס מײַכע אַף אים, האָט מען באַקומען אַן אײַזערנעם אַפּעטיט, כאָטש ער איז שוין פון אַ צײַט פאַרפאַלן געוואָרן און עס האָבן דערצו ניט געהאָלפן קיין דאָקטוירים. וואָס רויפים, וואָס דאָקטוירים! איין מיטל צום אַפּעטיט איז אַ בעריע אַ פרעסער — קוקן אַף אים, ווי ער רײַבט מיט אַ „לעשעם ייִכוד״.

שניירער־וואָלף איז צוגעקומען אַליין צו דעם ייִדל און מיט אים שטילערהייט עפּעס געשמועסט. דאָס ייִדל האָט זיך פאַרטראַכט, אַנידערגעלייגט אַף אַ ווײַלע דעם לעפל, קײַענדיק זייער פּאַמע־לעך, קאַם־קאַם צו מאַכן מיט די ליפּן, און מע האָט אין זײַן שײַנענדיק פּענעמל, אין זײַן שמיי־כעלע דערקענט, אַז עס טוט אים עפּעס שטאַרק האַנאָע.

הערשעלע איז דערווײַל געשטאַנען אין דעם אַנדערן עק שטוב און געוואַרט, וואָס וועט דאָ זײַן. שפּעטער אַביסל האָט שניירער־וואָלף מיט אַ ווונק אים צוגערופן צו זיך און פאָרגעשטעלט פאַר דעם ייִדל, וואָס האָט אים געבעטן זיצן נעבן זיך, מאַכנדיק גאָר פרײַנטלעך:

— מיר בי׳סטו אָפּן אָנבליק געפעלן. איך פאַרהאָף, אַז דעם שוואָגער מײַנעם, וואָס זוכט אַ גוט באָכערל פאַר זײַן ייִנגל, וועסטו אויך געפעלן. נאָר מײַן שוואָגער שטייט אַכסאַניע ווײַטלעך פונדאַנען. ער איז אַ גאַנץ איידל, אָפּגעהיט מענטשל און באַדאַרף האָבן צו זײַן געזונט אַ גערטנדל, אַביסל פרישע לופט. נאָך דעם עסן פאָרן מיר אַהין, דיך טאַקע אויך מיטנעמען, לאָז ער דיך נאָר אָנקוקן, נישקאָשע. דאָס איבעריקע — איז שוין אונדזער זאַך. עס וועט זײַן רעכט!.. דערווײַל קום עסן!

— עסט געזונט! — ענטפערט הערשעלע, ווי דער שטייגער איז, אַז מע בעט עסן.

— ניין! — זאָגט דאָס ייִדל — טאַקע אין רעכטן עמעס קום עסן. — זאָגט, זײַט מויכל, — ווענדעט ער זיך צו שניירער־וואָלפן, — זאָגט דער באַלעבאָסטע, זי זאָל אײַך ביידן געבן עסן.

— אַ שיינעם דאַנק! איך בין ניט הונגעריק — באַדאַנקט הערשעלע, אויס דערעכערעץ נאָר, האַגאַם עס וואָלט גאָר ניט געשאַדט טאַקע אין מויל אַרײַנצונעמען עפּעס.

— נעם־זשע כאָטש וואָס׳איז — בעט דאָס ייִדל און שטופּט מיט גוואַלד הערשעלען אין דער האַנט אַרײַן אַ גרויסן, אַ שוואַרצן, אײַנעווייניק מיט קעז אָנגעפּילטן וואַרעניק.

— באַלעבאָסטע, באַלעבאָסטע! — רופט צו שנייער־וואָלף רייזען, וואָס איז דורכגעלאָפן פאַר־ביי מיט דעם פּאָלאָניק אין דער האַנט, מיט געשריי און געפּילדער.

„וואָס זאָגסטו, איך בעט דיך, צו זײַן טאַטן?! — לאָזט זי, צוקומענדיק, אויס אירן עפּעס א שמועס מיט א פאַרשווינג דאָרט צווישן אוילעם.

— ניטאָ עפּעס צו עסן, באַלעבאָסטע? — פרעגט שנייער־וואָלף.

— וואָס צו עסן עפּעס? — כאַוזערט רייזע איבער יענעמס ווערטער, מאַכנדיק א שאַלשעלעס — וואָס הייסט עפּעס? ווארמעס וועט שפּעטער אביסל זײַן.

— איך בין דאָך אָבער טויט הונגעריק, א גוואַלד!

— הענ־אביסל! זאָל איך מיך צערײַסן, פון מיר מאַכן עסן! וועל איך דערווײַל מאַכן אײַך א רעטעך. — ענטפערט אָפּ רייזע, ווארפנדיק א בליק אף די ביידע ייִדן, אויב אף הערשעלען, וואָס האָט, זיצנדיק בעקאָמפּאַניע, מיט דערעכערעצ געגעסן א ווארעניק. זי האָט עפּעס פאַרדרייט מיט דער נאָז און איז אוועקגעגאַנגען אין איר רו אַרײַן.

אז שנייער־וואָלף האָט, קעפּי האַמדובער, דערהאַלטן פון רייזען דעם אופגאָב אפן ווארמעס — א רעטעך, צו וועלכן ער האָט זיך גענומען מיט גרויס כיישעק, שטאַרק פאַרטיפנדיק זיך אין טעלער, האָט די פּאָליטיקע הערשעלעס מיסכײַעוו געוואָרן זיך צו דערווײַטערן דערווײַל ערגעץ אין דער זײַט, ווײַל ס'איז קיין דערעכערעצ ניט יענעם קוקן אין די אויגן אַרײַן בעשאַס ער עסט.

די טיר פון עם שטוב האָט א רעגע זיך ניט צוגעמאַכט — דער אַרײַן, יענער אַרויס. כאַפּנדיק, אַזויווי ער שטייט זיך דאָ אַזוי, א שטופּ פונהינטן, קוקט ער זיך אום און דערזעט צווישן פּרי־שע אַרײַנקומענדיקע פאַרשווינען — ווּעמען מיינט איר? — ביילען! עס האָט אים א קלאַפּ געטאָן אין האַרצן, עפּעס ווי א ווארעמער שטראָם איז אים איבער דעם גאַנצן לײַב דורכגעלאָפן, און ס'איז אים געוואָרן אַזוי גוט, אַזוי געשמאַק, גלײַך ווי ער וואָלט דערזען א שוועסטער, די מאַ־מען, אַלע זײַנע ליבע, נאָך וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט. עס האָט אים מיטאַמאָל א שײַן געטאָן פאַר די אויגן זײַן שטעטל, זײַן היים און זיך אין דער דאָזיקער מינוט געפילט ניט עלנט. פאַר גרויס פרייד איז ער געוואָרן צעמישט, אַזוי אז ער האָט גערוקט ביילען די האַנט באַם צולויפן צו איר, גאָר פאַרגעסן, אז זי איז א מיידל, א אישע, און עס קומט איר ניט קיין שאָלעם־אַליי‌כעם.

ביילע האָט מיט א שטיל געלעכטערל אָפּגעשטויסן פאַמעלעך פון זיך זײַן האַנט, אָנצוהערע־ניש געבנדיק אים דערמיט זײַן גראָבן טאָעס.

הערשעלע איז געוואָרן רויט, ווי א צוויק, האָט זיך אַרומגעקוקט פאַרשעמט אין אַלע זײַטן, אויב מענטשן האָבן ניט באַמערקט זײַן ווילדן טאָעס, און עפּעס געברומבלט גלאַט אַזוי, גאָר אָן ווערטער.

— איך האָב געבראַכט דיר א מאַטאָנע פון דערהיים, נאַ דיר אָט דאָס־אָ! — רופט זיך אָן ביילע, געבנדיק הערשעלען א פּעקעלע. — דאָס שיקט דײַן מאַמע דיר און לאָזט דיר גריסן.

אין דעם פּעקעלע איז געלעגן א פּאָר אַלטע אונטערגעאַרבעטע זאָקן, אָן אַלט אויסגעלאַטעט העמד, אײַנגעוויקלט אין א קאַפּאָטקעלע, איבערגעניי‌ט אף דער לינקער זײַט פון עם טאַטנס אַל־טער וואָכעדיקער קאַפּאָטע מיט א פּאַלבאָן.

הערשעלע האָט זיך געשמאָלצן אין דעם העמד, און די זאָקן האָבן געהאַט בא אים דעם זיבעטן כיין, עפּעס אים דערציילט, גערעדט ווערטער. איטלעכע לאַטע איז געוואָרן א מעגילע, א גאַנצע געשיכטע, ווער עס האָט זי געלייגט, וויאַזוי און מיט וואָס פאַר א האַרץ מע האָט זי געלייגט. ער האָט אויך באַטראַכט דאָס קאַפּאָטקעלע — און טרערן זענען אים געשטאַנען אין די אויגן. עס האָט אים געשוועבט פאַר זײַנע אויגן דעם טאַטנס בלייך פּאָנעם, געקלונגען אין די אויערן זײַן שטיל, שוואַך לאָשן, זײַן זיפצן באַם געזעגענען זיך מיט אים: „פּריער־שפּעטער, הער־שעלע, מע מוז זיך שיידן!“ — באַטראַכטנדיק דאָס קאַפּאָטקעלע, האָט אים זיך געהערט עפּעס ווי א גרויס פון יענער וועלט, א ווײַ־געשריגן פון עם טאַטן: „אָך, האָב איך עס מיך געפּלאָגט דאָס גאַנצע לעבן — און אָט האָסטו דיר אצינד דעם גאַנצן סאַכאַקל. מײַן נעשאָמע האָט גענומען גאָט, מײַן לײַב — די ערד, און די אַלטע קאַפּאָטקע, מײַן גאַנצ פאַרמעגן, נעם דו, זונעניו, און טראָג געזונט!“...

ביילע האָט דערציילט הערשעלען, אז אירע אָרעמע עלטערן האָבן זי געשיקט אהער, קיין גלופסק, זיך צו שטעלן ערגעץ אפ אן אָרט. און אזויווי זי איז דאָ ווילד־פרעמד, האָט זי אים געפרעגט, טאָמער ווייסט ער, ווו איז דאָ ערגעץ די „זאָרג־באנק״ — דאָס אָרט, ווו די דינסטן, מעקלערנס קומען זיך צונויף. אזוי האָט זי געהערט זאָגן, און אויב זייַן גוטער ווילן איז, זאָל ער אליין טאקע מויכל זייַן זי אהין אָפּצופירן.

פאר גרויס פרייד דורכצוגיין זיך דאָ מיט ביילען און וואָס דערווייַל וועט ער טאקע קענען אויספרעגן זי אפ איטלעכס באזונדער אינדערהיים, איז אים גאָר ארויס פונעם זינען שנייער־וואָלפּ, מיט זייַן שוטעף, מיט דער גאנצער שטעלע.

שנייער־וואָלפּ און דאָס יידל, וואָס זאָלן זיי דאָ דענקען? דאָס באָכערל — וואָס דען זאָל ער טון? — דרייט זיך ארום אין שטוב צווישן דעם אוילעם. זיי האָבן א פּאָר מאָל אויך אכטונג געגעבן. נישקאָשע, ער וועט ווארטן, ער באדארף ראָך זייער טויווע!

און בעשאס שנייער־וואָלפּ איז דאָ געווען אזוי פארטון אין דעם רעטעך און דאָס יידל האָט זיך געגרונטעוועט אין דער שיסל מיט ווארעניקעס אין דער גוטער האָפענונג, אז באלד וועט די באלעבאָסטע צוטראָגן נאָך עפעס, — זייַנען אונדזערע קאפּצאנסקער יונגע פארשוינען, ווי א פּאָר טויבן ארויסגעפלויגן פון דער אכסאניע און זיך געשפּאצירט איבער גלופסק.

ביידע האָבן זיך געפילט עפּעס גוט, ביידן האָט עפּעס האנאָע געטאָן. די דערמאָנונגען פון דער היים האָבן זיי אונטערגעגעבן פייַער, געעפנט א מויל צו רעדן. דאָס שעמען זיך זייערס אמאָל אין קאפּצאנסק איז דאָ, אין דער פרעמד, פארשוונדן, ווי א רויך. הערשעלע האָט זיך זאט ניט געקענט אָנרעדן, אויסגעפרעגט אפ איטלעכס פּיצעלע אינדערהיים, אין דעם גאנצן שטעטל, אויסמישנדיק אלצדינג אינאיינעם, ניט פארגעסן אפילע שעפּסל דעם מעלאמעדס ציג, זימל דעם שענקערס נייַ איידעמל, נויעך־עליע דעם וואסערפירערס לאָשעקל און אנשל דעם האָרבאטנס קעלבל. מיילע, די אלע באשעפעניש זענען דאָך פּאָרט לעבעדיקע נעפאשעס און האָבן מיט הערשעלעס נעשאָמע עפּעס וואָס ס׳איז כאָטש א שטיקל שייַכעס! אָבער וואָס פּאָרט האָט זיך מיט אים אָנגעקערט כאָימ דעם געשטופלטנס שטרויענער דאך, לייבצע־טעמצעס פלייט אוכעדוימע אזעלכע טויטע, ניט קיין לעבעדיקע זאכן, מיט וועלכע ער האָט זיך שטארק אינטערעסירט, און ס׳איז אים צוגעקומען א שטיק געזונט, אז ביילע האָט אים פון דעם אלצדינג דערציילט? מע באדארף אָבער עלנט זייַן אין דער פרעמד און אויך גוט זיך צוקוקן, צוהערן צו זיך, ביכדיי צו פילן דעם טאם דערפון און ענטפערן אפ דער דאָזיקער קאשע, — ס׳איז, כלעבן, רעכט! אין דעם מענטשנס נעשאָמע שפּיגלט זיך אָפּ א גאנצע וועלט. דער יאם געפילן אין הארצן נעמט זיך פון טויזנטער קוואלן אינעווייניקסטע אין אים און אויסווייניקסטע כוץ אים...

די זאָרג־באנק, ווו אונדזערע יונגע פארשוינען זענען געגאנגען, האָט זיך אינגאנצן, ווי זי איז, אנטפּלעקט פאר זייערע אויגן, געוויזן, וואָס זי אזוינס באטייַט און מיטאמאָל בא זיי צוגענומען דעם כיישעק צום רעדן. עס האָט זיך א ווייַז געטאָן אן איבערמישעניש פון אלערליי צורעס און געשטאלטן: פּאָנפעוואטע, צוגעפלאטשטע און געשוואָלענע נעז, וואָרגעס, לעפצן, באפּריטשטשעטע, שווייסיק־גלאנצנדיקע שטערנס און שיינע, כיינעוודיקע פּענעמער, געעלטערט, געקנייטשט פאר דער צייַט; א קאשע פון אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע און פון מעשונע־ווילדע מאָדניצעס, מישטיינסגעזאָגט: שמאטעס, לאטעס, צעהאקטע עפּעס, נאקעטע לייַב, הוילע, פון צעפּאלענע שיך ארויסקוקנדיקע פינגער, אינאיינעם מיט אָפּגעבליאקעוועטע, אָפּגעפּאָרענע, קלוימערשט נאָך דער מאָדע געניייטע קליידלעך, ווילדע קרינאָלינעס, מעגושעמדיקע שטיוולעטלעך אפ הויכע, אויסגעקרימטע קנאפּלעך! א דאָר־האפּלאָגע פון פארמישטע לעשוינעס און געמבעס: גראָבע, דינע, קוויטשענדיקע, הייזערדיקע, כאָרכלענדיקע און זינגענדיקע קוילעס. —

דאָס איז די גאנצע אָרעמינקע קאָמאנדע פון מיידלעך, ווייַבלעך, יונגטן מיט ברעקלעך קינדער און שלימאזלריקע, אָפּגעקומענע באלעבאָסטעס, געטריבן פון דער ביטערער נויט אהער אפ דעם יאריד, צו פארהאנדלען זיך פאר קעכנס, דינסטן, ניאנקעס און אמען אין נעגידישע באלעבאָטישע הייַזער.

עס איז א גערײדערייַ, א געפּלוידערייַ: געשליפענע צינגלעך קלאַפּן, מייַלער אפ שרויפן מאָלן, ווערטלען זיך, שפּעטן, בארעדן. אָפּגעקומענע בעלעבאָסטעס אָכצן, קרעכצן, ווישן די נאָז און רייַבן די אויגן. מעקלערנס אין שאלן, און יופּעס אפ איין ארבל, דרייען זיך ארום, ווי די

מאַלאַכע־כאַבאַלעס, איינע כאַפּט, ווי פֿון דער שטײַג אויפֿעס, ארויס א ווײַבל, א מיידל און פירט זי ערגעץ אוועק. די צווייטע קומט צו לויפֿן בייז, ווי א רוצח, עפּעס מיט עמעצן שטארק ניט צו־פֿרידן. און די דריטע טײַנעט, רעדט צוקער־זיס מיט באַלעבאָסטעס טאקע אפֿן אָרט, אָפּלויבנדיק אין טאָג ארײַן איר סכוירע: די איז א בעריע אפֿ כאלע־באקן, די האָט גילדערנע הענט צום שײַ־ערן מעש, קופּערוואַרג גאָר אנטיק, און יענע איז איין קעכן אין דער וועלט, אירע מאכאַלים מעג דער מאַלכעס עסן, נאָכ קיינמאָל — אז קיין צאר — אין דעם ברויט ניט געווען בא לײַטן, אליין בא זיך געווען א באַלעבאָסטע — א קאַטאָוועס, נאָכעמצע דעם באַטלענס א ווײַב!

אונדזערע פֿארשוינענע זענען געבליבן פֿארגאַפֿט, און א היפּשע צײַט געשטאַנען שטום מיט א פֿארקלעמט הארץ, ווי די שעפּעלעך, אפֿ דעם דאָזיקן מארק. הערשעלע האָט דערנאָך זיך אפילע א כאַפּ געטאָן. ס'איז קיין דערעכערעץ ניט, וואָס ער איז אוועקגעגאַנגען און לאָזט שנייער־וואָלפֿן אפֿ זיך ווארטן אזוי לאַנג; נאָר דאָס הארץ אָבער האָט אים ניט געלאָזט אָפּרײַסן זיך פֿון ביילען, צו וועלכער עס האָט אים עפּעס געצויגן, געזוכט בא זיך דערױף א טערעץ קלוימערשט — זי איז דאָך פֿון זײַן שטאָט, א נאָענטע שכיינע, דאָ נאָך גאָר פֿרעמד, איז דאָך זײַן שולדיקײַט באַלד אין דער ערשטער שאָ זי ניט אוועקצוווארפֿן. אים איז ארופֿ א געדאַנק, מעגלעך, שנייער־וואָלף וועט דערוויַיל מיט פֿארדראָס אוועקפֿאָרן, פֿארלירט ער דאָך א שטעלע, נאָר — הערט א וווּנדער! — דאָס האָט אים גאָר עפּעס ניט אזוי געארט. פֿארקערט, יאָ, לאָז זיך טאקע זײַן אזוי. עס האָט זיך אים עפּעס שטארק ניט געגלוסט, אז גראָד אין דער צײַט, ווען ביילע איז געקומען, זאָל ער באַדארפֿן אוועקפֿאָרן. עס האָט אים טאקע זיך ניט געגלוסט און פֿאָרט ניט געוואָלט מוידע זיך זײַן, וואָס בא אים דאָרט טיף אין הארצן גייט פֿיר, ער האָט געזוכט בא זיך אנדערע טײַמימ, זיך געדרייט מיט האסבאָרעס און איז לעסאָפֿ, ווי דער שטייגער פֿון מענטשן איז אמאָל אין גע־וויסע זאכן, געפֿאַלן אפֿ א שווינדל, ארײַנצולייגן שמאד־שטיק אין יירע ארײַן — אָט דאָס אינ־גאַנצן איז פֿון גאָט! מימאָנעפּשעך איז באשערט, וועט ער, נישקאָשע, די שטעלע ניט פֿארזאַמען; עלע ניט, האָט דאָך עס טאקע גאָט אזוי געמאכט, עס זאָל זיך אים גלוסטן דאָ שיִעס צו מאכן... און יענער זאָל דערוויַיל אוועקפֿאָרן. —

אבי גאָט איז שוין דאָ אינמיטן, האָט הערשעלע זיך ניט געײַלט און איז מיט א גרינג הארץ געבליבן נעבן ביילען ווארטן, ביז ער וועט ניט זען, וואָס מיט איר וועט זיך דאָ מאכן.

די צײַט איז זיך דערוויַיל געגאַנגען, און ס'איז געוואָרן שפּעטלעך.

איינע, עפּעס א מעקלערן, אפֿאָנעמ, האָט פֿונדערווײַטנס אלץ באַטראַכט ביילען. זי איז איר, אפֿאָנעמ, זייער געפֿעלן, ווי עס האָט זיך טאקע ארויסגעוויזן שפּעטער אין די גוטע, זיסע ריידע־לעך, מיט וועלכע זי האָט צוקומענדיק זיך געווענדעט צו ביילען. אז זי האָט פֿאר איר זייער א גוט אָרט, ווו מע קען זיך אויסגלײַכן די ביינער, עסן, טרינקען ווײַט ביז איבער דעם האלדז, אבי נאָר זי וועט קיין שלימעזאַלניצע ניט זײַן.

ביילע איז באַלד טאקע מיט דער ייִדענע געגאַנגען, געבעטן פֿאר דעם אוועקגאַנג הערשעלען, ער זאָל אזוי גוט זײַן געוואָר ווערן אפֿ דער אכסאַניע צו אירע זאכן, וועלכע זי האָט דערוויַיל אין א ווינקעלע דאָרט איבערגעלאָזן.

הערשעלע, עס פֿארשטייט זיך, איז ניט פֿויל געווען צו טון איר ווילן, און בעשאַס ער האָט אין א ווינקל דאָרט, נעבן אלקערל, זיך געבאָבערט איבער די זאכן, אומוואָרפֿנדיק דערבײַ דאָס בענקל מיט דעם קופּערוואַרג, איז רייזע ארויס מיט א געפּילדער און האָט אים דערטאַפּט.

## דאָס אכטע קאַפּיטל

רעפּאָעל האָט דערוויַיל צוגעגרייט בא זיך א סיידער מיט פּונש און מיט פֿארבײַסן, אלצדינג ווי געהעריק, נאָר געוואָרט, די טיר זאָל זיך עפֿענען און זאָגן: באָרעכאבע, רעבּ אוואָם! ער האָט געמעגט טאקע הײַנט אָפּריכטן דעם סיידער, אז גאָט האָט מיט גרויסע ניסימ אים אויסגעלייזט פֿון גדאליע ווינטכאַפּער, פֿון וועלכן עס האָט זיך אויסגעלאָזט א טײַך, ווו היפּש מענטשן זײַנען, ווי די מיצרים אמאָל, ארײַן איבער די אויערן, דערטרונקען געוואָרן מיט זייער פֿארמעגן — און ער איז האָפּערלעך פֿון אים טרוקן ארויס.

— רעפֿאָעל האָט געשטאַמט פֿון א שטעטל ערגעץ אין פּוילן. ערשט אנטקעגן א פינף־זעקס יאָר, אז ער האָט זיך באַזעצט אין גלופּסק און געהאַט דאָ אין קאָמיסיע סכוירע פֿון די גרויסע לאָדזער פֿאַבריקאַנטן.

גלופּסק איז פֿון לאַנגאָן באַקאַנט פֿאַר א גוטן האַנדל־פּונקט, אפֿ וועלכן אַסאַך פֿאַבריקאַנטן פֿון דער וועלט האָבן אַן אויג אָפּצוזעצן דאָ זייערע מינע סכוירעס. נישט דעריבער, ווײַל גלופּסק האָט א פּאָרט, אָדער א בערזע מיט באַרימטע קאָנטאָרן, ניין! אפֿ איר פּיאַטאָגנילעווקע זענען נישטאָ קיין אָקרעגטן. זומער אין די גרויסע היצן איז אין איר, כוץ פֿאַר די שטאָט־כאַזיירים, נישטאָ קיין אָרט, וווּ זיך צו באָדן. און, ווי געוויינטלעך, קלעקט נישט דאָס ביסל וואַסער אפֿ צו לעשן די סרייפֿעס. איינמאָל האָט זיך שוין אפֿילע געטראָפֿן, אז אופּשטייענדיק אין א שיינעם פֿרימאָרגן, האָט דער גלופּסקער אוילעם פֿונעם גאַנצן טײַך קיין סימען אפֿילע נישט געפֿונען — ער האָט אָנגעזעצט און — יאָוועש... באַנאַכט אָן א זײַ געזונט אויקער געווען, ווי אין דער ערד ארײַן! עס האָט דענסטמאָל געקלונגען דערמיט די וועלט, פֿאַר כידושים זיך געפּויקט אין די גאַ־זעטן! נישטאָ קיין פּיאַטאָגנילוועק, פּיאַטאָגנילעווקע איז אַנטלאָפֿן!... אין א קורצער צײַט נאָך דעם אַנטרינען, האָט זי, ווי דער שטייגער איז פֿון אַלע אַנדערע אָנזעצערס, ווידער זיך געוויזן און אפּדאָסנײַ באַקומען בא די באַלעבאַטים קרעדיט — שמעקנדיקע פֿרישע פֿאַמויניצעס מיט אַלעם גוטן... פֿון קיין בערזע ווייסט גלופּסק אויך נישט וואָס צו זאָגן, ייִדן פֿאַרזאַמלען זיך קופּקעסווײַז אפֿ דער גאַס, אפֿ די גאַנעקעס דאָרט, און אָנשטאָט קאָנטאָרן איז מען זייער גוט יוצא מיט באַל־האַלוואָעס, וואָכערניקעס, וואָס מאַכן עס נישט ערגער פֿון א טייל באַנקירן אין אַנדערע שטעט און רע־כענען פּראָצענט גאָר פֿראָסט, אָן כאָכמעס, אפֿ די סעדרעס פֿון דער הייליקער טוירע... וואָס־זשע דען? גלופּסק האָט א גרויסן ווערט דערמיט אַליין נאָר, וואָס זי איז אָנגעזעצט מיט א יאַם ייִדן, אָן איינאָרע. א קאַפּאָרע אַלע יאַמען, אַלע פּאָרטן און אַלע בערזעס פֿאַר א ייִדיש קעפּל! דאָס ייִדישע קעפּל איז עפּעס א דראָט־אַרבעט, פֿליט הויך אין דער לופֿט, עס דרייט, קערט וועלטן.

ווו ייִדן, דאָרט איז מ ע ר ק ו י ר האַמאַלעך, דער מעמונע איבער דעם האַנדל... פֿאַרוקט א ייִד דאָס היטל, ווערט געבוירן א פּלאַן; גיט ער א קנייטש דעם שטערן, שפּרינגט אַרויס א פֿריש־צאַפּלדיק אייסעקל, און לאָז ער א קראַץ טון זיך אין דער פּייע, וואַקסט, ווי פֿון דער ערד אַרויס, א טראַנספּאָרט סכוירע. און בא די גלופּסקער, נישקאָשע, איז אַרופּ ביז דעם האַלבן קאָפּ פֿאַרוקט דאָס היטל, זיי קנייטשן גוט דעם שטערן און קראַצן געשמאַק די פּייע. מע באַדאַרף נאָר קיין נאַר נישט זײַן, היטן זיך די ביינער, קען מען אין גלופּסק מאַכן געשעפֿטן, און, איבעריקנס, אז מען כאַפּט אַמאָל פֿון עמעצן א קוימעמיעס, מיילע, וואָס איז דאָ אַזוינס? אפֿ דעם יאַם גייט דען אַמאָל נישט אונטער א שיף מיט סכוירע און ווערט דערטרונקען? דער גאַנצער כילעק איז נאָר, וואָס דאָרט איז דער־טרונקען — דערטרונקען מיט אַן עק! און דאָ ווערט געוויינטלעך נאָכן „קוימעמיעס" נאָך געצאָלט קיוורע־געלט געוויסע „מאַכערס" אַזעלכע, פֿאַר זייער מי דעם געשעדיקטן „קאָדעש" צו טון זײַן רעכט.

אז רעפֿאָעל האָט געקענט א יאָר זעקס זיך האַלטן מיט זײַן קאָמיסיע אין גלופּסק און נישט געשעדיקט געוואָרן, איז דערפֿון זייער גוט געדרונגען, אז קיין נאַר איז ער זיכער נישט געווען.

אין דער שטאָט איז רעפֿאָעל באַקאַנט געווען פֿאַר א גוטן, פֿײַנעם, ערלעכן יונגערמאַן, האַגאַם ער האָט געכאַפּט א שטיקל אָנבליק פֿון דעם נײַעם שניט מענטשן, נאָר זײַן האַנדל אין דער וועלט מיט סאָכרים האָט דעם קליינעם כיסאָרן פֿאַריבן, און מע האָט זיך נישט ווינסנדיק געמאַכט. עט, וואָס מאַכט עס אויס! בא א סויכער קוקט מען איבערהויפּט נישט אפֿ פֿיל ערגע־רע זאַכן אויך. א סויכער, נישקאָשע, מעג... און אוויווי רעפֿאָעל איז געווען אן אַלמען, האָבן זייער פֿיל, פֿונעם פֿרומען אוילעם אפֿילע, געשאַרפֿט אפֿ אים די ציין, צו דערטאַפּן אים פֿאַר אַן איידעם.

ער איז געווען איינער פֿון יענע יונגעלײַט, מיט א יאָר פֿערציק צוריק אונטער ייִדן, וואָס זענען פֿונעם טאַנאַך און דער געמאָרע געוואָרן „באַהאַלטענע מאַסקילים". — יענע, אַלייעם־האַשאָ־לעם, זענען ניט אָפּגעזונדערט געווען פֿונעם איבעריקן אוילעם, נישט אין דער ייִדישקײַט, נישט אין דער האַלבאָשע; געלערנט, געדאַוונט דרײַ מאָל אין טאָג, זיך געוואַשן, געבענטשט גלײַך ווי אַלע; געגאַנגען געקליידעט, געטראָגן א אַרבעקאַנפֿעס, נישט געזעסן אָן א היטל — אַלצדינג גלײַך

ווי אנדערע. אויסער נאָר, וואָס זיי האָבן זיך מאַטיר געווען איבערצוהיפּערן געוויסע שטיקלעך פּײַעס, אביסל אונטערקירצן די קאַפּאָטע, ביכדיי זיך נישט צו פאַרדריפּן, צו לאָזן וואקסן אביסל די האָר, אונטערצושנײַדן א קאַפּעלע די פּייעס און האַלטן ריין, אויסגעקעמט דאָס בערדל, וואָס דערפאַר פלעגט מען אַפ זיי צווישן דעם אוילעם עפּעס מורמלען. דאָס זענען פון יענער צײַט די נײַע „לאַמעדוואָוניקעס" אין דער בילדונג. פונדרויסן אָנקוקנדיק זיי, איז דאכט זיך גאָרנישט, דאָס מויל צוגעמאכט, נישט געפּלאַפּלט; אָבער, הײליקער גאָט, וואָס אינעווייניק בא זיי האָט זיך געטאָן אין הארצן! אין הארצן האָט געגליט דאָס ייִדישע פּינטעלע, עס האָט געברענט דאָס הײליקע פּײַערל פון ליבשאַפט צו דער גאנצער וועלט מענטשן. פאַר זייערע אויגן האָט געשוועבט עפּעס אן אָנהייב פון א נײַער, א גוטער, א שיינער וועלט. עס האָט זיך געגלויבט, געהאָפט, אָט־אָט קריכט זי פונעם איי ארויס, לעמאזל, אין א ליכטיקער צײַט — און עס וועט זיך לעבן אין א גאנײַדן, זייער גוט. צווישן זיך האָבן זיי שטילערהייט געלעבט ווי ברידער, ווי כסידים פון איין רעבן, נאָר אָנשטאָט מאַשקע האָבן זיי געשלונגען די ווערטער פון די הײליקע נעוויִים, פון מע־ליצע־ספאָרים, זיך געקוויקט, זיך ארומגעטראָגן מיט יענעמס עפּעס א שירל און אליין אויך גע־מאכט מעליצעס אזוי, אָדער אין א „שאָלעם־לאַהוווי"־בריוול — אלץ „אהאָ!", „הוי!" אָ, ווײ־געשריגן! האָט עמעצער א יונגערמאַן כיישעק באַקומען זיך צו נעמען אַפּ דעם נײַעם דערעך, עפּעס צו לערנען, איז דאָס בא זיי זייער אָנגעלייגט געווען, גלײַך ווי ער טוט זיי דערמיט א גרויסע טויווע, און האָבן אים געהאָלפן מיט וואָס נאָר מעגלעך — אָט אזוי האָבן געלעבט אמאָל יענע יונגע־אַלטע נארן, אַלײעם־האַשאָלעם, נאָך נישט געכאַפּט אין דער בילדונג דעם רעכטן סטרי, נאָך נישט געוווּסט, וואָס הײַנטיקע אַלטע־קלוגע קינדער, אז דער סאָד פון האַסקאָלע איז דאַפּקע אן אָפן מויל, א ברענענדיקס, פעך און שוועבל, און א הארץ — קאַלט ווי אײַז; אז די בעסטע טוירע איז סכוירע, און די בעסטע מעליצע — א קערבל...

באַ דער פאַמיליע האָט רעפאָעל געהייסן לובלינסקי, נאָר ייִדן האָבן אים געוויינטלעך גערופן פּאָשעט באַם נאָמען, אין די אויגן — רעב רעפאָעל, א סימען, ווי שטארק באליבט ער איז גע־ווען באַם אוילעם. בא רייזען איז ער געווען גאָר דאָס אייבערשטע פון שטייסל. באלד נאָך זײַן קומען קיין גלופּסק, האָט ער בא איר אָפן הויף געדונגען א דירע מיט קעסט, און רייזע האָט אים שטארק אָפּגעהיט, זיך געפלײַסט שטענדיק, אז דער ווארעמעס פאַר אים זאָל זײַן צו דער צײַט און באַטאמעט.

די באַקאַנטשאַפט רעב אווראָמס מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן דורך א שידעך־רעדן אים, גע־וואקסן וואָס ווײַטער אלץ מער, ביז זי האָט זיך אויסגעלאָזט צום סאָף מיט א הייסער פרײַנט־שאַפט צווישן ביידע צדאָדים. אין איטלעכן פון זיי איז געלעגן עפּעס אזוינס, וואָס דאָס האָט געצויגן איינעם הארץ צו דעם אנדערן. ביידע האָבן גרויס פאַרגעניגן געהאט צו פאַרברענגען אמאָל א שאָ צײַט בא א גלעזל טיי אָדער פוגש אין א ווארעמען שמועס צווישן זיך, גאָר אָן זײַטיקע אינטערעסן.

אז דער סיידער איז שוין געווען פאַרטיק, רעפאָעל איז אין כאלאט מיט שטעק־שיכלעך געזעסן אָנגעלענט אַפּ א בענקל, ארײַנקוקנדיק אין א סייפער, איז רעב אווראָם ארײַנגעקומען אין שטוב מיט א ברייטן „גאָט־העלפ!"

— א, באָרעכאבע! — טוט רעפאָעל זיך א כאַפּ פונעם בענקל, גייט רעב אווראָמען אנטקעגן און קוקט אים גלײַך אין פּאָנעם ארײַן — עפּעס שײַנט איר דאָך גאָר, רעב אווראָם, גאָרנישט דער אייגענער, וואָס פריִער אביסל! אָט אזוי האָב איך אײַך טאקע ליב.

— זעט איר, הא, — רופט זיך אָן רעב אווראָם, — ווי גאָט קען מאכן אין איין מינוט פון שלעכט גוט. איך בין נישט אליין, האָב געבראכט נאָך עמעצן.

— ווו־זשע איז ער? — פרעגט רעפאָעל, — בעט אים ארײַן, אײַער גאסט, וועלן מיר האָבן טא־קע א מעזומען.

רעב אווראָם האָט באלד ארײַנגעפירט הערשעלען, וואָס איז באַם ארײַנקומען געבליבן דער־ווײַל אין פאָר־כיידער, און אים פירגעשטעלט פאַר רעפאָעלן.

— מײַנעם א גוטן באַקאַנטנס, אָלעוו־האַשאָלעם, א באָכערל. פון דער פרעמד, לערנט בא מיר אין קלויזל. איבער אים האָב איך עס הײַנט געהאט אזא הארצווייטעק. נו, געלויבט האשעם־ייִסבאָרעך, וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט גוט. פון מיר קומט הײַנט א טרונק.

— גוט־יאָנטעוו! — זאָגט מיט א שמייכעלע רעפאָעל, — באַ אונדזביידע איז דאָכ הײַנט עפּעס אזא פריילעכער טאָג! קומט־ושע, איכ בעט אײַכ, צומ טיש אונ לאָמיר זיכ וויל־טונ. —

באמ טיש האָט רעפאָעל אונטערגעטריבנ הערשעלענ, ער זאָל עסנ, טרינקענ, זיכ ניט שעמענ, צולייגנדיק אימ אלצ דאָס, יענצ אפנ טעלער. דאָס קערמעשל האָט אויסגעזוענ עפּעס טאקע ווי א סימכע. דער קליינער אוילעמ איז געוועננ צופרידנ, שטארק האנאָע געהאט באמ פונש.

זיצנדיק אינ צווייענ מיט רעפאָעלנ באמ אָפענעמ פענצטער, האָט רעב אווראָמ אימ איבערגעגעבנ די גאנצע מײַסע מיט הערשעלענ. רעפאָעל האָט פונדערוויַיטנס זיכ צוגעקוקט צו הערשעלענ, וואָס איז געזעסנ באמ עק טיש איבער א גלאָז טיי, אונ זיכ עפּעס פארטראכט. אינ זײַנ פּאָנעמ איז געוועננ צו דערקענענ, אז הערשעלע איז אימ שטארק געפעלנ אונ דאָס ביטערע עלנט זײַנס האָט אימ גערירט באמ הארצנ.

— דאָס איינציקע, וואָס איכ בינ אימשטאנד דערוויַיל צו טונ פאר אײַער באָכערל, — זאָגט רעפאָעל שטיל צומ רעב אווראָמענ — איז דאָס נאָר, וואָס איכ קענ אימ געבנ בא מיר אנ אָרט אפ נאכטלעגער. לאָז ער כאָטש זיכ ניט וואלגערנ אינ קלויז אפ דער הארטער באנק דאָרט, אונ ווײַטער וועלנ מיר זענ.

— אָכ, איר וועט האָבנ א גרויסע מיצווע! — מאכט רעב אווראָמ, אופהייבנדיק זיכ פונעמ בענקל, אונ ווענדעט זיכ באלד טאקע צו הערשעלענ מיט דער בסורע — דו הערסט? פונ הײַנט אָנ וועסטו האָבנ נאכטלעגער דאָ, בא רעב רעפאָעלנ. דאנק זיי פאר זייער גוט הארצ אונ קומ.

דעמ אוילעמס ווערטל „וועננ פרייט זיכ אנ אָרעמאנ? אז ער געפינט, וואָס ער פארלירט” — דאָס איז זייער גלײַכ טאקע צוגעפאסט געוועננ צו רעב אווראָמענ. ער איז זייער שטארק אופגערוימט געוועננ דעמ גאנצנ וועג, גייענדיק פונ רעפאָעלנ. ער האָט זיכ געפרייט, קוקנדיק אפ הערשעלענ, וואָס איז אימ געגאנגענ בא דער זײַט, אונ געטריבנ מיט אימ אלצ קאטאָוועס. ס'איז אימ צײַטנווײַז אפילע דורכגעלאָפנ ווי א וואָלקנ נישט קיינ אנגענעמער געדאנק, פארוואָס ער האָט אומזיסט כוישעד געוועננ א ייִדנ נעבעכ — נאָר דאָס איז געוועננ א פיצל זומער־וואָלקנדל, וואָס פליט אפ א ווײַלע פארבײַ דער ליכטיקער זונ אונ פארשווינדט באלד ווי א רויכ.

הערשעלע ווידער איז געוועננ עפּעס צעדרייט, געגאנגענ פאמעלעכ אונ פארטראכט. אימ האָט נישט געלאָזט רוענ ביילע — איז איר גערעאָטנ צו באקומענ אנ אָרט, אָדער בלאָנקעט זי זיכ ערגעצ אזוי ארומ? — אונ אויכ דאָס קלומעקל אירס אפ דער אכסאניע.

— קומ גיכער אביסל! — האָט רעב אווראָמ אונטערגעטריבנ הערשעלענ, — וואָס גייסטו עפּעס אזוי פאמעלעכ? מוישעלע, נעבעכ, מוז זיצנ אליינ דערוויַיל דאָרט אונ באומרויִקט זיכ אוודע שטארק וועגנ דיר. א ראכמאָנעס, כלעבנ, גיכער, גיכער אביסל!

— רעב אווראָמ! — רופט זיכ הערשעלע אָנ מיט א געבעט. — לאָזט מיכ, איכ בעט אײַכ, א לויפ טונ צוריק אפ דער אכסאניע. אינ איילעניש האָב איכ פארגעסנ בעטנ רייזענ אכטונג צו געבנ דאָרט גוט אפ די זאכנ. ס'איז דאָכ אנ אָרעמס... אנ אָרעמ מיידלס א קלומעקל.

— טא! — מאכט רעב אווראָמ, אָנקוקנדיק א ווײַלע הערשעלענ, וואָס האָט זיכ אָפּגעשטעלט אונ אראָפּגעלאָזנ דעמ קאָפּ. — הײַע־ושע, לעמאַעשעמ, נישט אונ קומ געשווינד צוריק. איכ וועל אליינ גיינ מיט דער בסורע.

ווי א באָמבע איז רעב אווראָמ ארײַנגעפלויגנ אינ פּאָליש, אָנגעלאָדנ מיט דער פרייליכער בסורע, קאמ אײַנהאלטנדיק זיכ נישט אויסצושיסנ זי דאָרט. בא דער טיר פונעמ קלײַזל אָבער שלאָגט ער זיכ אָנ מיט א ייִדענע, וואָס טוט אימ א פרעג אפ א טרויעריק קאָל:

— ווו איז מוישעלע?

— א, מוישעלעס מאמע! — מאכט רעב אווראָמ.

— דאָס צווייטע מאָל בינ איכ שוינ דאָ, — זאָגט מוישעלעס מאמע אפ א ציטערדיקער שטימע. — איר מוזט עפשער וויסנ, ווו איז ער, מײַנ זונ! א גאנצנ טאָג איז זײַנ פוס אינדערהיימ נישט געוועננ אונ קיינ לעפל וואסער אינ דעמ מויל נאָכ נישט געהאט. ווו די וועלט האָט אנ עק האָב איכ שוינ אויסגעזוכט. אוי, גוואלד, נעשאָמעניו! זאָגט מיר, ווו, ווו איז ער, מײַנ מוישעלע?!

— וואָס הייסט?... סטײַטש!... — מאכט רעב אווראָמ פארוווּנדערט אונ ווערט בלייכ, ווי די וואנט.

פון דער דעמבענער קרעטשמע, אנטקעגן זיבן־אכט ווערסטלעך פון גלופסק, ציט זיך באביידע זײַטן פונעם בריטן זאמדיקן שליאך, צו דער שטאָט צו, א גרויסער שיינער וואלד פון הויכע סאָסנעס און דעמבענעביימער. דער שליאך איז ערטערווײַז גריבערדיק מיט זומפיקע קאליוזשעס, אין וועלכע עס האלטן זיך אוף זשאבעס, קוואקען, רײַסן זיך אפ די העלדזער, קינדלען זיך דאָרט און גיבן איבער ביערושע זייערע בלאָטעס מיט אלע זייערע מעשוגענע האוויַעס פון איין דאָר צום אנדערן דאָר. דעריבער פארצווײַגן זיך ווײַטלעך אין דעם וואלד זײַט־וועגלעך, אף וועלכע באלעגאָלישע בוידן און גוייִם מיט פורלעך האָלצ נעמען זיך פונעם שליאך ארופ און פאָרן, איטלעכער אף זײַן דערעך, מיט זײַן „גירסע”. א באלעגאָלע באדארפ זײַן א גרויסער באָקי דאָרט, א כאריפ, א לאמדען־מופלעג צו דרייען זיך הין־און־הער, זיסט קערט זיך איבער דער וואָגן אין איינע פון די קאנאוווקעלעך — און מע ברעכט רוק־און־לענד.

אף א שמאָל שטעגעלע צווישן יונגע פרישע ביימלעך, באם ברעג וואלד, גייט זיך פארנאכט שמוליק דער טאנדעטניק, צעכראסטעט, אופגעשפילעט די קאפּאָטע מיט א קליין פעסעלע אונטער דעם אָרעם. מיט דעם דאָזיקן פעסעלע גייט ער עס אזוי אלע דאָנערשטיק קימאט צו דער דעמבענער קרעטשמע, ווו ער פילט עס אָן מיט גוטן בראָנפן אף א וואָלוועלן מעקעך און טראָגט עס גאנצפרי אין שטאָט ארײַן פאר זײַנע געוויסע באלעבאטים אף שאבעס, פון וואָס עס בלײַבט אים אביסל פאר זיך אף קירעש, אויך עטלעכע גראָשן דערצו פארדינסט. דער איבעריקער אוילעם, וואָס וויל וואָלוועלן בראנפן פאר זײַן געברויך נאָר, נישט דערמיט צו פארדינען, לאָזט זיך אהין־צו נאָך דער מאשקע געוויינטלעך פרײַטיק פרי, און דענסטמאָל איז דער וועג אהין אָפּגעשיט אָפּט מיט קינד און קייט, יונג און אלט, באלאָדן מיט פלעשלעך און אלערליי קיילים. אזוי איז שוין דאָרט אײַנגעפירט פון אלטע צײַטן — און א ייִדישער מינהעג ברעכט א דין, אפילע דעם דין פון דער ארענדע און ביפראט א גלופסקער ארענדע, וואָס אמאָל אָן ראטע...

די זון איז געשטאנען באם עק הימל, גרויס, רויט, ווי א פײַער, און געזעגנענדיק זיך מיט דער וועלט פאר דעם אוועקגיין אין איר רו ארײַן, האָט זי געוואָרפן א בליק — אירע מילדע גילדענע שטראלן, אף גראָז, אף ביימער, אף בערגלעך און טאָלן. דער אָפּגלאנץ פון איר ליכטיק פּאָנעם אף זיי האָט זיך אויסגעדאכט עפּעס גאָר ווי א שײַנענדיק־פרײַנטלעך שמייכעלע צווישן דעם מאָרעשכוירעדיקן שאָטן, וואָס אף זיי אלע האָט זיך אָנגערוקט. ס'איז געווען צום הארצן עפּעס אומעטיק־פריילעך, זיס־ביטערלעך צו גלײַכער צײַט. די שיינע נאטור זומער פארנאכט איז א קאלע צום באדעקנס אונטער דעם שלייער — און דענסטמאָל האָט זי ערשט דעם זיבעטן כיין, ציט זי דעם כאָסן בא דער נעשאָמע, עס צעשפּילט זיך אים דער „קויעך האמדאמע”, ער טראכט און פארטראכט זיך אף איר פּאָנעם, וואָס שײַנט ארויס שמייכלענדיק צו אים פונעם פארבאָרגעניש אונטער דעם דעקטוכ און רעדט, צענעמט אים עפּעס אזוי, אָן ווערטער.

שמוליק — אָט דער טאנדעטניק, וואָס אין שטאָט ארומיאָגנדיק זיך ליגט אים די נעשאָמע אינגאנצן מיט אלע געדאנקען אין דער פארנאָסע, קיין זאך גייט אים נישט אָן, נאָר אלץ ברויט, דאָס זינדיק שטיקל ברויט — אצינד דאָ, אפן גרינעם גראָז, אף דער פרײַער לופט, איז ער עפּעס ווי נײַ־געבוירן. עס דערוועקן זיך אין אים איידעלע, געטלעכע געפילן, די אויגן קוקן, האָבן האנאָע פון גאָטס שיינע וועלטעלע, די נאָז שמעקט זיסע, טײַערע רייכעס פון טויזנטערליי קרײַטעכצער; די אויערן האָרכן די וווּנדער־שיינע קאפּעלע פון שפּיל־פייגעלעך, וואָס רופן זיך איינס מיט דעם אנדערן איבער אף זייער לאָשן ערגעץ צווישן בלעטער פון ביימער, וואָס צעגיסן זיך אין שטײַגער אפן העלדזועלע, פלאטערנדיק מיט די פליגעלעך, זאָגן שירע און שפּרינגען „קאָדעש” אף דינע צווײַגלעך. שמוליקס נעשאָמע כאפּט זיך אוף, ווי פונעם שלאָף, דאָס פּאָנעם איז אים עפּעס ווי איבערגעביטן, ער קוקט און טראכט: אוי. מעכײַע! טראכט און פילט: אוי, ציט עס עפּעס, ציט דאָס הארצ! עס גלוסט זיך, ווילט זיך עפּעס, אליין נישט צו וויסן וואָס!..

גייענדיק אזוי אפן שטעגעלע, גיט אים זיך א ווײַז אנטקעגן אין וואלד א גרינער פרײַער פּלאץ, געהילט אין א טונקעלן מאנטל פון שאָטן מיט ליכטיקע, העל־גילדענע שטרײַפּעלעך. ער טוט זיך דאָרט א וואָרפּ און ציט זיך אויס אף דעם סאמעט־ווייכן גראָז.

שמוליק ליגט מיט פארטראכטע אויגן. זײַנע גלידער, פילט ער, ווערן שווער, עפּעס ציט אים די ערד שטארק צו זיך, ווי זי ציט אים ארויס די אלע וויטעקן — און אנטקעגן־זשע אף דער נעשאָמע ווערט אים גרינג, מעכײַע גוט. א ווייך, א רירנדיקס גרעזעלע גלעט אים די נאָז, די

באקן, נאָך אייגנס קיצלט אים אונטערן קאָלנער הינטן־ארום אין האלדז און נישט ווײַט פון צווישן גראָז טיקעט אים א גרילכענדל אין די אויערן אריַין; עס דערציילט א מײַסע, עס זינגט א לידל, פארוויגט און פארשלעפערט אים, ווי א קינד.

שמוליק ליגט האלב־געדרעמלט, האלב־וואך און עס פלאָנטערט זיך אים עפעס אין קאָפ. עס טראכט זיך אים פון א לעבן אָן קאָפדארעניש, ווי גוט ס׳איז צו האָבן קאשע מיט יויך — אן אייגן שטיבעלע א קליינס, מיט א גערטנדל, דערצו אויך א בעהיימעלע, לאָז זיך זײַן כאָטש א ציג. ס׳איז דאָך א גליק, בעסערס דערפון איז שוין א איבעריקע זאך! עס טראכט זיך אים פונעם ליבן גאָט: אוי, גאָטעניו, האצליכאָ-נאָ! העלפ, טאטע־פאָטער, ווײַז טאקע, ווײַז, אז דו קענסט באגליקן א מענטשן... ווי איך בין א ייִד, גאָטעניו, הושיִאָ־גאָ! און אין קאָפ בא אים פיקט זיך א גאנצער פלאן פון זײַנע נעדאָוועס דענסטמאָל, פונעם מענטליק, וועלכן ער וועט מיט זײַן גוטסקײַט און פרומקײַט גאָט אָנטון... עס קומט אים אפיר באלד טאקע אפן געדאנק מוישעלע. — ער איז דאָך א צאצקעלע, לערנט וויל, ווי די וועלט, קען דאָך גאָט געבן, אים זאָל אויסכאפן א רײַכער מעכוטן און אים אָפגילטן... מיט דער צײַט קען מוישעלע נאָך ווערן ראָוו ערגעץ אין א גרויסער שטאָט און דענסטמאָל... דענסטמאָל, אז ווויל וועט זײַן אויך אים, דעם טאטן. ער וועט אפ דער עלטער זיך אָפלעבן זײַנע יאָרן אין גרויס נאכעס, אין קאָוועד.

א קלייניקײַט עפעס דעם ראָווס פאָטער!..

די דאָזיקע זיסע כאלוימעס וואכנדיק זענען איבערגעריסן געוואָרן אינדערמיט דורך א קלאפן פון רעדער ערגעץ דאָרט אפ א זײַטוועגעלע אין דעם וואלד.

שמוליק עפנט די אויגן, טראכט בא זיך: נא, גענוג, שוין צײַט אהיים. ער זעצט זיך פאַמעלעך אוף, טוט א גענעץ, אויסקנאקנדיק די ביינער, און נעמט זיך צום פעסעלע, וואָס אים בא דער זײַט. דערווײַל פאָרט פונהינטן אָן נאָענט א פורל, נאָך א מינוטעלע — טוט א הילך אפ דעם גאנצן וואלד א ביטער געשריי:

— איַי, טאטע!

שמוליק קוקט זיך געשווינד צו און בלײַבט פארגאפט.

— מוישע־לע! וואָס? ווּהין?!. — דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס שמוליק ברענגט קאָם ארויס פינעם מויל פאר גרויס וווּנדער און שרעק. דאָס הארץ האָט אים באלד געזאָגט, ס׳איז א צאָרע. זײַן מוישעלע איז אין א גרויס אומגליק!..

— גיכער, טאטע, אוי, ראטעווע! — שרײַט אפ א ווײנענדיק קאָל מוישעלע, וואָס האָט אויסגעזען, ווי א שעפעלע צווישן צוויי וועלף מיט פײַערדיקע אויגן.

צילויפן צום וואָגן און אָנצוכאפן זיך אין אים מיט ביידע הענט האָט בא שמוליקן נישט געדויערט קיין איין רעגע. די וועלף אָבער האָבן דערצאָרנט געקריצט מיט די ציין, אים א שלײַדער געטאָן פון זיך אזוי, אז ער האָט צוויי מאָל זיך איבערגעקערט אפ דער ערד, און ביז וואַנען ער איז געקומען צו די געדאנקען, זענען זיי שוין געווען אפ א היפשער שטרעקע ווײַט.

שמוליק האָט זיך צונויפגענומען מיט אלע קרעפטן און זיך געלאָזט האסטיק נאָך דעם וואָגן. ער יאָגט, לויפט, און יענע שמײַסן, שמײַסן דעם פערדל. דער וואָגן איז אלץ ווײַטער, אָט־אָט ווערט ער פארשווונדן. שמוליק קײַכט, דאָס הארץ פארלויפט אים מיט בלוט, קאָם וואָס ער אָטעמט, די אויגן שפארן אים פונעם קאָפ ארויס פאר גרויס אנגסטן, ער אָבער יאָגט מיט אים־פעט, נישט צו פילן, כוץ דער גרויסער סאקאָנע, קיין שום זאך — דער וואָגן הייבט אָן צו פארשווינדן, נאָך א ווײַלע — ער איז שוין נישטאָ!..

— גוואלד! — שרײַט שמוליק, רײַסנדיק אפ זיך, לויפנדיק, די האָר, ער פאלט פון די פיס און ציט זיך אויס אפ דער ערד.

ווײַהי — און די דאָזיקע מײַסע איז געשען, בימיי „האקאפאָרע־הינדלעך”, אָדער ווי אין די קינעס פון יענער צײַט שטייט, בימיי „פונעם געיעג און פונעם שפיל אין קאצ און אין מויז”. דאָס טײַטש: דענסטמאָל, אין יענער צײַט, ווען מע האָט אָפגעלאָזט ייִדישע קינדער צו שטיפן אביסל צווישן זיך און באווײַזן זייערע גוורעס אין דעם געיעג, אָן פײַל־און־בויגנס, נאָר פאָשעט „פאנגען”, ווי די קאץ גייט אפן געיעג, כאפן מײַז — גאָר העפקער א וועלט! קאפאָרע־הינדל, אָדער מײַזעלע, האָט, לויט דער שפיל, געהייסן יענער, וואָס איז ארויס פונדערהיים אָן

א געשריפטס מיט אן אָדלער, פּאַספּאָרט, הייסט עס. אזעלכע האָט די קאַץ געמעגט כאַפּן, זאָגנ „זע כאַליפּאַסי, זע טמוראָסי, זע קאַפּאָראָסי" און באַלד אים אין געוואַנט אַרײַנשטעקן.

און עס האָבן זיך געפונען אזעלכע ייִדעלעך, וואָס האָבן זיך געקליגט איינער דעם אנדערן אָפּ־צונאַרן, ווײַטלעך צו פאַרנאַרן און מיט אלע האמצאָעס צו מאַכן אים די שפּיל...

שנייער־וואָלף האָט געשפּילט די ראָליע זײַנע און פאַרנאַרט הערשעלען מאַמזעריש, אין זײַן טאַטנ אַרײַן! נאָר אַז הערשעלע האָט, גאָר אומגעריכט, פון זײַנע לאַפּעס זיך אַרויסגעגליטשט, און דערווײַל איז גראָד מוישעלע אונטערגעשפּרונגען, איז ער, מוישעלע, אָנשטאָט דעם כאַוווער זײַנעם אַרײַן אין די לאַפּעס — אין באַץ, געוואָרן „געפאַנגענ"!

„ברידער! — קלאָגן דערוף די קינעס פון יענער צײַט — אלע אײַערע הונדערט־טויזנטער, וואָס זענען געקוילעט געוואָרן פון טיטעס האָראָשע, בעשאַס דעם גרויסן כורבן; וואָס זענען אומגע־קומען, פאַרברענט געוואָרן אַפן פײַער אין שפּאַניען, נאָך און נאָך אזעלכע דערהאַרגעטע, אום־געקומענע — די אלע אײנײנעם פאַרביטערן אונדז נישט אזוי דאָס לעבן, ווי יענע ייִדישע נעז, וואָס ייִדן אליין האָבן איינע די אנדערע אָפּגעריסן. דאָרט איז נאָך דאָ א טרייסט: גיבוירים! זיי זענען געשטאָרבן פאַר דעם פאָטערלאַנד... קדוישים! זיי זענען אומגעקומען אַפ קידעשהאַשעם. אָבער גוואַלד, וואָס קען אזוינס שטעקן אין ייִדישע נעז, פון ייִדן אליין טאַקע אָפּגעריסענע? — אַפּ פּעטש פון אנדערע וויינען מיר און זאָגן: נישקאָשע! גוטע און שלאַפּע לײַדן אָפּט אין דער וועלט. מעגלעך עפשער, יענע שטאַרקע וועלן נאָך אמאָל כאַראָטע האָבן, נאָר אַז געפּאַטשטע פּאַטשן זיך אליין, אַז צעדראַפּעטע דראַפּען איינער דעם אנדערן, וויינען מיר און זאָגן — אוי, וויי! — גאָרנישט וואָס צו זאָגן... דערמאָנען מיר זיך אין יענע, נעבעך, פון אײַך אליין געפּײַ־ניקטע, „געפאַנגענע", רײַסט דאָס האַרץ. עס וויינט און שרײַט: אייכאָ, אוי, ווי מעשונע דער־שלאָגן, ווי ווילד געפאַלן איז דאָס פאָלק ייִסראָעל!.."

---

# דאָס ערשטע קאפיטל

דער גרעסטער כיילעק לאנגע יידישע נעזער איז, ווי דער וועלט איז באקאנט, די גלופסקער מעקלער אָנגעקומען. דאָס האָבן זיי א מאטאָנע פון זייַן ליבן נאָמען — א מינדסט געשעפטל פון אונטער דער ערד אָנצושמעקן — דאָס איינציקע געצייַג זייערס זיך צו דערנערן. פונדאנען זעט מען באשייַנפערלעך ארויס, וואָס פאר א גוטן גאָט מיר האָבן, ווי געטרייַ ער גיט זיך אָפּ מיט זייַנע וועלטל און לייַטזעליקט אלע זייַנע מיגע באשעפעניש, מיבייצע קינים — פונעם קלענסטן ווערעמל ביז א יידישן מעקלער, מיט די נייטיקע קלייזייַען, איטלעכן צו זייַן פארנאָסע. און רעב אָשער, דער געהויבנסטער מעקלער, פול אין אלע קלייטן און קאָנטאָרן, א דאר יידל, א רירעוודיקס, א צאפלדיקס, טאָמעד מיט א פאריסן היטל ווייַט ארופ איבער דעם שטערן, מיט א שטעקעלע, דרייענדיק עס ארופ און אראָפּ, אין אלע זייַטן — ער איז געלייַטזעליקט גאָר מיט א הויפּטפייַנע נאָז, פרימע. די נעשאָמע זייַנע, דאכט זיך, האָט זיך ארויסגעקליבן בא אים פונעם מויעך, פארנעמענדיק מיט זיך אויך דעם סייכל, די כאָכמע זייַנע, און איז אריין אין שכיינעס צו אים אין דער נאָז. באלד בא רעפאָעלט קומען קיין גלופסק האָט ער, די נאָז, הייסט עס, דערשמעקט דאָס קאָמיסיע־געשעפט רעפאָעלס פון די לאָדזער פאבריקאנטן און זיך גענומען געשמאק צו דרייען מיט אים וועלטן. אז רעפאָעל אָבער האָט זיך ניט געלאָזט דרייען ביז ער וועט ניט אויסלערנען פריער גוט דעם פלאצ, מיט די אלע סאָכרים דאָרט, איז עס רעב אָשערן געוועזן א גרויס וואונדער און האָט זיך אָנגערופן, שטארק פארדרייענדיק די נאָז:

— סטייַטש, וואָס הייסט! א ייד — און לאָזט זיך ניט מאכן געשעפטן!... ניט אנדערש, האָט מיר קיין פאריבל ניט, אז מאלאָסוי ע — ע — ע... האָט אין האנדל ניט קיין געפיל.

— ווי קומט געפיל צו האנדל?! צום האנדל ברויכט מען סייכל. מע באדארף פארשטיין.

— עט, נארישקייַטן! — מאכט רעב אָשער, דרייענדיק דאָס שטעקל און אופשטעלנדיק די נאָז — איך מיין, פארשטייט איר מיך, דעם ברען. צום האנדל באדארף מען דעם ברען. ברענען באדארף מען, ברענען... סייכל איז — בע. קוקט אָן, זייַט־זשע מויכל, אונדזערע גרויסע גלופסקער סאָכרים, וואָס, הא? נאט אייַך א גראָשן פארן סייכל! מע האנדלט, מענטשן האנדלען. וואָס דען? דערופ איז מען דאָך מענטשן, סאָכרים... און פארדינען איז א גאָט־זאך, א מאזל: „מאזל מאכקים, מאזל מאשיר" — אי רייַך, אי קלוג, אלצדינג איז מען מיט מאזל.

— האנדל, וואָס געבויט אפ מאזל, אפ לויטער ריזיקע, איז א קאָרטן־שפיל. אזוי, אזוי, רעב אָשער, א קאָרטנש...

— ווייס איך, וואָס איר זאָגט מיר עפּעס א קאָרטנשפיל — פאלט אריין רעב אָשער רעפאָעלן אין די רייד, דרייענדיק דאָס שטעקל און אופשטעלנדיק די נאָז — קאָרטן זענען קאָרטן, און האנדל איז האנדל. עפּעס שפיל איך דאָ, איך לייג פאָר מאלאָסוי א שפילכן? אייסעק רעד איך אייסעק, אזא וויכטיקע זאך!

— לאָזט זיך נאָר דינען, רעב אָשער! — קומט רעפאָעל אלץ טאקע מיט זייַנס, רויִק, געלאסן — האנדל, ווייַל ס'איז א גרויסע, וויכטיקע זאך: עס בינדט אופ מענטשן די הענט צו ארבעטן שיינע, גוטע, נוצלעכע מעלאָכעס אלערליי, און עס פארברייט אומעטום, פארצוקערט זייער ארבעט, עס פירט צונויף נאָענט ווייַטע לענדער, עס בילדעט, איידלט אויס, עס שפּייַזט און באלעבט א וועלט

מענטשנ — אָט דעריבער טאקע ווײַל, ס'איז אזוי וויכטיק, מוז עס, ווי אלע אנדערע וויכטיקע זאכנ, געפירט ווערנ געזעצט, מיט בארעכענונג, מיט פארשטאנד...

— טע, — טע, — וווּהינ מאלאָסוי איז פארפלויגנ! — מאכט רעב אָשער אפ עפּעס א מעשונע ניגנ, דרייענדיק מיט דעם אופגעשטעלטנ גראָבנ פינגער אונ פּאָכנדיק דערבײַ מיט דער נאָז, וואָס קרימט זיכ אימ א שרעק — כקירעס ווייס איכ ניט, כקירעס — פקירעס — ניינ! זעט איר, א גוט קעפל, אפ שרויפנ א קעפל, א פליִענדיקס, הו — הא, הא — הו, — דאָס צומ האנדל, יאָ, יאָ!

— א גוט קעפל אליינ צו דרייענ, צו פליִענ איז פאר דעמ האנדל קארג. עס ווערט געפּאָדערט דערצו א גרויסער קאפיטאל פונ פארשיידענע יעדיִעס — רעדט זיכ רעפאָעל זײַנס טאקע, פּיקנדיק רעב אָשערנ מיט איטלעכס וואָרט — מע מוז לערנענ, רעב אָשער, לערנענ אונ וויסנ אסאכ זאכנ, נייטיק אינ לעבנ ארײַנ. פונ די כאריפּעסדיקע, פליִענדיקע יִדישע קעפּלעכ, אָנ אזא קאפיטאל, נעמט זיכ בא אונדז דער שווינדל, פונ שווינדל נעמט זיכ די „קוימעמיִעס-וואָגער", פונ די „קוימעמיִעס-וואָגער" — דאלעס, קאפּצאָנעס, אונ פונ די אלע אינײַנעמ — עסעניש, בײַסעניש, מעסירעס, פײַנטשאפט פונ אייגענע, אויכ פונ פרעמדע. קאָלזמאנ דער האנדל וועט ניט געשטעלט זײַנ אפ פארשטאנד, אפ עמעס...

— אײַ, אײַ, זײַט איר נאָכ, ע־ע, גאָר א... א יונגערמאנ, מעכילע! — שלאָגט רעב אָשער איבער רעפאָעלנ די רייד, אָנקוקנדיק אימ ווי א מעשוגענעמ, שאָקלט מיטנ קאָפּ אונ שמייכלט אימ גלײַכ אינ פּאָנעמ ארײַנ — וואָס, וואָס? איכ בעט אײַכ.

— אָט דאָס, וואָס איר הערט. נאָכ אמאָל טאקע, רעב אָשער, זאָג איכ אײַכ: אפ פארשטאנד, אפ עמעס אונ יוישער, דער האנדל זאָל ניט איבערכאפּנ די מאָס. עס זאָל ניט זײַנ מער פאבריקנ, קלייטנ, וויפל עס ווערט געברויכט אינ דער וועלט סכוירע, עס זאָל ניט זײַנ סכוירע געמעלאָכעטע, געפעלשטע מער, וויפל די נאטור קענ עכטע, גוטע אזעלכע ארויסגעבנ. עס זאָל באלויִנענ אָרנטלעכ איטלעכנס מי, איטלעכנ אָפּגעבנ זײַנס. עס זאָל זײַנ איבערהויפּט א ריכטיקער, אָפּענער כעזשבנ — קאָלזמאנ. זאָג איכ, אזוינס איז נישטאָ, איז נישטאָ צו האָפנ, אז אלדאָס בייז: עלנט, אָרעמקײַט, סינע אונ קינע...

— ניטאָ וואָס צו רעדנ. א גוטנ! — געזעגנט זיכ רעב אָשער, ניט אויסצוהערנ רעפאָעלס שמועס ביזנ סאָפ ארײַנ. ער פארײַסט דאָס היטל, א מאכ געבנדיק מיט די אקסלענ, א קראַצ אינ דער פּייע, א דריי מיט דער נאָז, אונ ווערט אנטרונענ.

— א גוטנ־טאָג, א גוט יאָר! — זאָגט רעפאָעל, אז רעב אָשער איז שוינ געווענ אפ יענער זײַט טיר — וואָס זאָל מענ טונ? הא, מע וועט זיכ מוזנ באגיינ אָנ רעב אָשערס הילפ אויכ.

רעפאָעל איז אינ זײַנ זאכ געווענ געלערנט, פּראקטיש, דערצו אָרנטלעכ, ווי ווײַט מעגלעכ. ער האָט קוידעמקאָל זיכ געַנומענ גוט באטראכטנ גלופּסק, אונ זי איז אימ פאָרגעקומענ זייער ציקאווע מיט דעמ סטרוי פונ אירע הײַזער, מיט אירע גאסנ, געסלעכ אונ הינטערגעסלעכ; ציקאווע מיט אירע יִדנ, מיט אירע קרעמער אונ סאָכרימ; ציקאווע מיט איר שטענדיקנ ראַש, יאָגעניש, לויפעניש אונ מיט אלע אירע גענג. דער יעיצערהאָרע פונ מיסכער איז דאָרט גרויס. יִדנ האנדלענ איינע מיט די אנדערע, ציִענ די פּארנאָסע איינע פונ די אנדערע. צענ מאָל מעג א סויכער פאלנ, זאָגנ „קומעמיִעס", שטייט ער, נישקאָשע, אופ אונ האנדלט ווײַטער. הײַנט, אזוי הייסט עס, הײַנט איכ דיר „קומעמיִעס", אונ מאָרגנ — דו מיר. הײַנט האלט דער די בײַטש אונ טראסקעט, אונ מאָרגנ טראסקעט יענער. אָט אזוי דרייט זיכ דאָרט דאָס ראָדל, דער ארופ, דער ארופּ, יענער אראָפּ. אונ דערנאָכ יענער ארופ אונ דער אראָפּ. דער יעיצערהאָרע ווארעמט אונטער, יִדנ פלאמענ, דרייענ זיכ, דרייענ אונ האנדלענ. רעפאָעל האָט אינ גלופּסק געפונענ א פלאצ אפ אָפּצוזעצנ זײַנ סכוירע, נאָר ווײַל אינ האנדל מוז מענ געבנ אפ קרעדיט, אנדערש איז ניט מעגלעכ אָפּצוזעצנ, אונ מוירע האָבנ אָבער באדארפ מענ דאָ פאר אָנזעצנ, דעריבער איז ער אינ האנדל געגאנגענ הארט בא דער ערד, זיכ ניט געכאפּט, געיאָגט; ער האָט איבערגעזיפּט: געגעבנ אפ באָרג נאָר גרויסע באָטוכימ. דעמ קלאל האָט רעפאָעל געהאט: בעסער ווייניק פארדינסט, נאָר זיכער, ווי אסאכ מיט ריזיקע; גלײַכער צו גיינ פּאמעלעכ הארט בא דער ערד, ווי צו פליִענ אונ דערנאָכ אראָפּפאלנ, ברעכנ האלדז־אונ־געניק. רעב אָשער מעקלער אָבער האָט ניט געהאלטנ מיט רעפאָעלנ אונ פלעגט ברענגענ רײַעס פונעמ שטייגער־פירונג אינ דער וועלט, פונ מעדרעש אונ דעמ אוילעמס ווערטלעכ, וואָס פונקט קאפּויר, ניט אזויִוי ער.

— א טאָעס, ווי איכ בינ א ייִד! — האָט געטײַנעט רעב אָשער, אז ער האָט פאָרגעלייגט געשעפטנ אונ רעפאָעל האָט ניט געוואָלט הערנ — מאלאָסוי לעבט אינ טאָעס. אלצדינג געווענדט זיכ אינ מאזל. זינט איכ לעב — „נאאר האָיִסי, גאמ זאָקאנטי”, מיט א גרויסער באָרד — האָב איכ נאָכ ניט געזענ א סויכער זאָל טראסקענ אינ דער וועלט ארײַנ מיט זײַנ כאָכמע. די בראָכע איז אנדערש ניטאָ — זאָגנ אונדזערע הייליקע כאכאָמימ — נאָר אינ א בלינדער זאכ, ווי א בלינדער עסרעג, לעמאָשל, אונ זייערע ווערטער זענענ טאקע טוירעס־עמעס. ווער עס האנדלט מיט ביטאָכנ, בלינד, אָנ כאָכמעס, ניט צופיל איבערקלערנ — וועט־מיכ, העט־מיכ, זאָלט־מיכ — דעמ שיקט האקאָדעש באָרעכ־הו בראָכע אונ האצלאָכע אינ זײַנע געשעפטנ. אדעראבע, זײַט זיכ מאטריִעכ אונ זעט, ווי די וועלט פירט זיכ. ייִדנ באָרעכאשעמ האנדלענ, קויפנ, פארקויפנ, נעמענ, גיבנ, אונ גלויבנ — זכוס אָוועס שטייט זיי בײַ אינ לעבנ. אויכ יענע קרעמער, וועלכע איכ לייג דאָ מאלאָסוי פאָר, וואָס ווילנ נעמענ סכוירע אפ קרעדיט, אויכ זיי לעבנ, באָרעכאשעמ, מיט ווײַב אונ קינדער, מיט אויסגעגעבענע טעכטער אונ איידעמס אפ קעסט. ווענ כאָלילע־וועכאס, אסאכ אזוינע ווי מאלאָסוי זאָל געווענ זײַנ צווישנ ייִדנ, וואָלט די וועלט באדארפט כאָרעוו ווערנ: עס וואָלט ניט געגלויבט איינער דעמ אנדערנ — אויס קרעדיט, אויס האנדל, אויס פארנאָסע, אונ עס וואָלט אויסגעקומענ — לייג זיכ, סאָנע־ציִענ, צי זיכ אויס אונ שטארב. אונ וואָס נאָכ? מענטשנ וואָלטנ ניט געאקערט, ניט געזייט אויס מוירע, טאָמער וועט די ערד זיי אָנזעצנ, ניט ארויסצוגעבנ טוווע, אפילע דאָס, וואָס זיי האָבנ אינ איר ארײַנגעלייגט. אונ א פאָסעק איז דאָכ דאָ, וואָס זאָגט בעפיירעש: האזוירימ בעדימע — די וואָס זייענ מיט טרערנ, בערינע ייִקצוירו — וועלנ מיט געזאנג שנײַדנ. עמעס, קרעדיט איז געזייט מיט טרערנ. אָבער דער, וואָס מאכט זיכ הארצ, גלייבט אונ גיט, וועט אימ גאָט באָרעכ־הו באצאָלנ... טאקע, דעמ אוילעמס ווערטל: ווער עס שטעלט ניט אײַנ — נעמט ניט אויס. דער שפּיצ איז: א סויכער באדארפ ניט האָבנ קיינ כאָכמע, נאָר מאזל, דעמ אייבערשטנס הילפ. דער, וואָס איז ניט קיינ באר־מאזל, מעג ער זיכ אפילע זײַנ א כאָכעמ, ווי שלוימע האמיילעכ, וועט ער גאָרניט מאכנ, טאקע ווי מע זאָגט: איינ אייצע ווענ טווונע — עס העלפנ ניט קיינ שומ כאָכמעס אנטקעגנ שלעכטע קאָרטנ.

אָט מיט אזעלכע מעמרעס אונ נאָכ אזוינע פּיזמוינעס פלעגט רעב אָשער אלצ אײַנרעדנ רעפאָעלנ, ער זאָל מאכנ דורכ אימ געשעפטלעכ מיט קרעמערס, ניט צופיל איבערטראכטנ, איבערקלערנ, שטארק פארזיכערנדיק זײַנע ווערטער מיט שווועס אונ טויטע קלאָלעס: ער זאָל ניט אויסלעבנ זײַנע יאָרנ, ער זאָל אײַנעמענ א מיסע מעשונע, ער זאָל ניט האָבנ קיינ כיילעק אוילעמהאבע, ער זאָל ניט הערנ שויפער שעל מאָשיעכ אונ ניט זוכע זײַנ צו פירנ די טאָכטער זײַנע אונטער דער כופע, אויב ער מיינט ניט אינגאנצנ טאקע נאָר לעטויוועס האָייסעק. גאנצ פּאָשעט, ער מיינט ניט אזוי דאָס מעקלערײַ, ווי דאָס געשעפט אליינ — דאָס געשעפט זאָל וואקסנ. אונ זעענדיק אָבער, אז ס'איז ארויסגעוואָרפענע רייד, רעפאָעל האלט זיכ טאקע בא זײַנס — ניינ, ניינ! — פלעגט ער שוינ פרווונ מיט בייזנ, דעהײַנע, אָנדרודלענ די נאָז אונ מאכנ אפ אימ א מוירע מיט פוילע טנועס, אזוי, אשטייגער:

— וואָס מיינט אזוינס זיכ מאלאָסוי? מאלאָסוי מיינט, אז ער איז איינער, ניטאָ מער כוצ אימ, הא! נו, וויסנ זאָלט איר, אז ס'איז דאָ, געלויבט איז גאָט, א מאָסקווע אונ א לײַפּציג אפ דער וועלט! אונ בעעמעס טאקע, גרויסע נאראָנימ זענענ זיי, די גלופּסקער סאָכרימ. צו וואָס טויג זיי נעמענ סכוירע בא מאלאָסוי, וואָס קומט זיי אָנ מיט אזופּיל מי, מיט בויכווייטעק אונ אפ טײַערע פרײַזנ, אז דאָרט, אינ יענע שטעט, בא דעמ פאָניע אונ בא דעמ דײַטש, גייט מענ זיי אנטקעגנ, מע רײַסט בא די פּאָלעס, בעטנדיק זיי: אהער, ייִדעלעכ, אהער! נאט אײַכ סכוירע, בכיר אונ בעזיל־האזאָל! עפשער איז שווערלעכ בימזומאָנימ, קענ מענ הייבנ א האקאָפע — נעמט, אָכ, אפ קרעדיט, אונ ייִדנ גייענ טאקע אונ נעמענ. אונ אז עס מאכט זיכ אמאָל א קרעצל, א שטיקל איקעוו, הייסט עס, מע קענ נישט ענטפערנ צומ טערמינ, צאָלנ, הייסט עס, איז, כאָלילע, ניט אזא גרויסע סאקאָנע. דער דײַטש אונ פאָניע זענענ גוטע מענטשנ, זיי שווײַגנ. יאָ, מאלאָסוי באדארפ דאָכ וויסנ, אז פאָרשלאָגנ דאָ שלאָג איכ אימ פאָר ניט יענע סאָכרימ, וואָס האָבנ שוינ לאנג אָפּגעטאָנ זייער זאכ, פארשטייט איר מיכ, דאָרט... נאָר אזוינע, וואָס אדײַענ לוי האָיו בעמאָסקווע, מאלאָסוי פארשטייט, וואָס דער טײַטש פונ אזוינע ווערטער? דאָס הייסט: זיי זײַנענ נאָכ ניט געווענ, פארשטייט איר מיכ, אינ מאָסקווע, פאר זיי איז נאָכ א מעגלעכקײַט קומענ

אהינצו הייבן א האקאָפּע, און מיט דער צײַט זאָל בא זיי בלײַבן א מאָנע־יאָפּע. אויב אזוי... איר פארשטייט, אויב אזוי זענען זיי דאָך נישקאָשעדיק, אצינד, דאָ אפן אָרט „ראיעלע" סאָכרים... א קלוגן באדארף מען קיין פינגער אין מויל ניט ארײַנלייגן, ער פארשטייט אפן ווונק.

איך אזעלכע שארפע ווערטער האָבן ניט געהאָלפן.

## דאָס צווייטע קאפּיטל

רעפאָעל האָט געגעבן סכוירע די קרעמער, ווי דער אײַנפיר איז, אף א צײַט פון עטלעכע כאדאָשים אף וועקסלען נאָר פון גרויסע באָטוכים, וואָס זייערע וועקסלען איז באלד טאקע אין דער הייסע רעגע געווען גרינג אָפּצוסקאָנטירן. אײַ וואָס? עס איז דערבײַ צו פארלירן היפש פּראָצענט, דאָס האָט אים נישט געארט, אבי דאָס געלט איז שאָלעם בעקעשענע און ער קען רויִק שלאָפן. און אזעלכע סקאָנטעס האָט ער געהאט מיט לייבצע דעם רויטן — א ייִד א נאָגיד און א פּראָצענטניק אין גלופּסק.

ווי דער וועלט איז באקאנט, איז לייבצע דער רויטער, מיט א בלייך פּאָנעם, א לאנגע נאָז און א קורץ בערדל, דאָס שײַנדל אין גלופּסק, מיט וועלכן זי נעמט זיך איבער פאר א וועלט מענטשן.

— נאט, הייסט עס, קוקט אָן דאָס נעפעש מײַנס, די שיינע צורע, די ארבעט מײַנע!

לייבצע איז איינער פון יענע לײַט דאָרט, וואָס קוואָקען אויס אף פײַנע בריִעס, ארײַנצוטרעטן אין דער געוויסער קנופּיע, וואָס גיט פון זיך ארויס פאר דעם פאָלק ייִסראָעל די אלערליי גאבאָיִם, פּירער, קאָכלעפל, מאכערס, טוערס, טענצערס, אייצע־געבערס, נאָך און נאָך אזעלכע פײַנע פארשוינען, צו פארזאָרגן אונדז, אָרעמע ייִדישע קינדער, גאָר אומגעבעטן מיט מעשונגע ווילדע טויוועס. געוויינטלעך זענען זיי דימענטענע מענטשן, וואָס נעמען בא יענעם די נעשאָמע ארויס מיט גוטן. זיי זענען, דאכט זיך, גאָר אָן א גאל, און האָבן אין דער נאָז פליי. ייִדיש געלט, וואָס געפינט זיך בא זיי, איז ־זיי טײַער, נישט אויסצוגעבן דערפון אף קיין שום באדערפענישן, נאָר אף זייערע אייגענע אליין. אף קאָוועד זענען זיי מויכל, אָבער נאָר אף יענעמס. זיי זענען גרויסע באלצדאָקעס, אָבער נאָר איבער א פרעמדער קעשענע, זיפצן, קרעכצן אף קלאל־ייִסראָעל — אָך, אף וואָס די וועלט שטייט, נאָר קאָסטן זאָל עס נישט קיין גראָשן. ייִדישקײַט, מאכטייסע, איז זייער טײַער, נאָר א מינדסט אייגן אינטערעסל איז נאָך טײַערער.

לייבצע דער רויטער שנײַדט זיך אף א פײַנע בריִע און לעכצט שטארק ארײַנצוטרעטן מיט א פוס צווישן די בערן. קיין לאמדן איז לייבצע נישט געווען. נאָר עט, וואָס מאכט עס אויס! א מאכער אין שטאָט ווערט מען נישט אזוי צוליב טוירע, ווי צוליב סכוירע, אדרעבע, טוירע איז געוויינטלעך גאָר א כיסאָרן — טאקע דעריבער ווײַל דו קענסט לערנען, קענסטו נישט אויסגעקליבן ווערן בא אונדז אין כעוורע.

באפאלן מיט קינדער איז לייבצע דער רויטער נישט געווען. ער האָט געהאט נאָר צוויי טעכטער, איינע, די עלטערע, כאנצע, א בילד־שיינע, און איינע א מיִעסע, נאָך גאָר א קינד. יענטל, לייבצעס ווײַב, א בײַכיקע ייִדענע, איז בא זיך אין שטוב דער גאנצער קאָפּ — קלינגט שטענדיק מיט א בונד שליסעלעך, א שיין קניפּל. זי פירט זייער א גוט לעבן: עסט, אָן איינאָרע, שלאָפט, טוט זיך וויל, איז פעט, באלײַבט, און פונדעסטוועגן כאפּט זיך איר עפּטערס פונעם מויל ארויס א זיפץ, א קרעכץ, זי קלאָגט זיך אין א שמועס מיט באקאנטע ווײַבער, קלאפּנדיק זיך אלץ אין הארצן, אָנווײַזנדיק, אז אָט דאָ, דאָ האָט זי א ווונד, שאָקלט מיט דעם קאָפּ, פארגלאָצט די אייגעלעך, אלץ טײַנעס צום ריבוינעשעלוילעם:

— אוי, א זון, א קאדעש.

זי האָט שוין איבערגעטאָן אלע מיטלען, וואָס אין דער וועלט, איבערגעהאט אייסאָקים מיט רויפים, דאָקטוירים און מיט וועמען איר ווילט. ווילט איר אלטע גויעס — איז אלטע גויעס; ווילט איר באלשעמס, לעהאוודל — איז באלשעמס, טאָטערס, לעהאוודל, און וואָס?

— גאָרנישט!...

די ווײַבער מאכן א ראכמאָנעס פּענעמל, שאָקלען איר אויך צו מיט דעם קאָפּ, נעמען פונעם קיבעד, וואָס יענטל שטעלט פאר זיי, קײַען עס פּאמעלעכן מיט כיין, טרייסטן זי, נעבעך, און אין די אייגעלעך שטעלן זיך זיי טרערן.

— איך אליין, — אזוי איז דער שטייגער יענטלס געווען זיך צו קלאָגן, — אז איך אליין, ווי איז מיר, ווינד איז מיר, בין אזוי געשטראָפט, אזוי אומגליקלעך, נעבעך, לאָמיך־זשע כאָטש נאָ־כעס האָבן פון די טעכטער, זויכע זײַנן בא דעם, וואָס לעבט אייביק, טאטע־פאָטער, „ראכום", „צאדיק", איגיכן די עלטערע טאָכטער אונטער דער כופע פירן און דערלעבן פון איר יינגלעך־אייניקלעך...

— אָמיין. האלעוויַ, ריבוינעשעלוילעם, — פלעגן איר אָפּענטפּערן די ווײַבער, פּארווארפנדיק די אייגעלעך און מאכן דערבײַ אזעלכע מעשונע פּארקרימטע צורעס, גלײַך ווי זיי וואָלטן אי־בערגליקלעך געווען, מאמעש ווי נײַ־געבוירן ווערן, ווען האשעם־ייסבאָרעך זאָל זיך דערבארע־מען אף יענטלען, נעבעך, און זי בענטשן מיט אייניקלעך־ייַנגלעך. אז נישט, וועלן זיי עס נישט אויסהאלטן, כאס־וועשאָלעם!..

דעריבער, קוים איז כאנצע פון די קינדערשע שיכלעך ארויס, נאָך זייער יונג, האָט שוין יענט־לען זיך שטארק פארגלוסט א כאָסן פאר איר, — עפּעס אזא מין פארגלוסטן זיך, מער ווי דער שטייגער איז פון אלע ווײַבער־מאמעס, וואָס גלאַט דער איניען כאסענע אליין, צונויפירן זיווו־גים, קינדער כאסענע צו מאכן איז עפּעס טאקע גאָר א ברענענדיקער יעיצערהאָרע בא זיי... יענטל האָט געבערנט, געארבעט אף אלע קיילים, געדולט דעם מאן א קאָפּ טאָג ווי נאכט:

— גוואלד, א כאָסן, א שידעך פאר דער טאָכטער!

נאָר לייבצע אָבער האָט זיך נישט אזוי שטארק געהיצט, ער איז געווען אין שידוכים א גרויסער איבערקלײַבער. אים האָט זיך געגלוסט אן איידעם מיט אלע מײַלעס: א זײַדן קינד, א גוטס, א פרומס מיט א ווויל קעפּל, פון א געהויבענער מישפּאָכע, אײַנגעטונקט אין יִכעס, אז גאָט און לײַט זאָלן אים מעקאנע זײַן. לייבצע האָט, ווי א סויכער, געזוכט אין א שידעך א גע־שעפט: אײַנצוהאנדלען פאר זיך, אויך פאר זײַן טאָכטער א סכוירע, עס זאָל גוט זײַן פאר ביידן. עס האָט אים געפאסט צום אייסעק זיך מעשאדעך צו זײַן מיט בערן, אײַנקויפן זיך אין דער גילדענער פאָן, הוילע צימעס. ער האָט געזוכט, געזוכט און דערטאפּט לעסאָף דעם אנטיק — דער־טאפט א בענציע, א בלייך באָכערל, א דארס, מיט אן אויסגעווייקט פּענעמל, ערשט באר־מיצווע און שוין א קאנדידאט אף מערידן — האקלאל, א טאכשיט, ווי געוווּנטשן.

כאנצע ווערט, לעמאזל, א קאלע און צו פּופּצן יאָר אן איישעס־איש, א פלוינעסטע. זי זיצט מיט „אירן" באם טאטן אף קעסט.

דאָס „מאנדעלע" איז אן איידעמל מיט אלע פּישטשעווקעס: עס גייט זיך פּרימאָרגנס טאָג־טעגלעך אין קלײַזל דאווענען, באלאָדן מיט א טאלעס־און טפילן־זאק, גרויס ווי ער. קומט אן אָפּ־געדאווונטער צוריק, קושט די מעזוזע, זאָגט אין דער וועלט ארײַן: גוט מאָרגן! מער קיין וואָרט. וואשט זיך, זאָגט „סעו יעדייכעם", „האמויצי" — און עסט. אָפּגעגעסן — גייט עס זיך באלד טאקע ווידער אין קלויז לערנען און קומט מיטיק־צײַט נאָכאמאָל עסן. אָפּגעגעסן, ווײַטער אין קלויז, קומט אף דער נאכט צוריק, קושט די מעזוזע, זאָגט אין דער וועלט ארײַן: א גוטן־אָוונט! איז מעקײַעם אכילעס־קעסט, עסט אָפּ, בענטשט, לייענט קרישמע און גיכער אין בעט ארײַן — שלאָפן. עפּעס שמעקט עס טוכלע, גיט זיך נאָך מיט באלעבעסל, גאָר א דערקוויקעניש.

לייבצע האָט האנאָע, יענטל איז זיך גאָר מעכײַע, און כאנצע איז זיך דערווײַל ווי פריִער טאקע כאנצע — גאָרנישט... נאָר מיט א צוגעדעקטן קאָפּ. א שטיקל פארענדערונג איז איר פון נאָך דער כאסענע איז יאָ דאָ — עפּעס שעמט זי זיך, דערזעט זי אים, אירן, הייסט עס, לאָזט זי אראָפּ די אויגן. פאר פרעמדע איז נאָך ווי ס'איז. נאָר פאר באקאנטע ווערט זי פײַער־רויט און זוכט ווי אנטרונען צו ווערן. עפּעס איז איר פריקרע. וואָס? — דאָס איז שוין איר סאָד. די בא־קאנטע פלעגן צווישן זיך איבערווינקען זיך מיט א שמייכעלע, גלײַך ווי גערעדט: מיר פארשטייען. די מאמע פלעגט זי געווייַנטלעך, באם אנטרונען ווערן, באגלייטן מיט א מילדן בליק, דערבײַ אויך שמייכלען, שמעלצנדיק זיך, און צושאָקלען מיט דעם קאָפּ.

רעפאָעלן פלעגן מיטברענגען די געשעפטן זײַנע קומען אָפטער צו לייבצען אין הויז. באם ערשטן מאָל זען פוינדערווײַטנס רעפאָעלן דורך דער אָפענער טיר אין טאטנס כיידער איז ער כאנצען פאָרגעקומען עפּעס מעשונע נײַ — דאכט זיך א מענטש, א נאָז מיט אויגן, נאָר עפּעס אן אנדער מין! אן אנדער רעדן, אן אנדער באנעמונג, אן אנדער קליידונג, אלצדינג אנדערש, ווי בא יענע, וואָס זענען איר צו די אויגן געקומען דאָ אין גלופּסק ביז אהער. זי האָט הינטער־

ווײַלעכס געוואָרפנ אייגלעכ אַפ אים, נישט מיטנ מיינ, כאָלילע, האנאָע צו האָבנ, עס האָט זיכ איר געגלוסט, — ניינ, נאָר גלאַט אזוי זיכ א קוקעלע — עס האָט זיכ עפּעס געקוקט... די אויגנ האָבנ זיכ געקוקט אונ אינ קאָפּ בא איר איז נאָכ נישט געוועננ פארטיק קיינ פיצל מיינונג איבער אים. מעגלעכ, אינ א קורצער צײַט ארום וואָלט זי אים אינגאנצנ פארגעסנ, ווענ נישט דער טאַטע אירער, וואָס פלעגט זייער אָפט מאכנ א רעד וועגנ אים אינ שטוב, לויבנדיק אים אינ טאָג ארײַנ, אזוי, אשטייגער:

— אָ, דערעכערעצ, זאָג איכ אײַכ, פאר דעמ דאָזיקנ יונגנמאנ, אָט־אָ! ער איז א דורכגעטריבענער, קלאָד אינ אייסעק מיט אלע אָפשניצלעכ, דריידעלעכ דרינענ. איכ בינ זיכער, אז מיט דער צײַט וועט ער וואקסנ, וואקסנ, העט־העט! אונ נעמענ א קאלע גאָר מיט גרויסע אלאָפימ. געדענקט מײַנ וואָרט... א שאָד נאָר, אוי, אוי — זיפצט לייבצע, קלאפנדיק מיט א פינגער זיכ אינ שטערנ — וואָס ער איז אביסל דאָס... ווי הייסט עס בא זיי, בא די הײַנטיקע דאָרט — „אופגעיוירנ", צו אלדי שווארצע יאָר; נאָר, בא... נישקאָשע... דאָכ א כילעק. נישט ווי יענע אָרעמע באלאווייערעס. אויכ מיר מענטשנ, מישטיינסגעזאָגט — קאפצאָנימ!... ער אָבער, די קאפּאָרע מעגנ יענע פאר אים ווערנ, ער איז א סויכער, ווייסט צו פארדינענ א קערבל, אָט וואָס! א מענטש איז ער, א מענטש, וואָס א מענטש הייסט, מיט א קאָפּ צומ האנדל!.. איר פארשטייט? אזעלכנ קומט א קאלע, א קאלע מיט א שיינעמ נאדנ.

די דאָזיקע שוואָכימ זענענ פונעמ טאכנס מויל אינ דער טאָכטערס אויערנ ארײַנ, גאָר נישט צו דענקענ, וואָס ער אליינ האָט זיכ דערמיט אָנגעמאכט — א גאנצע איבערקערעניש אינ שטוב בא זיכ, נישט פאר ייִדישע קינדער געדאכט. פונ לייבצעס דאָזיקע שוואָכימ הייבט בא כאנצענ אָנ צו ארבעטנ דער מויעכ. דאָרט אינ קאָפּ בא איר, ווו ביז אהער איז געוועננ רויִק, שטאָק־טונקל, הייבט אָנ פלוצימ צו טאָגנ — עס האָט זיכ אופגעכאפּט פונעמ שלאָפ דער יונגער סייכל, מיט אימ האָבנ זיכ אויכ גערירט געדאנקענ אונ זיכ גענומענ צומ אייסעק: אלצדינג צו באטראכטנ, צו פרעגנ, וואָס באטײַט דאָס, וואָס יענצ, צו באטראכטנ מענטשנ מיט זייערע גענג אונ אָפגעבנ זיכ א רעכענונג, וואָס ס'איז שיינ, גוט אונ וואָס ניינ. עס ווערט אפירגענומענ רעפאָל, כאנצעס געדאנקענ ארבעטנ, דרייענ זיכ ארומ אים, באקוקנ זײַנ פאָנעמ, זײַנ געשטאלט, אלצדינג, ווי ער שטייט אונ גייט. עס שטעלט זיכ פאָר צוגלײַכ אויכ בענציע, אזוי ווי ער איז, מישטיינסגעזאָגט, מיט דעמ פענעצל, מיט די צנאָטעלעכ, מיט די אלע טנועלעכ זײַנע, אונ זי פארקרימט זיכ עפּעס — א שרעק. זי קערט זיכ אינ די געדאנקענ אירע אומ ווידער צו רעפאָעלנ, טראכטנדיק בא זיכ: יאָ, ער איז שיינ! יאָ, טאטע, דו האָסט טאקע רעכט — ער איז בעסער, קליגער, קיינ פארגלײַכ! פונעמ קאָפּ רופט זיכ עס אָפּ אינ הארצנ — עס טוענ זיכ א נעמ געפילנ, עפּעס צופּט עס, צופּט, מאָנטעט בא דער נעשאָמע. דאָס הארצ גיט אָנצוהערעניש — אונ כאנצענ פארווילט זיכ אים נאָכ אמאָל זענ, אוי, כאָטש נאָר א ווײַלע א קוק טונ אַפ אים. נאָר אָנשטאָט „אים" קומט, ווי געוויינטלעכ אלע טאָג, „אירער", מישטיינסגעזאָגט, מיט זײַנ קושנ די מעזוזע אונ מיט דעמ שיינעמ „גוט־מאָרגנ" זײַנעמ. זי לאָזט אראָפּ בא זײַנ ארײַנקומענ די אויגנ, נאָר דרינענ ליגט נישט מער קיינ שעמענ זיכ, דאָס, וואָס פריִער, ניינ! דאָס איז שוינ גאָר עפּעס אנדערש — עס קומט איר אויס עפּעס פע, עס שלאָגט צומ הארצנ... אונ באלד טאקע ווערט זי מיט זיכ נישט צופרידנ, האלט עס פונ איר זײַט פאר א גרויס אומרעכט — סטײַטש, אנטקעגנ א מאנ! ווי קומט עס אזוינס צו א ייִדישער טאָכטער?

זי טוט זיכ אָנ א קויעכ די זינד צו פארגלעטנ, דאפקע טונ אַפ אים א בליק, ווײַזנ א פרײַנטלעכע מינע. קוימ אָבער פויעלט זי עס בא זיכ, אָט אינ דער רעגע טאקע קומט איר, מײַסעסאָטנ, אַפנ געדאנק, עפּעס גאָר ווי אַפ צולאָכעס — „ער", רעפאָעל! כאנצע איז מיט זיכ אליינ צעדרייט, נישט רעכט צו פארשטיינ, וואָס איז איר אזוינס געשענ? זי זוכט זיכ אויס ארבעט ביכדיי דעמ קאָפּ זיכ צו פארשלאָגנ, מישט זיכ אינ דעמ באלעבאטישקײַט, כאפּט זיכ צו אזעלכע מעלאָכעס, וואָס זי האָט גאָר קיינמאָל נישט געטאָנ. די מאמע קווועלט גאָר אָנ פאר גרויס פרייד אונ גיט איר אונטער כיישעק:

— אזוי, טאָכטער, אזוי, לערנ זיכ, נעשאָמע מײַנע, זײַנ א באלעבאָסטע מיט „דײַנעמ" ביז הונדערט מיט צוואנציק יאָר!

כאנצע שטייט זיכ איינמאָל אליינ אינ שטוב פרימאָרגנס, קיינער כוצ איר איז נישטאָ. זי טראָגט א דינס, א שניי־ווײַס באטיסטנ קאָפּטעלע, צוגעפאלנ צומ לײַב, מיט א געשטיקט קרעגנדל,

פעסט געשפּילעט ארום א קלאָר, ווי פון עלפּענבײַנ אויסגעטאָקט, העלדזועלע! דאָס יונגע פּנעמל מאָלע־כיין, בלוט־און־מילך, א מײַלכל — נאָר צו מאָלן, שווארצלעכע ברענענדיק־פֿײַכטלעכע אויגן לויכטן ארויס פון געדיכטע ברעמען, ווי א פּאָר בריליאנטן, אפן קאָפּ א זײַדן טיכל, ארויסגערוקט אביסל, אזוי, אז עס קוקן ארויס ביגנייווע האָר.

זי איז באשעפּטיקט מיט איבערווישן גלעזער, שעלכלעך, אויס וועלכע מע האָט געטרונקען טיי, און ווי זי נעמט זיך אויסשטעלן זיי אף זייער אָרט אין בופעט, קומט ארײַן אין שטוב רעפאָעל. זי קערט אויס דאָס פּאָנעם, טוט א קוק און ווערט צעמישט, רוקט געשווינד אראָפּ דאָס טיכל קימאט ביז די אויגן, שטייט ווי א נעכטיקע און שווײַגט.

רעפאָעלן גיט עס עפּעס א נעם. ער זעט פאר זיך א שיינהײַט, נאָך גאָר א קינד — און שוין מיט א צוגעדעקטן קאָפּ! ער שטייט א ווײַלע אויך אָן ווערטער און איז פארגאפט. באלד געפינט ער זיך, ווינטעט זיך מיט איר גאנץ איידל, מיט דערעכערעץ, אף דעם נײַעם שניט, און פרעגט זיך אפן פּאָטער. נאָכדעם ווי ער האָט באקומען איר ענטפער, אז דער פאָטער איז ניטאָ אינדערהיים, טוט ער זי ווײַטער א פרעג, אויב ער וועט באלד קומען. זי טראכט ענטפערן: „ניין", נאָר ניטווילנדיק כאפּט זיך איר פונעם מויל ארויס „יאָ" און בעט אים זיצן. וווּנדערט זיך דערנאָך אליין דערויף, וואָס זי האָט דאָ געטאָן, לעמײַ האָט זי אים פארהאלטן, געבעטן זיצן, נאָר פארפאלן.

אויך די אייגענע מײַסע טאקע מיט רעפאָעלן. איידער זיך רעכט צו באדענקען, זיצט ער שוין אראָפּגעלאָזן די נאָז, ווי א גוטער יאָר וואָלט אים גענומען און אנידערגעזעצט אפן בענקל. אין קאָפּ פּיקט זיך אים איין פּיקעניש: קום, באָכער, הייב זיך אוף און קום, זײַ ניט קיין לעקיש! און דאָס הארץ אָבער דערלאָזט אים ניט אוועקגיין, אלץ: זיץ, זיץ, נישקאָשע! די האנט דערווײַל גייט פון זיך אליין אין בוזעם־קעשענע, נעמט און דרייט א פּאפּיראָס.

כאנצע איז גערן כאָטש מיט וואָס ס'איז צו דינען און טראָגט אונטער א פּעקל שוועבעלעך. רעפאָעל דאנקט, זוכט אויס עפּעס א געשפּרעך. טכילעס גייט עפּעס שווערלעך, קורץ, איבערגעהאקט, עס קלעפּט זיך ניט, ער אלץ מיט שײַלעס: איין מאָל א פרעג, ווײַטער א פרעג, גלאט אזוי זיך פון דער העלער הויט, און זי אלץ: „יאָ", „ניין", א שאָקל מיטן קאָפּ. נאָר וואָס ווײַטער־ווײַטער שפּינט זיך דאָס געשפּרעך שוין גרינגער, לענגער. עס קומט צו רייד פון גלופּסקער אוילעם יידן: יידלעך אזוינע פּראָסטע אָן כאָכמעס, ניט קיין געמעלאָכטע און יידלעך מיט כאָכמעס, געמעלאָכטע, אזוינע און אזוינע... כאנצע אינטערעסירט זיך צו וויסן, אויב ער איז נאָך פון יענע „אופגעיוירענע", „אריסטאָקראטן", ווי זיי הייסן, און אז זי האָט געזען, ווי באם דערמאנען נאָר זייער נאָמען האָט רעפאָעל זיך פארקרימט אזוי, וואָס האָט געהייסן ערגער נאָך ווי געשאָלטן זיי אין טאטנס ארײַן, איז זי עפּעס לעבעדיקער געוואָרן.

— דער טאטע מײַנער, — זאָגט זי, — האָט זיי אויך ניט ליב, אָנקוקן קען ער די דאָזיקע לײַט ניט.

— א־א, דער טאטע! — מאכט רעפאָעל, פארדרייענדיק די נאָז, ווי אירע ווערטער האָבן אים שטארק ניט געשמעקט — דעם טאטנס ניט קענען אָנקוקן איז עפּעס גאָר אנדערש.

כאנצע שטעלט אוף די אויגן אף אים פארוווּנדערט, גלײַך ווי זי פאָדערט, ער זאָל איר דערקלערן, וואָס באטײַטן זײַנע ווערטער.

רעפאָעל אָבער האָט אײַנגעזען, אז אצינד איז ניט די געלונגענע צײַט ארײַנצולאָזן זיך דאָ מיט איר אין א טיפן שמועס, וואָס איז פאר איר טארגעם. ער מאכט זיך דעריבער טאם, קלוימערשט פארשטייט ער זיך ניט אפן ווונק, וואָס זי קוקט אזוינס אף אים, און מאכט א שמועס גאָר איבער עפּעס אנדערש.

אינמיטן דרינען, ווי זיי שמועסן דאָ זיך ביידע, טוט זיך אן עפן די טיר — און עס ווײַזט זיך א גרויסער טאלעס־און טפילן־זאק, פון א בען־פּעקוע־פעלכן, ארומגעליאמעוועט מיט בלויע קרײַקעס, אף וועלכן ס'איז אויסגענייט עפּעס ווײַסע צייכנס פון א פאבריק און ציפערס פונעם יאָר. נאָך דעם טאלעס־און טפילן־זאק ווײַזט זיך א הענטל, און עס טוט א שמיר די מעזוזע. נאָך דעם שמיר הערט זיך א קוש, נאָך דעם קוש ווײַזן זיך פיסלעך — און אין שטוב רוקט זיך ארײַן מיט א מעשונע־ווילדן „גוט־מאָרגן" א קליין יונגערמאנטשיקל, א דארס, א בלייכס אין א לאנגער לאסטיקענער קאפּאָטע מיט א יאמשענעם שטעקעלע אין דער האנט.

בענציע ווארפט א בליק אף כאנצען, אף רעפאָעלן, ווערט רויט, ווי א אינדיק, און לויפט דורך געשווינד די שטוב מיט די פיסעלעך, שטארק אופגעבראכט, צו זיך אין אלקערל ארײַן.

אינ דעמ בייזנ בליק זײַנעמ איז ניט געלעגנ דאָס, וואָס מע רופט „פּעפּערוויכטיק“, כאָלילע! ווי קומט עס צו אימ? פרעגט אימ בעכיירעמ אזוינס גאָר צו טראכטנ. כאָלעמענ וואָלט זיכ אימ אפילע ניט געקענט אזעלכס... נאָר וואָס דענ? אימ האָט אונטערגעטראָגנ גלאט אזוי, גאָר אָנ כאָכמעס, דאָס שמועסנ אירס מיט א מאנצבל, איר זיצנ מיט א מאנצבל אָנ א שוימער, דאָס אליינ איז אנ אווירע: גויע, מע טאָר ניט! ס'איז דאָ בעפיירעש א דינ... פונקט אזוי וואָלט אימ אויכ געארט א פליישיק טעפל באמ פײַער נעבנ א מילכיקס: ס'איז ניט רעכט, נאָכ איידער עס קענ גאָר ווערנ א שײַלע.

כאנצע איז בא בענציעס ארײַנקומענ געבליבנ זיצנ, ווי אָפּגעבריט פאר בושע. א גאנצער קנויל פונ פארמישטע געפילנ האָבנ זיכ אינעווייניק אינ איר געפלאָנטעט. גלאט „מאנ“ פאר זיכ אליינ, ווײַל אינ דעמ נאָמענ ליגט אזוינס, וואָס מע טאָר ניט זאָגנ, איז עפּעס פריקרע, א בושע פאר לײַטנ, אונ ביפראט נאָכ אזעלכער, ווי בענציע. ס'איז א כארפּע, א בושע דאָס ארײַנקומענ זײַנס, זײַנ געשטאלט, אלצ מיטאנאנדער, מישטיינסגעזאָגט. עס ארט זי, וואָס דענקט וועגנ אימ רעפאָעל, וואָס פאר א מיינונג האָט ער איבער איר שלימאזל? באלד איז זי בייז אפ זיכ אליינ, סטײַטש, וואָס געהער זי זיכ אָנ מיט דעמ, מיט א ווילד־פרעמדנ מענטשנ? לאָז ער זיכ דענקענ וואָס ער וויל, אלציינס. נאָכ מער, זי פילט זיכ גאָר באליידיקט פאר דעמ מאנ, איז אינ קאס, פארוואָס זאָל יענער דענקענ פונ אימ שלעכט. ער איז דאָכ פאָרט אירער. עס פארדריסט זי, צו וואָס האָט זי דאָ דעמ פארשוינ פארהאלטנ. וואָס וויל זי, וואָס פארלאנגט זי? אונ טאקע צוגלײַכ דערמיט פילט זי, ווי עס ציט איר עפּעס דאָס הארצ, עס ציט, ציט א שרעק! ס'איז אינעווייניק אינ איר א קאָכעניש, א פּלאָנטעניש. זי מינעט זיכ, די פארב שטייט איר אינ פּאָנעמ — אונ זי איז וווּנדער־שיינ, שענער נאָכ ווי פריִער.

רעפאָעל פארשטייט איר לאגע, פילט זײַנ שולדיקײַט, אז איצט וואָלט גלײַכ געוועזנ זי לאָזנ צורו. ער רײַסט זיכ אװעקצוגיינ, נאָר אומזיסט, ער קענ פונ איר די אויגנ ניט אָפּרײַסנ — ביידע זיצנ ווי אפ שפּילקעס אונ שווײַגנ.

א שנײַצנ די נאָז, ברייט, אפ א קאָל, ווי פונ א שויפער, לאָזט זיכ הערנ אפ יענער זײַט טיר, אָנזאָגנדיק די פּסורע, אז אָט גייט לייבצע.

דערזעענדיק רעפאָעלנ באמ ארײַנקומענ אינ שטוב, איז לייבצענ ליכטיק געוואָרנ אינ די אויגנ. ער האָט זייער גוט געוווּסט, אז רעפאָעל קומט אנדערש ניט, סײַדנ ס'איז דאָ אנ אייסעק, אונ דאָס ווילט זיכ אימ דאָכ טאקע זייער שטארק! האלעווײַ עפּטער אייסאָקימ מיט רעפאָעלנ, וועט ער דאָכ פארדינענ...

— אָ, א גאסט! מע באדארפ מאכנ שעכעיאָנו. אָווא, אזא לאנגע צײַט ניט געוועזנ בא מיר אינ שטוב! הא, וואָס איז די מײַסע, וואָס? ניט שיינ, רעב רעפאָל, ניט שיינ — מאכט לייבצע, קלאפנדיק מיט א פינגער די נאָז — אדעראבע, זאָגט, טוט מענ עס אזוי א פרײַנט, וואָס האָט אײַכ עמעס ליב, הא? בענעמאָנעס! איכ האָב זיכ שוינ שטארק מעצאער געווענ, אלצ אי־בערגעטראכט, עפּשער האָב איכ מיכ מיט עפּעס פארזינדיקט, נאָר האשעמ־ייִסבאָרעכ איז מײַנ איי־דעס, אויכ מײַנ ווײַב אונ מײַנ טאָכטער דאָ, וואָס איר זעט, אז איכ בינ ריינ פונ שולד, אדעראבע, פארקערט... אוילעמ־אומלויע האלט איכ פונ אײַכ, איאָ, כאנצע, וואָס זאָג איכ טאָמיד, הא, אפ רעב רעפאָעלנ? — מיילע נו, פארפאלנ. וואָס געווענ, איז געווענ, אצינד פריי איכ מיר בעעמעס, וואָס איכ זע אײַכ, זאָל מיר גאָט אזוי העלפנ בעכאָל אשער עפנע. נו, זאָגט־זשע מיר קוידעמקאָל, ווי גייט עס אינ געזונט, אינ די געשעפטנ, הא?

— געלויבט דער אייבערשטער, גוט! — זאָגט רעפאָעל — געשעפטנ זענענ דאָ זייער פיל, אונ אָט בינ איכ טאקע אצינד געקומענ וועגנ געשעפט.

— איי־איי, אויב אזוי, קומט־זשע ארײַנ צו מיר אינ כיידער, — זאָגט לייבצע מיט א שײַנענדיק פּאָנעמ פאר גרויס האנאָע, — קומט, זײַט מויכל, אונ מײַנ טאָכטער וועט זיכ מאטריִעכ זײַנ צוליב דעמ גאסט ארײַנטראָגנ אונדז אהינצו אביסל מאשקע מיט פארבײַסנ, איאָ, כאנצע? אָדער עפּשער איז דער מאנ דײַנער שוינ געקומענ פונ בעסמעדרעש אונ דיר גלוסט זיכ אביסל פארברענגענ מיט אימ, הא, וואָס שעמסטו זיכ, כאנצע? — כאָכמעט זיכ לייבצע פאר גרויס סימכע, נאָכקוקנדיק מיט איינ אויג כאנצענ, וואָס איז אוועקגעגאנגענ שטארק פארשעמט, מיט דעמ אנדערנ ווינקענ־דיק צו רעפאָעלנ, אונ איז מיט אימ צו זיכ אינ כיידער ארײַנ.

# דאָס דריטע קאפיטל

יענע צײַט, מיט א יאָר פערציק, פופציק צוריק, האָט אין דער וויסטער, פינצטערער נאכט פונעם ייִדישן לעבן בא אונדז אין לאנד אָנגעהויבן צו שײַנען אפ טאָג. א פריש ווינטעלע האָט א בלאָז געטאָן פון מיִרעוו־זײַט, צעטריבן די געדיכטע וואָלקנס איבער דער ענגער ייִדישער גאס און די בילדונג האָט, ווי דער מאָרגנשטערן, ארײַנגעשיקט אויך אהין פון אירע שטראלן. א קליינער טייל ייִדן זענען מיט דעם באגין אופגעשטאנענע לערנען, צווישן זיי אזעלכע, וואָס די אויגן נאָך פארשלאָפן, נישט רעכט בא די געדאנקען, האָבן ווי די פארדולטע זיך געיאָגט, געוואָרפן אין אלע זײַטן, און פאר גרויס אײַלעניש דערווײַל געבראָכן, אומגעוואָרפן, אָנגעמאכט שאָדן. דער איבעריקער אוילעמ האָט זיך נישט גערירט פונעם אָרט, זיך געבייזערט און געמורמלט, וואָס מע שטערט אים דעם שלאָף...

ס'איז א קריגערײַ, א געווערטלערײַ צווישןביידע צדאָדים: די רופן יענע „פעפערס", פוילע — פאַרלעגערטע — צוגעלעגערטע סכוירע, אונטערלאָזנדיק זיי אונטער דער נאָז פאָנפעס, און יענע — ניסן, קײַכן, שרײַען: שקאָצים, הולטײַיעס! די יאָגן אלץ ווײַטער, ווײַטער ארויס אין דער פרײַער וועלט ארײַן, מיינענדיק, עס שטייט זיי פאָר דאָרט גליקן, און יענע אפ די גלעגערס גיבן אפ זיי א מאכ מיט דער האנט: נאראָנים! איר וועט כאפן א קלאפ, וועט שפעטער, נישקאָשע, קומען ווי די אָפגעשמיסענע צוריק מיט אראָפּגעלאָזטע נעז! ביידע צדאָדים אמפערן זיך, איינער דעם אנדערן טוט אין דער גאל ארײַן, ס'איז א צערײַסעניש, א צעפאלעניש, קידער־ווידער!..

מער פון אלע האָבן עס געפילט די יונגע פאָרפאָלקן, פאר זיי איז די בילדונג־שמילדונג געווען א סאמ — עס האָט אָנגעמאכט א דרײַעניש, זיי אויסגעקײַקלט. באלעבעסלעכ ווארפן אוועק זייערע פלוינעסטעס, לויפן ביגנײַווע ערגעץ אוועק — לערנען. יוגנטן ווארפן אנ אומכיין, שפּײַען קלעק אפ זייערע מאנעלעכ — צוציקעס, ווארפן אראָפ די שלייערס און ווערן פריצעס. איידעמלעכ פון בענציעס סאָרט קריכן אויס ווי די מײַז, א מאגייפע אפ זיי, נישט דאָ געדאכט.

מע זאָל זוכן אפ באלאָנעס אין די מעטריקע־ביכער פון יענער צײַט, וואָלט זיך גאנצ זיכער דערוויזן, אז אזויפיל געטן, ווי דענסטמאָל, איז צווישן ייִדן קיינמאָל נאָכ נישט געווען.

רעפאָעל האָט מיט זײַן ארײַנגאנג צו לייבצען אין שטוב פארטראָגן די קרענק פון יענער צײַט — כאנצע נעמט זיך אָן און באקומט היץ!.. עס דרייט זיך איר דער קאָפ, עס בײַט זיך איר דער געשמאק, דאָס, וואָס פריִער איז איר געווען ליב, איז אצינד פע, וואָס אמאָל גוט, הײַנט שלעכט — די אלע גוטע סימאָנים פון יענער פארשלעפּטער קרענק, נישט הײַנט געדאכט! בענציע איז איר פריקרע, איבל ווערט איר א קוק טון אפ אים. רעפאָעלן געפעלט כאנצע אלץ וואָס ווײַטער מער. ער זוכט אויס צײַט צו זען זיך מיט איר, ווען זי איז אליין. ער גיט איר אײַן פייכל, פארברענגט מיט איר די צײַט אין א קלוג געשפרעכ, זי כאפט אוף זײַן איטלעכס וואָרט, עס כאפן זיך בא איר אוף נײַע געדאנקען, פרישע געפילן, עס קאָכט זיך, קאָכט, זי ווערט צעקאָכט און צו אים צוגעקאָכט. רעפאָעל האָט אָנגעצונדן אין כאנצעס הארצ א העליש פײַער און אליינ אויכ געברענט צו איר — נאָר דאָס פײַער איז דערווײַל בא ביידע געווען פארבאָרגן, איטלעכער באזונדער פון זיי האָט עס געשטיקט אין זיך, געברענט שטילערהייט.

רעפאָעל, א מענטש מיט יוישער, מיט פארשטאנד, געניט אין דער וועלט, האָט אלצדינג אָנגעווענדט פון זײַן זײַט דאָס פײַער פון אָנהייב צו לעשן. ער האָט זייער גוט בארעכנט, ווי ווײַט אומעגלעכ עס איז אפ דעם גלײַכן רעכטן וועג דעם ווונטש פונעם הארצ זײַנעם צו דערגרייכן. כאנצע האָט דאָכ א מאנ. עמעס טאקע ער איז א בעהיימע, אָבער פאָרט א מאנ. א מאנ א בעהיימע איז גאָרנישט אזא זעלטענע זאכ. אָנמאכנ צווישן זיי א בייז, שלעכט לעבן, צערײַסן א פאָרפאָלק — אזוינס איז אים נישט געלעגן אין זײַן כאראקטער. הײַנט איז דאָכ, גאָר אָן דעם, עפּעס צווישן אים און אירע עלטערן א גאנצ טיפער אָפגרונט. זיי זײַנען באגאָטישע, פארשימלטע, פון דער אלטער וועלט, און ער איז איינער פונעם נײַעם שניט, מער, אָדער ווייניקער — אלציינס. שוין דאָס אליין, וואָס א בענציע קען זײַן זייער איידעם, באווײַזט גענוג, ווי ווײַט אזעלכע זײַנען פון א רעפאָעלן, אזוי ווײַט ווי הימל פון ערד. דעריבער, אָנגענומען אפילע דער פאל, אז כאנצע בלײַבט אנ אלמאָנע אָדער א גרושע, וועלן דען די עלטערן אירע וועלן זי אויסגעבן פאר אים? און אז זיי וועלן זאָגן: ניין, וועט דאָכ זײַן טאקע ניין, ווארעם די הויפט־

ראָליע בײַ ייִדן אין א שידעך שפּילן דאָך נאָר די עלטערן. וואָס ווייסן קינדער — זאָגט מען — און וואָס האָבן זיי א דייע צו זאָגן אין אזעלכע זאכן?...

רעפאָעל האָט עס אלצדינג גוט בארעכנט און זיך אליין געפרעגט אין הארצן, וואָס ער וויל און צו וואָס אזוינס קען פירן? נאָר, ווען דער האנדל איז בײַ רעפאָעלן געגאנגען נאָך א פּינקטלעכער אויסרעכענונג אלצדינג פריִער, איז בײַ אזעלכע זאכן, ווי געפילן אינעווייניק אין דער נעשאָמע, די אלע בארעכענונגען זײַנען נישט אָנגעגאנגען. דאָס הארץ ווייסט גישט און האָט נישט געוואָלט וויסן פון קיין לעזשבוינעס, עס האָט זיך געטאָן זײַנס, אלץ ווײַטער, ווײַטער געצויגן און געצויגן, ביז רעפאָעל איז מיט דער צײַט פארגאנגען העט־ווײַט, אזוי אז צוריק איז גאָר קיין מעגלעכקײַט נישט געווען.

און כאנצע? אוי, אז אָך־און וויי איז כאנצען, נעבעך, געווען פון אלע זײַטן. א ווייטעק א גרויסער איז איר, ווי א ייִדישער טאָכטער, כּונעם יעיצערהאָרע, וואָס צעקאָכט איר די געבליטן מיט זינדיקע געדאנקען פון ליבע, וואָס גיט איר צו פילן אזוינס, וואָס אײַ־אײַ־אײַ־אײַ, כאס־ווען־כאָלילע עס פארן מויל צו ברענגען! און א ווייטעק א גרויסער איז איר אויך פון בענציען דעם שלימאזל אירן. לעבן מיט אזעלכן איז אימעגלעך. זי האָט דאָך אים פײַנט, קען אים נישט אָנקוקן. אזא לעבן, מישטיינסגעזאָגט, פון א פּאָרפאָלק נישט צום הארצן, איז דאָך א זינד נאָר אנטקעגן זיך, אנטקעגן גאָט און לײַט. פּאָטער ווערן פון איר שלימאזל איז גאָר ניט געמאָלט, זי איז דאָך בײַ טאטע־מאמע אין די הענט, זיי האָבן איבער איר צו זאָגן — און בײַ זיי אין די אויגן איז דאָך דאָס בענציעלע אירס מאָלע־כיין, שיין ווי די וועלט. וואָס איז שײַעך, זי האָט פײַנט, אז זיי, טאטע־מאמע, האָבן עס ליב!.. האקלאל, אזוי, צי אזוי, איז כאנצע זינדיק, ס׳איז איר ביטער פון ביידע זײַטן.

נישט געפּרוווט זאָלט איר ווערן, ווײַבלעך, נישט פאר אײַך, ייִדישע טעכטער, געדאכט אזעלכע יעסורים, ווי כאנצעס, נעבעך!

לייבצע האָט זיך געשפּיגלט אין זײַן איידעמל, זיך בארימט, געצאצקעט מיט אים פאר לײַט, אָפּגעליובט אין טאָג אריין זײַנע גוטע מײַלעס און שטארק האנאָע געהאט בײַ א געלעגנהײַט אמאָל דערציילן דעם ייִכעס זײַנעם, אז ער וואקסט פון דעם רעכטן צימעס פונעם פּאָטערס צאד, פון דער מוטערס צאד — גרויסע ראבאָנים, לויטער בערן, אין די אלע, א קאטאָוועס עפּעס, זענען זײַנע מעכוטאָנים! רעב צעמפּל, דאָס שײַנדל, דאָס „גאָלעס־ליכטל" פּששש... איז א מעכוטן, און רעב, רעב... דאָס אייבערשטע פונעם שטייסל — אויך א מעכוטן. בעכיין... זאָלן גלופּסקער וויסן, ווער אזוינס איז לייבצע דער רויטער!

אויך יענטל, דאָס ווײַב זײַנס, האָט זיך שטארק איבערגענומען מיט בענציעלען, איר זיס איידעמל, פאר די באקאנטע ווײַבער אירע, אלץ געליובט און געדאנקט זײַן ליבן נאָמען פאר דער דאָזיקער מאטאָנע זײַנער, נאָר אויסלאָזן לעסאָפּ פלעגט זי, געוויינטלעך, מיט א זיפץ, כליפּענדיק: סטײַטש, כאנצע איז נאָך ניט מעוברעס, און וואָס קען דערפון זײַן דער טאכלעס? זי כאפּט זיך אָן באַם הארצן, קלאפּנדיק דערויף מיטן פינגער, אז דאָ, אָ־דאָ האָט זי א ווונד, א מאקע א גרויסע, סאָנע־ציִען.

די ווײַבער, בארעמהארציקע, בארײדעוודיקע, ווי דער שטייגער איז, רעדן איר אויס דאָס הארץ, איטלעכע מיט אירע טרייסטווערטער. איינע זאָגט:

— יענטל, נעשאָמע מײַנע, שא, גענוג געוויינט, דער זכוס פון די הייליקע מעכוטאָנים דײַנע וועט דיר באשטיין דאָרט פאר דעם קיסעהאקאָווער און איבעראיאָר, אימירצעשעם, וועט כאנצע דײַנע געלעגן ווערן מיט א ייִנגל.

די צווייטע דערציילט איר א מײַסע עפּעס מיט א ווײַבל ערגעץ, וואָס האָט א היפּשע צײַט נישט געקינדלט, איז געקומען איינער א בעריע צו אזוינע זאכן, איך ווייס נישט, וואָס ער האָט געטאָן פאר א מיטל — און דאָס ווײַבל, האלעוואַי אף כאנצען דײַנער געזאָגט געוואָרן, איז באלד טאקע פארגאנגען אין טראָגן. נאָך א ייִדענע דרינגט איר אויס פונעם סייכל, אז א קליין ייִנגל, עס מעג זיך כאָטש זײַן א באלעבעסל, קען גאָר ניט קינדלען, — סײַ א מענטש סײַ א בעהיימע, לעהאוודל, אלציינס.

— אז בענציע דײַנער וועט אונטערוואקסן, עלטער ווערן, וועט ער, אימירצעשעם, אָפּגעבן דיר זײַנס מיט פּראָצענט, האָב קיין מוירע נישט, נישקאָשע!

ווען לייבצען איז אמאָל געראָטן מאכן דורך רעפּאָעלן א גוט דיסקאָנט־געשעפטל, אראָפּכאַפּן פון אויבן א היפּש פאַרדינסטל און צוליב דעם אים פאַרבעטן אינאיינעם מיט גוטע ברידער צו זיך אינאָוונט אַף א גלעזל טיי, פלעגט ער, לייבצע, הייסט עס, בעשאַס כעדווע דענסטמאָל אונטערוואַרעמען דאָס איידעמל, דאָס צאַצקעלע זײַנס, עס זאָל אַרויכוויַזן באַם טיש זײַן טוירע, און אַלצ ווינקען, צווינקען רעפּאָעלן, ער זאָל מיט קאָפּ זיך צוהערן.

— אנו, בענציע, לאָז זיך הערן! עפּעס א וואָרט, א גוט שטיקל אַזוינס, ווי דו קענסט, אַזוי, מיט א מויל!

און בענציע צעפּלאַקערט זיך, צעשאָקלט זיך מיט די הענט און פיס, שיט מיט שטיקלעך געמאָרע און מישט אויס קאַשע מיט מאָן.

— א נו? — מאַכט לייבצע, וואָס איז פלאַטשיקלעך אין לערנען, שטשירעט אויס צו רעפּאָעלן איין אייגעלע, שמייכלענדיק דערבײַ זיס מיט א שײַנענדיק פּאָנעם — איאָ, האַ, סכוירע?

רעפּאָעל ענטפערט מיט א קנייטשעלע, עפּעס אָן ווערטער, איבערקוקנדיק זיך מיט כאַנצען, וואָס מינעט זיך פאַר שאַנד, טראַכטנדיק בא זיך: אוי האָסטו מיר געגעבן א גוט שטיקל סכוירע, טאַטע!

דערמיט אַליין, וואָס לייבצע האָט זיך באַרימט מיט בענציען, אָט דערמיט טאַקע האָט ער אים באַגראָבן. אפּאָנעם, אַזוי איז לייבצעס פינצטערער מאַזל געווען אָנגעשריבן דאָרט אַף אים אין הימל, אַז ער אַליין מעכילע, מיט זײַן באַנעמונג, מיט די רייד זײַנע, זאָל, גאָר אַליין נישט צו וויסן, דער טאָכטער אײַנגעבן סייכל פײַנט צו באַקומען דעם מאַן און פאַרליבן זיך אין רעפּאָעלן. ער זאָל עס געווען, כאָלילע, וויסן, וואָלט ער, סאָנע־ציִען, זיך גיכער א מיסע אָנגעטאָן, זיך באַגראָבן טיף אין דער ערד נײַן איילן.

איינמאָל, פּורים צו דער סודע, אַף וועלכער ס׳איז געווען פאַרבעטן רעפּאָעל מיט נאָך אַנדערע געסט, און מע האָט זיך ווויל געטאָן, האָט לייבצע מיט דער פּאָרסע געוואָלט אַרויסווײַזן דעם איידעמלס טוירע, לאָז דער אוילעם הערן, ווי שיין ער דאַרשנט, וואָס פאַר א טאַכשיט ער איז.

— שאַ, — פּאַטשט לייבצע מיט א האַנט אין טיש: — מײַנער וועט אונדז דאַרשענען עפּעס פון דער מעגילע. שאַ, אָט וועט איר עפּעס הערן... הײַדאַ, בענציע!

און דאָס בענציעלע, וואָס האָט לעקאָוועד פּורים איבערגעכאַפּט די מאָס, געהאַט א איבעריק ביסל מאַשקע אין קאָפּ, הייבט אָן זאָגן שטאַרק פאַרפלאַמט אַזוי:

— אין פּלוג איז דאָך אינגאַנצן דער איניען דאָרט נישט רעכט. צו וואָס שטייט בא מאָרדכען: מאָרדכײַ האַיעהודי, וואָס לאָזט דערמיט דער פּאָסעק מיך הערן? פּשיטע, ווייסן מיר דען אַליין ניט, אַז מאָרדכע איז מיסטאָמע א ייִד? מאָרדכע איז מאָרדכע, א ייִד! וואָס דען, מאָרדכע זאָל הייסן א גוי, ביטמיע — ווי געשיקט זיך עס?.. נאָר אָוועקגעלייגט שוין אַפילע די דאָזיקע קאַשע, נאָך און נאָך קאַשעס, וואָס איז דאָ צו פרעגן, אַף וועלכע עס שטעלן זיך דאָ אַלע מעפאָרשים, בלײַבט דאָך טאַקע פאָרט די אַלטע קלאָץ־קאַשע: פאַרוואָס בא אַכאַשווייראָשן שטייט וואַיוימער און בא עסטער האַמאַלקע — וואַטוימער? עס מוז דאָך דרינען עפּעס שטעקן. הײַנט איז דער קווענטש פון אַסערעס אַלאָפים קיקאַר־קעסעף — צען טויזנט זילבערנע קיקאַר, און אַסערעס בניי האָמען אויך האַרבלעב, — וואָס קווענטשט זיך אַזוי דער פּאָסעק צו זאָגן בא ביידע אי בא די זילבערנע קיקאַר, אי בא די בניי האָמען דאַפקע צען, און וואָס וואָלט אונדז געאַרט, אַז עס זאָל נישט געווען זײַן צען?

— אָ־ווא! — מאַכט לייבצע, גאָר אָנקוועלנדיק, — האָט איר געהערט א נעם טון אַביסל אַזוי א פּאָסעק, אַהער א דריי, אַהין, אַז עס ווערט, מעכילע, א לעמעשקע!... איאָ, סכוירע? הײַדאַ, בענציע, זאָג, זאָג ווײַטער, ווײַטער!

— נישמער, ס׳איז רעכט. די ווערטער פון דער הייליקער טוירע זענען צוקער־זיס, — צעלאָזט זיך בענציע ווײַטער אַף זײַן זיס קעלעכל: — דער טערעץ איז נאָך דעם פּראָסטן פּשאַט אַזוי: ווי מיר ווייסן, האָט פון שאַדײַ (שדי) דער אַרויסגעוואָרפענער „יוד“ זיך א לאַנגע צײַט אַרומגעוואָגלט, ביז יעהוישוע האָט אים אָנגענומען, אַרײַנגעגאַנגען אין ערעץ־ייִסראָעל און אײַנגענומען די פעלקער. דאָ איז נאָך גאָלעס מיצראַיִם דער „יוד“ געקומען צו רו און געווען, הייסט עס, בעקוויעך, ווי מיר האָבן דאָ געזען שפּעטער. אין גאָלעס־פּאָראַס האָט דער ייִד מאָרדכע האַיעהודי (קלוימער—

אזוי מיינט ער, מאָרדכיַ היאיהודי מיט א „יוד", מאָרדכיַ, נישט מאָרדכע) און דער יוד באַ אכאשווירעישן, וואָס אריַינ צו אים דורכ עסטער האמאלקע, וואויומער — און ער האָט געזאָגט, געזאָגט... פארשטייט איר מיכ, ער האָט עס גויווער געוועגן יענעם יוד (אסערעס) פונ די אלאַ־פים, אויכ יענעם יוד (אסערעס) פונ די בניי האָמענ! דענ זיַיט וויסנ, אז עס זענענ דאָ צוויי מינע יורנ! א יוד אינ אינ דער קרושע און אינ דער טומע, א מינ..

— יונגערמאנ! — פאלט אריַינ בענציענ אינ די רייד רעפאָעל, וואָס האָט שוינ ניט געקענט מער זיכ איַינהאלטנ: — וואָס ווילט איר האָבנ פונ פאָסעק? ואיומער איז לאָשנ זאָכער, וואטוימער — לאָשנ נעקייווע.

— לאָשנ נעקייווע קענ איכ נישט! — צעשריַיט זיכ בענציע אינ איינ קאס, פלאמפיַיער — א שמועס בעלאָשנ זאָכער אונעקייווע — דאָס קענענ נאָר די פראנצויזנ, ייִמאכשמוויניקעס: וואיוי־מער — ער האָט געזאָגט, וואטוימער — זי האָט געזאָגט, מיט דעמ פוצ, מיט דער מאָרע...

דאָס איז פונ בענציעס זיַיט געווענ א שטיינ גליַיכ צו רעפאָעלנ און צו כאנצענ אינ גאָרטנ אריַינ, אנ אָנצוהערעניש, וואָס זיי זיצנ און רעדנ אָפּט צווישנ זיכ אָנ א שוימער. זיַינ שפראכ האָט זיי געטראָפנ ביידע, ווי א פיַיל אינ הארצנ.

זינט דענסטמאָל איז בענציע באמ וויַיב א ניפטער — אויס בענציע, און רעפאָעל פארנעמט דאָס גאנצע אָרט באַ איר אינ הארצנ.

געוויסע ציַיטנ אזעלכע איז געווענ, וואָס כאנצע פלעגט קענענ בלײַבנ איינע אליינ אינ שטוב. רעפאָעל האָט שוינ די ציַיטנ געוווסט און איז געקומענ פארברענגענ אביסל די ציַיט אינ איר געזעלשאפט מיט גרויס פארגעניגנ. און טאָמיד איז באַ אימ אינ קאָפּ געווענ גרייט עפעס אנ אייסעקל, עס זאָל פארשטעלנ די אויגנ, דינענ פאר אנ אויסרייד אינ א נויטפאל פאר לייבצענ און זיַינ הויזגעזינד.

איינמאָל איז ער אינ אזא ציַיט געקומענ און געטראָפנ כאנצענ פאַרומערט, מיט פארוויינטע אויגנ. דאָס האָט איר נאָכ צוגעגעבנ כיינ, ווי דער שיינער, בליענדיקער רויז די טוי־טראָפנ זו־מער פרימאָרגנ. ער האָט זיכ נישט געקענט איַינהאלטנ און זי געפרעגט, וואָס דאָס וויינענ אירס באטיַיט, עפעס מיט אזא ווייכע ציטערדיקע שטימע, מיט וועלכער א געטריַיער פאָטער ווענדעט זיכ צו זיַינ ליבהארציק, געקרענקט קינד.

כאנצע באהאלט דאָס פאָנעמ און צעוויינט זיכ נאָכ מער. רעפאָעל מיינט, אָט עקט זיכ אימ דאָס לעבנ פאר גרויס ראכמאָנעס, נעמט זי אָנ באַ דער האנט, פעסט, אינ איינ געבעט:

— דערצייל, דערצייל!

א קאלט־ווארעמער שטראָמ לויפט כאנצענ דורכ איבערנ ליַיב, און די האנט אירע ציטערט, ליגנדיק אינ רעפאָעלס האנט. רעפאָעל באקומט מער מוט, כאלעשט, אזוי און אזוי... ביז כאנצע טוט אימ צוליב — און עס דערוויַיזט זיכ צומ סאָפ אָט־וואָס: צווישנ דער מאַמע מיט דער טאָכ־טער איז היַינט געווענ כוישעכ איבער בענציענ.

קומענדיק, ווי געוויינטלעכ, אינדערפרי מיט דעמ גרויסנ טאלעסזאק פונ שול שטארק הונ־געריק, איז בענציע אוועקגעזעסנ באַ זיכ אינ כיידער א היפּשע ציַיט אומגעגעסנ, מיט סמאהע אפ די ליפּנ, עמעצער זאָל עס זיכ אָנ אימ דערמאָנענ. ער האָט זיכ געקראצט אינ דער פייע, געקנאקט די פינגער, געצמאָקעט, געמאכט מ׳ט די ליפּנ, ארויסגעגעבנ פונ זיכ זיפצעלעכ, די שיינע הוסטעלעכ, געיַיקעט, געויקעט, ביז די שוויגער האָט זיכ ארומגעקוקט.

— אוי, א ווייטעק א גרויסער, נאָכ האָט ער, נעבעכ, אינ מויל נישט געהאט! ס׳איז דאָכ א צארבאלעכאַימ... — טוט זיכ א כאפּ יענטל, ברעכנדיק מיט די הענט, לויפט געשווינד און טראָגט צו דעמ איידעמל אפּ א טאצ אָנביַיסנ — א פּאָר אייערבייגל, א פוטערגעבעקסל מיט א גלעזל ציקאָריע, מאכנדיק צו אימ האלב בייז און האלב מיט גוטנ:

— נא, עס!.. פארוואָס זאָל מענ עס שוויַיגנ, נישט זאָגנ א וויַיב: עסנ! מיַינס איז ניט ליַי־טיש, ווי איז מיר!.. א נעס, וואָס איכ האָב מיכ ארומגעקוקט, או נישט, וואָלט וואָס געווענ?.. ביסט גוט הונגעריק?

— מיילע, ווייס איכ וואָס... עט, גאָרנישט... — ענטפערט אָפּ אונטער דער נאָז בענציע, קנייטשנדיק זיכ מיט א זיס־זויער שמייכעלע, און נעמט זיכ עסנ קעסט, פאקנ מיטנ פולנ מויל.

ריידעלע, יאַק ריידעלע, נאָר צום קעסט־עסן איז בענציע געווען, אַן איינאַרע, א מייַסטער, איינ בעריע אינ דער וועלט.

אז אונדזער נעפעש איז באלד נאָכ דעמ עסנ אוועק צוריק אינ זייַן רו אינ דעמ קלייַזל זייַ־נעמ, האָט יענטל זיכ גענומענ צו דער טאָכטער, אויסצושטראָפּנ זי פאר אזא באציִונג מיטנ מאַנ, אזוי:

— דו מוזט וויסנ, טאָכטער, איכ האָב א נאָז. איי האָב איכ א נאָז! איי שמעק איכ!... די אויגנ זענענ מיר, באַרעכאשעמ, נאָכ נישט ארויס. איכ זע, נישקאָשע, זע דייַנ אופירונג אנטקעגנ דעמ מאַנ, א שיינ ווייַבעלע, מישטיינסגעזאָגט! דו האָסט דאָכ באדארפט ווערנ גרעבער ווי לענ־גער, אָנקוועלנ פונ אזא מאַנ — א בראָכע, א בענטשונג פונ זייַנ ליבנ נאָמענ.

— נו, לאָז זיכ פרייענ די מאמע, וואָס האָט אזעלכנ געהאט — ענטפערט אָפּ כאנצע קורצ אונ שארפ.

— א לאָשנ אביסל! — מאכט יענטל אופגעבראכט: — אָט האָסטו דיר דעמ דאנק! טאטע־מאמע שלאָגנ זיכ, סאָנע־ציִענ, קאָפּ אָנ וואנט, אקערנ מיט דער נאָז די ערד אונ זוכנ אויס אזא ברי־ליאנט... ס'איז דאָכ א קאָוועד אזא שפיגעלע אינ שטוב צו האָבנ. דער טאטע האָט דאָכ אימ ליב, עפּעס אזוי ליב, אזוי ליב...

— לאָז אימ וויל באקומענ! — ווינטשעוועט־צו כאנצע מיט א ביטער שמייכל.

— אוי, אוי, בינ איכ עס אומגליקלעכ! — צעכליפּעט זיכ יענטל אונ קלאַפּט זיכ אינ הארצנ — אוי, א מאקע האָב איכ עס, א מאקע אָט דאָ, דאָ! אז ריבוינעשעלוילעמ האָט מיכ אזוי גע־שטראָפט, נישט געבענטשט מיט א זונ, לאָז־זשע כאָטש זייַנ, האָב איכ געמיינט, פונ דער טאָכטער זוּיכע זייַנ צו דערלעבנ פונ איר דעמ נאכעס... ניינ! אז זי וויל גאָרניט וויסנ. מיינט — כאסענע־שמאסענע, ס'איז א שפילכנ, אזוי זיכ א פידעלע, א פּייַקעלע, האָצעניו, ניט מער... גענוג זיכ קינ־דערש געמאכט, דו הערסט? דו ביסט, זאָג איכ דיר, א ווייַבל! דו פארשטייסט, וואָס ווייַבל?

— א ווייַבל איז א מענטש ווי אלע מענטשנ — ענטספערט כאנצע רויִק, אייַנהאלטנדיק אינ זיכ דעמ קאס.

— נעמ זיכ נאָר אזוי נישט איבער, כאנצע! — צעפלאקערט זיכ יענטל אָפּ דער טאָכטער, נאָכקרימענדיק אירע ווערטער: — א מענטש, זאָגט זי, א מענטש! גאָרנישט ביסטו, א אישע... נישטאָ פאר דיר אפּ דער וועלט נאָר די דרייַ ווייַבערשע מיצוועס... אָט וואָס איז א אישע! איר ווייַבערשער סייכל, איר ווילנ איז גאָרנישט. א פרומע, א קאָשערע ייִדענע באדארפ וועלנ טונ דעמ מאנס ראָצנ. דרינענ ליגט דער גאנצער סייכל .. אָט אזוי האָט מענ אונדז צו דער כאסענע געלערנט. אצינד פארשטייסטו שוינ, כאנצע?

— ניינ! — שיסט כאנצע ארויס, רויט ווערנדיק ווי פייַער: — ווי קומ איכ צו פארשטיינ אזוינס, וואָס א פרומע, קאָשערע ייִדענע ווייסט?..

— הייסט עס, אפּאָנעמ, וואָס איכ האָב גערעדט איז — געבוילנ! — צעשרייַט זיכ יענטל גאָר א שרעק, מאכנדיק מיט דער האנט אנטקעגנ כאנצענ — ווארט נאָר, ווארט! דו וועסט בא מיר פאר־שטיינ, נישקאָשע, וויסנ ווייַטער, וואָס מאַנ, וואָס אזוינס מאנ באטייַט — איכ וועל דיר...

די מאמע לויפט ארויס שטארק צעקאָכט, אונ די טאָכטער באוואשט זיכ פאר גרויס ווייטעק מיט טרערנ.

רעפאָעל טרייסט כאנצענ מיט גוטע, זיסע רייד, קוועטשט איר, קוועטשט די האנט אונ פאר גרויס ליבשאפט כאפּט זיכ אימ פונעמ מויל ארויס: הארצעניו, נעשאָמעניו! זי לאָזט זיכ טרייסטנ אונ קוקט אפּ אימ מיט פייַכטע אויגנ, אונ פונ די פארגליווערטע טרערנ, ווי פערל, שייַנט ארויס א ליבלעכער, מעכייַעדיקער בליק — ס'איז א זונ מיט א רעגנ.

די צייַט דערווייַל גייט אונ מיט איר וואקסט, שפּראָצט די ליבשאפט אלצ גרעסער, גרעסער. רעפאָעל שארפט כאנצעס פארשטאנד, גיט איר אייַנ סייכל צו וויסנ פונ א נייַ לעבנ, מיט די אלע מיטל, וואָס דערצו — מיט קלוגע רייד אונ גוטע ביכלעכ אזעלכע, וואָס זענענ מעסוגל צו דער נעשאָמע. כאנצע זאפּט אינ זיכ אייַנ איטלעכס וואָרט, עס שלייפט זיכ איר מויעכ, עס לייַטערט זיכ איר נעשאָמע, קלערער ווערנ אירע געפילנ, אונ רעפאָעל ווערט בא זיכ שטארקער, האָפט, האָפט, עס וועט, אימירצעשעמ, מיט דער צייַט זייַנ גוט... דאָס, וואָס פריִער האָט אימ אויסגעזענ זייער שווער, דאכט זיכ אימ אצינד זייער גרינגנ. אלצדינג איז זייער גוט געמאָלט דאָ אפּ דער

וועלט. פריִער אָדער שפּעטער — כאַנצע פון איר שלימאזל מוז פּאָטער ווערן. זיך קענ ער דרינענ נישט באַשולדיקן, וואָרעם אַזוינס האָט זיך געמאַכט גאָר אָנ אים, אַזוי טאַקע האָט עס געמוזט זײַנ! — כאַנצע און בענציע זענענ נישט קיינ פּאָר, דער שידעך איז געווענ קרום נאָך פונעם אָנהייב אָנ. ווײַטער־זשע אירע באַגאַטישע, פרומע עלטערנ? זיי וועלנ מיט אַזעלכע, ווי ער, זיך מעשאַדעך זײַנ נישט וועלנ? עט, נאַרישקײַטנ! אַ קערבל פאַרדעקט אַלע זינד.

קיינ זאַך קענ נישט בײַשטיינ אַנטקעגנ דער פּאַרנאָסע, ווו פּאַרנאָסע, הערנ אויף כילוקים, פרומע טנועס אינ דעם גלויבנ. עס ייִדלענ זיך, עס מאַכנ פוילע טנועס פונ גאָטס וועגנ נאָר יענע, וואָס מיינענ דורך דעם עפּעס צו גילטנ, דורך דעם צו כאַפּנ אַ גראָשנ: יענע, נעבעך, קאַפּצאָנים, וואָס מוזנ דערויס זיך מאַכנ, מישטיינסגעזאָגט, די פּאַרנאָסע, ווענ נישט, וואָלט זיי אויסגעקומענ זייער שמאָל, כאָטש לייג זיך אינ דער מיט גאַס און שטאַרב; יענע באַטלאָנים, נעבעך, וואָס צו עפּעס אַנדערש טויגנ זיי נישט פונדאַנענ אַהינ; יענע, יענע מענטשעלעך, וואָס אָנ דעם — ווער וואָלט זיי געוווּסט, ווער וואָלט זיי געהערט? אָט דרינענ שטעקט די גאַנצע קאָמעדיע פונ מעשוגענע פרומקײַט און גוטסקײַט, פונ איבערגעזאַלצענע ליבשאַפט צום פאָלק, פונ פוילע קרעכצעלעך, זיפצעלעך אַפ צאָרעס אינ דער וועלט, פונ מעשונע ווילדע ראַכמאָנעס צו אָרעמינקע, קלוימערשט, און דערמיט צוגלײַך טאַקע — פײַנטשאַפט, קריג, אינטריגעס, רעכילעס, בילבולים און אונטערהידעניש מענטשנ אַנטקעגנ מענטשנ.

צו דערהאַלטנ דעם שאָלעם אינ דער וועלט, צופרידנהײַט צווישנ אונדז, זינדיקע מענטשנ, מיט אַזויפיל באַדערפעניש צום לעבנ, איז קימאַט דאָס איינציקע מיטל — פּאַרנאָסע!..

## דאָס פערטע קאַפּיטל

אַז ייִדנ האָבנ פאַרשפּילט זייער וועלט און זענענ, בעאַוווינויסיינו האָראַבים, געוואָרנ קרעמערס, באַנקירנ, פּראָצענטניקעס, וואָכערניקעס, מעקלערס, טאַנדעטניקעס און קאָל־האַמינים געשעפטמאַכערס — זינט דענסטמאָל איז דער יעיצערהאָרע פונ ליבע אויס מעכוטנ באַ זיי, די דייע אינ־שידוכים איז איבערגעגאַנגענ פונ אים צום יעיצערהאָרע פונ האַנדל: אַ שידעך הײַנט איז אויך אַ געשעפט. שיינקײַט, פרומקײַט מאַכט נישט אויס, די קאַלע מעג זיך זײַנ אַ מיִעסע — אַבי געלט. געפינט זיך אַמאָל אַ ייִד, וואָס קוקט אַפ שיינקײַט, באַווײַזט עס גאַנצ זיכער, אַז ער איז ניט קיינ עכטער סויכער, טאַקע וואָס אַ סויכער הייסט; אַכוצ געשעפט, געלט־זאַכנ, ליגט אים נאָך אויך אינ זינענ נאַרישקײַטנ — געדאַנקענ, וואָס האָבנ נישט קיינ שום ווערט. וויבאַלד דער יעיצערהאָרע פונ ליבע דערזעט פאַר זיך באַ יענעם אָפּנ דאָס האַרצ, כאַפּט ער זיך ארײַנ אינעווייניק אַהינ און ברענט דאָרט, אַרבעט מײַסים קונציק־וויל, ווי ער קענ.

די אייגענע מײַסע איז געשענ אויך מיט רעפאָעלנ. ווײַל ער איז געווענ אַ סויכער און צוגלײַך טאַקע אויך אַ מענטש מיט האַרצ, האָט דאָס יעיצערהאָרעלע, אָט דער ברענ, דער שפּירט, זיך פאַרקליבנ אַהינ צו אים צו מאַכנ דאָרט די שפּיל. ער האָט אים פאָרגעשטעלט מיט זײַנע פאָקוסנ אַ וווּנדער־שיינע וועלט מיט די אַלע גוטע, געשמאַקע זאַכנ, וואָס גלוסט זיך שטאַרק זיי צו געניסנ. ער קיצלט אים, מאַכט אים אַ כיישעק, מאָלט אים אויס דאָס בילד־שיינע געשטאַלט כאַנצעס פונ קאָפּ ביז די פיס, אינגאַנצנ אַ קלאָר־ווײַסע אויסגעגאָסענע סטאַטוע, אויסגעטאָקט איטלעכס גליד באַזונדער — און זאָגט צו אים: באָכער, קוק ווי שיינ, קוק און שמעלצ זיך פאַר ליבשאַפט! אינ רעפאָלנ צעשפּילנ זיך די געבלוטנ, ער טראַכט, טראַכט אָנ כאַנצענ און גיט זיך דאָס וואָרט, אויסטיליקנ מיט דער צײַט די דערנער, שטעכלקעס, וואָס אַרום דער דאָזיקער רויז, קעדיי זי צו באַקומענ, עס מעג זיך אפילע דונערנ און בליצנ.

גלײַכער פונ אַלע זאַכנ איז פאַר רעפאָעלנ געווענ — זיך נעמענ צו לייבצענ, צוציִענ צו זיך אים אַזוי, אַז ער זאָל ווערנ צוגעזאָטנ, גלייבנ אינ אים מיט לײַב און לעבנ. און דערצו איז דאָך דאָ אַ מיטל.

רעפאָעל האָט זייער גוט אַרויסגעזוענ, אַז דאָס איינציקע שליסעלע צו לייבצעס האַרצ איז געלט, גוטע, שיינע פאַרדינסטלעך, און דאָס שליסעלע איז דאָך באַ אים אינ דער האַנט. פריִער פלעגט ער מאַכנ סקאָנטע־געשעפטנ צווישנ אַנדערע אויך אַמאָל מיט לייבצענ, און ווי לייבצע האָט שטאַרק געלעכצט נאָך אַזעלכע געשעפטנ, אַלצ געזוכט אַוועקצורײַסנ רעפאָעלנ פונ די אַלע

אנדערע קאָנטאָרנ, פונדעסטוועגנ פלעגט ער בא איטלעכס מאָל זיכ שטארק דינגענ פאר א פראָצענט. נישט דינגענ זיכ איז אימ געווענ שווער. עס שאדט נישט צו פרווונ, א גראָשנ איז אויכ געלט. אצינד אָבער, צוליב כאנצענ, האָט רעפאָעל אָנגעהויבנ צוצולאָזנ ווי ווייַט מעגלעכ לייבצענ גרויסע געשעפטנ, נישט זייַנ אינ דעמ האנדל שוינ אזא איבערקלייַבער, ווי אמאָל, געבנ אפ א וועקסל סכוירע עמעצנ נישט אזוי פונ די גרויסע באָטוכימ, איז אויכ רעכט, פארלירנ באמ אָפסקאָנטירנ דאָס וועקסל א גרויסנ פראָצענט, — מאכט אימ שוינ אויכ נישט אזוי אויס, אבי נאָכ אונ נאָכ א געשעפטל, לייבצע זאָל דערווייַל האָבנ אייסאָקימ, אראָפכאפנ פונ אויבנ. לייבצע, ווידער, וואָס האָט שטארק געלעכצט נאָכ פראָצענט, האָט אויכ ניט אזוי שטארק איבערגעזיפט די סאָכרימ פונ די וועקסלענ, די קאָפיקע פראָצענט איז אזוי ליב דעמ פראָצענטניק, אז צוליב איר שטעלט ער אמאָל איינ דעמ קערנ אליינ. בעקיצער, רעפאָעל מאכט מער געשעפטנ, לייבצע האָט מער פראָצענט, אונ רעב אָשער דער מעקלער ארבעט געשמאק אינ אייסעק: עס דרייט זיכ אימ דאָס קעפעלע אונ עס פארייַסט זיכ אימ שטארק דאָס היטעלע.

— וואָס איז אזוינס דאָס יאָגעניש, רעב אָשער? — פרעגנ אימ באקאנטע אינ גאס, זעענדיק ווי ער לויפט הענדעמ־פענדעמ אונ די פאָלעס פונ דער קאפאָטע ווארפנ זיכ אימ אינ אלע זייַטנ — שא, שטייט אביסל אונ דערציילט אונדז, וואָס הערט זיכ הייַנט עפעס נייַס אינ דער פאָליטיקע, אונ וואָס טוט זיכ אזוינס אינ אייַער פראנקרייַכ?

דאָס לאָשנ „אייַער פראנקרייַכ“ איז ניט דער טייַטש, אז רעב אָשער איז א פראנצויז, אָדער ער האָט אינ פראנקרייַכ א נאכלע, בעיערושע פונ זייַנע עלטערנ. כאָלילע! אלע וויסנ, אז ער איז געבוירנ אינ גלופסק אונ איז, נעבעכ, א קאפצנ, אז זייַנע עלטערנ די קאפצאָנימ האָבנ אימ גאָר נישט איבערגעלאָזט יערושע, נישט דאָ אינ גלופסק אונ נישט דאָרט אינ פראנקרייַכ. נאָר וואָס דענ? גאָר פאָשעט. רעב אָשער, אז ער פלעגט זיצנ צווישנ דעמ אוילעמ אונ רעדנ פונ פאָליטיקע, איז דער שטייגער זייַנער געווענ צו זאָגנ: „מייַנ פראנקרייַכ“ אויס גרויס ליבשאפט צומ דאָזיקנ לאנד. רעב אָשער, באדארפ מענ וויסנ, איז געווענ א לעבעדיקע, גייענדיקע גאזעטע פאר די גלופסקער ייִדנ. ער פלעגט זיי אָנדערציילנ נייַס, שרעקלעכע, ווונדערלעכע זאכנ פונ מילכאָמעס, אויכ יעשועס אפ ייִדנ אונ שלעכטע ביטערע גזיירעס. מויל אונ אויערנ פלעגט מענ עפענענ פאר גרויס פארגעניגנ, הערנדיק זייַנ זיס, גלאט לאָשנ. דעריבער, אז מע האָט אימ אצינד געזענ לויפנדיק אזוי האסטיק, האָט מענ געמיינט, עפעס גאָר שרעקלעכס איז אוודע געשענ אינ דער וועלט אונ רעב אָשער איז פול מיט נייַס.

— נישטאָ קיינ צייַט, קיינ צייַט! — ענטפערט אָפ רעב אָשער, האלטנדיק אינ איינ לויפעניש, נישט אָנצוקוקנ די באקאנטע אפילע, וואָס בלייַבנ שטיינ פארגאפט.

— רעב אָשער! די קאפאָטע אייַערע פארדריפעט זיכ מיִעס, אונ איר לויפט, עס זאָל עס אייַכ אָנהייבנ ארנ! אנ אוויירע, כלעבנ, אזא נייַע שייַנע קאפאָטע! — מאכנ צו אימ נאָכ אנדערע באקאנטע, וואָס קומענ אימ אנטקעגנ, ארויסשטעלנדיק די אויגנ, שטארק פארוווּנדערט.

— נישקאָשע, נישקאָשע! — זאָגט רעב אָשער אינ איינ אָטעמ, שאָקלענדיק צו זיי מיט דעמ קאָפ בעשאס לויפנדיק טאקע.

— רעב, אָשער, גוואלד!.. וואָס איז?.. הא, ווידער א צאָרע, א גזיירע אפ ייִדנ? — פרעגנ אימ מיט א געשריי, מיט א געבעט איבערגעשראָקענע ייִדנ, נעבעכ, אויסשטרעקנדיק צו אימ די הענט.

— גאָרנישט, גאָרנישט! — לאָזט זיכ רעב אָשער הערנ צו זיי מיט א וואָרט פונדערווייַטנס, לויפנדיק זייַנ וועג.

— א רעב אָשער! — מאכט שמועל דער קרעמער, באמ ארייַנפליִענ רעב אָשערס צו אימ אינ קלייט גאָר אָנ א נעשאָמע, עפעס קאלט, מיט א האלבנ מויל, ארייַנקוקנדיק בעשאס־מייַסע אינ דעמ קאסע־בוכ, קלוימערשט איז רעב אָשערס קומענ נישט אזוי שטארק אָנגעלייגט בא אימ, האגאמ ער האָט אפ אימ טאקע ארויסגעקוקט אונ איז אינ הארצנ זייער צופרידנ געווענ, וואָס ער איז געקומענ — ווארט אויס, רעב אָשער, ביז איכ וועל מיכ אָפפארטיקנ.

— נישטאָ קיינ צייַט, קיינ צייַט, רעב שמועל! זייער א שווערע ארבעט האָב איכ אפ מיר, טאקע גאָר א שווער, שווער שטיקל ארבעט. איר מיינט, אז ס'איז אזוי גרינג צו קויפנ בא אונדז סכוירע, ווער עס וויל קומט זיכ אונ נעמט סכוירע, הייבט א האקאָפע? ניינ, רעב שמועל, נישט

אזוי איז די מיַיסע! אָט דער רעפאָעל — מאכט רעב אָשער, קלאַפנדיק זיכ מיט א פינגער אינ שטערנ — דער רעפאָעל, זאָג איכ איַיכ, איז א מענטש מיט א קאָפּ, האָט א גוטנ מויעכ. וויפל טענצלעכ, מיינס איר, האָב איכ ארומ אימ געטאנצט אונ וועל נאָכ באדארפנ טאנצנ, טאנצנ ביז...

— איר מעגט איַיכ טאנצנ געזונטערהייט וויפל איר ווילט, נאָר פונמיַינעטוועגנ, דאכט זיכ מיר, האָט איר נישט אזוי צו טאנצנ פאר איַיער רעפאָעלנ. אונ די ארבעט איז אויכ ניט אזא שווערע, ווי איר זאָגט — דרופט זיכ אָנ שמועל דער קרעמער. קלוימערשט פילט ער זיכ באליידיקט, מיינענדיק צו פארגרעסערנ זיַינ אייגנ ווערט, אז ער איז, באָרעכאשעמ, פונ די גרויסע באָטוכימ, אונ, אגעוו, טאקע צו פארקלענערנ רעב אָשערס ארבעט, קעדיי ער זאָל נישט פאָדערנ היפש פאר מעקלעריַי — איכ האָב פאר מיר א מאָסקווע, געלויבט דער אייבערשטער. מאָסקווע איז פאר מיר בעסער, געזינטער אינ אלע פעל... פארשטייט איר מיכ? נישט מער, וואָס פאָלטאווע האָט זיכ דאָ אָנגערוקט, שטייט שוינ פאר דער נאָז, אָט־אָט איז דער יאריד דאָרט, אונ סכוירע ברויכט מענ טאקע באלד אינ דער הייסער מינוט, פארשטייט איר מיכ, דעריבער.

— דעריבער... איז נישטאָ מער וואָס צו רעדנ, אונ זיַיט מיר געזונט, רעב שמועל? — טוט א זאָג רעב אָשער, וואָס פארשטייט גנייווע־לאָשנ אונ איז א מאמזער, דורכגעטריבנ, ווי שמועל דער קרעמער, פארקרימט די נאָז, גליַיכ ווי ער זאָגט זיכ אָפּ פונעמ גאנצנ אייסעק, אונ לאָזט זיכ גייג ארויס פונ דער קלייט.

— איר זיַיט, דאכט זיכ, ניט קיינ קויהענ, רעב אָשער, אונ דאָכ א באל־קאס — פארכאפּט זיכ שמועל דער קרעמער מיט גוטע רייד, אָנעמענדיק רעב אָשערנ בא די פּאָלעס, אונ שמייכלט צו אימ מיט א שיַינענדיק, זיס פּאָנעמ — איז האָט איר דאָכ מיכ, איכ בעט איבער איַיער קאָוועד, נישט פארשטאנענ! שטייט נאָר, שטייט, רעב אָשער! דער פראט פונ דעמ, וואָס איכ האָב געזאָגט „דעריבער", הערט נאָר, איכ בעט איַיכ, איז אָט־וואָס: אזויוי פּאָל־טאווע איז שוינ פאר דער נאָז, איר פארשטייט? אונ סכורע ברויכט מענ באלד, דעריבער... דע־ריבער, זיַיט זיכ מאטריעכ אונ גייט טאקע געשווינד, רעב אָשער, אונ מאכט דעמ אייסעק אינ א גוטער, מאזלדיקער שאָ... אצינד, גענוג געשעפט, דרייעניש, טאנצעניש־שפּרינגעניש אינ דער זיַיט. זאָגט מיר בעסער, רעב אָשער, ווענ דענקט איר זאָלנ מיר טאנצנ בא איַיער טאָכטער אפ דער כאסענע? עפשער ווילט איר נעמענ פאר איר א מאלבעש, איז דאָ בא מיר היַינט פיַינע סכוירע אנטיק, עפּ־עפּ! נעמט אפ קאָנטע, עס, וואָס מאכט עס אויס, מיר וועלנ זיכ שפּעטער אָפּרעכענענ, נישקאָשע! —

האקלאל, די אייסאָקימ וואקסנ, אפ דער סכוירע זענענ דאָ אסאכ באלאָנימ — אונ רעב אָשער גייט ארויס לייַטיש, אינ א ניַיער קאפּאָטע, מיט א שיינעמ היפשנ שלומפּער, לויפט ווי א הירש „אָנגעגורט די לענדנ", איז שטארק פארטונ אינ אייסעק — הו־הא־הו! עס שוויצט אימ דער שטערנ, די נאָז שמעקט, נישטערט, אונ דאָס פּאָנעמ שיַינט — מארע־קויהענ. עס טוט אימ האנאָע נישט אזוי דאָס פארדינסט פונעמ מעקלעריַי, ווי דאָס מעקלעריַי אליינ — מע האנדלט!... אצינד איז רעב אָשער שטארק צופרידנ פונ רעפאָעלנ, ער לויבט אימ אינ די אויגנ אונ אונטער די אויגנ, זאָגט: רעפאָעל האָט געכאפּט דעמ שניט, זיכ אויסגעארבעט אינ גלופּסק, אצינד האָט ער שוינ „א גע־פיל אינ דעמ האנדל", אונ ס'איז דאָ א האָפענונג, אז מיט דער צייַט וועט פונ אימ ווערנ א לייַט, א רעכט־שיינער סויכער.

רעפאָעלס מיטל האָט געווירקט. לייבצע ווערט צו אימ צוגעקאָכט, לאָזט אימ פונ זיכ נישט אָפּ. דאָס — קומט, זיַיט מויכל, צו מיר אפ וואַרמעס, טיי, קרעפּלעכ. אונ דאָס — קומט גלאט אזוי זיכ אביסל אריַינ! וואָס קענ עס איַיכ ארנ? געמיינט האָט ער דערמיט גאנצ פּאָשעט: האָבנ אפ אימ אנ אויג, ער זאָל כוצ אימ מיט קיינעמ קיינ געשעפטנ נישט מאכנ. רעפאָעל איז בא אימ אי גוט, אי פרומ, א גאנצ ערלעכ קינד. אז אנדערע פלעגנ זיכ אמאָל קווענקלענ, ווי עס ארט זיי עפּעס זיַינ האלבאָשע, זיַינ באַנעמונג, וואָס נישט אזוי עכט יידישלעכ, ווי בא דעמ גלופּסקער אוילעמ, פלעגט לייבצע זיי זאָגנ:

— איַי־איַי, איר טיפּשימ איינע! ס'איז דאָ, זאָגט מענ נאָכ פונ דעמ יעהופּעצער, זיכרוינע ליוורעכע, פיל דראָכימ לעאָווידעס־האבוירע, איטלעכער דינט דעמ בוירע אפ זיַינ דערעכ. רע־פאָעלס שטייגער, אופירונג איז אויכ א דערעכ צו דינענ דעמ אייבערשטנ.

אז לײבצע איז דאָ מיט רעפּאָעלן אזא נאָענטער מעכוטן, מעמײלע װערט זײַן לײבציכע מיט אים א נאָענטע מעכוטנעסטע, נעמט אים אוף מיט א שײנעם „בּאָרעכאבע", מיט קאָװעד — א טאַצ מיט אײַנגעמאַכטס. יענטל איז דאָך א קאָשערע ייִדענע, טוט זי איר לײבצעס ראָצן — ער קומט מאָג־טעגלעך צו לײבצען אין הויז, ניט לאָזנדיק זיך לאַנג בעטן. און, װי א הײמישער, האָט ער שױן די געלעגנהײַט אָפּט צו פארברענגען די צײַט מיט כאַנצען. װאָס מאַכט עס װעמען אין שטוב אויס! עט, קינדער, הײמישע, אײגענע מענטשן... שפּעטער אביסל האָט רעפּאָעל באַקומען, דורך לײבצענס טאַקע, די מעגלעכקײַט לערנען כאַנצען שרײַבן — דאָס הײסט, לײענען און פאַר־שטײן שפּראַכן, און ער איז געװען. איבערגליקלעך; די מײַסע דערפון איז אזוי געװען:

אז רעפּאָעל איז אײנמאָל געקומען צו לײבצען אין הויז, קוים װאָס ער איז אריבער די שװעל, לױפט לײבצע אים אנטקעגן גאָר אין אײן אָטעם, שטעקט אים אַרײַן אין האַנט א בריװ, געשריבן גױיִש, און זאָגט:

— נאַט לײענט!... לײענט און גיט מיר צו פארשטײן, װײס איך װאָס דאָרטן שטײט אזױנס.

פון לײבצעס מינע און דעם לאָשן זײַנעם בעשאַס־מעשׂה, װי ער האָט אַרײַנגעשטעקט אין האַנט דעם בריװ, האָט עפּעס אויסגעזען, גלײַך װי זײַן ניט־קענען גױיִש איז טאַקע א שײנע מײַלע פאַר אזא שײנעם ייִדן, א טאַטנס א קינד, װי ער; עפּעס װי גערעדט: נאַ! אזױנס, מי־שטײנסגעזאָגט, געהער זיך שױן אָן מיט דיר... רעפּאָעלן האָט עס אביסל געאַרט, און נאָכן אי־בערלײענען קעמ בריװ, זאָגט ער צו לײבצען, פארדרײענדיק די נאָז:

זאָגט מיר, איך בעט אײַך, װאָס, אשטײגער, װאָלט איר געטאָן, אז איך זאָל ניט געװען קומען הײַנט צו אײַך?

— װען ניט איר, װאָלט איך געקראָגן עפּעס אן אנדערן אפּ איבערצולײענען דעם בריװ.

— אוי, ניט גוט אָנצוקומען צו פרעמדע, און זײַן אָפּהענגיק פון יענעם — רופט זיך אָן רע־פּאָעל, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. און באַלד טאַקע פאַלט אים אײַן א קלוגער געדאַנק, פון װעלכן עס װערט אים ליכטיק אין די אויגן. — עמעס טאַקע, רעב לײבצע, איך װײס זײער גוט, אז פרו־מע, קאָשערע ייִדן שײַען זיך לערנען זײַטיקע כאָכמעס, כקירע־זאַכן, װאָס דערונטער איז געמײנט אויך שפּראַכן; נאָר אין מײַן געגנט לאָרט זענען פאַראַן זײער פיל ייִדן לאָמדים, װאָס זײ אלײן און די ייִנגלעך, באָכערים זײערע אין די כאַדאָרים לערנען נאָר געמאָרע, װײַטער גאָרניט, און די טעכטער פינדעסט־װעגן לאָזט מען לערנען גױיִש, שרײַבן און לײענען. עס זאָל דאָס אָנהײבן עמעצן צו ארן. עס זענען דאָ פיל אזעלכע ייִדן, װאָס זיצן שטענדיק, קװעטשן די באַנק אין קלויז, און די װײַבער זוכן די פּאַרנאָסע אין מאַרק. מײדלעך, װײַבלעך אויסגעפּוצטע זיצן אין די קלײטן, רופן קונים, פאַרקױפן סכױרע. מאַכט זיך א פּאָרעץ אמאָל מיט זײַ נאַריש, אזוי און אזוי: כײַקאַ, סוֹרקאַ, שײנע־פײַנע מײדעלע — און אָן סאַקאָנעס, מישטײנסגעזאָגט, אויך מיר א מענטש, פון װעמען מע האָט זיך דאָ צו באַלײדיקן!... א גלעט אפילע פון אזעלכן, א קניפּ אין בעקעלע מאַכט אויך ניט אויס, זאָל זיך אײַך דאַכטן, די קאַץ האָט א גלעט געטאָן... מײלע זעט איר דאָך, אז טעכטער מעגן, װאָרעם א אישע איז אלפּי־דין פּאָטער פון מיצװעס. איר שטײט פרײַ צו לערנען זיך גױיִש, אַרײַנקוקן אין זײערע ביכלעך װיפל דאָס האַרץ גלוסט, אבי ניט לער־נען קײן טוירע, אונדזער הײליקע ייִדישע טוירע, כאָלילע! דען װער עס לערנט זײַן טאָכטער טוירע, אזוי זאָגט די געמאָרע, איז גלײַך װי ער לערנט זי זײַן א כצופע... הײַנט פרעג איך אײַך, רעב לײבצע, פאַרװאָס זאָלט איר ניט לאָזן אײַער טאָכטער לערנען זיך שרײַבן און די אלע זאַכעניש? זי װאָלט דאָך אײַך געטױגט, געדינט אין די נויטן אפּ צו שרײַבן און לײענען בריװ.

— יאָ, עמעס, אין פּלוג איז טאַקע אזוי, — רעדט לײבצע האַלבע װערטער עפּעס אונטער דער נאָז, קנײטשנדיק דעם שטערן און אָנעמענדיק זיך באַם בערדל, — גלײַך אפילע זאָגט איר, נאָר...

— אין װאָס, ע, הא, איז די מעניִע?

— ע־ע, פאַרשטײט איר מיך: װאָלט מײַן טאָכטער אצינד געװען א מײדל, לעמאָשל, העט איך באַשטאַנען, װי זאָגט איר? גײ דיר, טאָכטער, צום „שרײַבער" לערנען זיך די װײַבערשע כאָכמעס מיט אלע אנדערע מײדלעך דאָרט. און בעעמעס טאַקע, הא? אצינד אָבער, פאַרשטײט

איר מיך? אז זי איז פארשלייערט, איז א ביסל דאָס... פריקרע. האָט איר געהערט, א ווײַבל, אן איישעס־איש צווישן קליינע מיידלעך! ס'איז עפּעס... ווי זאָל איך זאָגן? ווי... דער שאמעס, אשטייגער, א ייִד מיט א באָרד, מיט א בויך, מעכילע, לאָזט זיך אופּרופן סימכעס־טוירע אים קאָל האנאָרים, יינגלעך, ווײַסע כעוורע.

— אויב אזוי, טאָ לאָז־זשע דער לערער קומען צו אײַך אהיים. ווייסט איר גאָר וואָס? ווילט איר, רעב לייבצע, וועל איך זײַן דער לערער.

— אײַ, וואָס הייסט! איר, רעב רעפאָעל, א סויכער, א מענטש, ווילט זײַן א מעלאמער, ווילט אוא פּארנאָסע, מישטיינסגעזאָגט, ווי מעלאמדעס!

— אומזיסט, רעב לייבצע! איך וועל לערנען אײַער טאָכטער אומזיסט, אומזיסט...

אין הארצן בא זיך האָט לייבצע באלד טאקע אײַנגעוויליקט דעם פּלאן, נאָר אויס דערעכערעצ קלוימערשט האָט ער זיך געקרימט, געקווענקלט און געזאָגט רעפאָעלן, אז ער וועט זיך מעיאשעוו זײַן מיטן ווײַב. באדערנאכט האָט ער איבערגעשמועסט דעם אייסעק מיט יענטלען, איז בא זיי געבליבן יאָ, מאכמעס פיל טײַמים: רעפאָעל איז דאָך א היימישער, זייערער א גוטער באקאנטער, וואָס־זשע קען עס ארן, אז בעשאס ער זיצט און רעדט, וועט ער זי דערווײַל טאקע אויסלערנען שרײַבן, לייענען. דאָס קאָן קלאל ניט שאטן, אדעראבע, עס וועט איר שטארק נוצן. זי וועט אויסלערנען לייענען טכינעס, שרײַבן אמאָל א בריוול אליין מיט איר אייגענער האנט, ניט באדארפן אָפּניצן זכוס־אָוועס, אָנקומען דערמיט צו א פרעמדן. פאר זיי, צום געשעפט, וועט עס אויך טויגן. און וואָס נאָך? קאָסטן וועט עס ניט א דרײַער. מאכטייסע, זייער וויל!

און רעפאָעל האָט אין א גוטער שאָ אָנגעהויבן לערנען כאנצען, קנעלן מיט איר אף זײַן שטייגער, און מע מוז זאָגן דעם עמעס, אז געארבעט האָט ער אין זײַן זאך געשמאק, זייער געטרײַ. כאנצע האָט געשלונגען דעם רעבנס טוירע, און קרעמער האָבן דערווײַל געכאפּט רעפאָעלס סכוירע. רעב אָשער דער מעקלער ארבעט, איז שטארק געהויבן, און לייבצע פארדינט, כאפּט אראָפּ פון אויבן — אקלאל, ס'איז לײַהודים!

## דאָס פינפטע קאפּיטל

עס איז שוין העט שפּעט אין דער נאכט, גלופּסק שלאָפט — און צוויי ייִדישע קינדער קענען קיין אויג נישט צומאכן, ווארפן זיך, נעבעך, פון איין זײַט אף דער אנדערער און די געלעגערס אונטער זיי ארבעטן: סקריפּען, קרעכצן, גיבן אָפּ קאָנצערט, ווי דער שטייגער איז פון ייִדישע געלעגערס, וואָס צעוויגן זיך, צעשאָקלען זיך, צעפילדערן זיך, זאָגן שירע באנאכט פון א מינדסטן ריר. פון א מיניען געלעגערס אין א ייִדיש הויז די שירע באנאכט צו הערן — איז אוואדע אז גוט און וויל! נאָר נישקאָשע, מיט דער דאָזיקער קאפּעליע דאָ פון אונדזערע צוויי פארשוינען, אין וועלכער עס האָט טרײַ געארבעט א הויקערדיקער אויסגעדינטער טאפּטשן מיט עפּעס א מין רוקבעט, — האָט מען געקענט אויך זייער גוט יויצע זײַן.

אף דעם טאפּטשאן, אין פאָדער־כיידער, האָט געשפּילט אונדזער הערשעלע, און אף דעם רוקבעט, אין אלקערל — אונדזער רעפאָעל.ביידן האָט זיך עפּעס נישט גענומען קיין שלאָף, איטלעכער פון זיי האָט געהאט צו זינגען און צו זאָגן מיט זײַנס.

יאָ, רעפאָעל האָט געהאלטן וואָרט און ארײַנגענומען צו זיך הערשעלען אף נאכטלעגער, לויט ער האָט אים פארשפּראָכן. באם ערשטן ארײַנטרעטן הערשעלעס צו רעפאָעלן אין דער דירע, אף אונטערצונעכטיקן דאָרט, איז אים געוואָרן גוט עפּעס אפן הארצן, ווי איינעם, וועלכן האשעמייִסבאָרעך דערהויכט פלוצים דאָס מאזל. דאָס קליינע, נידעריקע שטיבל, ווו ס'איז א מעגלעכקײַט צו בלײַבן א ווײַלע פאר זיך אליין, אומגעשטערט פון אן אוילעם מענטשן אין קלײַזל — האָט אים אויסגעזען סראָריש. ער האָט געקוקט אף אלצדינג דאָרט עפּעס מיט א מין דרערכערעץ, געקוקט, געטאפּט, קוים צו רירן זיך מיט א פינגער, און געשמייכלט פאר גרויס פארגעניגן. עס האָט אזויפיל געהייסן ווי: „הע! אנו וואָס, גוט, הערשעלע? איאָ, וואָס פארא גאָט מיר האָבן!"

דאָס פארוויסטע באנק־בעטל, אײַנגאנצן ווי ס'איז מיט די שלאפע פיס, אויסגעריבן, צעטרענט, ערטערווײַז מיט ארויסגעקראָכענע קישקעס קלאָטשע, מיט אלטע פארשמאָלצעוועטע לאטעס האָט

בא אימ אינ די אויגנ געהאט דעמ זיבעטנ כיינ. ווי די מײַסע איז, אַנ אָפּגעקומענס, אַנ אָפּגעבארעטס — פאָרט א מעיוכעס מיט א געשפּיקעוועטנ בויכ, א זייכער פונ אמאָליקע גוטע יאָרנ...

באמ ארופקריכנ דערופ דאָס ערשטע מאָל האָט עס זיכ שטארק געטאָנ א בייזער — א סקריפּ מיט גרויס פאריבל. הערשעלע איז, אײַנהאלטנדיק דעמ אָטעמ, פארבײַסנדיק די ליפּנ, געבליבנ ווי אפ מישקוילעס, נישט אהער, נישט אהינ, אויס פאָרכט נישט אָנצומאכנ דאָ א שפּיל, א גאנצע כאסענע אונ רעפאָעלנ דאָרט פונעמ שלאָפ נישט ארויסצוברענגענ. נאָר באלד אָבער האָט ער זיכ אײַנגעשטעלט, האָט עס מעכילע געבעטנ, פאמעלעכנ — פאמעלעכנ זיכ גערוקט, אויסגעצויגנ פריִער איינ פוס, דערנאָכ דעמ אנדערנ — אונ נישקאָשע, מיט כעסעד. שפּעטער אביסל מיט א צײַט האָט א קליינ בייזערל אימ שוינ נישט אזוי אויסגעמאכט, וואָס ווײַטער, ווײַטער איז ער מיט א גרעסערנ שוינ אפילע געוווינט געוואָרנ. עס האָט געמעגט שרײַענ, רײַסנ זיכ צעזעצטערהייט, ער האָט זיכ דערויס גאָרנישט געמאכט אונ געשלאָפנ געזונטערהייט, אָפּשלאָפנדיק געשמאק ווי א דערהארגעטער, אָנ איינהאָרע, די גאנצע נאכט.

איז דאָכ טאקע די קאשע: מא נישטאנע האלײַלאָ האזע מיקאָל האליילויס — פארוואָס שלאָפט זיכ הערשעלענ ניט די נאכט, ווי אינ אלע אנדערע נעכט פונ א גאנצ יאָר?

עפשער איז הערשעלע הונגעריק געווענ, דער ליידיקער בויכ האָט אימ געמאָנט מעזוינעס אונ נישט געלאָזט אימ צורו?

ניינ! ערשטנס, איז א ייִדנס א מאָגנ גאָרניט אזוי ארײַנגעטאָנ אינ דער אכילע, אז וויבאלד עס דערגייט אימ עפּעס נישט, זאָל ער האָבנ טײַנעס; צווייטנס, איז דער מאָגנ בא ייִדנ גאָר ניט אזא פארנעמ, מע זאָל זיכ אויס זײַנע טײַנעס עפּעס מאכנ. אזויפיל דינימ, אלטע אונ נײַע, אלצ מיקויעכ דעמ מאָגנ, דעמ זינדיקנ מאָגנ, ווי אימ צו לערנענ דערעכערעצ אינ דעמ עסנ: דאָס לאָז דיר זיכ ניט גלוסטנ, אָסער כאזער, מע טאָר נישט! דאָס מעגסטו אפילע, אָבער נאָר א לעק, אבי זיכ פליישיק מאכנ, ס'איז פאר דיר א צו טײַערער ביסנ! דאָס לאָז זיכ עס דענסטמאָל אונ דענסטמאָל אינ דײַנ גוואל נישט געפינענ, אָנקוקנ זאָלסטו עס ניט טאָרנ אפילע, אונ דאָס, אדעראבע, איז א מוז, מוזט ארײַנלייגנ אינ דיר א קעזאיעס, כאָטש ביטער, פריקרע! — אָט אזוינס אונ אזוינס האָבנ נאָר מיר, קינדער ייִסראָעל, מיר אליינ, אונ אינ דעמ זכוס טאקע זשיפּענ מיר ביז אצינד אינ דער וועלט..; הײַנט דריטנס, האָט הערשעלעס מאָגנ דענסטמאָל קלאל נישט געהאט וואָס זיכ צו באקלאָגנ. זינט ער האָט אָנגעהויבנ „אונטערצונעכטיקנ" בא רעפאָעלנ, איז ער מיט א ליידיקנ בויכ קיינמאָל ניט געגאנגענ שלאָפנ. אלע נעכט פונ א גאנצ יאָר איז פאר אימ דאָרט געווענ א גלעזל טיי מיט א שטיקל ברויט, אונ האלײַלע האזע, — די דאָזיקע נאכט איז גראָד געווענ א קעפל פונ א הערינג, א ביינדל מיט א שטיקל פלייש אויכ, איבערגעבליבנ רעפאָעלנ פונעמ מיטיק, וואָס ער האָט געגעסנ אָנ אפּעטיט, אונ הערשעלע האָט דערצו אפילע זיכ ניט צוגערירט.

עפשער־זשע האָט זיכ הערשעלענ נישט געשיקט אינ דער געמאָרע דאָרט, אונ דער מויעכ זײַנער האָט שטארק געארבעט, ווי אײַנצובײַסנ א הארב טויספעסל, צוטרעפנ א „באוואָרעניש", וואָס באוואָרנט ראשע אזוינס מיטנ „קלוימער", צו פאלנ אפ א סוואָרע סייכלדיק מיט א קנייטשלי געפינענ „דעמ רעכטנ קוועטש", אונ דעריבער איז ער ארויס פונעמ שלאָפ?

נאָכאמאָל טאקע ניינ! שוינ לאנג טאקע, אז הערשעלע לערנט נישט אזוי מיטנ קאָפּ. אז מוישעלע זײַנ כאווער איז געווענ נעבנ אימ, פלעגט ער אימ אונטערטרײַבנ, אונטערגעבנ כיישעק צומ לערנענ מיט אלע קיילימ, נישט אינזינענ צו האָבנ קיינ זאכ; זינט אָבער ער איז נישטאָ, ליגט הערשעלענ דער קאָפּ שטענדיק אינ טראכטעניש, אונ דאָס לערנענ, מישטיינסגעזאָגט, איז בא אימ אָנ טאמ, ווי געקײַט קלאָטשע. הײַנט דאפקע איז אימ אָנגעקומענ די גוטע שאָ, ער האָט א לערנ געטאָנ לאָמדיש, גאָר א כאריפעס, אונ אלצדינג אינ דער געמאָרע איז אימ אויסגעקומענ לעסאָפּ מעשונע־ווילד גלאט: אי ראשי איז, כאָלילע, נישט מעשוגע, אי טויספעס קאשע בלײַבט א קאשע — ביידע זענענ גערעכט.

מײַלע, בלײַבט דאָכ טאקע הערשעלעס נישט־שלאָפנ אצינד א גרויסע קאשע. וואָס־זשע פאָרט איז הײַנט מיט אימ אזוינס די מײַסע? אָ־ווא א מײַסע! אימ לאָזט נישט שלאָפנ — ביילע!

„אײַ, ריבוינעשעלוילעמ, ביילע! גוואלד, טאטעניו, ווו איז ביילע?" — אָט די דאָזיקע עטלעכע ווערטער פיקנ הערשעלענ אינ קאָפּ, צעטראָגנ אימ דעמ מויעכ, ארומ זיי דרייענ זיכ אלע זײַנע געדאנקענ אונ כאפּנ זיכ אימ אמאָל ארויס מיט א ביטערנ קרעכצ טיפ פונ הארצנ.

שוין א גאַנץ היפּשע צײַט איז דרינען, זינט הערשעלע האָט זיך צעשיידט מיט ביילען דאָרט בא דער „זאָרגבאַנק“, אין דער האָפענונג, אז אָט־אָט שטעלט זי זיך אפּן אָרט, פאר א דינסט־מיידל, וווהין די מעקלערן האָט זי געפירט, אָט באַלד זעען זיי זיך ווידער און נעמען ווײַטער אפיר דעם אָפּגעריסענעם שמועס וועגן איטלעכס פּיצעלע באַזונדער איניינעם.

אונדזער עלנטער, פאַרוואָגלטער הערשעלע האָט זאַט אָנרעדן זיך נישט געקענט בא דעם ערשטן באַגעגעניש מיט א שאָכנס א מיידל, קימאַט אַן אייגענע, א היימישע פון קינדווײַז אוף, זי האָט געשמעקט עפּעס פריש, מיט היים, מיט קאַפּצאַנסק. פון אירע אויגן האָבן ארויסגעלויכטן, געלאָזט זיך אים זען פיל ליבע זאַכן אין די פריִערדיקע יאָרן. אַלצדינג, האַק־און פּאַק, האָט זיך אים געפילט אין איר בליק, געדאַכט אין איר שטימע. ער האָט אופגעכאַפּט איר איטלעכס וואָרט, אַליין אויך געגעדט פאַר צען, און ס׳איז אים נאָך איבערגעבליבן גענוג רייד אף שפּעטער.

הערשעלע קוקט דאָ אזוי ארויס אף איר די אויגן, און נאָט אײַך אזא ווייטעק, אזא אויסכאַפּעניש — נישטאָ ביילע! ווי אין וואַסער ארײַן ביילע!

די ערשטע צײַט האָט הערשעלע זיך געטרייסט מיט דער האָפענונג: אָט אינגיכן וועט זי זיך מיסטאָמע ווײַזן. וואָס דען? עפּשער איז זי דאָרט שטאַרק פאַרנומען אפּן נײַעם אָרט, לאָזט זי נאָר אביסל זיך ארומקוקן, קומט זי זיכער באַלד צו רייזען. זי האָט דאָך איבערגעלאָזט רייזען אף דער אכסאַניע אירע זאַכן. אז אַנטקעגן א כוידעש צײַט אָבער איז אַוועק און זי איז אַלץ נישטאָ, האָט אים שוין אָנגעהויבן טאַקע גוט צו אַרן. אַצינד האָט אים אָנגעהויבן באַשײַנפּערלעך צו אינטערעסירן ביילע. נישט ווײַל זי איז א היימישע, ערשט פון דאָס זײַניקע דאָרט אינדערהיים, נאָר זי טאַקע — זי, ביילע אַליין, ווײַל אף איר, נעבעך, איז א ביטער ראַכמאָנעס, ווער ווייסט, וואָס מיט איר, נעבעך, איז אזוינס געשען? דאָס געפיל פון ראַכמאָנעס איז בא אים געוואַקסן פון אַן אַנדער געפיל, א פאַרבאָרגנס, עפּעס גאָר אָן א נאָמען — א מין ציִעניש אזוינס, א מאָנטעניש, נאָך פון קינדווײַז אָן, טיף אינעווייניק אין דער נעשאָמע. דאָס מין ציִעניש ווידער האָט אָנגעהויבן שטאַרקער זיך לאָזן פילן, באַקומען שוין עפּעס א נאָמען דורך דעם טאַקע, וואָס דאָס ראַכמאָנעס איז אַלץ מער און מער געוואַקסן. דיביידע דאָזיקע געפילן האָבן געשפּראָצט, געוואַקסן און זיך דערנערט איינער פונעם אַנדערן. דערצו איז אויך געווען נאָך א צוגאָב, גאָר א וויכטיקע זאַך — עס האָט זיך דערזען הערשעלען גאַנץ קלאָר דאָס גרויס אומגליק, אין וועלכן ער איז געשטאַנען. שנייער־וואָלף וואָלט אים זיכער אין געוואַנט ארײַנגעשטעקט, געמאַכט פאַר א זעלנער, ווען עס זאָל זיך נישט געווען פלוצים אונטערוקן ביילע. איין גאָט אַליין טאַקע האָט זי אונטערגעשיקט פּונקט אין דער רעכטער צײַט אים פון ייִדישע הענט מאַצל צו זײַן — און וויפל דאַנק ער איז איר שולדיק פאַר אזא גרויסע טויווע! ער באַדאַרף דאָך, ווי מע זאָגט, די פיס איר וואַשן און דאָס וואַסער טרינקען, וואָס אָבער לאָזט זיך אויס? זי האָט אים געראַטעוועט, און ער זי — באַגראָבן.

דורך דעם אַוועקגאַנג זייערס שטיל פון דער אכסאַניע אַהין, צו דער „זאָרגבאַנק“, איז ער פונעם אומגליק ארויס, און זי — ארײַן. אוי, דער מאַלעכ־האַגויעל איז פאַרשוווּנדן, גאָט ווייסט וווּהין, ס׳איז א ראַכמאָנעס, עס רײַסט, עס רײַסט דאָס האַרץ!...

דאָס אַלצדינג איניינעם האָט אף הערשעלען שטאַרק געווירקט, ארויסגערופן אין אים אַזעלכע געדאַנקען, אַזעלכע הייסע קלאָרע געפילן, וואָס זענען פאַר אים געווען פריִער נאָך טונקל, קימאַט א סאָד. ביילעס געשטאַלט איז ארויסגעטראָטן פאַר אים אַלץ העלער, העלער, געשוועבט פאַר זײַנע אויגן, אים געבריט, געגנאָגט, געצויגן בא דער נעשאָמע. עס האָט אים גלאַט אזוי, נישט ווילנדיק גאָר, זיך געטראַכט, ער האָט שטילערהייט אַמאָל געוויינט, געוואָרן עפּעס גוט, ווייך, ווי א טייג, זיך געלאָזט פון זײַנע געדאַנקען טראָגן, ווי א געוויקלט קינד — און זיך פאַרטראָגן, פאַרפלויגן א שרעק וווּהין. ביילע איז אים פונעם זינען נישט ארויס, און ער האָט זיך קיין אייצע נישט געקענט געבן, ווי ארום ווערט מען וועגן איר עפּעס געוואָר — גיין זוכן זי, פרעגן? ווי געשיקט זיך עס. א באָכערל פרעגט זיך אף א מיידל! און נאָך ווער? ער, הערשעלע, אז באַם דערמאָנען נאָר איר נאָמען קומט אים די פאַרב אין פּאָנעם. אים דאַכט זיך א שרעק, לײַט קענען זייער גרינג, כאָלילע, זיך אָנשטויסן, וואָס אים ליגט „אזוינס“ אין זינען, וואָס פאַר א שיין באָכערל, אוי, ער איז!

און דענסטמאָל איז ער דאָך אויסגעשטעלט, פאַרפאַלן פון ביידע וועלטן אף אייביק!

א קאטאָוועס עפעס „אזא מײַסע", אזוינס גאָר צו טראכטנ!... ווו האָט מענ עס בא ייִדנ געהערט? גענוג איז דאָכ דער גענעמ אנ אָפקומעניש פאר אזוינע זינד, — נאָר פיל ערגער נאָכ אינ ייִדישע מײַלער ארײַנצופאלנ. די איינציקע טרייסט זײַנע איז נאָכ געווענ, טאָמער איז ביילע צוריק אהיימ אוועקגעפאָרנ. אײַ, די זאכנ, זי האָט דאָכ דאָ איבערגעלאָזט אפ דער אכסאניע איר קלומיקל מיט זאכנ? — מיילע, האָט זי פארגעסנ, א קאשע אפ א מײַסע, וואָס קאָנ זיכ מאכנ! זי האָט זיכ געיאָגט, געאײַלט, האָט זי פארגעסנ. גראָד איז הײַנט געווענ דער טאָג א ווארעמער, א שיינער, די זונ האָט געשײַנט, א פרייד, א פארגעניגנ, איז ער גענייגט געווענ זיכ צו בארויִקנ מיט דעמ דאָזיקנ געדאנק. פאר גרויס סימכע האָט ער זיכ א נעמ געטאָנ לערנענ, זינגענדיק געשמאק מיט א בריִענ, אונ סייכלדיק גלאט געמאכט אלע הארבע שטיקלעכ דאָרט מיטנ קנאק!

וואָס־זשע טוט דער סאָטנ, דער צולאָכעסניק — דער סאָטנ שטייט זיכ אונ לאכט אויס הערשעלענ. טראכטנדיק בא זיכ: פריי זיכ, פריי זיכ, שיינער באָכער, אָט באלד וועסטו בא מיר זינגענ אפ אנ אנדער קאָל.

אונ ווי הערשעלע לערנט זיכ דאָ אזוי לעבעדיק, מיט א גרינג הארצ, קומט אימ מײַסע־סאָטנ אינמיטנ דרינענ אָנ א בריוו פונדערהיימ, אפ וועלכנ ער האָט שוינ טאקע אזוי לאנג ארויסגעקוקט, אונ ער נעמט זיכ אימ לייענענ מיט גרויס כיישעק.

„איקער שאָכאכטי — אזוי לאָזט אויס די מאמע איר בריוול צומ זונ — האָב, סאנצעלאָמעס, מיכ פארעדט, פאר גרויסע צאָרעס מיכ פארגעסנ דערווײַל מיקויעכ בענציִענ ציוויעס מיידל, דורכ וועלכער איכ האָב דיר געשיקט א פאָר אונטערגענייטע זאָקנ, א קאפאָטקעלע מיט אנ אויסגעלאטעטע העמד, טראָג געזונט, פארנוצ געזונט ביז הונדערט אונ צוואנציק יאָר. ציפע־סאָסיע, זאָל געזונט זײַנ, האָט פונ אירע פיס די זאָקנ אראָפגענומענ אונ דיר זיי געשיקט, האשעמ־ייִסבאָרעכ זאָל ראכמאָנעס האָבנ, איר צושיקנ דעמ באשערטנ. שוינ צײַט, צײַט, זי איז, נעבעכ, אויסגעטריקנט, געל אונ גרינ, וויסט איז איר אונ פינצטער מיר, צוזעענדיק אירע אונ מײַנע ביטערע צאָרעס. די אויגנ מײַנע דינענ מיר נישט, פאר קיינ ייִדישע קינדער געדאכט, פונעמ פעדערנפליקנ די גאנצע נעכט, אוי־וויי איז מיר, וויסטע אלמאָנע! דאָס פארדינסט, מישטיינסגעזאָגט, איז א גאָרנישט, קלעקט נישט אפ וואסער אפ קאשע, אז אָכ אונ וויי צו אזא פארנאָסע, אזא לעבנ, קאמ־קאמ וואָס מע דערהאלט די נעשאָמע...

געבענטשט זאָל זײַנ עסטער־לייע, די אלטע מילכיקערנ אונדזערע אמאָל, וואָס זי גיט מיר צוצײַטנ א קריגל זויערמילכ, אויכ מילכ אביסל אפ באָרג. יאָ, די קו אירע האָט די ערשטע טעג סליכעס זיכ געקעלבט, אינ א מאזלדיקער שאָ. גאָט באָרעכ־הו האָט זי באגליקט מיט א קעלבל גאָר אנ אנטיק, איינס סאקע אינ דער גאנצער וועלט. אזוינס ווערט געבאָרנ איינ מאָל נאָר אינ הונדערט יאָר. קענסט דיר זיכ פאָרשטעלנ, אז מאָרדכע קאצעוו, עפעס נישט אזא שטארקער נויסנ, פאר א גראָשנ וואָלט ער זיכ, סאָנע־ציִענ, ביידע אויגנ געלאָזט אויסשטעכנ, ער האָט געכאפט אונ צענ זילבערנע גילדנ אָפגעצאָלט פאר דעמ קעלבל בימזומאָנימ, אונ דער דרויב האָט געהערט איר, עסטער־לייענ. אונ די וועלט זאָגט, אז ער האָט פארדינט עפעס אנ אשרעס — אוואדע א זעקס גילדנ, אונ עפשער זיבנ, אָדער טאקע אכט!...

מיילע, וואָס האָב איכ דיר דאָ געוואָלט זאָגנ, פאר צאָרעס מיכ, סאנצעלאָמעס, פארגעסנ וואָס — יאָ, מיקויעכ דעמ מיידל. א — הא! קארג אייגענע צאָרעס, איז נאָכ דאָ, ווי זאָגט מענ עפעס, א צוגאָב פרעמדע אויכ. בענציִענ ציוויעס מיינ איכ. ער איז, נעבעכ, אלט, קראנק, א צעבראָכענער שארבנ, האָט נישט קיינ פארנאָסע. אזא קאפצאָנעס, ווי אינ קאפצאנסק הײַנט, געדענקענ אלע קאפצאנסקער קאפצאָנימ נישט. אז די נעשאָמע האלט זיכ, איז ריינע ניסימ, נאָר זכוס־אָוועס טאקע, אָכ — אָכ — אָכ! אונ דאָ האָט זײַנ ליבער נאָמענ, באהיט זאָל מענ ווערנ, געשטראָפט מיט א נײַ מינ שטראָפ — פונ זײַנ טאָכטער, אָט דאָס מיידל, דורכ וועלכס איכ האָב דיר געשיקט זאָקנ אונ א קאפאָטקעלע, איבערגעניצעוועט פונעמ טאטנס, אָלעוו־האשאָלעמ, קאפאָטע, — פונ דעמ מיידל, א וואונדער, כלעבנ, איז ביז הײַנטיקנ טאָג קיינ אײַנגעטונקטע פענ נישטאָ. ער האלט עס, נעבעכ, ניט אויס. עמעס, זי אליינ קענ ניט שרײַבנ, אזוינס איז נישט פאר קיינ „ייִדענע"; אָבער דאָס איז דאָכ מעגלעכ אויסצופירנ דורכ מאנצבלענ, אונ איכ וואָס טו? איכ בינ מאטריִעכ רעב פײַוויש דעמ מעלאמעד, געזונט זאָל ער זײַנ, זאָג אימ וואָס — אונ ער שרײַבט, שרײַבט, צוגעבנדיק פונ זיכ פעפער, ציבעלע, מאכנדיק פונ מײַנס א וואָרט א מוסקאטקויל עפעס אזוי באטאמט

גאָר א דערקוויקעניש (פעפער, ציבעלע וכו׳ (וועכוילע), די מעליצע זאָגט נישט די מאמע — ווי קומט צו א ווײַבערשן מויעכ אזוינס? דאָס זאָג איכ, פּײַוויש)... איז דענ נישטאָ קיינ שרײַבערס, קיינ מעלאמדימ בא אײַכ דאָרט אינ גלופּסק, אינ אזא יידישע שטאָט, ווו שאבעס־גויימ, וואָס הייצנ אינ קלויז די רובעס, ווייסנ, ווענ מע בענטשט ראָש־כוידעש, זאָגנ ווענ איז דער מוילעד אונ רעדנ ייִדיש? — זונעניו! איכ בינ אפּ דיר גויזער מיט דער מיצווע פונ „קיבעד אָוו וואָיימ״, טאָמער זעסטו זי, דאָס מיידל, אָדער ווייסט עפּעס פונ איר, — שרײַב, לעמאנעשעם, וועסטו זיכ קויפנ דאָס אייביקע לעבנ. דער טאטע אירער, בענציענ, ווייסט נישט וואָס איבערצוטראכטנ, ער איז, נעבעכ, אינ איינע צאָרעס, אונ ציוויע וויינט, זאָרגט, עפּשער, כאָלילע, איז זי געשטאָרבנ״.

א קעזאיעס כריינ ווענ הערשעלע זאָל געווענ מיטאמאָל אופעסנ, וואָלט אימ נישט געווענ אזוי פארגאנגענ אינ נאָז, אינ די אויגנ, ווי פונ דער מאמעס דאָזיקע לעצטע ווערטער. אז ער האָט זיכ געהאלטנ אפּ די פיס אונ נישט געפאלנ, האָט ער עס געהאט צו פארדאנקענ נאָר דעמ שטענדער, בא וועלכנ ער איז אינ קלויז דאָרט אינ א ווינקל געשטאנענ אָנגעשפּארט איבער דער אָפענער געמאָרע „בייצע״. ער האָט א האַרצ פול מיט יעסורימ אונ קענ עס נישט אויסגיסנ, פארקערט, — ער שטיקט נאָכ די ווייטעקנ אינ זיכ, די קלויזניקעס זאָלנ עס, כאָלילע, נישט באמערקנ, אונ אז ער האָט דערלעבט נאכט אונ איז געקומענ נעכטיקנ, האָט שוינ רעפאָעלס בעטל אינ אלקערל געסקריפּעט, געזאָגט שירע. ער האָט באלד טאקע זיכ געטאָנ א וואָרפּ אפּנ געלעגער, זיכ גענומענ טראכטנ, זיפצנ, קרעכצנ געשמאק ווענ ביילענ — אונ דער טאפּשאנ האָט צוגעשפּילט, אונטערגעהאלטנ דאָס רוקבעט, טשאקנדיק אפּ זײַנ שטייגער.

## דאָס זעקסטע קאפּיטל

וואָס־זשע פּאָרט איז עפּעס אזוינס הײַנט? פּאָרט פארוואָס שלאָפט זיכ ניט רעפאָעלנ די דאָזיקע נאכט? ס׳איז שוינ אזוי שפּעט, אונ דאָס רוקבעט אונטער אימ קרעכצט, סקריפּעט, וויל נישט אופהערנ. עפּעס לאָזט עס מיכ דאָכ הערנ!

אוי — גאָר ניט קיינ פריילעכס!

א טאָג פונ ארבעט אונ לויפעניש אינ מארק איז הײַנט געווענ בא רעפאָעלנ. ער האָט זיכ אויסגעגלײַכט מיט א היפּש ביסל סאָכרימ אונ זיי געבאָרגט סכוירע קעפּי זיי האָבנ פארלאנגט. אָוונטס איז ער געקומענ אהיימ צו זיכ שטארק מיד, צעבראָכנ. איידער ער האָט זיכ אביסל אָפּגערוט, זיכ נאָכ נישט גענומענ צו די כעזשבוינעס, באטראכטנ זיכ, וואָס ער האָט מאָרגנדיקנ טאָג צו טונ, קומט ארײַנ דער טרעגער פונ דער פּאָסט צו אימ מיט א בריוו. לייענענדיק דעמ בריוועלע, איז אימ פינצטער געוואָרנ אינ די אויגנ. מע שרײַבט אימ בעסאָד־סוידעס, אז מיט דער פאבריקע, פונ וועלכער ער לעבט, ציט די פּארנאָסע, שטייט עס אצינד שמאָל, ס׳איז דאָ שטילע מאקעס, ווייטעקנ. אויב עס האלט, כאָלילע, אזוי נאָכ אביסל, באקומט זי, זאָל די שאָ נישט זײַנ, דעמ שלאק. סכוירע איז קיינ מעגלעכקײַט ניט דערווײַל אימ צו שיקנ. געלט, וויפל עס געפינט זיכ נאָר בא אימ, זאָל ער באלד שיקנ, לעמאנעשעם, ס׳איז אינ לעבנ ארײַנ נייטיק.

רעפאָעל ליגט דאָ אצינד אפּנ געלעגער אינ געהאקטע ווונדנ, דער קאָפּ שפּאלט זיכ אימ טראכטנדיק, אונ דאָמ הארצ אויכ ווערט אימ שיר נישט צעזעצט. ער באטראכט דאָ זײַנ לאגע פונ אלע זײַטנ, ארומ אונ ארומ, אזוי:

די פאבריקע, באהיט גאָט, שטעלט זיכ — שלעכט! אנ עק פונ זײַנע געשעפטנ, ער איז אויסגעשטעלט. די סאָכרימ, וואָס האָבנ דאָ גענומענ סכוירע אפּ קרעדיט, וועלנ מיסטאָמע, ווי דער שטייגער איז, בײַס די פאבריק שטעלט זיכ, זיכ אויכ שטעלנ, נישט צאָלנ אפּ די וועקסלענ צומ אויסגעשטעלטנ טערמינ. נאראָנימ וועלנ זיי זײַנ, וואָס דענ, זיכ נישט צו באנוצנ מיט יענעמס אומגליק, מיט אזא קראכ? מיטל דערצו זײַנענ דאָ גענוג. ס׳איז דאָ, אשטייגער, אויכ אזא מאניפּאָרגע — אופצוקויפנ פאר א שפּאָט־געלט דער פאבריקעס, אפּ זיכ ארויסגעגעבענע, פאפּירנ אונ מיט זיי טאקע איר דעקנ. זה טמוראָסי, הייסט עס, נא, ווער די קאפּאָרע!... „קומעמיעס״־זאָגנ — דאָס איז א געוויינלעכע סאָכרישע זאכ, פונ לאָוונ האָראמי אונ ביז הײַנטיקע צײַט, מע באדארפ נאָר זײַנ געניט, וויסנ דעמ נוסעכ מיט די זיסע טנועלעכ, ווי עס בעריעש צו זאָגנ...

און א צוגאָב נאָך צו די צאָרעס האָט ער געמאכט היינט געשעפטן, איבערכאַפּנדיק די מאָס. דער רועכ ווייסט, וואָס ער האָט אזוינס געטאָן, גענומענ קימאַט די גאנצע סכוירע און אוועקגעגעבנ זי צו אלדי שוואַרצע יאָר. אצינד איז ער געפּלעפט — נישט קיינ סכוירע, נישט קיינ געלט! און וואָס זאָל ער ענטפערנ די באלעבאטימ זײַנע, די פאבריקאנטנ, וואָס פאָדערנ אצינד פונ אימ געלט אינ דער נויט? זאָל ער גייג אָפּזוצנ בא אנדערע די וועקסלענ פונ די נײַע סאָכרימ זײַנע, בעשאס ער ווייסט די גרויסע סאקאָנע, אז עס שטייט דאָ פאָר אזא קראכ? אזוינס צו טונ איז אימ ביטער, ווי דער טויט, דאָס הייסט דאָכ אזויפיל ווי א גאנעוו, גייג יענעמ איבער די קעשענעס.

טראכטנדיק אזוי, קומט ער ארופּ אפּ לייבצענ — און ער טוט זיכ א וואָרפ, צאפּלט מיט אלע אייוורימ. סטײַטש, דער גרעסטער טייל וועקסלענ איז דאָכ דורכ אימ ארײַנגעפאלנ צו לייבצענ! און נאָכ וועמעס וועקסלענ? עפּעס ניט פונ די גאנצ גרויסע באָטוכימ, נאָר פונ אזוינע, וואָס זענענ נאָכ צו דערלײַדנ קאָלזמאנג דאָס רעדל דרייט זיכ, סכוירע אינ דער פאבריק איז דאָ איבערגענוג, זיי צאָלנ ווי־ס׳איז צומ טע־מינ אינ אָנהייב, ביכדיי צו נעמענ נאָכ מער אינ קרעדיט ווײַטער, און ערשט דענסטמאָל צו האָבנ בא זיכ די ברײַרע... און פארוואָס האָט ער אזוי געטראסקעט אימבארעכנט? ביכדיי צושאַרנ פארדינסטלעכ, א גרויסנ פּראָצענט לייבצענ. און דאָס אלצדינג האָט ער געטאָנ צוליב כאנצענ, צוליב זײַנ טײַערער, טיפּ אינ הארצ אײַנגעבאקענער כאנצענ! אצינד לאָזט זיכ דאָכ אויס, אוי־וויי, אינגאנצנ א בוידעמ. אליינ, ער, גייט ארופּ פונעמ מארק, פארלירט די פונקציע. די סאָכרימ וועלנ זיכ געפינענ א מיטל ווי נישט צו צאָלנ, לייבצע וועט פארלירנ דורכ אימ א קאסע געלט, וועט ווערנ אימ א דאמ־סוינע און נישט לאָזנ אימ די שוועל פונ זײַנ הויז אריבערטרעטנ, שלעכט, ביטער איי — איי! פארשפּילט זײַנ קאָמיסיע, און פארשפּילט, אוי־וויי, כאנצענ!

אינ הארצנ גיט א שטאָכ, רעפאָעל גיט זיכ א וואָרפ, און דאָס בעטל — ריפּ — סקריפּ...

דאָס געוויסנ קומט אויכ אינדערמיט ארײַנ מיט זײַנס: שווינדלער! וואָס ביסטו געפלויגנ, צעטרענצלט פרעמדס, געשאסטעט מיט יענעמס אלצ צוליב די כעפּציעס דײַנע — צו דערלאנגענ יענצ, וואָס די אויגנ זעענ, וואָס דאָס הארצ גלוסט, וואָס דעמ זינדיקנ נעפעש פארווילט זיכ און וואָס עס מאכט פארגעניגנ?... פלוידערזאק! אפּ צו דארשענענ האָסטו געהאט א מויל, אלצ: עמעס, יוישער, בארעכנונג, מענטשלעכקײַט, פארשטאנד — שיינע, קײַלעכדיקע ווערטער; אלצ שטראָפנ. מוסער־זאָגנ, וועלנ פארבעסערנ די וועלט, ניט צופרידנ זײַנ מיט דעמ, וואָס אצינד: ועב אָשער דער הויפּט־מעקלער איז א הויפּט־ליגנער; גערשנ דער קרעמער — א שווינדלער; זעליק דער סויכער — א דרייקאָפּ; רעב נאכמענ דער גאבע — א מאזיק, דער אזוי, יענער אזוי, איינער נישט קיינ רעכטער. און דו?... לײַד־זשע אצינד, שווינדלער, און מאכ נישט קיינ כיינ!

דאָס געוויסנ עסט, ווי א וואָרעמ, פּיקט: פּיק — פּיק. רעפאָעל ווארפט זיכ, און דאָס בעטל — ריפּ — סקריפּ!...

דער טאפּטשאנ פונעמ אנדערנ ביידער לאָזט זיכ אויכ הערנ, מאכט רעפאָעלנ לעכער אינ קאָפּ. אימ דאכט זיכ, אז דאָס סקריפּעט מיט פארדראָס, בייזוערט זיכ, האָט צו אימ טײַנעס פאר הערשעלענ: פארוואָס האָט ער די גאנצע צײַט זיכ אָנ אימ גאָר פארגעסנ. רעפאָעלנ איז הערשעלע באלד באמ ערשטנ ארײַנקימענ זײַנס צו אימ אינ הויז זייער געפעלנ. ער האָט געזענ פאר זיכ א שטיל, פארטראכט יינגעלע, אנ עלנטס, אנ אָרעמס, נעבעכ — און אפּ אימ גרויס ראכמאָנעס געהאט. דאָס יינגעלע פלעגט קימענ אלע נאכט פּינקטלעכ נעכטיקנ, שא, רויק, שטיל, נישט אָנצורירנ א פליג אפּ דער וואנט. שא, געהאלטנ מויל, נאָר די אויגנ זײַנע האָבנ גערעדט, דער אומעטיק־פארטראכטער אָנבליק זײַנער האָט זיכ באקלאָגט, ווי ער לײַדט און קומט עס, נעבעכ, אָפּ אינ דער וועלט. זײַנ בלייכ פּאָנעמ, זײַנ האלבאָשע, מישטיינסגעזאָגט, און דאָס גאנצע אויסזענ זײַנס האָבנ אייסגעריסנ, סאָנע־ציענ, א שטיק הארצ. מע האָט געזענ פונעס קוקנ זײַנעמ פונדערווײַטנס אפּ רעפאָעלנ, ווי שטארק ליב ער האָט אימ, ווי ער קלעפּט אינ אימ מיט אלע זײַנע אייוורימ, מיט לײַב און לעבנ, ווי צו א טאטנ. רעפאָעל האָט געפילט עפּעט א שולדיקײַט אנטקעגנ דעמ אָרעמ קינד, נעבעכ, פאר אימ עפּעס צו טונ, און פאָרגענומענ בא זיכ מיט אימ זיכ אָפּצוגעבנ, מאכנ אימ פאר א שטיקל מענטשנ. נאָר די געשעפטנ זײַנע און כאנצע האָבנ אימ פארדרייט דעמ קאָפּ אזוי, אז פאר דעמ אָרעמינקנ. נעבעכ, איז אימ נישט געבליבנ קיינ פּיצל צײַט, און פלעגט באמ

דערמאָנענ זיכ אמאָל אינ אימ אלצ אָפּלייגנ אפ שפּעטער, שפּעטער, ביז ער האָט אינגאנצנ אָנ אימ פארגעסנ. אצינד הערט ער, ווי דער טאַפּטשאַנ דאָרט סקריפּעט, דערמאָנט ער זיכ אָנ הער־שעלנ, אונ דאָס הארצ פארלויפט אימ מיט בלוט — אוי, גאָר ארויס מיר פונעמ זינענ!... אוי, א ראכמאָנעס!.. דאָס עלנטע, בלודנע שעפעלע איז געקומענ צו מיר אינ שטוב בעטנ הילפ, אונ איכ האָב מיכ אפ אימ אפילע נישט ארומגעקוקט!

אָט אזוי דענקט רעפאָעל, אונ דאָס געוויסנ פּײַניקט אימ. א, דו שיינער מענטש! א גוטער, א ווילער, א באַל־ראכמימ נאָר מיט דעמ מויל, אונ טונ נישט אפ א האָר. אזוי זײַט איר אלע, פײַנע לײַט, באַלטויוועס, פּארזאָרגער! וויבאלד עפּעס א געשעפטל, ווערט אײַכ פארשטאָקט דאָס הארצ! וויבאלד עפּעס נעגייע אײַערע כעפציִעס, גייט אײַכ שוינ קיינער גישט אָנ; וויבאלד אײַער נעפעשל, מעג יענער כאָטש די קאַפּאָרע ווערנ. קאָמעדיאַנטנ זײַט איר, פּאַקוסניקעס, אָנשטעלנ־מאכער — רעשאָימ מיט שטיינערנע הערצער, קופּערנע שטערנס אונ גלעזערנע אויגנ!...

דער טאַפּטשאַנ בייזערט זיכ, קרעכצט, דאָס געוויסנ פּיקט: פּיק — פּיק, רעפאָעל ווארפט זיכ, אונ דאָס בעטל — ריפּ — סקריפּ! — —

## דאָס זיבעטע קאַפּיטל

— אוי, גלופּסק, טפו זאָל זי ווערנ! — האָט רעפאָעל זיכ צעבייזערט, אופכאַפּנדיק זיכ, ווי א פארדולטער, שטארק דערשראָקנ נאָכדעמ, אז ער האָט אביסל אײַנגעדרעמלט, אונ באלד טאקע מיט קאָס אויסגעשפּיגנ. צו די אויערנ איז אימ פונ דער גאס גאנצ דײַטלעכ שוינ געקומענ א שפּילנ פונ א פידעלע, א רײַסנ־זיכ פונ א פלייט אונ א געקלאַפּערײַ פונ א פּויק אפ וואָס די וועלט שטייט — נו, א גלופּסק, א מעהומע אפ איר! טאָג ווי נאכט איז הו — הא: קלינג — קלאַנג — סרייפעס! האָצ — האָצ — כאַסענעס! כאַפּ — לאַפּ — גאנאָווים! ניטאָ אייג מינוט מענוכע. פי, קיינ גוטער זאָל זי ניט קענענ!...

דעמ עמעס מוז מענ זאָגנ, הײַנטיקס מאָל איז רעפאָעל אנטקעגנ גלופּסק אומגערעכט געווענ; ביז אהער האָבנ די סרייפעס אירע, די כאַסענעס אונ גנייוועס אימ נישט געאַרט. זי האָט גע־מעגט ברענענ צענ מאָל א נאכט; דער גוואלד־גלאָק האָט זיכ געמעגט קלינגענ, די קעסל־פּויק — קלאַפּנ, באגאנוועטע — גוואלדעווע צעזעצטערהייט, אונ ער האָט זיכ געטאָנ זײַנס — געשלאָפנ זײַ־ער פײַנ! גאנצ פּאַשעט, ווײַל ער איז דערמיט שוינ געווינט געוואָרנ, אונ דול, קראַנק, כאָלילע, האָט עס אימ נישט געמאכט. נישט מער וואָס? אימ איז ניט גוט געווענ גראָד אפנ הארצנ, פונ א מינדסטער זאכ, עפּעס נישט אזוי איז ער געוואָרנ אופגעבראכט, האָט ער עס אצינד צו גלופּסק, נעבעכ, אויסגעלאָזט. רעפאָעל איז באלד אראָפּ פונעמ געלעגער, געעפנט א פענצטער אונ זיכ געשטעלט ארויסקוקנ אפ דער גאס.

א פריש מאָרגנ־ווינטל האָט א בלאָז געטאָנ רעפאָעלנ גלײַכ אינ פּאָנעמ ארײַנ, אימ געגלעט, געקושט די באקנ, די אויגנ, זיכ געשפּילט מיט די האָר אונ אָפּגעפרישט אימ דעמ קאָפּ. אינדרויסנ איז טונקל־העל, דער הימל אינ מיזרעכ־זײַט איז רויטלעכ פארפארבט, ווײַטער אביסל שימערט אפ אימ עפּעס א בלאסער פלעק — א סימענ פונ דער לעוואָנע. ס'איז אנ אויסמישעניש פונ טאָג אונ נאכט, א בלאָזעניש בא זייער באגעגענענ זיכ. מע שפּירט, אז די זונ איז שוינ ניט ווײַט, אָט־אָט טוט זי זיכ א ווײַז, אָט־אָט איז זי דאָ מיט איר קאָוועד אליינ! דאָס זאָגנ די שוועלבעלעכ, וואָס זענענ, קוימ געעפנט די אייגעלעכ, ארויס פונ די נעסטנ אונ שוועבנ, דרייענ זיכ מיט א שירע אינ דער לופט, אונ דאָס זאָגנ אויכ די קלעזמער דאָ, אפ דער גאס, וואָס פירנ אנטקעגנ טאָג אָפּ אהיימ, געווײַנטלעכ, מעכוטאָנימ נאָכ דער כופּע־וועטשערע מיט דעמ אומעטיקנ, גאנצ גלופּסק באקאַנטנ ניגנדל.

עס גייט זיכ פאמעלעכנ א דאר, בלייכ יידל, פונ יענע מינע ייִדעלעכ, וואָס ווינענ אָנגע־שטאָפּט צענ אינ איינ שטיבל, מישטיינסגעזאָגט, דאָרט ערגעצ אינ א הינטערגעסל — אָרעמינקע, אָפּגעריסענע, דערשלאָגענע, דערנידעריקטע, אפ וועלכע עס ליגט א בארג מאָרעשכוירע אונ צי־טערנ פריִ דעמ קאָפּ אופצוהייבנ. אצינד גייט עס זיכ, אָט דאָס ייִדל, האָפּערדיק, ברייטלעכ, בי־גראנדע, אָנגעטאָנ שאבעסדיק, אינ שיכ אונ זעקעלעכ, דאָס קעפּעלע פאריסנ, די הענטלעכ פאר־לייגט אהינטער אונטערנ מאנטל, פארנעמענדיק צו ביידע זײַטנ די פּאָלעס, אונ לאָזט זיכ אָנטונ

קאָוועד. קלעזמער ארבעטנ געשמאק אפ די קיילימ, ייִנגעלעכ אינ ספּענצערס, הינטנ מיט ארויסגעשטעקטע העמדלעכ, לויפנ פאָרויס; א ייִדענע אינ א יופּע אפ איינ ארבל, פארשטעקט דעמ פארטעכ, די עקנ פונעמ קאָפּנטיכל צעלאָזט, העצקעט זיכ בעיעכידעס, פאר זיכ אליינ די פריַיִע האנט אינ דער הייכ מיט עפּעס א מינ נאָזטיכל, אונ דרייט זיכ, פלאָנטעט זיכ פאר די פיס, לעבעדיק, פריילעכ!

עפּעס א קאטאָוועס, דאָס פירט מענ אָפּ אהיימ מיט א מארש, דורכ אלע הויפּט־גאסנ, א קאפּצנ מיטנ וויַיב, צוויי פייַנע מעכוטאָנימ — לאָז גלופּסק ניט שלאָפנ, לאָז זי נישט קראנק זייַנ אופּשטיינ, נישקאָשע, אונ וויסנ!...

רעפאָעל פארקרימט די נאָז מיט א זויערער מינע, ער איז, אפּאָנעמ, מיט דעמ טארעראמ נישט צופרידנ, פונזייַנעטוועגנ וואָלט גאָר קיינ אומגליק, כאס־וועשאָלעמ, ניט געווענ, אז יענע מעכוטאָנימ וואָלטנ געגאנגענ מיט די פיסלעכ שטיל אהיימ אָנ א קאפּעליע, נישקאָשע!...

ער דרייט אוועק פונ זיי דעמ קאָפּ, קוקט אינ גאס, אונ די יעפּייפיע גלופּסק אנטפּלעקט זיכ פאר אימ גאנצ אָפנ אינ איר געשטאלט, מעכילע, ווי זי זעט אויס אינדערפרי. די רינשטאָקלעכ אונ די „שמעקנדיקע פארפומעס", וואָס מע האָט פונ די הייַזער ארויסגעאָסנ נעכטנ באנאכט, גיבנ די „שמוכט". די הייַזער, פעסט צוגעמאכט פונ דרויסנ מיט די לאָדנ, האָבנ א פּאָנעמ גאָר עפּעס ווי גרויסע מיסט־קאסטנס. פאר די טירנ געפינט זיכ פונ קאָל־טווו: ביינער, ברעקלעכ אונ אלע מינע זאכענישנ פונ באלעבאטישקייַט. כאזיירימ, נעגידימ צווישנ די בעהיימעס, וואָס זייער פּארנאָסע געפינט זיכ פאר זיי גענוג, איבער־גענוג אומעטומ, זיי עסנ דאָ פונעמ גרייטנ, שטארק פארטיפט אינ דער אכילע אונ כראָמקענ פאר גרויס טייַנעג. הינט קאפּצאָנימ, אָנ שטעלנ, אָנ פּארנאָסע, פייגערנדיק, נעבעכ, פאר הונגער, דארע כאָרטעס, קאליקעס, דראבעס פונ קאָל־האמיגימ, נישטערנ אינ איטלעכס ווינקעלע, שנאָרנ, זוכנ דאָס שטיקעלע ברויט. קומט א הינטל, שטעקט אריַינ די נאָז דאָרט, ווו א כאזער ארבעט אינ אייסעק, געבנדיק אימ בעשאס־מייַסע אָנצוהערעניש מיט א ביס אינ אויער, פארדריסט עס יענעמ, שטארק אונ טוט א כריוקע, עפנט דער א מויל אונ בילט מיט אזעס אימ אנטקעגנ, לויפנ זיכ צונויפ א פּעקל בילערס אונ עס ווערט א געשלעג איבער א בֵיינדל, א רייַסעניש, א בייַסעניש — אנ אויסכאפּעניש פונעמ מויל איינער באמ אנדערנ. אויכ וואָראָנעס גאנאָווימ, קאָלבויניקעס, שפּאצירנ זיכ דאָרט ארומ, שטארק אויסנ עפּעס צו דערטאפּנ. איינע פונ זיי שטעלט זיכ א כאזער אפּנ רוקנ, שטרעקט אויס דאָס העלדזועלע, קוקט מאמזעריש אינ דער זייַט מיט איינ אייגעלע, ווי יענער פּאָרעט זיכ אינ א בערגל מיסט, אונ קוימ האָט ער עפּעס געפונענ, שפּרינגט זי פּוצ אראָפּ, כאפּט די מעציִע אונ פליט דערמיט געשווינד אוועק. קי „פּעדערנ" זיכ אופּשטיינ פונ זייערע געלעגערס אפנ גאס קילכויכ האשויר, לעקנ זיכ הינטנ ארומ אלעמ מיט דער צונג, אָדער קראצנ זיכ, רייַבנ זיכ, ווי דער שטייגער איז, בא א וואנט, אונ לאָזנ זיכ, ווי גוטע באלעבאטימ, גיינ, שמעקנ, זוכנ מעציִעס אינ מארק, וואָס דער אייבערשטער שיקט צו: א שטרויעלע, א הייעלע איז אויכ סכוירע פאר זיי.

דער גלופּסקער מארק אינדערפרי מיט זייַנע מינע באשעפענישנ, פּירפּיסיקע בעהיימעס, מיט אלע זייערע געננ, זייער כאפּעניש אונ יאָגעניש אינ דער פּארנאָסע — האָט רעפאָעל זיכ פאָרגעשטעלט גאָר עפּעס טאקע ווי דער יאריד פונ די צווייפיסיקע זינדיקע נעפאשעס, מיט דעמ גאנצנ האנדל, מיט דעמ שווינדל, האָקוס־פּאָקוס, שאכער־מאכער. ער שטייט צעטראָגנ, פארטיפט אינ די געדאנקענ, אונ מעשונע־ווילדע ברויִמ, פּירפּיסיקע אונ צווייפיסיקע, פארבייַטנדיק זיכ איינע מיט די אנדערע מיט זייערע פּענעמער, דרייענ זיכ פאר אימ מעשוגענערווייַז, אויסגעמישט אלע אינאיינעמ.

א קלאַפּ אינ דעמ פּאָדער־כיידער ברענגט ארויס רעפאָעלנ פונ זייַנע געדאנקענ. ער האָרכט זיכ צו מיט איינ אויער, אונ אינ קאָפּ פּיקט אימ הערשעלע.

— אָ, הערשעלע! — טראכט זיכ אימ פאר גרויס ראכמאָנעס — ס'איז אוואדע פונעמ שלאָפ... ער האָט, ווי איכ, די גאנצע נאכט קיינ אויג נישט צוגעמאכט. וואָס זאָל עס זייַנ? עפשער איז ער עפּעס נישט געזונט, אָדער עפשער זאָגט אימ דאָס הארצ, אז דאָס אָנהאלטעניש זייַנס, מישטיינסגעזאָגט, אפ מיר איז אנ אויסגעבלאָזנ איי. ווער ווייסט, ווו איכ וועל מעגולגל ווערנ, אונ ער פארלירט אָט דאָס נאכטלעגער דאָ... אומגליקלעכ קינד, אז אינ אזא וויסט באנקבעטל באשטייט דייַנ גליק! גיי נאָכדעמ זאָג: וואָס גוט, וואָס שלעכט... אלע מענטשנ זענענ פונ איינ

טייג געקנעטן, און דאָך ווי פאַרשידן זיי זענען אין זייערע באַדערפעונישן צום לעבן! יענעם איז דער גרעסטער פּאַלאַץ ענג, דעם אַנדערן — גענוג אַ שטיקל אָרט, ווו אַנידערצולייגן דעם קאָפּ... איין בוים מיט איינע בלעטלעך, די זענען פּריש, גרין, האַלטן זיך פעסט, יענע — געל, דאַר־קוואַר, פאַלן, וואָגלען, נעבעך, פונעם ווינט זיך עלנט אַרום... אָ, עלנט יאָסעמל, אָ, פאַר־וואָגלט קינד!

און ווי רעפאָעל טראַכט דאָ, אַזוי הערט זיך ווידער אַ קלאַפּ, שוין אַ גרעסערער, אַ שטאַר־קערער, עפּעס ווי באַם עפענען זיך אַ פענצטער מיט אימפּעט, דערביי לאָזט זיך הערן הערשעלעס אַ געשריי גאָר אין איין אָטעם:

— זי!... ס'איז זי, זי!...

אַז רעפאָעל איז נישט טויט — נישט לעבעדיק אַריין אין פּאַדערכיידער, איז הערשעלע שוין דאָרט נישט געווען. ער איז דורך דעם פענצטער אַרויס ראַפּטאָם אַפּ דער גאַס. רעפאָעל זעט אים פונדערווייטנס יאָגנדיק זיך פלינק נאָך די מעכוטאָנים און פאַרשווונדן־ווערנדיק באַלד מיט זיי אין אַ געסל.

## דאָס אַכטע קאַפּיטל

די מעקלערן, וואָס איז אַוועק מיט ביילען פון דער זאַרגבאַנק, האָט זי פאַרפירט פון דאָרט גלייך צו זיך עפּעס אין אַ וויסט שטיבל, ערגעץ אין אַ פאַרלעגן געסל, אונטער אַזאַ אויסרייד:

— דו, מיידעלע, בלייב זיך דערווייל אָט דאָ בא מיר, און איך וועל מיר אַ גיי טון אַפּ איין פוס אַ שמעק געבן צו דער באַלעבאָסטע, בא וועלכער ס'איז דאָ פאַר דיר אַן אָרט. בלייב, קינ־דעניו, און רו זיך טאַקע דערווייל אויס. אין פּאָנעם דערקענט מען דיך, אַז דו ביסט, נעבעך, מיד פונעם וועג. געקומען, דאַכט זיך, האָסטו געזאָגט, פון קאַפּצאַנסק?

— פון קאַפּצאַנסק, — ענטפערט ביילע: — היינט ערשט געקומען.

— אַוואַדע אַ ווילד־פרעמדע דאָ, קיין קאָרעוו, קיין גויעל, האַ?

— יאָ, עלנט ווי אַ שטיין.

— זעסטו, ווי האָדל די מעקלערן טרעפט! ווער ס'איז שיין, און איך קלוג. האָב איך דיר גע־זאָגט, האַ! נו, גלייב־זשע מיר אַצינד, אַז דער אייבערשטער וועט העלפן. עס וועט, אימירצעשעם, ווי דער מאָרגנשטערן, שיינען דיר דאָס מאַזל, וועסט לעבן אין פיל גליק און נאַכעס, אָמיין, ריבוינעשעלוילעם! קאַפּצאַנסקער מיידלעך גילטן זייער שטאַרק דאָ, אַבי נאָר קיין נאַראָנים ניט, ווערט אויס זיי לייט... האַ, וואָס האָב איך געוואָלט? דאָס געדעכטעניש איז מיר אַפּ דער על־טער, נישט פאַר דיר געדאַכט, אַביסל געשוועכט. וואָס בא מיר אין איינע אויער אַריין, גייט פּו־נעם אַנדערן — אַרויס — יאָ, זיך דערמאָנט!... דערמאָן מיך, האָב איך געוואָלט זאָגן, ווי, האָסטו געזאָגט, הייסטו?

— ביילע! יאָ, ביילע, ביילע! שיין אָן איינאָרע, ביסטו, ביילע, גאָר קיין מייסע נישט. קיינ נאָר ביסטו מעכויעוו אויך נישט צו זיין. — מאַכט האָדל, באַטראַכטנדיק ביילען פון אויבן ביז אַראָפּ מיט אַ שיינענדיק פענעמל און אַ קניפּ געבנדיק זי אין בעקעלע: — סכוירע!.. איך מעג שווערן, ביילעניו, דו ביסט הונגעריק. זעט נאָר אוי, אַ ווייטעק איז מיר, ווו בלייך זי איז! יאָ, הונגעריק? זאָג־זשע, נעשאָמע מיינע, זאָג, זאָג!

ביילע האָט טאַקע דעם גאַנצן טאָג פונעם פרימאָרגן, ווען זי איז געקומען קיין גלופּסק, ביז איצט נאָך אין מויל גאָרנישט געהאַט, נאָר זי האָט זיך געשעמט זאָגן „יאָ“ און געשוויגן.

— שוויגן הייסט געערדט. אָ, האָדל, נישקאָשע, ווייסט! ווייסט יענעמס פאַרבאָרגענע גע־דאַנקען, איך קען, נישקאָשע, די מיידעלעך. ייִדישע טעכטער זענען שעמעדיקע, באַזונדערס אָט די קליינשטעטלדיקע. דאָס שעמען זיך איז אָבער טאַקע נאָר אַן אַקשאָנעס, פּע, כלעבן, אַ מיִעסע זאַך אָט דאָס אַקשאָנעס! ווייל מען ווייסן אַ טאַם פון לעבן, וואָס הייסט אַזוינס געלעבט, איז די ערשטע זאַך — אין דער ערד אַריין דאָס אַקשאָנעס! געדענק, טאָכטער, מיינע ווערטער, וועסט מיך אַמאָל פאַר זיי בענטשן... אָט וועל איך אַצינד אַ שפּרונג טון דיר עפּעס קויפן. ביז וואַרעמס בא אונדז איז נאָך לאַנג צו וואַרטן. דער מאַן מיינער דרייט זיך אַ גאַנצן טאָג אין מאַרק, זוכן פּאַרנאָסע. די ייִנגלעך זיצן פון פרי ביז נאַכט אין כיידער, צוויי מיידלעך מיינע דינען, איינע

בּאַ א הויבּנפּוצערן — די אַנדערע באַ א נייטאָרן. האַלעוואַי זייער מאַזל אַפ דיר געזאָגט געוואָרן! שיינע, גוטע, אויסגעקאָכטע מיט איטלעכן, נישטאָ בּאַ זיי קיין פּיצל אַקשאָנעס. לייַט קוועלן פון זיי גאָר אָן — געראָטן טאַקע אין דער מאַמען זייערער מוידוויַיז... עסן מיר וואָרמעס, הייסט עס, ערשט באַנאַכט. אָט וועל איך א שפּרונג טון!

אַזוי לאָזט אויס האָדל דעם שמועס און ווערט באַלד אַנטרונען.

„א צאַדייקעס, כלעבן, די האָדל! — טראַכט בּאַ זיך ביילע — זי אַליין, ווי אין שטוב דאָ זעט אויס, איז, נעבעך, אָרעם, און זאָרגט זיך אַזוי פאַר מיר, ווי א מאַמע, עפּעס גאָר א דימענט, א גוטע, גאָר אָן א גאַל, גאָט באָרעכ־הו מעג איר פאַר איר גוטסקייַט באַצאָלן!"

און אַז ביילע טראַכט דאָ אַזוי, באַטראַכט די שטוב, אַלצדינג דאָרט, דאַנקט און לויבּט זייַן ליבּן נאָמען פאַר די כאַסאָדים זייַנע מיט דעם עלנטן, וואָס האָט זיך דערבּאַרעמט און צוגעשיקט איר אַזאַ גוטע, קאָשערע נעשאָמע, — קומט אָן האָדל און לייגט אַנידער פאַר ביילען אַפן טיש א גאַנצן פּעקל שפּייַז מיט זיסע ריידעלעך.

— עס, ביילעניו! אָט האָסטו דיר א קנעבּעלע, א רעטעכל, א גרינע אוגערקעלע, עס, נעשאָ־מעניו, זאָלסט מיר געזונט זייַן! איך וויל פונעם גאַנצן האַרצן, וויל איך, אַז דו זאָלסט עסן און א שיינע פּאָנעם האָבּן, א מיידעלע באַדאַרף זיך צולאָזן ווילטיק, האַנאָע האָבּן אין דעם לעבּן. איך מוידוויַיז האָבּ איך מיך נישט אָפּגעזאָגט פון קיין זאַך, וואָס דאָס האַרץ גלוסט איַי, האָבּ איך עס געלעבּט, געלעבּט!... זייַ־זשע, ביילעניו, א לעבּעדיק מיידל און נישט געזאָרגט! לאָז זיך גאָט זאָרגן! עס, ביילעניו!

— צו וואָס, כלעבן, זאָלט איר זיך אַזוי מאַטריִען זייַן? — מאַכט ביילע און קווענקלט זיך צו־צורירן צום שפּייַז, וואָס פאַר איר: — בין גאָרנישט אַזוי הונגעריק, בין איך. און פאַרוואָס זאָלט איר זיך אַפּ מיר אַזוי אויסבּרענגען?

— רייד נישט, איך בעט דיך, קיין נאַרישקייַטן, א מיידעלע באַדאַרף עסן, זאָג איך דיר, נע־מען אַפ זיך לייַבּ און א שיינע פּאָנעם האָבּן, אַנדערש קען מען זיך נישט ווייַזן פאַר לייַט. און, איבּעריקנס, ברענגסטו מיר גאָר נישט אויס, עסט נישט מייַנס, ווי דיר דאַכט זיך, דו עסט פּריִער גאָטס און דערנאָך דייַנס. אַז גאָט וועט העלפן, דו דרייסט זיך אַרייַן אַהין אַפ דעם אָרט, וווּ איך וויל דיר פאַרזאָרגן, וועסטו מיר, נישקאָשע, אָפּצאָלן מיט דאַנק. לאָז־שע זיך נישט בעטן, נאַרעלע, און עס. גענוג געטייַנעט, נישטאָ מער קיין צייַט. אַצינד באַדאַרף איך גיין, וועגן דיר טאַקע, אין א גוטער שאָ.

האָדל איז באַלד טאַקע אַוועקגעגאַנגען, און ביילע האָט זיך גענומען אונטערלענען דאָס האַרץ מיט אַפּעטיט, זייער צופרידן, וואָס דאָס מאַזל האָט איר געדינט צו באַגעגענען זיך באַלד בּאַ איר אָנקומען אַהער מיט אַזאַ דימענטיקער יִידענע, בּאַ וועלכער זי איז פאַרעכנט ווי אָן אייגן קינד. געשטערט די פרייד האָט איר דאָס נאָר, וואָס די מאַמע אינדערהיים דאָרט ווייסט עס נישט. און טראַכט אַוודע איבּער וועגן איר. דער גוטער יאָר ווייסט וואָס אַזוינס. עס גיט איר א צופּ בּאַם האַרצן, דערמאָנענדיק זיך אָן די אַלע ליבּע אינדערהיים, און טראַכט בּאַ זיך מיט א זיפץ: אוי, וואָס טוען זיי, נעבעך, וואָס מאַכן זיי דאָרט?

זי טראַכט און שטעלט זיך פאָר דאָס שווערע ביטערע לעבּן אינדערהיים. די מאַמע איז גע־עלטערט, געבויגן, נעבעך, פאַר דער צייַט; זי גייט אין אַקער פון פרי ביז נאַכט און פירט א לעבּן, מישטיינסגעזאָגט, אין דאַכקעס, אין נויט, קיין גוטע שאָ האָט זי נאָך, נעבעך, ניט געהאַט... דער טאַטע האָרעוועט, רייַסט קריִע אַפ דעם שטיקל ברויט. נאָך גוט, אַז ס'איז כאָטש דאָ א פּיסנער קאָליש, אָדער א טעפּל קאַרטאָפל פון דער גאַנצער מי, אַמאָל קומט ער אַהיים ליידיק מיט א פאַרקלעמט האַרץ — און ס'איז דאָס אויך נישטאָ. די לעצטע צייַט איז ער, נעבעך, אויסגעדאַרט, ווי אייַנגעשרומפּן געוואָרן, קראַנק, צעבראָכן, קאַם וואָס די נעשאָמע האַלט זיך אין אים... די קינדערלעך, אוי, אַז אָך און וויי! פאַרוויסט, נעבעך, איז זייער לעבּן, פאַרפינצטערט זייערע יונ־גע יאָרן! זיי עסן קיינמאָל זיך זאַט נישט אָן, האָבּן נישט אַפּ זיך קיין לויט פלייש, נאָר הויט און ביינער... אוי, וואָס טוען זיי, נעבעך, וואָס מאַכן זיי דאָרט?

עס שטעלט איר זיך אויך פאָר דאָס אַוועקפאָרן אירס פון דער היים, אַך, ווי וויי־און ווינד דער מאַמע איז געוועזן צו שיידן זיך מיט איר קינד! די מאַמע פּלאַטערט, ציטערט, איז טויט מיט אַלע אייוורים, ס'איז איר שווער אייַנצוהאַלטן זיך — און אַלע ווייטעקן, וואָס איר האָט פון גאַנצ

לאַנג ביז אַצינד זיך אָנגעקליבן אויפֿן האַרץ, גיסט זי עס אויס אין הייסע בלוטיקע טרערן. דער אַלטער צעבראָכענער טאַטע מאַכט זיך קלוימערשט האַרץ, געזעגנט זיך מיט איר שטיל, קורץ — און אינעווייניק קאָכט זיך אים איבער דאָס ביסל בלוט, ער איז בלייך, צעטראָגן — אַ שרעק, איר שיידן זיך איז באַם גאַנצן הויזגעזינד געווען אַ ריס פֿונעם האַרצן.

דאָס שטעלט זיך איצט ביילע פֿאָר, פֿילט, ווי דאָס האַרץ גייט איר אויס נאָך די אַלע ליבע אירע, און טראַכט: אוי, וואָס טוען זיי, נעבעך, וואָס מאַכן זיי דאָרט?

אָרעמעלייַט, אָפּגענעם, האָבן אויך אַ נעשאָמע, עלטערן צו קינדער, קינדער צו עלטערן און דאָס הויזגעזינד צווישן זיך פֿילן אויך ליבשאַפֿט איינע צו די אַנדערע, עפּשער אַמאָל נאָר מער ווי באַ יענע פֿאַרמעגלעכע.

עס רוקט זיך אָן אויף ביילען אַ וואָלקן מאָרעשכוירע, אָט־אָט, פֿילט זי, ברעכט זיך איר דאָס האַרץ און עס טוט זיך אַ גאָס אַ מאַבל טרערן. נאָר פֿון אַ ווינקעלע דאָרט אין איר נעשאָמע שייַנט אַרויס, ווי אַ ליכטיקער שטראַל, די האָפֿענונג, שלאָגט זיך דורך צווישן: די געדיכטע וואָלקנס מאָרעשכוירע, און רוימט איר אייַן גוטע זאַכן — פֿרייד, נאַכעס אויף שפּעטער, אימירצעשעם, אַז גאָט וועט איר העלפֿן זיך שטעלן דאָ אויף דעם גוטן אָרט, דורך דער קאָשערער נעשאָמע, האָדל די מעקלערן. אוועקדינגען אַ צייַט און צונויפֿשלאָגן עטלעכע גראָשן, וועט זי עס אינגאַנצן אַהיים אָפּשיקן, אָדער זי אַליין וועט גאָר אַהיים צוריקפֿאָרן, ברענגען איטלעכן אַ מאַטאָנע, וועט העלפֿן דער מאַמען אין דער באַלעבאַטישקייַט, און לעבן אין פֿול גוטס אינאיינעם מיט די עלטערן, זאָלן געזונט זייַן.

מיט אַזעלכע טרייסטן פֿאַרוויגט ביילען די האָפֿענונג, עס קלעפּן זיך איר די אויגן, זי שפּאַרט זיך צו אויף אַ האַרט באַנקבעטל, דרעמלט, און עס דאַכט זיך איר אין כאָלעם — בעטגעוואַנט! צוויי איבערבעטן, קישנס גרויסע און קליינע אַ גאַנצער טורעם. אויך אַ שיינע גאַרדעראָבע — זי האָט, הייסט עס, לעמאַזל, כאַסענע! ווער כאָסן, ווו כאָסן? פֿרעגט זי בעכיירעם, נאָר ס'איז אַ קושעניש, אַ טופּעניש, אַ שטופּעניש פֿון אַלע זייַטן, איין קאָל: מאַזלטאָוו דיר, ביילע, מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו!..

די זון האָט זיך געזעצט, אין שטוב איז טונקל, און ביילע שלאָפֿט געשמאַק. אויפֿן פּריפּעטשיקל ברענט אַ פֿייַערל. נאַסע שפּענדלעך אַ פּאָר קנאַקן, רויכערן, בלאָזן זיך, טוען דערנאָך אַ פֿלאַקער, בלאָזן אויס אַ טקיִע־גדוילע — פּוף — פּוף, אַרויסשטעקנדיק די לאַנגע פֿייַערדיקע צינגלעך, און כאַפּן אַרום אַ קאָכעדיק טעפּל, וואָס שעפּטשעט, פּלוידערט עפּעס אויף זייַן מין לאָשן. האָדל שעפּט אָפּ פֿון אויבן מיט אַ הילצערנעם לעפֿל און פֿירט אַ שטיל געשפּרעך מיט איר מאַן, וואָס שטייט אָנגעבויגן איר באַ דער זייַט, אַרופֿלייגנדיק איטלעכס מאָל אַ פֿינגער זיך אויף די ליפּן.

— שאַ, ברענ ווי אַ פֿייַער, שיפּילאָווע פּיסקעלע! אָט איז ער שוין געקומען, די שיינע צורע מיט דעם געפֿייַפֿטן לאָשן זייַנעם: שישאַ — שושי — בייזערט זיך האָדל אויף דעם מאַן שטילער־הייט, שטאַרק אויפֿגעבראַכט, נאָכקרימענדיק זיך אים ווי ער רעדט שיפּילאָווע — קראַנק ביסטו, האָסט ניט קיין קויעך צו ריידן שטילער אַביסל, נישט פֿייַפֿן און אויפֿוועקן זי פֿונעם שלאָף, דו הערסט, שמענדריק?

— אַ שייַלע אַביסל, צי איך הער. וואָס דען? צו־וואָש, זאָג־זשע מיר, איז דאָש סיִעש מאַכן, ניסט סוין טאַקע פֿירן אַהינצוצו, סוין, אָן סום סיִעש? — רוימט מענדיע, שטאַרק אָנבייגנדיק זיך, האָדלען אין אויער שטיל, ווי נאָר מעגלעך.

צו זייַן אומגליק אָבער זענען די זוושענדיקע אויסיעס, ווי אַ „שינ", אַשטייגער, אים אַרויס פֿונעם מויל מיט אַ פֿייַף. עס האָט אים נאָך געפֿעלט טאַקע אַ פּאָר פֿעדערשטע ציין אויך, וואָס אָן זיי מוזן אַזוינע אויסיעס אַרויסקומען געפֿייַפֿט. און מייַסע־סאָטן, זייַנען אים אַרייַנגעפֿאַלן אין מויל דאַפּקע אַזוינע זוושענדיקע אויסיעס, ווי אַ „שינ", אַשטייגער, ווי דעם אוילעמס אַ ווערטל טאַקע: אַז גאָט וויל שטראָפֿן אַן אַמאָרעץ, שיקט ער אים צו אַ פּאָסעק אין מויל, דאָס הייסט, אַ גראָבער יונג שיט אין שמועס מיט פּסוקים, וואָס קומען אויס לעמעשקע.

— אייַ, אין דער ערד אַרייַן, ווי ער האָט זיך עס אַביסל צעפֿייַפֿט, צעשושקעט! — שעלט האָדל אויף אַ שושקענדיקן קאָל שטיל, מיט דעם גאַנצן קויעך פֿאַרבייַסנדיק די ליפּן, און די אויגן פֿאַרלויפֿן איר מיט בלוט — פֿאַרוואָס, פֿרעגסטו, נישט פֿירן זי אַהין הייַנט, באַלד טאַקע? בעהיימע! נאָך קענסטו זי נישט, די קאָלבויניצע, וואָס פֿאַר אַ גראָשן וועט זיך ביירע אויגן אַרויסנעמען!

לאָזן איר טאקע די אויגן ארויסקריכן ביז זי וועט מיך זען מיט מײַן סכוירע בא זיך! הײַנטיקס מאָל לאָז איך מיך, נישקאָשע, שוין נישט מער שפּײַען אין דער קאשע, שא, שלאָג מיך נישט איבער. וואָס, גוילעם, האָסטו אויסגעשטעלט דײַנע קעלבענע אויגן אף מיר אזוי? האָרך בעסער, שמענדריק, און שווײַג.

— סווײַג, סווײַג! ווייש נישט מער ווי סווײַג. וואָס־זשע איז בראָש אזוי דאָס סטיקעניש? — שושקעט מענדיע דעם ווײַב אין אויער ארײַן. און פאר צופּיל אָפּהיטעניש פארפּלאָנטערט זיך אים די צונג, פארבײַט א שין אף א סאמעך, א סאמעך אף א שין, און עס קומט אויס נאָך ערגער געפּײַפט.

— טפו! — שפּײַט האָדל אויס, א מאך געבנדיק אף דעם מאן מיט דעם לעפל — א פּײַפן אביסל! אָ — א פארפּײַפעניש זאָל אף דיר קומען, ריבוינעשעלוילעם! זאָלסט פּײַפן, פּײַפן... נו, שמענדריק, דו האָרכסט? דאָס מיידל דאָרט שלאָפט. שא! זי זאָל זיך נישט אופכאפּן און הערן... נאָך א טאם האָב איך, וואָס איך אײַל מיך: לאָז זי א צוויי דרײַ טעג בלײַבן בא אונדז דאָ, אונטערפילעוון זיך אביסעלע, נעמען אף זיך לײַב, נישקאָשע, א געזונדל, אז מען שטאָפּט, גיט עס דיר שמאלצ. אָט האָסטו צוויי טײַמים, צוויי מאקעס דיר! און דער דריטער טאם טרעפט אי־בער אלע אנדערע — א דריטע מאקע דיר א גרויסע דערפאר, וואָס דו האָסט א קאצנקעפּל און פארגעסן, וואָס נאכמען טרײַטל שרײַבט אין דעם בריוול. נאכמען־טרײַטל בעט שיינע סכוירע, אז ער וועט איינגיכן קומען — זאָל בא מיר דאָ זײַן גרייט פארטיק, עס זאָל נישט פעלן נישט מער ווי אָנצוקוקן זיך און שרײַבן טנאָים, קעדיי ער זאָל דאָ נישט לאנג פארזוימען און באלד טאקע קענען מיט דער קאלע, מישטיינסגעזאָגט, אוועקפאָרן אהינצו, וווהין ער פאָרט אלע יאָר מיט דער סכוירע זײַנער און פארדינט א שטיק געלד. דו ווייסט דאָך, אז נאכמען־טרײַטל באצאָלט טאָמיד שאדכאָנעס־געלט מיט דער פולער האנט. איבער אלע אכסאניעס האָב איך זיך געדרייט, געזוכט, טאָמער איז ער געקומען. מאָרגן זאָלסטו גיין זוכן אים, שמעקן, ווי א הונט. אצינד פארשטייסטו שוין, בעהיימע?

— וואָש־זשע איז אזוינש נישט צו פארשטיין? זאָגט מען עש פריִער ארויש בעפּיירעש און סא — שא — לאָזט אויס מענדיע מיט א לאנגן פּײַפ.

— אצינד, שמענדריק, מעגסטו שוין א מיסע־מעשונע אײַנעמען, די קאפּאָרע ווערן פאר קאָל יעסראָעל... אופגעוועקט! — מאכט האָדל, פארקרימענדיק זיך אף דעם מאן שטארק בייז, און לויפט צו באלד טאקע צו ביילען אינגאנצן ווי איבערגעביטן געוואָרן, מיט א פריילעך־שײַנענדיק פּענעמל און א זיס שמייכעלע אף די ליפּעלעך.

— א גוטער אופשטאנד אף דיר, ביילעניו! האָסט, אָן איינאָרע, זיך גוט אויסגעשלאָפן? גו געצוג געשלאָפן. צײַט עסן, מענדיע! — טוט האָדל א זאָג צום מאן, עפּעס אזוי פרײַנטלעך, גוט, גאָר מעכײַע — גיי, מענדיע לעב, רוף ארײַן די קינדערלעך. זײַ א באלעבאָס, מענדעניו, מאך דעם הערינג, שנײַד אָן ברויט, און איך וועל מיר דערווײַל אף א קליין רעגעלע א גיי טון צום טעפּל, עס זאָל נישט צוגעברענט ווערן, דו קענסט נאָך מיר, כאס־וועשאָלעם, געבן געט אָן קסובע...

האָדל האָט באם טיש ביילען אונטערגעטריבן אלץ: „לאָז זיך נישט בעטן, עס, לאָז דיר וויל באקומען!“, מאכן איר גרויסע האָפענונגען, אז אָט באלד וועט זי מיט דעם אייבערשטנס הילף אופגעריכט ווערן, זיך אין א שמאלצ־גרוב ארײַנכאפּן, אף א גוט אָרט, נישקאָשע.

אף דעם סמאך האָט ביילע באם טיש זיך וויל געטאָן און זיך געלייגט שלאָפן מיט א גרינג געמיט.

---

# I

א צען ווערסטלעך פונעם שטעטל ק... אין דער ליטע ערגעץ, געפינט זיך א מין קליין דערפל עפעס, ארומגערינגלט מיט גרויסע וועלדער, צווישן וועלכע עס פלייצט א היפשער, א שיינער טײַך, וואָס נעבן אים שטייט א מיל, און דעריבער הייסט דאָס דערפל מלינצע. אף איין זײַט טײַך קוקן ארויס פון צווישן גרינוואַרג און ביימער א דרײַ קליינע הײַזלעך פאר דרײַ פויערשע פאמיליעס, די איינציקע אײַנוווינער דאָרט, און אף דער אנדערער זײַט טײַך שטייט הארט נעבן וואלד איין איינציקע שטוב פון קײַלעכדידע בערווענעס מיט קליינע פענצטער און א הויכן אלטן דאך. דאָרט זיצט כאָנע מלינצער מיט זײַן הויזגעזינד, דער ארענדאר פון דער מיל, וואָס די כאַזאָקע אף דער ארענדע גייט איבער אין זײַן מישפּאָכע פון טאטעס צו קינדער. אינגאנצן זעט מלינצע אויס, ווי א נעסט, וואָס ליגט פארבאָרגן אין א ווינקל, אָפּגעריסן פון דער וועלט, ווײַט פון מענטשן און פונעם טראקט, נאָר קליינע, שמאָלע וועגלעך שלענגלען זיך דורך דעם וואלד, דורך טאָלן און בערגלעך און פירן צו דערפער, וואָס ליגן צעזייט ארום און ארום. און ווען מענטשן זענען דאָ זעלטן, עס ראשט ניט, עס קאָכט ניט ווי אין די שטעט, דערפאר שווירבלט און גריבלט דאָ אין די וועלדער, אין די זומפּן און פעלדער אלערליי קוילעס: א געזאנג פון פייגל, א קראקען, א קוואָקען, א שמוצערן, א גרילצן — זומער, א וואָיען, א הײַלן פון הונגעריקע וועלף — ווינטער, און אמאָל א ברומען פון א פארבלאָנדזשעטן בער אויך — און אין דעם דאָזיקן קאָנצערט פארטראָגט זיך א רוישן פונעם וואסער באַם אראָפּפאלן אף די רעדער, א קלאַפּן, א מאָלן פון דער מיל.

ס'איז אכרען שעל פּייסעך — א שיינער, א ווארעמער וועסנע-טאָג. די גילדענע זון האָט באַם אופגיין צעריסן, צעטריבן די גרויסע וואָלקנס אין דער לופט און מיט איר ליכטיק פּאָנעם אראָפּגעקוקט פונעם בלויען הימל מילד, פרײַנטלעך אף דער ערד. גאָטס באַשעפעניש, אלע פון גרויס ביז קליין, האָבן, אופכאפנדיק זיך פונעם ווינטער-שלאָף, לעבעדיק, פריילעך זיך גענומען איטלעכער צו זײַן זאך. פריש-געלע בלומען שטעקן ארויס די קעפּלעך פון צווישן יונגן גראָז, קוקן ארויס און מאכן כיין. ווערבעס באַם טײַך כאַפּן זיך אָנטון זייער נײַ-גרינע זופּיצע, שפּיגלענדיק זיך אין דער וואסער, ריין, קלאָר ווי זילבער. פון די ווײַטע ווארעמע לענדער, דאָרט אין דער פרעמד, קומען אויפעס טשאַטעסווײַז צוריק אהער אין זייער רו ארײַן. ווילדע גענדז פליעסקען זיך ערגעץ צווישן ווייספּעס דאָ אין טײַך. ווילדע קאטשקעס דרייען זיך ארום דעם טשערעט, ארויס, ארײַן מיט א געהילך, א געסווישטש. שוועלבעלעך פלאטערן, שוועבן אהין, אהער אין דער לופט, שטארק פארטראָגן אין דעם בויען, פאריכטן נײַע און אלטע נעסטער. באָרעכאבאָ, דאָס אלטע באַקאנטע פּאָרפאָלק בושלעס איז אויך לעמאזל דאָ אין א גוטער שאָ. זי, די בושעליכע, שטייט אף איין פוס, דאָס קעפּל אין דער זײַט, שטייט, באַטראכט איר אלטע נעסט אויבן אפן שפּיץ בוים, און ער, אף די לאנגע שטאָלצן, שפּאצירט זיך האָפערדיק אף דעם זומפּ דאָרט, צוקוקנדיק זיך צו א קאלוזשע, ווו עס שפּרינגען, קוואקען זשאַבעס, און פּלוצים פּיק-פּיק, א כאַפּ אין דעם רויטן ווײַטן פּיסק ארײַן... ס'איז א לעבן, א פרייד, א פליִעניש, א זשוזשעניש, א געזינגערײַ, א געסווישטשערײַ אומעטום.

ס'איז יאָנטעוו, ס'איז וועסנע-צײַט!...

דאָס גאנצע הויזגעזינד דעם ארענדארס איז אצינד אינדרויסן, כאָנע זיצט צעשפּיליעט אף דער באַנק נעבן דער שטוב, קוקט אף גאָטס שיינע וועלטל און גענעצט... ער האָט, נישט אויס-

גערעדט זאָל עס זײַן, באַלד נאָך מיטעק געכאַפּט א דרעמל. די עלטערע קינדער ארום אים שטייען און שמועסן טאָג־זאכן: וועגן א גרעבליע, וואָס עס האָט ערגעץ נישט ווײַט פונדאנען אָפּגעריסן, וועגן דעם פאָרן אהין אין שטעטל מאָרגן פרי אײַנצוקויפן דאָרט פאר דעם פאָרעץ און אויך פאר זיך נייטיקע זאכן; וועגן דער שקאפע, א זקיינע פון א יאָר דרײַסיק, בלינדלעך אביסל, וואָס ליגט, מעכילע, צעלייגט אפן גרינעם גראָז אנטקעגן, קויקלט זיך און גלײַכט זיך אויס די אלטע קראנקע ביינער, אוכדוימע נאָך אזעלכע וויכטיקע זאכן אין דער באַלעבאטישקײַט. די ייִנגערע לויפן ארום פרײַ און זענען שטארק באשעפטיקט: א טייל שטייען אפן בריקל נעבן דער מיל, קוקן ווי דאָס וואסער לויפט דורך די אָפענע זאסטאווקעס, פאלט אין איין גוס, ווי איין שטיק גלאָז, אראָפּ טיף אונטן מיט אימפעט, מיט גערויש, און צעשפּרינגט אין טויזנטער קליינע שפּריצלעך, שפּילנ־דיק אנטקעגן דער זון אין אלערליי קאָלירן, ווי בריליאנטן. ווידער א טייל שטעלן אונטער שיסעלעך נעבן בערעזע־ביימער, פון וועלכע עס רינט, דורך א געמאכט שפּעלטל אין זיי, א געשמאקער קלאָרער זאפט. אלע זענען פריילעך, זעען אויס יאָנטעוודיק; צוציק, דער הונט, א דיקבײַכיקער מיט קורצע פיס און שווארצע פלעקן אף דער שמוציקער ווײַסער פעל, אים פרייט זיך אויך דאָס הארצ, פילט אויך, אז הײַנט איז יאָנטעוו. ער האָט הײַנט, נישקאָשע, געכאַפּט שיראַיִם אונטער דעם טיש, אָפּגעלעקט א ביינ. ער פארײַסט דעם וויידל, טאנצט, שפּרינגט מעשוגענערווײַז אהער, אהין, אונטערפּישטשענדיק עפּעס אף א מין מעשונע הינטיש קאָל.

אף א פרײַ־גרינעם פלאצ אין וואלד, הינטער דער שטוב זיצט אף א שטיק קלאָצ פון א גרויסער אומגעפאלענער סאָסנע כאָנע מלינעצערס ווײַב, א שיינע באטאָגטע ייִדענע איניינעם מיט איר טאָכטער, א ווײַבל פון עטלעכע און צוואנציק יאָר; אנטקעגן אפן גראָז זיצן אָנגעלענט צוויי קינ־דער אירע — א מיידל, א שיינהײַט, א בלאָנדינקע מיט געקרײַזלטע לאָקן פון א יאָר פופצן, און א ייִנגל אף א פאָר יאָר ייִנגער פון איר. ס'איז עפּעס גאָר ניט דער פּאָנעם, דאָס אויסזען, בא די דאָזיקע דאָ, ווי בא יענע דאָרט פאר דער שטוב. יענע און די זענען עפּעס ווי אנדערע מענטשן. יענע זענען אופגערוימט, יאָנטעוודיק, און די זענען פארומערט, פארזאָרגט, זיצן עפּעס ווי טישעבאָעוו צו די קינעס, די מאמע און די טאָכטערביידע זעען אויס שטארק צעטראָגן, ביידע האָבן אפן הארצ זייער פיל און שטיקן זיך מיט א וואָרט, איינע ווארט, די אנדערע זאָל אָנהייבן צו ריידן.

— נו לייע! — האָט לעסאָף נאָך א היפּשער צײַט שווײַגן די מאמע גלײַך ווי אין דער וועלט ארײַן א זאָג געטאָן — זענען מיר שוין, באָרעכאשעם, דעם יאָנטעוו אויך איבערגעקומען. נו, וואָס ווײַטער, לייע?

— ווײַטער איז צאָרעס, די אלטע צאָרעס. אזוי, אזוי... מאָרגן פאָר איך, מאמע.

— אז דו וועסט בלײַבן צוגאסט נאָך א פּאָר טעג, לייע, וואָס קען עס דיך ארן? — זאָגט די מאמע, און די אויגן פארלויפן איר מיט טרערן.

— איך קען נישט, איך קען נישט, — ענטפערט לייע, א מאך געבנדיק מיט דער האנט.

— זי קען נישט! — מאכט די מאמע, באוואשנדיק זיך מיט טרערן — ס'איז איר ביטער, שווער נעבן דער מאמע!...

— זעסט דאָך, מאמע, אז איך בין צו דיר געקומען.

— געקומען, זאָגט זי... יאָ, דו ביסט געקומען, א שיינעם דאנק דיר, נאָר... דער מאמעס הארצ פילט — פילט, אז דער טאָכטער איז שווער. זי זיצט דאָ, ווי אף שפּילקעס. זי שווײַגט, און די אויגן אירע ריידן, איטלעכער בליק איז א שטאָך, איטלעכע מינע איז פול מיט פארדראָס, ביטער ווי גאַל. גוואלד, איך האלט עס נישט אויס, עס שנײַדט מיר ביז אין דער זיבעטער ריפּ.

— מאמע!...

— ווי איז דער מאמע — וואָס האָט די וויסטע מאמע געקענט טון, בעסער מאכן? ס'איז מיר אויסגעקומען כאָטש לייגן זיך, סאָנעצײַען, און שטארבן, אויסגיין פאר הונגער און וואָס וואָלט געוואָרן פון די ברעקלעך קינדער?

— און הײַנט, וואָס וועט פון זיי הײַנט ווערן? — מאכט לייע, מיט א זיפץ פונעם הארצן.

— הײַנט? ווי די מײַסע איז, איידל איז א קאלע און דאָווידל...

— אן איבערביינדל, א בילמע איטלעכן אין די אויגן... און איידל, מישטיינסגעזאָגט, איז א קאלע! ס'איז נאָר א ווייטעק צו הערן... איידעלע, וואָס איז דיר?! — טוט זיך לייע א כאַפּ צו

דעם שוועסטערל, וואָס האָט פּלוצים זיך א קרים געטאָן און בלייך געוואָרן ווי א וואַנט — דיר איז נישט גוט, טוט ווײ? ווײַטער אין הארצן?...

— נישקאָשע, לייע, גאָרנישט. גלאַט אזוי זיך א שטאָך.

— גיי, נעשאָמע, — רופט זיך אָן די מאמע — גיי אין שטוב אַרײַן און לייג זיך צו. גיי, דאָ־ווידל, מיט איר און דעק זי דאָרט גוט אײַן מיט מײַן שאַל.

ביידע קינדער הייבן זיך אויף און גייען אוועק אומעטיק מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

— שיינע טאכלייסים! איידל איז א קאַלע... יאָ, נעבעך, א קאַלע, א וויסטע קאַלע! — זאָגט לייע באַטריבט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ — א יונגע רויז, ערשט אָנגעהויבן בליִען און שוין פאַרדאַרט...

— לייע, איך האַלט עס נישט אויס! א האַרץ האָב איך פול מיט מאַקעס און די שיטסט מיר נאָך זאַלץ אַף די ווונדן, גוואַלד, וואָס בין איך שולדיק, וואָס האָב איך געקאָנט טון? גוואַלד ראַכמאָנעס, האָב ראַכמאָנעס!

— נו, גענוג, גענוג, מאַמעניו!... קום בעסער זען, ווו איז ערגעץ שלוימע, וווהין ווערט ער עס אזוי אָפּט פאַרפאַלן?

— זאָל איך אזוי וויסן בייז... דעם הײַנטיקן ווינטער, וואָס ער איז דאָ בא מיר, האָט ער פאַרבראַכט אין לערנען, פלעגט אופשטיין פאַרטאָג לערנען געמאָרע פאַר זיך, און באַטאָג — מיט די קינדער. די מאַמע האָט נאָר אָנגעקוואָלן פון אזא זון. דאָס האַרץ האָט מיר זיך געפרייט, קוקנדיק אַף אים. די לעצטע ציַיט אָבער איז ער עפּעס ווי איבערגעביטן געוואָרן. די געמאָרע אין דער זײַט, טאָמיד פאַרטראַכט, שרײַבט, טענטלט, איך זאָל אזוי וויסן פון צאַר, וואָס ער טענטלט אזוינס, און זינט ס'איז וואַרעם געוואָרן, עס האָט אָנגעהויבן אומעטום צו וואַקסן, צו שפּראָצן, בלאָנקעט ער זיך איינער אַליינ אין וואַלד אַרום. אַלץ פאַרטראַכט, פאַרפלאַמט. טאָמער ווייסטו וואָס? איינ מיטל וואָלט געווען — כאַסענע האָבן, נאָר ער איז אָבער, אַפּאָנעם, א שלימאַזל...

— אינ וואָס, מאַמע, זעסטו עס אַרויס?

— ס'איז א ווייטעק צו זאָגן. דרײַ קאַלעס איינע נאָך דער אַנדערער האָט מען מיר גערעדט פאַר אים. איך בינ געפאָרן זיי אָנקוקן. און וואָס לאָזט זיך אויס? איינע איז א בלינדע אַף אַן אויג, די צווייטע מיט א צוגעפּלעטשטער נאָז און די דריטע הינקט אַף א פּיסל. דאָט מאָזל זײַנט איז שוין, אַפּאָנעם, אזוי... מיילע. כאַסענע מאַכן — נישט, וואָס דענ־זשע? ווײַטער אין די יעשי־וועס אַרײַן, זיצן און לערנען דאָרט, דערפון וויל ער נישט הערן, לאָז מיך צורו, זאָגט ער, מיט דײַנע יעשיוועס, מיט דײַנע טאכלייסים! גענוג געשוואַרצט דאָס פּאָנעם, געגעסן טעג, גענוג געקוועטשט די באַנק, געריבן זיך. רײַבן זיך ווײַטער דאָרט ביז איך וועל מיך אויסרײַבן און ווערן א שמאַ־טע — פע! גענוג אויסגעריבענע שמאַטעס בא אונדז אָן מיר אויך... דו הערסט א לאָשן אביסל פון א באָכער, א זיבעצניאָריקער באָכער! — שאַ, אָט גייט ער, אָט איז ער אַליין, טאָמער וואָלסט דו, ווי א שוועסטער, געפּרוווט מיט אים א רעד טון גלאַט אזוי זיך?

א באָכערל מיט שוואַרצע געקרײַזלטע האָר, א הויכן שטערן און ברענענדיקע אויגן ווײַזט זיך פונעם וואַלד, ער לייענט גייענדיק עפּעס א ביכל, שטאַרק פאַרטיפט אזוי, אז ער זעט נישט, וואָס אַרום אים.

— האַ, וואָס איז עפּעס אזוי פאַרטראַכט, שלוימע? — מאַכט די שוועסטער מיט א שמײכעלע, אָפּשטעלנדיק אים אַפן וועג.

— א — א, לייע! — טוט זיך שלוימע א כאַפּ און באַלד טאַקע קוקט ער אַרײַן ווײַטער אין ביכל.

— עפּעס ביסטו העט־העט דאָרט, גאָר ניט אַף דעם אוילעם — זאָגט לייע, אַרופלייגנדיק די האַנט אַפן ביכל — וואָס איז, איך בעט דיך, דאָרט אזוינס?

— דאָרט איז נישט, וואָס דאָ, — ענטפערט שלוימע, אָנקוקנדיק די שוועסטער — דאָ איז צאָרעס.

— אויס יאָנטעוו, שלוימע! — רופט זיך אָן לייע, און אין די אויגן שטעלן זיך איר טרערן — מאָרגן פאַר איך; דאָס, וואָס איז דאָ צו ריידן, לאָמיר ריידן הײַנט. קום.

די מאַמע גייט אונטער אַן אויסריידֿ אַוועק אין שטוב אַרײַן, איבערלאָזנדיק די קינדער אַליין, און זיי, דער ברודער מיט דער שוועסטער, שפּאַצירן אַרום, אַהין — אַהער, ביידע אַרײַנגעטאָן אין א ווײַטן, א ברייטן שמועס, און, ווי עס זעט אויס, גאָר ניט אין קיין פרייליכן שמועס.

דערוווייל פאַלט צו די נאַכט. שטילער, שטילער ווערט דאָס געררויש, דעס געווימל ארום און ארום. איינס נאָך דאָס אנדערע צינדן זיך אָן שטערנדלעך אין הימל. וואַלד און פעלד שווייַגט, אַלצדינג דאָרט רוט. עס גליט זיי, פאַרוויגט זיי דאָס מילדע ווארעמע וועסנע־ווינטל. דער סאָלאָ־וויי זינגט זיי א שיין לידל, זשאבעס קוואַקען, דערציילן זייערע אַלטע מייַסעס — און גאָטס באַ־שעפעניש שלאָפן. עס שלאָפט אונטער דעם שאָטן פון ביימער און טשערעט אויך דער טייַך, איבערגעדעקט מיט א טומאַן. שאַ שטיל, נאָר וואָס א מאָל טוט זיך א וואָרף פון אונטן א פיש און דערלאַנגט אים א פּאַטש.

באַ כאָנע מלינינצער אנטקעגן איז דאָס גאַנצע הויזגעזינד אַציַנד אויף — מע פּאַטערט ארויס דעם פּייסעך פון שטוב, און דאָס ארויספּאַטערן אים, האָק און פּאַק מיט אַלע זייַנע קיילים, מאַכט אָן אף דעם ייִדנס נעשאָמע א מאָרעשכוירע. אָך, רעבוינעשעלוילעם, וויפל כיין עס ליגט אין דעם פּייסעכדיקן פּאַרעווונ טאָפּ, אין דעם גרויסן בייַכיקן בייַטל, אין די מאַקערטעס, פלעש־לעך און גלעזלעך! דאָס אייגענע גלעזל, וואָס אַלע נעכט פון א גאַנץ יאָר איז אזעלכס פּראָסט א קעלישעקל, האַלייַלע האזע, די נאַכט פון פּייסעך איז א קאָס... עס שייַנט, עס רעדט עפּעס ווערטער. עס דערמאַנט אמאָל אויך אין אַלטע צייַטן, וועלכע עס האָט איבערגעלעבט, און עס הערט זיך א גרוס אייניקלעך פון זיידעס, באָבעס... דער איבערגאַנג פון יאָנטעוו צו וואָך לאָזט זיך איבערהויפּט שווער פילן דעם ייִדן, נאָר שווערער נאָך איז אים אפּן געמיט באַם געזעגענען זיך מיט דעם פּייסעך — אויס פּאַרעץ, ווייַטער א יאָך!...

מאָרגן גאַנצפרי האָט פון מלינינצע זיך געלאָזט א וואָגן, וועלכן עס האָט געשלעפּט מיט איר קאָוועד אַליין די אַלטע שקאַפּע, וואָס איז געלעגן נעכטן צעלייגט, מעכילע, קויקלענדיק זיך פראַנק און פרייַ אפּן גרינעם גראָז. אויבן אין וואָגן אף פּעקלעך זאַכן מיט א גרויסער קישן זיצט לייע. איינער פון כאָנעס זין זיצט אף דער קעלניע, מיט א בייַטשל אין דער האַנט, גלאָט אזוי זיך, פון יויצע וועגן, נישט צו באַליידיקן דערמיט, כאָלילע, די זקיינע, נעבעך, וואָס איז קימאַט צוויי מאָל עלטער פון אים און האָט נאָך דעם זיידן זייַנעם, אָלעוו־האשאָלעם, געפּירט. זי גייט זיך איר וועג געלאַסן, העצקענדיק זיך שיין, פייַן, ווי איר שטייט אָן, און צוציק דער הונט לאָזט, ווי א טרייַער געזעלן, זי נישט אָפּ; דאָ דרייט ער זיך איר אנטקעגן, פלאָנטערט זיך איר צווישן די פיס; דאָ העגגט ער זיך איר אפּן האַלדז, אונטערשפּרינגענדיק און אָנהאווקענדיק איר פּולע אויערן; דערנאָך טוט ער זיך העגדעם־פּענדעם א יאָג, פאַרלויפט איר דעם וועג העט־ווייַט און שטעלט זיך ווארטן אף איר דאָרט, ארויסשטעקנדיק א צונג און מאַכנדיק מיט די זייַטן. שפּילנדיק און העצקענדיק זיך אזוי, איז דער וואָגן אין א פּאָר שאָ ארום אריינגעפּאָרן אין ק... גלייַך אפּן מאַרק.

## II

צווישן דעם רינג הייַזער אפּן מאַרק, דער שענסטער פּלאַץ אין דעם שטעטל ק..., שטייט א הילצערנע שטוב מיט א גאַניקל, קימאַט איינ פּאסאָן, איינ געשטאַלט מיט די אַלע אנדערע הייַזער דאָרט, נישט מער, וואָס זי איז אָפּגעטינקעוועט, ווייַס אָפּגעשמירט אף דער גאַס ארויס. דאָס קליינ־שטעטלדיקע, אַלטפּרענקישע לעבן איבערהויפּט און דאָס געבייַ פון די הייַזער איז, קען מען זאָגן, ווי דאָס לעבן און דאָס בויען נעסטן באַ פייגל, פּראָסט איינ שטייגער, איינ שניט פאַר אַלע גלייַך. עס וועט געגוג זייַן, פון א זייכער וועגן, אָפּצומאָלן איינ הויז פונעם רינג הייַזער אין שטעטל ק... לעמאַן יעידו דוירויסייכעם...

לאָזן קינדס־קינדער וויסן, אין וועלכע הייַזער די זיידעס זענען געזעסן און האָבן אָפּגע־לעבט זייערע יאָרן אינייינעם מיט קינדער, קליינע און גרויסע און פּאָרפאָלקן אף קעסט!

באַם עפנענען די טיר קומט מען גלייַך פון דער גאַס אריין, אזוי ווי מע שטייט און גייט, אין א כיידער, א גרויס, א לאַנגס, דער איקער דירע, וואָס הייסט אייגנטלעך שטוב. אין דער הינטערשטער וואַנט פון שטוב, אינעווייניק אנטקעגן דעם אריינגאַנג, פירט א טיר אין א פינצטער הויז, אָן פענצטער, אָן א באַלקן — אָן אָרט פאַר האָלץ אוכדוימע נייטיקע זאַכן אין דעם באַ־לעבאַטישקייַט און אמאָל איז עס אויך א שטאַל פאַר דער בעהיימע, בעשאַס די גרויסע פּרעסט ווינטער אָדער ווען זי איז קעלביק, אשטייגער, און קען, נעבעך, ניט נעכטיקן, ווי געוויינטלעך,



מענדעלע מוכר־ספרים אין דער יוגנט (1862).

אינדרויסנ. בא דער זײַט פונ דער דאָזיקער הינטער־טיר לינקס, שטייט א גרויסער אויוונ, אפ צו קאָכנ אונ באקנ, אונ אונטער דעמ פריפעטשיק איז דאָ אנ אָרט (א קאטוכ) פאר אויפעס, וואָס לייגנ דאָרט אייער אונ קוואָקענ, וואָס נעכטיקנ דאָרט באנאכט, קריכנ גאנצ פרי פונ דאָרט ארויס אונ שפאצירנ זיכ פרײַ אינ שטוב ארומ, פול אינ איטלעכס ווינקעלע, אפ טיש אונ אפ בענק. הארט לעבנ דעמ אויוונ שטייט א רובע פונ גרינע קאפלעס, א הויכע, א לאנגע מיט צוויי בענק: די פליישיקע אונ די מילכיקע באנק. אָט די בײדע אויוונס אונ א וואנטל מיט טירלעכ נאָכ זיי, וואָס ציִענ זיכ איבער דער גאנצער לענג שטוב, צעטיילנ זי אינ צוויי העלפטנ, איינ העלפט איז די הויפט־דירע, וועלכע איז דאָ באשריבנ, אונ די אנדערע באשטייט פונ אלקערלעכ פאר זיכ אונ פאר שכיינימ. אנטקעגנ דער רובע הענגט פונעמ סופיט אראָפ א ליימענע קוימענדל, עפעס ווי א מינ גלאָק מיט צוויי דראָטעלעכ־קייטעלעכ, איינס אנטקעגנ דאָס אנדערע, אונטנ באמ ראנד צו וועלכנ עס ווערט צוגעקייטלט עפעס א דינע אײַזערנע סקאָוואָראָדע (א לוטשניק), אפ וועלכער עס ווערט צעלייגט א פײַערל פונ דארע שפענדלעכ צו באלײַכטנ אלע אָוונט די שטוב כוצ פרײַטיק־צונאכטס, וואָס דענסטמאָל ווערט עס באלויכטנ פונ כיילעוודיקע בענטשליכט אינ מעשענע לײַכטער אפנ טיש אונ אינ דעמ זעקסרערנדיקנ קופערנעמ הענג־לײַכטער אויבנ מיט אנ אָדלער. דער דאָזיקער „לוטשניק" גיט, ווי די זונ, ליכט, ווארעמקײַט דעמ גאנצנ הויזגעזינד אונ טראָגט ארײַנ פריילעכקײַט, לעבנ אינ שטוב. ארומ אימ פארברענגט מענ די ווינטער־נאכט אינ געזעלשאפט מיט עפעס אנ ארבעט, אָדער גלאט אזוי זיכ א געשפרעכ. ווײַבער, היימישע אונ אמאָל אויכ איינע אָדער א פאָר נאָענטע שכיינעס אינדערמיט, זיצנ זיכ אפ דער פליישיקער, אפ דער מילכיקער באנק, פליקנ פעדערנ אונ באריידנ די וועלט. שאבעסצונאכטס ווערט צוגע־רוקט א טיש, מע לייענט פאָר פונ „סייפער האיאָשער", פונ גדולעס־יאָסעפ — אונ מע עסט גע־קאָכטע קארטאָפלעס. כאנוקע שפילנ די קינדער אינ דריידל, די עלטערע אינ קאָרטנ — אונ מע עסט לאטקעס. אינ גלאט אזוי א נאכט, ווענ מע פרעגלט שמאלצ, זיצט מענ אופגערוימט, דער־ציילנדיק מײַסעס — אונ מע עסט גריוונ.

אויכ לאָזנ די קינדס־קינדער וויסנ, אז אפ מעבל האָבנ די זיידעס זיכ שטארק נישט אויס־געבראכט. א זיידנס שטוב איז אויסגעשטעלט געוויינטלעכ אזוי: לאנגע הילצערנע בענק בא די ווענט, אויבנאָנ א לאנגער פירפיסיקער רויטגעפארבטער טיש, שווארצע אונ ווײַסע קעסטלעכ, איינס איבער דאָס אנדערע געהיפערט, אינדערמיט טיש — אפ צו שפילנ אינ דאמקעס. דאָרט אינ א ווינקל פונ דער העלפט וואנט ביז צו דער סטעליע שטייט פעסט אײַנגעפאסט א ווינקל־שאפקעלע מיט געגלייזטע טירלעכ, פונ וועלכע עס קוקנ ארויס א בעכער מיט קידעש־גלעזלעכ, א האָדעסל פונ דראָט־ארבעט, א כאנוקע־לעמפל, א פושקעלע פאר דעמ עסרעג סוקעס, א מייער־קעפל אפ כידושימ, א טאצ מיט שעלעכלעכ אפ אײַנגעמאכטס, טאָמבעקאָווע אונ ווארשעווער זילבערנע לעפל. גאנצ הויכ אפ דער וואנט הענגט א שפיגל, אינ וועלכנ ס'איז נישט מעגלעכ זיכ אָנצוקוקנ ביז מע שטעלט זיכ נישט אפ א בענקל, אונ נאָכ אלע מי זעט מענ אינ אימ אויס גרינ אונ געל מיט געשוואָלענע באקנ פונ ציינווייטעק. ס'איז זיכ גלאט אזוי א שפיגל פונ שיינ־קײַט וועגנ, נישט, כאָלילע, צומ שפיגלענ זיכ, פע!.. דערפאר, אז מע איז שוינ ארופ אפנ בענקל, זעט מענ כאָטש דאָס געמעל אפ די פאָרטרעטלעכ, וואָס הענגענ אימ בא די זײַטנ: עפעס א ייִד א גאָענ אינ טאלעס אונ טפילנ, א מינ יענעראל אפ א פערד, האלב צעביסנ פונ פליגנ, אויכ א מיזרעכ מיט צאצקעלעכ אונ מעשונע ווילדע כײַעס, וואָס זײַנענ נאכ לעסאטע אינ אונ־דזערע לענדער נישטאָ.

עכ, לאָזנ קינדס־קינדער וויסנ, אז א זיידנס שטוב אינ דעמ שטעטל ק... איז מעסוגל צו אלע מינימ באדערפעניש אינ דעמ מענטשנס לעבנ. אכוצ וואָס זי דינט פאר א קיכ, פאר אנ עסצימער, אויכ פאר א שלאָפצימער, ווו מע שלאָפט אפ צונויפגערוקטע בענק בא די ווענט אונ בא די אויוונס, איז נאָכ אינ איר געוויינטלעכ דאָ א שענקל אויכ. א גאנצע וואָכ, פאר דעמ ביסל שטאָט־גויימ, דאלפאָנימ, איז דאָ נאָר בראָנפנ אונ בייגל, בעשאס די יארידימ אָבער, אינ די מארק־טעג, איז שוינ אויסגעשטעלט פונ פויגל־מילכ: געקאָכטע אייער, שטיקלעכ לעבער, הערינג אונ פיש מיט דרילעס אויכ. ווינטער, בעשאס די קאָליאדעס זייערע פארקלײַבנ זיכ אהער אלע אָוונט אויסגעפוצטע שיקסעס מיט באָכערימ־שקאָצימ א פולע שטוב, אזוי איז שוינ פונ אייביק אָנ געשטעלט. זיי זיצנ, קנאקנ ניס, בלאָזנ זיכ, לאכנ, פלוידערנ, זינגענ, שטיפנ אונ פארז׳צנ זיכ

שפעט, ביז מע שפריצט זיי אָפּ מיט וואסער און מע שטופּט זיי ארויס — אזוי איז אויך שוין פון אייביק אָן געשטעלט. און ווען די שטוב טויג פאר א טעאטער, א פשיטע שוין טויג זי פאר א קאזארמע. קיין בעסער אָרט אפּ צו מושטירן סאָלדאטן, ווי אין דעם ייִדנס שטוב ווינטער אין די אָוונטן איז גאָר נישטאָ: ס'איז ווארעם, ס'איז ליכטיק, מע זעט ווי צו געבן — א פאטש...

אָט אזא מין שטוב איז אויך יענע אָפּגעטינקעוועטע צווישן דעם רינג הײַזער, וואָס האָט אָנגעהערט צו רעב כאיִמען — א שיינער געהויבענער באַלעבאָס, א פארנעם אין דעם שטעטל.

צו זײַן א שיינער יוסטער באַלעבאָס איז אין ק... גענוג געווען צו האָבן א שטוב, א קו און עפּעס א שטיקל פארנאָסע דערצו, אָבער צו זײַן א פארנעם, געאכט, געליבט איז קארג א רײַכקײַט, אפילע אסאך א גרעסערע דערפון. אין דער ליטע אמאָל — הײַנט, עפשער, שוין נישט אזוי — האָט מען געלייגט קאָוועד נישט אזוי אפּ געלט, ווי אפּ טוירע. א גראָבער יונג א רײַכער — בלײַבט נאָך אלע זאכן פּאָרט טאקע א גראָבער יונג, ווי דעם אוילעמס ווערטל טאקע: פון א כאזערשן עקל קען מען קיין שטרײַמל נישט מאכן. שפּרינגענע אויבנאָן, זאָגן דייעס — דאָס ליגט שוין אזעלכן און זײַן גלײַכן בעטעווע, זינט די וועלט איז באשאפן געוואָרן. מע מוז נאָך עפשער אמאָל צוזען אזוינס, הערן און שווײַגן. נאָר נעמען אנידערזעצן אזעלכע אויבנאָן און קוקן זיי אין מויל ארײַן מיטן גוטן ווילן, ליב האָבן זיי בעעמעס פונעם הארצן — אָ, ניין, זויכע זײַן דערצו באדארפּ מען זײַן א לאַמדן, גוט און פרום, האָבן זכוס־אָוועס. ייִכעס איז נישט דער בײַטל, נאָר דער קאָפּ, דאָס הארץ. אָט אזוי איז אין דער ליטע איבערהויפּט, ביפראט נאָך אין דעם שטעטל ק... אן אָרט פון טוירע פון אייביקע יאָרן, ווו דער בעסמעדרעש, דער קלויז איז פול מיט באַלעבאטים און באַלעבעסלעך, וואָס זיצן און לערנען, אויך מיט יעשיווע־באָכערים, פּרושים פון דער פרעמד, וואָס פארלאָזן ווײַב און קינד, קנייטשן די געמאָרע און עסן טעג; ווו אלע פארנאכט, ביין מינכע לעמײַרעוו, פארקלײַבן זיך ארום באזונדערע טישן באַלמעלאָכעס און נאָך אנדערע פונעם אוילעם צו הערן א גוט וואָרט פון די פּאָרזאָגער דאָרט — בא איין טיש „מעדרש", באם צווייטן „איין יאנקעוו", באם דריטן „פּאָסעק", באם פערטן „כויוואס האַלוואָוועס" אוכדוימע אזעלכע כקירע־און מוסער־ספאָרים; ווו שאבעס און יאָנטעוו ווערט פונעם באַלעמער, נעבן דעם אָרנקוידעש, געזאָגט פלאמענדיקע דראָשעס, וואָס צינדן אָן דאָס הארץ פון די קנעסעס־ייִסראָעל מיט הייליקער ליבע צו דער שכינע, וואָס זענען געווירצט מיט טרייסטווערטער פון די נעווי͏ִים, מיט מעשאָלים, קלוגע, שארפע גלײַכווערטלעך פון די כאכאָמים, מיט א קאָל, מיט א ניגן, וואָס דערקוויקט, צעגייט זיך אין אלע אייווורים; אין אזא שטעטל, אז מע איז זויכע צו זײַן א פארנעם, מיסטאמע איז עס ניט אומזיסט, מיסטאמע איז מען גוט, פרום און געלערנט, מיט אלע מײַלעס.

און רעב כאיִם האָט די אלע מײַלעס אין זיך געהאט. מע קאָן זיכער זאָגן, ווען רעב כאיִמס „פאָנדיש", זײַן גאנצע פארמעגן בא זיך אין שטעטל וואָלט ערגעץ אנדערש זיך אָנגעזען ווי גאָרנישט, אנטקעגן־זשע וואָלט דער אייגענער רעב כאיִם מיט זײַנע מײַלעס אין א גרויסער שטאָט געוואקסן, געווען פיל מאָל גרעסער, נאָך געהויבענער.

נאָך אין די רעכטע יונגע יאָרן, ווען אנדערע, ניט קיין ייִדישע קינדער, טראכטן ערשט כאסענע האָבן, איז שוין רעב כאיִם געוואָרן א זיידע און סאָרע זײַן ווײַב א באָבע לעמאַזל. לויט דעם כעזשבן יאָרן גערעכנט צוריק פונעם זיבעטן קינד לעסאטע ביז דעם עלצטן זון — שוין א טאטע, אפּ קעסט נאָך דערווײַל, האָט רעב כאיִם כאסענע געהאט, אפּאָנעם, זייער פרי, קימאט נאָך גאָר א קינד. עס האָט געהייסן, ווי סאָרע פלעגט ליב האָבן אָפּט צו דערציילן, אז זי איז נאָך געווען א קליינע מיידעלע און ער, דער מאן, א קליינע ייִנגעלע, האָט מען זיי פלוצים אָפּגעשטעלט א כופּע אין דער בעהאָלע, נישט הײַנט געדאכט. נאָר ווען בעהאָלע, וואָס בעהאָלע? — דאָס מאכט א ייִדן נישט אויס, אזעלכע אָדער אזעלכע — אלצייגס! ווער קען זיך זיי אלע אָנגעדענקען?! מעגלעך, אז דאָס איז געשען בעשאס דער גזיירע, מע זאָל נעמען ייִדישע קינדער פאר רעקרוטן. דענסטמאָל האָבן ייִדן זיך געקליגט אין כאפּעניש, אין אײַלעניש אָפּצושטעלן כופּעס ברעקלעך קינדער, גאנצע סייכלדיק אזוי: וויבאלד, אז דו, שנעק איינער, קענסט זײַן א זעלנער, קענסטו דאָך זײַן א באַלעבאָס אוואדע!..

רעב כאיִם איז געווען, ווי מע זאָגט, אי צו גאָט, אי צו לײַט. זײַן צײַט איז געווען אָפּגעגעבן צו דער פארנאָסע, צו טוירע און אויך צו שטאָטישע זאכן. יאָרנלאנג אוועקגעוועזן א

קאַזיאָנער ראָוו דאָרט, נישט באַלוינט צו ווערן דערפאַר. פלעגט אויך זאָגן אומזיסט א שיִער געמאָרע מיט פּאָסקים פאַר יונגעלייַט. זייַן הויז איז געווען טאָמיד פול, דער אריַין, יענער ארויס. קיין זאך האָט זיך נישט געטאָן אָן אים. ווו ערגעץ א שפּארעניש, א לאָדעניש, איז ער געווען דער פארמיטלער. בעשאס עפּעס א נויט אין קלאל־זאכן פלעגט מען אָנקומען צו זייַנס אן אייצע און וועגן אלצדינג מיט אים זיך מעיאשעוו זייַן.

נאָר צו וואָס א יאַם בריַיען? איין סצענע דאָ, לעמאָשל, וועט זאָגן בעסער פון אלע ווערטער. שא!..

## III

ס'איז ווינטער. שאבעסצונאכט, נאָך האַוודאָלע. אפן „לוטשניק" אונטערן קוימענדל ברענט פריילעך א פייַערל, וואָס פון צייַט צו צייַט ווערט עס אונטערגעהאלטן מיט דינע טרוקענע שפּענדלעך. דעם פייַערל אנטקעגן, בא א טיש צוגערוקט צו דער וואַרעמער רובע, זיצט דאָס הויזגעזינד. א שכיינע פון דער צווייטער שטוב, פול מיט נייַס, ווי א פּויק, איז אויך דאָ, מע וואַרפט זיך איבער מיט א וואָרט און מע פליקט פעדערן, דערבייַ טאקע לייענט איינער פון די קינדער פאָר די מייַסע פון יויסעפ האצאדיק מיט די ברידער אפ איוורע־טייַטש. מע האָט האַנאָע, מע וואונדערט זיך אפ דער גוורע פון יעהודע — פון זייַנס א געשריי ווערט שיר נישט א טעל פון גאנצ מיצראַיִם; די קאצ זיצט צושארנדיק זיך צום אויוון, לעקט א לאַפּקעלע, מאכט מיט די אויערלעך און האָט, ווי עס זעט אויס, אויך האַנאָע. אין אויוון הייצט זיך, עס קאָכט זיך וועטשערע, נאָר, קוידעמקאָל, זידט דאָרט א טעפּל קארטאָפלעס אפ איבערצוכאפּן דערווייַל. רעב כאַיִם גייט הין און צוריק איבער דער שטוב, נאָך אין דער שאבעסדיקער קאפּאָטע און זינגט זיך „עליאָהו־האַנאָווי" מיט גרויס געפיל. און ווי ער לאָזט אויס דעם סאָף „בימהייראָ יאָווּוי אייליינו" — גיך און באלד קומט ער צו אונדז, עפנט זיך די טיר, און לייַטישע מענטשן פונעם שטעטל קומען אריַין — א גוטע־וואָך, א גוט־יאָר!

און דאָס פארשטייט זיך אליין, אז לייַטישע מענטשן גיבן איינער דעם אנדערן אָפּ קאָוועד באַם אריַינקומען, האלטנדיק א שאָ אָפן די טיר אפילע ווינטער, גאָר אומצוקומען דערווייַל אין שטוב פאר קעלט. אזוי אויך באַם זעצן זיך. ס'איז אוועק א היפּשע צייַט אין רוקעניש, אין ווינקעניש, אין בעטעניש, פּלאָנטענדיק זיך דערווייַל דער יענעם אונטער די פיס, ביז די לייַטישע מענטשן האָבן זיך לעסאָף אויסגעזעצט. סאָרע איז מעכאבעד די געסט גאָר פרייַנטלעך מיט טרינקען „שפּעציעס" — מינע קרייַטעכצער, וואָס א קאפּאָרע פאר זיי טיי — און מיט שטיקלעך קאנדלצוקער, וואָס א קאפּאָרע דערפאר הייַנטיקער צוקער... מע זיצט זיך, מע בלאָזט און מע טרינקט. איינער פארויכערט זיך די פּיפּקע — א פּאָרצעלייַענע ליולקעלע מיט א זילבערן דעקל און א לאַנגן געפלאָכטענעם ציבעק. א פּאָר הוסטן זיך אויס, טאַפּן זיך בא די נעז, בא די בערד און עס הייבט זיך אָן א שמועס. אהין־הער, דאָס אביסל, יענץ א ביסל, ביז מע קומט ארופּ לעסאָף אפ אזא שמועס!

— אָכ־כאָ־כאָ, די גזיירע פון די קליידער איז דאָך טאקע א מיִעסע זאך! — מאכן אלע מיט א זיפּצ — יִידן זאָלן זיך אָנטון דייַטש: א קארטוז מיט א דאשעק... ס'איז דאָך עפּעס מעשונע א שרעק! און גוואלד, צו וואָס, ריבוינעשעלוילעם, צו וואָס?! וואָס קען „זיי" דאָרט, ז יי, וואָס קען ארויסקומען דערפון, אז יִידן וועלן זיך שוין אָנטון דייַטש?... עס מוז דאָך עפּעס אלצ זייַן מיט א גאנג.

— מען שמועסט, דרינען שטעקט א שפּיצל — רופט זיך אָן מיט א קנייטשעלע יענער פון פּיפּקעלע, פארציִענדיק זיך שטארק און ארויסלאָזנדיק פונעם מויל רינגלעך רויך — וואקסן זאָל עס גאָר, וואקסן... פון וועמען מיינט איר? — פון מאָנטעפיורען!

— גאָט איז מיט אייַך, רעב בער! וואָס רעדט איר?

— אָט דאָס, וואָס איר הערט. אָבער רעב באָרעך הילעלס מעג מען גלייבן? ער קומט ערשט פון די יארידן און האָט דאָרט מיט זייַנע אייגענע אויערן...

— איך האָב עפּעס אזוינס געהערט — פאלט אריַין אין די רייד א רירעוודיקער צאפּלדיקער יִיד, פארבייַסנדיק א ליפּ — הא, וואָס, וואָס האָב איך געהערט?

— שלאָגט נישט איבער, רעב יאָסל — מאכט דער אוילעם — שא!... א נו, רעב בער.

— מע שמועסט, הייסט עס — הייבט אָן רעב בער געלאסן, פאמעלעך און קײַט איטלעכס וואָרט, ביז ער ברענגט עס ארויס פון מויל — אָט וואָס: אז מאָנטעפיורע האָט געזען ס'איז פע... איז ער געקומען מיט אזא פראָיעקט: אדוניני מיילעך, זאָגט ער, פארקויפ מיר דײַנע יידן, איך וועל געבן פאר זיי אזויפיל און אזויפיל מיליאָן.

— הונדערט טויזנט, האָב איך געהערט, הונדערט טויזנט מיליאָן! — פאלט רעב יאָסל ווײַטער אין די רייד ארײַן. געמיינט דערמיט ניט אזוי די סומע געלט, ווי ארויסצווייַזן דאָ דעם אוילעם, אז ער ווייסט אויך, וואָס ס'טוט זיך אפ דער וועלט, נישט ערגער פון אנדערע.

— מיילע, וואָס מאכט עס אויס, — טוט רעב בער א זאָג, פארדרייענדיק מיט דער נאָז, און דערציילט ווײַטער. — מאכטייסע! ענטפערט דער מאלכעס. בעקיצער, מען מאכט באלד טאקע א טקיעס-קאפ און מאָנטעפיורע גיט דערווײַל אן אדערופ.

— כאַליליע, הונדערט טויזנט מיליאָן באלד טאקע, באלד בימזומאָנים — צעשאָקלט זיך רעב יאָסל, ווי באם שפארן זיך מיט עמעצן איבער א שטיקל געמאָרע.

— אי, זײַט־זשע מויכל, רעב יאָסל, שא! — בעטן אים אלע מעכילע, ער זאָל שווײַגן.

— בעקיצער, ער גיט דערווײַל אן אדערופ — דערציילט רעב בער ווײַטער רויק, געלאסן, נישט מאכנדיק זיך אויס רעב יאָסלס רייד — וועהאמויסער איז ער זיך מיסכאיעוו סילעקן צום טערמינ באם נעמענ די סכוירע — די יידן, הייסט עס. דערמיט איז מען זיך צעגאנגען. זײַ־געזונט — פאָר־געזונט! נאָך אָנבײַסן גייט זיך דער מאלכעס, ווי דער שטייגער איז, אין סענאט און איז שטארק אופגערוימט. — אדוניני מיילעך, פרעגט אים דער מיניסטער, וואָס איז די מײַסע, וואָס דו ביסט הײַנט עפעס אזוי אופגערוימט? — אזוי און אזוי, ענטפערט דער מאלכעס מיט א שמייכעלע, געמאכט א געשעפטל, פאר אזויפיל פארקויפט הײַנט מײַנע יידעלעך. — אדוניני מיילעך! טוט זיך א כאפ דער מיניסטער זייער דערשראָקן, וואָס האָסטו געטאָן? ס'איז א מעקעך טאָעס!... און באלד טאקע פירט ער אים ארויס פון די קאָנטאָרסקע ביכער א קלאָרן כעזשבן, אז דאָס פראָ־צענט, וואָס אזא סכוירע — יידן, הייסט עס, טראָגט אין א געוויסע צײַט יאָרן אײַן, טרעפט העט־העט מיט א שמיצל אריבער דעם מעקעך פאר דער גאנצער סכוירע. — וואָס־זשע טוט מען? מאכט דער מיילעך, גערעדט איז דאָך גע־עדט — און פון מאלכעס א וואָרט איז דאָך א גזיירע. אדראבע, זאָג, האָסט דאָך א קאָפּ פון א מיניסטער, פאל עפעס אפ א סוואָרע. — אדוניני מיי־לעך! — רופט זיך דער מיניסטער אָן, נאָכדעם ווי ער האָט א ווײַלע געטראכט, — ס'איז דאָ אן אייצע. גיב ארויס א באפעל, אָבער טאקע באלד, יידן זאָלן זיך אָנטון דײַטש. — גראם־שטראם! — מאכט דער מאלכעס, — וואָס איז שײַעך דאָס דערמיט? — ס'איז רעכט! זאָגט דער מיניסטער האלב עפעס אפנ ווונק — וויבאלד דײַטש, איז דאָך שוין, פארשטייסטו מיך, גאָר עפעס אנדערש... מיט דיר איז דאָך גענוג אפנ ווונק. — א־א, סייכלדיק! גיט זיך דער מאלכעס א כאפ, דו ביסט ווערט פאר דער אייצע א גילדענעם מעדאל. — הערט־זשע ראבויסײַ, דעם שפיץ — מאכט רעב בער, נע־מענדיק זיך אויסרייניקן מיט א דרעטעלע דאָס פּיפּקעלע פונעם אש — אקוראט צום טערמינ קומט, מיסטאָמע, מאָנטעפיורע.

— ניינ, נישט אזוי, ער קומט נישט, ער לאָזט פריִער מעלדנ — קענ זיך רעב יאָסל נישט אײַנהאלטנ, צעשאָקלט זיך און פאלט ווידער ארײַנ אינ די רייד.

— שא, זײַט־זשע מויכל! האלט זיך אײַנ א ווײַלע און שלאָגט נישט איבער, רעב יאָסל! — בעט דער אוילעם, וואָס איז זייער ציקאווע צו הערנ דעם סאָפּ — נו, רעב בער, נו־נו.

— קומט ער, הייסט עס, — הייבט רעב בער אָנ ווײַטער דעם שמועס, ציִענדיק די ווערטער, ווי יענעמ אפצולאָכעס און שמאָכנדיק פאר האנאָע, — קומט ער, אזויווי איך זאָג אײַך דאָ, צום טערמינ און מאכט קעהײַ לישנע: אדוניני מיילעך! נא דאָס מויסער געלט און לאָמיך קעפּי האשליש־צעטל, נעמענ די סכוירע — יידנ, הייסט עס. — אָך! מאכט דער מאלכעס, מאכטייסע!... גיי דיר, זײַ מויכל, און ווו דו וועסט דערזענ א ייִדנ, נעמ דיר אימ, בעשיימ עלויהיי ייִסראָעל, די סכוירע דײַנע... מאָנטעפיורע לאָזט זיך לאנג נישט בעטנ און גייט. ער גייט אינ איינ שטאָט — נישטאָ! נאָך אינ א שטאָט — נישטאָ. בעקיצער, אינ בערדיטשעוו — אויך נישטאָ. קיינ סימנ אפילע נישט פונ א ייִדנ. אלע זענענ אָנגעטאָנ דײַטשנ — דײַטשנ.

— אָווא, אָווא! — מאכט דער אוילעם פארוווּנדערט — אזוי, זאָגט איר, אזוי שמועסט די וועלט!

— עס! — מאַכט רעב כאִים מיט א שמייכעלע — נישט טאָמיד איז עמעס, וואָס טראָגט זיכ ארום אינ דער וועלט. ס'מאַכט זיכ א מעמרע...

— אזוי צי אזוי, דערווײַל איז שאָפל — זאָגט דער אוילעם מיט א קרעכצ — די גזיירע איז דאָכ טאקע א גזיירע! מיילע די קאפּאָטע יאק קאפּאָטע, וועט מענ אינ איר מאכנ א האק, דער גוטער יאָר וועט זי נישט נעמענ מיט א האק פונ הינטנ אויכ, אָבער א קאַרטוז — ריבוינעשעלוילעם, א קאַרטוז!... רעב כאִים, פאלט עפּעס אפ אנ אייצע, הא, וואָס טראכט איר, רעב כאִים?

— איכ טראכט — ענטפערט רעב כאִים נאָכ עטלעכע מינוט שווײַגנ, רײַבנדיק זיכ דעם שטערנ — איכ טראכט, וואָס פאָרט האָבנ אינ א נויט די כאכאָמים מיט זייער כאָכמע נישט געמאכט. מע טאָר, אשטייגער, שאבעס ניט טראָגנ, נא צי איבער א שנירל אונ טראָג. מענ טאָר נישט נעמענ קיינ פּראָצענט, נא דיר העטער־איסקע אונ נעמ!

— ס'איז דאָ אנ אייצע, יִדישע קינדער! זאָגט מיר, ראבויסײַ, וואָס איז אזוינס קלאפּאָווע היטל (א כאָצע שאבעסל)?

— וואָס הייסט? — וווּנדערנ זיכ אלע אינ איינ קאָל — א יִדיש קלאפּאָווע היטל איז א קלאפּאָווע היטל, א וואָכעדיק היטל מיט קלאפּנ! פונ ביידע זײַטנ האָט עס אויפגעשטעלטע מיט קלאָטשע אָנגעשטאָפּטע קלאפּנ פונ רויוואַרג, גוט צוגענייט אונטנ, אויכ צום ווערכל אויבנ. ווער ווייסט עס דענ נישט א יִדיש קלאפּאָווע היטל?!

— מיילע — שמייכלט רעב כאִים מיט א קנייטשעלע — מאַ־ראַש? וועט יענצ שטיקל פאָרנט נישט צוגענייט זײַנ צום ווערכל, נאָר מיט דעם אונטערשטנ זײַנ אליינ, אזוי אז עס זאָל זיכ קענענ אָפּלייגנ: וויל מענ, איז דאָס, ווי הײַנט, א היטל, קאָשער, יִדישלעכ, וויל מענ, לייגט מענ עס אָפּ, קומט עס אויס א דאשעק, איז מענ יוצע לעכאָל האדייעס אונ פּאָטער. אונ וואָס קענ מענ צו א יִדנ מיט אזא היטל האָבנ? א דײַטש!...

— טאקע, ווו טוירע, דאָרט איז כאָכמע. מארעכ יאָמים וועשאָנים זאָלט איר, רעב כאִים, זײַנ! — זאָגט דער אוילעם גאנצ צופרידנ, אָנווינטשנדיק אים א פולנ קאָפּ.

דאָס דאָזיקע מינ היטל מיט דעם אָפּגעלייגטנ דאשעק איז דערנאָכ אָנגענומענ געוואָרנ בעכאָל טפוצעס יִסראָעל אונ גילט נאָכ אדײַעם בא אלע פרומע יִדנ דאָרט אונטער דעם נאָמענ „נאפּאָלעאָנקע”. די וועלט אָבער באדארפ וויסנ, אז נוילער איז דאָס היטל געוואָרנ אינ דעם שטעטל ק... אונ אינ דער היסטאָריע באדארפ עס שטיינ פארשריבנ אפ רעב כאִימס נאָמענ, דער ערשטער, וואָס האָט עס מאמצי געווענ. נאפּאָלעאָנ, מעגלעכ, האָט געטראָגנ פונ אזא פאסאָנ א היטל, גאנצ זיכער אָבער, מעג מענ שווערנ, אז רעב כאִים מיט נאפּאָלעאָנענ האָבנ זיכ קלאל נישט אָנגעקערט אונ קיינמאָל זײַנ היטל אפילע אינ די אויגנ נישט געזענ.

צו רעב כאִימענ פלעגט מענ אָנקומענ אויכ בעשאס, נישט דאָ געדאכט, עפּעס א קראַנקײַט. קיינ דאָקטער אינ שטעטל איז נישט געווענ, כוצ א רויפע, וואָס האָט מער נישט געוווּסט, ווי שלאָגנ צו דער אָדער, שטעלנ פּיאווקעס, באנקעס, אויכ גאָלנ אונ שערנ. וויבאלד עפּעס א שלאפקײַט, האָט זיכ געוויזנ דער רויפע מיט דעם גאנצנ קלאפּערגעציַיג אונ געארבעט אפ אלע קיילימ: צעקארדאשעט רוק אונ לענד, האלדז אונ געניק, צווינטשענדיק דערנאָכ עפּעס אפ דײַטשערעס „צו גענעזונג!” אונ אז די בראָכע זײַנע האָט נאָכ אלע מיטל נישט געהאָלפנ, דעם קראנקנ איז נאָכ געוואָרנ ערגער, פלעגט מענ קומענ מיט א געבעט צו רעב כאִימענ, ער זאָל מויכל זײַנ גיינ דעם כוילע „צו באטראכטנ” — אונ רעב כאִים, וואָס האָט ער געקענט טונ, איז געגאנגענ באטראכטנ. בא אוילעם איז אײַנגערעדט געווענ, אז רעב כאִים איז א מעטער, א גרויסער מייווינ אינ דאָקטאָריע. ער אליינ ווידער האָט זיכ געהאלטנ טאקע דרינענ פאר א שטיקל מייווינ. פונוואנענ האָט אזוינס צו אים זיכ גענומענ? דערופ איז דאָ א טאמ. רעב כאִים אלייג איז בעטעווע געווענ א שוואכער, שלאפער מענטש. כוצ דער יִדישער קראנקײַט „מערידנ”, א יערושע פונ די עלטערנ, האָבנ אימ אינ לעבנ נישט אויסגעלאָזט נאָכ אנדערע מינע ווייטעקנ: שטעכעניש אינ די קריזשעס, א שפּארעניש אונטערנ לעפעלע, קוועטשעניש, מאטקײַט אינ די גלידער, וואָס הײַנט הייסט עס עפּעס „נערוונ”, איבער וועלכע ער האָט אמאָל, בא א געלעגנהײַט, זיכ מעיאשעוו געווענ מיט גרויסע דאָקטוירימ ערגעצ, אונ צום גרעסטנ טייל אָבער זיכ נישט וויסנדיק געמאכט — עט, גאָרנישט, א מייכעש, עס וועט אזוי זיכ איבערגיינ. איינמאָל אָבער איז ער טאקע שטארק פארשלאפט געוואָרנ, באקומענ א היציקע קראנקײַט עפּעס, אזוי, אז מע האָט

צו אים עטלעכע מאָל אַראָפּגעבראַכט א גרויסן דאָקטער פון דער סוויווע, דאַכט זיך, דעם שלאָס־דאָקטער, וואָס באַם דוקעס אליין, און דאָס אויסגיין זיך זײַנס פון דער קראַנקײַט איז געווען באַשײַמפּערלעך א ווונדער, ווי פון טויט לעבעדיק. דאָס אַלצדינג האָט געמאַכט רעב כאַיִמען פאַר א גאָנצן, אים געגעבן דאָס רעכט א מייווין צו זײַן אַף קרענק, שוין נישט צו ריידן פון רעפוּע־ביכלעך פאַרן פאָלק, אין וועלכע ער פלעגט אַרײַנקוקן, פון אַלע רעצעפּטן, וואָס האָבן מיט דער צײַט בײַ אים זיך אָנגעקליבן. פרעגט נישט, זאָגט מען, דעם דאָקטער, פרעגט דעם קראַנקן, — און קראַנק איז דאָך רעב כאַיִמ אין זײַן לעבן פיל מאָל געווען. און בעעמעס טאַקע, פאַרוואָס זאָל דאָקטאָריע ערגער זײַן פון אַדוואָקאַטור, אַשטייגער? אין יענער שטאָט נישט ווײַט פון ק... איז דאָ א רעב אַרן, דאַפקע נישט אַזאַ לאַמדן, אין די שקאָלעס ערגעץ נישט געלערנט, פונדעסטוועגן גילט ער אין דער סוויווע פאַר א „זאַקאָנשטשיק" גאָר א מוירע! בײַ עפּעס א קרעצל, א מיִעסן אייסעק, ווענדעט מען זיך צו אים, נאָר טאַקע דערפאַר אַליין, וואָס ער, רעב אַרן, איז אין זײַן לעבן אין פיל טפיסעס איבערגעזעסן, פאַר בילבולים און גנייווּעס, פאַר פאַל־שע מסירעס אוכדוימע נאָך בילבולים אַזעלכע, באַהיט זאָל מען ווערן, און אים איז אויסגעקומען דורך דעם גוט באַקאַנט צו ווערן מיט „גאַטשאַלסטווע", ווייסט די אַלע גענג, וואָס מען האָט צו טון, וואָס צו שרײַבן, וואָס צו ריידן מיט אַלע דריידלעך, שפּיצלעך און אָפּשניצלעך.

רעב כאַיִמ אָבער איז געווען א דאָקטער נאָר צו געוויסע קרענק, פון וועלכע מע קאָן, כאָלי־לע, ליגן אָדער מע ליגט שוין טאַקע אין בעט, קיין קויעך נישט האָבנדיק זיך צו רירן. צו אַנ־דערע, גלאַט אַזוי זיך ווייטעקן, זענען שוין געווען אַנדערע אין שטעטל, וואָס האָבן געטויגט איטלעכער צו זײַן זאַך. אויגנווייטעק, אַשטייגער, דערוף, איז געווען א רעב פישל. ער האָט געהאַט בעסאָד עפּעס א וואַסערל, פון וועלכעס ער פלעגט געבן עטלעכע טראָפּנס אַף א ועפּוע אומזיסט, נאָר פון מיצווע וועגן. צו מאָגערקײַט, אויסדאַרעניש חאָט פּעטרוכע, די אַלטע גויע, געגעבן עפּעס מינע קרײַטעכער אַזוינע. צו דער ניכפּע, צו א מאַנקאָליע, א רוישן אין קאָפּ — דערוף איז געווען א מײַסטער יאַש דער טאָסער. אַף אַן אייגהאָרע אָפּשפּרעכן, ציינווייטעק פאַר־ריידן, גיסן וואַקס, מיט אייער אויסקויקלען — דערצו איז געווען א בעריע גיטל די זאָגערן. און צו קאַדאָכעס מאַיאָווע אָדער קאַדאָכעס רעוויִעס פלעגט זייער גוט העלפן דער מעלאַמעד ליפּע רוווּנס, וואָס איז בעעמעס געווען א גרײַלעכער מענטש, נישטאָ, האָט עס געהייסן, ווײַט אין דער וועלט צו זוכן זײַן גלײַכן.

## IV

ליפּע רוווּנס, א ייִד אין די מיטעלע יאָרן, איז איינער פון יענע מענטשן, אין וועלכע גאָט האָט אַרײַנגעלייגט אַלע גוטע מאַטאָנעס: גײַסט, האַרץ און געפילן, נאָר פאַרגעסן אָבער זיי צו געבן איין קלייניקײַט — מאַזל! באַם אַרויסגיין פון גאָטס הענט אַהער אַף דער וועלט האָט זיי דער רועך, ווי א קערנדל טווּע, פאַרטראָגן ערגעץ אין א העק, אין א וויסט אָרט, ווו עס איז נישטאָ די אַלע מיטלען, ווי געהעריק איז צו וואַקסן. דער גײַסט אין זיי רײַסט זיך, זוכט זיך ערגעץ אַן אָרט, ווו צו ווײַזן זיך פרײַ, צעפירן אַביסל די הענט — בײַ א טייל אָבער ווערט ער, נאָך אַלע אומזיסטע מי, נאָך דעם אויסגליטשן זיך אַף שטיינער אין דעם װעג, אַלץ שוואַכער, און זיי ווערן אינגאַנצן אָפּהענטיק. זיי ליגן, פוילן, נעמען זיך א מאָל אויך, פאַר קרענקונג, צו דער מאַשקע, טויגן צו גאָרנישט און הייסן בײַ דער וועלט: טויגעניכצן, פאַרלוירענע מענטשן. ווי־דער בײַ א טייל הערט דער גײַסט פאָרט טאַקע נישט אויף צו רײַסן זיך אַרויס, אַרויס, עפּעס קאָכט עס, בורטשעט עס אין זיי, ס'איז א שטענדיקע קאָכעניש, א ראַנגלען זיך, אַן אינעווײ־ניקסטע נישטצופרידנהײַט. פאַר עסעניש גייען זיי פונעם לײַב אַראָפּ, זענען עפּעס פאַרומערט, פאַרטראַכט, דער גײַסט לאָזט זיי נישט רוען. זיי כאַפּן זיך צו אַלצדינג, דאָ צו דער, דאָ צו יענער זאַך, נאָר איטלעכע זאַך קוקט אויס עפּעס מעשונע, עפּעס ווילד, ווי די נאַטור אַליין, וואָס איז נאָך רוי, ניט באַאַרבעט — דאָס זענען יענע מינע קינסטלער, וואָס, ווי די וועלט זאָגט, אין דער האַנט הונדערט מעלאָכעס און ווייניק בראָכעס.

ליפּע רוווּנס איז געווען א דאַרער, א קורצזיכטיקער מיט א בלייך פּאָנעם, א שטילער, א גו־טער און זייער באַליבט בײַ איטלעכן אין דעם שטעטל. זײַן כאַראַקטער, זײַן וווינונג, זײַן שטיי־

גער לעבנ, זײַנ טונ אונ אלצ מיטאנאנדער האָט באשײַמפערלעכ געוויזנ, אז אינ אים איז דאָ א פינטעלע, דער ברענ פונ א קינסטלער. ער האָט געהאט א האנט צו שניצנ, צו מאָלנ, צו שרײַבנ אונ קריצנ אפ קופער אונ אפ שטיינער, נישט צו מאכנ זיכ דערויס א פארנאָסע, נאָר גלאט אזוי, ווײַל דאָס איז געווענ זײַנ בעסטער פארגעניגנ; ווײַל עס האָט אים דערצו עפּעס געטריבנ אונ ער האָט באדארפט, געמוזט מײַסטערנ. בא דעמ שטעטלדיקנ אוילעמ יידנ האָט ער געהייסנ א בעריע צו אלצדינג, א קענער, עפּעס גאָר א שרעק — אונ זיי האָבנ בא איטלעכער געלעגנהײַט זיכ מיט זײַנ בעריעשאפט באנוצט. מענ האָט אים מעכאבעד געווענ מיט שניצנ דעמ אָרנקוידעש, מאָלנ א מיזרעכ, שלאָגנ מאצייוועס, קריצנ כסימעס; מיידלעכ, קאלעס, פלעגנ אים מאטריעכ זײַנ, מיט זײַנ גוטנ ווילנ צו מאכנ פאר זיי מוסטערנ אפ קייטלשטיכלעכ, אפ העפטנ, אויסנייענ פאר זייערע כאסאנימ טפילנ־זעקלעכ. אונ אז ער טויג שוינ יאָ צו אלע זאכנ אונ איז דערצו נאָכ א גוטער מענטש אויכ, טוט איטלעכנ צוליב, אזוי זיכ, אומזיסט, פארוואָס־זשע זאָלנ ווײַבער, נעבעכ, אזוי זינדיק זײַנ, נישט צו באנוצנ זיכ מיט אימ אויכ — צו קאדאָכעס, אשטייגער? מע האָט אים געבעטנ, האָט ער געשריבנ עפּעס אזוינס אפ מאנדלענ, אָדער אפ טעלער מיט טינט, וואָס, צעפירנדיק עס דערנאָכ מיט וואסער, גיט מענ עס דעמ קראנקנ — טרינקענ — אונ עס העלפט!.. צו די אלע זאכנ האָט ליפּע רווונס נאָכ צוגעקנעלט אויכ.

פאר א מעלאמעד האָט אים געמאכט רעב כאימ.

שלוימע, רעב כאימס א ייִנגעלע פונ א יאָר זיבנ, האָט פונ דער קינדהײַט זיכ געוויזנ פאר א ווילס, א לעבעדיקס, מיט א שארפ קעפּל צומ לערנענ. אינ איינ יאָר האָט ער זיכ אויסגעלערנט בא מוישע שלײַענ גוט איוורע, געלייענט גיכ ווי א וואסער אונ אָנגעהויבנ כומעש, ווי דער שטייגער איז, פונ „וואיקראָ", וואָס אנדערע קינדער באדארפנ דערופ אוועקזיצנ אינ כיידער א צוויי־דרײַ יאָר. באמ גאנצנ הויזגעזינד רעב כאימס, ווי אויכ בא פרעמדע, ארײַנגייערס צו אימ אינ שטוב, איז שלוימעלע געווענ זייער באליבט פאר זײַנ לעבעדיקײַט, פאר זײַנ פאלנ א מאָל אפ קלאָצ־קאשעס, אונ נאָכ מער — פאר זײַנע אָנשטעלנ. ס'איז אינ אים געלעגנ בעטעווע עפּעס אזוינס, אופצוכאפּנ באלד באמ ערשטנ בליק יענעמס א מינע, א וואָרט, וואָס עפּעס נישט אזוי, מעשונע, ווי בא אנדערע. ער פלעגט וווּנדער־שיינ נאָכמאכנ אבי ווענמ מיט אלע פּאָסטעמקעס — ווי יענער רעדט, ווי יענער שטייט אונ גייט — אזוי, אז מע פלעגט זיכ האלטנ בא די זײַטנ פאר געלעכטער, זעענדיק אונ הערנדיק אימ. באזונדערט ליב האָט ער געהאט נאָכצומאכנ גיטל די זאָגערנ, ווי זי קושט די מעזוזע באמ ארײַנקומענ אינ שטוב, אָנגעטאָנ אינ דער יופּע אפ איינ ארבל; ווי זי פארציט די ליפּעלעכ, זאָגט: „א גאָט־העלפ!" מיט כיינ; ווי זי גיט א בייג דעמ רוקנ ווי א קעצעלע, אזוי, אז איינ אקסל קומט אויס נידעריק, דער אנדערער — העכער, דאָס קעפּעלע אינ דער זײַט, אונטערגעהאלטנ מיט דער האנט, אונ א פינגער אפ דער באק; ווי זי קנייטשט דאָס פּענעמל, טוט א סמאָרע מיט דעמ נעזל, פארגלאָצט די אייגעלעכ אונ רעדט מיט טכינע־לאָשנ, אלצ: „געלויבט אונ געאכפערט דער אלמעכטיקער, באָרוכהו אובאָרוכ שמוי, וואָס באשירעמט זײַנ פאָלק ייסראָעל!", ארײַנוואָרפנדיק אינדערמיט שטיקלעכ פונעמ „נאכלאס צווי" אונ „ראבויינו בעכײַע" — די מאמע פלעגט מיט אנדערע גלײַכ טאקע אויכ לאכנ, נאָר דערבײַ מיט א פינגער אפ דער נאָז, קלוימערשט אינ קאעס, צו אימ מאכנ:

— ווארט נאָר, ווארט, שיינ באָכערל איינער! איכ וועל גישקאָשע דערציילנ דעמ טאטנ, וועסטו שוינ וויסנ, נישקאָשע, ווער עלטער איז, ווי אנ עלטערנ נאָכצוקרימענ זיכ. — זאָל איכ אזוי וויסנ בייז, אויב איכ פארשטיי, וואָס פאר א מינ שלאק דאָס איז, ריבוינעשעלוילעמ!..

דער טאטע אָבער איז אפ דעמ קינד א מייווונ געווענ. ער האָט גוט פארשטאנענ, אז בא א געהעריקנ סיידער לערנענ אלצדינג, וואָס מע באדארפ, אונ בא א רעכטנ מעלאמעד אינ די הענט קאָנ פונ אזא קינד מיט דער צײַט ווערנ א לײַט. לערנענ אלצדינג, וואָס מע באדארפ, האָט בא יידנ צו יענער צײַט, אונ ביפראט נאָכ אינ אזא שטעטל, ווי ק..., נישט געהייסנ שפראכנ, כאָכמע־זאכנ — דאָס, וואָס הײַנט. צו געמאָרע אונ פּאָסקימ זײַנ נאָכ א באל־טאנאכ אויכ, פארשטייג אביסל דיקדעק — איז מענ שוינ א פארטיקער מענטש, א ווילדער בעריע איינער אינ דער וועלט, מער דערפונ איז גאָר נישטאָ, טאקע אנ איבעריקע זאכ. נאָר ווער אָבער האָט, כוצ דעמ אָנהייב פונ איטלעכער סעדרע, געלערנט קינדער טאנאכ? מע האָט זיכ עפּעס געשײַעט, עס האָט עפּעס געשמעקט מיט אפיקאָרסעס. ס'איז טאקע א גרויס וווּנדער, נישט צו פארשטיינ אזוינס... נאָר ווי

די מײַסע איז, אַזוי איז עס געווען, און אַזוי איז עס באַ אַ טייל ייִדן נאָך הײַנט. גרויסע ראַבאָנים פֿאַרצײַטן, און אויך הײַנט, האָבן נישט געוווּסט און ווייסן נישט רעכט גוט אַדײַעם, וואָס שטייט אַזוינס אין טאַנאַך, און פֿונדעסטוועגן, שאַ! מע קאָן זײַן אַ גרויסער לאַמדן, פּאַסקענען שײַלעס אָן פּאָסעק אויך... רעב כאַיִמען אָבער האָט זיך געגלוסט פֿאַר שלוימעלען זײַנעם מאַכן אַן אויסנאַם, פּרוּוון לערנען אים דאַפֿקע גאַנצן טאַנאַך, מיט דעם טאַרגעם אויך קעסיידער, פֿון אָנהייב ביז צום סאָף. רעב כאַיִם אַליין האָט געקענט טאַנאַך, און געשריבן מעליצע. פֿון זײַנע בריוולעך פֿלעגט מען לעקן די פֿינגער. ער האָט געהייסן צווישן זײַנע אַלע באַקאַנטע אַ באַל־לאָשן, נאָר ווּ נעמט מען אָבער דעם מעלאַמעד דערצו? אָט דאָס האָט רעב כאַיִם געטראַכט און איז לעסאָף געפֿאַלן אַף ליפֿע רוּוונס. אים האָט עס רעב כאַיִם געמאַכט פֿאַר אַ מעלאַמעד, צו קנעלן מיט זײַן שלוימעלען, מאַטיר־געווען אים צוצונעמען נאָך עטלעכע קינדער, קעדיי ער זאָל קאָנען ווי־עס־איז מיט ווײַב און קינד, ווי אַלע ייִדישע קינדער, עט אַזוי זיך לעבן...

און דער זיווג האָט אווילע־יאָפֿע געווען! דער רעבע און דער טאַלמיד האָבן זיך איינער דעם אַנדערן זייער גוט געפּאַסט. דער רעבע האָט געקנעלט געטרײַ, און דער טאַלמיד — געלערנט געשמאַק. דער שטייגער איז געוויינטלעך געווען: בעשאַס דעם לערנען באַם טיש פֿלעגט דער רעבע זיצן אַף זײַן אָרט מיט עפּעס אַן אַרבעט — מאָלן אָדער שטעכן אַ כסימעלע. נאָר דאָס האָט אָבער נישט געשאַדט צום גאַנג פֿון לערנען. ער האָט, נישקאָשע, זיך גוט צוגעהערט. פֿאַרקערט, דאָס לערנען איז געגאַנגען נאָך פֿיל בעסער. די אַרבעט איז פֿאַר אים געווען דאָס אייגענע, וואָס אַ פּראָסטן באַלמעלאָכע אַ גוטער טרונק בראָנפֿן. זי האָט אים באַגײַסטערט, באַלעבט, געמאַכט באַריידעוודיק. ערשט דענסטמאָל האָט ער דערקלערט אַלצדינג שאַרף, קלאָר, פֿונעם מויל האָבן זיך אים געשאָטן פּערל, אין די אויגן האָט געפֿינקלט אַ הייליק פֿײַערל, ער האָט געקוקט מיט ליבשאַפֿט עפּעס אַזוי גוט, אַזוי גוט... אין דעם טאַלמיד פֿלעגט עס געבן אַ נעם, אַ ברען, אונטערגעגעבן אים כיישעק. ער האָט געשלונגען איטלעכס וואָרט, אופֿשטעלנדיק די אויערלעך, דאָס לערנען איז נישט געווען, ווי באַ יענע, ערגעץ אַנדערש, אַשטייגער, אַ שווערע מאַסע, אַ ריינע אָפּקומעניש, ווּ דער רעבע מיט דעם טאַלמיד לײַדן, נעבעך, ביידע גלײַך: איינער שלאָגט אין קאָפּ אַרײַן מיט גוואַלד, און דערבײַ אופֿגעבראַכט, היצט זיך — אַ שרעק, און דער אַנדערער, וואָס זאָל ער, נעבעך, טון, מאַכט זיך קלוימערשט, ווי אים איז עס אין קאָפּ אַרײַן, ציטערט, פּלאָנטערט — און ביידע ווינטשן איינער פֿונעם אַנדערן פּאָטער צו ווערן... ניין! דאָס איז געווען נאָר עפּעס ווי אַ שמועס צווישן צוויי פֿרײַנט, אין וועלכן איינס האַרץ פֿילט דאָס אַנדערע — אַ שמועס, וואָס מאַכט פֿאַרגעניגן אי דעם, וואָס רעדט, אי יענעם וואָס הערט, ביידע פֿאַרשטייען זיך זייער גוט, און עס ווילט זיך צוברענגען אַזוי די צײַט נאָך און נאָך.

שלוימעלע איז מיט דער צײַט אַלץ געוואַקסן, געוואַקסן ווי אַ בלימעלע אונטער אַ גוטער האַשגאָכע, אין ווערנדיק וואָס ווײַטער אַלץ פֿאַרשטענדיקער, הערט ער נישט אופֿ פֿונדעסטוועגן צו בלײַבן, נאָך זײַנע יאָרן נאָך, אַ קינד. שלוימעלע אין כיידער און שלוימעלע אינדרויסן זענען עפּעס גאָר אַנדערע, פֿאַרשיידענע מענטשן. לערנט ער — איז געלערנט, ער איז מיט דעם גאַנצן קאָפּ אַרײַנגעטאָן אין לערנען. ער דענקט, טראַכט, וויל גרונטלעך איטלעכע זאַך פֿאַרשטיין; נאָר קוים צוגעמאַכט דעם סייפֿער, איז ער ווי איבערגעביטן געוואָרן, ער לעבט, שטיפֿט — אַ ייִנגל מיט די ביינער. איבערהויפּט האָט שלוימעלעס כאַראַקטער פֿון קינדווײַז אופֿ זיך געוויזן עפּעס ווי אַ צונויפֿגעשטעלטער פֿון פֿאַרשיידענע מינים, נישט פֿון איין שטיק מאַטעריע. עפּעס האָבן צוויי נעשאָמעס — אַ מאַלעך מיט אַ רועך געשטעקט אין אים ביידע אינאיינעם. ער איז געווען אײַנגעשפּאַרט, האַרט ווי אַ שטיין, אי ווייך ווי אַ טייג, לאָזנדיק זיך פֿירן אַמאָל באַ דער נאָז; אי בייז, אי מילד, גוט ווי די וועלט; אי ביטער־גאַל, אי צוקער־זיס; אי ערנסט, אי אַ קאַטאָוועס־טרײַבער; אי אומעטיק פֿאַרטראַכט, אי לוסטיק, פֿריילעך. שלוימעלע איז בעטעווע געווען אַ הייס־בלוטיקער, אָנצינדנדיק זיך ווי אַ שוועבעלע, ווי באַלד נאָר עפּעס האָט אים געטאָן אַ ריר. די פֿײַערדיקע רייד פֿון די נעוויִים, די דערציילונגען זייערע איבער גאָט, איבער דער וועלט האָבן אופֿגעוועקט זײַן קויעך־האַדימיען און אים געגעבן גענוג שטאָף צו דענקען, צו טראַכטן. „איך האָב געזען גאָט, זאָגט יעשײַע האַנאָווי, ווי ער זיצט אַף זײַן הויכן שטול, די פּאָלעס צעשפּרייט, פֿאַרנעמען דעם הייליקן פּאַלאַץ. סראָפֿים — ברענענדיקע מאַלאָכים, שטייען איבער אים, איטלעכער מיט זעקס פֿליגל... און עס רופֿט איינער צום אַנדערן און זאָגט: קאָדויש, קאָדויש, קאָדויש — הייליק, הייליק,

הייליק איז דער גאָט צוואָעס, פול איז די וועלט מיט זײַן קאָוועד! און עס וויגט זיך, און עס ציטערן די זײַלן דאָרט פונעם שרײַענדיקן קאָל, און דאָס הויז ווערט פול מיט רויך. אוי, זאָג איך, ווי איז מיר, איך בין פאַרבײַ! איך בין דאָך א מענטש מיט אַן אומרייניק מויל און צווישן א פאָלק מיט א בײַיז אומרייניק מויל געפין איך מיך". שלוימעלען זעגען די דאָזיקע ווערטער שטאַרק אין קאָפּ אַרײַן. ער הייבט אָן צו טראַכטן איבער גאָט, זיך פאַרצושטעלן מאַלאָכים מיט פליגל, און וויל אַלץ וויסן זייער פיל אזוינס, וואָס פּיקט אים דעם מויעך, פאָדערט א דערקלערונג. פרעגן דעם רעבן — דערצו האָט ער נישט טאָמיד געגוג מוט געהאַט. איינמאָל האָט ער יאָ זיך געפּרוווט מאַכן מיט אים א רייד, רויט־ווערנדיק דערבײַ פלאַם־פײַער, נאָר דער רעבע האָט אויסגעהערט מיט א שמייכעלע, שוויַיגנדיק א קרים זיך געטאָן, ווי איינער רעדט: עט!... אַף זײַנע שײַלעס בּאַ אַנדערע, עלטערע מיט בּערד, פלעגט ער באַקומען טאָמיד איין ענטפער: שאַ, שקאָץ! א ייִנגעלע טאָר נישט פרעגן. א ייִנגעלע באַדאַרף נאָר פאָלגן, טון, וואָס גאָט הייסט — לערנען, דאַווענען, אַז נישט, וועט דער אייבערשטער שטראָפן, שמײַסן דאָרט מיט אײַזערנע ריטער — און פאַר א רוט האָט שלוימעלע געציטערט, נישט אזוי פאַר דעם ווייטעק, ווײַל אַז מע שמײַסט, טוט וויי, ווי פאַר דער שאַנדע — פע, ס׳איז א כאַרפּע!.. שלוימעלען איז פאַרגעקומען גאָט עפּעס גאָר ווי א בּייזער פאַרעץ מיט א קאַנטשיק אין דער האַנט, פאַר א מינדסטע קלײניקײַט ווערט ער אָנגע־צונדן, אייש לעהאָווע, שמײַסט! באַ א מינדסט אוויירעלע, איבערהיפּערן, אַשטייגער, אין דאַווענען עפּעס א וואָרט, נישט ענטפערן אָמיין, א טרונק וואַסער טון אמאָל אָן א שעהאַקל האָט ער גע־כאַפּט א ציטער און געטראַכט: „אוי ווי איז מיר, איך בּין פאַרבײַ".

און ווער שמועסט יאָמים־נוראָיִם, וואָס, קעפּי ייִדן זאָגן, אפילע א פיש אין וואַסער ציטערט דענסטמאָל — איז שלוימעלע געווען אין איין שרעק. דער גאַנצער איניען פונעם אָפּשטיין צו סליכעס, דאָס כאַפּעניש־ליפּעניש אין שול, אַפן פעלד, דאָס יאָמערן־וויינען, דאָס טרויעריקע ניגנדל באַם דאַווענען, דאָס אומעטיקע פּענעמל פון דער מאַמע און פונעם גאַנצן הויזגעזינד, גלײַך ווי עס הענגט איבער זיי די רוט און מע קען זיי, מעכילע, מעקײַעם־פּסאַק זײַן — אָט דאָס אַלץ־דינג האָט אַף אים אָנגעמאַכט א שרעקלעכע פּינצטערע מאָרעשכוירע, ס׳איז אים נישט ניכע גע־ווען דער גאַנצער יאָנטעוו, די פיש מיט דעם צימעס, עס האָט אים זיך נאָר געדאַכט, ווי ער, דער אייבערשטער, זיצט אַף דעם הויכן שטול, די פאָלעס איבער דעם מאָקעם־קאָדעש, בּרענענדיקע מאַלאָכים אַרום אים פליִען, בּרענגען ספאָרים, שרײַבּן, רעכענען איטלעכנס אוויירעס מיט א ראַש, א געפילדער, און עס וויגט זיך די וועלט, עס ציטערן די טויערן פונעם הימל פון זייער געשריי — און ער טראַכט: „אוי, ווי איז מיר, איך בּין פאַרבײַ!.."

נאָר אַזויוווי אין דער וועלט איז שוין געשטעלט, אַז עס איז נישטאָ אין איר אינגאַנצן גוטס, אָן עפּעס שלעכטס, און ריין שלעכטס, וואָס דרינען זאָל נישט שטעקן עפּעס גוטס, איז דערי־בּער אויך מיט די יאָמים־נוראָיִם געקניפּט און געבּונדן געווען זאַכן אַזעלכע, וואָס האָבּן גע־לינדערט א ביסל דעם שרעק, צוגעבּנדיק א זיסקײַט דער בּיטערער מאָרעשכוירע. די וויכטיקסטע פון יענע זאַכן זענען עס די יישוווניקעס, די אַרענדאַרעס פון די דערפער, וואָס פלעגן אַף די הייליקע טעג קומען מיט זייער הויזגעזינד אין שטאָט אַרײַן. דאָס אָנקומען זייערס האָט אויפגע־רירט דאָס שטעטל, אָפּגעמונטערט, אָפּגעפרישט אַ ביסל דעם אוילעם, און עס האָט געהאַט עפּעס א מין באַזונדער טאַם קעצאַפּיכעס בּידוואָש, האָניק מיט פעפער און ציבּעלעס אײנײנעם.

די היסטאָריע פאָדערט, אַז די זאַך זאָל דאָ א בּיסל מער דערקלערט ווערן, נישט, וועט עפּ־שער אין איר פעלן זייער א וויכטיק בּלעטל, און פאַר די שפּעטערדיקע דוירעס — אוי, ווער ווייסט? — קאָן די זאַך בּלײַבּן ניט פאַרשטענדלעך.

## V

פונעם כוידעש טישרע הייבּט זיך אָן א צעטל יאָנטויוויִם: די בּיידע ערשטע טעג פונעם כוידעש איז ראָשעשאָנע, דער צענטער טאָג — יאָנקיפּער, זיי הייסן יאָמים־נוראָיִם — שרעקלעכע טעג, און אינײנעם מיט די טעג, וואָס צווישן זיי, הייסן זיי אויך אַסערעס־יעמיי־טשוווע — צען טעג צײַט כאַראָטע צו האָבּן אַף די זינד: וויינען, בּעטן און אויסבּעטן א גוט יאָר. דענסטמאָל איז אָפן הימל א יאַריד, עס קאָכט זיך דאָרט א שרעק.

„אונסאנע טויקעפ קדוׂשאס האיוימ — און דערציילן וועלן מיר, — אזוי טוט זיך דער מאכזער דאָרט א זאָג, די שטארקע הייליקייט פונעם טאָג. דען שרעקלעכע פּאָרכטיק איז ער צוגלייַך, אין אים שטייגט אויך דייַן קעניגרייַך. אפּ געטאָד איז, גאָט, דייַן שטול געשטעלט, דו זיצסט מיט עמעס אפּ אים צו ריכטן די וועלט. יאָ, עמעס! דו ביסט דער ריכטער און פּארקלאָגער, דו ווייסט און ביסט דער איידעסזאָגער. דו שרייַבסט און כאסמעסט, צייַלסט און רעכנסט אַלץ מיטאמאָל, געדענקסט פּארגעסענע זאכן, וואָס העט אמאָל. דו עפנסט אויף דאָס קאָנטעבוך, עס לייענט דערויס אליין זיך איטלעכס וואָרט, פון יעדן מענטשן אייגנהענטיק שטייט די כסימע זייַנע דאָרט, מיטן גרויסן שויפער טוט מען דאָרט א בלאָז, אָווא! א דינע שטימע לאָזט זיך הערן — שטיל, שא. מאלאָכים יאָגן אין איינע שרעק אהער־אהין און זאָגן: עס איז אָט־אָ דער יוימ־האדינ, אפּ אָפּצורעכענען זיך מיטן גאנצן געריםל, אָט־דאָ אין הימל! דען ווייל אין דייַנע אויגן ריין און פייַן איז באם גע־ריכט נישט מעגלעך זיי צו זייַן, און אלע אפּ דער וועלט, ווי בריט זי איז און לאנג, גייען דיר פּארבייַ, ווי שעפּעלעך א גאנג, ווי זייַנע לעמער קוקט דער פּאסטעך איבער גוט, ער לאָזט די שאָפּ זייַנע דורכגיין אונטערן רוט, אזוי אָט נעמסט ער אלע באשעפעניש אפיר, דו רעכנסט, צייַלסט און לאָזט פּאסירן זיי פאר דיר. באשטימסט פאר יעדן זייַנס פּאָרויס, און גיסט זיין פּסאק יעדן ארויס. ראָשעשאָנע ווערט אפּ זיי דאָרט אָנגעשריבן, יאָנקיפּער אָפּגעכאסמעט, אונטערגעשריבן. וויפל זאָל אומקומען, וויפל זאָלן צוקומען, ווער זאָל לעבן און ווער שטארבן, ווער אויסלעבן זייַן צייַט זאָל ביז צום עק, און ווער פונדאנען פאר דער צייַט אוועק. וועמען אין פייַער א טויט א שווערן, ווער דורך א שווערד, ווער דורך א כייַע זאָל דערהארגעט ווערן, וועמען פאר הונגער, וועמען פאר דאָרשט און נויט, וועמען דורך שטורעם און וועמען דורך א מאגייפע א טויט. וועמען דער־שטיקעניש, אין האלדז א ביין, און וועמען — אין קאָפּ א שטיין, ווער זאָל צו הויז זיך רויק בלייַבן, און ווער אין דער פרעמד זיך ארומטרייַבן, ווער זאָל זיך לעבן שטיל, און ווער אין דו־לעניש פיל, ווער אין פריירן, ווער אין ליידן, ווער אָנווערן, ווער רייַך ווערן, ווער האלטן זאָל אראָפּ און ווער ארופ דעם קאָפּ".

און ווי דער יאריד, דער ראש אפּן הימל, אזוי ראשט זיך אויך דאָ אפּ דער ערד. נאָך מיט א כוידעש פריִער טוט אין שולן א בלאָז דער שויפער און וואָרנט: ייִדן, עס גייט דער יוימ־האדינ! און ייִדן הייבן באצייַטנס אָן זיך ארומצוקוקן, מאכן א קלאָרן כעזשבן פון זייערע מייַסים א גאנצ יאָר, און טוען אלע מיטל, ווי ארויס ריין פונעם מישפּעט, וואָס שטייט זיי פּאָר. זיי זאָגן סליכעס, זוכן זיך גוטע אדוואקאטן אין צראָקע, אין אלטע זכוס־אָווּעס, צו זייַן מעליצע־יוישער, פּירשפּרעכער פאר זייַן הייליקן קיסעהאקאָווּעד.

„טוּנ טשוּווע, בעטן, מיט צדאָקע שמירן —
דאָס העלפט א שלעכטן פּסאק צו קאסירן".

די ארענדארעס פון דערפער ארום און ארום קומען מיט קינד און קייט, האק און פּאק אין די שטעט ארייַן, איניינעם מיט קאָל ייִסראָעל צו שטיין דאָרט פאר גאָטס געריכט און אויסבעטן פאר זיך און פאר דער גאנצער וועלט מענטשן, גאָר אָן א שום כילעק, א גוט־יאָר, א דערלייזונג פון אלדאָס בייז.

דאָס שטעטל ק... איז גאָר נישט דאָס שטעטל, וואָס א גאנצ יאָר, ווו מען זעט קיין פרישן מענטשן נישט און ווו דאָס לעבן פליסט געוויינטלעך ווי א שטיל וואסערל רויק, עפּעס ווי פאר־שלאָפן. א פּאָר טעג פאר יאָמים־נוראָים כאפּט עס זיך אויף, עס ווימלט פון נייַע פּארשוינען, וואָס קומען פונעם ייִשעוו. פּירלעך אָנגעזוצט מיט ווייַבער און קינדער אפּ גאנצע בערג בעבע־כעס, איבערבעטן, זעקלעך שפּייַז און שטייַגן מיט אויפעס ציִען זיך איבער די גאסן. באַלעבאטים, ייִנגלעך, ווייַסעכווּורע, גייען און לויפן אנטקעגן, איטלעכער אנטקעגן זייַן ארענדאר, וואָס שטייט בא אים יאָנטעוו אפּ סטאנציע. פוןביידע זייַטן שיטן זיך רייד הויך אפּ אלערליי קולעס — פונ־דאנען שייַלעס: פּארוואָס אזוי שפּעט? פּארוואָס אזוי און פּארוואָס אזוי? און פון דער אנדערער זייַט מייַסעס, ווונדער און ניסים גרויסע: עס האָט געלאָפּנעט אין וועג אן אקס, געפאלן א פערד, אָפּגעריסן א בריק, א מעובעריס ווייַבל האָט זיך פּארוואָלט אינמיטנדרינען גיין צו קינד, זיך איי־בערגעקערט א וואָגן, מע באדארפט גוימל בענטשן, קוים מיט דעם לעבן ארויס... דאָרפּס־הינט באם אָנקומען מיט זייערע באלעבאטים רייצן אויף די אלע שטעטלדיקע הינט. עס ווערט צווישן

זיי א געבילערײַ, א געשלעגערײַ, גלײַך ווי זיי זענען נישט ברידער פונ דער הינטישער זערע, מיט איינ הינטיש מויל, איינע הינטישע ציינ. אונ בעעמעס טאקע איז דאָ צווישנ זיי א גרויסער אונטערשייד. דער דאָרפס־הונט איז דאָס, ווי גאָט האָט אימ באשאפנ, ווייסט נישט קיינ פּאָליטיקע, כוץ דעמ באלעבאָס אונ די שטוב קענ ער נישט קיינעמ, בילט אפ איטלעכנ, אָרעמ אונ רײַכ אלע גלײַכ. כאפּט מענ א ביינ, אז יענער גיט, כאפּט מענ אונ מע בילט פאָרט ווײַטער טאקע, בילט מיט זײַנ אייגנ קאָל, נישט פארשטעלט. ער איז פּראָסט, אָנ אָנשטעלנ. דער שטאָט־הונט, אנטקעגנ, איז שוינ עפּעס געמעלאָכעט, אויסגעפּײַנט, אביסל פאלש אונ האָט מוירע פאר א שטעקנ — בילט אפ אנ אָרעמאנ, אפ אזעלכנ, וואָס קענ זיכ נישט ווערנ, פאר א שטארקנ האָט ער אָפּשײַ, פאר א רײַכנ שייג געקליידעטנ — א שרעק! מיט א שטיקל ברויט שויכעד פארשטאָפּט מענ אימ דאָס מויל, שא! גיט יענער פונ דער אנדערער זײַט, א ווילד־פרעמדער גאָר, א גרעסער שטיקל, טוט ער שוינ אימ צוליב, פאָלגט וואָס מענ הייסט. ער שפּאצירט זיכ אָפּ ארומ, שמעקט, ווו עפּעס א קערמעשל, וואָס מענ קענ כאפּנ א לעק, מאכט באקאנטשאפטנ, דרייט מיט דעמ ווידל, שטייט אפ די לאפּקעס אונ בילט אמאָל עפּעס גאָרגיט מיט זײַנ קאָל, גלאט אזוי זיכ, מענ זאָל נישט פארגעסנ, אז ס׳איז דאָ א הונט... אז ער האָט ציינ אונ קענ, אינ א נויט־פאל, הינטנ ארומ א ביס טונ אויכ... אָט די דאָזיקעביידע מינע הינט אָנקוקנ קענענ זיי זיכ נישט אייגער דעמ אנדערנ. די גאנצע צײַט, וואָס זיי ביידע געפינענ זיכ איג שטעטל. הערשט דאָרט א בילנ, א האווקענ, א שרײַענ אפ די ציינ, עפּעס א „הינטישער וואָפּראָס”, שטענדיק קריג אונ שטענדיק געשלעג, דער קאָפּ אזש ווערט דול! וואָרטשונג, אשטייגער, א דאָרפס־הונט, אָנ כאָכמעס, ווייסט נישט מער ווי צו היטנ די שטוב, ליגט זיכ אויסגעצויגנ אינדרויסנ פאר דער טיר, קוקט בייז, ווי א רועכ, מיט פארלאָפּענע פונ בלוט, האלב צוגעמאכטע אויגנ, רײַבט, קראצט דעמ בויכ אינ דער ערד, שטיל אונטערפּישטשענדיק פאר גרויס האנאָע; פלוצימ רוקט זיכ אונטער קאשטאנ, א הויכער, א דארער, איינער פונ די שיינע באלעבאטישע שטאָט־הינט. ס׳איז אימ פונדערווײַטנס אינ דער נאָז ארײַנ א רייעכ פונ געבראָטנס, וואָס קאָכט זיכ לעקאָוועד יאָנטעוו דאָרט אינ שטוב, אונ ער לאָזט זיכ, ווי געוויינטלעכ, צוקומענ נאָענט, שמעקנ, נישטערנ, טאָמער וועט דאָס מאזל אימ דינענ א כאפּ טונ עפּעס. וואָרטשונענ איז די זאכ נישט געפעלנ — וואָס גייסטו, אזעספּאָנעמ, אינ מײַנ גוויל ארײַנ? אונ וואָס איז עס גלאט פאר א מאָדע, הונט איינער, ארומגיינ איבער די הײַזער, ארײַנשטעקנ א מאָרדע, ווו מע באדארפ נישט?! ער גיט זיכ אפ אימ פונ הינטנ פלוצימ א וואָרפ, טוט א ביס אונ רײַסט אימ אויס א ושמעניע האָר. קאשטאנ ווערט אזש פארצאפּלט, פארלייגט, מעכילע, דעמ ווידל, כאפּט די פיס אפ די פלייצעס — אונ אוועק־אוועק מיט א קוויטש... דאָס אייגענע איז אויכ מיט פילקענ, א שווארצ הינטל מיט אנ אויסגעקרימטנ רוקנ אונ הינקענדיק פיסל, וואָס לעבט פונ קיצווע — פונ יידישע פּאָמויניצעס. ער לאָזט זיכ, ווי דער שטייגער זײַנער איז, צו א יידנס שטוב. וואָס זאָל ער דאָ איבערטראכטנ? פלוצימ טוט אימ א כאפּ טרעזאָר, א געזונטער, קודלאטער דאָרפס־הונט, אונ ברעכט אימ א ביינ, אזוי, אז ער פארגייט זיכ, נעבעכ, פאר ווייטעק, לויפט שפּרינגענדיק, דאָס הינקענדיק פיסל אינדערלופטנ, דאָס געזעסל אינ דער זײַט אויסגעקרימט אונ הײַלט, ווויעט אפ א גרילצנדיק קאָל. אזא פּסאק כאפּנ אויכ נאָכ אנדערע שטאָט־הינט. ס׳איז זיי פארשטערט דאָס לעבנ — נישטאָ קיינ צוטריט צו א יידישער שטוב! דערפאר אָבער דערטאפּנ זיי א דאָרפס־הונט בא זיכ ערגעצ אפ דער גאס, מעג ער שוינ זיכ געזעגענענ מיט דעמ לעבנ. זיי וואַרפנ זיכ אפ אימ פונ אלע זײַטנ, שארפנ די ציינ, צופּנ אונ רײַסנ. עס ווערט א געקוויטשערײַ, נישט אויסצוהאלטנ. קונדייסימ מישנ זיכ אויכ ארײַנ, הודענ אונטער, ווארפנ שטיינער, מאמעס שטייענ אינ די טירנ, רופנ, שרײַענ אונ שעלטנ. יידנ אפ דער גאס כאפּנ א ציטער, ראטעווענ זיכ אונ לויפנ גאָר אינ איינ אָטעמ, האלטנדיק זיכ בא די פּאָלעס.

אקלאל, עס ראשט זיכ, עס קאָכט זיכ, דאָס שטעטל איז אופ, ס׳איז, ווי מענ זאָגט, לײַהודימ! דאָס לעבנ אינ דעמ שטעטל גייט שוינ שטארקער, עס זעט אויס, ווי א שטייענדיק טײַכל, וואָס ווערנע־צײַט צעגיסט זיכ עס, פלייצט גיכ, האסטיק, מיט א גערויש.

אונ בעשאס דעמ גערויש ווײַזט זיכ פונדערווײַטנס א לאנגער וואָגנ, פול אָנגעזעצט מיט כאָנע מליניצערס הויזגעזינד. די אלטע שקאפּע, וואָס האָט א ביסל זיכ צוגעשטעלט אפּנ וועג, טוט זיכ אצינד אָנ א קויעכ ארײַנפאָרנ אפ דעמ מארק קוימעמיעס, האָפּערלעכ, מיט דער פּאָמפּע.

און לעקאָוועד דעם שטעטל אולעקאָוועד די פאַרשוינגענ האמסובינג בעקאַנ אפנ וואָגנ, פּאַרייַסט זי דעמ ווײדל, שטעלט אופ די אויערנ, הייבט פיסלעכ און העצקעט זיכ לעבעדיק — פריילעכ מיט א טאַרעראַמ, א געקלאַפעריַי פונ די רעדער. צוציק לאָזט זיכ פאָרויס מיט דער פסורע — אז מענ פאָרט! היטנדיק זיכ פונדעסטוועגנ די ביינער באַ א באַגעגעניש מיט זייַנ גלייַכנ, אינ הינטישע מייַלער נישט אריַינצופאַלנ. יענע אימ א שמעק — שאָלעמ־אַלייכעמ, און ער יענע א שמעק — אַלייכעמ־שאָלעמ! מאכט עס אָפּ בעקיצער, א שמעק נאָר פונ יויצע וועגנ, דרייט זיכ באַלד טאקע אויס און לויפט ווייַטער, די „זקיינע" נאָכ אימ, האָצ־האָצ באַ רעב כאַימס שטוב, וואָס פונ א היפּשע צייַט יאָר שטייט דאָרט איינ כאַנע פונ דער מיל מיט ווייַב און קינדער — א גרויס פעקל, אָנ איינהאָרע!

פאר שלוימעלענ שטעלט זיכ דענסטמאָל א וועלט מיט נייַע אייסאָקיס, ס'איז דאָ, באָרעכאשעמ, וואָס צו טונ, אפ וואָס צו קוקנ, וואָס צו באטראכטנ. לאָז זיכ שוינ גאָט אָנשרייַבנ דאָרט, וואָס ער וויל, דערווייַל אָבער אז מענ לעבט, באדארפ מענ לעבנ.

קוידעמקאָל כאַפּט שלוימעלע זיכ ארופ, באַלד טאקע נאָכ כאַנעס אָנקומענ, אפ דעמ וואָגנ, עטלעכע קונדייסימ אריַינ מיט אימ, א פּאָר שטייַגנ, אָנהאַלטנדיק זיכ פונ הינטנ, צווישנ די רע־דער — און הייַדא! מע ציט באַ די לייצנ, מע שמייַסט, מע מאכט מיט די ליפּנ, מע שרייַט אינ איינ קאָל: „וויאָ־וויאָ" און מענ טוט א פּאָר א ביסל פארבייַ דער שטוב. דערנאָכ נעמט מענ צומ סמיק צוציקנ, מענ טוט מיט אימ א רייד עפּעס אפ אנ אנדער מינ לאָשנ, אריַינלאָזנדיק זיכ מיט אימ אינ די הויכע דראָכימ, פאַרהערנדיק אימ, וואָס ער קענ. פריִער פונדערווייַטנס, מיט אָפּשייַ, אונטערוואַרפנדיק אימ שטיקלעכ ברויט, שפּעטער אַלץ נעענטער, ביז מענ פאַרלירט דעמ דערעכ־ערעצ, און עס ענדיקט זיכ, ווי דער שטייגער איז, מיט א שטיינ און מיט א קוויטש...

שלוימעלע אינטערעסירט זיכ אויכ שטארק מיט די נייַע מינע דאָרפס־פאַרשוינענ. אַלצדינג אינ זיי קומט אימ אויס עפּעס מעשונע. מיידלעכ אינ נייַע גראָבע שיכ־און־זאָקנ, אינ נייַע צי־צענע קליידעלעכ פונ א מיסע־מעשונע־קאָליר מיט גרויסע רויטע קווייטנ, גלאָצנ אויס גרויסע קעלבערנע אויגנ, א פינגערל אינ דעמ מויל — און קוקנ. ייִנגלעכ אינ כאַלאַטלעכ, אינ נייַע קנאקנדיקע לייַבסערדאקלעכ, אינ לייַוונטענע פּלידעווּלעכ בלאָזנ זיכ, שעמענ זיכ, קאַלופּענ די נאָז — און שיסנ פּלוצימ אויס אינ קולעק א געלעכטער, ווישנדיק בעשאס מייַסע טאקע מיט דעמ ארבל, מיט דער פּאָלע די נאָז, מעכילע. הייַנט דאָס ריידנ זייערס, דאָס עסנ, איז אויכ עפּעס אומגע־לומפּערט — דאכט זיכ גערעדט, און ס'איז עפּעס גאָר געבעבעט, דאכט זיכ געגעסנ, און ס'איז עפּעס גאָר געפרעסנ. א קייַענ א ביסל, מישטיינסגעזאָגט, א מאכנ מיט די באקנ, א זופּנ מיט א הילכ! דאָס אייגענע פּאָנעמ, דאכט זיכ, דאָס אייגענע פלייש, און פאָרט עפּעס נישט אזויווי באַ שטאָטלייַט — עס שמעקט מיט דאָרפ. די ווילדע גאנדז, אשטייגער, איז דאָס אייגענע טאקע, וואָס די היימישע, איינ פלייש, און דאָכ עפּעס אַנדערש — אנ אנדער טאמ, אנ אנדער קאָליר. כאַנע אַליינ איז אייגנטלעכ געווענ נישט קיינ גראָבער מענטש, נאָר צווישנ אימ און רעב כאַימענ איז גאָר קיינ פאַרגלייַכ. דער כילעק צווישנ זיי ביידע האָט שלוימעלענ זיכ געוואָרפנ אינ די אויגנ — כאַנע אנטקעגנ דעמ טאטנ האָט גאָר עפּעס קיינ פּאָנעמ נישט! ס'איז אויכ א גרויסער כילעק צווישנ טויבע־סאָסיענ, כאַנעס ווייַב, און דער מאמע זייַנער. טויבע־סאָסיע איז א ברייט־ביינער־דיקע, א יאַדערדיקע, אירע הענט, איר פּאָנעמ זענענ עפּעס מעגושעמ, פאַרברענט, פאַרבראָטנ פונ דער זונ. גייט זי — איז געגאנגענ, מע פילט, אז זי שטעלט א פוס, רעדט זי — איז גערעדט מיט לעפּצנ אפ דער געמבע. זי איז גוט, נאָר אָבער פּראָסט. זי איז פרומ, ווײנט באַ ליכטבענטשנ, כליפּעט, וויבאַלד זי דערהערט פונ דער פּירואָנערנ א קאָל, כאָטש זי פאַרשטייט ניט קיינ וואָרט. אנטקעגנ־זשע, סאָרע, די מאמע זייַנע, איז אנ איידעלע, א שוואכע, האָט קליינע, ווייַסע הענט מיט דינע בלויע אָדערלעכ, א פאַרפרומט בלייכ פּאָנעמ מיט דינע ליפּנ — אינגאנצנ עפּעס א רוכניִעס, און אז זי גייט, דאכט זיכ, זי שוועבט. זי איז א ווילקענענדיקע, קענ אַלע טכינעס פונ ערעצ־יִסראָעל, ווייסט אויכ דעמ „מאיענ־טאָהויר", אַלע דינימ פונ „חנ"ה", וואָס געהערנ זיכ אָנ מיט א אישע, לייענט דעמ „צענערענע". דעמ „מנוירעס האמאָויר" און נאָכ אזעלכע ספאָרימ, ווייַזט ווייַ־בער אינ שול צומ דאווענענ וואָס צו זאָגנ, ווענ צו שפּרינגענ קאָדויש, לייענט זיי אויכ פּאָר און האָט מיט זיכ דאָרט, אינ דער ווייַבערשער שול, א לימענע אָדער טראָפּנס אזוינע, אופּצומינטערנ אי זיכ אי אנדערע בעשאס דעמ כאַלעשנ...

און טאקע בעעמעס, אז סאָרע פלעגט לייענען, האָט מען געקענט טאקע כאַלעשן. איר לייענען איז געווען פול מיט געפיל, איר ניגנדל דערבײַ האָט גערירט, געצופט בא דער נעשאָמע, א שטיין אפילע וואָלט פון אירע טרערן אויך צעגאָסן געוואָרן. ס'איז קעדײַ אפ א ציקאוועס צו שטעלן דאָ כאָטש אביסל פייער טכינע ערעוו יאָנקיפּער, בא די וועקסענע ליכט מאכן.

סאָרע לייגט קנייטלעך. ווײַבער, שכיינעס מיט געבראָכענע הערצער שטייען ארום איר. זי לייענט, און לייענט זיי דערבײַ פיר מיט א רירנדער שטימע טיף פונעם הארצן:

„ריבוינעשעלוילעם, דערבארעמדיקער גאָט! די ליכט, וואָס מיר וועלן מאכן אין שול ארײַן פאר דײַנע הייליקן נאָמען וועגן און פאר די הייליקע ריינע נעשאָמעס, זאָלן דערוועקן די הייליקע אָוועס ווע־ימאָהעס, זיי זאָלן אויס זייערע קוואָרים פאר אונדז בעטן, אז קיין בייז, קיין צאָרעס, קיין לייד זאָל אפ אונדז נישט קומען, און אונדזער ליכט און אונדזערע מאנענס ליכט און קינדערס ליכט זאָלן נישט אויסגעלאָשן ווערן פאר דער צײַט, כאסוועשאָלעם... ווי איך וועל לייגן דעם פאָדעם פון די קנייטלעך פאר אונדזער פאָטער אווראָם, וואָס דו האָסט אים מאצל געווען פון דעם פײַער אין קאלכויוון, אזוי זאָלסטו אונדז ריייניקן פון זינד, אונדזער נעשאָמע זאָל קומען ריין פון שולד צו דיר, ווי זי איז געקומען ריין אין אונדזער גוף ארײַן. אין דעם זכוס, וואָס איך לייג דעם פאָדעם פאר אונדזער מוטער סאָרע, זאָל גאָט, באָרעכ־הו, אונדז געדענקען דעם זכוס פאר איר צאר, אז מען האָט איר ליבן זון ייִצכאָק געפירט צו דער אקיידע. לאָז זי א גוטע מעליצע זײַן, אז מע זאָל ניט כאפן בא אונדז אונדזערע קינדערלעך, זיי זאָלן פון אונדז נישט אוועקגענומען ווערן און נישט פארוואָרפן ווערן ווײַט פון אונדז, ווי די בלודנע שעפעלעך. אין דעם זכוס, וואָס מיר לייגן דעם פאָדעם פאר אונדזער פאָטער ייִצכאָק, זאָלסטו זיך איבער אונדז דערבארעמען, אז מיר זאָלן קענען מעגאדל זײַן אונדזערע קינדער, זיי קענען האלטן בא א רעבן, עס זאָלן, ווי דאָס ליכט, אונדזערע קינדערס אויגן לײַכטן אין לערנען, אין דער ליבער טוירע... פאר דעם פאָדעם, וואָס מיר לייגן פאר אונדזער פאָטער יאנקעוו, וועלכן דו האָסט געהאָלפן פון די סאָנים, בײַגעשטאנען אים אין זײַנע נויטן, אזוי זאָלסטו אונדז העלפן פון קאָל המאשכיסים וועהאמעקאטרייגים, זיי זאָלן נישט קענען אָנריידן אפ אונדז שלעכטס, אויסטראכטן בילבולים צו פארשווארצן אונדזער נאָמען... מיר זאָלן אין דעם יוים־האדינ האָבן א גוטן מישפעט מיט אונדזערע מאנען און קינדער, מיר זאָלן, כאָלילע, נישט זײַן קיין אלמאָנעס און אונדזערע קינדער קיין יעסוימים... ביזכוס שלוימע, וואָס האָט געבויט דעם בייס־האמיקדעש און טפילע געטאָן, ווען אפילע נישט קיין ייִד, א פרעמדער גאָר פון אן אנדער אומע, אז ער וועט קומען אין בייס־האמיקדעש ארײַן און דיר בעטן, זאָל זײַן געבעט אויך אָנגענומען ווערן — אין דעם זכוס, ריבוינעשעלוילעם, זאָל נישט פארשלאָסן ווערן דער טויער פונעם הימל פאר מײַן געבעט און לאָמיר געדאכט ווערן מיט מײַן מאן און מײַנע קינדער און מיט אלע לײַט צום גוטן אין דעם נײַעם יאָר אָמיין!".

לאָז נאָר דער לאכן, ווער עס קען, לאָז ער זאָגן, אויב עס לייגט זיך אים דאָס מויל, אז דאָס איז נארישע זאכן — אהער ליכט, אהער אסאך אזעלכע ריינע נעשאָמע־ליכט! אסאך אהער אזעלכע ברענענדיקע געפילן, ריינע הערצלעכע ווערטער, הייסע טרערן, געבעט און ליבשאפט צו טוירע און כאָכמע, ליבשאפט צו מענטשן, צו א גאנצער וועלט מענטשן! און דאָס אלצדינג בא וועמען איז עס? בא ייִדענעס, בא פראָסטע ייִדענעס, וואָס אָנקוקנדיק זיי פונדרויסן, דאכט זיך, זיי זענען גאָרנישט; וואָס אָנקוקנדיק זיי פון מארק, דאכט זיך, זיי זענען מעשונע פארגרעבט... האלעווײַ אסאך אזעלכע ווײַבער מיט אזעלכע געפילן און אזעלכע ווערטער!

דאָס מעגן הערן יענע, יענע... און וויסן, וואָס אזוינס א ייִדיש הארץ באטײַט, מעגן הערן און שטומען!

## VI

א פאָר יאָר איז דרינען, זינט שלוימעלע האָט אָנגעהויבן לערנען טאנאך; איינגאנצן איז ער נאָך א קינד, און וואָס פאָרט, ריבוינעשעלוילעם, האָט ער שוין נישט איבערגעלעבט, ווו איז ער אין דער דאָזיקער צײַט שוין נישט אויסגעווען? טאקע גאָר עפעס ווי אן אלטער, וואָס וואָלט אוועקגעלעבט מעסושעלעכס יאָרן! — ער איז געווען אין אראם־נאהאראיִם, אין קנאַ־ן, אין מיצראיִם, אין פאָראס אומאָדײַ און שושן האבירע דאָרט, און נאָך אין מעדינעס, פון הוידו ביז

קוש, אויך אין דער וויסטעניש, אין מידבאָריעס און אָנגעזוען זיך, אָנגעהערט זיך דאָרט זייער פילֿ וואונדערלֿעכע זאכן. לֿאָז מען פונדעסטוועגן קיין טאָעס ניט האָבן, נישט מיינען, אז עס האָט זיך געמאכט עפּעס אן אומגליק, און רעבֿ כאַיִם האָט געמוזט אויקער זײַן, זיך ארומוואָגלֿען מיט זײַן הויזגעזינד, נעבֿעך, אָדער א סרייפע, א מאגייפע, א בייזע מעהומע, נישט דאָ געדאכט, איז אָנגעשיקט געוואָרן אפּ דעם שטעטלֿ, און די אײַנוווינער זענען זיך צעלֿאָפן, האָבן, ווי דער שטייגער פון ייִדן אין גאָלֿעס, זיך צעשלֿעפּט אהער־אהין, איבער דער גאנצער וועלֿט. כאָלי֯לֿע קיין צאר, קיין בייז! דאָס שטעטלֿ איז, ווי פריִער, א שטעטלֿ, די אײַנוווינער, ווי פריִער, אײַנוווינער, רעבֿ כאַיִם איז רעבֿ כאַיִם, אלֿצדינג ווי פריִער, איטלֿעכער, באָרעכאשעם, אפּ זײַן אָרט, און שלוימעלֿע האָט פונעם שטעטלֿ קיין פוס אפּילֿע ניט ארויסגעשטעלֿט. וואָס־זשע דען? דאָס איז אזוינס, וואָס פאר אלֿע פעלֿקער איז עס א סאָד, גאָר ניט צום פארשטיין, נאָר בא ייִדן פארלֿויפּט זיך עס זייער אָפט. בא ייִדישע קינדער נאָר געשעט אזוינס, אז מען זאָלֿ זיצן טאָג ווי נאכט פארשפּארט אפּ איין אָרט, נישט צו וויסן, וואָס דאָ ארום גייט פיר, וואָס ברויכט צו לֿערנען, צו טון, ביכדיי צו לֿעבן מיט לֿײַטן גלֿײַך; מע זאָלֿ אויסגעטאָן זײַן פון אלֿצדינג דאָ, מעוואטלֿ זײַן אלֿע זאכן, וואָס זענען נייטיק פּאָשעט, ווי אין לֿעבן ארײַן, און איבערטראָגן זיך אינגאנצן מיט די ביינער און אלֿע געדאנקען העט ווײַט אין אן אנדער אוילעם, אין אנדערע צײַטן; מע זאָלֿ נישט זען פאר זיך די וועלֿט, דאָס וואָס פאר דער נאָז, און אָפּגעבן זיך אינגאנצן נאָר מיט אזעלֿכעס, וואָס העט אמאָלֿ, צו וועלֿכעס מען באדארפ נישט האָבן אזוי די אויגן און די אנדערע מענטשלֿעכע גראָבע כושים, ווי א שארפן קויעך־האדימיען, א הוילֿע נאקעטע נעשאָמע אָן לֿײַבֿ, אָן לֿעבן!

שלוימעלֿע, נאָך א יונג קינד, א הינדעלֿע, וואָס לֿיגט נאָך אין דער איי, נישט צו וויסן דאָס אָרט, דאָס לֿאנד, ווו ער איז, נישט דאָס פאָלֿק, די מענטשן, צווישן וועלֿכע עס געפינט זיך, וואָס פרעגט אים בעכיירעם פון א לֿעבן דאָ צו זאָגן, — ער, שלוימעלֿע, בלֿאָנקעט זיך אין די געדאנקען ארום, ערגעץ אין די ווײַטע מעקוימעס דאָרט! ער איז פארוואָגלֿט אין מיצראַיִם, אין די לֿענדער פון סיכוין, אויג מעלֿעך האבאָשן און נעוווכאדנעצער מעלֿעך באָוולֿ, דער קאָפּ לֿיגט אים אין דעם יאם־סוף, אין דעם יאמ־האמעלֿאך, אין דעם טײַך פּראָס און דעם יארדן. פאר אים געפינען זיך מינע מענטשן, מיט וועלֿכע מע באדארפ ריידן לֿאָשנקוידעש, עפּעס גאָר טארגעם, מען זיצט זיך בא זיי אין געצעלֿטן, מען רײַט אפּ מוילֿ־אייזלֿען און קעמלֿען, מען טרינקט פון א „לֿאָגלֿ“, מען גייט באָרוועס און מע טראָגט נאָזבאנדן, אלֿצדינג, ווי דער שטייגער איז. אונדזער נאטור דאָ, מיט אירע מינע געוויקסן, כײַעס און אויפעס געהער זיך מיט שלוימעלֿען נישט אָן. וואָס מאכט עס אים אויס פעלֿדער מיט טוווע — קאָרן, רעטשקע, קארטאָפלֿעס, פונוואנען ער עסט א „קרופּניק“ מיט ברויט אלֿע טאָג? וואָס ווייסט ער א סאָסנע, בערעזינע און דעמבענע ביימער? ער ווייסט נאָר בא זיך אין הארצן: ווײַנגערטנער, טייטלֿען, פײַגן, מילֿגרוימען און איילֿבירטן, פּימסנהאָלֿץ און בוקסנביימער. פון לֿעבעדיקע מינע באשעפעניש ווייסט ער: א וויזלֿטיר, א לֿינדנוואָרעם און א פּיפּערנאָטער, א לֿעמפּערט, א אינד, וואָס טוט טון גלֿוסטן אפּ קוואלֿן וואסער, א שאָר־האבאָר און טורקלֿטויב. אקלֿאלֿ, שלוימעלֿע איז נאָר א געבירטיקער דאָ און אלֿיין איז ער עפּעס, ווי נישט קיין היגער, לֿעבט ערגעץ דאָרט, דאָרט... זײַן צײַט איז פארצײַטן, און זײַן וועלֿט איז א יענע, וואָס אמאָלֿ, דאָ איז ער א גער און דאָרט — אן אלֿטגעזעסענער; ער קומט אהיים נאָר אפּ א ווײַלֿע, ווי א גאסט אפּ דער סטאנציע, עסט אָפּ, נעכטיקט איבער — און מארש — אהין, ווײַטער טאקע אהין!.. זײַן לֿעבן איז, ווי דאָס לֿעבן פון טויזנטער אנדערע שלוימעלֿעך, נאָר פון א זייכער וועגן — אזוי און אזוי איז געווען דענסטמאָלֿ, באיאָמים האָהיים, אין יענע צײַטן. נאָר לֿעבן מיט דעם זייכער אלֿיין דערפון, וואָס איז געווען, בלֿײַבן בא געשיכטע און דרייען זיך, דרייען זיך אפּ איין אָרט, ווײַטער נישט אפּ קיין האָר — אזעלֿכעס הייסט נישט געלֿעבט, נאָר געטרוימט. אונדזערע עלֿטערן, וואָס זענען געזעסן בא די טײַכן פון באָוולֿ, און דער קאָפּ איז זיי געלֿעגן גאָר ערגעץ אנדערש, האָבן שפּעטער ערשט, באם צוריק־קערן זיך פון גאָלֿעס, דערפילֿט אלֿיין און אין סימכעס דערציילט, לֿויט עס שטייט אין דעם שיר־האמײַלֿעס, אז נישט געלֿעבט האָבן מיר, נאָר האָיִינו קעכוילמים — מיר האָבן געכאָלֿעמט.

און וויבאלֿד אזא לֿעבן, וואָס איז א כאָלֿעם, וואָס־זשע איז פאר א וואונדער, אויב אים טרוימט

זיך אזוינס, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפלויגן, אויב עס דרייען זיך ארום אים רוכעס, שלעקן און ס'איז גאנץ רעכט, אויך בעהיימעס מיט מענטשלעכע צורעס, אוכדוימע נאָך אזעלכע ווילדע באשעפעניש!

ווען נישט די ציצעס, די מעזוזע און קרישמע — די דאָזיקע דריַי גוטע שמירעס, וואָס האָבן שלוימעלען אביסל בארוּקט, וואָלט ער, כאָלילע, יונג פון דער וועלט געגאנגען פאר גרויס מוירע, וואָס ווילדע באשעפעניש האָבן אף אים אָנגעמאכט.

ס'איז קעדיַי צו וויסן כאָטש נאָר א טייל כאלוימעס פון שלוימעלעס יוגנט, וויאזוי און דורך וועמען ס'איז אים אנטפלעקט געוואָרן דער סאָד פון רוכעס, גילגולים און פיל אנדערע שרעקלעכע זאכן נאָך גאָר אין די קינדערשע יאָרן.

אין דעם שטעטל ק... פלעגט ציַיטנוויַיז זיך א וויַיז טון, ווי פּלוצים פונעם הימל אראָפּגעפאלן, א ייִד מיט א ווילדער גרויער באָרד, איין אויג א בּליגדס, דאָס אויסזען זיַינס שטארק־שטארק מעשונע און געקוקט האָט ער בייז פון אונטער די לאנגע ברעמען, האלטנדיק אביסל איַינגעבויגן דעם קאָפּ. זיַין אָנקומען האָט זיך געלאָזט הערן אין דעם גאנצן שטעטל, אלע אין איין קאָל: דער באלשעם, רעב עליע באלשעם! ייִדן פלעגט נישט קענען זיך זאט אָנדערציילן פון רעב עליעס גרויסע ווונדער, פון זיַינע סגולעס און קאמייעס — דאָרט און דאָרט האָט ער ארויסגעטריבן א גילגל, דענסטמאָל און דענסטמאָל האָט ער געהאט צו טון מיט „זיי", מיט די נישט־גוטע, וואָס האָבן פאר אים דאָס גיַיניעריקע, ציטערן פאר זיַין פּיפּס. דערביַי איז דער־קלערט געוואָרן דער טאם פון זיַין בּלינד אויג אזוי: אז ער רופט צונויף די שיידים וועגן עפּעס א זאך, שיט ער אויס א זעקעלע מאָן און הייסט זיי מיט א שפּרוך ביז איין מאָנדל צונויפקליַיבן, וואָרעם אָן עפּעס אן ארבעט, לאָזן זיי איין רעגע שטיין ליידיק, קענען זיי מאזיק זיַין. איינמאָל האָט ער זיך פארגעסן מאָן אויסצושיטן, האָבן זיי אים איין אויג אויסגעדראפּעט.

אָט דעם רעב עליען, איבער וועלכן עס האָבן זיך ארומגעטראָגן אזעלכע שרעקלעכע מיַיסעס, אז שלוימע האָט דערזען, איז אים פאר שרעק דער מאמעס מילך אנטפאלן. עמעס טאקע, ווי רעב עליע פּאָרעט זיך מיט רוכעס, דערביַי איז ער נישט געווען, נאָר דאָס בלינדע אייגל האָט אים באווינן גאנץ קלאָר, אז די מיַיסע, אפּאָנעם, איז טאקע אזוי — עלע נישט, פארוואָס־זשע איז ער בלינד?.. שפּעטער אביסל, מיט דער ציַיט, איז אים באשערט געווען צו זען אזוינס אליין טאקע, מיט זיַינע אויגן.

ווינטער באנאכט, ארום ניַין א זייגער, פלעגט געוויינטלעך שלוימעלע און זיַינע כאוויירים גיין פונעם כיידער מיט פּאפּירענע לאמטערנדלעך אין די הענט, מיט א געפילדער און געזאנג, פּיַיפנדיק אין די קולאקעס און צופויקנדיק מיט די באקן. קוים איז מען אפּן וועג צוגעקומען צו דער גרויסער קאלטער שול, ווו עס דאווענען אלע נאכט מייסים, לויט ייִדן מיט בערד זאָגן, האָט פּלוצים עפּעס ווי אָפּגענומען דאָס לאָשן. מען איז אין איין שרעק איבערגעלאָפן דאָס שטיקל וועג פארביַי איר, האלטנדיק זיך בא די ציצעס און שריַיענדיק בא זיך אין הארצן „שמא־יִיסראָעל"! דערנאָך, אז גאָט האָט געהאָלפן, מע איז פון דער סאקאָנע ארויס, האָבן ייִדישע קינ־דער, ווי דער שטייגער איז, זיך געשטארקט, געעפנט א מויל און געזונגען שירע האָפּערדיק, באהארצט. איינמאָל, אין א שטארק קאלטער ווינטער־נאכט, אז שלוימעלע איז באהארצט, ווי גע־וויינטלעך, אריַינגעלאָפן אין שטוב, האָט מען אים באלד אָפּגעשטעלט מיט א בייז־אומעטיקער מי־נע, און דער „גוטן אָוונט!" איז אים געבליבן שטיין, ווי א ביין אין האלדז. ער וויל ארויס מיט עפּעס א וואָרט, נאָר מען וויַיזט אים, ווינקענדיק מיט א פינגער אפּן מויל — שא! ער זעט, ס'איז עפּעס נישט גלאַט. אין שטוב איז טונקל, די מאמע איז נישטאָ, פון די מאנצבלען אויך קיינער נישטאָ, די קינדער זיצן צעשטערט, איטלעכער פאר זיך אין א ווינקעלע. וואָס זאָל ער, נעבעכ, טון? ער גייט, פון קיינעם נישט באמערקט, אף די שפּיצפינגער און קלעטערט ארופ שטיל ווי א קעצעלע אפּן אויוון, כאָטש צו דערוואַרעמען אביסל די נעשאָמע פאר קעלט. פונעם אלקערל אף יענער זיַיט אויוון — א כיידערל פאר א פּאָרפּאָלק, פאר דעם עלטערן ברודער מיט דעם וויַיב — טוט אים עפּעס שטארק א שיַין, ער ציט ליגנדיק זיך אויס מיט דעם קאָפּ אהין, גיט ביגנייווע א בליק און בליַיבט פארגאפט, נישט קענען א ריר זיך טון מיט אן אייווער. דאָס וויַיבערשע בעט דאָרט איז פארהאנגען, זעט ער, מיט א פּאָרהאנג, אָנגעזועצט פון אויבן ביז אראָפּ מיט בריוולעך שפּיל־קעס, וואָס פינקלען אנטקעגן דער שיַין פון א וואָניש־ליכט (א גראָב כיילעוודיק ליכט מיט א באוו־

לענעם קנייטל), די באנק, וואָס נעבן דער רובע דאָרט, איז אָפּגערוקט, און אפ איר אָרט איז אויסגעגראָבן אין דער ערד א גריבל. איינער עפּעס פון א ווילד אויסזענע האלט א שווארצן האָן, רויכערט קרײַטעכער אזוינע און מאכט מעשוגענע האוויַעס, טוט א זעצ דעם האָן אין קעפּל און לאָזט ארויס אפ מעשונגע קוילעס עפּעס נישט קיין מענטשלעכע ווערטער: „איה ביה סטיטיה, אגרפטי, מרום, שמריאל״, ער דרייט מיט די אויגן, בלאָזט, שעפּטשעט: „מצפצ, מצפצ, מצפצ, מצפצ, מצפצ, מצפצ, מצפצ, מצפצ״, א טופ געבנדיק מיט די פּיס, א מאכ מיט די הענט, ווי ער ראנגלט זיך מיט עמעצן, און בא איטלעכס „מצפצ״ דערלאַנגט ער א דריי, א זעצ דעם האָן אין קעפּל אזוי, אז ער פארגייט זיך, נעבעך, כאָרכלענדיק. פון אונטער דעם פּאָרהאנג הערט זיך אויך א שרײַען, א קרעכצן, וואָס רײַסט אויס א שטיק הארצ. דער ווילדער פארשוין צעשאָקלט זיך שטארק בייז, ציט אײַן דעם אָטעם אין זיך, קוועטשט זיך און לאָזט ארויס ווי פון עם בויך עפּעס מעשונעדיקע ווערטער, „טלמכא הישא ובסוסביק פסלמניא״, כאפּט דעם האָן באם גאָרגל, דרייט מיט אים ווי צו קאפּאָרעס, טוט אים א וואָרף אין גריבל..., פארשיט און — דאָס בענקל שטייט באלד טאקע ווידער אפ זײַן אָרט... פון אונטערן פּאָרהאנג גייט ארויס א ביטער געשריי, צו־גלײַך טאקע א קוויטשעלע, א געוויין — מאזלטאָוו! זאָגט עפּעס א ייִדענע און די מאמע, צענע־מענדיק אביסל דעם פּאָרהאנג און ארויסשטעקנדיק דעם קאָפּ, — א ייִנגל, האלעווײַ אפ לאנגע יאָר!

— מאזלטאָוו! — מאכט יענער פארשוין, סאָפּענדיק, ווי א גאנדז — איך האָב געהאט הײַנט מיט „זיי״ א גוט שטיקל ארבעט. פון הײַנט אָן וועלן שוין בא דער קימפּעטאָרן די קינדער זיך האלטן און קיין „באנעמעניש״ וועט זיך, גאנצ זיכער, מער נישט טרעפן.

דעם פּיירעש פונעם דאָזיקן איניען און פון „באנעמעניש״, איז שלוימעלע אין עטלעכע טעג ארום געוואָר געוואָרן דורכ „גרויסע״, וואָס האָבן וועגן דעם צווישן זיך געפירט א ברייטן שמו־עס און דערבײַ גאנצ ערנסט מיט אויסגעצויגענע פּענעמער דערציילט א געשריבענע מײַסע, וואָס די האָר שטעלן זיך קאפויר זי הערנדיק.

„אין דעם קלײנעם שטעטל גאלינג, נישט ווײַט פון כעלעם, איז געוועזן איינער מיט דעם נאָמען רעב גאוריעל. אז דאָס ווײַב זײַנס איז געלעגן געוואָרן לעמאזל מיט א ייִנגל, האָט ער געשיקט בעטן דעם כעלעמער ראָוו, רעב עליע באלשעם, ער זאָל קומען מיט זײַן קאָוועד מאל זײַן דאָס קינד. די מײַסע איז געשען אין כוידעש סיוון, דאָנערשטיק. רעב עליע איז אין דעם טאָג טאקע אָוונט־צײַט געקומען נאָענט צום שכעטל, האָט ער דערזען מעכאשפים און מאכשיי־פעס מער פון הונדערט טויזנט. איטלעכן פונעם מויל גייט ארויס א פלאם פײַער, ארום זיי ברענט אויך א פײַער, און זיי אלע שפּילן זיך אָט מיט דעם דאָזיקן קינד טאקע, וואָס איז געבוירן גע־געוואָרן. אז דער ראָוו האָט א קוק געטאָן, ע־הע, אזוי איז די מײַסע! טוט ער א זאָג דעם מע־שאָרעס זײַנעם: גיכער, גיב מיר אהער וואסער פון מײַן פלעשל! פארן וואשן די הענט האָט ער געזאָגט א שפּרוכ מיט דעם שעם און גענומען זיבן מעסערס, זיבן ברעטלעך, צוויי כאלעס מיט זיבן שיכ, אין איטלעכן שוכ ארײַנגעשטעקט א מעסער, דערנאָך טוט ער אויס די שיכ פון זײַנע פּיס, וואשט צוויי מאָל די הענט, שטעלט אופ דעם גראָבן פינגער פון דער רעכטער האנט און זאָגט אזוי: „מיט דעם קויעכ פונעם הייליקן שעם, אזעלכן און אזעלכן, בין איך מעוואטל דעם קישעף פון די מענער און ווײַבער, די מעכאשפים און מאכשייפעס, עס זאָל נישט שאטן דעם קינד״ און מיט דעם דאָזיקן שעם האָט רעב עליע דערהארגעט אלע מעכאשפים. באלד טאקע נעמט ער דאָס קינד אָפּפירן עס צו זײַן פאָטער און מוטער, און טייקעפ, ווי ער קומט ארײַן צו זיי, רעדט ער ארויס דעם הייליקן שעם „שימשיאָהו״, האָבן אלע מענטשן אין שטוב דערזען, אז יענץ קינד, וואָס ליגט נעבן דער קימפּעטאָרן, איז גאָר שטרוי און קלאָטשע — א פארבלענדזעניש, באהיט זאָל מען ווערן! עס האָט זיך נאָר געדאכט, אז א מענטש, מישטיינסגעזאָגט. ער נעמט דאָס עמעסע קינד, וואָס ער האָט מאצל געוועזן פון די קליפּעס און גיט עס אָפּ צוריק דער מוטער״.

פון דענסטמאָל אָן איז שלוימעלע שטארק צעדרייט. עס דאכט זיך אים, ס'איז אינגאנצן דאָ א פארבלענדזעניש! אָט כאפּט דעם, יענעם דער רועכ, אָדער דער רועכ האָט זיי שוין לאנג גע־כאפּט. עס דאכט זיך נאָר בריִעס, און בעעמעס איז זייער נעשאָמע פון קלאָטשע. ער אליין איז אויך קלאָטשע...

## VII

א מײַסטערן שרעקלעכע מײַסעס אזעלכע צו דערציילן איז געווען יאכנע־סאָסיע, אָדער לייבּ־ציכע, ווי זי האָט געהייסן. זי האָט, זאָל זיך איר גרינג שלוקערצן דאָרט, מיט אירע מײַסעס זייער פיל אפּ שלוימעלען געווירקט.

לייבּציכען, קען מען זיכער זאָגן, האָט גאָט באשאפן אפּ דער וועלט מיט דער איינציקער קאַוואָנע אליין, קעדיי אויסצודריקן מיט איר געשטאַלט גאנצ שארף, איז העכסטנ גראַד, א טייל פון יענע כעפציִעס, וואָס געפינען זיך בא ווײַבער איבערהויפּט צו ביסלעכווײַז נאָר. ווען א גרויסע מאָדניצע אינ פּאריזש, אָדער אינ בערדיטשעוו, אשטייגער, שטעלט מיט זיך פאָר, ווי זי שטייט אונ גייט, א לעבעדיק בילד פון דער ווײַבערשער טײַווע — פּוצנ זיך, ד. ה., אינגאנצנ איז זי א גאָרנישט, נאָר א פּוץ, אזוי האָט לייבּציכע אויך פאָרגעשטעלט מיט איר מײַלכן די ווײַבערשע טײַווע — צו ריירן אונ באריידן, נישט אויסצולאָזן קיינעם אונ קיין זאכ אינ דער וועלט. אוועקגענומען בא איר די דאָזיקע איינציקע מײַלע, וואָלט זי געמעגט גאָרניט געבוירן ווערן, קיינעם, כאָלילע, וואָלט עס נישט געארט. — לייבּציכע פלעגט, ווי א נאָענטע שכיינע, קומען צו סאָרען, רעב כאַימס ווײַב, לײַען אמאָל דאָס, אמאָל יענץ, אונ קימאט אָלע פרימאָרגנ נעמען פונעם פריפּעטשיק א קויל פײַער בא איר. שוועבעלעך, ווי הײַנט, האָט מען דענסטמאָל ווייניק געוווּסט, מען פלעגט געברויכנ אנדערע מינע מיטל אונ פײַערגעצײַג. לייבּציכע פלעגט דאָס קויל פײַער ארײַנשארן אינ א טעפּל, בלאָזן עס צווישן די קאַלטע קוילן דאָרט, אונ דערבײַ אויסשיטנ גאנצע זעק רייד. איינמאָל אינ וואָכ האָט געמוזט צווישן די דאָזיקע צוויי שכיינעס זיך מאכנ א רויגעז. געוויינטלעך פלעגט דער רויגעז ארויסשפּרינגען אינ א מאַרקטאָג, איבער עפּעס א מעציִע, נאָר מער פון א טאָג האָט ער קיינמאָל נישט געדויערט. מאָרגן גאנצפרי איז שוין לייבּציכע מיט דעם פײַערטעפּל געקומען, איז געווען זיס ווי צוקער, געבלאָזן אינ טעפּל אונ גערעדט א שרעק.

אינ די לאַנגע ווינטער־נעכט פלעגט זי אָפט קומען זיצן בא סאָרען מיט עפּעס אן ארבעט, מײַנסטנס מיט א זאָק אינ דער האַנט, אונ האַלטן זיך אייצעס, צי ס'איז שוין צײַט אָנצוהייבן די פּיאַטע, אָדער אפּ וויפל אייגלעך אָפּצולאָזן די זאָק. דערבײַ האָט זיך איר נישט צוגעמאכט דאָס מויל, גערעדט, בארעדט, דערציילט מעשונע־וווּנדערלעכע מײַסעס, וואָס זענען זיך פארלאָפן אינ דער וועלט, אויך מיט איר אליינ אונ מיט איר זיידן אָלעוו־האשאָלעם, שווערנדיק זיך מיט קאָל האשוועס, אז אלצדינג, וואָס זי דערציילט, איז עמעס. פון איינ מײַסע איז זי איבערגעגאנגען אינ דער אנדערער, אונ אמאָל האָט זי אויסגעמישט צוויי מײַסעס איניינעם. פון וואָס מע זאָל נישט געווען ריידן, איז זיך עס נישט אויסגעגאנגען אָן לייבּציכעס א מײַסע. האָט מען גערעדט פון עפּעס א שלאָפקײַט, קאַדאָכעס, אשטייגער, איז לייבּציכע ארויס מיט דער שפּראכע:

— שא, אָט האָט איר אײַך, יִדישע קינדער, גאָר א פרישע מײַסע! פּייסעכ קלאָץ, אָט דער יִישוּוניק קלאָץ, א רויטער, א געזונטער, גאָר ־טאקע א פויער, זיצט ער זיך, פּייסעכ, איבער א גרויסער שיסל זויערמילכ, ארײַנגעטאָן אינגאנצנ מיט כיישעק אינ דער אכילע. וואָס דען־זשע זאָל א גראָבער יונג טון? ווי פּייסעכ זיצט זיך דאָ אזוי, די נעשאָמע זײַנע אינ שיסל, קומט ארײַנ אינ קרעטשמע צו אים עפּעס א פרישער פּארשוינ. ווער דער פּארשוינ איז? דאָס וועט זיך שוינ ארויסווײַזן ווײַטער, שפּעטער אביסל. שטייט ער זיך דער פרישער פּארשוינ אנטקעגנ קלאָצן, קוקט, קוקט, נישט אראָפּצונעמען פון אים די אויגן. אונ ווי פּייסעכ שעפּט אָנ א גרויס לעפל זויערמילכ אונ טראָגט עס צום מויל, אזש מײַנ פּארשוינ טוט אים א פּאטש איבער דער האַנט, אונ דאָס לעפל מיט דעם זויערמילכ פּאַלט ארײַנ — באַצ אינ שיסל. — דו זעסט — מאכט דער פּארשוינ צו אים — אָט דאָס קלייניטשקע שווארצינקע פּינטעלע, וואָס שווימט דאָ ארום אינ שיסל? ניינ, דאָס איז נישט ־קיינ פּראָסט פּינטעלע. ס'איז דײַנ מאזל, וואָס איכ האָב מיר דאָ באצײַטנס אונטערגעכאפּט, איידער דו האָסט עס אראָפּגעשלונגען, דאָס גוטיטשקע פּינטעלע איז עס. ווילסט וויסנ, ווער, וואָס? — נא! דאָס קאַדאָכעס האָט זיך עס פארוואָרפן אינ א שווארצ פּינטעלע אונ געוואָלט מיט דעם זויערמילכ איניינעם דיר אינ בויכ ארײַנ.

ער נעמט באַלד א פּאכירל, גיסט אהינ אינעווייניק ארײַנ דאָס זויערמילכ מיט דעם פּינטעלע אונ הענגט עס אופ איבער דעם אויוון. פּייסעכ קלאָץ שטויסט זיך שוינ אָנ, ווער דער פּארשוינ איז, איינער פון דער גוטער קנופּיע איז ער. ער האָט אים זייער שיינ באדאנקט. דערנאָכ איז

פּייסעך קלאָץ געפּאָרן אין שטאָט אַרײַן און געבענטשט גוימל... וועט איר דאָך מיך פרעגן, וואָס איז, יאַכנע־סאָסיע, דער סאָף מיט דעם פּאַכירל? אוי, אוי, אזא סאָף מיט אַלע אונדזערע סאָנים געזאָגט געוואָרן! עס איז אויסגעטריקנט געוואָרן, ווי א שפּענדל, פון א מינדסטן בלאָז האָט עס מיט אים געוואָרפן ווי א קאַדאָכעס, דער רועך האָט שיר נישט צוגענומען דאָס קאַדאָכעס, אַזוי האָט עס געליטן, ליגנדיק דאָרט פאַרשפּאַרט. באַדאַרף זיך מאַכן, אַז מע זאָל מיט א שפּילקע א שטאָך טון אין דעם פּאַכירל, איז דאָס קאַדאָכעס, ווי א רועך, אַרויסגעפלויגן. אַזוי פליִען זאָל איך, ריבוינעשעלוילעם, אין פול גוטס, אָמיין!

זינט דער דאָזיקער מײַסע זאָגט זיך שלוימעלע אָפּ פאַר שרעק פון זויערמילך. עס באַקומט אים נישט איבערהויפּט דאָס עסן, די בעסטע שפּײַז אַפילע. ער קוקט זיך צו אין טעלער צו א מינדסט שוואַרץ פּינטעלע און ציטערט — אָט טוט אים א נעם דאָס קאַדאָכעס.

איינמאָל, אין א ווינטער־נאַכט, זיצט זיך סאָרע מיט לייבציכע ן לעבן אויוון און פליקן ביידע פעדערן. אַנטקעגן זיי אַפּ דער באַנק זיצט די קאַץ, פאַרלייגנדיק אונטער זיך די הינטערשטע פיס, מאַכט מיט דעם וויידעלע און קוקט מיט א פּאָר גרינע אויגן. אַפּן „לוטשניק" ברענט א פײַערל, די קינדער, אַמאָל דער, אַמאָל יענער, וואַרפן אונטער דאָרע שפּענדלעך. אין שטוב איז וואַרעם מעכײַע, עס רעדט זיך עפּעס געשמאַק, אַזוי געשמאַק.

— וואָס, פון דער קו, סאָרע, רעדסטו? — פאַלט לייבציכע אַרײַן סאָרען אין די רייד — די קו גיט עפּעס ווייניק מילך, זאָגסטו, די קו? דאָס נעמען די מאַכשייפעס צו דאָס מילך. איינע מיטל דערצו איז — קאָכן דאָס „צעדעלקע" (א שטיקל לײַוונט אַפּ איבערזײַען דאָס מילך). אַז איך בין נאָך א מיידל געווען, האָט זיך געטראָפן באַם זיידן, מיר אַפּ צו לאַנגע יאָר, א מײַסע, אין דעם יאָר טאַקע, וואָס מיט דעם גאָנער — א ליכטיקן גאַניידן זאָל ער האָבן, דער זיידע. ס׳איז נאָך אַזא מײַסע נישט דערהערט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט. מען האָט אים נישט געקענט רירן פונעם אָרט, אַזוי שווער איז דער גאָנער געווען, א הונדערט פונט, און עפּשער נאָך מער. ער האָט באַדאַרפט געבן אַוואַדע עטלעכע טעפּ שמאַלץ, און גריוון גאָר אָן א צאָל. צוריקטראָגנדיק אים פונעם שויכעט, א געקוילעטער שוין, גיט ער זיך פלוצים א שטעל אַפּ די פיס, טוט זיך א לאָז מיט א פײַפּ איבער דער גאַנצער גאַס, און ווערט פאַרשוווּנדן. ווער גאָנער, וואָס גאָנער — א גילגל איז דאָס געווען!.. טפו, איך מיש איינע מײַסע מיט דער אַנדערער, פליישיקס מיט מילכיקס, פון מילכ וויל איך גאָר דאָ דערציילן. א מיידל אַז איך בין נאָך געווען, האָט די רויטע קו דעם זיידנס, אָלעוו־האַשאָלעם, אופגעהערט קימאַט צו געבן מילך, איז געוואָרן מאָגער, דאַר — קוואַר מיט ליידיקע אײַטער. די באָבע טעמע, זאָל א גוטע מעליצע זײַן, האָט זיך שטאַרק געערגערט. גיי, זאָגט זי, גיב פּרעסן א קו, אַז זי וויל נישט געבן קיין מילך, מאַקעס איר... פּעטריכע, זאָל זיך מיִען — נישט מיִען דאָרט, האָט, צעקריגנדיק זיך מיט אירע א כאַווערטע, א מאַכשייפע, אויסגעזאָגט דעם סאָד, אַז דאָס איז איר מעלאָכע. און פאַר א טרונק בראָנפן געהייסן אָט וואָס: „טעמע, מאַכט זי, נעם צעלייג אָוונט־צײַט אַפּן פּריפּעטשיק א פײַער, שטעל אַרויף דאָרט אַפּ א טרינישקע א טעפּל, אין טעפּל טו אַרײַן די „צעדעלקע" און די האָר פון א פלעדערמויז מיט די קרײַטעכצער, וואָס איך גיב דיר דאָ. טיר און לאָדן זאָלן זײַן גוט צוגעמאַכט, כוץ דיר זאָל קיינער אין שטוב נישט זײַן. אויב דו האָסט שטאַרק מוירע, מעג יאַכנע־סאָסיע מיט דיר בלײַבן. אַז דאָס טעפּל וועט אָנהייבן קאָכן, וועסטו הערן א קלאַפּ אין דער טיר, שפּעטער א ביסל — קוילעס מיט א געבעט: טעמע, עפן די טיר! און דו — שאַ. דאָס וועט די מאַכשייפע, קײַקלענדיק זיך אַפּן בויך, קומען בעטן זיך און אָנעמען דאָס קאָל פון דײַן מאַן, און נאָך אַנדערע אַלערליי קוילעס, דו אָבער — ציט... עפן ניט לעמאַנעשעם אולמאַנאַשעם". קאַך־האַווע, איך געדענק עס, ווי הײַנט. ס׳איז אָוונט־צײַט, אין שטוב איז פינצטער, איך מיט דער באָבען, מיר אַפּ צו לאַנגע יאָר. שטייען מיר באַם פּריפּעטשיק. דאָס טעפּל אַפּ דער טרינישקע, אונטן ברענט א פײַער, קוים הייבט אָן דאָס טעפּל טיאָך־טיאָך, הערט זיך אין דער טיר קלאַפּ־קלאַפּ. די באָבע ציטערט, שטשירעט אויס אַפּ מיר אָן אויג, פאַרבײַסנדיק מיט די ליפּן. מיר אין האַרצן קלאַפּט אויך — טיאָך־טיאָך, נאָר גאָרנישט. שאַ! פלוצים הערט זיך א קאָל ווי פונעם זיידן, אָבער אַקוראַט אַזוי, מע האָט געמעגט שווערן, מיט א געבעט: טעמע לאָז מיך אַרײַן, טעמע! די באָבע פאַרבײַסט נאָך שטאַרקער מיט די ליפּן, ווינקט מיר מיט א פינגער אַפּן מויל, דאָס הייסט — שאַ, יאַכנע־סאָסיע! איך לייג אַלץ אונטער שפּענדלעך. דאָס טעפּל קאָכט, פון דרויסן הערן זיך

קוילעס: ווידער ווי דעם זיידנס קאָל מיט גוטן און מיט בייזן. דאָס איז געווען זי, די מאכשייפע, עס האָט איר, אפאָנעם, גוט געדרייט אין בויך פונעם קאָכעניש אין טעפּל. שפּעטער אביסל א א כריוקען פון א כאזער, א בילן פון א הונט, א מעקען פון א ציג, א מיויקען פון א קאַץ. דערנאָך, דערנאָך... הערסטו, סאָרע, וואָס איך וועל דיר בעסער זאָגן, — טוט פּלוצים א זאָג לייב־ציכע, פארקוקנדיק זיך אפ דער קאַץ, וואָס ליגט זיך אויסגעשטרעקט אנטקעגן אפ דער באַנק, דרייענדיק דעם וויידל און מאכנדיק מיט די פאָדערשטע לאַפּקעס, — דו הערסט, עס געפעלט מיר עפּעס נישט דײַן קאַץ. איך האָב מוירע, אוי, א ווייטעק איז מיר נישט, דאָס איז א גילגל!... א קאָטא!

— א קאָטא, א קאָטא, א קאָטא!..

די קאַץ דערשרעקט זיך, לויפט און פאלט אַרײַן אין דעם טאָפּ פעדערן, שפּרינגט געשווינד ארויס, אײַנגעטונקט אין פעדערן, ווי א שווארצ־יאָר. עס ווערט א געשריי, א יאָגעניש, זי — פּוץ אפ טיש און אפ בענק, און אלע נאָך איר. ס'איז א צאָרן, א מעהומע אפ דער בידנער קאַץ, נעבעך, גאָר פּלוצים, אומגעריכט!..

פון דענסטמאָל אָן דאכט זיך שלוימעלען גילגולים. דער גאַנער איז נישט קיין גאַנער, די קאַץ איז ניט קיין קאַץ, אויך דער מענטש, לעהאוודל, איז נישט קיין מענטש, די דאָזיקע וועלט דאָ איז אינגאנצן טאקע נאָר אן אוילעם האדימיען.

VIII

דאָ אפ דעם אוילעם איז שלוימעלע א לעמעך, ווייסט נישט פון א לעבן צו זאָגן, דערפאר דאָרט אפ יענעם אוילעם, וווהין ער פארפליט דורך דעם לערנען, איז ער א ווילדער כאָכעם, קען אלצדינג ווי א גרויסער לאמדן, אזעלכעס אפילע, וואָס איז פאר אנדערע היינט גאָר א סאָד; ער לערנט געמאָרע, פארנעמט זיך מיט דינים אומישפּאָטים און נאָך אנדערע זאכן דאָרט. ער איז א דאָרטיקער מיט אלע גענג, מיט דעם שטייגער ריידן, מיט דעם שאָקלען זיך, אינגאנצן מיט די ביינער, מיט לײַב און לעבן. פאר אים איז דאָרט א וועלט מיט אייסאָקים — ס'איז דאָרט א מאכלויקעס איבער אן איי, וואָס די הון האָט יאָנטעוו געלייגט, לעוויִים נעמען מײַסער, קויהאנים נעמען טרומע, זײַנען מאקריוו קאָרבאָנעס, און ייִדן שמײַסט מען מאלקעס... שלוימעלע איז שטארק פארנומען. ווו פאר אים צײַט, ווען צײַט? נישטאָ קיין צײַט! — דער קאָפּ איז אים דול.

איינמאָל, נאָך א גרויס דולעניש, אז שלוימעלע איז ווי א גאַסט פון יענער וועלט אהיים אראָפּגעפאלן, עפּעס איבערכאפּן, האָט ער באלד באַם ארײַנגאנג אין שטוב דערהערט א יאָמער, א קלאָג ווי מע באוויינט א טויטן, די מאמע ברעכט די הענט, טײַנעט עפּעס און וויינט אפ א ניגן. דאָווידל און איידעלע, צוויי ברעקלעך קינדער, שטייען פונדערווײַטנס אין א ווינקעלע און רעווען, קוקנדיק אפ דער מאמע, מיט אָפענע מײַלעכלעך. לייע, די עלטערע שוועסטער, זיצט אפ דער מילכיקער באַנק, אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, און איז שטארק פארומערט. שלוימעלען גיט א א טיאָכקע דאָס הארץ, אין די אויגן שטעלן זיך אים טרערן, און ער הייבט אָן באלד טאקע אויך צו וויינען.

אוי, א גזאר־דין, א גרויס אומגליק, אוי ווײ, האָט אונדז געטראָפן! — טײַנעט די מאמע, פארגייענדיק זיך פון טרערן.

— מא־אמע, מא־מע־ע! — רעווען די קליינע קינדער און קראצן די קעפּלעך מיט ביידע הענטלעך.

— אי־איק־היק! — שלוכצט שלוימעלע, דער דאָרטיקער כאָכעם, און שנײַצט די נאָז.

— ווײנ, שלוימעלע, ווײנ! — זאָגט די מאמע מיט טכינע־לאָשן, אז זי האָט אים באמערקט, און לייגט ביידע הענט אים אפן קאָפּ ארויפ — טו, אלמעכטיקער פאָטער, די טרערן פון דײַנע אומשולדיקע קינדער טונ אין דײַן לאָגל. אוי, אומגליקלעכ קינד, ווייסט איז אונדז, פינצטער איז אונדז — פינצטערע שקאָלעס... ייִדישע קינדער נעמען אין די שקאָלעס!

— גוואלד! — שרײַט שלוימעלע, פארגייענדיק זיך אונטער דער מאמעס הענט.

שלוימעלע דער „דאָרטיקער“ האָט געהערט, אז אפ דער וועלט „דאָ“ געפינט זיך בא „זיי“ עפּעס שקאָלעס. וואָס מע טוט דאָרט אזוינס? דאָס האָט ער נישט געוווסט. געהערט נאָר, אז מע שמײַסט א שרעק. אציגד, דערוויסנדיק זיך, וואָס דער מאמעס געוויינ באַטײַט, — אז ס'איז דאָ א

באפעל, מע זאָל יידישע קינדער נעמען אין די שקאָלעס, איז אים אנטפאַלן דאָס געזונט. עס האָט אים זיך געדאַכט, אַז שטייען זוועלנער, מע נעמט אים, מע פירט אים, מע שמײַסט... און דעריבער האָט ער נעבעך געשריִען — גוואַלד!

די מאַמע־זשע ווידער האָט געוויינט נישט אזוי דערפאַר, וואָס מע שמײַסט; שמײַסן שמײַסט מען דאָך אין כאַדאָרים, לעהאַוודל, אויך, נאָר גלאַט אזוי, ווײַל שקאָלעס איז א מיִעסע זאַך. דער נאָמען שקאָלעס אַליין איז שוין פע, א שרעק, ס'איז דאָך אַן עק פון דער וועלט, אויס יידישקייט. וואָס קען כאָלילע פון יידישע קינדער ווערן?

יידן אין שטעטל זענען ארומגעגאַנגען אָן קעפּ, מע האָט געזיפצט, געקרעכצט און גערעדט פון די שקאָלעס. דערבײַ געמורמלט אַפּ עפּעס א דײַטשל, א ליליענטאַל, וואָס פון אים און נאָך אזעלכע, ווי ער, „בערלינער”, קומט דאָס גאַנצע שפּיל אַרויס. מע האָט געמאַכט אסיפעס און געטראַכט, וואָס טוט מען עפּעס דערצו. ס'איז געבליבן, מע זאָל גויזער־טאָנעס זײַן, זאָגן טילים, רײַסן קוואָרים און אײַנלייגן די וועלט. מעלאַמדים, נעבעך, זענען געווען געפּלעפט, שטאַרק דער־שלאָגן, האָבן געציטערט פאַר זייערע קנעלונגען. די שקאָלעס וועלן זיי דאָך לעבן, מאַכן דעם טויט. אז גאָט אַליין וועט זיך דאָ ניט ארײַנמישן, נישט טון עפּעס א נעס, וועלן זיי דאָך בלײַבן אויסגעשטעלט. עס פאַרשטייט זיך, דעריבער, ווי שטאַרק, נעבעך, זיי האָבן געפּיל־דערט, אונטערגעהודעט דעם אוילעם. אַלע טאָג פרי און פאַרנאַכט זענען די שולן פול געווען פון יידן. מעלאַמדים האָבן געפירט אהין קינדער פון די כאַדאָרים. מע האָט געזאָגט געוויסע קאַ־פּיטלעך טילים, געוויינט, געפּאַסט. דער ערשטער טאָנעס שלוימעלעס איז געווען יענער, וואָס וועגן די שקאָלעס. ווײַבער זענען געגאַנגען אַפּ קייווער־אָוועס, געמאָסטן פעלד און פאַרגאָסן טײַכן טרערן. ס'איז געווען א פאַרוויינטער זומער! אפילע דאָס ביסל גויִים אין דעם שטעטל זע־נען אויך געווען עפּעט ווי צעדרייט. די גויִים און יידן פונעם שטעטל האָבן געלעבט צווישן זיך זייער גוט — איינער פונעם אנדערן געצויגן דאָס שטיקל פאַרנאָסע, איינער באַם אנדערן האָט געוווסט, וואָס עס טוט זיך, און איינער דעם אנדערן זיך געלאָזט דערקענען סײַ אין לייד, סײַ אין פרייד. איז א כאַסענע געווען, אשטייגער, באַ יידן האָבן באַקאַנטע גויִים געשיקט אים דראָ־שע־געשאַנק: דער א הון, יענער עטלעכע צענדליק אייער, איינער א ברויט, דער אנדערער א קוילעטש, איטלעכער נאָך זײַן שטאַנד, און דאָס אייגענע טאַקע אויך פאַרקערט. דעריבער האָט דאָס געוויין, דאָס געפּילדער, דענסטמאָל באַ יידן, אָנגעמאַכט א מאָרעשכוירע אַפּ די גויִים, און זיי האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס זאָל עס אווינס באַטײַטן!

— אוי, הריצקאָ, קאַזשי, שטשאָ נאַשי זשידקי טאַמאָטשקאָ פּלאַטשוט, קריטשאַט גוואַלד, יאַק בודטאָ איך ריעזשוט?

— עווטאָ כאַפּונא וואָני פּוהאַיוטסאַ, שטשאָבי כאַפּון איך ני כוואַטאַוו.

— אַ־ני! דאָ כאַפּונא שטשע דאַלעקאָ. מאָזשע מיסיאַצי דוואַ אַלבאָ טרי בודע דאָ איך סוד־נאָהאַ דניאַ. טרעבאַ פּיטאַטי, שטשאָ צע טאַקע? באַטשיש, אָט כײַקאַ!

— כטאָפּ כאַיקאַ! קאַזשי־נאָ, שטשאָ עווטאָ טי טאַק ביהאַיעש אי הירקאָ פּלאַטשעש, אַ?

— אוי־וויי מיקיטאַ, נעסעניטעניצע! נימאַ טשאַסו. אָט בערקאָ! פּיטײַ או בערקאָ, ניכײַ קאַזשע בערקאָ, ווײַ איז מיר! — ענטפערט כײַע־גרונע, לויפנדיק באַרג אַראָפּ צום בייסוילעם אין איין אָטעם.

— איי, בערקאָ! טשויעש, אַ־אַ שטשאָ טאַק זשידקי כניקאַיוט, האַ?

— עטאָ־אוי, טשעלאָוויטשע דאָברי, אוי ליכאָ... בודוט כאַפּאַט כלאָפּצעוו נאַשיך אווו שקאָ־לי! — שטעלט זיך בערקאָ דערציילן די גויִים, ווי ער קאָן, דעם גאַנצן איניען פון די שקאָלעס. וואָס פאַר א פּאָנעם זיי האָבן, נעבעך, געהאַט, ארײַנפאַלנדיק צו בערקען אין מויל! די גויִים אָבער האָבן אים פאַרשטאַנען, זיך איבערגעציילעמט און דרײַ מאָל אויסגעשפּיגן, ווי דאָס איז טאַקע אַן אומגליק.

ביזוואַנען אָבער זכוס־אָוועס וועט בײַשטיין, זיך מיִען פאַר דעם קיסע־האַקאָוועד און דער אייבערשטער וועט א נעס טון, דערווײַל האָבן יידן זיך געטאָן די אַלטע סגולע — כאַסענע מאַכן יונגע קינדער. ס'איז געוואָרן א בעהאָלע. שאַדכאָנים, גוטע, פײַנע מענטשן, האָבן נישט געשפּאָרט קיין מי, געאַרבעט, אויס ליבע צום פאָלק ייִסראָעל, אַפּ אַלע קיילים, מע האָט געכאַפּט און אָפּגעשטעלט כופּעס קליינע ייִנגלעך מיט יונגע מיידלעך, עס זאָל הייסן, אין דעם פאַל וועגן כאָלילע שקאָלעס, הע־הע אָפּגעטאָן אַפּ טערקיש — נישטאָ קיין קינדער, נאָר לויטער באַלעבעס־

לעך, קליינע ייִדעלעך!.. און ביכדיי טאטעס פון קליינע מיידלעך זאָלן זיך נישט אײַנשפּאַרן, זיך נישט שטארק איבערנעמען מיט זייער סכוירע, איז ארויס א קלאנג, אז מיידלעך וועט מען אויך נעמען עפּעס אין די קאָלאָניעס ערגעצ. אז שלוימעלע איז ארויס טרוקן, נישט כאסענע געהאט דענסטמאָל אין דער בעהאָלע, איז דאָס מיסטאמע נאָר א גאָט־זאך — פאר אים איז אין דעם שטעטל נישט געווען זײַן באשערטע, און אנטקעגן גאָט קאָן מען נישט גיין, עס העלפט נישט אנטקעגן אים קיין כאָכמעס. מיט וואָס דען אנדערש לאָזט זיך עס דערקלערן? די מאמע האָט דאָך כיישעק געהאט, דער טאטע, עמעס טאקע, האָט זיך געקרימט ווי איינער רעדט: פע! נאָר נאַרישקײַטן. אין אזוינע זאכן איז דער ווילן פון די ווײַבער שרעקלעך שטארק, ברעכט אײַזן. און פון שלוימעלעס זײַט וואָלט נישט נאָר קיין מעניִע נישט געווען, אדעראבע, עס וואָלט אים נאָך גאָר מעשונע האנאָע געטאָן. איינ מאָל, פארוואָס זאָל ער ערגער זײַן פון אנדערע ייִנגלעך, פארוואָס אנדערע ייִנגלעך קומט עס יאָ קאלעס, און אים נישט? — אוי האָט ער עס מעקאנע געווען א כאָסן־באָכערל; עפּעס איז אזעלכער א גאנצער מעיוכעס. קיין בערדל, עמעס, האָט ער נישט, שמײַסן אין כיידער שמײַסט מען אים ווײַטער טאקע אויך, פונדעסטוועגן איז ער פאָרט עפּעס ווי א שטיקל גרויסער; ער מענטשלט זיך, קוקט אפ זײַנע כאוויירים אראָפּ מיט גײַווע, אָט־אָט נאָך אביסל, איז ער שוינ אליינ א טאטע... און צווייטנס, האָט זיך אים, גאָר אָן די אלע זאכן, גלאט אזוי זיך געוואָלט האָבן־א קאלע. ס'איז עפּעס א גאנצער אייסעק — איך, באָכערל, האָב מיר א קאלע, זיצ מיר און טראכט מיר בא זיך — קאלע! מע באדארף נישט פארגעסן, אז שלוימעלע איז דאָך געווען א „דאָרטיקער", א גאנצער יערושאלמי, קליינע כאָסן־קאלע איז דאָרט אין לאנד גאנצ געוויינטלעך, הײַנט האָט ער דאָך אין דער געמאָרע מיקויעך פאָרפאָלק־זאכן געלערנט אויך, דערצו נאָך געהאט א פײַערדיקן קויעך־האדימיען, דאָס פאָעטישע פינקעלע, וואָס גיט אמאָל פלוצים, ווי פון דער העלער הויט, א ברי...

נאָר ווי די מײַסע איז, שלוימעלע האָט אין דער בעהאָלע נישט כאסענע געהאט, געבליבן ווי פריִער א ייִנגל. גאם זו לעטויווע! וואָרעם, ווי דערנאָך האָט זיך ארויסגעוויזן, איז אומזיסט געווען די בעהאָלע. ייִנגלעך אין די שקאָלעס ארײַן האָט מען מיט גוואלד נישט גענומען, מיידלעך אין די קאָלאָניעס — אויך נישט. כאדאָרים זענען געבליבן כאדאָרים, און מעלאמדים — ווײַטער טאקע מעלאמדים, אלצדינג וואָס פריִער. אין אנדערע גרויסע שטעט האָט מען אפילע געמאכט ייִדישע שקאָלעס, נאָר אָן סאקאָנעס! קינדער זענען דאָרט ווייניק געווען, און מישטיינסגעזאָגט, וועלכע? אָרעמינקע עפּעס, פון דעם געמיינעם אוילעם — אויך מיר מענטשן!

אויך ליליִענטאל איז עפּעס ווי פארשוווּנדן געוואָרן. פון דער קאָמפּאניע זײַנער איז אין דעם שטעטל ק... ווי פון די שקאָלעס, קיינ זייכער ניט געבליבן. מע האָט אינגאנצן אין זיי פארגעסן. שלוימעלע וואָלט נישט געוווּסט פון זייער געביינ, אויב אזעלכע זענען גאָר אפ דער וועלט ערגעצ דאָ, ווען עס זאָל זיך נישט געווען שפּעטער מאכן אָט די דאָזיקע מײַסע:

ווײַהי האיוים, איז אין א שיינעם זומער־טאָג געקומען אין דעם שטעטל א גרײַז־גראָווער ייִד, נידעריק געוואקסן, מיט א בײַכל און מיט זייער א ליבלעך פּאָנעם. עס האָט געהייסן בא איטלעכן אין שטעטל: מיר האָבן א גאסט — רעב נאָכעם רויזעווער, רעב נאָכעם איז געקומען זיך געזעגענען!.. און אלע האָבן זייער גוט פארשטאנען, וואָס „געקומען זיך געזעגענען" הייסט אזוינס.

אז רעב נאָכעם פון שטעטל רויזעוו האָט אויסגעגעבן די ייִנגסטע טאָכטער זײַנע און איז געבליבן אפ דער עלטער אן אלמען, האָט ער זיך פארנומען פאָרן בלי־ניידער שטארבן אין ערעצ־ייִסראָעל. נאָר אזויווי ביז דעם שטארבן באדארף דאָך א מענטש האָבן צום לעבן און א ייִד — דערצו נאָך כאסענע האָבן אויך, הייסט דאָך עס, מע באדארף האָבן געלט, וואָס־זשע טוט מען? בעכיינ האָט רעב נאָכעם געטאָן דאָס, וואָס אנדערע ייִדן אין אזא פאל טוען — ער איז עטלעכע יאָר ארומגעפאָרן צווישן ייִדישע קינדער, פון איין שטאָט אין דער אנדערער זיך געזעגענען, דאָס הייסט נעמען שיינע נעדאָוועס און מאכן באשטעלונגען, אויב עס לאָזט זיך נאָר, אפ ווײַטער אויך, אימירצעשעם. אזא פארנאָסע, ווי „געזעגענען זיך" רעכנט זיך בא ייִדן שוינ גאָר נישקאָשעדיק, אזעלכער וואָס פאָרט אהינ שטארבן, איז בעקאָוועדיקער פון אלע אנדערע מינע מעקאבלים, באטלאָנים און אויך פון ניסראָפים, אשטייגער, ער שמעקט שוינ מיט קוואָרעסבלעטלעך, מיט ערעצ־ייִסראָעל, ער איז שוינ א קאנדידאט אפ א יערושאלמי!.. רעב נאָכעם איז

ארומגעפאָרנ אזוי עטלעכע יאָר אונ האָט צו ייִדנ, כאָלילע, נישט דערלייגט. מע האָט אימ פאַר־בעטנ דער אפ א וועטשערע, יענער אפ ווארמעס, אונ באמ געזעגענענ זיכ אימ געגעבנ אינ האנט אריַינ אויכ. רעב נאָכעמ פונ זיַינ זיַיט האָט זיי צוגעזאָגט דערפאר זייער פיל האפטאָכעס. דעמ אזוי, יענעמ אזוי, איינעמ — בעטנ פאר אימ אפנ קייווער פונ מייער באַל־האנעס, אונ דעמ אנדערנ — ערעצ־ייִסראָעל־ערד... רעב נאָכעמ האָט נישט פארשעמט דאָס שטעטל ק..., ווו ער האָט געהאט באקאנטע אונ עטלעכע וויַיטע קרויווימ, אונ אינ א שיינעמ זומער־טאָג איז ער גע־קומענ זיכ געזעגענענ אהינ.

געוויינטלעכ עסט מענ זומער אינ שטעטל וועטשערע בא דער שיַינ פונ דער לעוואָנע, אויב זי איז דאָ אונ, אויב ניט — בא א כיילעוודיק גראָשנ ליכטל. מע מאכט עס אָפ בעקיצער, אונ א גוטע נאכט — שלאָפנ! באלד טאקע, אָדער נאָכדעמ ווי מע לופטערט זיכ אינדרויסנ אביסל אויס. אינ איינ זומער־נאכט אָבער, זייער א ליכטיקע, כאָטש פערל צו קלייַבנ, איז בא רעב כאַימענ אינ הויז געווענ א פארענדערונג: דער טיש איז געגרייט גאנצ פיַינ, ליכט ברענענ אינ מעשענע לייַכטער, עפעס יאָנטעוודיק. דאָס האָט רעב כאַימ פארבעטנ צו זיכ רעב נאָכעמ רויזעווער אפ וועטשערע. עס האָט זיכ געצויגנ באמ טיש א לאנגער, א ברייטער שמועס איבער דעמ קויסל־האמאראָווי אונ דער מעאָראס־האמאכפיילע, איבער דעמ האר־האזייסימ אונ דער מוטער ראָכלס קייווער, איבער כורוועס אונ קוואָרימ, אונ מע האָט פארבײַסנ מיט א שמועס איבער פייַגנ, טייטלענ, מילגרוימענ אונ באָקסערנ. אלע האָבנ זיכ באלעקט, די אויגנ האָבנ געפלאמט, געפינקלט פאר גרויס האנאָע. רעב נאָכעמ איז זייער בארײידעוודיק, רעדט אונ רעדט, גלייַכ ווי ער איז שוינ דאָרט געווענ, אלצדינג געזענ מיט זיַינע אויגנ, אונ אלע קוקנ אימ אינ מויל אריַינ, קוקנ מיט ליבשאפט, מיט גרויס דערעכערעצ אונ זענענ אימ אינ הארצ שטארק מעקאנע, וואָס אימ איז באשערט דאָרט צו זיַינ. עפעס אזוי גרינג זאָגט זיכ עס: ערעצ־ייִסראָעל, יערושאָלאַימ! דאכט זיכ אינ פלוג א לאנד — א לאנד, א שטאָט — א שטאָט: הייַזער, ערד, שטויב, מיסט, בלאָ־טע, נאָר ניינ! עפעס איז עס אנדערש. וואָס אנדערש, ווי אנדערש? דאָס לאָזט זיכ גאָרניט זאָגנ. עפעס איז עס נישט מעגושעמ גראָב, גאָר א רוכניִעס. מע באדארפ עס פילנ. הייַנט נעמענ — אפ לאָשנקוידעש, שטעט, ערטער, וואָס שטייענ אינ דער טוירע!

דער שמועס איז דערנאָכ איבערגעגאנגענ אפ אנדערע, פראָסטע זאכנ. רעב נאָכעמ איז אויס־געווענ עפעס א וועלט, זיכ געזעגנט מיט אזויפיל ייִדנ, אָנ איינאָרע, אונ אָנגעזענ, אָנגעהערט זיכ זאכנ גאָר א יאמ! ווילנע האָט אינ דעמ שמועס געשפילט די הויפט־ראָליע, מער ווי פונ אנדע־רע שטעט האָט מענ זיכ אינטערעסירט מיט איר. רעב נאָכעמ האָט דערציילט כידושימ פונ אירע מעשונע־בארימטע ראבאָנימ, פונ אירע ווילדע קצינימ אונ שרעקלעכ גרויסע גווירימ, פונ קלויזנ, יעשיוועס אונ אָרעמע באָכערימ — איַי־איַי, אויסלאָזנדיק מיט האלבע מאלקעס עפעס, אינ א געסל ערגעצ דאָרט, ווו ס׳איז סאקאָנעס, אונ מע שיַיעט זיכ גיינ דאָרט באנאכט — שוינ אפ א נידע־ריק אומעטיק קאָל: אוי אוי, אונ גאָר צומ סאָפ איז ער ארויס שטארק אָנגעלאָדנ אפ בערלי־נער עפעס. — אָט די ייִדנ פונ די שקאָלעס דאָרט, פונ ליליִענטאלס קנופיע, האָט ער געזאָגט, פארדרייענדיק מיט דער נאָז, גענומענ דערציילנ מייַסעס, כויזעק מאכנ פונ זיי, אז דאָס זענענ עפעס ווילדע ברויִמ, זיצנ בא זיכ, ווענ קיינער זעט נישט, אָנ היטלענ אונ עסנ אָנ געוואשנ! די טוירע זייערע באשטייט אינ לאָשנ, אינ קורצע שורעלעכ מיט מעליצע, אלצ: אהאָ, אהאָ — וויי געשריִענ!.. איינער דער עלטסטער זייערער, עסט, זאָגט מענ, שנויצנ מיט ברויט. מע זאָגט, ער שטעקט אריַינ א כיילעוודיק ליכט אינ דער קאשע אונ עסט... שיינע ברויִמ, מישטיינסגעזאָגט — לאָזט אויס רעב נאָכעמ מיט א קרעכצ — האָ־האָ־האָ!

מיילע, האלבע מאלקעס יאָ! דאָס האָט זיכ נאָכ געלייגט שלוימעלענ אינ מויעכ. האלבע מאלקעס זענענ מיסטאָמע קליפּעס, די גוטע נעקייוועס, ווי לילית אונ רוסאלקעס, אשטייגער, איבער וועלכע ער האָט זיכ געניוג שרעקלעכע מייַסעס אָנגעהערט, וויִאזוי זיי פארפירנ מענטשנ מיט זייערע טנועס אונ זענענ הונדערט מאָל ערגער פונ דעמ טייַוול, פונעמ אשמעדייַ אליינ. דעריבער איז רעכט, וואָס די ווילנער שיַיענ זיכ גיינ באנאכט אינ יענע וויסטע געסעלעכ. אָבער בערלינער, נישט קיינ ליצימ, נאָר ייִדנ מיט א קאָפּ, מיט הענט אונ מיט פיס, ייִדנ, וואָס אָנ היטלענ אונ וואָס עסנ אָנ געוואשנ — אזעלכעס איז גאָר נישט צומ פארשטיינ!.. ס׳טייַטש, ווי געשיקט זיכ עס, א ייִד — אונ אָנ א היטל!.. ס׳טייַטש, ס׳טייַטש, א ייִד — אונ נישט וואשנ זיכ צומ

עסנ! מעשוגע זענען זיי, צי כאָסער־דייע? ווייסנ זיי דענ נישט, וואָס פאר א פסאק עס קומט דערפאר דאָרט — פּעכ, שוועבל אונ אײַזערנע ריטער!.. אונ גאָר אָנ די אלע זאכנ, וואָס פאר א פּאָנעם האָט עס גלאט א ייִד אָנ א היטל? — נאָר אזעלכעס אָבער האָט דאָכ געזאָגט רעב נאָכעמ, א ייִד, וואָס זעגנט זיכ, וואָס פאָרט קיינ ערעצ־ייִסראָעל. אזא ייִדנ מוז מענ גלייבנ. איינ־ברייִרע, בא שלוימעלענ האָט שוינ געמוזט זיכ לייגנ אינ מויעכ אי אזעלכעס אויכ, אונ דער נאָמענ בערלינער האָט זינט דענסטמאָל געהאט בא אימ דעמ טײַטש: א ייִד אָנ א היטל, וואָס וואשט זיכ נישט אונ עסט ברויט מיט שנויצג.

## IX

שלוימענ גייט לעמאזל דאָס עלפטע יאָר. די טוירע פאר אימ בא ליפּע רוווּנס לאָזט זיכ אויס, אונ ער גייט איבער אפ דעמ טאטנס הענט, לערנענ אונטער זײַנ האשגאָכע. לילמויד—לערנענ אליינ, אולעלאַמייד—לערנענ אויכ מיט אנדערע, ביפראט נאָכ מיט אייגענע קינדער, דאָס איז איינס פונ גאָטס געבאָט, וואָס ייִדנ זאָגנ עס, בעטנ דערופ אינ דאווענ אלע טאָג, אונ אז וויל איז דעמ, וואָס איז אימשטאנד עס מעקאיעמ זײַנ. רעב כאיִמ פלעגט אזוי טאקע מיט זײַנע קינדער זיכ נויעג זײַנ. מיט איטלעכנ באזונדער פונ די צוויי עלטערע זינ האָט ער געלערנט, נאָכדעמ, אז זיי זענענ ארויס, איטלעכער אינ זײַנ צײַט, פונעמ כיידער. ווי באשעפטיקט ער איז געווענ, פלעגט ער אָפּרײַסנ א שאָ אָדער א פּאָר שאָ צײַט אינ טאָג צו לערנענ א בלעטל געמאָרע מיט זיי אונ מיט זייערע כאווײרים, אינ פאל, אז זיי האָבנ אזעלכע געהאט. אזוי האָט ער אויכ געלערנט מיט זײַנ איידעמ, לייעס מאנ, די ערשטע צײַט נאָכ דער כאסענע, אונ מיט נאָכ יונגע באלעבעסלעכ צו אימ גאָר אומזיסט. אונ אזוי איז אויכ געקומענ שלוימעלעס צײַט לערנענ טוירע באמ טאטנ. דער שטייגער לערנענ זײַנער איז געווענ אזוי: אלע פרימאָרגנ, באלד נאָכנ דאווענ, פלעגט דער טאטע, זיצנדיק אפ זײַנ שטאָט אויבנאָנ אינ קלויז, לערנענ מיט אימ א פּיירעק אָדער צוויי פּראָקימ מישנײַעס קעסיידער. נאָכ דעמ אָנבײַסנ פלעגט ער בלײַבנ אינדערהיימ, צוגרייטנ אינ אלקערל דאָרט דאָס לייענענ, וואָס דער טאטע האָט אימ אינ דער געמאָרע פארגעבנ מיט טויספעס אונ מהרש"אָ (מאַהארשאָ). ער האָט עס באדארפט דערנאָכ איבערזאָגנ, אינדערהיימ טאקע, אמאָל באטאָג, אמאָל באנאכט, ווי דעמ טאטנ איז אויסגעקומענ. אונ גאָר אמאָל פלעגט דער טאטע אופוועקנ שלוימענ פארטאָג אויכ, אונ אוועקגיינ מיט אימ לערנענ אינ קלויז. עמעס טאקע, דאָס אופשטיינ פארטאָג, בעשאס דער שלאָף איז אזוי געשמאק, איז שלוימענ אָנגעקומענ נישט אזוי גרינג. נאָר איז ער אָבער שוינ אופגעשטאנענ, אראָפּ פונעמ געלעגער, האָט עס אימ זייער האנאָע געטאָנ. דאָס אופזײַנ, דאָס גיינ אינ קלויז אונ דאָס לערנענ האָט אימ גרויס פארגעניגנ געמאכט. ווער ס'איז א ייִד, א ייִד מיט דעמ פּינטעלע, דער קענ פילנ דעמ טאמ פונ אזא פארגעניגנ. אינ דעמ ייִדנס קאָפּ מאָלט זיכ די נאכט מיט וווּנדער־שיינע בילדער. עס שטעלט זיכ אימ פאָר אינ דער נאכט געטלעכע זאכנ, יענע ווונדערלעכע דערציילונגענ פונ די הייליקע ספאָרימ, וואָס רירנ בא דער לעבער — אונ ער ווערט אזש צעשמאָלצנ פאר הייסע ברענענדיקע געפילנ.

„נאָכ דעמ ערשטנ מישמער, ארומ האלבע נאכט, — אזוי שטייט געשריבנ, — ווייעט א צאָפּנווינטעלע, אונ די וואכנ פונ די מאלאָכימ בײַטנ זיכ דאָרט אינ הימל. עס גיט, אָט דאָס ווינטעלע, דעמ מאלעכ גאוורִיעל א ריר — אונ ער שרײַט אויבנ זעקס קוילעס אויס, לייענט דערנאָכ פונ א בוכ ארויס די מענטשנס אלע מײַסימ, וואָס ווערנ אָפּגעטאָנ באטאָג. פונ אימ דאָרט גיט עס א טאָרע אונטער די פליגל דעמ האָנ דאָ. ער כאפּט זיכ אופ אונ קרייעט הויכ אפ א קאָל. אי אויבנ אי אונטנ ווערט א געטומל; דער האָנ קרייעט אפ דער ערד, אונ גאוורִיעל אפנ הימל. דענסטמאָל לאָזט זיכ גאָט פונ דרײַ הונדערט אונ נײַנציק הימלענ אראָפּ אינ גאנײדנ ארײַנ. קיטעס מאלאָכימ לויפנ פאָרויס אונ זאָגנ שירע:

עפנט טויערנ ברייט זיכ אופ,<br>
עפנט הויכ זיכ ביז ארופ —<br>
אָ, איר אייביק פעסטע טירנ,<br>
קומענ לאָז גאָט שפּאצירנ!

עס זינגענ אויכ די ביימער אינ גאנײדנ, גיבנ פונ זיכ ארויס זיסע שמעקנדיקע בסאָמימ. אָט איז ער שוינ ארײַנ, גאָט דער מיילעכ, מיט זײַנ קאָוועד אליינ — שא! מאלאָכימ אפ זייערע

ערטער שטייענ מיט גרויס דערעכערעצ אונ שווײַגנ. פול מיט ראכמאָנעס, קוקט ער אפ די הייליקע נעשאָמעס פונ צאדיקימ אונ קדוישימ דאָרט, קוקט אונ שאָקלט מיט דעמ קאָפּ. פלוצימ לאָזט ער ארויס א געשריי, א ברומענ, ווי א לייב. דאָס וויינט ער, קלאָגט אפנ כורבנ בייס־האמיקדעש, אפ יערושאָלאיִמ די וויסטע שטאָט, אפ ציִענ די ביטערע אלמאָנע, אפ די קינדער ייִסראָעל זײַנע, וואָס אינ גאָלעס, — אונ צוויי הייסע טראָפּנס טרערנ פאלנ אימ אויס די אויגנ גלײַכ אינ דעמ גרויסנ יאמ ארײַנ"...

אזוי וויינט גאָט דרײַ מאָל אלע נאכט דאָרט אינ זײַנע הימלענ. גוט־פרומע ייִדישע קינדער לאָזט עס נישט אײַנליגנ, זיי שטייענ אופ באנאכט פונ די געלעגערס, „ריכטנ אָפּ כצאָס", וויינענ זיכ אויס פאר דעמ זיסנ, בארעמהארציקנ פאָטער אינ הימל, אונ דאָס ייִדישע הארצ פילט עפּעס דענסטמאָל א באזונדער טאמ — זיס, ביטער אונ זויער אינײנעמ.

שלוימעלע גייט פארטאָג איבער דער גאס, דאָס שטעטל שלאָפט, לעוואָנע אונ שטערנ שטייענ אינ הימל אפ דער וואכ. עס דוכט זיכ אימ, — דאָרט, אויבנ, טוט זיכ אצינד עפּעס גאָר א שרעק! כוט פונ ערגעצ א בלאָז, דאכט זיכ אימ, יענצ צאָפּנ־ווינטעלע, דאָס גוטע ווינטעלע, וואָס ווייעט אונטער די פליגל פונ מאלאָכימ, וואָס האָט אמאָל אויכ געבלאָזנ אפ דאָוויד־האמיילעכס פידעלע, אימ צוקאָפּנס באנאכט אפנ געלעגער, אונ עס האָט זיכ געשפּילט זיסע געטלעכע לידער. זשוושענ ערגעצ ביימער אינ א גאָרטנ — דאָס זשוושענ דאָרט די ביימער אינ גאנײדנ; קרייעט ערגעצ א האָנ — דאָס זאָגט ער שירע, אונ זענענ אימ די האָר, דאָס פּאָנעמ פײַכט פונ סוי־טראָפּנס — דאָס זענענ גאָטס טרערנ, דאָס וויינט ער, יאָמערט אפ זײַנע פארוואָגלטע קינדער. עס שלאָפט נישט, עס דרעמלט נישט דער היטער פונ ייִסראָעל!.. עס צעשפּילט זיכ שלוימעלענ די געבליטנ, זײַנ קויעכ־האדימיענ איז פלאמ פײַער, דאָס הארצ צעגייט אימ שיר פאר גרויסע געפילנ — אונ ער נעמט זיכ לערנענ מיט כיישעק, געשמאק אפ א ניגנ.

מיט דעמ ארויסגיינ שלוימעלעס פונעמ כיידער גייט ביסלעכווײַז בא אימ פאָר א פארענדערונג אינ דעמ לעבנ. אצינד פילט ער זיכ שוינ פרײַער צו פארבלײַבנ אביסל מער דאָ אפ דעמ אוילעמ. עפּעס כוט א ווייע אינ אימ אנ אנדער גײַסט, העלער אביסל ווערט אימ אינ מויעכ, ער הייבט זיכ אָנ ארומציקוקנ אונ דערזעט פאר זיכ עפּעס אזוינס, וואָס פריִער האָט ער עס, דאכט זיכ, אויכ געזענ, נאָר עס האָט אימ זיכ אויסגעוויזנ גאָר אנדערש, אָדער עס האָט ג׳אט אזוי זיכ אימ געוואָרפנ אינ די אויגנ, נישט צו מאכנ אינעווייניק אינ דעמ קאָפּ קיינ פיצל רוישעמ. עפּעס טאקע נאָר א מענטש — א בעהיימע, א ליימענער גוילעמ, מישטיינסגעזאָגט: שטייט אונ ווייסט נישט, אפּ וואָס ער שטייט, זעט, אונ ווייסט נישט, וואָס ער זעט. געווג איז דאָכ זײַנ וועלטל דאָ אזוי אויכ קליינ, האָט ער עס נאָכ מער פארקלענערט — פונ די אלע גאסנ אינ שטעטל איז פאר אימ געוועזנ נאָר דער שול־הויפ; פונ אלע הײַזער — דער כיידער, דער קלויז, דער בעסמעדרעש, ווו ס׳איז דער טויער צומ הימל; פונ אלע מענטשנ־אײַנוווינער — נאָר דאָס ביסל ייִדנ. אונ דאָס אויכ דאפקע די, וואָס פונ זײַנ בעסמעדרעש, יענע אנטקעגנ, וואָס פונ דעמ אָדער פונ אנ אנדער קלײַזל, זענענ שוינ עפּעס בע... אונ בעעמעס טאקע, קעפּי עס שטייט געשריבנ, איז דאָכ די וועלט אנטקעגנ יענער וועלט נישט מער ווי א פּאָרהײַזל אנטקעגנ א פּאלאצ, וואָס מאכט עס א ייִדנ אויס, שוינ גאָר א גרויסנ מיט א באָרד אפילע, אז דאָס פּאָרהײַזל איז עפּעס נישט אזוי, אבי־סל ענגלעכ? מיילע, הויקערט מענ זיכ אביסל אײַנ, מאכט מענ זיכ א קאפּעלע ניט וויסנדיק אונ שטערכעט אָפּ דאָס לעבנ ווי עס איז, פונ יויצע וועגנ, אבי איבערקומענ. לעבט דענ נישט דער וואָרעמ, לעהאוודל, אינ כריינ, אונ ס׳איז אימ געוויס גוט אונ זיס, אפּ קאפּאָרעס די וועלט מיט דער גאנצער אוילעמ־האזע?

שלוימע הייבט זיכ אָנ ארומצוקוקנ, ווי איינער, וואָס שטייט אופ פונעמ שלאָפ, אינ די אויגנ גייט אימ אופּ א ליכט אונ אלצדינג קומט אימ פאָר עפּעס גאָר נײַ, גלײַכ ווי ערשט פונעמ איי ארויסגעקראָכנ. עס שטייט זיכ א שטעטל אפ א הויכנ בארג, כוצ דעמ שול־הויפ זענענ דאָ נאָכ גאסנ, ווו ס׳איז אויכ א לעבנ, עס געפינענ זיכ נאָכ הי געסלעכ אזוינע, דאפקע נישט קיינ ייִדישע, וואָס זענענ, גאָט זאָל ניט שטראָפנ פאר די רייד, עפּשער טאקע ריינער אונ שענער, מיט גערטנער, ביימער אונ שאָר־יעראָקעס. — די טאָלנ „בארג אראָפּ" זענענ ערטערווײַז אויכ באזעצט, באוואקסנ מיט גרינוואַרג. זיי ציִענ זיכ ווײַט ארומ דער שטאָט, צעוואָרפנדיק זיכ אינ פארשיידענע פּאנאָראמעס: גערטנער, פעלדער אונ וועלדלעכ פונ ניס, אויכ געמייזעכצנ, גרינ־באוואקסענע זומפּנ

מיט פליושניק (זשאווער) און הוישײַנעס, צווישן וועלכע עס רינען קוואלן וואסער, עס שוויבלען און גריבלען מינע אויפעס. אף יענער זײַט טאָלן ווײַט בערג, ווײַט פעלדער, וועלדלעך און וועלדער. שלוימע שטעלט אָן א פּאָר אויגן, קוקנדיק דערוף אינגאנצן פארגאפט, מיט אזא מינע, גלײַך ווי ער זעט עס דאָס ערשטע מאָל.

שלוימעלע דערגייט זיך שפּעטער, אז דאָס שטעטל געהער גאָר צום גראף וויטהענשטיין, ייִדישע קינדער זענען נאָר שכיינים דאָ, זיצן אף צינש; אז די גויִים דאָ, הערט א מײַסע, זענען באַלעבאטים אזוי גוט, ווי זיי, און עפשער נאָך מער, האָבן אויך א שטיקל ווערט! הײַנט פונוואנען, איז אים א גרויס וואונדער, זאָל זיך עס צום שטעטל נעמען די קדושע, דער ק״ק (קעהילע קאדישע) ווי עס הייסט? דער מארק מיט די קרייכן, מיט די סאָכרים און מעקלערס, מיט די שענקען, אכסאניעס מיט די מעשאָרסים און פאקטוירים — די אלע זײַנען, עמעס טאקע, אין דער גוטער ייִדישקײַט, אָבער די ערד, די פעלדער ארום־און־ארום זענען דאָך גויִשע, זייערע, לעהאוודל... א באַווײַז דערוף האָט ער אין די יאגעדעס און די ניס, — ייִדישע קינדער גייען מיט טעפּלעך, קריגלעך קלײַבן יאגעדעס אין וואלד, רײַסן ניס, און עס ציטערט אף זיי די הויט: אָט קומט אייסעוו, נעמט עס אוועק און איז נאָך מעכאבעד מיט א קלאָפּ אויך. ס׳איז זיי פארשטערט, נעבעך, דאָס לעבן, דער וואלד מיט זײַנעביימער, מיט זײַנע שמעקנדיקע קרײַטעכצער איז פאר זיי נאָר א ריינע אָפּקומעניש, א שרעק. זאָל ערגעץ פאלן א בלעטל, אנטפאלט זיי דאָס געזונט, זאָל ערגעץ א פּיפּס טון א פויגל, טוט זיי א טיאָכקע דאָס הארץ. איטלעכער שרײַט אין די געדאנקען „שמא ייִסראָעל״, זיפצט נעבעך און טוט טפילע שטיל אינעווייניק אין זיך, גלײַך ווי זיי וואָלטן געוואנדערט אין מידבער ערגעץ... ער אליין איז דאָך געפּרוווט געוואָרן, געווען אין אזא צאָרע, נישט הײַנט געדאכט, אז ער איז געגאנגען איינמאָל מיט א פּאָר כאוויירים רײַסן גרינס אף שוועס, קוים האָט ער אָפּגעריסן א צווײַגל עפּעס פון א גאָרטן, אזש צוויי שקאָצימלעך טוען זיך א לאָז אים אנטקעגן און וואָלטן זיכער אים געמאכט דעם טויט. א נעס, וואָס גאָט האָט אים געגעבן פיס, האָט ער זיך צונויפגענומען מיט אלע זײַנע קרעפטן און באלד טאקע געשווינד, מיט אימפּעט אוועק, אוועק, איבערלאָזנדיק זײַנע כאוויירים אף גאָטס באוואָר.

שלוימעלע קוקט זיך צו און זעט — אָווא, א כידעש, כלעבן, — עס זענען דאָ ייִדן, וואָס גיבן זיך נישט אזוי אָפּ מיט דער געמאָרע, האָבן אינזינען אנדערע זאכן, און לעבן אויך! ער האָט געמיינט, — א וועלט ייִדן ווייסט נישט מער, ווי לערנען, ווי אופצוטון א פשעטל, ווי צו פאלן אף מעהארשאָס א קאשע. מען אינטערעסירט זיך נאָר איינער באַם אנדערן צו וויסן, ווו האלט דער אין „בייצע״, יענער אין „מאקעס״; נאָך ביין־האזמאנים ארבעט מען אף אלע קיילים און מע טוט זי א נעם לערנען — און, לעסאָף, זעט ער, אז ס׳איז עפּעס נישט אזוי די מײַסע! טכילעס איז אים די זאך אפילע פריקרע. וואָס הייסט?... נאָר דערנאָך טראכט ער בא זיך: טא, מיסטאָמע באדארף דאָך גאָטעניו אף זײַן וועלטל האָבן אזעלכע ייִדן אויך.

און וועמעס ארבעט האָט עס געקאָנט זײַן ארײַנלייגן שלוימעלען א פינגער אין מויל, ארופצופירן אים אף אזוינע זאכן? סטײַטש, וועמעס אנדערש, ווע נישט דעם יעיצערהאָרעס! אז אין דעם מענטשן שטעקט א יעיצערטאָוו און א יעיצערהאָרע, דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג, אלע ווייסן עס, א קינד אפילע. די פראגע איז נאָר, ווער פון די ביידע קריכט דעם מענטשן פריִער אין דער נעשאָמע ארײַן — דאָס הייסט, בעשאס קומענדיק אהער אף דער וועלט איז דעם מענטשנס נעשאָמע א גאָלד, אָדער אונטערגעשלאָגן מיט הונט? ווער פון די ביידע איז באַריידעוודיקער, קלוגער, פּאָליטישער, פארשטייט בעסער, ווי זיך באליבט צו מאכן, ווי אָפּצואַרבעטן אן אייסעק? און ווי די מײַסע איז, אזוי צי אזוי, איז דען דאָס אייגענע טאקע בא אלע מענטשן גלײַך, אָדער נייִנ? נאָר ענטפערן אף די דאָזיקע אלע זאכן איבערהויפּט — דאָס זאָלן מויכל זײַן יענע כאקראָנים, וואָס זענען מעכויעוו צו וויסן אלצדינג, אפילע אזעלעכס, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. דאָ אָבער גייט די רעדע איבער שלוימעלע רעב כאיִמס. די באקאנטשאפט מיט זײַן יעיצערטאָוו און יעיצערהאָרע הייבט זיך אָן דאָ אין דער דאָזיקער מײַסע מיט אים ערשט דענסטמאָל, ווען ער ווערט פרײַער אביסל ארויסצוכאפּן זיך פון דאָרט, פון יענעם אוילעם, הייסט עס, אהער אף אונדזער אוילעם. וואָס דאָרט, אף יענער וועלט עס גייט מיט א ייִדיש קינד פּאָר, דאָס געוועדט זיך נישט אין דעם יעיצערהאָרע זײַנעם, דאָרט געפינען זיך רעבעס, מאשגיכים, באהעלפערס, מינע נעפאשעס אזוינע און אזוינע, וואָס פירן אים, לערנען אים, קענען

אליין אָן יענע זייער שטעטל באַשטיין און שלאָגן אים כאָכמעס, זאבאַבאָנעס זייערע אין קאָפּ אַריין. דאָרט געפינען זיך אויך מאזיקים, מעכאַבלים מיט אייזערנע ריטער... שלוימעלעס ערשטער שטעטל דאָ אַף דער וועלט, נאָך גאָר באַם אָנהייב, באַוויַיזט שוין, וואָס פאַר אַ מין יעיצערהאָרע זיינער איז, וווהין ער קוקט, וואָס ער טראַכט, וואָס ער זאָגט, און עס לאָזט זיך שוין באַצייַטנס פּאָרויסזען, וואָס פון אים וועט אויסוואַקסן שפּעטער. אַ קעפּל האָ־האָ!...

שלוימעלע איז בעטעווע געווען אַ הייסבלוטיקער, אין אים איז געבליבן פאַרבאָרגן אַ פּאָע־טישער פונק, און דעריבער האָט דער יעיצערהאָרע זיך געקליגט אויפצובלאָזן דעם דאָזיקן פונק, איינגעבן אים סייכל, געפיל, ליבשאַפט צו דער שיינער נאַטור — אַ גוט מיטל אָוועקצורייַסן פון יענעם אוילעם, אַרויסצושלאָגן דאָס דולעניש פונעם קאָפּ... אָט גאָר דורך וואַנען אַרום! פּריִער מיט דער פּאָליטיקע, די שמאַדשטיק אין דער ייִרע אַרייַנגעלייגט, אַלץ גאָט און זיין היילי גע־באָט — זע, באָכערל, זיי מעקיַיעם אַ מיצווע, — שטערכעט ער אים, — זע „גאָטס וווּנדער" אין דעם אויסגעשטערנטן הימל, אין דעם רעגנבויגן און אין די פינקלענדיקע טוי־טראָפּנס אַף דעם גרינ־וואַרג אין גאָרטן. הער „גאָטס קאָל" אין דונער, אין בליץ, אין שטורעמווינט און אין דעם וויַיען פון אַ שטיל לופטעלע, אין דעם זשוזשען פון בינען, זשוקלעך, און אין דעם שוועבן פון מוקן. שלוימעלע לאָזט זיך אייַנריידן, פאַרקוקט זיך אַף אַלצדינג, שפּילט זיך און איז דערוויַיל מאַפּסיק פונעם לערנען. וואָס וויַיטער, וויַיטער ציט עס אים אין די פריַיע גרינע פעלדער, און די געדיכטע פאַרצוויַיגטע וועלדער — לעכאָ דוידי, רעדט אייַן דער יעיצערהאָרע, קום שפּאַצירן! — שלוימעלע גאַנוועט זיך אַרויס פון שטוב און גייט אַפּן קאַבאָלעס פּאָנעם צו דער שיינ־כיינעוודיקער נאַטור, ווי אַ כאָסן אַנטקעגן דער קאַלע!... די קאַלע וויטעט זיך, לאָזט זיך אים הערן שטיל אַף אַ שושקענ־דיק קעלעכל פון צווישן שאָקלענדיקע זאַנגען ווייץ און קאָרן; ווינקט אים דורך זשוואָוו־רירנדיקע צוויַיגן פון הויך־געוואַקסענע ביימער; שמייכלט, מאַכט כיין דורך אַ שיַינענדיקן זיַיל שטראַלן, דורכ־ברעכנדיק זיך צווישן דעם גרינעם יאַם בלעטער. זי וויַיזט איר שיינע, רייַכע גאַרדעראָבע, מאַכט אים אַ כיישעק אויסציִען זיך אַף גרינע מיט קוויטן־בלומען געשטיקטע קאָוויאָרן און מיט אַ ווייך־געשפּרענ־קעלטן קישעלע פון מאָך צוקאָפּנס; שיקט אים אַ קוש, גריַיזלט אים די האָר דורך אַ מילד־וואַרעם ווינטע־לע און לאָזט פאַר אים אַרום־און־אַרום שפּילן אַ וווּנדער־שיינע קאַפּעליע — עס קנאַקט דער סאָלאָוויי, צעגיסט זיך אין טרעלן, דער ציזיק, דער שטיגליץ מיט דער גאַנצער כעווורע מעשוירערים זייערע האַלט אים אונטער אַף פּיסטלעך, געלענקעלעך און בייַקעלעכלעך, ערגעץ פונדערוויַיטנס רופן זיך אָפּ געמבעס: אַ מעקען פון ציגן, אַ הירזשען פון פערד, פּיטערנדיק זיך דאָרט אַף דער פּאַשע, און עפּעס ווי אַ שויפער־בלאָזן פון קי. פייגעלעך זינגען, שפּרינגען אויבן אַף די ביימער; באַבעטש־קעלעך געפּוצט־געצירט באַלעווען, דרייען זיך, טראָגן זיך אין דער לופט, גרילן, הייַשערעקן שמוצערן, טאַנצן, הייבן פּיסלעך אַף דער ערד אונטן. עס איז אַ לעבן, אַ וועלט, נישקאָשע, דאָ אויך!.. שלוימעלען טוט עס אינעווייניק אַ ברי, ער ווערט אַזש צעשמאָלצן פאַר הייסע, זיסע גע־פילן. זאָל מען געווען מעגאַדל זייַן אים ווי געהעריק איז, ווי עס פּאַסט אַזעלכן מיט גוטע מאַ־טאָנעס פון זיין ליבן נאָמען, וואָלטן די געפילן זייַנע אַרויסגעגאָסן זיך אין שרייַבן, אין מאָלן, אין שפּילן, אַשטייגער. שלוימעלע אָבער האָט די אַלע זאַכן, כוץ טאַנאַך און געמאָרע, נישט גע־ווּסט, נישט געהערט אַפילע, אַז אַזעלכע זענען אַף דער וועלט גאָר דאָ. מליצע־ביכלעך האָט ער אין די אויגן אַפילע נישט געזען, דעריבער פלעגט ער אין דער הייסער שאָ צעגיסן זיך אין אַ טערעלייקען — אין אַ ניגנדל פון זמירעס, אין אַ וויינענדיקס צו אַ „באַדעקנס", אָדער געזאָגט „באָרכי נאַפשי" הויך אַף אַ קאָל, צעקייַענדיק איטלעכס וואָרט, און געפילט דערבייַ עפּעס גאָר אַ באַזונדער טאַם.

דאַכט זיך אין אָנהייב גאַנץ גוט, וואָס קען מען, האַ, צו אַזאַ יעיצערהאָרע האָבן?...

X

מיילע, נאַטור־שמור, נאָך צו דערלייַדן, האַגאַם ס'איז דאָך אַ נאַרישקייט, נישט ווערט צו פאַרלירן דערויף אַ מינוט צייַט אַפילע, גלאַט אַזוי זיך אָן אַ שום נוצן; נאָר דאָס, וואָס איז נישט שיין, פּאַסט ניט פאַר אַ ייִדן אַ באַוויַיבטן, אַ טאָרעד אין דער פּאַרנאָסע, קען מען עס נאָך ווי ס'איז מאַטיר זייַן אַ ייִנגל: מאַכטייסע, שפּאַציר דיר אַמאָל הינטער דער שטוב — אַף דער נאַטור, ווי הייסט עס באַ זיי דאָרט, וואַלגער זיך אַף דער ערד, אַפּן גראָז און קוק דיר אָפּ, אָט איז אַ זשוקל,

א מוישע־ראבײנוס קיִעלע, א פײגעלע, א שמײגעלע! פּאָרט נישט מער, װי א נאריש ייִנגל, אָבער אלצדינג, שײגעצ, מיט א מאָס. פארגעס נישט, יונגאטש, אז א ייִדיש קינד באדארפ לערנען, אז א ייִנגעלע, דו שנעק אײנער, באדארפ אינ זינענ האָבנ די. געמאָרע, עפּעס איז דאָכ, שקאָצ, א געמאָרע „בײצע", „קסובעס" אויכ דאָ אפ דער װעלט!.. יאָ, װענ אזוי װאָלט מענ צו שלוימעלענ גאָר ניט געקענט האָבנ, מײלע, איז ער זיכ אביסל... װײס איכ װאָס? גאָרנישט! די צאָרע טאקע איז דאָכ אָבער, װאָס ער האָט נישט געװוּסט קײנ מאָס, האָט זיכ אביסל טאקע פארגעסנ, פלעגט פארפאלנ װערנ אמאָל און פארשפעטיקנ אהײמ צו מיטעק. דער טאטע האָט עס נישט באמערקט, װײַל שטענדיק איז ער באשעפטיקט, פלעגט טאָמיד, כוץ שאבעס און יאָנטעװ, עסנ באזונדער, נישט אינײנעמ מיט דעמ הויזגעזינד. די מאמע װידער האָט געהאט צו טונ מיט דער באלעבאטישקײַט, פארנומענ געװענ מיט אירע זאכנ. און אז זי איז אנטקעגנ אימ אײנמאָל ארויס מיט דער שפּראכ: װוּהינ װערט עס א ייִנגעלע פארפאלנ? דערבײַ אימ געשראָקנ, אז זי מוז עס, נישקאָשע, דערצײלנ דעמ טאטנ — האָט שלוימעלע זיכ געמאכט טאמ, געענטפערט מיט אזא מינעלע װי אײנער, װאָס איז גאָט די נעשאָמע שולדיק, סטײַטש, ער איז דאָכ געזעסנ די גאנצע צײַט אויבנ, הע־הע, אינ דער װײַבערשער שול, און געלערנט.

דענסטמאָל ערשט, אז שלוימעלע איז שוינ פארקראָכנ אביסל װײַטלעכ, האָט דער שלימעזאלניק, דער יעיצערטאָװ זײַנער, זיכ אויסגעשלאָפנ אימ גוט אויסשײגעצנ — אזוי און אזוי, קונדעס אײנער! לוי־דײַ, װאָס דו גײסט ארומ שלינג־און־שלאנג, אָפּגעריסנ זיכ פונעמ לערנענ, ביסטו נאָכ צו אלע צאָרעס א ליגנער אויכ — נארסט אָפּ, װעמענ נאָכ? אנ אײגענע מאמע! דער גענעמ איז דאָכ פאר דיר קארג.

אוי, א װײטעק א גרויסער, דעמ גענעמ האָט דאָכ שלוימעלע גוט געקענט פונעמ „שײװעט מוסער" און נאָכ אזעלכע ספאָרימ, װוּ יענע באשרײַבנ די זיבנ מינע העלישע פײַערנ, אינ װעלכע עס פרעגלענ זיכ, עס קומענ אָפּ די אָרעמע באלאװײרעס; אויכ די מעשונע־װילדע מאלאכעכאבאָלע מיט די אײַזערנע ריטער; באשריבנ איטלעכס פיצעלע באזונדער. גלײַכ װי זײ װאָלטנ דאָרט געװענ אלײנ, אלצדינג געזענ מיט אײגענע אויגנ! — אוי־װײ, ס'איז דאָכ עפּעס גאָר ניט גוט! װאָס טוט מענ?

שלוימעלע טוט טשוּװע!... ער דאװנט, בעט, גיסט אויס זײַנ הארצ פאר גאָט שטילערהײט מיט געפיל, און זאָגט אימ צו האָרימ־אוגװאָעס. נעמענ זיכ, בלי־נײדער, װײַטער צומ לערנענ, זײַנ, אימירצעשעמ, א ייִד, טאקע װאָס א ייִד הײסט — כוץ דעמ בעסמעדרעש, נישט אָנקוקנ די װעלט, פע־פע!..

דאָס איז אָבער נאָר געזאָגט. פארפאלנ! איז אינ א מענטש דאָ א געשמאק, געפיל, באהיט זאָל מענ װערנ, לאָזט זיכ עס נישט אזוי גרינג מיט דער האנט אװעקמאכנ. איז אימ געפעלנ, מײַסע סאָטנ, מעגושעמ־שײנע װערק גאָטס, פּאָשעט אינ דער פאָרמע, אינ דער געשטאלט, װי זײ זענענ, װעט קײנ מוסער־סײפער ניט קענענ עס אימ פארמיִעסנ, מאכנדיק דערפונ אש, אָפּערװעײפער... עס װעט אימ, נישט פאר ייִדישע קינדער געדאכט, עפּעס גאָר װי א מאגנעט ציִענ, ציִענ, ציִענ... שײנע צורעס, גוטע זאכנ, זינדיקע מענטשנ דערמיט צו פארפירנ, זענענ פאר דעמ יעיצערהאָרע אפ דער װעלט דאָ גענוג, איבער־גענוג — װילסט נישט דאָס, נא־זשע דיר, נעשאָמעניו, יענס, דאָס קלוימערשט איז פע, נא־זשע דיר, שלוימעלע, א פראדל, א שײנס, א פײַנס, מאָלע־כײנ...

פראדל, נאָכ גאָר א קינד, מיט שלוימעלענ אינ אײנע יאָרנ, שטאמט פונ לײַטישע עלטערנ, רעב כאיִמס שטיקלעכ מעכוטאָנימ, װאָס האָבנ מיט עטלעכע יאָר צוריק זיכ באזעצט אינ דעמ שטעטל ק... פראדל פלעגט זײער אָפט קומענ צו רעב כאיִמענ אינ הויז, זיכ שפילנ מיט די קינדער דאָרט, איז באליבט געװענ באמ גאנצנ הויזגעזינד פאר איר גוטסקײַט, פאר איר שײנקײַט, — און שלוימעלע האָט זיכ אויס איר גאָרנישט געמאכט, גלײַכ װי זי איז גאָר אפ דער װעלט נישטאָ פראדל — פראדל, אײנע װאָס האָט געהײסנ פראדל! מיט אמאָל װאַקסט פאר אימ אויס פּלוצימ, װי פונ דער העלער הויט, א פראדל, א בילד־שײנע, גאָר אנ אנטיק — און עס גיט אימ עפּעס א ציִ, א טיִאָכ דאָס הערצעלע, עפּעס לויפט אימ װי א הײסער שטראָמ דורכ די אלע גלידער, רויט און בלײכ װערט ער אפ אײנ מאָל! עס ציט אימ, עס גלוסט זיכ אימ אפ איר צו קוקנ און קוקנ, נאָר גװאלד, ריבוינעשעלוילעמ, װאָס טוט מענ מיט דיר? ס'איז דאָכ א גרויסע אװײרע!.. ער ראנגלט זיכ מיט דעמ יעיצערהאָרע, װי א ייִד, א װילדער אקשנ: נאָר מענ טאָר, נישט, נײנ

ניין, ווּעסט בא מיר נישט פּויעלן — און כאפט, לעסאָפּ, נעבעך, א קליין קוקעלע! שפּעטער אביסל — שוין עטלעכע, וואָס ווײַטער, ווײַטער ווערט דאָס ראנגלען זיך זײַנס מיט דעם יעיצערהאָרע שוואַכער, די מוירע פאר גאָט שוין נישט אזוי, ווי די מוירע פאר לײַט — אוי, לאָז כאָטש א זײַטיקער מענטש עס נישט באמערקן, כאָלילע. אין הונדערטן פאל, טאָמער שטויסט זיך עמעצער אָן, איז אים ניכע באגראָבן זיך לעבעדיקערהייט. ער האָט אָנגעהויבן פאר מוירע זיך ארומצוקוקן, ווי א גאנעוו, כוישעד זײַן בא זיך איטלעכן אין שטוב, טאָמער האָט דער עפּעס אָנגעשמעקט, טאָמער ווייסט יענער, וואָס אין הארצן בא אים טוט זיך אזוינס, גלײַך ווי ער וואָלט געווען פון גלאָז, דורכזיכטיק, מען זעט זײַנע געדאנקען, זײַנע געפילן, אלצדינג, וואָס אינעווייניק אין אים גייט פאָר.

די מוירע זײַנע איז אָבער געווען אומזיסט. ווען אפילע עס זאָל מעגלעך געווען ארײַנצוקוקן אים אין הארץ, וואָלט מען נאָר געקוקט, ווי דער האָן אין בני־אָדעם, נישט צו וויסן דעם פּיירעש פון זײַנע געדאנקען דאָרט. ליבעס, דאָס איז נישט פאר דעם יידישן מויעך, דאָס איז פאר אים טארגעם. בא יידן איז גאָר אזוינס נישט דערהערט געוואָרן, ביפראט נאָך דענסטמאָל אין יענער צײַט, און נאָך ווו? — אין אזוינע קליינע שטעטלעך ווי ק... און נאָך בא וועמען? בא מענטשן פון עם באלעבאטישן שטאנד!.. פאלש איז דער כיין און נאריש אין די שיינקײַט, זאָגט דער פּאָסעק, ליבעס איז אויך נישט קיין אייביק געוועער, בויען דערויף דאָס פאמיליען־לעבן, דאָס אייגענע גליק און דאָס גליק פון קינדער איז ווי שטעלן א ביניען אפ א הינעריש פיסל — הײַנט ביסטו שיין, בליסט ווי א רויז, מאָרגן ביסטו פארדארט; הײַנט גיי איך אויס נאָך דיר און מאָרגן — נאָך עמעצן אנדערש, גיי דיר צו אלדי שווארצע יאָר!.. כאסענע האָבן, קינדלען — דאָס איז בא יידן א גאָטס געבאָט. ערלעך האלטן א ווײַב, זי ליב צו האָבן, ווײַל זי איז א ווײַב, א באלעבאָסטע, א מאמע פון קינדער, און זאָרגן זיך פאר דעם הויזגעזינד — דאָס איז א הייליקער כויוו, א מיצווע, וואָס דערויף איז זיך א ייד מאקריוו. און אָט דאָס טאקע האָט צוגעגעבן דעם פאָלק־ייסראָעל א שטיק געזונט, דאָס אייביקע לעבן; אָט דאָס איז אונדזערע עלטערן אלע מאָל בײַגעשטאנען אין די נויטן. איז שלעכט, ביטער, פינצטער טרויעריק דאָרט אין דער וועלט, דערפאר איז גוט, זיס, ליכטיק, פריילעך בא זיך אין הויז צווישן אייגענע — נעבן ווײַב און קינדער!.. יאָ, אזא זייפנבולבעלע, ווי ליבעס, וואָס פּלאצט, צעשפּרינגט פון א בלאָז, האָט מען בא יידן אין יענער צײַט נאָך נישט געוווסט. דאָס איז איין מאָל. הײַנט צווייטנס, ווען אפילע יאָ ליבעס, בא מענטשן אפילע פון הײַנטיקער וועלט וואָלט בעשומויפן זיי נישט געקענט אײַנפאלן, אז בא קליינע קינדער זאָל גאָר געמאָלט זײַן אזוינס! קינדער זענען קינדער. ייִנגלעך, מיידלעך, וואָס מאכט עס אויס; אָדער זיי שפּילן זיך אינאיינעם מיט צאצקעס צווישן זיך, אָדער די ניאנקעס, באָנעס, גובערנאנטקעס שפּילן זיך, צאצקן זיך מיט זיי, קושן זיי, האלדזן זיי, און — גאָרנישט, פרעגט זיי בעכיירעם!..

זאָל דאָס אייגענע טאקע, וואָס בא שלוימעלען, זיך געווען מאכן מיט איינעם, א דערוואקסענעם מענטש, וואָלט עס אומעגלעך אין אים געבליבן פארבאָרגן. עס וואָלט זיך ארויסגעוויזן אים אין דעם פּאָנעם, אין דעם ריידן אוכדוימע נאָך אין אנדערע זאכן, עס וואָלט דערפון געוווסט בעפּיירעש, נישט אנדערש טאקע דער אנדערער צאד אויך. ליבע ווי געוויינטלעך איז א סרייפע, וואָס ווערט אונטערגעהאלטן פון מאטעריאל — מעגושעמדיקע זאכן. עס ברענט, עס קנאקט ביז פון עם מאטעריאל ווערט האָלאָוועשקעס, און דאָס פײַער לאָזט זיך אויס מיט א טשאד, א רויך... שלוימעלעס ליבע אנטקעגן דאָס איז א ריינע, אינעווייניקסטע, אין זיך אליין; דאָס איז יענץ געטלעכע פײַערל, וואָס האָט געברענט אין דעם דאָרנבוים און איז נישט געוואָרן פארברענט; דאָס איז א בליץ פון גײַסט, א כיישעק, א גלוסטן צו שיינקײַט, וואָס לאָזט זיך דערקענען אין דעם רויטפארביקן הימל באם אופגאנג פון מאָרגנשטערן, אין פוקען זיך פון דער רויז, אין פרישע פורפור־ליפן, אין כיין־גריבעלעך, אין דעם מילדן שמייכעלע און אין דעם ווארעמען בליק פון ברענענדיקע אויגן... דאָס איז יענע ליבע, וואָס ברענט ווי א „נייר טאָמיד” אין הארצן בא פּאָעטן — פון גאָט געלײַטזעליקטע מענטשן, וואָס ווארעמט די נעשאָמע, גיט א מאָל א נעם אויסצוגיסן זיך אין געבעט, אויסוויינען זיך פאר גאָט שטילערהייט...

עס פארשטייט זיך, אז שלוימעלעס ליבע איז אזוי גוט, ווי פאר אנדערע, אויך פאר פראדלען געווען א סאָד! אבי ער ווייסט, ווי שטארק אָנגעלייגט בא אים איז, אז זי קומט צו גאסט, ווי

עס טוט אים האנאָע, אז ער כאפּט ביגנייווע אפּ איר א קוק, אז ער עסט זי מיט די אויגנ הינ־טערוויַלעכס, אונ וואָס, האַ, וועט ארויסקומענ, אימ אָדער איר, אז זי וועט עס אויכ וויסנ? — פאַרט וואָס?... אונ גאָט אליינ, וואָס קאָנ עס אימ ארנ? — טראכט שלוימעלע, טרייסטנדיק זיכ אינ הארצנ — מאַ־ראַש, אז עס טוט זיכ אמאָל א קוק: אָבער מיט אימ, מיט דעמ לערנענ, מיט דעמ דאווענע געהער עס זיכ קלאָל גאָרנישט אָנ. זיַינס באקומט דאָכ דער ריבוינעשעלוילעמ פּינקטלעכ: א שאכרעס, א מינכע, א מיַירעוו טאָג־טעגלעכ צו דער ציַיט, אונ א נעדאָווע, זאָל נישט אויס־גערעדט זיַינ — עטלעכע קאַפּיטלעכ טילימ א מאָל אויכ!...

נאָר ווער ווייסט, עפּשער אינ דעמ זכוס טאקע איז שלוימעלענ באשיַימפּערלעכ געשענ א נעס פונ גאָט, אז ער איז געשטאנענ אינ א סאקאָנע, אליינ דעמ סאָד זיַינעמ אויסצוגעבנ.

שאבעס־נאכמו, ווי דער וועלט איז באקאנט, איז א טאָג פונ סימכעס, סודעס בא ייִדישע קינ־דער אינ די שטעטלעכ. נאָכ מיט א וואָכ אָדער א פּאָר וואָכנ פריִער שמועסנ קינדער פּעקלעכוויַיז צווישנ זיכ אָפּ צו מאכנ יענעט שאבעס א סודע דערפונ, וואָס איטלעכער וועט באציַיטנס מיט דעמ גוטנ ווילנ זיַינעמ ברענגענ צו דעמ, בא וועלכנ כעוורע האָט אויסגעקליבנ. אונ באלד טאקע הייבט זיכ אָנ אנ אייסעק פונ טראָגעניש, וואָס מענ קאָנ נאָר, קאָשער צי ביגנייווע, בא זיכ אינ־דערהיימ דערטאפּנ. איינער ברענגט א שטיקל קיכל, א גרינעמ עפּל, א מער — בישטיקע פונעמ בינטל וואָס צומ צימעס, דער אנדערער — א געלע גרויסע אוגערקע, א האלב איי, אָפּגעשפּאָרט, נעבעכ, פונ זיַינ מיטיק; דער דריטער — דאָס, דער פערטער — יענצ. א דאר שטיקל ברויט, א רעטעכל, א ציבעלע, אנ עקל פונ א הערינג איז אויכ א סכוירע. אזוי טוענ דענסטמאָל קינדער — קונדייסימ. קינדער — בארמיצווע־באָכערימ האָבנ כאסענע. אָט אינ אזא שאבעס־נאכמו, באטאָג נאָכ דעמ שלאָף, איז געווענ, אָנ איינהאָרע פריילעכ, א ראַש, א געפּילדער פונ קינדער, ייִנגלעכ אונ מיידלעכ, דאָרט אפנ פריַיענ פּלאצ נעבנ רעב כאיִמס שטוב. בא א טייל קינדער איז דאָס מויל, די ליפּנ געפּארבט, מיט וואָנצעס פונ געקאָכטע שווארצע יאגעדעס, אונ האָבנ א פּאָנעמ ווי מעשונע ווילדע בריִעס, עפּעס גאָר א שרעק! ווידער בא א טייל פּיַיערט א באק, צעדראפּעט אביסל די נאָז — צייכנס פונ די גווורעס זייערע אינ דער מילכאָמע. עטלעכע זיַינענ בא דער סודע פריִער ניט צו־פרידנ געווענ מיט זייערע כאלאָקימ. איטלעכער קוקט, וואָס בא יענעמ, אונ זיַינס איז גאָרניט — עפּעס אזוינס, וואָס קיַי־שפּיַי; פויל, ביטער, טפו זאָל עס ווערנ! הענט האָט דאָכ גאָט געגעבנ, נעגל אויכ, נעז, אָנ איינאָרע, בא ייִדישע קינדער זענענ אויכ דאָ, נו, האָט מענ זיכ אביסל, ווי דער שטייגער, צעדראפּעט. טאקע נאָר אביסל. וויַיל דער טאָג שטייט נישט, נישטאָ קיינ ציַיט, מע דארפ זיכ שפּילנ. אויכ פּראדל האָט זיכ געפונענ צווישנ די קינדער, זי איז געווענ וווּנ־דער־שיינ, עפּעס נאָכ שענער ווי טאָמיד, אונ שלוימעלע האָט זאט אָנקוקנ זיכ אפּ איר נישט געקענט.

אפּ דער לאנגער נידעריקער באנק דאָרט פּאַר דער שטוב זיצנ וויַיבער־שכיינעס, באקאנטע. צווישנ זיי סאָרע, אויכ גיטל, פּראדלס מאמע, אונ די גוטע לייבציכע. מענ זיצט, כאָלילע, נישט ליידיק — מענ רעדט, מענ רעדט זיכ אויס איטלעכע, וואָס אפּ דעמ הארצ. איינע א מעובערעסע, א דיקע מיט געלע פּליאמעס אפּ די באקנ, קלאָגט זיכ, אז עס שפּארט איר אונטערנ לעפּעלע, א פּאָנעמ פונעמ טשאָלנט. זי שוויצט, פּאָכט זיכ מיט דעמ עק פּארטוכ, פּארווארפנדיק ארונטער דעמ קאָפּ, איינ וואָרט, איינ געשריי: אוי, ווו נעמט מענ א קאלטנ טרונק וואסער! ס'איז דאָ אויכ יענע ייִדענע מיט דער ספּאזמע. וואָס געגעצס גאָר א שרעק, שפּיַיט אונ ווישט, מעכילע, די נאָז. איינע א דארע, הויט אונ ביינ, נאָכ הייזעריק פונ די טישעבאָוועדיקע קינעס, רעדט מיט דעמ גאנצנ קויעכ אפּ א צעריפּעט־פּארדומפּענעמ קאָל, קוימ וואָס זי כאפּט דעמ אָטעמ, קיַיכט, הוסט, ארויסשטעקנדיק, נעבעכ, די צונג. א גאנצ לייַטישע שיינע ייִדענע מיט פּארזאָטענע אויגג אָנ ברעמענ קוקט אריַינ א קינד, וואָס בא איר אפּנ שויס, אינ קעפּל, וויַיזנדיק אויכ אנדערע נעבנ איר אפּ ציקאווועס, וואָס פּאַר א מיטל וועלנ זיי ראטנ... לייבציכע קענ, סאָנע־ציִנג, זיכ ניט צעריַיסנ, אזוי פיל ארבעט האָט זי אצינד. א קאטאָוועס עפּעס מיט אזא אוילעמ וויַיבער איבערצורעדנ, איטלעכנ זאָג א וואָרט, דערציילנ א מיַיסע, גאָר נישט לאנג געטראכט! היַינט האָט דאָכ גאָט געגעבנ אויגנ אויכ, אז זיי זאָלנ אומעטומ קוקנ, נישט אויסצולאָזנ, כאָלילע, קיינ שומ זאכ, בא אזויפיל ארבעט וועט נאָר קיינ ווונדער נישט זיַינ, אז לייבציכע פּארפּלאָנטערט זיכ אמאָל, מישט אויס, ווי מענ זאָגט „קאשע מיט מאָנ" — עטלעכע מיַיסעס איינינעמ, אינ דער האָפּע־

נונג, אז מען וועט זיך אָנשטויסן, נישקאָשע, און איטלעכע וועט פון דעם אויסמישעניש אַרויס־נעמען דאָס, וואָס איז אַן אָנצוהערעניש אַנטקעגן איר.

— לעמאַנעשעם, זיך ניט געקוועטשט! אַז דעם מאַגיד, געדענק איך, איז דאָס צינגל אַראָפּ־געפאַלן, האָט ער, דער זיידע, אים געזאָגט, אָלעוו־האַשאָלעם: שאַ, האַלט זיך, זײַט מויכל, אײַן, קוועטשט זיך נישט אַזוי — ריידן... אַז עס הייבט אָן צו שפּאַרן, נישט געפּרוווט זאָל מען ווערן, שפּאַרגן אָט דאָ אונטערן לעפעלע, איז איין ברייִרע: עפן אַ מויל, ברעך אָפּ, גיב אַרויס, וואָס דאָרט אין דיר איז, און האַלט נישט... אָהאָ, האַלט ער זי אַביסל! נאָר געיאָגט, געכאַפּט און האַלט זי, דאָס שיין באָכערל, יאָ־האָ־האָ!

אָט די דאָזיקע לייבציכעס ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן אַנטקעגן דער הייזעריקער און דער מעובערעסדיקער ייִדענע. און כאַפּנדיק דערוויַל אַ קוק אָפּ די קינדער דאָרט, וואָס שפּילן זיך אין זשמורקעס, זעט זי, ווי שלוימעלע יאָגט זיך נאָר נאָך פּראַדלען, אַלץ מיט איר און לאָזט זי פונעם אויג נישט אַראָפּ.

— אוי, גיטעלע, איך האַלט עס נישט אויס! — מאַכט לייבציכע, שאָקלענדיק מיטן קעפּעלע פונדערוויַטנס צו פּראַדלס מאַמע — אוי, איז זי שיין, אײַער פּראַדעלע, ס'איז אין פּאָנעם נישט אַרײַנצוקוקן, ווי אין דער ליכטיקער זון!

— גיט איר נאָר קיין אײַנהאָרע נישט! — ענטפערט אָפּ גיטל, וואָס האַלט אין אַ שמועס מיט אַ פּאָר וויַבער איבער דער דאָליע זייערער.

— טפו־טפו! — שפּײַט לייבציכע, פאַרדרייענדיק די נאָז מיט אַ ווונק אָפּ יענער מיט דער ספּאַזמע — אַ גענעצנ אַביסל, אַ שפּײַען!.. באַם אָפּשפּרעכן אַ גוט־אויג, די באָבע, מיר צו לאַנגע יאָר, מיידלוויַז, שיין בין איך געווען, ווי גאָר די וועלט; מען האָט זיך אָפּ מיר געהאַנגען. מאַכט זיך אַ מײַסע פּלוצים גאָר אומגעריכטס... שאַ, סאָרעניו, דו ביסט דאָך עס מעכויעוו צו געדענקען — דרייט זי זיך געשווינד אויס צו שלוימעלעס מאַמע — קוק נאָר אָן דאָרט, אין מאַכשאָוועסן, דײַן באָכערל! לויפט איר נאָך ווי אַ קו אַ קעלבל, פּראַדלען. האַ? זייער אַ שיין פּאָרל... האַלעוויַ איינגיכן, ריבוינעשעלוילעם, זאָל יאַכנע־סאָסיע דיר זאָגן מאַזלטאָוו! געדענק מײַנע ווערטער.

— אַן אײַנפאַל אַביסל, נאָך אַזוי יונג!

— ביסט עס, סאָרעניו, מעכויעוו צו געדענקען די מײַסע אַמאָל, אַמאָל בעשאַס דער בעהאָלע. וויפל, האַ, מיינסט דו, איז מיר דענסטמאָל געווען צו דער כאַסענע? מײַנער איז נישט מער גע־ווען ווי אַ יאָר אַכט־נײַן, און עפּשער טאַקע נאָך וויניקער.

— אוודאי מיט עטלעכע יאָר צוריק, בעשאַס דער בעהאָלע פון די שקאָלעס, נישט הײַנט געדאַכט, ווען דענסטמאָל פּראַדל זאָל זיך אונטעררוקן, הע־הע! וואָלט געווען טאַקע די רעכטע צײַט, מיסטאָמע, איז דאָך עס נישט באַשערט. אַצינד איז עט, נאַרישקייַטן...

— יאַכנע־סאָסיען זענען נאָך, באָרעך האַשעם, די אויגן נישט אַרויס... אָט זע איך, זע! — די דאָזיקע לעצטע פיר ווערטער האָט שוין לייבציכע געזאָגט דער ייִדענע מיט די פאַרוואָטענע אויגן, וואָס האָט איר אָנגעטאָן קאָוועד, גלײַך ווי די אַלע אַנדערע דאָ, און דאָס קינד מיט דעם קעפל קימאַט אונטער דער נאָז אונטערגערוקט. לייבציכע האָט, ווי אַ גניטע, עס באַטראַכט, דערויף פאַמעלעך געבלאָזן, אָנגעהויבן צו דערציילן מיקויעך דעם אַ לאַנגע מײַסע, און פאַרקראָכן וויַט, אַזוי, אַז זי האָט דערוויַל אין שלוימעלען זיך פאַרגעסן.

שלוימעלע האָט געמעגט בענטשן גוימל. ווען נישט די מײַסע, וואָלט ער, כאַס־וועשאָלעם, ווי די בידנע קאַץ, נעבעך, אַמאָל, טרוקן פון לייבציכען נישט אַרויס!...

## XI

מען קען זיך שוין פאַרשטעלן, וואָס פאַר אַ טאַם „בייצע" קען האָבן נאָכדעם, אַז מען טוט אַ לעק פון יענע זאַכן, צו וועלכע דער יעיצערהאָרע גיט אונטער אַ כיישעק. גיי פאַרשפּאַר זיך, לערן און טראָג זיך איבער מיט אַלע געדאַנקען העט־העט אין אַזאַ צײַט, אין אַזאַ אָרט, גאַנץ וויַט און פרעמד פון דיר, בעשאַס פאַר די אויגן שטייט דאָ גאָטס וועלטעלע מיט שיינע גוטע זאַכן, וואָס ציִען דיך באַ דער נעשאָמע: נאַ, פאַרזוך, נישקאָשע, און ווייס פון דײַן כּיִעס צו זאָגן! שלוימעלע איז אַצינד עפּעס ווי דערוויַטערט געוואָרן פון „יענעם אוילעם", אין וועלכן

ער איז געווענ אַרײַנגעטאָנ פריער מיט לײַב אונ לעבנ — דער קאָפ זײַנער ליגט שוינ נישט אינ דער געמאָרע, ווי אַמאָל. עס גלוסט זיכ אימ דאָס, יענצ אונ ער האָט אינ זינענ האוולע־האָוילעמ. דאָס שטיקל „לייענענ״ פאַר דעמ טאַטנ מאַכט ער נאָכ ווי ס'איז, זופט אָפ אַ בלעטל געמאָרע אינ כאַפּעניש, אינ אײַלעניש, עט אַזוי, אַבי געפּאַטערט, איבערגעקומענ, אונ שפּאַצירט זיכ דערנאָכ דעמ גרעסטנ טײל טאָג אַרומ: ער זוכט זיכ אויס נײַע מינע גענג, נײַע מינע כאַווײרימ, זײַנ גלײַכנ, נישט זײַנ גלײַכנ, ייִנגער צי עלטער פונ אימ, וואָס מאַכט עס אויס? אַבי זיי זענענ אימ צומ האַרצנ, עס פאַרברענגט זיכ מיט זיי די צײַט, עס שמועסט זיכ, עס טראַכט זיכ, אונ עס פילט זיכ עפּעס אַזוי גוט, אַזוי געשמאַק...

שלוימעלע כאַפּט זיכ עפּטער אַרײַנ צו אײַזיק דעמ שמיד אינ קוזניע, באַזונדערס, ווענ אינדרויסנ איז נאַס, קאַלט, אונ אימ איז עפּעס אומעטיקלעכ אָפ דעמ האַרצנ. ער זיצט זיכ דאָרט אינ אַ ווינקל אונ קוקט פאַרטראַכט. אינ קוזניע איז טונקל. אַנטקעגנ אימ פּאָכט הייזעריקלעכ אַ לעדערנער געלאַטעטער בלאָז־זאַק. ער טוט אַ בלאָז, אונ אַ זײַל פונקענ שפּרינגענ, טאַנצנ, ווי די־רוכעס, אינ אויוונ. עס קומט אימ דערבײַ פאָר יענע מײַסע אינ כומעש, אַמאָל, אַמאָל — ווי אַווראָמ־אָווינו זיצט מאָרעשכוירעדיק אונ דרעמלט. די זונ גייט אונטער. עס איז אַ נעפּל — אונ אָט איז אַנ אויוונ רויכ אונ אַ פלאַמ־פײַער... די פונקענ שפּרינגענ, אונ שלוימעלעס געדאַנקענ פאַרפליִענ ווײַטער־ווײַטער; עס מאָלט זיכ אימ עפּעס מעשונעדיקע צורעס, דרייענדיק זיכ צווישנ די פונקענ אונ דראַפּענדיק זיכ פונ דאָרט אָפ די אָפּגעשײַנטע ווענט אַנטקעגנ. עס בײַטנ זיכ די געשטאַלטנ, אַרויס־אַרײַנ, ביז עס טוט אימ שײַנענדיק זיכ אַ ווײַז פּראַדל; ער ווערט צעקאָכט, נעמט זיכ מיט גרויס כיישעק זי צו באַטראַכטנ, קוקט־קוקט אונ דערזעט באַשײַמפּערלעכ די ליכטיקע צורע פונ אײַזיקנ, וואָס הודעט אונטער, פאַרגרעסערט אַלצ דאָס פײַער. פּלוצימ, אינ דער הייסער מינוט טאַקע, כאַפּט אײַזיק פונעמ העליש פײַער אַרויס מיט צוואַנגענ אַ גליִענד שטיק אײַזנ, אונ האַלטנדיק עס אַזוי אָפ דער „קאָוואַדלע״ מיט אײנ האַנט, בעשאַס אַ געזונטער, ברייטביינערדיקער, צעכראַסטעטער באָכער, באַוואָפּנט מיט אַ גרויסנ, שווערנ האַמער, קלאַפּט דערופ אַנטקעגנ. אײַזיק איינ קלאַפּ, דער באָכער צוויי; אײַזיק אַ דריי דעמ אײַזנ אַהער, דער באָכער — קלאַפּ; אײַזיק אַ דריי אַהינ, אונ דער באָכער קלאַפּ־קלאַפּ, אוש פונקענ פליִענ... ס'איז דאָ פאַר שלוימעלענ וואָס צו זענ, אַלעמאָל עפּעס אַנדערש, ס'איז דאָ פאַר אימ אויכ וואָס צו הערנ — די אַרבעט האָט ליב אַ האַמצאָע, אַ ווערטל, עס זאָל געטאָנ ווערנ לעבעדיק, פריילעכ. דאָרט ווערט אויכ דערציילט שרעקלעכע מײַסעס, וואָס דאָס לײַב גרוילט, הערנדיק זיי. אינ מענטשנ צומ רייִדנ איז, באָרעכאַשעמ, נישטאָ קיינ מאַנגל. ס'איז דאָ גענוג, אי אייגענע אי פרעמדע, וואָס קומענ געבנ אַרבעט: דער קומט מיט אַ שטומפּע האַק, יענער קומט מיט אַ צעבראָכנ מילכעדיק קלינגל, אַנ איבערגעדרייטנ שלאָס, איינער קומט פידקאָווענ אַ פערד אונ דער אַנדערער — אַרופציִענ אַנ אײַזערנע רייפ אָפ אַ ראָד. — אײַזיק אַלײנ איז בעטעווע געווענ זייער באַריידעוודיק, אַ צוגעלאָזטער מענטש, מיט אַבי וועמענ זיכ אַרײַנגעלאָזט אינ אַ ברייטנ שמועס. באַזונדערס האָט ער ליב געהאַט אַרײַנלאָזנ זיכ אינ כקירעס, געבנ יענעמ צו פאַרשטיינ דעמ שפּיצ פונ אַ זאַכ, אונ דערקלערנ, פאַרוואָס איז יענצ אַזוי אונ נישט אַזוי? פאַרוואָס נעזלעכער, אַשטייגער, זענענ אינ דער נאָז אונטנ, נישט אויבנ, די לופט צו אָטעמענ איז דאָ: פונ אויבנ פרישער, רײַנער ווי פונ אונטנ, מעכילע? אַזאַ קאַשע האָט ער זיכ געקענט פרעגנ, פאַרקנייטשנדיק זיכ גאַנצ ערנסט, אונ דערנאָכ פאַרענטפערנ עס מיט אַ גוט שמייכעלע אַזוי: דאָס איז פאַרשטייט איר מיכ, גאַנצ סייכלדיק! קעדיי דער רעגנ זאָל אַהינ נישט אַרײַנרינענ, אינ דער נאָז, פאַרשטייט איר מיכ. נאָכ אונ נאָכ קאַשעס אַזעלכע פלעגט ער פרעגנ, וווּנדערנדיק זיכ אָפ דעמ סיידער־האָוילעמ, אָפ די ווערק גאָטס אונ זײַנ פירונג אינ דער וועלט, אַלצ: פאַרוואָס, פאַרוואָס, אונ לעסאָפ אויסדרינגענ אַל פּי כקירע, אַז אַזוי ווי עס איז, אַזוי, מיסטאָמע, באַדאַרפ זײַנ, אַזוי, מיסטאָמע, איז גאַנצ גוט, גאָט, נישקאָשע, איז גערעכט, די קאַצ האָט דעריבער שאַרפע נעגל, קעדיי זי זאָל זיכ קענענ דראַפּענ אָפ די גלײַכע ווענט, דאָס פערד האָט דעריבער אַ וויידל, קעדיי אַראָפּשמײַסנ פונ זיכ די פליגנ, אונ פליגנ ווידער האָבנ דעריבער פליגל, קעדיי געשווינד טאַקע אַוועקצופליִענ... לערנענ האָט אײַזיק דער שמיד דאַפקע גאָרניט געקענט, פונדעסטוועגנ האָט עס אימ קלאָל נישט געשאַדט צו די כקירעס זײַנע, צו הייסנ באַמ אוילעמ: אײַזיק דער כאַקרענ. לערנענ מיט כקירע זענענ, אַפּאָנעמ, גאָר צוויי באַזונדערע זאַכנ.

געניג שיין האָט דאָך אײַזיק דער שמיד די גאנצע וואָך זיך אויסגעגומען, שטייענדיק אין א צעלעכערטן לעדערנעם פארטעך, אָן א קאפאָטע, בא זיך אין קוזניע און זאָגנדיק דאָרט כקירעס, נאָר נאָך שענער אויסגעזוגנע האָט ער שאבעס און יאָנטעוו פארנאכט אפן שול־הויף. ער שטייט זיך דאָרט אָנגעטאָן אין א לאסטיקענע זופיצע, אפן קאָפּ א שטרײַמל, גלײַך מיט אנדערע בעקאָ־ווערדיקע באלעבאטים, און דארשנט פאר א רעדל מענטשן ארום אים, ארײַנשטעקנדיק איינע האנט אין דעם גארטל ביזן גראָבן פינגער. אלץ וואָס ווײַטער פארגרעסערט זיך דאָס רעדל, עס ציט איטלעכן עפעס, ווי א מאגנעט, צוגיין נעענטער, צולייגן אן אויער און האָרכן, וואָס זאָגט אײַ־זיק דאָרט עפעס אזוינס. עס גייט דאָרט א שמועס איבער צימעס, דערנאָך א כקירע: וואָס צי־מעס? וואָס טײַטש צימעס? מען קימט פונ דעם איניען ארופ אפ פאסטערנאק, און אײַזיק נעמט זיך דערקלערן אלפי כקירע, פארוואָס פארלירט פאסטערנאק דעם טאַם באלד נאָך דעם ערשטן דונער. ער פארפוטעט זיך אין דער כקירע און פארקריכט אפ קראָפּעווע: פארוואָס קראָפּעווע זייט מען נישט און עס וואקסט? — הערסטו! טוט ער זיך א דריי צוריק, הערסטו, אָט דעריבער טאַ־קע, וואָס מען זייט עס נישט, וואקסט עס אליין, אויך די אייגענע מײַסע, פארשטייט איר מיך, וואָס מיט נאראָנים... גאָט, נישקאָשע, פארשטייט, פארשטייט איר מיך, אז אזעלכעס באדארפ אפ דער וועלט אויך זײַן, פארשטייט איר מיך. אין דעם רעדל ווערט פריילעך, מען האָט מעשונע האנאָע און מען לאכט. די כעדווע אָבער איז נאָר גרעסער, ווען עס קומט אמאָל אויס א שפאַ־רעניש דאָרט צווישן אײַזיק דעם שמיד און לייזקען, דעם צווייטן כאקרען אין דעם שטעטל. לייזקע איז א געוועזענער ארענדאר, א יישוווניק, וואָס אפ דער עלטער האָט ער זיך באזעצט אין דעם שטעטל, קעדיי צו געפינען זיך צווישן יידן, הערן א „באָרכו", א „קדושע" און לעבן, ווי גאָט האָט געבאָטן. לייזקען איז די נאָז פארלייגט, עפעס אָנגעדראָלן, דעריבער, אז ער רעדט, קומט אויס געפאָנפעט און אמאָל אויך עפעס ווי געפײַפט. לייזקע קאָן באלעבאטיש לערנען, קוקט ארײַן אין אלטע יידישע כקירע־ספאָרים און צווישן אים מיט אײַזיקן איז טאָמיד א שפארעניש. לייזקע פארופט זיך אלץ אפ אַנדערע כאקראָנים, אפ אריסטאָ, אפ דעם „סייפער־האבריס" אוכדו־מע נאָך אזעלכע, און ער אליין איז נישט אזא באל־מויעך; אײַזיק דער שמיד, אנטקעגן, שטעלט נאָר אפ זײַן סייכל, ווייסט נישט פון קיין אריסטאָ און גייט אין כקירע אפ זײַן אייגענעם דע־רעך. באזונדערס בארימט איז זייער שפארעניש איבער באנקעס — פארוואָס שטייט א באנקע צו פעסט צום לײַב און פאלט נישט אראָפּ? לייזקע זאָגט:

— אזוי איז די מײַסע, ראבויסײַ! דורך דעם שטעק מיט דער ברענענדיקער ליכט, וואָס מען טוט אין דער באנקע, ווערט זי, אָט אפאָנעם, אויסגעליידיקט פון דער לופט. הײַנט געדענקט־זשע, יידן! אזוי־ווי מיר האָבן א קײַמעלאָן, אז די נאטור האָט פײַנט ליידיקײַט, בעכיין, ראבויסײַ, ציט זיך דאָס לײַב, אָט אפאָנעם, פארנעמען דאָס ליידיקע אָרט אין דער באנקע.

— וואָס מיר שטעק, וואָס מיר ליידיקײַט־שמיידיקײַט! — זאָגט אײַזיק מיט א שמייכעלע גאנץ רויק, נעמענדיק זיך פארן בערדל — און פריִער וואָס איז דען, זאָלט איר מיר געזונט זײַן, די באנקע געווען, נישט ליידיק? לופט האָט דען א מאמאָשעס? אדערראבע, פרווט זיך אויסציִען אויבן אין דער הויך אפ דער לופט, אויב ס'איז אזוי. און גאָר אכוץ דעם, וואָס איז עס גלאט פאר א לאָשן — אויסגעליידיקט דורך א שטעק מיט דער ליכט!

— דאָס איז נישט מײַן לאָשן, — פאָנפעט בייזלעך לייזקע, — אזוי זאָגט אריסטאָ. איר הערט? אריס[redacted]!

— אָווא, אריסטאָ! א קאטאָוועס א ביסל אריסטאָ! א ראָוו איז ער דען, וואָס פאסקנט שײַלעס, הא?

— אָבער, אז אזוי שטייט דאָרט אין אינדווערע יידישע כקירע־ספאָרים! — זאָגט לייזקע שוין שטארק אופגעבראכט.

— וואָס טויג מיר, וואָס בא אײַך, זאָלט איר מיר געזונט זײַן, שטייט אלץ דאָרט, דאָרט! איך אליין שטיי, באָרעכאשעם, אזויפיל יאָר שטיי איך אין קוזניע באם אויוון. דאָרט ברענט א פײַער, אביסל א גרעסערס פון אײַער ליכט, און פונדעסטוועגן גאָרנישט, נישט דאָס וואָס די באנקע... פארוואָס?

— ע־ע, וואָס האָט מען צו ריידן מיט א יינגל! — טוט לייזקע א זאָג, א מאך געבנדיק פאר גרויס פארדראָס מיט דער האנט, און גייט אוועק, נישט אויסהערנדיק, ווי אײַזיק דערקלערט דעם עולעם אפ זײַן דערעך דעם שפיץ, וואָס אין דער באנקע שטעקט.

אײַזיק דער שמיד, אַ ייִד אַ זיידע, באָרעכאשעם, וואָס האָט שוין דערלעבט אייניקלעך פֿון זײַן עלטסטער טאָכטער, באַ אים אַפֿ קעסט מיט דעם מאַן אַ ווילנערנער, איז מיט אַלע פּאַסטעמקעס זײַנע געווען טאַקע נאָר עפּעס אַ ייִנגל — אַן עלטער ייִנגל, וואָס איז אַ כּידעש צווישן ייִדן. נאָך דער גרויסער מאָרעשכוירע, וואָס דערוואַקסענע ייִדן, באַווײַבטע, מאַכן אָן מיט זייערע ערנסט־פֿינצטערע פּענעמער, מיט זייער זאָרגן, אָך־און־וויי און ביטער־זויערן מוסער־זאָגן טאָמיד, איז אײַזיקס פֿרײַנטלעכ פֿריילעכע צורע געווען שלוימעלען אַזוי טײַער גוט, אַזוי צום האַרצן, ווי די ליכטיקע זון באַם באַווײַזן זיך אַרויס פֿון די פֿינצטערע כמאַרעס, און דער גאַנצער שטייגער שמועס זײַנער מיט אַלע זײַנע אַגאַדעטעס איז אים געווען גאָר אַ דערקוויקעניש, ווי אַ שטיקל כקירע נאָך אַ מעשונע־פֿריקרע האַרב בלעטל געמאָרע. דאָס ייִדיש קינד, וואָס קוים שטעלט זיך עס אַפֿ די פֿיסלעך, ייִדלט מען עס שוין, מאַכנדיק אויס אים אַ קליין ייִדל; וואָס זײַן יוגנט פֿאַרשווינדט גיך, ווי אַ כאָלעם, און ווערט, אַז אָך־און־וויי צו אים, פֿאַרומערט, געעלטערט פֿאַר דער צײַט — אָט אַזעלכעס, נעבעך, פֿילט זיך עפּעס ווי נײַגעבוירן אין דער געזעלשאַפֿט פֿון אַ מענטשן, וואָס איז צו אים צוגעלאָזט, ווײַזט אים אַ גוטע מינע, וואָס אַליין אויך נאָר גאָר אַ קינד, וואָס רעדט מיט אים איין לאָשן, און גייט אים אַרײַן אין דער נעשאָמע מיט זײַנע מײַסעס. דאָס קינד לעכצט נאָך אַזעלכן, נאָך זײַנס אַ וואָרט, ווי אַ דאַר גרעזעלע בעשאַס די גרויסע היצן נאָך אַ טראָפּן וואַסער, און ווערט צו אים צוגעזאָטן מיט לײַב און לעבן. נאָר אַזעלכע יונג־אַלטע מענטשן אָבער איז זייער שווער באַ אונדז צו געפֿינען. וואָס ווײַטער ווערט פֿון זיי נישט זײַן אַפֿילע אַפֿ קיין שעכעיאָנו. אין שלוימעלעס צײַטן איז נאָך, אַפֿ זײַן מאַזל, געבליבן אַ פּאָר לײַט אַזוינע אין זײַן שטעטל — אײַזיק דער שמיד — איינער, און הערצל קיילעס דער סטאָליער — דער צווייטער. ביידע האָבן געווירקט אַפֿ שלוימעלעס גײַסט, דערהאַלטן אין אים דאָס יונגע פֿײַערל, ביידע זענען אים געווען זייער טײַער און צו ביידע האָט אים דאָס האַרץ שטאַרק געצויגן.

הערצל קיילעס איז געווען, ווי אײַזיק, שוין אין די יאָרן, אַ טאַטע פֿון קינדער, אויך אַ דאַרער, אַ בלייכער, ווי ער, מיט דעם אונטערשייד נאָר: אײַזיק איז אַ הויכער, און הערצל איז אַ קליינינטשקער, נידעריק געוואַקסן. אײַזיק איז געווען טאָמיד רויִק, געלאַסן, גערעדט אַפֿ איין שטימע גלײַך, נישט געדרייט, געשריגן, זיך נישט געיאָגט, געהיצט און נישט אַרויס פֿון די קיילים, אַזוי־ווי עס פּאַסט טאַקע פֿאַר אַ כאַקרען. אַנטקעגן זשע הערצל איז אַ שפּירט, באַם ריידן בײַט זיך אים די שטימע און ער גיט פֿון זיך אַרויס מעשונעדיקע קוילעס, אַמאָל אויך מיט אַ קוויטש. דער שמועס זײַנער איז געהאַקט, געבראָכן, לאָזט זיך אויס פֿאַר גרויס אײַלעניש מיט אַ ווונק, אַ מאַך מיט דער האַנט. נאָר עפּעס נישט אַזוי, ווי ער וויל, קאָכט ער, זידט און צאַפּלט מיט אַלע גלידער, אײַנגאַנצן טאַקע אַ פּ אָ ע ט מיט די ביינער — אַזוי מעשוגע, אַזוי קאַפּריזנע, אַזוי אויפֿגעבראַכט, ווי אַ פּאָעט. און בעעמעס האָט אין אים טאַקע עפּעס אַזוינס געבורטשעט — עס האָט אין אים געשטעקט אַ גײַסט פֿון אַ ק י נ ס ט ל ע ר. דער דאָזיקער גײַסט זײַנער האָט אינעווייניק אין אים, ווי דער סאַמבאַטיען, נישט גערוט, זיך געריסן מיט אַלע קרעפֿטן אַרויס, זיך אַרויסווײַזן אין אַלערליי האַנט־אַרבעט. די סטאָליערײַ איז אים געווען נישט אַזוי וועגן דער פּאַרנאָסע, ווי צוליב דעם פֿאַרגעניגן, וואָס ער האָט דרינען געהאַט — צו מאַכן אַ קיילע. ער האָט געקענט אַוועקזיצן איבער אַ שטיקל אַרבעט מער, וויפֿל מע באַדאַרף, פֿאַרצירן עס מיט צאַצקעס, שניצערײַ, כאָטש יענער האָט גאָר אַזויפֿיל נישט פֿאַרלאַנגט, נאָר צוליב דעם אַליין, עס זאָל זײַן שיין... ער האָט געזען ליפּע רוונס מאָלט „אושפּיזן”, אויפֿצוהענגען עס אין סוקע, אַרײַנדרייענדיק אַהין, ווי אין נויעכס טייווע, אַלערליי כײַעס און אויפֿעס, נעמט ער און מאַכט אַ „רעב יויסי” — אַ געמעל אַזעלכעס, וואָס שטעלט פֿאָר אַ מײַסע פֿון־דער געמאָרע: ווי רעב יויסי (אויסגעמאָלט מיט אַ גרוי־שפּיציק בערדעלע אין טאַלעס און טפֿילן) דאַוונט אין איינער פֿון די יערושאָלאיִמדיקע כורוועס און הערט דאָרט אַ באַסקאָל, וואָס ברומט ווי אַ טויב (שטייט אויסגעמאָלט אַביסל מעשונע), זאָגנדיק: „אוי, וויי איז די קינדער, וואָס פֿאַר זייערע זינד האָב איך כאָרעוו געמאַכט מײַן הויז, פֿאַרבּרענט מײַן הייליקן פּאַלאַץ, און זיי האָב איך פֿאַרטריבן אין גאָלעס צווישן די אומעס!” מעיוינים אין דעם שטעטל האָבן זאַט אָנקוקן זיך נישט געקענט אַפֿן געמעל און געזאָגט, אַז עס איז איינס טאַקע אין דער וועלט. רעב יויסי איז נאָך יאָק רעב יויסי, אָבער די טויב, די ברומענדיקע טויב, ריבוינעשעלויעלעם, ס'איז עפּעס גאָר אַ גוואַלד!... הערצל האָט אויך געשפּילט פֿידל, נישט אַפֿ כאַסענעס,

כאָלילע, דערופ איז דאָכ געווענ דער ייִדישער קלעזמער, פײַטל אפ די וואָכעדיקע טעג, און קאָנדראט, דער גויִשער — אפ שאבעס, בא דער קאלע אפ דעמ „פאָרשפיל“ — נאָר גלאט אזוי זיכ האָט ער זיכ געשפילט.

זומער פארנאכט, אז די שטאָט־בעהיימעס זעננ שוינ געקומענ פונעמ פעלד, ליגנ זיכ, שוינ אויסגעמאָלקענע, אפ דער גאס, אויס די קוימענס ציט זיכ פאמעלעכ עפעס, ווי פארשלאָפנ, העל־גרויע זײַלנ רויכ, ווײַבער שטייענ בא די פריפעטשיקעס, קאָכנ וועטשערע, ערגעצ פונדערווײַטנס, פונ א טײַכל פארטראָגט זיכ א קוואקענ פונ זשאבעס, און זשוקלעכ טראָגנ זיכ, זשוזשענדיק, ארומ אינ דער לופט, — דענסטמאָל צעגיסט זיכ געוויינטלעכ הערצל אפנ פידעלע שטייענדיק אינדרויסנ בא זיכ אפנ גאניקל באָרוועס, אינ איינע טאכטוינימ, מעכילע. קינדער מיט שטיקער ברויט און האלבע אייער פארזאמלענ זיכ ארומ אימ; שטאָפנ אָנ פולע מײַלער, שטעלנ אופ די אויער־לעכ, גאפנ און הערנ. הערצל פידלט און זינגט אונטער, פידלט און מאכט זיכ נאריש מיט די קינדער, טוט א פידל — און שטעלט זיכ אָפ, עס ארט אימ עפעס, ווײַטער א פידל און — הע־הע! ער איז שוינ אינ קאס. אינ דער ערד ארײַנ די פידל, אויס שפילנ, הערצל האָט זיכ צעשפילט — און באלד לאָזט זיכ איבער דער גאנצער גאס הערנ, ווי א טקיִע־גדוילע, א לאנגער, א מעשונע־ווילדער קוויטש!...

הערצל האָט אויכ ליב געהאט אָפגעבנ זיכ מיט זייענ און פלאנצנ בא זיכ אינ גאָרטנ. עס האָט געהייסנ, בא אימ איז דאָ א ביכל, א „סייפער־האָרפועס“, וואָס גייט אינ דער מישפאָכע זײַנער איבער בעסאָד־סוידעס פונ טאטעס צו קינדער, אינ וועלכנ עס שטייט באשריבנ די טעווע פונ אלע מינע גראָזנ און קרײַטעכצער, מיט די סגולעס זייערע צו איטלעכער קראנקײַט באזונדער, א שאָד נאָר, כלעבנ, וואָס איז שטארק פארבאָטנ מיט אלע פארבאָטעניש, אָסער־כאזער, דערמיט זיכ צו באנוצנ, זיסט, וואָלט ער פאָשעט טאקע געקענט מעכײַע־מייסימ זײַנ. אפ קאפאָרעס פערל, אלטע גויעס, טאָטערקעס מיט זייערע קרײַטעכצער! הערצלס שטייגער לעבנ איז איבערהויפט נישט געווענ לײַטנ גלײַכ, ווי אנדערע ייִדנ — קיינ שענקל אינ שטוב בא אימ נישטאָ; כוצ קי, איז נאָכ אינ שטאל דאָ א פאָר אָקסנ, א פערד אויכ, א פויער, טראָכימ, אפ סכירעס, אויכ אפ צו אקערנ, באארבעטנ די פעלדער, וואָס זעננ אימ איבערגעגאנגענ בעיע־רושע פונ זײַנע עלטערנ, א הונט, עס פארשטייט זיכ, איז אויכ געווענ, דער איינציקער ייִדישער הונט אינ דעמ שטעטל.

אינ שול ארײַנ איז הערצל געגאנגענ זייער זעלטנ, נישט דערפאר, ווײַל ער איז געווענ אנ אפיקוירעס, האָט נישט מוירע געהאט פאר גאָט, כאָלילע! אדראבע, ער האָט געגלויבט אפילע אינ רוכעס, מוירע געהאט, געציטערט, ווי געוויינטלעכ א ייִד. נאָר וואָס דענ? גלאט אזוי זיכ, גאָר אָנ א שומ טאמ. דאָס אייגענע טאקע מיט עמעצנ אנדערש, ער זאָל פארפעלנ נאָר א מינכע, וואָלט מיט אימ געהאט צו טונ א וועלט מענטשנ — סטײַטש, הולטײַ, אָנזעצנ א מינכע! הערצל אָבער האָט זיכ געמעגט אָנזעצנ הונדערטער מינכעס און גאָרנישט, קיינער האָט זיכ דערויס גאָרנישט געמאכט, ווײַל ער איז פארעכנט געווענ בא איטלעכנ פאר א ייִנגל, א צעטראָגענע מינ בריִע, מישטיינסגעזאָגט. הײַנט טאקע האָט מענ נאָכ מוירע געהאט, צו וואָס זאָל מענ זיכ דאָ נארנ, פאר זײַנ קוויטש אויכ. איז ער געקומענ אמאָל אינ שול, איז זײַנ בעסט אָרט געווענ צווישנ ייִנגלעכ ווײַסעכעוורע, הינטער דער בימע, עס ווערט דאָרט א לעבנ, א גערײדערײַ, א געשטופערײַ, און דאווענ — נישט קיינ וואָרט, דער שאמעס מעג זיכ, פונ יויצע וועגנ, שרײַענ: שא! און שיינע באלעבאטימ מעגנ פאטשנ אפ די שטענדערס, מיִעס־קרימענדיק זיכ, און מאכנ אי, אי!

הערצל קיילעס איז געווענ פאר שלוימענ אקוראט ווי געווונטשנ. די דאָזיקע צוויי, פארשיידנ אינ די יאָרנ, זעננ געווענ עפעס, ווי איינס אינ זייערע געפילנ. דאָס, וואָס שלוימעלענ האָט עפעס אלצ געמאָנטעט, אינעווייניק אינ אימ געבורטשעט, אזוינס, וואָס לאָזט זיכ נישט דערקלערנ, א מינ ציִעניש אזעלכעס, וואָס אָנ א נאָמענ, עפעס אזוינס, וואָס איז נישטאָ בא אלע פארזאָרגטע, שיינע ייִדנ אינ דעמ שטעטל, מיט וועלכע ס'איז אימ עפעס ענג, עס קוועטשט אימ, שטיקט אימ נאָר צומ כאלעשנ, — אָט דאָס האָט ער, די נעשאָמע זײַנע, דערשמעקט, מײַסע סאָטנ, אינ הערצל קיילעס. און לויט ווי עס ווײַזט זיכ שפעטער ארויס, האָט דער יעיצערהאָרע קיינ בעסערנ כאווער פאר שלוימעלענ טאקע נישט געקאָנט אָפזוכנ.

## XII

אײַזיק דער שמיד און הערצל קײלעס דער סטאָליער, װעלכע האָבן זיך גערעכנט באַם שטעטלדיקן אױלעם פאַר בעקאָװעדיקע באַלעבאַטים, זענען דערמיט געװען א כידעש צװישן די באַלמעלאָכעס דאָרט, אין יענער צײַט — דאָס אײגענע טאַקע װאָס א א ייִד מיט אַן אױבל דענסטמאָל, אָדער א ייִד מיט א „פּאָטאָמסטװע" דערנאָך, און א ייִד מיט א טיטל „סאָװעטניק" הײַנט, באַ װעלכע „שרײַבערלעך" איז אָנגעשטאַנען צו עסן פיש שאַבעס באַיאָמים האָהײמ און סראָרעס צו טאַנצן אַפ בעלער ביזמאַן האַזע. ס'איז דאָך בעעמעס טאַקע א װוּנדער, באַלמעלאָכעס — און א פּאָנעם פון מענטשן! ייִדן — און אַזאַ קאָװעד!!...

יאָ, אַזױ טאַקע! װי ייִדן באַ די אומעס־האָױלעם, אַזױ זענען די באַלמעלאָכעס געלעגן אין דער ערד באַ ייִדן. מעגלעך, אַז הײַנט נאָך ליגן זײ אױך אין דער ערד, אָבער פאָרט ניט אַזױ טיף, װי אַמאָל. הײַנט זענען באַלמעלאָכעס צװישן ייִדן דאָך נישט פאַרהאַסט. דער אױלעם פאַרהאַלט זיך אַנטקעגן זײ שײן, פרײַנטלעך, װי עס געהער צו זײַן. מעיוכאָסים נאָר, צװײפּענעמדיקע, זענען אַנטקעגן זײ אין האַרצן אַנדערש, װי מיטן מױל: אױך טאַקע װי ס'געהער צו זײַן. נאָר אַמאָל אָבער, און ביפראַט נאָך אין אַזאַ מאָקעם־טוירע און ייִכעס, װי דאָס שטעטל ק... זענען באַלמעלאָכעס געלעגן אין דער ערד טיף נײַן אײלן — זײער שטאַרק דערנידעריקט. האָבן א באַלמעלאָכע אין דער מישפּאָכע, א שנײַדער, שוסטער, אַשטײגער, איז געװען א פלעק, א שאַנדע. עס האָט זײער אָפט געשאַדט צו א שידעך. אין באַלעבאַטישן גראַד פלעגט מען אין שידוכים זוכן ייִכעס, פלעגט מען אױסגראָבן פון דער ערד ראַבאָנים, לאָמדים, שאָכטים, כאַזאָנים, באַטלאָנים, און באַגראָבן דעם באַלמעלאָכע, טאָמער האָט ער זיך געפונען אין דער מישפּאָכע, דאָס הײסט, פאַרלײקנט זײַן געבײן: עט, װײס איך װאָס, גאָרנישט, פערדס־פּוס־פּידקאָװע! א שענקער, אַן אַרענדאַר, א באַלאַכסאַניע, א קרעמער, א מאַלװע, זײ, דאַקעגן, זײַנען געװען נישקאָשע, אַדעראַבע, זײער פײַנע מעכוטאָנים, אין שטאָט געהױבענע באַלעבאַטים מיט א ברײטער דײע אומעטום: אין באָד, אין שול, לעהאַװדל, און אין קאָהאָל־שטיבל. דערקלערן לאָזט זיך עס דערמיט, װאָס קײן אַנדערע נישקאָשעדיקע פאַרנאָסעס פאַר לײַטישע ייִדן זענען, אַכוץ די, ניט געװען. דערפון האָט מען געקענט לעבן פאַר זיך און אַמאָל פאַר אַנדערע אױך — מיט א נעדאָװע, מיט א טױװע און א גוט װאָרט. האָבנדיק צוליב זײערע געשעפטן באַקאַנטשאַפט מיט פּריצים, גרױסע לײַט אין די הױכע פענצטער, איז מעגלעך זײ געװען צו העלפן אײנעם אָדער דעם קלאַל אין א נױטפאַל. ניט אײן מאָל גאָר איז די יעשועע געקומען דורך א פּריצישן באַלאַכסאַניע, דורך אַן אַרענדאַר און דורך א מאַלװע, א באַנקיר הײסט עס הײַנט. סטאַם אַרענדאַרעס אין דערפער — איז זײער הױז אָפן געװען פאַר אָרכים, װאָס זענען אומגעװנומענע געװאָרן מיט עסן און טרינקען און מיט א נעדאָװע אױך, מײנסטנס פלעגן אַרענדאַרעס אױסװײלן פאַר זײערע טעכטער כאַסאַנים די בעסטע באָכערים פון די יעשיװעס. אָט אַפ אַזאַ שטײגער זענען יענע געװען דאָס, װאָס ייִסאָכאָר און זװולן אַמאָל אין זײער צײַט. זװולן האָט געהאַנדלט און אונטערגעשטיצט ייִסאָכאָרן, װאָס האָט באַגערט לערנען טוירע.

קאָהאָל האָט געהאַלטן באַלמעלאָכעס אין דער מוירע, אָפּגעזונדערט פון באַלעבאַטים אין פיל זאַכן פונעם שטײגער לעבן. א באַלמעלאָכע האָט נישט געטאָרט שאַבעס אָנטון א זײַדענע קאַפּאָטע, טראָגן אַפן קאָפּ א שטרײַמל. אין בעסמעדרעש, אין קלױז איז זײַן אָרט געװען אַפ דער לעצטער באַנק, הינטער דער בימע. צו דער טוירע פלעגט מען אים אױפרופן „העכאָװער" נישט קײן „מוירײנו" אי דאָס זײער זעלטן, צולעצט, צװישן די געשטוקעװעטע אַליִעס. דערפאַר האָט מען אים אָפּגעגעבן אינגאַנצן די בײדע „טױכעכעס", װי גרױס זײ זענען. באַ אים בלײַבּ עס. אַפ אַסיפעס מיט די פײַנע בריִעס װעגן שטאָט־זאַכן איז זײַן פוס ניט געװען. זײַן דײע האָט מען נישט געפרעגט. פאַר אַזעס אוכעדוימע עפּעס א פאַרברעכן, האָט מען אים אױסגעשײגעצט, אױך אױסגעפּאַטשט, און אַמאָל טאַקע מעקײַעם־פּסאַק געװען אין קאָהאָל־שטיבל. זײַנע קינדער פלעגט מען „כאַפּן", „אָפּגעבן" אין דער דינסט, א קאַפּאָרע פאַר בעסמעדרעשניקעס, טאַטנס־קינדער. זײער גוט טאַקע שיקט זיך דאָ צו זאָגן „טאַטנס־קינדער", װײַל צו קינדער פון באַלעבאַטישן שטאַנד פלעגן אַמאָל שטײן צוגעשריבן, קלױמערשט, װי ברידער—קעדײ צו זײַן פאַר זײ די קאַפּאָרע־הינדלעך—אָרעמינקע, װילד־פרעמדע, ניט זײערע קרױװים, ניט זײער טאַטנס קינדער.

אליינ פאר זיכ זענענ די באלמעלאָכעס אינ יענער צײַט געווענ, ניט הײַנט געדאכט, געפאלנ. דאָס אויסלערנענ זיכ עפּעס א מעלאָכע איז פונ אָנהייב אָנ זייער שלעכט געווענ אוועקגעשטעלט, אונ דערפונ איז ארויסגעקומענ זייער פיל נישט קיינ גוטע זאכנ. א לערנ־ייִנגל בא א ליאדע באל־מעלאָכע האָט באדארפט יאָרנלאנג אוועקטראָגנ פּאָמויניצעס, העלפנ אינ באלעבאטישקײַט דער באלעבאָסטע אונ כאפּנ פּעטש אונ קלעפּ ווי האָלצ. אז געלערנט די מעלאָכע האָט ער מאקעס, האָט ער זי מאקעס טאקע נעקענט. ער איז געווענ דערנאָכ א פארטאטש, א פארביטערטער, אומ־גליקלעכער מענטש, פאר צאָרעס ליב געהאט דעמ טרונק. די האנט זײַנע איז געווענ פרײַ אפּ א קלאפּ, מעכאבעד געווענ אפילע דאָס אייגענע ווײַב אויכ. אז אָכ־אונ־ווי די לערנ־ייִנגלעכ, נעבעכ, וואָס זענענ צו אימ, אינ זײַנ צײַט, אינ די הענט ארײַנ! אונ ווער, מישטיינסגעזאָגט, זענענ עס געווענ די ייִנגלעכ, וואָס זײַנענ ארײַנ צו אזעלכנ לערנענ די מעלאָכע? יעסוימימ, אָרעמינקע, פארוואָרלאָזטע, ניט געלערנט אינ קיינ כיידער, ניט געקענט קיינ איוורע — אמעראצימ; דאָכ ווי שלעכט די לאגע פונ די באלמעלאָכעס איז געווענ, האָט זיכ צווישנ זיי געפונענ זייער פיל גוטע, פארשטענדיקע מענטשנ, אויכ אזעלכע מיט הארצ, געפיל אונ לעבעדיקע פריילעכע קאפּצאָנימ.

ווי אָרעמ, פארומערט דעמ באלמעלאָכעס דירע האָט אויסגעזענ פונ דרויסנ, אזוי לעבעדיק־פריילעכ איז דאָרט צײַטנווײַז געווענ פונ די פויעלימ בעשאס דער אַרבעט. עס שטייט זיכ, אשטיי־גער, איציק דאָס שנײַדערל מיט א פרעסל אינ דער האנט איבער א שטיקל ארבעט, הייבט־אָנ אפּ א קוויטש א מארש, צוקלאפּנדיק צו טאקט מיטנ פרעסל, אונ כעוורע פויעלימ, באָכערימ ארומ טיש, ארבעטודיק געשווינד מיט דער נאָדל, העלפנ אונטער, דער אפּנ געלענקל, יענער אפּנ בײַ־קעלכל, איטלעכער מיט וואָס ער קאָנ, אונ עס שפּילט זיכ אָפּ א מעלעכ־עליוינ טשאקנדיק, לעבעדיק, אזש מאלאָכימ מעגנ זיכ פרייענ. אונ טאקע באלד דערנאָכ פארקרימט זיכ איינער, נאָכ־מאכנדיק אפּ אנ אומעטיק קאָל דעמ באדכענ, ווי ער זאָגט גראמענ צו א באדעקנס. א טייל באָ־כערימ שפּילנ צו, ווי די קלעזמער, א שטיל טרויערדיק ניגנדל, די איִבעריקע פארגייענ זיכ, ווי ווײַבער, אינ געוויינ. ס'איז א יאָמער, א קלאָג — אונ פונ דער קאצנ־מוזיק לאָזט זיכ אויס א „קאָשער טאנצ"! כעוורע גייט, זיצנדיק בא דער ארבעט, מיט דער קאלע א קאָשער־טאנצ. אָנ־שטאָט „שאבעס" טוט איינער דעמ אנדערנ א קניפּ, א רוק־אראָפּ פונ הינטנ דאָס היטל אונ מענ שרײַט אויס זינגענדיק: וויוואט! די באלעבאָסטע, די שנײַדערקע, שטעלט אנידער אפּנ טיש א גרויסע פולע שיסל אָפּגעקאָכטע קארטאָפל, הייסע־זודיקע מיט דער שאָלעכצ. אונ מענ מעג גיינ אָנקוקנ אפּ בילעטנ, מיט וואָס פאר א גיכקײַט די קארטאָפל ווערנ אָפּגעשיילט, אינ מויל ארײַנ־געכאפּט אונ אראָפּגעשלונגענ. מײַסטערהאפט! אזעלכע בעריעס אפּ קארטאָפל־עסנ, ווי שנײַדער־יונגענ אוכדוימע זענענ, איז שווער אפּ דער וועלט צו געפינענ, זיי האָבנ דרינענ זיכ אויסגע־ארבעט, באקומענ א יעדיִע, ווײַל דאָס, קארטאָפל, הייסט עס, איז זייער שפּײַז, מישטיינסגעזאָגט, טאָג־טעגלעכ.

דאָרט בא די פויעלימ ווערנ אָפּט געזונגענ לידלעכ, אייגענע ארבעט טאקע, וואָס גייענ דער־נאָכ אַרויס אפּ דער וועלט, צווישנ אוילעמ, פאלנ ארײַנ אינ מויל צו מיידלעכ, דינסטמיידלעכ אונ באקומענ דעמ נאָמענ „פאָלקס־לידלעכ". פויעלימ, וואָס פלעגנ וואנדערנ, ארבעטנ בא גויִמ אינ די דערפער, האָבנ אינ זייערע לידלעכ ארײַנגעמישט גוייִשע ווערטער, אזוי אז ס'איז אויסגע־קומענ האלב ייִדיש, האלב רײַסיש, דער „טאָכ" פונ די לידלעכ איז געווענ זייער פארשיידנ. ס'איז געווענ אזוינע איבער ליבעס. א דינסטמיידל, א שטייגער, פארבענקט זיכ אינ דער פרעמד נאָכ איר געליבטנ, דערמאנט זיכ וויינענדיק־אָנ די גוטע, זיסע מינוטנ, ווי זיי פלעגנ פארברענגענ צו־זאמענ, ווי א פּאָר טויבנ, אפּנ שפּאציר, אמאָל אינ געדיכטע וועלדער אונ אמאָל צווישנ ווייצ אונ קאָרנ, אָדער סטאמ א מיידל גיסט אויס איר הארצ, ציט זיכ מיט דער נעשאָמע צו עפּעס א כאָסנ, ווי א קליינ קינד מיט די הענטעלעכ צו דער שײַנענדיקער לעוואָנע. אויכ לידלעכ פונ א שנור איבער א בייזע שוויגער, פונ א יעסוימע איבער א שטיפמוטער. לידלעכ פונ ייִדישע רע־קרוטנ, ווי זיי געזעגענענ זיכ מיט אלע זייערע ליבע פארנ אוועקגאנג אינ דינסט אפּ לאנגע, לאנגע יאָרנ, באוויינטע געזעגענענ זיכ מיט ווײַבער אונ קינדער, ייִנגלעכ, קליינינטשקע, נעבעכ, באמ „דיאדקע" אפּ די הענט, אינ בריטע, לאנגע פעלצלעכ, צוויי מאָל אזויפל ווי זיי, געזעגענענ זיכ מיט טאטע־מאמע, ברידער אונ שוועסטער. אזעלכע הייסנ אינ די לידלעכ בידנע יעסוימימ־

לעכ, וואָס ווערנ, ווי פונ א בוימ אָפּגעריסענע בלעטעלעכ, פֿאַרוואָרפֿנ העט־העט ווײַט אינ די קאַלטע ערטער, ערגעצ אינ א העק, צווישנ פרעמדע, גראָבע פויערנ, צו פאַשעג דאָרט בא זיי כאַזיירימ, אונ גאָט ווייסט, ווו זייער געביינ וועט אהינקומענ. טאַטע־מאַמע וועלנ אפילע ניט זיצנ „שיווע".

צווישנ די לידלעכ איז דאָ פילע איבער נעגידימ, קאָהאָלס־לײַט אונ קליי־קוידעש, אינ וועלכע זיי רעכענענ זיכ אָפּ מיט די אַלע פײַנע בריִעס פאַר די צאָרעס אונ לייד, וואָס זיי שטייענ פונ די לײַט אויס, אונ לאָזנ אויס צו זייער קאָפּ אלדאָס בייז מיט שאַרפע ווערטלעכ אונ שפּיציקע שטעכווערטלעכ. יענע הייסנ בא זיי: יאָלדנ, שמעלקעס, דאָס אויבערשטע פונ שטייסל, צימעס, לאָקש, קאַפּהאָנ־דאָס, שיינע־ריינע מוירײַנעס. מענ קענ מיט רעכט זאָגנ, אז בא די באַלמעלאָכעס האָט געטליִעט א פּאָעכישער פונק, זיכ געלאָזט פילנ א יונגע פרישע נעשאָמע, אונ דערמיט טאַקע לאָזט זיכ דערקלערנ זייער אומגאַנג, ווי כאַווײַרימ, מיט קינדער, זייער ליבשאַפט אדאיעמ צו שרײַבער פּאָעטנ.

קינדער זענענ פונ דער נאַטור אויכ שטיקלעכ באַלמעלאָכעס; זיי האָבנ ליב צו מײַסטערנ; שניצנ, בויענ, מאָלנ אוכדוימע. דאָס ייִדישע כיידער־ייִנגל, אשטייגער, נעמט זיכ מיט כיישעק שניצנ פּאָרמעס אונ גיסנ דריידלעכ אפ כאַנוקע, מאַכנ האָמענ־קלעפּלעכ אפ פורימ, מאָלנ רייזלעכ אונ קלעפּנ אפ די פענצטער שוועס. נאָר אָנשטאָט אונטערצוהאַלטנ דעמ כיישעק בא קינדער צו מײַסטערנ, דערשטיקט מענ אימ נאָכ באַלד אינ אָנהייב מיט שטרענגע מיטל — לאָזנ זיי בעסער לערנענ, זאָגט מענ, נישט פאַרנעמענ זיכ מיט נאַרישקײַט. טרעפט זיכ אָבער אמאָל, אז קינדער קומענ צו באַלמעלאָכעס, זענענ זיי זיכ פּאָשעט מעכײַע פאַר גרויס פאַרגעניגנ צו זיצנ אונ צוקוקנ זיכ, צוהערנ זיכ, ווי יענע אַרבעטנ, ווי זיי ריידנ, זינגענ, זאָגנ גלײַכווערטלעכ. נאָכ דעמ אומער, פינצטערע צורעס, בייזע פּענעמער אונ פאַרקלאָגטע נעשאָמעס, וואָס זיי זעענ פאַר זיכ שטענדיק אינ כיידער, אינ בעסמעדרעש אונ אינדערהיימ, איז א פרײַע מינע, א פריילעכ פּאָנעמ, א גוט וואָרט פאַר זיי גאָר א דערקוויקעניש. די אייגעלעכ קוקנ, די אויערלעכ האָרכנ אונ דאָס הערצעלע קוועלט, איז זיכ מעכײַע.

ייִנגלעכ זענענ באַלמעלאָכעס, באַלמעלאָכעס זענענ ייִנגלעכ. אי די, אי יענע האַלט מענ אינ דער מוירע, זיי זאָלנ האָבנ טאַרבעס. די — טאַרבעס פאַר טאַטעס אונ יענע — טאַרבעס פאַר באַלע־באַטימ!

אז אײַזיק דער שמיד אונ הערצל קיילעס דער סטאָליער זענענ אויסגענומענ געווענ פונ קלאַל דערנידערדיקטע באַלמעלאָכעס אינ שטעטל, האָבנ זיי דערמיט געהאַט צו פאַרדאַנקענ זכוס־אָוועס. זיי האָבנ געשטאַמט פונ א שיינער מישפּאָכע, זיכ גערעכנט פאַר קרויווימ מיט די פײַנסטע לײַט אינ שטעטל. די טאַטעס זייערע, אָנגעזעענע יוסטע באַלעבאַטימ, האָבנ איבערגעלאָזט זיי בעיערושע הײַזער אפנ מאַרק, דער שענסטער פּלאַצ אינ שטעטל, אונ שיינע שטעט אינ מיזרעכ־וואַנט אינ שול דאָרט, ביידע זענענ געווענ שכיינימ מיט רעב כאַימענ. אײַזיקס הויז איז געשטאַנענ אינ דער רעכטער זײַט פונ זײַנער אונ הערצל קיילעס הויז — אינ דער לינקער זײַט. די דרײַ שכיינימ האָבנ געלעבט גוט צווישנ זיכ, פלעגנ איינער צומ אנדערנ קומענ אפ סימכעס אונ גוט־יאָנטעוו בעטנ. אײַזיקס זונ, מייער־איצע, א וויל ייִנגל, מיט א קעפּל צו מײַסטרעווענ שפּילצײַג, אויפטונ האָס־באָרעס אינ גראַגערס, האָמענ־קלעפּלעכ, האָט געלערנט מיט שלוימעלענ אינ כיידער. אונ הערצל קיילעס זונ, בענציִענ, אימ האָט רעב כאַימ גענומענ אומזיסט פאַר א כאַווער צו זײַנ עלטערנ זונ, מיט וועלכנ ער פלעגט לערנענ א שאָ אָדער צוויי, ווענ נאָר ער האָט צײַט געהאַט. פונ א זײַדע־נער קאַפּאָטע אונ א שטרײַמל שאַבעס אונ יאָנטעוו — רעדט מענ שוינ ניט, אז זיי האָבנ געטראָגנ; די שײַלע איז נאָר, ווי קומט עס, אז טאַטנס קינדער אזוינע זאָלנ זײַנ באַלמעלאָכעס? לײַט זאָגנ: „א קליפּע איז אינ זיי אַרײַנ אינ דער יוגנט, זיי אָפּגעריסנ פונ לערנענ אונ פאַרדרייט דעמ קאָפּ מיט נאַרישקײַטנ, מיט ייִנגלשע זאַכנ. ייִנגלעכ זענענ זיי געווענ אונ ייִנגלעכ זענענ זיי גע־בליבנ. עס האָט אינ זיי געבורטשעט די קליפּע, געבורטשעט, געבורטשעט, אונ וואָס איז פונ זיי געוואָרנ צומ סאָפּ? גאָרנישט, באַלמעלאָכעס! נאָר... פּאָרט טאַטנס קינדער".

אָט צו אזעלכע אלטע ייִנגלעכ האָט שלוימעלענ דער יעיצערהאָרע געטראָגנ, דאָס איז געווענ דעמ יעיצערהאָרעס לעצטער שטויס שלוימעלענ בא אַרויסשטופּנ אימ פונ „יענעמ אוילעמ". אצינד וועט ער שוינ, ווי א קוואָטשקע, שטענדיק איבער „בייצע" נישט זיצנ!

## XIII

עמעס טאקע, ווי אלטע ייִנגלעכ זענענ בײדע, אי אײַזיק דער שמיד אי הערצל קײלעס דער סטאָליער פאר שלוימעלענ געווענ ווי געווונטשנ; נאָר וואָס אָנבאלאנגט אײַזיק דעמ שמיד, האָט שלוימעלעס הארצ געצויגנ ניט אזוי צו אײַזיקס פערזאָנ, ווי צו זײַנ קוזניע. די קוזניע האָט עפעס גערעדט אימ צומ הארצנ, געוועקט אינ אימ זיסע אָנגענעמענע געפילנ אסאכ מער, ווי אײַזיקס כקירעס. אנטקעגנ־זשע הערצל קײלעס — איז ער אלײנ טאקע, ער מיט זײַנ פערזאָנ, ווי ער שטײט אונ גײט, מיט זײַנע טנועס אונ אלע זײַנע קאפריזנ, אלצ מיטאנאנד, ווי בא קײנעמ ניט אינ שטעטל, האָט שלוימעלעס הארצ צו זיכ געצויגנ. הערצל קײלעס אלײנ איז געווענ, ווי זאָל מענ עס זאָגנ, עפעס א מינ קוזניע — עס האָט אינ אימ געגליט, געברענט א פײַער.

די לײדיקע צײַט זײַנע פונעמ לערנענ טײלט שלוימעלע, לויט דער וועטערונג אינ די פארשײדענע צײַטנ פונעמ יאָר, צווישנ אײַזיק דעמ שמידס קוזניע אונ הערצל קײלעס. אָסיענצײַט, אשטײגער, אינ די בלאָטעס, אָדער בעשאס אזוי א מיִעסע פאָגאָדע, אז ס'איז נאס אונ קאלט, בלאָזט פונ אלע זײַטנ, דער הימל אָנגעדרודלט, שלעפט אפ זיכ ארופ, מײַסע־קאַפצנ, א שטארק אַפגעבליאקעוועטנ מאנטל פונ א מיסע־מעשונע־קאָליר, מיט פלעקנ, מיט לאטעס אפ לאטעס פונ גרויסע טונקעלע, שווארצע וואָלקנס אונ ווארפט אָנ אפ איטלעכנ א מאָרעשכוירע מיט זײַנ פינצטערנ פאָנעמ, — דענסטמאָל טרײַבט עס שלוימעלענ אינ קוזניע ארײַנ. ער פארקלײַבט זיכ דאָרט צווישנ אָנגעוואָרפענע געצײַג אינ א ווינקעלע, בלײַבט זיצנ פארשטארט, שטיל, פארטראכט אונ קוקט. עס הודעט דער בלאָזזאק, עס פלאמענ די קוילנ, אײַזנס גליִענ, פונקענ פליִענ — שלוימעלע איז פארגאפט, פארצויבערט. עס טראָגט אימ דער קאָפ, פארפליט העט־העט אינ די ווײַטע אוילעמעס ארײַנ, עס טרעטנ פאר אימ ארויס געטלעכע בילדער, שײנע געשטאלטנ פונ וווּנדערלעכע מײַסעס, אלטע אגאדעטעס — אלצדינג, וואָס דאָס הארצ גלוסט, פונ די פלאמענדיקע קוילנ אינעמ אויוונ קוקנ צו אימ ארויס שווארצברענענדיקע אויגנ. דער אופגעבלאָזענער זײַל פײַער דאָרט ווערט ביז אינ הימל ארײַנ א הויכער לײטער, די פונקענ — פליִענדיקע מאלאָכימ ארופ אונ אראָפ אפ אימ. קלאָפ־קלאָפ, אפ דעמ גליִענדיקנ אײַזנ קלאפנ די האמערס — אונ עס דאכט זיכ, דאָרט, דאָרט ברעכנ זיכ פונ פארצויבערטע פאלאצנ די שלעסער אונ עס גײענ ארויס פונעמ לאנגנ שלאָפ אופגעשטאנענע באסמאלקעס, שײנע, שײַנענדיקע אונ פונ צווישנ זײ לויכט ארויס ווי דער מאָרגנשטערנ פראדל, זײַנ פראדל! דער בלאָז־זאק הודעט־הודעט — אונ שלוימעלע ווערט אָנגעצונדנ, רויט ווי פײַער... אָט אינ אזא מאָרעשכוירעדיקער פאָגאָדע פלעגט שלוימעלע. ער אלײנ מיט לײַב אונ בײנער, זיצנ אינ קוזניע פארשלאָגנ אינ ווינקל. נאָר די נעשאָמע זײַנע, זי פלעגט זיכ אופהײבנ אונ פארפליִענ אינ אנדערע וועלטנ, ווו ס'איז איר ליכטיק, ווארעמ, שײנ, ווו עס שפראָצט, עס בליט אונ עס לאָזנ זיכ זענ זײער גוטע, וווּנדערשײנע זאכנ. שלוימעלע, הײסט עס, איז א בוירע, ער באשאפט אונ לעבט אינ זײַנע, מיט דעמ קויעכ־האדימיענ באשאפענע, וועלטנ — אונ די נעשאָמע זײַנע האָט האנאָע.

איז אָבער גאָטס וועלט דאָ בא אונדז מילד, שײנ, דער הימל לויטער, די זונ שײַנט — ציט עס, ציט שלוימעלענ אָפצוגעבנ זיכ איר, אָט אזוי, ווי זי איז אינגאנצנ, מיט לײַב אונ לעבנ אונ אלע כושימ טאקע. אונ דענסטמאָל טרײַבט עס אימ צו הערצל קײלעס, וואָס איז מיט זײַנע געענג אונ זײַנ שטײגער לעבנ אימ צומ הארצנ מער פונ אלע ייִדנ אינ שטעטל, וואָס זײַנ הויז אונ דאָס גאנצע באלעבאטישקײַט שמעקט עפעס מיט דאָרפ, מיט א פרישנ רײעכ פונ פעלד. דענ ווו איז עס געהערט געוואָרנ, אז א ייִד, א שטאָט־באלעבאָס זאָל זיכ אָפגעבנ מיט אויפעס, מיט בעהײמעס, האָבנ בא זיכ אָקסנ, פערד, א גוי, לעהאוודל, טראָכימ, צו באארבעטנ די פעלדער, אונ א הונט א צוגאָב דערצו אויכ? א ייִד, וואָס זײַנע מעווינעס שטעקט אינ אנ עסרעג, אינ הוישײַנעס, זאָל זיכ נאריש מאכנ, שטעקנ ציפקעס אינ עפל־אונ בארנבײמער בא זיכ אינ גאָרטנ! א ייִד, א שטאָט־באלעבאָס, וואָס באדארפ מער נישט וויסנ דעמ מארק, דעמ בעסמעדרעש אונ שאבעס באטאָג נאָכנ טשאָלנט שלאָפנ, זאָל מײַסע־קונדעס, ער מיט זײַנ באָכערל, גאָר גײנ אָפט שפאצירנ!

שלוימעלע ווערט בא הערצל קײלעס אינ הויז א הײמישער. מיט זײַנ זונ בענציִענ, רעב כאִימס אמאָלעדיקער טאלמיד, ווערט ער א נאָענטער כאווער, בײדע האָבנ זיכ ליב דאָס לעבנ.

בענציִען האָט איִן זיך געהאַט דאָס, וואָס א שטאָט־ייִנגל און א דאָרפס־ייִנגל אינאיינעם. ער האָט געקענט אריַינקוקן אין די קליינע אויסיעלעך, אָפלערנען א בלעטל געמאָרע — און קיין כיישעק ניט געהאט צום לערנען, אָפגעגעבן זיך מיט דעם באַלעבאטישקייַט אין הויז, אין פעלד מיט גרויס ליבשאפט. בעטעווע איז ער געווען א גוטער, א שטילער, האָט מער געטאָן ווי גערעדט.

שלוימעלע פלעגט אים פארשטיין אפן ווונק. עס זיצט זיך, אשטייגער, בענציִען, אין א זומער־טאָג בא זיך אפן גאניקל. די זון באקט — א שרעק. דער הונט ליגט אים צו די פיס, אויסגעצויגן אפן בויך, מאכנדיק מיט די זיַיטן פאר היץ, צייַטנווייַז טוט ער א הייב דעם קאָפ, אן עפן דאָס מויל — א לאַפ־כאַפ א פליג! אים בא דער זיַיט זיצט די קוואָטשקע מיט צעשפּרייטע פליגל, פון אונטער וועלכע עס לאָזט זיך הערן א פּיסק פון קליינע הינדעלעך. דאָס רוט מען דאָ פונעם אָנלויפן זיך אינדרויסן ביז אצינד. דער מארק איז אָפגעראמט, מען זעט קיין לעבעדיק באשעפעניש דאָרט ניט — בעהיימעס זענען אין פעלד, קינדער, לעהאוודל, זענען אין כיידער, און גרויסע גענעצן אין שטוב, אין קלייט, לעכצענדיק נאָך א קאלטן טרונק וואסער. אף דער גלייַכער וואנט ערגעץ דראפּעט זיך א קאץ, בלייַבט אינדערמיט שטיין, אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, קוקט, טראכט, איז זיך מעיאשעוו, וואָס זאָל זי טון, צי ארופ וויַיטער, צי אראָפּ? שלוימעלע רוקט זיך דענסטמאָל ווי א קעצעלע ארויס פון שטוב, נאָכדעם ווי ער האָט ווי ס'איז אָפגעפּאטערט, צוגעגרייט דאָס שטיקל לייענען פארן פּאָטער. עפּעס בענקט זיך אים, ציט עס אים, די אייגעלעך קוקן אהין, ווו דער הימל לאָזט זיך אראָפּ, ווו עס ציט זיך א טונקל־גרינע ליניע פון שפּיצן הויכגעוואקסענעביימער. ער טוט א בליק — אָ, עס זיצט בענציִען! מיט איין שפּרונג איז ער נעבן אים.ביידע שווייַגן און איינער דעם אנדערן פארשטייט, וואָס ער וויל. בענציִען טוט א ווונק, א סמאָרע מיט דער נאָז, הייבט זיך אוף און לאָזט זיך גיין, און שלוימעלע מיט א שייַנענדיק פּנעמל נאָך אים, דאָס לאָזט מען זיך ארויס פונעם שטעטל וויַיט אפן שפּאציר.

אפן וועג, הינטערן שטעטל, גייט בענציִען אריַין צו זיך אין שייַער, געוואָר ווערן צום אָנגעלייגטן פרישן היי דאָרט. ס'איז פריש, קיל, מעכייַע, דער רייעך פון היי צעגייט זיך אין אלע גלידער. די ביידע כאווירים טוען זיך דערופּ א וואָרף און גלייַכן אויס די ביינער. ליגן און קוקן, ווי די שוועלבעלעך פליִען ארויס — אריַין, ארומדרייענדיק זיך מיט א סווישטשער ארום די נעסטן זייערע דאָרט אונטער דעם שטרויענעם דאך. זיי אנטקעגן שטרעקן זיך ארויס אָפענע געלע פּיסקעלעך פון יונגעטשקע נאקעטע פייגעלעך, וואָס ווילן עסן.

פונעם שייַער גייט מען, און מע קומט צו א גלייַכן פרייַען פלאץ, ווו עס ציִען זיך אוועק וויַיט אין דער לענג, אין דער ברייט פעלדער מיט אלערליי טוווּעס. עס זעט זיך דאָרט פונדערוויַיטנס א געמעל, וויַיס־רויטלעך בליִענדיקע רעטשקע, איַינגעפּאסט אין א ראַם פון גאָלד־געלע ווייץ ארום און ארום. בלויע בלימעלעך צווישן קאָרן פארנעמען די אויגן, און פליִענדיקע, שפּריג־גענדיקע גאָטס באשעפעניש דאָרט זשוזשען אָן פולע אויערן. בענציִען באטראכט דאָרט זייערס א פעלד מיט האָבער און איז העכסט צופרידן, לאָזט זיך פון דאָרט גיין ערגעץ אין דער זייַט, שלוימעלע נאָך אים, ביידע רויט, ווי א צוויק, ביידע פארגעניגט, ניט צו רעדן קיין וואָרט, און קומען צו א לאָנקע. דאָרט פּיטערן זיך פערד, געפּענטעטע אף די פעדערשטע פיס. דערבייַ ברענט א פייַערל אונטער אן אלטער ווערבע, ווו טראָכימ קאָכט קארטאָפל און מאכט אָן, אונטערוואַרפנדיק דארע צוויַיגלעך, א רויך צו פארטרייַבן די קאָמארעס. איין פערד, וואָס נאָענט, דערזעענדיק דעם באלעבאָס, הייבט אויף דעם קאָפּ הויך, שפּרינגט אמאָל דרייַ מיט די פעדערשטע געפּענטעטע פיס און טוט א הירושע — בּאָרעכאבאָ! הייסט עס. בענציִען געזעגנט זיך מיט אים, א קלאַפּ געבנדיק עס הינטן אף דעם רוקן, זאָגט אָן עפּעס טראָכימען און גייט וויַיטער, שלוימעלע מיט אים, און פארגייען טיפלעך אין א וואלד.

נאָך פון דער ערשטער באקאנטשאפט מיטן וואלד האָט שלוימעלע באקומען פאר אים דרעכערעץ. אי ליב געהאט אים, אי מוירע געהאט האָט ער פאר אים. אין דער יוגנט נאָך האָט ער זיך אָנגעהערט שרעקלעכע מייַסעס: אין וואלד זענען דאָ גאזלאָנים, אין וואלד זענען דאָ כייַעסראָעס — וועלף, בערן, שיידים, נישט־גוטע זענען אויך אין וואלד דאָ. מיידלעך זענען אמאָל אין וואלד געגאנגען מיט פולע שיסעלעך אָנגעקליבענע יאגעדעס, איז צוגעקומען א בער, זיך גענומען פרעסן די יאגעדעס, און די מיידלעך זענען קוים מיט לעבן אנטלאָפן. הייַנט איז גלאַט א סאקאָנע פאר ייִדישע קינדער דאָרט פון שקאָצימלעך מיט הינט.

דאָס ערשטע מאָל אַרײַנקומענדיק מיט זײַנע כאַווײרים אין וואַלד, האָט אים געטיאָכקעט דאָס האַרץ, זיך אַרומגעקיקט אין אַלע זײַטן און בײַ אַ מינדסטן שאָרך פאַרביסן די ליפּן און געמאַכט — שאַ!

שפּעטער, שפּעטער, אויף זײַנע שפּאַצירגאַנגען מיט הערצל קײלעס, מיט בענציענען און דעם הונט, לעהאַוודל, איז ער צום וואַלד געוווינט געוואָרן. אַז מען פלעגט זיך באַגעגענען דאָרט מיט שקאָצים, פלעגן אײנע די אַנדערע זאָגן: „דאָברי דיען" און פון בײדע צדאָדים די הינט פלעגן אײנע די אַנדערע זיך באַשמעקן, באַלעקן. פאַר שײדים איז אויך ניט געווען וואָס צו שרעקן זיך. הערצל קײלעס האָט געהאַט צו זײ אַ שפּרוך. — „זײ" האָבן אַמאָל פאַרדרײט אַ רעדל דאָ אין וואַלד, — אַזוי פלעגט הערצל דערצײלן, — געיואָלט צענעמען, צעטראָגן מיט דעם דרײדל־ווינט אַ סטערטע הײ, האָט ער אינדערמיט רעדל אַרײַנגעוואָרפן אַ מעסער, געזאָגט אַ שפּרוך פון אַזאַ קסאַוויאַד, וואָס גײט איבער אין זײַן מישפּאָכע פון עלטערן צו קינדער בישטיקע, און זײ צעטריבן אויף אײביק, לעוילעם וואָעד.

מוירע, הײסט עס, איז שוין ניט געווען וואָס צו האָבן. דאָך דער דערעכערעץ פאַרן וואַלד איז בײַ שלוימעלען אויף טאָמיד געבליבן. אים האָט זיך דער וואַלד פאָרגעשטעלט אין קאָפּ נאָר עפּעס אַ לעבעדיק באַשעפעניש. עפּעס אַ מין פאָלק אַזוינס. עפּעס שטײען זיך אויף אַ גרויס שטיק לאַנד בײמער — אַלטע זקײנים, ײדעס, עלטער־זײדעס, און יונגע, קלײנוואַרג. איטלעכער, דאַכט זיך, שטײט פאַר זיך באַזונדער, נאָר אין „גרונט" גענומען זענען זײ דאָרט טיף פאַרפּוטעט, פאַרײניקט מיט די וואָרצלען און ציִען די יעניקע, ווי אַזעלכע פון אײן שוירעש. זאָל ווײען פון ערגעץ עפּעס אַ ווינטעלע, שושקען זײ זיך איבער, סוידען זיך, אָנבײגנדיק די קעפּ אײנער צום אַנדערן. קײנער שווײַגט נישט שטיל, עס „רירט" אָן איטלעכן און איטלעכער לאָזט זיך הערן מיט זײַנס, באַסעוועס צו, טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ. אַ מינדסטער קלאַפּ בײַ אים דאָ, רופט זיך עס אָפּ בײַ אים העט ווײַט דאָרט. און זאָל אַ בלאָז טון אויף אים, ווי עס מאַכט זיך אַמאָל, אַ פוילער, אַ בײזער ווינט פון צאָפן־זײַט, כאַפּט ער זיך אויף מיט אַ קאַס, אַ צאָרן, עס ראַשט זיך, עס פילדערט פון גרויס ביז קלײן. עס רוישט און שטורעמט, ווי כוואַליעס אין יאַם. פאַרשטומט ווערט ווי אַ לעבעדיק באַשעפעניש אין אים, באַהאַלט זיך אין אַ לאָך פאַר שרעק.

שלוימעלע קען דעם וואַלד, ווײסט זײַן נאַטור, האָט אַלײן שוין געזען אים, צעשפּילנדיק זיך אין אַ שטורעם מיט אַ ווילדער קראַפט, אין דעריבער באַקומט ער טאָמיד בײַם אַרײַנגאַנג עפּעס אַן אָפּשײַ פאַר אים, אַפילע ווען ער שטײט זיך שטיל, רויִק, ווען ער לאַדעט אײַן צו זיך, ווי אַ גוטער מאַכניס־אוירעך, צו קומען אויסרוען זיך אין זײַן שאָטן, איז מעכאַבער מיט רויטע, אי מיט שוואַרצע יאַגעדעס און לאָזט שפּילן אַ קאַפּעליע פון זיסע ניגונים. מיד פון דעם שפּאַציר אויף די פרײַע, פרײלעכע פעלדער, זיצט ער אַצינד מיט בענציענען אָנגעלענט אונטער אַ צווײַגהאַפּטיקן בוים, הערט זיך צו, קוקט זיך צו צו אַלצדינג אַרום און אַרום מיט דערעכערעץ און האָט אין האַרצן שטאַרק האַנאָע.

פּינעם וואַלד אַרויסגײענדיק, לאָזט מען זיך צוריק אין שטעטל, מע כאַפּט זיך אַרײַן שוין אַביסל שפּעטלעך אין בעסמעדרעש, שאַ קיטש, גלײַך ווי גאָרנישט געשען, און מע פאַרבײַסט מיט אַ מינכע.

אָנזעענדיק זיך, וואָס עס טוט זיך אין דער באַלעבאַטישקײַט בײַ הערצל קײלעס, נעמט שלוימעלע און ווערט אַ באַלעבאָס אויך בײַ זיך. זוכט אויס אַרבעט אין גאָרטן, וואָס הינטערן שטוב, קריכט צווישן די בײטן רײַסן ציבעלעס, רעטעך, אוגערקעס, רײַסט אויס דאָרט די קראָפּעווע, און קוקט זיך צו דערנאָך אַמאָל צען אין טאָג צו דעם גרינוואַרג, זען, צי ס'איז שוין אויסגעוואַקסן!... פאַרנעמט זיך מיט טויבן, פאַר וועלכע ער מאַכט פון שטרוי נעסטן אויף דעם בוידעם, האַלט אויך שפּילפײגעלעך אין שטײַגלעך, זעצט אויך הינער אויף אײער אין אַ קאָרב, אונטערן בעט, קריכט אַהין עפּעטערס, ציקאַווע צו זען, ווי עס פּיקן זיך אויס הינדעלעך.

גראָד מאַכט זיך, אַז אין שטוב דרײט זיך אַרום אַן אינדיטשקע, זײער אַ שײנע, באַליבט באַם גאַנצן הויזגעזינד, און מע בעט זי אויס בײַ דער מאַמע, ניט צו שעכטן עס. ס'איז דאָ אָן איר אויך אַ פּאָרפּאָלק — אַן אינדיק מיטן ווײַב אויף פּײסעך. לאָז זי לעבן און בלײַבן אויף פּליד. די אינדיטשקע זעצט זיך לעמאַזל אויף אײער, פירט אויס אַ זעצל קינדערלעך, און שלוימע נעמט אויף זיך, אין אַ גוטער שאָ, די גאַנצע מי מיט דעם קלײנוואַרג.

און דעם עמעס מוז מען זאָגן, ער האָט געטאָן זײַן זאַך געטרײַ, זיי געשענקט גענוג צײַט און זיך אָפּגעגעבן מיט זיי אַסאַך, מער נאָך, וויפל טאַטע־מאַמע האָבן געוואָלט, אַזוי אַז ס'פלעגט אַמאָל צווישן זיי פאָרקומען צוליב דעם אַ ווערטלען זיך אונטער פיר אויגן.

— דו! — מאַכט רעב כאַיִם צום ווײַב, וועלכע ער האָט אַף דעם ייִדישן שטייגער, קיינמאָל ניט גערופן באַם נאָמען. נאָר סטאַם: דו, — די אינדיטשקע איז דײַן מעלאָכע. עס האָט זיך איר פאַר־גלוסט אינדיקלעך! דערווײַל לערנט נישט דאָס באָכערל, האָט אין זינען שטענדיק אינדיטשקע, אינדיקלעך. נ־נ־נו.

— אָט האָסטו דיר שיינס! — פאַרענטפערט זיך סאָרע מיט פאַרדראָס, — מיר האָט זיך פאַר־גלוסט אינדיקלעך! אַלע אין שטוב האָבן געכאַלעשט: לאָז איבער די אינדיטשקע, און אַז ס'מאַכט זיך עפּעס־וואָס, גייט צו מיר אויס דער צאָרן. ווי אַ ייִדישע טאָכטער איך בין, מאָרגן שיק איך, בלי ניידער, נאָך דעם שויכעט, אויב דו ווילסט, און לאָז ער קוילן פונמיטנטוועגן די אינדיטשקע מיט די אינדיקלעך אינאיינעם.

— אָן קאַס! — זאָגט רעב כאַיִם שוין ווייכער, קימאַט מיט אַ געבעט — מיט דיר טאָר מען נישט ריידן קיין וואָרט, באַלד ווערט זי אין קאַס. צו וואָס קוילען אַ באַשעפעניש, נעבעכ? אַז זיי לעבן, זאָלן זיי זיך לעבן. געלעבט אַזאַ צײַט און פּלוצים... אַ ראַכמאָנעס, נעבעכ, אַ צאַר־באַלעכאַיִם!

— וואָס־זשע ווילסטו פון מיר האָבן? — מאַכט סאָרע נאָך אַלץ מיט אַ באַרויגעז פּאָנעם — אַז דו ביסט אַ באַל־ראַכמים, וואָס־זשע זאָגסטו מיר, וואָס?..

— גאָרנישט, גלאַט אַזוי, — פאַרענטפערט זיך רעב כאַיִם מיט אַ גוט שמייכעלע, — איך זאָג עס מיר סטאַם אַזוי: אַז דער קאָפּ ליגט אים צופיל אין די אינדיקלעך. אַלץ אינדרויסן, אינדרויסן.

— איך ווייס, אָסער, ניט, וואָס דו ווילסט, — מאַכט סאָרע און קלוימערשט טרערן שטעלן איר זיך אין די אויגן, — אַ קינד זאָל דעם גאַנצן טאָג, וויל ער, זײַן פאַרשפּאַרט. איך האָב ניט קיין האַרץ פאַרווערן אים אָנקוקן די ליכטיקע שײַן. אַדראַבע, טאַטע, זיץ דו מיט אים און לערן פון פרי ביז נאַכט, פאַרוואָס, טאַטע, קוקסטו אים נישט אָן דעם גאַנצן טאָג?

— נו־נו־ נו! — גענוג! — טיטשעט רעב כאַיִם דאָס ווײַב מיטן פינגער, שמייכלענדיק צו איר אַזוי פרײַנטלעך ביז זי טוט אויך אַ שמייכל — און שאָלעם, אַלצדינג ווידער וואָס פריִער.

שלוימעלען ווילט זיך נאָכמאַכן הערצל קיילעס אין שיינע האַנט־אַרבעט אויך. ער פאַרקוקט זיך מיט גרויס פאַרווונדערונג אַף הערצלס „רעב יוסי מיטן באַסקאָל ווי אַ טויב", וויל אויך עפּעס מאַכן און עס גייט ניט. נישטאָ קיין געצײַג, — פאַרענטפערט ער זיך פאַר אַנדערע און פאַר זיך אַליין. צום שניצן ברויכט מען אַ שאַרפ מעסערל. דאָס מעסערל, אַף וועלכן ער האָט גע־שטעלט אַ פלעט פאַר אַ גאַנצן האַלבן גראָשן און עס געוווּנען, האָט נישט געטויגט — די קלינג־לעך זענען געווען פון בלעך, און צו מאָלן, האָט ער געזאָגט, באַדאַרף מען פאַרב, בלויע, רוי־טע פאַרב, דעריבער איז ער טאַקע ניט שולדיק. נאָך גוט, כלעבן, וואָס עס גייט אים די האַנט אויסצוקנייטשן פון פּאַפּיר לאַמטערנעס, אויסצושניצן פון אַ שפּענדל אַן אויערלעפּעלע און מאַכן אַ „בעעזראַס האַשעם" מיט אַ צוק, אַ דריי אַזוי, אַז ס'קומט אַרויס מיט אַ פויגל!

## XIV

דער וועג פון שלוימעלעס לעבן ביז אַהער, ווען אַפילע ער איז ניט אויסגעשאָטן געווען מיט בלומען, דאָך שלעכט האָט מען אים נישט געקאָנט אָנרופן. לעכאָלאַפּאָכעס האָט זיך דער וועג געצויגן גלײַך ווי אַ סטרונקע, גלאַט, אָן גריבלעך. שפּעטער אָבער הייבט דער לעבנס־וועג זײַנער אָן זיך צו קרימען, ווערט גריבערדיק. ווײַטער אַביסל איז ער שוין באַוואַקסן מיט דערנער, נאָך ווײַטער ציט ער זיך שוין אַרויף און אַראָפּ איבער בערג, איבער טאָלן און טיפע אָפּגרונטן. דער גאַנג אַף אים ווערט שווער, וואָס ווײַטער, ווײַטער, אַלץ ערגער, ערגער, כאָטש נעם און פאַל אַנידער, כאָטש טו זיך, סאָנעציִען, אַ מײַסע אָן.

די ערשטע שטיינער אים אַפן וועג — זענען צאָרעס האַקלאַל, צאָרעס, פּוראָניִעס, וואָס זענען קעסיידער איינע נאָך די אַנדערע אַף דעם שטעטל ק... אָנגעשיקט געוואָרן.

איינע פונ די הויפט־פּאַרנאָסעס, וואָס דערמיט האָט דאָס שטעטל ק. אויסגעצייכנט זיכ פונ אַלע אנדערע שטעטלעכ אינ ליטע, איז געווענ „אסטראכאנקע“ אונ באזונדערס דער „שלייער־ארטיקל“.

אסטראכאנקע — דאָס איז געווענ אזא סאָרט לייַוונט, געפארבט טונקל־גרינ אונ צונויפגעלייגט אינ שטיקלעכ פונ א געוויסער צאָל ארשינ, וואָס פלעגט דינענ מייסטנס אפ אונטערשלאק אונ אייכ אפ קאפטנס פאר אָרעמעלייַט. פארוואָס די לייַוונט האָט געטראָגנ אפ זיכ דעם נאָמענ אסטראכאנקע, דאָס איז אינ דער געשיכטע פונעמ שטעטל אדאיעמ נאָכ ניט דערקלערט געוואָרנ.

שלייער האָט געהייסנ זייער א דינ געבלייכט שטיקל לייַוונט לאנג אונ שמאָל ווי א האנטעכ — אויכ די שטעטלדיקע ווערבערס מעלאָכע. מיט דעמ מינ האנטעכ פלעגנ ווייַבער ארומוויקלענ דעמ קאָפּ איבער דער קאָפּקע, אויסקנייטשנדיק עס אזוי, אז הינטנ אפ דער פּאָטיליצע זאָל אראָפּ־הענגענ צוויי עקנ, אינ דער גרייס אונ דעמ געשטאלט פונ מלינצעס, אונ זיי בא די זייַטנ צוויי קלענערע, מיט דעמ נאָמענ „פּאָכעס“. דעמ פארשלייערטנ קאָפּ האָט ווי א רייפ ארומגענומענ א א צונויפגעלייגטע פאטשיילע, פארדרייט מיט א קנופ אפנ שטערנ, אונ די עקנ פאטשיילע פאר־שטעקט, אָדער צוגעשפּילעט, איינ עק פונ דער זייַט קאָפּ, יענער פונ דער אנדערער זייַט. בא אלטע קאָשערע ווייַבער איז דער קנופ אויסגעקומענ סאמע פּאָרנט, ווי א „שעל ראָש“ אפנ שטערנ. בא יונגע ווייַבלעכ, מאָדניצעס, איז דער קנופ פארוקט געווענ אביסל אינ דער זייַט. שאבעס אונ יאָנטעוו האָבנ ווייַבער פונ באלעבאטישנ שטאנד געטראָגנ אפנ קאָפּ זייַדענע, קאַ־שמירענע אָדער טערקישע פאטשיילעס, אינדערוואָכנ וואָלענע ג״ז ג־ויסע קו־יטנ — עפּל־פאטשיילעס. די דאָזיקע ביידע מינע פאטשיילעס האָבנ מעכוטאָנימ פונ כאָסנס צאד באדארפט שיקנ פאר דער כאסענע א מאטאָנע דער קאלע, אונ מעכוטאָנימ פונ קאלעס צאד האָבנ געשיקט דעמ כאָסנ א שטרייַמל.

אָט אזוי האָבנ אונדזערע באָבעס א פּאָנעמ געהאט אינ שלייער! דער שלייער האָט באדארפט זייַנ ווייַס, ווי שניי, אָנגעקראָכמאלעט, אָנגעבלאָווט אונ אויסגעקויקלט. די דאָזיקע מעלאָכע פונ קויקלענ — גלעטנ א שלייער, איז געטאָנ געוואָרנ פונ צוויי ווייַבער באלעבאָסטעס בעשוטפעס. אזוי: איינע האלט מיט ביידע הענט בא די שפּיצ־עקנ שלייער פונ איינ זייַט, די צווייטע טוט דאָס אייגענע יענער אנטקעגנ פונ דער אנדערער זייַט. אפ אזא אופנ בלייַבט דער שלייער צווישנ די ווייַבער אויסגעצויגנ ווי א לאנגע שמאָלע רינווע, אינ וועלכער עס געפינט זיכ א גרויסע, קייַלעכדיקע, גלאטע קויל פונ גלאָז אָדער פונ אייַזנ. גיט א הייב די יידענע די הענט אביסל העכער, לויפט די קויל אינ דעמ שלייער פונ איר זייַט צו יענער, וואָס אנטקעגנ. טוט באלד אויכ אזא הייב מיט די הענטלעכ יענע, קויקלט זיכ די קויל אינ שלייער צוריק צו דער ערשטער. אָט אזוי לויפט די קויל הינ־אונ־צוריק, ביז דער שלייער ווערט גלאט, ווי א טאָק.

אָנצוקוקנ בעשאס מייַסע די ביידע ווייַבער, וויאזוי ערנסט זיי שטייענ זיכ ווייַטלעכ איינע אנטקעגנ דער אנדערער, וויאזוי זיי הייבנ די הענטלעכ מיט א טרייסל די אקסעלעכ, אויספוצנדיק די בייַכעלעכ, פארלייגנדיק אינ דער זייַט די קעפּלעכ; וויאזוי זיי קרימענ זיכ, פארדרייענדיק די נעזלעכ, ווארפנדיק מיט די אייגעלעכ אונ שיקנ איבער פונדערווייַטנס איינע דער אנדערער זיס־גיפטיקע שמייכעלעכ, גוטע ריידעלעכ מיט שטעכנדיקע שפּילקעלעכ — אָט דאָס אָנצוקוקנ האָט מענ, דאכט זיכ, שוינ נישט באדארפט מער קיינ שענערס דערפונ אינ דער וועלט. א קאַ־פּאָרע טעאטער, אונדזערע הייַנטיקע טעאטערס!

אָט די דאָזיקע שלייער פלעגנ, ווי די „אסטראכאנקע“, אויסארבעטנ גויִשע ווערבער אינ שטעטל, איטלעכער אפ זייַנ ווארשטאט בא זיכ אינדערהיימ, אונ יידנ זענענ געווענ די אָפּנע־מער פונ דער סכוירע, פאר וועלכע מע האָט געצאָלט בימזומאָנימ, אויכ מיט טאלקעס פּאָרעמ. יעדער האָט שוינ געהאט זייַנע געוויסע ווערבער, מיט וועלכע ער האָט געהאנדלט. געוויינטלעכ האָבנ דערמיט געהאנדלט באלעבעסלעכ, נאָכ קעסט־קינדער, אָדער ערשט אראָפּ פונ קעסט, בא וועלכע עס האָט זיכ נאָכ געפונענ פונעמ נאדנ א מעזומענ גראָשנ. רעב כאימס אויסגעגעבענע קינדער האָבנ אויכ דערמיט געהאנדלט אונ געצויגנ די פּאַרנאָסע. די דאָזיקע סכוירע פלעגט דער־נאָכ דורכ גרעסערע סאָכרימ, אופקויפער, צעפירט ווערנ אינ אלע ליטווישע שטעט, ווו עס האָט געהאט א גרויסנ אָפּגאנג. ק — ער שלייער האָבנ זיכ גערימט אינ דער וועלט. ס'איז געווענ פּאַר־נאָסע אינ דעמ שטעטל, אסאכ יידנ האָבנ דערפונ געלעבט.

אַט אזוי האָט זיך עס געצויגן יאָרנלאַנג פון טאַטעס צו קינדער — און פּלוצים נאָט אײַך א גזיירע!

ס'איז ארויס די גזיירע פון די קליידער — ווײַבער זאָלן נישט טאָרן גאָלן די קעפּ, ייִדן זאָלן זיך אָנטון דײַטש!

אז ייִדן ווערן דײַטשן, פאַרשטייט זיך, ווערן ייִדענעס דײַטשקעס. עמעס, אין שטעטל ק... איז נאָך מיט כעסעד — פּייעס, שטרײַמל, פאַרשלייערטע געגאָלטע קעפּ לעסאָטע נאָך ווי פריִער, אָבער ערגעץ אנדערש אין דער וועלט איז פע!... ייִדן טוען אָן קאַשקעטן, ייִדענעס וואַרפן אראָפּ פונעם קאָפּ דעם שלייער און נעמען ארופ אפ זיך מינע שמאַטקעס — ליטווישע טשעפּ־טשיקעס, מעכילע, אזוינע. אויס שלייער, אויס האנדל, אויס פּאַרנאָסע! דאָס שטעטל ק... איז ווי דערהארגעט, איטלעכער דערפילט דעם קלאָפּ. עס דערפילן אים די וועבער, די שפּינער, די קליינע און גרויסע אופקויפער. עס דערפילן אויך די שענקערס, וואָרעם אז דער וועבער האָט ניט אפ ברויט, האָט ער נישט אפ טרינקען. און אז די אלע לײַדן מאנגל, לײַדן עס, פאַרשטייט זיך, אויך די קרעמער, די באַלמעלאָכעס, דער גאנצער קלענערער אוילעם. וועמען איז עס אין קאָפּ צו קויפן, עפּעס זיך צו מאכן? עס קומען צו נײַע קאַפּצאָנים, פרישצאַפּלדיקע עוויוינים. באַ־לעבעסלעך אָפּגעקומענע, באַפאלענע מיט קינדער, נעמען זיך צו מעלאַמדעס, באַטלאָנעס. מעלאַמ־דים וואַקסן ווי קראָפּעווע. נישטאָ אָבער אזויפיל טאַלמידים, וויפל רעבעס. שלעכט! און אז מענטשן איז שלעכט, ווערן זיי אליין שלעכט: גריזען זיך, קריגן זיך, איינער וויל ארויסרײַסן דעם ביסן באַם אנדערן און זענען צווישן זיך קידער־ווידער, אפ מעסער־שטעכ. נישטאָ אין שטעטל די מענוכע, דער פרידן, וואָס פריִער.

אפ רעב כאַיִמען האָט דער געפאלענער האנדל אויך זיך שלעכט אָפּגערופן. די אויסגעגעבע־נע קינדער זײַנע זענען געבליבן, ווי דערוואָרגן, אָן פּאַרנאָסע. א שוואָגער זײַנער, וואָס האָט געהאנדלט מיט טאַלקעס, האָט אָנגעזעצט און געמאכט פּלייטע, איבערלאָזנדיק, ווי אפן וואסער, א ווײַב מיט א קליין קינד, און זיי זענען געפאלן אפ רעב כאַיִמס קאָפּ. אים אליין אין די געשעפטן איז אויך געגאנגען שלים. אין דער טאַקסע פון פלייש, וואָס ער האָט די לעצטע צײַט געהאלטן, האָט ער דערלייגט דעם קאָפּ. דער אוילעם האָט געגעסן ווייניק פלייש. אין שטוב איז געווען נישט פריילעך, דאָס הויזגעזינד צווישן זיך גאָר ניט דאָס, וואָס אמאָל.

שלוימעלע הייבט אָן דערפילן צאָרעס, צו פאַרזוכן די ביטערקײַט פונעם לעבן, אויס קינדער־שע רויִקײַט!

נאָר אז ס'איז באַשערט אן אומגליק, גייט עס פון אלע זײַטן. פּלוצים אין א שיינעם טאָג זומער, די רעכטע צײַט פון סרייפעס אין ייִדישע שטעטלעך, איז געקומען א סריפע, א העליש פײַער אפן שטעטל ק... מער ווי א העלפט הײַזער זענען אוועק מיטן פײַער, צווישן זיי אויך דאָס הויז פון פראדלס עלטערן. ס'איז געוואָרן א טעל פון די הײַזער, אפ בערגלעך אש האָבן אומעטום ארויסגעשטעקט נאקעטע, פאַרויכערטע קוימענס, ווי אפ א בייסוילעם די מאַציייוועס. מענטשן הונגעריקע, אָפּגעריסענע, דארע, בלייכע, עפּעס נאָר לעבעדיקע מייסים, האָבן זיך גע־וואלגערט אין די גאסן. א טייל האָבן זיך געבאָבערט, גענישטערט אין די הויפנס מיסט פון זייע־רע אָפּגעברענטע הײַזער, געזוכט, ווי מע זאָגט, די פּאַדקאָווע, כאָטש וואָס עס איז, א זייכער פון זייער גוטס. און די סימכע פון איינעם אפ דער מעציִע, מישטיינס־געזאָגט, אז ער האָט געפונען ערגעץ אונטער דעם אש א טשוואָק, א טאָפּ, עטלעכע געבראָטענע קארטאָפל, האָט באַם צווייטער עס פונדערווײַטנס אויסגעריסן דאָס הארץ נאָך פיל מער, ווי דער צאר פון יענע אומגליקלעכע, נעבעכ, וואָס זענען געזעסן פאַרלייגט די הענט, וויסט, באַטריבט, מיט אויסגעצויגענע בלייכע פּענעמער.

די עלטערן פראדלס, וואָס האָבן אויך אָפּגעברענט, האָט רעב כאַיִם זיי מיט דעם הויזגעזינד ארײַנגענומען צו זיך אין שטוב. ס'איז דאָרט געוואָרן אן ענגשאפט, א דערשטיקעניש, איטלעכער האָט געליטן. נאָר וואָס זאָל מען טון? — א ראַכמאָנעס!

נישט געליטן האָט נאָר איין שלוימעלע אליין. אדראבע, עס האָט אים אין הארצן נאָך מע־שונע האנאָע געטאָן — ער איז דערווײַל איניינעם, אונטער איין דאך מיט פראדלען. וואָס ענגער אלץ בעסער. געלעגנהײַטן אפ איר צו קוקן, מיט איר זיך אָנצושמועסן, צו הערן איר זיס קאָל, צו זען אירע בלויזע שיין־געטאָקטע אָרעמס באַם ארבעטן עפּעס, און צו פילן איר אָטעם — אזעלכע

געלעגנהייטן זענען דאָ אין טאָג זייער פיל און מע פארשפּאָרט זיך גאָר צו היטן. שלוימעלע איז פון דער הויט געקראָכן צו דינען פראדלס עלטערן מיט דאָט, מיט יענץ, צוטראָגן זיי עפּעס, פּאָלגן זיי א גאנג, וואָס נאָר מעגלעך. און ביכדיי צו געפעלן, צו מאכן זיי א פארגעניגן, איז ער אלע טאָג מיט א קליין וועגעלע צוגעקומען צו זייער אָפּגעברענט הויז, פּונקט אין דער צייַט, ווען פראדל פלעגט זיך באַגראָבן דאָרט. שווייַגנדיק, נישט צו ריידן קיין וואָרט, פלעגט ער דאָרט זוכן, גראָבן, און וואָס אים איז צו די הענט געקומען, האָט ער געלייגט אין וועגעלע און דאָס, וואָס פראדל געפינט, אויך אהינ, ארויסנעמענדיק עס פון אירע הענט שא, שטיל. איז דאָס וועגעלע שוין פול, פירט ער עס אהיים, רויט ווי א צוויק, אינ איינ שוויס, און פראדל העלפט אים, שטופּט אונטער דאָס וועגעלע פון הינטן. אָט אפ אזא אויפן האָט ער צענומענ א גאנצן קוימען, אנ אויוון און אָפּגעפירט די ציגל אהיים. די פרייד פון א גיבער באַם צוריקקערן זיך פון דער מילכאָמע בעגראנדע, מיט „זאקרויב״, גאָלד און זילבער אסאכ, האָט זיך נישט געגליכן צו שלוימעלעס פרייד דענסטמאָל, בעשאס שלעפּנדיק איניינעם מיט פראדלען דאָס וועגעלע פול אָנגעלייגט מיט ציגל, שטיקלעך אייַזנס און נאָך אזוינע שיראַים פון דער סרייפע. ס׳איז א ווייטעק א גרויסער אים זיך מוידע צו זייַן, נאָר די מייַסע איז פּאָרט אזוי טאקע, אז די סרייפע, אזא אָנשיקעניש, אזא אומגליק פאר אזויפיל מענטשן, נעבעך, האָט אים אין הארצן שטארק האַנאָע געטאָן. אויך די אייגענע מייַסע טאקע, ווי מיט א יורעש, אשטייגער, פון רייַכע עלטערן. קלוימערשט ווייַנט ער באַם אויסגיינ זיי די נעשאָמע, און צוגלייַך טאקע האָט ער מעשונע האַנאָע בא זיך אין הארצן.

נאָר אוי־ווויי! די סרייפע האָט שלוימעלע דערפילט ערשט שפּעטער, אז ער אליין, קען מען זאָגן, איז אָפּגעברענט געוואָרן, אז אים אליין האָט דאָס גרויסע אומגליק געטראָפן. פראדלס עלטערן, וואָס האָבן, נעבעך, אלע האָפענונגען פארלוירן צוריק צו זייערע קרעפטן צו קומען דאָ אין שטעטל, האָבן זיך מיט אים אפ אייביק אָפּגעזעגנט, פארנומען די קינדערלעך און ערגעץ ווייַט אוועקגעפאָרן. נאָכדעם, ווי שלוימעלע האָט אזא צייַט פארבראכט מיט פראדלען איניינעם, זיך צו איר שטארק צוגעבונדן, איז אים איר אוועקפאָרן געווען א ריס פונעם הארצן, פארשטערט איז אים געוואָרן דאָס לעבן.

## XV

און ווי די כוואליעס אין יאַם, לאָזן זיך איינע נאָך די אנדערע צאָרעס, פּוראָניעס אפן שטעטל ק... נאָר ייִדעלעך אליין טאקע, שלאפינקע, רירעוודיקע, קענען, אָנבייגנדיק זיך ווי א טשערעטל, לאָזן איבערגיין איבער זיך אזעלכע גרויסע כוואליעס און צוריק אויפהייבן דעם קאָפּ! —

„האָב ניט מוירע, יאנקעוו, ייִסראָעל מייַנער — זאָגט גאָט — אין טייַכן וועסטו ניט דערטרונקען ווערן, אין פייַער ניט פארברענט ווערן!״

איז ארויס די גזיירע אפ שלייער, אוודע איז שלעכט! נאָר ייִדן ווערן צו אלץ געווינט, מיילע, וועט גאָט העלפן אָן שלייער אויך, וועט מען זיך אביסל א קוועטש טון, אביסל ניט דערעסן, אביסל ניט דאָס, אביסל ניט יענץ. נישקאָשע!.. קומט אפן שטעטל א סרייפע — אוי, שלעכט, טאקע זייער שלעכט. א צאָרע איז עס א גרויסע; נאָר וואָס זאָל מען טון? גאָט איז א טאַטע, און ייִסראָעל זענען בניי־ראכמאָנים. שרייַבט מען קסאָווים, פאָרן ארויס מעשולאָכים. מע האָפט, מע וואַרט און וואָס? גאָרניט! מעשולאָכים זענען אויך מענטשן, באַסער ווערדאָם, מיט ווייַבער און קינדער, באדארפ, נעבעך, פיל האָבן צום לעבן... טרעט צו דער קאלטער, נאסער אָסיען, גיט שטארק אָנצוהערעניש, אז אינדרויסן קען מען ניט זיצן, קלייַבט מען זיך אריינ, ווי ס׳איז, אין דירעס. ענגלעך אביסל? מאכט נישט אויס, אבי איניינעם. כאפּט זיך אריינ, ניט דאָ געדראכט, עפּעס א מין כוליאעס אזעלכער, מע שטארבט, איז מען גויזער טאָנעס — מע פאסט! דער דאלעס ווערט אלץ שטארקער, די נויט גרעסער, נו, לאָזט מען זיך, ווער עס קען, אוועק. גאָטס וועלט איז גרויס, און וואָלין איז א פּעט ווינקל, מעלאמדים זענען דאָרט סכוירע. מע קנעלט! איז דאָך, דאכט זיך, גוט? קומט פלוצים אָן גזיירעס־האבלעטלעך, אז מעלאמדים טאָרן ניט קנעלן אָן א „שייַן״, א בלעטל הייסט עס. שלעכט! טוט מען וואָס מע באדארפ, העלפט גאָט — און מע קנעלט ווייַטער!

אָט אזוי האָט דאָס שטעטל ק... נעבעך, געלעבט און איבערגעלעבט א שלעכטע צײַט!

ווי מיט דעם ווינט האָט זיך אין יענער צײַט פארטראָגן אין דעם שטעטל א נײַס וועגן יידישע קאָלאָניעס — די רעגירונג, הייסט עס, גיט יידן ערד צו באזעצן זיך אפ איר און זי צו באארבעטן. די דאָזיקע נײַס האָט, ווי געוויינטלעך, קײַקלענדיק זיך, ווי א קנויל, פון מויל צו מויל, אָנגענומען אפ זיך פיל פארשיידענע מעמרעס און לעסאָפּ זיך פארפלאָנטערט אזוי, אז ס'איז שווער געווען זי אופצופלאָנטערן. וואָס קאָלאָניעס, ווען קאָלאָניעס; וווּ געבן ערד, ווי געבן, וועמען געבן? — אָט דרינען איז עס דאָס גאנצע פלאָנטעניש, און די מיינונגען דעריבער זענען פארשיידן. דאָס שטעטל איז דערמיט אוף. אומעטום, אין מארק, אין בעסמעדרעש, אפן שול־הויף שטייען רעדלעך מענטשן און מע רעדט, מע אמפערט זיך, שרײַענדיק, זידלענדיק זיך אפ א קאָל.

— איך בעט אײַך, רעב זעליק — טײַנעט כײַקל דער הינקעדיקער, וואָס איז שטארק פארברענט אין די קאָלאָניעס — זאָגט מיר, פילאָסאָף מײַנער, וואָס בעקעט איר מיר, וואָס עט־עט איר מיר? וואָס זאָל אזוינס אײַער בע, עט באדײַטן? אזא זאך, וואָס פאר יידן א גליק, איז מען מיט אזא בקירעלע, מיט א קנייטשעלע: עט, בע! ניט מעוואטל.

— וואָס האָב איך מיט דיר, כײַקל, צו טײַנען, אז דו ביסט... האָב קיין פאריבל ניט — ענט־פערט רעב זעליק מיט א קנייטשעלע, א שמעק געבנדיק טאבאק — אז דו פארשטייסט ניט דעם טאמציס, דעם טאַם, הייסט עס, פון א זאך. מע גיט קאָלאָניעס! וואָס הייסט מען גיט? נא, כײַ־קעלע, נא דיר און זײַ א פּאָרעץ?

— אָט דאָס אייגענע טאקע זאָג איך דאָך מײַן פּײַווישקען אויך — מישט זיך ארײַן אין שמועס יאנקל דעם מאגידס — א פּאָרעץ מיינסטו זײַן? אָ, ניין! עס שמעקט מעכילע מיט, מיט... מיט וואָס הייסט מען עס... וואָס מען טוט א פויער. נאָך מער. מע זאָגט טאקע, באשער פאר נישט גוט ארבעטן, צי ווייס איך וואָס ס'איז, קומט אָפּגעבן פאר א רעקרוט אָדער גאָר פארשיקן קיין ערעץ־ייִסראָעל — סיביר, הייסט עס! פּײַווישקע, זאָג איך, דו קנעלסט? קנעל טאקע ווײַטער און רייד זיך ניט אײַן א קינד אין בויך! יאנקעוו איז ניט אייסעוו.

— ניין! — הערט זיך א קאָל פון א צווייט רעדל — אין די היגע גובערניעס פאר קיין געלט ניט! בעסער אהין, אין יענעם ווינקל — אין יעקאטערינאָסלאוו, אין כערסאָן.

— יאָ, טאקע אהין. גאנצ גוט. אָבער געלט, געלט, געלט? — לאָזט זיך הערן נאָך א קאָל.

— מע גיט געלט!.. ס'איז דאָ געלט!.. ס'וועט זײַן געלט!.. לאָז מען מאכן אן אסיפע, אן אסיפע! — שרײַען עטלעכע מיניאָנים העלדזער מיט אמאָל.

אפ דער אסיפע האָט זיך דערקלערט, אז די מײַסע דערפון איז אזוי: פיל פון די טויזנטער יידן אין „בעלאָרוסיא", ארויסגעטריבענע פון די דערפער, און פון אזוי דאָרטיקע יידן, וואָס האָבן אין יאָר 1806 דערלאנגט פּראָשעניעס, אז זיי ווילן באארבעטן די ערד אין „נײַ־רוסלאנד", האָט די רעגירונג באזעצט דאָרט אפ איר ערד, אונטערשטיצנדיק זיי מיט געלט־מיטל. באלד טאקע אין יאָר 1810 איז ארויס אן „אוקאז", אזוי ווי עס האָט זיך אויסגעלאָזט געלט דערופ בא דער רע־גירונג, זאָל מען מער קיין יידן ניט שיקן אהין אין די קאָלאָניעס... אין נײַן יאָר ארום האָט מען ווידער צוגעלאָזט יידן צו באזעצן זיך דאָרט, נאָר אפ זייערע אייגענע מיטל דערצו. אין א פיר יאָר ארום האָט מען ווײַטער קיין נײַע קאָלאָניסטן אהין ניט צוגעלאָזט. און לויט די געזעצן פון 1835 יאָר און די ווײַטערדיקע אין יאָר 1847 האָבן יידן געמעגט ווערן ערד־ארבעטער אפ קאזיאָנע ערד, אין אלע ערטער, ווו זיי מעגן וווינען. באזונדערס האָט די רעגירונג זיי אָנגע־וויזן יעקאטערינאָסלאווער און כערסאָנער גובערניעס. מיטל אפ הויצאָעס און אונטערהאלטן זיי האָט מען באדארפט נעמען פון דער טאקסע, באם „קעסטל" הייסט עס. וויבאלד אזוי, פון קאָהאָלס געלט, האָט זיך קאָהאָל פארטראכט, און ס'איז געבליבן — נאָכאמאָל מאכן אן אסיפע. פון די אסיפעס איז, ווי דער שטייגער איז, גאָרנישט ארויסגעקומען. מען האָט באדארפט געלט, און געלט איז נישטאָ! לוי־דײַ וואָס ניטאָ, איז נאָך אפ דער שטאָט דאָ כויוועס פון ניט־דערצאָלטע „פּאָ־דאטנ", מען מאָנט שטארק, מען שטעלט ארײַן עקזעקוציעס. אפן אוילעם רוקט זיך אָן א וואָלקן מאָרעשכוירע, קליינע און גרויס זענען פארומערט און מען פרעגט, ווען וועט נעמען א סאָף צו די צאָרעס? יידן אין בעסמעדרעש, הינטערן אויוון, ריידן דאָרט צווישן זיך פון מאָשיעכס צײַטן. מען דערציילט פון א נײַעם קעץ, וואָס א געוויסער ראָוו, א גאָדל בעייִסראָעל, האָט געפונען אין

א פּאַסטעך. עס ווערט בעשאַס־מיַיסע עפּעס גרינגער אפן הארצן, און פון די אויגן שיַינט ארויס האָפענונג — נישקאָשע! „אל יויוואד ייִסראָעל" — גאָט איז א גאָט און זיַינע ייִדעלעך וועלן ניט פארפאלן ווערן!

די פּניי־האיר פארקליַיבן זיך אָפּט איינער צום אנדערן, מעיאשעוו זיך צו זיַין וועגן קלאל־זאכן. מען שמועסט, מען טראכט אהין־אהער, און אויסלאָזן לאָזט זיך עס אויס טאָמיד, גאנץ געוויינטלעך, מיט א קרעכץ: אוי, הושיעָה עס אמעכאָ — העלף דיַין פאָלק ייִסראָעל, גאָטעניו, עס שטייט שמאָל, טע־טע־טע, מיט דיַינע ייִדעלעך!

ס'איז ווינטער־אָוונט. אינדרויסן א ברענענדיקער פראָסט, א שיַינענדיקע לעוואָנע, העל־ליכטיק כאָטש, ווי מען זאָגט, פּערל צו קליַיבן. אפ דער גאס שעמערירן טאקע פּערל, נאָר ניטע! דאָס זענען אויסגעשאָטענע דאָ אין דעם זילבער־וויַיסן שניי פון די פינקלדיקע שטערן. ס'איז שיין, ס'פארנעמט די אויגן, א פארגעניגן צו שפּאצירן, נאָר ניט פאר ק...־ער ייִדן, נעבעך, אזוינס געזאָגט געוואָרן — אפ דער גאס איז שטיל, מען זעט דאָרט ניט קיין לעבעדיקן מענטשן! ווארעם, ליכטיק איז בא רעב כאַימען אין שטוב. אפן „לוטשניק" ברענט א פריילעך פיַיערל. אין דער זיַיט, באם ווארעמען קאפל־אויוון זיצט ארום א טיש רעב כאַימ מיט עטלעכע אָנגעזעענע מענטשן אין שטעטל, און מען האלט אין א טיפן שמועס וועגן וויכטיקע איניאָנים פון שטעטל.

עס עפנט זיך מיטאמאָל אופ די טיר, וואָס צו דער גאס צו. א קאלטער שטראָם רייַסט זיך אריַין פונדרויסן און ציט זיך א וויַילע ווי א טונקל העלער זיַיל פארע איבער דער שטוב. עס לאָזן זיך הערן שווערע טריט מיט א סקריפּ און פונעם זיַיל פארע וויַיזט זיך ארויס א געשטאלט פון א מענטשן.

— א, ליפע! — שריַיען אויס אלע מיט איין קאָל — שאָלעמ־אליכעם, ליפע!

ליפע איז פון באלעבאטישן שטאנד, אלט א יאָר עטלעכע און דריַיסיק. איז דורכגעטריבן קלוג, א ווערטל־זאָגער, א באהארצטער, טאָמיד פריילעך, אפילע נישט אין די גוטע אומשטענדן, ווי עס גיט זיך אמאָל אויס א פריילעכער אָרעמאן, און איז באליבט בא איטלעכן אין שטעטל. אז ס'איז ארויס דער קלאנג וועגן ייִדישע קאָלאָניעס, האָט זיך ליפע ניט אריַינגעלאָזט, ווי אנדערע, אין טיפע כקירעס. ער איז ניט פויל געווען אפן גאנג און זיך געלאָזט טאקע אין דער אויעזדנער שטאָט, פון דאָרט אין דער גובערנסקער, צו דערגיין זיך וועגן דעם אלצדינג ריכטיק און וואָס מען האָט צו טון.

ליפע פארטיקט זיך אָפּ גיך מיט איטלעכן פונעם „שאָלעמ־אליכעמ", מאכט עס בעקיצער, צענעמט דאָס טולעפּל. טרייסלט אָפּ פונעם בערדל פארפרוירענע שטיקלעך איַיז, שטעלט זיך דערנאָך נאָענט צום לוטשניק, ווארעמענדיק די הענט אנטקעגן דעם פיַיערל. דער אוילעם באטראכט אים פריַינטלעך און פלוצים שיסן אלע אויס א געלעכטער, טיַיטנדיק מיט די פינגער אים אפ די פּיס:

— וואָס איז דאָס אזוינס, ליפע?

— לאפּטיעס! — ענטפערט ליפע גאנץ קורץ, מאכנדיק דערביַי אן ערנסטע מינע.

— צו פורים איז נאָך צו וויַיט, און דו, לעץ איינער, מאכסט שוין די שפּיל, פארשטעלסט זיך באצײַטנס — זאָגן אלע, נישט אופהערנדיק צו לאכן.

און בעעמעס איז טאקע געווען פון וואָס צו לאכן. לאפּטיעס, שיך אזוינע געפלאָכטענע פון ווייכער קאָרע, מיט לאנגע שנירלעך, וואָס דרייען זיך ווי רעצועס ארום ליַיוונטענע שמאטעס ביז די קניִעס — דאָס טראָגן אין ליטע פויערן, פון גראָבן אוילעם. א ייִדן, דעם גרעסטן אָרעמאן אפילע קומט גאָר אפן געדאנק ניט אָנטון לאפּטיעס, פונקט ניט ווי עסן כאזער, אָדער טראָגן שאטנעז. ער וועט גיין בעסער מיט אויסגעטרעטענע פּיאטעס, אָדער באָרוועס ווינטער אין דעם גרעסטן פראָסט, איידער איַינוויקלען מיט „פאָסטעלעס" די פּיס און דערופ אָנטון לאפּטיעס. א ייִד אין פאָסטעלעס איז גאָר ניט געמאָלט, סיַידן עפּשער פורים עפּעס א שלאק א פורים־שפּילער, אָדער א באדכן, א לעץ אמאָל אפ א כאסענע.

— איך פארשטעל מיך גאָרניט פאר א פויער, ווי איר זאָגט, — מאכט ליפע מיט א קלוג שמייכעלע, — איך בין עס היַינט טאקע בעעמעס. ביכדיי צו פארשפּאָרן איטלעכן באזונדער אין שטעטל עס צו וויסן געבן, מיט איטלעכן באזונדער עס צו איַינטיַינען, נעם איך און טו אָן לאפּטיעס. נאס, זעט, הייסט עס, ווייסט אליין, וואָס איך בין, און לאָזט מיך צורו.

— אזוי, ליפע! — רופן זיך אָן אלע — דו ביסט א קאָלאָניסט? דערציילזשע אונדז אלצדינג אקוראט. לאָמיר וויסן.

ליפע האָט קלאָר געמאכט דאָ דעם אוילעם מיט דעם גאנצן איניען פון די־קאָלאָניעס און די אלע זאכן, וואָס ווערן געפּאָדערט דערצו, קורץ, שארף, אפ זײַן שטייגער. ער האָט אויך דערציילט, וואָס מיט אים האָט פּאסירט, די מי, וואָס ער האָט געהאט, ביז ער האָט זיך צוגעשלאָגן צו א קאָמפּאניע מענטשן, וואָס מיט זיי איניינעם וועט ער זיך באַזעצן אפ א קאָלאָניע אין כער־סאָנער גובערניע. אפ איטלעכס געזינד פון זעקס פארשריבענע נעפּאשעס רעכנט זיך צו געבן פערציק דעסיאטינעס ערד.

— און די ערד באארבעטן ווער וועט? — רופט זיך אָן איינער פונעם אוילעם — דו מיינסט, ליפע, אז דו ביסט ארײַן אין לאפּטיעס, ביסטו שוין א פּויער און טויגסט צו דער ארבעט? מע באדארף דערצו א רעגילעס.

— זאָרגט זיך ניט! ראשע האָט שוין באוואָרנט — מאכט ליפע מיט א שמייכעלע — אין די יידישע קאָלאָניעס פירט איין די רעגירונג „שולצן" (סטאראָסטעס) פון דײַטשן, פון וועלכע מען וועט זיך לערנען די ארבעט.

— יאָ, רעכט, אלץ רעכט — רופט זיך אָן נאָך איינער — אָבער געלט אפ דער ערשטער צײַט, געלט? פון דער טאקסע? 170 רובל אפ א קאָלאָניסט, ווי מען זאָגט, פון דער טאקסע? שווער־לעך! קאָהאָל איז אָרעם און די היצטארכעס זענען גרויס. מען באדארף אפ דאָס, אפ יענץ, אפ דאָס און...

— שא, בארויקט זיך! — שלאָגט ליפע איבער יענעם די רייד — אביסל געלט האָב איך פון פריער, אביסל האָב איך דאָרט געכאפּט פון שאדכאָנעס: אין איין וועג טאקע האָב איך אויסגעפירט א שידעך. הײַנט רעכן איך, פון מײַן באלעבאטישקײַט, וואָס איך וועל דאָ פארקויפן, וועט מיר עפּעס אויך ארײַנפאלן. עפּשער וועט מיר פעלן א קלייניקײַט, פארהאָפּ איך, מען וועט מיר דאָ באהילפיק זײַן. וואָס זאָגט איר, רעב כאַים?

— איך זאָג, דו ביסט א מענטש, ליפע! האלעוויי ווי דו, מיט ליבשאפט צו ערד־ארבעט, מיט מוט, מיט אייגענע קרעפטן, אסאך אזעלכע בא אונדז יידן!

סאָרע דערלאנגט צום טיש קיבער — גריוון מיט אייערבייגל, צו וועלכע מען באדארף זיך נישט וואשן, און לאָזט בעטן זייער שיין דעם אוילעם בראָכע מאכן.

— אז גאָט וועט געבן — ווענדעט זיך ליפע צו סאָרען — וועל איך אײַך, סאָרע, שיקן פון דער קאָלאָניע א מאטאָנע גוטע געגנדזועלעך. דאָרט איז, ווי מען זינגט הײַנט אומעטום אין דעם לידל:

פון אלעם גוטן, ברויט נישט טײַער,
א פּיים א ציג, א הון א דרײַער.

## XVI

יענער ווינטער, פון וועלכן דאָ איז געגאנגען דער שמועס, איז געווען א שווערער פאר רעב כאַימען. דאָס האָט מען אים אָנגעזען גלײַך אין פּאָנעם. רעב כאַים איז טאָמיד געווען אן ערנ־סטער מענטש, א פּארטראכטער, אָפּגעזונדערט מייסטנס פאר זיך, זעלטן מיט עמעצן אינדערהיים גערעדט א וואָרט. איטלעכער האָט געהאט דערעכערעץ פאר זײַנס א קוק. וואָס פאר א ראש עס האָט זיך געמעגט זײַן אמאָל צווישן די קינדער אין שטוב, נאָר קוים האָט ער זיך באוויזן אין טיר, איז געוואָרן שטיל, מע האָט פון קיינעם ניט געהערט קיין פּיפּס. דאָס איז נישט געווען דערפאר, ווײַל ער האָט, ווי אנדערע בייזע טאטעס, געהאלטן איטלעכן פונעם הויזגעזינד אין דער מוירע, מע זאָל וויסן, ווער עלטער איז, — כאָלילע! ערנסט איז אים דאָס פּאָנעם טאקע גע־ווען, אָבער בייז קימאט קיינמאָל ניט. די קנייטשן אפ דעם הויכן, שיינעם שטערן זײַנעם האָבן באוויזן, אז ער טראכט, ער איז פארטיפט אין די געדאנקען. די אויגן זײַנע בליצן — ווײַל ער האָט א פײַערדיקן קאָפּ. ניט אויסן, כאָלילע, יענעם מיט דעם בליק צו פארברענען. אדעראבע, ער איז אין הארצן צו גוט, עס קרענקט אים די שטילקײַט, וואָס ווערט בא זײַן געפינען זיך אין שטוב, עס רײַסט אים דאָס הארץ, אז עמעצן פונעם הויזגעזינד טוט עפּעס וויי, עס טריפט אים דאָס בלוט, ווען עמעצן גייט עפּעס אָפּ. פירן דאָס הויז האָט געפירט אינגאנצן דאָס ווײַב. רעב

כאיִמ האָט נאָר געגעבנ, אפ וואָס מע באדארפ, אונ ווײַטער האָט ער נישט געוואָלט וויסנ פונ קיינ זאכ. ער האָט מער ניט געוווסט, ווי זײַנע געשעפטנ, שטאָטישע זאכנ אונ לערנענ אינ באשטימטע צײַטנ. אָט דאָס האָבנ אלע אינ הויז געוווסט, אימ זייער געשעצט, געליבט, פאר זײַנ כאָכמע מיט אימ געשטאָלצירט אונ געהאט פאר אימ גרויס דערכערעצ.

נאָר אינ יענעמ ווינטער האָט רעב כאיִמ זיכ שטארק פארענדערט. אָנשטאָט רויִקע פארטראכטקײַט איז אימ אפנ פאָנעמ געלעגנ אויסגעדריקט קאס, פארדראָס, אונ באמ גיינ, ווי דער שטייגער זײַנער, הינ־אונ־הער איבער דער שטוב, פארלייגנדיק אהינטער די הענט, פלעגט ער זיכ אָפט אָפשטעלנ, פארבײַסנ א ליפ, קוקנ אינ דער וועלט ארײַנ בייז, אויסשטשירענדיק אנ אויג, אונ צופנ דאָס בערדל, אינ וועלכנ עס האָט זיכ פלוצימ געוויזנ אסאכ גרויע האָר. ער איז געעלטערט געוואָרנ פאר דער צײַט. אינגאנצנ איז ער אלט געווענ א יאָר צוויי, דרײַ אונ פערציק.

געעלטערט האָט אימ די טאקסע. זינט דאָס שטעטל איז פאראָרעמט געוואָרנ, האָט די טאקסע אָנגעהויבנ צו גיינ שלעכט, דער אוילעמ האָט געגעסנ ווייניקער פלייש. אונ וואָס נאָכ? א טייל האָבנ ארײַנגעפירט „באָסער־כוצ“ דאָס הייסט, פלייש, ארײַנגעפירט ביגנייווע אינ שטאָט פונעמ יישעוו, פארשפאָרט צו צאָלנ טאקסע אונ קאָסט וועלוועלער. דער כיירעמ, וואָס ליגט, געווײנטלעכ, אפ באָסער־כוצ, האָט נישט געהאָלפנ. נויט, זאָגט מענ, ברעכט אײַזנ, א פשיטע שוינ א כיירעמ. אָרעמקײַט, הונגער איז קיינ קאטאָוועס ניט אונ „טאקסע“ איז ניט מיסינײַ, נישקאָשע! די שאָמרימ אפ נישטערנ, זוכנ אזא פלייש אונ אוועקצונעמענ עס מיט גוואלד, האָבנ אויכ ווייניק וואָס געהאָלפנ. ס'איז טאָמיד נאָר געווענ געשרייענ, טײַנעס, אומצופרידנקײַט, קלאָלעס, טרערנ אונ צוגעצויגנ האָט עס רעב כאיִמענ סינע, צאָרנ אונ הארצווייטעק. נאָר ס'האָט זיכ ווי ס'איז געהאלטנ — טארבעס פאר רעב כאיִמענ! שפעטער אביסל אָבער, ווײַזט זיכ ארויס, אז רעב כאיִמ צאָלט שוינ ניט קיינ ראטע, האָט פארלאָרנ דעמ „זאלאָג“, דערצו נאָכ פארנומענ פרעמד געלט אויכ אונ סאָנימ אזעספענעמער האָבנ שוינ געעפנט א מויל, געשריגנ טאקע הויכ אפ א קאָל.

רעב כאיִמ מיט זײַנ שארפנ קאָפ וואָלט זיכ נאָכ ניט מעיאעש געווענ, געזוכט וועגנ אהינ־אהער, ווי זיכ ארויסצודרייענ, איבערהאלטנ זיכ די שלעכטע צײַט, אונ זייער מעגלעכ, עס וואָלט אימ געראָטנ. א כאָכעמ איז ער בעעמעס טאקע געווענ, בארימט ווײַט ארומ אונ ארומ. ס'האָבנ אימ געקענט אפילע די ארומיקע פריצימ; נאָר ווי קלוג, אזוי שטאָלצ איז ער געווענ, אונ ער האָט נישט געקענט איבערטראָגנ לײַטישע רייד. ס'טײַטש, מענטשעלעכ אזוינע, וואָס פלעגנ ציטערנ פאר זײַנ בליק, ניט די זכיִע האָבנ מיט אימ צו ריידנ א וואָרט, זאָלנ האָזע האָבנ עפענענ אפ אימ א מויל! ניינ, ס'איז אומעגלעכ אזוינס אויסצוהאלטנ. ער האָט זיכ שטארק פארעסנ; איז אראָפ פונ פאָנעמ, פארלוירנ דעמ געזונט אונ איניינעמ דערמיט דעמ קוראזש.

דערצו האָט רעב כאיִמ געהאט נאָכ אנ אינעווייניקסטע מאקע, וואָס האָט אימ שטארק געשמארצט. דאָס איז געווענ די טאָכטער זײַנע לייע. זייער א געראָטענע איז לייע געווענ, א בעריע, א קלוגע מיט א פעסטנ כאראקטער. נאָכ דער מוטער איז זי געווענ די פירערנ, די עלטערע אינ שטוב, אונ אלע האָבנ זי געהערט. רעב כאיִמ האָט מיט איר געטאָנ א לײַטישנ שידעכ פונ דער פרעמד, פונ א שיינער מישפאָכע, ווי אימ שטייט אָנ, אונ געהאלטנ זי מ'ט דעמ מאנ בא זיכ אפ קעסט. דער יונגערמאנ, אייגנטלעכ, איז געווענ א גאנצ פײַנער, זיכ אופגעפירט, דאכט זיכ, ווי דער שטייגער איז, אונ באליִבט בא איטלעכנ אינ שטוב. רעב כאיִמ האָט אָפגעגעבנ א פאָר שאָ צײַט אינ טאָג צו לערנענ מיט אימ אונ זײַנע עטלעכע כאוויירימ, באלעבאטישע איידעמס, צווישנ וועלכע עס האָבנ זיכ געפונענ אזעלכע פונ אנדערע, גרעסערע שטעט, וואָס ס'איז געווענ צו דערקענענ אינ זייער קליידונג אונ באנעמונג, עפעס גאָר ניט דאָס, וואָס אינ שטעטל ק... דענסטמאָל. די דאָזיקע קאָמפאניע האָט זיכ געהאלטנ איינס, ארויסבאווײַזנדיק אמאָל עפעס אזעלכע „מאָדנע“ גענג, פאר וועלכע מע האָט אפ זיי אינ שטעטל געקוקט קרומ, געמורמלט, אז זיי זענענ אביסל פונ דער נײַער וועלט. וואָס מע האָט אינ ק. דענסטמאָל פארשטאנענ אונטער דער „נײַער וועלט“, וואָלט הײַנט, פארשטייט זיכ, גאָר אויסגעקומענ פארשימלט, אלט, אפילע בא יענע פונ דער „אלטער וועלט“. נאָר ווי די מײַסע, מע האָט געמורמלט. ס'איז דערפונ ארויס „דרייעניש“, פארדרייעניש ביז לעסאָף איז די קאָמפאניע געוואָרנ אויס. צווישנ רעב כאיִמענ אונ זײַנ איידעמ איז מיט דער צײַט ארויסגעקומענ עפעס א רויגעז, איינער אפנ אנדערנ האָט זיכ געבלאָזנ, אונ געהייסנ פאר אנדערע האָט עס: לייע דרייט זיכ מיט

דעם מאנ, נישטאָ צווישנ דעם פאָרפאָלק קיינ גוט לעבנ. ס׳איז געקומענ דערצו, אז מענ האָט דעם יונגנמאנ אָפּגעשיקט צו זייַנע עלטערנ, אימ מיט די בעבעכעס, אונ לייע האָט אינ דעם ווינטער טאקע גענומענ געט. לייע מיט איר פעסטנ כאראקטער האָט, דאכט זיכ, דערויס זיכ גאָרנישט געמאכט. נאָר רעב כאַימ אָבער האָט דערפילט, אז בא איר אינעווייניק איז דאָ א ווונד, זי האָט א געבראָכנ הארצ. איר בראָכ האָט אימ נישט געלאָזט רוענ, אימ געשטאָכנ אינ דער זיבעטער ריפּ
האלטנדיק זיכ פאר שולדיק אנטקעגנ זייַנ טאָכטער, וואָס ער האָט, ווי א געטרייַער פאָטער, עמעס שטארק ליב געהאט. ווענ לייע זאָל געוועננ ארויס מיט א וואָרט, זיכ קלאָגנ, דענסטמאָל וואָלט ער זיכ אויכ ארויסגערעדט, זי אייַנגענומענ מיט א גוט וואָרט, אונ עס וואָלט אימ געוואָרנ עפּשער גרינגער. לייע אָבער האָט געשוויגנ. אונ אָט — איר שווייַגנ האָט אימ געשטאָכנ. לייע האָט געהאט פאר אימ גרויס דערעכערעצ, גרייט געוועננ אימ פאָלגנ אינ פייַער, אינ וואסער, געקוקט אפ אימ מיט ליבשאפט, אונ אָט — ערשט דאָס טאקע איז אימ געווענ ווי זאלצ אפ די ווונדנ!

רעב כאַימ איז פאר יעסורימ שטארק פונעמ פּאָנעמ אראָפּ. קוקנדיק אפ אימ, איז איטלעכנ פונעמ הויזגעזינד פארשטערט געווענ דאָס לעבנ. מע האָט געפילט, אז דאָס איינציקע אָנהאלטעניש זייערע ווערט שוואכ. נאָכ עטלעכע כוואליעס פונ צאָרעס א יאמ, פאלט עס אומ — אונ זיי אלע פאלנ אינ טיפנ אָפּגרונט ארייַנ!

זייער א שווערער, ניט קיינ פריילעכער איז יענער ווינטער געווענ!

פורימ באנאכט צו דער סודע איז רעב כאַימ אינייַנעמ מיט דעמ הויזגעזינד געזעסנ באמ טיש. ער האָט זיכ געשטארקט, געמאכט הארצ וועַיזנ א פריילעכע מינע, מעקייַעמ זייַנ אלצדינג, ווי דער שטייגער זייַנער איז געווענ אלע יאָר. נעבנ אימ ליגט א בייַטל מיט מינצ אפ געבנ נעדאָווועס. עס קומענ ארייַנ אָרעמעלייַט, רעב כאַימ גיט מיט א פרייַנטלעכנ פּאָנעמ, זאָגנדיק זיי א גוט וואָרט. עס קומענ באלעבאטישע קינדער מיט פאטשיילעס, וואָס זאמלענ פאר אנדערע, — די — בעסאָד פאר א געפאלענער פאמיליע, נעבעכ, וואָס לייַדט שטילערהייט, אונ יענע — פאר א לייַטישנ שיינעמ קאפּצנ, פאר א וויסטע אלמאָנע מיט ברעקלעכ יעסוימימ, נעבעכ, — עס קומענ אויכ קליי־קוידעש, שאמאָסימ, קלעזמער, באָד־יונגענ, פורימ־שפילער, אלעמענ נעמט רעב כאַימ אופ מיט א „באָרעכאבע“, מיט א קויסע — אונ גיט.

סאָרע, פונ איר זייַט, איז באשעפטיקט מיט דעמ שאלעכמאָנעס. אָרעמע באָכערימ, ייִנגלעכ, דינסטמיידלעכ ברענגענ פונ קרויווימ, פונ שכייניִמ אונ באקאנטע איבערגעדעקטע טעלער, אינ וועלכע עס געפינענ זיכ א פלעדל, א מאלכעסברויטל, א האָמענ־טעשל, א מאָנדל, א צוקער־פישעלע, א צוקערקעלע מיט א וואשטי, א זערעש, אנ עסטער־המאלקע דערופ אויבנ מיט געקסיוועטע אויסיעס פונ צוקער, אונ ארומ די דאָזיקע שיינע, גוטע זאכנ, וואָס נאָר צו איינס, צו צוויי אפ א טעלער, ליגנ זיכ אויסגעלייגט אינ א שיינעמ סיידער עטלעכע טרוקענע, דארע פלוימענ, אָדער עטלעכע מאָנדלענ מיט ניסלעכ. אמאָל ליגט גאָר אפ א טעלער אנ אויסגעצוואָגענער הערינג אינ עסיק אונ האָניק — דאָס איז פונ אזעלכנ, וואָס האָט ליב אלצדינג בעפּאשטעס, עס זאָל האָבנ א מאמאָשעס, גאנצ באלעבאטיש...

אונ בעשאס סאָרע איז באשעפטיקט מיט צאָלנ יעדנ פאר דעמ וועג, איבערגעגעבנ אירע בראָכעס אונ ווינטשעניש צו דעמ, צו יענעמ, ווארפנ זיכ די קינדער אפ די געבראכטע שאלעכמאָנעס, באטראכטנדיק מיט שייַנענדיקע אייגעלעכ איטלעכס פיצעלע, וואָס רעדט, דאכט זיכ, ווערטער, קיצלט בא דער נעשאָמע, אונ צעלייגנ עס דערנאָכ אפ טעלערלעכ, אָפּצושיקנ איטלעכנ צוריק, פארבייַטנדיק די יאָצרעס, דעמ — אָנשטאָט זייַנ פלעדל א האָמענ-טעשל, דעמ אנדערנ, — אָנשטאָט זייַנ וואשטי א זערעש, אונ יענעמ — אָנשטאָט זייַנע מאנדלענ א פייַג אָדער א רויטנ עפל. עס פארשטייט זיכ, די מיינונגענ דעריבער זענענ פארשיידנ. עס קומט אמאָל אויכ ארויס א מאכלויקעס, מענ כאפט אמאָל א קניפּ, א פאטש אויכ, נאָר גאָרנישט, מענ שלינגט עס אראָפּ, בעשאס כעדווע ווער מאכט זיכ דערויס פונ אזעלכע קלייניקייַטנ?

אלצדינג, דאכט זיכ, ווי אלע יאָר, אונ פאָרט נישט אזוי. די אייגענע אָרעמעלייַט טאקע, אָבער די נעדאָווועס ניט די, וואָס פריִער. פונ פיל געסט, וואָס פלעגנ טאָמיד צונויפקומענ זיכ צו דער סודע, זיכ ווילטונ, פארברענגענ פריילעכ די נאכט, זענענ הייַנט דאָ נאָר עפעס עטלעכע אָרעמע קרויווימ. רעב כאַימ זינגט „שוישאנאס יאנקעוו“, די קינדערלעכ העלפנ אונטער, אָבער ס׳איז גיט דאָס קאָל, וואָס אמאָל. אינ דעמ זינגענ זייַנעמ הערט זיכ עפעס ווי א געוויינ פונ א

צעקאָכטער, לײַדנדער נעשאָמע, א ניגן פון אײכעס. דער „שוישאַנאַס יאַנקעוו" איז ווי אָן אָפּגעריסענע רויז: דאַכט זיך, זי איז שײן, די פארב שטײט איר אין פּאָנעם, אָבער נישטאָ אינעווײניק דער זאַפט, דאָס לעבן, קוים נאָר וואָס זי זשיפּעט. רעב כאַים טוט זיך אָן קויעך, צעהיצט זיך, ווענדעט זיך צו די אָרעמינקע קרויווים מיט א טרײסט — נישקאָשע, ייִדן! מען דאַרף האָפן, ניט זײַן בא זיך אראָפּגעפאלן. אז ווײל איז דעם, זאָגט ער, וואָס האָט אפּ גאָט א ביטאָכן, לאָז ער זיך זאָרגן! — דאָס איז אָבער געמעלאָכעט. דער זאָרג ליגט רעב כאַימען אײַנגעגעסן, ווי א פּיאַווקע, טיף אין הארצן, ווײטעק און יעסורים קוקן אים ארויס פון די באַטריבטע אויגן.

סאָרע באַמערקט עס זײער גוט, און עס כאַפּט זי אָן באַם הארצן. זי גײט אַוועק אין א ווינקעלע, קלוימערשט, באַדאַרפ זי דאָרט עפּעס האָבן, לײגט ארופ די הענט אפן פּאָנעם און װײנט שטילערהײט.

לײע פילט אויך דאָס אײגענע, וואָס סאָרע, פארשטײט דער מאַמעס אַוועקגײן אהין אין ווינקל, נאָר זי האַלט אויס כאַראַקטער, זיצט באַם טיש, קוקט מיט ראַכמאָנעס אפּ די קינדער און רוקט ארײַן איטלעכן אין הענטל עפּעס א צוקערגעבעקסל — זאָלן זײ, נעבעך, עסן. דערפאר באַנאַכט אפּ איר געלעגער איז פײַכט געוואָרן דאָס קישן פון אירע טרערן.

## VXII

ס'איז א טאָג אכט נאָך פּורים. די זון קוקט פרײַנטלעכער, מילדער אראָפּ פונעם הימל, שיקט דורך אירע שטראַלן און דורך א געלינד ווינטעלע די ערשטע האַסראָע דעם ווינטער, אז עס ענדיקט זיך דער טערמין פון דער דירע דאָ, אפּ דער ערד, ער זאָל מויכל זײַן זיך ארויסקלײַבן, זיך רוקן ווײַטער. און ער טוט דאָס אײגענע טאַקע, וואָס א שלעכטער אײַנגעשפּארטער שאָכן — בעריעט זיך, מאַכט פּוילע טנועס. באַטאָג, דער זון אין די אויגן, געזעגנט ער זיך, פארגיסנדיק ריקעס טרערן — טײַכלעך וואַסער רינען אפּ די גאַסן — איך גײ, גײ, הײסט עס, לאָזט מיך נאָר זיך פּאַקן, פארנעמען מײַנע בעבעכעס, דעם שנײ מײַנעם, „פארשווארצט" איז ער, נעבעך, געוואָרן! קוים אָבער מאַכט די זון צו אן אויג, גײט פארנאַכט אין איר רו ארײַן, שטעלט ער מיט א פארכמורעט, בײז פּאָנעם איר ארויס פײַגן — סאָסולקעס פארגליווערטע און בלײַבט בא זײַנעם טאַקע, אײַז־קאַלט ווי פריִער. נאָר אז אָך־און־ווײ איז צו אים! ער איז שוין פארבײַ, מע איז אים שוין מעוואַטל — בא ייִדן איז שוין פאר פּײסעך, די צײַט פון עפענען טיר און טויער, ארויסטראָגן אפּ דער גאַס טיש און בענק, שײַערן, וואַשן און קאַשערן אַלצדינג אפּ פּײסעך!

אין שטעטל ק... קאָכט זיך, טארעראַמט זיך — א שרעק. אַלע האָבן צוטון מיט דעם „ליבן פּײסעך. ייִדישע קינדער, ווײַבער און מאַנצבילען — לויפן ארום אפּ דעם מאַרק צווישן פורלעך מיט ווײץ, קאַרטאָפל, אײער און שאָר־יעראָקעס, וואָס אײסעוו פון די דערפער ברענגט ארײַן אין שטאָט יאַנקעוון אונטער א יאָנטעוו. אין דער מיל, הינטער דער שטאָט, פארוקט צווישן סאָסנאָווע וועלדער, זענען שוין געקאַשערט די שטײנער, און ייִדן פונעם שטעטל פירן אהין זעקלעך ווײץ צו מאָלן עס אפּ מאַצע, אָפּהיטנדיק דערבײַ איטלעכער זײַן „אָטשערעד". די פאַבריקעס אפּ מאַצע־באַקן שטײען שוין גרײט צו דער ארבעט, מיט קנעטערנס, גיסערנס, וועלגערנס, רעדלערס, זעצערס און טרעגערס מיט די גרויסע קוישן. אומעטום, אפּ דעם מאַרק, אין די הײַזער פילט זיך דער פּײסעך, און פון די כאַדאָרים לאָזן זיך הערן קינדערשע קעלכענס, לערנענדיק „שיר־האַשירים" אפּ דעם גוטן ניגן, פון וועלכן דעם ייִדנס הארץ ווערט צעשמאָלצן פאר מעסיקעס.

בא רעב כאַימען אין שטוב, וואָס אין דער צײַט פלעגט זיך אמאָל דאָרט קאָכן מער ווי אוימעטום, איז הײַנט טרויעריק, וויסט, נישטאָ קײן סימען אפילע פון ערעוו יאָנטעוו. רעב כאַים ליגט אין אָנטוג בא זיך אין צימער אפן בעטל, אונטערגעלײגט בײדע הענט צוקאָפּנס, קוקט שטאַרק צעטראָגן, אָטעמט שווער און איז בלײך, ווי די וואַנט. סאָרע זיצט אין שטוב פארלײגט די הענט, שטאַרק דערשלאָגן מיט אויגן, ווי די באַנקעס, פון טרערן. און זאָל עמעצער פון די קינדער טון א פּיפּס, מאַכט זי ווינקענדיק צו אים: שאַ! דער טאַטע איז ניט געזונט, זאָל זײַן שטיל! די קינדער גײען אפּ די שפּיץ־פינגער, פארשלאָגן זיך איטלעכער אין א ווינקעלע, און קוק

שווילנדיק, שטאַרק, נעבעך, באַטריבט. איינע לייע דרייט זיך, ווי א נעכטיקע, ארום, פאַרנומענע עפּעס מיט דעם באַלעבאַטישקייט. זי איז פינצטער, ווי די ערד, און קערט אוועק דאָס פּאָנעם, אַפ קיינעם אין שטוב קיין קוק נישט צו טון.

די טיר אין שטוב גלייך פון דער גאַס עפנט זיך ראַשיק אוף, און עס קומט אַריין מיט ברייטקייט א פּאָרעצ, א הויכער, א געזונטער, פון א שיינע אויסזען, מיט א פּאָר וואָנצעס, דינע צוגעשפּיצט בא די עקן. צוויי לאַקייען טראָגן אים נאָך פון הינטן — איינער עפּעס א קליין פּע־קעלע, דער אַנדערער א ליולקע־ציבעק, א לאַנגע אַנטיפּקע מיט א מונדשטוק פון ברושטין. דער פּאָרעצ וואַרפט אַן אויג אַפ יעדן אין שטוב גלייך באַם אַריינגאַנג און בלייבט שטיין א ווײַלע אָן ווערטער, אָנעמענדיק א מאָרעשכוירעדיק־ערנסט פּאָנעם.

— א, וועלמאָזשנע פּאַן! — טוט זיך סאָרע א כאַפּ פונעם אָרט און גייט דעם פּאָרעצ אַנטקעגן.

— פּאַני ראַבינאָווא! — שרייט אויס דעם פּאָרעצ, שטאַרק גערירט, דערזעענדיק אין סאָרעס אויגן טרערן, — וואָס האָט זיך אַזוינס געטראָפן?

סאָרע כליפּעט און קען ניט אַרויסברענגען קיין וואָרט פונעם מויל, אַזוי האָט עס זי פאַר־קלעמט באַם האַרצן. דער פּאָרעצ לאָזט זי צורו, גיט איר צייט צו זיך צו קומען, זעצט זיך באַם גרויסן געפּאַרבטן שטוב־טיש, דרייט, דרייט די שפּיצן וואָנצעס, און פײַכטלעך מיט א גלאַנצ ווערן אים די אויגן.

— היי, אַנטאָסיאָ, ליולקע!

ווי פײַל אויסן בויגן טוען זיך געשווינד א לאָז צו אים ביידע לאַקייען. איינער מיט דער לאַנגער אַנטיפּקע און פול אָנגעשטאָפּטער ליולקע, דער אַנדערער מיט זײַן פײַערגעצײַג: א שטיקל שטאָל, א קרעמען מיט גובקע א שטיקל שלאָגט אויס פײַער און צינדט אונטער דעם טאַבאַק אין דער ליולקע. דער פּאָרעצ רויכערט און הייסט די לאַקייען אַרויסגיין.

יאַן, דער וואַ...ציצער פּאָרעצ, האָט געשטאַמט פון א פּוילישער איירעלער פאַמיליע, צו וועלכער עס האָבן געהערט דערפער אַרום דעם שטעטל ק., וואָס זענען פאַרטיילט געוואָרן צווישן עטלעכע ברידער. בעשאַס זייערס א כאַגע, אָדער אַמאָל אויך א זונטיק, פּלעגט יאַן מיט דער פּאָמפּע אין א קאַרעטע „נאַשפּיצ" אַרײַנפּאָרן אין שטעטל, ווי אַנדערע פּריצים פון דער סוויווע, גלייך צום קלויסטער, וואָס אַנטקעגן דער שורע הײַזער באַם עק מאַרק, נישט ווײַט פונעם „אַראָפּבאַרג" דאָרט. נאָכן אָפּפּאַרטיקן זיך אין קלויסטער איז דער שטייגער זײַנער געווען צוצוגיין צופוס צו רעב כאַימס הויז אַנטקעגן, ווו ער פּלעגט פאַרבלײַבן א פּאָר שאָ, אַפ אָפּצוטון זײַנע געשעפטן מיט באַלמעלאָכעס, קרעמערס אוכדוימע, וואָס פּלעגן קומען אַהין צו אים. רעב כאַימ איז בא אים געווען שטאַרק כאָשעווו. ער האָט אים זייער געשעצט פאַר זײַן קלוגקייט, זײַן אָרנטלעכקײַט און ליב געהאַט ווי א געטרײַען פרײַנט. איז אים אויסגעקומען אַמאָל שווערלעך אין עפּעס א זאַך, האָט ער זיך געראָטן מיט רעב כאַימען. האָט ער געהאַט מיט עמעצן עפּעס א סיכסעך, איז בא אים געווען איינע וואָרט: „דאָ ראַבינאַ" — אַזוי האָט רעב כאַימ בא אים געהייסן. רעב כאַימ איז געווען דער פּאַרמיטלער. אַפ אים האָט ער זיך איינגאַנצן פאַרלאָזן, ווייסנדיק זייער גוט, אַז רעב כאַימ וועט פונעם יושער ניט אוועק אַפ א האָר. און גאָר כוץ די אַלע זאַכן, האָט ער גלאַט אַזוי ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין א שמועס מיט רעב כאַימען. פּויליש האָט רעב כאַימ גע־רעדט, אויך געשריבן נישקאָשעדיק. ער פּלעגט אַמאָל דערציילן דעם פּאָרעצ גלײַכווערטלעך, מע־שאָלים, שיינע אַגאַדעטעס פונעם טאַלמוד, פון וועלכע יאַן פּלעגט האַנאָע האָבן, זיי לויבן אין טאָג אַרײַן. איז רעב כאַימ אַמאָל באַשעפטיקט געווען בא זיך מיט מענטשן, האָט יאַן אים נישט געשטערט, גערויכערט די ליולקע, זיצנדיק גאַנצ היימיש אין שטוב, און איבערגעוואַרט ביז רעב כאַימ וועט זיך אָפּפּאַרטיקן. וואָס מען וויל, מעגן זיך אַנדערע איבער פּוילישע פּרײַנטשאַפט מיט ייִדן זאָגן, נאָר דער פאַקט, אַז יאַן איז בעעמעס געווען רעב כאַימס א פּרײַנט, בלײַבט א פאַקט. דאָס האָט זיך בא פיל געלעגנהײַטן דערוויזן טאָמיד, אויך הײַנטיקס מאָל — אין זײַן מאָרע־שכוירעדיק פּאָנעם, אין זײַנע פײַכטע אויגן, בעשאַס סאָרע האָט אים איבערגעגעבן די שלעכטע לאַגע זייערע און אַז דער מאַן איז פאַר קרענקונג נישט געוונט.

— קען איך אים זען אַצינד אַפ א ווײַלע?

— אָט וועל איך גיין א קוק טון, — ענטפערט סאָרע, — און אויב ער שלאָפט ניט, וועל איך אים זאָגן.

עס האָט נישט געדויערט קיין רעגע, האָט סאָרע געבעטן דעם פּאָרעץ צום מאַן אין צימער אַרײַן.

— צאָ טאַקעגאָ, פּאַן ראַבי? — מאַכט יאַן, אָפּשטעלנדיק זיך אַ ווײַלע באַם אַרײַנקומען נישט ווײַט פון דער טיר, און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ; ווי פּאַרוואונדערט, מיט אַ שמייכעלע קלוימערשט — עפּעס איז פּאַן ראַבין גאָר צעטראָגן, האָט פּאַרלוירן דעם קוראַזש! ווו איז זײַן פּעסטער כאַראַקטער? ווו איז זײַן כאָכמע?

— עס זענען דאָ צײַטן, ווען עס העלפט נישט דעם מענטשנס כאָכמע, — ענטפערט רעב כאַימ מיט אַ שמייכעלע, וואָס ער האָט עס געמאַכט מיט גוואַלד.

— ס'איז דאָך אָבער דאָ אַ גאָט, וואָס קען העלפן טאָמיד אין אַלע צײַטן! באַדאַרף איך דעם פּאַן ראַבין זאָגן אַזוינס, וואָס ער ווייסט בעסער פון מיר? — מאַכט יאַן, זעצנדיק זיך רעב כאַימען אַנטקעגן. — איך ווייס — שלעכטע אומשטענדן. אָבער אַזאַ מענטש מיט קאָפּ קען נישט ווערן פּאַרלוירן. עפּעס אַסאַך האָבן יידן אוועלכע, ווי פּאַן ראַבין?

אַנטקעגן אַ פּערטל שאָ האָט יאַן פּאַרבראַכט באַ רעב כאַימען. דערנאָך האָט ער זיך געזעגנט און מיט אַ פּאַרקלעמט האַרץ זיך געלאָזט צו זײַן קאַרעטע, נעבן קלויסטער.

אַפּ מאָרגן פּאַרנאַכט איז צוגעפאָרן צו רעב כאַימס הויז אַ וואָגן, און צוויי לאַקייען האָבן אַרײַנגעטראָגן אין שטוב זעקלעך ווייץ, קאַרטאָפּל, אויך הינער און אַ פּאָר אינדיקעס.

רעב כאַימ האָט געצאַנקט, ווי אַ ליכט, עס האָבן זיך אים אויסגעלאָזט די קויכעס, ביז ער איז געבליבן ליגן שלאָף, ווי אַ קינד, נישט קענענדיק רירן זיך פונעם אָרט. אַלע אין דעם הויזגעזינד זענען געוואָרן פינצטער, ווי די ערד. מע האָט ניט געגעסן, ניט געטרונקען, ניט גערוט, ניט געשלאָפן די גאַנצע נעכט. קרויווים און גוטע באַקאַנטע זענען געקומען איטלעכער מיט זײַנע טרייסטווערטער, מיט זײַנע רעפועס. מען האָט אויך אַראָפּגעבראַכט צו אים אַ געוויסן דאָקטער פון דער סוויווע, ער האָט די קראַנקײַט אַ נאָמען געגעבן, פאַרשריבן רעצעפּטן, גענומען פאַרן וועג, און ראָס אַלצדינג האָט אַזויפיל געהאָלפן, ווי יענע אַלע באַבסקע מיטל.

שרעקלעך איז געווען יענע נאַכט, וואָס אַכט טאָג פאַר פּייסעכ. רעב כאַימ ליגט פאַרדולט מיט צוגעמאַכטע אויגן, דאָס מויל האַלב אָפּן, די ליפּן פאַרברענט, קוים וואָס ער זשיפּעט, וואָס אים שלאָגט זיך אַן אָדער, און אין האַרצן כריפּעט, גלײַך ווי מע זעגט. צײַטנווײַז טוט ער זיך אַ קרים מיט אַ שווערן זיפץ, ווי אים איז שטאַרק נישט גוט. סאָרע בייגט זיך אָן איבער אים, רעדט צו אים, נאָר רעד צו דער וואַנט — ער איז פאַרדולט, ווייסט ניט, וואָס אַרום אים גייט פיר.

סאָרע לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, זיצנדיק נעבן אים, און וויינט שטילערהייט. לייע זיצט נישט ווײַט אים צוקאָפּנס און וואַרגט זיך מיט טרערן, געבנדיק זיך צוווײַלן אַ וואָרף, אַ ציטער מיט אַלע גלידער.

אַפּ אַ לאַנגער באַנק אַנטקעגן באַ אַ טונקל־ברענענדיק כיילעוודיק ליכטל שאָקלט זיך שלוימעלע איבער אַ טילעמל. אַ שטיל געבעט מיט זודיקע געפילן, הייסע טרערן גייען אים טיפ אויס דעם האַרצן, טראָגנדיק זיך צום גנעדיקן, באַרעמהערציקן פּאָטער אין הימל. ער וויינט, ער בעט, טראַכטנדיק אין זיך: אָ, ראַכמאָנעס, האָב ראַכמאָנעס, הייליקער פּאָטער! אָ, טו אַ נעס, אַלמעכטיקער גאָט, שענק מיר און די קליינטשקע קינדערלעך, וואָס ליגן פאַרשמאַכט, נעבעך, דאָ אין ווינקל — אָ, שענק אונדז אונדזער טאַטן! דערפאַר זאָגט ער צו גאָט — באַ זיך אין האַרצן — צו טון זײַן געבאָט און דינען אים געטרײַ. שלוימעלע בעט, טײַנעט, און וואַרפט צווווײַלן פונדערווײַטנס אַן אויג אַפּ דעם קראַנקן טאַטן, האָפנדיק — אָט־אָט טוט גאָט אַ נעס און שיקט אים אַ רעפוע שליימע. ווײַטער זאָגט ער אַ קאַפּיטל טילעם. ווײַטער אַזוי געטראַכט, ווײַטער אַזאַ בליק — און אָ, אַ פרייד! די מאַמע ווינקט צו לייען, טאַפּנדיק דעם כוילע באַ די פיס, ווינקט און מאַכט צו איר שטיל מיט אַ פריילעכער מינע:

— עס ווײַזט זיך שוויס!

— אום־מ־מ! — מאַכט שלוימעלע, צונויפנעמענדיק זיך מיט אַלע קרעפטן, וואָס האָט געהייסן: אָ, גאָט, גוטער גאָט!..

ס'איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. אַ קרייען פון הענער באַ אַ שכיינע ערגעץ פאַרטראָגט זיך אין שטוב. אַפּ דעם קראַנקן ליגט אַרופגעוואָרפן אַ גרויסע איבערבעט. סאָרע דרייט זיך אַרום

אים אפ די שפּיצ פינגער, דעקט אים אלצ בעסער איַינ, ער זאָל גוט שוויצנ. לייע נעמט די אנשלאָפנ־געוואָרענע קליינע קינדער אפ דער הארטער באנק אונ טראָגט זיי איבער אפ זייערע ערטער, הייסט שלוימעלענ אויכ גיינ אפ זיַינ אָרט שלאָפנ.

שלוימעלע איז מיד, צעבראָכנ פונ אזויפיל פּיַינ אונ יעסורימ אזא היפּשע צײַט. עס דרייט זיכ אימ דער קאָפּ, עס קלעפּנ זיכ אימ די אויגנ, ער גייט, טוט זיכ א וואָרפ אפ זײַנ געלע־גער — אונ ווערט באלד אנשלאָפנ אינ דעמ אָנטונ ווי א שטיינ.

רעב כאימ איז אנטקעגנ טאָג געקומענ צו די געדאנקענ, זיכ פלוצימ אופגעזעצט. אָנטוענדיק זיכ א קויעכ, אָנגעקוקט שארפ דאָס וויַיב, די טאָכטער, וואָס זענענ געשטאנענ נעבנ אימ, אונ מיט א זיפצ אופגעהויבנ די אויגנ ארופ, קוימ מאכנדיק מיט די ליפּנ: גאָט, פאָטער פונ יעסוי־מימ, דיַיענ אלמאָנעס!...

סאָרע אונ לייע לאָזנ ארויס א ביטער געוויינ. רעב כאימ פאלט אנידער אויסציִענדיק זיכ אפנ בעט, טוט א כאָרכל — אונ איז טויט...

שלוימעלע האָט זיכ געלייגט שלאָפנ באנאכט מיט א גרינג געמיט, פול האָפענונגענ, אז ער האָט א געשענקטנ טאטנ, אונ האָט זיכ אופגעכאפט אינדערפרי א יאָסעמ! דער טאטע ליגט אפ דער ערד איבערגעדעקט מיט א שווארצנ שטיק געוואנט אונ אינ שטוב הערט זיכ א קלאָג! — — —

---

# די טאַקסע

## טיטל און פאָרוואָרט.

1. מ ע נ ד ע ל ע  מ ו י כ ע ר־ס פ אָ ר י ם — מענדעלע דער ביכער־פאַרקויפער, דער פאַקנטרעגער. א ליטעראַרישער פערסאָנאַזש בא אבראַמאָוויטשן. ער פאָרט אַרום איבער יידישע שטעט און שטעטלעך מיט א פערד און ביידל, האַנדלענדיק מיט טפילע־ספאָרים (סידורים, מאַכזיירים, טכינעס), מיט אַנדערע רעליגיעזע מאַכשירים און מיט מייסע־ביכלעך. אין זיין נאָמען ווערן דאָס געפּ־רט די דערציילונגען. אָנגעהויבן פונעם יאָר 1868 (ערשטע אויסגאַבע פון „פישקע דער קרומער") פיגורירט אַף די טיטל־בלעטער פון אַבראַמאָוויטשעס ווערק דער נאָמען מענדעלע מויכער־ספאָרים אַלס דער קלוימערשטער אַרויסגעבער פון די ווערק און מעמיילע אויך אַלס ליטעראַרישער פסעוודאָנים פונעם אווטער.

2. ט א ק ס ע — קאָראָבקע־(קעסטל־)אָפּצאָל, א ספּעציעלער אומדירעקטער שטייער, שטאַמט פון אַלט־פוילן, ווו די יידישע קעהילעס (געמיינדעס) האָבן איינגעפירט א ספּעציעלן אָפּצאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אַף צו דעקן די כויוועס פון דער קעהילע. אין צאַרישן רוסלאַנד איז דער קאָראָבקע־אָפּצאָל פאַרבליבן אין אַלע שטעט און שטעטלעך פונעם יידישן „טכום"—(ערטער, ווו יידן האָבן געהאַט ווױנרעכט). (די אַלגעמיין־מעלוכישע שטייער־פליכט („פּאָדושנע") האָט די יידישע באַפעלקערונג געטראָגן אַף זיך, באַגלייך מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג, אין אָרדענונג פון קעגנזייטיקער אַרוועס). לויט די צאַרישע טאַקאָנעס („פּאָלאָזשעניע") פון 1829 און 1844 זענען געווען איינגעשטעלט צוויי מינים קאָראָבקע־אָפּצאָל: 1) א ל ג ע מ יי נ־ג ר ו נ ט י ק ע ר — פון קאָשער פלייש (וואָס איז דערלויבט צו עסן לויט דער רעליגיע), פאַר שעכטן פי און אויפעס און 2) ב א ה י ל פ י ק ע ר — פון אייניקע האַכנאָסעס. דער לעצטער אָפּצאָל, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א דירעקטן שטייער און וואָס האָט געקאָנט דעריקער אָנרירן די פאַרמעגלעכע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, פלעגט אין דער מערהייט שטעט פאַקטיש ניט אָפּגעמאָנט ווערן, סיידן אין פאַלן, ווען עס האָט געלוינט פאַר די קאָהאָלס־לייט. די מיטלען פון דעם קאָראָבקע־אָפּצאָל זיינען געגאַנגען, לויט די צאַרישע טאַקאָנעס, אַף צו דעקן „נעדאָימקעס" (ניט־דערצאָלטער שטייער) פונעם אַלגעמיין־מעלוכישן שטייער, וואָס עס קומט פון דער יידישער באַפעלקערונג, און אַף אַזויגערופענע געזעלשאַפטלעכע באַדערפענישן, ווי אויסהאַלטן קאַזיאָנע שולן, שטיצע די קראַנקענ־הייזער א. אַז. וו. פאַקטיש פלעגן די קאָראָבקע־סומעס אין זייער גרעסטן טייל פאַרשווענדעט ווערן דורך די קאָהאָלס־לייט און פאָרשטייער פון דער צאַרישער אַדמיניסטראַציע. דער טייל, וואָס איז אָנגעקומען אין קאַזנאַטשייסטווע, פלעגט אין א גרויסער מאָס אויסגענוצט ווערן אַף אויסהאַלטן פּאָליצייִ־באַאַמטע, אַף שטיצן די קאַנצעליאַריע פונעם גובערנאַטאָר און אַף אויסהאַלטן ספּעציעלע טשינאָווניקעס, וואָס זאָלן נאָכשפּירן, אַז די מעלוכישע פאַרפּאָלגונגען פון יידן זאָלן דורכגעפירט ווערן אין לעבן. דער קאָראָבקע־אָפּצאָל האָט עקזיסטירט אין רוסלאַנד ביז דער רעוואָליוציע אינעם יאָר 1917.

דאָס באַשטימען די גרייס פונעם קאָראָבקע־אָפּצאָל, דאָס איינשטעלן די ט א ק ס ע אַף יעדן איינצל פונעם באַשטייערונג־אָביעקט (פון פונט פלייש, שטיק פי), ווי אויך דאָס צונויפשטעלן די סמעטע פון האַכנאָסע און הויצאָע פון די קאָראָבקע־מיטלען — איז לויטן צאַרישן געזעץ געווען איבערגעגעבן צו די שטאָט־פאַרוואַלטונגען. אַף זייערע זיצונגען, באַראַטונגען און קאָמיסיעס וועגן דעם דאָזיקן איניען האָבן די פאַרוואַלטונגען באַדאַרפט איינלאַדן „איינגעזעסענע און פאַרמעגלעכע מיטגלידער פון דער יידישער געזעלשאַפט", ד. ה. די יידישע האַנדל־אָליגאַרכיע, די באַל־אייצעס און טאַקיפים. אָט די „איינגעזעסענע און פאַרמעגלעכע" זענען געווען די פאַקטישע באַלעבאַטים איבער דעם קאָראָבקע־אָפּצאָל און האָבן באַוואָרנט זיין רעגרעסיוון כאַראַקטער, ער זאָל מיט זיין גאַנצער לאַסט פאַלן אַף די פלייצעס פון די באַלמעלאָכעס און אָרעמשאַפט.

דער אָפּצאָל פלעגט אָפּגעגעבן ווערן אין פאַכט (אָפּקויף) אַף פיר יאָר. דער פאַכטער, אָדער ב א ל ט א ק ס ע, איז געווען דער מאָנאָפּאָליסט פונעם פלייש־פאַרקויף און פון שעכטן פי און אויפעס אין יעדן געגעבענעם יידישן יישעוו. אין אייניקע ערטער, ווי דאָס קומט פאָר אויך אין דער „טאַקסע", פלעגן אָפּקויפן דעם אָפּצאָל די פּאָפּעטשיטעליעס פון קאָהאָל (זע באַמערקונג 11), דער רעווער זאָל קלוימערשט גיין אַף די „באַדערפענישן פון דער שטאָט". די עקספּלואַטאַציע פון דער אָרעמשאַפט דורך דער טאַקסע איז דאַן געגאַנגען אַבסאָליוט אומגעשטערט.

די גרייס פונעם אָפּצאָל אַף קאָשער פלייש האָט זיך אין פאַרשיידענע יישווים און צייטן געוואַקלט פון דריי ביז זעקס — זיבן קאָפּעקעס אַף אַן אָקע פלייש (אָקע — 3 פונט אָדער 1200 גראַם). אינעם צווייטן אַקט פון דער „טאַקסע" באַשליסן די רעדלפירער צו דערפירן דעם פּרייז אַף אַן אָקע פלייש ביז צו 32 קאָפּעקעס, באַם געוויינלעכן (אין די 60־ער יאָרן) פּרייז 14־16 קאָפּעקעס אַ אָקע ניט־קאָשער פלייש.

3. געלויבט איז דער בורא (באַשעפער, גאָט) — א פאראָדיע אפן כטיל פון ראבאַנישע ספאָרים, וואָס זייערע לאַנגע מעליצהדיקע האקדאָמעס (פאָרווערטער) הייבן זיך געוויינלעך אָן מיט דער זעלביקער פראזע.

4. נילעס — א טײַך אין עגיפּטן, באַוואוסט צווישן רעליגיעזע ייִדן פון די ביבלישע לעגענדעס וועגן מיצראַיִם.

5. טעטערעוו, גנילאָפּיאטקע — טײַכן פון דער דניעפּער־סיסטעם אין דער ועכטברעגיקער אוקראַינע, פליסן פאַרבײַ זשיטאָמיר און בערדיטשעוו.

6. האָרע־כווישעכ — פינצטערע בערג, ד. ה. הויכע בערג, וואָס פאַרשטעלן די זונשײַן, באַצייכנט אויך אומבאַשטימטע, זייער ווײַטע געגנטן, עק וועלט.

7. מעקוימעס — ערטער, קאַנטן.

8. גליפּסק — בערדיטשעוו. אין דער „טאַקסע" ווערט אין איין אָרט דערמאָנט בערדיטשעוו; אינעם „פריגאָוואָר־באַשטימונג פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג) לייענט שטאַנדהאַפט: „בערדיטש...ע, וו און טוואָרדע זנאַק".

9. אומעס — ניט־ייִדישע פעלקער; האָסט אונדז אויסגעוויילט פון אלע אומעס — א סאַרקאַסטישע פאַראָדיע אפ דער פאַרשפרייטער אין די טפילעס פראַזע „אַטאָ בעכאַרטאָנו מיקאָל האָאַמימ" און אפ דער שאָוויניסטישער גרויסהאַלטערײַ פון די ייִדישע קלעריקאַלן.

10. געלײַטזעליקט — באַגליקט.

11. קאָהאָל — אָרגאַן פון זעלבסט־פאַרוואַלטונג אין די ייִדישע יִשוּווים אין פאַרשיידענע אייראָפּעיִשע לענדער אין מיטלאַלטער, אין אַלט־פּוילן אין 15 — 18 י. ה.; באַצייכנט אויך די ייִדישע געמיינדע גופא. נאָך דער צעטיילונג פון דער פּוילישער מעלוכע האָט די צארישע רעגירונג איבערגעלאָזט דעם קאָהאָל אינעם געוועזענעם טכום און האָט אים פאַרוואַנדלט אין א באַהילפ־אָרגאַן פון דער אָרטיקער מאכט מיט פּאָליצייִש־פיסקאַלע פונקציעס: אופמאָנען שטײַערן, צונויפשטעלן רעוויזיע־סקאַזקעס (צעטלען פון דער באַפעלקערונג צוליב אײַנשטעלן די מעלוכע־פליכטן), צושטעלן רעקרוטן א. אז. וו. פאָרמעל האָט דער באַשטאַנד פון קאָהאָל באַדאַרפט אויסגעוויילט ווערן דורך דער באַפעלקערונג, וואָס צאָלט שטײַערן, און באַשטעטיקט ווערן פון דער גובערניאַלער מאכט. פאַקטיש אָבער פלעגט די אָרטיקע מאכט זעלבסט באַשטימען די קאָהאָל־פירער, אויסטיילנדיק זיי פון די רײַכע און בעקאָוועדיקע שיכטן, וועלכע האָבן צוגעשטעלט דער גובערניאַלער אדמיניסטראַציע די נייטיקע פריגאָוואָרן (באַשטימונגען פון דער באַפעלקערונג, אָפט געפעלשטע). אין פאַרשיירענע געגנטן און צײַטן איז די סטרוקטור און דער באַשטאַנד פון קאָהאָל געווען פאַרשיירן. די ראַטמענער גופע זענען באַשטאַנען פון ראָשים אָדער פאַרנייסים — עלצטע ראַטמענער, און פון טוווי־האָיר (די פײַנע לײַט פון דער שטאָט) — ערן־מיטגלידער. פאַר דער אַפּעראַטיווער אַרבעט פונעם קאָהאָל איז געווען א גרויסער שטאַט קאָהאָלס־לײַט: פּאָפּעטשיטעליעס מיט גאַבאָים (אָנפירערס פון וואָלטעטיקע אײַנריכטונגען און פון פאַרשיירענע כעווריס); פּאָפּעטשיטעליעס האָבן אויך געהייסן די פאָרשטייער פון קאָהאָל אָדער פון דער ייִדישער געמיינדע, וואָס פלעגן צומאָל נעמען די טאַקסע, קעדיי דער רעווער זאָל קדיימערשט גיין אפ געזעלשאַפטלעכע צוועקן, בוירערים מיט יאַשראָנים (רכ־טער און פאַרמיטלער; בוירערים האָבן אויך געהייסן די וואַלמענער פון קאָהאָל), שטאַדלאָנים מיט פּאָוערענעס (פאַרטרויונגס־לײַט פונעם קאָהאָל אין די באַציִונגען מיט די צארישע מאכט־אָרגאַנען און אפ צושטעלן דער רעגירונג רעקרוטן), מאַשגיכים מיט נעמאָנים (אויפזעערן און קאָנטראָליאָרן), שרײַבער און רייסטער־פירער (צונויפשטעלער פון צעטלען אפ אופמאָנען נעפאַשע־שטײַער, אנדערע ציל־שטײַערן און פאַר רעקרוטן), סבאָרשטשיקעס אײַנקאַסירער) מיט אָצענשטשיקעס (אָפּשאַצער פון האכנאָסע־קוואַלן), א. אז.וו.. אין צארישן רוסלאַנד, ווי די קאָהאָלס־לײַט זײַנען געווען באַזונדערס פאַרהאַסט בא דער ברייטער מאַסע באַלמעלאָכעס און אָרעמשאַפט, איז נאָך געווען א גאַנצער אַפּאַראַט ספּעציעלע קאָהאָלשע זשאַנדאַרמען: שטאָט־שקאָצים, שלעגערס, „כאַפּערס", (פלעגן כאַפּן קאַנדידאַטן אפ רעקרוטן צווישן דער אָרעמשאַפט און אָפּגעבן זיי אין דינסט אָנשטאָט די זין פון רײַכע). דורך דעם דאָזיקן אַפּאַראַט און דורך א סיסטעם פון אונטערקויפן און כאַבאַר האָט זיך קאָהאָל פאַרוואַנדלט אין א „אינערלעכן" צוגאָב צו דער צארישער דעספּאָטיע און אין א געשעפט־זאַך בא די ייִדישע טאַקיפימ צו דריקן אפ א שוידערלעכסטן אופן די האָרעפאַשנע און אָרעמע ייִדישע מאַסן.

צו דער צײַט, אין וועלכער ס׳קומט פאָר די האַנדלונג אין דער „טאַקסע", איז דער קאָהאָל שוין אין א גרויסער מאָס ניט נייטיק געווען פאַר דער צארישער רעגירונג. פאַרקערט, קאָהאָל האָט אפילע אָנגעהויבן ווערן א שטערונג פאַר דער צארישער אינטערדריקערישער און פיסקאַלער פּאָליטיק. אין 1844 יאָר האָט די רוסלענדישע רעגירונג אָפּגעשאַפט דעם קאָהאָל. די גאַנצע קגופיע (קניפּע, געזינדל) קאָהאָלס־לײַט האָט פאָרגעזעצט איר עקזיסטענץ נאָך עטלעכע צענדליק יאָר. מיט דער קראַפט פון זייער עקספּלואַטירנדיקער אויבערהאַנט, בא דער מיטהילף פון דער כאָפּטע קלייקוידעש (ראַבאָנים, דאַיאָנים, שאָכטים א. אנד.) און בא דער פולשטענדיקער מיטשטיצע פון די צארישע באַאַמטע האָבן די טאַקיפימ א שטיק צײַט נאָכדעם באַוויזן אײַנצוהיטן זייער מאכט. זיי פלעגן אײַנפירן פאַרשיידענע שוין אומגעזעצלעכע „שטײַערן" (קלוימערשט פאַר טאַלמעטויריס און ביקער־כוילימס) פאַר זייער אייגענער קעשענע, אָפּגעבן אין כאַאָזע (מאָנאָפּאָל) פאַבריקלעך און זאָוואָדלעך די לאַקשן־פאַבריק אין דער „טאַקסע") און ביקלאַל לעקן פון דער קאָהאָלשער שיסל. אין נאָמען פון קאָהאָל טרעטן עס ארויס די פּאָפּעטשיטעליעס מיט זייער גאַנצער קנופיע אין דער „טאַקסע" און באַרויבן די מאַסן אומגעשטערט (זע באַמ. 2).

12. פײַנעבריעס — פרומע באַלעבאַטים, בעקאָוועדיקע באַטלאָנים און דרייעזאָגערס אין קאָהאָלשע איניאָנים.

13. באַלטוייעס — מענטשן, וואָס זײַנען קלוימערשט אויסן מיט זייערע טאַטן בלויז יענעמס טויווע אָן שום אייגננוצן.

14. באַהאַרצט — צוגעגעבן מוט.

15. א טייל וועלן אפמיר שטאַרק באַרייגעזזײַן — ואָכן פאַרעפנטלעכן די „טאַקסע" האָבן די בערדיטשעווער באַלטייוועס, וואָס האָבן זיך דערקענט אין די פּערסאָנאַזשן, אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן אבראַמאָוויטשן, און ער האָט געמוזט פון דאָרטן אָפּפאָרן.

16. מײַסע שעהאָיאָ קאָכ האָיאָ — די מײַסע, װאָס איז געװענ, איז אזױ געשענ.

17. אָסער — כלעבנ (א פאָרמ פונ א נעגאטיװער שװוּע בא רעליגיִעזע ייִדנ, אז עפּעס איז ניט פאָרגעקימענ).

18. מעקאבל געװענ — דערהאלטנ; טכילעס — צוערשט, פריִער; בליטשקענע — געשטריקטע פונ גראָבער װאָל; אוכדוימע — אונ דעסגלײַכנ.

19. לעהאָראבאָני האנאָגיד... — צומ רעבנ, דעמ באװוּסטנ נאָגיד, אונדזער פירער דעמ ראָװ רעב מענדל זײַנ ליכט זאָל שײַנענ (א ספּיל פונ בריװ-װענדונגענ בא פרומע ייִדנ).

20. היניי — אזױװי; האָט א שעמ (נאָמענ) — איז באװוּסט, בארימט.

21. בעכיינ — אלזאָ, דעריבער; מויכל זײַנ (אנטשולדיקנ) — זײַנ אזױ גוט.

22. קדינע זײַנ אויילעמ־האבע — אײַנקױפנ זיכ יענע װעלט, גאנײדנ.

23. שטוטשקעס — מיִעסע אײַנפאלנ, שפיצלעכ.

24. פראָשעניעס (אָנקלאָג־ביטעס) — דאָ געמײנט אָנקלאָגעס אינ די רעגירונג־אנשטאלטנ, אינ װעלכע די דער־שלאָגענע ייִדישע אָרעמשאפט קלאָגט זיכ אפ די רעציכעס פונ די קאָהאָלס־לײַט אונ „זוכט דעמ עמעס" בא די צארישע טשינאָװניקעס.

25. אקלאל — מיט אײנ װאָרט; מעגאלע זײַנ — אנטפלעקנ.

26. קאמעטײַמימ — פארשײדענע מאָטיװנ.

27. קיטל — א װײַסער לײַװנטענער כאלאט, װאָס פרומע ייִדנ ציִענ אפ זיכ ארופ ראָשעשאָנע אונ יאָנקיפער באמ דאװענענ אונ ביקלאל באמ אָפריכטנ אײניקע אנדערע רעליגיִעזע ריטואלנ; שװערנ באמ קיטל אונ טאלעס — העכסטע פאָרמ פונ רעליגיִעזער שװוּע.

28. ניצמעכ װערנ — ארױסשפּראָצנ, אנטשטײנ.

29. מיצװע — רעליגיִעזער געבאָט; טוט א מיצװע — דאָ: טוט א גוטע זאכ.

30. קסאװיאד — מאנוסקריפּט; פארװענדט — איבערגעדרײט, פארפלאָנטערט; נעסיִעס — רײַזעס, ארומװאנדערונג.

31. באלצדאָקעס — מענטשנ װאָס שטיצנ אָרעמעלײַט; איראָניש—מענטשנ, װאָס לעקנ אַ בײנדל בא צראָקע־געשעפטנ.

32. סטראָפּטשע — אויעזד־פּראָקוראָר אינ אלטנ רוסלאנד; גאָטס סטראפּטשעס — פרומע ייִדנ, װאָס מאכנ געשעפטנ אונטערנ אָנשטעל פונ אָנעמענ זיכ גאָטס קריװודע.

33. ער איז געכאפּט אינ דער מײַסע — ד. ה. ער איז א שטיקל אפּיקױרעס, אביסל אופגעקלערט; פּראָיעקט — א קאָנטאָר בא דער שטאָט־װירטשאפט אפ אָנצופירנ מיט דער טאקסע אונ אנד. איניאָנימ.

34. באל־אײצע — ראטמאנ פונעמ קאָהאָל, אנ אָנטײלנעמער פונ די בעראטונגענ בא דער שטאָט־פארװאלטונג װעגנ איניאָנימ פונ קאָראָבקע־אָפּצאָל; א שײנער ייִד, װאָס האלט זיכ פאר א גרױסנ כאָכעמ אונ פאָדערט דעריבער אָפּשײַ צו זיכ אונ, דעריקער, „פארנאָסע".

35. גלאסנע — ראטמאנ אינ דער שטאָטישער פארװאלטונג (די צארישע רעגירונג האָט צוגעצױגנ אלס גלאסנעס פאָרשטײער פונ די ייִדישע האנדל־שיכטנ, װעלכע האָבנ דערבײַ געהאט רעכט צו פארנעמענ קלײנע געצאָלטע פּאָסטנס, װאָס האָבנ א שײַכעס צו איניאָנימ פונ דער ייִדישער באפעלקערונג).

36. מיסנאגדימ — קעגנער.

37. כײרעמל (כײרעמ) — בױקאָט אפ מענטשנ, װאָס װארפט זיכ ניט אונטער די פאראָרדענונגענ פונ ראבאָנימ אונ קאָהאָל. קאָהאָלשע טאקיפימ פלעגנ אָנװענדנ דעמ כײרעמ אױכ אפ זאכנ אונ פּראָדוקטנ, קעדײ אײַנצוהאלטנ זײער טאקיפעס דאָרטנ, װו זײ האָבנ ניט געהאט קײנ מעגלעכקײַט צו באנוצנ זיכ מיט דער מאכט פונ זײער פארבינדעטנ — די צארישע טשינאָװניקעס: דערקלערנ פאר טרײף דאָס פלײש, װאָס איז ארײַנגעפירט פונ אנ אנדער ייִשעװ („באָסער־כוצ"), א. אז. װ.

38. צוינ־קאָדאָשימ — הײליקע שאָפ, ד. ה. פּאסיװע, ניט פּראָטעסטירנדיקע מענטשנ.

39. יויצע געװענ — אױסגעפילט די פליכט; בישליימעס — פארפולקומט.

40. אנעס בעפויעל — א װוּנדער אינדערעמעסנ (אינ דער טאט).

41. אד ביאָס האגויעל — ביזנ קומענ פונעמ אױסלײזער (מאָשיִעכ), דאָס הײסט, אפ אײביק; אינ אומגאנג פאר־מאָגט עס אױכ אנ אנטירעליגיִעזנ ניואנס (דאָס אױסלאכנ דעמ גלױבנ אינ מאָשיִעכ).

## ערשטער אקט.

42. כײדער — צימער.

43. מישנײַעס (מישנע) — טײל פונ טאלמוד; פרומע ייִדנ פלעגנ אלע טאָג נאָכנ דאװענענ לערנענ א פּײרעק (קאפּיטל), אָדער א שיִער (אוראָק) מישנײַעס. דעמ טאלמוד פלעגט מענ לערנענ מיט א ספּעציִעלנ געזאנג („מיט א ניגנ").

44. אָמאר רעב טארפנ... האָט רעב מײער געזאָגט — טראכטנדיק װעגנ די טאקסע־געשעפטנ, פארבײַט ספּאָדעק רעב טארפנ אפ רעב מײער (צװײ נעמענ, װאָס װערנ דערמאנט באנאנד אינ מישנע).

45. סילעקנ — אָפּצאָלנ, דעקנ דעמ כויװ; בעיִמ — אויב.

46. כאָלילע (כאָלילע װעכאס, כאס־װעשאָלעמ) — עס זאָל ניט פאָרקומענ (א באװאָרעניש בא פרומע ייִדנ בײַמ זײ רעדנ װעגנ א מעגלעכער געפאר).

47. שלישיס־געלט — נאדנ־געלט, וואָס מע פלעגט אײַנלייגנ בא א דריטער פערזאָנ, ביז דער איידעמ וועט אראָפּ פונעמ שווערס קעסט. דערמיט איז פארבונדנ ספאָרעקס אגמעסנעפעש (הארצקלעמעניש), וואָס ייִדנ האָבנ ווייניק כאסענע.

48. כעווריש־געלט — געלט פונ פארשיידענע ווילטעטיקע אונ באלמעלאָכישע פארייניקונגענ (כעווריעס); קלאל ניט — לאכלוטנ ניט.

49. גײַע גזיירעס — גײַע פארפאָלגונגענ פונ דער צארישער מאכט בענעגייע צו ייִדנ; שטאנדהאפט מיינט דאָ פארשיידענע פאראָרדענונגענ וועגנ דירעקטנ פאָליציייִשנ פיסק. וואָס דערווײַטערט די באלטויוועס פונ די קאָהאָל־שע געשעפטנ; קאָל־האצאָרעס — פארשיידענערליי צאָרעס.

50. אוילעמס־געלט — געלט, וואָס מע פארזאָגט פארנ טויט אפ געזעלשאפטלעכ־ווילטעטיקע צוועקנ; דערמיט איז פארבונדנ: „שטארבט ייִדנ!“.

51. קויפט זיכ אײַנ אינ כעווריעס — ד. ה. טראָגט ארײַנ א געוויסנ אָפּצאָל אונ מאכט א סודע באמ פארשרײַבנ זיכ אינ א באלמעלאָכישער כעוורע. די באלמעלאָכישע וועלט האָט געהאט אירע מאָנאָפּאָליסטנ־כאזאָקעניקעס אונ אירע פלעבייער. אינ אלגעמיינ זײַנענ די כעוורעס געווענ שטארק אָפּהענגיק פונ דעמ קאָהאָל אונ פונ די קאָהאָלס־לײַט. דאָס אײַנקויפנ זיכ אינ די כעוורעס איז אויכ געווענ א מינ געשעפט־זאכ, ווײַל דאָס האָט געקענט געבנ רעכט צו באקומענ א פאספאָרט.

52. טאכלעס — צוקונפט, צוועק, צי וועלכנ עס שטרעבט א מענטש אינ זײַנ פערזענלעכ לעבנ.

53. סומכעס אוימער יאכלויקו — סומכעס זאָגט, מע דארפ זיכ צעטיילנ (א שטעל אינ מישנע, ווו עס האנדלט זיכ וועגנ צוויי מענטשנ, וועלכע קריגנ זיכ איבער א זאכ, אונ יעדערער טײַנעט, אז זי געהערט צו אימ); אינעמ טעקסט פאלט צונויפ די פארטײַטשונג פונ דער דאָזיקער מישנע־פראזע מיטנ פארבאהאלטענעמ מיינ פונ ספאָדעקנ וועגנ דעמ, אז מע דארפ זיכ צעטיילנ מיט די קאָהאָלשע געלטנ.

54. אימירצעשעמ — אז גאָט וועט וועלנ (א רייד־ארט בא א פרומע ייִדנ, א באוואָרעניש, אז דער געפלאנטער אייסעק זאָל ניט צעשטערט ווערנ); מעוואלול זײַנ — שטערנ; לוי־אלייכעמ — ניט פאר אײַכ געדאכט (א רייד־ארט בא פרומע ייִדנ בײַס זיי שמועסנ מיט א צווייטנ וועגנ א פערזענלעכער צאָרע).

55. בעיעכידעס — אָפּגעזונדערט, איינער אליינ, ד. ה. — ניט מיט קיינ מיניענ (מיט א גרופע פונ צענ מענטשנ אונ מיט א כאזנ אינ בעסמעדרעש).

56. איידע — געמיינדע, קעהילע.

57. ביזכוס זע — אינ דעמ זכוס, ד. ה. אלס באלוינונג פאר די דאָזיקע פארדינסטנ (פונ דער רעליגיִעזער פראזעאָלאָגיע).

58. יעהי כעלקי אימאָכ — זאָל מײַנ גורל זײַנ ענלעכ צו דײַנעמ (א פאָרמול פונ העפלעכקײַט בײַס מע רעדט מיט א צווייטנ וועגנ א גליק. וואָס שטייט יענעמ פאָר); בוכשטעבלעכ באטײַט אויכ: לאָמיכ האָבנ כיילעק בא דיר (אינ דײַנ געשעפט). ספאָרעק באנוצט עס טאקע מיט א צווייִדײַטנדיקנ מיינ — מיט כאניפע אונ מיט אָנצוהערעניש, אז ער וויל א כיילעק אינ געשעפט.

59. זײַט טאקע א באל־ביטאָכנ — פארלאָזט זיכ טאקע אפ גאָט, געמיינט: זאָרגט ניט, איר וועט באקומענ אײַער כיילעק.

60. באָרעכאשעמ — גאָט צו דאנקענ (א רייד־ארט בא פרומע ייִדנ, ווענ מע רעדט וועגנ אנ אָנגענעמער געשעעניש אינ פערזענלעכנ לעבנ), אינ אומגאנג ווערט עס באנוצט אויכ מיט אנ איראָניע, טאקע ווי אינ געגעבענעמ טעקסט.

61. אדעראבע — פארקערט.

62. בעכאָל האָויפאנימ — אפ יעדנ אויפנ, פונ יעדנ שטאנדפונקט.

63. געמאָרע־קעפל — שארפזיניקער סכאָלאסטישער סייכל, וואָס האָט זיכ אויסגעשפיצט באמ לערנענ די געמאָרע, באטײַט אויכ — א דריי־קאָפּ, וואָס פאלט אפ אנ אײַנפאל, וויִאזוי אָפּצונארנ יענעמ.

64. יִרעשאָמאַיִמ — גאָטספאָרכטיקײַט; מיט א יִרעשאָמאַיִמ־פענעמל — מיט אנ אָנשטעל פונ פרומקײַט, צבויאקיש.

65. טירכע — מי, לאסט; טירכע גדוילע — א גרויסע לפאט.

66. האשעמ־ייִסבאָרעכ — גאָט; מאכשאָווע — געדאנק, מיינ.

67. גזיירעס ראָעס — שלעכטע גזיירעס, פארפאָלגונגענ פונ ייִדנ.

68. קאָל האמעגלעכקײַטנ — אלע מעגלעכקײַטנ; אלפידינ — לויטנ (רעליגיִעזנ) געזעצ.

69. שוימער־כינעמ (אומזיסטער היטער) — א מענטש, וואָס האָרעוועט אונ באקומט דערפאר ניט קיינ באלוינונג.

70. באָסער ווערדאָמ (פלייש אונ בלוט) — א לעבעדיקער מענטש.

71. בעדאלעס ווערנ — פאראָרעמט ווערנ.

72. כשאש טארפעס — געפאר פונ עסנ טרייפס (פלייש, וואָס איז פארבאָטנ לויט דער רעליגיע צו עסנ).

73. גוטע שאָכטימ — דער אָנשטעל איז, אז די שאָכטימ זאָלנ זײַנ גוטע, ד. ה. זיי זאָלנ שעכטנ אפ קאָשער. געמיינט גוטע — זיי זאָלנ מיטהעלפנ דעמ באלטאקסע אונ די קאָהאָלס־לײַט צו באנעמענ דעמ אוילעמ, אײַנצאמענדיק דערבײַ זײַנ פראָטעסט; געמיינט אוי גוטע שאָכטימ — גוטע קוילערס (וואָס ציִענ די קליי באמ אוילעמ).

74. איכ בינ מיט סאנדעקאָעס — איכ ד . פ אויספילנ א בעקאָוועדיקע פונקציע (האלטנ דאָס קינד אפ די הענט) באמ דורכפירנ דעמ רעליגיִעזנ ריטואל פונ מילע.

75. טאכלעס־זאכ — געשעפט־זאכ, באטײַט אויכ א שידעכ.

76. זאָריז — פלינקער.

77. ספּאָדעק (ליגט אפּן טיש) — א הוט, וואָס עס פלעגן טראָגן געהויבענע קאָהאָלס־לײַט; מענטשן פון א הויכן ראנג; אין אומגאנג באטײַט עס אויך — א דרײַ־קאָפּ, א שווינדלער, א צוויאק.

78. פּאָראנעס — אונטערטאנער (אזוי פלעגן זיך אָנרופן אין אָפיציעלע דאָקומענטן די בירגער פון צארישן רוסלאנד).

79. הארײ את מקודשת לי — דו ביסט צו מיר פארקנאסט (דער סאָפּ פון דער פראזע איז: קעדאס מוישע ווייסראָעל — לויטן געזעץ פון מוישען און פון די ייִדן, ד. ה. לויטן רעליגיעזן געזעץ); א פאָרמול, וואָס דער כאָסן זאָגט צו דער קאַלע, בײַס ער טוט איר אָן דאָס פינגערל אונטער דער כופע. מיטן דאָזיקן אקט ווערט די קאַלע לויט דער רעליגיע פארײַגנט צו איר מאַן. באנוצנדיק די דאָזיקע פאָרמול בענעגייע צו דער טאקסע, פארענדיקט זי באלטאכלעס מיט די ווערטער: קעדאס ספּאָדעק אושטאנדהאפּט, ד. ה. אזויווי ספּאָדעק און שטאנדהאפּט פּראָיעקטירן.

80. אדײַטש — אַן אופגעקלערטער; איינפלוג — פונעם ערשטן בליק.

81. קאוואָנע — מײַנונג, ווונטש.

82. טומע — אומרייניקײַט, רוכעס און שיידים; קעדושע — הייליקײַט, הייליקע מאלאָכים. פּרוּוון זיך אין דער טומע — זיך פּרוּוון טון א מויפעס (וווּנדער־טאַט) מיט דער קראַפט פון שיידים און רוכעס; מוטשען זיך מיט דער קעדושע — טון א מויפעס מיט דער קראַפט פון גאָטס נאָמען און מאלאָכים. אין טעקסט באטײַט עס, אז איינער שאַרט זיך צו דער טאקסע, מאכנדיק אַן אָנשטעל, אז ער וויל באגליקן די שטאָט מיט זײַנע אופקלערערישע טאטן (אָרגאַניזירן שקאָלעס א. א. וו.), און דער צווייטער — מיט פרומקײַט און קאָשערע שאָכטים.

83. קיבעד — בעקאָוועדיקע פונקציע בײַ א ברית אָדער בײַ אַן אנדער רעליגיעזער צערעמאָניע.

84. זיך מעיאשעוו זײַן — זיך באטראכטן, אויסטײַטשן.

85. באַל־ברית — דער פאָטער, וואָס פראוועט א ברית.

86. בעל־ניידער — אָן א צוזאָג (א רייד־אַרט, א באוואָרעניש בײַ פרומע ייִדן, בײַס זיי רעדן וועגן געפּלאנטע איניאָנים, עס זאָל זיך ניט רעכענען פאר קיין זינד, אויב מע וועט ניט אויספילן דאָס געפּלאנטע).

87. גזיירע... געשטודירטע ראבאָנים — אין יאָר 1857 איז פארעפנטלעכט געוואָרן די צארישע פאראָרדענונג, אז פאר ייִדישע ראבאָנים דארפן אויסגעוויילט ווערן בלויז אזעלכע, וואָס האָבן פארענדיקט די קאזיאָנע ראבינער־שול אָדער אַן אנדער קאזיאָנע מיטלשול.

88. באַרמיצווע — רעליגיעזע סימכע, וואָס ווערט אײַנגעאָרדנט, ווען א זון ווערט דערגרייכט צו רעליגיעזער פוליאָריקײַט (ער ווערט אלט 13 יאָר און הייבט אָן לייגן טפילן); באצייכנט אויך דאָס ייִנגל גופע, וואָס אים איז געוואָרן 13 יאָר.

89. א מאלעכ וואָרפט אראָפּ א גראָשן — אַן אויסדרוק, וואָס מע פלעגט באנוצן אין א כיידער צו א קינד, וואָס הייבט אָן צו לערנען אלעפבייז, בײַס דאָס קינד קוקט ארײַן אין סידער און עמעצער פונעם קינדס קרויווים וואָרפט דעם קינד א גראָשן. דאָ מיט איראָניע: זיי ווערן רײַך אף יענעמס כעזשבן.

90. שירים פון א נײַעם מעכאַבער — לידער פון א נײַעם אווטער.

91. מעוווּלוול — צעטומלט, ניט שטאנדהאפטיק.

92. האלטן דעם גוויר אף דער אדענדע — צאָלן ראטע (באשטענדיקע ארענדע־סומע) א קאָהאָלשן טאקיפּ פאר באקומען דורך זײַן הילף כאזאָקע־רעכט (מאָנאָפּאָל) און אנדערע פּריווילעגיעס.

93. מעקאַמע טײַמים — מאכמעס פארשיידענע טײַמים (מאָטיוון).

94. קאָהאָל־שטיבל — קאנצעליאַריע פונעם קאָהאָל.

95. זיך מעפּארנעס — האָט פּארנאָסע.

96. ענטפערן קוימעמיעס — גראָב אָפּזידלען דעם קרעדיטאָר, אָנזעצן (דער אייגנטלעכער באטײַט פון קוימעמיעס — האָפּערדיק).

97. קנעלט מיטן גוויר — לערנט אײַן מיטן גוויר, פונקט ווי דער רעבע מיט א כיידער־ייִנגל.

98. מאכן פּאטשערקעס — מאכן שנירלעכע קרעלן, בוסן; מעטאפאָריש: ארופוואַרפן עמעצן א שטריק אפן האלדז.

99. מאכן מיט דער רייפ — מעטאפאָריש: פארדרייען, באשווינדלען עמעצן.

100. מאכן פון שניי גאָמעלקעס (גאָמעלקעס — א מײַכל פון קעז איבערגעקנעטן מיט פּוטער) — מעטאפאָריש: מאכן פון גאָרנישט א זאַך, אויסטראכטן א בילבל, אָדער — באקומען געלט דורך שווינדל.

101. כאַפּן פיש פאר דער נעץ — מעטאפאָריש: אראָפּשלעפּן דאָס בעסטע, ניט וואַרטן ביז מע וועט צעטיילן דאָס אלגעמיינע האָב.

102. לעטויוועס האקלאל — צוליב די נוצן פון דער געזעלשאפט.

103. טאקיפּ — א מענטש, וואָס האלט יענעם אין די לאַפּעס און מאכמעס זײַנע פארבינדונגען מיט די צארישע באאמטע האָט ער קיין מוירע ניט פאר קיין אָנקלאָגעס.

104. א בען־באָיס — א שטוב־מענטש, אַן ארײַנגייער.

105. אַן איינִיקל — א ייִד מיט ייִכעס (שטאמט פון צאדיקים) און פאָדערט דערפאר אָפּשײַ צו זיך און א „שיינע" געדראָווע.

106. האָט א באבע אין ערעץ־ייִסראָעל — אויך א מין אייניקל, אָדער אזא, וואָס קלײַבט זיך צו פאָרן קיין ערעץ־ייִסראָעל שטארבן; שטאָט־פּעטער — ד. ה. א מענטש, וואָס מישט זיך אין די געשעפטן פון יעדן איינציקן, גלײַך ער זאָל זײַן יעדערן א פעטער.

107. ראכמאָנים בניי ראכמאָנים — בארעמהארציקע פון דורעס־לאנג (א שאָוויניסטיש־גרויסהאלטערישע פאָרשטעלונג וועגן ייִדן).

108. א גויר אָדער פּאָמעשטשיק — ווי א בורזשואזער מאסקיל, (זע באמ. 111) שטעלט פּיקהאָלץ ארויס דעם ניט־יידישן פּאָמעשטשיק, סויכער און פאבריקאנט אלס א מוסטער, אפ וועלכן די יידישע העכערע שיכטן דארפן זיך אָריענטירן.

109. אסקנבעמיצוועס — באשעפטיקט זיך מיט מיצוועס (מיט אויספילן רעליגיעזע געבאָטן), דאָ מעטאפאָריש: נאריט א וועלט מיט זיין פרומקייט; לעפּאָנעם — אויסערלעך; זענען אומעטום נויסע־כיינ — אומעטום געפעלן זיי, ד. ה., זיי באקומען שטיצע בא די פּאָרשטייער פון דער צארישער מאכט; לעמאנעשעם — אין גאָטס נאָמען, אומבאדינגט.

110. האשגאָכע — אופזיכט.

111. זיך אויסלערנען עטוואָס... אמעלאָכע — דאָ קומען צום אויסדרוק די פּאָדערונגען פון דער מאסקילישער אינטעליגענץ. דער מאסקיליזם, אָדער די האסקאָלע (אופקלערונג) — א בורזשואזע געזעלשאפטלעכע שטרע־מונג אין דער יידישער סוויווע, האָט זיך אין רוסלאנד אָנגעהויבן אין די 20־ער יאָרן פונעם XIX י. ה. און זיך געצויגן ביז אנערעך די 80־ער יאָרן. די פראקטישע פּראָגראַם פין די מאסקילים פאר די יידישע מאסן אין רוסלאנד איז געווען — לערנען אביסל וועלטלעכע בילדונג (רעכענען, נאטורוויסנשאפט, שפראך, באזונדערס די לאנדשפראך), העברייש און א מעלאָכע, ענדערן די טראדיציאָנעלע יידישע קליידונג און זיין פרום צו גאָט און טריי דעם קייסער. די מאסקילים זענען געווען די אויסדריקער פון דער אופגעקומענער יידישער נייער בורזשואזיע, וועלכע האָט געשטרעבט איינצוגלידערן זיך אין דער שטייגנדיקער רוסלענדישער קאפּיטאליסטישער עקאָנאָמיק און האָט דערום געזוכט צו פארניכטן די מיטל־אלטערלעכע פאָרמעס פונעם יידישן לעבן און שטייגער, וואָס האָבן אין דעם געשטערט.

די ליבע און טריי־אונטערטעניקייט צו דער רעגירונג פון ניקאָליי I, וואָס כאראקטעריזירט ביקלאל די רוסלענדישע בורזשואזיע, שטאמט בא די מאסקילים אויך דערפון, וואָס די צארישע מאכט האָט צוליב אירע נאציאָנאל־אונטערדריקערישע און פּאָליצייש־פיסקאלע אינטערעסן ארויסגערוקט אין איר „יידן־פּאָליטיק“ קאזיאָנע שקאָלעס, מעלאָכע און לאנדווירטשאפט, קליידער־אומבייטונג, „ראזבאָר“ (איינטיילונג פון דער יידישער באפעלקערונג אפ „נוצלעכע“ און „אומנוצלעכע“) — דאָס אלץ, וואָס האָט פון אן אנדער אויסגאנג־פונקטן געשטימט מיט דער פּראקטישער פּראָגראם פונעם בורזשואזן מאסקיליזם. די מאסקילים האָבן באטראכט די אלע „רעפאָרמעס“ (איינגעשלאָסן די רעקרוטשינע) אויך אלס אן אוואנס, וואָס יידן דארפן געבן דער מעלוכע פאר באקומען „גלייכבארעכטיקונג“, פאקטיש — גלייכבארעכטיקונג פאר דער יידישער גרויס־בורזשואזיע. די ברייטע יידישע מאסן האָבן נאָך שווערער געקרעכצט אונטערן יאָך פון די צארישע „נענאָדן“ און האָבן, נאטירלעך, אופגענומען די אלע געפלאנטע „רעפאָרמעס“ אלס גזיירעס און פארפאָלגונגען. די געפלאנטע דורך דער צא־רישער רעגירונג „רעפאָרמעס“ וועגן אָבליגאטארישער בילדונג פאר יידן, וועגן קאָלאָניזירן יידן אפ ערדארבעט א. א. האָבן, נאטירלעך, צו גאָרנישט ניט געבראכט.

112. ערעץ־יסראָעל־גאבע — א זאמלער פון נדאָוועס פאר ערעץ־יסראָעל־יידן; בעטעווע — לויט דער נאטור; ניכנאָים — נאָכגיביקע, דערשלאָגענע; פון קאמעשאָנים — פון אסאך יאָרן, שוין יאָרנלאנג; שעפע — דאָ: פארנאָסע, אויסקומעניש.

113. קאָל האמינע טאכבולעס, (קאָל האמיטלען) — אלערליי מיטלען, איינפאלן; זיידענע יידן — פרומע יידן, וואָס טראָגן זיידענע קאפּאָטעס, דאָ: בעקאָוועדיקע שלעפּערס; מע הערט אים ווי דאָס מילכיקע קליינגל — ד. ה., מע הערט אים ניט, ער האָט קיין שום ווערט ניט.

114. קנופּיע (קניפּל) — כאפּטע, געזינדל; בלאנקע וועקסלען — געכאסמעטע וועקסלען (דאָקומענטן וועגן געלט־פארפליכטונגען) אָן דער אָנווייזונג פון דער סומע און פון דעם טערמין. קאָהאָלס־לייט פלעגן נעמען אזוינע וועקסלען בא א מענטשן, וואָס זיי האָבן אים געוואָלט האלטן אין זייערע הענט. ער האָט געמוזט פאָלגן אלץ, וואָס זיי האָבן פאָרגעלייגט, ווייל אין קעגנפאל האָבן זיי פארפולט דעם וועקסל און אופגעמאָנט דורכן געריכט די מאקסימאלע סומע, וואָס ס׳איז מעגלעך געווען לויט דעם ארויסגעגעבענעם בלאנקן־וועקסל.

115. מאזיק — שעדיקער, ווארגער; אמאזיקאינא לאנגנ סאלעסקאָטנ — א שווינדלער, וואָס באנעמט יענעם אונטער דעם אָנשטעל פון פרומקייט; שוימער און מאצל זיינ — אויסהיטן; האלטנ בלאט — זיין יאדאכעס (אין איין קאָמפּאניע); פּסאק — שטראָף; טערעץ אפ... שיילע — ענטפער אפ פראגע (פון דער ראבאָנישער־באטלאָנישער פּראזועלאָגיע).

116. רויטער קאָלנער — איינער פון די העכערע צארישע טשינאָווניקעס, וואָס פלעגן טראָגן אן אוניפאָרם מיט א רויטן קאָלנער. טאמ — נאיווער; אומעס האָוילעמ — ניט יידישע פעלקער; קלאל־יסראָעל — דאָס גאנצע יידישע פאָלק; פּראט — איינצלנער; כילעל האשעמ — פארשוועכן גאָטס נאָמען, ד. ה., טון עפּעס אזוינס, וואָס שטעלט פאָר די יידן אין א שלעכטער שיין פאר ניט־יידן; אינעם געגעבענעם פאל — א מיטל צו שרעקן קעדיי צו באיינ־פליסן די אָרעמשאפט, זי זאָל זיך ניט קלאָגן אפ די שווינדלערייען פון די באלטוויוועס; ניכע — ליב, אָנגענעם.

117. בעשאס כורבנ — אין דער צייט, ווען מע האָט כאָרעוו געמאכט יערושאָלאים. ווייטער גייט אין טעקסט אן איבערזעצינג פון די ערשטע צוויי פראזעס פון א קאפּיטל טילים „אל נארויס באָוועל“ — אפ די טייכן פון באָוועל; מעשורערימ — זינגער, דאָ: שפּילער.

118. אָפּזאָגנ א סליכע (א כאראָטע־טפילע) — פארשפּרייטן פרומלעך א רעכילעס וועגן עמעצן; ניכנע — אונטערגעוואָרפן; עוועד־קנאני — איי‌ביקער קנעכט.

## צווייטער אקט.

119. מלאווע־מאלקע — א רעליגיעזע מאָלצייט, וואָס פרומע יידן ריכטן אָפּ שאבעס־צו־נאכטס; קאָס — קעלי־שעק, גלאָז, פון וועלכן מע טרינקט וויין אָדער בראָנפן בא רעליגיעזע צערעמאָניעס.

120. לעכאִימ (צומ לעבנ) — א ווינטשעניש באמ טרינקענ אלקאהאָל-געטראנקנ.

121. יעשיִעס ווענעכאָמעס (אויסלייזונג אונ טרייסט)- גוטס אפ ייִדנ. דאָ געמיינט: די מעגלעכקײַט צו באנעמענ דעמ אוילעמ דורכ דער טאקסע.

122. שנאס-פארנאָסע — פארנאָסע-יאָר.

123. ייִסראָעל אמכאָ צריכימ פארנאָסע — דײַנ פאָלק-ייִסראָעל (געווענדעט צו גאָט) נייטיִקט זיכ אינ פארנאָסע.

124. זארייִנווועכאספיינו יארבע קאכויל — אונדזערע קינדער אונ אונדזער געלט זאָל ער (גאָט) פאר-מערנ, ווי זאמד (א פראזע פונ א טפילע שאבעס-צו-נאכטס); מעכויעוו — פארפליכטעט; היצטארכעס — באדער-פעניש (געמיינט געזעלשאפטלעכע).

125. צאָרכיי אמייכע מערובימ — די באדערפענישנ פונ אונדזער פאָלק זײַנענ גרויס אינ צאָל; מיספער — צאָל.

126. זוגעס — פאָר-צאָלנ (צוויי, פיר, זעקס א. אז. וו.), לויט די מיסטיש-רעליגיִעזע ספאָרימ — טײַוולשע צאָלנ.

127. זיכ נויהעג זײַנ — זיכ אופירנ, האנדלענ.

128. טאָפאסטאָ מועט טאָפאסטאָ — אז דו האָסט אָנגעכאפט אביסל, האָסטו אָנגעכאפט ד. ה., אז מע פאר-מעסט זיכ אפ ווייניק, איז דאָס געזיכערט; לעכאָלאפאָכעס — צומ ווייניקסטנ; לעסאטע — דערווײַל.

129. לעהאוודל — צומ אונטערשייד (א רייד-ארט בא פרומע ייִדנ בייס זיי דערמאָנענ אינ געשפרעכ צוויי זאכנ אָדער דערשײַנונגענ, וואָס לויט דער רעליגיע איז ניט אָנגעמאָסטנ זיי צו פארגלײַכנ).

130. די אָבשטשעסווענע הונדערט טויזנט קערבלעכ — געמיינט רעשטנ פונעמ פאכט-אָפצאָל פאר דער „קאָראָבקע", וואָס זענענ פארבליבנ אינ קאנאטשייסטווע נאָכנ אויספילנ די סמעטע-הויצאָעס. די דאָזיקע סומעס האָבנ, לויט די צארישע טאקאָנעס, באדארפט גיינ אפ באדערפענישנ פונ דער ייִדישער געמיינדע (זע באמ. 2).

131. מויפעס — ווונדער-טאט.

132. ביקערכוילימ — קראנקענ-הויז, באצייכנט אויכ א ווילטעטיקע כעוורע צו העלפנ קראנקע; אייסאָקימ — געשעפטנ.

133. אָגיל ווועסמאכ — אָנהייב פונ א טפילע-געזאנג; באטײַט: לאָמיכ זיכ פרייענ. דאָ איבער דער ענלעכקײַט אינעמ קלאנג פונעמ וואָרט „אָגיל" צו א צווייט וואָרט „אָגול" — קײַלעכדיק, איז אנטשטאנענ דער ווערטער-קאלאמבור: אָגיל ווועסמאכ — קײַלעכדיק אונ שפיציק, באטײַט: אָפגעטאָנ, קונציק אָפגעמאכט.

134. ראבויסימ (ראבויסײַ) — מײַנע הארנ (א העפלעכע ווענדונג-פאָרמ צו אנ אוילעמ בא פרומע ייִדנ).

135. גמילעסכעסעד — א קליינע קורצטערמיניקע אָנפראָצענטיקע האלוואָע.

136. דוואָרימ שעיינ לאָהעמ שיִור — זאכנ, וואָס האָבנ ניט קיינ גרענעצ, ד. ה. מיצוועס, וואָס מע דארפ זיי טונ שטענדיק אָנ אנ אופהער (אנ אויסדרוק פונ רעליגיִעזע ספאָרימ).

137. אווילעטהאבע — יענע וועלט, גאנײדנ; דייע — מיינונג.

138. אטראטע — וועקסל; אפ קאבצינסקיס א טראטע — אפ א וועקסל פונ א טאקיפ אינ גלופסק מיט אזא פאמיליע; עס זאָל אויכ קלינגענ, פונקט ווי „אפ דעמ קאפצנס וועקסל", ד. ה. אפ ניט אָפצוגעבנ.

139. פיירושימ — קאזויִסטישע פארטײַטשונגענ (פונעמ לעקסיקאָנ באמ געמאָרע-לערנענ); לעכאִימ מיט אלע פיירושימ באטײַט א ווינטשעניש וועגנ עפעס, וואָס די אָנטיילנעמער אינעמ טרינקענ דערוואַרטנ עס אונ פארשטייענ מעמיילע, וועגנ וואָס עס האנדלט זיכ.

140. כאסענע מאכנ דיקאצ — באראבעוונ עמעצנ דורכ שווינדל.

141. עליִאָהוס — טפילע-געזאנגענ, וואָס מע זאָגט שאבעס-צו-נאכטס.

142. כאָסער-דייע — געריר, אראָפּ פונ זינענ; אָסטראָג — צארישע טורמע.

143. רעכאש — באלוינונג די קליי-קוירעש בא א כאסענע (ערשטע אויסיעס פונ: ראָוו, כאזנ, שאמעס).

144. ברוכימ-האבאָימ — געבענטשט זאָלנ זײַנ די געקומענע (א באגריסונג פאר אראײַנגעקומענע אָנגעלייגטע געסט).

145. מאכט א בראָכע — עסט אינ טרינקט.

146. גאָלאָווא — הויפט פונ דער שטאָט-פארוואלטונג.

147. שמעקט מיט סיביר — עס דראָט מיט פארשיקונג קיינ סיביר (קיינ סיביר פלעגט די צארישע מאכט פאר-שיקנ די אלע, וואָס זי האָט געהאלטנ פאר שווערע פארברעכערס).

148. לייענט קרישמע — לייענט דאָס קאפיטל פונ ביבל, וואָס הייבט זיכ אָנ מיט די ווערטער „שמא-ייִסראָעל" (אלס א סגולע קעגנ רוכעס אונ שיידימ).

149. זיכ מעסאמייעכ געווענ — געהוליעט, אָפגעריכט א סימכע.

150. קאדאָכעס רעוויִס — דאָס פערטע קאדאָכעס (שטארקער פיבער).

151. ווערנ ניסאשער — ווערנ באַרײַכערט.

152. אסיפע — צונויפקומעניש צוליב קאָהאָלשע איניאָנימ.

153. אויקער זײַנ מינ האשוירעש — ארויסרײַסנ מיטנ וואָרצל.

154. זיי מאכנ צופיל שיִעס — עס גערויערט בא זיי צו לאנג.

155. מעכילע — אנטשולדיקונג.

156. מאנוימאר אומא נעדאבער — וואָס זאָלנ מיר זאָגנ אונ וואָס זאָלנ מיר ריידנ (אנ אויסדרוק פונ אונטערטעניקײַט אונ דערשלאָגנקײַט).

157. לעוו יוידייע מאָראס גיטל — דאָס איז א פארדרייונג פונ א ביבלישער פראזע „לעוו יוידייא מאָראס נאפשוי" — יעדעס הארצ פילט זײַנ אייגענע פארביטערטקײַט; אזוי ווי „מאָראס" באטײַט סײַ א פרוי אונ סײַ

ביטערקייט — איז אין אומגאנג בא אָרעמעלייט געוואָרן דערפון; „לעוו יודייא מאָראס גיטל״, ד. ה. יעדערער האָט א ווייב און קינדער און האָט ניט מיט וואָס צו האָדעווען זיי.

158. אין ליכטל — אויסער דעם קאָראָבקע־אָפּצאָל, האָט די צארישע רעגירונג אין יאָר 1845 איינגעשטעלט פאר יידן א ליכט־אָפּצאָל (פאר שאבעסדיקע און יאָנטעוודיקע ליכט). דער ליכט־אָפּצאָל איז געגאנגען אפ צו גרינדן קאזיאָנע שקאָלעס, קעדיי צו דערציִען יידישע קינדער אין גייסט פון דער צארישער „בירגערשאפט״. דער ראָזיקער אָפּצאָל פלעגט אויך אָפּגעגעבן ווערן אין פאכט (אָפּקופּ), און די קאָהאָלס־לייט האָבן אויך ארום דעם געלעקט א ביינדל, באנעמענדיק די אָרעמשאפט. אויכער דעם פאכט־אָפּצאָל — דער קאזנא, האָט דער פאכטער געצאָלט, פונקט ווי בא יעדן אנדערן אָפּקופּ בא דער מעלוכע, א גרויסע סומע געלט די קאָהאָלסלייט. קעגן די קאָהאָלשע געשעפטן ארום דעם ליכט־אָפּצאָל פראָטעסטירן עס די באלמעלאָכעס.

159. פויאלים — געזעלן.

160. בענאפשוי יאָווי לאכמוי — ער פאטערט דאָס לעבן אפן שטיקל ברויט (בוכשטעבלעך: מיט זיין נעשאָמע ברענגט ער זיין ברויט).

161. לאמדן — ווילקענער אין טאלמוד.

162. קאָל־מעקאדעש — א טפילע־געזאנג (זמירעס) פרייטיק־צו־נאכטס בא דער סודע.

163. מע אָני אומע כאיאי — וואָס בין איך, און וואָס איז מיין לעבן, ד. ה. איך בין א פראָסטער מענטש און באנוגן זיך מיט אביסל; אָני — אָרעמאן; לעטויווע — צום נוצן; סמאכ — גרונט; שטערן־ליכט — סטעארינענע ליכט.

164. כיילעווענע ליכט אין די הענט — מיט אן אָנשטעל פון איבערגעטריבענער פרומקייט מוסערט ספּאָדעק דעם שוסטער, לעמיי ער האלט א כיילעווענע ליכט, וואָס לויט דער רעליגיע טאָר מען בלויז ניט עסן.

165. מעסאדער קידושן — דורכפירן די רעליגיעזע צערעמאָניע בא דער כופּע (א קיבער פאר א ראָוו און פאר געהויבענע קאָהאָלשע באלטוּוועס).

166. אכאס וועכאָמעש — איינס מיט פינס; אכאס וואָשייש — איינס מיט זעקס; אכאס וואָשעווא — איינס מיט זיבן. פאראפראזירנדיק די טפילע פונעם יאָמקיפּערדיקן מאכזער, אין וועלכער עס ווערט דערציילט, וויאזוי דער קויען־גאָדל (יידישער הויפטגייסטלעכער) פלעגט ציילן די צערעמאָניעס באם ברענגען א קאָרבן „אכאס וועאכאס״ (איינס מיט איינס), „אכאס אושטאיִם״ — (איינס און צוויי) א. אז. וו., ווינקען זיך איבער די קאָהאָלס־לייט אפ א הייליקן שטומלאָשן וועגן דער הויסאָפע אפ אן אָקע פלייש.

167. אבלייז — סמוויסיי, מעמילע. וועכוץ לאָזע — און אויסער דעם.

# דריטער אקט.

168. האסבאָרעס — קלוגע איינפאלן, שפיצלעך.

169. איטלעכעס וואָרעם האָט א דאָרעם — יעדען זאך האָט איר סיבע, ד. ה. יעדערער האָט זיין פערזענלעכן אינטערעס (פון דייטש: יעדעס „ווארום״ האט זיין „דארום״).

170. בעכויש — רייטלעך.

171. אויבער האסבאָרע — טיפער געדאנק, אויבערשפיצל.

172. העלער (א מאטבייע אין דער געוועזענער עסטרייך־אונגארישער אימפעריע) — גראָשן; סכירעס — געהאלט; האדראספּאָנעם — לויטערע צורע.

173. סראָרע — פּאָרעצ, הויכער צארישער באאמטער.

174. פראלניק — גראָבער שטעקן, וואָס ווערט באנוצט באם גרעט וואשן.

175. סאָנע־ציִען — די סאָנים פון ציִען (יידן), א שאָוויניסטישער אויסדרוק בא א פרומען ייִדן, וואָס באטייט, אז ער וויל די צאָרע זאָל אריבערגיין פון א יידן צו א ניט־ייִדן.

176. גוזמע — זייער אסאך; דראב — דרויב, קליין־מענטשעלע (געמיינט דעם באלטאקסע).

177. מעוואזע זיין — אָנטאָן א ביזויען.

178. אין דער כעס — אין כיירעם (זע באם 37).

179. ניכאי ליודי מאָוו... — זאָלן מענטשן ריידן, אבי מיר איז דאָס צום געזונט.

180. בעהען שעלי — אפ מיין ערנוואָרט.

181. האמצאָע — איינפאל; קאנסענען — באשטראָפן מיט געלט.

182. דער מיסאסעק אין דער מיצווע — דער מענטש, וואָס באשעפטיקט זיך מיט דער מיצווע.

183. מערוצע ווערן — מאסקים זיין; מוצלעכ — א מענטש, וואָס עס גליקט אים.

184. יאשער־קויעכ — אדאנק; בוכשטעבלעך: זאָל באשיינט ווערן דיין קראפט; האפטאָכע — צוזאָגן; בעהאכנאָע — מיט אונטערטעניקייט, מיט דערשלאָגנקייט.

185. מארבע בעהויצאָעס געוועון — געמאכט גרויסע הויצאָעס; מאכנע — מענגע.

186. שוירע געוועון — געווען; דיבראָכע האָט בעסער שוירע געוועון — ס׳איז געווען גרינגער צו האָבן פארנאָסע; בעאווינויסיינו האראבים — איבער אונדזערע פילע זינד.

187. ניכיי איכ... — זאָלן זיי גיין (ניט פארענדיקט—צום טייוול).

188. איין ברירע — ניטאָ קיין אנדער אויסוועג.

189. באָזע האָויפן — אפ אזא אויפן.

190. הערבאָווע פאפיר — פאפיר מיט א צארישנ הערב, אפ וועלכנ מע פלעגט שרײַבנ אָפיציעלע דאָקומענטנ.
191. אבוקי — רוסישער אלפאבעט, א פאפיר געשריבנ אינ רוסיש.
192. ווי א האָנ אינ בנײ־אָדעמ — ד. ה., פארשטייט גאָרניט, פונקט ווי דער האָנ פארשטייט ניט די טפילע „בנײ־אָדעמ", וואָס מע זאָגט בײַס מע שלאָגט מיט אימ קאפאָרעס.
193. קריאס האפריגאָוואָר — דאָס לייענענ דעמ פריגאָוואָר (די אָנגענומענע באשטימונג).
194. ניכײַ יעהאָ מאמא מאָרדוויע — א זידל־פראזע אינ אוקראיִניש: צו אלדי רוכעס.
195. באָזע האלאָשנ — מיט די פאָלגנדיקע ווערטער.
196. אימ קיינ — אויב אזוי; נענע געווענ — געהאט האנאָע, באנוצט.
197. מעהומע — טומל, פאניק (געמיינט דעמ טומל, וואָס עס האָבנ אופגעהויבנ די באלמעלאָכעס).
198. היצטארכעס האָיר — די באדערפענישנ פונ דער שטאָט.
199. מאשגיכימ — קאָהאָלשע אופזעער אפ קאָשער פלייש; מענאקרימ — טרייבערער פונ פלייש, וואָס באזײַטיקנ דעמ טרייפנ טייל פלייש; באטלאָנימ — פרומע לייריקגייערס; קאבראָנימ — באגרעבערס (קוואָרעס־יִידנ); נעמאָנימ — פארטרויונגס־לײַט, באאמטע בא קאָהאָל.
200. סירכע — א בלאָטער אפ דער לונג בא א בעהיימע; די לונגענ פונ יעדער געקוילעטער בעהיימע פלעגנ רעווידירט ווערנ דורכ דעמ בוידעק (העכערער גראד שויכעט); אז ער געפינט אפ דער לונג א סירכע, איז אינ אייניקע פאלנ דאָס פלייש טרייפ. נאָר פרומע יִידנ, ווי ספאָרעק, עסנ ניט קיינ פלייש פונ א בעהיימע מיט א סירכע, ד. ה. אפילע ווענ דאָס פלייש איז פארבליבנ קאָשער.
201. נאָר לעמאָשל — נאָר אויסערלעכ, נאָר אפ צו ווײַזנ יענעמ (ראָ: אפ צוצושטעלנ דער קאזנא).
202. כעוורע אלמאָנעס וועיעסוימימ — כעוורע צו שטיצנ אלמאָנעס אינ יעסוימימ.
203. אויווער זײַנ זמאנ מינכע — פארשפעטיקנ די צײַט פונעמ פארנאכטיקנ דאווענענ (מינכע).
204. רעמאכ אייווורימ — צווייהונדערט אכט אונ פערציק גלידער, פונ וועלכע עס באשטייט לויט די רעליגיִעזע ספאָרימ דעמ מענטשנס קערפער.
205. נעמענ כאלע — פארברענענ א שטיקל טייג פונ דער ראָשטשינע (א רעליגיִעזער ריטואל באמ פארקנעטנ טייג).
206. טאָרוד — באשעפטיקט, פארנומענ; רייש — 200.
207. בעסימכע — מיט פרייד, מיט פארגעניגנ; פרוטע — גראָשנ.
208. שיִע־פיִע — עפעס וואָס, א קלייניקײַט.
209. צוזאָגנ האָרימ־אוגוואָעס — צוזאָגנ הויכע (גילדענע) בערג.
210. אָרטשיק — שטריק, מיט וועלכע מע בינדט צו דאָס פערד צומ וועגעלע.
211. קוידעמ — צוערשט.
212. אויסגערעדט אָסער לעדאבער — געזאָגט אזוינס, וואָס מע טאָר ניט ארופברענגענ.
213. אינ מאכשאָוועסנ — ביז וואָס ווענ.
214. ניט טראָגנ קיינ לעקעכ — ד. ה. ניט גיינ אינ טורמע אינ רעזולטאט פונ די אָנקלאָגעס (צו דער מאכט), וואָס לאָקשעוויטש קענ שרײַבנ.
215. מעגולגל ווערנ אינ קליינ ערעצ יִסראָעל — ארײַנפאלנ קיינ סיביר אפ קאטערגע.
216. טארבוס — אָפשײַ, דערעכערעצ.

# פערטער אקט.

217. אָביאווענ טאָרגעס — מעלדנ א לעציטאציע (אנ אאוקציאָנ) אפ אָפצוגעבנ די קאָראָבקע אינ פאכט.
218. אָדנ האגאָדל — גרויסער פאָרעצ (געמיינט דעמ הויפט פונ דער גובערניִאלער אדמיניסטראציע).
219. בעטנ ראכמימ — בעטנ מע זאָל ראכמאָנעס האָבנ.
220. מע האָט בעדייע — מע טראכט, מע האָט אינ זינענ.
221. האשעמ־יִיסבאָרעכ זאָל שוימער אומאצל זײַנ — זאָל גאָט אויסהיטנ אונ ראטעווענ; כאָטל ווערנ — אָפגעשאפט ווערנ, ווערנ צונישט.
222. נכוס־דארגע — נידעריקער גראד.
223. מאנהיגײ האָיר — שטאָט־פירער; מאראָכע — גליק.
224. מאשכיס — פארדארבער, פייִק צו דערשטיקנ.
225. כאפער — אינ די 30־ער יאָרנ פונעמ פאָריקנ יאָרהונדערט האָט די רעגירונג פונ ניקאָלײַ I אײַנגעפירט נאטורעלע מיליטער־פליכט (רעקרוטשינע), וואָס די יִידישע באפעלקערונג האָט באדארפט אויספילנ, פונקט ווי אלע אנדערע פליכטנ, אינ אָרדענונג פונ קעגנזײַטיקער אָרוועס. דער צושטעלער פונ רעקרוטנ איז געווענ קאָהאָל. צוליב מיסיאָנערישע אונ נאציאָנאל־אונטערדריקערישע צוועקנ האָט די צארישע רעגירונג אײַנגעשטעלט פאר יִידנ דעמ עלטער אפ צונעמענ אינ רעקרוטנ פונ 12 יאָר אָנ. די מינדעריעריקע פלעגט מענ פארשיקנ אינ די ווײַטע אינ יענער צײַט רוסישע גובערניעס, אָפ־געבנ זיי אפ „איבערדערציִענ" צו די דאָרטיקע פויערימ אפ 8 — 10 יאָר (קאנטאָניסטנ־סיסטעמ) ביז זיי האָבנ דערגרייכט מיליאָריקײַט, ווענ זיי זײַנענ אָנגענומענ געוואָרנ אינ מיליטער. אויסער דער אײַנגעשטעלטער צאָל רעקרוטנ פאר דער יִידישער געמיינדע אינ אָרדענונג פונ אויספילנ די פליכט, האָט די צארישע רעגירונג אָפט געפאָדערט צוגאָב־רעקרוטנ פאר ניט דערצאָלטע שטײַערנ א. אז. וו. קאָהאָל האָט געהאט רעכט אָפצוגעבנ אלס רעקרוטנ אזוינע, וואָס זענענ פאר אימ אונ פאר דער צארישער פאָליציי ניט געווונטשנ. אינ די 40־ער יאָרנ האָט די צארישע רעגירונג אײַנגעטיילט די

יִדישע באפעלקערונג אפ „נוצלעכע“ אונ „אומנוצלעכע“ (פונעם שטאנדפונקט פונעם צאריזמ). פאר די „אומנוצלעכע“ איז איינגעשטעלט געוואָרנ א פארשטארקטע רעקרוטנ־פליכט. קאָהאָל האָט באקומענ רעכט צו כאפנ אפ די וועגנ אָנפאס־פאַ־טנדיקע פונ אנדערע יִשוּוים אונ אָפגעבנ זיי אלס רעקרוטנ אפנ כעזשבנ פונ זײַנ געמיינדע. די אכזאָריעסדיקע פאָ־ליטיק פונ ניקאָלײַ I אפ אָט דעמ געביט איז פארצענפאכט געוואָרנ דורכ די קאָהאָלשע טאקיפימ, וואָס פלעגנ באפרײַענ די רײַכע אונ בּיכלאל די העכערע שיכטנ פונ רעקרוטנ־פליכט, אָפרעכענענ זיכ מיט זייערע קעגנער אונ ארופווארפנ די גאנצע לאסט פונ דער רעקרוטשינע אפ דער אָרעמשאפט. די אלגעמיינע פאָדערונג פונעמ מיליטערישנ סטאטוט וועגנ צוזיפשטעלנ בּיכער, ווי אלע אָנ אויסנעמ קאנדידאטנ פאר רעקרוטנ זאָלנ זײַנ פארשריבנ לויט א געוויסנ סיידער (אינ דער לעצטער ריי איינציקע זינ), פלעגט קאָהאָל ניט אויספילנ. דאָרטנ, ווו אזוינע בּיכער האָבנ זיכ שוינ יאָ געפירט, זע־נענ אינ דער ערשטער רײ געגאנגענ די אָרעמע. באמ צונויפשטעלנ די „רייסטערס“ אונ „רעוויזיע־סקאזקעס“ פלעגנ איינ־ציקע זינ בא אָרעמעלײַט באקומענ פיקטיווע ברידער, 7—8 יאָריקע פלעגנ מיט א דריי פונ פענ פארוואנדלט ווערנ אינ 12־יאָריקע. פארקערט, גווירישע פאמיליעס זענענ אײַנגעשרומפנ געוואָרנ. קאָהאָל האָט געשאפנ א גאנצנ אפאראט מיט א שטאָט פונ כאפערס, אָפגעבערס אונ פאָוועריענעס, וועלכע פלעגנ כאפנ אונ אָפגעבנ אינ דינסט אָרעמע אָנשטאָט רײַכע (זע באמ. 11).

226. צינז — מעלוכע־פליכטנ; זידלט מענ אינ אלע צײַטונגענ... א מעדינע אינ דער מעדינע — מיט איר יִדנ־פּאָליטיק („שקאָלעס“, ראזבאָר, קאנטאָניסטנ־סיסטעמ א. אנד.) איז די צארישע מאכט צווישנ אנדערנ געוועזנ אויסנ צו ניוועלירנ די יִדישע מאסע אונ דערמיט צו פארלײַכטערנ די אלגעמיינ־פּאָליציייִשע אופזיכט איבער דער באפעלקערונג. אינ די רעאקציאָנערע צײַטונגענ פלעגט זײַנ אָנגעוויזנ, אז די יִדנ בילדנ קלוימערשט א מעלוכע אינ דער אלגעמיינער רוסלענדישער אימפעריע, אונ דערפאר פאָדערנ זיכ פאר זיי אויסנאמ־געזעצנ. וועגנ דעמ רעדט עס וועקער.

227. וויקוכימ — אמפערײַענ; דוואָרימבּעטײלימ — פוסטע רייד, נארישקײַטנ.

228. דוירעש־פּאָוו — א מענטש, וואָס שטרעבט צו טונ יענעמ טויוועס.

229. פּוראָניעס — שלעק; בּעקאָל ראָמ — אפ א הויכ קאָל, עפנטלעכ.

230. נישער — רעשט; ער איז אראָפ פונ מײַמעד — ס׳האָט זיכ פארערגערט זײַנ לאגע.

231. בסולע — מיידל; באָגרעס — א דערוואקסנ מיידל, וואָס דארפ שוינ כאסענע האָבנ.

232. טכיעס האמייסימ אופשטייִנ — אופשטיינ פונעמ קייווער, אז מאָשיעכ וועט קומענ; שישי־דע־ זעקסטער מענטש, וואָס מע רופט אופ צו דער טוירע שאבעס אינ בעסמעדרעש (א קיבעד פאר פרומע אונ רײַכע יִדנ).

233. לוינע — שטימונג; שליטע — הערשאפט, צוטרעט.

234. קאָל האטאנוגימ — אלערליי פארגעניגנס.

235. הײַנטמעג מענ שוינ דאָכ ארײַנפירנ בראָנפנ — אינ די 50־ער יאָרנ פונעמ פאָריקנ יאָרהונ־דערט האָט די צארישע רעגירונג אײַנגעשטעלט אינ דער גאנצער רוסלענדישער אימפעריע א נײַע אָרדענונג בענעגייע צומ באַשעפטיקנ זיכ מיט פארקויפנ בראָנפנ. קאפיטאליסטנ פונ דער יִדישער באפעלקערונג אינ פוילנ אונ אינ אוקראַינע, ווו דאָס אויסשליסלעכע רעכט צו פארקויפנ בראָנפנ האָט זיכ ביז דאנ געפינענ אינ די הענט פונ דער פוילישער שליאכטע, האָבנ שוינ געמעגט „ארײַנפירנ בראָנפנ, ווי באלד מע האָט דערפאר אָפגעצאָלט אקציז“ (אומדירעקטער שטײַער אפ פראָדוקטנ).

236. אייס ראָצנ — א מינוט פונ גוטער שטימונג.

237. קאמע ווקאמע איניאָנימ — פארשיידענערליי איניאָנימ.

238. אינ קיינ אײנ אומע וועלאָשנ — אינ קיינ איינ פאָלק.

239. מוישע ראבייִנו האָט מיס זיי ניט געקענט אוקסקומענ — לויט דער בּיבל זע־נענ איינציקע יִדישע שוואָטימ געוועזנ אומצופרידנ מיט מוישע ראביינו (לעגענדארער אויסלייזער פונ די יִדנ) בייס ער האָט זיי געפירט אינ דער מידבער; ראָגאטקע — זע באמ. 280.

240. שכיטע־געלט — טאקסע פאר שעכטנ; גאסעס ווערדאקעס — גרויסע אונ קליינע פי; מאכנ טנועס — מאכנ שטיק, צוטראכטנ א טערעצ.

241. פונ א מיכשל — פונ געשטרויכלט ווערנ; אסערנ — דערקלערנ פאר טריפ.

242. יִדישע סאָלדאטנ — אויסגעדינטע ניקאָלײַישע קאנטאָניסטנ (זע באמ. 225); לויטנ געזעצ זענענ זיי געוועזנ באפרײַט פונ קאָראָבקע־אָפצאָל.

243. מאכזיק זײַנ — אויסהאלטנ; האָט מיסראעמ געווענ — ד. ה. אָרגאניזירט אומצופרידנקײַט קעגנ קאָהאָלס־לײַט.

## פינפטער אקט.

244. איכ בינ מאפטיעכ — איכ זאָג צו, איכ פארזיכער.

245. כאלעפ — א מעסער, מיט וועלכנ דער שויכעט שעכט.

246. כאטאָימ — זינד; בּראָש — שטענדיק נאָר.

247. פונ די „מעפאָרשיי האיאמ“ — געמיינט פונ די ראבאָנימ, די מעכאברימ פונ א רעליגיעזנ סייפער מיט אזא טיטל.

248. קאָסוו וועכאָסומ (אָנגעשריבנ אונ געכאסמעט) — שוואַרצ אפ ווײַס.

249. ס׳איז דאָ א דייע — ס׳איז דאָ א מיינונג פונ אנ אנדער ראָוו (אינ רעליגיעזע ספאָרימ); געוינימ — גרויסע ראבאָנימ.

250. אמינהעג — א רעליגיעזע טראדיציע, וואָס איז פארהייליקט אונ פארוואנדלט געוואָרנ אינ א דינ (רעליגיעזנ געזעצ).

251. **אויפעס טמיימ** — אומריינע (ניט דערלויבטע צומ עסנ לויט דער רעליגיע) אויפעס.

252. **אָרנ־קוידעש** (הייליקער אָרנ) — א שראנק אינ בעסמעדרעש, ווו עס שטייענ די סייפער־טוירעס.

253. **שאָראבאָר** — לעגענדארער ריזיקער אָקס, וואָס איז אָנגעגרייט צו דער סורע פאר פרומע ייִדנ, אז מאָשיעכ וועט קומענ; **איירעוו־ראוו** — א געמיש פונ שוואָטימ, וואָס זענענ לויט דער ביבל ארויסגעגאנגענ צוזאמענ מיט די ייִדנ פונ מיצראימ; לויט די שפעטערדיקע לעגענדעס האָט דאָס דער איירעוו־ראוו אויסגעדרקט אומצופרידנקייט מיט מוישע ראביינו.

254. **מאדכע געווענ** — אָפגעשטויסנ, אָפגעלייגט.

255. **יודייע** — ווייסט; **האָאָפ חאזיע** — אָט דאָס אָפ; **בעקאנטיימימ** — מיט אסאכ (150) מאָסיוונ; **מאזהיר זיינ** — וואָרענענ.

256. **שאלעס־טשוועס** (פראגעס־ענטפערס) — א סייפער, וואָס אנטהאלט ראבאָנישע ענטפערס אָפ קאָנקרעטע פראגעס פונ רעליגיעזנ ריטואל; **פילפל** — סכאָלאסטישע קאזויסטיק, אבסטראקטע פארשפיצטע דריידל־כקירעס.

257. **אוויירע** — זינד; **אבאלסימכע** — א מענטש, וואָס אָרדנט איינ א רעליגיעזע פייערונג אונ לאדט איינ געסט.

258. **דומע** — שטאָט־פארוואלטונג.

259. **ניט מיינע זיבנ יאָר** — ד. ה. א שלעכטע צייט פאר מיר.

260. **ניסראבע** — פארמערט; **ס'איז טאקענאָר מאָשיעכ־צייט** — ד. ה., א צייט, ווענ ס'איז פאראנ אסאכ אזעספענעמער (לויט די רעליגיעזע ספאָרימ דארפ ערעוו מאָשיעכס אָנקומ פארשטארקט ווערנ די אויסגעלאסנקייט אונ די אזעסדיקייט).

261. **מעשאָרעס אינ אכסאניע** — „דינער" אינ איינפאָר־הייזער. אינ די שטעט אונ שטעטלעכ פונ וואָלינער, קיעווער אונ פאָדאָלער גובערניעס זענענ אינ יענע יאָרנ געווענ אזא מינ טיפ מעשאָרסימ, וואָס פלעגנ צוצאָלנ דעמ אכסאניע־באזיצער צו 100—200 רובל א יאָר (דורכשניטלעכער ביודזשעט פונ א פארמעגלעכער פאמיליע אינ יענע יאָרנ) „פאר זייער דינסט". לעבנ פלעגנ זיי פונ באשווינדלענ די געסט, פונ „נעדריזנעס" (געזעגנונגס־געלט) אונ אומגעזעצלעכע שטייערנ אונ צינזנ, וואָס זיי פלעגנ בא די געסט אופמאָנענ די דאָזיקע לייט האָבנ געפירט אנ ארט לעבנ פונ לעב־יונגענ; זיי פלעגנ אָפט אויסבויענ אייגענע מויערס אונ אריבערגיינ אינ שטאנד פונ גילדיע־סאָכרימ. דער מינ מעשאָרסעריי איז, נאַטירלעכ, געווענ א מיעסע פארנאָסע אינ די אויגנ פונ דער ברייטער ייִדישער באפעלקערונג. זי ווערט דעריבער געשטעלט באנאנד מיט א קאָהאָל־מאנ, וואָס „האלט דעמ גוויר אינ ארענדע".

262. **דריסאס האָרעגל** — צוטריט, מעגלעכקייט אריינצוקומענ.

263. **גארגערעס** — גאָרגל; **שעמ** — נאָמענ; **באלד פאר זארעז** — א טאווטאלאָגיע: געשווינד, די מינוט; **כוש הארייעכ** — כוש פונ שמעקנ.

264. **פונ כמעלניצקיס צייטנ** — פונ גאָר לאנג (כמעלניצקי — אנ אוקראינישער העטמאנ אינ מיטנ 17־טנ י.ה)

265. **באס־יסראָעל** — ייִדישע טאָכטער; דער אויסדרוק „קיינ „באס יסראָעל" נייט מענ ניט" באטייט, אז קיינ ייִדישע פרוי נייט מענ ניט צו לעבנ מיט איר מאנ, ווייל זי קענ באקומענ געט לויט דער רעליגיע.

266. **יעש קוינע אוילאָמוי בעשאָ אכאס** — איינער קויפט (דערווערבט) זיינ וועלט (יענע וועלט, גאנ־ניידנ) אינ איינ שאָ, ד. ה. מיט איינ מיצווע; **מאסע־אומאטנ** — געשעפט; **לעקער** — צונג־פלייש.

267. **דאלעד־אַל־דאלעד** — פיר שפאנ אפ פיר, גאָר א קליינער שטעטכ.

268. **מעמאלע ראָצנ זיינ** — אויספילנ דעמ ווילנ, פאָלגנ.

269. **מייִמעד** — לאנגע, צושטאנד; **יעלאָלעס** — קלאָגערייענ.

270. **מאלאכי־מעליצימ** — פארטיידיקער; **פריקאז** — העכערער אדמיניסטראטיווער אנשטאלט אינ רוסלאנד אינ יענע צייטנ; **מעשאלייעכ זיינ** — ארויסשיקנ.

271. **זי האָט באפרייט עטלעכע אונ צוואנציק מיליאָנ פויערימ** — עס האנדלט זיכ וועגנ דער אזויגערופענער רעפאָרמ פונ דער „פויערימ־באפרייונג" (אָפשאפנ דאָס לייבייגנטומ־רעכט), וואָס עס האָט דורכגעפירט די רעגירונג פונ אלעקסאנדער II אינ 1861 יאָר, קעדיי אויסצומיידנ די געפאר פונ א פויערשער רעוואָליוציע. לויט דער דאָזיקער רעפאָרמ זיינענ אָפגעשניטנ געוואָרנ פונ די פויערשע ווירטשאפטנ די בעסטע ערד־כאלאָקימ, פאר דער פארבליבענער בא די פויערימ ערד זיינענ איינגעשטעלט געוואָרנ אומגעהייער גרויסע אָפצאָלנ. דאָס פויערטומ איז, אזויארומ, אויכ אפ ווייטער געבליבנ אינ די פריצישע לאפעס. געשטיצט האָבנ די „רעפאָרמ" פונ דער רעגירונג די בורזשואז־פריצישע ליבעראלנ, אונ, ווי ס'איז צו זענ אויכ פונעמ טעקסט, די בורזשואזע ייִדישע מאסקילימ. פונ אזא בורזשואזנ שטאנדפונקט שטאמענ עס וועקערס טיראדעס וועגנ דעמ, אז די רעגירונג „איז גוט, איז בארעמהארציק... זי ווינטשט איטלעכנ גליק, אויכ אונדז ייִדנ ווינטשט זי גליק" אונ (צומ סאָפ פונ דער פיעסע) אז „גאָט זאָל געבנ אינ הארצנ פונ דער גוטער אונ פרומער אונ בארעמהארציקער רעגירונג, אז זי זאָל אפ דיר א בליק טונ מיט כעסעד אונ מיט ראכמאָנעס... זי זאָל דיר געבנ מוט אונ דיכ נעמענ אונטער איר שוצ".

272. **טויכעכע** — טויט־קלאָלע; **בעשאס דער כאָליערע** — אפנ באָרג פונ אומגעהייערנ דאלעס אונ צונויפגעפרעסטקייט האָט אינ בערדיטשעוו אינ די יאָרנ 1848—1849 אויסגעבראָכנ א שרעקלעכע עפידעמיע פונ כאָליערע. „גאנצע גאסנ זענענ געשטאנענ פוסט, די מענטשנ פארשווונדנ... אלצ איז אויסגעשטאָרבנ, גלייכ ווי נאָכ א שרעקלעכנ סוינע" (מ. מארגוליס, „פונ מיינע זיכרוינעס", „וואָסכאָד", 1895 באנד. 2).

273. **עווילנימ** — אָרעמעלייט.

274. **וועיינ באיס אשער איינ שאָממעס** — ניטאָ קיינ הויז, עס זאָל דאָרט ניט זיינ קיינ טויטער.

275. **הייליקע אָוועס** — לעגענדארע אווראָמ, ייצכאָק אונ יאנקעוו, וואָס פונ זיי שטאמענ לויט די רעליגיעזע ספאָרימ אלע ייִדנ; **מוטער ראָכל** — די פרוי פונ ביבלישנ יאנקעוו; לויט די לעגענדעס קלאָגט זי שטענדיק אפ

גאָלעס אין אפ ייִדישע צאָרעס; ייִרמעיאָהו־האַנאָווי — דער נאָווי ייִרמעיאָהו, וואָס איז לויט דער ביבל פאַרטריבן געוואָרן צוזאַמען מיט די ייִדן פון יעהודע נאָכן כורבן פון יערושאָלאיִם; ער זאָל עס האָבן פאַרפאַסט קלאָג־געזאַנגען וועגן כורבן.

276. איז נויטע לאָמעס — האַלט באַם שטאַרבן; לוי־יוצלעכ — טויגעניכטס; שטאַרבן בינשי־קע — שטאַרבן דורכ א קוש.

277. מאַכן א פּלייטע — אָפּציִען, אַנטלויפן.

278. אַן אַווײַרע — א שאָד.

279. בעריטיע יעהאָאַוו טיורמו — נעמט אים אין טורמע אַרײַן.

280. ראָגאַטקע — שלאַגבוים באַם אַרײַנפאָר אין שטאָט; די ראָגאַטקע פלעגט דינען פאַר אָפּשטעלן אַרײַנגעפאָרענע, קעדײַ צו רעווידירן זייערע פּאַספּאָרטן און סכוירעס.

281. רעדיפעס — פאַרפאָלגונגען.

282. פּלאַמ־פּײַער — אין בערדיטשעוו פלעגן אין יענע יאָרן אָפּט פאָרקומען שרעקלעכע סרייפעס, וואָס האָבן כאָרעוו געמאַכט גאַנצע קוואַרטאַלן. איינע אַזאַ סרייפע באַשרײַבט מ. מאַרגוליס אין זײַנע מעמואַרן וועגן בערדיטשעוו.

283. גערוידעפּטע — פאַרפאָלגטע.

284. כײַעס־ראָעס — בייזע (ווילדע) כײַעס.

# מאַסאָעס בינימינ האַשלישי

## פאָרוואָרט.

1. האַקדאָמאַס מענדעלע מויכער־ספאָרים — פאָרעדע פון מענדעלע דעם פאַקנטרעגער. מיט דער דאָזיקער פאָרעדע פאַראָדירט דער אַווטער דעם סטיל פון די האַקדאָמעס (פאָרעדעס) צו די ראַבאָנישע ספאָרים, וואָס פלעגן אַרויסגעגעבן ווערן דורכ די יאָרשימ פון די מעכאַברים (פאַרפאַסער). פאַר די יאָרשימ איז דאָס געווען אויכ א פאַרנאָסע־געשעפט. זיי פלעגן נעמען בא ראַבאָנימ האַסקאָמעס (רעקאָמענדאַציעס) צום מאַנוסקריפּט און אַרומפאָרן איבער שטעט און שטעטלעכ צו זאַמלען פרענומעראַנטן (אַבאָנענטן) און גלאַט נעדאָווּעס קלוימערשט אפ אַרויסציגעבן דעם סייפער. די האַקדאָמעס פלעגט שרײַבן ניט דער אַווטער, נאָר דער אַרויסגעבער אָדער דער ראָוו, וואָס גיט די האַסקאָמע. מערסטנטייל הייבן זיכ די דאָזיקע האַקדאָמעס אָן מיט די ווערטער: „ייִסהאַלעל האַבוירע — געלויבט איז דער בוירע שעפער, גאָט, וואָס האָט באַשאַפן די גאַלגאַלים (הימל־קערפּער)". פאַר די דאָזיקע האַקדאָמעס איז כאַראַקטעריסטיש אויכ די מעליצעדיקע (פּאַטעטישע) באַרימערײַ „ס'איז נאָכ אַזעלכע שמעקנדיקע געווירצ קיינמאָל בא ייִדן ניט געווען" און אויכ דער אָנשטעל פון וועלן באַגליקן די וועלט „לאָמיר לאָזן ייִדן אויכ פאַרזוכן די פּאַטעקעס, וואָס רינט פון ייִדישן בינשטאָק". פון די דאָזיקע האַקדאָמעס זענען אויכ גענומען די פראַזעס, וואָס דריקן קלוימערשט אויס אַניוועס (באַשיידנקײַט). „וועאַני מענדעלע... וואָס ייִער מינדסטער פינגער איז גרעסער פון מײַנע לענדן" (ד. ה. איכ האָב ניט די ווערט צו פאָרעגן זיכ מיטן סייפער פונעם הייליקן זיידן), ווי אויכ די מעליצעדיקע פראַזע „כ'האָב אָנגעגורט מײַנע לענדן ווי א גיבער". איינצײַטיק זענען פאַראַן אין דער דאָזיקער פאָרעדע סאַרקאַסטישע פאַראָדיעס אפן סטיל און אפ די זײַטן פון די העברייִשע מאַסקילישע שרײַבער פון יענע צײַטן („דערווײַל פון יענעם בלאָטע געמאַכט", „דעם טײַערן אויצער איבערטראָגן אויכ אין לאָשנקוידעש"). צום אַלגעמיינעם סאַרקאַסטיש־פּאַטעטישן סטיל פון „מאַסאָעס" און צום אַרונטערײַסן די בינימינס איז די האַקדאָמע, ווו ס'איז נאָכגעמאַכט דער סטיל פון א „אייניקל", וואָס פאָרט אַרום מיט א פרעמדן כיבער (א מין בינימין), מער ווי אָנגעמאָסטן.

2. מיקאָלשקן — אוואַדע שוין; באַל־אײַצע — אַן אייצע־געבער.

3. קאַפּצאָנים, עוויוינם, דאַלפאָנים — סינאָנימען פון אָרעמעלײַט, שלעפּערס.

4. ראַבויסים אָרער ראַבויסײַ — מײַנע האַרן (א העפלעכע ווענדונג־פאָרם צו אַן אוילעם בא פרומע ייִדן).

5. מעקוימעס — ערטער, קאַנטן; האָט דערמיט קוינע־שעם געווען — איז דערמיט באַרימט געוואָרן.

6. אַרצויס־האַמיזרעכ — מיזרעכ־לענדער; אומבאַשטימטע ווײַטע קאַנטן.

7. קלייזײַען — געוועזר; קלאָלניט — אַבסאָליוט ניט; מאַסיג זײַן — באַגרײַפן, פאַרשטיין.

8. דער סייכל איז פונקט אַזוי נישט בעקויעכ, ווי דער קויעכ איז ניט בעסייכל — א פּאַראָדיע אפן סטיל פון בעסמעדרעשדיקע דריידלעכ און גלײַכצײַטיק א סאַרקאַזם אפ די בינימינס. ריידנדיק וועגן בינימינס קראַפט, זאָגט מענדעלע מיט א טאַווטאָלאָגיע, אַז דער סייכל איז פונקט אַזוי נישט אימשטאַנד (צו באַנעמען בינימינס קראַפט), ווי די דאָזיקע קראַפט איז ניט צו פאַרשטיין מיטן סייכל. איינצײַטיק האָט אָבער די פראַזע א צווייטן באַטײַט: דער סייכל (דער זינען) פון דער נעסיִע (רײַזע) שטעקט נישט אין בינימינס קראַפט, פונקט ווי אין דער קראַפט זײַנער שטעקט ניט קיין כאָכמע, ד. ה. אַלצ איז בא אים אָן סייכל און אָן קויעכ; בעכאָל האָויפאַנים — אפ יעדן אויפן.

9. אָדעמ־האָרישן — דער ביבלישער אורשפּרינגלעכער מענטש (לויט די פאָרשטעלונגען פון די פרומע ייִדן גלײַכצײַטיק דער ערשטער ייִדישער כאָכעם און לאַמדן).

10. בינימין דער ערשטער — בינימין פון טודעלאָ (דאָרעם־שפּאַניע), זײַנע רײַזעס אין XII יאָרהונדערט זענען באַשריבן אין א סייפער „מאַסאָעס בינימין מיטודעלאָ" (די רײַזעס פון בינימין דעם טודעלער); בינימ־

מינדער צווייטער — אַן אוואַנטיוריסט (זײַן עמעסער נאָמען איז ייִסראָעל בען־יויסעף), וואָס האָט פאַרגענומען אין דער מיט XIX יאָרהונדערטס א רײַזע קלוימערשט מיטן צוועק אופצוזוכן די פארפאלענע אסערעס השוואָטים (לעגענדאַרע צען ייִדישע שוואָטים). די רײַזע איז באשריבן אינעם סייפער „עלדאַד האַדאַני״, וואָס ווערט דערמאָנט ווײַטער אינעם טעקסט.

11. מאַפּליג זײַן — אונטערשיידן (צום גונסטן לעגאַבע אנדערע).

12. קנופּיע — בינטל, כאָפּטע.

13. מעקאַבלים — לײַדיקגייער, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט לערנען סוירע און מיט זאָגן טפילעס און באַקומען דערפאַר פון פאַרמעגלעכע ייִדן זייער אויסקומעניש.

14. פּאָסעק — פּערז (פּראָזע) פון ביבל; דאָ: א פּראָזע פון טאַלמודישער ליטעראַטור.

15. פּע־עכאָד — אין איין קאָל.

16. מײַן קאַוואָנע — מײַן ציל; קעפּי — לויט.

17. פינגער און לענדן — סימבאָלן פון פיזישער קראַפט אין דער ביבלישער און טאַלמודיש־ראַבאָנישער ליטעראַטור.

18. לוי־אַלייכעם — ניט פאַר אײַך געדאַכט; קינדער־ייִסראָעל — ייִדישע קינדער, דאָס ייִדישע פאָלק.

## קאַפּיטל 1

19. ניסגאַדל געוואָרן — דערצויגן געוואָרן; לעמאַזל — מיט מאַזל; אים אישטי האַצנוע מאָראַס זעלדע טיכיע — מיט מײַן ווײַב די פרומע פרוי זעלדע זאָל לעבן (א נוסעך (סטיל) פון בריוו־ווענדונגען צו ראַבאָנישע און געהויבענע פּרויען); פּלוינעסטע — ווײַב.

20. קאַשעס — פראַגעס (האַרבע שטעלן אין טאַלמוד).

21. בויכ־סוואָרעס — נישט קיין באַגרינדעטע מיינונגען (אין דער ראַבאָנישער ליטעראַטור — מיינונגען, וואָס זענען ניט באַשטעטיקט מיט קיין רעליגיעזע דאָקומענטן).

22. ברענגען מעשאָלים פון אָרכים — דערציילן וונדער־מײַסעס וועגן אָנגעפּאָרענע פאַרשטעלטע צאַדיקים; מענדעלע מיינט דאָ פאַקטישע געשעענישן אין יענע יאָרן: אין די שטעט און אין די שטעטלעך פונעם ייִדישן „טכום״ פלעגן אַראָפּקומען פרויען־הענדלערס („אָרכים״), זיי פלעגן אָנעמען ייִדישע מיידלעך קלוימערשט אף אײַנצואָרדענען זיי אלס דינסטן, און אינדערעמעסן פאַרקויפן זיי אין די שאַנד־הײַזער אין די גרעסערע שטעט, נים זעלטן קיין סטאַמבול (טערקײַ) אין קיין ריאָ־דע־זשאַניירא (בראַזיליע). דערמיט איז פאַרבונדן דאָס שמייכלען פון די מאַנצבלען, דאָס זידלען זיך פון די אַלטע ווײַבער און דאָס אראָפּלאָזן די אויגן בא די יונגע. איינע פון די זאָרג־מעקלערנס, וואָס שטעלן צו די „סכוירע״ פאַר די „אָרכים״ (האָדל די מעקלערן) האָט מענדעלע געשילדערט אין „ווינטשפינגערל״ קאַפּיטל 8, בוך IV.

23. באַל־האַמצאָע — א מענטש, וואָס פאַלט אף אן אײַנפאַל (אין ראַבאָניש־באַטלאָנישן שטייגער — א מענטש, וואָס דערקלערט א האַרבע שטעל (קאַשע) אין דער געמאָרע); הענ... ווע־הענ — סײַ... און סײַ.

24. סטאַמבול (קאָנסטאַנטינאָפּאָל) — געוועזענע הויפּטשטאָט פון טערקײַ; טויגער — טערקישער סולטאַן; קיסר — אימפּעראַטער פון דער עסטרײַכ־אונגאַרישער אימפּעריע. דאָ האַנדלט זיך וועגן דער קרימער מילכאָמע, וואָס איז פאָרגעקומען אין די יאָרן 1853 — 1855 צווישן רוסלאַנד, פון איין זײַט, מיט טערקײַ, ענגלאַנד, פראַנקרײַך, — פון דער צווייטער זײַט. צו די לעצטע איז צוגעשטאַנען אויך עסטרײַך. די טונעיאַדעווקער פּאָליטיקער רעדן אָבער בלויז וועגן טערקײַ און עסטרײַך, שכיינישע מעלוכעס אין יענע יאָרן מיט רוסלאַנד, פונוואַנען עס פלעגט גיין דער קאָנטראַבאַנדע־האַנדל. טונעיאַדעווקע האָט נאַטירלעך, געפילט די קרימער מילכאָמע, וועלכע האָט דעם דאָזיקן האַנדל אָפּגעשטעלט. די איבעריקע אייראָפּייִשע לענדער זענען געווען פאַר זיי א מין האָריי־כוישעך, עק־וועלט.

25. ראָטשילדס פאַרמעגן — ראָטשילדס פאַמיליע פון באַוווסטע ייִדישע מאַגנאַטן — באַנקירן און אינדוסטריעלער אין פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע. די ראָטשילדס האָבן געהאַט א גרויסע ווירקונג אף דער אַנטוויקלונג פון דער עקאָנאָמיק פון די אייראָפּייִשע לענדער. אייניקע פון זיי האָבן קאָנצענטרירט אין זייערע הענט די מעלוכע־פינאַנסן אין פראַנקרײַך, אין ענגלאַנד א. אז. וו. די ראָטשילדס האָבן דירעקט געווירקט אף די צווישנבאַציִונגען פון פאַרשיידענע רעגירונגען, אפן אויסברויז פון מילכאָמעס, דעריבער אויך פון דער קרימער מילכאָמע. דעם בעסמעדרעש־אוילעם זענען די ראָטשילדס געווען באַוווסט פון די פילצאָליקע (אָבער ניט־געלונגענע) פּרוּוון, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן צוצוציִען זיי צו פילאַנטראָפּיע לעטויוועס דער רוסלענדישער ייִדישער באַפעלקערונג און גאַליציִשער ייִדישער באַפעלקערונג און אויך פון די כניפעדיקע מאָנאָגראַפיעס, וואָס מע האָט וועגן זיי פאַרשפרייט אין די 40 — 50־ער יאָרן אין העברייִש.

26. גזיירעס — אָנשיקענישן, געמיינט צאַרישע פאַרפאָלגונגען פון ייִדן, די 40 — 50־ער יאָרן פונעם 19־טן י. ה. זענען באַצייכנט מיט א ריי „רעפאָרמעס״, וואָס דער צאַריזם האָט אָנגעווענדט אין זײַן ייִדן־פּאָליטיק: פאַרווערן אייניקע געווערבן פאַר ייִדן, פאַרשטאַרקן פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג די שטײַערן־ און רעקרוטן־פליכטן, „ראַזבאָר״ (פאַרטיילונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אף „נוצלעכע״ און „אומנוצלעכע״ מיט אַנטשפּרעכיקע פאָלגן דערפון), קליידער־אומבײַטונג — דער פאַרבאָט פאַר מאַנצבלען צו טראָגן קאַפּאָטעס, קײַלעכיקע היטלען, פייעס און דאָס צווינגען פרויען צו גיין מיט די אייגענע האָר א. אז. וו. א. אז. וו. די דאָזיקע אַלע „רעפאָרמעס״ פלעגן דורכגעפירט ווערן מיט דער הילף פונעם זשאַנדאַרמיש־פּאָליצייִשן שטעקן פון ניקאָלײַ I, און אַלעקסאַנדער II, און די ברייטע ייִדישע מאַסן האָבן ריכטיק אָפּגעשאַצט די דאָזיקע „רעפאָרמעס״ אלס גזיירעס.

27. רויטע ייִדעלעך — לעגענדאַרע ייִדישע שוואַטים, וואָס וווינען ערגעץ אין עק וועלט (זע באַמ. 53).

28. אוכדומע — און דעסגלײַכן; באַטאָגטע ייִדן — ייִדן אין די יאָרן, אָבער נאָך ניט קיין אַלטע; בישלימעס — פאַרפולקומט.

29. לעשעם שאָמאַיִם — פון גאָטס וועגן, אָן שום אייגננוץ.

30. אַהעלער (אַ מאַטבייע אין דער געוועזענער עסטרײַך־אונגאַרישער אימפּעריע) — אַ גראָשן.

31. אַסיפּעס — צונויפקומענישן צוליב קאָהאַלשע איניאָנים.

32. וועהאַקל שאָריד וועקאַיאָם — און אַלץ איז פעסט און שטאַנדהאַפטיק (אַ שלוס־פראַזע אין העברעיִשע דאָקומענטן און אין רעליגיִעזע אַקטן).

33. קאָלמאַלכע מיזרעך און מײַדעוו — אַלע קייסאָרים פון מיזרעך און מײַרעוו ד. ה. די גרעסטע לײַט (פון דער גאַנצער וועלט).

34. בעגילופן — שיקערלעך, אופגעלייגט; קאַן — 150.

35. באַלע־ביטאָכנס — פרומע מענטשן, וואָס פאַרלירן ניט די האָפענונג אָף גאָט, מעטאַפאָריש: באָרגלאָזע מענטשן.

36. איז זיך מעפּאַרנעס — האָט פאַרנאָסע; טכילעס — צוערשט; ביטמימעס — נאַיִוו.

37. האַשעם־ייִסבאָרעך — גאָט; באָרעכאַשעם — גאָט צו דאַנקען (אַ רייד־אַרט בײַ פרומע ייִדן); אַ קײַלע, אַ קאָל־נעגינע — אַ שטים צום זינגען.

38. איך דאַוונ מוסאָפים יאָמים־נױראָים — איך דאַוון אַלס אַ כאַזן ראָשעשאָנע און יאָמקיפּער די צווייטע העלפט דאַוונען (מוסאָפים) און באַקום דערפאַר באַלוינונג.

39. אַ שטאָט אינדערער שול — אַ שטענדיק אָרט אין בעסמעדרעש; צווישן אונדז זאָל עס בלײַבן: אַ שעןקל — צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג איז אין יענע יאָרן געווען פאַרשפרייט דער געהיימער פאַרקויף פון בראָנפן, בלויז רײַכע רענדאַרעס, וואָס האָבן אָפּגעצאָלט אַקציז־פאַכט דער מעלוכע אָדער פּראָפּינאַציע דעם פּאָרעץ, האָבן געהאַנדלט פרײַ מיט בראָנפן.

40. ייִסראָעל זענען ראַכמאָנים בנײ ראַכמאָנים — ייִדן זײַנען באַרעמהאַרציקע פון דורעס־לאַנג (ניט פאַרענדיקט — און מע נעמט בײַ זיי אַ נעדאָווע).

41. נאָכזאָגן אַ שוואַך — נאָכזאָגן מײַלעס אַ געשטאָרבענעם, בייס מע פירט אים צו דער קוורע; אין טעקסט: לויבן די טוניעאַרעוועקער.

42. כאָלילע (כאָלילע־וועכאַס, כאַס־וועשאָלעם) — עס זאָל ניט אויסגערעדט זײַן; האַלבאָשע — קליידונג; מײַכל־מעלאָכים — אַ מײַכל פאַר קייסאָרים.

43. כאַמישאָסער — 15 טעג אין שוואַט (יאַנוואַר־פעוורואַל); אַ רעליגיעזער יאָנטעוו, ווען מע דאַרף עסן די ערעץ־ייִסראָעל־פּײרעס, וועלכע ווערן דערמאָנט אין טעקסט; באַצייכנט אויך דעם אַסאָרטימענט פּײרעס, וואָס מע עסט אין דעם טאָג.

44. קוימעמיִוס — האָפערדיק, שטאָלץ; פירן קוימעמיִעס — מעטאַפאָריש: פאַרפירן („פירן אין באָר אַרײַן”)

45. אַלפּי־מיקרע — צופעליק.

46. מעאָראַס־האַמאַכפּילע — געמויערטע הייל, וווּ עס זײַנען באַהאַלטן, לויט דער ביבל, די אָוועס; ראָכלס קייווער — דער קייווער פון דער ביבלישער ראָכל.

47. קויסל־מאַראָווי (מײַרעוו־וואַנט) — שטיינער־מאַסיוו פון אַ כורווע אין ירושאָלאַיִם, וואָס זאָל זײַן לויט די רעליגיִעזע ספאָרים אַ רעשט פונעם כאָרעוו־געוואָרענעם בייס־האַמיקדעש (טעמפּל).

48. יאַרדן — אַ טײַכל אין פּאַלעסטינע; כאַמײ טווערײע — וואַרעמע וואַסער־קוואַלן פון טווערײע (פּאַלעסטינע).

49. האַר האַזייסים (באַרג פון איילבירטן) — אַ ביבלישער באַרג אין ערעץ־ייִסראָעל מיט אַזאַ נאָמען.

50. ערעץ־ייִסראָעל־ערד — ערד פון פּאַלעסטינער באָרן. לויט דער פאָרשטעלונג פון פרומע ייִדן, איז די דאָזיקע ערד אַ סגולע (מיטל) פאַרן מענטשנס קערפּער, ער זאָל ניט פוילן אין קייווער און ער זאָל קענען לײַכטער אופשטיין צו טכיִעס־האַמײסים (אופוואַכונג פון טויטע), אַז מאָשיעך וועט קומען. פרומע ייִדן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין מעגלעכקײַט צו פאָרן שטאַרבן קיין ערעץ־ייִסראָעל, פלעגן באַציִען ערעץ־ייִסראָעל־ערד, מע זאָל זיי דערמיט באַדעקן אין קייווער. ערעץ־ייִסראָעל־ערד איז אויך געווען אַזוי־אַרום, אַ געשעפט־זאַך.

51. גאַנץ טוניעאַרעווקע... געווען אין ערעץ־ייִסראָעל — ד. ה. זיך געקליבן צו באַגעגענען מאָשיִעכן (דעם אויסלייזער), וואָס דאַרף פירן די ייִדן קיין ערעץ־ייִסראָעל.

52. גאָטס פרײַטיק נאָך האַלבן טאָג — לויטן רעליגיִעזן ייִדישן קאַלענדאַר קומט אויס דער XIX י. ה. אין דער צווייטער העלפט פונעם 6־טן טויזנטיאָר זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. לויט די אָבערגלויבענישן דאַרף די וועלט עקזיסטירן 6 טויזנט יאָר, אָדער 6 גאָטס טעג (בײַ גאָט איז טויזנט יאָר אַ טאָג); ענדע דעם 6־טן טויזנטיאָר. ד. ה. אין גאָטס פרײַטיק נאָך האַלבן טאָג, וועט קומען מאָשיִעך. האַרט פאַר מאָשיִעכס אָנקומען וועלן מענטשן ווערן פרעך, עס וועלן זיך פאַרמערן די גזיירעס. דערמיט טאַקע איז פאַרבונדן די ווײַטערדיקע פראַזע וועגן פריסטאַוו א. אַז. וו.

53. פריסטאַוו — העכערע פּאָליצײ־באַאַמטער אין אַ סטאַן (אַ טייל פון אויעזד); בעיאַדראָמעמיט אַן אופגעהויבענער האַנט, מעטאַפאָריש: מיט גרויס אַכזאָריעס.

54. אָפּגעשניטן אַ פּײע, אַראָפּגעריסן יאַרמעלקעס — דאָ ווערט אָנגעדײַט אָפן דורכפירן די צאַרישע „רעפאָרמעס” פונעם ייִדישן לעבן (זע באַמ. 26); געכאַפּט אָן פּאַספּאָרטן — געכאַפּט מענטשן פון פרעמדע

יִשוּווים, וואָס האָבן ניט קיין פּאַספּאָרטן און קאָנען דעריבער אָפּגעגעבן ווערן אין רעקרוטן אויסער דער ריי (זע באַמ. 225 צו דער „טאַקסע“).

55. **פאַרנומען אַ ציג** — פאַרשפּאַרט די ציג דערפאַר, וואָס איר באַזיצער האָט ניט אָפּגעצאָלט דעם פּאָרעץ פאַר „פּאָפּאַס“ (טשערעדע-געלט). אויסער דער צאַרישער מאַכט און קאָהאָלס-לַײט האָט די יִדישע אָרעמשאַפט געהאַט אויסצוּשטײן אויך פון די פּריצים די גוטבאַזיצער, צו וועלכע עס האָט געהערט אַ גרויסער טײל יִדישע יִשוּווים אינעם „טכום“ (בלויז אין דרײַ גובערניעס—347 פּונקטן, דערין אויך בערדיטשעוו און קאַפּוליע). די „געזעצלעכע“ פּריצישע האַכנאָסע פון בערדיטשעווער באַפעלקערונג אין יענע יאָרן האָט באַטראָפן (לויט היסטאָרישע דאָקומענטן) קאָרעוו צו 80 טויזנט רובל אַ יאָר. אין אייניקע ערטער האָבן די פּריצים געקראָגן אויך אַ טײל פון דער „טאַקסע“.

56. **אַד מאָסײַ וועט דער סאַר שעל יִשמאָעל אַזוי שוילעט זײַן** — ביזוואַנען וועט דער האַר פון יִשמאָעלן (זײַן מאַלעך אין הימל) אַזוי הערשן; **יִשמאָעל** — דער טערק; לויט די פאָרשטעלונגען פון פרומע יִדן פאַרמאָגט יעדער קייסער זײַן מאַלעך אין הימל, וואָס פאַרטרעט זײַנע אינטערעסן פאַר גאָט. אָט דעם מאַלעך פונעם טערקישן סולטאַן דאַרף מען, הייסט עס, גויווער זײַן קעדיי צונעמען בא אים ערעצ-יִסראָעל פאַר די יִדן.

57. **אַסערעס-האַשוואָטים** — צען לעגענדאַרע יִדישע שוואָטים, וואָס זענען לויט דער ביבל פאַרטריבן געוואָרן פון ערעצ-יִסראָעל, און ס'איז ווײַטער ניט אָנגעוויזן, ווו זיי זענען אַהינגעקומען.

58. **רויטע יִדלעך, בני-מוישע** (מוישעס ראַביינוס קינדער) — פּונקט ווי די אַסערעס-האַשוואָטים, לעגענדאַרע יִדישע שוואָטים (זע ווײַטער באַמ. 112).

59. **גוזמאָעס** — אַסאַך, אָן אַ שיר; **גוורעס** — פיזישע קראַפט (בענעגייע צו מילכאָמע-שלאַכטן).

60. **פאַרעווע טעפּ** — טעפּ ניט קיין פליישיקע און ניט קיין מילכיקע; **האָדעסל** — אַ געפלאָכטן פּושקעלע פון זילבער-פעדעמ פאַר בסאָמים (געווירצן) צו שמעקן דערפון שאַבעס-צו-נאַכטס בא דער האַוודאָלע; **כאַנוקע-לעמפּל** — 8 רערלעך אָפּ צו צינדן בוימל-ליכט אין כאַנוקע.

61. **זאַמד-פּאַטשערקעס** — קרעלן, בוסן; **טישבוירעס** — ברוכצאָלן, אַן אָפּטײל פון אַריפמעטיק; **האַדרעס-פּאָנעמ** — לויטער אויסזען, שיינע צורע; **בענימעסדיק** — האַרציק; **מומכע** — אַ געניטער רויפע, אַ ספּעציאַליסט אַ פעלדשער; **קעפּי-האַשמוע** — ווערליק מע זאָגט, לויט קלאַנגען; **כאָכמאַס האַדאָקטאָריע** — די וויסנשאַפט פון מעדיצין.

62. **ציגײַנער פון די כאַרטומײ-מיצראַיִם** — ציגײַנער, וואָס שטאַמען פון די גײַסטלעכע (כאַרטומים) אין מיצראַיִם (אוראַלטער עגיפּטן). לויט דער ביבל האָבן די **כאַרטומים** געפּאַלמעסט יויסעפן און יאַנקעוון; **מיצרים** אין דער אויסטײַטשונג פון די מעלאַמדים באַטײַט — ציגײַנער; פונדאַנען שטאַמט די פאָרשטעלונג, אַז די ציגײַנער דאַרפן זײַן גרויסע מעדיקער.

63. **אַקלאַל** — בעקיצער; **קעריִע-בליִע** — אָפּגעריסן-אָפּגעשליסן.

64. **אָדעמ-האָרישן און זײַן ווײַב** — פון דער ביבלישער לעגענדע.

65. **ניִלקעד** — געשטרויכלט, געפאַנגען; **מעצורעפּ לאָזע** — צוגעגעבן דערצו; **פּעניציִער** — אוראַלטער פאָלק אין מיזרעכ.

66. **האַמצאָע** — אײַנפאַל, דערפינדונג; **קויסעס** — קעלישקעס, וואָס מע פלעגט פון זיי טרינקען ווײַן אָדער בראָנפן בא רעליגיִעזע צערעמאָניעס.

67. **קאָהאָלס-לײַט, פּײַנע בריִעס**... — זע באַמערקונג 11 צו דער „טאַקסע“.

68. **ניצעץ** — פונק; **מעסוגל** — פײִק, פּאַסיק.

69. **ראַבע באַר-באַר-כאָנעס נעסיִעס** — אין נאָמען פון ראַבע באַר-באַר-כאָנע ווערן אין טאַלמוד דערציילט פאַרשיידענע אומגעלומפּערטע מײַסעס וועגן וווּנדער-דערשײַנונגען, וואָס ער האָט געזען בײַס זײַנע נעסיִעס.

70. **שיווכיי-יערושאָלאַיִם** — אַ סייפער וועגן זעלטנקײַטן, וואָס געפינען זיך אין ערעצ-יִסראָעל (פאַלעסטינע) און אין אַנדערע לענדער פון מיזרעכ (אַ מין באַטלאָנישע געאָגראַפיע); **מיט הויסאָפעס** — מיט צוגאָבן און באַמערקונגען; „**צייל-אוילאָמ**“ — אַ סייפער וועגן וווּנדערלעכע נאַטור-דערשײַנונגען; **איז ער קוילעל** — שליסט ער אײַן אין זיך, אַנטהאַלט.

71. **שעווע-כאָכמעס** — זיבן קענטענישן, אָפּ וועלכע ס'איז אײַנגעטיילט, לויט דער פאָרשטעלונג פון אַלטערטום און מיטלאַלטער, די גאַנצע וויסנשאַפט.

72. **כידושימ ווענ יפלאָעס** — ווונדער-זאַכן; **ניספּאָעל** — אַנטציקט, **היספּײַלעס** — אַנטציקונג; **גוירמער געווען** — באַשלאָסן.

## קאַפּיטל 2

73. **אַ קאָדעש** — אַ הייליקער; אין מיטלאַלטער — אַ באַצייכענונג פון אַ מענטשן, וואָס איז אומגעקומען „אַל קידוש האַשעמ“ — פאַר טרײַ בלײַבן דעם יִדישן גלויבן, שפּעטער — פון אַ יִדן, וואָס איז ביכלאַל געהאַרגעט געוואָרן דורך אַ ניט-יִדן. דאָ ווערט ביניאָמין אַ קאָדעש, ווײַל מע האָט געמיינט, אַז ער איז געהאַרגעט געוואָרן דורך אַ וואַלד-רויבער אָדער וועג-גאַזלען.

74. **אַגונע** — אַ פרוי, וואָס איר מאַן האָט זי פאַרלאָזט אָן אַ געט, און זי קאָן דעריבער ניט כאַסענע האָבן פאַר קיין צווייטן.

75. **בעטעווע** — לויט דער נאַטור; **באַל-פּאַכדן** — שרעקעוודיקער; **איימעס-מאָוועס** — טויט-שרעק.

76. **טאַמעז** — אַ הייסער זומער-כוידעש לויטן רעליגיִעזן קאַלענדאַר (יוני-יולי).

77. אָפטויוולען — זיך אָפּבאָדן; צוליב אויסדריקן בינ׳אָמינס פיִעטעט פארן ראָוו, כּאנוצט דאָ דער אוטער דאָס וואָרט טויוולען, וואָס באצייכנט — אונטערטונקען זיך אין מיקווע־וואסער (א באסיין אין באָד) פארן דאווענען אלס א רעליגיִעזע צערעמאָניע; אימירצעשעם — אז גאָט וועט וועלן (א רייד־ארט בא פרומע יִידן); מעכילע — אנטשולדיקט; טאכטויגים — הויזן.

78. דער טיטל פארנעמט א בלעטל פאפיר — אין ווענדונגען צו ראבאָנים פלעגט מען שרייבן א גרויסן טיטל: צום קאָוועד פונעם בארימטן ראָוו, דעם כאָכעם א. א. וו. וואָס גרעסער דער דערעכערעץ איז פארן ראָוו (צוליב זיין טוירע אָדער אנדערע מאָטיוון), אלץ גרעסער איז דער טיטל.

79. מעוווּלוול — צעטומלט געוואָרן, זיך דערשראָקן; פעלפענע־פוטערנע.

80. לעוויאָסן — לעגענדארער ריזיקער פיש, וואָס איז צוגעגרייט צו דער סודע פון די צאדיקים, אז מאָשיעך וועט קומען.

81. געשווינד ווי דער הירשן — סטיליזירט דעם סטיל פון דער ראבאָנישער ליטעראטור.

82. מעהומע — געפילדער, פּאניק; קוידעם־קאָל — פריִער פון אלץ.

83. האנהאָגע — אופירונג; פלִיע — וווּנדער, אומפארשטענדלעכע זאך.

84. כאָסערדייע — אראָפּ פון זינען, גערירט.

85. קײַמעלאָן — אומפאשטרײַטבארע האנאָכע, אקסיִאָמע.

86. סוואָרע — מיינונג, געדאנק; בעראָש — אין דער שפיץ.

87. אגוזמע — א סאך.

88. זעלט־עס אנדערש זײַן, איז דאָך אקאשע — סטיל פון געמאָרע־לערנען און פון ראבאָנישע צווישנשמועסן, באטײַט: וואָלט עס זײַן אנדערש, אנטשטייט דאָך א פראגע; אדעראבע וועאדעראבע — פונקט פארקערט; מיט זיי — מיט די „ניט גוטע״ (רוכעס).

89. באל־דאָווער — לעץ, שעד (טײַוול); ספיזשארנע — שפײַכלער.

90. געבליבן מוסקעם — באשלאָסן געוואָרן.

91. סויפער — אָפשרײַבער פון טוירעס, מעזוזעס און אנדערע רעליגיִעזע שריפטן אף פארמעט.

92. מעזוזעס — פארמעט־בריוולעך מיט אן אופשריפט פון קאפיטלעך ביבל, צוגעקלאָפּט צו די טירן אלס א סגולע, דער טײַוול זאָל ניט קענען אריבערטרעטן די שוועל. אז ס׳ווערט אָפגעריבן אן אָס, איז די מעזוזע פּאָסל און פארלירט איר קראפט. אין צוזאמענהאנג מיט דער האשאָרע וועגן באלדאָווער (טײַוול) רעווירירט עס דאָ דער סויפער די מעזוזע; לאָכײַן — דעריבער.

93. טאקסע — ספעציִעלער שטײַער (קאָראָבקע־אָפּצאָל), וואָס פלעגן אופגעמאָנט ווערן פון יִידן פאר קאָשער פלייש און פאר שעכטן באמ שויכעט פי און אויפעס (זע באמ. 2. צו דער „טאקסע״); פּאָטערווערן — זיך באפרײַען.

94. טכום־שאבעס — א שטרעקע וואָס איז דערלויבט לויט דער רעליגיע צו גיין שאבעס אויסער דער שטאָט.

95. איזעסאלפידערעך האטעווע — ס׳איז א נאטירלעכע זאך.

96. דער סייכל איז מיסכײַעוו — עס לייגט זיך אפן געדאנק.

97. אלעקסאנדער מוקדן — קעניג פון מאקעדאָניע (אין אנטישן גריכנלאנד); באוווּסט בא די פרומע יִידן פון די לעגענדעס וועגן אים אין טאלמוד און אין די שפּעטערדיקע ספאָרים. לויט די דאָזיקע ספאָרים, איז אלעקסאנדער מוקדן פאָרגעשטעלט אלס א דרייסטער העלד, א רײַזנדער, וואָס איז דורכגעגאנגען די גאנצע וועלט.

98. פּיפּערנאָטער, שלאנגען און עקדישן — אומבאשטימטע שלענג אין דער מידבער, באוווּסט בא רעליגיִעזע יִידן פון די כיידערשע אויסטײַטשונגען פון ביבלישע ווערטער; ליגנדענוואָרעם — לעגענדארער וואָרעם, וועלכער שפּאלט אלץ, צו וואָס מע לייגט אים צו; מישלאכעסן — אָנשיקענישן.

99. אין מאכשאָוועסן — דערווײַל, ביז וואָס וועט; מײַרעוו — אָוונט־דאווענען.

100. היסלאוועס — ברען, רעליגיִעזער עקסטאז.

101. סאָנע־ציִען — סאָנים פון ציִען (פון יִידן); א שאָוויניסטישער אויסדרוק (זע באמ. 175 צו דער „טאקסע״).

102. כײַעס־ראָעס — בייזע (ווילדע) כײַעס.

103. מעיאעש געוועסן — ארײַנגעפאלן אין פארצווייפלונג.

104. האלסטסו אויס די פּראָבע — אן איראָניע אפן געדאנק, וואָס די רעליגיִעזע ליטעראטור האָט געשטרעבט אײַנצופלאנצן בא די גלויביקע, אז דעמ קאפּצן שטראָפט גאָט פאר זײַנע זינד און דעריבער דארף ער ניט פראָטעסטירן קעגן די אומרעכטן, וואָס עס באגייען קעגן אים די טאקיפימ; אויב אָבער דער אונטערגעדריקטער קאפּצן פילט אף זיך ניט קיין זינד, זענען די צאָרעס א ניסויען פון גאָט — אן אויספּרווו, קעדיי צו לײַטערן זײַן נעשאָמע, זי זאָל האָבן דיזכִיע (פּארדינען בא גאָט) צו באקומען סכאר (באלוינונג) אף יענער וועלט; קלאל־יִיסראָעל — דאָס גאנצע יִידישע פאָלק.

105. ביפראָטִעס — אויספירלעך, גענוי; ביסטו מענאצייעך — באזיגסטו; קיילעשליימע — גערעכטענער, פּאפולקומטער מענטש.

106. דאָברי־דיען — גוט־מאָרגן; שאָר־יעראָקעס — אנדער גרינוואַרג; ס׳איז לעראָצן — עס שטימט מיט זײַן ווילן; שאלשעלעס — א געדריידלטער קלאנג (אין טראָפּ); בעיִמ — אויב.

107. יויסעפהאצאדיק מיט זליכען — א ביבלישע מײַסע וועגן זליכען, וואָס האָט פארפאָלגט מיט

ליבע־ליידנשאפט יויסעפן, וועלכן זײַנע ברודער האָבן פארקויפט צו איר מאן פאר א קנעכט. ביניאָמין, הייסט עס, צי־טערט, אז א פרינצעסן זאָל אים ניט פארגוואלטיקן.

108. נו, זשידקאָ... — נו, ייִדל, וואָס, אביסל גרינגער? (אין דער אוקראַיִנישער שפּראַך איז דאָן קיין אנדער וואָרט (כוץ זשיד) אפ באצייכענען א ייִדן ניט געווען, פונקט ווי אויך איצט אין דער פוילישער שפּראַך).

109. אָרל — א שאָוויניסטישע באצייכענונג פון ניט־ייִדן.

110. טראָשקע טעבע ליפשע — איז דיר אביסל גרינגער?

111. בינשימע אכאס — אין איינ אָטעם, אפגיכ.

112. ליפשע, ראקריבימאָי — גרינגער, נאָר די פיש מײַנע (ניט קענענדיק קיין אוקראַיִניש, באנוצט דערבײַ ביניאָמין א העברעייִש וואָרט ראק (נאָר); אָנשטאָט נאָגי (פיס), זאָגט ער ריבי (פיש) און פארענדיקט מיט א ייִדישן אײַ־אײַ־אײַ).

113. איזוויטקי טי, זשידקאָ? — פונוואַנען ביסטו, ייִדל? ביניאָמין מיינט, אז דער פויער זאָגט אים דעם געוויינלעכן בא א באגעגעניש ייִדישן „מאשמייכעם" (וואַזוי הייסט איר?) און ער ענטפערט אפ א צעבראָכן אוק־ראַיִניש: יא ניאָמקא, ביניאָמקא אווו טונעיארעווקע — איך בין ניאָמקע, ביניאָמקע אין (אָנ־שטאָט פון) טונעיארעווקע.

114 טי איז טונעיארעווקי ... — דו ביסט פון טונעיארעווקע? זאָג־זשע, וואָס האָסטו אויסגעסטארט־שעט אפ מיר די אויגן און קוקסט ווי א דולער? עפשער ביסטו טאקע דול? ווײַטער גייט ביניאָמינס בעטן ראכמים (מע זאָל ראכמאָנעס האָבן אפ אים) מיט א צוזאָג, אז דאָס ווײַב וועט אים געבן א ביסל שטארקן שליש (בראָנפן) מיט א שאבעסדיקער בולקע און וועט אים דערצו נאָך אָפּראנקען; שײַלעס — פראגעס.

115. טשויעש, סקילקע כאָטשעש זאפיוועג, זא ציבולי? — הער נאָר, וויפל ווילסטו פארג האָן, פאר די ציבעלעס?

116. מאָזשע מאיעש קארטאָפלי, ײַיצי? — עפשער האָסטו קארטאָפל, אייער? ; בעסויכ האבאָים — צווישן די אָנגעקומענע.

117. טשויעש, מאָזשע טי באטשיל... הער־נאָר, עפשער האָסטו געזען אפן וועג א ייִדל? בא אונדז איז א ייִדל, ביניאָמקע, נעכטן פארפאלן געוואָרן, ווי אין וואסער ארײַן.

118. טאכבולעס — מיטלען; דאָ: הייל־מיטלען; גענעזנווערן — געזונט ווערן; גוימל בענטשן — זאָגן די בראָכע (טפילע־בענטשונג) — וואָס איז באשטימט אין פאלן, ווען מע ווערט געראטעוועט פון א טויט־געפאר.

# קאפיטל 3

119. אין פלוג — פון ערשטן בליק (אן אויסדרוק אינעם נוסעכ פון געמאָרע לערנען בײַם דער לערנער דער־פילט, אז „עפּעס שטעקט דאָ").

120. אכאקרען — א פילאָזאָף; א מענטש, וואָס וויל זיך דערגריבלען צום טאָכ פון א זאַכ; די זאַכ לויט זײַן פאָרשטעלונג איז אינדערעמעסן ניט דאָס, וואָס ער באנעמט מיט זײַנע כושים (דאָס שטאמט פון דער מיטלאלטערלעכער רעליגיִעז־מיסטישער פילאָזאָפיע פון קאבאָלע־ספאָרים).

121. יעשועס ווענעכאָמעס — אויסלייזונג און טרייסט (פארבונדן מיטן אָנקומען פון מאָשיִעכן); מענ:ע — אָפּחאלט, שטערונג; לעסאטע — דערווײַל.

122. איישעסכײַעל — א ייִדענע א בעריע, א פרוי א פארדינסט־מענטש.

123. נאס אפטייקל — געהיימער בראָנפן־פארקויף.

124. מעהאנע זײַנ — פארשאפן פארגעניגן; כפייצים — שטוב־זאכן.

125. יִטער — רעשט פון שטאָף, וואָס פארבלײַבט נאָכן אופנייען אן אָנצוג.

126. מיסכײַעוו געווען — פארפליכטעט; סילעקן דעם מויכער — אָפּצאָלן דאָס איבעריקע; ביש־טיקע — שטילערהייט, געהיים.

127. מײַסע ליטוואק — ווי א ליטוואק וואָלט געטאָן, ווי עס פאסט פאר א ליטוואק, אײַנוווינער פון ליטע און ווײַסרוסלאנד, וואָס פלעגן אין א גרויסער צאָל אריבערוואנדערן קיין וואָלין, בעסאראביע און דאָרעם־אוקראַיִנע און אָפּזיצן א היפשע צײַט אָן דער פאמיליע, זענען אין דער פאָרשטעלונג פון די דאָרעמדיקע אײַנוווינער געווען הולטײַעס, וואָס פארלאָזן ווײַב און קינדער אָן א זײַ־געזונט.

128. זיכ מעיאשעוו זײַנ — זיכ באטראכטן, אויסטייצענען.

129. הינדיִאָ, סאמבאטיען, פיפערנאָטער... — באצייכענונגען פון לענדער, טײַכן, כײַעס און געוויקסן, דערמאָנט אין די ספאָרים „שיווכיי יערושאָלאיִם" און „עלדאד האדאָני"; הינדיִאָ — אן אומבאשטימט ווײַט לאנד, וווהין עס זאָל האָבן געראַיזט אלעקסאנדער מוקדן; אנטיקויד — אן אומבאשטימטע כײַע; קעצאפיכעס — אן אומבאשטימט פסגווארג (פונעם ביבלישן „קעצאפיכעס בידוואש" — א קיכל אין האָניק), די אויבערשטרײַ־כעלעכ אפ אייניקע ווערטער זענען דאָ נישט קיין באַצייכענונג פון פארקירצונגען (ראָשעטייוועס), נאָר א באצייכענונג פון פרעמדשפּראכיקן אָפּשטאם פונעם וואָרט. (די דאָזיקע באצייכענונג איז זייער פארשפרייט אין דער קאָמענטאטאָרישער ראַ־באָנישער ליטעראטור).

130. אשטאָט אינ בעסמעדרעש — זע באמ. 39; צימעס — בעקאָוועדיקע מענטשן; גילדענע פאָנ — מעיוכעסדיקע פאמיליעס, וואָס שטאמען פון געהויבענע ראבאָנים; ביטמימעס — נאַיִוו.

131. בערלעכ אינ טישעבאָוו -- אינ טישעבאָוו (טרויער־טאָג נאָכנ כורבנ פונ יערושאָלאיִמ) פלעגט מענ באמ זאָגנ די קינעס (קלאָג־טפילעס) אינ בעסמעדרעש אויס לאנגווײַל אונ שטיפערײַ זיכ ווארפנ מיט בערלעכ (שטעכלקעס), דאָס זעלביקע הוישאנע־ראבע (זיבעטער טאָג פונ סוקעס) באמ אופזײַנ (בייסנ זאָגנ טפילעס באנאכט) — זיכ ווארפנ מיט קישעלעכ.

132. פונ טיקנ — פונ בראָנפנ, וואָס מע פלעגט טרינקענ אינ בעסמעדרעש נאָכנ דאווענענ אינ א יאָרצײַט קעדיי צו ווינטשעווענ בייסנ טרינקענ, אז די נעשאָמע פונעמ געשטאָרבענעמ זאָל האָבנ א טיקנ, ד. ה. זאָל אופגעריכט ווערנ אפ יענער וועלט.

133. קאפאָרע־הינדל — אנ אָפקומעניש פאר עמעצנ, פונקט ווי דאָס הינדל, וואָס מע שלאָגט דערמיט קאפאָרעס, עס זאָל, הייסט עס, אומקומענ אָנשטאָט דעמ מענטשנ; ראָצנ — ווילנ; מעוואטל זײַנ — מאכנ צו נישט, דערשטיקנ, פארניכטנ.

134. טײַנעג — פארגעניגנ; קונדייסימ — שטיפערס, כיידער־יִנגלעכ.

135. טארבוס — דערעכערעצ, אָפשײַ; געגאנגענ אינ ספאָדעק — געווענ דער באלעבאָס; מעקאבל בעאהאווע זײַנ — אָננעמענ פאר ליב.

136. שויעל בעייצע זײַנ — פרעגנ אנ אייצע; טאמ — מאָטיוו, דערקלערונג.

137. כעלקאס האלאָשנ — (גלאטע צונג) — פײַיִקײַטנ צו רעדנ.

138. מילכיקע באנק — א קיכ־טאפטשאנ, אפ וועלכנ מע האָט ניט געטאָרט שטעלנ קיינ פליישיקס (לויט דער יִדישער רעליגיע טאָר מענ ניט באנוצנ אינ שפײַז קיינ געמיש פונ פליישיקס מיט מילכיקס).

139. אוועקגעגאנגענ לימדינאס האיאמ — אָפגעפאָרנ מיט א שיפ אינ א ווײַט אומבאשטימט לאנד אונ ניט געגעבנ קיינ געט זײַנ פרוי (פונ דער טאלמודישער אונ ראבאָנישער ליטעראטור); אישע — פרוי, ווײַב.

140. א שוימער — א היטער (א דריטע פערזאָנ, וואָס האָט געמוזט לויט דער רעליגיע בײַזײַנ אינ א צימער בייס דאָרטנ געפינענ זיכ א מאנצבל מיט א פרעמדער פרוי).

141. לינדענוואָרעמ — געשניטנ די שטיינער — זע באמ. 98.

142. שייוועט שימענ, שייוועט יִסאָכער, שייוועט דאָנ — ביבלישע שוואָטימ לויט די נעמענ פונ די זינ פונעמ ביבלישנ יאנקעוו. לויט דער ביבל האָט יאנקעוו פארמאָגט 12 זינ, פונ וועלכע עס האָבנ זיכ אויסגעבילדעט אנטשפרעכיקע 12 שוואָטימ. פונ די דאָזיקע שוואָטימ ציִענ די יִדנ לויט די רעליגיִעזע ספאָרימ זייער יִכעס; דערבײַ זאָלנ איצט די באוווּסטע יִדנ שטאממענ בלויז פונ צוויי שוואָטימ, אונ די איבעריקע צענ זײַנענ פארטריבנ געוואָרנ, ווי ס'איז אָנגעוויזנ אינ ביבל, ניט באוווּסט וווהינ. דאָס זענענ עס די אסערעס האשוואָטימ (צענ שוואָטימ) אונ בניי־מוישע, וואָס ביניאָמינ פאָרט אופצוזוכנ זיי.

די ווײַטערדיקע מײַסעס פונעמ סייפער „שיווכיי יערושאָלאיִמ“, „מאסאָעס ביניאָמינ“, „עלדאד האדאָני“ אינ אנד. זענענ אופגעקומענ אפנ באָדנ פונעמ רעליגיִעזנ פאנאטיזמ, פונ מאָשיִעכ־ אונ ערעצ־יִיסראָעל־קולט, מיט דער הילפ פונ וועלכנ די עקספלואטירנדיקע שיכטנ האָבנ אינ מיטלאלטער געהערשט איבער די ברייטע יִדישע מאסנ, — דאָכ אנטשפרעכנ אייניקע באצייכענונגענ פונ געאָגראפישע אונ מענטשלעכע נעמענ מיט געוויסע היסטאָרישע פאקטנ אונ דערשײַנונגענ.

אינ 9—3 יאָרהונדערטער האָבנ אינ די דאָרעמדיקע בערג אונ סטעפעס צווישנ קאספישנ אונ שווארצנ יאמ ארומגעוואנדערט פארשיידענע שוואָטימ, וואָס זענענ געווענ פאָליטיש פאראייניקט אונ זענענ באוווּסט מיט דעמ נאָמענ קוזרימ אָדער כאָזארנ. לויט דער מיינונג פונ אייניקע היסטאָריקער האָבנ זיי געהערט צו די מאָנגאָלישע שוואָטימ, אנדערע ווירער ציִענ דעמ אָפשטאמ פונ די כאָזארנ — פונ די פינער אָדער פונ די ארמענער. אלנפאלס זענענ געווענ צווישנ זיי אי ווײַסע אי ברוינע („די רויטע יִדעלעכ“). אייניקע פונ די דאָזיקע שוואָטימ האָבנ אָנגענומענ דעמ יִדישנ גלויבנ. צומ יִדישנ גלויבנ האָט געהערט אינ אייניקע פעריאָדנ די הערשערישע פעאָדאלע יעראַרכיע פונ די כאָזארנ. דער הערשער פונ די כאָזארנ האָט זיכ אָנגערופנ קאהאנ. אינ באזונדערע פעריאָדנ זײַנענ די כאָזארנ געקומענ אינ צוזאממענשטויסנ מיטנ אראבישנ כאליפאט, קויפער אל טוראכ איז אנ אראבישער נאָמענ. די כאָזארנ האָבנ אויכ געהאט באציִונגענ אונ צוזאממענשטויסנ מיט די פעאָדאלע פירשטנ פונ „קיִעווער רוס“. לויט אייניקע היסטאָריקער איז זייער זעלבשטענדיקײַט פארניכטעט געוואָרנ דורכ סוויאטאָסלאוו (קיִעווער פירשט אינ X יאָרהונדערט). עס איז פאראנ א בריוו־אויסטויש צווישנ א יִדנ א כאָשעיו אינ דער אראבישער שפאניע מיט יויסעפ קאהאנ דעמ הערשער פונ די כאָזארנ. צווישנ די נעמענ פונ די כאָזארישע שוואָטימ, פונ זייערע שטעט, בערג זענענ פאראנ באצייכענונגענ ענלעכע צו די, וואָס ווערנ געבראכט אינ טעקסט: ברוטאָ, גוז, איטל, א שטאָט לעבנ איצטיקנ אסטראכאנ, געוועזענע הויפטשטאָט פונ די כאָזארנ אינ אײנעמ פונ די פעריאָדנ, נעסיבנ א. א. וו. די היסטאָרישע וואָרהאפטיקײַט פונ די דאָזיקע דאָקומענטנ אינגאנצנ גענומענ איז אָבער א צוויי־פלדיקער. דער וועג צו די כאָזארנ איז געלעגנ דורכנ מיטלענדישנ יאמ אונ קאווקאזער בערג לענגויס די ברעגנ פונעמ שווארצנ יאמ. נאָר די פאנטאסטיק פונ מיטלאלטער בייס דער אונטערדריקערישער הערשאפט פונ די סוואָראִימ אונ גויִנימ האָט געקענט שאפנ א לעגענדע פונ „אסערעס האשוואָטימ“, „בניי מוישע“, פונ „האָרע־כוישעכ“ (ווארשײַנלעכ, קאווקאזער בערג), פונ „סאמבאטיענ“ (ווארשײַנלעכ א בארג־טײַכ), וואָס ווארפט מיט שטיינער.

143. אויסעק אינ טוירע — באשעפטיקט זיכ מיט לערנענ טוירע.

144. קראָכימ — גרויסע שטעט; אפנ גאָלעס יִסראָעל — אפ די יִדנ, וואָס געפינענ זיכ אינ גאָלעס.

145. מישנע לעמײַלעכ — די צווייטע הערשערישע פערזאָנ נאָכנ קייסער אינ א מעלוכע; טורפע — מיטל; אבלייז — מעמײַלע, סײַוויסײַ.

146. טקיעס־טקאפ — צושלאָגנ די האנט (א פאָרמ פונ א שוווע אונ פונ שליסנ א געשעפט בא רעליגיִעזע יִדנ); דיראָשעטע — די שלאק, דאָס שלעכטע ווײַב; קלאָצ־קאשע — א ביז גאָר הארבע שטעל אינ טאלמוד (שווער ווי א קלאָצ), אנ אומגעלומפערטע פראגע.

147. ייִדישע זאַך, א גמילֿעסכעסעד — ד.ה. הײַנט גיי איך צו דיר בעטן א נעדאָווע און מאָרגן — דו צו מיר.
148. בעסימכע — מיט פרייד; אין דער האסכאָלֿע — פון אָנהייב, די ערשטע צײַט; מעקײַעמ פסאַק זײַן — באַשטראָפן, אָפּשמײַסן.

# קאפּיטל 4

149. סידער „דערעכ האכאַימ" — א טפּילֿע־סייפער מיט אזא נאָמען.
150. כאָק (כאָקלֿ) — א סייפער מיטן נאָמען „כאָק־לעייִסראָעל", אנטהאלט פּראָקים (באַזונדערע קאפּיטלעך) פון ביבל, טאלמוד, מעדרעש (לֿעגענדע־סייפער) און זויהער (קאבאָלֿע־סייפער) פאר יעדן טאָג אין וואָך; טילֿעם — א סייפער פון ביבל, אנטהאלט פארשיידענע פּיזמוינעס (רעלֿיגיִעזע לֿויב־געזאנגען). פרומע ייִדן זאָגן טילעם אלע טאָג פארן דאַווענען, באַזונדערס שאבעס, און אויך בא יעדער צאָרע.
151. גייט אין שליכעס — איז געשיקט (פון גאָט) אויסצופילֿן א וויכטיקע מיסיע.
152. שטארק, ווי א לֿעמפּערט און גרינג, ווי אן אָדלער — א פּאטעטישע פראַזע פון דער טאַל־מורישער און ראַבאָנישער ליטעראַטור; לֿעפּצן — באַטלאָנישע באַצייכענונג פון לֿיפּן; בענימעסדיק — מיט א זיס קאָל, מיט הארציקײַט.
153. אמאַרש פון „מעלֿעכ עליוינ" — א מעלֿאָדיע פון א טפּילֿע מיט אזא אָנהייב, וואָס מע זינגט אין בעסמעדרעשׂ ראָשעשאָנע און יאָמקיפּער אין פײַערלעכע טענער; קיסע־האקאָוועד — גאָטס טראָן.
154. סראָרע — האר, פּאָרעצ; דײַגע — זאָרג.
155. איינברייר ע — ניטאָ קיין אויסוועג.

# קאפּיטל 5

156. פּוטערפּאס — א מין פּוטליאַר; לֿויט דער פאָרשטעלונג פון די ביִניאָמינס, וואָס האָבן באַקומען זייערע באַ־גריפן וועגן דער וועלט פון די „הייליקע" ספאָרים, באַהאלט זיך די זון אַפּ באַנאַכט אין א פּוטערפּאס.
157. מײַסע־סאָטן — אַפּ צולאָכעס, גלײַך ווי דער סאָטן זאָל אָפּטאָן א שפּיצלֿ; קעזאַיס — א שטיקלֿ, ווי א איילֿבירט.
158. מאכזערל (מאכזער) — א טפּילֿע־סייפער פאר די יאָנטעוו־טעג.
159. אקדאָמעס — א טפּילֿע־געזאנג, וואָס מע זאָגט אין יאָנטעוו שוועס, געשריבן אין אראַמיש אָדער אין טאַר־געם־לֿאָשן; אקדאָמעס־ניגנדלֿ — מעלֿאָדיע, מיט וועלֿכער מע זינגט דידאָזיקע טפּילֿע אין בעסמעדרעש.
160. מאפּסיק געוועז — איבערגעריסן דאָס לייענען.
161. בעפּייר עש — רײַטלעך, קלאָר.
162. קאָלֿי זשיד ספּיוואיע? קאָלֿי ווינ האָלאָדני — ווען זינגט א ייִד? ווען ער איז הונגעריק.
163. מעפּוירעש זײַן דעמ טאמ — דערקלערן דעם מאָטיוו.
164. רעמאַכ איי ווירימ — 248 גלֿידער, פון וועלֿכן עס באַשטייט, לֿויט די רעליגיִעזע ספאָרים, דעם מענטשנס קערפּער; קאָלֿ טוּוו — אלדאָס גוטס.
165. מאַן — לֿעגענדאַרע שפּײַז, וואָס ייִדן האָבן עס געגעסן לֿויט דער ביבלֿ אין דער מידבער; באָרעכ־הו — געבענטשט איז ער (גאָט).
166. אקעסטעלֿע — א קאָראָבקעלֿע, געמיינט די טאקסע (זע באַמ. 2 צו דער „טאקסע").
167. כעוורעלֿע — וווילֿטעטיקע אָדער באַלמעלֿאָכישע פאַרייניקונג; פּושקעלֿע — געלֿט־זאמלונגען פאר אָרע־מעלֿײַט אָדער פאר ערעצייִסראָעלֿ־ייִדן; קלײקוידעשלֿ — דינער פון רעליגיִעזן קולט; פּלֿוידער־זעקעלֿע — פּלֿאַפּלער. געמיינט (מיט א פאַרבאַהאלטענער איראָניע) א מעכאַבער, וואָס זאמלט נעדאָוועס אַפּ ארויסצוגעבן זײַן סייפער.
168. אזיחעג מינ האשאָמאַימ — א פּאָרלֿ (שידעך) פונעם הימל, א פּאָרלֿ פון גאָט.
169. גאשמיִעס — מאַטעריעלֿישקײַט; רוכניִעס — גײַסטיקײַט. לויט דער מיסטיק פון די קאבאָלֿע־ספאָרימ איז אלֿצ אין דער וועלֿט — אלע קערפּער און דערשײַנונגען — בלֿויז אן אָפּשפּיגלֿונג פון דער רוכניִעס, וואָס איז לֿויט דער דאָזיקער פאָרשטעלונג די עצעם־וועלֿט.
170. קיווּנ — מיינ.
171. טארגעמ (איבערזעצונג) — אראַמישע שפּראַך. אין דער דאָזיקער שפּראַך איז איבערגעזעצט די ביבלֿ און עס זענען געשריבן אסאך ספאָרים, לֿעגענדעס און טפּילֿעס; טארגעמ — באַטײַט אויך אן אומפאַרשטענדלעכע שפּראַך, האָט דעמ זעלביקן זינען, וואָס דאָס' רוסישע „קיטײַסקאיא גראַמאָטא".
172. וועשאָראָיוס שוסאָ — ווערטער פון האקדאָמעס; כוצ לֿעאָרעצ — אויסער ערעצייִסראָעלֿ; דײַטש — געמיינט איוורע־טײַטש, ייִדיש.
173. בעהאכנאָע — אונטערטעניק, נאָכגיביק.
174. קעהײַ לישנע — מיט די דאָזיקע ווערטער.
175. דאָברי דיענ... — א גוט מאָרגן! זאָג נאָר, טײַערער, וווּהין גייט מען אַפּ ערעצ־ייִסראָעלֿ? דער פּויער פאַר־שטייט ניט און פרעגט: יאקי סרולֿ — וועלֿכער סרולֿ? כ'האָב קיין סרולן ניט געזען. ביניאָמין מיט א צעבראָכענעם אוקראַיִניש געמישט מיט ייִדיש: ני, ני... — ניין, ניין, דאָס זאָגט איר סרולֿ, און ער, לעהאַוורל, ערעצ־ייִסראָעלֿ, זאָגט ער. סענדערלֿ כאַזערט איבער: אַפּ ערעצ־ייִסראָעלֿ... — אַפּ ערעצ־ייִסראָעלֿ ווו איז דער וועג? דער פּויער ענט־לֿעכ: אפּעס וואס... — דער רועכ ווייסט אײַך, ייִדלעך, וואָס איר דולט מיר א קאָפּ. דאָס איז דער וועג קיין פּיִעווקע און זיי — עלֿעסלֿאָאלֿ, עלֿעסלֿאָאלֿ.

176. מעצאער געווען — פארשאפט יעסורים.

177. הייליכ — גאנג, אויסזען; אָפגעשטעקט א שאָלעם־אַליכעם — געגעבן די האנט און געזאָגט די ציילעכע באם באגעגענען א פרעמדן מענטשן באגריסונג „שאָלעם־אַליכעם״ (פרידן צו איַיך).

178. מאַ שמייכעם — ווי הייסט איר?; מעשאַמעש — באדינער (באגלייטער פון א געהויבענעם ראָוו אָדער צאדיק).

179. באַסמאַלקע — פרינצעסן; בענמיילעכ — פרינצ (אַנ איראָניע אף די פארשפרייטע אין יענע יאָרן ראָמאנען, אין וועלכע די הויפט־העלדן זיַינען געווען פרינצן און פרינצעסן).

180. אף וועלכן אוילעם — אף וועלכער וועלט.

181. טקיִעגדוילע — לאנגער אויסגעצויגענער טאָן (שלוס פון שויפער־בלאָזן); שום — טעמפער קלאנג, טומל.

182. מישקוילעס — ציגל פון א וואָגשאָל; שטיין אף מישקוילעס — שטיין ניט פעסט.

183. לעקאָויעד די מעכוטאָנים אולעקאָויעד דעם באַלעבאָס אולעקאָוועד האַמס בימ בעקאַנ — צום קאָוועד פונ די מעכיטאָנים, צום קאָוועד פונעם באלעבאָס און צום קאָוועד פון אלע, וואָס זיצן דאָ (אַנ אויסרוף פונעם באדכן צו די קלעזמער אף א כאַסענע, זיי זאָלן שפילן א וויוואט); אף די קיילים — אף די שפיל־אינסטרומענטן.

184. פּיַינע ברִיעס — פרומע באַלעבאטים, געהויבענע באטלאָנים.

185. מעגאַלע זיַינ — אנטפּלעקן, דערציילן; סוואָרע — מיינונג, געדאנק; כידעש ניפלע — גרויסער ווונדער.

186. פּײרעש — פארטיַיטשונג, דרינגעניש; פּראָסטע איז מאָסטע — פאָשעט און פּראָסט; מאַכן א פּליַיטע — אָפּציִען, אנטלויפן.

187. ליבהארציקע און זיסע... ניט צעשיידט געוואָרנ — א פאראָדיע אף די ליבע־ראָמאנען אין דער העבּרייִשער ליטעראטור, וואָס פלעגן זיך פארענדיקן מיט דער ביבל־פראַזע: „האנעהאָווים וועהאַנימים בעכאַייהעם איוועמייסאָם לוי ניפראָדו״ — די געליבטע און די הארציקע זיַינען בא זייער לעבן און זייער טויט ניט צעשיידט געוואָרן.

188. באָסער־ווערעָמס — (פלייש און בלוט) — געוויינלעכע מענטשן.

189. טווילע — דאָס באָדן זיך, אונטערטונקען זיך אין מיקווע.

# קאפיטל 6.

190. ליילשימורים — נאכט פון באָדן זיך; אין דער ראבאָנישער ליטעראטור — די נאכט נאָכדעם, ווי א פרוי באָדט זיך אָפּ און טונקט זיך אונטער אין מיקווע.

191. פינגער פון ווונדער — צייכנ פון ווונדער; ריַיע — באוויַיז.

192. טיטוס האָראָשע (טיטוס דער בייזער) — רוימישער הערשער, שפּעטער קייסער, באוווסט פון טאַלמוד דערמיט, וואָס ער האָט כאָרעוו געמאכט יערושאָלאיִם. לויט די יידישע לעגענדעס האָט אים גאָט אלס א שטראָף אריַינגעטריבן א מיק (א פליג) אין דער נאָז, וועלכע האָט אים געגריבלט דעם מארכ פונעם קאָפּ.

193. גארגערעס — גאָרגל, האלדז; מאצליעכ זיַינ — באגליקנ.

194. פּשיטע — שוין אוודאי; שוימער אומאצל זיַינ — אויסהיטנ; לוי יאַלע וועלוי יאָחוי — עס זאָל זיך ניט טרעפן.

195. ראָגאַסקע — שלאגבוים באם ארויספאָר פון שטאָט (זע באמ. 280 צו דער „טאַקסע״).

196. אָרעוו — זיכער; שמירע — פארהיטונג, סגולע קעגן שיידים.

197. קאָל האמינע — פארשיידנערליי.

198. סידי דאָמאַ דאַ נע ריפיַיסיא — זיצ אינדערהיים און שלעפּ זיך ניט ארום; מאנקאָליע — מעשוגאַס, אידיי־פיקס.

199. ראָליע — מאזל, גוירל.

200. טעטעריוקע — געמיינט זשיטאָמיר.

201. מאקדים געוועזנ — זיך געפעדערט, געטאָן פריִער; טאק — 500.

202. יורדיקעס, קאטשאניוקעס, מאָטשיניוקעס, פּיסקעס, יארנ און פּאַדויִנ — באציַיכענונגען פון שמוציקע, געריכטע באזעצטע גאסן און פּאָרשטעט אין בערדיטשעוו און זשיטאָמיר, ווו עס האָט געוווינט די ייִדישע אָרעמשאַפט.

203. קעכיול האיאמ — ווי זאמד פון יאַם, זייער אסאך.

204. כקירע־ספאָרים — רעליגיִעזע פילאָזאָפיע־ספאָרים (זע באמ 120); אל פי כקירע — לויט דער רעליגיִעזע־פילאָזאָפיע.

205. די געמאָרע פונ די צען טעפּ אָרעמקיַיט — א מעמרע (זאָגעכץ) אין דער געמאָרע וועגן דעם, אז גאָט האָט אראָפּגעשיקט אף דער וועלט צען טעפּ אָרעמקיַיט, און אז ניַין פון זיי האָבן אָנגעטראָפן צו די ייִדן.

206. מאסביר זיַינ — דערקלערן, געבן צו פארשטיין.

207. דיייר האפלאָגע — מענטשן, וואָס האָבן לויט דער ביבל פארטראכט אויסצובויען א הויכן טורעם, קעדיי ארויפצוקלעטערן אפן הימל. עס ווערט דערציילט, אז גאָט האָט צעמישט זייער שפּראכ, און דאָס האָט צעשטערט זייער ארבעט. זיי זענען געצוווּנגען געווען צו צעשיידן זיך; כעט — זינד.

208. בעאווינוייסייני האָראבימ — איבער די פילע זינד אונדזערע; טיַיווע — גלוסטעניש, לייַדנשאפט; פּארטשיק — דראָזשקאר.

209. זאָגט אווראָמ צו לויטן — ביבלישע פערסאָנאַזשן, וואָס זייערע קנעכט און פאַסטעכער האָבן ניט געקענט דורכקומען צווישן זיך; די באַזיצער זייערע אווראָמ און לויט האָבן זיך דעריבער צעשיידט.

210. מאַזיק געווען — צעשעדיקט, געהאַרגעט; כּצוּפע — אומפאַרשעמטע פרוי; בעשאָס־מייסע — בייס דער פּאַסירונג.

# קאַפּיטל 7

211. קרימער מילכאָמע — די מילכאָמע, וואָס דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט געפירט אין די 50־ער יאָרן קעגן טערקײַ, ענגלאַנד און פראַנקרײַך; צו די לעצטע זענען צוגעשטאַנען אויך דײַטשלאַנד און עסטרײַך. צום אונטער־שייד פון די טונעיאַרעווקער פּאָליטיקער, ווייסן שוין די טעטעריווקער וועגן פראַנצויז און ענגלענדער אויך (זע באַם 25.)

212. קיטעס — גרופּעס, קאָמפּאַניעס (אין טאַלמוד און אין דער ראַבאָנישער ליטעראַטור — באַזונדערע ריכטונגען, וואָס האַלטן זיך בײַ פאַרשיידענע מיינונגען וועגן א רעליגיעזן געזעץ אָדער ריטואַל; אין כאַראַרים אָרער יעשיוועס — באַזונדערע גרופּעס פון לערניינגלעך).

213. באַל־מויעכ — קאָפּ־מענטש, כאַקרען.

214. מומע וויטע — ענגלאַנד (קייסערינע וויקטאָריע).

215. מאַצע רעדלען — שטעכן די מאַצעס איידער מע לייגט זיי אַרײַן אין אויוון, כּדיי זיי זאָלן ניט אויפ־לויפן בײַם באַקן זיך און זאָלן ניט ווערן כאָמעציק. געוויינלעך פלעגט מען עס טון מיט א זייגער־רעדעלע. בײַם רעדלען האָט מען באַדאַרפט האָבן א גרינגע האַנט — דאָס הייסט, רעדלען אַזוי, אַז מע זאָל ניט צערײַסן דאָס טייג.

216. סוקע — א בײַדל, א געבײַ, געדעקט מיט גראָז, אָן א דאַך, וואָס פרומע ייִדן פלעגן אויפשטעלן, עסן און שלאָפן דאָרטן אין די סוקעס־טעג, אַלס א אָנדענק פון די בײַדלעך, וואָס די ייִדן האָבן אין זיי געוווינט, לויט דער ביבל, אין דער מידבער. אַלס בוי־מאַטעריאַל פאַר דער סוקע האָבן געדינט די זאַכן, וואָס זענען דערמאָנט אין טעקסט: דאָס לאָקשן־ברעט, די לאָפּעטע, דאָס טשאָלנט־ברעטל (א ברעטל, וואָס מע פאַרשטעקט דערמיט דעם אָנגעהייצטן אויוון פרײַטיק), די שטײַג און ד. גל. דאָס אַלץ האָט מען צוגעפּאַסט און צונויפגעבונדן מיט שטריקלעך.

217. האַמצאָעס — דערפינדונגען; אַפּיקאָרסעס — אומגלויבן.

218. גוילעמ... דורכא שפּרוזשינקעלע — דאָ האַנדלט זיך וועגן א לעגענדע מיקויעך א גוילעם. אייניקע גרויסע ראַבאָנים האָבן לויט די לעגענדעס געמאַכט גוילעמס (מענטשן־סטאַטועס פון ליים) און דורכן שעמ־האַמפוי־רעש (גאָטס נאָמען) אַרײַנגעבלאָזן אין זיי א לעבעדיקן אָטעם.

219. מאָפּסימ — ווונדערטאַטן; מיסנאַגעד — קעגנער.

220. מומע ראָסיע — רוסלאַנד; פּעטער ייִשמאָעלס קנופיע (געזינדל) — דער צאַר, וואָס האָט געשטיצט טערקײַ (ייִשמאָעלן — דעם צווייטן זון פון ביבלישן אווראָמ, וואָס פון אים שטאַמען עס, לויט די פאָרשטעלונגען פון רעליגיעזע ייִדן, די טערקן, האַלטן די דאָזיקע ייִדן פאַר א פעטער, ווײַל די ייִדן אַליין ציִען זייער ייִכעס פון אווראָמס ערשטנס זון ייִצכאָקן); נאַפּאָלעאָן (3) — אימפּעראַטאָר פון פראַנקרײַך בייס דער קרימער מילכאָמע; קירעס מענטש — אָנהענגער פון עסטרײַך; איניאָנע האַפּאָליטיקע — די איניאָנים פון פּאָליטיק; ראַציעס — געדאַנקען, זינען.

221. נויסע־כיינ געווען — אויסגענומען, געפעלן געוואָרן.

222. מידע — אייגנשאַפט; מאַדרייגע — גראַד, אַרט; בעוואַדע — אַוואַדע; לעגאַמרי — אינגאַנצן.

223. מעפּאַלפּל געווען — זיך געפּילפּלט (גערדונגען מיט פאַרשפּיצטע אויסטײַטשונגען).

224. יויסיפּן — א רעליגיעז־היסטאָריש בוך מיט אַזא נאָמען, וואָס זײַן אווטער זאָל זײַן יויסיפ פלאַוויוס. אין־דערעמעסן איז דאָס לויט חאַשאָרעס פון היסטאָריקער געשריבן אין 8־טן אָדער 9־טן יאָרהונדערט, מיט 8־9 הונדערט יאָר נאָכרעם, ווי פלאַוויוס איז געשטאָרבן. דאָס דאָזיקע ווערק רעכנט זיך בײַ פרומע ייִדן אַלס האַלב־הייליק. אין דעם ווערק ווערט אויך דערמאָנט אַלעקסאַנדער מוקדן.

225. מיקאָלשקן — שוין אַוואַדע; יעוואָניש — גריכיש.

226. באָזע האַלאָשן — מיט אַזוינע ווערטער.

227. בנײַ אַווראָמ ייִצכאָק ווע־יאַנקעוו — די קינדער פון די ביבלישע אָוועס, ד. ה. די ייִדן (דער מאָטיוו איז — אַלעקסאַנדער מוקדן איז ניט קיין ייִד, דערפאַר האָט ער ניט געקענט אַרײַנקומען אין קיין ייִדישער מע־לוכע; ביניאָמינ אָבער וועט, הייסט עס, קענען אָנקומען צו די אַסערעס האַשוואָטים). יעש אָמרימ (אייניקע זאָגן) — א צווייטע מיינונג (ווערט באַנוצט אין רעליגיעזע ספאָרים).

228. מאַלכיעס — קייסאָרים; גייט אַפּ א דערעכ (וועג) — האַנדלט ריכטיק.

229. ניצמעכ ווערן א יעשועע — אויסשפּראָצן (אַנטשטיין) די אויסלייזונג פון ייִדן (מאָשיעך וועט קומען).

230. טאַרומעס — רויגעז, אומצופרידנקײַט; אָקרענטן — מיליטערישע שיפן; פּרוט — א בײַטײַך פון עם דונײַ, אין יענער צײַט די גרענעץ צווישן רוסלאַנד און טערקײַ.

231. געמאַכט יאַדאַכעס — געשלאָסן צווישן זיך שאָלעם.

232. אונטערלאָזן א פּאָמפּע — אונטערלאָזן רויך פון א ציגאַר.

# קאַפּיטל 8

233. טאָרעד — באַשעפטיקט, פאַרנומען.

234. אַניוועס — באַשיידנקײַט.

235. נעפעש — באַשעפעניש, מענטש (מיט פאַראַכטונג).

# קאפיטל 9

236. זכוס אָוועס — זכוס פוג די עלטערן (די פארדינסטן פונ די עלטערן בא גאָט).

237. באהעלפער — געהילפ באמ מעלאמעד אינ כיידער; ער פלעגט נעמענ די קינדער אינ כיידער, אָפּפירנ זיי אהיימ און דינענ אויכ אלס א שיק־ייִנגל בא דעמ מעלאמעדס ווײַב.

238. נוילעד געוואָרנ — געבוירנ געוואָרן, אנטשטאנען.

239. מאמצי געוועני — דערפונענ, צוגעקלערט.

240. מאָלע — טפילע נאָכ א טויטנ; מאצייווע — דענק־שטיינ אפ א קייווער; זיסט — אנדערש; א נעס — א וווּנדער; מעטאפאָריש: א גליק.

241. כארפע, בושע — סינאָנימענ פונ שאנד.

242. כאטע פּאָקרישקע — שלוס, אנ עק.

243. קעהילע — געמיינדע; בעכייִרעמ — מיט א שוווּע.

244. בעקאבאָלע — לויט דער מעסוירע (מינדלעכע איבערדערציילונגענ פונ טאטעס צו קינדער); מינהאָגימ — אופּירונגען, געוווינהײַטן, רעליגיִעזע טראדיציעס; האלבאָשע — קליידונג; מיסע־מעשונע — אומנאטירלעכער טויט.

245. מאניפּאָרגע — פארשטעלטע שפּראכ, אנ אומגעריכט שפּיצל; מאנע — לאָשנ, פּאָרגי — ציגײַנעריש — מיט פארשטעלטער איראָניע געמיינט: ליגנערס, שווינדלער, דאָס זעלבע ווײַטער: כאָכמעס האיאד — (כיראָמאנטיע, פאָרויסזאָגונג פונ דער צוקונפט לויט די שטריכנ אפ דער הויט פונ דער האנט) — אויסנארנ א נעדאָווע, צושלעפּנ עפּעס; לעמפּל־מאכערס — אויסטראכטערס פונ בילבולימ; טאָקערס — רעכילעס־טרײַבער.

246. שעלוי קערערעכ האטעווע — גאָרניט אפ קיינ נאטירלעכנ אויפנ; פּיזמענ — טפילע־געזאנג, מעטאפאָריש: א ליגנ.

247. סנועס — באוועגונגען, מעטאפאָריש: אָנשטעל.

248. געזא קאפּטוירימ — שטאמ (שייִועט) פונ קאפּטוירימ, א ביבלישער שייִועט; קאפּטוירימ — באטײַט אינ העברעייִש אויכ קנעפּלעכ; געזא קאפּסוירימ — קלינגט דעריבער ווי „קנעפּלעכ־רײַסער" (א קאָמפּאניע קעשענע־גאנאָווימ).

249. דערצו מעסוגל — אנטשפּרעכט צו דעמ, ברענגט דערצו.

250. מאכריִע זײַנ — אנטשיידנ, ארויסזאָגנ א באשליסנדיקע מיינונג וועגנ אנ איניען, וואָס דערלאָזט פארשיידענע האשאָרעס.

251. פּאָפּאס — פּאשנ זיכ, פּיטערנ זיכ; זפאָרשטשיקעס און פּאָווערענעס — זע באמ. 2 צו דער „טאקסע"; חיצטארכעסנ — באוערפּעניש.

252. באלשעמ — ייִדישער אָפּשפּרעכער; טאָטער — ניט־ייִדישער אָפּשפּרעכער.

253. אָנגענומענ א יעיצערהאָרע — ס'האָט זיכ פארגלוסט (צו טונ א זינדיקע זאכ); אינ טעקסט: באקענענ זיכ מיט שרײַבער, מיט אפּיקאָרסימ).

254. האסקאָמעס — רעקאָמענדיר־בריוו צו א מאנוסקריפּט אפ צו זאמלענ פּרענומעראנטנ; אכילע — פּרעסנ. ייִמאכשעמויניק — הולטײַ (פונ „ייִמאכשמוי" — אויסגעמעקט זאָל ווערנ זײַנ נאָמענ).

255. מא ראש — וואָס איז דער געפּילדער? ס'איז ניט קיינ בייז.

256. ניצל ווערנ — זיכ ראטעווענ.

257. ניט געמאכט לאנגע שיִעס — זיכ ניט געזאמט.

# קאפיטל 10

258. בעסאָד — געהיימ; א מאראָכע — א נעס, א גליק.

259. קיינ צאר — א פאָרמ פונ שוווּע (באטײַט: איכ ווייס וועגנ דער זאכ גאָרניט, איכ זאָל אזוי פונ קיינ צאר (ווייטעקנ) ניט ווייסנ).

260. גלופּסק — בערדיטשעוו.

261. דאָס שוסטערל... דורכ מאָפּסימ... ניסגאלע געוואָרנ — דאָס שוסטערל... דורכ וווּנדערטאטנ איז אופגעדעקט געוואָרנ אלס א צאדיק (לויט די ייִדישע לעגענדעס זענענ פאראנ 36 לאמעדוואָווניקעס — פארבאָרגענע צאדיקימ — וואָס אינ געוויינלעכנ לעבנ זענענ זיי פּאָשעטע באלמעלאָכעמ, און בלויז דורכ א צופעליקנ מויפעס ווערנ זיי אופגעדעקט).

262. קאָשערע נעשאָמעס — פּרוטע בעקאָוועדיקע ווײַבער, גאבעטעס.

263. מערכעצ — באָד; בעשאָלעמ — אומגעשטערט, גאנצערהייט.

264. קעלביקער מאגיד — מעטאפאָריש: דערשלאָגענער נאר.

265. ייִסער — רעשט פונ שטאָפ, וואָס בלײַבט באמ שנײַדער נאָכנ אויסנייענ די באשטעלטע קליידונג; בעיִמ — אויב; טאמציס — טאָכ, גרונטיקער אינהאלט.

266. באשער — דערפאר, ווײַל...; זיכ סוימעכ זײַנ — זיכ פארלאָזנ, זײַנ געזיכערט; רויפימ — פעלדשערס־שערערס.

267. מעכאדעש די לעוואָנע (באנײַענ די לעוואָנע) — זאָגנ טפילעס איגדרויסנ אינ איינעמ פונ די אָוונטנ, ווענ עס באווײַזט זיכ פונדאָסנײַ די לעוואָנע; בײַסנ זאָגנ די טפילעס שרײַט מענ אויס איינער צומ אנדערנ „שאָלעמ־אלייכעמ, אלייכעמ־שאָלעמ".

268. אשמורעניק — א פרומער ייִד, וואָס עסט פּייסעך בלויז מאַצע־שמורע — מאַצעס פון שוואַרצער ווייצנ־מעל — און נעצט ניט קיין מאַצע אין פליסיקייט אויס מוירע זי זאָל ניט אָנהייבן צו יוירן (ווערן כאָמעץ). דערמיט איז פאַרבונדן די מוירע, עס זאָל קיין ברעקל ניט אַראָפּפאַלן.

269. ערעצ־יִסראָעל־עפּעלעך — קליינע וואַלד־עפּעלעך; קאָלנידרע־באַרלעך — ווילדע וואַלד־באַרלעך.

270. פּויפּסט — דער הויפּט פון דער אַלוועלטלעכער קאַטוילישער קירכע; גראָספּיציר — פאַרגרייזט פון גרויסוויזיר — ערשטער מיניסטער באַם טערקישן סולטאַן.

271. זיך מעיאַכעס — זיך האַלטן גרויס; אַגאַדעטע — א לעגענדע, מעסוירע.

272. שלוימע האַמעילעך האָט געשיקט קיין אויפיר — פון די ביבלישע לעגענדעס; האַקאָפעס — סכוירע־קרעדיט.

273. אויקער זײַן — אַנטלויפן, אָפּציִען אויס מוירע פאַר די קרעדיטאָרן.

274. פּיאַטאָגנילעוועקע (גנילאָפּיאַטקע) — א טײַכל, וואָס פליסט פאַרבײַ בערדיטשעוו.

275. כוּיקרע קאַדמוינים — פאָרשער פון אַלטערטום.

276. מושקאַטקויל — פּיסטאָלעט.

277. ניט שאָווע בעשאָווע — קענען ניט אויסקומען, טוען איינס דעם צווייטן אפּ קידער־ווידער.

278. געשמײַע דיר פּאַרפּל — א זידל־אויסדריק: א פײַג דיר אין פּיסק.

279. מעראַמעז — ווינקט, גיט אַן אָנצוהערעניש.

280. היידן — מענטשן, וואָס האַלטן זיך באַ א ניט־מאָנאָטעיִסטישן גלויבן.

281. קסאַוו — געשריפט; כאָכמע־מ־האַכעזשבן — קענטעניש פון רעכענען.

282. ניט שכיִעך — ניט צו באַגעגענען אין באַנוץ.

283. איניאָנע האַקהילע — די איניאָנים פון דער געמיינדע.

284. כאַפּלאַפּער... — די באַצייכענונגען פון פאַרשיידענע קיטעס (גרופּעס, שיכטן) גלופּסקער אײַנוווינער זענען דאָ איראָניש־סאַרקאַסטישע. כאַפּלאַפּער — קאָהאָלסלײַט, וואָס ציִען די קליי פון דער אָרעמשאַפט מיט טאַקסע, שטײַערן, רעקרוטן, צוליב זייערע אינטערעסן; בלאַטהאַלטער — שווינדלער, וואָס האַלטן בלאַט (זענען יאַדאַכעס) מיט קאָ־האָלסלײַט און צאַרישע טשינאָווניקעס; זאַשטשיטניקעס — קאָהאָלשע אַדוואָקאַטן; וואַכלאַקלאַקעס — מענטשן, וואָס פירן יענעמס אַרופ אפּ א גליטש; קוימעמיִעס־זאָגער — מענטשן וואָס האַלטן ניט קיין וואָרט, צאָלן ניט קיין כויוועס; צוואַקאַנער — צוויאַקעס, צווייפּענעמיקע פּרומאַקעס; גלופּאָ־טרוסאָ־בעזיאַזיקע — נאַרישע, דערשלאָגענע, אָנשפּראַכיקע (געמיינט מענטשן נאַיִווע, דערשלאָגענע, ניט פייִקע צו פּראָטעסטירן).

285. איניאָנע האַמיסכער — איניאָנים פון האַנדל; איניאָנע האָעמונע — איניאָנים פון גלויבן (רעליגיע).

286. מאַטבייע — אייניקע קהילעס (ייִדישע געמיינדעס) אין פּוילן פלעגן אַרויסלאָזן זייערע אייגענע מאַטבייעס מיט ייִדישע אופשריפטן.

87 . פּשאָטים — דרינגענישן.

288. מאַרישׂ אוילעם געווען — געקערט וועלטן. געטומלט, אַרויסגערופן אַנטציקונג.

289. ראָשעטייוועס — אָנהייב פון ווערטער, פאַרקירצונגען, אַבּרעוויִאַציעס.

290. יעהודיי אויפיר שעבאָו לעקאַן (אָדער לעקאַק) ווענעסיאַשוו אל נעהאַר פּיאַטאָגנילאָווקע — ייִדן פון אויפיר, וואָס זײַנען געקומען אַהער קיין (אָדער אין דער הייליקער געמיינדע) גלופּסק און האָבן זיך באַזעצט אפּן טײַך פּיאַטאָגנילעווקע.

291. שײַען זיך — האַלטן זיך אָפּ אויס מוירע, מאַכן שיִעס.

292. שמירע — וואַך; וועט ער זײַנע מאַלאָכים געביטן — ער (גאָט) וועט הייסן זײַנע מאַלאָכים.

293. עס פאַלט ניט דער שפּאָן ביז ס'איז עפּעס דעראָן — דאָ: עס ווערט ניט געטאָן קיין זאַך אָן דער האַשגאָכע פון גאָט; אין אומגאַנג: קיין שום פּאַסירונג קומט ניט פאָר אָן קיין סיבע.

## קאַפּיטל 11

294. כידושים וועניפלאָעס — אויסטערלישע דערשײַנונגען, גרויסע וואונדער.

295. ניוועהעל אומישטוימעם געוואָרן — פאַרגאַפט געוואָרן, אַנטציקט פאַר גרויס כידעש.

296. גאַניידן האַטאַכטן (אונטערערדישער גאַניידן) — מעטאַפאָריש: א גוט לעבן אפּ דער וועלט.

297. אַזוי די מאַשמאָעס — עס דרינגט דערפון אַזוי אַרויס.

298. יאַנקעוו אָווינו דעם יאַרדן מיט א שטעקן איבערגעגאַנגען — א סאַרקאַסטישע אָפּ־שפּעטונג פון באַטלאָנישע אויסטײַטשונגען פון ביבלישע פּראַזעס. די פּראַזע וועגן ביבלישן יאַנקעוו, אַז ער איז „מיט א שטעקן איבערגעגאַנגען דעם יאַרדן" (געמיינט מיט בלויזע הענט אָן שום פאַרמעגן און אָן א פאַמיליע) פאַרטײַטשן די רע־ליגיִעזע ספאָרים בוכשטעבלעך, אַז ער האָט אַריבערגעשיפּט דעם יאַרדן אפּ א שטעקן; יאַרדן א קליין באַרג־טײַכל אין פּאַלעסטינע; מיעדייע וויפל — ווער ווייסט וויפל, גאָר אַסאַך.

299. האַלטן זיך נאָר אפּ ביטאָכן — האָפענונג צו גאָט — האָבן ניט קיין פעסטן באָדן, קיין פונדאַמענט.

300. יאַבאָשע — טריקעניש, קאָנטינענט; בעיאָמאָוו — אין זײַן צײַט.

301. קאַדמוין — פאַרצײַטיקער; ויסופּעס — אַנדרולעס.

302. מאס — צינז, שטײַער.

303. צאַרבאַלעכאַים — א ראכמאָנעס צוצוצוקן (געװײנלעך װערט דער דאָזיקער אױסדרוק באַנוצט בענעגייע צו בעהיימעס אָדער צי כײַעס).

304. אַרבעטן אפ אַלע קײלים — דאָ: רײדן מיט אַלע גלידער פונעם קערפּער.

305. װינ טשערװאָני זשידקי. װינ פּיסאיע — ער אפ די רױטע ייִדלעך, פּרעגט ער. דער פּױער (פאַרשטײט ניט די פראגע): איז טשערװאָנע זשידקיוו...—פון טשערװאָנע (שטעטל מיט אזא נאָמען) קען איך די ייִדן לײבקען, שמולקען, אסאך ייִדן. סענדערל: ני לײבקאָ...— ניס לײבקען, ניין, אפ די רױטע ייִדלעך פרעגט ער דאָרטן. װי זאָגט מען עפּעס, ניינ, דאָרטן נעבן בערגעלע ניסבען. דער פּױער: ניסבאָנאָ...—ניסבאָנאָ, א ייִד ניסבאָנאָ?

306. העט, העט װיסאָקאָ — העט, העט הויך.

307. אױסבאַטלענ כאַלוימעס אויסזי־לען, אויסלאָזן צו יענעם דאָס האַרץ; מיקצאַס —אַביסל, א טייל.

308. בראָכע — בענטשונג (טפילע). אפ בוים־פּרוכטן מאַכן פרומע ייִדן א בראָכע „בוירע פּרי האָייץ” — געבענטשט איז גאָט, דער שעפער פון בוים־פּרוכטן; אפ גרינװארג — „בורע פּרי האַאדאָמע”— דער שעפער פון ערד־פּרוכטן. פונראַנען דרינגט בעניאָמין, אז קיין װאסער־געװיקסן זענען ניט פאראן, אינ קעגנפאל, װאָלט עקזיסטירס א בראָכע „בוירע פּרי האמאַים” — דער שעפער פון װאסער־פּרוכטן.

209. בעטוירא אײדעס — אַלס אן אײדעס; בסולע — מײדל.

310. דרילעס — פּארקילטע פלייש־אָדער פּיש־יויך.

311. סורע שעל לעװיִאָסנ — די סורע פונעם לעװיִאָסן (לעגענדארער פיש), װאָס איז אָנגעגרײט צוזאמען מיטן שאָראבאָר צו דער סורע, אז מאָשיִעך װעט קומען.

312. אױבער־האַסבאָרעלע — טיפער געדאנק; מעטאפאָריש: מיִעסער אײַנפאל, אויבער־שפּיצל; גדולעס — גליקן; בענעמאָנעס — אפן ערנװאָרט.

313. מאַמטאקים — געלט; געמיינט כאבאר. דאָס באטראכטן בינאָמינען מיט סענדערלען, און דאָס אָנעמען װעגן זיי א באשלוס באַטײַט, אז די אָנגעפאָרענע צװיי ייִדלעך (רעקרוטן־כאפערס) פון דניעפּראָװעץ (קיִעװ) האָבן באשלאָסן צו פארכאפן די נויסים און אָפּצוגעבן זיי אלס רעקרוטן, אָנשטאָט קינדער פון רײַכע עלטערן; עס װעט אָפּליפן (דורכגיין) — באַטײַט, אז עס װעט זיך אײַנגעבן, מע זאָל צונעמען פאר רעקרוטן אזוינע טויגעניכצן, אין ערגסטן פאל װעט מען דארפן געבן מאמטאקים—דערפאר היטן די ייִדן אזוי דאָס רײַזנדע פּאָרל, האָדעװען עס און שיקן עס (אינ װײַטערדיקן קאפיטל) קלוימערשט אין באָד ארײַן, פּאקטיש צום נאבאָר.

## קאַפּיטל 12

314. װידע — טפילע פארן שטארבן.

315. נעגל־װאַסער — א רעליגיִעזער ריטואל פון אָפּשװענקען די שפיץ פינגער באַלד נאָכן אופשטיין פון שלאָף אלס א סגולע צו פארטרײַבן די שיידים; מיכנ אומזומען — גרייט (אינ די טפילעס באַטײַט עס: גרייט צו דינען גאָט).

316. אדוינױ־מײלעכ — האר קייסער; קאָפּקע—קאָפּטיכל.

317. טאַכשיט — צירונג, מיט איראָניע: פארשולדיקטער.

318. אָטהאָסטו דיר א כאָלעמ — סענדערלס כאָלעם שילדערט אבסאָליוט רעאליסטיש דאָס געװײנלעכע באגיין זיך מיט א פארכאפטן רעקרוט (זע באמ. 225 צו דער „טאקסע”).

319. ער זיצט אינ ערגעצ — אינ קאַפּיטל טילעם, װאָס סענדערל זאָגט, פירט דעם געשפּרעך אן אָרעמאן װעגן א רײַכן, װאָס פאלט אפ אמאָן. די צוגעפאסטקײַט פונעם טילעם אינהאלט צו דער װירקלעכער סיטואציע (אין דער אַלגעמיין־װערטלעכער איבערזעצונג זענען ארײַנגעשטעלט בלויז א פּאָר צוגאָב־װערטער) איז פונקט װי דער כאָלעם, א ליטעראריש מיטל צו שילדערן די רעקרוטשינע. לויט דער גאנצער קאָמפּאָזיציע פונעם װערק װייסט סענדערל דעמלט נאָך ניט, װו ער געפינט זיך.

320. לעכאַים (צום לעבן) — א װינטשעניש בײַם מע טרינקט װײַן אָדער בראָנפן.

321. קלאַל־ייִסראָעל — דאָס גאנצע ייִדישע פאָלק.

322. בײדע... צופרידנ — דאָס הייסט, אָפּגעענטפערט מיט װעמען מע דארף, אז מע זאָל צונעמען דאָס פּאָרל פאר רעקרוטן; קנעסעס־ייִסראָעל — דאָס ייִדישע פאָלק; פּירעק מישנײַעס — קאַפּיטל פון מישנע (אָפּטייל פון טאלמוד); טרייפ־פּאָסל — װעלטלעכע אפיקאָרסישע ביכער.

323. כעסעד — גענאָד; מעמאלע זײַנ — אויספירן.

324. איבערגעקוקט די קװאָרט — שטארק פרומע ייִדן װאשן די הענט פארן עסן בלויז פון אזא קװאָרט, װאָס האָט ניט קיין פגאם (דעפעקט) אפן ראנד.

325. זיכ נויהעג זײַנ בעפּאַשטעס — זיך אופירן פּראָסט.

326. נעשאָמע יעסײרע — א צוגאָב־נעשאָמע, װאָס א ייִד פארמאָגט אינ זיך שאבעס און יאָנטעװ (לויט די מיסטישע ספאָרים).

327. קטוירעס — הייליקער װײַרעך, װאָס מע פלעגט רויכערן אין בײסהאמיקדעש.

328. געבולבעטע — געבילדעטע (מיט איראָניע).

329. מעקאבל טײַנעג — באַקומט פארגעניגן.

330. שיר־השירים — א ביבל־סייפער מיט ליבע־אינהאלט (מע זאָגט עס פרײַטיק באטאָג נאָכן אומקערן זיך פון דער באָד); מאכן האכאָנעס, שיִעס — זיך גרייטן לאנג.

331. מעקאבל־פּאָנעם זײַן — באגעגענען אלס אָנגעלייגטע געסט.

332. יענעם אוילעם — יענע וועלט, גאנײַרן.

333. לעראָצן — צום הארצן.

334. צי טוט זשידאָווסקאיא באניא — צי דאָ איז די יידישע באָד?; מאָסקאָוויטעריש — רוסיש (אזוי פלעגט מען אין אוקראַיִנע אָנרופן די אָפיציִעלע שפּראך פון די צארישע באאמטע).

335. בילעט, בילעט... — די באאמטע באם נאבאָר פאָדערן א דאָקומענט, א שײַן פון דער קהילע, אז ס'איז געקומען די ריי פונעם רעקרוט צו גיין אין דינסט.

336. יאקזשע פאני... — ווי־זשע, פּאָרעצ, די יידלעך האָבן שוין דאָרט בא... (ניט פארענדיקט באצאָלט). מענדעלע איז דאָ אויסן אופצודעקן דאָס געבן כאבאר די טשינאָווניקעס, וואָס נעמען אוף רעקרוטן. ער פארבאהאלט אָבער זײַן איראָניע, און עס האנדלט זיך קלוימערשט וועגן אן אריַינגאנג־בילעט פאר באנוצן זיך מיט דער באָד.

337. זא בילעט... (אף א געמישטער אוקראַיִנישער שפראך): פארן בילעט, פּאָרעצ, סטײַטש, האָבן די יידן. לעהאוודל, פאַני, באצאָלט.

338. כאפּן דעם בעזפּאספּאָרטנע — כאפּן און אָפּגעבן אלס רעקרוט א ייִדן אָן א פאספאָרט (וווינ־שײַן), זע באם 54.

339. פּוימענע — געכאפּטער רעקרוט; קאָשע געוועזן — געוועזן אומפארשטענדלעך, געווען א כירעש.

# קאפיטל 13

340. זעלנער — סאָלדאטן; סבאָרנע — זאמל־פונקט פאר סאָלדאטן; אוטשעניע — מיליטערישע לערע, מושטרע.

341. ניכע — ליב, אָנגענעם.

342. בײנוי לעבײן אצמוי — אלײן פאר זיך.

343. קרוגאָם — דרייט זיך אויס (א באפעל־אויסרוף בא דער מושטרע).

344. מארש, מארש — דאָס זאָל קלינגען צווייראײַטיק. אויס באטריבטקײַט טרײַבט סענדערל אָפּ פון זיך ביניאָמין מיט א געוויינלעכן געשריי „מארש"; מארש — איז אויך אן אויסרוף בא דער מושטרע, אין וועלכער סענדערל מאכט קלוימערשט איבונגען. ווען ער הערט אָבער דעם פּאָרשלאָג וועגן אנטלויפן, ווערט סענדערל פריילעכער, און זײַן קאס איז געשטילט.

345. טאכסיסיי מילכאָמע — מילכאָמע־סטראטעגיע.

346. לעמײַנאפקע־מינע — וואָס איז דער אונטערשייד.

347. קיין מעדובער נישט געוועזן — ניט געוועזן אָפּגערעדט.

348. מאזקיר געוועזן — דערמאנט; טרופּע — מיטל.

349. הען אלפי דין ועהען אלפי יוישער — סײַ לויטן געזעץ און סײַ לויט מענטשלעכקײַט; ניט געזאָגט נא... טעבי — ד. ה. זיך ניט געזעגנט; איניאָניי האמושטיר — מושטרע־איניאָנים.

350. ניט אריַין אין ליִנקער פּייע — ניט געהערט, ניט געלייגט קיין אכט.

351. טשערנאָוויטש די מעגילע — טשערנאָוויץ (די הויפּט־שטאָט פון בוקאָווינע, געוועזענע עסטרײַך) איז געווען א צענטער פון רעפאָרמיסטן, וואָס האָבן זיך גענומען רעפאָרמירן די יידישע רעליגיִעזע ריטואלן אפּן מאניר פון דער דײַטש־שער פּראָטעסטאנטישער קירכע. אין די רעפאָרמיסטישע קאָר־שולן האָט מען דעם פורים־יאָנטעוו ניט דורכגעפירט און די טראדיציִאָנעלע מעגילע ניט געלייענט. הערן ווי אין טשערנאָוויץ די מעגילע באטײַט — ניט הערן גאָרנישט.

352. טשומאקעס — פארמעגלעכע אוקראַיִנישע פּויערים, וואָס פלעגן זיך באשעפטיקן מיט אריבערפירן סכוירע אף ווײַטע שטרעקעס.

353. אָלעהאָ האשאָלעם (רו צו איר) — א רייד־ארט, בייס מע דערמאנט א געשטאָרבענע פרוי; בעיאָמאָוו — בא זײַן לעבן; באָטועך — זיכער.

354. הויפּטוואכטע — ארעסטאנטן־הויז פאר סאָלדאטן.

355. פּײַלנבויגן, שווערדל, האָמענ־קלעפּל — שפּילצײַג בא קיידער־ייִנגלעך, פארבונדן מיט רעליגיִעזע צערעמאָניעס. די דערמאנטע שפּילצײַג איז אויך אן אטריבוט פון „ריטער־קראפט" בא קיידער־ייִנגלעך.

356. דריידל — א שפּילצײַג פאר כאנוקע. אפן דריידל, וואָס האָט פיר זײַטן, זענען אויסגעקריצט די אויסיעס „נ", „ג", „ה", „ש". אין דער שפּיל געווינט יענער, בא וועמען דאָס דריידל שטעלט זיך אף דער „ג".

357. אגמעסנעפּעש — הארצקלעמעניש.

# קאפיטל 14

358. אמצעס קויכוי — פיזישע אָנשטרענגונג.

359. זײַנען מויסער מוידאָע — דערקלערן, מעלדן.

360. וואשע בלאגאָראָדיע — אײַער וווילגעבוירט (א פאָרם פון ווענדונג צו אָפיצירן פון א באשטימטן ראנג אין דער צארישער ארמיי).

# פישקע דער קרומער

## ווידמונג

1. מענאשע מארגוליס (1837—1912)—א יוריסט, א פובליציסט און בורזשואזער קלאל־טוער; ער האָט זיך באטייליקט אין יידישע פארלאג־איניאָנים און איז געווען אקטיוו אין דער בורזשואזער געזעלשאפט „OПE“ (געזעלשאפט צו פארשפרייטן בילדונג צווישן יידן), די לעצטע יאָרן — פּאָרזיצער פון אָדעסער „אָפע“. ארום אים האָט זיך קאָנצענטרירט די יידישע ליבעראל־בורזשואזע אינטעליגענץ פון אָדעס. ווארשיינלעך, האָט ער געהאט א שייכעס אויב צו דער אָדעסער טאלמעטוירע, מיט וועלכער עס האָט פארוואלטעט מענדעלע מויכער־ספאָרים.

2. בעמאטאָנע — אין נעשאנק, אין ווידמונג.

3. מעכאבער — פארפאסער, אווטער.

4. ניגן — מעלאָדיע.

5. כיבורים — פארפאסונגען, ליטעראַרישע ווערק.

6. זמירעס — געזאנג־טפילעס; דאָ: פריילעכע לידער.

7. איכעס — קלאָג־טפילעס; דאָ: טרויער־לידער, עלעגיעס.

8. כאָלילע (כאָלילע־וועכאס, כאסווּשאָלעם) — עס זאָל ניט אויסגערעדט זיין; אין טעקסט—א סטיליזיר־מיטל.

9. גאדלעס—גרויסהאלטעריי, שטאָלץ.

10. מאָרעשכוירעדיקער מעשוירער — פארומערטער זינגער, טרויעריקער דיכטער.

11. וועסנע־צייט פון אונדזער לעבן — געמיינט די יאָרן פון די צארישע „רעפאָרמעס“ („באפרייאונג“ פון דעם פויערטום, דאָס אָפּשאפן די רעקרוטשינע, ליבעראלע פארלייכטערונגען מיצאד דער צארישער רעגירונג אין די אינטערעסן פון דעם זיך אנטוויקלענדיקן קאפיטאליזם). די מאסקילים, צו וועלכע ס׳האָבן דאן געהערט מארגוליס און מענדעלע, האָבן פארבונדן מיט די דאָזיקע צארישע „רעפאָרמעס“ די פארווירקלעכונג פון זייערע האָפענונגען בענוגייע דעם יידישן לעבן; די דאָזיקע האָפענונגען האָבן, נאטירלעך, געפּלאצט: אין די 80־ער יאָרן ווערט נאָך מער פארשטארקט די רעאקציע, ספּעציעל דער אנטיסעמיטיזם; מענדעלע קלאָגט זיך, וואָס „יענע שיינע וועסנע־צייט איז אוועק“.

12. מיליץ יוישער — פארטיידיקער, אדוואָקאט (געמיינט מענאשע מארגוליסעס ארטיקלען אין דער רוסישער פרעסע וועגן דער אזויגערופענער „יידן־פראגע“).

13. אָפגענומען דאָס לאָשן — געמיינט אופגעהערט צו שרייבן (זע אריינפיר).

14. איבערגעהאט אייסאָקים מיט הילעל, רעב מייער, רעב אקיווע—איבערגעהאט געשעפטן מיט הילעל, רעב מייער, רעב אקיווע — טאלמודישע טאנאָים (לערנערס) מיט אזוינע נעמען; מעטאפאָריש — געשריבן וועגן זיי ארטיקלען.

15. מיין יעש בעקאן (דאָ איז פאראן) — מיין שילד, מיין ארויסגעשטעלטע סכוירע.

16. עווידינים, קאפצאָנים — סינאָנימען פון אָרעמעלייט.

17. באוויני סיינו האָראבים — איבער אונדזערע פילע זינד (א רייד־ארט בא פרומע יידן).

18. דראבעס — דרויב, קליינינקע מענטשעלעך.

19. א באָרעכאבע — א באגריסונג אן אָנגעלייגטן גאסט.

20. אוכדוימע — א. ד. גל.

## קאפיטל 1

21. טאניסים — רעליגיעזע טרויער־טעג, ווען ס׳איז פארבאָטן צו עסן.

22. ספירע (ציילונג) — די טעג צווישן פייסעך און שוועס, ווען ס׳איז לויט דער רעליגיע פארבאָטן צו פראווען כאסענעס און אנדערע סימכעס.

23. קינעס — קלאָג־טפילעס אפן כורבן פונעם בייס־האמיקדעש;
סליכעס — כאראָטע־טפילעס אפ די זינד;
טכינעס — טפילעס, געשריבן אין איווריע־טייטש (יידיש) ספּעציעל פאר פרויען;
מאנעלאָשנס — טפילעס, וואָס מע זאָגט נאָך געשטאָרבענע אפן בייסוילעם, באזונדערס אין כוידעש עלעל.
שויפרעס — הערנער, אין וועלכע מע בלאָזט אלע טאָג אין בעסמעדרעש, אָנגעהויבן פון ראָשכוידעש עלעל ביז יאָמקיפּער;
מאכזיירים — טפילע־ספאָרים פאר די יאָנטעוו־טעג.
קינעס, סליכעס, טכינעס, מאנעלאָשנס — באצייכענען אויך די אנטשפרעכיקע טפילע־ספאָרים. די דאָזיקע סכוירע פארקויפט, הייסט עס, מענדעלע מויכער־ספאָרים.

24. אקלאל — אינקורצן, אלזאָ.

25. שיוועאָסער בעטאמעז — 17־טער טאָג אין טאמעז (יונ — יול), א טאָנעס, איינער פון די רעליגיעזע טרויער־טעג.

26. טאלעס און טפילן — רעליגיעזע זאכן, וואָס פרומע יידן ציען ארופ אפ זיך בייס דעם אינדערפריקן דאווענען.

27. מײַסע סאָטנ — אפּצולאָכעס, גלײַך װי דער סאָטנ (דער שער) זאָל אומיסטנ אָפּטונ א שפּיצל.

28. יעיצערטאָװ — א גוטער גערדאַנק; יעיצערהאָרע — שלעכטער גערדאַנק; לויט די רעליגיִעזע פאָרשטעלונגענ — מאלאָכים, א גוטער אונ א שלעכטער, װאָס באגלייטנ דעמ מענטשנ דאָס גאנצע לעבנ זײַנס אונ רעדנ אימ אײַנ צו טונ: דער יעיצערטאָװ — גוטס, אונ דער יעיצערהאָרע — שלעכטס (אויסצופירנ גאָטס געבאָטנ אָדער צו זינדיקנ).

29. מוסערט מיכ — זאָגט מיר שטראָף־רייד, מאכט מיר א פאָרװורף, דראָט מיר מיט גענעמ אונ פײַניקונגענ אפ יענער װעלט.

30. פּײרעק (פּירקיי־אָװויס) — א טראקטאט פונ טאלמוד װעגנ רעליגיִעזער אופירונג.

31. א ייִד אונטערװעגס... די געבראכטע שטעל פונ פּײרעק איז באמ אװטער א סארקאסטישע סאטירע אפנ געראנק, װאָס די ראבאָנים האָבנ געשטרעבט אײַנצופלאנצנ אינ די מויכעס פונ די ברייטע מאסנ, אז דער נאטירלעכער װילנ פונ א מענטשנ צו געניסנ פונעמ לעבנ אונ פונ דער נאטור־שיינקײַט איז א זינד, פאר װעלכער מע װעט שטראָפנ אפ יענער װעלט.

32. מאפסיק — רײַסט איבער.

33. ערטוט זיכ א מײַסע אָנ — ער נעמט זיכ דאָס לעבנ; דאָ — ער פארלירט זײַנ כיילעק גאניידנ אפ יענער װעלט.

34. נעפאשעס — באשעפענישנ; געפײגערטע נעפאשעס — דערשלאָגענע מענטשנ;

נעשאָמעס פארוקטע אינ טשאָלנט — מענטשנ, װאָס האָבנ פארלוירנ זייערע נאטירלעכע געפילנ, פונקט װי דער טשאָלנט (טראדיציאָנעלע שאבעסדיקע מאכאָלימ, װאָס מע פארוקט זיי אינ אויװנ פרײַטיק באטאָג אפ א גאנצנ מעסלעס) פארלירט דעמ נאטירלעכנ טאמ;

אָפּגעשלאָגענע הוישײַנעס — אָפּגענוצטע זאכנ; מענטשנ, װאָס פארלירנ זייער פרישקײַט, פונקט װי די הוישײַנעס (בינטל װערבע־צװײַגלעכ) פארלירנ זייער פרישקײַט נאָכנ אָפּקלאפּנ פונ זיי די בלעטלעכ בײַס דער רעליגיִעזער צערעמאָניע אינ איינעמ פונ די סוקעס־טעג.

אינ דער דאָזיקער שטעל קומט צומ אויסדרוק די פארצװייפלונג אונ דערשלאָגנקײַט פונעמ אװטער איבער דעמ אָפּיציעלנ צארישנ אנטיסעמיטיזמ, װאָס האָט זיכ פארשטארקט אינ די 80־ער יאָרנ פונעמ פאָריקנ יאָרהונדערט.

35. קאװאָנע — אופמערקזאמקײַט, אײַנגעטראכטקײַט אינעמ אינהאלט פונ א טפילע.

36 קאָרבנ־מינכע — א טפילע־סייפער (סידער) מיט איװורע־טײַטש (פארטײַטשונגענ אינ ייִדיש פאר פרויענ).

37. דער דאָ — װעלכער (פונעמ טיל פונ די װײַבערשע טכינעס).

38. פגאָרימ — קערפּערס. די געבראכטע בראָכע פונעמ דאװנענ איז באמ אװטער אנ איראָניע אפ דעמ, װאָס די ייִדישע אָרעמשאפט רעאגירט אפ אירע ליידנ מיט דערשלאָגנקײַט אונ טפילעס.

39. ריבוינעשעלוילעמ — גאָט;

ניט זיי מײנ. איכ — ניט די ייִדנ מײנ איכ;

פגירע — געפאלענע בעהיימע; מעטאפאָריש — דארע קליאטשע;

קינדער־ייִסראָעל — ייִדנ.

40. די קאָמאנדע פונ נעװוּכאדנעצער מעלעכ באָװל — דאָס מיליטער פונעמ ביבלישנ נעװוּכאדנעצער דעמ מיילעכ פונ באָװל (אינ מעסאָפּאָטאמיע), װאָס האָט באזיגט די מעלוכע פונ אוראלטער יקהודע (פאלעסטינע) אונ כאָרעװ געמאכט איר הויפּטשטאָט יערושאָלאיִמ. דאָ געמיינט די שװידערלעכע פּאָגראָמענ, װאָס די צארישע רעגירונג האָט געמאכט אפ ייִדנ אינ אָנהייב פונ די 80־ער יאָרנ פונעמ XIX יאָרהונדערט אינ אסאכ שטעט אונ שטעטלעכ פונ אוקראַינע; די קאָמאנדעס פונ נעװוּכאדנעצער מעלעכ באָװל — די פּאָליציי־אונ זשאנדארמעריע־אָטריאדנ פונ אלעקסאנדער III. דערמיט איז פארבונדנ דאָס ברענגענ אינ טעקסט דעמ פּיזמענ (טפילע־דיכטונג) „אונ דער טאָטער פונ צאָפנ־זײַט" — דאָס הייסט די פּאָליציי פונעמ צארישנ פּעטערבורג, װי אויכ דעמ סאָפ פונעמ אבזאצ: „די קאָמאנדע ברעכט װענט, זעצט אויס טירנ... ייִדנ שרײַענ גװאלד אונ לויפנ".

41. פּיפּערנאָטער — אומבאשטימטע שלאנג, דאָ געמיינט — פּאָגראָמ־מאכערס; יויצע געװענ — אויסגעפּילט די פליכט.

42. ראכומ, צאדיק — דערבארעמדיקער, גערעכטיקער (װערטער־װענדונגענ צו גאָט אינ די סליכעס). די דאָזיקע שטעל אינ טעקסט איז א סארקאסטישע איראָניע אפ דער פּאסיװקײַט פונ די ייִדישע מאסנ, װאָס רעאגירנ אפ די צארישע פארפאָלגונגענ מיט געװיינ אינ טפילעס. זיי זאָגנ אָפּ א סליכע אונ האָבנ שוינ „יויצע געװענ". דערמיט איז פארבונדנ דער װײַטערדיקער געשפרעכ מיטנ פערדל, װאָס פערזאָניפיצירט בא מענדעלען דאָס „ייִדישע פאָלק"; עס בוקט זיכ צו די באטריבער מיט די װערטער: „אדויני פּאָרעצ (מײַנ האר פּאָרעצ), אונ װאָס איז מיקויעכ עסנ"? אונ באקומט א ציכנ צו אופשטײנ. מענדעלע שפּעט אָפּ פונ דער דאָזיקער „ייִדישער כאָכמע" אונ די פראזע פונ די קינעס: ציִענ, באָכ קאָל בעהיימע װאָויפ כאכאָמו, — ציִענ (ערעצ־ייִסראָעל), אלע בעהיימעס אונ אויפעס זענענ בא דיר געװענ קלוג — טײַטשט ער אייגנארטיק: בא ייִדנ זענענ אלע בעהיימעס קלוג.

43. מעמרע — א זאָגעכץ, א פראזע פינ א רעליגיִעזנ סייפער.

44. פּײַנע־ברִיעס — „שיינע" ייִדנ, קלוימערשטע קלאל־טוער.

45. רעצועס — די לעדערנע רימענס פונ די טפילנ.

46. באטלענ כאלוימעס — אויסלאָזנ צו עמעצנ דאָס האַרצ, אָפּזידלענ.

47. גיבוירימ — אטלעטנ, קריגערס; געװורע — פיזישע קראפט.

48. לעהאװדל — צומ אונטערשיידנ (זע באמ. 129 צו דער „טאקסע").

49. כידושימ — װוּנדער, ציקאװע פּאָקוסנ.

50. יאקנעהאָז — אינ דער העברעיִשער טראנסקריפציע „יקנ״הז״ — אָנפאנג־אויסיאָס פונ די ווערטער: יאִינ, קידיש, נייר, האוודאָלע, זמאנ — פארשיידענע בראָכעס, וואָס מע זאָגט באַמ קידעש אינ א יאָנטעוו, ווענ ער פאלט אויס אפ שאבעס־צונאכטס אונ מע דארפ איינציִיִטיק מאכנ, האווראָלע (א צווייטער טינ קידעש). ארומ דער פראגע וועגנ דער אָרדענונג, אינ וועלכער מע דארפ זאָגנ די דאָזיקע בראָכעס, איז פאראנ אינ טאלמוד א לאנגע קאזויִסטישע אמפעריַי צווישנ פארשיידענע טאנאִימ. אינ אומגאנג איז דעריבער דאָס וואָרט יאקנעהאָז פארוואנדלט געוואָרנ אינ א באצייכענונג פונ א טויגעניכץ, פונ א שלימעזאלניק, א מענאכעמ־מענדל.

51. באל־דאברענ — א פּייִקער צו ריידנ, אנ אָראטער.

52 אָנא שומ היסמאנעס — ד. ה. אָנ דעמ, זי זאָל מוזנ אויספּילנ א באשטימטע פליכט.

53. טקיִעס — אויסגעצויגענע לאנגע טענער פונ א שויפער, אינ וועלכנ מע בלאָזט ראָשעשאָנע.

54. טאמ — געשמאק, באטיַיט אויכ סיבע.

55. פארשע „ייִסרוי״ — א ווינטער־וואָכ, ווענ מע לייענט אינ בעסמעדרעש די סעדרע פונעמ כומעש מיטנ נאָמענ „ייִסרוי״ (דער כומעש איז פארטיילט אפ אָפּטיילנ — סעדרעס, אָדער פארשעס, אפ יעדער וואָכ א באזונדער פארשע); וויספע — אינדזל.

56. א ברייטער שאָלעמ־אלייכעמ — אנ אָנגעלייגטע באגעגעניש, בא וועלכער מע גיט איינער דעמ צווייטנ די האנט מיט א באגריסונג „שאָלעמ־אלייכעמ״.

57. פּידיענ — געלט־לייזונג, האנדל; מינ־האאצאר — פונ דער זיַיט.

58. גלופסק — באטיַיט בערדיטשעוו;

יארמעלינעצ — א שטעטל אינ פּאָדאָליע, אמאָל א גרויסער יארִיד־פּונקט.

59. שעלראָש — די טפילנ, וואָס מע טוט אָנ אפנ קאָפּ באַמ דאווענע.

60. באטשיטע יאקי פאני־בערי... — טוט א קוק, — וואָס פארא פּיַינע־בריִעס, צאציעס, ע־ע! א רועכ אינ איַיער מאמענ, באפריַיט דעמ וועג! היי גיכער, ייִדלעכ, לאבסערדאקנ (די פּויערימ באנוצנ דאָס וואָרט פּיַינע־בריִעס אינ ייִדיש; עס באטיַיט בא זיי — פרומע ייִדנ, וואָס טראָגנ טראדיציאָנעלע ייִדישע קליידער).

61. ביזכוס זע — אינ דעמ זכוס (מיט איראָניע, אלס פארדינסט דערפאר); זיסט — אנדערש.

62. יוישער — מענטשלעכקיַיט, אָרנטלעכקיַיט;

אייסעוו — א שאָוויניסטישע באצייכענונג פונ א ניט־ייִדנ, (לויט דער פּאָרשטעלונג פונ די פרומע ייִדנ, שטאמענ קריסטלעכע פעלקער פונעמ ביבלישנ אייסעוו, ייִצכאָקס זונ לויט דער זעלביקער פּאָרשטעלונג, וואָס איז געווענ א פאר־גרעבטער אכזאָריעסדיקער מענטש).

63. וועהאיאָדאִימ יעדיי אייסעוו — אונ די הענט זענענ אייסעווס הענט, ד. ה. הענט פונ ניט־ייִדנ, וואָס זענענ אימשטאנד ארויסצושלעפּנ דאָס ביַידל פונ דער בלאָטע. די געבראכטע העברעייִשע ווערטער זענענ א פראזע פונ דער ביבל, וואָס עס זאָגט דער בלינדער ייִצכאָק בעשאס ער קלייַבט זיכ צו בענטשנ פארנ טויט זיַינ עלטסטנ זונ אייסעוו אונ דער ייִנגערער זונ יאנקעוו, וואָס האָט זיכ פארשטעלט פאר אייסעוונ, נארט אויס באַמ בלינדנ פאָטער די בראָכע. דער אָנהייב פונ דער פראזע איז — האקויל קויל יאנקעוו — דאָס קאָל איז יאנקעווס קאָל. דער בלינדער, הייסט עס, איז אינ פארלעגנהיַיט: ער ווייסט ניט ווער דער געקומענער זונ איז. לויטנ קאָל איז ער ענלעכ צו יאנקעוונ אונ לויט די הענט, (אָנגעטאָנענע אינ פעל) — צו אייסעוונ.

דאָ קומט צומ אויסדרוק דעמ אווטערס איראָניע איבער דעמ, וואָס ייִדנ פּילדערנ, וויינענ אונ שריַיענ אונ לייגנ ניט קיינ אכט אפ דער פיזישער אנטוויקלונג.

64. כאמולעס — א ייִדיש־שאָוויניסטישע באצייכענונג פאר ניט־ייִדישע פּויערימ.

65. פארצעס — פּענעמער, מיט א שאָוויניסטישנ מיינ — פארגרעבטע געזיכטער.

66. זשיד כאלאמיי — אנ אנטיסעמיטישע באצייכענונג פאר א ייִדנ.

67. לוגענ פונ דיַינ הארבעריג — ארויסקוקנ פונ דיַינ וווינונג;

פּאָרכטצומע — גאָטספּאָרטיקע;

גייַערט — נאָר;

אכפערנ — שעצנ;

וועלגער אפ אונדז — ווארפּ אפ אונדז.

68. זאָל טונ ברומענ א דיַינע שטענדיקע פּאָרכטער — זאָל זיכ געפינענ אינ די הערצער פונ דיַינע געטריַיע דינער; אנ איראָניע אפנ אינהאלט אונ סטיל פונ די טפילעס;

נאכעס רועכ — ווילגעמיט, פארגעניגנ.

## קאפּיטל 2

69. ניט שיִעס געמאכט — ניט לאנג געצויגנ.

70. קרעמפּעלעצ — א שטריק, וואָס פעסטיקט צו די אקסנ פונ די רעדער צומ וואָגנ.

71. זיכ מאטריִעכ — באמיט זיכ.

72. שטיקלעכ דרויב — דאָ: קלענערע ניט־וויכטיקע טפילעס.

73. מע מאכט ניט אזא פּייִרעש — מע לייגט ניט קיינ אכט, מע זאָגט עס ניט אָפּ.

74. שעאָר-יעראָקעס — אנדער גרינוואַרג, איבעריקע קלייניקײַטנ.
75. צווײַלנ — אלע ווײַלע; פאָטער ווערנ — זיך באפרײַענ.
76. פאסנ טכײלעס — בלויע אָדער שווארצע וואָלענע פאסנ בא א טאלעס.
77. גײענ מיט די טאצנ — גײענ מיט א פויק, גלײַך ווי מיט קלעזמער; מעכילע — אנטשולדיקט.
78. טאלעסקאָטנ — א לײַבצודעק מיט ציצעס (וואָלענע פרענדזלעך אפ אלע פיר ווינקל-עקנ), וואָס פרומע יִדנ טראָגנ אפ זיך שטענדיק.
79. פעלפענע — פוטערנע; לאמדנ מופלעג — גרויסער קענער (אינ רעליגיִעזע ספאָרימ).
80. מערכעצ — באָד, זיך וואשנ אינ באָד.
81. בעגאָטישע — אָנגעטאָנענע אינ רעליגיִעז-טראדיציאָנעלע קליידער.
82. א כאריפעס — אנ אנטיק, א זעלטנקײַט, א קונצ.
83. שיווימ אומעס — זיבעציק פעלקער. לויט דער פאָרשטעלונג פונ די רעליגיִעזע יִדנ עקזיסטירנ אפ דער וועלט 70 פעלקער אונ 70 שפראכנ.
84. אווירע — גאָט-דינסט, ארבעט; אכילע — פרעסנ.
85. אָדאָמ אובעהײמע — א מענטש אונ א בעהײמע; צוליב פארבאהאלטענער איראָניע ווערט עס אינ טעקסט פארטײַטשט „א מענטש א בעהײמע".
86. טאקסע — ספעציעלער שטײַער (קאָראָבקע-אָפצאָל), וואָס פלעגט אופגעמאָנט ווערנ פונ יִדנ פאר קאָשער פלייש אונ פאר שעכטנ פי אונ אויפעס באמ שויכעט (זע באמערקונג 2 צו „די טאקסע").
87. קעזאיִס — א קליינ שטיקל, גרויס ווי אנ אײַלבירט (מאסלינע).
88. באלטויוועס — קלאל-טוערס, וואָס זאָרגנ קלוימערשט פאר אָרעמעלײַט אונ אינדערעמעסנ באראבעווענ זיי די דאָזיקע אָרעמעלײַט.
89. מיסכער — האנדל; טישעבאָוו-ניגנדל — א טרויעריקע מעלאָדיע פונ די קינעס, וואָס מע זאָגט אינעמ רעליגיִעזנ טרויער-טאָג טישעבאָוו.
90. אָרלטע — א שאָוויניסטישע באצייכענונג פארנ א ניט-יִדישער פרוי.
91. מעכוערעס — דער אייגנטלעכער באטײַט פונעמ וואָרט איז — א מיִעסע פרוי; פרומע יִדנ פלעגנ באצייכענענ מיט אָט דעמ וואָרט א שיינע פרוי א נאקעטע אָדער א האלב-נאקעטע, וואָס פע טאָר אפ איר ניט קוקנ. דעמ דאָזיקנ פארשטעלטנ באטײַט האָט אָט דאָס וואָרט אויך דאָ.
92. גוטע לײַט — צאדיקימ, „גוטע" יִדנ; וואָלט עס גענומענ אפ זײַנע קײלימ — וואָלט עס פארשטאנענ מיט זײַנ סייכל; אישע — פרוי; לוי האָיע — ס'הייבט זיך ניט אָנ.
93. שוימער — היטער, א דריטע פערזאָנ, וואָס דארפ בײַזײַנ (לויט דער רעליגיע) אינ א צימער, ווו א מאנצבל געפינט זיך אויג אפ אויג מיט א פרעמדער פרוי.
94. סאָנע-ציִענ — די סאָנימ פונ ציִענ (יִדנ). א שאָוויניסטישע רייד-ארט בא פרומע יִדנ, וואָס באצייכנט זייער ווילנ אריבערצוטראָגנ זייערע פערזענלעכע צאָרעס אפ ניט-יִדנ.
95. ערשטער שטערנ — אָנהייב נאכט, ווענ עס ענדיקט זיך דער טאָנעס אונ מע מעג שוינ עסנ; פאר-וואָר — אינדערעמעסנ.

# קאפיטל 3

96. מעוואטל מיט דעמ בליק — קוקט פארניכטנדיק, באציט זיך מיט פאראכטונג. דאָ מיט איראָניע: צוליב געשעפט איז ער גרייט יענעמ צו פארניכטנ.
97. פיזעמ — א הייל-מיטל אופצומינטערנ א פארכאלעשטנ.
98. מעניִע — אָפהאלט, שטערונג; בסולע — מיידל.
99. אקאָרע — א פרוי, וואָס קאָנ נישט האָבנ קיינ קינדער; לויט דער יִדישער רעליגיע מוז דער מאנ געטנ זײַנ פרוי, אויב זי האָט קיינ קינדער ניט.
100. א טערעצ אפ אלע קאשעס — אנ ענטפער אפ אלע פראגעס (פונ דער רעליגיִעזער פראזעאָלאָגיע).
101. סילעקנ — אָפצאָלנ, דעקנ א כויוו; באלכויוועס — דעביטאָרנ, מענטשנ, וואָס זענענ שולדיק יענעמ געלט.
102. שײנע-מויריינו — א שיינער יִד, וואָס צוליב זײַנ פרומקײַט אונ לאמדאָנעס טראָגט ער דעמ טיטל מויריינו — אונדזער לערער.
103. געמעלאָכעט — געקינצלט.
104. טײַמימ, פיירושימ — דערקלערונגענ, פארטײַטשונגענ.
105. רופ מיכ... — די אלע פראזעס באצייכענענ אויסדריקנ פונ באנקראָטנ, פונ אָנזעצערס: רופ מיכ קנאק-ניסל הייסט — וואָס קאָנסטו מיר טונ. איכ צאָל ניט; לאָד מיכ צומ אונסאנע-טויקעפ — לאָד מיכ צומ הימלשנ געריכט, עס וועט דיר ניט העלפנ (אונסאנע-טויקעפ — א טפילע, וואָס שילדערט דעמ געריכט בא גאָטס טראָנ אפנ הימל); מאכטײסע — עס ארט מיכ ניט דײַנ געפילדער; קוימעמיִעס (האָפערדיִק) — איכ הער דיכ מיטנ קאָטער; סמאהע דיר פארפל — א פײַג דיר אינ פיסק.
106. דעמ רעכטנ פשאט — די ריכטיקע פארטײַטשונג, דעמ עמעסנ מיינ.
107. שײַלעס — פראגעס; אומרו — צינגל פונ א זייגער.

# קאפּיטל 4

108. אוילעם־האבע — יענע וועלט, גאניידן.

109. באהעלפער — א געהילפס, א שיק־ייִנגל בא א רעבנ אינ כײדער (א פאַרנאָסע פאַר זײער אָרעמע קינדער).

110. מעשאָרעס — דינער אינ א קלייט אָדער אינ אנ אכסאניע (אײַנפאָר־הויז); זע באמ. 261 צו „די טאקסע".

111. האמצאָע — אײַנפאל, שפּיצל.

112. קאמייעס (קאמייעלעכ) — אופּשריפטנ אפ פּארמעט, וואָס כסידימ פלעגנ צוקלעפּנ צו דער טיר אָדער טראָגנ אפנ האלדז אלס א מיטל קעגנ אנ אומגליק, קעגנ בייזע רוכעס א. אז. וו.

113. טכינעס סאָרע־באסטויומ — טפּילע־ספאָרימ אינ איוורע־טײַטש (יידיש) פאר פרויענ, וואָס זאָלנ זײַנ פארפאסט פונ א פרוי סאָרע־באסטויווימ.

114. שארגאָראָד, גריידינג (האָראָדאָק) — שטעטלעכ אינ פּאָדאָליע.

115. קאָליאנדרעווענ — גײנ פונ איינעמ צומ צווייטנ, פּונקט ווי בא די קאָליאדעס (פּראוואָסלאווישער יאָנטעוו פאר נײַ־יאָר).

116. טעפּ־ברעכנ — ר. ה. שליסנ א שידעכ, מאכנ א קנאסמאָל (אפ א סימכע בא פרומע ייִדנ ברעכט מענ טעלער אָדער טעפּ).

117. שטוסערײַ — גארישקײַט;

פשיטע — פארשטענדלעכ, שוינ געוויס אזוי.

118. מעכויעוו זײַנ — דאָ: עס דארפ זײַנ.

119. מעשארעכ זײַנ — צונויפפּאָרנ, מאכנ א שידעכ.

120. בעהאָלע — פאניק, טומל;

דאלעס — אָרעמקײַט.

121. זאָכער (זכאָרימ) — מאנצבל;

נעקייווע — פרוי.

122. פּונקט אינ קארב — פּונקט אינ פּינטל;

לאָזט זיכ דינגענ — האָט געדולד.

123. דירעפועס פאר דער מאקע — די היילונג פאר דער קרענק.

124. געקרוינט מיט דער מוירײנו — דאָס הייסט א בעקאָוועדיקער פארשוינ, וואָס באמ אופרופנ צו דער טוירע אינ בעסמעדרעש אָדער אינ בריוו־ווענדונגענ באטיטלט מענ אימ מיטנ נאָמענ מוירײנו (זע באמ. 102).

125. מינ האשאָמאַימ — פונעמ הימל, באשערט פונ גאָט.

126. גרויסער מי־זמער (געזאנג) — לויב־געזאנג.

127. באל־צדאָקע — א מענטש, וואָס גיט מיטלענ אפ ווילטעטיקע צוועקנ.

128. א גאבע אינ כעוורעס — א הויפּט אינ אזאכ צדאָקע־כעוורעס.

129. גאמזו לעטויווע — אויכ דאָס איז צומ גוטנ.

130. אינ פלוג — פונ ערשטנ בליק.

131. אײַ, ווי אינ א באָד — ד. ה. ס'איז שטארק הייס, ווי אינ א שוויצ־באָד.

132. זײַנ נעפעשל — זײַנ אייגענע פּערזאָנ, זײַנע פּערזענלעכע גלוסטעניש;

קעמינהעג־ייִד — אפנ ייִדישנ שטייגער;

אדאיעמ — ביז איצט;

יעפייפיע — א שיינהײַט;

זאמד־פאטשערקעס — קרעלנ.

# קאפּיטל 5

133. רייש — דאָס אָס „ר" פונעמ ייִדישנ אלפאבעט;

מעזאקע זײַנ — באגליקנ.

134. פּוילער ארטיקל — לעגער־סכוירע, ניט־גאנגבארע סכוירע;

135. מעכאבעד געווענ — אופּגענומענ אלס א גאסט;

מעפורסעמעס — באוווסטע, בארימטע.

136. מאזיק געווענ — צעשעדיקט, געהארגעט;

שטאָט־מעגעגע־שטאָט־אידיאָט, א טויב־שטומער.

137. אנדרויגענעס — הערמאפראָדיט (האלב מאנצבל אונ האלב פרוי).

138. זיכ מעסאמייעכ געווענ — זיכ געפרייט אונ געהוליעט;

מאצייוועס — דענקשטיינער אפ קוואָרימ.

139. צארבאלעכאימ — א ראכמאָנעס אפ א לעבעדיקער באשעפעניש (געוויינלעכ באנוצט מענ אָט דעמ אויסדרוק בענעגייע צו בעהיימעס אָדער כײַעס).

140. צווייער, דרײַער — צוויי גראָשנ, דרײַ גראָשנ;

טאכטוינימ — הויזנ.

141. קלייקוידעש — רעליגיעזע דינער (דער ראָוו, דער שויכעט, דער כאזנ א. ד. גל.)

142. פּורים־געלט, כאַנוקע־געלט — געדאָוועס, וואָס קאַפּצאָנים פלעגן זאַמלען אין די טעג פון די רעליגיעזע יאָנטויווים פּורים און כאַנוקע.

143. אַלעקעכ־און־בראָנפן — אַ סימכע בײַס אָנאָמען געבן אַ נײַ־געבוירענער טאָכטער; קרישמעליינען — אַ רעליגיעזע סימכע בײַ אַ קימפּעטאָרן אַ טאָג פאַרן ברים.

144. טײַנעג — פאַרגעניגן.

145. האָסלע — אַ ספּעציעלער פּלאַץ אַף אויסצושיטן דאָרטן מיסט.

146. מינהעג — טראַדיציע; טשערקאַסענע קאַפּאָטע — אַ קאַפּאָטע פון גלענצנדיקן שטאָף.

147. בעלי־ניידער — אָן אַ צוזאָג.

148. רויפים — היילערס, פעלשערס, געוויינלעך זענען דאָס געווען שערערס, וואָס פלעגן שטעלן באַנקעס, לאָזן בלוט, שטעלן פּיאַווקעס און ד. גל.

149. מיסע־מעשונע־קאָליר — בונטער קאָליר, וואָס איז שווער אַף אים צו קוקן.

150. קאָל־האַמינע — אַלע מינים; ווײַסכעוורעניק — קונדעס, שטיפער.

151. אַזעספּענעמער — דאָ: מענטשן, וואָס שטעלן זיך קעגן די שטאָט־באַלטויוועס, קעגן די רעדלפירערס; נאַבאָר — אופנעם פון די רעקרוטן (סאָלדאַטן).

152. וויבאָרעס אַף גלאַסנעס — וואַלן פון ראַטמענער אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג; וויבאָרעס אַף אַ ראָוו — וואַלן פון אַ קאַזיאָנעם ראַבינער.

153. כאַטאָים — זינד.

154. יאַכסן — אַ מעיוכעסדיקער ייִד (וואָס שטאַמט פון געהויבענע עלטערן).

155. באַל־דייע — אַ דייע־זאָגער, אַ סאַקיפּ אין קאָהאָלשע איניאָנים.

156. ביזכוס מעיוכאָסים — אין זכוס פון (צוליב) מעיוכאָסים.

157. בעיעכידעס — איינער אַליין.

# קאַפּיטל 6

158. אַ גרויסן בּאָרעכאַבע — אַ פײַערלעכע באַגעגעניש (מיטן וואָרט „באָרעכאַבע"— אַ באַגריסונג פאַר אָרײַנגע־קומענע געסט); הויז — פּאָדער־צימער.

159. קאַפּאָרע וועררן — אומקומען פאַר יענעם; פּונקט ווי די הון, וואָס מע שלאָגט מיט איר קאַפּאָרעס ערעוו יאָמקיפּער; לעסאָף — צום סאָף.

160. באַטלאָנים — פרומע ייִדן, לײדיקגייערס, וואָס באַקומען זייער אויסקומעניש פון נעדאָוועס.

161. זיך מעיאַשעוו געווען — זיך באַטראַכט.

162. כאַפּערס — דינער בײַ קאָהאָלס־לײַט, וואָס כאַפּן רעקרוטן (זע באַמערקונג 225 צו דער „טאַקסע").

163. בעריעס — דאָ מיט איראָניע: לידל־מאַכערס.

164. מיסכײַעוו געווען — פאַרפּליכטעט.

165. גילדענע יויך — די יויך בײַ דער כופּע־וועטשערע.

166. טאַכשיט — צירונג, אַ געראָטענער באָכער; דאָ מיט איראָניע: אַ שווינדלער.

167. באַשער — דערפאַר ווײַל...

168. נישט לעקאָוועד — עס שטייט ניט אָן (דער שידעך).

169. מיט כאַנציעס קאַבאָלע — לויט כאַנציעס סעקרעט.

170. דעם עסרעג בענטשן — אָפּריכטן אַ רעליגיעזן ריטואַל אין די סוקעס־טעג מיט אַ טראָפּישער פרוכט (עסרעג) און מיט אַ פאַלמע־צווײַג (לולעוו). צו די רײַכע פרויען פלעג דער שאַמעס טראָגן דעם עסרעג און לולעוו אַהיים. פּורים פלעג דער כאַזן אָדער זײַן געהילף (אונטער־כאַזן) קומען צו די גווירישע ווײַבער אַהיים לייענען די מעגילע.

171. זאָגערן — אַ פירזאָגערן פון טפילעס אין דער ווײַבערשער שול.

172. נאָך אויסנעמעניש — נאָכן ארויסנעמען די טוירע פונעם אָרנקוידעש אין שול בײַסן איבערײַס פונעם דאַוונען. די פרויען פלעגן אויסנוצן דעם איבערײַס צו גיין אַהיים עפּעס איבערכאַפּן.

173. כײַ־וועקײַעם — ווערטער פון אַ טפילע, וואָס מע זאָגט יאָנטעוו אַף אַ קאָל: שרײַ כײַ וועקאַיעם — שרײַ גוואַלד, ס'העט דיר ניט העלפן, פּונקט ווי עס העלפן ניט די טפילעס באַם דאַוונען (אַ פאָלקס־ווערטל מיט אַן אַנטירעליגיעזן ניואַנס).

174. מיסאַסקים — מענטשן, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט מיצווע־זאַכן (אין געגעבענעם פאַל — מיט צוגרייטן די כאַסענע פאַר יעסוימים).

175. אַנאַווירע — אַ שאָד; האַסבאָרעס — דערקלערונגען.

176. טכיל׳עס־האַלײַלע — אָנהייב נאַכט, פאַרנאַכט צו.

177. איישעס־כאַיל — אַ פרוי אַ פאַרדינסט־מענטש, אַ ייִדענע אַ בעריע.

178. זיווּגים — שידוכים.

179. מיט אַן אַנדער כיין — דאָ מיט איראָניע: מיט אַן אַנדער מיין, דאָס הייסט צוליב געשעפט.

180. געכאַפּט דעם סטרי, גאָר לאָמדיש — ווייסט דעם גאַנג, ווי עס פּאַסט פאַר אַ לאַמדן (לער־נער), פאַר אַ לאַנד־שאַרבן.

181. ג יי נ  ו י א מ י ז מ ע ר — גייג ווי א לידל, עס וועט זײַן לײַכט.
182. א י ן  מ א כ ש אָ ו ע ס נ — דערוויַל, ביז וואָס ווען.

# קאפיטל 7

183. ש אָ פ ל — שלעכט, קלאָגעריק.
184. מ א ל אָ ס ו י — זײַן קאָווער (א העפלעכע ווענדונג־פאָרמ צו א צווייטער פערזאָן).
185. א יי נ  ב ר יי ר ע — ניטאָ קיין אויסוועג; כ י ל ע פ — אויסטויש, בײַט.
186. ס ט ע כ ע וו ע נ — פאנאנדערטיילן.
187. ב ע ר י ע ש ע  ב י כ ל ע כ  מ י ט  ק ו ר צ ע  ש ו ר ע ל ע כ — ביכלעך מיט קורצע שורעס, לידער־ביכלעך, וואָס גראמען־שרײַבער האָבן פארפאסט.
188. ב א ל א וו יי ר ע ס — מענטשן, וואָס זינדיקן שטענדיק.
189. מ י ש ט יי נ ס  ג ע ז אָ ג ט  ל אָ ש נ — אן איראָניע אף דער פּאָעזיע פון יענע יאָרן, וואָס איז געשריבן אף אן אומגעלומפערטער ייִדישער שפראך.
190. ר ו מ ל — א פּארטיע ספאָרים.
191. ר א ש ע, ד י מ ע נ ט... וו ע ל י ש — באצייכענונג פון פארשיידענע מינים ייִדישן דרוק־שריפט אין יענע צײַטן.
192. אָ צ־ק ו י צ ע צ — א פּיזמען (טפילע־ריכטונג), מיט גראמען אף „אָצ״ און „עצ״. איבער דער שוועריקײַט צו לייענען דעמ טעקסט פון אָט דער טפילע און דער ניט פארשטענדלעכקײַט פונעמ אינהאלט, איז אָ צ ק ו י צ ע צ־ל אָ ש נ געוואָרן אן אלגעמיינע באצייכענונג פאר אן אומפארשטענדלעכער און זינלאָזיקער שפראך, דאָ: אן איראָניע אף דער שפראך פון דער העברייִשער מאסקילישער ריכטונג.
193. כ ש י וו ע ס — ווערט;
ב אָ ב ע־מ ײַ ס ע ס — מײַסע־ביכער;
מ א נ ע ל אָ ש נ ס — ווײַבערשע טכינעס, וואָס מע זאָגט אפן בייסוילעמ; דאָ איראָניש: פּוסטע לאנגע מײַסעס פאר פרויען.
194. ש י ר־ה א מ ײַ ל ע ס נ — געדרוקטע צעטלעך מיט אופשריפטן, וואָס רעליגיִעזע ייִדן פלעגן אופהענגען בא א קימפעטאָרן אין צימער אלס א פּארהיטונג פון רוכעס און שיידימ.
195. ב ע ר ש ע ט (בערשאַד) — א שטעטל אין פּאָדאָליע, ווו מע פלעג פּראָדוצירן טאלייסימ.
196. ה א וו ד אָ ל ע ס — וועקסענע געפלאָכטענע ליכטלעך, וואָס מע פלעגט באנוצן בא רעליגיִעזע צערעמאָניעס.
197. מ א ס ע־א ו מ א ט נ — האנדל, געשעפט־באציִונג.
198. מ י נ כ ע־צ ײַ ט — פארנאכט.
199. א נ יי נ ו — א טפילע, וואָס מע זאָגט בײַסן דאווענען אין א טאָנעס.
200. ק ט ו י ר ע ס (געווירצן) — א קאפיטל פון מישנע, וואָס מיט דעמ הייבט זיך אָן דאָס מינכע־דאווענען; אינהאלט: דער צוזאמענשטעל פון ווײַרעך, וואָס מע פלעגט רויכערן אין בייס־האמיקדעש. די אויסגערעכנטע געווירצן — כיידערשע פארטײַטשונגען פון די קטוירעס.
201. ק ו י ע כ  ה א מ ד א מ ע — פאנטאזיע.
202. ז יי כ ע ר — אָנדענק, סימען.

# קאפיטל 8

203. ב ע ש אָ ל ע מ — געזונט, אומגעשטערט.
204. ז ו י כ ע  ז ײַ נ — פארדינען בא גאָט, ווערט זײַן.
205. „ד ר ײַ  וו אָ כ נ״ — די דרײַ וואָכן פון רעליגיִעזן טרויער — זומער־צײַט.
206. ב ע י ִמ — אויב.
207. מ י ל כ י ק ע  ל אָ ק ש נ.... איי... ז י צ נ  אָ נ ג ע ל אָ ד נ — אין די 9 טעג פאר טישעבאָוו טאָר מען לויט דער ייִדישער רעליגיִע ניט עסן קיין פלייש. מע פלעגט זיך דעריבער פארפאסטן מיט מילכיקע לאָקשן און פארבײַסן מיט אן איי, אײַנגעטונקט אין אש (א סימען פון טרויער). די קלאָג־טפילעס (קינעס) האָט מען געזאָגט זיצנדיק אף דער ערד אָן שיך. קונדייסימ פלעגן זיך ווארפן מיט ב ע ר ל ע כ (שטעכעלקעס) טישעבאָוו אין בעסמעדרעש בײַס די קינעס.
208. א ב ע נ ט ש ע ר ל — א סייפערל פון טפילעס, וואָס מע זאָגט פאר און נאָכן עסן.
209. ד י נ י מ  פ ו נ  ט ר יי ב ע ר נ — רעליגיעזע געזעצן וועגן אויסטיילן דאָס טרייפע פונעמ פלייש און פעטס בא א געקוילעטער בעהיימע.
210. ה א ג אָ ד ע — א טפילע־סייפער, וואָס מע לייענט פּייסעך באמ סיידער.
211. מ א ש ק ע — אלקאָהאָל־געטראנק.
212. פ ו ר י מ, ס י מ כ ע ס ט ו י ר ע — רעליגיִעזע יאָנטויווימ, ווען ס'איז א מיצווע בא פרומע ייִדן צו שיקערן.
213. ב ע ק ו מ פ א נ י ע — אין קאָמפּאניע;
וו י ט ע ט  ז י כ — באגריסט זיך.

214. מעכאדעש זײַנדי לעוואָנע — זאָגן באַשטימטע טפילעס אנטקעגן דער לעוואָנע אין איינער פון די נעכט, ווען די לעוואָנע באַווײַזט זיך. בא די טפילעס זאָגט איינער צום צווייטן: „שאָלעם אלייכעם — אלייכעם שאָלעם“ און שפּרינגט אונטער.

215. מעטופּל מיט קינדער — באַלעסטיקט מיט קינדער, פאַרמאָגט אסאך קינדער.

216. מאכט בראָכע — עסט און טרינקט.

217. יאשער קויעך — א דאנק, זאָל אײַך וויל באקומען.

218. קאַלטע מומע — עלטער־מומע, דער באָבעס אָדער דעם זיידנס א שוועגערן.

219. געהינעט — זיך ארומגעדרייט אהין און אהער.

220. האָרנעם־קאָרנעם — ווערטער־קאַלאמבור: מיטן קאָפּ אראָפּ.

221. אשרײַבערל — דאָ: א פיסאר, א געשעפט־פירער אין וואָלאָסט־קאַנצעלאַריע, ווו מע האָט געבראַכט מענדעלען.

222. טשיני באטשילי... — צי האָט איר ניט געזען, הערט נאָר, א ייִדל דאָ מיט פערד? זאָגט נאָר, טײַערער!

223. אפּנ הארצנא בלעכ... לאנגער שטעקן — א בלעכל מיט א צארישן הערב און א שטעקן — סימאָנים פון דער סטאראָסטע־מאכט;

סטאראָסטע — הויפט פון דער דאָרף־געמיינדע בא דער צארישער מאכט; סאָטסקי — אויספילער פון פּאָליצייִשע פאראָרדענונגען אין דאָרף.

רויטער קאָלנער — א צארישער טשינאָווניק מיט אן אוניפאָרם, וואָס האָט געהאַט א רויטן קאָלנער.

224. ספּיצאסטע בערדל — א שפּיציק, פראנצויזיש בערדל.

225. אפּ יעוואָניש — דאָ געמיינט אפּ רוסיש.

226. פּוראָניעס — פלאָגן, צאָרעס;

רעדיפעס — פארפאָלגונגען.

227. יעוואָרעכעכאָ — זאָל דיך גאָט בענטשן (ווערט געזאָגט צווישן פרומע ייִדן באַם געזעגענען זיך).

228. סטאנאָוואָי — פריסטאַוו, העכערער צארישער פּאָליציי־טשינאָווניק.

# קאַפּיטל 9

229. כפּייצים — שטוב־זאכן.

230. שאָר־האבאָר — א לעגענדארער ריזיקער אָקס, וואָס איז אָנגעגרייט פאר א סודע, ווען מאָשיעך וועט קומען. בא די בעהיימעס דארף די פראזע „געלויבט דער שאָר־האבאָר“ קלינגען, ווי בא מענטשן „געלויבט איז גאָט“.

231. מאפּסיק זײַן — איבעררײַסן;

קיצווע — באַשטענדיקע נעדאָווע־פּענסיע.

232. אוירעכ — גאסט;

שאלשעלעס — א געדרייידלטער טאָן באַם לייענען די טוירע אין בעסמעדרעש. די מערקווירדיקע שילדע־רונג פון דער סוויווע ארום דער קרעטשמע מיט די מעטאפאָרעס און בײַסיקע איראָניעס שטימט פולקאָם מיטן אלגעמיי־נעם סטיל פון ווינקעניש אפּן גאנג און שטייגער אין דער ייִדישער סוויווע, עס טרעט דאָ ארויס דער כאזער פונעם זאק, וואָס מאכט לעכער אין קאָפּ. די קו, וואָס וויל זיך באפרײַען אונ... דאנקט גאָט פאר אירע צאָרעס, די פּײַנע פרומע אָקסן, וואָס זענען ניט מאפסיק (אן אויסדרוק בא פרומע ייִדן וועגן ניט איבעררײַסן דאָס דאווענען אָדער לערנען) און קײַען געשמאק, די פלינקע ציג, וואָס שלעפט וואָס נאָר זי קען, דער אלטער הונט, וואָס לעבט פון נעדאָוועס און לעקט ביינער פון פרעמדע טישן, די 2 פערד, וואָס צעאמפּערן זיך, דערשרעקן די ציג, און יענע טרעט אָן אפּן הונטס פיס. אפּ דעם אלעמען שוועבט דער גײַסט פון דער שאָראבאָר־און שאלשעלעס־קולטור.

233. מאטויוו — ווערטער, מיט וועלכע עס חייבט זיך אָן דאָס אינדערפריִקע דאווענען; ניסט אָפּ איר „מאטויוו“ — טוט דעם ערשטן ביס.

234. פּלויניעסטע — פרוי;

בעגילופּן — שיקערלעך, אופגעלייגט.

235. מאָקעם־מענוכע — רו־אָרט.

236. אגער — א פרעמד־געקומענער (געקומענער פון א פרעמדער שטאָט).

237. בעקיוון — אומיסטן, מיט א מיין: אויבער־האסבאָרע — פארשפּיצטער מיין, אויבערשפּיצל.

238. מיילעץ — ארוואָקאט, פארטיידיקער; די בײַטש געוועז פאר מיר א מיילעץ — די בײַטש האָט פאר מיר גערעדט.

239. מעוויעש ווערן — פארשעמט ווערן.

240. כיין און לײַטזעליקײַט — פראכט און גענאָד.

241. שאָול — דער ערשטער ביבלישער מײַלעך פון ייִסראָעל (אין אוראלטער פאלעסטינע), לויט דער לעגענדע האָט אים דער נאָווי שמועל געזאלבט פאר א מײַלעך בייס ער האָט געזוכט דעם פאָטערס פארפאלענע אייזלען.

242. ציהונדער — חאטשיק.

243. דער רעבע... ניט קראנק צו ברענגען... — די ארענדאראָרעס פון די קרעטשמעס פלעגן דינגען מעלאמדים פאר זייערע קינדער, אָפט א ווייניק־איווערדיקן שלימעזאלניק. די באַלעבאטים פלעגן אויסנוצן דעם רעבן אויך אפּ פארשיידענע שטוב־ארבעטן.

244. זקיינע — אלטע ;

אמיזרעכ — א געמעל מיט אן אופשריפט „מיזרעכ״, וואָס פלעגט הענגען אינ די הײַזער בא פרומע ייִדן אפ דער מיזרעכ־וואנט. דער אינהאלט פונעם געמעל — ביבלישע מאָטיוון.

245. האָמען — לעגענדארער פערסאָנאַזש פון דער מעגילע, וואָס מע לייענט פורים. ער האָט געזאָלט פארניכטן אלע ייִדן ; דורכ מאָרדכען און זײַנ פלימענעצע עסטער, וואָס איז געוואָרן דעם מײלעכס א ווײַב, זענען די ייִדן, לויט דער מעגילע, געראטעוועט געוואָרן, און האָמען מיט זײַנע זין זענען אופגעהאנגען געוואָרן

זערעש — האָמענס ווײַב ; לויט דער לעגענדע, האָט זי געזאָלט ארויסגיסן א טאָפּ קויט און געטראָפן אפ א־ר מאנס קאָפּ ;

מאַנדרוש — א פערסאָנאַזש פון דער פורים־שפיל (א קאָמעדיאַנטן־פאָרשטעלונג, וואָס מע פלעג דורכפירן בא פרומע ייִדן פורים).

246. יויסעפ הא צאדיק... פויטיפערעס ווײַב — פון דער ביבלישער לעגענדע וועגן יאנקעווס זון יויסעפ, וועלכער איז ארײַנגעפאלן פאר א קנעכט צו פויטיפערען. פויטיפערעס ווײַב האָט אים פארפאָלגט אלס א שיינעם מאנצבל.

247. פארדארטער לולעוו, אָפּגעשלאָגענע הוישײַנעס — אָפּגענוצטע בא רעליגיִיזע צערעמאָניעס פאלמע־און ביימער־צווײַגן.

248. נוסעכ — סטיל, שטייגער ;

מא שמייכעמ — ווי הייסט איר ?

געהאט די זכיע — פארדינט בא גאָט ; מעטאפאָריש : געהאט דאָס גליק.

249. געוואָרן באר־מיצווע — געוואָרן 13 יאָר, דערגרייכט רעליגיִעזע פיליאָריקײַט.

250. סעדרע — אָפּטייל פון כומעש (דער כומעש איז פארטיילט אפ סעדרעס אָדער פארשעס, יעדער וואָכ אן אנדער סעדרע ; באָלאָק — א נאָמען פון א סעדרע).

251. באָלאָק — געשיקט זאָגן... דער רעבע דערוואַרט פונעם טאַלמיד אן ענטפער, אז באָלאָק (א ביבלישער מײלעכ) האָט געשיקט זאָגן א צווייטן מײלעכ, זײַנעם א סוינע, אז ער וועט אפ אים אָנפאלן און וועט „אָפּלעקן״ (אויסראמען, פארניכטן) זײַן לאנד. לויטן רעבנס צייכן ענטפערט דער טאַלמיד „לעקן״. ווײַטער קומט שוין מענדעלעס פארבאהאלטענע איראָניע : „די ייִדן לעקן״ — דאָס הייסט די ייִדן זענען האכנאָעריק, דער־שלאָגן און לײַדן צאָרעס.

252. טעהאָמ — אָפּגרונט, טיפער גרוב.

קילכויכ האשויר — ווען דער אָקס פאשעט זיכ ; מעטאפאָריש — פארטאָג.

# קאפיטל 10

253. אויקער זײַן — אָפּצײַען, אנטלויפן.

254. בעטן ראכמימ — בעטן מע זאָל ראכמאָנעס האָבן.

255. איז מען נאָכ גרויס אין די אויגן — א אָנצוהערעניש אפ דעם אנטיסעמיטיזם, וואָס די צאריש־שווארצמײַיִשע פרעסע האָט גענומען פארשפרייטן באזונדערס שטארק אין די 80־ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט. דעם זעלביקן פארבאהאלטענעם מיין האָט די גאנצע שילדערונג פונעם קאמפ מיט די וואנצן, די הארצקלעמעניש פון דער אָפּגעשווירענער פײַע, דאָס בעטן ראכמימ און דער אויסדרוק וועגן הינטל, וואָס בילט קעגן דער לעוואָנע.

256. כאָשעוו — אָנגעזעענער.

# קאפיטל 11

257. מאסע־מאטן — געשעפט ;

לאקכענען — צושלעפן, גאנווענען;

כורווע (כורוועלע) — פוסטקע.

258. לעיעסער ביטאָכן — צוליב גרעסערער געזיכערטקײַט.

259. ניסטער — דאָ : פארבאהאלטנדיק זיכ.

260. לאָט — אן אלגעמײַנע באצייכענונג פון א גרויסן שיכער ; אסאָקימ — געשעפטן ; פלוכטן — שעלטן.

261. מעציִע — א געפונענע זאכ ; א קאָשערע מעציִע — א ביליקע זאכ ניט קיין געגאַנוועטע. דאָ : מיט איראָניע—אָנשטאָט א טרייפע מעציִע (געגאַנוועטע פערד).

262. דריכנען — פאָפן (שלאָפן).

263. מעכאבעד געווען גיין אפן דראָנזשיק — גענומען א־ג שפאנ ; דרענגל—שטעקן, דאָ : מיט איראָניע — דארע שקאפע ; סוסימ — פערדלעכ.

264. איקעוו — אָפּהאלט; כײַע־ראָע — בייזע כײַע.

265. בײַטן זיכ די יאָצרעס — דאָ : עס בײַט זיכ די לאגע; טרייפענער מאזל — מעטאפאָריש : גליקלעכ מאזל.

266. בענטשן גוימל — זאָגן די טפילע, וואָס איז באשטימט פאר פאלן, ווען מע ראטעוועט זיכ פון א טויט־געפאר;

267. לוי־אלייכעמ — ניט פאר אײַכ געדאכט ; גײַווע — גרויסהאלטערײַ.

268. מיסכײַעוו — זיכ פארפליכטן; שקאָצ — שטיפער, קונדעס.

269. מיסע־מעשונע — אומנאטירלעכער טויט.

# קאפיטל 12

270. באַל־לאָשנ — א מענטש מיט א שפראכ; דאָ — א גוטער שרײַבער.
271. פיזמענ — דאָ: א דערציילונג, א ראָמאנ.
272. האנאָע — פארגעניגנ.
273. געמילעסכעסעד — אנ אָנפראָצענטיקע קליינע האלוואָע, דאָ: א צוגאָב.
274. שיר־האשירים — א ביבל־בוכ מיט אזא נאָמענ; אינהאלט: ליבע־מאָטיוו.
275. אינדרנ טועמ צעברעכנ זייער דאָרשט — א כיידערישע אויסטײַטשונג פונ א פראזע אינ „שיר־האשירים״; אינ טעקסט — א פאראָדיע אפ דער מעליצעדיקער שפראכ פונ די העברייִשע ראָמאנענ.
276. פשעטלעכ — פארשפּיצטע אויסטײַטשונגענ.
277. שארפנ די קיילע — רעגולירנ די שטימ (מאכנ געזאנג־איבונגענ בא א כאזנ).
278. דײַגעס־האפארנאָסע — זאָרג וועגנ פארנאָסע.
279. מעקײַעמ פסאק זײַנ — באשטראָפנ, אָפּשמײַסנ.
280. פאסקענענ שײַלעס — ענטפערנ אפ קאָנקרעטע ווענדונגענ וועגנ קאָשער אונ טרייפ.
231. לעהאנגידאָ האמפורסעמעס שעייר־בסאָרי מאָראס כײַע־טרײַנע — צו דער באוווּסטער נעגידעסטע, מײַנ לײַבלעכער קרויווע, דער פרומער פרוי כײַע־טרײַנע (א סטיל פונ בריוו־ווענדונגענ צו פרומע אונ געהויבענע פרויענ).
282. באָרעכ־הו — געבענטשט זאָל ער זײַנ.
283. יעשועס ווענעכאָמעס — הילפ (אויסלייזונג) אונ טרייסט.
284. נאכעס, אוישער — פארגעניגנ, רײַכקײַט.
285. אָמיינ סעלע — אָמיינ אפ אייביק.
286. מאריכ יאָמימ ווענשאָנימ זײַנ — האָבנ לאנגע יאָרנ.
287. אוביפראט לעביטכעמ האקאלע האבסולע מאָראס — אונ באזונדערס צו אײַער טאָכטער דער קאלע, דער פרײַלנ...
288. לעמאנאשעמ (אומ גאָטס וועגנ) — אומבאדינגט.
289. האסכירע — די סכוירע.
290. אימ האבײַדלעכ — מיט די בײַדלעכ.
291. וועהאשײַניס — אונ צווייטנס.
292. האסוסימ — די פערדלעכ; מאצל געווענ — אָפּגעראטעוועט.
293. זכוס־אָוועס — זכוס (פארדינסט) פונ די עלטערנ; כסאָדימ — גענאָדנ.
294. באלכעמ נײַרוי יאָיר — אײַער מאָג, זאָל לײַכטנ זאָל שײַנענ (א בריוונ־סטיל בא פרומע יידנ).
295. קאָל דאָוואָר שוירעש — אלע דעטאלנ פונ דער זאכ.
296. האיומ — הײַנט; לויט דעמ מעדובער (קעפּי האמדובער) — לויט דעמ, ווי מע האָט אָפּגערעדט.
297. קראָניקעס — כראָניקעס, א צײַטונג; מיצידוי — פונ זײַנ זײַט.
298. אוביפראט ביטכעמ האקאלע האמושלעמעס — אונ באזונדערס אײַער געראָטענע טאָכטער די קאלע.
299. אָנ א זוגאָסי — אָנ א ווײַב.
300. טכינע כאדאָשאָ אל האפארנאָסע — א נײַע טכינע וועגנ פארנאָסע.
301. ראָשכוידעש בענטשנ — זאָגנ א ספעציעלע טפילע דעמ שאבעס פארנ נײַעמ כוידעש (לויטנ רעליגיִעזנ קאלענדאר).
302. טכינעס אימאָיוס סאָרע, ריווקע, ראָכל, וועלייע — טפילעס צו די מוטערס סאָרע, ריווקע, ראָכל אונ לייע (די פרויענ פונ די ביבלישע אָוועס); „מאיאָנ טאָהויר״ (ריינער קוואל) א סייפער אפ איוורע־טײַטש (יידיש) פאר פרויענ, וואָס אנטהאלט רעליגיִעזע געזעצנ וועגנ געשלעכט־באציִונגענ.
303. באָקי — געניט; טײַנעג — פארגעניגנ; שעלאָכעמ — אײַערע.
304. בעאָהאלקירל שעלאָכעמ — אינ אײַער אלקערל.
305. האוואָלענע זאָקנ שעלי — מײַנע וואָלענע זאָקנ; האבײַטש שעלי — מײַנ בײַטש; האקאָטאָנ — דער מינדערווערטיקער, דער אונטערטעניקער (א פאָרמ פונ בריוו־כסימעס בא פרומע יידנ, וואָס דארפ אויסדריקנ פערזענלעכע באשיידנקײַט אונ חעפלעכקײַט צו דעמ, צו וועמענ מע שרײַבט).

# קאפיטל 13

306. פוטערפאס — א מינ פוטליאר, אינ וועלכנ עס פארבאהאלט זיכ די זונ פאנאכט (לויט די פאָרשטעלונגענ פונ רעליגיִעזע יידנ); דארע קישקע — געטרוקנטער ווורשט; פשאָרע — אויסגלײַכ (בא א לאָדעניש צווישנ צוויי מענטשנ).
307. מאלכעס — קייסער; מיזמער — טפילע־געזאנג; דאָ: א פוסט לידל.
308. ווײַבערע — א באצייכענונג פונ א פארגרעבטער פרוי.

309. פידיען — געלט־לייזונג; געסילעקט בימזומאָנים — אָפּגעצאָלט מעזומענע געלט; מע־קאבלים (נעמערס) — געהויבענע געקאָווערדיקע שלעפּערס.

310. קנייטלעכליגערנס — פרויען, וואָס פלעגן מאכן וועקסענע ליכט פאר דעם בעסמעדרעש און גרייטן צוליב דעם קנייטלעך, זאָגנדיק דערביי ספּעציעלע טפילעס.

311. פעלד־מעסטערנס — פרויען, וואָס פלעגן מעסטן די קוואָרים אפּן בייסוילעם מיט פאָדעם (פון די דאָזיקע פעדעמ פלעגן זיי דערנאָך מאכן קנויטן צו די וועקסענע ליכט).

312. ווייגערנס און קלאָגערנס — פרויען, וואָס מע פלעגט זיי דינגען, זיי זאָלן העלפן באוויינען און באקלאָגן א טויטן.

313. אָסער — כלעבן (א פאָרם פון א נעגאטיווער שוווע).

314. קישענעוו — הויפּטשטאָט פון בעסאראביע.

315. שאבעס־גוי — א ניט־ייִד, וועלכער נעמט אראָפּ שאבעס די לייַכטער פונעם טיש און הייצט די הרובע (לויט דער ייִדישער רעליגיע טאָרן עס ייִדן שאבעס ניט טון); מאמעליגע — ברויט פון קוקורוזע־מעל.

316. קאָדע — געפּרעסטע פעטס פון שאָפענע עקן.

317. געבן אפּלעט — אָנווייַזן א באלעבאָס, צו וועלכן דער אָרעמאן זאָל גיין עסן שאבעס.

318. הילכעס אָרעמאן — געזעצן (אויפירונג) פון אן אָרעמאן.

319. דינים — רעליגיעזע געזעצן.

320. זיי היילעכן מיט די ראגלאים — זיי גייען מיט די פיס.

321. עוויונים, דאלפּאָנים — אָרעמעלייט, שלעפּערס.

322. נעסינעס, טאקסעס און כדוימע — קאָהאָל־און רעגירונג־שטייערן און ד. גל.

323. זופן מישנייעס — זאָגן אפרעגיכ און אָן אופהער מישנייעס (א טייל פונעם טאלמוד) נאָכ א טויטן און באקומען דערפאר א שיינע נעדאָווע; זאָגן קאדעש בא א בארמינען — זאָגן א באשטימטע טפילע בא א געשטאָרבענעם.

324. מעזוזעס־איבערקוקער — פרומע מענטשן, וואָס רעווידירן די מעזוזעס (אופשריפטן, צוגעקלאפּט צו דער טיר בא פרומע ייִדן) (זע באמערקונג 92 צו „מאסאָעס").

325. „ביצע" — א טראקטאט פון טאלמוד.

326. עסנטעג — עסן יעדן טאָג אין וואָכ אין אן אנדער שטוב.

327. כעדווע — פרייד;
סידער — אָרדענונג;
לאָהוט — גייַציק.

328. א קאפּצן א שמעלקע — א קאפצן א מעיוכעס (אן אייניקל פון „א גוטן ייִדן"), פאָרערס דערפאר א גרעסערע נעדאָווע איידער א געוויינלעכער אָרעמאן;
אייניקלעך — באטלאָנים, וואָס שטאמען פון צאדיקים און קלייַבן נעדאָוועס פאר זייער ייִכעס;
יערושאלמים — יערושאָלאיִם־ייִדן.

329. ניסראָפּים — אָפּגעברענטע (פלעגן ארומפאָרן און גיין איבער די הייַזער מיט א בריוו פון א דייַען וועגן הילף פאר זיי; אָפט איז דאָס געווען בא זיי אן אָנשטעל).

330. קסאָווים — צייַגענישן פון ראבאָנים;
אגונעס — ווייַבער, וואָס מע ווייסט ניט, ווהין זייערע מאנען זענען אהינגעקומען.

331. באל מאגיע — קאָרעקטער.

332. יאמויד אימ קאָל האקאפּצאָנים — זאָל זיך שטעלן (צוזאמען) מיט אלע קאפּצאָנים.

333. קאָל־ייִסראָעל — דאָס גאנצע ייִדישע פאָלק.

334. מעשוירערל — א זינגערל אין בעסמעדרעש באם כאזן.

335. טשאָלנט, קוגל — מאכאָלים, וועלכע מע גרייט צו פרייַטיק און מע פארשטעקט זיי אין אויוון ביז שאבעס באטאָג.

# קאפיטל 14

336. באלטע — א שטאָט אין פּאָדאָליע (איצט אמסס"ר).

337. טארפאט אלאָפים — (זעקס הונדערט אכציק נייַן טויזנט) זייער אסאך, א גרויסע צאָל; טאָלער — עסטרייַכישע מאטבייע פון 2 גולדן.

338. מענווול — מיִעסקייַט;
יִמאכשעמויניק — פארשאָלטענער הולטייַ.

339. מעגולגל ווערן — ארייַנפאלן אומגעריכטערהייט (בוכשטעבלעך: פארוואנדלט ווערן).

340. מעשאדעכ געווען — געשלאָסן א שידעך, געוואָרן מעכוטאָנים.

341. מערידע — בונט, אופשטאנד.

342. סדאָם — א ביבלישע שטאָט, וואָס איז געווען באוווינט בלויז מיט זינדיקע; האווייַעס — שטיק, פרומע קונצן; א שמעלקע — א נאָענטער גוטער־ברודער.

343. פארצעפּ־פּאָנעמ — א צורע.

344. אײשעס־איש — א פאַרהײראַטע פרוי.
345. געמעלאָכעס—געקינצלט; איך בין לויאליכעמדיק —איך בין קראַנק, ניט פאַר אײַך געדאַכט.
346. שאַבעס־שטעך — געדיכטע נעט, פונקט ווי מע זאָל זײ מאַכן פרײַטיק פאַרנאַכט ערעוו שאַבעס אין אײַלעניש.
347. סיור־בור אומאפלי לאסעס — אפדערגיך (וואָרשײַנלעך שטאַמט דער דאָזיקער אויסדרוק פון די ווערטער „אשער"... „באָרא"... „אומאפלי לאסויס", דאָס ערשטע, דאָס מיטלסטע און לעצטע וואָרט פון דער טפילע „אשער יאָצאר", וואָס פרומע ייִדן זאָגן נאָכן אָפּטון מענטשלעכע באַדערפֿעניש. פון זאָגן די טפילע אין אײַלעניש באַקומט זיך א ווערטער־קאַלאַמבור, א שור־בור, סטאַם קלאַנגען אין דער וועלט אַרײַן.
348. אכבעראָש — הולטײַ, אויסוואורף.

## קאַפיטל 15

349. שוערנ אינ סאלעס און קיטל (ווײַסער כאַלאַט)—העכסטע פאָרם פון א רעליגיעזער שוווע.
350. באָטל ווערן—ווערן צו נישט; דאָ: האָבן אָפּשײַ, דערעכערעצ.
351. קאָלבוינק — א נידעריקער מענטש (וואָס קאָנצענטרירט אין זיך אלע שלעכטע זײַטן).
352. קײן טכיעס־האמײסים ניט אופשטײן —ניט אופשטײן פונעם קײווער בײַס די טויטע וועלן לעבעדיק ווערן (לויט דער רעליגיע).
353. קעזאיס מאָרער—א קלײנ שטיקל כרײן, גרויס ווי אן אײלבירט.
354. סראָרע — האַר, פּאָרעצ.
355. נאווענאד — פאַרוואָגלט (ניט האָבן קײן שטענדיקע הײם).

## קאַפיטל 16

356. ער ווײסט ניט, מא דעקאָמרי רעבעצנ — ער ווײסט ניט, וואָס די רעבעצן האָט געזאָגט, דאָס הײסט, ער ווײסט גאָרנישט ניט.
357. רײַסנ קריע — האָרעווען מיט א שווערן געמיט; בוכשטעבלעך: אײַנשנײַדן די קלײדונג נאָך א טויטן (לויט די רעליגיעזע פאָרשריפטן); כאראָמעס — קלאָלעס.
358. אוראָם אָוינו — דער ערשטער פון די ביבלישע אָוועס, פון וועלכן די ייִדן ציִען זײער יִכעס (לויט דער רעליגיע).
359. פיסקעס — אן עק שטאָט אין בערדיטשעוו, וואָס טראָגט אזא נאָמען.
360. ניכע — ליב, אָנגענעם.

## קאַפיטל 17

361. כאָסער־דײע — אראָפּ פון זינען, געווירט.
362. ביקער־כוילים — א קראַנקן־הויז פאַר אָרעמעלײַט.
363. קוואָרעס־ייִד — באַגרעבער, קוואָרים־גראָבער;
איז מעקאבער—באַגראָבט;
כעורע־קאדישע (הײליקע כעווערע)—א כעווערע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט באַגראָבן טויטע לויטן רעליגיעזן ריטואַל.
364. מאשגיעך — אופזעער, גאַבע פון כעווערעס.
365. א וואשטי האמאלקע, א מאָנדרוש — א קאָמעדיאַנט, א פורים־שפּילער (וואשטי, מאָנדרוש—פּערסאָנאַזשן פון פורים־שפּיל).
366. אָרכים — אָנגעפּאָרענע געסט.
367. כאיאָלעס — אָרמײען.
368. מאלאכע־כאבאָלע — מאַלאָכים, (לויט די רעל. פאָרשטעלונגען) וועלכע פּילן אויס די שטראָף־אורטײלן איבער זינדיקע מענטשן אין גענעם.
369. גראפיניע פאָטאָצקע — א באַוווסטע פּוילישע גוטבאַזיצערן; אן אלגעמײנע איראָנישע באַצײכענונג פאַר א פרוי, וואָס איז בא זיך שטאָלץ און גרויסהאַלטעריש.

## קאַפיטל 18

370. עסעבעט — א געזעס אויסגעבעט מיט קישנס, פונקט אזוי ווי מע זיצט פּייסעך באַם אָפּריכטן דעם סײדער.
371. בילעמס אײזל — א לעגענדאַרער אײזל, וואָס זײַן אײגנטימער בילעמ האָט אים געשלאָגן, דער אײזל האָט פּלוצים געעפנט דאָס מויל און אָנגעהויבן ריידן קעגן זײַן באַלעבאָס.
372. באל־דארשנ — א מאַגיד, א מענטש, וואָס זאָגט דראָשעס (האַלט רעליגיעזע רעדעס אין בעסמעדרעש). אן אלגעמײנע באַצײכענונג פאַר א באַרעדעוודיקן מענטשן.
373. „יעקום פורקאָנ", „טיקאנטאָ שאבעס" —נעמען פון שאַבעסדיקע טפילעס.
374. רעב לײב סאָרעס גוילעמ — דער גוילעם (א לײמענע פיגור) פונעם צאַדיק רעב לײב־סאָרעס. לויט דער לעגענדע האָט דער דער דאָזיקער צאַדיק לעבעדיק געמאַכט א גוילעם דורך דעם שײם האַמפּוירעש (דורך אַרויסזאָגן באַטס ריכטיקן נאָמען).

375. אָלעוו־האַשאָלעם (רו צו אים)—אַן אויסדרוק בא רעליגיִעזע ייִדן, וואָס מע זאָגט בײַס מע דערמאַנט א געשטאָרבענעם פרומען ייִדן.

376. נײַדער — רעליגיִעזער צוזאָג, שוווּע.

377. מידע — אײגנשאַפט.

378. „אַשער יאָצאַר" — א טפילע, וואָס מע זאָגט נאָכן אָפּטון מענטשלעכע באַדערפענישן.

379. באַלטאַקסע — דער פאַכטער (אָפּקויפער) פונעם קעסטל־שטײַער. אָדער פון דער טאַקסע אפ פלײש (זע באַמערקונג 2 צו דער „טאַקסע").

380. באַקומען א בערדע — פאַרשפּילן (באַם שפּילן אין קאָרטן אָדער קוויטלעך).

381. אָסער כאַזער — טרײף ווי כאַזער (א פאָרם פון א נעגאַטיווער שוווּע).

382. „שאָלעם אַלײכעם", „אײשעס כאַיִל" — נעמען פון טפילע־געזאַנגען, וואָס מע זאָגט פרײַטיק־צו נאַכט פאַרן עסן.

# קאַפּיטל 19

383. מאָלע כײן — פול מיט פראַכט.

384. מעכאַלעל־שאַבעס זײַן — פאַרשוועכן דעם שאַבעס, ד. ה. טון אַן אַרבעט, וואָס איז פאַרבאָטן לויט דער רעליגיע צו טון אום שאַבעס.

385. כצופע — אומפאַרשעמטע פרוי.

386. בען־זאָכער — א רעליגיִעזע סימכע פרײַטיק־צונאַכטס פאַר א ברית.

387. קעלעוו שעביקלאָווים — א הונט צווישן הינט, דער גרעסטער הונט.

388. כאַזאָקע — מאָנאָפּאָל־רעכט.

# קאַפּיטל 20

389. קנופּיע — קניפּל, כאָפּטע.

390. ראָשע־מערושע — גרויסער ראָשע, אויסטערליש שלעכטער.

391. טאַרבעס — דערעכערעץ, אָפּשײַ.

392. דאַם־סוינע — בלוטיקער סוינע.

# קאַפּיטל 21

393. איך מיט איר אַלץ אַדעדאַבע וועאַדעראַבע — איך מיט איר פונקט פאַרקערט, ד. ה.—פון מײַן זײַט די האַרציקסטע באַציִונג צו איר.

394. באַס־ייִסראָעל — ייִדישע טאָכטער; פּסאַק — שטראָף־אורטייל.

395. טוקערן — א באַדינערן פון די פרויען אין באָד.

396. קאָל־ועלאָכ — א רערל־פּירער, קאָכלעפל.

397. אַוישער, נאַכעס — רײַכקײַט, פאַרגעניגן (פון קינדער).

398. ביטאָכן — האָפענונג (צו גאָט).

399. אין שול, ווו עס דאַוונען די מײסים—לויט די איבערגלויבענישן קומען די טויטע באַנאַכט אין שול אַרײַן דאַוונען.

400. קסובע — א רעליגיִעזער אַקט מיט געוויסע פאַרפליכטונגען, וואָס די פרוי באַקומט פון איר מאַן בײַס דער כאַסענע. באַם געטן זיך דאַרף דער מאַן אויסצאָלן אַלץ, וואָס איז געשריבן אין דער קסובע.

401. וועהאַקויל שאָריר ועקאַיאָם—און אַלץ איז פעסט און שטאַנדהאַפטיק (א שלוס־פאָרמול אין רעליגיִעזע אַקטן; מיט דער דאָזיקער פאָרמול פאַרענדיקט זיך אויך די קסובע).

402. מאַלכעס־ברויטל —א מין לעקעך.

403. עווניאָו — טײַערער שטײן, דימענט.

# קאַפּיטל 22

404. געקאָטערט — געגראַבלט באַם האַרצן (ווי א קאָטער מיט די נעגל).

405. ניכפּע — עפּילעפּסיע.

406. באַלשעם—ייִדישער אָפּשפּרעכער; טאָטער—ניט־ייִדישער אָפּשפּרעכער.

407. רײשיס־כאָכמע — פריִער פאַר אַלץ.

408. שטרײַמל — א פוטערן היטל, וואָס פרומע ייִדן פלעגן טראָגן שאַבעס.

409. טנאָיִם — א רעליגיִעזער דאָקומענט (אַקט) וועגן פאַרקנאַסן כאָסן־קאַלע.

410. באַדכן — א מאַרשעלעק, א מין שוישפּילער, וואָס פלעג זינגען וויצנדיקע גראַמען־לידער אפ כאַסענעס.

411. זיצן שיווע — זיצן זיבן טעג אין טרויער נאָך א געשטאָרבענעם נאָענטן קאָרעוו (לויט דער ייִדישער רעליגיע); שלוישים — די ערשטע דרײַסיק טעג נאָכן טויט פון א נאָענטן קאָרעוו (לויט דער רעליגיע טאָר מען דאַן ניט כאַסענע האָבן).

412. מעקײַעם זײַן א מיצווע — אויספילן א רעליגיִעזן געבאָט; מעקײַעם זײַן שאָלעש־רעס— אויספילן די מיצווע פון עסן דרײַ מאָלצײַטן שאַבעס.

413. מיט א לעשעם־יזכור — מיט א הייליקער קאוואַנע.

414. קידשע־בערוכ־הו — גאָט; שכינע — גאָטס גײַסט.

415. זאָגנ קוימעמיעס — דאָ: זיכ שטעלנ אפ די הינטערשטע פיס; בעבושע ועכארפע — מיט בושע אונ מיט שאנד.

416. נויהעג זײַנ — זיכ אופירנ.

417. טכילעס — צוערשט.

418. טאמ — טאמעוואטע, נאַיִוו.

## קאפיטל 23

419. פרענקענ — שפאניאָלישע ייִדנ, וואָס ווױנענ אינ טערקײַ.

420. מייכעשנ — שלאפקײַטנ.

421. בראָדער פראנצויזנ — אזוי פלעגט מענ מיט אידראָניע אינ אומגאנג באצייכענענ אינ יענע יאָרנ גע־הויבענע אריסטאָקראטישע ייִדנ (די אירניע באשטייט אינ דעמ, וואָס די אריסטאָקראטנ זענענ קלוימערשט פראנצויזנ, וואָס שטאמענ פונ בראָד (גאליציע).

422. אָדאָמ יעסוידוי מעאָפאָר — א פראזע פונ די סליכעס (כאראָטע־טפילעס).

423. מי שעבייערעכ — א בענטשונג, וואָס דער כאזנ אָדער דײַענ מאכט פאר פײַנע ייִדנ אפ סימכעס אונ בא־קומט דערפאר א נעדאָווע.

424. צוינ־קאָדאָשימ (הייליקע שאָפ) — כיידער־ייִנגלעכ. סימכעסטוירע פלעגט דער מעלאמעד צונויפ־נעמענ זײַנע כיידער־ייִנגלעכ אונ ארומגיינ מיט זיי איבער די נעגידישע הײַזער. ארײַנגעקומענ אינ א שטוב, האָט דער מעלאמעד אויסשגעריגנ „צוינ־קאָדאָשימ״, אונ די כעוורע האָבנ געענטפערט „מע־מע״.

425. אוילאָמעס־געלט — געלט, וואָס ס'איז פארזאָגט לויט א צאוואָע אפ קאָהאָלשע ווױלטעטיקע צוועקנ.

426. סאנדעק, מעציצע — בעקאָוועדיקע פונקציעס פאר געהויבענע פרומע ייִדנ בײַס מע מאכט די רע־ליגיעזע צערעמאָניע פונ מאל זײַנ א קינד.

427. פערציק חערסט ארומ אָדעס ברענגט דער געגעמ — דאָס הייסט אָדעס איז א אויסגעלאסענע (זינדיקע) שטאָט, אונ פאר אלע אירע אײַנוווינער איז טאקע דאָ אפנ אָרט אָנגעגרייט דער גענעמ.

428. כאזאָנימ פונ די קאָר־שולנ — כאזאָנימ פונ די רעפאָרמירטע סינאגאָגעס; זיי פלעגנ טראָגנ באמ דאווענענ א מאנטל, פונקט ווי דער פראָטעסטאנטישער פאטער (א טענערעווערענדע).

429. פאָניע — שאָוויניסטישע באצייכענונג פונ א רוס.

430. איינ קאָמויכאָ — נאָמענ פונ א טפילע צומ סאָפ דאווענענ; א שטיקל דרויב — א קלייניקײַט, א ווייניק וויכטיקע טפילע.

431. שאבעס מיט האקאָפעס — ארומדרייענ זיכ מיט א טוירע אינ דער האנט אפ דער עסטראדע אינ קאָרשול שאבעס באמ דאווענענ; נאָכמאכנדיק די פראָטעסטאנטישע פאטערס, פלעגנ די כאזאָנימ פונ די קאָרשולנ מאכנ שאבעס אזוינע „האקאָפעס״.

432. רעב־מייער באלנעס פושקעס — פושקעס, וואָס מע פלעגט אינ זיי זאמלענ נעדאָוועס פאר ערעצ־ייִסראָעל־ייִדנ (אפנ נאָמענ פונ א „הייליקנ״ רעב־מייער באלנעס).

433. מאמטאקימ — קלינגערס, געלט.

434. מיקוועס — וואסער־באסיינענ אינ באָד, ווי פרומע ווײַבער טויוולענ זיכ (טונקענ זיכ אונטער).

## קאפיטל 24

435. „זײַנ״ ארבעט — די ארבעט פונעמ „ניט־גוטנ״, פונעמ רוכ.

436. גניל אָפיאטקע — א טײַכל פונ דער דניעפער־סיסטעמ, פליסט פארבײַ בערדיטשעוו.

437. האשעמ ייִסבאָרעכ — גאָט.

438. געלערנט באָלאָק — אָנגעלערנט (באשטראָפט).

439. בעדייע — אינ זינענ.

440. מעקאבל פאָנעמ זײַנ — באגעגענענ אנ אָנגעלייגטנ גאסט.

441. מעקאבל בעאהווע — נעמענ אָנ פאר ליב.

442. ווירע — א טפילע פארנ טויט.

## קאפיטל 25

443. קעצאפיכעס — אינ אומגאנג באטײַט עס — א קוויקעניש, אנ אומבאשטימטע זיסע זאכ.

444. הארהאזייסימ, לעוואָנענ — נעמענ פונ ביבלישע בערג אינ ערעצ־ייִסראָעל.

445. סאמבאטיענ — לעגענדארער טײַכ, וואָס ווארפט מיט שטיינער אונ פײַער, מע קענ אימ דעריבער ניט אריבערגיינ פונ יענער זײַט סאמבאטיענ לעבנ, לויט די רעליגיעזע פאָרשטעלונגענ, רויטע ייִדעלעכ אָדער בני־מוישע (זע באמערקונגענ צו „מאסאָעס״).

446. זײַנ דער שאָליִעכ (געשיקטער) — דורכ אימ זאָל עס געשענ.

447. אָמנאָמ כאָטאָסי — ריכטיק, איכ האָב געזינדיקט (פונ די יאָמקיפערדיקע טפילעס).

# דאָס ווינטשפינגערל

## דאָס ערשטע בוך

### קאַפיטל I

1. מיטשיִע־פיִע — מיט אבי וואָס.

2. כאָלילע — עס זאָל ניט אויסגערעדט ווערן; מעטופּל מיט קינדער — באַלעסטיקט מיט קינדער; פאַרמאָגט אַסאַך קינדער.

3. עוויוינים, קאַפּצאָנים, דאַלפאָנים — סינאָנימען פון אָרעמקייט.

4. וועקאַפּצייִנו יאַכאַד — דער אייגנטלעכער באַטייַט איז: „זאָלסט אונדז אופזאַמלען (געווענדעט צו גאָט אין אַ טפילע) אינאיינעם". מאַכמעס דער ענלעכקייַט (לויט קלאַנג) פון „וועקאַפּצייִנו" צום וואָרט „קאַפּצן". פלעגט מען דאָס אין אומגאַנג פאַרטייַטשן מיט שפּאַס — „אַלע קאַפּצאָנים אינאיינעם".

5. אַכדעס — אייניקייַט; זכוס — פאַרדינסט (בא גאָט).

6. מידעס טויוועס — גוטע אייגנשאַפטן, גוטע זייטן; קיִעם — עקזיסטענץ.

7. יעניקע — פאַרנאָסע; נעפאַשעס — באַשעפענישן, איראָניש: נישטיקע מענטשן; מעלאַמעד — לערער פון רעליגיעזע שולן (כאַדאָרים); באַהעלפער — דעם מעלאַמעדס געהילף, דעריקער אָפּ צו ברענגען די קינדער אין כיידער און אָפּצופירן זיי אַהיים.

8. באַטלאָנים — ליידיקגייערס, פרומע יידן, וואָס לערנען טוירע אין בעסמעדרעש און באַקומען דערפאַר נעדאָווע; קסאָווים — שריפטן; יידן מיט קסאָווים — פאַרפאַסער פון רעליגיעזע שריפטן. אַזוינע פאַרפאַסער פלעגן אַרומפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך מיט האַסקאָמעס (רעקאָמענדיר־בריוו) פון ראַבאָנים צום מאַנוסקריפּט און קלייַבן נעדאָווע אונטערן אָנשטעל, אַז זיי טוען עס, קעדיי אָנזאַמלען מיטלען אָפּ ארויסצוגעבן דעם סייפער.

9. מייכעשן — שלאַפקייַטן. אַ מענטש מיט אַ מייכעש האָט געפאָדערט אַ שענערע נעדאָווע איידער אַ געוויינלעכער קאַפּצן.

10. זייַדענע, גילדנאָ דערדיקע — פרומע לאַמדאָנישע יידן, וואָס האָבן געטראָגן זייַדענע קאַפּאָטעס (רעליגיעזע קליידונג) און געהאַט אַן אויסגעדאַרט בלייך פּאָנעם, אָפּ וועלכן די אָדערן זענען דורכזיכטיק. ניט פייִק צו קיין פּראַקטישער אַרבעט, פלעגן זיי זאַמלען נעדאָווע פאַר זייער פרומקייַט און צאַרטקייַט.

11. באַלטפילעס — כאַזאָנים; קאָל־האַמינים — אַלע מינים, אַלערליי.

12. זאָגערנס — פרויען, וואָס פלעגן אין בעסמעדרעש פאַרלייענען די טפילעס פאַר אַנדערע פרויען; ווייַנערנס — פרויען, וואָס מע פלעגט זיי דינגען צו העלפן באַוויינען אַ געשטאָרבענעם.

13. מיידן מיט צוגעדעקטע קעפּ — מיידן אין די יאָרן, וואָס דעקן צו די גראָוו־געוואָרענע האָר.

14. לעטויוועס האַקלאַל — צוליב די נוצן פון דער געזעלשאַפט.

15. מעיאַכעס זייַן — זיך באַרימען, שטאָלצירן.

16. באַלגייַווע — אַ גרויסהאַלטער. האָבן אַ זכיִע — זייַן ווערט, פאַרדינען בא גאָט.

17. בקי״ק (בעקעהילע קאַדישע) — אין דער הייליקער געמיינדע; אַזוי פלעגן די ראַבאָנים אין זייערע בריוו באַצייכענען יידישע יישווים אָנשטאָט שטאָט אָדער שטעטל.

18. מאַכן אַפּיירעש (פאַרטייַטשונג) — מאַכן אַ ווערט.

19. ניכע — ליב, אָנגענעם; לעהאַוודל — צום אונטערשייד.

20. נעקייווע — פרוי; זאָכער — מאַנצביל.

21. פּשיטע — אַוואַדע, אָפּ געוויס.

22. מיט דעם ביטאָכן אָפּ גאָט — מיט דער האָפענונג, מיט פאַרלאָזן זיך אָפּ גאָט.

23. ריבוינעשעלוילעם — באַשעפער פון דער וועלט, גאָט.

24. אַלע נעמען... אינדער מישפּאָכע — בא רעליגיעזע יידן גיט מען אַ נייַ־געבוירענעם אַ נאָמען נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם קאָרעוו. דער נאָמען־טרעגער זאָל, הייסט עס, מיט זייַנע פרומע טאַטן העלפן דער נעשאָמע פונעם פאַרשטאָרבענעם צו באַקומען איר רו אָפּ יענער וועלט און, פאַרקערט. דער זכוס פונעם פאַרשטאָרבענעם זאָל בייַשטיין דעם נייַ־געבוירענעם. דערמיט איז פאַרבונדן די אַמפּערייַ צווישן לייזער־יאַנקלען און מאַלקע־טויבען וועגן אַ נאָמען געבן נאָך ג״אַליע־הערשן.

25. פערדס־פוס־פידקאָווע — דאָס הייסט, זייער אַ ווייַטער קאָרעוו (פונקט ווי די פידקאָווע פונעם פערדס פוס געהערט זיך ווייניק אָן מיטן אייגנטימער פונעם פערד).

26. דער זיוועג איז אוילע־יאָפּע געווען — דאָס צונויפפאָרן (דער שידעך) האָט זיך אייַנגעגעבן אַמבעסטן, דאָ: דאָס צונויפפאָרן די נעמען פון צוויי געשטאָרבענע קרויווים; לעסאָפּ — צולעצט.

27. אָלעוו־האַשאָלעמ (רו צו אים) — אַ רייד־אַרט בא רעליגיעזע יידן בייס מע דערמאָנט אַ געשטאָרבענעם; טיפּשע — נאַרישע יידענע.

28. מויכל זייַן — אַנטשולדיקן; קאָפּלשמוינעדיקע — קאָמפּליצירטע, פילפּאַכיקע (מיט איראָניע).

29. סאַכטוינים — הויזן; אַקלאַל — אין קורצן, אַלזאָ.

30. כעוורע פויאַלע־צעדעק — באַלמעלאָכישע פאַריייניקונג, באַלמעאָכישער צעך; לאָט — אַן אַלגעמיינע באַצייכענונג פאַר אַ גרויסן שיקער.

31. פאַר אַנאײדע (געמיינדע) ייִדנ — ד. ה. פאַר אַלעמענ אינ די אויגנ;

32. יאָמימ־נויראָימ — רעליגיִעזע „פאַרכטיקע" טעג, ראָשעשאָנע אונ יאָמקיפער.

33. נאט אײַכ א שמעלקע — אָנשטאָט: „נאט אײַכ דערפאַר א שמעק טאַבאַק", אַנ אויסדרוק פונ ביטל.

34. אפרוטע — א קליינע מאַטבייע, א גראָשנ.

35. אָט ברעכט מענ טעפ — אָט האָט ער שוינ כאַסענע (בא רעליגיעזע ייִדנ אפ א כאַסענע פלעגט מענ ברעכנ טעפ אָדער טעלער).

36. אָפגעשאַצט זײַנ בײַ־קעלעכל — דאָס הייסט, באַשטימט, אַז ער וועט זײַנ א באַל־טפילע אונ געשאַצט זײַנ קינסטיקע פאַרנאָסע.

37. קנאַסמאָל — די רעליגיִעזע פראָצעדור אונ פײַערונג בייס ווערנ כאָסנ־קאַלע.

38. בלײַבט אפ דער מילכעדיקער באַנק — ד. ה. בלײַבט אויסגעשטעלט.

39. האַגאַמע — כאָטש.

40. ראָצנ — ווילנ, פאַרלאַנגנ; באָרעכאַשעמ — גאָט צו דאַנקענ.

41. אַקאָשערער ייִד — א פרומער ייִד, אַנ אָרנטלעכער.

42. א באַלמעלאָכע... — האָבנ א קאָרעוו א באַלמעלאָכע איז בא די פרומע ייִדנ געווענ א ביזויענ.

43. קיסיי־האַקאָוועד — גאָטס טראָנ; אימירצעשעמ — אַז גאָט וועט וועלנ.

44. שיר־האַמײַלעסנ — בריוולעכ, אפ וועלכע ס'איז אָנגעשריבנ א קאַפיטל טילעמ, וואָס הייבט זיכ אָנ מיט די דאָזיקע ווערטער, די בריוולעכ פלעגנ הענגענ בא דער קימפעטאָרנ אינ צימער אונ האָבנ לויט די פאַרשטעלונגענ פונ די פרומע ייִדנ פאַרהיט דאָס נײַ־געבוירענע קינד פונ שיידימ אונ רוכעס.

## קאַפיטל II

45. פסאַק — אורטייל; יאַק נע פסאַק, נעכײַ בודע פסאַקעצ — אויב גיט קיינ גאַנצנ אורטייל, זאָל זײַנ כאָטש א שטיקל אורטייל, ד. ה. — אויב ניט געפועלט אַלצ, זאָל כאָטש זײַנ אביסל.

46. זיכ מעיאַשעוו זײַנ — זיכ באַטראַכטנ, זיכ אויסייצענע.

47. אײסאָקימ — געשעפטנ; מעקאַרעוו זײַנ — דערנעענטערנ, אַרויסווײַזנ גענויגטקײַט צו עמעצנ.

48. גאַבעטעס — פרויענ, וואָס באַשעפטיקנ זיכ מיט ווויילטעטיקײַט (קלײַבנ נעדאָוועס פאַר יענעמ); ווערנ די קאַפאָרע — אומקומענ צוליב עמעצנ.

## קאַפיטל III

49. זייכער — סימענ, אָנדענק; אַטע־וועכאַרטאָניקעס — אויסדערוויילטע, מעיוכאָסימ; דאָ אַנ איראָניע אפ דער שאָוויניסטישער גרויסהאַלטערײַ פונ פרומע ייִדנ.

50. ער דרעמלט ניט — אָנהייב פונ א קאַפיטל טילעמ; דער היטער פונ יִסראָעל — דער היטער פונ ייִדנ (גאָט). דאָ — אַנ איראָניע אפ דעמ ווילדנ ביטאָכנ פונ פרומע ייִדנ.

51. מעלעכ עליוינ — א טפילע, וואָס מע זאָגט זי מיט א געזאַנג אינ בעסמעדרעש; קאָדויש — וואָרט פונ א טפילע; בייס מע זאָגט דאָס דאָזיקע וואָרט, שפרינגט מענ אונטער; האַקאָפעס סימכעסטוירע — א רעליגיִעזע צערעמאָניע פונ אַרומדרייענ זיכ מיט א סייפערטוירע אינ בעסמעדרעש אינעמ יאָנטעוו סימכעסטוירע.

52. לעשעמשאָמאַימ — פונ גאָטס וועגנ; באָרעכ־הו — געבענטשט איז ער (גאָט).

53. ערעצ־יִסראָעל־ערד — לויט די פאַרשטעלונגענ פונ די פרומע ייִדנ, איז ערעצ־ייִסראָעל־ערד א מיטל פאַרנ קערפער פונ א געשטאָרבענעמ, ער זאָל ניט פוילנ אינ קייווער.

54. ווי ייִדנ האָבנ אפײַג — אַנ איראָניע אפ דער רעאַקציִאָנער־נאַציִאָנאַליסטישער פאַלעסטינישער באַוועגונג (כיבעס־ציִענ) פונ יענער צײַט.

55. כאַמישאָסער — זיסע פרוכטנ, וואָס פרומע ייִדנ אונ כיידער־ייִנגלעכ פלעגנ עסנ דעמ 15־טנ טאָג אינ שוואַט (יאַנוואַר—פעווראַל), קעדיי צו דערמאַנענ די „זיסקײַטנ" פונ ערעצ־ייִסראָעל; באַצייכנט אויכ דעמ דאָזיקנ טאָג גופע.

56. פאַרקויפט פאַר א גלעזל בראָנפנ דעמ כאָמעצ — לויט דער ייִדישער רעליגיע דאַרפ מענ ערעוו פייסעכ פאַרניכטנ יעטווידנ מינ כאָמעצ (טוועע אונ ברויט־פראָדוקטנ, וואָס קענענ ווערנ געיוירנ, ווי אויכ אַלע פראָדוקטנ, וואָס ווערנ פונ דעמ געמאַכט, אונ דאָס געשיר, וואָס ווערט באַנוצט פאַר די דאָזיקע פראָדוקטנ). די ייִדישע ראַבאָנימ האָבנ צוגעקלערט אַזא מינ אייצע: מע מאַכט אַנ אָנשטעל פונ פאַרקויפנ דעמ כאָמעצ דעמ ראָוו, אונ יענער ווידער פאַרקויפט דעמ דינער פונ באָד אָדער אַנ אַנדער אָרעמאַנ ניט קיינ ייִדנ אפ א קאָנטראַקט, לויט וועלכנ דער פיקטיווער קויפער איז פאַרפליכטעט אָפצוצאָלנ דעמ באַטרעפ פונעמ כאָמעצ נאָכ פייסעכ. דאָס שאַפט די מעגלעכקײַט צו האַנדלענ מיט כאָמעצ אינ די פייסעכ־טעג, צו האַלטנ אינ גאַנג די מילנ, ברויערײַענ אונ אַנדערע זאַוואָדנ קלוימערשט אינ נאָמענ פונעמ ניט־ייִדנ. דער „קויפער" באַקומט דערפאַר א טרונק בראָנפנ, דער ראָוו — מעקלערײַ, אונ פרומע רײַכע ייִדנ האַנדלענ פרײַ אונ זינדיקנ ניט קעגנ גאָט.

57. האָבנ דאָס נײַניאָריקע — ציטערנ ווי פונ א פיבער־קרענק.

58. גאָלעס שעל מיטקע — אָפקומעניש מיצאַד מיטקענ.

59. כײרעש — אינ דער שטיל, געהיימ.

60. יאַנקעוווס טאָפ לינדזנ... א גוט מיטל — א ביבלישע מײַסע וועגנ יאַנקעווו, וואָס האָט געשענקט זײַנ ברודער אייסעווו א טאָפ לינדזנ (אַרבעס) קעדיי אָפצוווענדנ פונ זיכ דעמ ברודערס קאַס. אײסעוו

—א שאָוויניסטישע באַצייכענונג פונ א ניט־ייִדנ. די געבראַכטע לעגענדע וועגנ די לינדיזנ באַטײַט דאָ, אז ייִדנ קויפנ זיכ אויס דורכ כאַבאַר בא ניט־ייִדנ.

61. קונדייסים — שטיפערס, כיידער־ייִנגלעכ.

62. א גאַנצער פּאָרעצ... ניט פויל אפ דער האַנט—ד.ה. א גאַנצער מאַכער... נעמט כאַבאַר; א ייִד שעפּעיידנ—א ייִד פינ ייִדנ. ד. ה. ער פאַרמאָגט די אייגנשאַפטנ פונ א ייִדנ אינ דער גרעסטער מאָס; דאָס זעלביקע א האָנ שעבּעהענער — א האָנ פונ הענער.

63. סוואָרע — געדראַנק, מיינונג; ביכדיי — קעדיי.

64. האַמעלעכ—דאָס ערשטע וואָרט פונ א טפילע, וואָס דער כאַזנ זאָגט עס מיט אנ אויסגעשריי; טאַרבעס — אָפּשײַ, דערעכערעצ.

65. שיינע שפּילעכלעכ...—די קינדערשע שפּילצײַג, וואָס ווערנ דאָ דערמאַנט זענענ פאַרבונדנ מיט רעליגיִעזע צערעמאָניעס: הילצערנע שווערדלעכ פלעגט מענ מאַכנ פאַר קינדער טישעבּאָוו, זיי זאָלנ אָנהאַקנ בערלעכ („שטעכלקעס“) צו וואַרפנ זיכ מיט זיי אינ בעסמעדרעש בייסנ זאָגנ די קינעס; א פּאָנ מיט א רויטנ עפּל — סימכעסטוירע צו די האַקאָפעס; א גראַגער, אָדער האָמענ־קלעפּל — פורימ אפ צו גראַגערנ אָדער קלאַפּנ, בײַס מע דערמאַנט דעמ נאָמענ האָמענ באַמ לייענענ די מעגילע; דריידל—כאַנעקע אפ צו שפּילנ אינ געלט.

66. אויזער־דאַלים הוישאַ־נאָ — ווערטער פונ א טפילע, וואָט מע זאָגט סימכעסטוירע בא די האַקאָפעס.

67. פייסעכ צום סיידער... פיר קאַשעס— דעמ סיידער (צערעמאָניאַלע סודע מיט לייענענ די האַגאָדע אינ די פייסעכ־אָוונטנ) פלעגנ פרומע ייִדנ אָפּריכטנ פײַערלעכ, זיצנדיק אפ אנ אויסגעבעטנ שטול (עסעבעט) אָנגעטאָנ אינ א ווײַסנ לײַוונטענעמ כאַלאַט (אינקיטל). אויסער די מאַצעס זענענ אפנ טיש געווענ אויסגעשטעלט אַטריבוטנ פונעמ סיידער, וואָס ווערנ דערמאַנט אינעמ טעקסט: קויסעס—גלעזלעכ אפ צו טרינקענ ווײַנ (דאָ בא הערשעלענ־לאַקריצע); זרויע — א געקאָכט ביינדל; כאַרויסעס — א מינ געמיש פונ צעשטויסענע ניס־יאָדערנ, פּרוכטנ מיט ווײַנ; אנאַיי; קאַרפּעס—א קאַרטאָפל מיט זאַלצ־וואַסער אונ מאָרער — געריבענער כריינ. איינס פונ די קינדער האָט באַדאַרפט פרעגנ די פיר קאַשעס (פראַגעס וועגנ דער פייסעכ־לעגענדע).

אינעמ גאַנצנ קאַפּיטל איראָניזירט מענדעלע איבער דעמ אַטאָוועכאַרטאָנו־געפיל פונ די פרומע ייִדנ, איבער זייער לעבנ־שטייגער, איבער אויפנ פונ דערציִענ קינדער, איבער די רעליגיִעזע צערעמאָניעס אונ ד. גל.

68. זמירעס — טפילע־געזאַנגענ, וואָס פרומע ייִדנ פלעגנ זאָגנ שאַבעס באַמ עסנ; קאָל מעקאַדעש — איינע פונ די זמירעס; מעכאַבעד זײַנ — אָפּגעבנ קאָוועד, אופנעמענ א גאַסט.

מיס קויהענ — מיטנ ערשטנ גאַנג, דער ערשטער.

69. בסאָמימ־קרעמל — באַקאַליי־קרעמל; מעקײַעמ פּסאַק זײַנ — באַשטראָפנ, אָפּשטײַסנ; ביגראַנדע — האָפערדיק, מיטנ טראַסק.

70. שאַלשעלעס — א געדריידלטע זיגזאַגאַרטיקע ליניע, וואָס באַצייכנט א געדריידלטנ קלאַנג בײַס מע לייענט די ביבל אינ בעסמעדרעש.

71. מינכע אונ מײַרעוו — דאָס פאַרנאַכטיקע אונ אָוונטיקע דאַוונענ.

72. שאַמעס — א באַדינער אינ בעסמעדרעש.

73. אנ איידעס אפ געטנ — א שטענדיקער איידעס באַמ שרײַבנ געטנ באַמ דײַענ (א פאַרנאָסע פאַר באַטלאָנימ).

74. שעוועכ — לויב, רומ.

75. געאַרבעט מיט אַלע קיילימ — געאַרבעט מיט אַלע גלידער. איבערקוקנ די מעזוזעס — זע באַמערקונג 92 צו „מאַסאָעס“.

76. אוכדוימע — אונ דעסגלײַכנ.

## קאַפּיטל IV

77. געצאַפּט בלוט — געלאָזט בלוט פונ די אָדערנ, אנ אוניווערסאַלע רעפּוע בא די פּאַרצײַטיקע רויפיִמ; אינ טעקסט מיט אנ איראָניע אויכ: צוגענומענ דעמ לוינ אומזיסט; בעפּיירעש — דײַטלעכ, קלאָר.

78. א פּאָסעק — א פראַזע, א זאַצ (פונ ביבל).

79. כאַטאָימ — זינד (קעגנ גאָט); ביקער־כוילימ — א קראַנקנ־הויז פאַר אָרעמע; לעמאַזל — מיט מאַזל.

80. לאַקכנט — שלעפּ צו, גאַנוועט אוועק.

81. אָפּצודראַצנ — אָפּצונאַרנ (בא א שפּיל צווישנ קינדער).

82. שאָר־יערקעס — אנדער גרינוואַרג, אנדערע קלייניקײַטנ.

83. האַמצאָע — אײַנפאַל, דערפינונג.

84. טקיִעס־קאַפּ — צוקלאַפּנ מיט די הענט.

85. איבערשלאָגנ מיט א ציצע (פרענדזל פונעמ טאַליִעסקאָטנ) די הענט — העכסטע פאָרמ פונ שווערנ בא כיידער־ייִנגלעכ.

86. האַסראָע — וואָרענונג; גוט מעכאַבעד געווענ — דאָ: גוט אָפּגעשמיסנ.

87. מוסער — שטראָפּ־רייד, דראָונג מיט געגעמ אונ פײַניקונגענ אפ יענער וועלט.

# קאפיטל V

88. וואסקע דער קאָטער — פונ קרילאָוס א פאבל (בא קרילאָוונ אינ רוסיש): דער קוכער זאָגט מוסער דעם קאָטער, פארוואָס ער האָט צוגעשלעפט דאָס פלייש. דער קאָטער הערט דאָס מוסער־זאָגנ אונ עסט ווײַטער.

89. בראָכע שעהאקל — א בראָכע (טפילע־בענטשונג) אפ מילכ אונ אנדערע פראָדוקטנ. ענדיקט זיכ מיט די ווערטער שעהאקל ניִע בידוואָרוי.

90. טוירעס לאָקשנ — א ניט פארשטענדלעכער איניענ (איבערגעדרייט פונ טוירעס לשה״ק (לאָשנ־קוידעש, וואָס איז שווער צו פארשטיינ).

91. האנהאָגעס — אופירונגענ; כעפציִעס — פארלאנגענ; אונדזער אוילעמ — אונדזער וועלט; שטײַנ אפ מישקוילעס — דאָרט—שטיינ אינדערמיט.

92. מאָפסימ — וווּנדערטאטנ פונ צאדיקימ; גילגולימ — זינדיקע נעשאָמעס פונ געשטאָרבענע, וואָס דרינגענ ארײַנ (לויט די רעליגיִעז־מיסטישנ ספאָרימ) אינ א לעבעדיק באשעפעניש אונ לעבנ אינעמ פרעמדנ קערפער; צאדיקימ, הייסט עס, באווײַזנ מאָפסימ אונ טרײַבנ ארויס דעמ גילגול.

93. אוילעמהאטויהו — די וועלט פונ ארומבלאָנקענ. (לויט די רעליגיִעז־מיסטישע ספאָרימ קערנ זיכ אומ די נעשאָמעס פונ געשטאָרבענע זינדיקע מענטשנ אפ דער וועלט אונ בלאָנקענ ארומ, ניט האָבנדיק קיינ רו; דאָס הייסט, זיי געפינענ זיכ אפנ אוילעמ־האטויהו).

94. פונגוטע — פונ כסידישע „גוטע יִידנ״; ניט־גוטע — שיידימ.

95. מעשולאָכימ (געשיקטע)—פאָרשטייערס.

# קאפיטל VI

96. זיכרוינוילוורואָכע (זײַנ אָנדענק זאָל זײַנ פאר אונדז א בראָכע) — א רייד־ארט בא פרומע יִידנ בייס זיי דערמאנענ א געשטאָרבענעמ צאדיק.

97. אונטער א פורימ... אוועקגעלאָזט — זאמלענ אונ געבנ נעדאָוועס אינעמ טאָג פונ פורימ איז געווענ אנ אטריבוט פונ דורכפירנ דעמ יאָנטעוו.

98. רעמ אלטנס כסידימ — די כסידימ פונעמ אלטנ צאדיק.

99. אקאדעש — א זונ, וואָס זאָל קענענ זאָגנ קאדעש (ספעציִעלע טפילע) נאָכנ פאָטער, אז ער וועט שטארבנ.

100. באלשעמ — גרונטלייגער פונ כאסידיזמ, אנ אלגעמיינע באצייכענונג פונ א צאדיק.

101. לייענענ די מעגילע מיט א מיניענ יִידנ — הערנ דאָס לייענענ די מעגילע (ספעציִעלער לעגענדע־טראקטאט פונ ביבל) פורימ אינ בעסמעדרעש צוזאמענ מיט א מיניענ (10 יִידנ).

102. עסטער־טאָנעס — א טרויער־טאָג ערעוו פורימ אפנ נאָמענ פונ עסטער, א פערסאָנאזש פונ דער מעגילע.

103. יערושאלמימ — יערושאָלאיִמ־יִידנ.

104. באָרעכאבע — א באגריסונג פאר ארײַנגעקומענע.

105. מישלויעכ־מאָנעס — מאטאָנעס, וואָס פרומע יִידנ פלעגנ שיקנ איינער דעמ צווייטנ פורימ.

106. מאָראס־האמאכפײלאָ — געמויערטע הייל, ווו עס ליגנ באהאלטנ לויט דער ביבל די אָוועס; אָרכימ — אָנגעפאָרענע, דאָ: געסט, פארשטעלטע צאדיקימ.

107. מאריכ יאָמימ זײַנ — האָבנ לאנגע יאָר.

108. דער איניענ פונ בראָנפנ... דעו ברענ... ניט גלאט פאָשעט — לויט דער סידיש־צאדיקישער מיסטיק איז דאָס בראָנפנ־טרינקענ אינעמ טאָג פונ פורימ אונ ביקלאל אפ כסידישע צוזאמענקומענישנ א מיטל צו באפרײַענ די נעשאָמע פונ איר מאטעריִעלישקײַט, צו פארשטארקנ דעמ רעליגיִעזנ עקסטאז.

109. „שוישאנאס יאנקעוו״ — א טפילע־געזאנג, וואָס פרומע יִידנ זינגענ פורימ; שליש — יאָר־צײַט־בראָנפנ (זע באמערקונג צו „פישקע״).

110. לעכאיִמ — א ווינטשעניש בייס מע טרינקט בראָנפנ אָדער וויַינ.

111. האָמענ האָראָשע... אויסהארגענענ אלע יִידנ... האָמענס מאפאָלע — א לעגענדע פונ דער מעגילע וועגנ האָמענענ, וואָס האָט געוואָלט פארניכטנ אלע יִידנ אונ דורכ א נעס האָט ער געקריגנ א מאפאָלע.

112. מעקײַעמ זײַנ — אויספירנ גאָטס געבאָט. דאָ: צו שיקנ שאלאכמאָנעס, שיקערנ אונ עסנ האָמענ־טעשלעכ (מיגימ געבעקס).

113. קסאוו — קאָנטראקט.

114. בוירע מינע מעזוינעס — ווערטער פונ א בראָכע אפ אייער־געבעקס (לויט דער יִדישער רעליגיע דארפ מענ אָפגיסנ די שפיצ־פינגער פארנ עסנ ברויט, אָבער ניט פארנ עסנ אייער־געבעקס).

115. געגאנגענ אינ וואסער — געגאנגענ אינ דער באָד־מיקווע זיכ טויוולענ (אונטערטונקענ דעמ קערפער אלס רעליגיִעזער ריטואל).

116. מעגאלע זײַנ — אופדעקנ.

117. מעקוראָוימ — נאָענטע מענטשנ, דעמ צאריקס נאָענטע כסידימ.

118. קנופּיע — בינטל, כאָפּטע.

119. ביגדע־מאַלכוס — קייסערלעכע קליידער.

120. מאַטעסיאָהו קויהען־גאָדל — מאַטעסיאָהו דער הויפּט־פּריסטער אינעם יִידישן טעמפּל; פּער־סאָנאַזש פון דער לעגענדע וועגן כאַנוקע.

121. כוישן ווע־עפוד — קליידער, וואָס דער הויפּט־פּריסטער פלעגט אָנטון בייסן אָפּריכטן גאָט־דינסט אין אוראַלטן יִידישן טעמפּל.

122. מאָרדכע — א פּערסאָנאַזש פון דער מעגילע, וואָס ער זאָל דאָס האָבן געראַטעוועט יִדן פון האָמענען.

123. רעשוס — דערלויבעניש.

124. מאַצליעך זײַן — באַגליקט ווערן.

125. שויפער שעל מאָשיעך — דאָס שויפער־בלאָזן, וואָס דאַרף זײַן, לויט די פאָרשטעלונגען פון רעליגיִעזע יִדן, א סיגנאַל פון מאָשיעכס אָנקום.

126. מויסער־נעפעש געווען — זיך ברענגען פאַר א קאָרבן, גיין אַפּ אָפּקומעניש (צוליב דער רעליגיע).

127. אַפּ קידעש האַשעם — צוליב פאַרהייליקן גאָטס נאָמען.

128. דײַנע נאַרישע יִנגלשע מײַסעס... — אינעם דאָזיקן קאַפּיטל, ווי אויך אינעם צווייטן קאַ־פּיטל, איראָניזירט מענדעלע סאַרקאַסטיש אַפּ די שמעלקעס, אַפּ די גוטע יִדן, צאַדיקים און זייערע כסידים, מיט זייערע פאַנאַטישע אַבערגלויבענישן, לעבן־שטייגער, שיקערן און עסן, און ברוטאַלער באַציִונג צו די יִדישע מאַסן. דער רעבע מיט זײַן כאָסיד רעב שמעלקע מאַכן דעם גראָשן: „דער פּאָרעץ האַלט די קו פאַר די הערנער, און ער, לעהאַוודל, מעלקט“.

# קאַפּיטל VII

129. אין פּלוג — פון ערשטן בליק; נאַפּקעמינע — אונטערשייד, כילעק.

130. גאָטס פּרײַטיק — לויט די רעליגיעזע פאָרשטעלונגען איז א טאָג בא גאָט טויזנט יאָר. צום סאָף פונעם זעקסטן יאָרטויזנט (פּרײַטיק פאַרנאַכט) לויטן רעליגיִעזן קאַלענדאַר דאַרף קומען מאָשיעך (זע באַמערקונג 52 צו „מאַסאָעס“.)

131. בויכ־סוואָרע — א ניט־באַגרינדעטע, אַן אויסגעטראַכטע מיינונג.

132. מילכאָמע פון גוי־גאומאָגעג — לעגענדאַרע פעלקער, וואָס מיט זיי וועט אויסקומען (לויט די לעגענדעס) מילכאָמע האַלטן אין מאָשיעכס צײַטן.

133. האַקאָדעש באָרעכ־הו — גאָט.

134. מעכוערעס — א נאַקעטע פרוי (דער אייגנטלעכער באַטײַט איז — א מיִעסקײַט); אזוי באַצייכענען די היי־ליקע ספאָרים די „מירמלשטיינערנע בילד־שיינע נעקייווע פון רוים“, ווארשײַנלעך, די באַרימטע איטאַליענישע סקולפּטור־פיגור פון ווענערע מילאָסער.

135. יעפיפיע — שיינהײַט.

136. אומעכאַמעמינ אויסאָ וועשויכווים עצלאָ — און וואַרעמען זי און זיי ליגן מיט איר.

137. וועהי מיסבאַקאַאַס — און זי ווערט געשפּאָלטן (דאָס הייסט, די שטיינערנע פיגור געבוירט א קינד).

138. בעויסאָ שאָ — אין יענעם מאָמענט.

139. מאָשיעך בען יויסעף — א פאָר־מאָשיעך, וואָס דאַרף קומען, לויט די לעגענדעס, פריִער, איידער דער עמעסער מאָשיעך (מאָשיעך בען דאָוויד).

140. שיוועטעפראַים. אסערעס האַשוואָטים... בנייַ־מוישע, רויטע יִדעלעך — לעגענדאַרע שוואָטים, וואָס דאַרפן קומען צוהילף די יִדן בײַס דער מילכאָמע אין מאָשיעכס צײַטן (זע באַמ 57, 58 און 112 צו „מאַסאָעס“).

141. האָויס האַשמיני — דער 8־טער צייכן.

142. טקיִע — אַן אויסגעצויגענער טאָן פון שויפער־בלאָזן.

143. די גרויסע סודע — די לעגענדאַרע סודע, וואָס איז אָנגעגרייט פאַר די פרומע יִדן, אז מאָשיעך וועט קומען; לעוויִאָסן — לעגענדאַרער פיש; שאָראַבאָר — לעגענדאַרער ריזיקער אָקס; יאַיִן האַמשו־מער — לעגענדאַרער ווײַן,—זאַכן צוגעגרייטע פאַר דער „גרויסער סודע“.

144. ראַבע באַר באַר־כאָנעס געגנדז — לעגענדאַרע אויפעס, וועגן וועלכע עס ווערט דערציילט אין טאַלמוד אין נאָמען פון ראַבע באַר באַר־כאָנע (זע באַמ. 69 צו „מאַסאָעס“).

145. צו דער פּאָליטיקע — געמיינט די מילכאָמע צווישן רוסלאַנד, פון איין זײַט, מיט א ריי מײַרעוו־אייראָפּייִשע מעלוכעס און מיט טערקײַ, פון דער צווייטער זײַט, וואָס איז פאָרגעקומען אין די יאָרן 1853 — 1855.

146. טאַכסיסע מילכאָמע — מילכאָמע־סטראַטעגיע.

147. קירעס כאַיִל — עסטרײַכיש מיליטער.

148. טויגער — דער טערק.

149. קאַוו האַכאַיִם — די ליניע אַפּ דער האַנט־פלאַך, וואָס איר לענג ווײַזט קלוימערשט די לענג פונעם מענטשנס לעבן.

150. סאָרים — האַרן, מאַלאָכים אין הימל (זע באַמ. צו „מאַסאָעס“).

151. ראַשי — א קאָמענטאַר צום ביבל און טאַלמוד.

152. מאלכיעס — מעלוכעס, קיניגנ.

153. סאר שעל עדוימ — דער האר, דער מאלעכ אונ באשיצער פונעמ פאָלק עדוימ (געמיינט רוסלאנד) אפנ הימל.

154. אלפי יווישער — אָרנטלעכ; דאָ: ניט איבערגעטריבנ.

155. יאשראָנימ — אויסגלײַכערס, פארמיטלערס; מא ראש — וואָס איז דער געפּילדער? ס'איז ניט קיינ בייז.

156. פּעעכאָד — מיט איינ קאָל; אָסער — כלעבנ (א פאָרמ פונ א נעגאטיווער שוווּע).

157. א מוצלעכ — א מענטש, וואָס עס גליקט אימ אינ אלצ.

158. שעמ האמפוירעש — גאָטס ריכטיקער נאָמענ, וואָס מע טאָר אימ ניט ארויסזאָגנ. מיט דער קראפט פונעמ שעמ־האמפוירעש, האָבנ רעליגיִעזע ייִדנ געגלויבט, קאָנענ צאדיקימ באווײַזנ ווונדער.

159. סאָנע־ציִענ — סאָנימ פונ ציִענ (ייִדנ), א שאָוויניסטישע רייד־ארט בא רעליגיִעזע ייִדנ, וואָס דריקט אויס דעמ ווילנ אריבערצופירנ פערזענלעכע ליידנ אפ ניט־ייִדנ; ניסימ — ווונדער.

## קאפיטל VIII

160. אפ זײַנע קיילימ — מיט זײַנ געדאנק.

161. מאנ אינ דער מידבער — לעגענדארע שפײַז, מיט וועלכער די ייִדנ האָבנ זיכ דערנערט בייס זיי זיינענ (לויט דער ביבל) געגאנגענ פונ מיצראיִמ דורכ דער מידבער; עקדישנ אונ פּיפּערנאָטערס — אומבאשטימטע מינימ שלענג; קעמפּע — א פלאכ פלאצ; מעכאשייפימ — קישעפמאכערס.

162. דער „אני־מאמינ" — דער „קרעדאָ", דאָס גרונטיקע, אינ וואָס מע גלייבט.

163. סידער — טפילע־סייפער, פונ וועלכנ דער מעלאמעד פלעגט לערנענ די קינדער דאווענענ.

164. כוידעש עלעל — הארבסט־כוידעש (אווגוסט־סעפּטיאבער); אינ מעשעכ פונעמ דאָזיקנ כוידעש בלאָזט מענ שויפער יעדנ טאָג אינ בעסמעדרעש.

165. א קאשער־שטיינ — א שטיינ אפ צו קאשערנ געשיר — מאכנ פליישיקע טעפּ פאר מילכיקע אונ פאר־קערט (דעמ שטיינ פלעג מענ אָנגליִענ אונ ארײַנוואַרפנ אינעמ טאָפּ מיט זודיק וואסער).

166. א געמאָרע־ייִנגל — א ייִנגל, וואָס הייבט שוינ אָנ צו לערנענ געמאָרע אינ כיידער, א דערוואקסענער (10־11 יאָר אלט); אישע — א פרוי; אוויירע — א זינד, פאר וועלכער גאָט שטראָפט, לויט די פאָרשטעלונגענ פונ רעליגיִעזע מענטשנ, אפ יענער וועלט; בעטעוועע — אינ דער נאטור, אינעמ כאראקטער; האצלאָכע — גליק; יאמ־אָקיאָנעס — אָקעאנ; טראטעס — וועקסלענ; מאלכעס — קייסער.

167. ליכטיקע צורע פונ יעהוישוע — לויט די לעגענדעס אונ פאָרשטעלונגענ פונ רעליגיִעזע ייִדנ, איז די זונ ענלעכ אפנ געזיכט פונעמ ביבלישנ מוישע ראבייענו, אונ די לעוואָנע — אפנ געזיכט פונ זײַנ שילער אונ נאָכקומער דעמ ביבלישנ יעהוישוע בענ־נונ.

168. כאקראָנימ — פילאָזאָפנ, שארפזיניקע קעפּ. „ט" אונ „ח" — (טאָוו אונ כעס) — בוכשטאבנ פונעמ העב־רעיִשנ אלפאבעט, וואָס לויט זייער קאָנפיגוראציע זענענ צעוואָרפנ די שטערנ־גרופּעס אפנ הימל.

169. א לעצ — א מענטש, וואָס האָט ליב אָפּצולאכנ פונ אלצ.

170. מאכנ שיִעס — אײַלנ זיכ ניט, פארהאלטנ זיכ.

# דאָס צווייטע בוכ

## קאפיטל I

171. בארמיצווע־ייִנגל — א ייִנגל, וואָס האָט דערגרייכט צו רעליגיִעזער פּיליאָריקײַט (13) אונ, אלס א דערוואקסענער, טראָגט ער שוינ אפ זיכ אלע רעליגיִעזע פליכטנ.

172. רעצועס — לעדערנע רימענס פונ די טפילנ.

173. „לעשיימ ייִכוד" — א טפילע פאר טפילנ־לייגנ; אווידאס האבוירע — דער יאָכ פונ גאָטס־דינסט.

174. ווע־ייר־אסטיכ.... — טפילע־פראזעס, וואָס מע זאָגט נאָכנ טפילנ־לייגנ, וויקלענדיק די רעצוע (לעדערנער רימענ) ארומ א פינגער.

175. שאבעס־נאכמו — שאבעס נאָכ דער רעליגיִעזער טרויער־צײַט אומ זומער, ווענ מע לייענט אינ בעסמעדרעש א קאפיטאל ביבל, וואָס הייבט זיכ אָנ מיטנ וואָרט „נאכמו"; „שמוינע־עסרע" — טפילעס, וואָס טראָגנ אזא נאָמענ; מעשוירער — זינגער.

176. שטעלנ די קיילע — מאכנ איבונגענ פונ געזאנג (בא א כאזנ); ספירע (ציילונג) — די צײַט פונ פּייסעכ ביז שוועס, וואָס עס איז א טרויער־צײַט בא רעליגיִעזע ייִדנ.

177. ניגנ — געזאנג, מעלאָדיִע; „אטאָ־זויכייר" — א טפילע יאָמימ־נויראָימ.

178. שכינע — גײַסט פונ גאָט; קנעסעס ייִסראָעל — דאָס ייִדישע פאָלק.

179. „אונסאנע טויקעפ" — א יאָמימ־נויראָימדיקע טפילע; סליכעס־צײַט — די לעצטע טעג פאר ראָשעשאָנע, ווענ רעליגיִעזע ייִדנ זאָגנ כאראָטע־טפילעס (סליכעס).

180. אכילע — עסנ; ביבל ווענג דער אכילע — דער אומגליק פונ וועלנ עסנ.

181. ווייזלטיר — אומבאשטימטע רויב־בײַע.

# קאפיטל II

182. גיינ אפ קיווער־אָוועס (קוואָרימ פונ די עלטערנ) — גיינ אפנ פעלד צו די קוואָרימ פונ קרויווימ אונ „הייליקע" אונ זאָגנ טפילעס, אז די טויטע זאָלנ זיכ מיִענ (בעטנ גאָט) פאר די לעבעדיקע.

183. האָרעכווישעכ — פינצטערע בערג, ד. ה. הויכע בערג, וואָס פארשטעלנ די זונשייַנ; אומבאשטימטער, ווייַטער קאנט; קיילע שליימע — פארפולקומטער אינסטרומענט, א גערעאָטענער מענטש.

184. נאריצאָכ — א טפילע, וואָס דער כאזנ זינגט אינ בעסמעדרעש.

185. וואָלעכל — א מאָלראווישע פאָלקס־מעלאָדיע; פארבייַסנ מיט אקליוואנער בעסלער — פארענדיקנ מיט א מעלאָדיע פונ א באשטימטער פויערשער ליד.

186. קאָלנידרע־בארלעכ — וואלד־בארלעכ, ווערנ צייַטיק שפעט אומ הארבסט, ארומ יאָמקיפער, ווענ מע זאָגט אינ דאווענ „קאָל נידרע"; פאָלעש — פאָרער־צימער אינ בעסמעדרעש.

187. כסאָדימ — גענאָדנ; מעכילע — אנטשולדיקט.

188. סימכעסטוירעדיק — אופגעלייגט, פונקט ווי בא רעליגיִעזע יִידנ אומ סימכעסטוירע, ווענ עס איז א מיצווע צו שיקערנ; כ̄עדווע — פרייד; בעכיירעמ — מיט א שוווע.

189. וואָס האָט ער געטאָנ — געבנ די האנט א מיידל איז בא פרומע יִידנ א זינד.

# קאפיטל III

190. נעסיִע — רייַזע.

191. כאָמעצ פארברענענ — פארברענענ עטלעכע ברעקלעכ ברויט ערעוו־פייסעכ אונ אפ אזא אויפנ קלוימערשט פארניכטנ דעמ גאנצנ כאָמעצ (אלע טוווע־פראָדוקטנ אונ דאָס געשיר, וואָס מע באנוצט א גאנצ יאָר), וואָס מע טאָר אימ ניט האלטנ אינ שטוב אינ די פייסעכ־טעג (לויטנ רעליגיִעזנ ריטואל) — זע באמ. 55.

192. קרייַקע — א ראנד־פאס פונ א שטיקל געוואנט.

193. מעהומע — פאניק, טומל; שטיינ אפ מישקוילעס — שטיינ אפ די שפיצפינגער אינ געפאר צו פארלירנ יעדער מינוט די גלייַכגעוויכט; אָרל — א שאָוויניסטישע באצייכענונג פונ א ניט־יִידנ.

194. טארגעמ — דאָ: א נ־ט פארשטענדלעכע שפראכ; דער אייגנטלעכער באטייַט — ארמישע איבערזעצונג פונ ביבל, וואָס פרומע יִידנ פלעגנ לייענענ אלע פרייַטיק, ניט פא־שטייענדיק דעמ אינהאלט.

195. שעווע כאָכמעס — זיבנ קענטענישנ. אפ אזא צאָל קענטענישנ איז פארטיילט די וויסנשאפט לויט די פאָרשטעלונגענ פונעמ מיטלאלטער, דערינ אויכ לויט דער יידישער רעליגיִעז־מיסטישער פילאָזאָפיע.

196. מערערעש — א סייפער, וואָס אנטהאלט פא־שיידענע רעליגיִעזע לעגענדעס אונ זאָגעכצנ, געבויט איבער־הויפט אפ קאָמענטארנ צו דער ביבל.

197. א יוגנט מיט א צוגעדעקטנ קאָפ — א יונגע פרוי, וואָס האָט שוינ כאסענע געהאט אונ טאָר דעריבער (לויט דער רעליגיִעזער טראדיציע) ניט גיינ מיט קיינ אָפגעדעקטנ קאָפ.

198. אכסאניע — אייַנפאָרהויז.

# קאפיטל IV

199. מעקאבל־פאָנעמ זייַנ — אייַנאָרדענענ א פייַערלעכע באגעגעניש.

200. קאָשע — ניט פארשטענדלעכ, אומנאטירלעכ.

201. יעיצערהאָרע — שלעכטער געדאנק, דאָס גלוסטנ צו טונ זינדיקע טאטנ.

202. סראָרעס — הארנסעס, פריצטעס; ווידע אָפזאָגנ — אָפזאָגנ די טפילע, וואָס איז באשטימט צו זאָגנ פארנ טויט; דאָ: זיכ גרייטנ צומ טויט.

203. פריצ — ניט קיינ געניטער מענטש; מאכנ א פליטע — אָפציִענ, אנטלויפנ.

204. מינכע־צייַט — פארנאכט; לעמעכ — אנ אלגעמיינע באצייכענונג פונ א דולנ, פונ א גוילעמ.

205. רוגזע — אומצופרידענע מינע, בארויגעזוריק; מיילעצטע — פארטיידיקערנ.

# קאפיטל V

206. אוילעמ־האזע — די וועלט (קעגנגעשטעלט צו „יענער וועלט" — נאָכנ טויט); דאָ — א באקוועמ לעבנ.

207. מאכזער — א טפילע־סייפער פאר די יאָנטעוו־טעג; מעקייַעמ געוועונ דעממינהעג — אויסגעפילט די רעליגיִעזע טראדיציע.

208. אָפשפעטנ מיט אלע דינימ אונ קאוואָנעס — אָפשפעטנ אפנ העכסטנ אויפנ, פונקט ווי דאָס זאָל זייַנ א טאט, וואָס דארפ אויסגעפירט ווערנ לויט אלע רעליגיִעזע געזעצנ אונ מיט פרומלעכער אייַנגעטראכקייַט.

209. מיט יִשמאר־יִשטיק — דאָ: מיט אנ אָנשטעל פונ איבערגעטריבענער פרומקייַט; מיט א יִירעשאָמאיִמ־פענעמל — מיט א גאָטספארכטיק פענעמל, צוויאקיש.

210. סכירעס — געהאלט; קיינ צאר — א פאָרמע פונ א שוווע, דאָ: ס׳איז נאָכ אזא טרייַנע־סאָסיע ניטאָ, איכ זאָל אזוי פונ צאָרעס ניט וויסנ; בענ־מיילעכ — פרינצ.

211. „בנייאָדאָמ" — א טפילע, וואָס מע זאָגט בייס שלאָגנ קאפאָרעס.

## קאפיטל VI

212. נאוונאד — פארוואָגלט; קיעמ־אוילעמאבע — עקזיסטענצ פונ יענער וועלט.

213. טויספעס, מעהאראמשיפ, מעהארשאָ — פארשיידענע קאָמענטארנ צומ טאלמוד; אוועיעש לעיאשעוו — א פראגע, וואָס דער קאָמענטאטער צומ טאלמוד שטעלט אונ פארענדיקט מיט די ווערטער „וועיעש לעיאשעוו” — מע קענ פארענטפערנ, דעמ ענטפער גופע גיט ער אָבער ניט. די קונצ פונעמ לערנער באשטייט אינ טרעפנ דעמ ענטפער.

214. אומעס האָוילעמ — ניט־ייִדישע פעלקער.

215. „שוירשענאָגאכ עס האפאָרע” — גנ אָקס, וואָס האָט געשטויסנ א קו (אָנהייב פונ א מישנע אינעמ טאלמוד).

216. ריישע, סייפע, מעציוסע — דער אָנהייב, דער סאָפ, די מיט; געמיינט, אז פונ באזונדערע טיילנ פונ איינ אונ־דער זעלבער מישנע דרינגענ ארויס פארשיידענע אויספירנ וועגנ א רעליגיעזנ געזעצ.

217. טאנע קאמע — דער ערשטער טאנע, דער ארויסזאָגער פונ דער גרונט־מיינונג וועגנ א באשטימטנ רעליגיעזנ געזעצ אינעמ טאלמוד.

218. דער אָקס, דער ווידער, דער צווילינג, די בסולע — באצייכענונגענ פונ פארשיידענע שטערנ־גרופעס, וואָס אנטשפרעכנ באזונדערע כאראָשימ אינ יאָר; אזוינע גרופעס, אָדער מאזאָלעס, איז לויט די רעליגיעזע ספאָרימ פאראנ צוועלפ.

219. טפיסע — פייִקייט אויפצופאסנ שנעל א שווערנ איניענ.

220. אפ זיינע קאשעס איז בא זיי ניט געווענ קיינ טערוצימ — אפ זיינע הארבע פראגעס אינ שטעלנ פונעמ טאלמוד האָבנ זיי ניט געקענט געבנ קיינ דערקלערונגענ.

221. האשגאָכע — אויפזיכט.

222. „ביצע”, „קידושנ”, „קסובעס”, „נידע” טראקטאטנ פונעמ טאלמוד, וואָס אנטהאלטנ קאזויִסטישע געזעצנ מיט פארשפיצטע אָפהאנדלונגענ וועגנ רעליגיעזע יאָנטויווימ, וועגנ כאסענע־איניאָנימ אונ געשלעכט־באציונגענ. מענדעלע דריקט דאָ אויס זיינ סארקאזמ, וואָס „אזא שנעק” (13־יאָריקער הערשעלע) איז שוינ געניט אינ דער דאָזיקער לערע.

## קאפיטל VII

223. קויעכ־הארשאָע — פולמאכט.

224. סאָרימ פאצפאציא אולדוימע — הארנ פאצפאציא אונ דעסגלייכנ ד. ה. מאלאָכימ, וואָס באטייליקנ זיכ, לויט די רעליגיעזע ספאָרימ, אינעמ הימלשנ געריכט.

225. בעסדרנ שעל מײלע — דער געריכט אפנ הימל בא גאָטס טראָנ; פײעט (פיוט) — מיטלאלטערלעכע רעליגיעזע דיכטונג.

226. באל בעכי — א מענטש, א פייִקער צו וויינענ; דאָ: א כאזנ וואָס וויינט שטארק באמ דאווענ.

## קאפיטל VIII

227. מעקאבל — (נעמער) — א פרומער אונ מעיוכעסדיקער ייִד, וואָס האָט ניט קיינ באשטימטע באשעפטיקונג אונ באקומט נעדאָוועס פאר זיינ פרומקייט אונ ייִכעס.

228. כאדאָשעס — נייס; שטענדער — א מינ טישל, וואָס שטייט פאר יעדנ דאווענער, וואָס פארמאָגט א „שטאָט” (א באשטענדיק אָפגעקויפט אָרט) אינ בעסמעדרעש.

229. וואָס באוואָרנט ראשע מיט זיינ „קלוימער” — וואָס עס מיינט דער טאלמוד־קאָמענטאטער ראשע מיט זיינ פארטייטשונג; די קאָמענטארנ צומ טאלמוד בא ראשע הייבנ זיכ אָפט אָנ מיטנ וואָרט „קלוימער” — דאָס הייסט. די יעשיוועס־באָכערימ אונ באטלאָנימ פלעגנ דרינגענ, אז דער קאָמענטאטער האָט צו דער דאָזיקער שטעל אינ טאלמוד א באזונדערס הארבע קאשע (פראגע), וועלכע ער דריקט נימ אויס. אנדערש, וואָלט ער ניט קאָמענטירט אונ ניט געשריבנ „קלוימער”. הערשעלע, הייסט עס, האָט באדארפט טרעפנ, וואָס ראשע באוואָרנט — ד. ה., וואָס דער טאנע — (טאלמודישער אווטער) לאָזט מיכ דאָ הערנ (וואָס פאר א באהאלטענעמ מיינ ער האָט) אונ וווּ ליגט דאָ דער רעכטער קוועטש (וואָס אייגנטלעכ טאָרערט זיכ צו פארטייטשנ).

230. שארפע פשעטלעכ — פארשפיצטע, שארפזיניקע דרינגענישנ פונ א שטעל אינ טאלמוד.

231. איינ־יאנקעוו — א סייפער, וואָס אנטהאלט רעליגיעזע דערציילונגענ. לעגענדעס אונ זאָגעכצנ פונעמ טאלמוד.

232. זויהער — א סייפער פונ מיטלאלטערלעכער, רעליגיעז־מיסטישער פילאָזאָפיע.

באנאנד מיטנ ארונטעררייסנ די פאָרמענ פונ דער רעליגיעזער דערציִונג פונ קינדער אינ יענע יאָרנ, אידעאליזירט מענדעלע דאָ (ווי אינ אסאכ אנדערע שטעלנ אינ „ווינטשפינגערל”) די פאָרשטעלונגענ פונ די רעליגיעזע ייִדנ וועגנ דער „שכינע” (גאָטס גייסט) אונ „קנעסעס ייִסראָעל”, די „הייליקע ריינע ליבשאפט אונ געטלעכע געפילנ... וואָס האָט א שיינ געגעבנ פאר די ייִדישע קינדער” — דאָס אלצ, פונ וואָס מענדעלע האָט אינ זיינע פריִעריקע ווערק מיט גרויס מייסטערשאפט אָפגעשפאָט. אידעאליזירט איז דאָ אויכ די פיגור פונעמ „געהויבענעמ מעקאבל”, וועלכער איז אינדערעמעסנ א וואריאנט פונ א „ביניאָמינ III” (זע ארייַנפיר).

233. קיטעס — גרופעס; שפרינגענקדושע — זאָגן א טפילע מיטן נאָמען קדושע און שפרינגען דערבײַ אונטער.

234. שירע — לויבגעזאנג (צו גאָט); סראָפּים — מאלאָכים.

235. סינײַ — א ביבלישער באַרג, ווו די ייִדן האָבן לויט דער לעגענדע באַקומען די טוירע פֿון גאָט; אַן אַלגעמיינע באַצייכענונג פֿון א וויכטיקן רעליגיעזן מיטלפּונקט.

236. שיר־האשירים — א בוך פֿון ביבל. דער אינהאַלט — ליבע־מאָטיוון.

237. אגאדעטעס — רעליגיעזע דערציילונגען, לעגענדעס און פֿאַבולן פֿונעם מעדרעש און טאַלמוד.

238. א סיִעם — א רעליגיעזע שימכע בײַם פֿאַרענדיקן א טראַקטאַט פֿונעם טאַלמוד. צוליב דעם „סיִעם" פֿלעגט מען לויט דער רעליגיע מעגן עסן פֿליישיקס אין די 9 טעג (רעליגיעזע טרויער־צײַט און ברעכן דעם טאָנעס (דאָס פֿאַסטן) ערעוו פּייסעך פֿאַר די בכוידימ (עלטסטע זין אין דער פֿאַמיליע, לויט דער רעליגיע דאַרפֿן זיי פֿאַסטן ערעוו פּייסעך).

239. א פּײרעק מישנײַעס מיט א ראַבאָנען־קאַדעש — א קאַפּיטל מישנע, וואָס מע פֿלעגט לייענען אַלע טאָג נאָך א געשטאָרבענעם און בײַם פֿאַרענדיקן דאָס לייענען זאָגן א ספּעציעלע טפילע „ראַבאָנען־קאַדעש".

240. די יאָרשימ געדונגענע אַף א גאַנץ יאָר — רײַכע יאָרשים פֿלעגן דינגען מענטשן, וואָס זאָלן לערנען מישנײַעס און זאָגן קאַדעש נאָך זייערע פֿאַרשטאָרבענע קרויווים. דערמיט האָט עס זיך באַשעפּטיקט דער „געהויבענער מעקאַבל" רעב אווראָם.

241. פּילפּל — פֿאַרשפּיצטע, שאַרפֿזיניקע, אומגעלומפּערטע דרינגעניש(ן) (כקירעס) בײַם לערנען טאַלמוד.

242. סכאַר־לימעד — באַלוינונג וואָס מע גיט דעם מעלאַמעד פֿאַרן לערנען מיט א קינד אין כיידער; שײַלע — פֿראַגע; קרײַטיש — האַרבע, ניט־פֿאַרשטענדלעכע.

243. לאַמדן, לאַמדאָנים, לאָמדימ — ווילקענער, ווילקענערס (פֿון טאַלמוד און אַנדערע רעליגיעזע געזעץ־ספאָרים).

244. גאַדלען — באַלגײַוועניק, גרויסהאַלטער; פּאָיעדינעק — צווייקאַמף; דאָ — אַרום אויסטײַטשן א האַרבע שטעל אינעם טאַלמוד.

# קאַפּיטל IX

245. ראָצן — ווילן; „קײלע" — אינסטרומענט, דאָ: די שטימ.

246. ײַילעס — טפילעס יאָמקיפּער אַפּרערנאַכט.

247. באָרעכ־הו אובאָרוכ־שעמוי — געבענטשט איז ער און געבענטשט איז זײַן נאָמען (גאָט).

248. אופֿרופֿן צו דער טוירע אין שול „אים קאָל האַנאָרימ" — צורופֿן אַף צו שטיין לעבן דער טוירע (בײַם לייענען פֿון איר אין בעסמעדרעש) צוזאַמען מיט אַלע ייִנגלעך (סימכעס־טוירע פֿלעגט מען „אופֿרופֿן" צו דער טוירע ניט בלויז עלטערע ייִדן, נאָר אויך ייִנגלעך).

249. אַף אים איז ווי געשטאַנען אָנגעשריבן „סימכעס־טוירע" — האָט אויסגעזען יאָנטעוודיק־פֿריילעך.

250. בוירע מינע מעזוינעס — א בראָכע (גאָט־בענטשונג) פֿאַרן עסן אייער־געבעקס.

251. טשאָלנט — געקעכץ, וואָס מע פֿאַרגרייט פֿרײַטיק און מע פֿאַרוקט עס אין א הייסן אויוון ביז צום עסן שאַבעס באַטאָג.

# קאַפּיטל X

252. קריִע־רײַסן — זיך מאַטערן מיט א שווער געמיט, פּונקט ווי בײַם רײַסן קריִע (אײַנשנײַדן די קליידונג, לויט דער רעליגיעזער טראַדיציע, נאָך א טויטן).

253. מיט אַן איבער — מיט א צוגאָב־כוידעש (לויטן רעליגיעזן קאַלענדאַר איז אין אַן איבעריאָר פֿאַראַן 13 כאַדאָשימ).

254. שיראיִם — רעשטן.

255. ער וואַרפֿט זיך אַרײַן אַף קידעש־האַשעם — ער וואַרפֿט זיך אַרײַן אין וואָגן, ניט געלייגט קיין אַכט אַף דער געפֿאַר צו ווערן געשעדיקט איבער דער ענגשאַפֿט (גלײַך ווי ער זאָל גיין צום טויט פֿאַר ניט וועלן זיך אָפּזאָגן פֿון ייִדישקײַט).

# קאַפּיטל XI

256. רעשאָיִם — שלעכטע, זינדיקע; צאַדיקים — פֿרומע.

257. יעיעצער האָרע — שלעכטער מאַלעך, וואָס רעדט אָן, לויט די רעליגיעזע פֿאָרשטעלונגען, דעם מענטשן צו זינדיקן; לעסאָף — צולעצט.

258. טכיִעס־האַמייסים — דאָס אופֿגעלעבט ווערן פֿון די טויטע; פּוראָניעס — ליידן, פּלאָגן.

259. „וואַ ייִכלו" זיי האָבן געגעסן (אין ביבל וועגן מאַלאָכים); אין כיידער פֿלעגט דער מעלאַמעד פֿאַרטײַטשן — „און זיי האָבן געטון גלײַך ווי געגעסן", ווײַל די מאַלאָכים, הייכט עס, נייטיקן זיך ניט אין קיין שפּײַז; מיזמער — געזאַנג, דאָ: צערעמאָניע.

260. סעו־יעדײכעם — טפּילע־פּראַזע בײַס מע ייאַשט ײַך די הענט פאַרן עסן; מאַכט־יאַמױצע — זאָגט א בראָכע באַם אריַינעמען אין מויל דעם ערשטן ביסן.

261. מאַיִם־אכרוינים — וואסער, מיט וועלכער רעליגיעזע ייִדן שווענקען אָפּ די שפּיץ פינגער נאָכן עסן פאַרן בענטשן.

262. מעכאבערמיט מעזומען־ גיט אָפּ קאָוועד צו בענטשן מעזימען — זאָגן גאַסטימטע פּראַזעס פאַרן טפּילע־זאָגן נאָכן עסן, ווען 3 מענטשן עסן צוזאמען. דער, וואָס באַקומט דעם קיבער, הייבט אָן מיט דער פּראַזע, „ראַבויסײַ מיר וועלן בענטשן".

# דאָס דריטע בוך

## קאַפּיטל I

263. אונטערטונקען זיך אין דעם יאַם האַטאַלמוד — אריַינלאָזן זיך אין פאַרשפּיצטע טאַלמודישע אָפּהאַנדלונגען.

264. רווונס אָקס מיט שימענסקו — אַן איניען אין טאַלמוד וועגן אייגענעמס אַן אָקס, וואָס האָט געשטויסן א צווייטנס א קו.

265. ביטנײַ — מיט א באַרינג.

266. סאר האטוירע — דער האַר פון דער טוירע, דער מאַלעך אין הימל, וואָס האָט צו שאַפן איבער דער טוירע.

267. עוויען — אָרעמאַן; מעסוגל — פּאַסיק, אַנטשפּרעכט, העלפט מיט.

## קאַפּיטל II

268. פּרײַטיק־צו־נאַכטס — אינעם דאָזיקן קאַפּיטל אידעאַליזירט מענדעלע דעם רעליגיעזן שאַבעס, די טראַדיציאָנעלע שאַבעסדיקע סודע מיט די טפּילע־געזאַנגען און מאַלאָכים־לעגענדעס, וואָס דאַרפן באַרויִקן דעם אָרעמען שמוליקן פון זײַנע ליידן א גאַנצע וואָך; ברענגען „א סימכע אָפּ די אַלע ייִדן"; די רעליגיעזע צערעמאָניעס מיט די זמירעס דאַרפן עס פאַרוויגן דעם קאָפּ, וואָס „פאַרברענגט א הינטיש לעבן א גאַנצע וואָך", און דערשטיקן זײַן גאַסירלעכן פּראָטעסט קעגן די דירעקטע שולדיקע אין זײַן מאַטערניש; „שאָלעם־אַלײכעם" — א טפּילע־געזאַנג פרײַטיק־צו־נאַכטס, ווען מע קומט פונעם בעסמעדרעש; „מאיע דידוס" — איינע פון די זמירעס (טפּילע־געזאַנגען) פרײַטיק־צו־נאַכטס בא דער סודע. אין די זמירעס ווערט שאַבעס פאַרגלײַכט צו א פּרינצעסן און א קאַלע.

269. שאָלעשודעס — די דריטע סודע, וואָס מע דאַרף עסן לויט דער רעליגיעזער טראַדיציע שאַבעס פאַר־נאַכט.

270. יאָשוווי רעשאָיִם לישוילאָ — זאָלן זיך אומקערן די רעשאָים אין גענעם אריַין. (דער גענעמי הייסט עס, רוט שאַבעס).

271. מאַלאַכע־כאַבאָלע — מאַלאָכים, וואָס פילן אויס דעם שטראָף־אורטייל איבער די זינדיקע (לויט די רעליגיעז־מיסטישע ספאָרים).

272. ברענענדיקע האַוודאָלע — ברענענדיק וואַקסן ליכטל, וואָס מע צינדט אָן בײַס מעמאַכט האַוודאָלע — מע זאָגט די טפּילע, וואָס ווערט געבראַכט אין טעקסט איבער א קאָס (גלאָז) ווײַן אָדער בראָנפן.

273. מעלאווע־מאַלקע — א סודע שאַבעס־צו־נאַכטס.

274. גאָך די „עליאָהוס" — נאָך די טפּילעס, וואָס הייבן זיך אָן מיטן וואָרט „עליאָהו".

275. עמונע — דאָס גלויבן; „אַטעוועכאַרטאָניקעס — אויסדערוויילטע (פון גאָט). א שאָוויניסטיש־גרויסהאַלטערישע באַצייכענונג פון פרומע ייִדן (דאָ מיט אַן איראָניע); קויעכ האַמדאַמע — די פּאָרשטעלונג־קראַפט, די פאַנטאַזיע.

## קאַפּיטל III

276. דילעוואָנע — געמיינט די רעליגיעזע צערעמאָניעס פון טפּילע־זאָגן אין איינער פון די גאַבעט, ייען עס באַווייזט זיך די נײַע לעוואָנע, דערבײַ זאָגט איינער צום צווייטן „שאָלעם־אַלײכעם — אַלײכעם־שאָלעם" און מע שפּרינגט אונטער. אָנטיילנעמען אין די דאָזיקע טפּילעס און זאָגן די ווערטער „שאָלעם־אַלײכעם", ווי אויך זאָגן צוזאמען מיטן אוילעם די טפּילעס „באָרכו" און „קדושע" מוז לויט דער רעליגיע יעדער איינער, וואָס גייט צופעליק פאַרבײַ די דאַווענער.

277. שליטע — הערשאַפט, איַינפלוס; נעקיִעס — דאָס אָפּטון מענטשלעכע באַדערפעניש.

278. בראָכעס — טפּילעס, מיט וועלכע עס הייבט זיך אָן דאָס אינדערפרייִקע דאַווענען. די סאַטירע אָפּ דער אומגעלומפּערטקייט פונעם דאַווענען איז אינעם דאָזיקן אָפּזאַץ געבויט דערויף, וואָס לויט דער רעליגיעזער טראַדיציע זאָגט יעדער דאַווענער די בראָכעס אָפּ א קאָל פאַר א צחייטן; יענער איז געצוווּנגען אויסצוהערן ביזן סאָף און בא יעדער בראָכע אקאָמפּאַנירן מיט די ווערטער „באָרוך־הו אובאָרוך שעמוי" (געבענטש איז ער און געבענטש איז זײַן נאָמען) און „אָמיין".

279. מאָקעם קאָדעש — בעסמעדרעש.

# קאפיטל IV

280. יאמויד — זאָל איפשטיינ — אנ אויסרופ פונעמ כאזנ צו דעמ, וואָס דארפ צוגיינ צו דער טוירע. צו דער טוירע פלעגט מענ אופרופנ אינ דער ערשטער ריי אזוינע, וואָס האָבנ יאָרצײַט נאָכ א געשטאָרבענעמ אונ גיבנ דעמ אוילעמ יאָרצײַט־בראָנפנ (שליש).

281. דרויב, שטיקלעכ יעהיראָצנס, כאָקל — קליינע ניט וויכטיקע טפילעס אונ זאָגעכצנ צומ סאָפ דאווענע, וואָס זענענ ניט אָבליגאטאָריש.

282. נייסעכ — וויַנ, וואָס יידנ טאָרנ אימ ניט טרינקענ.

283. בעפאשטעס — פראָסט; אל האטוירע וועאל האאווידע — איבערנ לערנענ טוירע אונ דינענ צו גאָט (דאווענענ); קעמוי — גליַיכ.

284. אימ — אכאכ; דער ליטוואק... אצייל עמ־קאָפ — דער ליטוואק, וואָס האלט א ייידער, איז אנ אפיקוירעס אונ מע טאָר אימ ניט געבנ קיינ קינדער צו לערנענ. גוט־יידישע כסידימ (אלס אזא טרעטנ ארויס די רע־קרוטנ־כאפער, פלעגנ האלטנ די, וואָס זענענ געקומענ פונ דער ליטע (זיי זענענ קיינ כסידימ ניט געווענ) פאר אפיקאָרסימ אונ צייילעמ־קעפ.

# קאפיטל V

285. ווייצירקאָסכאָ — א מענטש, וויאָס מאכט אנ אָנשטעל פונ איבערגעטריבענער פרומקייט; גנייווישע סגולעכ — צוויאקישע שטיק.

286. אָמער אבײַע (אבײַע האָט געזאָגט) — אנ אָפטער אויסדרוק אינ טאלמוד.

# קאפיטל VI

287. מאלאָסוי — זײַנ קאָוועד (א פאָרמ פונ העפלעכקייט אינ א ווענדונג צו א צווייטנ).

288. סקאָנטירט — ריסקאָנטירט (אָפגעצאָלט פארנ טערמינ א פרעמדנ וועקסל פאר א באשטימטנ פראָצענט).

289. אמיניענ יידנ אפנ היילינקנ אָרט — א גרופע פונ 10 יידנ אפנ פעלד באמ קייווער פונ א גע־שטאָרבענעמ צו זאָגנ קאדעש (א באשטימטע טפילע).

290. קינעס — קלאָג־טפילעס.

291. כאפערס — כאפערס פונ רעקרוטנ, זע באמ. 225 צו דער „טאקסע“.

292. אינ געוואנט ארײַנשטעקנ — אָפגעבנ פאר א רעקרוט אָנשטאָט א צווייטנ.

293. מע אָנו אומע כאיעינו — וואָס זענענ מיר אונ וואָס איז אונדזער לעבנ. ד. ה. וואָס פאר א ווערט האָבנ מיר; מא נוימאר אומא נעדאבער — וואָס זאָלנ מיר זאָגנ אונ וואָס זאָלנ מיר רעדנ.

294. גוימעל־בענטשנ — זאָגנ די טפילע, וואָס איז באשטימט, אז מע ראטעוועט זיכ פונ א טויט־געפאר׳

# קאפיטל VII

295. דער סאָטנ זאָל ניט מעקאטרעג זײַנ — דער סאָטנ (שלעכטער מאלעכ אינ הימל) זאָל ניט אָנרעדנ קיינ שלעכטס פאר גאָט.

296. לוי יאלע וועלוי יאָווי — עס זאָל זיכ ניט טרעפנ.

297. ארײַנפאָרנ אינ דער שיסל לאָקשנ — ארײַנפאָרנ פרײַטיק־צו־נאכטס שפעט אינ דער נאכט, ווענ מע עסט ייכ מיט לאָקשנ (לויט דער יידישער רעליגיע איז פארבאָטנ צו פאָרנ אומ שאבעס).

298. רײַבט מיט א „לעשיימ ייכוד“ — עסט מיט גרויס פלײַס, מיט פארטיפטער אײַנגעטראכטקייט

299. שאלשעלעס — געדריידלטער טאָנ באמ לייענענ די טוירע.

300. קעפי האמדובער — ווי ס׳איז געווענ אָפגערעדט.

301. עסקומט איר ניט קיינ שאָלעמ־אליכעמ — מע טאָר איר קיינ האנט ניט געבנ.

302. דאָר־האפלאָגע — א באצייכענונג פונ א פארשיידנארטיקנ, טומלדיקנ אוילעמ (זע באמ. 177 צו „מאסאָעס“)

303. האסבאָרעס — אײַנפאלנ.

304. ארײַנלייגנ שמאד־שטיק אינ דער יירע ארײַנ — ארײַנלייגנ אפיקאָרסעס אינ פרומקײַט, פארמאסקירנ א ניט דערלויבטע דורכ דער רעליגיע טאט מיט איבערגעטריבענער פרומקײַט; מימאָנעפשעכ — איינס פונ דיביידע; סײַוויסײַ.

# קאפיטל VIII

305. יאָוועש — טרוקנ; אויקער געוועג — אנטלאָפנ, אָפגעצויגנ.

306. באלהאלוואָעס — מענטשנ, וואָס אנטלײַענ יענעמ געלט אפ פראָצענט.

307. רעכענענ פראָצענט אפ די סעדרעס פונ דער הייליקער טוירע — נעמענ בא

די רעפיטאָרן וואָכ־פּראָצענט און פירן דעמ כעזשבנ פונ די וואָכנ לויט די סעדרעס פונ דער טוירע (טיילנ פונ כומעש), וואָס מע לייענט יעדע וואָכ אומ שאַבעס אינ בעסמעדרעש.

308. מערקורי — א גריכישער מיטאָלאָגישער גאָט פונ האַנדל; מערקורי האַמאַלעכ דער מעמונע איבערנ האַנדל — דער מאַלעכ מערקורי, וואָס האָט צו שאַפנ איבערנ האַנדל.

309. קוימעמיעס (האָפּעררדיק) — באַצייכענונג פונ אנ אָנזעצ, באַנקראָט.

310. קוורע־געלט — באַלוינונג פאַר באַגראָבנ א געשטאָרבענעמ; קאָדעש — א געהאַרגעטער פאַר ניט וועלנ זיכ אָפּזאָגנ פונ יידישקייט; דאָ: א באַנקראָטירטער; טונ זיינ רעכט — באַגראָבנ א געשטאָרבענעמ לויט דער רעליגיעזער טראַדיציע.

311. אלייעמ האַשאָלעמ (רו צו זיי) — א רייד־אַרט באַ פרומע יידנ, אז מע דערמאָנט אינ א געשפּרעכ געשטאָרבענע.

312. ארבעקאַנפעס (פיר עקנ) — א לייבצודעק מיט וואָלענע פראָנדזנ אינ די פיר ווינקל־עקנ, וואָס עס טראָגנ אָפּ זיכ שטענדיק פרומע יידנ.

313. מאַטער זיינ — דערלויבנ.

314. לאַמעדוואָוניק — א פאַרשטעלטער צאַדיק (איינער פונ די 36 פאַרבאַהאַלטענע צאַדיקימ, וואָס עקזיסטירנ אָפ דער וועלט, לויט די רעליגיעזע לעגעגדעס); דאָ — א פאַרשטעלטער מאַסקל (אנ אופגעקלערטער).

315. שאָלעמ־לעאַהאַווי־ברייוול — מעליצעדיקע פריינטשאַפט־בריוול אינ העברייִש. לערנענ די נעוויִמ־ספאָרימ פונ דער ביבל, דיקדוק (העברייִשע גראַמאַטיק) אונ שרייבנ העברייִשע מעליצעדיקע לידער — איז געווענ כאַראַקטעריסטיש פאַר די יידישע מאַסקילימ אינ רוסלאַנד.

316. אָפ זיינ דערעכ מיט זיינ „גירסע“ — אָפ זיינ גאַנג, לויט זיינ „לערע“.

317. א גרויסער באָקי, א כאַריפ, א לאַמדנ מופלעג — א גוט־דערפאַרענער, א שאַרפזיניקער, א גרויסער לערנער (עפּיטעטנ פאַר גרויסע ראַבאָנימ, דאָ — הומאָריסטיש פאַרנ באַלעגאָלע).

318. זיסט — אויב ניט, אַנדערש.

319. א יידישער מינהעג ברעכט א דינ — אנ איינגעפירטע רעליגיעזע טראַדיציע איז שטאַרקער פונ א געשריבענעמ געזעצ.

320. א גלופּסקער אַרענדע, וואָס אַמאָל אָנ אַראַטע — בערדיטשעווער אַרענדע פונעמ בראָנפנ־פאַרקויפ אָנ אָפּצאָל דער רעגירונג אָדער דעמ פּאָרעצ (געמיינט — אומלעגאַלנ בראָנפנ־פאַרקויפ).

321. האַצלאָכע־נאָ הוישיאָ נאָ — באַגליק נאָר, העלפ נאָר (ווענדונגענ צו גאָט אינ די טפילעס).

322. בימיי — אינ די טעג.

323. קאַפּאָרע־הינדל — א הינדל, וואָס מע שלאָגט דערמיט קאַפּאָרעס ערעוו־יאָמקיפּער אונ מע זאָגט דערבאַ „זע כאַליפּאָסי זע טמוראָסי זע קאַפּאָראָסי — דאָס זאָל זיינ מיינ פאַרבייט, מיינ קאַפּאָרע ד. ה. — דאָס הינדל זאָל אומקומענ אָנשטאָט דעמ קאַפּאָרע־שלאָגער. דאָס איז מוישעלע געכאַפּט געוואָרנ פאַר א רעקרוט אָנשטאָט א זונ פונ א רייכנ יידנ.

324. אָנ א געשריפט מיט אנ אָדלער, פּאַספּאָרט, הייסט עס — די צאַרישע פּאַספּאָרטנ האָבנ געהאַט א שטאַמפּ מיט אנ אָדלער (צאַרישער הערב). לויט די צאַרישע טאַקאָנעס איז געווענ דערלויבט דעמ קאָהאָל צו כאַפּנ אָנפּאַספּאָרטנדיקע יידנ פונ פרעמדע ייִשווימ אונ אָפּגעבנ זיי פאַר רעקרוטנ אָפנ כעזשבנ פונ דער צאָל, וואָס קומט פונ קאָהאָל. מענדעלע האָט אויכ דאָ געפונענ א באַרעכטיקונג פאַר דער צאַרישער רעגירונג („יענע שטאַרקע וועלנ אַמאָל כאַראָטע האָבנ“) אונ פאַלט אָנ בלויז אָפ די פאָרשטייער פונ קאָהאָל, וואָס כאַפּנ די רעקרוטנ. זע באַמ. 11. אונ 225 צו דער „טאַקסע“.

325. האַמצאָעס — איינפאַלנ, דערפינונגענ.

326. פאַרברענט געוואָרנ אָפנ פייער אינ שפּאַניענ — פלעגנ פאַרברענט ווערנ אָפ אויטאָ־דע־פע בייס דער אינקוויזיציע אינ שפּאַניע אינ XIV—XV יאָרהונדערט.

# דאָס פערטע בוכ

## קאַפּיטל I

327. קלייזאַיענ — געוועער.

328. מאַזל מאַכקימ — מאַזל מעאַשיר — מאַזל מאַכט קלוג, מאַזל מאַכט רייכ.

329. נאַאַר האָיִסי גאַמ זאָקאַנטי — איכ בינ געווענ א יינגל אונ בינ אויכ געוואָרנ אַלט, ד. ה., איכ האָב גרויסע דערפאַרונג; באָטוכימ — קרעדיט־פעיִקע; רייעס — באַווייזנ.

330. א בלינדער עסרעג — אנ עסרעג (א טראָפּישע פרוכט, וואָס ווערט באַנוצט באַ רעליגיעזע צערעמאָניעס סוקעס), וואָס מע קויפט אימ בלינדערהייט, פאָרויס ניט געזענ אימ, צי איז ער לויטנ רעליגיעזנ געזעצ גילטיק צומ באַנוצ.

331. זענענ טאַקע טוירא־ס־עמעס — זענענ טאַקע אנ עמעס, ד. ה., ריכטיקע טוירע.

332. זכוס־אָוועס — דער זכוס (פאַרדינסט באַ גאָט) פונ די עלטערנ.

333. מעמרעס — ריידערייענ, זאָגערייענ; לעטויוועס־האַייסעק — צומ נוצנ פונעמ געשעפט; דעהיינע — נעמלעכ; פּאָניע — א שאָוויניסטישע באַצייכענונג פונ א רוס, באַטייט אויכ דאָס צאַרישע רוסלאַנד.

334. בכיר — דאָס בעסטע; גזילה־האזאָל — זייער בילי״ג; בימזומאָנים — פאַר מעזומענע געלט; האָבנ א האקאָפע — זיכ באנוצנ מיט קרעדיט (קויפנ אפ באָרג).

335. איקעוו — אָפּהאלט, שטערונג; מאָנעיאָפע — שיינ געלט, היפּש פארדינסט.

## קאפּיטל II

336. קנופּיע — קניפּל, כאָפּטע.

337. איז שאָלעמ בעקעשענע — איז נעזיכערט אזוי ווי אינ קעשענע.

338. אויסגעקליבנ ווערנ אינ כעוורע — פארעכנט ווערנ אינ א באַלמעלאָכישער פאריינינקונג. דאָס געפינענ זיכ אינ א באַלמעלאָכישנ צעכ האָט אינ יענע צייַטנ געגעבנ אייניקע פּריווילעגיעס בא דער צארישער מאכט. עס פלעגנ אויסגעקליבנ ווערנ אינ דער כעוורע צומאָל אויכ אזוינע, וואָס האָבנ צומ פאכ קיינ שום שייַכעס ניט געהאט. די באַלמעלאָכעס אָבער פלעגנ ניט גערנ אָנעמענ אינ דער כעוורע „פייַנע בריִעס״, „פרומע ווילקענער״.

339. ראכומ צאדיק — דערבארעמדיקער, גערעכטיקער (ווערטער־ווענדונגענ צו גאָט).

340. זיוווגימ — פאָרלעכ, שידוכימ;

א טאכשיט — א צירונג; טעטאפאָריש: גראָטענער.

341. אייש עס־איש — א פארהייראטע פרוי; מעקייַעמ אכילעס־קעסט — פילט אויס די מיצווע פונ עסנ קעסט; באַל־אוויירעס — זינדיקע מענטשנ; שוואָכימ — לויבערייַענ.

342. מייַסע־סאָטנ — אפּצולאָכעס. גלייַכ ווי דער סאָטנ זאָל אָפּסאָנ א שפּיצל.

343. מאכט זיכ טאמ — מאכט זיכ טאמפּוואטע, נאַיוו.

344. בענ־פּעקוע — א קעלבל, וואָס מע האָט ארויסגענומענ בא א געקוילעטער קו פונ בויכ.

345. „פּעפּערזיכטיק״ — אייפערזיכטיק;

אָנ א שוימער (חיטער) — אָנ א דריטער פּערזאָנ.

346. מאכנ שעהעכעיאָנו — זאָגנ א בראָכע, וואָס דריקט אויס א דאנק צו גאָט, וואָס מע האָט דערלעבט צו עסנ א נייַע פּרוכט; דאָ — צו באגעגענענ א מענטשנ, וואָס מע האָט אפ אימ לאנג ארויסגעקוקט.

347. זיכ מעצאער זייַנ — זיכ ערגערנ, האָבנ אגמעסנפּעש.

348. אוילעמ אומלויע חאלט איכ פונ אײַכ — איכ האלט פונ אײַכ א וועלט.

349. בעכאָל אשער עפנע — וווהינ איכ וועל זיכ קערנ.

## קאפּיטל III

350. גרושע — א געגעטע פרוי; בעכיינ — אלזאָ, דעריבער; מעוברעס — שוואנגערע.

351. בעשאס כעדווע — אינ א צייַט פונ פרייד, ד. ה. אינ גוטנ געמיט.

352. מיט דער פּאָרסע — מיטנ גאנצנ טראַסק.

353. מעפאָרשימ — קאָמענטאטערס.

354. וואיוימער — אונ ער האָט געזאָגט; וואטוימער — אונ זי האָט געזאָגט.

355. אסערעס בנײ־האָמענ — צענ זינ פונ האָמענעַנ.

356. פונ שאדײַ דער ארויסגעוואָרפענער יוד — שאדײַ (אינ דער העברעיִשער טראנסקריפּציע „שדי״) באטייַט גאָט; אָנ דעמ אָס „יוד״ לייענט זיכ דאָס וואָרט „שעד״ — סאָטנ, רועכ. דער בוכשטאַב יוד באצייכנט אינ העברעיִש אויכ צענ. דעריבער דרינגט בענציע, אז עס זענענ פאראנ צוויי מינימ יודנ (אויסיעס, צענדליקער): איוד אינ דער קעדושע (פונ הייליקייַט, פונ גאָטס נאָמענ), אונ אינ דער טומע (פונ אומריינקייַט, פונעמ שעד). די ווייַטערדיקע דראָשע זייַנע איז געבוי׳ט אפ פאָלגנדיקנ: האָמענ האָט, לויט דער לעגענדע פונ דער מעגילע, צוגעזאָגט דעמ קעניג פונ פּאָראס אכאשווייראַשנ צענ טויזנט זילבערנע קיקאָר (אזוינע מאטבייעס), ער זאָל אויסראָטנ אלע יידנ פונ זייַנ לאנד. די צאָל 10 באטייַט דאָ, לויט בענציעס דראָשע, דעמ יוד פונ דער טומע, דאָס הייסט — האָמענ האָט געווירקט מיטנ קייעכ פונעמ שעד. איז געקומענ מאָרדכע מיט א יוד פונ דער קעדושע; דורכ זייַנ פּלימעניצע עסטער, וועלכע איז, לויט דער לעגענדע, געוואָרנ אכאשוויירעשעס פרוי אונ קיניגינ, איז דער דאָזיקער יוד אריינ צו אכאשווייראַשנ אונ האָט באזיגט האָמענס יוד (צענ טויזנט קיקאָרס). האָמענ מיט זייַנע צענ זינ זענענ אופגעהאנגענ געוואָרנ, אינ די יידנ זענענ פארבליבנ אינ לאנד; דערפאר איז לויט בענציענ געשריבנ אמאָל „וואיוימער״ (מיט א יוד) אונ א צווייט מאָל וואטוימער (אָנ א יוד).

די געבראכטע דראָשע איז א טרעפלעכע סאטירע סײַ אפ די בענציעס מיט זייערע אומגעלומפּערטע דראָשעס, סײַ אפ די לייבצעס, וואָס לעבנ פונ פרעמדער פּראצע אונ קוויקנ זיכ מיט זייערע „זייַדענע״ איידעמלעכ, אונ סײַ אפ דער לעגענדע פונ דער מעגילע וועגנ דער „אויסלייזונג פונ די יידנ״ אונ וועגנ דער אנטשטייונג פונעמ יאָנטעוו פּורימ.

357. לאָשנ זאָכער, לאָשנ נעקייווע — מענלעכער געשלעכט, ווייַבלעכער געשלעכט (אינ גראמאטיק).

358. אשמועס בעלאָשנ זאָכער אונ נעקייווע — דאָ: אנ אינטימער געשפּרעכ צווישנ א מאנצבל מיט א פרוי; יימאכשמוינעיק — הולטײַ, אויסגעלאסענער.

359. ניפטער — א געשטאָרבענער; צארבאלעכאימ — א ראכמאָנעס אפ א לעבעדיקער באשעפעניש.

360. דרײַ ווייַבערשע מיצוועס — דרײַ רעליגיעזע געבאָטנ פאר א פרוי (נעמענ כאלע, בענטשנ ליכט שאבעס אונ יאָנטעוו אונ אָפּהיטנ די ריטואלנ, וואָס זענענ פארבונדנ מיט געשלעכט־באציִונגענ).

## קאפיטל IV

361. באוויינוליסיינו האָראבים—איבער אונדזערע פילע זינד; יעיצער־האָרע—שלעכטער געדאנק; יעיצערהאָרעפונליבע—זינדיקע גלוסטעניש, ליבע־ליַידנשאפט.

362. אנאכלע — א מאיאָנטעק.

363. קויהען — א ייִד, וואָס ציט זיַין ייִכעס פון די קויהאנים (גייַסטלעכע באַמ טעמפל אין אוראלטן יערושאָלאיִם). אין אומגאנג איז פאראן א ווערטל: א קויהען איז א קאסניק (א באל־קאס). דערמיט איז פארבונדן די פראזע: „איר זייַנט ניט קיין קויהען און דאָך א באל־קאס"; נעמט אפ קאָנטע — נעמט אפ קרעדיט, אפ צו פארשריַיבן אין בוך.

364. מארע־קויהען — אויסזען פון א קויהען (גייַסטלעכן) בייס ער ריכטעט אָפּ גאָטס־דינסט.

365. פיל דראָכים לאווידאסהאבוירע — פארשיידענט נענג (אויפאנים) פון גאָטס־דינסט.

366. א כצופע — אן אומפארשעמטע; טיַימים — מאָטיוון.

367. אָפּנוצן זכוס־אָוועס — דאָ מיט איראָניע: אָנקומען צו פרעמדע; ס'איז „לייַהודים" — ס'איז פריילעך.

## קאפיטל V

368. אמיניען — א גרופע פון 10 ייִדן, וואָס דאוונען, דאָ — א צענדליק ביקלאל.

369. אָסער כאזער — טרייפ צו עסן, פונקט ווי כאזער (לויט דער ייִדישער רעליגיע טאָר מען ניט עסן קיין כאזער־פלייש).

370. אין דייַן גוף (גרענעצ) — לעבן דיר; קעזאיס — א קליין שטיקל.

371. פאלן אפ א סוואָרע — צוקלערן א פארשפיצטן פשאט (פארטייַטשונג) באַמ לערנען געמאָרע.

372. מאצל זייַן — אָפּראטעוועז; מאלעך האגויעל — דער מאלעך, דער אויסלייזער.

373. איקער שאָכאכטי — דעם איקער האָב איך פארגעסן (א מין פאָסט־סקריפּטום).

374. סאנצעלאָמעס — א רייד־ארט בא פרויען, וואָס זאָל באטיַיטן — מייַנע צאָרעס אפ די סאָנימס קאָפּ (אָנשטאָט צו זאָגן „א וויטעק איז מיר").

375. נויסן — א געבער; אשרעס — רייַכקייַט.

376. וועכולי — און אזוי וויַיטער.

377. ווען איז דער מוילעד — ווען איז דער מאָמענט, ווען עס ווערט זיך באוויַיזן די ניַיע לעוואָנע: רעליגיעזע ייִדן דארפן עס וויסן בייס מע בענטשט ראָש־כוידעש (מע זאָגט ספּעציעלע טפילעס שאבעס פאר ניַי־כוידעש לויטן רעליגיעזן קאלענדאר).

378. איך בין גויזער מיט קיבעד אָוו־וואָיים — איך באפעל אין נאָמען פון דער מיצווע וועגן אָפּגעבן קאָוועד טאטע־מאמע.

379. אָפּקויפן דער פאבריקעס פאפירן—אָפּקויפן אקציעס, וואָס עס האָט ארויסגעלאָזט די אקציאָנערע געזעלשאפט, וועלכע האָט אָרגאניזירט די פאבריק. די אקציעס פון אזוינע געזעלשאפטן פלעגן זיך קאָטירן אפ די בירזשעס. בא א שלעכטן צושטאנד פון דער אונטערנעמונג, האָט דער קורס פון די אקציעס געקענט פאלן אסאך נידעריקער פון זייער נאָמענטלעכן באטרעף. די אונטערנעמונג אָבער האָט געמוזט נעמען פון אירע דעביטאָרן די דאָזיקע אקציעס לויט זייער נאָמענטלעכן פרייַז.

380. קעפי — ווערליק, לויט דעם, ווי...

381. זע טמוראָסי — דאָס איז מייַן פארבייַט (א פראזע פון קאפּאָרע־שלאָגן); דאָ: דערמיט דעק איך מייַן כויוו.

382. לאָוון האָראמי — א ביבלישע פערזאָן, אן אָפּנארער, אן אלגעמיינע באצייכענונג פון א שווינדלער.

383. א דאם־סוינע — א בלוטיקער סוינע.

384. כעפציעס — גלוסטעניש, ליבע־לייַדנשאפט.

385. באל־ראכמים — א מענטש, וואָס האָט ראכמאָנעס אפ יענעם.

## קאפיטל VII

386. מענוכע — רו; קאָל־טוּוו — אלדאָס גוטס.

387. קילכויכ האשויר — ווען דער אָקס לעקט די גראָז, מעטאפאָריש — גאנצפרי.

## קאפיטל VIII

388. גויעל — א רעטער, אן אויסלייזער; דאָ—א מענטש, וואָס זאָל זיך איַינשטעלן.

389. הויבן־פוצערן — הוטן־מאכערן.

390. בראָש — שטענדיק נאָר.

391. נאכמען־טרייַטל בעט שיינע סכוירע — נאכמען־טרייַטל דער פרויען־הענדלער בעט שיינע מיידלעך. דער פרויען־האנדל איז געווען אין יענע יאָרן א פארשפרייטע דערשיַינונג. אפן באָדן פון גרויזאַמער אָרעמקייַט

לעגן אָרעמע מיידלעך פון די קליינע שטעטלעך, וועלכע האָבן געמיזט גיין אין דינסט, אַרײַנפאַלן אין דער נעץ פון סוטענערס־הענדלער. די לעצטע פלעגן פאַרנאַרן די מיידלעך אין פאַרקויפן זיי אין די שאַנד־הײַזער אין די גרעסערע שטעט, אָפט קיין אויסלאַנד (זע באַמ. 23 צו „מאַסאָעס").

392. געבן געט אָן א קסובע — געטן, ניט אויספּילנדיק די פאַרפליכטונגען, וועלכע דער מאַן טראָגט אַף זיך בענעגייע צו דער פרוי לויטן רעליגיעזן אַקט (קעסובע), וואָס די פרוי באַקומט בײַם דער כאַסענע.

# שלוימע רעב כאַימס

## I

1. שלוימע רעב כאַימס — א ווערק, וואָס טראָגט אַן אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער: שלוימע — שאָלעמ־יאַנקעוו (דער נאָמען פונעם אווטער); רעב כאַים — אַזוי האָט טאַקע געהייסן זײַן פאָטער: שטעטל ק. — קאַפּוליע (אין ווײַס־רוסלאַנד), דאָס געבורט־אָרט פון אַבראַמאָוויטשן; מלינצי (מעלניקי) — א דערפל לעבן קאַפּוליע, וווּהין אַבראַמאָוויטשעס מוטער האָט כאַסענע געהאַט פאַר א צווייטן מאַן („כאָנע דער מילנער"); דאָרטן האָט אַבראַמאָוויטש נאָכן פאָטערס טויט זיך אופגעהאַלטן א שטיק צײַט אַלס א לערער פון כאָנע דעם מילנערס קינדער (פון דער ערשטער פרוי).

2. ליטע — דער טערמין ליטע פלעגט אין דער יידישער אומגאַנג־שפּראַך פון יענע צײַטן באַצייכענען דעם גאַנצן אַזויגערופענעם צאָפן־מײַרעווודיקן קאַנט פונעם צאַרישן רוסלאַנד, אײַנגעשלאָסן אויך ווײַסרוסלאַנד.

3. כאַזאָקע אַף דער ערענדע — מאָנאָפּאָל־רעכט צו אַרענדירן באַם פּאָרעץ (אין געגעבענעם פאַל — די מיל).

4. אַכרען שעל פּייסעך — דער לעצטער טאָג פּייסעך.

5. באָרעכאַבע (געבענטשט זאָל זײַן דער געקומענער) — א באַגריסונג פאַר אַן אַרײַנגעקומענעם אָנגעלייגטן גאַסט.

6. לעמאַזל — מיט מאַזל, מיט גליק;

טאָכזאַכן — וועזנטלעכע זאַכן; דאָ: ווירטשאַפט־איניאָנים.

7. זקײנע — אַן אַלטע; מעכילע — אַנטשולדיקט; אַוכדוימע — און דערגלײַכן.

8. שיראַים — רעשטן פון שפּײַז. „כאַפּן שיראַים באַם טיש" — האָט באַטײַט אין כסידישן שטייגער כאַפּן מיט די הענט עסנווארג פון דער שיסל, וואָס דער „גוטער ייִד" האָט פון דעם פאַרזוכט באַם פּראַוועגן א סורע. די כסידים, הייסט עס, האָבן דורך דעם געניסן פונעם רעבנס „הייליקײַט". אין טעקסט „כאַפּט דער הונט שיראַים אונטערן טיש". מיטן אָנווענדן די כסידישע פראַזעאָלאָגיע צום הונט איז דער אווטער אויסן אָפּצולאַכן די ווילדע מינהאָגים און גלויבערײַען פון די כסידים.

9. באַטאָגטע — א פרוי אין די יאָרן, אָבער נאָך ניט קיין אַלטע.

10. טאָכטער — אַבראַמאָוויטשעס עלטסטע שוועסטער א געגנטע (אין די יאָרן, אין וועלכע עס קומט פאָר די האַנדלונג).

11. צוויי קינדער אירע — אַבראַמאָוויטשעס יינגערע שוועסטער און ברודער, וועלכע זענען מיטגעפאָרן מיט דער מוטער צום שטיף־פאָטער.

12. יענע דאָרט אין שטוב — דעם מילנערס קינדער פון זײַן ערשטער פרוי.

13. טישעבאָוו צו די קינעס — טישעבאָוו (א טאָנעס, א רעליגיעזער טרויער־טאָג) בײַם מע זאָגט אין בעסמעדרעש קלאָג־טפילעס.

14. לעסאָף — צום סאָף; באָרעכאַשעם — גאָט צו דאַנקען (א רייד־אַרט בא אָפּגעשטאַנענע שיכטן).

15. איטלעכער בליק א שטאָך — די מוטער דריקט אויס איר געוויסנפּײַן, וואָס זי האָט כאַסענע געהאַט פאַר א צווייטן מאַן. ווײַטער פאַרענטפערט זי זיך: „וואָס האָט די וויסטע מאַמע געקענט טון?"

16. סאָנע צײַען — די סאָנים פון ציען (יידן). א שאָוויניסטישע רייד־אַרט בא פרומע יידן, וואָס דריקט אויס דעם ווילן פון דעם רעדנער איבערצופירן זײַנע פערזענלעכע ליידן אַף ניט־יידן.

17. אַן איבערבײַנדל, א בילמע — געמיינט אַן אָנגעוואָרפן קינד.

18. א יעשיווע — א בעסמעדרעש, אָדער א ספּעציעלער אַנשטאַלט, ווו עס פלעגן זיך אופהאַלטן אָרעמע באָכעים, לערנען טאַלמוד און אַנדערע ראַבאָנישע ספאָרים.

19. געמאָרע — טאַלמוד (קאָרעקס פון רעליגיעזע געזעצן מיט פאַרשפּיצטע קאַזויִסטישע קאָמענטאַרן געמישט מיט פאַרשיידענע אומגעלומפּערטע לעגענדעס, מײַסעס, זאָגעכצן) — דער גרונט־לימוד אין די יעשיוועס אין יענע צײַטן; געגעסן טעג — געגעסן יעדן טאָג פון וואָך אין אַן אַנדער שטוב; טענטלט — טינטלט.

20. גאָר ניט אַף דעם אוילעם — גאָר ניט אַף דער וועלט, צעטראָגן.

21. דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז אַצינד אוף — די גאַנצע פאַמיליע שלאָפט איצט ניט שפּעט אין דער נאַכט.

22. ריבוינעשעלוילעם — גאָט; האַלײַלאָ האַזע — די ראָזיקע נאַכט.

23. פון יויצע וועגן — ווי צוליב אויספּילן די טראַדיציע, קעדיי אָפּצוקומען.

24. אָלעוו האַשאָלעם (רו צו אים) — א רייד־אַרט בײַם מע דערמאַנט א געשטאָרבענעם פרומען ייִדן, אין טעקסט — דעם פערדס זײַדע.

## II

15. זייכער — אָנדענק.

16. לעמאנ יעידו דויוויסייכעמ — קעדיי עס זאָלנ וויסנ די קומענדיקע דוירעס.

17. פליישיקע אונ מילכיקע באנק — באזונדערע קיכ־טאפטשאנעס פאר גרייטנ אפ זיי פליישיקע אונ מילכיקע מײַכאָלימ (לויט דער ייִדישער רעליגיע איז פארבאָטנ צו באנוצנ אינ שפּײַז א געמיש פונ פליישיקס מיט מילכיקס).

18. בענטשליכט — ליכט, וואָס פרומע פרויענ צינדנ אָנ פרײַטיק פארנאכט אונ זאָגנ דערבײַ ספּעציעלע טפילעס (בענטשונג).

19. „סייפער האיאָשער", „גדולעס יויסעפ" — רעליגיעזע לעגענדע־ספאָרימ אינ איוורע־טײַטש (ייִדיש).

20. קידעש־גלעזלעכ — ווײַנ־גלעזלעכ, פונ וועלכע רעליגיעזע ייִדנ פלעגנ טרינקענ באמ קידעש (טפילע־געזאנג איבער ווײַנ אָדער בראָנפנ) שאבעס אונ יאָנטעוו.

21. האָדעסל — א פושקעלע פאר שמעקנדיקע געווירצנ (בסאָמימ), וואָס פרומע ייִדנ שמעקנ דערפונ שאבעס־צונאכטס בײַס דער האוודאָלע (א מינ קידעש).

22. „מיזרעכ" — א געמעל מיט אנ אויפשריפט „מיזרעכ", וואָס פלעגט הענגענ אינ פרומע הײַזער אפ דער מיזרעכ־וואנט.

23. לעסאטע — דערווײַל; מעסוגל — צוגעפאסט; ראלפאָנימ — סינאָנימ פונ קאפּצאָנימ.

24. קאָליאדעס — פראוואָסלאווישע יאָנטויווימ סאָפ דעקאבער.

25. פשיטע — אפ געוויס, אוואדע שוינ; אפ טוירע — אפ קענענ לערנענ (טאלמוד).

26. שטרײַמל — פוטערנ היטל פונ פיקסענע אָדער סויבלנע עקנ, וואָס פרומע געהויבענע ייִדנ אונ ראבאָנימ פלעגנ טראָגנ שאבעס אינ יאָנטעוו. פונ אכאזערשנ עק קענ מענ קיינ שטרײַמל ניט מאכנ האָט געהאט 2 באטײַטנ. בא פרומע ייִדנ — פונ קיינ גראָבנ יונג אנ אמאָרעצ קענ קיינ לאמדנ (קענער פונ טאלמוד) ניט ווערנ; אינ אומגאנג בא באלמעלאָכעס — פונ א גוויר א כאזער וועט קיינ לײַט ניט זײַנ. אינ טעקסט איז עס באנוצט אינ ביידע באטײַטנ; בעטעווע — אינ דער נאטור; האָבנ זכוס־אָוועס — שטאמענ פונ געהויבענע פרומע עלטערנ; זיכ נוצנ מיט קאָוועד פאר די רעליגיעזע פארדינסטנ פונ די עלטערנ.

27. פרושימ — יונגעלײַט, וואָס צעשיידנ זיכ מיט זייערע פרויענ (אויס פרומקײַט, אסקעטנ).

28. ביינ מינכע לעמארעוו — צווישנ דעמ פארנאכטיקנ דאווענענ אונ דעמ אָוונטיקנ.

29. „מעדרעש", „איינ־יאנקעוו" — ספאָרימ, וואָס אנטהאלטנ ביבל־קאָמענטארנ, רעליגיעזע לעגענדעס, פרומע ווערטלעכ אונ זאָגעכצנ פונ פארשיידענע רעליגיעזע אווטאָריטעטנ; פאָסעק — דאָ: קאפּיטלעכ ביבל, פארטײַטשט אינ ייִדיש; „כויווס־האלוואָוועס" — א סייפער פונ מיטלאלטער וועגנ רעליגיעזער מאָראל.

30. באלעמער — א טיש (א מינ עסטראדע) אינדערמיט בעסמעדרעש אפ צו לייענענ די טוירע, האלטנ רעליגיעזע רעדעס א. אז. וו.; אָרנ־קוידעש — א שראנק אינ בעסמעדרעש, ווו עס שטייענ די סייפעדטוירעס (געשריבענע אפ פארמעט ביבל־ספאָרימ).

31. דראָשעס — רעליגיעזע רעדעס, געבויט אפ מוסער אונ סכאָלאסטישע ביבל־קאָמענטארנ, געמישט מיט פארשיידענע לעגענדעס.

32. קנעסעס־ייִסראָעל — דאָס ייִדישע פאָלק; שכינע — גאָטס גײַסט.

33. ניגנ — מעלאָדיע, אינטאָנאציע.

34. זויכע צו זײַנ — פארדינענ בא גאָט (מענדעלע אידעאליזירט דאָ דעמ בעסמעדרעש־שטייגער אונ די בעסמעדרעש־קולטור, פונ וועלכע ער אליינ האָט אָפגעשפּעט אינ זײַנע פריִערדיקע ווערק).

35. אינ דער בעהאָלע — אינ דער פאניק (געמיינט די רעקרוטשינע, וואָס האָט עקזיסטירט אינ צארישנ רוסלאנד אינ די 20—50־ער יאָרנ פונ 19־טנ י. ה. פונ ייִדנ פלעגט מענ נעמענ רעקרוטנ אינ א גרעסערנ פּראָצענט איידער פונ דער אלגעמיינער באפעלקערונג; דערבײַ אויכ מינדעריעריקע אונ אפ 15—25 יאָר דינסט) זע באמ. 225 צו דער „טאקסע"; גזיירע — דאָ א צארישער באפעל, געווענדעט קעגנ ייִדנ.

36. קאזיאָנער ראָוו — אָפיציעלער, אנערקענטער פונ דער צארישער רעגירונג פאָרשטייער פונ דער ייִדישער רעליגיעזער געמיינדע.

37. שיער געמאָרע — אנ אָפּהאנדלונג (א פארגאנצטער אָפשניט) פונ דער געמאָרע (טאלמוד); פאָסקימ — ראבאָנישע קאָדעקסנ.

38. קלאל־זאכנ — געזעלשאפטלעכע איניאָנימ.

39. מעיאשעוו זײַנ — זיכ באטראכטנ, אויסייצענענ.

## III

40. מײַסע פונ יויסעפ האצאדיק — לעגענדע וועגנ ביבלישנ יאנקעווס זונ יויסעפ, וועלכנ זײַנע ברידער האָבנ פארקויפט פאר א קנעכט. איינער פונ די ברידער — יעהודע, לויט דער לעגענדע — א גיבער, האָט זיכ שפּעטער געלאָזט צו באפרײַענ דעמ ברודער. עס איז אָבער שוינ געווענ איבעריק, ווײַל יויסעפ האָט באוויזנ צו ווערנ שייני־לעמעלעכ (א צווייטע מאכט־פערזאָנ נאָכנ קעניג) אינ מיצראיִמ; גוורע — פיזישע קראפט.

41. קוידעמ־קאָל — פריִער פאַר אַלצ.

42. „עליאָהו האַנאָווי" — א טפּלע־געזאַנג שאַבעס־צו־נאַכטס וועגנ עליאָהו דעמ נאָווי, וואָס דאַרפ, לויט די רע־ליגיעזע פאָרשטעלונגענ, זײַנ דער אָנזאָגער פונ מאָשיעכס אָנקומ.

43. מעכאַבעד — נעמט אופ.

44. גזירע פונ קליידער — פאַראָרדענונג פונ דער צאַרישער רעגירונג וועגנ קליידער־„אומבײַטונג": פאַרבאָטנ צו טראָגנ קאַפּאָטעס, קײַלעכיקע היטלענ א. א. (זע באַמ. צו דער „טאַקסע").

45. מאָנטעפיאָרע — מאָנטעפיאָרע מוישע (מאָזעס), 1784 — 1885, א ייִדישער מאַגנאַט אונ פינאַנסיסט אינ ענג־לאַנד, א בורזשואַזער פילאַנטראָפּ; געהאַט פאַרבינדונגענ מיט די קעניגלעכע הויפנ פונ אייראָפּע אונ אַזיע, געגעבנ האַלוואָעס פאַרשיידענע רעגירונגענ אונ דורכ דעמ געהאַט אַנ אײַנפלוס אפ זייער אויסערלעכער פּאָליטיק. די רעגירונג פונ ניקאָלײַ I האָט געשטרעבט אַרײַנטרעטנ מיט אימ אינ פינאַנציעלע פאַרבינדונגענ. אינ די 40־ער יאָרנ פונעמ פאָריקנ יאָרהונדערט האָט זי אימ אײַנגעלאַדנ קיינ רוסלאַנד קלומערשט צוליב באַטייליקנ זיכ אינ די „רעפאָרמעס", וואָס די רעגירונג האָט געפּלאַנט אינ איר ייִדנ־פּאָליטיק. די ניקאָלײַיִשע רעגירונג האָט אימ אײַנגעאָרדנט א פײַערלעכנ אופנעמ. די ייִדישע בורזשואַזיע אונ קליי־קוירעש האָבנ געשאַפנ אַרומ מאָנטעפיאָרעס נאָמענ א פאַלש־פיצירטנ אָרעאָל פונ א ייִדנ־אויסלייזער.

46. אַדוינ־ימלעכ — האַר־קיניג (געווענדעט, הייסט עס, צו ניקאָלײַ I).

47. מאַלכעס — מאַיעסטעט, צאַר; טקיעס־קאַפּ — צוקלאַפּנ מיט דער האַנט — א פאָרמ פונ שוווּע אונ פונ שליסנ א מיסכער־געשעפט.

48. בימזומאָנימ — מיט מעזומענע געלט; ועהאַמויסער — אונ דאָס איבעריקע.

49. זיכ מיסכײַעוו סילעקנ — פאַרפליכטעט זיכ אָפּצאָלנ; ס'איז א מעקעכ־טאָעס — זיכ אָפּגענאַרט אינ פרײַז; אַסוואָרע — אַנ אײַנפאַל, א טיפע דערפינדונג.

50. קעהײַלישנ — מיט אַזוינע ווערטער; קפּי האַשליש־צעטל — לויטנ אָפּמאַכ־צעטל.

51. נאַדיר בעשעמ עלויהע יִסראָעל — נעמ צו אינ גאָטס נאָמענ (א רייד־אַרט, ווענ מע בינדט אָנ עמעצנ א זאַכ, וואָס מע וויל פונ איר וואָס גיכער פּאָטער ווערנ).

52. אַמעמרע — א זאָגעכצ, אַנ אויסגעטראַכטע מײַסע.

53. שאָפל — שלעכט, קלאָגעדיק.

54. מאַכנ אַהאַק — קעדיי אָפּצינאַרנ די פּאָליציי, וועלכע האָט נאָכגעשפּירט, אַז ייִדנ זאָלנ ניט טראָגנ קיינ קאַפּאָטעס, פלעגט מענ מאַכנ אינ דער קאַפּאָטע פונהינטנ א שפּאַלט („האַקנ די קאַפּאָטע"). פאָרמעל, לויטנ בוכשטאַב פונ־נעמ צאַרישנ געזעצ, איז דאָס געווענ שוינ ניט קיינ קאַפּאָטע, נאָר א סערדעט.

55. מיט זייער כאָכמע געמאַכט — די ראַבאָנימ אונ געווינימ פלעגנ צוטראַכטנ אײַנפאַלנ, וויאַזוי צוצו־פּאַסנ פאַרעלטערטע רעליגיעזע געזעצנ אונ טראַדיציעס, זיי זאָלנ ניט שטערנ צו עקספּלואַטירנ די אָרעמשאַפט מיצאַד די רײַכע. לויט דער ביבל איז פאַרבאָטנ צו נעמענ בא ייִדנ פּראָצענט, האָבנ אָבער די ראַבאָנימ צוגעטראַכט א העטער־איסקע: באַשטייט דערינ, וואָס דער פּראָצענטניק שליסט באַמ דײַענ מיטנ האַלוואָע־נעמער קלוימערשט א שוטפעסדיק געשעפט אונ באַקומט שוינ אפנ אָרט זײַנ כײלעק פונעמ רעווע, וואָס דאָס „געשעפט" דאַרפ אַרײַנטראָגנ. דער דײַענ באַ־קומט „פאַרמיטלערײַ" אינ דערלויבט אַזויאַרומ צו נעמענ שיידערלעכע וואָכ־פּראָצענט. דעמ רעליגיעזנ פאַרבאָט צו טראָגנ אימ שאַבעס אינ א רעשוס־האָראַבימ (געזעלשאַפטלעכנ פּלאַצ) זענענ די ראַבאָנימ אַרומגעגאַנגענ דורכ שאַפנ אַנ איירעוו, ד. ה. דורכ אַרומצאַמענ די גאַנצע שטאָט מיט א שטריקל אָדער דראָט אונ אַוועקלייגנ באַמ דײַענ אפ דער הרובע א קוילעטש אָדער א מאַצע. די גאַנצע שטאָט איז געוואָרנ, הייסט עס, איינ שטוב מיט איינ עס־טיש, אונ ס'איז אויס רעשוס־האָראַבימ. אפנ מאַניר פונ די דאָזיקע „כאָכמעס" פאַלט רעב כאַימ אויכ אפ אַנ אײַצע מיט דער „נאַפּאָ־לעאָנקע".

56. כאַצי־שאַבעסל — א האַלב שאַבעסדיק היטל (א קײַלעכיקס, נאָר ניט פונ קיינ פוטער).

57. מאַראַש — וואָס איז דער געפילדער? (ס'איז אָנ בייז: פאַראַנ אַנ אײַצע).

58. מע איז יויצע לעכאָל האַדייעס — מע פילט אויס אַלעמענס געבאָט; זי טוט אַזוי, אַז קיינער זאָל קיינ טײַנעס ניט האָבנ.

59. איר זאָלט מאַריכ יאָמימ וועשאָנימ זײַנ — איר זאָלט האָבנ לאַנגע יאָרנ, לאַנג לעבנ זאָלט איר.

60. בכאָל טפוצעס יִסראָעל — אומעטומ, ווו עס זײַנענ פאַראַנ ייִדישע געמיינדעס.

61. נוילעד געוואָרנ — געבוירנ געוואָרנ, אַנטשטאַנענ.

62. מאַמצי געווענ — דערפונענ; צו געניזונג — צו געזונט.

63. נאַפּאָלעאָנ (נאַפּאָלעאָנ I) פראַנצויזישער אימפּעראַטאָר אינ אָנהייב פונעמ XIX־טנ י. ה., געטראָגנ א הוט, וואָס איז שפּעטער אַרײַנ אינ דער מאָדע אונטערנ נאָמענ „נאַפּאָלעאָנקע". די אופגעבויגענע ראַנדנ פונ דער „נאַפּאָ־לעאָנקע" זענענ בא די זײַטנ געווענ שמאָלער. דער הוט, וואָס איז געווענ אינ אַלגעמיינ ענלעכ צומ אַלטנ קאַפּעליוש, וועלכנ די פּאָליציי האָט ניט געלאָזט טראָגנ, האָט געקענט אָנגיינ (ביז מע האָט פאַרבויגנ דעמ הינטערשטנ ראַנד־טייל) פאַר א קאַשקעט, אפ וועלכנ די צאַרישע געזעצנ האָבנ געפּאָדערט צו פאַרבײַטנ דעמ קאַפּעליוש.

64. בראָכע — מעטאַפּאָריש: ווינטשעניש; סאַמ — מאָטיוו, סיבע.

65. מיכעס — לײַכטע קרענק, שוואַכקײַט; שלאָס־דאָקטער — דאָקטער פונעמ פּריצישנ פּאַלאַצ; רוקעס — פירשט, פּאָרעצ; בעסאָד — געהיימ; ניכפע — עפּילעפּסיע.

66. קאַדאָכעס רעווינעס — פערטע קאַדאָכעס, א שטאַרקער פיבער.

## IV

67. צו דער מאשקע — צומ טרונק.

68. שלאָגנ מאצייוועס — אויסהאקנ אופשריפטנ אפ קוואָרימ־דענקמעלער.

69. כסימע — דאָ: שטעמפל.

70. איווּרע — לייענע טעקסט פונ א סידער, באצייכנט אויכ דעמ רעליגיעזנ טעקסט גופע; „וואַיִקראָ” — א ביבל־סייפער מיט אזא נאָמענ, א טייל פונעמ כומעש.

71. פאלנ אפ א קלאָצ־קאשע — פארגעבנ א פראגע, אפ וועלכער ס׳איז שווער צו ענטפערנ.

72. מעזוזע — פארמעט־צעטל מיט אנ אופשריפט פונ א קאפּיטל ביבל, צוגעקלאפט צו דער טיר־ראמ באמ אריינ־גאנג אלס א מיטל קעגנ רוכעס אונ שיידימ. באמ אריינגאנג פלעגנ פרומע יידנ צולייגנ די שפּיצ פינגער צו דער מעזוזע אונ א קוש טונ די פינגער.

73. טכינע־לאָשנ — די שפראכ פונ די ווייבערשע טפילעס (אינ איוורע־טייטש).

74. באָרעכ־הו אוּבאָרעכ שעמוי — געבענטשט איז ער (גאָט) אונ געבענטשט איז זיינ נאָמענ.

75. „נאכלעס צווי”, „ראביינו בעכיי” — מיטלאלטערלעכע ספאָרימ וועגנ רעליגיעזער מאָראל. ציטאטנ פונ די דאָזיקע ספאָרימ זענענ געווענ באוווסט די פרומע פרויענ פונעמ טייטש־כומעש (צענערענע).

76. באלטאנאכ — קענער פונ ביבל; דיקדוק — העברייִשע גראמאטיק.

77. סעדרע — אָפּטייל פונ כומעש (ערשטע 5 ביבל־ספאָרימ), וואָס מע לייענט אינ א באשטימטער וואָכ אינ בעס־מעדרעש (דער כומעש איז פארטיילט אפ סעדרעס, אפ יעדער וואָכ אנ אנדער סעדרע).

78. לאמדנ — קענער פונ טאלמוד אונ פונ ראבאָנישע קאָדעקסנ; פאסקענענ שיילעס — געבנ ענטפערס אפ קאָנקרעטע פראגעס פונעמ רעליגיעזנ ריטואל; פאָסעק — טאנאכ (ביבל); טארגעמ — אראמישע איבערזעצונג פונ טאנאכ.

79. געשריבנ מעליצע — געשריבנ העברייִש מיט א הויכנ סטיל; מאטיר געווענ — דערלויבט; דער זיווג האָט אוילעיאָפע געווענ — דער שידעכ (דאָס צונויפירנ) איז געראָטנ; מאסע — לאסט; האשגאָכע — אופזיכט; קויעכ האדימיענ — פאנטאזיע.

80. איכ האָב געזענ גאָט... — פונעמ ביבל־סייפער יעשייע; אייש לעהאָווע — פלאמ־פייער, מעטא־פאָריש: שטארק אינ קאס; אווירעלע — זינגר.

81. שעהאקל — א בראָכע, וואָס פרומע יידנ מאכנ אפ וואסער אונ אפ אייניקע אנדערע פראָדוקטנ.

82. יאָמימ נויראָימ — „פאָרכטיקע טעג”, ראָשעשאָנע אונ יאָמקיפער. לויט די רעליגיעזע פאָרשטעלונגענ קומט פאָר אינ די דאָזיקע טעג דער הימלשער געריכט, עס ווערנ באהאנדלט די טאטנ פונ יעדנ מענטשנ פאר א גאנצ יאָר אונ עס ווערט אָנגעצייכנט זיינ גוירל אפנ קומענדיקנ יאָר.

83. סליכעס — כאראָטע־טפילעס, וואָס מע זאָגט עטלעכע טעג באנאנד פאר אונ בייס די יאָמימ־נויראָימ; מעקייעמ־פסאק זיינ — דאָ: באשטראָפנ, אָפשמייסנ.

84. ניט ניכע געווענ — געווענ ניט ליב, ניט אָנגענעמ.

85. מאָקעמ־קאָדעש — הייליק אָרט, בעסמעדרעש; דאָ: דער טראָנ פונ גאָט אפנ הימל; ישוּווניק — דאָרפס־ייִד.

86. קעצאפיכעס בידוואש — ווי א קיכל אינ האָניק; אינ אומגאנג באטייט עס סטאמ א קוויקעניש, א געמיש פונ פארשיידענע טעמימ („האָניק מיט פעפער, מיט ציבעלעס אינייִנעמ”).

## V

87. טישרע — נאָמענ פונ ערשטנ כוידעש פונעמ יאָר לויטנ יידישנ רעליגיעזנ קאלענדאר.

88. אונסאנע־טויקעפ... — א טפילע פונעמ מאכזער (טפילע־סייפער פאר יאָנטויוימ), וואָס מע זאָגט ראָשעשאָנע אונ יאָמקיפער אינ בעסמעדרעש. די איבערזעצונג פונ דער טפילע איז א פינקטלעכע, אביסל פארפאָעטיזירט אונ אינ גראמענ.

אינעמ דאָזיקנ קאפיטל, ווי אויכ אינ אסאכ אנדערע ערטער אינ „שלוימע רעב כאימס”, אידעאליזירט מענדעלע דעמ רעליגיעזנ שטייגער, וועלכנ ער אליינ האָט אינ זיינע פריערדיקע ווערק מייסטערדיק ארונטערגעריסנ (זע אריינפיר). אינ דער דאָזיקער טפילע טרעט ארויס דער גאנצער שוידער פונעמ רעליגיעזנ סאמ, מיט וועלכנ מע פלעגט פארגיפטנ אונ מע פארגיפטעט די מאסנ. דער מענטש (לייענ — דער עקספּלואטירטער) איז לויט דער טפילע אבסאָליוט אָנמעכטיק. ער האָט ניט וואָס צו קעמפנ קעגנ זיינע עקספּלואטאטערס, ווייל גאָט באשטימט פאָרויס בייסנ הימלשנ געריכט, ווער עס דארפ זיינ רייכ, ווער אָרעמ, ווער מיט וואָס פאר א טויט עס מוז אומקומענ; איינ זאכ פארבלייבט אימ: זאָגנ סליכעס, כאראָטע האָבנ אפ די זינד, וויינענ, בעטנ, אונ... ציטערנ ווי א פיש אינ וואסער. גאָט אליינ איז דאָ פאָרגעשטעלט, אלס א מיטלאלטערלעכער אינקוויזיציע־ריכטער מיטנ גאנצנ קלאפּערגעצייג פונ דער אינקוויזיציע, ער איז נאָכ דערצו א גוטער סויכער, וועלכער פירט א גרויסנ קאָנטעבוכ, ווו אלע „כוויוועס” פונ יעדנ מענטשנ זענענ פינקטלעכ פארצייכנט.

89. יוימ־האדינ — טאָג פונ געריכט; פסאק — באשלוס, אורטייל; אינ אומגאנג: עקזעקוציע, שטראָפ; מעליצע־יוישער — אדוואָקאטנ, פארטיידיקער (גוטע מאלאָכימ באמ הימלשנ געריכט); קיסע האקאָוועד — גאָטס טראָנ.

90. טונ טשוּווע — כאראָטע האָבנ אפ די זינד אונ אויסקויפנ די זינד דורכ טפילע זאָגנ אונ דורכ פייניקנ דעמ קערפער (די געבראכטע אינעמ טעקסט צוויי סטראָפעס זענענ די ענדע פונ דער טפילע „אונסאנע־טויקעפ”).

91. קאָל יִסראָעל — דאָס גאנצע יידישע פאָלק.

92. מעובערעס — שוואנגערע; גוימל־בענטשן — זאָגן די בראָכע, וואָס איז באַשטימט פאַר דעם פאַל, ווען מע האָט זיך געראַטעוועט פון א טויט־געפאַר; זערע־אָפּשטאַם; שויכעד — כאַבער, אונטערקויפּ.

93. אין מײַן גוועל (גרענעץ, געביט) — אף דער טעריטאָריע, וווּ איך בין באַלעבאָס; הורען (הורזשען) — רייצן, העצן; קיצווע — באַשטענדיקע נעדאָווע, צדאָקע־פּענסיע.

94. קונדייסים — שטיפערס, כיידער־ייִנגלעך; ליִהודים — מיט איראָניע: טומלדיק, פריילעך; אולע־קאָווער — אונ צום קאָווער; האמסובים בעקאַנ — וואָס זיצן דאָ (דער אויסדרוק „אולעקאָוועד האמסובים בעקאַנ" ווערט באַנוצט באַם שפּילן א ווויוואט אף א כאַסענע צוליב געהויבענע אָנגעלייגטע געסט. דאָס געברויכן די פּאַטעטיש־באַרכאַנישע פראַזעאָלאָגיע בענעגייע צו די פאַרשוינענ, וואָס פאָרן ארײַן אפן פול־אָנגעזעצטן וואָגן מיט דער אַלטער שקאַפּע, ווי אויך דאָס באַנוצן ראַבאָניש־באַטלאָנישע אויסדרוקן בענעגייע צו די הינט — איז בא מענדעלען אַן איראָניזירנדיק סטיל־מיטל קעגן דער „האָפערלעכקײַט, מיט דער פּאָמפּע", דעם ייִדישלעכן טאַראַראַם און ביקלאַל קעגן דעם מיטלאַלטערלעכן שטייגער אין דער ייִדישער סוויווע.

95. שאָלעמ־אַלייכעמ־אַלייכעמ־שאָלעם — קעגנזײַטיקע באַגריסונג פון אָנגעפאָרענע געסט; אײַסאָקים — געשעפטן.

96. ארײַנלאָזן זיך אין היכע דראָכים — זיך ארײַנלאָזן (פאַרטיפן זיך) אין הויכע כקירעס בײַס א געשפּרעך מיט עמעצן. אין טעקסט מעטאַפאָריש מיט איראָניע: ארויסרופן דעם הונט צו באַווײַזן אלע זײַנע קונצן.

97. מיסע־מעשונע קאָליר — בונטער, ניט אָנגענעמער פאַרן אויג קאָליר; מענושעם — פאַרגרעבט; פירזאָגערן — ווילקענעוודיקע פרוי, וואָס לייענט פיר טפילעס און טכינעס אין בעסמעדרעש פאַר אַנדערע פרויען; ארוכניעס — א גײַסטיק וועזן: „מײַאָנ־טאָהויר" (ריינער קוואל) — א סייפער פאַר פרויען מיט רעליגיעזע געזעצן וועגן געשלעכט־באַציִונגען.

98. כאַנע (אין דער העברעיִשער טראַנסקריפּציע חנה) — אָנפאַנג־בוכשטאַבן פון די ווערטער: כאַלע, נידע, האַדלאָקע — דרײַ געבאָטן, וואָס זענען באַשטימט לויט דער ייִדישער רעליגיע פאַר א פרוי: כאַלע־נעמען, אָפּהיטן די מיצוועס וועגן געשלעכט־איניאָנים אין בענטשן ליכט ערעוו שאַבעס און ערעוו יאָנטעוו פאַרנאַכט; „צענע־ורענע", „מענוירעס האמאָויר" — ספאָרים אף איווּרע־טײַטש פאַר פרויען.

99. שפּרינגען קאָדיש — אונטערשפּרינגען בײַס מע זאָגט דאָס וואָרט „קאָדויש", וואָס ווערט דערמאָנט אין א טפילע.

100. לייגט קנייטלעך — גרייט צו פאָרעם־קנויטן פאַר וועקסענע ליכט אף צו שטעלן יאָמקיפּער אין בעסמעדרעש. באַם קנייטלעך־לייגן פלעגן די פרויען ציִען אייניציקע פעדעם, יעדן פאָדעם פאַר א נעשאָמע פון א געשטאָרבענעם „הייליקן" און פרומען קאָרעוו און זאָגן דערבײַ טכינעס.

101. ריבוינעשעלוילעם, דערבאַרעמדיקער גאָט... אָמיין — די דאָזיקע טכינע, די אייגענע שאַפונג פון סאָרען, איז געבויט אפן מאַניר פון אַנדערע ענלעכע טכינעס, באַוווּסט אונטערן נאָמען „טכינעס פאָרע באַם טויוועם".

די טכינעס, פּונקט ווי דער „אונסאַנע־טויקעף" און אַנדערע טפילעס, האָבן מיטגעהאָלפן צו דערשטיקן בא די מאַסן יעטווידן געפיל פון פראָטעסט און צו אײַנפלאַנצן און זייערע מויכעס שרעק און דערשלאָגנקײַט, אונטערטעניקײַט צו גאָט, צום ראָוו, צום רײַכן און טאַקיף, ווי אויך דעם געדאַנק, אז דאָס אייניציקע מיטל פאָטער צו ווערן פון אלע צאָרעס איז רײַניקן זיך פון זינד, אויסבעטן בײַ גאָט אינעם יוימהאַדין אגוטן מישפּעט (אורטייל) מיט אונדזערע מאַנען און קינדער. ברענענדיק די דאָזיקע טכינע און באַזונדערס זײַן באַמערקונג צום סאָף קאַפּיטל וועגן „ריינע נעשאָמעס־ליכט... ברענענדיקע געפילן, געבעט און ליבשאַפט צו טוירע און כאָכמע... בא פראָסטע ייִדענעס" אידעאַליזירט מענדעלע, ווי קיינמאָל ניט פריִער, דעם רעליגיעזן שטייגער, וואָס האָט קלוימערשט „געריִרט, געצופּט בא דער נעשאָמע". דער פּאַטעטישער סאָף — „דאָס מעגן הערן יענע, יענע... און וויסן, וואָס אזוינס א ייִדיש האַרץ באַטײַט, מעגן הערן און שטומען" — איז אַן אויסדרוק פון די נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען באַם אווטער און פון זײַן שטרעבן צו אידעאַליזירן די זעלביקע פאַרגאַנגענהײַט, קעגן וועלכער ער האָט פריִער אַליין געקעמפט. „געצופּט האָט באַם האַרצן און געריִרט", נאַטירלעך, ניט די טכינע, נאָר די אומגעהײַער שטאַרקע ליידן, וואָס די אָרעמע מאַסן האָבן געהאַט אויסצושטיין פונעם צאַרישן דרוק און פון די „אייגענע" עקספּלואַטאַטערס, וואָס אף זיי ווערט אָנגעווינקען אין די טכינעס (די יאָרן פון רעקרוטשינע — „קינדערלעך, וואָס זאָלן ניט פאַרוואָרפן ווערן"; די טאַקסע, דער ליכט־אָפּצאָל און די כאַפּערס מיט די דאַיאָנים, שאָכטים, פרומע ייִדן און קאַזיאָנע ראַבינערס — „קיין צאָרעס, קיין לייד זאָל אף אונדז ניט קומען"! דער העסלעכסטער אַנטיסעמיטיזם אין דער צאַרישער אָפיציעלער פּרעסע — „זיי זאָלן ניט קענען אָנרעדן אף אונדז, אויסטראַכטן בילבולים און פאַרשווארצן אונדז דעם פּאָנעם" א. אז. וו. און אז.וו. (זע באַמ. 2, 11, 225 צו דער „טאַקסע").

102. אוועס וועמאָעס — פאָטערס און מוטערס, געמיינט די ביבלישע אָוועס מיט זייערע פרויען; מאַציל געווען — געראַטעוועט; גוף — קערפּער.

103. אקיידע — דאָס פירן פאַר א קאָרבן צו גאָט (פון די ביבלישע לעגענדעס); מעגאַרל זײַן — דערציִען; קאָל האמאַשכיסים וועהאמעקאַטריגים — אלע שעדיקער און אָנרעדערס פון שלעכטס (געמיינט די ייִדישע קאָהאָלשע טאַקיפים און מאָסרים, די צאַרישע אַנטיסעמיטן און טשינאָווניקעס).

104. שלוימע — געמיינט דעם ביבלישן שלוימע האמעלעך, וואָס זאָל האָבן געבויט דעם בייס־האמיקדעש. די קלוימערשטע „ליבשאַפט צו א גאַנצער וועלט מענטשן", וואָס מענדעלע זעט אײַן אין דער דאָזיקער שטעל פון דער טכינע, דריקט אינדערעמעסן אויס דעם זעלביקן געדאַנק, וואָס אין דער טפילע, וואָס מע פלעגט זאָגן אין בעסמעדרעש וועגן קייסער. אז „גאָט זאָל אים היטן און באַשיצן, געבן ראַכמאָנעס אין האַרצן, און עס זאָל אים גליקן אין אלע זײַנע פירנעמונגען".

# VI

105. **מעשוסעלעכ** — א ביבלישע פערזאָן, וואָס האָט געלעבט לענגער פון אלע איבעריקע מענטשן.

106. **אראמ־נאראִמ, קנאאנ, מיצראִמ, באָשנ, פאָראס** און **מאָדײַ, סיכוינ, הוידו** און **קוש** — באצייכענונג פון לענדער און שטעט אינ ביבל; **יאמסופ, יאמ־האמעלאכ, פראָס, יארדנ** — באצייכענונגען פון יאמימ און טײַכנ; **ווייזל־טיר, לינדנוואָרעמ, פיפערנאָטער, לעמפערט, אינד, שאָראבאָר, טורקלטויב** — כיידערשע פארטײַטשונגען פון נעמענ פון כײַעס, בעהיימעס און אויפעס אינ ביבל. אָפּגעריסנ פון דער קאָנקרעטער ווירקלעכקײַט, דענקט שלוימעלע מיט קאטעגאָריעס און פאָרשטעלונגען, וואָס ער האָט באקומענ פון דער רעליגיִעזער לעגענדע־ליטעראטור.

107. **אויקער זײַנ** — אָפּציִענ, אנטלויפנ; **מאגייפע** — עפּידעמיע פון כאָליערע אָדער פעסט; **א בייזע מעהומע** — א בייזע פאניק (אינ פארבינדונג מיט א גזיירע אפ יִדנ); **מעוואטל זײַנ** — מאכנ צו נישט; **אנ אנדער אוילעמ** — אנ אנדער וועלט.

108. **קויעכ האדימיענ** — פאנטאזיע; **בעכיירעמ** — מיט א שווע; **א גייר** — א פרעמדער, אנ אָנגעקומענער פונ דער פרעמד.

109. **ציצעס** — פראָנדזנ פונ וואָלענע פעדעמ אפ די פיר ווינקל־עקנ פונ א לײַבצודעק, וואָס סע טראָגנ רעליגיִעזע יִדנ, און **קרישמע** (לייענען א קאפיטל כומעש, וואָס הייבט זיכ אָנ מיטנ וואָרט שמא) באטראכטנ רעליגיִעזע יִדנ אלס א אָפּהיטונג פונ שיידימ, רוכעס און אלדאָס בייז.

110. **גילגולימ** — זינדיקע נעשאָמעס פונ געשטאָרבענע מענטשן, וואָס דרינגענ ארײַנ, לויט די רעליגיִעזע מיסטישע פאָרשטעלונגען, אינ א לעבעדיקנ קערפער אָדער בלאָנקענ ארומ אפ דער וועלט; **קאמייעס** — טאליסמאנענ, אופשריפטנ, וואָס אָפּגעשטאנענע רעליגיִעזע יִדנ האָבנ געטראָגנ אפנ האלדז, צוגעקלאפּט צו דער וואנט א. ד. גל., אלס א סגולע קעגנ רוכעס און שיידימ; **באלשעמ** — אָפּשפּרעכער, א מענטש, וואָס באווײַזט וווּנדער־טאטנ.

111. **טאמ־סיִבע** — מאָטיוו; **מאזיק זײַנ** — שעדיקנ, דערהארגענענ; **שירע** — טפילע־געזאנג, מעטאפאָריש: א פריילעכ לידל.

112. **דאָס ווײַבערשע בעט איז פארהאנגענ** — די האנדלונג קומט פאָר בא א קימפּעטאָרנ, וואָס גייט שווער צו קינד און וואָס איר פריִער־געבוירנ קינד איז געשטאָרבנ באמ האָבנ. די קרויווימ פונ דער קימפּעטאָרנ גלייבנ אינ די ווילדע מײַסעס פונעמ באלשעמ, אז די „ניט־גוטע‟ האָבנ „באנומענ‟ דאָס פריִערדיקע קינד און זיי לאָדנ אימ אײַנ צו באווײַזנ א מויפעס, אז דאָס איצטיקע קינד זאָל בלײַבנ לעבנ.

113. **בריוולעכ־שפילקעס** — בריוולעכ מיט אופשריפטנ פונ א קאפּיטל ביבל (שיר האמײַלעס) און פונ אנדערע שפּרוכ־ווערטער, צוגעשפּילעט צו דעמ פאָרהאנג פונ א קימפּעטאָרנ אלס א סגולע קעגנ די „ניט־גוטע‟; **האוויעס** — מימישע באוועגונגען.

114. **איה־ביסמטיטיה...** שפּרוכווערטער; עס זאָל באצייכענענ נעמענ פונ מאלאָכימ, שיידימ און רוכעס, וואָס מיט זייער הילפ באווײַזט דער באלשעמ דעמ מויפעס. דאָס זעלביקע — **מיצפּע** און **למכא כישא וכסוסביק פסאלמניא**.

115. **פיירעש** — פארטײַטשונג, דערקלערונג.

116. **אינ דעמ קליינעמ שטעטל...** — מענדעלע ווײַזט אָנ, אז די מײַסע איז גענומענ פונעמ סייפער „טוילדויס אָדאָמ‟ פונ עליִאָהו באלשעמ, קאפּ. 86.

117. **מעכאשפימ** און **מעכאשייפעס** — קישעפמאכערס און קישעפמאכערנס; **מעשאָרעס** — באדינער (דער גאבע באמ רעבנ); **הייליקנ שעמ** — „הייליקנ‟ נאָמענ (פונ גאָט אָדער מאלעכ); **בינ איכ מעוואטל דעמ קישעפ** — מאכ איכ צונישט דעמ צויבער.

118. **קליפּעס** — „ניט־גוטע‟, שיידימ; **בריִעס** — באשעפענישן.

די ווילדע מײַסעס וועגנ מייס־מ, וואָס דאוונענ באנאכט אינ בעסמעדרעש, וועגנ די „ניט־גוטע‟ מיט קאמייעס און בריוולעכ־שפּילקעס אלס א טרופע קעגנ זיי, וועגנ גילגולימ, דיבוקימ און „באנעמענישנ‟, וועגנ די מאָפּסימ פונ די באלשעמס א.אז.וו. זענענ אינ דער צווייטער העלפט פונעמ XIX י. ה. געווענ פארשפּרייט באזונדערס צווישנ די כסידימ און צווישנ די דערשלאָגענע אָפּגעשטאנענע שיכטנ. וואָס די גוטע־יִדנ און ראביִמ מ־ט זייערע כסידימ האָבנ געשטרעבט צו באײַנפלוסנ און צו ציִענ פונ זיי די קליי. ענלעכע מײַסעס, וואָס זענענ פארשפּרייט צווישנ כסידימ, זענענ געבראכט אינ די ווײַטערדיקע קאפּיטלעכ (די מײַסע פונ יאכנע־סאָסיע, די לייבציכע). די דאָזיקע מײַסעס פארמאָגנ א צומיש פונ אבערגלויבענישנ און פאנאטישע לעגענדעס אויכ פונ דער ארומיקער ניט־יִדישער באפעלקערונג. אזוי האָבנ „געארבעט‟ צוזאמענ דער באלשעמ מיטנ „טאָטער‟, דער טאלמוד און זוהער מיט דער יעוואנגעליע און מיט די אפּאָסטאָלנ, דער יִדישער ראָוו מיטנ פּראוואָסלאווישנ גאלעכ. דאָס אלצ האָט באזונדערס זיכ צעבליט אפנ פאָנ פונ דעמ צארישנ דרוק און שוידערלעכער עקספּלואטאציע פונ קאָהאָל, טאקיפימ, פּאָרעצ און סויכער א.אז.וו.

# VII

119. **קאוואָנע** — אײַנגעטראכטקײַט אינ א טפילע, דאָ: פארבאהאלטענער מיינ. **כעפּציִעס** — פרויענ־אייגנשאפטנ; **טײַוועס** — גלוסטעניש.

120. **רויגעז** — אומצופרידנקײַט, קריג; **קאָל האשוועס** — אלערליי שוועס.

121. איינער פונ דער גוטער קנופיע — איינער פונעמ גוטנ קניפל (געזינדל), דאָס הייסט, א „ניט-גוטער".

122. ציט — אוקראַיִניש: שאַ, זאָל זײַנ שטיל; לעמאנעשעמ — גאָט באהיט. קאכ האווע — אזוי איז עס געווענ; לעהאוודל — צומ אונטערשייד.

123. גוטע מעליצע — גוטע פארטיידיקערנ (בא גאָט פאר אירע לעבעדיקע קרויווימ).

124. אוילעמ האדימיענ — וועלט פונ מיראזש.

## VIII

125. לעמעכ — א ביבלישע פערזאָנ, א בלינדער, וואָס זײַנע ווײַבער פלעגנ אימ אָפּנארנ, אנ אלגעמיינע באצייכע־נונג פונ א ניט פראקטישנ מענטשנ.

126. דינימ אומישפאָטימ — רעליגיִעזע געזעצנ (דינימ — וועגנ קאָשער אונ טריפ, מיצוועס אונ אווייראס; מישפאָסימ — וועגנ סיכסוכימ אונ האנדל-געשעפטנ אונ ביקלאל וועגנ וועלטלעכע איניאָנימ).

127. מאכלויקעס איבער אנ איי, וואָס די הונ האָט געלייגט אומ יאָנטעוו — אנ אומגעלומפערטע אמפערײַ אינ דער גמאָרע „בייצע", צי מעג מענ אזא איי עסנ אומ יאָנטעוו.

128. לעוויִימ נעמענ מײַסער, קויהאנימ — טרומע — לעוויִימ, קויהאנימ — קאסטעס גײַסטלעכע באמ טעמפל אינ אוראלטנ יערושאָלאַיִמ, וואָס האָבנ אינ נאָמענ פינ גאָט גענומענ בא דער באפעלקערונג שווערע נאטורעלע אָפּצאָגנ, דערינ מײַסער — א צענטכיילעק פונ דער גערעטעניש אינ טרומע — די ערשטע אונ די בעסטע מעל, וואָס איז ארויסגעגאנגענ פונ אונטער די מילשטיינער; זענענ מאקריוו קאָרבאָנעס — פירנ אויס גאָטס-דינסט אינעמ טעמפל דורכ פאַרברענענ בעהיימעס אונ פראָדוקטנ.

129. שמײַסט מענ מאלקעס — שטראָפט מענ מיט שמיצ פאר טונ אווייראס קעגנ גאָט (לויט דער ביבל), עס באטײַט אויכ: מע גלעט די פלייצעס בא פרומע ייִדנ ערעוו יאָמקיפּער אינ בעסמעדרעש מיט א לעדערנעמ רימענ, קלוימערשט מע באשטראָפט זיי מימ מאלקעס אונ זיי ווערנ גערייניקט פונ די זינד (א רעליגיִעזע טראדיציע בא פרומע ייִדנ הײַנט צו טאָג). אינעמ טעקסט קלינגט די דאָזיקע פראזע, גלײַכ ווי: „די ראבאָנימ לערנענ טוירע, די קאָהאָלס-לײַט אונ טאקיפימ ציִענ די קלײ באמ אוילעמ אונ דער אוילעמ... כאפט שמיצ".

130. גזאר-דינ — א שטראָפ-אורטייל פונ גאָט.

131. פינצטערע שקאָלעס — עס האנדלט זיכ דאָ וועגנ דער געפלאנטער „רעפאָרמ" פונ ניקאָלײַ I (אינ די 40-ער יאָרנ פונ XIX י. ה.) צו צווינגענ ייִדישע קינדער זיכ לערנענ אינ די קאזיאָנע שקאָלעס (צארישע שולנ), וואָס האָבנ געזאָלט אָרגאניזירט ווערנ אפ די מיטלענ פונ דעמ קאָראָבקע-אונ ליכט-אָפּצאָל (ספּעציִעלע שטײַערנ פונ ייִדנ). דאָס איז געווענ א רינג אינ דער אלגעמיינער קייט פונ דער ניקאָלײַישער „ייִדנ-פּאָליטיק", וואָס האָט געהאט א ציל צו בא־אײַנפלוסנ אפ א פּאָליציייִשנ אויפנ די ייִדישע באפעלקערונג אינעמ גײַסט פונעמ צארישנ „בירגערטומ" אונ קריסטנטומ. אפ מיטהעלפנ דורכצופירנ די דאָזיקע „רעפאָרמ" האָט די צ רישע רעגירונג צוגעצויגנ איינעמ א דאָקטער לילִיענ־טאל (1815—1882). ער איז ארומגעפאָרנ איבער די ייִדישע ייִשוווימ, האָט געהאט אינ אסאכ ערטער שארפע צוזאממענשטויסנ מיט דער באפעל־קערונג. אינ אייניקע ערטער האָט זיכ אימ אײַנגעגעבנ צו צוציִענ צו זײַנ ארבעט א טייל ייִדישע מאסקילימ. פונ דער דאָזיקער „אָבליגאטאָרישער בילדונג" פאר ייִדנ בא דער דורכויסיקער אנאלפאבעטישקײַט פונ דער גאנצער באפעלקערונג אינ רוס־לאנד, פונקט ווי פונ דער ניקאָלײַישער קאָלאָניזאציע פונ ייִדנ אינ דער צײַט פונ דעמ שוידערלעכנ לײַבייגנטומ) איז, נא־טירלעכ, גאָרניט געוואָרנ.

132. „באזיי" — בא די ניט-ייִדנ, געמיינט אינ די קלויסטער-שולנ, וואָס האָבנ דאנ אינ אייניקע ערטער עקזיסטירט פאר דער פויערשער באפעלקערונג.

133. בערלינער — מאסקילימ (אופקלערער), די האסקאָלע האָט זיכ צומ ערשטנ באוויזנ אינ דײַטשלאנד (בערלינ). דערפאר האָט מענ די ערשטע מאסקילימ אינ רוסלאנד אָנגערופנ דײַטשנ אָדער „בערלינער".

134. אפיקורס — צונויפקומעניש צוליב רעליגיִעזע אָדער קאָהאָלשע איניאָנימ.

135. גוי-זער-טאָנעס זײַנ — דערקלערנ א טאָנעס (פאסטנ), קעדיי אָפּצווענדנ די גזיירע.

136. רײַסנ קוואָרימ — וויינענ אפ די קוואָרימ, בעטנ די טויטע, זיי זאָלנ זיכ מיִענ (בעטנ גאָט) פאר די לע־בעדיקע; באטײַט אויכ — ליארעמענ, מאכנ געשריי.

137. געמאָסטנ פעלד — געמאָסטנ דעמ בייסוילעמ, אנ אויפנ פינ דערוויקנ בא די טויטע מיטלייד, זיי זאָלנ זיכ אײַלנ צו בעטנ גאָט פאר די לעבעדיקע).

138. דראָשע-געשאנק — מאטאָנעס דער קאלעס פאָטער אונ דעמ יונגנ פּאָרפאָלק צו דער כאסענע.

139. אוי, הריצקאָ... — אוי, גריצקאָ, זאָג, וואָס ווײנענ עס דאָרטנ די ייִדנ, שרײַענ גוואלד, גלײַכ ווי מע קוי־לעט זיי.

140. עפּטא כאפונא... — דאָס האָבנ זיי מוירע פארנ כאפונ, אז דער כאפונ זאָל זיי ניט כאפנ; כאפונ — כאפער; לויט א לעגענדע בא די אוקראַיִנער אונ ווײַסרוסנ איז פאראנ א טײַוול, וואָס כאפט איינעמ פונ די דאווענער אינ בעסמעדרעש יאָמקיפּער אונ טראָגט אימ אוועק. דעמ יאָנטעוו יאָמקיפּער רופנ זיי דעריבער אויכ כאפונ.

141. אני... — אָ, ניינ, ביז צומ כאפונ איז נאָכ ווײַט. נאָכ א כאראָשימ צוויי אָדער דרײַ וועט זײַנ ביז צו זייער יאָמקיפּער, מע דארפ פרעגנ, וואָס דאָס באטײַט. — זעסטו, אָט איז כײַקע!

142. סטאָפּ, כײַקע... — שטיי, כײַקע, זאָג גאָר, וואָס לויפסטו אזוי אונ וויינסט ביטער, א?

143. אוי וויי, מיקיטא... — אוי וויי, מיקיטע, ניטאָ קיינ צײַט. אָט איז בערקאָ! פרעג בא בערקענ, זאָל בערקע זאָגנ!

144. אוי, בערקאָ, טשויעש... — אוי, בערקאָ, הערסט, וואָס כניקענ עפּעס אזוי די ייִדנ, א?

145. עטאָ... — דאָס איז, אוי סײַערע, אוי א צאָרע... מע וועט כאַפּן אונדזעריקע אין די שקאָלעס.

146. בעהאָלע — פּאַניק; מעניִע — שטערונג, אָפּהאַלט.

147. ירושלמי — א ירושאָלאַיִמ־ייִד, דאָ: א מענטש, וואָס איז אָפּגעריסן פון דער רעאַלער וועלט; גאָם יו לעטויווע — דאָס איז אויך צו גוטן.

148. מײדלעך... אין קאָלאָניעס — וואַרשײַנלעך, זענען עס געווען קלאַנגען וועגן דער געפּלאַנטער רעפאָרם צו קאָלאָניזירן ייִדן אין די דאָרעמדיקע סטעפּעס. די צאַרישע רעגירונג איז געווען פאַרינטערעסירט צו באַזעצן אירע פּרײַע קאָלאָניעס אפילע מיט ייִדן. דערצו איז נאָך בא איר די קאָלאָניזאַציע געווען א מיטל פון גאַציאָנאַלן דרוק בענעגייע צו דער ייִדישער באַפעלקערונג. די אָרעמע ייִדישע באַפעלקערונג האָט אָבער מיט בלויזע הענט ניט געקאָנט אריבערוואַנדערן. די יעניקע איינצלנע, וואָס האָבן לויט זייער אייגענער איניציִאַטיוו אריבערגעוואַנדערט, האָבן זיך לאַנגע יאָרן שטאַרק געמאַטערט.

149. ליליִענטאַל איז פאַרשוווּנדן — ליליִענטאַל איז אינגיכן אָפּגעפאָרן פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע, אין 1845־טן יאָר.

150. בעלי גײדער — אָן א צוזאָג. מעקאַבלים (נעמערס) — פרומע ייִדן, וואָס פלעגן באַקומען זייער אויס־קומעניש פון קיצווע (באַשטענדיקע נעדאָווע) פאַר זייער פרומקײַט און פאַר לערנען אין בעסמעדרעש.

151. באַטלאָנים — מענטשן אָן א באַשטימטער באַשעפטיקונג, זאַמלען נעדאָוועס פאַר זייער פרומקײַט; ניסראָ־פים — אָפּגעברענטע, זאַמלען נעדאָוועס קלוימערשט אף אופצושטעלן זייער פאַרברענט פאַרמעגן; ירושאַלמי — א ירושאָלאַיִמ־ייִד, א ייִכעס־מענטש אף צו באַקומען א גרעסערע נעדאָווע איידער אַן אַנדער געוויינלעכער קאַפּצן; האַפּטאָכעס — צוזאָגעכצן, ווונטשעני־שן.

152. מײער באַל־נעס — א „הייליקער״ טאַנע, וואָס האָט לויט די לעגענדעס באַוויזן גרויסע ווונדער.

153. קויסל מאַראָווי (מײַרעווודיקע וואַנט) — רעשטן פון א כורווע, וואָס זאָל זײַן געבליבן פונעם בייס־האַמיק־דעש; מאָראָס האַמאַכפּײלע — געמויערטע הייל, ווו עס זענען באַהאַלטן, לויט די לעגענדעס, די ביבלישע אָוועס.

154. האַר־האַזײסים — א ביבלישער באַרג אין ערעץ־ייִסראָעל.

155. אינ פלוג — פון ערשטן בליק; קצינים — פאַרנעמע רײַכע ייִדן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט דער מאַכט; האַלבע מאַלקעס — לעגענדאַרע באַשעפעניש אין געשטאַלט פון פרויען; דאָ פראָסטיטוטקעס; מע שמײַעט זיך — מע האָט מוירע.

156. ברוִים — באַשעפענישן.

157. די טוירע באַשטײט אין לאָשן — דאָס הייסט, אין קענען לאָשן קוידעש, שרײַבן און לייענען באַטלאָ־נישע לידער אין העברייִש מיט א הויכן סטיל („קורצע שורעלעך״ מיט מעליצע).

158. לילים — שעד אין געשטאַלט פון א פרוי, די פרוי פונעם מיילעך פון די שיידים; רוסאַלקע — לעגענדאַ־רע באַשעפענישן אין געשטאַלט פון מיידלעך (פון דער סלאַווישער מיטאָלאָגיע).

159. עסן שנויצן מיט ברויט — די כסירים פלעגן פאַרשפּרייטן וועגן זייערע קעגנער די מאַסקילים קלאַנגען, אַז זיי זענען גרויסע אַפּיקאָרסים און מיט זייערע טאַטן זענען זיי אויסן בלויז צו דערצערענען גאָט, אַז זיי „עסן שנויצ (אָפּגעברענטער קנויט פון א ליכט) מיט ברויט און שטעקן אַרײַן א ביילעווריק ליכט אין דער קאַשע״, ד. ה. זיי געברויכן אין שפײַז זאַכן, וואָס איבלען, אבי צו טון גאָט אף צולאָכעס.

160. אַשמעדײַ — מיילעך פון די שיידים.

161. כאָסער דײע — געריגט, אראָפּ פון זינען; איין בדײרע — ניטאָ קיין אויסוועג (א ריייד־אַרט).

# IX

162. מעקאַיעם זײַן — אויספילן (א רעליגיִעזן געבאָט); זיך נויהעג זײַן — זיך אופירן.

163. א שטאָט אין קלויז — א באַשטענדיק אָרט אין קלויז, וואָס עס האָבן פאַרמאָגט אָנשטענדיקע באַלעבאַ־טים; פּײרעק, פּראָקים — קאַפּיטל, קאַפּיטלעך פון א רעליגיִעזן סייפער.

164. מישנײַעס — טייל פון טאַלמוד; טויספעס, מעהאַרשאָ — קאַזויִסטיש־סכאָלאַסטישע קאָמענטאַרן צום טאַלמוד.

165. מישמער — דעזשורנע־וואַכטע (פון מאַלאָכים אפן הימל), די ציטירטע שטעל איז פון „כצאָס״ — טפילעס, וואָס פרומע ייִדן פלעגן זאָגן האַלב־נאַכט. דער אינהאַלט: לויב־געזאַנג צו גאָט און קלאָגעני־שן אפן כורבן.

166. קיטעס — גרופּעס; קדוישים — הייליקע מענטשן, וואָס שטייען אויס שווערע פּײַניקונגען צוליב דער רעליגיע; רוישעם — אײַנדרוק.

167. די גאַנצע אוילעם־האַזע — אלע פאַרגעניגנס פון לעבן.

168 שאָר־יעראָקעס — אַנדער גרינוואַרג; הוישײַנעס — ווערבעס.

169. קדושע — הייליקײַט; ק״ק — (קעהילע קאַרישע) — הייליקע געמיינדע. אַזוי פלעגן די ראַבאָנים באַצייכע־נען ייִדישע ייִשווּים, אָנשטאָט צו שרײַבן שטאָט, שטעטל.

170. פּאַקטוירים — פאַרמיטלער; אײסעוו — א שאָוויניסטישע באַצייכענונג פון א ניט־ייִדן, א סינאָנים פון א שלעכטן מענטשן.

171. פּשעטל — סכאָלאַסטישע פאַרטײַטשונג פון א שטעל אין דער געמאָרע.

172. „בײצע״, „מאַקעס״ — טראַקטאַטן פון טאַלמוד.

173. בײן־האַזמאַנים — די צײַט אין האַרבסט און פרילינג, ווען מע לערנט ניט אין כײדער.

174. יעיצערטאָוו, יעיצער האָרע — גוטער און שלעכטער געדאַנק; גוטער און שלעכטער מאַלעך, וואָס שטויסן דעם מענטשן, לויט דער רעליגיע, צו טון גוטס אָדער שלעכטס; כאַקראָנים — פילאָזאָפן; מאַשגיכים — אויפזעערס.

175. מאַזיקים, מעכאַבלים — מאַלאָכים, וואָס פּירן אויס די שטראָף איבערן מענטשן אין גענעם.

176. אַרײַנקלײַגן די שמאַד־שטיק אין דער יירע — ד. ה., טון אַן אַפּיקאָרסעס אונטערן אָנשטעל פון פרומקײַט; מאַפּסיק פונעם לערנען — רײַסט איבער דאָס לערנען; לעכאָ דוידי — קום, מײַן געליבטער (פונעם ביבל־סייפער שיר האשירים).

177. קאַבאָלעס פּאָנעם — פּײַערלעכער אויפנעם, באַגעגעניש.

178. מעשוירערים — זינגערס; מעגאַדל זײַן — דערציִען.

179. אַוויינענדיקס צו אַ באַדעקנס — אַ טרויער־געזאַנג באַם באַדעקן (צודעקן דעם קאָפּ) די קאַלע פאַר דער כופּע.

180. „באָרכי נאַפשי״ — אַ קאַפּיטל טילים, וואָס מע פלעגט זאָגן שאַבעס באַטאָג.

# X

181. טאָרעד אין פּאַרנאָסע — אַרײַנגעטאָן אין פּאַרנאָסע, פאַרמוטשעט פון זוכן פּאַרנאָסע; מאַטיר זײַן — דערלויבן.

182. לוי־דײַ — ווייניק נאָך, ניט גענוג; באַלאַווײַרעס — זינדיקע מענטשן.

183. טוט טשווע — האָט כאַראָטע, קויפט אויס זײַנע זינד מיט טפילע זאָגן און מיט פּײַניקן דעם קערפּער; זאָגט צו האָרים־אוגוואָוויס — זאָגט צו גילדערנע בערג, מעטאַפאָריש: זאָגט צו חעריג פרום און לײַטיש.

184. מײַסע־סאָטן — אַפּ צעלאָכעס, גלײַך ווי דער סאָטן (שער) זאָל אָפּטון אַ שפּיצל.

185. מאַכן אָפּער־ווײַסער — מאַכן צו שטויב און פּאָרעך, מאַכן צונישט; מאָלעכײַנ — פול מיט כיין, פּראַכט; ניכע — ליב, אָנגעלייגט.

186. ווי אַ האָן אין בנײַ אָדאָם — ווי אַ האָן (פּזרשזיט גאָרניט) אינעם ס רער, בײַס מע שלאָגט מיט אים קאַפּאָרעס און מע זאָגט דערבײַ די טפילע „בנײַ־אָדאָם״.

187. פּײַרעש — פאַרטײַטשונג, דערקלערונג; טאַרגעם — מעטאַפאָריש: אומפאַרשטענדלעך; מעגושעמדיקע — פאַרגרעבטע, מאַטעריעלע (ניט קיין גײַסטיקע).

188. נײַר טאָמיד — אַ שטענדיק פּײַער (ליכט אָדער לעמפּל), וואָס מע האַלט אויף אין בעסמעדרעש צוליב די נעשאָמעס פון די געשטאָרבענע (לויט דער רעליגיִעזער טראַדיציע).

189. שאַכרים — דאָס אינדערפריִענדיקע דאַוונען.

190. שאַבעס נאַכמו — דער ערשטער שאַבעס נאָך טישעבאָוו (סאָף זומער); טאָג פון סימכעס — נאָך די „דרײַ וואָכן״ פון רעליגיִעזן טרויער פלעגט מען באַ פּרומע ייִדן „שאַבעס־נאַכמו״ פּראַוען כאַסענעס; בישטיקע — געהיים.

191. באַרמיצווע־באָכערים — באָכערים, וואָס זענען שוין אַלט געוואָרן דרײַצן יאָר און האָבן דער־גרייכט רעליגיִעזע פּיליאָריקײַט; גוורעס — קראַפט.

192. מאַגיד (זאָגער) — אַ רעדנער אָפּ רעליגיִעזע טעמעס.

193. אין מאַכשאָוועסן — דערווײַל ביז וואָס ווען; דאָליע — מאַזל.

# XI

194. האַוול־האָוילעם — נאַרישקײַטן, פאַרבאָטענע גלוסטעניש (לויט די פּאָדערונגען פון די כסידישע ספאָרים, דאַרף דער מענטש דערשטיקן אַלע זײַנע נאַטירלעכע אינסטינקטן, וועלכע ווערן באַטראַכט אַלס נאַרישקײַטן פון דער וועלט).

195. דאָס שטיקל ליִענען — דאָס צוגרייטן זעלבשטענדיק אַ שטיקל (אַ שיִער) געמאָרע; האַמצאָע־אײַנפאַל; סײַדער האָוילעם — שטייגער פון דער וועלט.

196. אַלפּי כקירע — לויט פילאָזאָפּיע, לויט קאַזויִסטישע דרינגעניש; כקירע — פילאָזאָפּיע; כאַקרענ־פילאָזאָפּ; כעדווע — פרייד; „באָרכו״, „קדושע״ — טפילעס מיט אַזוינע נעמען. אַריסטו — אַ פילאָסאָף אין אַנטישן גריכנלאַנד, באַוווּסט דעם כאַקרענ פון די ייִדישע רעליגיִעזע ספאָרים.

197. סײַפער האַבריס (בוך וועגן בונד) — אַ מיטלאַלטערלעך כקירע־סייפער; באַל־מויעכ — קאָפּ־מענטש.

198. מאַקריוו — ברענגט אַ קאָרבן (אָפּפערונג); דערעכ — וועג, אויפן.

199. קײַמעלאָנ — אַן אָנגענומענער עמעס, אַן אַקסיאָמע.

200. פּאַסקנט שײַלעס — גיט אַן ענטפער אָפּ קאָנקרעטע ווענדונגען וועגן קאָשער און טרייף; אַגאַדעטעס — לעגענדעס, באָבע־מײַסעס, רעליגיִעזע גלײַכווערטלעך.

201. סאַמבאַטיען — לעגענדאַרער טײַך, וואָס וואַרפט מיט שטיינער און לאָזט ניט אַריבערגיין אָפן צווייטן ברעג.

202. אושפּיזן — אַ סורע, וואָס עס פאַראַוועץ צאַדיקים אָפן הימל (פון קאַבאָלע־ספאָרים). ציטאַטעס פון ספאָרים וועגן „אושפּיזן״ זאָגט מען סוקעס פאַרן עסן. מאָלט אושפּיזן — מאָלט די צאַדיקים באַ די אושפּיזן.

203. נויעכס טײַווע — לעגענדאַרער קאַסטן, וואָס נויעכ האָט זיך אין אים געראַטעוועט פונעם מאַבל, אַרײַנגענומען אַהין אויך צו פּאָרלעך פון יעדער באַשעפעניש; מעטאַפאָריש: אַ ענג־פלאַץ.

204. פאס-קאל — א קאל פונ הימל, פאטײַס אויך — א ווידערקאָל; פאָרשפּיז — א סימכע שאבעס-צוי־נאכטס אינ דער וואָכ, ווענ עס דארפ פאָרקומענ א כאסענע; טעווע — אײגנשאפט.

205. בעסאָד-סוידעס — שטרענג-געהײם; אָסער-כאזער — טרײפ צום באנוצנ פינקס, ייי כאזער; סכירעס — באשטענדיקער לוינ (געהאלט) א גערונגנעם.

206. בימע — בעלעמער (א מינ טריבונע אינ בעסמעדרעש).

207. מעכײַע מײסימ זײַנ — מאכנ לעבעדיק די טויטע, מעסאפאָריש: אויסהײלנ שווער-קראנקע; זינסס — אנדערש.

208. א ייִד מיט אנ אויבל. דענסטמאָל — א פירער פונ קאָהאָל, וואָס האָט געטראָגנ א ספּעציעלנ מאנטל, א סימענ פונ זײַנ מאכט; א ייִד מיט „פאָכאָמססווע״ — א ייִד א טשינאָווניק, וואָס האָט זיך געניצט מיט גרעסערע בירגער-רעכט אײדער די איבעריקע ייִדישע באפעלקערונג (פאָטאָמסטווענע פאָטשאָטנע גראזשדאנינ). א ייִד א סאָוועט-ניק הײַנט — א ייִד א צארישער טשינאָווניק, וואָס פארמאָגט דעמ טיטל „סאָוועטניק״; שרײַבערלעך — קלענערע צארישע טשינאָווניקעס.

209. באיאָמימ האָהײמ — אינ יענע צײַטנ (40 — 50-ער יאָרנ); ביזמאנ האזע — אינ דער איצטיקער צײַט (60-ער יאָרנ); סראָרעס — פריצימ, הויכע טשינאָווניקעס.

210. מאָקעמ-טוירע — אָרט פונ לערנענ טוירע; מאלוע — פראָצענטניק; קאָהאָל-שטיבל — קאנצעליאריע פונ קאָהאָל.

211. דער קלאל — די גאנצע געמײנדע ייִדנ; יעשועע — הילפ, אויסלײזונג.

212. באל-אכסאניע — באזיצער פונ אנ אײַנפאָר-הויז.

213. יִסאָכער אונ זוולנ — זינ פונעמ ביבלישנ יאנקעוו. אינ די בראָכעס (בענטשונגענ), וואָס יאנקעוו גיט זײַנע זינ פארנ טויט, שילדערט ער ייִסאָכערנ אלס אנ אײזל, וואָס טראָגט אפ זיך א יאָך אונ זוולינענ אלס א רײַזנדנ אפ א שיפ. פונדאנענ שטאמט די פאָרשטעלונג, אז ייִסאָכער איז געווענ א לאמדנ (א לערנער פונ טוירע, א מינ באטלענ) אונ זוולנ — א סויכער, וואָס האָט אויסגעהאלטנ דעמ ברודער אפ קעסט.

214. מוריינו (אונדזער לערער) — א רעליגיעזער טיטל פאר גרויסע ראבאָנימ אונ פאר פרומע רײַכע ייִדנ.

215. „טויבעכעס״ (קלאָלעס) — קאפיטלעך פונ כומעש, ווו עס ווערנ אויסגערעכנט שרעקלעכע קלאָלעס, וואָס גאָט באשטימט אלס א שטראָפ פאר די זינד. צומ לײענענ די דאָזיקע קאפיטלעך אינ בעסמעדרעש פלעג מענ אופרופנ דעמ שאמעס אָדער אנ אָרעמענ באלמעלאָכע.

216. מעקײַעמ-פּסאק געווענ — אויספילנ דעמ אורטײל, דאָ: באשטראָפט, אָפּגעשמיסנ; פויאלימ — געזעלנ.

217. א באדכנ... גראמענ צו באדעקנס — א מארשעלעק, וואָס פלעגט זינגענ לידער אינ גראמענ אפ א כאסענע בײַס מע האָט באדעקט די קאלע (צוגעדעקט איר קאָפּ פאר דער כופּע, לויטנ רעליגיעזנ ריטואל).

218. „מעלעכ-עליענ״ — א טפילע מיט אזא נאָמענ, וואָס מע זינגט אינ בעסמעדרעש אינ פרײלעכע טענער. די געזעלנ זינגענ עס בא דער ארבעט מעלאָדיעס פונ טפילעס אונ טאָלקלאָר-לידער.

219. קאָשער-טאנצ, שאבעס-טאנצ — מיצווע-טענצ מיט דער קאלע נאָכ דער כופּע. די געזעלנ קרימענ נאָכ דעמ ווילדנ שטײגער אפ ייִדישע כאסענעס.

220. „דיאדקע״ — אנ אלטער סאָלדאט, וואָס האָט געהאט אופזיכט אפ א נײַעמ.

221. זיצנ שיווע — זיצנ אינ טרויער 7 טעג נאָכ א געשטאָרבענעמ קאָרעוו (לויט דער רעליגיעזער טראדיציע); טארבעס — דערעכערעצ, אָפּשײַ.

## XIII

222. פוראָניעס — שלעק, צאָרעס; ייִסראָעל זענענ ראכמאָנימ בנײ ראכמאָנימ — ייִדנ זענענ בארעמהארצקע פונ דויערספלאנג (א נאציאָנאליסטיש-גרויסהאלטערישע כאראקטעריסטיק פונ ייִדנ); מײַסע-קאפּצנ — ענלעכ צו א קאפּצנ.

223. ווײַטע אויפעמעס (וועלטנ) — וועלט פונ מיראזש; באסמאלקע — פרינצעסנ.

224. מעשולאָכימ — געשיקטע פאָרשטײער (פונ קאָהאָל), מענטשנ, וואָס פאָרנ ארומ זאמלענ נעדאָוועס.

225. בוירע — באשעפער; מײַסע-קונדעס — ווי עס פאסט פאר א קונדעס (שטיפער).

226. כײַעס ראָעס — בײזע כײַעס; קסאוויאד — מאנוסקריפּט, דאָ: א פאפּירל.

227. לעוילעמ-וואָעד — אפ אײביק; יעניקע — זאפט; שוירעס — ווײַצל.

228. א מאכניס-אוירעכ — א גאסטפרײַנטלעכער; צארבאלעכאימ — מיטלײד צו א לעבעדיקער באשעפעניש; באל-ראכמימ — א מענטש מיט ראכמאָנעס.

229. אָסער — כ׳לעבנ (א פאָרמ פונ א נעגאטיווער שווּע).

230. בעזראס-האשעמ (מיט גאָטס הילפ) — ווערטער, וואָס מיט זײ פלעגט מענ אָנהײבנ שרײַבנ בריוו אָדער רעליגיעזע דאָקומענטנ.

## XIV

231. לעכאָל-האפאָכעס — צומווײניקסטנ, אלנפאלס; זיך א מײַסע אָנטונ — זיך נעמענ דאָס לעבנ; צאָרעס האקלאל — אנ אלגעמײנע צאָרע.

232. שעלראָש — טפילנ, וואָס מע ציט ארופ אפנ קאָפּ בײַסנ דאווענע.

233. מענוכע — רו; געמאכט פליטע — אנטלאָפנ, אָפּגעצויגנ פונ די קרעדיטאָרנ.

234. אדערבע — פארקערט; ביגראנדע — מיטנ טראסק.

## XV

234. קסאָווימ (שריפטנ) — ווענדונגענ נאָך הילפ; באָסער וועדאָמס — פלייש אונ בלוט, מענטשנ; כולי־לאאס — קרענק.

235. גויזער טאָנעס — דערקלערנ א טאָנעס (א טאָג פונ פאסטנ).

236. מעמרעס — זאָגערייענ; דאָ: ווארייאנטנ.

237. גזיירעס האבלעטלעכ — די גזיירע פונ די בלעטלעכ, געמיינט די פאראָרדענונג פונ דער צארישער רעגירונג, אז די מעלאמדימ דארפנ ארויסנעמענ ספעציעלע רעגירונג־דערלויבענישנ (בלעטלעכ) אפ צו האלטנ א כיידער.

238. יידישע קאָלאָניעס — זע באמ. 148.

239. יעקאטערינאָסלאוו, כערסאָנ — די ווייניקע יידישע קאָלאָניעס זענענ געשאפנ געוואָרנ אינ די געוו. יעקאטערינאָסלאווער אונ כערסאָנער גובערניעס.

240. א נייער קעצ (סאָפ) — א נייער טערמינ, ווענ מאָשיעכ דארפ שוינ קומענ.

241. ניי־רוסלאנד — אזוי האָט אפ דער צאריש־קאָלאָניזאטארישער שפראכ געהייסנ דער דאָרעמ־סטעפ פונ אוקראינע.

242. גאָדל בעיסראָעל — אנ אָנגעזעענער צווישנ יידנ; פניי־האָיר — די פניי (רעדלפירער) פונ דער שטאָט; רעצועס — לעדערנע רימענס פונ די טפילנ.

243. צו פורימ איז נאָך ווייט... מאכסט שוינ די שפיל — פורימ פלעגנ איבער די הייזער ארומגיינ קאָמעדיאנטנ־גרופעס (פורימ־שפילער) אונ פאָרשטעלנ די געשעענישנ פונ דער מעגילע (לעגענדע וועגנ דער אנטשטייונג פונ פורימ).

244. שאטנעז — א געמיש פונ וואָל מיט פלאקס (פארבאָטנ צו טראָגנ לויט דער יידישער רעליגיע); רעגילעס — געוווינהייטנ; היצטארכעס — בארערפענישנ; א פיירעמ — א קליינע מאטבייע.

## XVII

245. כיירעמ — דאָ א בויקאָט, וואָס קאָהאָל אונ ראבאָנימ פלעגנ דערקלערנ אפ „באָסער־כוצ" (פלייש, וואָס מע האָט אריינגעפירט פונ א פונקט, ווו עס פלעגט ניט אופגעמאָנט ווערנ דער קאָראָבקע־שטייער) (זע באמ. צו דער טאקסע).

246. ניט מיסיניי — ניט אָבליגאטאָריש (ניט געשריבנ אינ דער טוירע, וואָס גאָט האָט זי געגעבנ, לויט דער ביבלישער לעגענדע, פונעמ בארג סיניי).

247. מיכיע — גליק, פארדינסט; ראטע — פאכט־אָפצאָל; זאלאָג — אָרוועס־געלט; באמ אָפקויפנ די טאקסע האָט דער באלטאקסע באדארפט ארייַנטראָגנ, אויסער דעמ אָפצאָל פאר א יאָר פאָרויס, אָרוועס־געלד פאר דער ווייטערדיקער צייט (זע באמ 2 צו דער „טאקסע").

248. לייטישע רייד — ניט קיינ אָנגענעמע קלאנגענ צווישנ אוילעמ; מעקייעמ זיינ — אויספירנ.

249. שאלעכמאָנעס — מאטאָנעס, וואָס מע פלעגט לויטנ רעליגיעזנ שטייגער שיקנ איינס צומ אנדערנ אומ פורימ.

250. מאלכעס־ברויטל, האָמענטאשל, וואשטי, זערעש, עסטער האמאלקע — פארשיידענע מינימ זיס געבעקס אפ די נעמענ פונ די פערסאָנאזשנ פונ דער מעגילע.

251. געקסיוועטע — האנטשריפטלעכע (ניט קיינ געדרוקטע).

252. פארבייטנ די יאָצרעס — פארבייטנ די אָרדענונג.

253. בעשאס כעדווע (אינ צייט פונ פרייד) — אינעמ טומל; שושאנאס יאנקעוו — א טפילע־געזאנג פורימ.

## XVIII

254. האסראָע — וואָרענונג; שיר־האשירימ — א ביבל־סייפער, וואָס מע פלעגט לערנענ מיט קינדער אינ כיידער פאר פייסעכ.

255. מסיקעס — זיסקייטס.

256. רפוע שליימע — פולקומע אויסהיילונג; דיינ אלמאָנעס — דער, וואָס שטעלט זיכ איינ פאר אלמאָנעס.

# אינהאלט



## מענדעלע מויכער־ספאָרימ

